ספְרֵי

# הַבְּרִית הַחֲדָשָׁה

## דִיא בִּיכֶער פָאן נֵייעֶן בּוּנְד

(נֵייעֶס טֶעסְטַאמֶענְט)

נֵיי אִיבֶּערְזֶעצְט

---

בערלין

געדרוקט ביי טְראוויטש אונד זאהן

1912.

# אינהאלטס פערצייכנעס

# דאס עוואנגעליום פאן מתיא

---

א דֶער סֵפֶר הַיִחוּס פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ בֶּן דָוִד בֶּן אַבְרָהָם.
2 אַבְרָהָם הָאט גֶעבָּארֶען יִצְחָק, יִצְחָק הָאט גֶעבָּארֶען יַעֲקֹב, אוּן
3 יַעֲקֹב הָאט גֶעבָּארֶען יְהוּדָה אוּן זַיינֶע בְּרִידֶער. אוּן יְהוּדָה הָאט
גֶעבָּארֶען פֶּרֶץ אוּן זֶרַח, פָאן תָּמָר אוּן פֶּרֶץ הָאט גֶעבָּארֶען חֶצְרוֹן,
4 אוּן חֶצְרוֹן הָאט גֶעבָּארֶען רָם. אוּן רָם הָאט גֶעבָּארֶען עַמִינָדָב,
אוּן עַמִינָדָב הָאט גֶעבָּארֶען נַחְשׁוֹן, אוּן נַחְשׁוֹן הָאט גֶעבָּארֶען
5 שַׂלְמוֹן. אוּן שַׂלְמוֹן הָאט גֶעבָּארֶען בּוֹעַז פָאן רָחָב, אוּן בּוֹעַז
הָאט גֶעבָּארֶען עוֹבֵד פָאן רוּת, אוּן עוֹבֵד הָאט גֶעבָּארֶען יִשַׁי.
6 אוּן יִשַׁי הָאט גֶעבָּארֶען דָוִד הַמֶלֶךְ, אוּן דָוִד הַמֶלֶךְ הָאט גֶעבָּארֶען
7 שְׁלוֹמֹה פָאן דֶער װעלכֶע אִיז גֶעוֶועזֶען אוּרִיָה'ס וַוייבּ. אוּן שְׁלֹמֹה
הָאט גֶעבָּארֶען רְחַבְעָם, אוּן רְחַבְעָם הָאט גֶעבָּארֶען אֲבִיָה, אוּן
8 אֲבִיָה הָאט גֶעבָּארֶען אָסָא. אוּן אָסָא הָאט גֶעבָּארֶען יְהוֹשָׁפָט,
אוּן יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעבָּארֶען יְהוֹרָם, אוּן יְהוֹרָם הָאט גֶעבָּארֶען
9 עֻזִיָהוּ. אוּן עֻזִיָהוּ הָאט גֶעבָּארֶען יוֹתָם, אוּן יוֹתָם הָאט גֶעבָּארֶען
10 אָחָז, אוּן אָחָז הָאט גֶעבָּארֶען חִזְקִיָהוּ. אוּן חִזְקִיָהוּ הָאט גֶעבָּארֶען
מְנַשֶׁה, אוּן מְנַשֶׁה הָאט גֶעבָּארֶען אָמוֹן, אוּן אָמוֹן הָאט גֶעבָּארֶען
11 יֹאשִׁיָהוּ. אוּן יֹאשִׁיָהוּ הָאט גֶעבָּארֶען יְכָנְיָהוּ אוּן זַיינֶע בְּרִידֶער,
צוּ דֶער צַייט װען זֵיי זֶענֶען פֶערְטְרִיבֶּען גֶעװָארֶען קֵיין גָלוּת בָּבֶל.
12 אוּן דֶערְנָאךְ װען זֵיי זַיינֶען פֶערְטְרִיבֶּען גֶעװָארֶען קֵיין גָלוּת בָּבֶל
הָאט יְכָנְיָהוּ גֶעבָּארֶען שְׁאַלְתִּיאֵל, אוּן שְׁאַלְתִּיאֵל הָאט גֶעבָּארֶען
13 זְרוּבָּבֶל. אוּן זְרוּבָּבֶל הָאט גֶעבָּארֶען אֲבִיהוּד, אוּן אֲבִיהוּד
14 הָאט גֶעבָּארֶען אֶלְיָקִים, אוּן אֶלְיָקִים הָאט גֶעבָּארֶען עַזוּר. אוּן
עַזוּר הָאט גֶעבָּארֶען צָדוֹק, אוּן צָדוֹק הָאט גֶעבָּארֶען יָכִין, אוּן יָכִין
15 הָאט גֶעבָּארֶען אֶלִיהוּד. אוּן אֶלִיהוּד הָאט גֶעבָּארֶען אֶלְעָזָר, אוּן

16 אֶלְעָזָר הָאט גֶעבָּארֶען מַתָּן, אוּן מַתָּן הָאט גֶעבָּארֶען יַעֲקֹב. אוּן
יַעֲקֹב הָאט גֶעבָּארֶען יוֹסֵף דֶען מַאן פָאן מִרְיָם, פָאן װעלְכֶער אִיז
17 גֶעבָּארֶען יֵשׁוּעַ, װעלְכֶער הֵייסְט מָשִׁיחַ. אַזוֹי, אַלֶע דוֹרוֹת פָאן
אַבְרָהָם בִּיז דָוִד זֶענֶען פִירְצֶען דוֹרוֹת, אוּן פָאן דָוִד בִּיז גָלוּת
בָּבֶל פִירְצֶען דוֹרוֹת, אוּן פָאן גָלוּת בָּבֶל בִּיז דֶעם מָשִׁיחַ'ן פִירְצֶען
18 דוֹרוֹת. דִיא גֶעבוּרְט פָאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז גֶעװעזֶען אַזוֹי, מִרְיָם
זַיין מוּטֶער אִיז פֶערְלָאבְּט (פַארְקְנַסְט) גֶעװעזֶען צוּ יוֹסֵף'ן אוּן אֵיידֶער
זֵיי זֶענֶען בֵּיידֶע אִין אֵיינֶעם גֶעװעזֶען אִיז זִיא גֶעפוּנֶען גֶעװָארֶען
19 מְעוּבֶּרֶת פָאן דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ. אָבֶּער יוֹסֵף אִיר מַאן אִיז גֶעװעזֶען
אַיין צַדִיק, אוּן הָאט נִיט גֶעװָאלְט אַרוֹיס בְּרֵיינְגֶען אוֹיף אִיר אַיין
שֵׁם רַע, עֶר הָאט בֵּיי זִיךְ גֶעטְרַאכְט זִיא שְׁטִילֶערְהֵייט צוּ פֶערְלָאזֶען.
20 װען אָבֶּער עֶר הָאט בֵּיי זִיךְ אַזוֹי גֶעטְרַאכְט, אַזוֹי הָאט אֵיין מַלְאָךְ
פָאן גָאט זִיךְ צוּ אִיהם בַּאװִיזֶען אִין אֵיין חָלוֹם אוּן גֶעזָאגְט, יוֹסֵף
בֶּן דָוִד, פִירְכְט דִיךְ נִיט צוּ נֶעמֶען דַיין װייבּ מִרְיָם, דֶען אִיהר
21 לֵייבֶּעס פְרוּכְט (פְּרִי הַבֶּטֶן) אִיז פָאן דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ. אוּן זִיא
װעט אַיין זָאהן גֶעבָּארֶען, אוּן דוּא זָאלְסְט אִיהם אַיין נָאמֶען גֶעבֶּען
22 יֵשׁוּעַ, דֶען עֶר װעט רֶעטֶען זַיין פָאלְק פָאן זַייעֶרֶע זִינְד. אוּן דָאס
אַלֶעס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, כְּדֵי עֶס זָאל דֶערְפִילְט װערֶען װָאס גָאט
23 הָאט גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם נָבִיא װעלְכֶער זָאגְט: זֶעהֶע, דִיא עַלְמָה
װעט מְעוּבֶּרֶת װערֶען אוּן װעט גֶעבָּארֶען אַיין זָאהן, אוּן זֵיי װעלֶען
24 זַיין נָאמֶען רוּפֶען עִמָּנוּאֵל, דָאס הֵייסְט: גָאט אִיז מִיט אוּנְז.
אוּן װען יוֹסֵף אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען פָאן שְׁלָאף הָאט עֶר גֶעטָאן אַזוֹי
װִיא דֶער מַלְאָךְ פָאן גָאט הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען אוּן הָאט זַיין
25 װייבּ גֶענוּמֶען. אוּן עֶר הָאט אִיהר נִיט דֶערְקָאנְט בִּיז זִיא הָאט
גֶעבָּארֶען אִיר זָאהן דֶען בְּכוֹר, אוּן עֶר הָאט זַיין נָאמֶען גֶערוּפֶען יֵשׁוּעַ.

ב װען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעבָּארֶען גֶעװָארֶען אִין בֵּית לֶחֶם יְהוּדָה אִין
הוֹרְדוֹס הַמֶּלֶךְ'ס טֶעג, נוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען מַאגִיעֶר (חֲכָמִים) פָאן
2 מִזְרָח לַאנְד קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּן גֶעזָאגְט: װאוּ אִיז דֶער גֶעבָּארֶענֶער
מֶלֶךְ פָאן דִיא אִידֶען? דֶען מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זַיין שְׁטֶערֶען אִין
3 מִזְרָח, אוּן מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען זִיךְ צוּ בּוּקֶען פַאר אִיהם. װען
הוֹרְדוֹס הַמֶּלֶךְ הָאט דָאס גֶעהֶערְט אִיז עֶר דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעװָארֶען
4 אוּן גַאנְץ יְרוּשָׁלַיִם מִיט אִיהם. אוּן װען עֶר הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט

אַלֶע עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן סוֹפְרִים פָאן דֶעם פָאלְק הָאט עֶר בַּיי
5 זַיי גֶעפְרֶעגְט: וואוּ דַארְף דֶער מָשִׁיחַ גֶעבָּארֶען וֶוערֶען? אוּן זַיי
הָאבֶּען צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: אִין בֵּית לֶחֶם יְהוּדָה, וַוייל אַזוֹי אִיז
6 גֶעשְׁרִיבֶּען דוּרְךְ דֶעם נָבִיא. אוּן דוּא בֵּית לֶחֶם לַאנְד פָאן יְהוּדָה
בִּיסְט נִיט דִיא קְלֶענְסְטֶע אוּנְטֶער דִיא פִירְשְׁטֶען פָאן יְהוּדָה, דֶען
אוֹיס דִיר וֶועט אַרוֹיסְקוּמֶען אֵיין מוֹשֵׁל, וֶועלְכֶער וֶועט פִּיטֶערֶן מֵיין
7 פָאלְק יִשְׂרָאֵל. דַאמָאלְסְט הָאט הוֹרְדוֹס גֶערוּפֶען דִיא חֲכָמִים
שְׁטִילֶערְהֵייט אוּן הָאט בַּיי זַיי אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט דִיא צֵייט וֶוען דֶער
8 שְׁטֶערֶען הָאט זִיךְ בַּאוִויזֶען. אוּן עֶר הָאט זַיי גֶעשִׁיקְט קֵיין בֵּית
לֶחֶם אוּן גֶעזָאגְט: גֵייט אוּן פָארְשְׁט גוּט אוֹיס אִיבֶּער דֶעם קִינְד,
אוּן וֶוען אִיהר וֶועט אִיהם גֶעפִינֶען גִיט מִיר צוּ ווִיסֶען, כְּדֵי אִיךְ
9 זָאל אוֹיךְ קוּמֶען זִיךְ בּוּקֶען פַאר אִיהם. וֶוען זַיי הָאבֶּען אוֹיסְגֶעהֶערְט
דֶען מֶלֶךְ זֶענֶען זַיי גֶעגַאנְגֶען, אוּן נוּן, דֶער שְׁטֶערֶען, וֶועלְכֶען זַיי
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶן אִין מִזְרָח אִיז פַאר זַיי גֶעגַאנְגֶען, בִּיז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
אוּן הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִיבֶּער דֶעם אָרְט וואוּ דָאס קִינְד אִיז
10 גֶעוֶועזֶען. וֶוען זַיי הָאבֶּען דֶערְזֶעהֶן דֶעם שְׁטֶערֶען הָאבֶּען זַיי זִיךְ
11 זֶעהֶער גֶעפְרֵייט מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה. בְּעֵת זַיי זֵיינֶען אַרֵיין גֶעקוּמֶען
אִין הוֹיז אַרֵיין הָאבֶּען זַיי גֶעפוּנֶען דָאס קִינְד מִיט מִרְיָם׳ן זֵיין מוּטֶער,
אוּן זֶענֶען אַנִידֶער גֶעפַאלֶען אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט פַאר אִיהם,
אוּן הָאבֶּען אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט זֵייעֶרֶע אוֹצְרוֹת אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעבְּרַאכְט
12 מַתָּנוֹת גָאלְד, לְבוֹנָה אוּן מוֹר. אוּן אִין חָלוֹם הָאט מֶען זַיי מוֹדִיעַ
גֶעוֶועזֶען, נִיט אוּמְצוּקֶערֶען זִיךְ צוּ הוֹרְדוֹס׳ן אוּן זַיי זֵיינֶען גֶעגַאנְגֶען
13 אִין זֵייעֶר לַאנְד דוּרְךְ אֵיין אַנְדֶערֶען וֶועג. וֶוען זַיי זֵיינֶען אַוֶועק
גֶעגַאנְגֶען, נוּן, הָאט זִיךְ אֵיין מַלְאָךְ פָאן גָאט בַּאוִויזֶען צוּ יוֹסֵף׳ן
אִין חָלוֹם אוּן גֶעזָאגְט: שְׁטֶעה אוֹיף נֶעם דָאס קִינְד אוּן זֵיין מוּטֶער
אוּן לוֹיף אַוֶועק קֵיין מִצְרַיִם, אוּן בְּלֵייבּ דָארְט בִּיז אִיךְ וֶועל דִיר
זָאגֶען, וַוייל הוֹרְדוֹס וֶועט זוּכֶען דָאס קִינְד, כְּדֵי עֶר זָאל עֶס
14 פֶערְדַארְבֶּען. עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, גֶענוּמֶען דָאס קִינְד אוּן זֵיין
15 מוּטֶער אִין דֶער נַאכְט, אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען קֵיין מִצְרַיִם. אוּן עֶר
אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען בִּיז הוֹרְדוֹס׳עֶס טוֹיט, צוּ דֶערְפִילֶען וָואס גָאט
הָאט גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם נָבִיא, וֶועלְכֶער זָאגְט: פָאן מִצְרַיִם הָאבּ
16 אִיךְ גֶערוּפֶען מֵיין זָאהְן. בְּעֵת הוֹרְדוֹס הָאט גֶעזֶעהֶן, דָאס דִיא

מַאגִיעֶר (חֲכָמִים) הָאבֶּען אִיהם אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט אִיז עֶר זֶעהר צָארְנִיג
גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט גֶעשִׁיקְט אוֹיסְ׳הַרְג׳עֶנֶען אַלֶע קִינְדֶער וֶועלְכֶע
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין בֵּית לֶחֶם אוּן אִין אַלֶע אִיהרֶע אוּמְגֶעגֶענְדֶען,
פָאן צְוֵויי יָאהר אַלְט אוּן וֶוענִיגֶער, וֶועדְלִיג דֶער צֵייט וָואס עֶר
17 הָאט אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט פָאן דִיא מַאגִיעֶר (חֲכָמִים). דַאמָאלְסְט אִיז
דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען דָאס וָוארְט, וָואס אִיז דוּרְךְ יִרְמְיָה הַנָּבִיא
18 גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, וֶועלְכֶער זָאגְט: אֵיין קוֹל אִיז אִין רָמָה גֶעהֶערְט
גֶעוָוארֶען, קְלָאג אוּן בִּיטֶער גֶעוֵויין רָחֵל וֵויינְט אוֹיף אִיהרֶע
קִינְדֶער, אוּן זִיא וִויל זִיךְ נִיט גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען, וֵוייל זֵייא זֶענֶען
19 נִיט דָא. וִויא אָבֶּער הוֹרְדוֹס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי הָאט זִיךְ
גָאטְטֶעס מַלְאָךְ בַּאוִויזֶען צוּ יוֹסֵף׳ן אִין חָלוֹם אִין לַאנְד מִצְרַיִם.
20 אוּן זָאגְט שְׁטֶעה אוֹיף, נֶעם דָאס קִינְד אוּן זֵיין מוּטֶער אוּן גֶעה
קַיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, וֵוייל דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעזוּכְט דָאס לֶעבֶּען פָאן
21 דֶעם קִינְד זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען. עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען הָאט
גֶענוּמֶען דָאס קִינְד אוּן זֵיין מוּטֶער אוּן אִיז גֶעקוּמֶען קַיין אֶרֶץ
22 יִשְׂרָאֵל. בְּעֵת עֶר הָאט אָבֶּער גֶעהֶערְט, דָאס אַרְקְלוֹס קֶענִיגְט
אִין יְהוּדָה אוֹיף הוֹרְדוֹס זֵיין פָאטֶערְס אָרְט, הָאט עֶר מוֹרָא
גֶעהַאט צוּ גֶעהְן אַהִין, נָאר מֶען הָאט אִיהם מוֹדִיעַ גֶעוֶועזֶען אִין חָלוֹם,
23 אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער גֶעגֶענְד פָאן דֶעם לַאנְד גָלִיל. אוּן עֶר
אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט זִיךְ בַּאזֶעצְט אִין אֵיין שְׁטָאט וָואס מֶען
רוּפְט נְצָרֶת, כְּדֵי עֶס זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען, דָאס וָואס אִיז גֶעזָאגְט
גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים: דָאס עֶר וֶועט גֶערוּפֶען וֶוערֶען נָצְרִי.
ג אִין דִיזֶער צֵייט אִיז יוֹחָנָן הַמַּטְבִּיל גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט
2 (גֶעדַרְשֶׁעט) אִין דֶער מִדְבָּר יְהוּדָה. אוּן גֶעזָאגְט: טְהוּט תְּשׁוּבָה,
3 וֵוייל דָאס מַלְכוּת שָׁמַיִם אִיז שׁוֹין נָאהֶענְט. עֶר אִיז דֶער אוֹיף
וֶועלְכֶען דֶער נָבִיא יְשַׁעְיָה הָאט גֶעזָאגְט: אֵיין קוֹל רוּפְט אוֹיס
אִין דֶער מִדְבָּר, בְּרֵייטֶעט אָן דֶעם וֶועג פָאן גָאטְט, גְלֵייכְט אוֹיס
4 זֵיינֶע שְׁטֶעגֶען. דִיזֶער יוֹחָנָן אָבֶּער הָאט גֶעהַאט זֵיין מַלְבּוּשׁ פָאן
קֶעמֶעלְהָאר, אוּן אֵיין לֶעדֶערְנֶען גַארְטֶעל אַרוּם זֵיינֶע לֶענְדֶען, אוּן
5 זֵיין עֶסֶען אִיז גֶעוֶועזֶען הֵיישְׁרִיקֶען אוּן ווִילְדֶער הָאנִיג. דַאמָאלְסְט
זֶענֶען צוּ אִיהם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען יְרוּשָׁלַיִם אוּן גַאנְץ יְהוּדָה, אוּן דִיא
6 גַאנְצֶע אוּמְגֶעגֶענְד פָאן דֶעם יַרְדֵן. אוּן הָאבֶּען זִיךְ דוּרְךְ אִיהם

גֶע'טוּבֶל'ט אִין יַרְדֵן, אוּן הָאבֶּען מִתְוַדֶה גֶעוֶועזֶען זֵייעֶרֶע זִינְד.
7 ווֶען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, דָאס פִּיל פָּאן דִיא פְּרוּשִׁים אוּן צְדוּקִים
קוּמֶען צוּ זַיין טְבִילָה הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט: אִיהר שְׁלַאנְגֶען־קִינְדֶער,
ווֶער הָאט דָאס אַייך מַזְהִיר גֶעוֶועזֶען, דָאס אִיהר זָאלְט אַנְטְלֵייפֶען
8 פָּאן דֶעם צָארְן, וָואס וֶועט קוּמֶען. דֶערִיבֶּער בְּרֵיינְגְט פְּרוּכְט
9 וִויא עֶס גֶעהֶערְט צוּ תְּשׁוּבָה. אוּן טְרָאגְט אַייך נִיט אַרוּם מִיט
דֶער אֵיינְבִּילְדוּנְג צוּ זָאגֶען: מִיר הָאבֶּען אֵיין פָּאטֶער אַבְרָהָם,
דֶען אִיךְ זָאג אַייך, דָאס גָאטְט קֶען פָּאן דִיזֶע שְׁטֵיינֶער אוֹיפְשְׁטֶעלֶען
10 קִינְדֶער צוּ אַבְרָהָם'ן. דִיא הַאק לִיגְט שׁוֹין בֵּיי דֶעם וָוארְצֶעל
פָּאן דִיא בּוֹימֶער, יֶעדֶער בּוֹים, וֶועלְכֶער בְּרֶענְגְט נִיט קֵיין גוּטֶע
11 פְּרוּכְט, וֶועט מֶען אוֹיסְהַאקֶען אוּן אִין פֵייעֶר וַוארְפֶען. אִיךְ
טוֹבֵל אַייך מִיט וַואסֶער צוּ תְּשׁוּבָה, דֶער אָבֶּער וָואס קוּמְט נָאךְ
מִיר אִיז שְׁטַארְקֶער פָּאן מִיר אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט זֵיינֶע שִׁיךְ צוּ
טְרָאגֶען, עֶר וֶועט אַייך טוֹבֵל'עֶן מִיט דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ אוּן פֵייעֶר.
12 עֶר הָאט דִיא ווִינְדְשׁוֹיפֶעל אִין זַיין הַאנְד, אוּן עֶר וֶועט זַיין שֵׁייעֶר
גוּט אוֹיסְרֵיינִיגֶען, אוּן וֶועט זֵיינֶע ווייץ צוּנוֹיפְנֶעמֶען אִין שְׁפֵּייכְלֶער
אַרֵיין, דָאס שְׁטְרוֹי אָבֶּער וֶועט עֶר פַארְבְּרֶענֶען אִין אֵיין
13 אוּנְפֶערְלָאשֶׁענֶעם פֵייעֶר. דַאמָאלְסְט אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען פָּאן
דֶעם גָלִיל צוּם יַרְדֵן, צוּ יוֹחָנָן עֶר זָאל זִיךְ בֵּיי אִיהם טוֹבֵל'עֶן.
14 יוֹחָנָן אָבֶּער הָאט אִיהם גֶעוֶוערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ נוֹיטִיג
פָּאן דִיר גֶעטוֹבֵל'ט צוּ וֶוערֶען, אוּן דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען צוּ מִיר?
15 נָאר יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן אִיהם גֶעזָאגְט: לָאז עֶס יֶעצְט
אַזוֹי זַיין, ווייל אַזוֹי גֶעהֶער עֶס אוּנְז צוּ דֶערְפִילֶען אַלֶע גֶערֶעכְטִיקֵייט,
16 דַאמָאלְסְט הָאט עֶר אִיהם גֶעלָאזְט. אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעטוֹבֵל'ט
גֶעוָוארֶען אוּן אִיז בַּאלְד אַרוֹיס גֶעקוּמֶען פָּאן דֶעם וַואסֶער, נוּן,
הָאבֶּען זִיךְ אִיהם אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט דִיא הִימְלֶען, אוּן עֶר הָאט גֶעזֶעהֶן
וִויא דֶער גָאטְטֶעס גֵייסְט אִיז אַרָאבְּגֶענִידֶערְט ווִיא אֵיין טוֹיבּ אוּן
17 אִיז אוֹיף אִיהם גֶעקוּמֶען. אוּן נוּן, אֵיין קוֹל פָּאן דֶעם הִימֶעל הָאט
גֶעזָאגְט: דָאס אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער זָאהְן, אָן וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ
ווֹילְגֶעפַאלֶען גֶעפוּנֶען.

ד דַאמָאלְסְט אִיז יֵשׁוּעַ גֶעפִירְט גֶעוָוארֶען פָּאן דֶעם גֵייסְט אִין דֶער
2 מִדְבָּר, כְּדֵי דָאס דֶער שָׂטָן זָאל אִיהם אוֹיסְפְּרוּבֶען. אוּן נָאךְ דֶעם

וִויא עֶר הָאט גֶעפַאסְט פֶערְצִיג טֶעג אוּן פֶערְצִיג נֶעכְט אִיז עֶר
3 הוּנְגֶערִיג גֶעוָוארֶען. אוּן דֶער פְּרוּבֶער אִיז צוּגֶעטְרֶעטֶען צוּ אִיהם,
אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אוֹיבּ דוּא בִּיסְט דֶער גָאטְטֶעס זָאהן זָאג,
4 דָאס דִיא שְׁטֵיינֶער זָאלֶען בְּרוֹיט וֶוערֶען. עֶר אָבֶּער הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען נִיט מִיט דֶעם
בְּרוֹיט אַלֵיין זָאל דֶער מֶענְשׁ לֶעבֶּען, נָאר מִיט יֶעדֶעס וָוארְט,
5 וָואס קוּמְט אַרוֹיס פָּאן גָאטְטֶעס מוֹיל. נָאךְ דֶעם נֶעמְט אִיהם
דֶער שָׂטָן צוּ דֶער הֵיילִיגֶער שְׁטָאדְט, אוּן שְׁטֶעלְט אִיהם אַנִידֶער
6 אוֹיף דֶעם גֶעלֶענְדֶער פָּאן דַאךְ פָּאן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ. אוּן זָאגְט
צוּ אִיהם: אוֹיבּ דוּא בִּיסְט דֶער בֶּן הָאֱלֹהִים וַוארְף דִיךְ אַרָאבּ,
דֶען עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: דֶען זֵיינֶע מַלְאָכִים וֶועט עֶר בַּאפוֹילֶען
וֶועגֶען דִיר, אוּן אוֹיף דִיא הֶענְד וֶועלֶען זֵיי דִיךְ טְרָאגֶען, כְּדֵי דֵיין
7 פוּס זָאל זִיךְ נִיט אָנְשְׁטוֹיסֶען אָן אֵיין שְׁטֵיין. אוּן יֵשׁוּעַ זָאגְט
אִיהם, עֶס אִיז אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען: דוּא זָאלְסְט נִיט פְּרוּבֶען גָאטְט
8 דֵיין גָאטְט. אוּן נָאךְ אֵיין מָאל נֶעמְט אִיהם דֶער שָׂטָן אַרוֹיף
אוֹיף אֵיין זֶעהר הוֹיכֶען בַּארְג, אוּן ווֵייזְט אִיהם אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶען
9 פָּאן דֶער וֶועלְט אוּן זֵייעֶר הֶערְלִיכְקֵייט. אוּן זָאגְט אִיהם, דָאס
אַלְץ וֶועל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען וֶוען דוּא וֶועסְט קְנִיעֶן אוּן בּוּקֶען פַאר מִיר.
10 דָא זָאגְט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהם: אַוֶועק פָאן מִיר שָׂטָן, עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען:
צוּ גָאטְט דֵיין גָאטְט זָאלְסְט דוּא דִיךְ בּוּקֶען, אוּן אִיהם אַלֵיין
11 זָאלְסְט דוּא אָנְבֶּעטֶען. דַאמָאלְסְט הָאט אִיהם דֶער שָׂטָן אָבְּגֶעלָאזְט,
12 אוּן נוּן, קוּמֶען צוּ אִיהם מַלְאָכִים אוּן בַּאדִינֶען אִיהם. וֶוען יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעהֶערְט, דָאס יוֹחָנָן אִיז גֶעפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען אִיז עֶר אַוֶועק
13 גֶעגַאנְגֶען קֵיין גָלִיל. אוּן הָאט פַארְלָאזֶען נְצָרֶת, גֶעקוּמֶען אוּן
בַּאזֶעצְט זִיךְ אִין כְּפַר־נַחוּם וָואס אִיז בֵּיי דֶעם יַם אִין דֶעם גֶעגֶענְד
14 פָּאן זְבוּלֻן אוּן נַפְתָּלִי. כְּדֵי עֶס זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען, וָואס אִיז
15 גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם נָבִיא יְשַׁעְיָה וֶועלְכֶער זָאגְט: דָאס
לַאנְד זְבוּלֻן אוּן דָאס לַאנְד נַפְתָּלִי, דֶער וֶועג פָּאן יַם, אוֹיף יֶענֶער
16 זֵייט יַרְדֵן, דָאס גְלִיל פָאן דִיא גוֹיִם. דָאס פָאלְק וָואס זִיצְט אִין
דֶער פִינְסְטֶער, הָאט דֶערְזֶעהֶען אֵיין גְרוֹיסֶעס לִיכְט, צוּ דִיא וָואס
זֵיינֶען גֶעזֶעסֶען אִין דֶעם לַאנְד, פָאן טוֹיט אוּן אִין שָׁאטֶען, אִיז לִיכְט
17 אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען. פָאן דֶער צֵייט אָן הָאט יֵשׁוּעַ אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ

פְּרֶעדִיגֶען אוּן צוּ זָאגֶען: טְהוּט תְּשׁוּבָה, דֶען דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם
18 אִיז נָאהֶענְט. וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען בַּיי דֶעם יַם הַגָּלִיל,
הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען צְווֵיי בְּרִידֶער: שִׁמְעוֹן, וֶועלְכֶען מֶען רוּפְט פֶּטֶר
אוּן אַנְדְרֵי זַיין בְּרוּדֶער, דָאס זֵיי וַוארְפֶען אַיין נֶעטְץ אִין יַם, דֶען
19 זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִישְׁפַאנְגֶער. אוּן עֶר זָאגְט צוּ זֵיי: גֶעהְט מִיר
20 נָאךְ, אוּן אִיךְ וֶועל פָאן אַייךְ מַאכֶען מֶענְשֶׁען פַאנְגֶערְס. אוּן זֵיי
הָאבֶּען בַּאלְד פֶערְלָאזֶען זַייעֶרֶע נֶעטְצֶען, אוּן אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען.
21 אוּן וֶוען עֶר אִיז פָאן דָארְטֶן וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען
אַנְדֶערֶע צְווֵיי בְּרִידֶער: יַעֲקֹב בֶּן זַבְדִי אוּן זַיין בְּרוּדֶער יוֹחָנָן, אִין
אַיין שִׁיף מִיט זַבְדִי זַייעֶר פָאטֶער וֶוען זֵיי הָאבֶּען פַארְרִיכְט זַייעֶרֶע
22 נֶעטְצֶען, אוּן הָאט זֵיי גֶערוּפֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען בַּאלְד פֶערְלָאזֶען
23 דִיא שִׁיף אוּן זַייעֶר פָאטֶער אוּן אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען. אוּן יֵשׁוּעַ
אִיז אַרוּם גֶעגַאנְגֶען אִין גַאנְץ גָלִיל, גֶעלֶערֶענְט אִין זַייעֶרֶע שׁוּלֶען,
גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פָאן מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם, אוּן הָאט
גֶעהֵיילְט אַלֶערְלֵיי קְרַאנְקְהֵייט אוּן יֶעדֶער וֵוייטָאק אוּנְטֶער דֶעם
24 פָאלְק. אוּן אִין גַאנְץ סוּרְיָא הָאט מֶען דֶערְהֶערְט פָאן אִיהם, אוּן
זֵיי הָאבֶּען צוּ אִיהם גֶעבְּרַאכְט אַלֶערְלֵיי קְרַאנְקֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶּען
גֶעלִיטֶען פָאן פֶערְשִׁידֶענֶע קְרַאנְקְהֵייטֶען אוּן וֵוייטָאקֶען פָאן שֵׁדִים,
אוּן נַאכְטְוַואנְדְלֶערְס, אוּן מִיט אָבְגֶענוּמֶענֶע גְלִידֶער אוּן עֶר הָאט
25 זֵיי גֶעהֵיילְט. אוּן אַיין סַךְ מֶענְשֶׁען זֶענֶען אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען פָאן
גָלִיל אוּן דֶעקַאפּוֹלוֹס, אוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּן יְהוּדָה אוּן פָאן יֶענֶער
זַייט יַרְדֵן.

ה אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם סַךְ מֶענְשֶׁען אִיז עֶר אַרוֹיף
גֶעגַאנְגֶען אוֹיף אַיין בַּארְג, אוּן וֶוען עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט
2 זֶענֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּגֶעקוּמֶען צוּ אִיהם. אוּן עֶר הָאט זַיין מוֹיל
3 אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט אוּן הָאט זֵיי גֶעלֶערֶענְט אוּן גֶעזָאגְט. זֶעלִיג זֶענֶען
דִיא אָרֶמֶע אִין גֵייסְט (עֲנִיֵי רוּחַ), דֶען זַייעֶרֶע אִיז דָאס מַלְכוּת
4 הַשָּׁמַיִם. זֶעלִיג זֶענֶען דִיא טְרוֹיעֶרֶענְדֶע, דֶען זֵיי וֶועלֶען גֶעטְרוֹיסְט
5 וֶוערֶען. זֶעלִיג זַיינֶען דִיא עֲנָוִים (זַאנְפְטְמוּטִיגֶע), דֶען זֵיי וֶועלֶען
6 דִיא עֶרְד יַרְשׁ'עֶנֶען. זֶעלִיג זֶענֶען דִיא וָואס הוּנְגֶערֶען אוּן דָארְשְׁטֶען
7 נָאךְ גֶערֶעכְטִיקֵייט, דֶען זֵיי וֶועלֶען זַאט וֶוערֶען. זֶעלִיג זֶענֶען דִיא
בַּארֶעמְהֶערְצִיגֶע, דֶען זֵיי וֶועלֶען בַּארֶעמְהֶערְצִיקֵייט בַּאקוּמֶען.

8 זֶעלִיג זֶענֶען דִיא רֵיינֶע הֶערְצֶער, דֶען זֵיי װֶעלֶען גָאטְט זֶעהֶען.
9 זֶעלִיג זֶענֶען דִיא, װָאס מַאכֶען שָׁלוֹם דֶען זֵיי װֶעלֶען גֶערוּפֶען
10 װֶערֶען גָאטְטֶעס קִינְדֶער. זֶעלִיג זֶענֶען דִיא, װֶעלְכֶע װֶעלֶען
גֶערוֹדֵפ׳ט װֶערֶען פַאר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, דֶען זֵייעֶרֶע אִיז דָאס מַלְכוּת
11 הַשָּׁמַיִם. זֶעלִיג זֶענְט אִיהר װֶען מֶען װֶעט אַייך מְבַזֶה זֵיין, אוּן
יָאגֶען, אוּן אוֹיף אַייך אַלְדָאסְבֵּייז אוֹיסְקְלֶערֶען פָאן מֵיינְטְװֶעגֶען.
12 פְרֵייעֶט אַייך מִיט שִׂמְחָה, דֶען אֵייעֶר שְׂכַר אִיז גְרוֹיס אִין הִימֶעל;
אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי גֶערוֹדֵפ׳ט דִיא נְבִיאִים װֶעלְכֶע זֶענֶען פַאר אַייך
13 גֶעװֶעזֶען. אִיהר זֶענְט דָאס זַאלְץ פָאן דֶער עֶרְד, אָבֶּער װֶען זַאלְץ
פֶערְלִירְט אִיהר קְרַאפְט מִיט װָאס קָאן מֶען עֶס זַאלְצֶען? עֶס
טוֹיג שׁוֹין גָאר נִיט, נָאר אַרוֹיס צוּ װַארְפֶען דָאס דִיא מֶענְשֶׁען
14 זָאלֶען עֶס צוּטְרֶעטֶען. אִיהר זֶענְט דָאס לִיכְט פָאן דֶער װֶעלְט,
אֵיין שְׁטָאדְט װָאס שְׁטֶעהט אוֹיף אֵיין בַּארְג, קֶען זִיךְ נִיט בֶּעהַאלְטֶען.
15 אוֹיךְ צִינְדֶעט מֶען נִיכְט אָן קֵיין לִיכְט, דָאס מֶען זָאל עֶס שְׁטֶעלֶען
אוּנְטֶער אֵיין כְּלִי, נָאר אוֹיף אֵיין לֵייכְטֶער, אוּן עֶס לֵייכְט
16 פַאר אַלֶעמֶען װֶעלְכֶע זֵיינֶען אִין הוֹיז. אֵייעֶר לִיכְט זָאל אַזוֹי
לֵייכְטֶען פַאר מֶענְשֶׁען, דָאס זֵיי זָאלֶען זֶעהֶען אֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים טוֹבִים
17 אוּן זָאלֶען לוֹיבֶּען אֵייעֶרֶען פָאטֶער װָאס אִיז אִין הִימֶעל. דֶענְקְט
נִיט, דָאס אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צֶערְשְׁטֶערֶען דִיא תּוֹרָה אָדֶער דִיא
נְבִיאִים; נִיט צֶערְשְׁטֶערֶען בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען, נָאר צוּ דֶערְפִילֶען
18 (לְמַלְאוֹת). דֶען בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אַייךְ, בִּיז הִימֶעל אוּן עֶרְד װֶעט
פַארְגֶעהְן װֶעט אֵיין יוּד, אָדֶער אֵיין שְׁטְרִיכֶעלֶע פָאן דֶער תּוֹרָה
19 נִיט פַארְגֶעהְן, בִּיז עֶס װֶעט נִיט אַלֶעס דֶערְפִילְט װֶערֶען. דֶערִיבֶּער,
װֶער עֶס װֶעט צֶערְשְׁטֶערֶען אֵיינֶע פָאן דִיא גְרִינְגְסְטֶע מִצְוֹת אוּן
װֶעט דָאס זֶעלְבֶּע לֶערְנֶען אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען, דֶער װֶעט פַאר דֶעם
גְרִינְגְסְטֶען גֶעצֶעהלְט װֶערֶען אִין מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אוּן דֶער װָאס
װֶעט טָאן אוּן לֶערְנֶען זֵיי, דֶער װֶעט גְרוֹיס הֵייסֶען אִין דָאס מַלְכוּת
20 הַשָּׁמַיִם. דֶען אִיךְ זָאג אַייךְ, אוֹיב אֵייעֶרֶע צִדְקוֹת װֶעט נִיט זֵיין
מֶעהֶערֶער פָאן דִיא סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים׳סֶע צִדְקוֹת, װֶעט אִיהר
21 נִיט קוּמֶען אִין דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם. אִיהר הָאט גֶעהֶערְט, דָאס
עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעװָארֶען צוּ דִיא אַלְטֶען: לֹא תִּרְצָח (דוּא זָאלְסְט
22 נִיט טֵייטֶען), אוּן װֶער עֶס װֶעט טֵייטֶען מוּז גֶע׳מִשְׁפָּט װֶערֶען. אִיךְ

אָבֶּער זָאג אַייךְ, דָאס יֶעדֶער װעלְכֶער װֶעט צַארְנֶען אוֹיף זַיין
בְּרוּדֶער מוּז גֶעמִשְׁפָּט װֶערֶען, אוּן װֶער עֶס רוּפְט זַיין בְּרוּדֶער
רֵיקָא, מוּז שְׁטֶעהְן פַאר דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּן װֶער עֶס װֶעט רוּפֶען
23 נַאר, דֶער פַאלְט אַרַיין אִין דֶעם פֵייעֶר פָאן גֵיהִנֵם. דֶערִיבֶּער,
װֶען דוּא בִּיסְט מַקְרִיב אֵיין קָרְבָּן אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ אוּן דָארְטֶען
װֶעסְט דוּא דִיךְ דֶערְמָאנֶען, דָאס דֵיינֶער אֵיין בְּרוּדֶער הָאט עֶטְװָאס
24 גֶעגֶען דִיר. לָאז אִיבֶּער דָארְטֶען דֵיין קָרְבָּן פַאר דֶעם מִזְבֵּחַ,
אוּן גֶעהֶע פְרִיהֶער בֶּעט דִיךְ אִיבֶּער מִיט דֵיין בְּרוּדֶער, אוּן
25 דַאמָאלְסְט קוּם אוּן זַיי מַקְרִיב דֵיין קָרְבָּן. פֶערְגְלֵייךְ דִיךְ מִיט
דֵיין גֶעגְנֶער בַּאלְד, כָּל זְמַן דוּא בִּיסְט נָאךְ מִיט אִיהם אִין װֶעג,
דָאס דֵיין גֶעגְנֶער זָאל דִיךְ נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דֶעם
רִיכְטֶער, אוּן דֶער רִיכְטֶער װֶעט דִיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דֶעם דִינֶער,
26 אוּן דוּא װֶעסְט גֶעװָארְפֶען װֶערֶען אִין דֶער תְּפִיסָה. בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ דִיר, דוּא װֶעסְט פָאן דָארְטֶען נִיט אַרוֹיסְגֶעהֶען, בִּיז דוּא װֶעסְט
27 בַּאצָאלֶען דִיא לֶעצְטֶע פְּרוּטָה. אִיהר הָאט גֶעהֶערְט, דָאס עֶס
אִיז גֶעזָאגְט גֶעװָארֶען צוּ דִיא אַלְטֶען: לֹא תִנְאָף (דוּא זָאלְסְט נִיט
28 מְנַאֵף זַיין). אִיךְ אָבֶּער זָאג אַייךְ, דָאס יֶעדֶער װֶער עֶס קוּקְט
אוֹיף אֵיין אִשָּׁה, כְּדֵי צוּ גֶעלוּסְטֶען אִיהר, דֶער הָאט זִיא שׁוֹין מְנַאֵף
29 גֶעװֶען אִין זַיין הַארְצֶען. אוּן אוֹיבּ דֵיין רֶעכְטֶע אוֹיג שְׁטְרוֹיכֶעלְט
דִיךְ, רַייס עֶס אַרוֹיס אוּן װַארְף עֶס אַװֶעק פָאן דִיר, דֶען פַאר
דִיר אִיז בֶּעסֶער, דָאס אֵיינֶע פָאן דֵיינֶע גְלִידֶער זָאל פֶערְלָארֶען
גֶעהֶען, אוּן נִיט דֵיין גַאנְצֶער גוּף זָאל גֶעװָארְפֶען װֶערֶען אִין
30 גֵיהִנָם. אוּן װֶען דֵיין רֶעכְטֶע הַאנְד שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיךְ, אַזוֹי הַאק
זִיא אָבּ אוּן װַארְף זִיא אַװֶעק פָאן דִיר, דֶען פַאר דִיר אִיז בֶּעסֶער
אֵיינֶע פָאז דֵיינֶע גְלִידֶער זָאל פֶערְלָארֶען גֶעהֶען, אוּן נִיט דֵיין
31 גַאנְצֶער גוּף זָאל גֶעװָארְפֶען װֶערֶען אִין גֵיהִנָם. אוֹיךְ אִיז גֶעזָאגְט
גֶעװָארֶען, דָאס װֶער עֶס לָאזְט אַװֶעק זַיין װַייבּ, זָאל עֶר אִיהר אֵיין
32 גֵט גֶעבֶּען. אִיךְ אָבֶּער זָאג אַייךְ, װֶער עֶס לָאזְט זַיין װַייבּ אַװֶעק,
אוֹיסֶער פַאר זְנוּת, דֶער מַאכְט זִיא פַאר אֵיינֶע נוֹאֶפֶת, װֶער עֶס
33 הָאט חֲתוּנָה מִיט אֵיין גְרוּשָׁה דֶער אִיז אֵיין נוֹאֵף. נָאךְ הָאט אִיהר
גֶעהֶערְט, דָאס צוּ דִיא אַלְטֶען אִיז גֶעזָאגְט גֶעװָארֶען: דוּא זָאלְסְט
נִיט שְׁװֶערֶען פַאלְשׁ, אוּן דוּא זָאלְסְט מְקַיֵים זַיין צוּ גָאטְט דֵיינֶע

34 שְׁבוּעֹת. אִיךְ אָבֶּער זָאג אַייךְ, אִיהר זָאלְט גָאר נִיט שְׁוֶוערֶען,
35 נִיט בַּיי דֶעם הִימֶעל, וָוייל עֶר אִיז גָאטְטֶעס טְהְרָאן. נִיט בַּיי
דֶער עֶרְד, וָוייל זִיא אִיז זַיין פוּסְבֶּענְקֶעל, אוּן נִיט בַּיי יְרוּשָׁלַיִם,
36 וָוייל עֶס אִיז דִיא שְׁטָאדְט פָאן דֶעם גְרוֹיסֶען קֶענִיג. אוֹיךְ זָאלְסְט
דוּא נִיט שְׁוֶוערֶען בַּיי דַיין קָאפְּף, וָוייל דוּא קֶענְסְט נִיט אֵיין
37 אֵיינְצִיגֶע הָאר וַויים אָדֶער שְׁוַוארְץ מַאכֶען. נָאר לָאז אֵייעֶר
38 וָוארְט זַיין יַא יַא, נַיין נַיין, אוּן וָואס מֶעהר אִיז שְׁלֶעכְט. אִיהר
הָאט גֶעהֶערְט, דָאס עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען: אֵיין אוֹיג פַאר אֵיין
39 אוֹיג, אֵיין צָאן פָאר אֵיין צָאן. אִיךְ אָבֶּער זָאג אַייךְ, אִיהר זָאלְט
אַייךְ נִיט שְׁטֶעלֶען גֶעגֶען דֶעם בֶּעז, נָאר וֶוען, וֶוער עֶס וֶועט דִיר
שְׁלָאגֶען אִין דַיין רֶעכְטֶער בַּאק, בָּאט אִיהם אוֹיךְ דִיא אַנְדֶערֶע
40 אָן. אוּן וֶוער עֶס וֶועט וֶועלֶען מִיט דִיר זִיךְ מִשְׁפָּט׳ן, כְּדֵי
אָוֶועקְצוּנֶעמֶען בַּיי דִיר דֶעם רָאק, גִיבּ אִיהם אַוֶועק אוֹיךְ דֶעם
41 מַאנְטֶעל. אוּן וֶוען אֵיינֶער וֶועט דִיךְ נוֹיטֶען צוּ לוֹיפֶען מִיט אִיהם
42 אֵיין מַייל, גֶעהֶע מִיט אִיהם צְוַוייא. דֶעם וֶועלְכֶער בֶּעט פָאן דִיר
גִיבּ, אוּן פָאן דֶעם וָואס וִויל בַּיי דִיר לַייֶען, קֶעהֶער דִיךְ נִיט
43 אָוֶועק. אִיהר הָאט גֶעהֶערְט, דָאס עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען:
וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ (דוּא זָאלְסְט דַיין נֶעבֶען מֶענְשֶׁען לִיבֶּען) אוּן דַיין
44 שׂוֹנֵא פַיינְד הָאבֶּען. אִיךְ אָבֶּער זָאג אַייךְ, לִיבְּט אֵייעֶרֶע שׂוֹנְאִים,
בֶּענְשְׁט דִיא וָואס שִׁילְטֶען אַייךְ; טְהוּט גוּטֶעס צוּ דִיא וָואס
הַאסֶען אַייךְ, אוּן בֶּעטֶעט פַאר דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען אַייךְ מְבַזֶּה אוּן
45 רוֹדֵפ׳ען אַייךְ. כְּדֵי אִיהר זָאלְט זַיין קִינְדֶער פָאן אֵייעֶר פָאטֶער
אִין הִימֶעל, דֶען עֶר לָאסְט זַיין זָאנְנֶע אוֹיף גֶעהֶען אִיבֶּער דִיא
שְׁלֶעכְטֶע אוּן אִיבֶּער דִיא גוּטֶע, אוּן רֶעגֶענְט אִיבֶּער צַדִיקִים אוּן
46 רְשָׁעִים. דֶען וֶוען אִיהר וֶועט לִיבֶּען דִיא וָואס לִיבֶּען אַייךְ, וָואס
פַאר אֵיין שְׂכַר קוּמְט אַייךְ? טְהוּען דֶען נִיט דִיא מוֹכְסִים אוֹיךְ
47 דִיא זֶעלְבֶּע? אוּן וֶוען אִיהר גְרִיסְט נוּר אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, וָואס
פַאר אֵיין בֶּעזָאנְדֶערֶעס טְהוּט אִיהר? טְהוּען דֶען נִיט דִיא גוֹיִם
48 אוֹיךְ אַזוֹי? דֶערִיבֶּער זַייט פָאלְלְקָאמְמֶענֶע, אַזוֹי וִויא אֵייעֶר פָאטֶער
אִין הִימֶעל אִיז פָאלְלְקָאמְמֶען.

ו הִיטֶעט אַייךְ, דָאס אִיהר זָאלְט אֵייעֶר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט נִיט
טָאן פַאר לֵייטֶען, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען אַייךְ זֶעהֶען, וֶוען אַנְדֶערְשׁ וֶועט

אִיהר קֵיין שְׂכַר נִיט הָאבֶּען פָאן אֵייעֶר פָּאטֶער אִין הִימֶעל.
דֶערִיבֶּער וֶוען דוּא טְהוּסְט צְדָקָה וָאלְסְט דוּא נִיט אוֹיסְטְרוּמֵייטֶערֶען 2
פַאר דִיר, אַזוֹי וִויא דִיא חֲנֵפִים טְהוּעֶן אִין דִיא שׁוּלֶען אוּן אִין דִיא
גַאסֶען, כְּדֵי מֶענְשֶׁען זָאלֶען זֵיי לוֹיבֶּען, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אַייךְ, זֵיי הָאבֶּען
שׁוֹין זֵייעֶר שְׂכַר. דוּא אָבֶּער וֶוען דוּא גִיסְט צְדָקָה, לָאז דֵיין 3
לִינְקֶע הַאנְד נִיט וִויסֶען וָואס דִיא רֶעכְטֶע טְהוּט. כְּדֵי דֵיין צְדָקָה 4
זָאל זֵיין אִין פַארְבָּארְגֶענֶעס, אוּן דֵיין פָּאטֶער, וֶועלְכֶער זֶעהֶעט
וָואס אִיז פֶערְבָּארְגֶען, וֶועט דִיךְ בַּאלוֹינֶען עֶפֶענְטְלִיךְ. אוּן וֶוען 5
דוּא טְהוּסְט תְּפִלָּה, זֵיי נִיט וִויא דִיא חֲנֵפִים, דֶען זֵיי הָאבֶּען לִיבּ
מִתְפַּלֵּל צוּ זֵיין וֶוען זֵיי שְׁטֶעהֶען אִין דִיא שׁוּלֶען אוּן אוֹיף דִיא
גַאסֶען וִוינְקְלֶען, כְּדֵי מֶענְשֶׁען צוּ וֵוייזֶען, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אַייךְ זֵיי
הָאבֶּען שׁוֹין זֵייעֶר שְׂכַר. דוּא אָבֶּער וֶוען דוּא ווִילְסְט מִתְפַּלֵּל 6
זֵיין, גֶעהֶע אִין דֵיין צִימֶער אַרֵיין, אוּן מַאךְ צוּ דֵיין טְהִיר, זֵיי
מִתְפַּלֵּל צוּ דֵיין פָּאטֶער, וֶועלְכֶער אִיז פַארְבָּארְגֶען, נוּן, דֵיין
פָּאטֶער וֶועלְכֶער זֶעהֶעט וָואס אִיז פֶערְבָּארְגֶען, וֶועט דִיךְ בַּאלוֹינֶען
עֶפֶענְטְלִיךְ. אוּן וֶוען אִיהר זֶענְט מִתְפַּלֵּל, פְּלוֹידֶערְט נִיט וִויא דִיא 7
גוֹיִם, וֵוייל זֵיי דֶענְקֶען דוּרְךְ זֵייעֶרֶע וֶוערְטֶער מַאכֶערֵיי וֶועט מֶען
זֵיי דֶערְהֶערֶען. דֶערִיבֶּער, גְלֵייכְט אַייךְ נִיט צוּ זֵיי, וֵוייל אֵייעֶר 8
פָּאטֶער וֵוייסְט וָואס אִיהר בֶּעדַארְפְט נָאךְ אֵיידֶער אִיהר בֶּעטֶעט
פָאן אִיהם. דֶערִיבֶּער בֶּעטֶעט אַזוֹי: אוּנְזֶער פָּאטֶער אִין הִימֶעל, 9
גֶעהֵיילִיגְט זָאל וֶוערֶען דֵיין נָאמֶען. דֵיין מְלוּכָה זָאל קוּמֶען, דֵיין 10
רָצוֹן זָאל גֶעשֶׁעהֶען וֶוערֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אַזוֹי וִויא אִין הִימֶעל.
אוּנְזֶער טֶעגְלִיךְ בְּרוֹיט גִיבּ אוּנְז הֵיינְט. זֵיי מוֹחֵל אוּנְזֶערֶע שׁוּלְדֶען 11 12
אַזוֹי וִויא מִיר זֶענֶען מוֹחֵל דִיא, וֶועלְכֶע זֶענֶען אוּנְז שׁוּלְדִיג. אוּן 13
בְּרֶענְג אוּנְז נִיט צוּ קֵיין נִסָּיוֹן, נוּר זֵיי אוּנְז מַצִּיל פָאן דֶעם בֶּעז.
(דֶען דֵיין אִיז דִיא מְלוּכָה אוּן דִיא גְבוּרָה אוּן דִיא הֶערְלִיכְקֵייט 14
אוֹיף אֵייבִּיג אָמֵן.) דֶען, אוֹיבּ אִיהר וֶועט מוֹחֵל זֵיין דִיא מֶענְשֶׁען
זֵייעֶר פֶּעלֶער, אַזוֹי וֶועט אֵייעֶר פָּאטֶער אִין הִימֶעל אַייךְ אוֹיךְ
מוֹחֵל זֵיין. אָבֶּער וֶוען אִיהר וֶועט דִיא מֶענְשֶׁען זֵייעֶרֶע פֶּעהְלֶער 15
נִיט מוֹחֵל זֵיין, אַזוֹי וֶועט אֵייעֶר פָּאטֶער אִין הִימֶעל אַייךְ אוֹיךְ נִיט
מוֹחֵל זֵיין אֵייעֶרֶע פֶּעהְלֶער. אוּן וֶוען אִיהר פַאסְט, זֵייט נִיט 16
טְרוֹיעֶרִיג, אַזוֹי וִויא דִיא חֲנֵפִים וֶועלְכֶע מַאכֶען אַיין קְרוּמֶען פָּנִים.

כְּדֵי זִיךְ דִיא מֶענְשֶׁען פָארְצוּשְׁטֶעלֶען מִיט זֵייעֶר פַאסְטֶען; בֶּאֱמֶת
17 זָאג אִיךְ אַייךְ, דָאס זֵיי הָאבֶּען שׁוֹין זֵייעֶר שְׂכַר. דוּא אָבֶּער וֶוען
דוּא פַאסְטְ, זַאלְבּ דִיר דֵיין קָאפְּף אוּן וַואס דִיר אָבּ דֵיין פָּנִים.
18 כְּדֵי נִיט דִיא מֶענְשֶׁען זִיךְ פָארְצוּשְׁטֶעלֶען מִיטֶען פַאסְטֶען, נָאר
דֵיין פָאטֶער, וֶועלְכֶער אִיז פַארְבָּארְגֶען, אוּן דֵיין פָאטֶער וֶועלְכֶער
זֶעהְט וָואס אִיז פַארְבָּארְגֶען, וֶועט דִיךְ עֶפֶענְטְלִיךְ בַּאלוֹינֶען.
19 זַאמֶעלְט אַייךְ נִיט קֵיין אוֹצְרוֹת אוֹיף דֶער עֶרְד וואוּ דִיא מָאל
אוּן רָאסְט פַארְדַארְבֶּען, אוּן וואוּ גַנָבִים גְרָאבֶּען זִיךְ אוּנְטֶער אוּן
20 גַנְבֿ'עֶנֶען. נוּר זַאמֶעלְט אַייךְ אוֹצְרוֹת אִין הִימֶעל, וואוּ דִיא מָאל
אוּן רָאסְט פַארְדַארְבֶּען נִיט, אוּן וואוּ גַנָבִים גְרָאבֶּען זִיךְ נִיט אוּנְטֶער
21 אוּן גַנְבֿ'עֶנֶען נִיט. וֵוייל וואוּ אַייעֶר אוֹצָר אִיז, דָארְט וֶועט אַייעֶר
22 הַארְץ אוֹיךְ זֵיין. דָאס אוֹיג אִיז דָאס לִיכְט פָאן דֶעם גוּף, דֶערִיבֶּער
אוֹיבּ דֵיין אוֹיג וֶועט זֵיין לִיכְטִיג, אַזוֹי וֶועט דֵיין גַאנְצֶער גוּף
23 לִיכְטִיג זֵיין. נָאר אוֹיבּ דֵיין אוֹיג טוֹיג נִישְׁט, אַזוֹי וֶועט דֵיין גַאנְצֶער
גוּף פִינְסְטֶער זֵיין, דֶערִיבֶּער, וֶוען דָאס אִינֶעוֵוענִיגְסְטֶע לִיכְט אִין דִיר
וֶוערְט צוּם פִינְסְטֶערְנִיס, וִויא גְרוֹיס מוּז דִיא פִינְסְטֶערְנִיס זֵיין!
24 קֵיינֶער קָאן נִיט צְוֵויי הֶערְרֶן דִינֶען, דֶען אָדֶער עֶר וֶועט אֵיינֶעם טְרֵיי
זֵיין אוּן דֶעם אַנְדֶערֶען פֶּערְאַכְטֶען, אָדֶער עֶר וֶועט צוּ אֵיינֶעם זֵיין
מִיטֶען גַאנְצֶען הַארְצֶען, אוּן דֶער אַנְדֶערֶער וֶועט בֵּיי אִיהם קֵיין
וֶוערְט נִיט הָאבֶּען; אִיהר קָאנְט נִיט דִינֶען גָאטְט אוּן דֶעם מָמוֹן.
25 דֶערִיבֶּער זָאג אִיךְ אַייךְ, דַאֲגָה'עֶט נִיט פַאר אַייעֶר לֶעבֶּען, וָואס וֶועט
אִיהר עֶסֶען אוּן וָואס וֶועט אִיהר טְרִינְקֶען, אוּן פַאר אַייעֶר גוּף, מִיט
וָואס וֶועט אִיהר זִיךְ אָנְקְלֵיידֶען? אִיז דֶען דָאס לֶעבֶּען נִיט מֶעהְרֶער
26 פָאן עֶסֶען, אוּן דֶער גוּף פָאן דֶעם מַלְבּוּשׁ. קוּקְט אוֹיף דִיא פֵייגֶלֶען
פָאן הִימֶעל, זֵיי זֵייעֶן נִיט, שְׁנֵיידֶען נִיט, פֶערְזַאמְלֶען נִיט אִין
שְׁפֵּייכְלֶערְס, אוּן אַייעֶר פָאטֶער אִין הִימֶעל אִיז זֵיי מְפַרְנֵס: וֶוענְט
27 אִיהר דֶען נִיט פִיל בֶּעסֶער פָאן זֵיי? אוּן וֶוער פָאן אַייךְ אִיז אִין
שְׁטַאנְד דוּרְךְ זֵיין זָארְג זֵיין לֶעבֶּענְס לֶענְגֶע צוּ צוּזֶעצֶען אֵיין אֵייל?
28 אוּן וֶוענֶען מַלְבּוּשִׁים, פַאר וָואס דַאֲגָה'עט אִיהר, זֶעהְט אוֹיף דִיא
לִילְיֶען אִין פֶעלְד וִויא אַזוֹי זֵיי וַואכְּסֶען, זֵיי אַרְבֵּייטֶען נִיט אוּן
29 שְׁפִּינֶען נִיט. נוּר אִיךְ זָאג אַייךְ, דָאס אוֹיךְ שְׁלֹמֹה, אִין זֵיין גַאנְצֶער
הֶערְלִיכְקֵייט אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אַזוֹי אָנְגֶעטָאן וִויא אֵיינֶע פָאן דִיזֶע.

30 וָוען גְרָאז פָאן דֶעם פֶעלְד, וָואס הַיינְט אִיז עֶס דָא אוּן מָארְגֶען
וָועט עֶס גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען אִין אוֹיוֶוען קְלֵיידֶעט גָאטְט אַזוֹי,
31 וִויפִיל מֶעהֶערֶער אַייךְ, קְלֵיין גְלוֹיבִּיגֶע? דֶערִיבֶּער זָארְגְט נִיט,
אוּן זָאגְט נִיט, וָואס וֶועלֶען מִיר עֶסֶען? אָדֶער וָואס וֶועלֶען מִיר
טְרִינְקֶען? מִיט וָואס וֶועלֶען מִיר זִיךְ אָנְקְלֵיידֶען? וֵוייל דָאס
אַלֶעס זוּכֶען דִיא גוֹיִם, וֵוייל אֵייעֶר פָאטֶער אִין הִימֶעל וֵוייסְט
32 דָאס אִיהר דִיזֶעס אַלְךְ בֶּעדַארְפְט. זוּכְט צוּם עֶרְשְׁטֶען דָאס
מַלְכוּת אֱלֹהִים אוּן זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן דָאס אַלֶעס וֶועט
33 אַייךְ צוּגֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען. דֶערִיבֶּער, זָארְגְט נִיט אוֹיף דֶעם
מָארְגֶענְדִיגֶען טָאג, דֶען דֶער מָארְגֶענְדִיגֶער טָאג וֶועט פַאר זִיךְ
אַלֵיין זָארְגֶען, יֶעדֶער טָאג הָאט גֶענוּג זֵיינֶע פְּלָאגֶען.
ז 2 מִשְׁפָּט נִיט, כְּדֵי אִיהר זָאלְט נִיט גֶע'מִשְׁפָּט וֶוערֶען. דֶען מִיט
דֶעם מִשְׁפָּט וָואס אִיהר מִשְׁפָּט וֶועט אִיהר גֶע'מִשְׁפָּט וֶוערֶען;
אוּן מִיט וָואס פַאר אֵיין מָאס אִיהר מֶעסְט וֶועט מֶען אַייךְ אוֹיךְ
3 מֶעסְטֶען. אוּן פַארְוָואס דֶערְזֶעהְסְט דוּא דָאס שְׁפֶּענְדֶעל אִין דֵיין
בְּרוּדֶערְס אוֹיג, אוּן בַּאמֶערְקְסְט נִיט אֵיין בַּאלְקֶען אִין דֵיין אוֹיג?
4 אוּן וִויא זָאגְסְט דוּא דֵיין בְּרוּדֶער: לָאז מִיךְ אִיךְ וִויל דִיר
אַרוֹיסְנֶעמֶען דָאס שְׁפֶּענְדֶעל פָאן דֵיין אוֹיג, אוּן זֶעה, אִין דֵיין
5 אֵייגֶענֶע אוֹיג אִיז אֵיין בַּאלְקֶען? דוּא חוֹנֵף, פְרִיהֶער נֶעם אַרוֹיס
דֶעם בַּאלְקֶען פָאן דֵיין אוֹיג, אוּן דֶערְנָאךְ מֶעגְסְט דוּא זֶעהֶען וִויא
6 אַרוֹיס צוּנֶעמֶען דָאס שְׁפֶּענְדֶעל פָאן דֵיין בְּרוּדֶערְס אוֹיג. גִיט
נִיט קֵיין הֵיילִיגְקֵייט דִיא הִינְד, אוּן וַוארְפְט נִיט אֵייעֶרֶע פֶּערֶעל
פַאר דִיא חֲזֵירִים, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען זֵיי אֲפִילוּ מִיט זֵייעֶרֶע פִיס נִיט
צוּטְרֶעטֶען, אוּן וֶועלֶען זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אוּן וֶועלֶען אַייךְ צֶערַייסֶען.
7 בֶּעט, אוּן עֶס וֶועט אַייךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, זוּכְט, אוּן אִיהר וֶועט
8 גֶעפִינֶען. קְלַאפְּט אָן, אוּן מֶען וֶועט אַייךְ אוֹיפְעֶפֶענֶען. דֶען יֶעדֶער
וָואס בֶּעט אִיז מְקַבֵּל, אוּן וָואס זוּכְט גֶעפִינְט, אוּן דֶער וָואס
9 קְלַאפְּט אָן דֶעם עֶפֶענְט מֶען אוֹיף. אִיז דָא צְוִוישֶׁען אַייךְ אֵיין מֶענְשׁ,
וֶועלְכֶער וֶוען זֵיין זָאהְן וֶועט בֶּעטֶען בֵּיי אִיהם בְּרוֹיט, וֶועט עֶר
10 אִיהם גֶעבֶּען אֵיין שְׁטֵיין? אוּן וֶוען עֶר וֶועט בֶּעטֶען בֵּיי אִיהם
11 פִישׁ, וֶועט עֶר אִיהם גֶעבֶּען אֵיין שְׁלַאנְג? דֶערִיבֶּער, וֶוען אִיהר
וָואס אִיהר זֶענְט שְׁלֶעכְטֶע, קָאנְט אִיהר גֶעבֶּען גוּטֶע מַתָּנוֹת צוּ

אֵייעֶרֶע קִינְדֶער, וִויפִיל מֶער וֶועט אֵייעֶר פָאטֶער אִין הִימֶעל גֶעבֶּען
גוּטֶעס צוּ דִיא וָואס זֵיי בֶּעטֶען פָאן אִיהם. דֶערִיבֶּער, אַלֶעסְדִינְג 12
וָואס אִיהר וִוילְט דָאס לֵייט זָאלֶען אַייך טָאן, טְהוּט אִיהר אוֹיך
זֵיי, דֶען דָאס אִיז דִיא תּוֹרָה אוּן נְבִיאִים. גֶעהְט אַרֵיין דוּרְך דֶעם 13
עֶנְגֶען טוֹיעֶר, וֵוייל גְרוֹיס אִיז דֶער טוֹיעֶר אוּן בְּרֵייט אִיז דֶער וֶועג,
וֶועלְכֶער פִיהְרְט צוּם פֶערְדַארְבֶּען אוּן פִיל זֵיינֶען דִיא וֶועלְכֶע
גֶעהֶען דוּרְך אִיהם. אוּן וִויא אֵיינְג אִיז דֶער טוֹיעֶר אוּן שְׁמָאל אִיז 14
דֶער וֶועג, וָואס פִירְט צוּם לֶעבֶּען אוּן וֵויינִיג זֶענֶען דִיא וֶועלְכֶע
גֶעפִינֶען אִיהם. הִיטֶעט אַייך פַאר דִיא פַאלְשֶׁע נְבִיאִים, וֶועלְכֶע 15
קוּמֶען צוּ אַייך אִין שָׁאפֶּענֶע קְלֵיידֶער, אִינֶעוֶוענִיג אָבֶּער זֶענֶען זֵיי
רֵייסֶענְדֶע וֶועלְף. אִיהר וֶועט זֵיי דֶערְקֶענֶען אָן זֵייעֶרֶע פְרוּכְט, 16
קְלֵייבְּט מֶען דֶען אָבּ פָאן אֵיין דָארֶענְבּוֹים וֵויינְטְרוֹיבֶּען, אָדֶער
פֵייגֶען פָאן דִיסְטֶעלְן? אַזוֹי יֶעדֶער גוּטֶער בּוֹים בְּרֵיינְגְט אַרוֹיס 17
גוּטֶע פְרוּכְט, אוּן דֶער פוֹילֶער בְּרֵיינְגְט אַרוֹיס שְׁלֶעכְטֶע פְרוּכְט.
אֵיין גוּטֶער בּוֹים קָאן נִיט אַרוֹיסְבְּרֵינְגֶען שְׁלֶעכְטֶע פְרוּכְט, אוּן 18
אֵיין פוֹילֶער בּוֹים קָאן נִיט אַרוֹיסְבְּרֵיינְגֶען גוּטֶע פְרוּכְט. אוּן יֶעדֶער 19
בּוֹים וָואס בְּרֶענְגְט נִיט אַרוֹיס גוּטֶע פְרוּכְט, וֶוערְט אוֹיסְגֶעהַאקְט
אוּן גֶעוָוארְפֶען אִין פֵייעֶר אַרֵיין. דֶערִיבֶּער, אָן זֵייעֶר פְרוּכְט וֶועט 20
אִיהר זֵיי דֶערְקֶענֶען. נִיט יֶעדֶער וָואס זָאגְט צוּ מִיר, הֶערְר! הֶערְר! 21
וֶועט אַרֵיין קוּמֶען אִין מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם, נוּר דֶער וָואס טְהוּט דֶעם
רָצוֹן פָאן מֵיין פָאטֶער אִין הִימֶעל. פִיל וֶועלֶען צוּ מִיר זָאגֶען 22
אִין יֶענֶעם טָאג, הֶערְר! הֶערְר! הָאבֶּען מִיר דֶען נִיט אִין דֵיין
נָאמֶען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט, אוּן אִין דֵיין נָאמֶען שֵׁדִים פֶערְטְרִיבֶּען אוּן
אִין דֵיין נָאמֶען הָאבֶּען מִיר פִיל וואוּנְדֶער גֶעטָאן? דַאמָאלְסְט וֶועל 23
אִיך זֵיי מוֹדִיעַ זֵיין אוּן זָאגֶען: אִיך הָאבּ אַייך קֵיין מָאל נִיט גֶעקָאנְט,
אַוֶועק פָאן מִיר אִיהר בַּעֲלֵי עַוְלָה. דֶערִיבֶּער, יֶעדֶער וֶוער 24
עֶס הֶערְט דִיזֶע מֵיינֶע וֶוערְטֶער אוּן וֶועט זֵיי טָאן, וֶועל אִיך אִיהם
גְלֵייכֶען צוּ אֵיין מַאן אֵיין חָכָם, וֶועלְכֶער הָאט גֶעבּוֹיט זֵיין הוֹיז
אוֹיף אֵיין שְׁטֵיין. אוּן רֶעגֶען אִיז גֶעגַאנְגֶען, דִיא טֵייכֶען זֵיינֶען 25
גֶעקוּמֶען, דִיא וִוינְדֶען הָאבֶּען גֶעוֵוייהֶעט אוּן הָאבֶּען דָאס הוֹיז
גֶעשְׁטוֹיסֶען, אוּן עֶס אִיז אָבֶּער נִיט אוּמְגֶעפַאלֶען, וֵוייל עֶס אִיז
גֶעגְרִינְדֶעט אוֹיף אֵיין שְׁטֵיין. אוּן יֶעדֶער וָואס עֶר הֶערְט דִיזֶע 26

מֵיינֶע וֶוערְטֶער, אוּן, וֶועט זֵיי נִיט טָאן וֶועט זֵיין גְלַייך צוּ אֵיין מַאן
27 אֵיין נַאר, וֶועלְכֶער הָאט גֶעבּוֹיט זֵיין הוֹיז אוֹיף זַאמְד. אוּן אֵיין
רֶעגֶען הָאט גֶעגָאסֶען, טַייכֶען זֵיינֶען גֶעקוּמֶען, אוּן דִיא וִוינְדֶען
הָאבֶּען גֶעוֵוייהֶעט אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען אָן דָאס הוֹיז, אוּן עֶס אִיז
28 אוּמְגֶעפַאלֶען, אוּן זֵיין פַאל אִיז זֵייעֶר גְרוֹיס גֶעוֶועזֶען. אוּן וֶוען
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְדֶעט צוּ רֵיידֶען דִיזֶע וֶוערְטֶער, הָאט זִיךְ דָאס פִילֶע
29 פָאלְק וֶועהר פֶערְוואוּנְדֶערְט אוֹיף זֵיין לֶעהְרֶע. דֶען עֶר הָאט
זֵיי גֶעלֶערֶענְט וִויא אֵיין מַאן, וֶועלְכֶער הָאט דִיא גַאנְצֶע מַאכְט,
נִיט וִויא דִיא סוֹפְרִים.

ח וֶוען עֶר אִיז אַרָאבּ גֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם בַּארְג זֵיינֶען אִיהם נָאךְ
2 גֶעגַאנְגֶען אֵיין סַךְ פָאלְק. אוּן נוּן, אִיז צוּגֶעקוּמֶען אֵיין קְרֶעצִינֶער,
אוּן הָאט זִיךְ צוּ אִיהם גֶעבּוּקְט אוּן גֶעזָאגְט, מֵיין הֶערְר! וֶוען דוּא
3 ווִילְסְט קָאנְסְט דוּא מִיךְ רֵיין מַאכֶען. יֵשׁוּעַ הָאט אוֹיסגֶעשְׁטְרֶעקְט
זֵיין הַאנְד הָאט אִיהם אָנְגֶערִירְט, אוּן גֶעזָאגְט אִיךְ וִויל, וֶוער רֵיין.
4 אוּן עֶר אִיז בַּאלְד רֵיין גֶעוָוארֶען פָאן זֵיין קְרֶעץ. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט
אִיהם גֶעזָאגְט: זֶעה, זָאלְסְט קֵיינֶעם נִיט דֶערְצֵיילֶען, נוּר גֶעה, אוּן
וֵייז דִיךְ פַאר דֶעם כֹּהֵן אוּן בְּרֵיינְג אֵיין קָרְבָּן וִויא משֶׁה הָאט
5 בַּאפוֹילֶען פַאר אֵיין עֵדוּת צוּ זֵיי. אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
קֵיין כְּפַר נַחוּם, אַזוֹי אִיז צוּא אִיהם צוּגֶעגַאנְגֶען אֵיין הוֹיפְּטְמַאן אוּן
6 הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט: מֵיין הֶערְר! מֵיין דִינֶער לִיגְט
אִין מֵיין הוֹיז מִיט אָבְּגֶענוּמֶענֶע גְלִידֶער אוּן הָאט גְרוֹיס וֵוייטָאק.
7 8 יֵשׁוּעַ זָאגְט אִיהם, אִיךְ וֶועל קוּמֶען אוּן וֶועל אִיהם אוֹיסְהֵיילֶען. אוּן
דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: מֵיין הֶערְר!
אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט דָאס דוּא זָאלְסְט קוּמֶען אוּנְטֶער מֵיין דַאךְ, אָבֶּער
9 זָאג נוּר אֵיין וָוארְט אוּן מֵיין דִינֶער וֶועט גֶעהֵיילְט וֶוערֶען. דֶען אוֹיךְ
אִיךְ בִּין אֵיין אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּענֶער מַאן, הָאבּ אִיךְ דָאךְ אוּנְטֶער מִיר
סָאלְדַאטֶען, צוּ אֵיינֶעם זָאג אִיךְ גֶעה, אוּן עֶר גֶעהט, אוּן צוּ דֶעם
אַנְדֶערֶען, קוּם, אוּן עֶר קוּמְט, אוֹיךְ צוּ מֵיין דִינֶער טְהוּעֶ דָאס אוּן
10 עֶר טְהוּט. וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט הָאט עֶר זִיךְ גֶעווּנְדֶערְט
אוּן גֶעזָאגְט צוּ דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען: בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ אַייךְ אֲפִילוּ אִין דִיא יִשְׂרָאֵל הָאבּ אִיךְ אַזֶעלְכֶען גְלוֹיבֶּען נִיט
11 גֶעפוּנֶען. אוּן אִיךְ זָאג אַייךְ, דָאס פִילֶע וֶועלֶען קוּמֶען פָאן מִזְרָח

אוּן מַעֲרָב אוּן וֶועלֶען בֵּיים טִישׁ זִיצֶען מִיט אַבְרָהָם יִצְחָק אוּן יַעֲקֹב
12 אִין מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם. אָבֶּער דִיא קִינְדֶער פָאן דֶער מְלוּכָה וֶועלֶען
אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען צוּ דֶער אוֹיסְוֶוענִיגְסְטֶע פִינְסְטֶערְנִיס;
13 דָארְט וֶועט זַיין קְלָאג אוּן צֵיין קְרִיטְצֶענֶעס. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט
דֶעם הוֹיפְּטְמַאן: גֶעה, אוּן וִויא דוּא הָאסְט גֶעגְלוֹיבְּט, אַזוֹי וֶועט עֶס
דִיר גֶעשֶׁעהֶען. אוּן זַיין דִינֶער אִיז אִין דֶער שָׁעָה גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען.
14 וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען אִין פֶּטֶר׳ס הוֹיז, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען וִויא זַיין
15 שְׁווִיגֶער לִיגְט קְרַאנְק אוֹיף אַיין קַדַּחַת. אַזוֹי הָאט עֶר אָנְגֶערִירְט
אִיהר הַאנְד, אוּן דֶער קַדַּחַת הָאט זִיא אָבְּגֶעלָאזְען, אוּן זִיא אִיז אוֹיף
16 גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט זַיי בַּאדִינְט. אוּן וֶוען עֶס אִיז נַאכְט גֶעוָוארֶען
הָאט מֶען צוּ אִיהם גֶעבְּרַאכְט פִיל, וָואס דִיא שֵׁדִים הָאבֶּען זַיי
בֶּעפַאלֶען, אוּן עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען דִיא רוּחוֹת דוּרְךְ דָאס
17 וָוארְט, אוּן הָאט גֶעהֵיילְט אַלֶע קְרַאנְקֶע. כְּדֵי צוּ דֶערְפִילֶען דָאס
וָואס עֶס אִיז דוּרְךְ דֶעם נָבִיא יְשַׁעְיָה גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, וֶועלְכֶער
זָאגְט: עֶר הָאט גֶענוּמֶען אוֹיף זִיךְ אוּנְזֶער קְרַאנְקְהֵייט, אוּן הָאט
18 גֶעלִיטֶען אוּנְזֶערֶע וֵוייטָאקֶען. וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דֶערְזֶעהֶען פִיל
פָאלְק אַרוּם זִיךְ, הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען אַרִיבֶּערשִׁיפֶען זִיךְ אוֹיף יֶענֶער
19 זַייט יַם. דַאמָאלְסְט אִיז אַיין סוֹפֵר (תַּלְמִיד חָכָם) צוּ גֶעקוּמֶען אוּן
הָאט אִיהם גֶעזָאגְט, רַבִּי! אִיךְ וִויל דִיר נָאךְ גֶעהֶען וואוּהִין דוּא
20 ווִילְסְט גֶעהֶען. אוּן יֵשׁוּעַ זָאגְט אִיהם: פוּקְסֶען הָאבֶּען לֶעכֶער, אוּן
פֵייגֶלֶען פָאן הִימֶעל נֶעסְטֶען, אָבֶּער דֶער בֶּן אָדָם הָאט נִיט וואוּ
21 אַנִידֶער צוּלֵייגֶען דֶעם קָאפְּף. אוּן אַיין אַנְדֶערֶער פָאן זַיינֶע
תַּלְמִידִים הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: הֶערְר! עֶרְלוֹיבּ מִיר צוּ גֶעהְן פְרִיהֶער
22 מְקַבֵּר זַיין מֵיין פָאטֶער. אָבֶער יֵשׁוּעַ זָאגְט אִיהם, גֶעה מִיר נָאךְ,
23 לָאז דִיא מֵתִים, דָאס זַיי זָאלֶען מְקַבֵּר זַיין זֵייעֶרֶע מֵתִים. אוּן וֶוען
עֶר אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין שִׁיף, זַיינֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים אִיהם נָאךְ
24 גֶעגַאנְגֶען. אוּן נוּן, אִיז אַיין גְרוֹיסֶער שְׁטוּרֶעם גֶעוָוארֶען אוֹיפֶען יַם,
אַזוֹי דָאס דִיא שִׁיף אִיז מִיט דִיא וֶועלֶען בַּאדֶעקְט גֶעוָוארֶען;
25 עֶר אָבֶּער הָאט גֶעשְׁלָאפֶען. דַאמָאלְסְט זֶענֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים
צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהם אוּן הָאבֶּען אִיהם אוֹיף גֶעוֶועקְט אוּן גֶעזָאגְט:
26 הֶערְר! זַיי אוּנְז מַצִּיל, מִיר וֶוערֶען פַארְלָארֶען. אוּן עֶר זָאגְט זַיי:
וָואס זֶענְט אִיהר אַזֶעלְכֶע שְׁרֶעקֶעדִיגֶע? קְלֵיין גְלוֹיבִּיגֶע! נָאךְ דֶעם

אִיז עֶר אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט אָנְגֶעשְׁרִיגֶען אוֹיף דֶעם ווִינְד אוּן
27 דֶעם יַם, אוּן עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין גְרוֹיסֶע שְׁטִילְקֵייט. אוּן דִיא
לַייט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוואוּנְדֶערְט אוּן גֶעזָאגְט, וָואס פַאר אֵיין מַאן
28 אִיז עֶר, דָאס אוֹיךְ דֶער ווִינְד אוּן דֶער יַם גֶעהָארְכֶען אִיהם? אוּן
וֶוען עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער זַייט יַם אִין דִיא לַאנְד
פָאן דִיא גִרְגָשִׁים, הָאבֶּען אִיהם בַּאגֶעגֶענְט צְווֵיי מֶענְשֶׁען, וָואס אִין
זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שֵׁדִים, זֵיי זַיינֶען אָנְגֶעקוּמֶען פָאן דֶעם בֵּית הַקְבָרוֹת,
אוּן זַיינֶען גֶעוֶועזֶען זֶעהֶער פִירְכְטֶערְלִיךְ, אַזוֹי דָאס מֶען הָאט נִיט
29 גֶעקָאנְט אוֹיף דֶעם וֶועג דָארְטֶען פֶערְבֵּיי גֶעהֶען. אוּן נוּן, הָאבֶּען
זֵיי גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט: וָואס ווִילְסְט דוּא פָאן אוּנְז יֵשׁוּעַ גָאטְטֶעס
זָאהְן? בִּיסְט דוּא גֶעקוּמֶען פַאר דֶערְצֵייט אוּנְז צוּ מַאטֶערֶען?
30 אוּן וַוייט פָאן זֵיי הָאט זִיךְ גֶעפִּיטֶערְט אֵיינֶע הֶעעֶרְדֶע פָאן פִיל חֲזֵרִים.
31 אוּן דִיא שֵׁדִים הָאבֶּען אִיהם גֶעבֶּעטֶען, וֶוען דוּא ווִילְסְט אוּנְז
אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען, שִׁיק אוּנְז אַרֵיין אִין דֶער הֶעעֶרְדֶע (שְׁטַאדֶע) חֲזֵרִים.
32 אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט, גֶעהט, אוּן זֵיי זַיינֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן
אַרֵיין אִין דֶער שְׁטַאדֶע חֲזֵרִים. אוּן נוּן, הָאט זִיךְ דִיא גַאנְצֶע שְׁטַאדֶע
חֲזֵרִים אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען פָאן אֵיין מְשִׁיפּוּ׳דִיגֶען אָרְט אִין יַם אַרֵיין,
33 אוּן זֵיי זַיינֶען אוּמְגֶעקוּמֶען אִין וַואסֶער. דִיא הִירְטֶען זֶענֶען
אַוֶועקְגֶעלָאפֶען, אוּן זַיינֶען גֶעקוּמֶען אִין שְׁטָאדְט דֶערְצֵיילְט אַלְץ,
אוּן אוֹיךְ וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען מִיט דִיא וָואס אִין זֵיי זֶענֶען שֵׁדִים
34 גֶעוֶועזֶען. אוּן נוּן, אִיז דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט אַנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען
צוּ יֵשׁוּעַ׳ן, אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵיי גֶעבֶּעטֶען,
דָאס עֶר זָאל אַוֶועקְגֶעהֶען פָאן זֵייעֶרֶע גְרֶענְעצֶען.
ט דַאמָאלְסְט אִיז עֶר אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין שִׁיף אוּן הָאט זִיךְ
2 אַרִיבֶּערְגֶעשִׁיפְט, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אִין זֵיין שְׁטָאדְט. נוּן הָאט מֶען
צוּ אִיהם גֶעבְּרַאכְט אֵיינֶעם מִיט אָבְּגֶענוּמֶענֶע גְלִידֶער, ווִיא עֶר
אִיז אִין אֵיין בֶּעט גֶעלֶעגֶען: אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶן זֵייעֶר אֱמוּנָה
הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מִיט דִיא אָבְּגֶענוּמֶענֶע גְלִידֶער: זֵיי
3 גֶעטְרוֹיסְט מֵיין זָאהְן, דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען דִיר פֶערְגֶעבֶּען. אֵיינִיגֶע
פָאן דִיא סוֹפְרִים הָאבֶּען בֵּיי זִיךְ גֶעדַאכְט, עֶר לֶעסְטֶערְט גָאטְט.
4 יֵשׁוּעַ אָבֶּער וָואס הָאט אַרוֹיסְגֶעזֶעהֶען זֵייעֶרֶע מַחְשָׁבוֹת הָאט
גֶעזָאגְט: וָוארוּם דֶענְקְט אִיהר שְׁלֶעכְטֶס אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער?

5 דְען וָואס אִיז לֵייכְטֶער צוּ זָאגֶען, דֵיינֶע חַטָאִים וֶוענֶען דִיר פֶּערְגֶעבֶּען,
6 אָדֶער צוּ זָאגֶען שְׁטֶעהֶע אוֹיף אוּן גֶעה. נוּר כְּדֵי אִיהר זָאלְט ווִיסֶען,
דָאס דֶער בֶּן אָדָם הָאט מֶמְשָׁלָה אוֹיף דֶער עֶרְד מוֹחֵל צוּ זֵיין
חַטָאִים, דַאמָאלְסְט זָאגְט עֶר צוּ דֶעם מִיט דִיא אָבְּגֶענוּמֶענֶע
7 גְלִידֶער: שְׁטֶעה אוֹיף נֶעם דֵיין בֶּעט אוּן גֶעה אַהֵיים. אוּן עֶר אִיז
8 אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן גֶעגַאנְגֶען אַהֵיים. אוּן וֶוען דָאס פָאלְק הָאט
דָאס גֶעזֶעהֶן הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט אוּן גֶעלוֹיבְּט גָאטְט, וָואס
9 עֶר הָאט אַזוֹי אֵיין מַאכְט גֶעגֶעבֶּען צוּ מֶענְשֶׁען. וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז פָאן
דָארְט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר דֶערְזֶעהֶן אֵיין מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶער
אִיז גֶעזֶעסֶען דָארְט וואוּ מֶען נֶעמְט אָבּ מֶכֶס, זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען
מַתַּי, אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: גֶעה מִיר נָאךְ, אוּן עֶר אִיז
10 אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז אִיהם נָאכְגֶעגַאנְגֶען. אוּן עֶס הָאט זִיךְ
גֶעמַאכְט, וֶוען עֶר אִיז אִין אֵיין הוֹיז בֵּיים טִישׁ גֶעזֶעסֶען, זֶענֶען פִיל
מוֹכְסִים (צָאלְנֶעמֶער) אוּן זִינְדֶער גֶעקוּמֶען אוּן גֶעזֶעצְט זִיךְ צוּם
11 טִישׁ מִיט יֵשׁוּעַ'ן אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים. וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען
דָאס גֶעזֶעהֶן, הָאבֶּען זֵיי גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים: וָוארוּם עֶסְט
12 אֵייעֶר רַבִּי מִיט מוֹכְסִים אוּן זִינְדֶער? וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט
הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט, גֶעזוּנְדֶע הָאבֶּען קֵיין נוֹיט נִיט אִין אֵיין רוֹפֵא,
13 נוּר קְרַאנְקֶע. גֶעהט אוּן לֶערֶענְט וָואס אִיז דִיא מֵיינוּנְג: „חֶסֶד וִויל
אִיךְ, אָבֶּער נִיט אֵיין קָרְבָּן“, דֶען אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען רוּפֶען דִיא
14 צַדִיקִים צוּ תְּשׁוּבָה, נוּר זִינְדֶער. דַאמָאלְסְט זֵיינֶען דִיא תַּלְמִידִים
פָאן יוֹחָנָן צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָוארוּם מִיר אוּן
דִיא פְּרוּשִׁים פַאסְטֶען פִיל אוּן דֵיינֶע תַּלְמִידִים פַאסְטֶען גָארְנִיט?
15 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: קֶענֶען דֶען אוּנְטֶערְפִיהְרֶער טְרוֹיעֶרֶען,
וֶוען דֶער חָתָן אִיז נָאךְ מִיט זֵיי, אָבֶּער עֶס קוּמֶען אַזֶעלְכֶע טֶעג,
וֶוען דֶער חָתָן וֶועט אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען פָאן זֵיי, אוּן דַאמָאלְסְט
16 וֶועלֶען זֵיי פַאסְטֶען. קֵיינֶער לַאטֶעט נִיט אֵיין אַלְטֶעס קְלֵייד מִיט
אֵיין נִיט גֶעוַואלְקֶעוֶועטֶע שְׁטִיקֶעל צֵייג, דֶען דִיא אַרֵיינְגֶעשְׁטֶעלְטֶע
17 רֵייסְט זִיךְ פָאן קְלֵייד אָבּ, אוּן עֶס וֶוערְט אֵיין עֶרְגֶערֶער רִיס. אוֹיךְ
גִיסְט מֶען נִיט נֵייעֶן וֵויין אִין אַלְטֶע לָאגְלֶען, וָאנְסְט צוּ רֵייסֶען דִיא
לָאגְלֶען, אוּן דֶער וֵויין רִינְט אוֹיס, אוּן דִיא לָאגְלֶען וֶוערֶען
פַארְדָארְבֶּען, נוּר נֵייעֶן וֵויין גִיסְט מֶען אִין נֵייעֶ לָאגְלֶען, אַזוֹי

18 הַאלְטֶען זִיךְ בֵּיידֶע. וָוען עֶר הָאט דִיזֶעס מִיט זֵיי גֶערֶעט, אִיז
צוּ אִיהם צוּגֶעקוּמֶען אֵיין עֶלְסְטֶער אוּן הָאט זִיךְ צוּ אִהים גֶעבּוּקְט
אוּן גֶעזָאגְט: מֵיין טָאכְטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען יֶעצְט, נוּר קוּם לֵייג
19 אוֹיף אִיהר אַרוֹיף דֵיין הַאנְד, וֶועט זִיא לֶעבֶּען. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט
זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ אִיהם אוּן אוֹיךְ זֵיינֶע
20 תַּלְמִידִים. אוּן, נוּן, אֵיין פְרוֹי וָואס הָאט צְוֶועלְף יָאהר גֶעלִיטֶען
פָאן בְּלוּטְרִינֶען, אִיז צוּגֶעקוּמֶען פָאן הִינְטֶען, אוּן הָאט אָנְגֶערִירְט
21 דֶעם פְרַאנְז פָאן זֵיין קְלֵייד. דֶען זִיא הָאט בֵּיי זִיךְ גֶעדַאכְט, וֶוען
אִיךְ רִיהר אָן אֲפִילוּ נוּר זֵיין קְלֵייד, וֶועל אִיךְ שׁוֹין גֶעזוּנְד וֶוערֶען.
22 יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּן הָאט זִיא דֶערְזֶעהן אוּן גֶעזָאגְט,
זֵיי גֶעטְרוֹיסְט טָאכְטֶער, דֵיין אֱמוּנָה הָאט דִיךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען.
23 פָאן דֶער שְׁטוּנְדֶע אָן אִיז דִיא פְרוֹי גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען. אוּן וֶוען
יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען צוּם עֶלְסְטֶענְס הוֹיז אוּן הָאט גֶעזֶעהן דִיא
24 פֵייפֶערְס אוּן דָאס לַארֶעם פָאן דֶעם פָאלְק, הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט:
טְרֶעט אָבּ, דֶען דָאס מֵיידֶעל אִיז נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען, זִיא שְׁלָאפְט.
25 אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם אוֹיסְגֶעלַאכְט. וֶוען מֶען הָאט דָאס פָאלְק
אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אִיז עֶר אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט זִיא גֶענוּמֶען בֵּיי
26 דֶער הַאנְד, אוּן דָאס מֵיידֶעל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען. פָאן דֶער מַעֲשֶׂה
27 הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד. וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז פָאן
דָארְט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען צְווֵיי בְּלִינְדֶע
אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען: עֶרְבַּארֶעמֶע דִיךְ אִיבֶּער אוּנְז, יֵשׁוּעַ בֶּן דָוִד!
28 וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין הוֹיז אַרֵיין זֶענֶען דִיא בְּלִינְדֶע צוּ אִיהם
צוּגֶעטְרֶעטֶען, אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: גְלוֹיבְּט אִיהר דָאס אִיךְ
קָאן אַזֶעלְכֶעס טָאן, זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט יַא, אוּנְזֶער הֶערְר!
29 דַאמָאלְסְט הָאט עֶר אָנְגֶערִירְט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּן גֶעזָאגְט: אַזוֹי
30 ווִיא אֵייעֶר אֱמוּנָה, אַזוֹי וֶועט אֵייךְ גֶעשֶׁעהֶען. אוּן זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען
זֵיינֶען אָפֶען גֶעוָוארֶען. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי פֶערְבָּאטֶען, אוּן גֶעזָאגְט:
31 זֶעהט אַז קֵיינֶער זָאל דֶערְפָאן נִיט ווִיסֶען. אוּן זֵיי זֵיינֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען אִיהם בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט אִין גַאנְצֶען
32 לַאנְד. אוּן וֶוען יֶענֶע זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט מֶען
צוּ אִיהם גֶעבְּרַאכְט אֵיין מַאן וָואס אִיז גֶעוֶוען שְׁטוּם אוּן גֶעהַאט
33 אֵיין שֵׁד. אוּן וֶוען דֶער שֵׁד אִיז אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, הָאט

דֶער שְׁטוּמֶער אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ רֶעדֶען, אוּן דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ
גֶעוואוּנְדֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אַזֶעלְכֶעס אִיז קֵיין מָאן אִין יִשְׂרָאֵל נִיט
34 גֶעוֶוען. אוּן דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעזָאגְט: עֶר טְרֵייבְּט אַרוֹיס
35 שֵׁדִים מִיט דֶעם כֹּחַ פָאן דֶעם שַׂר פָאן שָׂטָן. אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אַרוּם
גֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע שְׁטֶעדְט אוּן דֶערְפֶער, גֶעלֶערֶענְט אִין דִיא
שוּלֶען, גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פָאן דֶעם מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם,
אוּן גֶעהֵיילְט אַלֶערְלֵיי קְרַאנְקְהֵייט אוּן וֵוייטָאק אוּנְטֶער מֶענְשֶׁען.
36 וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס פָאלְק, הָאט עֶר רַחֲמָנוּת בַּאקוּמֶען
אוֹיף זֵיי, וֵויל זֵיי זֶענֶען זֶעהר פֶערְשְׁמַאכְט אוּן פֶערְשְׁפְּרֵייט
37 גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי וִויא שָׁאף וָואס הָאבֶּען קֵיין הִירְט נִיט. דַאמָאלְסְט
הָאט עֶר זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט: דִיא תְּבוּאָה־שְׁנִיט אִיז זֶעהר
38 פִיל, אַרְבֵּייטֶער אָבֶּער זֶענֶען וֵוייניג. דֶערִיבֶּער בֶּעט דֶעם הֶערְן
פָאן דֶער תְּבוּאָה־שְׁנִיט, דָאס עֶר זָאל אַרוֹיס שִׁיקֶען אַרְבֵּייטֶער
זֵיין תְּבוּאָה צוּ שְׁנֵיידֶען.

י אוּן עֶר הָאט צוּ גֶערוּפֶען זֵיינֶע צְוֶועלְף תַּלְמִידִים, אוּן הָאט
זֵיי גֶעגֶעבֶּען דִיא מַאכְט אִיבֶּער דִיא אוּמְרֵיינֶע רוּחוֹת, זֵיי צוּ
2 פֶערְטְרֵייבֶּען, אוּן צוּ הֵיילֶען אַלֶערְלֵיי קְרַאנְקְהֵייט אוּן אַלֶערְלֵיי
וֵוייטָאק. דִיא נֶעמֶען פָאן דִיא צְוֶועלְף שְׁלוּחִים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
דִיזֶע: דֶער עֶרְשְׁטֶער שִׁמְעוֹן, וֶועלְכֶער אִיז גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען
פֶּטֶר אוּן אַנְדְרַי זֵיין בְּרוּדֶער, יַעֲקֹב בֶּן זַבְדַי אוּן יוֹחָנָן זֵיין בְּרוּדֶער.
3 פִילִיפּוֹס אוּן בַּר תַּלְמַי, תּוֹמָא אוּן מַתַּי דֶער מוֹכֵס, יַעֲקֹב בֶּן־
4 חַלְפַי, אוּן לַבַּי, וֶועלְכֶען מֶען הָאט גֶערוּפֶען תַּדַי. שִׁמְעוֹן הַקַּנָּאִי
אוּן יְהוּדָה אִישׁ קְרִיּוֹת, וֶועלְכֶער הָאט אִיהם אוֹיךְ גֶעמַסֶר'ט.
5 דִיזֶע צְוֶועלְף הָאט יֵשׁוּעַ גֶעשִׁיקְט אוּן הָאט זֵיי גֶעבָּאטֶען אוּן
גֶעזָאגְט: אוֹיף דֶעם וֶועג צוּ דִיא גוֹיִם גֶעהט נִיט, אוּן אִין אֵיין
6 שְׁטָאדְט פָאן דִיא שֹׁמְרוֹנִים זָאלְט אִיהר נִיט אַרֵיין גֶעהְן. נוּר גֶעהט
7 צוּ דִיא פֶערְלָארֶענֶע שָׁאף פָאן דִיא יִשְׂרָאֵל. וֶוען אִיהר וֶועט
8 גֶעהן פְּרֶעדִיגְט, דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶענְט. הֵיילְט
קְרַאנְקֶע, רֵיינִיגְט קְרֶעצִיגֶע, זֵייט מְחַיֶּה מֵתִים, טְרֵייבְּט אַרוֹיס
רוּחוֹת, אוּמְזִיסְט הָאט אִיהר עֶס מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען אוּן אוּמְזִיסְט גִיט
9 עֶס. נֶעמְט נִיט מִיט נִיט קֵיין גָאלְד, נִיט קֵיין זִילְבֶּער, נִיט קֵיין
10 קוּפְּפֶער, אִין אֵייעֶרֶע בֵּיי גַארְטְלֶען. אוֹיךְ נִיט קֵיין רֵייזֶע־טַאשֶׁען

אוֹיף דֶעם וֶועג, נִיט קֵיין צְוֵויי קְלֵיידֶער, נִיט קֵיין שִׁיךְ, נִיט קֵיין
11 שְׁטֶעקֶען, דֶען דֶער אַרְבֵּייטֶער אִיז וֶוערְט זֵיין שְׁפֵּייז. אוּן אִין
וֶועלְכֶער שְׁטָאדְט אוּן דָארְף אִיהר וֶועט קוּמֶען, וֶוערְט גֶעוָואר,
וָוער עֶס הָאט דָארְט אֵיין וֶוערְט דָארְט שְׁטֶעהט אֵיין, בִּיז אִיהר
12 וֶועט אַרוֹיסְגֶעהְן. אוּן וֶוען אִיהר וֶועט אַרֵיין קוּמֶען אִין אֵיין הוֹיז
13 גֶערִיסְט עֶס. וֶוען דָאס הוֹיז אִיז עֶס וֶוערְט, וֶועט אִיבֶּער דָאס
וֶועלְבֶּע קוּמֶען אֵייעֶר שָׁלוֹם, וֶוען עֶס אִיז נִיט וֶוערְט וֶועט אֵייעֶר
14 שָׁלוֹם צוּ אַייךְ זִיךְ אוּמְקֶערֶען. אוּן וָוער עֶס וֶועט אַייךְ נִיט מְקַבֵּל
זַיין, אוּן וֶועט אֵייעֶרֶע וֶוערְטֶער נִיט הֶערֶען, אַזוֹי וֶוען אִיהר וֶועט
אַרוֹיסְגֶעהְן פָאן דֶעם הוֹיז, אָדֶער פָאן דֶער שְׁטָאדְט זָאלְט אִיהר
15 אָבְּשָׁאקְלֶען דֶעם שְׁטוֹיבּ פָאן אֵייעֶרֶע פִּיס. בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אַייךְ,
עֶס וֶועט לַייכְטֶער זַיין אִין דֶעם יוֹם הַדִין דֶעם לַאנְד סְדוֹם אוּן
16 עֲמוֹרָה, וִויא דֶער שְׁטָאדְט. זֶעט אִיךְ שִׁיק אַייךְ וִויא שָׁאף צְווִישֶׁען
וֶועלְף, דַארִיבֶּער זַייט קְלוּג וִויא דִיא שְׁלַאנְגֶען אוּן אוּנְשׁוּלְדִיג
17 (אָן פַאלְשְׁקֵייט) וִויא דִיא טוֹיבֶּען. הִיט אַייךְ פַאר מֶענְשֶׁען, דֶען
זַיי וֶועלֶען אַייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּן וֶועלֶען אַייךְ
18 שְׁמֵייסֶען אִין זֵייעֶרֶע שׁוּלֶען. אוּן מֶען וֶועט אַייךְ פִירֶען צוּ מוֹשְׁלִים
אוּן מְלָכִים פָאן מֵיינֶעטְוֶועגֶען פַאר אֵיין עֵדוּת פַאר זֵיי אוּן פַאר
19 דִיא פֶעלְקֶער. וֶוען זֵיי וֶועלֶען אַייךְ פָארְפִירֶען, זָארְגְט נִיט,
וִויא אוּן וָואס צוּ רֵיידֶען דֶען אִין דֶער שָׁעָה וֶועט אַייךְ גֶעגֶעבֶּען
20 וֶוערֶען וָואס צוּ רֶעדֶען. דֶען נִיט אִיהר וֶועט רֵיידֶען, נוּר דֶער
21 רוּחַ פָאן אֵייעֶר פָאטֶער וֶועט רֵיידֶען דוּרְךְ אַייךְ. אֵיין בְּרוּדֶער
וֶועט דֶעם אַנְדֶערֶען אָבְּגֶעבֶּען צוּ טוֹיטֶען אוּן אֵיין פָאטֶער דֶעם
זָאהְן, אוּן קִינְדֶער וֶועלֶען אוֹיף שְׁטֶעהְן אַנְטְקֶעגֶען זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען
22 אוּן וֶועלֶען זַיי צוּם טוֹיטֶען בְּרֵיינְגֶען. אוּן אִיהר וֶועט גֶעהַאסְט
זַיין פָאן אַלֶעמֶען פָאן מֵיין נָאמֶען וֶועגֶען, וָוער עֶס וֶועט אוֹיסְהַאלְטֶען
23 בִּיז צוּם עֶנְדֶע וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. וֶוען מֶען וֶועט אַייךְ רוֹדֵף'ן
אִין אֵיין שְׁטָאדְט, אַנְטְלֵייפְט אִין אֵיין אַנְדֶערֶע, דֶען, בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ אַייךְ, אִיהר וֶועט נָאךְ נִיט הָאבֶּען אוֹיסְגֶעוֶועזֶען אַלֶע שְׁטֶעדְט
24 פָאן יִשְׂרָאֵל, בִּיז דֶער בֶּן אָדָם וֶועט קוּמֶען. דֶער תַּלְמִיד אִיז
נִיט גְרֶעסֶער פָאן זַיין רַבִּי, אוּן אֵיין קְנֶעכְט אִיז נִיט גְרֶעסֶער פָאן
25 זַיין הֶערְן. עֶס אִיז גֶענוּג פַאר דֶעם תַּלְמִיד, עֶר זָאל זַיין וִויא

זֵיין רַבִּי, אוּן פַאר דֶעם קְנֶעכְט עֶר זָאל זֵיין וִויא זֵיין הֶערְר, ווֶען
מֶען הָאט דֶעם בַּעַל הַבַּיִת גֶערוּפֶען בַּעַל־זְבוּב ווֶעט דָאס זֶעלְבִּיגֶע
נִיט זֵיין מִיט זֵיינֶע הוֹיזְלֵייטֶע? דֶערִיבֶּער, פִירְכְטֶעט אַייךְ נִיט פַאר 26
זֵיי, דֶען עֶס אִיז נִיסְט דָא פַארְבָּארְגֶענֶעס ווֶעלְכֶע עֶס זָאל נִיט
אַנְטְפְּלֶעקְט ווֶערֶען, אוּן וָואס עֶס אִיז פַארְבָּארְגֶען, דָאס מֶען זָאל
דֶערְפָאן נִיט גֶעוָואר ווֶערֶען. וָואס אִיךְ זָאג אַייךְ אִין דֶער 27
פִינְסְטֶערְנֶעס, רֶעדֶעט עֶס אוֹיס אִין דֶער לִיכְטִיגְקֵייט, וָואס אִיהר
הֶערְט אוֹיף דֶעם אוֹיעֶר, זָאגְט אָן אוֹיף דִיא דֶעכֶער. אוּן פִירְכְטֶעט 28
אַייךְ נִיט פַאר דִיא ווֶעלְכֶע טוֹיטֶען דֶען גוּף, אוּן קֶענֶען אָבֶּער
נִיט טוֹיטֶען דִיא נְשָׁמָה, נוּר פִירְכְטֶעט אַייךְ בֶּעסֶער פַאר דֶעם,
ווֶעלְכֶער קָאן דִיא נְשָׁמָה אוּן דֶעם גוּף אוּמְבְּרֶענְגֶען אִין גֵיהִנָם.
פַארְקוֹיפֶען זִיךְ דֶען נִיט צְווֵיי פֵייגֶעלַאךְ פַאר אֵיין אִסָר (קְלֵיינֶע 29
מַטְבֵּעַ) אוּן דָאךְ נִיט אֵיינֶע פָאן זֵיי פַאלְט אַרָאבּ צוּ דֶער עֶרְד
אָן אַייעֶרֶען הִימֶעלְשֶׁען פָאטֶער. בֵּיי אַייךְ זֶענֶען אוֹיךְ אַלֶע הָאר 30
פָאן דֶעם קָאפְּף גֶעצֵיילְט. דֶערִיבֶּער פִירְכְטֶעט אַייךְ נִיט, אִיהר 31
זֶענְט מֶעהר פָאן פִיל פֵייגֶעלַאךְ. דֶערִיבֶּער יֶעדֶער ווֶער עֶס ווֶעט 32
מִיךְ בַּאקֶענֶען פַאר מֶענְשֶׁען, דֶעם ווֶעל אִיךְ אוֹיךְ בַּאקֶענֶען פַאר
מֵיין הִימֶעלְשֶׁען פָאטֶער. אוּן ווֶער עֶס ווֶעט זִיךְ אָבְּזָאגֶען פָאן 33
מִיר פַאר מֶענְשֶׁען, ווֶעל אִיךְ מִיךְ אוֹיךְ אָבְּזָאגֶען פָאן אִיהם פַאר
מֵיין הִימֶעלְשֶׁען פָאטֶער. דֶענְקְט נִיט דָאס אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען 34
בְּרֵיינְגֶען שָׁלוֹם אוֹיף דֶער עֶרְד, נִיט שָׁלוֹם בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען
צוּ בְּרֵיינְגֶען, נוּר אֵיין שְׁווֶערְד. דֶען אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ 35
פַאנַאנְדֶערְשֵׁיידֶען אֵיין מֶענְשֶׁען פָאן זֵיין פָאטֶער אוּן אֵיין טָאכְטֶער
פָאן אִיהר מוּטֶער. אוּן אֵיין שְׁנוּר פָאן אִיהר שְׁווִיגֶער, אוּן דֶעם 36
מֶענְשֶׁענְס שׂוֹנְאִים זֶענֶען זֵיינֶע הוֹיזְגֶעזִינְד. ווֶער עֶס לִיבְּט דֶעם 37
פָאטֶער אָדֶער דִיא מוּטֶער מֶעהר וִויא מִיךְ, דֶער אִיז מִיר נִיט
ווֶערְט, אוּן ווֶער עֶס לִיבְּט זֵיין זָאהן אָדֶער טָאכְטֶער מֶעהר וִויא
מִיךְ, דֶער אִיז מִיר נִיט ווֶערְט. אוּן ווֶער עֶס נֶעמְט נִיט זֵיין קְרֵייץ 38
(צְלַב) אוּן גֶעהט מִיר נָאךְ, דֶער אִיז מִיר נִיט ווֶערְט. דֶער וָואס 39
גֶעווִינְט זֵיין לֶעבֶּען דֶער פַארְלִירְט אִיהם, אוּן דֶער וָואס פַארְלִירְט
זֵיין לֶעבֶּען ווֶעגֶען מִיר, דֶער גֶעווִינְט אִיהם. ווֶער עֶס ווֶעט אַייךְ 40
אוֹיף נֶעמֶען, דֶער נֶעמְט מִיךְ אוֹיף, אוּן דֶער וָואס נֶעמְט מִיךְ אוֹיף,

41 דֶער נֶעמְט אוֹיף דֶעם, װֶעלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט. װֶער עֶס
נֶעמְט אוֹיף אֵיין נָבִיא אִין נָאמֶען פָאן אֵיין נָבִיא, דֶער װֶעט דֶעם
שְׂכַר פָאן אֵיין נָבִיא מְקַבֵּל זַיין, אוּן װֶער עֶס אִיז מְקַבֵּל אֵיין צַדִיק
אִין נָאמֶען פָאן אֵיין צַדִיק, דֶער װֶעט דֶעם שְׂכַר פָאן אֵיין צַדִיק
42 מְקַבֵּל זַיין. אוּן װֶער עֶס װֶעט גֶעבֶּען אֵיינֶעם פָאן דִיא קְלֵיינֶע
טְרִינְקֶען אֲפִילוּ אֵיין כּוֹס קַאלְטֶע װַאסֶער, אִין נָאמֶען פָאן אֵיין
תַּלְמִיד, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אַייךְ: װֶעט נִיט אָנְװֶערֶען זַיין שְׂכַר.
יא אוּן עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְדִיגְט זַיין גֶעבָּאט
צוּא זַיינֶע צְװֶועלְף תַּלְמִידִים, אִיז עֶר פָאן דָארְט אַװֶעק גֶעגַאנְגֶען
2 צוּא לֶערְנֶען אוּן פְּרֶעדִיגֶען אִין זֵייעֶרֶע שְׁטֶעדְט. װֶען יוֹחָנָן הָאט
גֶעהֶערְט אִין דֶער תְּפִיסָה דִיע מַעֲשִׂים פָאן דֶען מָשִׁיחַ, הָאט עֶר
3 גֶעשִׁיקְט צְװֵיי פָאן זַיינֶע תַּלְמִידִים. אִיהם צוּא זָאגֶען: בִּיסְט דוּא
דֶער, װֶעלְכֶער דַארְף קוּמֶען, אָדֶער מִיר זָאלֶען װַארְטֶען אוֹיף
4 אֵיין אַנְדֶערֶען? אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין תְּשׁוּבָה: גֶעהְט
5 דֶערְצֵיילְט יוֹחָנָן װָאס אִיהר הֶערְט אוּן זֶעהְט. בְּלִינְדֶע װֶערֶען
זֶעהֶענְדִיג, אוּן הִינְקֶעדִיגֶע גֶעהֶען, קְרֶעצִיגֶע װֶערֶען רֵיין, אוּן טוֹיבֶּע
הֶערֶען, מֵתִים װֶערֶען לֶעבֶּעדִיג, אוּן אָרְמֶען װֶערְט דִיא פְרֵיילִיכֶע
6 בְּשׂוֹרָה גֶעבְּרַאכְט. אוּן גְלִיקְלִיךְ אִיז דֶער װֶעלְכֶער װֶעט נִיט
7 גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט װֶערֶען אָן מִיר. װֶען זֵיי זֶענֶען אַװֶעק גֶעגַאנְגֶען,
הָאט יֵשׁוּעַ אָנְגֶעהֵייבֶּען רֵיידֶען צוּא דֶעם פָאלְק װֶעגֶען יוֹחָנָן, אוּן
הָאט גֶעזָאגְט: װָאס זַייט אִיהר אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען זֶעהֶען אִין דֶער
8 מִדְבָּר? אֵיין רָאהר װָאט שָׁאקֶעלְט זִיךְ פָאן דֶעם װִינְד? װָאס
דֶען זֶענְט אִיהר גֶעגַאנְגֶען זֶעהֶען, אֵיין מֶענְשֶׁען װֶעלְכֶער אִיז
גֶעקְלֵיידֶעט, אִין װֵייכֶע קְלֵיידֶער? דִיא װָאס טְרָאגֶען װֵייכֶע
9 קְלֵיידֶער דִיא זֶענֶען אִין דִיא קֶאנִיגְלִיכֶע הֵייזֶער. װָאס דֶען זֶענְט
אִיהר גֶעגַאנְגֶען זֶעהֶען? אֵיין נָבִיא? יַא! אִיךְ זָאג אַייךְ, נָאךְ מֶעהְרֶער
10 פָאן אֵיין נָבִיא. דֶען עֶר אִיז דֶער, אוֹיף װֶעלְכֶען עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען:
„נוּן, אִיךְ שִׁיק מֵיין מַלְאָךְ פַאר דִיר, װֶעלְכֶער װֶעט בְּרֵייטֶען דֵיין
11 װֶעג פַאר דִיר”. בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אַייךְ צְװִישֶׁען דִיא, װֶעלְכֶע זֶענֶען
פָאן אֵיין אִשָּׁה גֶעבָּארֶען, אִיז נָאךְ נִיט אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען אֵיין
גְרֶעסֶערֶער פָאן יוֹחָנָן הַמְטַבּוֹל: אָבֶּער דֶער קְלֶענְסְטֶער אִין
12 מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְרֶעסֶער פָאן אִיהם. פָאן יוֹחָנָן הַמְטַבּוֹלְ'ס

צַייט בִּיז יֶעצְט אִיז דָעם מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם גֶעשְׁטוּרְמְט גֶעוָוארֶען,
13 אוּן דִיא שְׁטוּרְמֶער רַייסֶען עֶס צוּא זִיךְ. דֶען אַלֶע נְבִיאִים אוּן
14 דִיא תּוֹרָה הָאבֶּען בִּיז יוֹחָנָן נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט. אוּן אוֹיבּ אִיהר ווִילְט
15 מְקַבֵּל זַיין, עֶר אִיז אֵלִיָּהוּ, וֶועלְכֶער דַארְף קוּמֶען. וֶוער עֶס הָאט
16 אוֹיעֶרֶען צוּא הֶערֶען לָאז הֶערֶען. אָבֶּער צוּא וֶועמֶען זָאל אִיךְ
צוּא גְלַייכִין דִיזֶען דוֹר? עֶר אִיז גְלַייךְ צוּא קִינְדֶער, וֶועלְכֶע זִיצֶען
17 אוֹיפֶען מַארְק אוּן רוּפֶען צוּא זַייעֶרֶע חֲבֵרִים. אוּן זָאגֶען: מִיר
הָאבֶּען אַייךְ גֶעפֵּייפְט אוּן אִיהר הָאט נִיט גֶעטַאנְצְט: מִיר הָאבֶּען
18 גֶעקְלָאגְט אוּן אִיהר הָאט נִיט גֶעיָאמֶערְט. דֶען יוֹחָנָן אִיז גֶעקוּמֶען,
עֶר עֶסְט נִיט, אוּן טְרִינְקְט נִיט, אוּן מֶען זָאגְט אֵיין שֵׁד אִיז אִין
19 אִיהם. דֶער בֶּן־אָדָם אִיז גֶעקוּמֶען, עֶר עֶסְט, אוּן טְרִינְקְט, אוּן
מֶען זָאגְט זֶעה, אֵיין מַאן, וֶועלְכֶער פְרֶעסְט, זוֹיפְט וַויין, אֵיין גוּטֶער
פְרֵיינְד פָאן מוֹכְסִים (צָאלְנֶעמֶער) אוּן זִינְדֶער: אוּן דִיא חָכְמָה אִיז
20 גֶערֶעכְט גֶעוָוארֶען פָאן אִיהרֶע קִינְדֶער. דַאמָאלְסְט הָאט
עֶר אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּא זִידְלֶען דִיא שְׁטֶעדְט, אִין וֶועלְכֶע דָאס רוֹב
פָאן זַיינֶע וואוּנְדֶער אִיז גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּן זַיי הָאבֶּען קֵיין
21 תְּשׁוּבָה נִיט גֶעטָאן. אוֹי! אִיז דִיר כּוֹרָזִין! אוֹי! אִיז דִיר בֵּית צַיְדָה!
דֶען וֶוען דִיא וואוּנְדֶער וֶועלְכֶע זֶענֶען אִין אַייךְ גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען,
זָאלֶען גֶעוֶועזֶען גֶעמַאכְט וֶוערֶען אִין צוֹר אוּן אִין צִדוֹן, אַזוֹי וָואלְטֶען
22 זַיי שׁוֹין לַאנְג גֶעוֶועזֶען תְּשׁוּבָה גֶעטָאן אִין זַאק מִיט אַשׁ. אָבֶּער אִיךְ
זָאג אַייךְ: אִין דֶעם טָאג פָאן דִין וֶועט פַאר צוֹר אוּן צִידוֹן גְרִינְגֶער
23 זַיין, ווִיא פַאר אַייךְ. אוּן דוּא כְּפַר־נַחוּם וָואס אִיז בִּיז אִיז הִימֶעל
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, בִּיז אִין גֵיהִנָּם וֶועסְט דוּא אַרָאבּ גֶעשְׁטוֹיסֶען וֶוערֶען,
דֶען וֶוען אִין סְדוֹם וָואלְט גֶעוֶועזֶען גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען דִיא וואוּנְדֶער,
וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען אִין דִיר, אַזוֹי וָואלְט עֶס גֶעבְּלִיבֶּען
24 שְׁטֶעהְן בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג. אָבֶּער אִיךְ זָאג אַייךְ: פַאר דֶעם לַאנְד
סְדוֹם וֶועט אִין דֶעם יוֹם הַדִּין גְרִינְגֶער זַיין, ווִיא פַאר דִיר.
25 דַאמָאלְסְט וֶוען עֶר הָאט גֶערֶעט, הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט: אִיךְ דַאנְק
דִיר מֵיין פָאטֶער, וֶועלְכֶער אִיז דֶער הֶערְר פָאן הִימֶעל אוּן עֶרְד,
וָואס דוּא הָאסְט דָאס פֶערְבָּארְגֶען פָאן דִיא קְלוּגֶע אוּן
פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע, אוּן הָאסְט דָאס מְגַלֶּה גֶעוֶועזֶען צוּא קְלֵיינֶע קִינְדֶער.
26 27 יַא, אָבִי, דֶען אַזוֹי אִיז דֵיין רָצוֹן גֶעוֶועזֶען. אַלְדִינְג אִיז מִיר

אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פָאן מֵיין פָאטֶער, אוּן קֵיינֶער קָאן נִיט דֶעם
זָאהן, חוּץ דֶער פָאטֶער; אוּן דֶעם פָאטֶער קֶען קֵיינֶער נִיט, חוּץ
28 דֶער זָאהן, אוּן דֶער, וֶועמֶען דֶער זָאהן ווִיל אַנְפְּלֶעקֶען. קוּמְט
צוּא מִיר אַלֶע וָואס זֵיינֶען מִיד, אוּן וָואס זֵיינֶען אוּנְטֶער אֵיין
29 שְׁוֶוערֶער מַשָׂא, אוּן אִיךְ וֶועל אֵייךְ דֶערְקְוִויקֶען. נֶעמְט אוֹיף
אֵייךְ מֵיין יָאךְ, אוּן לֶערֶענְט פָאן מִיר, דֶען אִיךְ הָאבּ אֵיין ווֵייכֶעם
גֶעמִיט אוּן בִּין פָאן הֶערְצֶען אֵיין עָנָו, אַזוֹי וֶועט אִיהר דֶערְקְוִויקוּנְג
30 פַאר אֵייעֶר זֶעלֶע גֶעפִינֶען. דֶען מֵיין יָאךְ אִיז אַנְגֶענֶעהם אוּן
מֵיין מַשָׂא אִיז גְרִינְג.

יב אִין דִיזֶער צֵייט אִיז יֵשׁוּעַ אוּם שַׁבָּת דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ
פַארְזֵייטֶע פֶעלְדֶער, אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען הוּנְגֶערִיג גֶעוֶוען,
אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָבּ צוּא רֵייסֶען זַאנְגֶען פָאן תְּבוּאָה אוּן
2 צוּא עֶסֶען. וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵיי
אִיהם גֶעזָאגְט: זֶעה דֵיינֶע תַּלְמִידִים טְהוּעֶן אַזֶעלְכֶעס וָואס עֶס אִיז
3 נִיט מוּתָּר צוּא טָאן אוּם שַׁבָּת. עֶר אָבֶּער הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: הָאט
אִיהר דֶען נִיט גֶעלֶעזֶען, וָואס דָוִד הָאט גֶעטָאן, וֶוען עֶר אַלֵיין אוּן
דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהם, זֶענֶען הוּנְגֶערִיג גֶעוָוארֶען?
4 ווִיא עֶר אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין גָאטֶעס הוֹיז אוּן הָאט גֶעגֶעסֶען
דֶעם לֶחֶם הַפָּנִים, וֶועלְכֶער אִיז נִיט מוּתָּר גֶעוֶוען צוּא עֶסֶען פַאר
אִיהם אוּן פַאר דִיא, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעוֶוען מִיט אִיהם, נוּר פַאר
5 דִיא כֹּהֲנִים אַלֵיין. אָדֶער הָאט אִיהר דֶען נִיט גֶעלֶעזֶען אִין דֶער
תּוֹרָה, דָאס אוּם שַׁבָּת הָאבֶּען דִיא כֹּהֲנִים אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ מְחַלֵּל
6 שַׁבָּת גֶעוֶועזֶען אוּן דָאךְ זֶענֶען זֵיי קֵיין זִינְדֶער נִיט גֶעוֶוען. אָבֶּער
אִיךְ זָאג אֵייךְ: דָאס דָא אִיז דֶער וֶועלְכֶער אִיז גְרֶעסֶער פָאן דֶעם
7 בֵּית הַמִּקְדָּשׁ. וֶוען אִיהר זָאלְט ווִיסֶען, וָואס אִיז דֶער זִינֶען פָאן
חֶסֶד ווִיל אִיךְ, אָבֶּער נִיט קֵיין זֶבַח אַזוֹי וָואלְט אִיהר נִיט גֶעמִשְׁפָּט
8 אוּנְשׁוּלְדִיגֶע. דֶען דֶער בֶּן־אָדָם אִיז אֵיין הֶערְר אוֹיךְ אִיבֶּער דֶעם
9 שַׁבָּת. אוּן וֶוען עֶר אִיז פָאן דָארְט אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אִיז עֶר
10 אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין זֵייעֶר שׁוּל. אוּן, נוּן, דָארְט אִיז גֶעוֶוען אֵיין
מַאן, וֶועלְכֶער הָאט גֶעהַאט אֵיין פֶערְדַארְטֶע הַאנְד, אוּן זֵיי
הָאבֶּען גֶעפְרֶעגְט יֵשׁוּעַ'ן כְּדֵי אִיהם אָנְצוּקְלָאגֶען, מֶעג מֶען הֵיילֶען
11 אוּם שַׁבָּת? עֶר אָבֶּער הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וֶועלְכֶער מֶענְשׁ פָאן

אַייך װֶוען עֶר הָאט אֵיין שָׁאף אוּן זִיא פַאלְט אַרַיין אִין אֵיין גְרוּבּ
12 אוּם שַׁבָּת, נֶעמְט זִיא נִיט אוּן שְׁלֶעפְּט זִיא נִיט אַרוֹיס? װִיא פִיל
מֶעהר װָערְט אִיז דֶער מֶענְשׁ פָאן אֵיין שָׁאף! דֶערִיבֶּער אִיז מוּתָּר
13 צוּא טָאן גוּטֶעס אוּם שַׁבָּת. דַאמָאלְסְט זָאגְט עֶר צוּא דֶעם
מֶענְשָׁען: שְׁטְרֶעק אוֹיס דַיין הַאנְד, אוּן עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט,
14 אוּן זִיא אִיז גֶעזוּנְד גֶעװָארֶען װִיא דִיא אַנְדֶערֶע. װֶוען דִיא פְּרוּשִׁים
זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען זֵיי אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען גֶעגֶען אִיהם,
װִיא מֶען זָאל אִיהם אוּמְבְּרֶענְגֶען, נוּר יֵשׁוּעַ אִיז דֶער פָאן גֶעװָואר
15 גֶעװָארֶען, אִיז עֶר פָאן דָארְט אַװֶעק גֶעגַאנְגֶען. אוּן פִיל פָאלְק
16 זֶענֶען אִיהם נָאך גֶעגַאנְגֶען, אוּן עֶר הָאט אַלֶעמֶען גֶעהֵיילְט. אוּן
17 הָאט זֵיי פֶערְבָּאטֶען אִיהם בֶּעקַאנְט צוּא מַאכֶען. כְּדֵי עֶס זָאל
זִיך דֶערְפִילֶען דָאס, װָאס אִיז גֶעזָאגְט גֶעװָארֶען דוּרְך דֶעם נָבִיא
18 יְשַׁעְיָה, װֶועלְכֶער זָאגְט: דִיזֶער אִיז מֵיין קְנֶעכְט, װֶועלְכֶעם אִיך
הָאבּ אוֹיסְדֶערְװֵויילְט, מֵיין גֶעלִיבְּטֶער, װֶועלְכֶער גֶעפֶעלְט מֵיין
זֶעלֶע, אִיך װֶועל לֵייגֶען מֵיין גֵייסְט אוֹיף אִיהם, אוּן עֶר װֶועט דִיא
19 פֶעלְקֶער מִשְׁפָּט אָנְזָאגֶען. עֶר װֶועט נִיט קְרִיגֶען זִיך, אָדֶער עֶר
װֶועט נִיט אוֹיף הוֹיבֶּען, אוּן עֶס װֶועט זִיך נִיט הֶערֶען זֵיין קוֹל
20 אוֹיפֶען גַאס. אֵיין צְעֶרְבְּרָאכֶענֶעם רָאהר װֶועט עֶר נִיט אִיבֶּערְבְּרֶעכֶען
אוּן אֵיין קְלֵייעֶנְדִיגֶען קְנוֹיט, װֶועט עֶר נִיט פַארְלֶעשֶׁען, בִּיז עֶר
21 װֶועט אַרוֹיס בְּרֶענְגֶען דֶעם מִשְׁפָּט צוּם נִצָּחוֹן. אוּן אִין זֵיין נָאמֶען
22 װֶועלֶען פֶעלְקֶער הָאפֶען. דַאמָאלְסְט הָאט מֶען צוּא אִיהם
גֶעבְּרַאכְט אֵיין בְּלִינְדֶען אוּן אֵיין שְׁטוּמֶען װָאס אִין אִיהם אִיז גֶעװֶוען
אֵיין שֵׁד, אוּן עֶר הָאט אִיהם אוֹיס גֶעהֵיילְט, אַזוֹי דָאס דֶער בְּלִינְדֶער
23 אוּן שְׁטוּמֶער הָאט אָן גֶעהוֹיבֶּען צוּא רֶעדֶען אוּן זֶעהֶען. אוּן דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק הָאט זִיך גֶעװוּאוּנְדֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיז דָאס נִיט
24 דֶער בֶּן־דָוִד? װֶוען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען
זֵיי גֶעזָאגְט: עֶר טְרַייבְּט אַרוֹיס שֵׁדִים, נִיט אַנְדֶערְשׁ, נָאר דוּרְך
25 דֶעם בַּעַל־זְבוּב, דֶעם שַׂר פָאן דִיא שֵׁדִים. נוּר יֵשׁוּעַ, װָאס הָאט
גֶעװוּאוּסְט זֵייעֶרֶע מַחְשָׁבוֹת, הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: יֶעדֶע מְלוּכָה, װָאס
זִיא אִיז מִיט זִיך אַלֵיין נִיט אֵיינִיג, גֶעהט זִיא אוּנְטֶער, אוּן יֶעדֶער
שְׁטָאדְט אָדֶער הוֹיז װָאס אִיז נִיט אֵיינִיג הָאט נִיט קֵיין קִיוּם.
26 װֶוען נוּן דֶער שָׂטָן דֶעם שָׂטָן טְרֵייבְּט אַרוֹיס, אַזוֹי אִיז עֶר מִיט

זִיךְ אַלֵיין נִיט אֵיינִיג, וְוִיא אַזוֹי זָאל דַאמָאלְסְט זַיין מְלוּכָה
27 בֶּעשְׁטֶעהֶען? אוּן אוֹיבּ אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס שֵׁדִים מִיט דֶעם בַּעַל־
זְבוּב מִיט וֶועמֶען דֶען טְרֵייבֶּען אֵייעֶרֶע לֵייט אַרוֹיס? דֶערִיבֶּער
28 וֶועלֶען זֵיי אֵייעֶרֶע שׁוֹפְטִים זַיין. אוּן וֶוען אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס שֵׁדִים
מִיט גָאטְטֶעס גֵייסְט, אַזוֹי אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פָאן גָאטְט צוּא
29 אֵייךְ גֶעקוּמֶען. אָדֶער וִויא קֶען אֵיינֶער אִין גִבּוֹרִ׳ס הוֹיז זִיךְ
אַרֵיינְבְּרֶעכֶען אוּן אִיהם זַיינֶע וֶוערְקְצֵייג רוֹיבֶּען, אוֹיסֶער וֶוען עֶר
צוּא עֶרשְׁט דֶעם גִבּוֹר בִּינְדֶעט? דַאמָאלְסְט קֶען עֶר דָאס הוֹיז
30 בֶּערוֹיבֶּען. דֶער וֶוער עֶס אִיז נִיט מִיט מִיר, דֶער אִיז גֶעגֶען מִיר, אוּן
31 וֶוער עֶס זַאמֶעלְט נִיט מִ ט מִיר, דֶער צוּא שְׁפְּרֵייט. דֶערִיבֶּער זָאג
אִיךְ אֵייךְ: יֶעדֶער זִינְדֶע אוּן לֶעסְטֶערוּנְג וֶועט פַארְגֶעבֶּען וֶוערֶען דֶעם
מֶענְשֶׁען, אָבֶּער וֶוער עֶס לֶעסְטֶערְט דֶעם רוּחַ וֶוערְט נִיט פַארְגֶעבֶּען
32 וֶוערֶען דֶעם מֶענְשֶׁען. אוֹיבּ אֵיינֶער זָאגְט אֵיין וָוארְט גֶעגֶען דֶעם בֶּן־
אָדָם, וֶועט אִיהם פַארְגֶעבֶּען וֶוערֶען, נָאר אוֹיבּ אֵיינֶער זָאגְט גֶעגֶען
דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, דֶעם וֶועט נִיט פַארְגֶעבֶּען וֶוערֶען, נִיט בָּעוֹלָם הַזֶה
33 נִיט לָעוֹלָם הַבָּא. אָדֶער מַאכְט דֶעם בּוֹים גוּט, אוּן זַיינֶע פֵּירוֹת
גוּט, אָדֶער מַאכְט דֶעם בּוֹים, שְׁלֶעכְט אוּן דִיא פֵּירוֹת זַיינֶע שְׁלֶעכְט,
34 דֶען אֵיין בּוֹים דֶער קָאנְט מֶען אָן דִיא פֵּירוֹת. שְׁלַאנְגֶען קִינְדֶער!
וִויא קָאנְט אִיהר רֵיידֶען גוּטֶעס וֶוען אִיהר זֶענְט שְׁלֶעכְט, דֶען פָאן
דֶעם וָואס דָאס הַאֶרְץ אִיז פוּל דֶער פָאן רֵיידֶען דִיא לִיפְּפֶען.
35 אֵיין גוּטֶער מֶענְשׁ בְּרֵיינְגְט אַרוֹיס גוּטֶעס פָאן אֵיין גוּטֶען אוֹצָר,
אָבֶּער אֵיין שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ בְּרֵיינְגְט אַרוֹיס שְׁלֶעכְטֶס פָאן אֵיין
36 שְׁלֶעכְטֶען אוֹצָר. אוּן אִיךְ זָאג אֵייךְ: דָאס פַאר יֶעדֶער אוּנְנוּצִיגֶעס
וָוארְט וָואס מֶענְשֶׁען רֶעדֶען, וֶועלֶען זֵיי חֶשְׁבּוֹן גֶעבֶּען אִין דֶעם יוֹם
37 הַדִין. דֶען פָאן דֵיינֶע דִבּוּרִים וֶועסְט דוּא דִיךְ גֶערֶעכְט מַאכֶען,
אוּן פָאן דֵיינֶע דִבּוּרִים וֶועסְט דוּא אָבּ גֶעמִשְׁפָּט וֶוערֶען.
38 דַאמָאלְסְט הָאבֶּען אֵיינִיגֶע פָאן דִיא סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים גֶעזָאגְט:
39 רַבִּי! מִיר ווִינְשֶׁען צוּא זֶעהֶען פָאן דִיר אֵיין צֵייכֶען. נוּר עֶר הָאט
זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּן גֶעזָאגְט: אֵיין בֶּעזֶער דוֹר אוּן אֵיין מְנַאֵף׳דִיגֶער
זוּכְט אֵיין צֵייכֶען, אוּן קֵיין צֵייכֶען וֶועט אִיהם נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען,
40 נוּר יוֹנָה הַנָבִיא׳ס צֵייכֶען. דֶען אַזוֹי וְוִיא יוֹנָה אִיז גֶעוֶוען אִין בּוֹיךְ
פָאן דֶעם פִישׁ דְרֵיי טֶעג אוּן דְרֵיי נֶעכְט, אַזוֹי, אוֹיךְ וֶועט דֶער

בֶּן־אָדָם זַיין אִין דֶער עֶרְדֶם הַארְץ דְרַייא טֶעג אוּן דְרַייא נֶעכְט.
41 דִיא לַייט פָאן נִנְוֵה וֶועלֶען שְׁטֶעהֶען פַאר דֶעם מִשְׁפָּט מִיט דֶעם
דוֹר, אוּן זַיי וֶועלֶען אִיהם שׁוּלְדִיג מַאכֶען דֶען זַיי הָאבֶּען פָאן
יוֹנָה'ס פְּרֶעדִיג תְּשׁוּבָה גֶעטָאן, אוּן זֶעה, דָא אִיז אַיין גְרֶעסֶערֶער
פָאן יוֹנָה'ן. 42 דִיא מַלְכָּה פָאן תֵּימָן וֶועט שְׁטֶעהן פַאר דֶעם מִשְׁפָּט
מִיט דֶעם דוֹר, אוּן וֶועט אִיהם שׁוּלְדִיג מַאכֶען, דֶען זִיא אִיז
גֶעקוּמֶען פָאן דֶער עֶק וֶועלְט הֶערֶען דִיא חָכְמָה פָאן שְׁלֹמֹה'ן אוּן,
43 זֶעה, דָא אִיז אַיין גְרֶעסֶערֶער פָאן שְׁלֹמֹה'ן. וְוען אַיין רוּחַ טָמֵא
גֵייט אַרוֹים פָאן אַיין מֶענְשֶׁען, אַזוֹי גֵייט עֶר אַרוּם אִין דִיא וִויסְטֶע
44 עֶרְטֶער, זוּכְט אַיין מְנוּחָה אוּן גֶעפִינְט נִיט. דַאמָאלְסְט זָאגְט עֶר,
אִיך וֶועל מִיר צוּרִיק גֶעהֶען אִין מַיין הוֹיז, פָאן וַואנֶען, אִיך בִּין
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן בְּעֵת עֶר קוּמְט גֶעפִינְט עֶר עֶס נָאךְ לֵיידִיג אוֹיס
45 גֶעקֶעהְרְט אוּן צוּא גֶעפּוּצְט. דַאמָאלְסְט גֵייט עֶר אוּן נֶעמְט מִיט
זִיךְ אַנְדֶערֶע זִיבֶּען רוּחוֹת, נָאךְ שְׁלֶעכְטֶערֶע פָאן אִיהם, אוּן קוּמְט
אוּן וַוייְנְט דָארְט, אוּן דָאס לֶעצְטֶע וֶוערְט פַאר דֶעם מֶענְשֶׁען
עֶרְגֶער, וִויא דָאס עֶרְשְׁטֶע, אַזוֹי וֶועט דָאס זַיין מִיט דֶעם שְׁלֶעכְטֶען
46 דוֹר. בְּעֵת עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט צוּא דֶעם פָאלְק, אִיז זַיין
מוּטֶער מִיט זַיינֶע בְּרִידֶער גֶעשְׁטַאנֶען אִין דְרוֹיסֶען, אוּן הָאבֶּען
47 מִיט אִיהם גֶעוָואלְט רֵיידֶען. אוּן אַיינֶער הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: זֶעה
דַיין מוּטֶער אוּן דַיינֶע בְּרִידֶער שְׁטֶעהֶען אִין דְרוֹיסֶען אוּן וִוילֶען
48 מִיט דִיר רֵיידֶען. עֶר אָבֶּער הָאט גֶעזָאגְט אַיין עֶנְטְפֶער צוּא דֶעם
וָואס הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: וֶוער אִיז מַיין מוּטֶער? אוּן וֶוער זַיינֶען
49 מַיינֶע בְּרִידֶער? אוּן הָאט מִיט זַיין הַאנְד גֶעוִויזֶען אוֹיף זַיינֶע
תַּלְמִידִים אוּן גֶעזָאגְט: דָא אִיז מַיין מוּטֶער אוּן מַיינֶע בְּרִידֶער.
50 דֶען וֶוער עֶס וֶועט טָאן דֶעם רָצוֹן פָאן מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל
דֶער אִיז מִיר אַיין בְּרוּדֶער אוּן אַיין שְׁוֶועסְטֶער אוּן אַיין מוּטֶער.
יג אִין דִיזֶען טָאג אִיז יֵשׁוּעַ אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם הוֹיז, אוּן
2 הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט בַּיים יַם. אוּן פִיל פָאלְק הָאט זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט
צוּא אִיהם, אַזוֹי דָאס עֶר אִיז אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִין אַיין שִׁיף אוּן הָאט
זִיךְ דָארְט גֶעזֶעצְט, אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בַּיים
3 בָּארְטֶען. אוּן עֶר הָאט צוּא פִיל גֶערֶעדֶעט דוּרְךְ מְשָׁלִים, אוּן
4 הָאט גֶעזָאגְט: נוּן אַיין זַייעֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען זַייעֶן. אוּן וְוען

עֶר הָאט גֶעזֵייט אַזוֹי זַיינֶען אֵיינִיגֶע זְרִיעָה גֶעפַאלֶען בַּיים וֶועג, אוּן
5 פֶעגְלֶען זֶענֶען צוּא גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען זַיי אוֹיף גֶעפִּיקְט. אַנְדֶערֶע
זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף שְׁטֵיינֶערְדִיגֶע עֶרְד, וואוּ עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען
קֵיין סַך עֶרְד, אוּן זַיי הָאבֶּען גִיך אוֹיף גֶעסְפְּרָאצְט, וַוייל דִיא עֶרְד
6 אִיז נִיט טִיף גֶעוֶועזֶען. וֶוען אָבֶּער דִיא זָאנְנֶע אִיז אוֹיף גֶעגַאנְגֶען,
זֶענֶען זַיי צוּבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי וִויא זַיי הָאבֶּען קֵיין וָוארְצֶעל
7 נִיט גֶעהַאט. זֶענֶען זַיי פַּאר טְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען. אַנְדֶערֶע זֶענֶען
גֶעפַאלֶען צוּא וִוישֶׁען דֶערְנֶער אוּן דִיא דֶערְנֶער זֶענֶען אוֹיף
8 גֶעוַואכְסֶען, אוּן הָאבֶּען זַיי צוּקְוֶועטְשְׁט. אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעפַאלֶען
אוֹיף גוּטֶע עֶרְד, אוּן הָאבֶּען פְּרוּכְט גֶעבְּרַאכְט, אֵיינִיגֶע הוּנְדֶערְט
מָאל אַזוֹי פִיל, אוּן אַנְדֶערֶע, זֶעכְצִיג מָאל, אוּן אוֹיךְ אַנְדֶערֶע
9 דְרֵייסִיג מָאל. וֶוער עֶס הָאט אוֹיעֶרֶען צוּא הֶערֶען, לָאז הֶערֶען.
10 אוּן דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהם
11 גֶעזָאגְט: וָוארוּם רֶעדֶעסְט דוּא צוּא זַיי מִיט מְשָׁלִים? עֶר הָאט
זַיי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: דֶערִיבֶּער, וַוייל אַייךְ אִיז גֶעגֶעבֶּען
גֶעוָוארֶען צוּא וִויסֶען דִיא סוֹדוֹת פָאן מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם, אָבֶּער זַיי
12 אִיז דָאס נִיט גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען. דֶען וֶוער עֶס הָאט דֶעם וֶועט
גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּן עֶר וֶועט הָאבֶּען זַייעֶר פִיל, דֶער אָבֶּער וֶוער
עֶס הָאט נִיט פָאן דֶעם וֶועט אַוֶועק גֶענוּמֶען וֶוערֶען, אֲפִילוּ דָאס
13 וָואס עֶר הָאט. דֶערִיבֶּער רֶעדֶע אִיךְ צוּא זַיי מִיט מְשָׁלִים, וַוייל
זַיי זֶעהֶען אוּן זֶעהֶען דָאךְ נִיט, הֶערֶען אוּן הֶערֶען דָאךְ נִיט, אוּן
14 נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען. אוּן עֶס וֶוערְט דֶערְפִילְט אִיבֶּער זַיי יְשַׁעְיָה'ס
נְבוּאָה, וֶועלְכֶער זָאגְט: מִיט דִיא אוֹיעֶרֶען וֶועט אִיהר הֶערֶען,
אוּן וֶועט נִיט פֶערְשְׁטֶעהְן, אוּן מִיט דִיא אוֹיגֶען וֶועט אִיהר קוּקֶען,
15 אוּן וֶועט נִיט זֶעהֶען. דֶען דָאס הַארְץ פָאן דֶעם פָאלְק אִיז דִיק
גֶעוָוארֶען, אוּן דִיא אוֹיעֶרֶען הֶערֶען שְׁוֶוער, אוּן זַייעֶרֶע אוֹיגֶען
הָאבֶּען זַיי פֶערְמַאכְט, דָאס זַיי זָאלֶען נִיט זֶעהֶען מִיט דִיא אוֹיגֶען,
אוּן נִיט הֶערֶען מִיט דִיא אוֹיעֶרֶען, אוּן נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען מִיטֶען
הַארְצֶען, אוּן זָאלֶען נִיט תְּשׁוּבָה טָאן, כְּדֵי אִיךְ זָאל זַיי אוֹיסְהֵיילֶען.
16 אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אָבֶּער זֶענֶען גְלִיקְלִיכֶע, וָואס זַיי זֶעהֶען, אוּן אֵייעֶרֶע
17 אוֹיעֶרֶען וָואס זַיי הֶערֶען. דֶען בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אַייךְ: פִיל נְבִיאִים
אוּן צַדִיקִים הָאבֶּען בַּאגֶערְט צוּא זֶעהֶען, דָאס וָואס אִיהר זֶעהֶעט,

אוּן הָאבֶּען נִיט גֶעזֶועהֶען, אוּן הֶערֶען דָאס וָואס אִיהר הֶערְט אוּן
18 הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט. אִיהר אָבֶּער הֶערְט אוּים דֶעם מָשָׁל פָּאן
19 דֶעם זֵייֶער. יֶעדֶער וֶועלְכֶער הֶערְט דָאס וָוארְט וֶועגֶען דָאס
מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אוּן פֶּערְשְׁטֶעהט דָאס נִיט, קוּמְט צוּא אִיהם דָאס
בֶּעז, אוּן נֶעמְט אַוֶועק דָאס וָואס אִיז גֶעזֵייט גֶעוָוארֶען אִין זֵיין
הַארְצֶען, דֶער אִיז עֶס וָואס עֶס אִיז גֶעזֵייט גֶעוָוארֶן אוֹיף דֶעם
20 וֶועג. אוּן דָאס וָואס עֶס אִיז גֶעזֵייט גֶעוָוארֶען אוֹיף שְׁטֵיינֶערְדִיגֶע
עֶרְד, אִיז דֶער וֶוער עֶס הֶערְט דָאס וָוארְט אוּן אִיז דָאס בַּאלְד
21 מְקַבֵּל מִיט שִׂמְחָה. נוּר עֶר הָאט נִיט אִין זִיךְ קֵיין וָוארְצֶעל אוּן
אִיז נוּר אוֹיף אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק, וֶוען עֶס קוּמֶען אָן יְסוּרִים אָדֶער
רְדִיפוֹת פַּאר דֶעם וָוארְט, וֶוערְט עֶר בַּאלְד גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט.
22 אוּן דָאס וָואס אִיז גֶעזֵייט אִין דֶערְנֶער אִיז דֶער, וֶוער עֶס הֶערְט
דָאס וָוארְט, נוּר דִיא דַאֲגוֹת פָּאן דִיזֶער וֶועלְט אוּן דִיא בֶּעטְרִיגֶערֵיי
פָּאן עֲשִׁירוּת דֶערְשְׁטִיקֶען דָאס וָוארְט, אוּן עֶס בְּלֵייבְּט אָהנֶע
23 פְּרוּכְט. דָאס וָואס אִיז גֶעזֵייט גֶעוָוארֶען אוֹיף גוּטֶער עֶרְד אִיז
דֶער, וֶועלְכֶער הֶערְט דָאס וָוארְט אוּן פֶּערשְׁטֶעהט עֶס, וֶועלְכֶער
בְּרֶענְגְט פְּרוּכְט, אַזוֹי אֵיינֶער בְּרֶענְגְט הוּנְדֶערְט מָאל אַזוֹי פִיל,
אֵיין אַנְדֶערֶער זֶעכְצִיג מָאל, אוּן נָאךְ אֵיין אַנְדֶערֶער דְרֵייסִיג מָאל,
24 אֵיין אַנְדֶערֶען מָשָׁל הָאט עֶר זֵיי פָאְרגֶעלֵייגְט, אוּן גֶעזָאגְט:
דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּא אֵיין מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶער הָאט
25 גֶעזֵייט גוּטֶע זְרִיעָה אוֹיף זֵיין פֶעלְד. וֶוען אָבֶּער דִיא לֵייט זֶענֶען
אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען, אִיז גֶעקוּמֶען אֵיין שׂוֹנֵא זֵיינֶער אוּן הָאט
גֶעזֵייט צְוִוישֶׁען דֶען וֵוייץ זוּנִין (שְׁלֶעכְטֶע גְרָאז) אוּן אִיז אַוֶועק
26 גֶעגַאנְגֶען. וֶוען דִיא גְרִינֶע זְרִיעָה אִיז אוֹיף גֶעשְׁפְּרָאצְט אוּן עֶס
הָאט זִיךְ גֶעוִויזֶען דִיא פְּרוּכְט אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ אַרוֹיס גֶעוִויזֶען דִיא
27 זוּנִין. דִיא קְנֶעכְט פָּאן דֶעם בַּעַל־הַבַּיִת זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען
אִיהם גֶעזָאגְט: הֶערְר! הָאסְט דוּא דֶען נִיט גֶעזֵייט גוּטֶע זְרִיעָה
28 אִין דֵיין פֶעלְד? פָּאן וַואנֶען קוּמֶען דִיא זוּנִין? אוּן עֶר זָאגְט זֵיי:
אֵיין מֶענְשׁ אֵיין שׂוֹנֵא הָאט דָאס גֶעטָאן, אוּן דִיא קְנֶעכְט זָאגֶען
29 אִיהם: ווִילְסְט דוּא וֶועלֶען מִיר גֶעהֶען זֵיי אוּיס קְלֵייבֶּען? נוּר עֶר
זָאגְט: נֵיין! טָאמֶער וֶוען אִיהר וֶועט אוּים קְלֵייבֶּען דִיא זוּנִין וֶועט
30 אִיהר מִיט זֵיי אוּים רֵייסֶען אוֹיךְ דֶעם וֵוייץ. לָאזְט זֵיי בֵּיידֶע אִין

אֵיינֶעם וַואכְּסֶען בִּיז דֶער שְׁנִיט צֵייט, אוּן בַּיים שְׁנֵיידֶען וֶועל אִיךְ
זָאגֶען דִיא שְׁנִיטֶערְס: זַאמֶעלְט צוּם עֶרְשְׁטֶען דִיא זוּנִין אוּן מַאכְט
פָאן זֵיי בִּינְדְלֶעךְ, כְּדֵי מֶען זָאל זֵיי פֶּערְבְּרֶענֶען, אוּן דֶעם וֵוייץ
31 זַאמֶעלְט אִין מֵיין תְּבוּאָה שֵׁייעֶר. אֵיין אַנְדֶערְן מָשָׁל הָאט עֶר
זֵיי פָארְגֶעלֵייגְט אוּן גֶעזָאגְט: דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּא
אֵיין קֶערֶענְדֶעל פָאן זֶענֶעפְט וָואס אֵיין מַאן הָאט עֶס גֶענוּמֶען אוּן
32 פַאר זֵייט אוֹיף זֵיין פֶעלְד. דָאס קֶערֶענְדֶעל אִיז קְלֶענֶער פָאן אַלֶע
זְרִיעָה, אָבֶער וֶוען עֶס וַואכְּסְט אוֹיף אִיז עֶס גְרֶעסֶער פָאן אַלֶע
גְרִינְוַוארְג אוּן עֶס וֶוערְט אֵיין בּוֹים, דָאס דִיא פֶעגְלֶען פָאן דֶעם
33 הִימֶעל קוּמֶען אוּן מַאכֶען נֶעסְטֶער אִין זֵיינֶע צְוַויינֶען. אֵיין אַנְדֶערֶען
מָשָׁל הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט: דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּא
זוֹיעֶרְטֵייג, וָואס אֵיינֶע פְרוֹי הָאט גֶענוּמֶען אוּן הָאט גֶעלֶעגְט אִין
דְרֵייא מֶעסְטְלַאךְ מֶעהְל, בִּיז עֶס אִיז אִין גַאנְצֶען דוּרְכְגֶעזֵייעֶרְט
34 גֶעוָוארֶען. דָאס אַלְץ הָאט יֵשׁוּעַ גֶערֶעט צוּא דֶעם פָאלְק אִין
35 מְשָׁלִים, אוּן אָן אֵיין מָשָׁל הָאט עֶר צוּא זֵיי נִיט גֶערֶעט. כְּדֵי עֶס
זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען וָואס עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם
נָבִיא, וֶועלְכֶער זָאגְט: אִיךְ וֶועל עֶפֶענֶען מֵיין מוֹיל מִיט אֵיין מָשָׁל,
אִיךְ וֶועל רֶעדֶען וָואס עֶס אִיז גֶעוֶוען פֶערְבָּארְגֶען צֵייט דִיא וֶועלְט
36 אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען. דַאמָאלְסְט הָאט יֵשׁוּעַ אָב גֶעלָאזְט דָאס
פָאלְק, אוּן אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין הוֹיז, אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען
37 צוּא גֶעקוּמֶען צוּא אִיהם אוּן גֶעזָאגְט: עֶרְקְלֶער אוּנְז דֶעם מָשָׁל
פָאן דִיא זוּנִין אוֹיף דֶעם פֶעלְד, עֶר הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט:
38 דֶער, וֶועלְכֶער זֵייעֶט גוּטֶע זְרִיעָה אִיז דֶער בֶּן־הָאָדָם. דָאס פֶעלְד
אִיז דִיא וֶועלְט, דִיא גוּטֶע זָרַע זֵיינֶען דִיא קִינְדֶער פָאן דָאס מַלְכוּת
39 הַשָּׁמַיִם אוּן דִיא זוּנִין זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פָאן דָאס בֶּעז. דֶער שׂוֹנֵא,
וֶועלְכֶער הָאט זֵיי גֶעזֵייט, אִיז דֶער שָׂטָן; דִיא שְׁנִיט צֵייט אִיז דָאס
עֶנְדֶע פָאן דִיזֶער וֶועלְט; דִיא שְׁנִיטֶערְס זֶענֶען דִיא מַלְאָכִים.
40 דֶערִיבֶּער אַזוֹי וִויא דִיא זוּנִין וֶוערֶען צוּא נוֹיף גֶענוּמֶען אוּן מֶען
פֶערְבְּרֶענְט זֵיי אִין פֵייעֶר, אַזוֹי וֶועט זֵיין בַּיים עֶנְדֶע פָאן דִיזֶער
41 וֶועלְט. דֶער בֶּן־הָאָדָם וֶועט שִׁיקֶען זֵיינֶע מַלְאָכִים, אוּן זֵיי וֶועלֶען
צוּא זַאמֶענְקְלֵייבֶּען פָאן זֵיין מְלוּכָה אַלֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען אוּן דִיא
42 וָואס טְהוּעֶן אוּנְרֶעכְט. אוּן וֶועלֶען זֵיי אַרֵיין וַוארְפֶען אִין אֵיין

פֵייעֶרְדִיגֶען אוֹיוֶוען, דָארְט וֶועט זַיין קְלָאג אוּן צֵיין קְרִיצוּנְג.
43 דַאמָאלְסְט וֶועלֶען דִיא צַדִיקִים שַׁיינֶען וִויא דִיא זָאנְנֶע אִין דֶער
מְלוּכָה פָאן זַייעֶר פָאטֶער, וֶוער עֶס הָאט אוֹיעֶרֶען צוּא הֶערֶען,
44 לָאז הֶערֶען: נָאך, דָאס מַלְכוּת הַשָׁמַיִם אִיז גְלַייךְ צוּא אֵיין
אוֹצָר, וָואס אִיז בֶּעהַאלְטֶען אִין אֵיין פֶעלְד, וֶועלְכֶען אֵיין מֶענְשׁ
הָאט גֶעפוּנֶען אוּן הָאט אִיהם בֶּעהַאלְטֶען, אוּן פַאר שִׂמְחָה אִיז עֶר
גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט פַארְקוֹיפְט אַלְץ וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט, אוּן הָאט
45 גֶעקוֹיפְט דָאס פֶעלְד. נָאך, דָאס מַלְכוּת הַשָׁמַיִם אִיז גְלַייךְ צוּא
46 אֵיין סוֹחֵר, וֶועלְכֶער זוּכְט נָאך טַייעֶרֶע פֶּערֶעל. אוּן וֶוען עֶר הָאט
גֶעפוּנֶען אֵיין טַייעֶרֶען פֶּערֶעל, אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט פַארְקוֹיפְט
47 אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט אוּן הָאט זִיא גֶעקוֹיפְט. נָאך, דָאס
מַלְכוּת הַשָׁמַיִם אִיז גְלַייךְ צוּא אֵיין נֶעץ, וָואס עֶר אִיז אַרַיין
גֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען אִין יַם, אוּן הָאט גֶעכַאפְּט פַארְשִׁידֶענֶע זָארְטֶען
48 פִישׁ. אוּן וֶוען עֶר אִיז פוּל גֶעוָוארֶען, הָאט מֶען אִיהם אַרוֹיס
גֶעשְׁלֶעפְּט אוֹיף דֶעם בָּארְטֶען אוּן מֶען הָאט זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט
אוּן דִיא גוּטֶע הָאט מֶען צוּא נוֹיף גֶענוּמֶען אִין כֵּלִים אַרַיין, אוּן
49 דִיא שְׁלֶעכְטֶע הָאט מֶען אַרוֹיס גֶעוָוארְפֶען. אַזוֹי וֶועט זַיין בַּיים
עֶנְדֶע פָאן דִיזֶער וֶועלְט, עֶס וֶועלֶען אַרָאבּ קוּמֶען מַלְאָכִים אוּן
50 וֶועלֶען אָבְּטֵיילֶען דִיא שְׁלֶעכְטֶע פָאן דִיא צַדִיקִים. אוּן וֶועלֶען זֵיי
אַרַיין וַוארְפֶען אִין אֵיין פֵייעֶרְדִיגֶען אוֹיוֶוען, דָארְט וֶועט זַיין קְלָאג
51 אוּן צֵיין קְרִיצוּנְג. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעפְרֶעגְט: הָאט אִיהר דָאס
52 אַלֶעס פַארְשְׁטַאנֶען? זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט יַא: הֶערְר. אוּן עֶר
הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: דֶערִיבֶּער יֶעדֶער סוֹפֵר, (תַּלְמִיד חָכָם) וֶועלְכֶער
אִיז גֶעלֶערֶענְט פַאר דֶעם מַלְכוּת הַשָׁמַיִם, אִיז גְלַייךְ צוּא אֵיין בַּעַל
הַבַּיִת, וֶועלְכֶער בְּרֵיינְגְט אַרוֹיס פָאן זַיין אוֹצָר נַייעֶס אוּן אַלְטֶעס.
53 אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דִיא מְשָׁלִים אִיז עֶר פָאן דָארְטֶען אַוֶועק
54 גֶעגַאנְגֶען. אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין זַיין שְׁטָאדְט, הָאט עֶר זֵיי
גֶעלֶערֶענְט אִין זֵייעֶרֶע שׁוּלֶען, אַזוֹי אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוואוּנְדֶערְט
אוּן גֶעזָאגְט: פָאן וַואנֶען הָאט זִיךְ בַּיי אִיהם גֶענוּמֶען אַזָאלְכֶע חָכְמָה
55 אוּן וואוּנְדֶער? אִיז עֶר דֶען נִיט דֶעם בּוֹימֵייסְטֶערְס אֵיין זָאהְן?
רוּפְט מֶען דֶען נִיט זַיין מוּטֶער מִרְיָם, אוּן זַיינֶע בְּרִידֶער יַעֲקֹב,
56 יוֹסִי, שִׁמְעוֹן אוּן יְהוּדָה? אוּן זֶענֶען דֶען זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער נִיט אוּנְטֶער

57 אוּנְז? פֿאָן ווַאנֶען דֶען הָאט עֶר דָאס אַלֶעס? אוּן זֵיי זֶענֶען
גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט גֶעוָוארֶען אִיבֶּער אִיהם, יֵשׁוּעַ אָבֶּער הָאט זֵיי
גֶעזָאגְט: אֵיין נָבִיא אִיז עֶרְגֶעץ נִיט אָן אֵיין וֶוערְט, אוֹיסֶער אִין זֵיין
58 שְׁטָאדְט, אוּן אִין זֵיין הוֹיז. אוּן עֶר הָאט דָארְטֶען נִיט גֶעמַאכְט
פִיל מוֹפְתִים מֵחֲמַת זֵייעֶר אוּנְגְלֵייבֶּען.
יד אִין דִיזֶער צֵייט הָאט הוֹרְדוֹס דֶער פִירְטֶעל לַאנְד מֵייסְטֶער
2 דֶערְהֶערְט וִויא מֶען רֶעדֶעט וֶועגֶען יֵשׁוּעַ׳ן. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט
צוּא זֵיינֶע דִינֶער: דָאס אִיז יוֹחָנָן הַמַטְבִּיל, עֶר אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען
פָאן דִיא מֵתִים, אוּן דֶערִיבֶּער וִוירְקֶען אִין אִיהם דִיא וואוּנְדֶער
3 קְרֶעפְטֶע. דֶען הוֹרְדוֹס הָאט גֶענוּמֶען יוֹחָנָן, אִיהם גֶעבּוּנְדֶען, אוּן
הָאט אִיהם אַרֵיין גֶעזֶעצְט אִין גֶעפֵיינְגֶענֶעס פַאר הוֹרוֹדְיָא, זֵיין
4 בְּרוּדֶער פִילִפּוּס וֵוייבּ. ווייל יוֹחָנָן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: עֶס פַּאסְט
5 דִיר נִיט אִיהר צוּא הָאבֶּען. אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶעוָואלְט הַרְגֶ׳נֶען,
נוּר עֶר הָאט אָבֶּער מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דֶעם פָאלְק, דֶען מֶען הָאט
6 אִיהם גֶערֶעכֶענְט פַאר אֵיין נָבִיא. אִין דֶער צֵייט וֶוען הוֹרְדוֹס׳עס
גֶעבּוּרְטְסְטָאג אִיז גֶעוֶועזֶען, הָאט הוֹרוֹדְיָא׳ס טָאכְטֶער גֶעטַאנְצְט
אִין דֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט, אוּן זִיא אִיז הוֹרְדוֹס׳ן גֶעפֶאלֶען גֶעוָוארֶען.
7 דַארִיבֶּער הָאט עֶר אִיהר מִיט אֵיין שְׁבוּעָה פֶערְשְׁפְּרָאכֶען צוּא
8 גֶעבֶּען אַלֶעס וָואס זִיא וֶועט נוּר פֶערְלַאנְגֶען. זִיא אָבֶּער הָאט
זִיךְ גֶעלָאזֶען פָאן אִיהר מוּטֶער פִירֶען הָאט זִיא גֶעזָאגְט: גִיבּ מִיר
9 דָא אוֹיף אֵיין שִׁיסֶעל יוֹחָנָן הַמַטְבִּיל׳ס קָאפְּף. אוּן דֶער מֶלֶךְ אִיז
טְרוֹיעֶרִיג גֶעוָוארֶען, נוּר וֶועגֶען דֶער שְׁבוּעָה אוּן דִיא גֶעסְט, הָאט
10 עֶר בַּאפוֹילֶען מֶען זָאל אִיהר גֶעבֶּען. אוּן עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט אוּן
11 גֶעלָאזֶען יוֹחָנָן קֶעפֶּען אִין דֶער תְּפִיסָה. אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט
זֵיין קָאפְּף אוֹיף אֵיין שִׁיסֶעל אוּן הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען דִיא מֵיידֶעל,
12 אוּן זִיא הָאט אַוֶועק גֶעטְרָאגֶען צוּא אִיהר מוּטֶער. אוּן זֵיינֶע
תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען גֶענוּמֶען זֵיין גוּף אוּן הָאבֶּען
אִיהם מְקַבֵּר גֶעוֶועזֶען, אוּן זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען מוֹדִיעַ זֵיין צוּא יֵשׁוּעַ׳ן.
13 אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס דֶערְהֶערְט אִיז עֶר אַוֶועק
גֶעגַאנְגֶען פָאן דָארְט אֵיינֶער אַלֵיין אוֹיף אֵיין שִׁיף אִין אֵיין וִויסְטֶען
אָרְט. וֶוען דָאס פָאלְק הָאט פָאן דֶעם גֶעהֶערְט זֵיינֶען זֵיי אִיהם
14 נָאךְ גֶעגַאנְגֶען פָאן דִיא שְׁטֶעדְט צוּא פוּס. אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז

אַרױס גֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר דֶערְזֶעהֶען אֵיין סַך מֶענְשֶׁען אוּן עֶר
הָאט רַחֲמָנוּת בֶּעקוּמֶען אוֹיף זֵיי אוּן הָאט גֶעהֵיילְט זֵייעֶרֶע
קְרַאנְקֶע. װֶען עֶס אִיז אָװֶענְד גֶעװָארֶען, זֶענֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים 15
צוּא אִיהם צוּא גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דֶער אָרְט אִיז אֵיין
װיסְטֶער, אוּן דִיא צֵייט אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט, לָאז אָב דָאס פָאלְק
כְּדֵי זֵיי זָאלֶען גֶעהֶען אִין דִיא יִשׁוּבִים אוּן זָאלֶען זִיךְ קוֹיפֶען שְׁפֵּייזֶע.
נוּר יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: זֵיי דַארְפֶען נִיט גֶעהֶען; גִיט אִיהר זֵיי 16
צוּא עֶסֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: מִיר הָאבֶּען דָא נוּר 17
פִינְף בְּרוֹיט אוּן צְוֵויי פִישׁ. עֶר הָאט גֶעזָאגְט: בְּרֵיינְגְט זֵיי 18
אַהֶער צוּא מִיר. אוּן עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען דֶעם פָאלְק זִיךְ אוֹיס 19
זֶעצֶען אוֹיף דֶעם גְרָאז, אוּן הָאט גֶענוּמֶען דִיא פִינְף בְּרוֹיט אוּן
דִיא צְוֵויי פִישׁ אוּן הָאט אֵיין קוּק גֶעטָאן צוּם הִימֶעל, אֵיין בְּרָכָה
גֶעמַאכְט, אוּן הָאט זֵיי צוּבְּרָאכֶען אוּן גֶעגֶעבֶּען דִיא בְּרוֹיט צוּא
דִיא תַּלְמִידִים, אוּן דִיא תַּלְמִידִים צוּא דֶעם פָאלְק. אוּן אַלֶע 20
הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אוּן זֵיינֶען זַאט גֶעװָארֶען, אוּן זֵיי הָאבֶּען צוּא נוֹיף
גֶענוּמֶען פָאן דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ װָאס זֶענֶען אִיבֶּער גֶעבְּלִיבֶּען צְװֶעלְף
פוּלֶע קֶערְבּ. דִיא מֶענֶער װעלְכֶע הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, זֶענֶען גֶעװֶען 21
לֶערֶךְ פָאן פִינְף טױזֶענְט חוּץ פְרױעֶן אוּן קְלֵיינֶע קִינְדֶער. אוּן 22
בַּאלְד הָאט יֵשׁוּעַ גֶענױט זֵיינֶע תַּלְמִידִים אַרֵיין צוּא גֶעהֶען אִין דֶער
שִׁיף, אוּן אַרִיבֶּער שִׁיפֶען זִיךְ פְרִיעֶר פַאר אִיהם אוֹיף דֶער
אַנְדֶערֶער זֵייט, בִּיז עֶר װֶעט דָאס פָאלְק אָב לָאזֶען. אוּן װֶען 23
עֶר הָאט דָאס פָאלְק אַװֶעק גֶעשִׁיקְט, אַזוֹי אִיז עֶר אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען
אוֹיף אֵיין בַּארְג אַלֵיין מִתְפַּלֵל צוּא זֵיין. אוּן װֶען עֶס אִיז נַאכְט
גֶעװָארֶען אִיז עֶר דָארְטֶען אַלֵיין גֶעװֶען. אוּן דִיא שִׁיף אִיז שׁוֹין 24
גֶעװֶוען אִין מִיטֶען יַם, אוּן דִיא װעלֶען הָאבֶּען זִיא אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען,
דֶען דֶער װינְד אִיז זֵיי גֶעװֶוען אַנְטְקֶעגֶען. אִין דֶעם פֶערְטֶען טֵייל 25
פָאן דֶער נַאכְט, אִיז יֵשׁוּעַ צוּא זֵיי גֶעגַאנְגֶען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף
דֶעם יַם. אוּן װֶען דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהם גֶעזֶעהֶען גֶעהֶענְדִיג 26
אוֹיף דֶעם יַם זֶענֶען זֵיי דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעװָארֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט:
דָאס אִיז אֵיין רוּחַ, אוּן הָאבֶּען פַאר מוֹרָא גֶעשְׁרִיעֶן. נוּר יֵשׁוּעַ 27
הָאט בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא רֵיידֶען מִיט זֵיי, אוּן גֶעזָאגְט: טְרֵייסְטֶעט
אֵייךְ אִיךְ בִּין עֶס, פִירְכְטֶעט אֵייךְ נִיט. פֶּטֶר הָאט אִיהם 28

גֶעעֶנְטְפֶערְט: הֶערְר! אוֹיבּ דוּא בִּיסְט דָאס, אַזוֹי הֵייס מִיר
29 קוּמֶען צוּא דִיר אוֹיף דֶעם וַואסֶער. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט: גֶעהֶע,
אוּן וֶוען פֶּטֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פָאן דֶער שִׁיף אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען
30 אוֹיף דֶעם וַואסֶער כְּדֵי עֶר זָאל קוּמֶען צוּא יֵשׁוּעַ'ן. אָבֶּער וֶוען
עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, וִויא דֶער ווִינְד אִיז שְׁטַארְק הָאט עֶר זִיךְ
עֶרשְׁרָאקֶען, אוּן וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא זִינְקֶען הָאט עֶר
31 אֵיין גֶעשְׁרֵייא גֶעגֶעבֶּען: הֶערְר! זֵיי מִיךְ מַצִיל. יֵשׁוּעַ הָאט בַּאלְד
אוֹיס גֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיין הַאנְד אִיהם אוּנְטֶער גֶעהַאלְטֶען, אוּן הָאט
גֶעזָאגְט: קְלֵיין גְלוֹיבִּיגֶער, וָוארוּם בִּיסְט דוּא אִין סָפֵק גֶעוֶוען.
32 אוּן בְּעֵת זֵיי זֶענֶען אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין שִׁיף אִיז דֶער ווִינְד שְׁטִיל
33 גֶעוָוארֶען. דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען אִיז שִׁיף גֶעוֶוען, זֶענֶען צוּא גֶעגַאנְגֶען
אוּן הָאבֶּען זִיךְ צוּא אִיהם גֶעבּוּקְט, אוּן גֶעזָאגְט: דוּא בִּיסְט אִין
34 אֶמֶת'ען דֶער בֶּן הָאֱלֹהִים. אוּן זֵיי זֶענֶען אַרִיבֶּער גֶעפָאהְרֶען, אוּן
35 זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין לַאנְד גְנֵיסַר. וֶוען דִיא אֵיינְוֵוינֶער פָאן דֶעם
אָרְט הָאבֶּען אִיהם דֶערְקָאנְט, הָאבֶּען זֵיי צוּא שִׁיקְט אִין דֶער
גַאנְצֶער אוּמְגֶעגֶענְד, אוּן מֶען הָאט צוּא אִיהם גֶעבְּרַאכְט אַלֶע
36 קְרַאנְקֶע. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעבֶּעטֶען, דָאס זֵיי זָאלֶען נוּר זִיךְ
צוּא רִיהְרֶען צוּא זֵיין פְּרַאנְז פָאן קְלֵייד, אוּן וֶועלְכֶע עֶס הָאבֶּען
זִיךְ אָנְגֶערִירְט זֶענֶען גֶעהָאלְפֶען גֶעוָוארֶען.
טו דַאמָאלְסְט זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּא יֵשׁוּעַ'ן סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים
2 פָאן יְרוּשָׁלַיִם אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: פַּאר וָואס זֵיינֶען דֵיינֶע תַּלְמִידִים
עוֹבֵר אוֹיף דֶער קַבָּלָה פָאן דִיא זְקֵנִים, דֶען זֵיי וַואשֶׁען זִיךְ נִיט
3 דִיא הֶענְד וֶוען זֵיי בְּרוֹיט עֶסֶען. עֶר אָבֶּער הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט:
פַּאר וָואס זֶענְט אִיהר אוֹיךְ עוֹבֵר אוֹיף גָאטְטֶעס מִצְוָה דוּרְךְ אֵייעֶר
4 קַבָּלָה? דֶען גָאטְט הָאט גֶעבָּאטֶען: כַּבֵּד אֶת אָבִיךָ וְאִמֶּךָ (עֶהְרֶע
דֵיין פָאטֶער אוּן מוּטֶער) אוּן דֶער וָואס שִׁילְט זֵיין פָאטֶער אָדֶער
5 זֵיין מוּטֶער זָאל גֶעטוֹידֶעט וֶוערֶען. אִיהר אָבֶּער זָאגְט: וֶוען אֵיינֶער
זָאגְט דֶעם פָאטֶער אָדֶער דֶער מוּטֶער: „אֵיין קָרְבָּן זָאל זֵיין דָאס,
וָואס דוּא ווִילְסְט פָאן מִיר הֲנָאָה הָאבֶּען" דֶער בְּרוֹיכְט נִיט צוּא
6 עֶהְרֶען זֵיין פָאטֶער אָדֶער זֵיין מוּטֶער. אַזוֹי הָאט אִיהר מְבַטֵל
7 גֶעוֶוען גָאטְטֶעס מִצְוָה דוּרְךְ אֵייעֶר קַבָּלָה. חֲנֵפִים! רִיכְטִיג הָאט
8 יְשַׁעְיָה נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט וֶועגֶען אֵייךְ. דִיא לֵייט גֶענֶעהֶענֶען צוּא מִיר

מִיט זֵייעֶר מוֹיל, אוּן עֶהרֶען מִיט זֵייעֶרֶע לִיפֶּען, אָבֶּער זֵייעֶר הַארְץ
9 אִיז וַוייט פָאן מִיר. אוּמְזִיסְט אִיז זֵייעֶר מוֹרָא פַאר מִיר, אוּן לֶעהרֶען
10 מֶענְשְׁלִיכָע גֶעבָּאט. אוּן עֶר הָאט צוּא גֶערוּפֶען דָאס פָאלְק, אוּן
11 הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: הֶערְט אוּן פֶערְשְׁטֶעהט. נִיט דָאס וָואס גֶעהט
אִין מוֹיל אַרֵיין אִיז מְטַמֵא דֶעם מֶענְשֶׁען, נוּר דָאס וָואס גֶעהט
12 אַרוֹיס פָאן מוֹיל אִיז מְטַמֵא דֶעם מֶענְשֶׁען. דַאמָאלְסְט זֶענֶען זֵיינֶע
תַּלְמִידִים צוּא גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: וַוייסְט דוּא, דָאס
דִיא פְּרוּשִׁים, וֶוען זֵיי הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, זֶענֶען זֵיי גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט
13 גֶעוָוארֶען. נוּר עֶר הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט: יֶעדֶער פְלַאנְץ, וָואס מֵיין
פָאטֶער אִין הִימֶעל הָאט נִיט גֶעפְלַאנְצְט, וֶועט אוֹיס גֶעוָוארְצֶעלְט
14 וֶוערֶען. לָאזְט זֵיי! זֵיי זֶענֶען בְּלִינְדֶע פִיהרֶער פָאן בְּלִינְדֶע, אוּן וֶוען
אֵיין בְּלִינְדֶער פִיהרְט אֵיין בְּלִינְדֶען, דַאן פַאלֶען זֵיי בֵּיידֶע אִין אֵיין
15 גְרוּבּ אַרֵיין. פֶּטֶר הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: דֶערְקְלֶעהר אוּנְז דֶעם
16 מָשָׁל. יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט: בִּיז יֶעצְט פַאר שְׁטֶעהט אִיהר אוֹיךְ
17 נָאךְ נִיט? נָאךְ פַאר שְׁטֶעהט אִיהר נִיט, דָאס אַלְץ וָואס קוּמְט
אַרֵיין אִין מוֹיל גֶעהט אִין בּוֹיךְ אַרֵיין, אוּן נָאךְ דֶעם וֶוערְט דָאס אִין
18 בֵּית הַכִּסֵא גֶעוָוארְפֶען. אָבֶּער דָאס וָואס גֶעהט אַרוֹיס פָאן דֶעם
מוֹיל גֶעהט אַרוֹיס פָאן הַארְצֶען, דָאס אִיז מְטַמֵא דֶעם מֶענְשֶׁען.
19 דֶען פָאן הַארְצֶען גֶעהט אַרוֹיס שְׁלֶעכְטֶע מַחֲשָׁבוֹת רְצִיחָה נִאוּף,
20 זְנוּת, גְנֵיבָה, פַאלְשֶׁע עֵדוּת אוּן לֶעסְטֶערוּנְג. דִיזֶע זֶענֶען מְטַמֵא דֶעם
מֶענְשֶׁען, אָבֶּער עֶסֶען מִיט אוּנְגֶעוַואשֶׁענֶע הֶענְד אִיז נִיט מְטַמֵא דֶעם
21 מֶענְשֶׁען. אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז פָאן דָארְטֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אִיז
22 עֶר אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם גֶעגֶענְד פָאן צוֹר אוּן צִידוֹן. אוּן נוּן,
אֵיין פְרוֹי פָאן כְּנַעַן, וֶועלְכֶע אִיז פָאן יֶענֶעם גֶעגֶענְד גֶעקוּמֶען אִיז
הֶערוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט צוּא אִיהם גֶעשְׁרִיגֶען: עֶרְבַּארֶעם דִיךְ
אִיבֶּער מִיר הֶערְר, דוּא זָאהְן דָוִד'ס! מֵיין טָאכְטֶער וֶוערְט זֶעהר
23 גֶעפְּלָאגְט פָאן אֵיין שֵׁד. נוּר עֶר הָאט אִיהר קֵיין וָוארְט נִיט
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּא גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען
24 אִיהם גֶעבֶּעטֶען: פַארְטִיג זִיא אָבּ, דֶען זִיא שְׁרֵייט אוּנְז נָאךְ. עֶר
הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט: אִיךְ בִּין גֶעשִׁיקְט נוּר פַאר דִיא פֶערְלָארֶענֶע
25 שָׁאף פָאן דִיא יִשְׂרָאֵל. זִיא אָבֶּער אִיז צוּא גֶעגַאנְגֶען, הָאט זִיךְ
26 גֶעבּוּקְט פַאר אִיהם, אוּן הָאט גֶעזָאגְט: הֶערְר! הֶעלְף מִיר. אוּן עֶר

הָאט אִיהר גֶעעֶנְטְפֶערְט: עֶס גֶעהט נִיט אַזוֹי צוּא נֶעהמֶען דִיא
27 קִינְדֶערְס בְּרוֹיט, אוּן צוּא וַוארְפֶען פַאר דִיא הִינְט. זִיא הָאט
גֶעזָאגְט: יָא הֶערְר! נוּר אוֹיךְ דִיא הִינְט עֶסֶען דִיא בְּרֶעקְלִיךְ,
28 וֶועלְכֶע פַאלֶען אַרָאבּ פָאן זֵייעֶרֶע הֶערְרְנְס טִישׁ. דַאמָאלְסְט הָאט
יֵשׁוּעַ אִיהר גֶעעֶנְטְפֶערְט: אָה! פְרוֹי, דֵיין אֱמוּנָה אִיז גְרוֹיס, עֶס זָאל
דִיר זֵיין וִויא דוּא ווִילְסְט; אוּן אִיהר טָאכְטֶער אִיז אִין דֶער שָׁעָה
29 אוֹיס גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען. וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז פָאן דָארְטֶען וֵוייטֶער
גֶעגַאנְגֶען, אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּם יַם הַגָלִיל, אוּן אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען
30 אוֹיף אֵיין בַּארְג, זִיךְ דָארְט גֶעזֶעצְט. אוּן פִיל פָאלְק אִיז צוּא
אִיהם צוּא גֶעטְרֶעטֶען, זֵיי הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶעהַאט: הִינְקֶענְדִיגֶע,
בְּלִינְדֶע, שְׁטוּמֶע, פַארְוואוּנְדֶעטֶע, אוּן פִילֶע אַנְדֶערֶע, אוּן הָאבֶּען זֵיי
31 אַהִינְגֶעלֶעגְט פַאר יֵשׁוּעַ'ס פִיס אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעהֵיילְט. אַזוֹי,
דָאס דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט, זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהן שְׁטוּמֶע
רֵיידֶענְדִיג, פַארְוואוּנְדֶעטֶע גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען, הִינְקֶעדִיגֶע גֶעהן, אוּן
בְּלִינְדֶע זֶעהֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט דֶעם גָאטְט פָאן יִשְׂרָאֵל.
32 יֵשׁוּעַ הָאט צוּא גֶערוּפֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִיךְ
הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף דֶעם פָאלְק, עֶס אִיז שׁוֹין בֵּיי מִיר דְרֵיי טֶעג,
אוּן זֵיי הָאבֶּען נִיט וָואס צוּא עֶסֶען, אָבּ צוּא לָאזֶען זֵיי אוּמְגֶעגֶעסֶען
ווִיל אִיךְ נִיט, דָאס זֵיי זָאלֶען אוֹיף דֶעם וֶועג נִיט פַארְשְׁמַאכְט
33 וֶוערֶען. אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: פָאן וַואנֶען
זָאלֶען מִיר נֶעמֶען אִין דֶער מִדְבָּר אַזוֹי פִיל בְּרוֹיט זַאט צוּא מַאכֶען
34 אַזוֹי פִיל פָאלְק. יֵשׁוּעַ זָאגְט זֵיי: ווִיפִיל בְּרוֹיט הָאט אִיהר? זֵיי
35 הָאבֶּען גֶעזָאגְט: זִיבֶּען אוּן עֶטְלִיכֶע פִישְׁלַאךְ. דַאמָאלְסְט הָאט עֶר
36 גֶעהֵייסֶען דֶעם פָאלְק אַנִידֶער זֶעצֶען זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד. אוּן וֶוען
עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא זִיבֶּען בְּרוֹיט אוּן פִישׁ, הָאט עֶר אֵיין בְּרָכָה
גֶעמַאכְט, צוּא בְּרָאכֶען, אוּן הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּא זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּן
37 דִיא תַּלְמִידִים צוּא דֶעם פָאלְק. אוּן זֵיי הָאבֶּען אַלֶע גֶעגֶעסֶען, אוּן
זֶענֶען זַאט גֶעוָוארֶען, אוּן זֵיי הָאבֶּען צוּא נוֹיף גֶענוּמֶען פָאן דִיא
38 אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע בְּרֶעקְלַאךְ זִיבֶּען פוּלֶע קֶערְבּ. דִיא וָואס
הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיר טוֹיזֶענְד מֶענֶער, אוֹיסֶער פְרוֹיֶען אוּן
39 קְלֵיינֶע קִינְדֶער. אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס פָאלְק אָבְּגֶעלָאזְט, אִיז עֶר אַרֵיין
גֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין שִׁיף אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אִין דִיא גְרֶענִיצֶען פָאן מַגְדַלָה.

טז אוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּן צְדוּקִים זֶענֶען צוּא גֶעקוּמֶען אִיהם צוּא
פְּרוּבֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעבֶּעטֶען, עֶר זָאל זֵיי בֶּעוַייזֶען אֵיין צֵייכֶען
2 פָאן הִימֶעל. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט: פָאן אָווֶענְד זָאגְט אִיהר:
3 עֶס וֶועט זַיין אַיין שֶׁענֶער טָאג, וַוייל דֶער הִימֶעל אִיז רוֹיט. אוּן אִין
דֶער פְרִיה, עֶס וֶועט זַיין אַיין שְׁטוּרֶעם, וַוייל דֶער הִימֶעל אִיז רוֹיט
פַארְוָואלְקֶענְט, חֲנֵפִים! דִיא גֶעשְׁטַאלְט פָאן דֶעם הִימֶעל
פַארְשְׁטֶעהט אִיהר צוּא אוּנְטֶער שֵׁיידֶען, אוּן דִיא צֵייכֶען פָאן דִיא
4 צֵייטֶען קָאנְט אִיהר נִיט. אֵיין שְׁלֶעכְטֶער דוֹר אוּן אֵיין מְנָאְפְּדִיגֶער
זוּכְט אֵיין צֵייכֶען, אוּן עֶס וֶועט אִיהם נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען קֵיין
אַנְדֶערֶער צֵייכֶען, אוֹיסֶער דֶער צֵייכֶען פָאן יוֹנָה הַנָבִיא, אוּן עֶר הָאט
5 זֵיי פַארְלָאזְט, אוּן אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען. וֶוען דִיא תַּלְמִידִים זֵיינֶע
זֶענֶען אִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער זֵייט הָאבֶּען זֵיי
6 פַארְגֶעסֶען צוּא נֶעמֶען בְּרוֹיט. אוּן יֵשׁוּעַ זָאגְט צוּא זֵיי: נֶעמְט אַייך
אִין אַכְט אוּן הִיטֶעט אַייך פָאן דִיא פְּרוּשִׁים'סֶע אוּן צְדוּקִים'סֶע
7 זוֹיעֶרְטֵייג. זֵיי הָאבֶּען גֶעדֶענְקְט בֵּיי זִיךְ, אוּן גֶעזָאגְט: מִיר הָאבֶּען
8 קֵיין בְּרוֹיט נִיט גֶענוּמֶען. יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעוְואוּסְט, הָאט עֶר זֵיי
גֶעזָאגְט: וָואס דֶענְקְט אִיהר בֵּיי זִיךְ, קְלֵיין גְלוֹיבִּיגֶע, דָאס אִיהר
9 הָאט קֵיין בְּרוֹיט נִיט מִיט גֶענוּמֶען. נָאךְ פַארְשְׁטֵייט אִיהר נִיט, אוּן
גֶעדֶענְקְט נִיט, פָאן דִיא פִינְף בְּרוֹיט פַאר דִיא פִינְף טוֹיזֶענְט, אוּן
10 וִויפִיל קֶערְבּ אִיהר הָאט צוּא נֵייף גֶענוּמֶען? אוֹיךְ נִיט פָאן דִיא
זִיבֶּען בְּרוֹיט פַאר דִיא פִיר טוֹיזֶענְט, אוּן וִויפִיל קֶערְבּ אִיהר הָאט
11 צוּא נוֹיף גֶענוּמֶען? וִויא פַאר שְׁטֶעהט אִיהר נִיט, דָאס אִיךְ הָאבּ
נִיט וֶועגֶען בְּרוֹיט אַייךְ גֶעזָאגְט, הִיט אַייךְ פָאן דֶעם פְּרוּשִׁים'סֶע אוּן
12 צְדוּקִים'סֶע זוֹיעֶרְטֵייג. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען זֵיי פַארְשְׁטַאנֶען, דָאס
עֶר הָאט נִיט גֶעזָאגְט, זִיךְ צוּא הִיטֶען פָאן זוֹיעֶרְטֵייג פָאן בְּרוֹיט,
13 נָאר פָאן דֶער לֶעהְרֶע פָאן דִיא פְּרוּשִׁים אוּן צְדוּקִים. וֶוען יֵשׁוּעַ
אִיז גֶעקוּמֶען אִין לַאנְד קִסַרְיָא פָאן פִילִיפּוּס, הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט
זֵיינֶע תַּלְמִידִים: וָואס זָאגֶען דִיא מֶענְשֶׁען דָאס אִיךְ בֶּן אָדָם בִּין?
14 זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט: אֵיינִיגֶע זָאגֶען: יוֹחָנָן הַמַטְבִּיל, אַנְדֶערֶע אֵלִיָהוּ,
15 נָאךְ אַנְדֶערֶע יִרְמִיָהוּ, אַנְדֶערֶע אֵיינֶער פָאן דִיא נְבִיאִים. עֶר זָאגְט
16 זֵיי: אוּן אִיהר וָואס זָאגְט, וֶוער בִּין אִיךְ? אוּן שִׁמְעוֹן פֶּטְר הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּן גֶעזָאגְט: דוּא בִּיזְט דֶער מָשִׁיחַ דֶער זָאהְן פָאן

17 דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאטט. דַאמָאלְסט הָאט יֵשׁוּעַ אִיהם גֶעזָאגְט:
גְלִיקְלִיךְ בִּיסְט דוּא שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹנָה, דֶען נִיט פְלֵייש אוּן בְּלוּט הָאט
18 עֶס דִיר מְגַלֶּה גֶעוֶועזֶען נָאר מֵיין פָּאטֶער אִין הִימֶעל. אוֹיךְ אִיךְ זָאג
דִיר: דוּא בִּיסְט פֶּטֶר אֵיין פֶעלְז אוּן אוֹיף דֶעם פֶעלְז וֶועל אִיךְ
בּוֹיעֶן מֵיין גֶעמֵיינְדֶע, אוּן דִיא טוֹיעֶרֶען פָאן דֶעם גֵיהִנָּם וֶועלֶען זֵיי
19 נִיט גוֹבֵר זַיין. אוּן אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען דִיא שְׁלִיסֶעל פָאן דָאס
מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם, אוּן וָואס דוּא וֶועסְט אָסוּר מַאכֶען אוֹיף דֶער עֶרְדֶ,
וֶועט אָסוּר זַיין אִין הִימֶעל אוּן וָואס דוּא וֶועסְט מַתִּיר מַאכֶען אוֹיף
20 דֶער עֶרְדֶ, וֶועט מוּתָּר זַיין אִין הִימֶעל. דַאמָאלְסט הָאט יֵשׁוּעַ
פֶערְבָּאטֶען צוּא זַיינֶע תַּלְמִידִים, דָאס זֵיי זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען
21 דָאס עֶר אִיז יֵשׁוּעַ דֶער מָשִׁיחַ. פָאן דִיזֶער צֵייט, הָאט יֵשׁוּעַ
אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּא זָאגֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים, דָאס עֶר דַארְף גֶעהְן קֵיין
יְרוּשָׁלַיִם, אוּן פִיל לֵיידֶען פָאן דִיא זְקֵנִים, אוּן כֹּהֲנִים, אוּן סוֹפְרִים
אוּן גֶעטֵייטֶעט וֶוערֶען, אוּן אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג אוֹיף גֶעוֶועקְט
22 צוּא וֶוערֶען. אוּן פֶּטֶר הָאט אִיהם גֶענוּמֶען אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
אוֹיף אִיהם צוּא שְׁרֵייעֶן אוּן זָאגְט: חָלִילָה מֵיין הֶערְר לָאז דִיר
23 דָאס נִיט גֶעשֶׁעהֶען. עֶר אָבֶּער הָאט זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט אוּן גֶעזָאגְט
צוּא פֶּטֶרְ'ן: אַוֶועק פָאן מִיר, שָׂטָן! דוּא בִּיסְט מִיר אֵיין שְׁטְרוֹיכְלוּנְג,
דֶען דוּא טְרַאכְטְסְט נִיט פָאן דֶעם, וָואס עֶס אִיז גֶעטְלִיכֶעס, נוּר
24 דָאס וָואס עֶס אִיז מֶענְשְׁלִיכֶעס. דַאמָאלְסְט הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט
צוּא זַיינֶע תַּלְמִידִים: וֶוער עֶס וִויל מִיר נָאךְ גֶעהֶען, דֶער זָאל זִיךְ
אַלֵיין פַאר לֵייקֶענֶען, אוּן זָאל נֶעמֶען זַיין קְרֵייץ אוּן מִיר נָאךְ גֶעהֶען.
25 דֶען, וֶוער עֶס וִויל זַיין לֶעבֶּען הִיטֶען, דֶער פֶּערְלִירְט אִיהם דֶער
אָבֶּער וֶועלְכֶער פֶּערְלִירְט אִיהם פָאן מֵיינֶעט וֶועגֶען, דֶער גֶעפִינְט
26 אִיהם. דֶען וָואס וֶועט עֶס אֵיין מֶענְשֶׁען הֶעלְפֶען, וֶוען עֶר זָאל דִיא
גַאנְצֶע וֶועלְט גֶעוִוינֶען, אוּן וֶועט זַיין לֶעבֶּען פֶּערְלִירֶען? אָדֶער וָואס
27 וֶועט אֵיין מֶענְשׁ גֶעבֶּען אוּם זַיין לֶעבֶּען אוֹיס צוּא לֵייזֶען? דֶען דֶער
בֶּן אָדָם וֶועט קוּמֶען אִין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פָאן זַיין פָּאטֶער מִיט
זַיינֶע מַלְאָכִים, אוּן דַאמָאלְסְט וֶועט עֶר יֶעדֶען בֶּעלוֹינֶען נָאךְ זַיינֶע
28 מַעֲשִׂים. אִין אֱמֶת'עֶן זָאג אִיךְ אַייךְ: עֶס זַיינֶען דָא אֵיינִיגֶע פָאן
דִיא, וָואס שְׁטֶעהֶן הִיעֶר, וֶועלְכֶע וֶועלֶען נִיט פֶערְזוּכֶען דֶעם טוֹיט,
בִּיז זֵיי וֶועלֶען זֶעהֶען דֶעם בֶּן־אָדָם קוּמֶענְדִיג אִין זַיין מְלוּכָה.

יז נָאךְ זֶעכְס טֶעג הָאט יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען פֶּטֶר'ן יַעֲקֹב, אוּן יוֹחָנָן זַיין
בְּרוּדֶער, אוּן הָאט זֵיי אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף אֵיין הוֹיכֶען בַּארְג,
2 בְּעזוּנְדֶער. אוּן עֶר אִיז פַאר זֵיי פַעְרְעֶנְדֶערְט גֶעוָוארֶען, זַיין פָּנִים
הָאט גֶעשַׁיינְט ווִיא דִיא זָאנֶע, אוּן זַיינֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען וַויס גֶעוָוארֶען
3 ווִיא לִיכְט. אוּן נוּן, הָאט זִיךְ מֹשֶׁה אוּן אֵלִיָּהוּ, בַּאווִיזֶען צוּא זֵיי,
4 װֶעלְכֶע הָאבֶּען מִיט אִיהם גֶערֶעט. אוּן פֶּטֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּא
יֵשׁוּעַ'ן: מֵיין הֶערְר! פַאר אוּנְז אִיז דָא גוּט צוּא זַיין, אוֹיבּ דוּא ווִילְסְט
װֶעלֶען מִיר דָא מַאכֶען דְרֵיי סוּכּוֹת: פַאר דִיר אֵיינֶע, פַאר מֹשֶׁה'ֶען
5 אֵיינֶע, אוּן פַאר אֵלִיָּהוּ'ן אֵיינֶע. װֶען עֶר הָאט נָאךְ דָאס גֶעזָאגְט, נוּן,
הָאט זֵיי אֵיין לִיכְטִיגֶער וָואלְקֶען בֶּעדֶעקְט, אוּן נוּן, אֵיין קוֹל פָאן
דֶעם הִימֶעל הָאט גֶעזָאגְט: דִיזֶער אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער זָאהְן, װֶעלְכֶער
6 אִיז מִיר גֶעפֶעלֶען, אִיהם זָאלְט אִיהר גֶעהָארְכֶען. װֶען דִיא
תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, זֶענֶען זֵיי גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶר
7 פָּנִים אוּן הָאבֶּען זֶעהר מוֹרָא גֶעהַאט. נוּר יֵשׁוּעַ אִיז צוּא גֶעקוּמֶען
אוּן הָאט זֵייא אָן גֶערִיהְרְט אוּן גֶעזָאגְט: שְׁטֶעהט אוֹיף, פִירְכְטֶעט
8 אַייךְ נִיט. װֶען זֵיי הָאבֶּען אוֹיף גֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען זֵיי
9 קֵיינֶעם נִיט גֶעזֶעהֶן אוֹיסֶער אֵיין יֵשׁוּעַ'ן. אוּן װֶען זֵיי זֶענֶען אַרָאבּ
גֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם בַּארְג הָאט יֵשׁוּעַ זֵיי פֶערְבָּאטֶען אוּן גֶעזָאגְט:
זֵיי זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט דֶערְצֶעהלֶען פָאן דֶער מַרְאֶה (עֶרְשֵׁיינוּנְג)
בִּיז דֶער בֶּן אָדָם װֶעט נִיט אוֹיף שְׁטֶעהֶן פָאן דִיא מֵתִים.
10 אוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהם גֶעפְרֶעגְט: פַאר וָואס זָאגֶען דֶען
11 דִיא סוֹפְרִים דָאס אֵלִיָּהוּ מוּז פְרִיהֶער קוּמֶען? יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: װֵייל אֵלִיָּהוּ קוּמְט פְרִיהֶער אוּן װֶעט אַלְץ
12 צוּא רֶעכְט מַאכֶען. נוּר אִיךְ זָאג אַייךְ, דָאס אֵלִיָּהוּ אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען
אוּן מֶען הָאט אִיהם נִיט דֶערְקָאנְט, אוּן מֶען הָאט זִיךְ מִיט אִיהם
בֶּעגַאנְגֶען ווִיא זֵיי הָאבֶּען גֶעוָואלְט, אַזוֹי װֶעט דֶער בֶּן אָדָם לֵיידֶען
13 פָאן זֵיי. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים פֶערְשְׁטַאנֶען, דָאס עֶר
14 רֶעדֶעט פָאן יוֹחָנָן הַמַּטְבִּיל. װֶען זֵיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּא דֶעם
פָאלְק, אַזוֹי אִיז צוּא אִיהם צוּא גֶעגַאנְגֶען אֵיין מֶענְשׁ, אוּן אִיז פַאר
15 אִיהם אוֹיף דִיא קְנִי גֶעפַאלֶען. אוּן גֶעזָאגְט: הֶערְר! הָאבּ רַחֲמָנוּת
אוֹיף מֵיין זָאהְן, עֶר אִיז אֵיין נַאכְט־וַואנְדְלֶער, אוּן לֵיידֶעט שְׁטַארְק,
־עֶן פִילֶע מָאל וַוארְפְט עֶר זִיךְ אִין פֵייעֶר אַרֵיין אוּן פִילֶע מָאל

16 אִין וַואסֶער. אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעבְּרַאכְט צוּא דֵיינֶע תַּלְמִידִים, נוּר
17 זַיי קָאנֶען אִיהם נִיט אוֹיס הֵיילֶען. יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּן
גֶעזָאגְט: אָה! אוּנְגְלֵייבִּיגֶער דוֹר, אוּן פֶערְקְרִימְטֶער, בִּיז וִוילַאנְג
וֶועל אִיךְ מִיט אַייךְ זַיין? בִּיז וִויא לַאנְג וֶועל אִיךְ אַייךְ אִיבֶּערְטְרָאגֶען?
18 בְּרֶענְגְט אִיהם אַהֶער צוּא מִיר. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אוֹיף אִיהם
אָנְגֶעשְׁרִיעֶן, אוּן דֶער רוּחַ אִיז פָאן אִיהם אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן דֶער
19 יוּנְג אִיז פָאן דֶער שָׁעָה אָן, גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען. דַאמָאלְסְט זֵיינֶען
דִיא תַּלְמִידִים צוּא גֶעקוּמֶען צוּא יֵשׁוּעַ'ן, וֶוען זַיי זֶענֶען אַלֵיין גֶעוֶוען,
אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: וָוארוּם הָאבֶּען מִיר אִיהם נִיט גֶעקָאנְט אַרוֹיס
20 טְרֵייבֶּען? אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זַיי גֶעזָאגְט: מַחֲמַת אֵייעֶר אוּנְגְלוֹיבֶּען,
דֶען אִין אֶמֶת'ֶען זָאג אִיךְ אַייךְ: וֶוען אִיהר זָאלְט הָאבֶּען אֱמוּנָה
וִויפִיל אַיין קֶערֶענְדֶעל זֶענֶעפְט אוּן וָואלְט זָאגֶען צוּם בַּארְג: גֶעה
אִיבֶּער פָאן דַאנֶען אַהִין, וָואלְט עֶר אִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען, אוּן קֵיין
21 אוּנְמִיגְלַאכְקֵייט וָואלְט פַאר אַייךְ נִיט גֶעוֶועזֶען. דֶער מִין אָבֶּער
22 פֶערְטְרֵייבְּט זִיךְ, נוּר דוּרְךְ תְּפִלָּה אוּן פַאסְטֶען. וֶוען זַיי זֶענֶען
גֶעוֶוען אִין גָלִיל, הָאט יֵשׁוּעַ זַיי גֶעזָאגְט: דֶער בֶּן אָדָם וֶועט אִיבֶּער
23 גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין מֶענְשְׁלִיכֶע הֶענְד. אוּן זַיי וֶועלֶען אִיהם טוֹיטֶען,
אוּן אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר אוֹיף שְׁטֶעהֶן, אוּן זַיי זֶענֶען
24 זֶעהר טְרוֹיעֶרִיג גֶעוֶוען. וֶוען זַיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַר־נַחוּם
זֶענֶען צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּא פֶּטֶר'ן דִיא וָואס נֶעמֶען צוּא נוֹיף מַס, אוּן
25 הָאבֶּען גֶעזָאגְט וִויל אֵייעֶר רַבִּי נִיט צָאלֶען קֵיין מַס? עֶר הָאט
גֶעזָאגְט: יַא, אוּן וֶוען עֶר אִיז אַרֵיין גֶעקוּמֶען אִין הוֹיז אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ
אִיהם פְרִיהֶער פֶערְכַאפְּט אוּן גֶעזָאגְט: שִׁמְעוֹן, וִויא אִיז דֵיין מֵיינוּנְג,
פָאן וֶועמֶען נֶעמֶען דִיא מְלָכִים פָאן דֶער עֶרְד מֶכֶס פָאן זֵייעֶרֶע
26 אֵייגֶענֶע קִינְדֶער, אָדֶער פָאן פְרֶעמְדֶע? פֶּטֶר זָאגְט אִיהם: פָאן
פְרֶעמְדֶע, אוּן יֵשׁוּעַ זָאגְט אִיהם: אַזוֹי זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פְרֵיי,
27 נוּר כְּדֵי מִיר זָאלֶען זַיי קֵיין שְׁטְרוֹיכְלוּנְג נִיט גֶעבֶּען, גֶעהֶע צוּם
יַם, וַוארְף אַיין אַנְגֶעל אַרֵיין, אוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען פִישׁ, וֶועלְכֶער
עֶס וֶועט זִיךְ חַאפֶּען, נֶעם אוּן עֶפֶען אִיהם אוֹיף דֶעם מוֹיל וֶועסְט
דוּא גֶעפִינֶען אַיין אִיסְתְּרָא (מַטְבֵּעַ) נֶעם אוּן גִיבּ אִיהם אַוֶועק
פַאר מִיר אוּן פַאר דִיר.

יח אִין יֶענֶער צֵייט זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּא יֵשׁוּעַ'ן

אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: וֶוער אִיז דֶער גְרֶעסְטֶער אִין דָאס מַלְכוּת
הַשָּׁמַיִם? יֵשׁוּעַ הָאט צוּא גֶערוּפֶען אַיין קְלֵיין קִינְד, אוּן הָאט עֶס 2
גֶעשְׁטֶעלְט אִין מִיטֶען צְווִישֶׁען זֵיי. אוּן הָאט גֶעזָאגְט: אִין אֶמֶת׳ְעֶן 3
זָאג אִיךְ אַייךְ, וֶוען אִיהר וֶועט זִיךְ נִיט אוּמְקֶעהרֶען, אוּן וֶועט נִיט
זֵיין וִויא דָאס קְלֵיינֶע קִינְד, וֶועט אִיהר נִיט אַרֵיין קוּמֶען אִין מַלְכוּת
הַשָּׁמַיִם. דֶערִיבֶּער וֶוער עֶס דֶערְנִידֶערִיגְט זִיךְ וִויא דָאס קְלֵיינֶע 4
קִינְד דֶער וֶועט זֵיין דֶער גְרֶעסְטֶער אִין מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם. אוּן וֶוער 5
אַיין זָאלְכֶען קִינְד נֶעמְט אוֹיף אִין מֵיין נָאמֶען דֶער נֶעמְט מִיךְ אוֹיף.
אוּן וֶוער עֶס שְׁטְרוֹיכֶעלְט אַיינֶעם פָאן דִיא קְלֵיינֶע, וָואס גְלוֹיבֶּען 6
אִין מִיר, דֶעם וָואלְט בֶּעסֶער גֶעוֶוען וֶוען מֶען וָואלְט אִיהם אַיין
מִיל־שְׁטֵיין אוֹיף גֶעהַאנְגֶען אוֹיף דֶעם הַאלְז אוּן מֶען זָאל אִיהם
דֶער טְרֶענְקֶען אִין דֶער טִיפֶענֶעם פָאן יַם. וֶועה אִיז דֶער וֶועלְט 7
וֶועגֶען דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען דֶען עֶס מוּזֶען קוּמֶען שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען, נוּר
וֶועה אִיז דֶעם מֶענְשֶׁען, דוּרְךְ וֶועלְכֶען דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען קוּמֶען.
אוֹיבּ דֵיין הַאנְד, אָדֶער דֵיין פוּס, שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיךְ, הַאק זֵיי אָבּ 8
אוּן וַוארְף זֵיי אַוֶועק פָאן דִיר, דִיר אִיז בֶּעסֶער אַרֵיין צוּא קוּמֶען
אִין לֶעבֶּען מִיט אַיין מוּם, אָדֶער אַיין הִינְקֶענְדִיגֶער, אֵיידֶער זָאלְסְט
אַרֵיין גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען מִיט צְוֵויי הֶענְד אוּן מִיט צְוֵויי פִים אִין
דֶעם עֶווִיגֶען פֵייעֶר. אוּן אוֹיבּ דֵיין אוֹיג שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיךְ, רֵייס 9
עֶס אוֹיס אוּן וַוארְף עֶס אַוֶועק פָאן דִיר, דִיר אִיז בֶּעסֶער צוּא
קוּמֶען צוּם לֶעבֶּען מִיט אַיין אוֹיג אֵיידֶער זָאלְסְט גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען
אִין פֵייעֶרְדִיגֶען גֵיהִנָּם מִיט צְוֵויי אוֹיגֶען. זֶעהט צוּא, דָאס אִיהר 10
זָאלְט נִיט מְבַזֶּה זֵיין אֲפִילוּ אַיינֶעם פָאן דִיא קְלֵיינֶע דֶען אִיךְ זָאג
אַייךְ: דָאס זֵייעֶרֶע מַלְאָכִים אִין הִימֶעל זֶעהֶען תָּמִיד דֶעם פָּנִים
פָאן מֵיין פָאטֶער אִין הִימֶעל. דֶען דֶער בֶּן אָדָם אִיז גֶעקוּמֶען 11
רֶעטֶען דָאס פֶערְלָארֶענֶע. וִויא אִיז אֵייעֶר מֵיינוּנְג? וֶוען אַיינֶער 12
זָאל הָאבֶּען הוּנְדֶערְט שָׁאף, אוּן אַיינֶער פָאן זֵיי זָאל זִיךְ הָאבֶּען
פֶערְאִירְט, וָואלְט עֶר נִיט אִיבֶּער גֶעלָאזְט דִיא נֵיין אוּן נֵיינְצִיג
אוֹיף דִיא בֶּערְג אוּן וָואלְט נִיט גֶעגַאנְגֶען זוּכֶען דִיא פֶערְאִירְטֶע?
אוּן וֶוען עֶס מַאכְט זִיךְ דָאס עֶר גֶעפִינְט זִיא אִין אֶמֶת׳ְעֶן זָאג אִיךְ 13
אַייךְ: עֶר וָואלְט זִיךְ אִיבֶּער אִיהר דֶערְפְרֵייט מֶעהר וִויא אִיבֶּער
דִיא נֵיין אוּן נֵיינְצִיג, דִיא נִיט פֶערְאִירְטֶע. אַזוֹי אִיז דָאס, מֵיין 14

פָאטֶער אִין הִימֶעל ווִיל נִיט דָאס אֵיינֶער פָאן דִיא קְלֵיינֶע זָאל
15 פֶערְלָארֶען ווֶערֶען. ווֶען דֵיין בְּרוּדֶער הָאט גֶעגֶען דִיר גֶעזִינְדִיגְט,
גֶעהֶע אוּן שְׁטְרָאף אִיהם צְווִישֶׁען אִיהם אוּן דִיר אַלֵיין אוֹיבּ עֶר
16 הֶערְט דִיךְ, אַזוֹי הָאסְט דוּא דִיר גֶעווָאוּנֶען דֵיין בְּרוּדֶער. הֶערְט
עֶר דִיר נִיט צוּא, נֶעם מִיט דִיר נָאךְ אֵיינֶעם אָדֶער צְווֵיי כְּדֵי דוּרְךְ
דֶעם מוֹיל פָאן צְווֵיי אָדֶער דְרֵיי עֵדוּת זָאל יֶעדֶער זַאךְ מְקוּיָם
17 ווֶערֶען. אוֹיבּ עֶר הֶערְט זֵיי אוֹיךְ נִיט, דֶערצֵייל דֶער גֶעמֵיינְדֶע,
אוֹיבּ עֶר הֶערְט דִיא גֶעמֵיינְדֶע אוֹיךְ נִיט, אַזוֹי זָאל עֶר פַאר דִיר
18 זֵיין ווִיא אֵיין גוֹי, אָדֶער אֵיין מוֹכֵס. אִין אֶמֶת'ֶען זָאג אִיךְ אֵייךְ:
ווָאס אִיהר ווֶעט אָסוּר מַאכֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, ווֶעט דָאס אָסוּר
זֵיין אוֹיף דֶעם הִימֶעל, אוּן ווָאס אִיהר ווֶעט מַתִּיר מַאכֶען אוֹיף
19 דֶער עֶרְד, ווֶעט דָאס מוּתָּר זֵיין אִין הִימֶעל. נָאךְ זָאג אִיךְ אַייךְ:
דָאס ווֶען צְווֵיי פָאן אַייךְ ווֶעלֶען אֵיינִיג ווֶערֶען אוֹיף דֶער עֶרְד צוּא
בֶּעטֶען, אוֹיף ווָאס פִיר אֵיין זַאךְ עֶס מֶעג זֵיין, אַזוֹי ווֶעט עֶס זֵיי
20 זֵיין פָאן מֵיין פָאטֶער אִין הִימֶעל. דֶען וואוּ צְווֵיי אָדֶער דְרֵיי קוּמֶען
צוּא זַאמֶען אִין מֵיין נָאמֶען, דָארְט בִּין אִיךְ דָא אִין זֵייעֶר מִיטֶען.
21 דַאמָאלְסְט אִיז פֶּטֶר צוּא גֶעקוּמֶען צוּא אִיהם אוּן הָאט
גֶעזָאגְט: הֶערְר, ווִיפִיל מָאל דַארְף מֶען מוֹחֵל זֵיין אֵיין בְּרוּדֶער,
22 ווֶעלְכֶער הָאט גֶעגֶען מִיר גֶעזִינְדִיגְט? יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט:
אִיךְ זָאג דִיר נִיט בִּיז זִיבֶּען מָאל נָאר בִּיז זִיבֶּען מָאל זִיבֶּעצִיג.
23 דֶערִיבֶּער אִיז דָאס מַלְכוּת שָׁמַיִם גְלֵייךְ צוּא אֵיין מַאן אֵיין מֶלֶךְ,
24 ווֶעלְכֶער הָאט גֶעווָאלְט זִיךְ אָבּ רֶעכֶענֶען מִיט זֵיינֶע קְנֶעכְט. ווֶען
עֶר הָאט אָנגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ צוּא רֶעכֶענֶען הָאט מֶען גֶעבְּרַאכְט צוּא
אִיהם אֵיינֶעם, ווֶעלְכֶער אִיז אִיהם שוּלְדִיג גֶעווֶען צֶעהֶן טוֹיזֶענְט
25 כִּכַּר (מַטְבֵּעוֹת). אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט נִיט גֶעהַאט צוּא בַּאצָאלֶען,
הָאט זֵיין הֶערְר גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל פַארְקוֹיפֶען אִיהם, זֵיין ווֵייבּ
זֵיינֶע קִינְדֶער, אוּן אַלְץ ווָאס עֶר הָאט גֶעהַאט, אוּן צוּא בֶּעצָאלֶען.
26 אוּן דֶער קְנֶעכְט אִיז גֶעפַאלֶען אוּן זִיךְ צוּא אִיהם גֶעבּוּקְט אוּן
27 גֶעזָאגְט: ווַארְט מִיר אוּן אִיךְ ווֶעל דִיר אַלֶעס בֶּעצָאלֶען. דֶער
הֶערְר הָאט בַּאקוּמֶען רַחֲמָנוּת אִיבֶּער דֶעם קְנֶעכְט, אוּן הָאט אִיהם
28 אָבּ גֶעלָאזְט, אוּן הָאט אִיהם מוֹחֵל גֶעווֶען דֶעם חוֹב. דֶער זֶעלְבֶּער
קְנֶעכְט, ווֶען עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעפוּנֶען אֵיינֶעם

פֿאַן זַײנֶע חֲבֵרִים, װעלכֶער אִיז אִיהם שׁוּלדִיג גֶעװֶעזֶען הוּנדֶערְט דִינָר
(מַטְבֵּעוֹת) הָאט עֶר אִיהם גֶעחַאפּט אוּן גֶעװָארְגֶען אוּן גֶעזָאגְט:
29 בֶּעצָאל מִיר װָאס דוּא בִּיסְט שׁוּלְדִיג. אַזוֹי אִיז זַיין חָבֵר גֶעפַאלֶען
צוּא זַײנֶע פִיס אִיהם גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט: װַארְט מִיר אָב, אִיך
30 װֶעל דִיר אַלֶעס בֶּעצָאלֶען. נוּר דֶער הָאט נִיט גֶעװָאלְט, אוּן אִיז
גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט אִיהם אַרַיין גֶעזֶעצְט אִין גֶעפֶיינְגֶענִיס, בִּיז עֶר
31 װֶעט אִיהם בֶּעצָאלֶען דֶעם חוֹב. װֶען זַײנֶע חֲבֵרִ״ם הָאבֶּען גֶעזֶעהֶן,
װָאס אִיז פָארְגֶעקוּמֶען, זַײנֶען זֵיי טְרוֹיעֶרִיג גֶעװָארֶען, אוּן זֵיי זַײנֶען
גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט אַלְץ װָאס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען זַײעֶר
32 הֶערְן. דַאמָאלְסְט הָאט דֶער הֶערְר אִיהם גֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט:
דוּא בֶּעזֶער קְנֶעכְט, דַײן גַאנְצֶען חוֹב הָאבּ אִיך דִיר מוֹחֵל גֶעװֶעזֶען
33 װייל דוּא הָאסְט מִיך גֶעבֶּעטֶען. דַארְפְסְט דוּא דֶען אוֹיךְ נִיט
רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף דַײן חַבֵר װִיא אִיך הָאבּ אוֹיף דִיר רַחֲמָנוּת
34 גֶעהַאט? אוּן זַײן הֶערְר אִיז אִין כַּעַס גֶעװָארֶען, אוּן הָאט אִיהם
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּא דִיא פֵּיינִיגֶער, בִּיז עֶר װֶעט אִיהם בֶּעצָאלֶען
35 דֶעם גַאנְצֶען חוֹב. אַזוֹי װֶעט אוֹיךְ מֵיין פָאטֶער אִין הִימֶעל אַײךְ
טָאן װֶען יֶעדֶער פָאן אַײךְ װֶעט נִיט מוֹחֵל זַײן מִיטְן גַאנְצֶען הַארְצֶען
זַײן בְּרוּדֶער װֶעלְכֶער הָאט גֶעזִינְדִיגְט גֶעגֶען אִיהם.
יט װֶען יְשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְדֶעט דִיא װֶערְטֶער, אִיז עֶר אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען פָאן גָלִיל, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם גֶעגֶענְד פָאן יְהוּדָה,
2 פָאן יֶענֶער זֵייט יַרְדֵן. פִיל מֶענְשֶׁען זֶענֶען אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען,
3 אוּן עֶר הָאט זֵיי דָארְט גֶעהֵיילְט. אוּן דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען צוּא
גֶעגַאנְגֶען צוּא אִיהם אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעפְּרוּבְט אוּן גֶעזָאגְט: מֶעג
אַיין מֶענְשׁ זִיךְ צוּא שֵׁיידֶען מִיט זַײן װַײבּ פַאר יֶעדֶער סִבָּה
4 (אוּרְזַאכֶע)? אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: הָאט אִיהר
דֶען נִיט גֶעלֶעזֶען, דָאס דֶער בַּאשֶׁעפֶער אִין אָנְפַאנְג הָאט אַיין זָכָר
5 אוּן אַיין נְקֵבָה זֵיי בֶּעשַׁאפֶען. אוּן הָאט גֶעזָאגְט: דֶערִיבֶּער
פַארְלָאזְט אַיין מֶענְשׁ דֶען פָאטֶער אוּן מוּטֶער אוּן אִיז זִיךְ מְדַבֵּק
6 צוּא זַײן װַײבּ, אוּן צְװֵיי װֶערֶען אַיין פְלֵיישׁ. אוּן אַזוֹי זֶענֶען זֵיי שׁוֹין
נִיט צְװֵיי, נוּר אַיין גוּף, דֶערִיבֶּער װָאס גָאט הָאט פֶערְאֵיינִיגְט,
7 דָאס זָאל קֵיין מֶענְשׁ נִיט צוּא שֵׁיידֶען. זֵיי זָאגֶען אִיהם: װִיא אַזוֹי
דֶען הָאט משֶׁה גֶעבָּאטֶען, דָאס מֶען זָאל גֶעבֶּען אַיין גֶט, אוּן זִיךְ

8 מִיט אִיהר צוּא שֵׁיידֶען? אוּן עֶר זָאגְט זֵיי: וֶועגֶען אֵייעֶר הַארְט
הֶערְצִיגְקֵייט הָאט משֶׁה אַייך מַתִּיר גֶעמַאכְט צוּא שֵׁיידֶען זִיךְ מִיט
9 אֵייעֶרֶע וַוייבֶּער, אָבֶּער פָאן אָנְפַאנְג אִיז נִיט אַזוֹי גֶעוֶועןָ. נוּר אִיךְ
זָאג אַייךְ: וֶוער עֶס צוּא שֵׁיידֶעט זִיךְ מִיט זֵיין וַוייבּ, נִיט וֶועגֶען
נִאוּף, אוּן הָאט חֲתוּנָה מִיט אֵיין אַנְדֶערֶע, אִיז אֵיין נוֹאֵף, אוּן דֶער
10 וָואס נֶעמְט אֵיין גְרוּשָׁה אִיז אֵיין נוֹאֵף. אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים זָאגֶען
אִיהם: וֶוען דִיא זַאךְ צְווִישֶׁען מַאן אוּן וַוייבּ אִיז אַזוֹי, אִיז דָאךְ
11 בֶּעסֶער מֶען זָאל גָאר נִיט חֲתוּנָה הָאבֶּען. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט:
נִיט יֶעדֶער קָאן מְקַבֵּל זֵיין דָאס וָוארְט, נוּר וֶועמֶען עֶס אִיז גֶעגֶעבֶּען
12 גֶעוָוארֶען. דֶען עֶס זֶענֶען דָא סָרִיסִים, וֶועלְכֶע זֶענֶען פָאן דֶער
מוּטֶערְס לֵייבּ אַזוֹי גֶעבָּארֶען, אוּן עֶס זֶענֶען דָא סָרִיסִים וֶועלְכֶע
מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זֵיי מְסָרֵס גֶעוֶועןָ, אוּן עֶס זֶענֶען דָא סָרִיסִים,
וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין מְסָרֵס גֶעוֶועןָ וֶועגֶען דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם,
13 וֶוער עֶס קָאן מְקַבֵּל זֵיין, לָאז מְקַבֵּל זֵיין. דַאמָאלְסְט זֵיינֶען
צוּא גֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען צוּא אִיהם קִינְדֶער, כְּדֵי עֶר זָאל אוֹיף
זֵיי דִיא הֶענְד לֶעגֶען אוּן זָאל מִתְפַּלֵל זֵיין, אוּן דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען
14 אוֹיף זֵיי אָן גֶעשְׁרִיגֶען. נוּר יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט: לָאזְט צוּא דִיא
קִינְדֶער, אוּן שְׁטֶערְט זֵיי נִיט צוּא קוּמֶען צוּא מִיר, דֶען דָאס מַלְכוּת
15 הַשָּׁמַיִם אִיז זֵייעֶרֶעס. אוּן עֶר הָאט אוֹיף זֵיי גֶעלֶעגְט דִיא הֶענְד,
16 אוּן אִיז פָאן דָארְטֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען. אוּן זֶעה, אֵיינֶער אִיז
צוּא גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: גוּטֶער רַבִּי! וָואס פַאר
אֵיינֶע גוּטֶע זַאךְ זָאל אִיךְ טָאן, כְּדֵי אִיךְ זָאל הָאבֶּען דָאס עֶווִיגֶע
17 לֶעבֶּען? אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: וָואס רוּפְסְט דוּא מֵיךְ גוּטֶער,
קֵיינֶער אִיז נִיט גוּט, אוֹיסֶער אֵיין גָאטְט, וֶוען דוּא ווִילְסְט אַרֵיין
18 גֶעהְן אִין לֶעבֶּען הִיט דִיא מִצְוֹת. עֶר זָאגְט אִיהם: וֶועלְכֶע? יֵשׁוּעַ
זָאגְט אִיהם: לֹא תִרְצָח, לֹא תִנְאָף, לֹא תִגְנוֹב, לֹא תַעֲנֶה עֵד שָׁקֶר,
(דוּא זָאלְסְט נִיט טוֹיטֶען, זָאלְסְט נִיט מְנַאֵף זֵיין, זָאלְסְט נִיט גַנְבֶ'נֶען
19 זָאלְסְט נִיט פַאלְשֶׁע עֵדוּת זָאגֶען). כַּבֵּד אֶת אָבִיךָ וְאִמֶּךָ, וְאָהַבְתָּ
לְרֵעֲךָ כָּמוֹךָ (עֶהרֶע דֵיין פָאטֶער אוּן מוּטֶער, אוּן זָאלְסְט לִיבֶּען
20 דֵיין חַבֵר ווִיא זִיךְ אַלֵיין). דֶער יוּנְגֶער מַאן זָאגְט אִיהם: דָאס
אַלֶעס הָאבּ אִיךְ אָבּ גֶעהִיט פָאן מֵיין יוּגֶענְד אָן, וָואס פֶעלְט
21 מִיר? יֵשׁוּעַ זָאגְט אִיהם: אוֹיבּ דוּא ווִילְסְט זֵיין אֵיין פָאלְקָאמֶענֶער

גֶעה, פַאר קױף דײן פַארְמֶעגֶען און צוּא טײל אָרֶעמֶע לֵײט, װֶעסְט
דוּא הָאבֶּען אַיין אוֹצָר אִין הִימֶעל, און גֶעה מִיר נָאךְ. װֶען דֶער 22
יוּנְגֶער מַאן הָאט דָאס גֶעהֶערְט, אִיז עֶר אַװֶעק גֶעגַאנְגֶען טְרױעֶרִיג,
װַײל עֶר הָאט גֶעהַאט פִילֶע גִיטֶער. און יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט זַײנֶע 23
תַּלְמִידִים: אִין אֶמֶת׳ען זָאג אִיך אַייך: פַאר אַיין עוֹשֶׁר װֶערְט
שְׁװֶער אַרַיין צוּא קוּמֶען אִין דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים. נָאךְ זָאג אִיךְ 24
אַייך: עֶס אִיז לֵייכְטֶער פַאר אַיין קֶעמֶעל דוּרְךְ צוּא גֶעהֶן דוּרְךְ
אַיין אױעֶר פָאן אַיין נָאדֶעל אײדֶער פַאר אַיין עוֹשֶׁר אַרַיין צוּא
קוּמֶען אִין מַלְכוּת אֱלֹהִים. װֶען זַײנֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס 25
גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ זֶעהר דֶערְשְׁרָאקֶען, און גֶעזָאגְט: װֶען אַזױ,
װֶער קָאן זִיךְ רֶעטֶען? יֵשׁוּעַ אָבֶּער הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: פַאר מֶענְשֶׁען 26
אִיז דָאס אוּנְמֶעגְלִיךְ, פַאר גָאטְט אָבֶּער אִיז אַלֶעס מֶעגְלִיךְ.
דַאמָאלְסְט הָאט פֶּטֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט, און גֶעזָאגְט: זֶעה, מִיר הָאבֶּען 27
אַלֶעס פֶערְלָאזֶען און מִיר זֶענֶען דִיר נָאךְ גֶעגַאנְגֶען, װָאס װֶעלֶען
מִיר הָאבֶּען? און יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אַייךְ: 28
דָאס אִיהר, װֶעלְכֶע אִיהר זֶענְט מִיר נָאךְ גֶעגַאנְגֶען, אִין דֶער נֵייעֶר
װֶעלְט, װֶען דֶער בֶּן־אָדָם װֶעט זִיצֶען אוֹיף זַיין כִּסֵא הַכָּבוֹד, װֶעט
אִיהר אוֹיךְ זִיצֶען אוֹיף צְװֶעלְף שְׁטוּלֶען צוּא מִשְׁפָּט׳ן דִיא צְװֶעלְף
שְׁבָטִים פָאן דִיא יִשְׂרָאֵל. און יֶעדֶער, װֶער עֶס פֶערְלָאזְט הֵייזֶער, 29
אָדֶער בְּרִידֶער, אָדֶער שְׁװֶעסְטֶער, אָדֶער פָאטֶער, אָדֶער מוּטֶער,
אָדֶער װײבּ, אָדֶער קִינְדֶער, אָדֶער פֶעלְדֶער, פָאן מֵיין נָאמֶען
װֶעגֶען, װֶעט מְקַבֵּל זַיין הוּנְדֶערְט מָאל אַזױ פִיל און װֶעט יַרְשֶׁ׳נֶען
דָאס עֶוױגֶע לֶעבֶּען. פִיל װֶעלְכֶע זֶענֶען עֶרְשְׁטֶע, װֶעלֶען זַיין לֶעצְטֶע, 30
און לֶעצְטֶע װֶעלֶען זַיין עֶרְשְׁטֶע.

דֶען דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ, װִיא אַיין בַּעַל־הַבַּיִת, װָאס כ
אִיז אַרױס גֶעגַאנְגֶען אִין פְרִיה מָארְגֶען, צוּא דִינְגֶען אַרְבֵּייטֶער פַאר
זַיין װֵיינְגָארְטֶען. נָאךְ דֶעם װִיא עֶר הָאט זִיךְ בֶּעדוּנְגֶען מִיט דִיא 2
אַרְבֵּייטֶער צוּא דִינָר (מַטְבֵּעַ) פַאר אַיין טָאג, הָאט עֶר זֵיי גֶעשִׁיקְט
אִין זַיין װֵיינְגָארְטֶען. װֶען עֶר אִיז אַרױס גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער דְרִיטֶער 3
שָׁעָה, הָאט עֶר גֶעזֶעהן אַנְדֶערֶע, װֶעלְכֶע זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶעם
מַארְק לֶעדִיג. און עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: גֶעהְט אִיהר אוֹיךְ אִין 4
מֵיין װֵיינְגָארְטֶען, און װָאס עֶס װֶעט רֶעכְט זַיין װֶעל אִיךְ אַייךְ

5 גֶעבֶּען; זֵיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען. אִין דֶער זֶעכְּסְטֶער שָׁעָה אוּן דֶער
נֵיינְטֶער שָׁעָה, אִיז עֶר נָאךְ אֵיין מָאל אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט
6 דָאס זֶעלְבֶּע גֶעטָאן. אוּן אַרוּם דֶער עֶלְפְטֶער שָׁעָה, אִיז עֶר אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעטְרָאפֶען דָארְטֶען אַנְדֶערֶע, וֶועלְכֶע זֶענֶען
גֶעשְׁטַאנֶען לֶעדִיג, אוּן זָאגְט צוּא זֵיי: וָואס שְׁטֶעהְט אִיהר דָא דֶען
7 גַאנְצֶען טָאג לֶעדִיג? זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: קֵיינֶער הָאט אוּנְז
נִיט גֶעדוּנְגֶען, אוּן עֶר זָאגְט זֵיי: גֶעהְט אִיהר אוֹיךְ אִין מֵיין
וֵויינְגָארְטֶען, אוּן וָואס עֶס וֶועט רֶעכְט זֵיין וֶועט אִיהר מְקַבֵּל זֵיין.
8 וֶוען עֶס אִיז אָוֶועְנְד גֶעוָוארֶען, הָאט דֶער הֶערְר פָאן דֶעם
וֵויינְגָארְטֶען גֶעזָאגְט צוּא זֵיין פֶערְוַואלְטֶער: רוּף דִיא אַרְבֵּייטֶער,
אוּן גִיבּ זֵיי זֵייעֶר שְׂכַר, הֵייבּ אָן פָאן דִיא לֶעצְטֶע, בִּיז דִיא עֶרְשְׁטֶע.
9 אוּן דִיא, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶער עֶלְפְטֶער שָׁעָה הָאבֶּען
10 מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען צוּא דִינָר. דִיא, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען.
הָאבֶּען גֶעדַאכְט, דָאס זֵיי וֶועלֶען מְקַבֵּל זֵיין מֶעהְרֶער, נוּר זֵיי
11 הָאבֶּען אוֹיךְ מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען צוּא דִינָר. וֶוען זֵיי הָאבֶּען מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען,
12 זֶענֶען זֵיי אוּנְצוּפְרִידֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶעם בַּעַל־הַבַּיִת. אוּן הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: דִיא לֶעצְטֶע הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט אֵיין שָׁעָה, אוּן דוּא
פֶערְגְלֵייכְסְט זֵיי מִיט אוּנְז, וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעלִיטֶען דָאס שְׁוֶוערְקֵייט
13 פָאן דֶעם טָאג, אוּן דִיא הִיץ. עֶר אָבֶּער הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן
גֶעזָאגְט צוּא אֵיינֶעם פָאן זֵיי: פְרֵיינְד! אִיךְ טְהוּעֶ דִיר נִיט קֵיין
עַוְלָה הָאסְט דוּא דֶען נִיט אָבּ גֶעמַאכְט מִיט מִיר פַאר אֵיין דִינָר?
14 נֶעם דִיר דֵיינֶעס, אוּן גֶעה, אִיךְ וִויל גֶעבֶּען דֶעם לֶעצְטֶען דָאס
15 זֶעלְבֶּע וָואס דִיר. הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט קֵיין רְשׁוּת צוּא טָאן מִיט
דָאס מֵיינִיגֶע וָואס אִיךְ וִויל? אָדֶער אִיז דֵיין אוֹיג שְׁלֶעכְט וֵוייל
16 אִיךְ בִּין אֵיין גוּטֶער? אַזוֹי וֶועלֶען דִיא לֶעצְטֶע זֵיין דִיא עֶרְשְׁטֶע,
אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע לֶעצְטֶע, דֶען פִיל זֶענֶען גֶערוּפֶענֶע אוּן וֶוענִיג זֶענֶען
17 אוֹיסְדֶערְוֵוילְטֶע. אוּן וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם,
הָאט עֶר אוֹיף דֶעם וֶועג גֶענוּמֶען דִיא צְוֶועלְף תַּלְמִידִים אָן דֶער
18 זֵייט וואוּ נוּר זֵיי אַלֵיין זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: נוּן מִיר
גֶעהֶען אַרוֹיף קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּן דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען
וֶוערֶען צוּא דִיא עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים, אוּן סוֹפְרִים, אוּן זֵיי וֶועלֶען אִיהם
19 מְשַׁפְּטְ'ן צוּם טוֹיט. אוּן זֵיי וֶועלֶען אִיהם אִיבֶּער גֶעבֶּען צוּא דִיא

גוֹיִם, מֶען זָאל אִיהם מְבַזֶה זַיין, מִיט רִיטֶער שְׁלָאגֶען, אוּן קְרֵייצִיגֶען,
20 אוּן אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר אוֹיף שְׁטֶעהְן. דַאמָאלְסְט
אִיז צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּא אִיהם דִיא מוּטְטֶער פָאן זַבְדִים קִינְדֶער מִיט
אִיהרֶע זֶעהנֶע, אוּן וֶוען זִיא הָאט זִיךְ גֶעבּוּקְט הָאט זִיא עֶטְוָואס בַּיי
21 אִיהם גֶעבֶּעטֶען. אוּן עֶר הָאט אִיהר גֶעזָאגְט: וָואס ווִילְסְט דוּא?
זִיא זָאגְט אִיהם: זָאג דָאס דִיזֶע צְווֵיי זֶעהנֶע מֵיינֶע זָאלֶען זִיצֶען
בַּיי דִיר, אֵיינֶער אִין דֶער רֶעכְטֶער זַייט אוּן דֶער אַנְדֶערֶער אִין
22 דֶער לִינְקֶער, אִין דַיין מְלוּכָה. יֵשׁוּעַ הָאט אִיהר גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּן גֶעזָאגְט: אִיהר ווֵייסְט נִיט וָואס אִיהר פֶערְלַאנְגְט, קָאנְט אִיהר
דֶען טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס, וָועלְכֶען אִיךְ וֶועל טְרִינְקֶען אָדֶער זִיךְ
טוֹבְלֶ'ען אִין דֶער טְבִילָה, אִין וָועלְכֶער אִיךְ וֶועל מִיךְ טוֹבְלֶ'ען?
23 אוּן זֵיי זָאגֶען אִיהם: מִיר קֶענֶען. אוּן עֶר זָאגְט: מֵיין כּוֹס וֶועט
אִיהר טְרִינְקֶען, אוּן מֵיין טְבִילָה, אִין וָועלְכֶער אִיךְ וֶועל מִיךְ
טוֹבְלֶ'ען, וֶועט אִיהר זִיךְ טוֹבְלֶ'ען נוּר צוּא גֶעבֶּען אֵייךְ צוּא זֶעצֶען
זִיךְ בַּיי מִיר אִין דֶער רֶעכְטֶער זַייט, אוּן אִין דֶער לִינְקֶער גֶעהֶערְט
נִיט מִיר צוּא גֶעבֶּען, נוּר דָאס אִיז פַאר דִיא, פַאר וָועלְכֶע מֵיין
24 פָאטֶער הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט. וֶוען דִיא צֶעהֶען הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט,
זֶענֶען זֵיי אוּנְצוּפְרִידֶען גֶעוָוארֶען, אִיבֶּער דִיא צְווֵיי בְּרִידֶער.
25 יֵשׁוּעַ אָבֶּער הָאט זֵיי צוּא גֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט: אִיהר ווֵייסְט דָאס
דִיא עֶלְטְסְטֶע פָאן דִיא פֶעלְקֶער הֶערְשֶׁען אוֹיף זֵיי, אוּן דִיא גְרוֹיסֶע
26 גֶעוועלְטִיגֶען אִיבֶּער זֵיי. נוּר צְווִישֶׁען אֵייךְ זָאל אַזוֹי נִיט זַיין, נוּר
וֶוער פָאן אֵייךְ, עֶס ווִיל זַיין דֶער גְרֶעסְטֶער, דֶער זָאל אֵייךְ זַיין
27 אֵיין מְשָׁרֵת. אוּן וֶוער פָאן אֵייךְ, עֶס ווִיל זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער, זָאל
28 אֵייךְ זַיין אֵיין קְנֶעכְט. אַזוֹי ווִיא דֶער בֶּן־אָדָם אִיז נִיט גֶעקוּמֶען
מֶען זָאל אִיהם בֶּעדִינֶען, נוּר עֶר זָאל דִינֶען אוּן אַוֶועק גֶעבֶּען זַיין
29 לֶעבֶּען אֵיין כַּפָּרָה פַאר פִילֶען. אוּן וֶוען זֵיי זֶענֶען אַרוֹיס
30 גֶעגַאנְגֶען פָאן יְרִיחוֹ, אִיז פִיל פָאלְק נָאךְ זֵיי גֶעגַאנְגֶען. אוּן נוּן
צְווֵיי בְּלִינְדֶע, וָואס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען בַּיים וֶועג, וֶוען זֵיי הָאבֶּען
דֶערְהֶערְט, דָאס יֵשׁוּעַ גֶעהט דוּרְךְ, הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּא
31 שְׁרֵייעֶן: הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף אוּנְז, הֶערְר, זָאהן דָוִד'ס. דָאס פָאלְק
הָאט אָנְגֶעשְׁרִיגֶען אוֹיף זֵיי, דָאס זֵיי זָאלֶען שְׁווֵייגֶען, נוּר זֵיי הָאבֶּען
נָאךְ מֶעהרֶער גֶעשְׁרִיגֶען: הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף אוּנְז הֶערְר, זָאהן

32 דָוִד'ס. יֵשׁוּעַ הָאט זִיך אָבּ גֶעשְׁטֶעלְט, אוּן הָאט זֵיי צוּא גֶערוּפֶן
33 אוּן גֶעזָאגְט: וָואס ווִילְט אִיהר, דָאס אִיך זָאל אַייך טָאן? אוּן זֵיי
זָאגֶען אִיהם הֶערְר: דָאס אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען זָאלֶען גֶעעֶפֶענְט וֶוערֶען.
34 יֵשׁוּעַ הָאט רַחֲמָנוּת בַּאקוּמֶען, אוּן הָאט אָנְגֶערִירְט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען,
אוּן בַּאלְד זֶענֶען זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען, אוּן זֵיי זֵיינֶען
נָאך אִיהם נָאך גֶעגַאנְגֶען.

כא וֶוען זֵיי הָאבֶּען זִיך גֶענֶעהֶענְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען
קֵיין בֵּית־פַּגֵי צוּם הַר־הַזֵּתִים, הָאט יֵשׁוּעַ דַאמָאלְסְט גֶעשִׁיקְט
2 צְווֵיי תַּלְמִידִים. אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: גֶעהְט אַרֵיין אִין דָארְף,
וָואס אִיז גְלֵייך אַנְטְקֶעגֶען אַייך, אוּן אִיהר וֶועט בַּאלְד גֶעפִינֶען
אַיין צוּא גֶעבּוּנְדֶענֶעם אֵייזֶעל אוּן אַיין יוּנְגֶען אֵייזֶעלֶע בֵּיי אִיהם,
3 בִּינְדֶעט עֶס אָבּ אוּן בְּרֶענְגֶט עֶס צוּא מִיר. אוּן וֶוען אֵיינֶער וֶועט
אַייך עֶטְוָואס זָאגֶען, עֶנְטְפֶערְט אִיהם, דֶער הֶערְר בֶּעדַארְף זֵיי
4 אוּן עֶר וֶועט בַּאלְד זֵיי שִׁיקֶען. דָאס אַלֶעס אִיז גֶעוֶועֶן, כְּדֵי עֶס
זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען, וָואס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּרְך דֶעם נָבִיא,
5 וֶועלְכֶער זָאגְט: זָאגְט דֶער טָאכְטֶער צִיוֹן זֶעה, דֵיין מֶלֶך קוּמְט
צוּא דִיר, עֶר אִיז זַאנְפְטְמִיטִיג, אוּן רֵייטֶעט אוֹיף אֵיין אֵייזֶעל אוּן
אֵיין יוּנְגֶען, וֶועלְכֶער קוּמְט אַרוֹיס פָאן אֵיין זוּימְטְהִיר (אֵיין אַרְט
6 אֵייזֶעל). דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען גֶעטָאן, וִויא
7 יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי בַּאפוֹילֶען. זֵיי הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דֶעם אֵייזֶעל מִיט
דֶעם יוּנְגֶען אֵייזֶעל אוּן הָאבֶּען דֶערוֹיף אַרוֹיף גֶעלֵייגְט זֵייעֶרֶע
8 קְלֵיידֶער, אוּן הָאבֶּען אִיהם אַרוֹיף גֶעזֶעצְט אוֹיף זֵיי. אוּן פִיל
פָאלְק הָאבֶּען גֶעלֵייגְט זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער, אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּן אַנְדֶערֶע
הָאבֶּען אָבּ גֶעשְׁנִיטֶען צְווֵייגֶען פָאן דִיא בּוֹימֶער, אוּן הָאבֶּען
9 גֶעשְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶעם וֶועג. אוּן דָאס פָאלְק וָואס אִיז גֶעגַאנְגֶען
פַאר אִיהם אוּן נָאך אִיהם, הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען: הוֹשַׁע־נָא בֶּן־דָוִד!
10 בָּרוּךְ־הַבָּא בְּשֵׁם יְהוָֹה. הוֹשַׁע־נָא בַּמְרוֹמִים! אוּן וֶוען עֶר אִיז
אַרֵיין גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אִיז דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט בַּאוֶועגְט
11 גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט: וֶוער אִיז דֶער? דָאס פָאלְק הָאט
12 גֶעזָאגְט: דָאס אִיז יֵשׁוּעַ, דֶער נָבִיא פָאן נָצֶרֶת אִין גָלִיל. אוּן
יֵשׁוּעַ אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ פָאן גָאטְט אוּן הָאט
אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען אַלֶע וָואס פַארְקוֹיפֶען אוּן קוֹיפֶען אִין הֵיכָל, אוּן

הָאט אוּמְגֶעוָוארְפֶען דִיא טִישֶׁען פָאן דִיא חַלְפָנִים אוּן דִיא בֶּענְק
13 פָאן דִיא טוֹיבֶּען פֶערְקוֹיפֶערְס. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: עֶס אִיז
גֶעשְׁרִיבֶּען מֵיין הוֹיז וָועט גֶערוּפֶען וָוערֶען אֵיין בֵּית תְּפִלָּה, אוּן אִיהר
14 הָאט דָאס גֶעמַאכְט פַאר אֵיין הֵייל פָאן רוֹיבֶּער. אוּן אִין בֵּית
הַמִקְדָשׁ זֶענֶען צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּא אִיהם בְּלִינְדֶע אוּן הִינְקֶענְדִיגֶע,
15 אוּן עֶר הָאט זֵיי אוֹיס גֶעהֵיילְט. וָוען דִיא עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן
דִיא סוֹפְרִים הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא ווּאוּנְדֶער, וֶועלְכֶע עֶר הָאט
גֶעטָאן, אוּן דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אִין הֵיכָל
אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: הוֹשַׁע־נָא בֶּן־דָוִד! הָאט דָאס זֵיי פֶערְדְרָאסֶען,
16 אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: דוּא הֶערְסְט וָואס זֵיי זָאגֶען? יֵשׁוּעַ אָבֶּער
הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: יָא! הָאט אִיהר דֶען קֵיין מָאל נִיט גֶעלֶעזֶען: פָאן
דֶעם מוֹיל פָאן קְלֵיינֶע אוּן זֵייגֶענְדִיגֶע קִינְדֶער, הָאסְט דוּא גֶעגְרִינְדֶעט
17 שֶׁבַח (לוֹיבּ). אוּן עֶר הָאט זֵיי פֶערְלָאזְט, אוּן אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען
18 פָאן דֶער שְׁטָאדְט קֵיין בֵּית־עַנְיָא אוּן הָאט דָארְט גֶענֶעכְטִיגְט. אוּן
דָאס מָארְגֶענְס פְּרִיה וָוען עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט אִין שְׁטָאדְט
19 אַרֵיין, אִיז עֶר הוּנְגֶערִיג גֶעוֶועזֶען. אוּן וָוען עֶר הָאט דֶערְזֶעהֶען בֵּיים
וֶועג אֵיין פֵייגֶען־בּוֹים אִיז עֶר צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּא אִיהם, אוּן וָוען
עֶר הָאט אוֹיף אִיהם גָאר נִיט גֶעפוּנְדֶען, נוּר הֵיילֶע בְּלֶעטֶער, הָאט
עֶר אִיהם גֶעזָאגְט: עֶס זָאל שׁוֹין פָאן דִיר עֶווִיג קֵיין פֵּרוֹת נִיט זֵיין,
20 אוּן דֶער פֵייגֶען־בּוֹים אִיז בַּאלְד פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען. וָוען דִיא
תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעווּאוּנְדֶערְט אוּן
גֶעזָאגְט: וִויא גֶעשְׁווִינְד אִיז דֶער פֵייגֶען־בּוֹים פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען?
21 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִין אֱמֶת'עֶן זָאג אִיךְ
אֵייךְ: וָוען עֶס וָועט בֵּיי אֵייךְ זַיין אֱמוּנָה אוּן וָועט נִיט צְווֵייפְלֶען,
וָועט אִיהר נִיט נוּר דָאס טָאן וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען מִיט דֶעם פֵייגֶען־
בּוֹים אִיהר וָועט אוֹיךְ דִיזֶען בַּארְג זָאגֶען: הוֹיבּ דִיךְ אוֹיף, אוּן
22 וַוארְף דִיךְ אַרֵיין אִין יַם, אוּן דָאס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען. אוּן אַלֶעס וָואס
אִיהר וֶועט נוּר בֶּעטֶען אִין אֵייעֶר תְּפִלָּה מִיט אֱמוּנָה וָועט אִיהר
23 מְקַבֵּל זַיין. אוּן וָוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּן
הָאט גֶעלֶערֶענְט, זֶענֶען צוּא אִיהם צוּא גֶעגַאנְגֶען דִיא עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים
אוּן דִיא זְקֵנִים פָאן דֶעם פָאלְק, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: מִיט וָואס
פַאר אֵיין מַאכְט טְהוּסְט דוּא דָאס? אוּן וֶוער הָאט דִיר גֶעגֶעבֶּען

24 דִיזֶע מַאכְט? יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ וֶועל
אַייךְ אוֹיךְ פְרֶעגֶען אֵיין זַאךְ: אוֹיבּ אִיהר וֶועט מִיר גֶעבֶּען אֵיין
עֶנְטְפֶער, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אַייךְ גֶעבֶּען אֵיין עֶנְטְפֶער, מִיט וָואס פַאר
25 אֵיין מַאכְט אִיךְ טְהוּעֶ דִיזֶעס. דִיא טְבִילָה פָאן יוֹחָנָן, פָאן וֶועמֶען
אִיז זִיא גֶעוֶועזֶען? פָאן הִימֶעל אָדֶער פָאן מֶענְשֶׁען? זֵיי הָאבֶּען צְווִישֶׁען
זִיךְ אִיבֶּער גֶעלֵייגְט: וֶוען מִיר וֶועלֶען זָאגֶען, פָאן הִימֶעל, וֶועט עֶר
26 אוּנְז זָאגֶען: וָוארוּם הָאט אִיהר דֶען אִיהם נִיט גֶעגְלוֹיבְּט? וֶועלֶען
מִיר אָבֶּער זָאגֶען: פָאן מֶענְשֶׁען, הָאבֶּען מִיר מוֹרָא צוּא הָאבֶּען
פַאר דֶעם פָאלְק, דֶען אַלֶע הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען יוֹחָנָן פַאר אֵיין
27 נָבִיא. אוּן זֵיי הָאבֶּען יֵשׁוּעַ'ן גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: מִיר וֵוייסֶען
נִיט, אוּן עֶר הָאט זֵיי אוֹיךְ גֶעזָאגְט: אִיךְ וִויל אַייךְ אוֹיךְ נִיט זָאגֶען,
28 מִיט וָואס פַאר אֵיין מַאכְט אִיךְ טְהוּעֶ דִיזֶעס. וִויא שֵׁיינְט עֶס
אַייךְ? אֵיין מַאן הָאט גֶעהַאט צְווֵיי זֶעהְנֶע אוּן עֶר אִיז צוּא גֶעגַאנְגֶען
צוּא דֶעם עֶרְשְׁטֶען אוּן זָאגְט: קִינְד גֶעה, אַרְבֵּייט הֵיינְט אִין מֵיין
29 וֵויינְגָארְטֶען. נוּר עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ וִויל נִיט,
30 שְׁפֶּעטֶער אָבֶּער הָאט עֶר חֲרָטָה בַּאקָאמֶען, אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען. אוּן
וֶוען עֶר אִיז צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּא דֶעם אַנְדֶערֶען אוּן הָאט אִיהם
גֶעזָאגְט, דָאס זֶעלְבֶּע, הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ גֶעה,
31 הֶערְר! אוּן אִיז נִיט גֶעגַאנְגֶען. וֶוער פָאן דִיא בֵּיידֶע הָאט דֶערְפִילְט
דֶעם פָאטֶערְס רָצוֹן: זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: דֶער עֶרְשְׁטֶער.
יֵשׁוּעַ זָאגְט זֵיי: אִין אֶמֶת'ֶען זָאג אִיךְ אַייךְ: דָאס דִיא מוֹכְסִים אוּן
32 דִיא זוֹנוֹת קוּמֶען פְרִיהֶער פָאן אַייךְ אִין דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים. דֶען
יוֹחָנָן אִיז גֶעקוּמֶען צוּא אַייךְ מִיט דֶער אָנְוֵוייזוּנְג פָאן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
אוּן אִיהר הָאט אִיהם נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, דִיא מוֹכְסִים אוּן דִיא זוֹנוֹת
אָבֶּער הָאבֶּען אִיהם יַא גֶעגְלוֹיבְּט, הַגַם אִיהר הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען,
הָאט קֵיין חֲרָטָה נִיט גֶעהַאט דָאס אִיהר זָאלְט אִיהם גְלוֹיבֶּען.
33 הֶערְט אוֹיס אֵיין אַנְדֶער מָשָׁל: עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין בַּעַל־
הַבַּיִת, וֶועלְכֶער הָאט גֶעפְלַאנְצְט אֵיין וֵויינְגָארְטֶען אוּן הָאט אַרוּם
אִיהם גֶעמַאכְט אֵיין צוֹים, אוֹיס גֶעגְרָאבֶּען אִין אִיהם אֵיין קֶעלְטֶער;
אוֹיס גֶעבּוֹיט אֵיין טוּרֶעם, אוּן הָאט אִיהם אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען צוּא
34 וֵויינְגֶערְטְנֶער, אוּן עֶר הָאט פֶערְלָאזֶען זֵיין לַאנְד. וֶוען עֶס הָאט
זִיךְ גֶענֶעהֶענְט דִיא צֵייט פָאן דִיא פֵּרוֹת, הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט זֵיינֶע

35 דִינֶער צוּא דִיא וַויינְגֶערְטְנֶער, זֵיי זָאלֶען נֶעמֶען זַיינֶע פֵּרוֹת. דִיא
וַויינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען גֶענוּמֶען זַיינֶע דִינֶער, אֵיינֶעם הָאבֶּען זֵיי
גֶעשְׁלָאגֶען, אֵיינֶעם הָאבֶּען זֵיי גֶעטֵייטֶעט, אוּן אֵיינֶעם הָאבֶּען זֵיי
36 פֶּערְשְׁטֵיינְט. עֶר הָאט נָאךְ אֵיין מָאל גֶעשִׁיקְט אַנְדֶערֶע דִינֶער,
מֶעהר וִויא דֶעם עֶרְשְׁטֶען מָאל, אוּן זֵיי הָאבֶּען זֵיי גֶעטָאן דָאס
37 זֶעלְבֶּע. עֶנְדְלִיךְ, הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט צוּא זֵיי זֵיין זָאהְן, אוּן הָאט
38 בֵּיי זִיךְ גֶעזָאגְט: זֵיי וֶועלֶען מוֹרָא הָאבֶּען פַאר מֵיין זָאהְן. אָבֶּער
וֶוען דִיא וַויינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען דֶער זֶעהֶען דֶעם זָאהְן, הָאבֶּען זֵיי
אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט: דָאס אִיז דֶער יוֹרֵשׁ, קוּמְט לָאזְט
39 אוּנְז אִיהם הַרְגֶ'נֶען אוּן צוּא נֶעמֶען זֵיין יְרוּשָׁה פַאר אוּנְז אַלֵיין. אוּן
זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶענוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהם אַרוֹיס גֶעוָוארְפֶען פָאן
40 דֶעם וַויינְגָארְטֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהם דֶער הַרְגֶעט. אוּן, נוּן, וֶוען
דֶער בַּעַל־הַבַּיִת פָאן דֶעם וַויינְגָארְטֶען וֶועט קוּמֶען, וָואס וֶועט עֶר
41 מִיט דִיא וַויינְגֶערְטְנֶער מַאכֶען? זֵיי זָאגֶען אִיהם: דִיא שְׁלֶעכְטֶע
וֶועט עֶר מִיט אֵיין שְׁלֶעכְטֶען טוֹיט אוּמְבְּרֵיינְגֶען, אוּן דֶעם וַויינְ־
גָארְטֶען וֶועט עֶר אַוֶועקְגֶעבֶּען צוּא אַנְדֶערֶע וַויינְגֶערְטְנֶער, וֶועלְכֶע
42 וֶועלֶען אִיהם אָבּ גֶעבֶּען דִיא פֵּרוֹת אִין זֵיין צַייט. יֵשׁוּעַ זָאגְט זֵיי:
הָאט אִיהר דֶען קֵיין מָאל נִיט גֶעלֶעזֶען אִין דִיא שְׁרִיפְט (תנ"ך):
דֶער שְׁטֵיין, וֶועלְכֶען דִיא בּוֹי לֵייט הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען, דֶער אִיז
צוּם עֶקְשְׁטֵיין גֶעוָוארֶען, פָאן הֶערְן אִיז עֶר גֶעקוּמֶען, אוּן אֵיין
43 וואוּנְדֶער אִיז עֶר אִין אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען. דֶערִיבֶּער זָאג אִיךְ אַייךְ:
דָאס עֶס וֶועט אַוֶועק גֶענוּמֶען וֶוערֶען פָאן אַייךְ דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים,
אוּן עֶס וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּא אֵיין פָאלְק, וָואס בְּרֶענְגְט זַיינֶע
44 פֵּרוֹת. אוּן דֶער וֶוער עֶס וֶועט פַאלֶען אוֹיף דֶעם שְׁטֵיין, וֶועט צוּא
בְּרָאכֶען וֶוערֶען, אוּן אוֹיף וֶועמֶען עֶר וֶועט פַאלֶען וֶועט עֶר אִיהם
45 צוּא בְּרֶעקְלֶען. אוּן וֶוען דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן פְּרוּשִׁים הָאבֶּען
גֶעהֶערְט זַיינֶע מְשָׁלִים, הָאבֶּען זֵיי דֶערְקֶענְט דָאס עֶר רֶעדֶעט וֶועגֶען
46 זֵיי. אוּן הָאבֶּען גֶעזוּכְט אִיהם צוּא חַאפֶּען, נוּר זֵיי הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט
פַאר דֶעם פָאלְק, דֶען זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעהַאלְטֶען פַאר אֵיין נָבִיא.

כב יֵשׁוּעַ הָאט נָאךְ גֶערֶעדְט מִיט מְשָׁלִים אוּן הָאט גֶעזָאגְט: דָאס
2 מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּא אֵיין מַאן אֵיין מֶלֶךְ, וֶועלְכֶער הָאט
3 חֲתוּנָה גֶעמַאכְט זֵיין זָאהְן. אוּן הָאט גֶעשִׁיקְט זַיינֶע קְנֶעכְט רוּפֶען

דִיא אֵיינְגֶעלַאדֶענֶע אוֹיף דֶער חֲתוּנָה, אוּן זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט
4 קוּמֶען. עֶר הָאט נָאךְ אֵיין מָאל גֶעשִׁיקְט אַנְדֶרֶע קְנֶעכְט אוּן
גֶעזָאגְט: זָאגְט דִיעַ אֵיינְגֶעלַאדֶענֶע: נוּן אִיךְ הָאבּ פַארְטִיג גֶעמַאכְט
מֵיין סְעוּדָה, מֵיינֶע אָקְסֶען אוּן פֶעטֶע פִיה זֶענֶען גֶעשָׁאכְטֶען, אוּן
5 אַלֶעס אִיז פַארְטִיג, קוּמְט אוֹיף דֶער חֲתוּנָה. נוּר זֵיי הָאבֶּען
דֶערְפוּן גָאר נִיט גֶעדַאכְט; זֵיי זֶענֶען צוּגַאנְגֶען, דֶער אוֹיף זֵיין
6 פֶעלְד, דֶער אַנְדֶערֶער צוּא זֵיין מִסְחָר. דִיא אִיבֶּרִיגֶע הָאבֶּען
גֶענוּמֶען זֵיינֶע קְנֶעכְט אוּן הָאבֶּען זֵיי שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט אוּן
7 גֶעהַרְגֶעט. ווֶען דֶער מֶלֶךְ הָאט דֶער פָאן גֶעהֶערְט, אִיז עֶר אִין
כַּעַס גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט גֶעשִׁיקְט זֵיין חַיִל אוּן הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט
8 דִיא מֶערְדֶער אוּן הָאט פַארְבְּרֶענְט זֵייעֶר שְׁטָאדְט. דַאמָאלְסְט
זָאגְט עֶר צוּא זֵיינֶע קְנֶעכְט: דֶער מָאלְצֵייט פָאן דֶער חֲתוּנָה אִיז
9 פַארְטִיג, אוּן דִיא אֵיינְגֶעלַאדֶענֶע זֶענֶען נִיט ווֶערְט גֶעוֶוען. דֶערִיבֶּער
גֵייט אוֹיף דִיא הוֹיפְּט ווֶעגֶען, אוּן אַלֶעמֶען, ווֶעלְכֶע אִיהר ווֶעט
10 גֶעפִינֶען, רוּפְט אוֹיף דֶעם מָאהלְצֵייט. אוּן דִיזֶע קְנֶעכְט זֶענֶען
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא ווֶעגֶען אוּן הָאבֶּען אֵיין גֶעזַאמֶעלְט אַלֶעמֶען
ווֶעמֶען זֵיי הָאבֶּען נוּר גֶעפוּנֶען, שְׁלֶעכְטֶע אוּן גוּטֶע, אוּן דָאס הוֹיז
11 פָאן דֶער חֲתוּנָה אִיז פוּל גֶעוָוארֶען פָאן דִיא גֶעסְט. דֶער מֶלֶךְ,
ווֶעלְכֶער אִיז אַרֵיין גֶעקוּמֶען זֶעהֶען דִיא גֶעסְט, הָאט דֶערְזֶעהֶען
דָארְטְן אֵיין מַאן, ווֶעלְכֶער אִיז נִיט גֶעוֶוען גֶעקְלֵיידֶעט אִין חֲתוּנָה
12 קְלֵיידֶער. אוּן עֶר זָאגְט אִיהם: פְרֵיינְד! ווִיא אַזוֹי בִּיסְט דוּא
אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אַהֶער אָן חֲתוּנָה קְלֵיידֶער? עֶר הָאט גֶעשְׁטוּמְט.
13 דַאמָאלְסְט הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט צוּא זֵיינֶע דִינֶער: בִּינְדֶעט
אִיהם דִיא הֶענְד אוּן פִיס, אוּן נֶעמְט אִיהם אוּן וַוארְפְט אִיהם אִין
דֶער אוֹיסְוֶוענִיגְסְטֶער פִינְסְטֶערְנִיס; דָארְטֶען ווֶעט זֵיין קְלָאג אוּן
14 צֵיין קְרִיצוּנְג. דֶען פִיל זֶענֶען גֶערוּפֶען, אָבֶּער ווֶענִיג זֶענֶען אוֹיס
15 דֶערְוֵויילְט. דַאמָאלְסְט זֶענֶען דִיא פְּרוּשִׁים גֶעגַאנְגֶען אֵיין
עֵצָה צוּא הַאלְטֶען ווִיא מֶען זָאל אִיהם חַאפֶּען דוּרְךְ זֵיינֶע ווֶערְטֶער.
16 אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט צוּא אִיהם זֵייעֶרֶע תַּלְמִידִים מִיט דִיא לֵייט
פָאן הוֹרְדוֹס אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: רַבִּי! מִיר ווֵייסֶען דָאס דוּא בִּיסְט
אֵיין אֱמֶתְ׳עֶר מֶענְשׁ אוּן דָאס דוּא לֶערֶענְסְט מִיט אֱמֶת גָאטֶעס
ווֶעג אוּן דוּא פְרֶעגְסְט נָאךְ קֵיינֶעם נִיט, דֶען דוּא בִּיסְט קֵיינֶעם נִיט

17 נושא פָּנִים. דֶערִיבֶּער זָאג אוּנְז: וְויא שַׁיינְט דִיר? אִיז עֶס עֶרְלוֹיבְּט
18 צוּא גֶעבֶּען מַס דֶעם קֵיסַר אָדֶער נִיט? יֵשׁוּעַ אָבֶּער הָאט דֶערְקָאנְט
זֵייעֶר שְׁלֶעכְטִקֵייט, אוּן הָאט גֶעזָאגְט: וָואס פְּרוּבְּט אִיהר מִיךְ
19 חֲנֵפִים? וֵוייזְט מִיר אֵיין מַטְבֵּעַ פָאן דֶעם מַס, זֵיי הָאבֶּען אִיהם
20 גֶעבְּרַאכְט אֵיין דִינָר. אוּן עֶר זָאגְט זֵיי וֶועמֶעס אִיז דִיזֶע צוּרָה אוּן
21 אוֹיפְשְׁרִיפְט? זֵיי זָאגֶען אִיהם דֶעם קֵיסַר׳ס, אַזוֹי זָאגְט עֶר צוּא זֵיי:
דֶערִיבֶּער גִיט דֶעם קֵיסַר וָואס דֶעם קֵייסֶערְס אִיז אוּן גָאטְט וָואס
22 גָאטְטֶעס אִיז. וֶוען זֵיי הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ
23 גֶעוואוּנְדֶערְט, אִיהם אָבּ גֶעלָאזֶען אוּן אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען. אִין דֶעם
זֶעלְבֶּען טָאג זֶענֶען צוּא אִיהם גֶעקוּמֶען דִיא צְדוּקִים, וֶועלְכֶע זָאגֶען:
עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים, אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעפְרֶעגְט:
24 רַבִּי! מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט: וֶוען אֵיין מַאן שְׁטַארְבְּט אָן קִינְדֶער, זָאל
זַיין בְּרוּדֶער זַיין ווייבּ מְיַבֵּם זַיין, אוּן זָאל אוֹיף שְׁטֶעלֶען קִינְדֶער
25 פַאר זַיין בְּרוּדֶער. נוּן, זַיינֶען גֶעוֶועזֶען בַּיי אוּנְז זִיבֶּען בְּרִידֶער, דֶער
עֶרְשְׁטֶער הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּן אַזוֹי וְויא עֶר
הָאט קֵיין קִינְדֶער נִיט גֶעהַאט, הָאט עֶר אִיבֶּער גֶעלָאזְט זַיין ווייבּ
26 זַיין בְּרוּדֶער. דָאס זֶעלְבֶּע אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם צְווֵייטֶען, אוּן
27 דְרִיטֶען, בִּיז דֶעם זִיבֶּעטֶען. נָאךְ זֵיי אַלֶעמֶען אִיז דִיא פְרוֹיא אוֹיךְ
28 גֶעשְׁטָארְבֶּען. דֶערִיבֶּער נָאךְ תְּחִיַּת הַמֵּתִים, וֶועמֶעס פָאן דִיא
29 זִיבֶּענְס ווייבּ וֶועט זִיא זַיין? דֶען אַלֶע הָאבֶּען זִיא גֶעהַאט. יֵשׁוּעַ
הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיהר זֶענְט זִיךְ טוֹעֶה, ווייל אִיהר
קָאנְט נִיט דִיא שְׁרִיפְט (תנ״ך) אוֹיךְ נִיט דִיא גְבוּרָה פָאן גָאטְט.
30 דֶען נָאךְ תְּחִיַּת הַמֵּתִים גֶעהֶמֶען מֶענֶער קֵיין פְרוֹיעֶן אוּן פְרוֹיעֶן קֵיין
31 מֶענֶער נִיט, נוּר מֶען בְּלֵייבְּט וְויא דִיא מַלְאָכִים אִין הִימֶעל. אוּן
וֶועגֶען תְּחִיַּת הַמֵּתִים הָאט אִיהר דֶען נִיט גֶעלֶעזֶען וָואס פָאן גָאטְט
32 אִיז אַייךְ גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין דֶער גָאטְט פָאן אַבְרָהָם אוּן דֶער גָאטְט
פָאן יִצְחָק אוּן דֶער גָאטְט פָאן יַעֲקֹב, גָאטְט אִיז נִיט קֵיין גָאטְט
33 פָאן טוֹיטֶע, נוּר פָאן לֶעבֶּענְדִיגֶע. אוּן וֶוען דָאס פָאלְק הָאט
גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט אִיבֶּער זַיין לֶעהְרֶע.
34 אוּן דִיא פְּרוּשִׁים, וֶוען זֵיי הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז עֶר הָאט פֶערְשְׁטוּמְט
35 גֶעמַאכְט דִיא צְדוּקִים, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט. אוּן אֵיינֶער
36 פָאן זֵיי אֵיין בַּעַל תּוֹרָה הָאט אִיהם גֶעפְּרוּבְט אוּן גֶעזָאגְט: רַבִּי!

37 װֶעלְכֶע אִיז דִיא גְרֶעסְטֶע מִצְוָה אִין דֶער תּוֹרָה? יְשׁוּעַ זָאגְט אִיהם:
לִיבּ גָאטְט דֵיין גָאטְט מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַארְצֶען מִיט דֵיין גַאנְצֶען
38 נֶפֶשׁ, אוּן מִיט דֵיין גַאנְצֶען פֶערְשְׁטַאנְד. דָאס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע
39 אוּן דִיא גְרֶעשְׁטֶע מִצְוָה. דִיא צְװֵייטֶע, װֶעלְכֶע אִיז גְלֵייךְ צוּא אִיהר
40 אִיז, לִיבּ דֵיין חַבֵר (מִיט מֶענְשֶׁען) װִיא דִיךְ אַלֵיין. אוֹיף דִיזֶע
41 צְװֵייא מִצְוֹת הֶענְגֶען דִיא גַאנְצֶע תּוֹרָה אוּן נְבִיאִים. װֶען דִיא
42 פְּרוּשִׁים הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט הָאט עֶר זֵייא גֶעפְרֶעגְט: װָאס
דֶענְקְט אִיהר װֶעגֶען דֶעם מָשִׁיחַ? װֶעמֶעס זָאהן אִיז עֶר? מֶען זָאגְט
43 אִיהם דָוִד'ס. עֶר זָאגְט זֵייא װִיא אַזוֹי רוּפְט אִיהם דָוִד אִין גֵייסְט
44 װֶען עֶר זָאגְט: גָאטְט הָאט גֶעזָאגְט צוּא מֵיין הֶערְרְן: זֶעץ דִיךְ
צוּא מֵיין רֶעכְטֶער הַאנְד, בִּיז אִיךְ װֶעל מַאכֶען דֵיינֶע פֵיינְד פַאר
45 אֵיין בֶּענְקֶעלֶע אוּנְטֶער דֵיינֶע פִיס. דֶערִיבֶּער װֶען דָוִד רוּפְט אִיהם
46 הֶערְר, װִיא אַזוֹי אִיז עֶר זַיין זָאהן? אוּן קֵיינֶער הָאט אִיהם קֵיין
װָארְט נִיט גֶעקָאנְט עֶנְטְפֶערֶען; אוּן פוּן דֶעם טָאג אָן הָאט שׁוֹין
קֵיינֶער זִיךְ נִיט גֶעװָאגְט אִיהם צוּא פְרֶעגֶען.

כג דַאמָאלְסְט הָאט יְשׁוּעַ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא רֶעדֶען צוּם פָאלְק אוּן
2 צוּא זֵיינֶע תַּלְמִידִים. אוּן הָאט גֶעזָאגְט: אוֹיף מֹשֶׁה'ס שְׁטוּל הָאבֶּען
3 זִיךְ דִיא סוֹפְרִים וּפְרוּשִׁים גֶעזֶעצְט. דֶערִיבֶּער אַלֶעס װָאס זֵייא
זָאגֶען אֵייךְ אָן צוּא הַאלְטֶען, דָאס טְהוּט אוּן הַאלְט, אָבֶּער װִיא
4 זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים טְהוּט נִיט, דֶען זֵייא זָאגֶען אוּן טְהוּעֶן עֶס נִיט. זֵייא
בִּינְדֶען שְׁװֶערֶע מַשָׂאוֹת אוּן לֵייגֶען אַרוֹיף אוֹיף דִיא מֶענְשֶׁענְס
אַקְסְלֶען, זֵייא אָבֶּער װִילֶען אֲפִילוּ מִיט זֵייעֶר פִינְגֶער נִיט אָנְרִיהְרֶען.
5 אַלֶע זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים טוּהֶען זֵייא, דָאס זֵייא זָאלֶען גֶעזֶעהֶען װֶערֶן פַאר
לֵייטֶען: זֵייא מַאכֶען בְּרֵייט זֵייעֶרֶע תְּפִילִין אוּן לַאנְג דִיא צִיצִית
6 פוּן זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער. אוֹיבֶּען אָן צוּא זִיצֶען אוֹיף סְעוּדוֹת, אוּן צוּא
7 שְׁטֶעהֶען אוֹיבֶּען אָן אִין דִיא שׁוּלֶען. אוּן מֶען זָאל זֵייא גֶערִיסֶען אִין
8 דִיא גַאסֶען, אוּן לֵייט זָאלֶען זֵייא רוּפֶען רַבִּי, רַבִּי. אִיהר אָבֶּער
רוּפְט אַייךְ נִיט רַבִּי, דֶען אֵיין רַבִּי הָאט אִיהר, דֶעם מָשִׁיחַ'ן, אוּן
9 אִיהר אַלֶע זֶענְט בְּרִידֶער. אוּן רוּפְט קֵיינֶעם נִיט אוֹיף דֶער עֶרְד
אֵייעֶר פָאטֶער, דֶען אֵיין פָאטֶער הָאט אִיהר, װֶעלְכֶער אִיז אִין
10 הִימֶעל. אוּן רוּפְט אַייךְ נִיט לֶעהְרֶער דֶען אֵיין לֶעהְרֶער הָאט
11 אִיהר דֶען מָשִׁיחַ'ן. דֶער גְרֶעסְטֶער פוּן אַייךְ זָאל אֵייעֶר מְשָׁרֵת

זיין. דען װער עס מאכט זיך הויך, דער װעט נידעריג װערען, און 12
װער עס מאכט זיך נידעריג, דער װעט הויך װערען. װעה 13
איז אייך סופרים און פרושים חנפים, איהר פארשליסט דאס
מלכות השמים פאר מענשען, דען איהר אליין געהט ניט אריין,
און דיא װאס װילען אריין געהן, דערלאזט איהר ניט. װעה איז 14
אייך סופרים און פרושים חנפים, איהר שלינגט איין הייזער פאן
אלמנות, און פאר לייטען זענט איהר לאנג מתפלל, דער פאר
װעט איהר מעהר געמשפט װערען. װעה איז אייך סופרים און 15
פרושים חנפים, איהר געהט ארום איבער דעם ים און יבשה, כדי
איהר זאלט איין גר מאכען, און װען ער איז שוין אזעלכער געװארען,
אזוי מאכט איהר איהם פאר איין בן־גיהנם, צװיי מאל ערגער,
װיא איהר זענט. װעה איז אייך בלינדע פיהרער, װאס איהר זאגט: 16
װער עס שװערט ביי דעם בית המקדש איז גאר ניסט, אבער
װען ער שװערט ביי דעם גאלד פאן דעם בית המקדש איז ער
חייב. נארען און בלינדע, װאס איז גרעסער דאס גאלד אדער 17
דער בית המקדש, װאס מאכט דאס גאלד היילינג? װייטער, װען 18
איינער שװערט ביי דעם מזבח איז גאר נישט, אבער װען ער
שװערט ביי דעם קרבן װאס איז אויף איהם איז ער חייב. נארען 19
און בלינדע, װאס איז גרעסער דער קרבן אדער דער מזבח, װאס
מאכט דעם קרבן היילינג? דעריבער װער עס שװערט ביי דעם 20
מזבח, שװערט ביי איהם און מיט אלץ װאס איז אויף איהם. און 21
װער עס שװערט ביי דעם בית המקדש, דער שװערט ביי איהם
און ביי דעם װעלכער װיינט אין איהם. און װער עס שװערט ביי 22
דעם הימעל, שװערט ביי גאטטעס שטול און ביי דעם װאס זיצט
אויף איהם. װעה איז אייך סופרים און פרושים חנפים, איהר 23
גיט מעשר פאן מנתא, שבת און כמון, און פערלאזט דיא שװערערע
אין דער תורה: משפט חסד און אמונה, דאס געהער מען צו טאן,
און יענע ניט צופערלאזען. בלינדע פיהרער, װעלכע זייען אויס 24
איין פליג, און שלינגען איין קעמעל. װעה איז אייך סופרים 25
און פרושים חנפים, איהר רייניגט דעם אויס װעניגסטען זייט פאן
דעם כוס און שיסלען און אינעװעניג זיינען זיי פול מיט רויב און
אונרעכט. בלינדער פרוש, רייניג צום ערשטען דאס אינעװעניגסטע 26

פָאן דֶעם כּוֹס אוּן שִׁיסֶעל, כְּדֵי דָאס אוֹיסְוֶוענִיגְסְטֶע פָאן דֶעם כּוֹס
27 זָאל אוֹיךְ רֵיין וֶוערֶען. וֶועה אִיז אַייךְ סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים חֲנֵפִים
אִיהר זֶענְט גְלַייךְ צוּ אָבּ גֶעקַאלְכְטֶע קְבָרִים, וֶועלְכֶע פָאן דְרוֹיסֶען
וֶועהֶען זֵיי אוֹיס שֶׁען, אָבֶּער אִינֶעוֶוענִיג וֶוענֶען זֵיי פוּל מִיט טוֹיטֶע
28 בֵּיינֶער אוּן אַלֶערְלֵיי טוּמְאָה. אַזוֹי זֶענְט אִיהר אוֹיךְ, פָאן דְרוֹיסֶען
וֶועהט אִיהר אוֹיס וִויא מֶענְשֶׁען צַדִיקִים, אָבֶּער אִינֶעוֶוענִיג זֶענְט
29 אִיהר פוּל מִיט חֲנוּפָה אוּן בֶּעזֶעס. וֶועה אִיז אַייךְ סוֹפְרִים, פְּרוּשִׁים
אוּן חֲנֵפִים, אִיהר בּוֹיעֶט קְבָרִים פַאר דִיא נְבִיאִים אוּן בַּאפּוּצְט
30 דִיא מַצֵבוֹת פָאן דִיא צַדִיקִים. אוּן אִיהר זָאגְט: וֶוען מִיר וָואלְטֶען
גֶעוֶועזֶען אִין אוּנְזֶערֶע פָאטֶערְס צֵייטֶען, וָואלְטֶען מִיר זִיךְ נִיט שׁוּלְדִיג
31 גֶעמַאכְט מִיט זֵיי אִין דָאס בְּלוּט פָאן דִיא נְבִיאִים. אַזוֹי זָאגְט
אִיהר דָאךְ אוֹיף זִיךְ אַלֵיין עֵדוּת, דָאס אִיהר זֵייט דִיא קִינְדֶער
32 פָאן דִיא נְבִיאִים'סֶע מֶארְדֶער. אוּן אִיהר דֶערְפִילְט דִיא מָאס
33 פָאן אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן. אִיהר שְׁלַאנְגֶען, דִיא קִינְדֶער פָאן שְׁלַאנְגֶען,
וִויא אַזוֹי וֶועט אִיהר נִצוֹל וֶוערֶען פָאן דֶעם מִשְׁפָּט פָאן גֵיהִנֹם?
34 דֶערִיבֶּער, נוּן, אִיךְ שִׁיק אַייךְ נְבִיאִים אוּן חֲכָמִים אוּן סוֹפְרִים,
אוּן אִיהר וֶועט אֵיינִיגֶע הַרְגֶ'נֶען אוּן קְרֵייצִיגֶען, אוּן אַנְדֶערֶע וֶועט
אִיהר שְׁמֵייסֶען אִין אֵייעֶרֶע שׁוּלֶען אוּן רוֹדֵפְ'ן פָאן שְׁטָאדְט צוּ
35 שְׁטָאדְט. כְּדֵי עֶס זָאל אוֹיף אַייךְ קוּמֶען אַלֶע אוּנְשׁוּלְדִיגֶע בְּלוּט,
וָואס אִיז פֶערְגָאסֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער עֶרְד פָאן דָאס בְּלוּט
פָאן הֶבֶל דֶעם צַדִיק, בִּיז דָאס בְּלוּט פָאן זְכַרְיָהוּ בֶּן בֶּרֶכְיָהוּ
וֶועלְכֶען אִיהר הָאט גֶעהַארְגֶעט צְוִוישֶׁען דֶעם הֵיכָל אוּן מִזְבֵּחַ.
36 אִין אֶמֶת'ֶען זָאג אִיךְ אַייךְ: דָאס אַלֶעס וֶועט קוּמֶען אוֹיף דִיזֶען
37 דוֹר. יְרוּשָׁלַיִם! וָואס הַרְגֶ'סְט דִיא נְבִיאִים אוּן
פֶערְשְׁטֵיינִיגְסְט דִיא וֶועלְכֶע זֵיינֶען גֶעשִׁיקְט צוּ דִיר! וִויפִיל מָאל
הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט אֵיין זַאמְלֶען דֵיינֶע קִינְדֶער, וִויא אֵיין הוּן
זַאמֶעלְט אוּנְטֶער אִיהרֶע פְלִיגֶעל אִיהרֶע הִינְדְלַאךְ, אוּן אִיהר
38 הָאט נִיט גֶעוָואלְט. נוּן, אֵייעֶר הוֹיז וֶוערְט אַייךְ חָרוּב גֶעלָאזֶען
וֶוערֶען, דֶען אִיךְ זָאג אַייךְ: פָאן יֶעצְט אָן וֶועט אִיהר מִיךְ שׁוֹין נִיט
זֶעהֶען, בִּיז אִיהר וֶועט נִיט זָאגֶען בָּרוּךְ הַבָּא בְּשֵׁם יְהוָֹה.
כד אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז אַוֶועק פָאן דֶעם בֵּית
הַמִקְדָשׁ, אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהם אוּם אִיהם

2 צוּ וַוייזֶען דִיא גֶעבֵּייֶדען פָאן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט
וַויי גֶעזָאגְט: זֶעהט אִיהר דֶען נִיט דָאס אַלֶעס? אִין אֶמֶת'ֶען זָאג
אִיך אַייך: עֶס וֶועט דָא אוֹיךְ נִיט בְּלַייבֶּען אֵיין שְׁטֵיין אוֹיף אֵיין
3 שְׁטֵיין וָואס וֶועט נִיט צוּ וָוארְפֶען וֶוערֶען. וֶוען עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען
אוֹיף דֶעם הַר־הַזֵיתִים, אַזוֹי זֶענֶען צוּ אִיהם צוּגֶעגַאנְגֶען דִיא תַּלְמִידִים
אַלֵיין, אוּן הָאבֶּען גֶעפְרֶעגְט: זָאג אוּנְז וֶוען וֶועט דָאס זֵיין, אוּן וָואס
אִיז דֶער צֵייכֶען פָאן דֵיין קוּמֶען אוּן דָאס עֶנְדֶע פָאן דֶער וֶועלְט?
4 יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: הִיטֶעט אַייך דָאס קֵיינֶער
5 זָאל אַייך נִיט פֶערְפִיהרֶען. דֶען פִיל וֶועלֶען קוּמֶען אִין מֵיין נָאמֶען
אוּן וֶועלֶען זָאגֶען: אִיךְ בִּין דֶער מָשִׁיחַ אוּן וֶועלֶען פִיל פֶערְפִיהרֶען.
6 אוֹיךְ וֶועט אִיהר הֶערֶען מִלְחָמוֹת שְׁמוּעוֹת פָאן מִלְחָמָה, זֶעהט,
שְׁרֶעקְט זִיךְ נִיט, דֶען אַזוֹי מוּז עֶס קוּמֶען, נוּר דָאס אִיז נִיט דָאס
7 עֶנְדֶע. דֶען עֶס וֶועט אוֹיף שְׁטֶעהן אֵיין פָאלְק אוֹיף אֵיין פָאלְק אוּן
אֵיין מְלוּכָה אוֹיף אֵיין מְלוּכָה, אוּן עֶס וֶועט זֵיין הוּנְגֶער, פֶּעסְט, אוּן
8 עֶרְד צִיטֶערְנֶעס אִין פֶערְשִׁידֶענֶע עֶרְטֶער. דָאס אַלֶעס אִיז אָבֶּער
9 דֶער אָנְהֵייבּ פָאן דִיא וֶוייטָאקֶען. דַאמָאלְסְט וֶועלֶען זֵיי אַייך
אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ פְּלָאגֶען אוּן וֶועלֶען אַייך טוֹיטֶען, אוּן אִיהר וֶועט
10 גֶעהַאסְט זֵיין פָאן אַלֶע פֶעלְקֶער פָאן מֵיין נָאמֶען וֶועגֶען. אוּן
דַאמָאלְסְט וֶועלֶען פִיל גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען, אוּן אֵיינֶער דֶעם
אַנְדֶערֶען וֶועלֶען אַרוֹיס גֶעבֶּען, אוּן אֵיינֶער דֶען אַנְדֶערֶען וֶועלֶען
11 פֵיינְד הָאבֶּען. אוּן אֵיין סַך פַאלְשֶׁע נְבִיאִים וֶועלֶען אוֹיף שְׁטֶעהן
12 אוּן וֶועלֶען פִיל פֶערְפִיהרֶען. אוּן וַוייל דָאס אוּנְרֶעכְט וֶועט זִיךְ
13 פֶערְמֶעהרֶען, וֶועט בֵּיי פִילֶען דִיא לִיבֶּע קַאלְט וֶוערֶען. וֶוער עֶס
וֶועט אוֹיסהַאלְטֶען בִּיז צוּם עֶנְדֶע דֶער וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען.
14 אוּן דִיזֶע פְרֵיילִיכֶע בְּשׂוּרָה פָאן דֶער מְלוּכָה וֶועט גֶעפְּרֶעדִיגְט
וֶוערֶען אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, פַאר אֵיין עֵדוּת צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער
15 אוּן דַאמָאלְסְט וֶועט קוּמֶען דָאס עֶנְדֶע. דֶערִיבֶּער וֶוען אִיהר וֶועט
דֶערְזֶעהן דָאס גְרוֹיל פָאן דֶעם חוּרְבָּן (שִׁקּוּץ מְשׁוֹמֵם) וָואס עֶס
אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דָנִיאֵל הַנָבִיא, שְׁטֶעהֶנְדִיג אוֹיף דֶעם
16 הֵיילִיגֶען אָרְט (דֶער לֵיעֶזֶער זָאל עֶס פֶערְשְׁטֶעהן). דַאמָאלְסְט
17 וֶוער עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אִין יְהוּדָה זָאל לוֹיפֶען צוּ דִיא בֶּערְג. אוּן
וֶוער עֶס אִיז אוֹיף דֶעם דַאךְ דֶער זָאל נִיט הֶערָאבּ גֶעהֶען עֶטְוָואס

18 נֶעהמֶען פָאן זַיין הויז. און וֶוער עֶס אִיז אִין פֶעלְד דֶער זָאל זִיך
19 נִיט אוּמְקֶעהרֶען צוּרִיק נֶעמֶען זַיינֶע קְלֵיידֶער. און וֶועה אִיז דִיא
20 מְעוּבֶּרֶתְ'ע און דִיא זֵייגֶענְדִיגֶע אִין דִיזֶע צֵייטֶען. זַייט מִתְפַּלֵל,
דָאס דִיא אַנְטְלויפוּנְג זָאל נִיט אויסְקוּמֶען אִין וִוינְטֶער אָדֶער אוּם
21 שַׁבָּת. דֶען דַאמָאלְסְט וֶועט זַיין אַיין גְרויסֶע צָרָה, וֶועלְכֶע אִיז
נִיט גֶעוֶוען פָאן אָנְפַאנְג דֶער וֶועלְט בִּיז יֶעצְט, און עֶס וֶועט נִיט
22 זַיין. און וֶוען יֶענֶע טֶעג וָואלְטֶען נִיט פֶערְקִירְצְט וֶוערֶען, אַזוֹי
וָואלְט קֵיין פְלֵייש נִיט נִיצָל גֶעוָוארֶען, נוּר וֶועגֶען דִיא אויסְדֶערְוֶועלְטֶע
23 וֶועלֶען דִיא טֶעג פֶערְקִירְצְט וֶוערֶען. דַאמָאלְסְט וֶוען אֵיינֶער וֶועט
אֵייך זָאגֶען: זֶעה דָא אִיז דֶער מָשִׁיחַ, אָדֶער דָארְטֶען, אַזוֹי גְלויבְּט
24 נִיט. דֶען דַאמָאלְסְט וֶועלֶען אויף שְׁטֶעהְן פַאלְשֶׁע נְבִיאִים און
פַאלְשֶׁע מְשִׁיחִים און וֶועלֶען גֶעבֶּען גְרויסֶע צֵייכֶען און וואוּנְדֶער,
כְּדֵי צוּ פֶערְפִיהרֶען וֶוען עֶס זָאל מִיגְלַאך זַיין אוֹיך דִיא אויס־
25 דֶערְוֶועלְטֶע. נוּן, הָאבּ אִיך אֵייך פָארְאויס גֶעזָאגְט. דֶערִיבֶּער
26 וֶוען זֵיי וֶועלֶען צוּ אַייך זָאגֶען, זֶעהט, עֶר אִיז אִין דֶער מִדְבָּר, אַזוֹי
גֶעהט נִיט אַרויס; זֶעהט, עֶר אִיז אִין דִיא צִימֶערְן, אַזוֹי גְלויבְּט
27 נִיט. דֶען וִויא אֵיין בְּלִיץ גֶעהט אַרויס פָאן מִזְרָח און לֵייכְטֶעט
28 בִּיז מַעֲרָב, אַזוֹי וֶועט זַיין דָאס קוּמֶען פָאן דֶעם בֶּן־אָדָם. דֶען וואוּ
דִיא נְבֵלָה אִיז, דָארְטֶען פֶערְזַאמֶעלֶען זִיך דִיא אָדְלֶער.
29 מִיט אֵיין מָאל, נָאך דֶער צָרָה פָאן יֶענֶער צֵייט, וֶועט דִיא זָאנְנֶע
פִינְסְטֶער וֶוערֶען, און דִיא לְבָנָה וֶועט אִיהר לִיכְט נִיט גֶעבֶּען, און
דִיא שְׁטֶערֶען וֶועלֶען פָאן הִימֶעל אַרָאבְּפַאלֶען, און דִיא הִימֶעלְשֶׁע
30 קְרֶעפְטֶען וֶועלֶען דֶערְצִיטֶערְט וֶוערֶען. דַאמָאלְסְט וֶועט זִיך
בַּאוַויזֶען אִין הִימֶעל דֶער צֵייכֶען פָאן דֶעם בֶּן־אָדָם און דַאמָאלְסְט
וֶועלֶען אַלֶע פֶעלְקֶער פָאן דֶער עֶרְד קְלָאגֶען, און זֵיי וֶועלֶען זֶעהֶען
דֶעם בֶּן־אָדָם קוּמֶען אויף דֶעם וָואלְקֶען פָאן הִימֶעל מִיט מַאכְט
31 און גְרויס הֶערְלִיכְקֵייט. און עֶר וֶועט אויס שִׁיקֶען זַיינֶע מַלְאָכִים
מִיט אַיין גְרויסֶען קוֹל פָאן אַיין שׁוֹפָר, און זֵיי וֶועלֶען אֵיינְזַאמְלֶען
זַיינֶע אויסְדֶערְוֶועלְטֶע פָאן דִיא פִיר וִוינְטֶען, פָאן אֵיין עֶנְדֶע פָאן
32 הִימֶעל בִּיז צוּם אַנְדֶערֶען. לֶערֶענְט אֵייך פָאן דֶעם פֵייגֶען
בּוֹים אֵיין מָשָׁל, וֶוען זַיינֶע צְוַויינֶען וֶוערֶען שׁוֹין ווייך און לָאזֶען
אַרויס בְּלֶעטֶער, אַזוֹי וַוייסְט אִיהר דָאס דֶער זוּמֶער אִיז נָאהֶענְט.

33 אַזוֹי, וֶוען אִיהר וֶועט דִיזֶעס אַלֶעס זֶעהֶען, וֵוייסְט, דָאס עֶס אִיז
34 נָאהֶענְט בֵּיי דֶער טְהִיר. אִין אֱמֶתְ׳עֶן זָאג אִיך אַייך: דִיזֶער דוֹר
35 וֶועט נָאך נִיט פַארְגֶעהְן, בִּיז דִיזֶעס אַלֶעס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען. הִימֶעל
אוּן עֶרְד וֶועלֶען פַארְגֶעהֶען, אָבֶּער מֵיינֶע וֶוערְטֶער וֶועלֶען נִיט
36 פַארְגֶעהֶען. אָבֶּער פָאן דֶעם טָאג אוּן דֶער שָׁעָה וֵוייסְט
קֵיינֶער נִיט, אוֹיך נִיט דִיא מַלְאָכִים אִין הִימֶעל, נוּר מֵיין פָאטֶער
37 אַלֵיין. אוּן אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעוֶוען אִין דֶער צֵייט פָאן נֹחַ, אַזוֹי
38 וֶועט זֵיין וֶוען דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט קוּמֶען. דֶען אַזוֹי וִויא אִין דִיא
צֵייטֶען פָאר דֶעם מַבּוּל הָאבֶּען זֵיי גֶעגֶעסֶען, גֶעטְרוּנְקֶען, מֶענֶער
גֶענוּמֶען פְרוֹיעֶן, אוּן פְרוֹיעֶן מֶענֶער, בִּיז דֶעם טָאג וֶוען נֹחַ אִיז אִין
39 דֶער תֵּבָה אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען. אוּן הָאבֶּען פָאן גָארְנִישְׁט נִיט גֶעוואוּסְט,
בִּיז דֶער מַבּוּל אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט אַלֶעמֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אַזוֹי
40 וֶועט זֵיין וֶוען דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט קוּמֶען. דַאמָאלְסְט וֶועלֶען צְוֵויי
זֵיין אוֹיף דֶעם פֶעלְד: אֵיינֶער וֶועט אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, דֶער
41 אַנְדֶערֶער וֶועט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט וֶוערֶען. צְוֵויי וֵוייבֶּער וֶועלֶען מָאלֶען
אִין אֵיין מִיל, אֵיינֶע וֶועט אַוֶועק גֶענוּמֶען וֶוערֶען, דִיא אַנְדֶערֶע וֶועט
42 אִיבֶּערְגֶעלָאזְט וֶוערֶען. דֶערִיבֶּער זֵייט וַואכֶענְדִיג, דֶען אִיהר
43 וֵוייסְט נִיט אִין וָואס פַאר אֵיין שָׁעָה אֵייעֶר הֶערְר וֶועט קוּמֶען. דָאס
אָבֶּער וֵוייסְט אִיהר, דָאס וֶוען דֶער בַּעַל־הַבַּיִת זָאל וִויסֶען, אִין
וָואס פַאר אֵיין טֵייל פָאן דֶער נַאכְט וֶועט דֶער גַנָב קוּמֶען, אַזוֹי
וָואלְט עֶר גֶעוַואכְט אוּן וָואלְט נִיט דֶערְלָאזְט מֶען זָאל אוּנְטֶער־
44 גְרָאבֶּען זֵיין הוֹיז. דֶערִיבֶּער זֵייט אִיהר אוֹיך פַארְטִיג, דֶען אִין אֵיין
שָׁעָה, וָואס אִיהר דֶענְקְט גָאר נִיט, וֶועט דֶער בֶּן־אָדָם קוּמֶען.
45 וֶוער עֶס אִיז אֵיין גֶעטְרֵייעֶר אוּן קְלוּגֶער קְנֶעכְט, וֶועלְכֶען זֵיין הֶערְר
הָאט אִיהם גֶעשְׁטֶעלְט אִיבֶּער זֵיינֶע דִינֶער, דָאס עֶר זָאל זֵיי עֶסֶען
46 גֶעבֶּען צוּ דֶער צֵייט. גְלִיקְלִיך אִיז דֶער קְנֶעכְט, וֶועלְכֶען זֵיין
הֶערְר, וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען, וֶועט עֶר אִיהם גֶעפִינֶען אַזוֹי טְהוּעֶנְדִיג.
47 אִין אֱמֶתְ׳עֶן זָאג אִיך אַייך: עֶר וֶועט אִיהם אוֹיף זֵיין גַאנְצֶען
48 פֶערְמֶעגֶען שְׁטֶעלֶען. אָבֶּער וֶוען דֶער קְנֶעכְט וֶועט זֵיין אֵיין בֶּעזֶער
49 אוּן וֶועט זָאגֶען אִין הַארְצֶען מֵיין הֶערְר זַאמְט זִיך צוּ קוּמֶען. אוּן
וֶועט אָנְהֵייבֶּען שְׁלָאגֶען זֵיינֶע חֲבֵרִים אוּן עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען מִיט
50 שִׁכּוֹרִים. אַזוֹי וֶועט דֶער הֶערְר פָאן דֶעם קְנֶעכְט קוּמֶען אִין אֵיין

טָאג, אִין װעלְכֶען עֶר הָאט גָאר אִיהם נִיט דֶערְוַוארְטֶעט, אוּן אִין
51 אֵיינֶע שָׁעָה, װעלְכֶע עֶר װֵייס נִיט. אוּן װֶעט אִיהם צוּ שְׁנֵיידֶען
אוֹיף שְׁטִיקֶער אוּן װֶעט אִיהם אֵיין טֵייל גֶעבֶּען בֵּיי דִיא חֲנֵפִים,
דָארְטֶען װֶעט זֵיין אֵיינֶע יְלָלָה אוּן אֵיין צֵיינְקְרִיצוּנְג.

ה 1 דַאמָאלְסְט װֶעט דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם גְלֵייך זֵיין צוּ צֶעהֶען
מֵיידְלַאך, װעלְכֶע הָאבֶּען גֶענוּמֶען זֵייעֶרֶע לָאמְפֶּען אוּן זֶענֶען
2 גֶעגַאנְגֶען גֶעגֶען דֶעם חָתָן. פִינְף פָאן זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קְלוּגֶע, אוּן
3 פִינְף נַארֶען. דִיא נַארֶען הָאבֶּען גֶענוּמֶען זֵייעֶרֶע לָאמְפֶּען אוּן
4 הָאבֶּען נִיט גֶענוּמֶען מִיט זִיךְ קֵיין אֵייל. דִיא קְלוּגֶע הָאבֶּען מִיט
5 דִיא לָאמְפֶּען גֶענוּמֶען אֵייל אִין זֵייעֶרֶע כֵּלִים. אוּן װֵייל דֶער חָתָן
הָאט זִיךְ פֶערְזַאמְט, אַזוֹי זֶענֶען אַלֶע אֵיינְגֶעדְרֶעמֶעלְט אוּן זֶענֶען
6 אַנְשְׁלָאפֶען גֶעװָארֶען. אָבֶּער אִין מִיטֶען נַאכְט אִיז גֶעװָארֶען אֵיין
7 גֶעשְׁרֵיי: נוּן, דֶער חָתָן קוּמְט, גֶעהט אִיהם אַנְטְקֶעגֶען. דַאמָאלְסְט
זֶענֶען אַלֶע דִיזֶע מֵיידְלַאך אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאבֶּען צוּ רֶעכְט
8 גֶעמַאכְט זֵייעֶרֶע לָאמְפֶּען. אוּן דִיא נַארֶען, הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דִיא
קְלוּגֶע: גִיט אוּנְז פָאן אֵייעֶר אֵייל, דֶען אוּנְזֶערֶע לָאמְפֶּען לֶעשֶׁען
9 זִיךְ אוֹיס. דִיא קְלוּגֶע הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט: טָאמֶער װֶעט עֶס אוּנְז
נִיט גֶענוּג זֵיין אוּן אַייךְ, גֶעהט בֶּעסֶער צוּ דִיא קְרֶעמֶער אוּן קוֹיפְט
10 אַייךְ. װֶען אָבֶּער זֵיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען קוֹיפֶען, אִיז דֶער חָתָן גֶעקוּמֶען,
אוּן דִיא, װעלְכֶע זֶענֶען פַארְטִיג גֶעוֶועזֶען, זֶענֶען מִיט אִיהם אַרֵיין
גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער חֲתוּנָה, אוּן דִיא טְהִיר אִיז צוּ גֶעשְׁלָאסֶען גֶעװָארֶען.
11 נָאךְ דֶעם זֶענֶען גֶעקוּמֶען דִיא אִיבְּרִיגֶע מֵיידְלַאךְ אוּן זָאגֶען: הֶערְר,
12 הֶערְר, עֶפֶען אוּנְז אוֹיף. אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט:
13 אִין אֶמֶת'עֶן זָאג אִיךְ אַייךְ: אִיךְ קָאן אַייךְ נִיט. דֶערִיבֶּער זֵייט
וַואכֶענְדִיג, דֶען אִיהר װֵייסְט נִיט, נִיט דֶעם טָאג, נִיט דִיא שָׁעָה,
14 אִין װעלְכֶער דֶער בֶּן־אָדָם װֶעט קוּמֶען. דֶען װִיא אֵיין מַאן,
װעלְכֶער װֶען עֶר הָאט זִיךְ אַװֶעק גֶעלָאזְט אִין אֵיין פְרֶעמְדֶע לַאנְד,
הָאט גֶערוּפֶען זֵיינֶע קְנֶעכְט אוּן הָאט זֵיי אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען זֵיין
15 פַארְמֶעגֶענְס. אוּן אֵיינֶעם הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען פִינְף כִּכָּרִים (מַטְבֵּעוֹת)
דֶעם אַנְדֶערֶען צְוַויי אוּן דֶען דְרִיטֶען אֵיינֶעם, יֶעדֶען נָאךְ זֵיין עֶרֶךְ,
16 אוּן אִיז בַּאלְד אַװֶעק גֶעפָארֶען. דֶער װָאס הָאט גֶענוּמֶען דִיא פִינְף
כִּכָּרִים אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט דֶערְמִיט גֶעהַאנְדֶעלְט, אוּן הָאט

17 גֶעוואוּנֶען אַנְדֶערֶע פִינְף כִּכָּרִים. אוּן אַזוֹי דֶער, וָואס הָאט
18 גֶענוּמֶען צְוֵויי הָאט גֶעווּנֶען נָאךְ צְוֵויי, דֶער אָבֶּער וָואס הָאט
גֶענוּמֶען אֵיין כִּכָּר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט אִיהם פַארְגְרָאבֶּען אִין
19 דֶער עֶרְד, אוּן הָאט בֶּעהַאלְטֶען זֵיין הֶערְרְנְס גֶעלְט. אִין אֵיינֶע
לַאנְגֶע צֵייט אַרוּם, אִיז דֶער הֶערְר פָאן דִיא קְנֶעכְט גֶעקוּמֶען, אוּן
20 הָאט זִיךְ מִיט זֵיי בַּארֶעכֶענְט. אוּן דֶער וָואס הָאט גֶענוּמֶען פִינְף
כִּכָּרִים אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעבְּרַאכְט נָאךְ פִינְף כִּכָּרִים אוּן
זָאגְט: מֵיין הֶערְר! פִינְף כִּכָּרִים הָאסְט דוּא מִיר גֶעגֶעבֶּען, זֶעה,
21 אִיךְ הָאבּ מִיט זֵיי אַנְדֶערֶע פִינְף כִּכָּרִים גֶעוואוּנֶען. זֵיין הֶערְר זָאגְט
אִיהם: זֶעהר פֵיין גוּטֶער אוּן גֶעטְרֵייֶער קְנֶעכְט, דוּא בִּיסְט אִיבֶּער
וֵויינִיג גֶעטְרֵיי גֶעוֶועזֶען אִיךְ וֶועל דִיר זֶעצֶען אִיבֶּער פִיל, קוּם אַרֵיין
22 צוּ דֵיין הֶערְרֶענְס שִׂמְחָה. אוּן דֶער וָואס הָאט גֶענוּמֶען צְוֵויי כִּכָּרִים
אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען אוּן גֶעזָאגְט: הֶערְר! צְוֵויי כִּכָּרִים הָאסְט דוּא מִיר
גֶעגֶעבֶּען, זֶעה, אִיךְ הָאבּ מִיט זֵיי אַנְדֶערֶע צְוֵויי כִּכָּרִים גֶעוואוּנֶען.
23 זֵיין הֶערְר זָאגְט אִיהם: זֶעהר פֵיין, גוּטֶער אוּן גֶעטְרֵייֶער קְנֶעכְט,
מִיט וֶועניג בִּיסְט דוּא גֶעטְרֵיי גֶעוֶועזֶען, אִיךְ וֶועל דִיר זֶעצֶען אִיבֶּער
24 פִיל, קוּם אַרֵיין צוּ דֵיין הֶערְרֶענְס שִׂמְחָה. אוּן דֶער וָואס הָאט
גֶענוּמֶען אֵיין כִּכָּר אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט: הֶערְר, אִיךְ
קֶען דִיךְ, דָאס דוּא בִּיסְט אֵיין הַארְטֶער מֶענְשׁ, דוּא שְׁנֵיידְסְט וואוּ
דוּא הָאסְט נִיט גֶעזֵייט, אוּן זַאמֶעלְסְט אֵיין פָאן וַואנֶען דוּא הָאסְט
25 נִיט פֶערְשָׂאטֶען. אוּן אִיךְ הָאבּ מוֹרָא גֶעהַאט, אוּן בִּין גֶעגַאנְגֶען
אוּן הָאבּ בֶּעהַאלְטֶען דֵיין כִּכָּר אִין דֶער עֶרְד; נוּן הָאסְט דוּא דֵיינֶעס.
26 אוּן זֵיין הֶערְר הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: בֶּעזֶער אוּן
פוֹילֶער קְנֶעכְט, דוּא הָאסְט גֶעוואוּסְט, דָאס אִיךְ שְׁנֵייד, וואוּ אִיךְ
הָאבּ נִיט גֶעזֵייט, אוּן זַאמֶעל אֵיין וואוּ אִיךְ הָאבּ נִיט פַארְשָׂאטֶען.
27 דֶערִיבֶּער הָאסְט דוּא בַּאדַארְפְט אַוֶועק גֶעבֶּען מֵיין גֶעלְד וֶועכְסְלֶער,
כְּדֵי וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען זָאל אִיךְ אָבְּנֶעמֶען דָאס מֵיינִיגֶע מִיט
28 פְּרָאצֶענְט. דֶערִיבֶּער נֶעמְט בֵּיי אִיהם אַוֶועק דֶעם כִּכָּר אוּן גִיט
29 אִיהם צוּ דֶעם וָואס הָאט צֶעהְן כִּכָּרִים. דֶען יֶעדֶערֶעם, וָואס עֶר
הָאט, דֶעם וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּן עֶר וֶועט נָאךְ אִיבֶּעריג
הָאבֶּען אָבֶּער וֶוער עֶס הָאט נִיט פָאן דֶעם וֶועט דָאס וָואס עֶר הָאט
30 אוֹיךְ אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען. אוּן דֶעם אוּנְנוּצִיגֶען קְנֶעכְט, וַוארְפְט,

אַרוֹיס אִין דֶער אוֹיסְוֶוענִיגְסְטֶער פִינְסְטֶערְנֶעס, דָארְטְעֶן וֶועט זַיין
31 אַיינֶע יְלָלָה אוּן צֵיינְקְרִיצוּנְג. וֶוען דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט קוּמֶען
אִין זַיין הֶערְרְלִיכְקַייט אוּן אַלֶע הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים מִיט אִיהם, אַזוֹי
32 וֶועט עֶר זִיצֶען אוֹיף זַיין כִּסֵא הַכָּבוֹד. אוּן אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען
פַאר אִיהם אַיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוערֶען אוּן עֶר וֶועט זֵיי פַאנַאנְדֶער־
שֵיידֶען, אַזוֹי וִויא אַיין הִירְט שֵיידֶעט אָבּ דִיא שָאף פָאן דִיא
33 צִיגֶען. אוּן עֶר וֶועט שְטֶעלֶען דִיא שָאף צוּ זַיין רֶעכְטֶער הַאנְד,
34 אוּן דִיא צִיגֶען צוּ דֶער לִינְקֶער הַאנְד. דַאמָאלְסְט וֶועט דֶער מֶלֶךְ
זָאגֶען צוּ דִיא אִין זַיין רֶעכְטֶער הַאנְד: קוּמְט אִיהר גֶעבֶּענְשְטֶע
פָאן מֵיין פָאטֶער יַרְשֶׁת דִיא מְלוּכָה, וָואס זִיא אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט
גֶעוָוארֶען פַאר אַייךְ צַייט דִיא וֶועלְט אִיז גֶעגְרִינְדֶעט גֶעוָוארֶען.
35 דֶען אִיךְ הָאבּ גֶעהוּנְגֶערְט, אוּן אִיהר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען עֶסֶען,
אִיךְ הָאבּ גֶעדָארְשְׁט אוּן אִיהר הָאט מִיךְ אָנְגֶעטְרוּנְקֶען, אִיךְ בִּין
36 גֶעוֶועזֶען אַיין פְרֶעמְדֶער אוּן אִיהר הָאט מִיךְ אַרֵיינְגֶענוּמֶען. אִיךְ בִּין
נַאקֶעט גֶעוֶועזֶען, אוּן אִיהר הָאט מִיךְ אָנְגֶעקְלֵיידֶעט, אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען
קְרַאנְק, אוּן אִיהר הָאט מִיךְ מְבַקֵר חוֹלֶה גֶעוֶועזֶען, אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען
37 אִין גֶעפֵיינְגְנֶעס, אוּן אִיהר זֶענְט גֶעקוּמֶען צוּ מִיר. דַאמָאלְסְט
וֶועלֶען דִיא צַדִיקִים אִיהם עֶנְטְפֶערֶען אוּן זָאגֶען: הֶערְר! וֶוען הָאבֶּען
מִיר דִיךְ גֶעזֶעהֶען הוּנְגֶערִיג, אוּן מִיר הָאבֶּען דִיךְ גֶעשְׁפֵּייזְט? אָדֶער
38 דָארְשְׁטִיג, אוּן מִיר הָאבֶּען דִיךְ אָנְגֶעטְרוּנְקֶען? וֶוען הָאבֶּען מִיר
דִיךְ גֶעזֶעהֶען אַיין פְרֶעמְדֶען, אוּן מִיר הָאבֶּען דִיךְ אַרֵיינְגֶענוּמֶען?
39 אָדֶער נַאקֶעט אוּן אָנְגֶעקְלֵיידֶעט? וֶוען הָאבֶּען מִיר דִיךְ גֶעזֶעהֶען
קְרַאנְק, אָדֶער אִין גֶעפֵיינְגְנֶעס אוּן מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דִיר?
40 אוּן דֶער מֶלֶךְ וֶועט זֵיי עֶנְטְפֶערֶען אוּן זָאגֶען: אִין אֶמֶת'עֶן זָאג אִיךְ
אַייךְ: וָואס אִיהר הָאט גֶעטָאן דָאס צוּ אַיינֶעם פָאן דִיזֶע קְלֶענְשְטֶע
41 בְּרִידֶער, דָאס הָאט אִיהר מִיר גֶעטָאן. דֶערְנָאךְ וֶועט עֶר אוֹיךְ
זָאגֶען צוּ דִיא, אִין זַיין לִינְקֶער הַאנְד: גֶעהְט אַוֶועק פָאן מִיר, אִיהר
פַארְפְלוּכְטֶע צוּם עֶוִויגֶען פֵייעֶר, וָואס עֶס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר דֶעם
42 שָטָן אוּן זַיינֶע מַלְאָכִים. דֶען אִיךְ הָאבּ גֶעהוּנְגֶערְט, אוּן אִיהר הָאט
מִיר קֵיין עֶסֶען נִיט גֶעגֶעבֶּען, אִיךְ הָאבּ גֶעדָארְשְׁט אוּן אִיהר הָאט
43 מִיר נִיט גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען. אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אַיין פְרֶעמְדֶער,
אוּן אִיהר הָאט מִיךְ נִיט אַרֵיינְגֶענוּמֶען: אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען נַאקֶעט,

און אִיהר הָאט מִיךְ נִיט אָנְגֶעקְלֵיידֶעט, קְרַאנְק און אִין גֶעפֵינְגְנֶעס,
44 און אִיהר הָאט מִיךְ נִיט בֶּעזוּכְט. אַזוֹי וֶועלֶען זֵיי אוֹיךְ אִיהם
עֶנְטְפֶּערֶען און זָאגֶען: הֶערְר! ווען הָאבֶּען מִיר דִיךְ גֶעזֶעהֶען הוּנְגֶערִיג,
אָדֶער דָארְשְׁטִיג, אָדֶער פְרֶעמְד, אָדֶער נַאקֶעט, אָדֶער קְרַאנְק,
45 אָדֶער אִין גֶעפֵיינְגְנֶעס און מִיר הָאבֶּען דִיךְ נִיט בַּאדִינְט. אַזוֹי וֶועט
עֶר זֵיי עֶנְטְפֶּערֶען און זָאגֶען: אִין אֶמֶת'ְעֶן זָאג אִיךְ אַייךְ: אַזוֹי וִויא
אִיהר הָאט דָאס נִיט גֶעטָאן צוּ אֵיינֶעם פָאן דִיזֶע קְלֶענְסְטֶע, אַזוֹי
הָאט אִיהר דָאס מִיר נִיט גֶעטָאן. און דִיזֶע וֶועלֶען גֶעהְן צוּם עֶווִיגֶען
שְׁטְרָאף, אָבֶּער דִיא צַדִיקִים צוּם עֶווִיגֶען לֶעבֶּען.

כו ווען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְדֶעט דִיזֶע אַלֶע רֵייד, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט
2 צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים: אִיהר ווֵייסְט דָאס אִין צְוֵויי טֶעג אַרוּם וֶועט
זַיין פֶּסַח, און דֶער בֶּן אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען ווערֶען, דָאס עֶר
3 זָאל גֶעקְרֵייצִיגְט ווערֶען. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען זִיךְ דִיא עֶלְסְטֶע
כֹּהֲנִים און דִיא סוֹפְרִים און דִיא זְקֵנִים פָאן דֶעם פָאלְק פֶערְזַאמֶעלְט
אִין דֶעם הוֹיף פָאן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, וָואס זַיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען
4 קַיָפָא. און הָאבֶּען אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, דָאס מֶען זָאל יֵשׁוּעַ'ן
5 דוּרְךְ אֵיין רַמָאוּת חַאפֶּען און הַרְגֶ'נֶען. זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט: נוּר
נִיט אוּם יוֹם טוֹב, כְּדֵי עֶס זָאל אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק קֵיין מְהוּמָה
6 נִיט ווערֶען. ווען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעוֶועזֶען אִין בֵּית עַנְיָא אִין שִׁמְעוֹן
7 דֶעם קְרֶעצִיגֶענְס הוֹיז. אִיז צוּגֶעקוּמֶען צוּ אִיהם אֵיין פְרוֹי, וָואס
הָאט גֶעהַאט אֵיין אַלְבַּאסְטֶערְנֶע כְּלִי מִיט טֵייעֶרֶען שֶׁמֶן הַמוֹר,
און הָאט אִיהם אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף זַיין קָאפְּף, ווען עֶר אִיז בַּיים
8 טִישׁ גֶעזֶעסֶען. ווען זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס דֶערְזֶעהֶען, זֶענֶען
זֵיי אוּנְצוּפְרִידֶען גֶעוָוארֶען, און הָאבֶּען גֶעזָאגְט: צוּ וָואס זָאל מֶען
9 אַזוֹי אֵיין שָׁאדֶען מַאכֶען. דֶען מֶען הָאט גֶעקָאנְט פַארְקוֹיפֶען דֶעם
10 מוֹר פַאר אֵיין גְרוֹיסֶען פְרֵייז און גֶעבֶּען אָרֶעמֶע לֵייט. נוּר יֵשׁוּעַ
הָאט דָאס פֶערְשְׁטַאנֶען, און הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וָואס זֶענְט אִיהר
11 מְצַעֵר דִיא פְרוֹי? זִיא הָאט אָן מִיר אֵיין גוּטֶע זַאךְ גֶעטָאן. דֶען
אָרֶעמֶע לֵייט וֶועט אִיהר שְׁטֶענְדִיג הָאבֶּען בַּיי אַייךְ מִיךְ אָבֶּער
12 וֶועט אִיהר נִיט הָאבֶּען שְׁטֶענְדִיג. מִיט דֶעם וָואס זִיא הָאט דֶעם
מוֹר אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף מַיין קָאפְּף הָאט זִיא מִיךְ אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ
13 דֶער קְבוּרָה. אִין אֶמֶת'ְעֶן זָאג אִיךְ אַייךְ: וואוּ מֶען וֶועט פְרֶעדִיגֶען

דִיזֶע בְּשׂוֹרָה טוֹבָה אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, וֶועט דֶערְצֵיילְט
וֶוערֶען אוֹיךְ דָאס, וָואס זִיא הָאט גֶעטָאן, צוּ אִיהר אַנְדֶערְנְקֶען.
14 דַאמָאלְסְט אִיז אֵיינֶער פָאן דִיא צְוֶועלְף יְהוּדָה אִישׁ־קְרִיּוֹת
15 גֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים. אוּן הָאט גֶעזָאגְט: וָואס וֶועט
אִיהר מִיר גֶעבֶּען, וֶועל אִיךְ אִיהם אַייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען? זֵיי הָאבֶּען
16 אִיהם אָבְּגֶעוֶויינֶען דְרֵייסִיג זִילְבֶּערְשְׁטִיק. אוּן פָאן יֶענֶער צֵייט
הָאט עֶר גֶעזוּכְט אֵיין פַּאסֶענְדֶע גֶעלֶעגֶענְהֵייט אִיהם אִיבֶּער צוּ
17 גֶעבֶּען. אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פָאן חַג הַמַּצּוֹת זֶענֶען דִיא
תַּלְמִידִים צוּ גֶעגַאנְגֶען צוּ יֵשׁוּעַ'ן אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: וואו
ווילְסְט דוּא, דָאס מִיר זָאלֶען צוּ בְּרֵייטֶען פַאר דִיר צוּ עֶסֶען דֶעם
18 קָרְבָּן פֶּסַח? עֶר הָאט גֶעזָאגְט: גֶעהט אִין שְׁטָאדְט צוּ יֶענֶעם אוּן
זָאגְט אִיהם: דֶער רַבִּי זָאגְט, מֵיין צֵייט אִיז נָאהֶענְט, בֵּיי דִיר וֶועל
19 אִיךְ מִיט מֵיינֶע תַּלְמִידִים מַאכֶען דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח. דִיא תַּלְמִידִים
הָאבֶּען גֶעטָאן, וִויא יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי בַּאפוֹילֶען, אוּן הָאבֶּען פַאְרטִיג
20 גֶעמַאכְט דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח. וֶוען עֶס אִיז אָוֶוענְד גֶעוָוארֶען, הָאט
21 עֶר זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט מִיט דִיא צְוֶועלְף תַּלְמִידִים. אוּן וֶוען זֵיי
הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט: אִין אֱמֶת'ען זָאג אִיךְ אַייךְ:
22 דָאס אֵיינֶער פָאן אַייךְ וֶועט מִיךְ אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערֶען. זֵיי זֶענֶען
זֶעהר טְרוֹיעֶרִיג גֶעוָוארֶען, אוּן יֶעדֶער פָאן זֵיי הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
23 אִיהם צוּ זָאגֶען: בִּין אִיךְ דֶער? הֶערְר! עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּן גֶעזָאגְט: דֶער וֶועלְכֶער טוּנְקְט מִיט מִיר אֵיין דִיא הַאנְד אִין
24 דֶער שִׁיסֶעל דֶער וֶועט מִיךְ אִיבֶּערֶענְטְפֶערֶען. דֶער בֶּן אָדָם
גֶעהט וִויא עֶס אִיז אוֹיף אִיהם גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, נוּר וֶועה אִיז
דֶעם מֶענְשֶׁען, דוּרְךְ וֶועלְכֶען דֶער בֶּן אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט
וֶוערֶען: דֶעם מֶענְשֶׁען וָואלְט עֶס בֶּעסֶער גֶעוֶועזֶען נִיט גֶעבָּארֶען צוּ
25 וֶוערֶען. אוּן יְהוּדָה וָואס הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט, הָאט
גֶעזָאגְט: בִּין אִיךְ דָאס? רַבִּי! עֶר זָאגְט אִיהם: דוּא הָאסְט עֶס
26 גֶעזָאגְט. אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, הָאט יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען
דָאס בְּרוֹיט, אֵיין בְּרָכָה גֶעמַאכְט, צוּבְּרָאכֶען, אוּן גֶעגֶעבֶּען צוּ
27 דִיא תַּלְמִידִים אוּן גֶעזָאגְט: נֶעמְט עֶסְט דָאס אִיז מֵיין לֵייבּ. אוּן
הָאט גֶענוּמֶען דֶעם כּוֹס, אֵיין בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען
28 אוּן גֶעזָאגְט: טְרִינְקְט אַלֶע פָאן אִיהם. דֶען דָאס אִיז מֵיין בְּלוּט

פָאן דֶעם בְּרִית הַחֲדָשָׁה (נֵייעֶם בּוּנְד) וָואס וֶוערְט פַארְגָאסֶען
פַאר פִילֶען צוּ פַארְגֶעבּוּנְג דֶער זִינְד. אִיךְ זָאג אַייךְ דָאס פָאן 29
יֶעצְט אָן וֶועל אִיךְ נִיט מֶעהר טְרִינְקֶען פָאן דֶעם פְרוּכְט פָאן דֶעם
ווַיינְשְׁטָאק, בִּיז דֶעם טָאג וֶוען אִיךְ וֶועל מִיט אַייךְ נֵייא טְרִינְקֶען
אִיהם אִין מֵיין פָאטֶערְס מְלוּכָה. וֶוען זֵיי הָאבֶּען אָבְּגֶעזָאגְט הַלֵל, 30
זֶענֶען זֵיי אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם הַר הַזֵיתִים. דַאמָאלְסְט הָאט 31
יֵשׁוּעַ זֵיי גֶעזָאגְט: אִיהר אַלֶע וֶועט גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען אָן מִיר
אִין דִיזֶער נַאכְט, דֶען עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: אִיךְ וֶועל שְׁלָאגֶען דֶעם
הִירְטֶען: אוּן דִיא שָׁאף פָאן דֶער שְׁטַאדֶע וֶועלֶען צוּשְׁפְּרֵייט
וֶוערֶען. נָאךְ מֵיין אוֹיפְשְׁטֶעהֶען וֶועל אִיךְ גֶעהֶן פַאר אַייךְ אִין גָלִיל. 32
פֶּטֶר הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: וֶוען אֲפִילוּ אַלֶע וֶועלֶען 33
גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען אָן דִיר, אִיךְ אָבֶּער וֶועל קֵיין מָאל נִיט
גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען. יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אִין אֱמֶת'ֶען 34
זָאג אִיךְ דִיר, דָאס אִין הֵיינְטִיגֶער נַאכְט, אֵיידֶער דֶער הָאן וֶועט
קְרֵייהֶען, וֶועסְט דוּא דְרֵיי מָאל מִיךְ פַארלֵייקֶענֶען. פֶּטֶר זָאגְט 35
אִיהם: אֲפִילוּ אִיךְ זָאל מוּזֶען שְׁטַארְבֶּען מִיט דִיר וֶועל אִיךְ מִיךְ
פָאן דִיר נִיט פַארלֵייקֶענֶען, אוּן אַזוֹי הָאבֶּען גֶעזָאגְט אוֹיךְ אַלֶע
תַּלְמִידִים. נָאךְ דֶעם אִיז יֵשׁוּעַ מִיט זֵיי גֶעקוּמֶען אוֹיף אֵיין 36
פְלַאץ וָואס הָאט זִיךְ גֶערוּפֶען, גַת־שְׁמָנִים אוּן זָאגְט דִיא תַּלְמִידִים:
זִיצְט דָא, בִּיז אִיךְ וֶועל אַהִין גֶעהֶן דָארְט מִתְפַּלֵל זֵיין. אוּן הָאט 37
מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען פֶּטֶר'ן אוּן בֵּיידֶע קִינְדֶער פָאן זְבַדְיָה, עֶר הָאט
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְרוֹיעֶרֶען אוּן אֶנְגְסְט צוּ הָאבֶּען. דַאמָאלְסְט הָאט 38
יֵשׁוּעַ זֵיי גֶעזָאגְט: מֵיין נֶפֶשׁ אִיז צוּם שְׁטַארְבֶּען טְרוֹיעְרִיג, בְּלֵייבְּט
דָא אוּן וַואכְט מִיט מִיר. אוּן עֶר אִיז אַבִּיסֶעל ווַייטֶער גֶעגַאנְגֶען, 39
אוּן אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵיין פָּנִים, מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען, אוּן גֶעזָאגְט: מֵיין
פָאטֶער! אוֹיבּ עֶס אִיז מִיגְלַאךְ, לָאז דֶער כּוֹס פַארְבֵּיי גֶעהֶן פָאן
מִיר, דָאךְ נִיט וִויא אִיךְ וִויל, נוּר וִויא דוּא ווִילְסְט. אוּן אִיז 40
גֶעקוּמֶען צוּ דִיא תַּלְמִידִים, אוּן הָאט זֵיי גֶעפוּנֶען שְׁלָאפֶענְדִיג, אוּן
עֶר זָאגְט צוּ פֶּטֶר'ן אַזוֹי: אֵיין שָׁעָה הָאט אִיהר נִיט גֶעקָאנְט
וַואכֶען מִיט מִיר? זֵייט וַואכֶענְדִיג, אוּן בֶּעטֶעט: אִיהר זָאלְט נִיט 41
קוּמֶען צוּ קֵיין נִסָיוֹן, דֶער גֵייסְט אִיז ווִילִיג, דָאס פְלֵיישׁ אָבֶּער
אִיז שְׁוַואךְ. נָאךְ אֵיין צְווֵייטֶען מָאל אִיז עֶר אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען 42

מִתְפַּלֵל גֶעוֶועֶן אוּן גֶעזָאגְט: מֵיין פָּאטֶער! אוֹיבּ דֶער כּוֹס קָאן נִיט
פַּארְבֵּיי גֶעהְן פָּאן מִיר, דָאס אִיךְ זָאל אִיהם נִיט טְרִינְקֶען, אַזוֹי
43 זָאל דֵיין וִוילֶען גֶעשֶׁעהֶען. אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען הָאט עֶר זֵיי
ווִידֶער גֶעפוּנֶען שְׁלָאפֶענְדִיג, דֶען דִיא אוֹיגֶען זֶענֶען זֵיי שְׁוֶוער
44 גֶעוָוארֶען. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעלָאזְט, אוּן אִיז ווִידֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
אוּן הָאט מִתְפַּלֵל גֶעוֶועֶן דָאס דְרִיטֶע מָאל, דִיא זֶעלְבִּיגֶע וֶוערְטֶער.
45 דַאמָאלְסְט אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּן זָאגְט זֵיי:
שְׁלָאפְט שׁוֹין אוּן רוּהֶעט, נוּן דִיא שָׁעָה אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אוּן דֶער
46 בֶּן־אָדָם גִיט זִיךְ אִיבֶּער אִין דִיא הֶענְד פָּאן זִינְדֶער. שְׁטֶעהט
אוֹיף קוּמְט, נוּן, דֶער וֶועלְכֶער גִיט מִיךְ אִיבֶּער קוּמְט אָן.
47 אוּן וֶוען עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, נוּן, יְהוּדָה, אֵיינֶער פָּאן דִיא צְוֶועלְף,
אִיז גֶעקוּמֶען, אוּן מִיט אִיהם זֶענֶען גֶעוֶועֶן פִיל פָּאלְק, מִיט שְׁוֶוערְדֶען
אוּן שְׁטֶעקֶענְס, פָּאן דִיא עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן זְקֵנִים פָּאן דֶעם פָּאלְק.
48 זֵיין מוֹסֵר הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען אֵיין צֵייכֶען אוּן גֶעזָאגְט: וֶועמֶען אִיךְ
49 וֶועל קוּשֶׁען, דָאס אִיז עֶר, נֶעמְט אִיהם. אוּן בַּאלְד אִיז עֶר
צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ יְשׁוּעַ'ן גֶעזָאגְט: שָׁלוֹם רַבִּי! אוּן הָאט אִיהם גֶעקוּשְׁט.
50 אוּן יְשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: פְרֵיינְד, נָאךְ וָואס בִּיסְט דוּא
גֶעקוּמֶען? דַאמָאלְסְט זֶענֶען זֵיי צוּגֶעגַאנְגֶען אוּן גֶעלֵייגְט דִיא הֶענְד
51 אוֹיף יְשׁוּעַ'ן אוּן אִיהם גֶענוּמֶען. אוּן, נוּן, אֵיינֶער פָּאן דִיא,
וָואס זֶענֶען גֶעוֶועֶן מִיט יְשׁוּעַ'ן, הָאט זֵיין הַאנְד אוֹיס גֶעשְׁטְרֶעקְט
אַרוֹיס גֶענוּמֶען זֵיין שְׁוֶוערְד, אוּן הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם קְנֶעכְט פָּאן
52 דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּן הָאט אִיהם דֶעם אוֹיעֶר אָבּ גֶעהַאקְט. דַאמָאלְסְט
הָאט יְשׁוּעַ אִיהם גֶעזָאגְט: לֵייג צוּרִיק דֵיין שְׁוֶוערְד אִין זֵיין אָרְט,
דֶען אַלֶע וֶועלְכֶע שְׁוֶוערְדֶען נֶעמֶען, וֶועלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד
53 פֶערְלָארֶען וֶוערֶען. אָדֶער דֶענְקְסְט דוּא, דָאס אִיךְ קָאן נִיט יֶעצְט
בֶּעטֶען מֵיין פָּאטֶער, אוּן עֶר וֶועט מִיר גֶעבֶּען מֶעהר פָּאן צְוֶועלְף
54 לֶעגְיָאנֶען מַלְאָכִים? ווִיא אַזוֹי אָבֶּער וֶועט דֶערְפִילְט וֶוערֶען דִיא
55 שְׁרִיפְט (תנ"ך), עֶס מוּז אַזוֹי זֵיין. אִין דֶער שָׁעָה הָאט יְשׁוּעַ
גֶעזָאגְט צוּם פָּאלְק: גְלֵייךְ ווִיא אוֹיף אֵיין גַזְלָן זֶענְט אִיהר אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען מִיט שְׁוֶוערְדֶען אוּן שְׁטֶעקֶען מִיךְ צוּ חַאפֶּען, יֶעדֶען טָאג
בִּין אִיךְ מִיט אֵייךְ גֶעזֶעסֶען אוּן הָאבּ גֶעלֶערֶענְט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ,
56 אוּן אִיהר הָאט מִיךְ נִיט גֶעחַאפְּט. דָאס אַלֶעם אִיז גֶעוֶועֶן, כְּדֵי

עֶס זָאל זִיךְ דֶערְפִילֶען דִיא שְׁרִיפְט (תנ"ך), דַאמָאלְסְט הָאבֶּען
אַלֶע תַּלְמִידִים אִיהם פֶערְלָאזְט, אוּן זֶענֶען אַוֶועקְגֶעלָאפֶען.
57 אוּן דִיא, וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעחַאפְּט יֵשׁוּעַ'ן הָאבֶּען אִיהם אַוֶועק
גֶעפִירְט צוּ קַיָפָא דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, וואוּ דִיא סוֹפְרִים אוּן זְקֵנִים
58 הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט. פֶּטֶר אָבֶּער אִיז זַיי נָאךְ גֶעגַאנְגֶען פָּאן
וַוייטֶען בִּיז דֶעם פַּאלַאסְט פָּאן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּן אִיז אַרַיין
גֶעגַאנְגֶען אִינֶעוֶוענִיג אוּן הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט מִיט דִיא מְשָׁרְתִים, כְּדֵי
59 צוּ זֶעהֶען דֶעם סוֹף. דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא זְקֵנִים אוּן דִיא
אַלֶע סַנְהֶדְרִין הָאבֶּען גֶעזוּכְט פַאלְשֶׁע עֵדוּת גֶעגֶען יֵשׁוּעַ'ן, כְּדֵי
60 מֶען זָאל אִיהם טוֹיטֶען. אוּן הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען, אוּן הַגַם פִּיל
פַאלְשֶׁע עֵדוּת זֶענֶען גֶעקוּמֶען, דָאךְ הָאבֶּען זַיי נִיט גֶעפוּנֶען, נוּר
61 צוּם סוֹף זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען צְוַויי פַאלְשֶׁע עֵדוּת. אוּן זַיי הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: עֶר הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ קָאן אֵיינְוַוארְפֶען דֶעם בֵּית
62 הַמִקְדָשׁ פָּאן גָאטְט, אוּן אִין דְרַיי טֶעג אִיהם אוֹיף בּוֹיעֶן. אוּן דֶער
כֹּהֵן גָדוֹל אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען אוּן זָאגְט אִיהם: דוּא עֶנְטְפֶערְסְט
63 גָאר נִיט דַארוֹיף? וָואס דִיא עֵדוּת זָאגֶען אַנְטְקֶעגֶען דִיר? יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעשְׁוִויגֶען, אוּן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אִיךְ
בַּאשְׁוֶוער דִיךְ בֵּיי דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאטְט, זָאג אוּנְז צוּ בִּיסְט דוּא
64 דֶער מָשִׁיחַ בֶּן אֱלֹהִים? יֵשׁוּעַ זָאגְט אִיהם: דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט.
אִיךְ זָאג אַייךְ: דָאס בַּאלְד וֶועט אִיהר זֶעהֶען דֶעם בֶּן־אָדָם זִיצֶען
צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פָּאן דֶער גְבוּרָה, אוּן קוּמֶען אוֹיף דִיא
65 וָואלְקֶען פָּאן דֶעם הִימֶעל. דַאמָאלְסְט הָאט דֶער כֹּהֵן גָדוֹל
צוּרִיסֶען זַיינֶע קְלֵיידֶער אוּן גֶעזָאגְט: עֶר לֶעסְטֶערְט, צוּ וָואס
בְּרוֹיכֶען מִיר נָאךְ עֵדוּת? נוּן, הָאט אִיהר גֶעהֶערְט זַיין לֶעסְטֶערוּנְג.
66 וִויא דֶענְקְט אִיהר? זַיי הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: עֶר אִיז
67 חַיָיב מִיתָה. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען זַיי אִיהם אִין פָּנִים גֶעשְׁפַּייט אוּן
הָאבֶּען אִיהם גֶעשְׁלָאגֶען, אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעפַּאצְט אִין בַּאק.
68 אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: זָאג אוּנְז נְבוּאוֹת מָשִׁיחַ! וֶוער אִיז דֶער וָואס
69 שְׁלָאגְט דִיךְ? אוּן פֶּטֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אִין דְרוֹיסֶען אִין דֶעם
פַּאלַאסְט, אוּן אֵיין דִינְסְט אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהם אוּן זָאגְט: דוּא
70 בִּיסְט אוֹיךְ גֶעוֶוען מִיט יֵשׁוּעַ'ן פָּאן גָלִיל. עֶר אָבֶּער הָאט פַאר
אַלֶעמֶען פַארְלֵייקֶענְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ וַוייס נִיט וָואס דוּא זָאגְסְט.

71 וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען צוּם טוֹיעֶר, הָאט אִיהם דֶערְזֶעהֶן
אַיין אַנְדֶערֶע אוּן זָאגְט צוּ דִיא, וֶועלְכֶע זֶענֶען דָארְט גֶעוֶוען: דֶער
72 אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען מִיט יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי. אוּן עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ אַמָאל
אָבְגֶעלֵייקֶענְט, מִיט אַיין שְׁבוּעָה, דָאס עֶר קָאן דֶעם מֶענְשֶׁען נִיט.
73 אִין אַיינֶע ווַיילֶע דֶערְנָאךְ זֶענֶען צוּ גֶעגַאנְגֶען דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען
דָארְט גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ פֶּטֶרְ'ן: אִין אֱמֶת'ֶען דוּא
74 בִּיסְט אוֹיךְ פָאן זֵיי, דֶען דַיין לָשׁוֹן אִיז דִיךְ מְגַלֶה. דַאמָאלְסְט
הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ צוּ שְׁוֶוערֶען אוּן צוּ פְלוּכֶען זִיךְ, דָאס
עֶר קָאן נִיט דֶעם מֶענְשֶׁען, אוּן בַּאלְד הָאט דֶער הָאן גֶעקְרֵייעֶט.
75 אוּן פֶּטֶר הָאט זִיךְ דֶער מָאנְט אָן דֶעם וָוארְט, וָואס יֵשׁוּעַ הָאט
אִיהם גֶעזָאגְט: אֵיידֶער דֶער הָאן וֶועט קְרֵייעֶן וֶועסְט דוּא זִיךְ
דְרֵיי מָאל פָאן מִיר פַארְלֵייקֶענֶען, אוּן עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען
אוּן הָאט בִּיטֶער גֶעוֵויינְט.

כז וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען אַלֶע עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן
דִיא זְקֵנִים פָאן דֶעם פָאלְק זִיךְ אַיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען וֶועגֶען יֵשׁוּעַ'ן,
2 וִויא מֶען זָאל אִיהם הַרְגֶ'נֶען. אוּן מֶען הָאט אִיהם גֶעבּוּנְדֶען,
אַוֶועק גֶעפִירְט, אוּן אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ פָּנְטִיוּס פִּילַטוּס, דֶעם
3 גוּבֶּערְנַאטָר. דַאמָאלְסְט וֶוען יְהוּדָה דֶער מוֹסֵר הָאט גֶעזֶעהֶן,
דָאס יֵשׁוּעַ אִיז פֶערְאוּרְטֵיילְט גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר חֲרָטָה בַּאקוּמֶען,
אוּן הָאט אוּמְגֶעקֶערְט דִיא דְרֵייסִיג זִילְבֶּער שְׁטִיק צוּ דִיא עֶלְסְטֶע
4 כֹּהֲנִים אוּן דִיא זְקֵנִים. אוּן הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט,
אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס בְּלוּט. זֵיי אָבֶּער
5 הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: וָואס הָאט דָאס צוּ אוּנְז, זֶעה דוּא צוּ. אוּן
עֶר הָאט אַיין וָוארְף גֶעגֶעבֶּען דִיא זִילְבֶּערְשְׁטִיק אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ
אוּן אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט זִיךְ גֶעהַאנְגֶען.
6 דִיא עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶענוּמֶען דִיא זִילְבֶּערְשְׁטִיק אוּן הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: עֶס אִיז נִיט רֶעכְט מֶען זָאל זֵיי אַרֵיין וַוארְפֶען אִין דֶער
קַאסְסֶע פָאן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, ווַייל דָאס אִיז בְּלוּטִיגֶעס גֶעלְד.
7 זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אַיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, אוּן הָאבֶּען פַארְ זֵיי גֶעקוֹיפְט
דָאס פֶעלְד פָאן אַיין טֶעפֶּער. דָאס מֶען זָאל דָארְטֶען פְרֶעמְדֶע
8 בַּאגְרָאבֶּען. דֶעריבֶּער רוּפְט זִיךְ דָאס פֶעלְד בִּיז דִיזֶען טָאג,
9 בְּלוּטִיגֶעס פֶעלְד. דַאמָאלְסְט הָאט זִיךְ דֶערְפִילְט, דָאס וָואס אִיז

גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם נָבִיא יִרְמְיָה, וֶועלְכֶער זָאגְט: אוּן זֵיי
הָאבֶּען גֶענוּמֶען דְרֵייסִיג זִילְבֶּערְשְׁטִיק דֶעם פְּרֵייז פָאן דֶעם
גֶעשֶׁעצְטֶען, וֶועלְכֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אָבְּגֶעשַׁאצְט.
10 אוּן הָאבֶּען זֵיי גֶעגֶעבֶּען פַאר דֶעם פֶּעלְד פָאן דֶעם טֶעפֶּער, וְוִיא
11 גָאטְט הָאט מִיר גֶעבָּאטֶען. יֵשׁוּעַ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דֶעם
גוּבֶּערְנַאטָאר, אוּן דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט:
בִּיסְט דוּא דֶער מֶלֶךְ פָאן דִיא אִידֶען? יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט:
12 דוּא זָאגְסְט עֶס. אוּן וֶוען דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא זְקֵנִים הָאבֶּען
13 אִיהם בַּאשׁוּלְדִיגְט, הָאט עֶר גָארְנִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט. דַאמָאלְסְט
זָאגְט אִיהם פִּילַטוּס: הֶערְסְט דוּא נִיט וְויפִיל מֶען זָאגְט עֵדוּת
14 גֶעגֶען דִיר. אוּן עֶר הָאט אִיהם נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוֹיף קֵיין שׁוּם
וָוארְט, אַזוֹי דָאס דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט זִיךְ זֶעהר גֶעוְואוּנְדֶערְט.
15 אוֹיף יֶעדֶען יוֹם טוֹב פְּלֶעגְט דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר בַּאפְרֵייעֶן
דֶעם פָאלְק אֵיין גֶעפַאנְגֶענֶעם, וֶועלְכֶען זֵיי הָאבֶּען גֶעוָואלְט.
16 דַאמָאלְסְט הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאט אֵיין גֶעוִויסֶען גֶעפַאנְגֶענֶעם, וֶועלְכֶען
17 מֶען הָאט גֶערוּפֶען בַּר־אַבָּא. וֶוען זֵיי הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט
הָאט זֵיי פִּילַטוּס גֶעזָאגְט: וֶועמֶען ווִילְט אִיהר, אִיךְ זָאל אַייךְ
בֶּעפְרֵייעֶן: בַּר־אַבָּא'ן אָדֶער יֵשׁוּעַ'ן וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען מָשִׁיחַ?
18 דֶען עֶר הָאט גֶעוואוּסְט, דָאס זֵיי הָאבֶּען אִיהם אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען
19 פַאר קִנְאָה. דֶערְוֵויילֶע ווִיא עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם
רִיכְטֶער שְׁטוּל הָאט זֵיין ווַייבּ אִיהם גֶעשִׁיקְט זָאגֶען: הָאבּ דוּא
נִיט צוּ טָאן מִיט דֶעם צַדִיק, דֶען אִיךְ הָאבּ הֵיינְט אִין חָלוֹם פִּיל
20 צַעַר גֶעהַאט וֶועגֶען אִיהם. נוּר דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן זְקֵנִים
הָאבֶּען אָנְגֶערֶעט דָאס פָאלְק צוּ בֶּעטֶען, בַּר אַבָּא'ן, אוּן יֵשׁוּעַ'ן
21 אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען. דַאמָאלְסְט הָאט דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר זֵיי גֶעפְרֶעגְט:
וֶועלְכֶען פָאן דִיא צְוֵויי ווִילְט אִיהר אִיךְ זָאל אַייךְ בֶּעפְרֵייעֶן, זֵיי
22 הָאבֶּען גֶעזָאגְט בַּר־אַבָּא'ן. דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט:
וָואס זָאל אִיךְ טָאן דֶעם יֵשׁוּעַ'ן, וָואס מֶען רוּפְט אִיהם מָשִׁיחַ?
23 אַלֶע זָאגֶען אִיהם: קְרֵייצִיגֶע אִיהם. דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט
גֶעזָאגְט: וָואס פַאר אֵיין בֶּעזֶעס הָאט עֶר גֶעטָאן? נוּר זֵיי הָאבֶּען
24 נָאךְ מֶעהר גֶעשְׁרִיגֶען: קְרֵייצִיגֶע אִיהם. וֶוען פִּילַטוּס הָאט גֶעזֶעהֶען,
דָאס עֶס הֶעלְפְט גָאר נִיט, דֶער טוּמֶעל וֶוערְט נוּר גְרֶעסֶער, הָאט

עֶר גֶענוּמֶען וַואסֶער, אוּן הָאט זִיךְ אָבְּגֶעוַואשֶׁען דִיא הֶענְד פַאר
דֶעם פָאלְק אוּן הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג אִין דֶעם בְּלוּט
25 פוּן צַדִיק, זֶעהט אִיהר צוּ. אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט זַיין בְּלוּט זָאל קוּמֶען אוֹיף אוּנְז אוּן אוֹיף
26 אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער. דַאמָאלְסְט הָאט עֶר זֵיי בֶּעפְרֵייט בַּר־אַבָּא'ן
אוּן יֵשׁוּעַ'ן הָאט עֶר גֶעשְׁמִיסֶען מִיט רִיטֶער, אוּן אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
27 מֶען זָאל אִיהם קְרֵייצִיגֶען. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען דִיא סָאלְדַאטֶען
פוּן דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר גֶענוּמֶען יֵשׁוּעַ'ן צוּם גֶערִיכְטְס הוֹיז, דִיא
גַאנְצֶע בַּאנְדֶע סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען זֵיי אַרוּם אִיהם צוּ נוֹיף גֶעזַאמֶעלְט.
28 אוּן מֶען הָאט אִיהם אוֹיס גֶעטָאן, אוּן מֶען הָאט אִיהם אָנְגֶעטָאן
29 אֵיין רוֹיטֶען מַאנְטֶעל. אוּן זֵיי הָאבֶּען אוֹיס גֶעפְלָאכְטֶען פוּן
דֶערְנֶער אֵיין קְרוֹין, אוּן הָאבֶּען זִיא אוֹיף זַיין קָאפְּף אַרוֹיף גֶעלֵייגְט,
אוּן הָאבֶּען אִיהם אִין דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד אֵיין שְׁטֶעקֶען גֶעגֶעבֶּען,
זֵיי הָאבֶּען זִיךְ פַאר אִיהם אוֹיף דִיא קְנִי גֶעשְׁטֶעלְט, אִיהם אוֹיס
30 גֶעשְׁפָּאט אוּן גֶעזָאגְט: פְרֵידֶען זַיי צוּ דִיר אִידֶעשֶׁער מֶלֶךְ. אוּן
הָאבֶּען אוֹיף אִיהם גֶעשְׁפִּיגֶען, גֶענוּמֶען דֶעם שְׁטֶעקֶען אוּן הָאבֶּען
31 אִיהם אִיבֶּער דֶעם קָאפְּף גֶעשְׁלָאגֶען. אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען זִיךְ
אִיבֶּער אִיהם אָנְגֶעלַאכְט, הָאבֶּען זֵיי פוּן אִיהם אַרָאבּ גֶענוּמֶען
דֶעם רוֹיטֶען מַאנְטֶעל אוּן הָאבֶּען אִיהם אָנְגֶעטָאן, אִין זַיינֶע קְלֵיידֶער
32 אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעפִירְט צוּם קְרֵייצִיגֶען. בֵּיים אַרוֹיס גֵיין הָאבֶּען
זֵיי בַּאגֶעגֶענְט אֵיין מַאן פוּן קוּרִין, וָואס זַיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען
שִׁמְעוֹן, אִיהם הָאבֶּען זֵיי גֶעצְוואוּנְגֶען צוּ טְרָאגֶען זַיין קְרֵייץ.
33 אוּן וֶוען גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם אָרְט וָואס מֶען רוּפְט גָלְגָלְתָּא, דָאס
34 הֵייסְט דֶער אָרְט פוּן דֶעם שֵׁייטֶעל (גָלְגֹלֶת). אוּן זֵיי הָאבֶּען
אִיהם גֶעגֶעבֶּען טְרִינְקֶען עֶסִיג גֶעמִישְׁט מִיט גַאל, עֶר הָאט
35 פַארְזוּכְט, אוּן נִיט גֶעוָואלְט טְרִינְקֶען. וֶוען זֵיי הָאבֶּען אִיהם
גֶעקְרֵייצִיגְט, הָאבֶּען זֵיי צוּטְהֵיילְט זַיינֶע קְלֵיידֶער, דוּרְכֶען גוֹרָל,
כְּדֵי צוּ דֶערְפִילֶען, וָואס עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם נָבִיא:
זֵיי צוּטְהֵיילֶען זִיךְ מִיט מֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּן אוֹיף מֵיין מַלְבּוּשׁ
36 וַוארְפֶען זֵיי גוֹרָל. אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ דָארְט גֶעזֶעצְט, אוּן אִיהם
37 גֶעהִיט. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיבֶּער זַיין קָאפְּף אַרוֹיס גֶעשְׁטֶעלְט זַיין
שׁוּלְד שְׁרִיפְטְלִיךְ „דִיזֶער אִיז יֵשׁוּעַ דֶער קֶענִיג פוּן דִיא אִידֶען“.

38 דאַמאָלסט זיינען געקרייציגט געוואָרען מיט איהם צוויי גזלנים
איינער פאָן זיין רעכטער זייט, און דער אַנדערער פאָן זיין לינקער.
39 דיא פאַרביי־געהענדע האָבען איהם געלעסטערט, און
40 געשאָקעלט זייער קאָפּ. און האָבען געזאָגט: דוא איינוואַרפער
פאָן דעם בית המקדש און זיין אויף בויער אין דריי טעג! זיי
דיך אַליין מציל, אויב דוא ביסט דער בן אלהים, גיה אַראָב
41 פאָן דעם קרייץ (תליה). אויך אַזוי האָבען דיא עלטסטע כהנים
מיט דיא סופרים און זקנים און פרושים איבער איהם געשפּאָטעט.
42 און געזאָגט: אַנדערע האָט ער געהאָלפען, אָבער זיך אַליין קען
ער ניט העלפען; אויב ער איז דער מלך פאָן דיא ישראל לאָז
ער יעצט אַראָב געהן פאָן דעם קרייץ, און מיר וועלען אין איהם
43 גלויבען. ער האָט זיך פאַרזיכערט אויף גאָט, יעצט לאָז ער
איהם רעטען, אויב ער וויל איהם, דען ער האָט געזאָגט: איך
44 בין דער בן־האלהים. אויך דיא גזלנים, וועלכע זענען מיט איהם
45 געקרייציגט געוואָרען, האָבען איהם געזידעלט. פאָן דער זעכסטער
שעה אָן איז איין פינסטערניס געוואָרען איבער דעם גאַנצען
46 לאַנד, ביז דער ניינטער שעה. און אַרום דער ניינטער שעה,
האָט ישוע געשריגען מיט איין הויכען קול: אלי אלי למה
שבקתני, דאָס מיינט מען: גאָט, מיין גאָט, וואָרום האָסט דוא
47 מיך פערלאָזען? איניגע וואָס זענען דאָרטען געשטאַנען ווען זיי
48 האָבען דאָס געהערט האָבען געזאָגט: ער רופט אליהו׳ן. און
באַלד איז איינער פאָן זיי געלאָפען גענומען איין שוואָם, און האָט
איהם אָנגעפילט מיט עסיג, אַרויף געלייגט אויף איין שטעקען,
49 און איהם געגעבען צו טרינקען. און אַנדערע האָבען געזאָגט:
שטעה, לאָזען מיר זעהען וועט קומען אליהו איהם מציל צו זיין.
50 ישוע האָט נאָך איין מאָל איין געשריי געגעבען מיט איין הויכען
51 קול, און האָט אַרויס געלאָזען זיין גייסט. און נון, דער פרוכת
פאָן דעם בית המקדש איז פאָן אויבען ביז אונטען צו ריסען
געוואָרען אויף צוויען; דיא ערד האָט געציטערט, און דיא
52 שטיינער האָבען זיך געשפּאָלטען. און דיא קברים האָבען זיך
געעפענט און פילע לייבער פאָן טויטע צדיקים זענען לעבענדיג
53 געוואָרען. און בעת זיי זענען אַרויס געגאַנגען פאָן דיא קברים,

נאָך זיין אויף שטעהן, זענען זיי אַריין געגאַנגען אין דער הייליגער
54 שטאָדט און האָבען זיך צו פילען באַוויזען. דער הויפּטמאַן, און
דיא וועלכע האָבען מיט איהם געהיט ישוע'ן ווען זיי האָבען
געזעהען דיא ערד ציטערנעס, און אַלץ וואס עס איז געשעהען,
האָבען זיי זיך זעהר געפירכטעט, און האָבען געזאָגט: ער איז
55 אין אמת'ען געוועזען דער בן אלהים. דאָרטען זיינען אויך געוועזען
און געקוקט פאָן ווייטען פילע ווייבער, וועלכע זענען נאָך געגאַנגען
56 ישוע'ן פאָן גליל און האָבען איהם באַדינט. צווישען זיי זענען
געוועזען מרים פאָן מגדלה, און מרים דיא מוטער פאָן יעקב און
57 יוסי, און דיא מוטער פאָן זבדיה'ס קינדער. ווען עס איז
אָווענד געוואָרען, איז געקומען איין רייכער מאַן פאָן אַרמתים,
זיין נאָמען איז געוועזען יוסף, וועלכער איז אויך ישוע'ס איין
58 תלמיד געוועזען. ער איז געגאַנגען צו פילאַטוס'ן און האָט
געבעטען דעם גוף פאָן ישוע'ן, דאַמאָלסט האָט פילטוס באַפוילען
59 צו געבען איהם דעם גוף. און יוסף האָט גענומען דעם גוף, און
60 האָט איהם איין געוויקעלט אין איין ריינעם ליינווענד. און ער
האָט איהם אַריין געלייגט אין זיין נייעם קבר, וועלכען ער האָט
אויס געהאַקט אין איין פעלז און האָט צו געקייקעלט איין גרויסען
שטיין צו דער טהיר פאָן דעם קבר, און איז אַוועק געגאַנגען.
61 דאָרטען איז געוועזען מרים פאָן מגדלה און דיא אַנדערע מרים,
62 וועלכע זענען געזעסען אַנטקעגען דעם קבר. אויף דעם
אַנדערען טאָג, וועלכער איז נאָך דעם צובּרייטונגס טאָג, האָבען
זיך דיא עלטסטע כהנים און דיא פּרושים פערזאַמעלט צו
63 פילאַטוס'ן. און האָבען געזאָגט: הערר! מיר געדענקען דאָס
יענער בעטריגער ווען ער האָט נאָך געלעבט, האָט געזאָגט:
64 נאָך דריי טעג וועל איך אויף שטעהן. דעריבער גיב איין
באַפעהל מען זאָל היטען דעם קבר, ביז דעם דריטען טאָג,
טאָמער וועלען זיינע תלמידים קומען ביי נאַכט, און וועלען
איהם אַרויס גנבנ'ן, און וועלען זאָגען דעם פאָלק: ער איז אויף
געשטאַנען פאָן דיא טויטע, און דיא לעצטע בעטריגעריי וועט
65 זיין ערגער פאָן דיא ערשטע. פילטוס האָט זיי געזאָגט: איהר
66 האָט שומרים, געהט היט וויא איהר ווייסט. זיי זענען געגאַנגען,

אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁטֶעלְט בֵּיי דֶעם קֶבֶר שׁוֹמְרִים, אוּן הָאבֶּען גֶעלֵייגְט
אוֹיף דֶעם שְׁטֵיין אֵיין זִיגֶעל.

נָאךְ מוֹצָאֵי שַׁבָּת וֶוען עֶס הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען לִיכְטִיג צוּ וֶוערֶען כח
דֶער עֶרְשְׁטֶער טָאג פָאן דֶער וָואךְ, אִיז מִרְיָם פָאן מַגְדָלָה אוּן דִיא
אַנְדֶערֶע מִרְיָם גֶעקוּמֶען זֶעהֶען דֶעם קֶבֶר. אוּן נוּן, אִיז אֵיין גְרוֹיסֶע 2
עֶרְדצִיטֶערְנִיס גֶעוָוארֶען. דֶען אֵיין גָאטְטֶעס מַלְאָךְ אִיז אַרָאבּ
גֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם הִימֶעל, אוּן אִיז צוּ גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט
אַוֶועקְגֶעקֵייקֶעלְט דֶעם שְׁטֵיין פָאן דֶער טְהִיר פָאן קֶבֶר. אוּן הָאט
זִיךְ אוֹיף אִיהם גֶעזֶעצְט. זַיין גֶעשְׁטַאלְט אִיז גֶעוֶוען, אַזוֹי וִויא אֵיין 3
בְּלִיץ, אוּן זַיינֶע קְלֵיידֶער וַוייס וִויא שְׁנֵיי. דִיא שׁוֹמְרִים זֶענֶען 4
דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען פַאר אִיהם, אוּן פַאר שְׁרֶעק, זֶענֶען זֵיי וִויא
טוֹיטֶע גֶעוָוארֶען. דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּ דִיא וַוייבֶּער
אוּן גֶעזָאגְט: הָאט קֵיין מוֹרָא נִיט, דֶען אִיךְ וַוייס, דָאס אִיהר זוּכְט 5
דֶען גֶעקְרֵייצִיגְטֶען יֵשׁוּעַ'ן. עֶר אִיז דָא נִיט דָא, עֶר אִיז אוֹיף 6
גֶעשְׁטַאנֶען, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט; גֶעהט, זֶעהט דֶעם אָרְט
וואוּ דֶער הֶערְר אִיז גֶעלֶעגֶען. אוּן גֶעהט גִיכֶער זָאגְט זַיינֶע תַלְמִידִים: 7
דָאס עֶר אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען פָאן דִיא טוֹיטֶע, אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען
פַאר אַייךְ קֵיין גָלִיל, דָארְט וֶועט אִיהר אִיהם זֶעהֶען, נוּן, אִיךְ הָאבּ
אַייךְ גֶעזָאגְט. אוּן וֶוען זֵיי זֶענֶען גִיךְ אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם קֶבֶר 8
מִיט מוֹרָא אוּן גְרוֹיס שִׂמְחָה, גֶעלָאפֶען אָנְצוּזָאגֶען צוּ זַיינֶע תַלְמִידִים.
אוּן נוּן, יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי בַּאגֶעגֶענְט, אוּן הָאט גֶעזָאגְט: שָׁלוֹם עֲלֵיכֶן, 9
אוּן זֵיי זֶענֶען צוּגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען אִיהם זַיינֶע פִיס אַרוּם גֶענוּמֶען,
אוּן הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהם גֶעבּוּקְט. דַאמָאלְסְט הָאט זֵיי יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט: 10
הָאט קֵיין מוֹרָא נִיט, גֶעהט, זָאגְט אָן מֵיינֶע בְּרִידֶער, דָאס זֵיי זָאלֶען
גֶעהְן קֵיין גָלִיל, אוּן דָארְטֶען וֶועלֶען זֵיי מִיךְ זֶעהֶען. וֶוען זֵיי 11
זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי זֶענֶען אֵייניגֶע פָאן דִיא שׁוֹמְרִים אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען
אִין שְׁטָאדְט, אוּן הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים פָאן
אַלֶעמֶען, וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען. אוּן דִיא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט 12
מִיט דִיא זְקֵנִים אוּן הָאבֶּען אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען אוּן הָאבֶּען פִיל
גֶעלְד גֶעגֶעבֶּען דִיא סָאלְדַאטֶען. אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: זָאגְט, דָאס 13
זַיינֶע תַלְמִידִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען בֵּיי נַאכְט, אוּן הָאבֶּען אִיהם אַוֶועק
גֶעגַנְבֶ'ט וֶוען מִיר הָאבֶּען גֶעשְׁלָאפֶען. אוּן אוֹיבּ דֶער גוּבֶּערְנָאטָאר 14

וֶועט דֶער פָאן גֶעוָואר וֶוערֶען, וֶועלֶען מִיר אִיהם אִיבֶּערְרֵיידֶען,
15 אוּן אַייך זִיכֶער מַאכֶען. זֵיי הָאבֶּען דָאס גֶעלד גֶענוּמֶען, אוּן הָאבֶּען
גֶעטָאן וִויא מֶען הָאט זֵיי גֶעלֶערֶענְט. אוּן דִיא זַאךְ אִיז פַארְבְּרֵייטֶעט
16 גֶעוָוארֶען אוּנְטֶער דִיא אִידֶען בִּיז אוֹיף דִיזֶען טָאג. דִיא עֶלְף
תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען קֵיין גָלִיל, אוֹיף דֶעם בַּארְג וואו יְשׁוּעַ
17 הָאט זֵיי גֶעבָּאטֶען; אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזֶעהֶען הָאבֶּען זֵיי
זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ אִיהם; אַנְדֶערֶע אָבֶּער זַיינֶען אִין סָפֵק גֶעוֶועזֶען.
18 אוּן יְשׁוּעַ הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶענְט אוּן צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: מִיר אִיז גֶעגֶעבֶּען
גֶעוָוארֶען אַלֶע מַאכְט אוֹיף דֶעם הִימֶעל אוּן אוֹיף דֶער עֶרְד.
19 דֶערִיבֶּער גֵייט, מַאכְט פַאר תַּלְמִידִים אַלֶע פֶעלְקֶער, זֵייט זֵיי
טוֹבֵל אִין דֶעם נָאמֶען פָאן דֶעם פָאטֶער אוּן דֶעם זָאהְן אוּן דֶעם
20 רוּחַ הַקֹדֶשׁ. לֶערֶענְט זֵיי צוּ הִיטֶען אַלֶעס, וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ
בַּאפוֹילֶען. אוּן נוּן, אִיךְ בִּין מִיט אַייךְ אַלֶע טֶעג בִּיז צוּם עֶנְדֶע
פָאן דֶער וֶועלְט. אָמֵן!

---

# דאס עוואנגעליום פאן מארקוס

---

א דֶער אָנְפַאנְג פָאן דֶער בְּשׂוֹרָה פָאן יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דֶער בֶּןְ
2 הָאֱלֹהִים. אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיא נְבִיאִים: זֶעהֶע, אִיךְ שִׁיק
מֵיין מַלְאָךְ פַאר דִיר, וֶועלְכֶער וֶועט צוּ גְרֵייטֶען דֵיין וֶועג פַאר דִיר.
3 אֵיין קוֹל, וָועלְכֶער רוּפְט אִין דֶער מִדְבָּר: בֶּערֵייטֶעט דֶען וֶועג
4 פָאן גָאטְט, גְלֵייכְט אוֹיס זֵיינֶע שְׁטֶעגֶען. יוֹחָנָן הָאט טוֹבֵל גֶעוֶועזֶען
אוּן גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא טְבִילָה פָאן תְּשׁוּבָה צוּ פַארְגֶעבֶּען דִיא זִינְדֶע.
5 אוּן דָאס גַאנְצֶע לַאנְד יְהוּדָה אוּן דִיא מֶענְשֶׁען פָאן יְרוּשָׁלַיִם זֶענֶען
צוּ אִיהם אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן עֶר הָאט אַלֶעמֶען גֶעטוֹבֶלְט אִין
6 דֶעם טַייךְ יַרְדֵן, אוּן זֵיי הָאבֶּען מִתְוַדֶה גֶעוֶועזֶען זֵייעֶרֶע זִינְד. אוּן
יוֹחָנָן אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעקְלֵיידֶעט אִין אֵיין מַלְבּוּשׁ פָאן קֶעמֶעל הָאר, אוּן

איין גארטעל פאן לעדער אויף זיינע לענדען, און האט געגעסען
7 היישעריקען און ווילדען האניג. און האט געפרעדיגט און געזאגט:
נאך מיר קומט דער וואס איז שטארקער פאן מיר ביי וועלכען
איך בין ניט ווערט זיך צובוקען און אב צו בינדען דעם שנירעל
8 פאן זיינע שיך. איך האב אייך געטובל'ט אין וואסער און ער וועט
9 אייך טובל'ען אין דעם רוח הקדש. און עס איז געוועזען אין
יענע טעג איז ישוע געקומען פאן נצרת, וועלכע איז אין גליל און
10 האט זיך געטובעלט ביי יוחנן אין ירדן. און ווען ער איז ארויס
געגאנגען פאן דעם וואסער, האט ער באלד געזעהען וויא דער
הימעל האט זיך געשפאלטען, און איין גייסט וויא איין טויב איז
11 אויף איהם אראב געגאנגען. און איין קול איז געוועזען פאן הימעל:
12 דוא ביסט מיין געליבטער זאהן וועלכער מיר געפעלט. באלד
נאך דעם האט איהם דער גייסט ארויס געפירט אין דער מדבר.
13 און ער איז געוועזען אין דער מדבר פערציג טעג, און דער שטן
האט איהם געפרובט, און ער איז געוועזען ביי דיא חיות, און מלאכים
14 האבען איהם בעדינט. נאך דעם וויא מען האט יוחנן
געפאנגען, איז ישוע געקומען קיין גליל און האט געפרעדיגט דיא
15 בשורה פאן דאס מלכות האלהים. און האט געזאגט: דיא צייט
האט זיך דערפילט, און דאס מלכות האלהים האט זיך גענעהענט
16 טהוט תשובה, און גלויבט אין דער בשורה. און ווען ער
איז ביים ים פאן גליל אהינגעגאנגען האט ער געזעהען וויא שמעון
און אנדריי שמעון'ס ברודער ווארפען איין נעץ אין ים אריין, דען
17 זיי זענען געוועזען פיש פאנגערס. און ישוע האט זיי געזאגט: געהט
18 מיר נאך, און איך וועל אייך מאכען פאר מענשען פאנגערס. און
זיי האבען באלד אוועק געלאזט זייערע נעצען און זענען איהם נאך
19 געגאנגען. און ווען ער איז נאר וואס אוועק געגאנגען פאן דארטען,
האט ער געזעהען יעקב בן זבדי און יוחנן זיין ברודער, זיי האבען
20 אויך אין איין שיף צורעכט געמאכט דיא נעצען. און ער האט
זיי באלד גערופען, און זיי האבען אוועק געלאזט זייער פאטער
זבדי און דיא שיף מיט דיא געדונגענע ארבייטער, און זענען איהם
21 נאך געגאנגען. און ווען זיי זיינען געקומען קיין כפר־נחום איז ער
22 באלד געגאנגען שבת איז שול און האט געלעהרענט. און זיי

הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוואוּנְדֶערְט אוֹיף זֵיין לֶעהְרֶע, דֶען עֶר הָאט זֵיי
גֶעלֶעהְרֶענְט וִויא אֵיין מַאן וָואס הָאט מַאכְט אוּן נִיט וִויא דִיא
23 סוֹפְרִים. אִין זֵייעֶר שׁוּל אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין מַאן וָואס אִין אִיהם
24 אִיז אֵיין רוּחַ טָמֵא גֶעוֶועזֶען אוּן עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען: אָה, וָואס
הָאבֶּען מִיר מִיט דִיר יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי, דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען אוּנְז צוּ
25 אוּמְבְּרֵיינְגֶען, אִיךְ וֵויים וֶוער דוּא בִּיסְט, הֵיילִיגֶער גָאטְטֶעס. אוּן
יֵשׁוּעַ הָאט אוֹיף אִיהם אָן גֶעשְׁרִיגֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט: פַארְשְׁטוּם
26 אוּן גֶעה אַרוֹיס פָאן אִיהם. אוּן דֶער רוּחַ טָמֵא הָאט אִיהם
גֶעפְּלָאגְט אוּן גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל, אוּן אִיז פָאן אִיהם
27 אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען. אוּן אַלֶע זֶענֶען פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּן
הָאבֶּען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט: וָואס אִיז
דָאס? וָואס פַאר אֵיין נֵייעֶ לֶעהְרֶע אִיז דָאס, דָאס אֲפִילוּ דִיא
אוּנְרֵיינֶע רוּחוֹת בֶּעפֶעלְט עֶר מִיט מַאכְט אוּן זֵיי הֶערֶען אִיהם?
28 אוּן בַּאלְד הָאט זִיךְ פָאן אִיהם גֶעהֶערְט אִין אַלֶע עֶרְטֶער פָאן
29 דֶעם לַאנְד גָלִיל. אוּן וֶוען זֵיי זֶענֶען בַּאלְד אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פָאן
דֶער שׁוּל זֵיינֶען זֵיי גֶעקוּמֶען אִין הוֹיז פָאן שִׁמְעוֹן אוּן אַנְדְרַי, יַעֲקֹב
30 אוּן יוֹחָנָן זֵיינֶען גֶעוֶועזֶען מִיט זֵיי. אוּן שִׁמְעוֹן'ס שְׁווִיגֶער אִיז גֶעלֶעגֶען
31 אִין קַדַחַת, אוּן זֵיי הָאבֶּען בַּאלְד אִיהם גֶעזָאגְט וֶועגֶען אִיהר. עֶר
אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט זִיא אָנְגֶענוּמֶען בֵּיי דֶער הַאנְד אוּן הָאט
זִיא אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּן דָאס קַדַחַת הָאט זִיא בַּאלְד אָבּ גֶעלָאזְט,
32 אוּן זִיא הָאט זֵיי בַּאדִינְט. וֶוען עֶס אִיז אָווֶענְד גֶעוָוארֶען, וֶוען דִיא
זָאנֶע אִיז אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען, הָאט מֶען צוּ אִיהם גֶעבְּרַאכְט אַלֶע
33 קְרַאנְקֶע אוּן דִיא וָואס זֵיינֶען בֶּעזֶעסֶען מִיט שֵׁדִים. אוּן דִיא גַאנְצֶע
34 שְׁטָאדְט הָאט זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט פַאר דֶער טְהִיר. אוּן עֶר הָאט
פִיל גֶעהֵיילְט דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעלִיטֶען פָאן פַארְשֵׁיידֶענֶע
קְרַאנְקְהֵייט, אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען פִיל שֵׁדִים אוּן עֶר הָאט נִיט עֶרְלוֹיבְּט
דִיא שֵׁדִים צוּ זָאגֶען, דָאס זֵיי וֵוייסֶען דָאס עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ.
35 אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אִיז עֶר אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען גַאנְץ פְרִיה, וֶוען
עֶס אִיז נָאךְ דוּנְקֶעל גֶעוֶועזֶען, אוּן אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין וִוּיסְטֶען
36 אָרְט, אוּן הָאט דָארְטֶען תְּפִלָּה גֶעטָאן. שִׁמְעוֹן אוּן דִיא לֵייט וָואס
37 זֵיינֶען מִיט אִיהם גֶעוֶועזֶען זֶענֶען אִיהם נָאכְגֶעגַאנְגֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען
38 אִיהם גֶעפוּנֶען, הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: נוּן, אַלֶע זוּכֶען דִיךְ. אוּן עֶר

הָאט זַיי גֶעזָאגְט: לָאזֶען מִיר גֶעהְן אִין דִיא נָאהֶענְטֶע עֶרְטֶער, כְּדֵי
אִיךְ זָאל דָארְט אוֹיךְ פְּרֶעדִיגֶען, דֶען אִיךְ בִּין דַארִיבֶּער גֶעקוּמֶען.
39 אוּן עֶר הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין זֵייעֶרֶע שוּלֶען אִין גַאנְץ גָלִיל, אוּן
40 הָאט שֵׁדִים אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען. אוּן עֶס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם
אֵיין קְרֶעצִיגֶער, אוּן הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען, גֶעפַאלֶען פַאר אִיהם
אוֹיף דִיא קְנִי אוּן גֶעזָאגְט: וָוען דוּא ווִילְסְט קָאנְסְט דוּא מִיךְ רֵיין
41 מַאכֶען. יֵשׁוּעַ הָאט אוֹיף אִיהם רַחֲמָנוּת בַּאקוּמֶען, אוּן הָאט אוֹיס
גֶעשְׁטְרֶעקְט דִיא הַאנְד, אִיהם אָן גֶערִירְט, אוּן אִיהם גֶעזָאגְט: אִיךְ
42 ווִיל, וֶוער רֵיין. אוּן בַּאלְד אִיז דִיא קְרֶעץ אַרָאבּ פָאן אִיהם: אוּן
43 עֶר אִיז רֵיין גֶעוָוארֶען. אוּן עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁרִיגֶען אוֹיף אִיהם, אוּן
44 הָאט אִיהם בַּאלְד אַרוֹיס גֶעשִׁיקְט. אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: זֶעה
דוּא זָאלְסְט קֵיינֶעם גָאר נִיט זָאגֶען, נוּר גֶעה, וַוייז דִיךְ פַאר דֶעם
כֹּהֵן אוּן בְּרֵיינְג פַאר דֵיין טַהֲרָה, דָאס וָואס מֹשֶׁה הָאט אָנְגֶעזָאגְט
45 פַאר אֵיין עֵדוּת צוּ זַיי. עֶר אָבֶער אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט
אָנְגֶעהוֹיבֶּען פִיל צוּ פְּרֶעדִיגֶען אוּן צוּ דֶערְצֵיילֶען דִיא זַאךְ, אַזוֹי
דָאס עֶר הָאט שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט קוּמֶען עֶפֶענְטְלִיךְ אִין שְׁטָאדְט,
נוּר גֶעוֶועסֶען אוֹיסֶער דֶער שְׁטָאדְט אִין ווִיסְטֶע עֶרְטֶער, אוּן זַיי
זַיינֶען גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם פָאן אַלֶע זֵייטֶען.
ב נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג וָוען עֶר אִיז צוּרִיק גֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַר־נַחוּם
2 הָאט מֶען דֶערְהֶערְט, דָאס עֶר אִיז צוּ הוֹיז. אוּן בַּאלְד הָאבֶּען
זִיךְ פִילֶע פֶערְזַאמֶעלְט, בִּיז עֶס אִיז קֵיין פְּלַאץ נִיט גֶעוֶועזֶען פַאר
3 דֶער טְהִיר, אוּן עֶר הָאט זַיי גֶערֶעדְט, דָאס וָוארְט. אוּן
מֶען אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם אוּן מֶען הָאט צוּ גֶעטְרָאגֶען צוּ אִיהם
אֵיין מַאן מִיט אָבְּגֶענוּמֶענֶע גְלִידֶער, זֵייעֶרֶע פִיר הָאבֶּען אִיהם
4 גֶעטְרָאגֶען. אוּן מַחֲמַת דֶעם פָאלְק הָאבֶּען זַיי נִיט גֶעקָאנְט צוּ
קוּמֶען צוּ אִיהם, אוּן זַיי הָאבֶּען צוּנוּמֶען דֶעם דַאךְ אוּן צוּ גְרָאבֶּען
דֶעם בּוֹידֶעם וואוּ עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאבֶּען אַרָאבּ גֶעלָאזְט דָאס
גֶעלֶעגֶער אוֹיף וֶועלְכֶעם דֶער מִיט דִיא אָבְּגֶענוּמֶענֶע אֵבָרִים אִיז
5 גֶעלֶעגֶען. וָוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען זֵייעֶר אֱמוּנָה, הָאט עֶר גֶעזָאגְט
צוּ דֶעם מִיט דִיא אָבְּגֶענוּמֶענֶע אֵבָרִים: מֵיין קִינְד, דֵיינֶע חֲטָאִים
6 זַיינֶען דִיר פַארְגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען. אוּן דָארְטֶען זַיינֶען גֶעוֶועזֶען אֵיינִיגֶע
פָאן דִיא סוֹפְרִים, וָואס זַיינֶען דָארְטֶען גֶעזֶעסֶען, אוּן הָאבֶּען בֵּיי

7 זִיךְ אִין הַארְצֶען גֶעטְרַאכְט. וָואס רֶעדֶעט דֶער אַזָאלְכֶע לֶעסְטֶערוּנְג
8 וֶוער קָאן מוֹחֵל זַיין זִינְדֶע אוֹיסֶער גָאטְט אַלֵיין? יְשׁוּעַ הָאט בַּאלְד
גֶעוואוּסְט מִיט זַיין רוּחַ, דָאס זֵיי דֶענְקֶען אַזוֹי אִין זֵייעֶר הַארְצֶען
הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט: וָוארוּם דֶענְקְט אִיהר אַזֶעלְכֶעס אִין אֵייעֶר
9 הַארְצֶען? וֶועלְכֶעס אִיז גְרִינְגֶער צוּ צוּזָאגֶען דֶעם מִיט דִיא
אָבְגֶענוּמֶענֶע אֵבָרִים: דַיינֶע חַטָאִים זֶענֶען דִיר פַארְגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען,
10 אָדֶער צוּ זָאגֶען: שְׁטֶעה אוֹיף נֶעם דַיין גֶעלֶעגֶער אוּן גֶעה? נוּר,
כְּדֵי אִיהר זָאלְט וִויסֶען, דָאס דֶער בֶּן־אָדָם הָאט דִיא מַאכְט צוּ
פַארְגֶעבֶּען זִינְדֶע אוֹיף דֶער עֶרֶד, זָאגְטֶע עֶר צוּ דֶעם מִיט דִיא
11 אָבְגֶענוּמֶענֶע אֵבָרִים: דִיר זָאג אִיךְ: שְׁטֶעה אוֹיף, נֶעם דַיין גֶעלֶעגֶער
12 אוּן גֶעה אַהֵיים. עֶר אִיז מִיט אֵיין מָאל אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט
גֶענוּמֶען זַיין גֶעלֶעגֶער אוּן אִיז פַאר אַלֶעמֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי
דָאס אַלֶע זַיינֶען פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען גָאטְט
גֶעלוֹיבְּט אוּן גֶעזָאגְט: קֵיין מָאל הָאבֶּען מִיר אַזָאלְכֶעס נִיט גֶעזֶעהֶען.
13 אוּן עֶר אִיז נָאךְ אֵיין מָאל אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען צוּם יַם, אוּן
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם, אוּן עֶר הָאט זֵיי
14 גֶעלֶעהְרֶענְט. וֶוען עֶר אִיז וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר דֶערְזֶעהֶען
לֵוִי בֶּן חַלְפַי זִיצֶענְדִיג אִין דֶעם צָאלְהוֹיז, אוּן עֶר הָאט אִיהם
גֶעזָאגְט: גֶעה מִיר נָאךְ; עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז אִיהם נָאךְ
15 גֶעגַאנְגֶען. אוּן עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען יְשׁוּעַ אִיז גֶעזֶעסֶען בַּיים טִישׁ
אִין זַיין הוֹיז, זֶענֶען אוֹיךְ פִּיל מוֹכְסִים (מַס־נֶעמֶער) אוּן זִינְדֶער
גֶעזֶעסֶען מִיט אִיהם, אוּן מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים, דֶען עֶס זַיינֶען פִילֶע
16 גֶעוֶועזֶען דִיא וֶועלְכֶע זַיינֶען אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען. אוּן דִיא סוֹפְרִים
אוּן פְּרוּשִׁים הָאבֶּען אִיהם גֶעזֶעהֶען עֶסֶענְדִיג מִיט דִיא מוֹכְסִים אוּן
זִינְדֶער, אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים: וָוארוּם עֶסְט
17 אֵייעֶר רַבִּי מִיט זִינְדֶער אוּן מִיט מוֹכְסִים? אוּן יְשׁוּעַ הָאט דָאס
גֶעהֶערְט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט: גֶעזוּנְדֶע דַארְפֶען נִיט קֵיין רוֹפֵא, נוּר
קְרַאנְקֶע, אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען רוּפֶען צוּ תְּשׁוּבָה דִיא צַדִיקִים,
18 נוּר דִיא זִינְדֶער. דִיא תַּלְמִידִים פָאן יוֹחָנָן אוּן פָאן דִיא
פְּרוּשִׁים פְלֶעגֶען פַאסְטֶען אוּן מֶען אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם אוּן מֶען
הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: וָוארוּם פַאסְטֶען דִיא תַּלְמִידִים פָאן יוֹחָנָן אוּן
דִיא תַּלְמִידִים פָאן דִיא פְּרוּשִׁים, אוּן דַיינֶע תַּלְמִידִים פַאסְטֶען

19 ניט. און יֵשׁוּעַ הָאט זַיי גֶעזָאגְט: וִויא קֶענֶען דִיא אוּנְטֶערְפִיהֶרֶער
פַאסְטֶען וֶוען דֶער חָתָן אִיז מִיט זַיי? וִויא לַאנְג דֶער חָתָן אִיז מִיט
20 זַיי קֶענֶען זַיי נִיט פַאסְטֶען. נוּן עֶס וֶועלֶען קוּמֶען טֶעג אוּן דֶער
חָתָן וֶועט פָאן זַיי צוּגֶענוּמֶען וֶוערֶען, דַאמָאלְסְט וֶועלֶען זַיי אִין דִיא
21 טֶעג פַאסְטֶען. קֵיינֶער לֵייגְט נִיט אֵיין לַאטֶע פָאן נִיט גֶעוַואלְקְטֶעם
צֵייג אוֹיף אֵיין אַלְטֶען קְלֵייד, כְּדֵי דִיא נֵייעֶ לַאטֶע זָאל זִיךְ נִיט
אָבְּרֵייסֶען פָאן דֶעם אַלְטֶען, אוּן עֶס וֶועט דֶער רִיס נָאךְ עֶרְגֶער
22 וֶוערֶען. אוּן קֵיינֶער גִיסְט נִיט קֵיין נֵייעֶן וַויין אִין אַלְטֶע לָאגְלֶען,
כְּדֵי דֶער וַויין זָאל נִיט צוּ רֵייסֶען דִיא לָאגְלֶען, דֶער וַויין וֶוערְט
פֶערְלָארֶען אִין דִיא לָאגְלֶען, נוּר נֵייעֶן וַויין גִיסְט מֶען אַרֵיין אִין
23 נֵייעֶ לָאגְלֶען. עֶס הָאט זִיךְ אִיהם גֶעמַאכְט אוּם שַׁבָּת צוּ
גֶעהֶן דוּרְךְ פַארְזֵייטֶע פֶעלְדֶער, אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אוֹיף
24 דֶעם וֶועג אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָבּ צוּ רֵייסֶען זַאנְגֶען. אוּן דִיא פְּרוּשִׁים
הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: זֶעה, וָואס זַיי טוּהֶען אוּם שַׁבָּת, דָאס, וָואס
25 עֶס אִיז נִיט מוּתָּר. עֶר הָאט זַיי גֶעזָאגְט: הָאט אִיהר דֶען קֵיין
מָאל נִיט גֶעלֶעזֶען וָואס דָוִד הָאט גֶעטָאן וֶוען עֶר הָאט נוֹיט גֶעהַאט,
עֶר אַלֵיין אוּן דִיא וָואס זֵיינֶען מִיט אִיהם גֶעוֶוען הָאבֶּען גֶעהוּנְגֶערְט?
26 וִויא עֶר אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין גָאטְטֶעס הוֹיז וֶוען אֶבְיָתָר אִיז אֵיין
כֹּהֵן גָּדוֹל גֶעוֶוען אוּן הָאט גֶעגֶעסֶען דֶעם לֶחֶם־הַפָּנִים, וֶועלְכֶער אִיז
אָסוּר צוּ יֶעדֶען, חוּץ צוּ דִיא כֹּהֲנִים, אוּן הָאט אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ
27 דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהם גֶעוֶועזֶען? אוּן עֶר הָאט זַיי גֶעזָאגְט:
דֶער שַׁבָּת אִיז פַאר דֶעם מֶענְשֶׁען בֶּעשַׁאפֶען, נִיט דֶער מֶענְשׁ
28 פַאר דֶעם שַׁבָּת. דֶערִיבֶּער אִיז דֶער בֶּן־אָדָם אוֹיךְ דֶער הֶערְר
אִיבֶּער דֶעם שַׁבָּת.

ג אוּן עֶר אִיז נָאךְ אֵיין מָאל גֶעקוּמֶען אִין שוּל אַרֵיין, דָארְט אִיז
2 גֶעוֶועזֶען אֵיין מַאן מִיט אֵיין פַארְדַארְטֶער הַאנְד. אוּן מֶען הָאט
אִיהם נָאךְ גֶעקוּקְט אוֹיבּ עֶר וֶועט אִיהם אוֹיס הֵיילֶען אוּם שַׁבָּת,
3 כְּדֵי מֶען זָאל אִיהם פַארְקְלָאגֶען. עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַאן
מִיט דֶער פַארְדַארְטֶער הַאנְד: שְׁטֶעל דִיךְ אִין דֶער מִיטֶען.
4 אוּן זַיי הָאט עֶר גֶעזָאגְט: מֶעג מֶען אוּם שַׁבָּת גוּטֶעס טָאן, אָדֶער
שְׁלֶעכְטֶעס טָאן? אֵיין נֶפֶשׁ מַצִּיל צוּ זַיין אָדֶער צוּ פַארְלִירֶען?
5 נוּר זַיי הָאבֶּען גֶעשְׁווִיגֶען. אוּן עֶר הָאט אוֹיף זַיי אֵיין קוּק גֶעטָאן

מִיט צָאָרְן, דֶען עֶס הָאט אִיהם בַּאטְרִיבְּט זֵייעֶר הַארְט
הֶערְצִיגְקֵייט אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַאן: שְׁטְרֶעק אוֹיס דֵיין
הַאנְד אוּן עֶר הָאט זִיא אוֹיס גֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּן דִיא הַאנְד אִיז
6 גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען גְלֵייך, וְוִיא דִיא אַנְדֶערֶע. דִיא פְּרוּשִׁים זֵיינֶען
בַּאלְד אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען מִיט דִיא הוֹרְדוֹסִיִים גֶעהאַלְטֶען
7 אֵיין עֵצָה וְוִיא אִיהם אוּמְצוּבְּרֵיינְגֶען. אוּן יֵשׁוּעַ אִיז מִיט זֵיינֶע
תַּלְמִידִים פָאן דָארְט אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען צוּם יַם, אוּן אֵיין סַך פָאלְק
8 אִיז אִיהם נָאך גֶעגַאנְגֶען פָאן גָלִיל אוּן יְהוּדָה. פָאן יְרוּשָׁלַיִם,
אֱדוֹם אוּן יֶענֶער זֵייט יַרְדֵן, אוּן אִין דֶער גֶעגֶענְד פָאן צוֹר וְצִדוֹן
הָאט מֶען גֶעהֶערְט, וָואס עֶר הָאט גֶעטָאן אוּן פִיל פָאלְק זֵיינֶען
9 צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, דָאס
מֶען זָאל אִיהם צוּ גְרֵייטֶען אֵיין קְלֵיינֶע שִׁיף, מַחֲמַת דָאס פִיל
10 פָאלְק, דָאס זֵיי זָאלֶען אִיהם נִיט דְרֶענְגֶען. דֶען עֶר הָאט פִילֶע
אוֹיס גֶעהֵיילְט, אַזוֹי דָאס דִיא אַלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט וואוּנְדֶען
הָאבֶּען זִיך גֶעוָוארְפֶען אוֹיף אִיהם, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען אִיהם אָן רִיהְרֶען.
11 אוּנְרֵיינֶע רוּחוֹת וֶוען זֵיי הָאבֶּען אִיהם דֶערְזֶען זֵיינֶען זֵיי פַאר אִיהם
12 גֶעפַאלֶען אוּן גֶעשְׁרִיגֶען: דוּא בִּיסְט דֶער בֶּן־הָאֱלֹהִים. אוּן עֶר
הָאט שְׁטַארְק אָנְגֶעשְׁרִיגֶען אוֹיף זֵיי, דָאס זֵיי זָאלֶען אִיהם נִיט
13 מְגַלֶה זֵיין. אוּן עֶר אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אוֹיף אֵיין בַּארְג, אוּן הָאט
צוּ זִיך גֶערוּפֶען וֶועלְכֶע עֶס הָאבֶּען אִיהם גֶעפֶעלֶען, אוּן זֵיי זֵיינֶען
14 צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען. אוּן עֶר הָאט בֶּעשְׁטֶעלְט צְוֶועלְף, זֵיי זָאלֶען
15 מִיט אִיהם זֵיין, אוּן כְּדֵי עֶר זָאל זֵיי שִׁיקֶען פְּרֶעדִיגֶען. אוּן זֵיי
זָאלֶען הָאבֶּען מַאכְט אוֹיס צוּ הֵיילֶען פָאן קְרַאנְקְהֵייט אוּן שֵׁדִים
16 אַרוֹיס צוּ טְרֵייבֶּען. אוּן עֶר הָאט צוּ שִׁמְעוֹן גֶעגֶעבֶּען אֵיין נָאמֶען
17 פֶּטֶר. אוּן יַעֲקֹב בֶּן־זַבְדַי אוּן יוֹחָנָן יַעֲקֹבְ׳ס בְּרוּדֶער, אוּן הָאט
זֵיי גֶערוּפֶען מִיט דֶעם נָאמֶען בְּנֵי־רְגוֹשׁ (דָאס הֵייסְט דָאנֶער
18 קִינְדֶער). אַנְדְרֵי פִילִיפּוֹס, בַּרְתַּלְמַי, מַתַּי, תּוֹמָא, יַעֲקֹב בֶּן חַלְפַי,
19 תַּדַי, אוּן שִׁמְעוֹן הַקַנָאִי. אוּן יְהוּדָה אִישׁ־קְרִיוֹת, וֶועלְכֶער הָאט
20 אִיהם אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען. זֵיי זֵיינֶען גֶעקוּמֶען צוּ הוֹיז, אוּן
דָאס פָאלְק הָאט זִיך ווִידֶער צוּ נוֹיף גֶעזַאמֶעלְט, אַזוֹי דָאס זֵיי
21 הָאבֶּען קֵיין בְּרוֹיט נִיט גֶעקָאנְט עֶסֶען. אוּן זֵיינֶע קְרוֹבִים הָאבֶּען
דָאס גֶעהֶערְט זֵיינֶען זֵיי גֶעקוּמֶען אִיהם חַאפֶּען, דֶען זֵיי הָאבֶּען

22 גֶעזָאגְט: דָאס עֶר אִיז פָאן זִינֶען אַרוּנְטֶער. און דִיא סוֹפְרִים
וָואס זֵיינֶען אַרָאבּ גֶעקוּמֶען פָאן יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס
דֶער בַּעַל־זְבוּב אִיז אִין אִיהם אוּן דוּרְךְ דֶעם שַׂר פָאן דִיא שֵׁדִים
23 טְרֵייבְּט עֶר אַרוֹיס שֵׁדִים. אוּן עֶר הָאט זֵיי צוּ גֶערוּפֶען אוּן הָאט
צוּ זֵיי גֶערֶעט, מִיט מְשָׁלִים אוּן הָאט גֶעזָאגְט: וִויא קָאן דֶער שָׂטָן
24 פֶערְטְרֵייבֶּען דֶעם שָׂטָן. וֶוען אֵיין מְלוּכָה אִיז נִיט אֵיינִיג מִיט
25 זִיךְ, קָאן דִיא מְלוּכָה נִיט הָאבֶּען קֵיין קִיוּם. אוּן אֵיין הוֹיז אוֹיבּ
עֶס אִיז מִיט זִיךְ נִיט אֵיינִיג, קָאן דָאס הוֹיז קֵיין קִיוּם נִיט הָאבֶּען.
26 אוּן וֶוען דֶער שָׂטָן אִיז גֶעגֶען זִיךְ אַלֵיין, אוּן אִיז נִיט אֵיינִיג וֶועט
27 עֶר קֵיין קִיוּם נִיט הָאבֶּען, נוּר זַיין סוֹף אִיז גֶעקוּמֶען. קֵיינֶער
קָאן נִיט קוּמֶען צוּם גִבּוֹר אִין הוֹיז אַוֶועק צוּ רוֹיבֶּען זֵיינֶע כֵּלִים,
בִּיז עֶר בִּינְדֶעט נִיט פְרִיעֶר דֶעם גִבּוֹר אוּן נָאךְ דֶעם בֶּערוֹיבְּט
28 עֶר זַיין הוֹיז. אִין אֱמֶת'עֶן זָאג אִיךְ אַייךְ: דָאס אַלֶע זִינְדֶען וֶועלֶען
פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען דִיא מֶענְשֶׁען אוּן אוֹיךְ אַלֶע לֶעסְטֶערוּנְגֶען וָואס
29 זֵיי וֶועלֶען לֶעסְטֶערֶען. נוּר דֶער וָואס לֶעסְטֶערְט דֶעם רוּחַ
הַקֹּדֶשׁ, דֶעם אִיז קֵיין מָאל נִיט דָא קֵיין פַארְגֶעבּוּנְג, אוּן עֶר וֶועט
30 עֶוִיג זַיין אִין זַיין שׁוּלְד. וַוייל זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס אֵיין
31 אוּנְרֵיינֶער רוּחַ אִיז אִין אִיהם. אוּן זַיין מוּטֶער אוּן בְּרִידֶער
זֵיינֶען גֶעקוּמֶען אוּן זֵיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין דְרוֹיסֶען אוּן הָאבֶּען
32 גֶעשִׁיקְט צוּ אִיהם מֶען זָאל אִיהם אַרוֹיס רוּפֶען. דָאס פָאלְק אִיז
גֶעזֶעסֶען אַרוּם אִיהם אוּן מֶען הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: נוּן, דֵיין מוּטֶער,
33 אוּן בְּרִידֶער זֵיינֶען אִין דְרוֹיסֶען אוּן זוּכֶען דִיךְ. אוּן עֶר הָאט זֵיי
34 גֶעזָאגְט: וֶוער אִיז מֵיין מוּטֶער אוּן מֵיינֶע בְּרִידֶער? אוּן עֶר הָאט
אַלֶעמֶען בַּאקוּקְט וָואס זֵיינֶען אַרוּם אִיהם גֶעזֶעסֶען, אוּן הָאט
35 גֶעזָאגְט: דָא אִיז מֵיין מוּטֶער אוּן מֵיינֶע בְּרִידֶער. דֶען וֶוער עֶס
דֶערְפִילְט דֶעם רָצוֹן פָאן גָאטְט, דֶער אִיז מִיר אֵיין בְּרוּדֶער,
אֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער אוּן אֵיין מוּטֶער.

ד אוּן עֶר הָאט נָאךְ אֵיין מָאל אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶעהְרֶענֶען בֵּיים
יַם אוּן זֶעהר פִיל פָאלְק הָאט זִיךְ צוּ אִיהם פֶערְזַאמֶעלְט, אַזוֹי
דָאס עֶר אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אִין אֵיין שִׁיף
אוֹיף דֶעם יַם, אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים בָּארְטֶען
2 פָאן יַם אוֹיף דֶער יַבָּשָׁה. אוּן עֶר הָאט זֵיי פִיל גֶעלֶערֶענְט מִיט

משלים און ווען ער האט זיי געלערנט האט ער זיי געזאגט.
3 4 הערט: נון, דער זייער איז ארויס געגאנגען זייען. און ווען ער
האט געזייט איז איין ביסעל ביים וועג געפאלען און עס זיינען
5 פייגלען אנגעקומען און האבען עס אויף געגעסען. אנדערע זיינען
אראב געפאלען אויף איין שטיינערדיגען ארט, וואו עס איז ווייניג
ערד, און איז באלד אויף געשפראצט ווייל עס האט ניט געהאט
6 קיין טיפע ערד. און ווען דיא זאננע איז אויף געגאנגען, האט עס
זיך דערהיצט, און אזוי וויא עס האט קיין ווארצעל ניט געהאט,
7 אזוי איז עס פערדארט געווארען. אנדערע זענען געפאלען צווישען
דערנער און דיא דערנער זענען אויפגעוואכסען, און האבען עס
8 צוקוועטשט און עס האט קיין פרות ניט געגעבען. אנדערע
זיינען געפאלען אויף גוטע ערד, און זיי זיינען אויף געגאנגען,
געוואכסען און געגעבען פרות; איינינגע דרייסיג מאל אזוי פיל
9 אנדערע זעכציג און אנדערע הונדערט. און ער האט זיי געזאגט:
10 ווער עס האט אויערען צו הערען לאז הערען. און ווען ער
איז אליין געבליבען, האבען דיא וואס זיינען געוועזן ארום איהם
צו זאמען מיט דיא צוועלף, איהם געפרעגט וועגען דעם משל.
11 און ער האט זיי געזאגט: אייך איז עס געגעבען געווארען צו
וויסען דעם סוד פאן מלכות האלהים, צו דיא אבער וואס זיינען
12 פאן דרויסען איז אלדינג אין משלים. אזוי דאס זיי קוקענדיג
זעהען און דערזעהען ניט, און הערענדיג הערען און פארשטעהען
ניט, כדי זיי זאלען ניט אומקעהרען, און עס וועט פארגעבען
13 ווערען זייערע זינד. און ער האט זיי געזאגט: איהר פארשטעהט
ניט דעם משל, וויא אזוי דען וועט איהר אלע משלים פארשטעהען?
14 15 דער זייער זייעט דאס ווארט. דאס וואס עס איז ביים
וועג, דאס זיינען דיא אין וועלכע דאס ווארט ווערט געזייעט, נור
ווען זיי האבען עס געהערט, קומט באלד דער שטן און נעמט
אוועק דאס ווארט וואס עס איז געזייט געווארען אין הארצען.
16 אזוי אויך דיא וואס זיינען געזייט געווארען אויף שטיינערדיגע
ערטער, זיינען דיא וועלכע הערען דאס ווארט און נעמען עס
17 באלד מיט שמחה. נור זיי האבען אין זיך ניט קיין ווארצעל און
האלטען זיך נור איין אויגענבליק, דערנאך ווען עס קומט אן איין

צָרָה אוּן אֵיין רְדִיפָה אִיבֶּער דֶעם וָוארְט, אַזוֹי וֶוערֶען זֵיי בַּאלְד
18 גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט. דִיא וֶועלְכֶע זֵיינֶען גֶעזֵייט צְוִוישֶׁען דֶערְנֶער
19 זֵיינֶען דִיא וֶועלְכֶע הֶערֶען דָאס וָוארְט. אוּן דִיא דַאֲגוֹת פָאן דִיזֶער
וֶועלְט, אוּן דֶער בֶּעטְרוּג פָאן דִיא רֵייכְקֵייט אוּן דִיא תַּאֲוֹת פָאן
אַנְדֶערֶע זַאכֶען, קוּמֶען אוּן דֶערְשְׁטִיקֶען דָאס וָוארְט אוּן עֶס
20 בְּרֵיינְגְט נִיט קֵיין פֵּרוֹת. אוּן דִיא וָואס זֵיינֶען גֶעזֵייט גֶעוָוארֶען
אוֹיף גוּטֶע עֶרְד זֵיינֶען דִיא, וֶועלְכֶע הֶערֶען דָאס וָוארְט אוּן זֵיינֶען
עֶס מְקַבֵּל אוּן בְּרֵיינְגֶען פֵּרוֹת דְרֵייסִיג מָאל אַזוֹי פִיל, זֶעכְצִיג מָאל,
21 אוּן הוּנְדֶערְט מָאל. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: בְּרֵיינְגְט מֶען
דֶען דָאס לִיכְט דֶערִיבֶּער, דָאס מֶען זָאל עֶס שְׁטֶעלֶען אוּנְטֶער
אֵיין מֶעסְטֶעל, אָדֶער אוּנְטֶער דָאס בֶּעט? אִיז עֶס דֶען נִיט דֶערְצוּ,
22 דָאס מֶען זָאל עֶס שְׁטֶעלֶען אִין אֵיין לֵייכְטֶער? דֶען עֶס אִיז נִיט
דָא קֵיין פֶערְבָּארְגֶענֶע זַאךְ, דָאס זִיא זָאל נִיט אַנְפְּלֶעקְט וֶוערֶען,
אוּן עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין בֶּעהַאלְטֶענֶע זַאךְ, דָאס זִיא זָאל נִיט צוּם
23 אַנְפְּלֶעקוּנְג קוּמֶען. וֶוער עֶס הָאט אוֹיעֶרֶען צוּם הֶערֶען לָאז
24 הֶערֶען. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: זֶעהֶעט צוּ, וָואס אִיהר הֶערְט,
מִיט וָואס פַאר אֵיין מָאס אִיהר מֶעסְט מִיט דֶער מָאס וֶועט אַייךְ
גֶעמָאסְטֶען וֶוערֶען, אוּן אַייךְ הֶערֶערְס וֶועט צוּ גֶעלֵייגְט וֶוערֶען.
25 דֶען וֶוער עֶס הָאט, דֶעם וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אוּן וֶוער עֶס הָאט
נִיט, פָאן דֶעם וֶועט אַוֶועק גֶענוּמֶען וֶוערֶען אוֹיךְ דָאס וָואס עֶר
26 הָאט. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט: דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים אִיז גְלֵייךְ
דֶער צוּ, וִויא אֵיין מֶענְשׁ הָאט אַרֵיין גֶעוָוארְפֶען אֵיין זְרִיעָה אִין
27 דֶער עֶרְד. אוּן עֶר שְׁלָאפְט, אוּן וַואכְט טָאג אוּן נַאכְט, אוּן וִויא
28 אַזוֹי דִיא זְרִיעָה שְׁפְּרָאצְט אוֹיף אוּן וַואכְּסְט וֵייס עֶר נִיט. דֶען
דִיא עֶרְד אַלֵיין בְּרֵיינְגְט אַרוֹיס צוּם עֶרְשְׁטֶען דִיא גְרָאז, נָאכְדֶעם
דֶעם זַאנְג, אוּן נָאכְדֶעם, דֶעם פוּלֶען קֶערֶענְדֶעל אִין דֶעם זַאנְג.
29 וֶוען דִיא פֵּרִי וֶוערְט פַארְטִיג שִׁיקְט מֶען בַּאלְד דֶעם שְׁנֵיידְמֶעסֶער,
30 וֵוייל דִיא שְׁנִיט צֵייט אִיז אָנְגֶעקוּמֶען. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט:
צוּ וָואס זָאל אִיךְ גְלֵייכֶען דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים, אָדֶער וָואס פַאר
31 אֵיין מָשָׁל זָאל אִיךְ דֶערְצוּ גֶעבֶּען. עֶס אִיז וִויא אֵיין קֶערֶענְדֶעל
פָאן זֶענֶעפְט, וֶועלְכֶעס וֶוען מֶען זֵייעֶט עֶס אִין דֶער עֶרְד אִיז עֶס
32 קְלֶענֶער פָאן אַלֶע זְרִיעָה, וֶועלְכֶע עֶס זֵיינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד. נוּר

וֶוען דָאס אִיז אֵיינְגֶעזֵייט וַואכְּסְט דָאס אוֹיס, אוּן עֶס וֶוערְט
גְרֶעסֶער פָאן אַלֶע גְרִינְוַוארג, אוּן עֶס לָאזְט אַרוֹיס גְרוֹיסֶע צְוַוייגֶען,
אַזוֹי דָאס אוּנְטֶער זַיין שָׁאטֶען קָאנֶען וואוֹינֶען אַלֶע פֵייגֶעלֶען פָאן
3 דֶעם הִימֶעל. אוּן מִיט פִיל אַזֶעלְכֶע מְשָׁלִים הָאט עֶר צוּ זֵיי
3 גֶערֶעט דָאס וָוארְט, וִויא זֵיי הָאבֶּען גֶעקָאנְט הֶערֶען. אָן אֵיין
מָשָׁל הָאט עֶר צוּ זֵיי נִיט גֶערֶעט, אוּז וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַלֵיין
3 מִיט דִיא תַּלְמִידִים, הָאט עֶר זֵיי אַלֶעם דֶערְקְלֶערְט. אוּן
אִין יֶענֶעם טָאג וֶוען עֶס אִיז אָוֶוענְד גֶעוָוארֶען הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט:
3 לָאזֶען מִיר זִיךְ אַרִיבֶּער שִׁיפֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער זֵייט. אוּן
זֵיי הָאבֶּען אָבְּגֶעלָאזְט דָאס פָאלְק אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶענוּמֶען אַזוֹי
וִויא עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער שִׁיף, אוּן אַנְדֶערֶע שִׁיפֶען זַיינֶען אוֹיךְ
3 מִיט אִיהם גֶעוֶועזֶען. אוּן אֵיין גְרוֹיסֶער ווִינְד הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען,
דִיא וֶועלֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעוָוארְפֶען אִין דֶער שִׁיף, בִּיז זִיא הָאט
3 זִיךְ כִּמְעַט אָנְגֶעפִילְט. אוּן עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער הִינְטֶערְשְׁטֶער
זֵייט פָאן דֶער שִׁיף, גֶעשְׁלָאפֶען אוֹיף אֵיין קִישֶׁען, מֶען הָאט אִיהם
אוֹיף גֶעוֶועקְט אוּן אִיהם גֶעזָאגְט: רַבֵּינוּ הַארְט דִיךְ נִיט דָאס,
3 וָואס מִיר וֶוערֶען פַארְלָארֶען. אוּן עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן
הָאט אָנְגֶעשְׁרִיגֶען אוֹיף דֶעם ווִינְד, אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּם יַם:
שְׁוַוייג אוּן זֵיי שְׁטִיל, אוּן דֶער ווִינְד אִיז שְׁטִיל גֶעוָוארֶען אוּן עֶס
4 אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין גְרוֹיסֶע שְׁטִילְקֵייט. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט:
וָואס זֶענְט אִיהר אַזֶעלְכֶע שְׁרֶעקֶענְדִיגֶע? וִויא הָאט אִיהר קֵיין
4 אֱמוּנָה נִיט? אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִירְכְטֶעט מִיט אֵיין גְרוֹיסֶער
מוֹרָא אוּן הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶערֶעט: וֶוער אִיז דָאס, דָאס אוֹיךְ
דֶער ווִינְד אוּן דֶער יַם גֶעהָארְכֶען אִיהם?

ה אוּן זֵיי זַיינֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער זֵייט בָּארְטֶען פָאן
2 דֶעם יַם אִין דֶעם לַאנְד פָאן דִיא גְדַרִיִים. וִויא עֶר אִיז נוּר פָאן
דֶער שִׁיף אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן נוּן, אֵיין מַאן וָואס אִיז אַרוֹיס
גֶעקוּמֶען פָאן דִיא קְבָרִים אִיז אִיהם אַנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען, אִין
3 אִיהם אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין אוּנְרֵיינֶער גֵייסְט. זַיין ווֵיינוּנְג אִיז גֶעוֶועזֶען אִין
דִיא קְבָרִים אוּן אֲפִילוּ מִיט קֵייטֶען הָאט אִיהם קֵיינֶער נִיט גֶעקֶענְט
4 הַאלְטֶען צוּ גֶעבּוּנְדֶען. דֶען עֶר אִיז פִילֶע מָאל אֵיינְגֶעשְׁמִידֶעט
גֶעוָוארֶען אִין קֵייטֶען אוּן פוּס קֵייטֶען, אוּן עֶר הָאט אִיבֶּער

גֶערִיסֶען דִיא קֵייטֶען אוּן אוֹיף גֶעשְׁלָאגֶען דִיא פוּסְקֵייטֶען, אוּן
5 קֵיינֶער אִיז נִיט אִין שְׁטַאנְד גֶעוֶועזֶען אִיהם אֵיינְצוּשְׁטִילֶען. שְׁטֶענְדִיג
טָאג אוּן נַאכְט פְלֶעגְט עֶר אוֹיף דִיא בֶּערְג אוּן אִין דִיא קְבָרִים
6 שְׁרֵייעֶן אוּן זִיךְ שְׁלָאגֶען אָן דִיא שְׁטֵיינֶער. וֶוען עֶר הָאט דֶערְזֶעהן
יֵשׁוּעַ׳ן פָאן דֶער וֵוייטֶענְס אִיז עֶר צוּ גֶעלָאפֶען אוּן זִיךְ גֶעבּוּקְט
7 צוּ אִיהם. אוּן עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל: וָואס
ווִילְסְט דוּא פָאן מִיר יֵשׁוּעַ דוּא זָאהן פָאן דֶעם הֶעכְסְטֶען גָאטְט?
8 אִיךְ בַּאשְׁוֶוער דִיךְ מִיט גָאטְט, פְּלָאג מִיךְ נִיט. דֶען עֶר הָאט
אִיהם גֶעזָאגְט: גֶעה אַרוֹיס, אוּנְרֵיינֶער גֵייסְט, פָאן דֶעם מֶענְשֶׁען.
9 אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט: וִויא אִיז דֵיין נָאמֶען? אוּן עֶר הָאט
אִיהם גֶעזָאגְט אוּן גֶעעֶנְטְפֶערְט: לִגְיוֹן אִיז מֵיין נָאמֶען, וֵוייל מִיר
10 זֵיינֶען פִיל. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם זֶעהר גֶעבֶּעטֶען, דָאס עֶר זָאל
11 זֵיי נִיט אַרוֹיס שִׁיקֶען פָאן דֶעם לַאנְד. אוּן דָארְטְן בֵּיים בַּארְג
הָאט זִיךְ גֶעפִּיטֶערְט אֵיין גְרוֹיסֶע הֶעֶרְדֶע (שְׁטַאדֶע) פָאן חֲזֵרִים.
12 אוּן אַלֶע שֵׁדִים הָאבֶּען אִיהם גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט: שִׁיק אוּנְז
13 אִין דִיא חֲזֵרִים, דָאס מִיר זָאלֶען אִין זֵיי אַרֵיין. יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי
בַּאלְד עֶרְלוֹיבְּט, אוּן דִיא אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער זֵיינֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען
אוּן אַרֵיין אִין דִיא חֲזֵרִים, אוּן דִיא שְׁטַאדֶע הָאט זִיךְ אַרָאבְּגֶעלָאזֶען
פָאן דֶעם מִשְׁפּוּי׳דִיגֶען בַּארְג אִין יַם אַרֵיין, זֵיי זֵיינֶען גֶעוֶוען אֵיין
עֶרֶךְ פָאן צְווֵיי טוֹיזֶענְד, אוּן זֵיינֶען אִין יַם דֶערְטְרוּנְקֶען גֶעוָוארֶען.
14 דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעפִּיטֶערְט דִיא חֲזֵרִים זֵיינֶען גֶעלָאפֶען, אוּן
הָאבֶּען דָאס דֶערְצֵיילְט אִין שְׁטָאט אוּן אִין דִיא דֶערְפֶער, אוּן זֵיי
15 זֵיינֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען זֶעהֶען, וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען. אוּן זֵיי
זֵיינֶען גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ׳ן אוּן הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, דָאס דֶער וָואס הָאט
גֶעהַאט דִיא שֵׁדִים אוּן דֶער לִגְיוֹן אִיז אִין אִיהם גֶעוֶוען, זִיצְט אוּן
אִיז אִין קְלֵיידֶער אוּן בֵּיי דֶעם גֶעזוּנְדֶען פֶערְשְׁטַאנְד, הָאבֶּען זֵיי
16 אֵיין שְׁרֶעק בַּאקוּמֶען. דִיא וָואס עֶס הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען הָאבֶּען זֵיי
דֶערְצֵיילְט, וִויא דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען מִיט דֶעם, וָואס הָאט גֶעהַאט
17 דֶעם שֵׁד, אוּן וֶועגֶען דִיא חֲזֵרִים. אוּן זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהם
18 צוּ בֶּעטֶען, דָאס עֶר זָאל אַוֶועק גֶעהְן פָאן זֵייעֶרֶע גְרֶענֶעצֶען. אוּן
וֶוען עֶר אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער שִׁיף, הָאט דֶער מִיט דֶעם
19 שֵׁד אִיהם גֶעבֶּעטֶען, דָאס עֶר זָאל זֵיין בֵּיי אִיהם. יֵשׁוּעַ אָבֶּער

הָאט אִיהם נִיט עֶרְלוֹיבְּט אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: גֶעה אַהֵיים צוּ
דִיא דֵיינִיגֶע, אוּן דֶערְצֵייל זֵיי, וָואס דֶער הֶערְר הָאט מִיט דִיר
גֶעטָאן, אוּן וִויא עֶר הָאט זִיךְ דֶערְבַּארֶעמְט אִיבֶּער דִיר. אוּן עֶר
אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּ פְּרֶעדִיגֶען אִין דִיא צֶעהְן
שְׁטֶעדְט, וָואס יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעטָאן, אוּן אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ
גֶעוואוּנְדֶערְט. וָוען יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ ווִידֶער אַרִיבֶּער גֶעשִׁיפְט
אִין דֶער שִׁיף אוֹיף דֶען אַנְדֶערֶען בָּארְטֶען, הָאט זִיךְ צוּ אִיהם
פֶערְזַאמֶעלְט פִיל פָאלְק עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען בֵּיים יַם. אוּן, נוּן, קוּמְט
צוּ אִיהם אֵיינֶער פָאן דִיא עֶלְטְסְטֶע פָאן דֶער שוּל מִיט דֶעם נָאמֶען
יָאִיר, אוּן וֶוען עֶר הָאט אִיהם גֶעזֶעהֶען אִיז עֶר גֶעפַאלֶען צוּ זֵיינֶע
פִיס. אוּן הָאט אִיהם שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט: מֵיין
טָאכְטֶער הַאלְט בֵּיים שְׁטַארְבֶּען; קוּם אוּן לֵייג אוֹיף אִיהר דִיא
הֶענְד, כְּדֵי זִיא זָאל גֶעזוּנְד וֶוערֶען אוּן לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען. עֶר אִיז
גֶעגַאנְגֶען מִיט אִיהם, פִיל פָאלְק אִיז אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען אוּן
הָאבֶּען אִיהם גֶעקְוֶועטְשְׁט. אֵיין פְרוֹי, וֶועלְכֶע הָאט גֶעלִיטֶען צְוֶועלְף
יָאהר פָאן אֵיין בְּלוּט פְלוּס. זִיא הָאט פִיל גֶעלִיטֶען פָאן פִילֶע
רוֹפְאִים, זִיא הָאט אוֹיס גֶעבְּרַאכְט אַלְץ וָואס זִיא הָאט גֶעהַאט,
אוּן זִיא אִיז נִיט בֶּעסֶער גֶעוָוארֶען; עֶס אִיז אִיהר נָאךְ עֶרְגֶער
גֶעוָוארֶען. זִיא הָאט גֶעהֶערְט פָאן יֵשׁוּעַ'ן, אִיז זִיא צוּגֶעגַאנְגֶען
הִינְטֶער אִיהם צְווִישֶׁען פָאלְק, אוּן הָאט אָנְגֶערִירְט זֵיינֶע קְלֵיידֶער.
דֶען זִיא הָאט גֶעזָאגְט: וֶוען אִיךְ רִיהר אָן נוּר זֵיין קְלֵייד, אַזוֹי
וֶועל אִיךְ גֶעזוּנְד וֶוערֶען. אוּן בַּאלְד אִיז אִיהר בְּלוּט קְוֶועלֶע
פַארְטְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען, אוּן זִיא הָאט אִין אִיהר גוּף גֶעפִילְט דָאס
זִיא אִיז אוֹיס גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען פָאן אִיהר קְרַאנְקְהֵייט. אוּן בַּאלְד
הָאט יֵשׁוּעַ אִין זִיךְ אַלֵיין גֶעוואוּסְט, דָאס גְבוּרָה אִיז פָאן אִיהם
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט צוּ דֶעם פָאלְק
אוּן גֶעזָאגְט: וֶוער הָאט זִיךְ צוּ גֶערִירְט צוּ מֵיין קְלֵייד? דִיא
תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: דוּא זֶעהסְט דָאס פָאלְק דְרִיקְט
דִיךְ, אוּן דוּא זָאגְסְט וֶוער הָאט זִיךְ צוּ גֶערִיהְרְט צוּ מִיר? אוּן
עֶר הָאט זִיךְ אַרוּם גֶעקוּקְט צוּ דֶערְזֶעהֶען יֶענֶע וֶועלְכֶע הָאט עֶס
גֶעטָאן. דִיא פְרוֹי אִין מוֹרָא אוּן צִיטֶערְנֶעס מַחְמַת זִיא הָאט
גֶעוואוּסְט, וָואס מִיט אִיהר אִיז גֶעשֶׁעהֶען, אִיז צוּ גֶעגַאנְגֶען אוּן אִיז

גֶעפַאלֶען פַאר אִיהם אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט דֶעם גַאנְצֶען אֶמֶת.
34 אוּן עֶר הָאט אִיהר גֶעזָאגְט: טָאכְטֶער, דֵיין אֱמוּנָה הָאט דִיךְ מַצִיל
גֶעוֶועזֶען, גֶעה אִין פְרִידֶען, אוּן וֶוער גֶעזוּנְד פָאן דֵיין פְּלָאג.
35 וֶוען עֶר הָאט נָאךְ דָאס גֶערֶעדט אִיז מֶען גֶעקוּמֶען פָאן דֶעם עֶלְסְטֶען
פָאן דֶער שוּל אוּן מֶען הָאט גֶעזָאגְט: דֵיין טָאכְטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
36 צוּ וָואס בַּאמִיהֶעסְט דוּא נָאךְ דֶעם רַבִּי? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעהֶערְט
דִיא וֶוערְטֶער, הָאט עֶר בַּאלְד גֶעזָאגְט דֶעם עֶלְסְטֶען פָאן דֶער
37 שוּל, פִירְכְטֶע נִיט, נוּר גְלוֹיבּ. אוּן הָאט קֵיינֶעם נִיט גֶעלָאזְט אִיהם
38 נָאךְ גֶעהֶען, אוֹיסֶער פֶּטֶר יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן יַעֲקֹבְ'ס בְּרוּדֶער. עֶר
אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם הוֹיז פָאן דֶעם עֶלְסְטֶען פָאן דֶער שוּל, אוּן
הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם לַארֶעם, דִיא וֵויינֶערְס אוּן פִילֶע קְלָאגֶערְס.
39 אוּן וֶוען עֶר אִיז אַרֵיין גֶעקוּמֶען הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט: וָואס לַארֶעמְט
אִיהר אוּן וֵויינְט? דָאס מֵיידֶעל אִיז נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען, נוּר זִיא
40 שְׁלָאפְט. אוּן מֶען הָאט אִיהם אוֹיס גֶעלַאכְט, עֶר הָאט אַלֶעמֶען
אַרוֹיס גֶעשִׁיקְט אוּן גֶענוּמֶען מִיט זִיךְ דֶעם פָאטֶער אוּן דִיא מוּטֶער
פָאן דֶעם מֵיידֶעל אוּן דִיא וֶועלְכֶע זֵיינֶען מִיט אִיהם גֶעוֶועזֶען, אוּן
41 אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אַהִין וואוּ דָאס מֵיידֶעל אִיז גֶעלֶעגֶען. אוּן עֶר
הָאט אָנְגֶענוּמֶען דָאס מֵיידֶעל בֵּיי דֶער הַאנְד אוּן גֶעזָאגְט אִיהר:
טַלְיְתָא, קוּמִי! דָאס הֵייסְט: מֵיידֶעל דִיר זָאג אִיךְ, וַואכֶע אוֹיף.
42 אוּן דָאס מֵיידֶעל אִיז בַּאלְד אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט אָן גֶעהֵייבֶּען
צוּ גֶעהְן, דֶען זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין צְוֶועלְף יֶעהְרִיגֶע, אוּן אַלֶע זֵיינֶען
43 אִין גְרוֹיס שְׁרֶעק גֶעוֶועזֶען. אוּן עֶר הָאט שְׁטַארְק פֶערְבָּאטֶען, דָאס
קֵיינֶער זָאל דֶער פָאן נִיט וִויסֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט מֶען זָאל
אִיהר גֶעבֶּען עֶסֶען.

ו אוּן עֶר אִיז פָאן דָארְט אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אִין
2 זֵיין שְׁטָאדְט, זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֵיינֶען אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען. אוּן וֶוען
עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶער שַׁבָּת, הָאט עֶר אָן גֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶערְנֶען
אִין שוּל, אוּן פִיל וָואס הָאבֶּען אִיהם גֶעהֶערְט הָאבֶּען זִיךְ
גֶעוואוּנְדֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: פָאן וַואנֶען הָאט עֶר דָאס? וָואס פַאר
אֵיין חָכְמָה אִיז אִיהם גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, דָאס אַזֶעלְכֶע וואוּנְדֶער
3 וֶוערֶען דוּרְךְ זֵיינֶע הֶענְד גֶעמַאכְט? אִיז עֶר דֶען נִיט דֶער
בּוֹימֵייסְטֶער, מִרְיָם'ס זָאהְן אוּן דֶער בְּרוּדֶער פָאן יַעֲקֹב, יוֹסֵי, יְהוּדָה

און שִׁמְעוֹן? וֵוינֶען דֶען וַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער נִיט דָא מִיט אוּנְז? און
זַיי זַיינֶען אָן אִיהם גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט גֶעוָוארֶען. און יֵשׁוּעַ הָאט זַיי
גֶעזָאגְט: אֵיין נָבִיא אִיז עֶרְגֶעץ נִיט אָן אֵיין וֶוערְט, אוֹיסֶער אִין זַיין
לַאנְד און צְוִוישֶׁען זַיינֶע קְרוֹבִים און אִין זַיין הוֹיז. און עֶר הָאט
דָארְט נִיט גֶעקָאנְט מַאכֶען קֵיין וואוּנְדֶער, נוּר אוֹיף אֵיינִיגֶע קְרַאנְקֶע
הָאט עֶר גֶעלֵייגְט דִיא הֶענְד, און הָאט זַיי אוֹיס גֶעהֵיילְט. און עֶר
הָאט זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט אוֹיף זַייעֶר אוּנְגְלוֹיבֶען. נָאךְ דֶעם אִיז עֶר
אַרָאבּ גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא דֶערְפֶער פָאן דֶער אוּמְגֶעגֶענְד און הָאט
גֶעלֶעהֶרֶענְט. און עֶר הָאט גֶערוּפֶען דִיא צְוֶועלְף און הָאט
אָנְגֶעהוֹיבֶען זַיי שִׁיקֶען צוּ צְוֵויי, צוּ צְוֵויי, און הָאט זַיי גֶעגֶעבֶען מַאכְט
אִיבֶּער דִיא אוּנְרֵיינֶע רוּחוֹת. און הָאט זַיי אָנְגֶעזָאגְט: גָאר נִיט
מִיט צוּ נֶעמֶען אוֹיף דֶעם וֶועג אוֹיסֶער אֵיין שְׁטֶעקֶען, נִיט קֵיין
רֵייזֶעטַאשׁ, נִיט קֵיין בְּרוֹיט, נִיט קֵיין מַטְבֵּעַ אִין גַארְטֶעל. נוּר
אָן טָאן אוֹיף דִיא פִּיס סַנְדָלִים, און נִיט אָן צוּ קְלֵיידֶען זִיךְ מִיט
צְוֵויי רֶעק. און הָאט זַיי גֶעזָאגְט: וואוּ אִיהר וֶועט קוּמֶען אִין אֵיין
הוֹיז בְּלֵייבְּט דָארְטֶען בִּיז אִיהר וֶועט פָאן דֶעם אָרְט אַרוֹיס גֶעהְן.
און וֶוען אֵיינֶער וֶועט אֵייךְ נִיט אוֹיפְנֶעהמֶען, און וֶועט אֵייךְ נִיט
הֶערֶען, גֶעהט אַרוֹיס פָאן דָארְטֶען און שָׁאקֶעלְט אָבּ דֶעם שְׁטוֹיבּ
פָאן אֵייעֶרֶע פִּיס, פַאר אֵיין עֵדוּת צוּ זַיי. אִין אֱמֶתְ'עֶן זָאג אִיךְ
אֵייךְ: פַאר סְדוֹם און עֲמוֹרָה וֶועט גְרִינְגֶער זַיין אִין דֶעם יוֹם הַדִין
וִויא פַאר דֶער שְׁטָאדְט. זַיי זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען און הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט,
דָאס מֶען זָאל תְּשׁוּבָה טָאן. זַיי הָאבֶּען אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען פִילֶע
שֵׁדִים, און פִילֶע קְרַאנְקֶע הָאבֶּען זַיי גֶעזַאלְבְּט מִיט אֵייל און הָאבֶּען
זַיי אוֹיס גֶעהֵיילְט. דֶער מֶלֶךְ הוֹרְדוֹס הָאט פָאן אִיהם
דֶערְהֶערְט דֶען זַיין נָאמֶען אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט:
דָאס אִיז יוֹחָנָן הַמַטְבִּל, וָואס אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען פָאן דִיא טוֹיטֶע
און דַארִיבֶּער ווִירְקֶען אִין אִיהם דִיא וואוּנְדֶערְקְרֶעפְטֶע. אַנְדֶערֶע
הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דָאס אִיז אֵלִיָהוּ, און נָאךְ אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט:
דָאס אִיז אֵיין נָבִיא, אָדֶער ווִיא אֵיינֶער פָאן דִיא נְבִיאִים. וֶוען
הוֹרְדוֹס הָאט דֶערְהֶערְט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט: דָאס אִיז יוֹחָנָן, וֶועלְכֶען
אִיךְ הָאבּ גֶעקֶעפְּט, עֶר אִיז דָאס אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען פָאן דִיא טוֹיטֶע.
דֶען דֶער הוֹרְדוֹס הָאט גֶעשִׁיקְט נֶעמֶען יוֹחָנָן, און אִיהם אֵיין וֶועצֶען

אִין גֶעפֵֿיינְגֶענֶעם פַֿאר הוֹרוֹדְיָה זַיין בְּרוּדֶער פִֿילִיפּוּס וַוייבּ, וַוייל
18 עֶר הָאט זִיא גֶענוּמֶען פַֿאר אֵיין וַוייבּ. אוּן יוֹחָנָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ
19 הוֹרְדוֹס'ן דֵיין בְּרוּדֶערְס וַוייבּ אִיז דִיר נִיט מוּתָּר. הוֹרוֹדְיָה הָאט
אוֹיף אִיהם אֵיין שִׂנְאָה גֶעהַאט, אוּן הָאט גֶעוָואלְט אִיהם הַרְגֶ'נֶען,
20 נוּר זִיא הָאט נִיט גֶעקָאנְט. וַוייל הוֹרְדוֹס הָאט מוֹרָא גֶעהַאט, פַֿאר
יוֹחָנָן, עֶר הָאט גֶעוואוּסְט, דָאס עֶר אִיז אֵיין צַדִּיק אוּן אֵיין קָדוֹשׁ,
אוּן הָאט אִיהם גֶעשִׁיצְט, וֶוען עֶר הָאט אִיהם גֶעהֶערְט הָאט עֶר
21 פִֿיל גֶעטָאן, אוּן הָאט אִיהם גֶערֶען גֶעהֶערְט: עֶס אִיז גֶעקוּמֶען
דֶער גֶעווִינְשְׁטֶער טָאג, וֶוען הוֹרְדוֹס אִין זַיין גֶעבּוּרְטְס טָאג הָאט
גֶעמַאכְט אֵיין סְעוּדָה פַֿאר זַיינֶע גְרוֹיסֶע לֵייט, אָפִֿיצֶערֶען אוּן דִיא
22 עֶלְטְסְטֶע פָֿאן גָלִיל. הוֹרוֹדְיָה'ס טָאכְטֶער אִיז אַרֵיין גֶעקוּמֶען אוּן
הָאט גֶעטַאנְצְט, זִיא אִיז גֶעפֶֿעלֶען גֶעוָוארֶען הוֹרְדוֹס'ן אוּן דִיא
גֶעסְט, דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט: צוּ דֶעם מֵיידֶעל, בֶּעט פָֿאן מִיר
23 וָואס דוּא ווִילְסְט אוּן אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען. אוּן עֶר הָאט אִיהר
גֶעשְׁוָוארֶען אוּן גֶעזָאגְט: אַלְץ וָואס דוּא וֶועסְט פָֿאן מִיר בֶּעטֶען
24 וֶועל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען בִּיז הַאלְבּ פָֿאן מֵיין מְלוּכָה. זִיא אִיז אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעפְֿרֶעגְט בֵּיי אִיהר מוּטֶער וָואס צוּ בֶּעטֶען,
25 זִיא הָאט גֶעזָאגְט: דֶעם קָאפְּף פָֿאן יוֹחָנָן הַמַטְבִּל. אוּן זִיא אִיז בַּאלְד
גִיךְ גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אוּן הָאט גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ
ווִיל דוּא זָאלְסְט מִיר יֶעצְט גֶעבֶּען אוֹיף אֵיין שִׁיסֶעל דֶעם קָאפְּף
26 פָֿאן יוֹחָנָן הַמַטְבִּל. דֶער מֶלֶךְ אִיז זֵייעֶר טְרוֹיעֶרִיג גֶעוָוארֶען, נוּר
אִיבֶּער דֶער שְׁבוּעָה אוּן דִיא גֶעסְט, הָאט עֶר אִיהר נִיט גֶעקָאנְט
27 אָבּ זָאגֶען. אוּן בַּאלְד הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעשִׁיקְט אֵיינֶעם פָֿאן דִיא
לֵייבּוָועכְטֶער אוּן הָאט אִיהם בֶּעפֿוֹילֶען צוּ בְּרֵיינְגֶען זַיין קָאפְּף.
28 עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט אִיהם גֶעקֶעפְּט אִין גֶעפֵֿיינְגֶענֶעס, אוּן
הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט אִין אֵיין שִׁיסֶעל, אוּן הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען
דֶעם מֵיידֶעל, אוּן דָאס מֵיידֶעל הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען צוּ אִיהר
29 מוּטֶער. אוּן וֶוען זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען דֶערְהֶערְט, זַיינֶען זֵיי
גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען אַוֶועק גֶעטְרָאגֶען זַיין גוּף, אוּן הָאבֶּען אִיהם
30 מְקַבֵּר גֶעוֶוען. אוּן דִיא שְׁלִיחִים הָאבֶּען זִיךְ צוּ נוֹיף גֶעזַאמֶעלְט
צוּ יֵשׁוּעַ'ן אוּן הָאבֶּען אִיהם אַלְץ דֶערְצֵיילְט וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעטָאן,
31 אוּן וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעלֶערֶענְט. עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: גֶעהט אִין

אַיין ווִיסְטֶען אָרְט אוּן רוּהֶעט אַייך אוֹיס אַיין בִּיסֶעל, דֶען פִּילֶע זַיינֶען גֶעוֶועזֶען, דִיא וָואס זַיינֶען גֶעקוּמֶען, אוּן אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי דָאס זַיי הָאבֶּען קַיין צַייט נִיט גֶעהַאט אֲפִילוּ צוּ עֶסֶען. אוּן זַיי זַיינֶען אַלַיין אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אִין אַיין ווִיסְטֶען אָרְט אִין אַיין שִׁיף. דָאס פָאלְק הָאט זַיי גֶעזֶעהֶען אַוֶועק גֶעהֶענְדִיג אוּן פִּילֶע הָאבֶּען זַיי דֶערְקָאנְט, זַיינֶען זַיי אַהִין גֶעלָאפֶען צוּ פוּס פָאן אַלֶע שְׁטֶעדְט אוּן זַיינֶען פְרִיעֶר פָאן זַיי אָנְגֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהם פֶערְזַאמֶעלְט. יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר דֶערְזֶעהֶן דָאס פִּילֶע פָאלְק הָאט עֶר אוֹיף זַיי רַחֲמָנוּת בַּאקוּמֶען, ווַייל זַיי זַיינֶען גֶעוֶועזֶען ווִיא שָׁאף, וָואס הָאבֶּען נִיט קַיין הִירְטֶען אוּן הָאט זַיי אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּ לֶערְנֶען פִּילֶע זַאכֶען. אוּן אַזוֹי ווִיא דָאס הָאט גֶעדוֹיעֶרְט פִיל צַייט, זַיינֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דֶער אָרְט אִיז אַיין ווִיסְטֶער אוּן דִיא צַייט אִיז שְׁפֶּעט. לָאז זַיי אָב, כְּדֵי זַיי זָאלֶען גֶעהְן אִין דִיא דֶערְפֶער אִין יִשׁוּבִים אִין דֶער סְבִיבָה, אוּן זָאלֶען קוֹיפֶען זִיךְ בְּרוֹיט, דֶען זַיי הָאבֶּען נִיט וָואס צוּ עֶסֶען. עֶר הָאט זַיי גֶעזָאגְט אַיין עֶנְטְפֶער: גִיט אִיהר זַיי צוּ עֶסֶען. אוּן זַיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: זָאלֶען מִיר גֶעהֶען קוֹיפֶען בְּרוֹיט פַאר צְוַויי הוּנְדֶערְט דִינָרִים, אוּן זַיי גֶעבֶּען עֶסֶען? עֶר הָאט זַיי גֶעפְרֶעגְט: ווִיפִיל בְּרוֹיט הָאט אִיהר? גֶעהְט, אוּן זֶעהְט, זַיי הָאבֶּען זִיךְ דֶערְוואוּסְט אוּן גֶעזָאגְט פִינְף בְּרוֹיט אוּן צְוַויי פִישׁ. אוּן עֶר הָאט זַיי בַּאפוֹילֶען, אוֹיס צוּ זֶעצֶען אַלֶעמֶען אוֹיף דֶעם גְרִינֶעם גְרָאז, שׁוּרוֹת ווַייס. אוּן זַיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעצְט אִין שׁוּרוֹת צוּ הוּנְדֶערְט, אוּן צוּ פוּנְפְצִיג. עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא פִינְף בְּרוֹיט אוּן דִיא צְוַויי פִישׁ אוּן הָאט אַיין קוּק גֶעטָאן צוּם הִימֶעל, אַיין בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן צוּ בְּרָאכֶען דִיא בְּרוֹיט אוּן גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים, דָאס זַיי זָאלֶען פַאר זַיי פָארְלֵייגֶען אוּן דִיא צְוַויי פִישׁ הָאט עֶר צוּ אַלֶעמֶען צוּטֵיילְט. אוּן אַלֶע הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אוּן זַיינֶען זַאט גֶעוָוארֶען. אוּן זַיי הָאבֶּען צוּנוֹיף גֶענוּמֶען פָאן דִיא בְּרֶעקְלַאךְ צְוֶועלְף פוּלֶע קֶערְבּ אוּן אוֹיךְ פָאן דִיא פִישׁ. דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען דָאס בְּרוֹיט זַיינֶען גֶעוֶועזֶען פִינְף טוֹיזֶענְד מַאן. אוּן בַּאלְד הָאט עֶר גֶענוֹיט זַיינֶע תַּלְמִידִים, דָאס זַיי זָאלֶען אַרַיין גֶעהְן אִין שִׁיף אַרַיין, אוּן זָאלֶען זִיךְ פְרִיהֶער פַאר

אִיהם אַרִיבֶּער שִׁיפֶען אוֹיף יֶענֶער זֵייט יַם קֵיין בֵּית צָיְדָה, בִּיז עֶר
46 וֶועט דָאס פָאלְק אָבּ לָאזֶען. און וֶוען עֶר הָאט זֵיי אָבּ גֶעלָאזְט,
47 אִיז עֶר אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אוֹיף אֵיין בַּארְג מִתְפַּלֵל צוּ זֵיין. וּוִיא עֶס
אִיז אָוֶענְד גֶעוָוארֶען אִיז דִיא שִׁיף גֶעוֶועזֶען אִין מִיטֶען יַם און עֶר
48 אַלֵיין אוֹיף דֶער יַבָּשָׁה. און עֶר הָאט גֶעזֶעהֶן וּוִיא זֵיי פְּלָאגֶען
שִׁיפֶענְדִיג זִיךְ, וֶוייל דֶער ווִינְד אִיז זֵיי אַנְטְקֶעגֶען גֶעוֶועזֶען. און אִין
דֶער צֵייט, קָרוֹב פָאן דֶעם פִירְטֶען טֵייל פָאן דֶער נַאכְט, אִיז עֶר
צוּ זֵיי גֶעקוּמֶען, גֶעהֶענְדִיג אוֹיף דֶעם יַם, און הָאט גֶעוָואלְט זֵיי
49 פַארְבֵּיי גֶעהֶען. און וּוִיא זֵיי הָאבֶּען אִיהם דֶערְזֶעהֶען גֶעהֶענְדִיג
אוֹיף דֶעם יַם און הָאבֶּען גֶעדַאכְט, דָאס אִיז אֵיין גֶעשְׁטַאלְט פָאן
50 אֵיין גֵייסְט, הָאבֶּען זֵיי גֶעשְׁרִיגֶען. דֶען אַלֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעזֶעהֶן
און הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען. און עֶר הָאט בַּאלְד גֶערֶעדְט מִיט
זֵיי און גֶעזָאגְט: זֵייט גֶעטְרוֹיסְט אִיךְ בִּין עֶס; הָאט קֵיין מוֹרָא נִיט.
51 און אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען צוּ זֵיי אִין דֶער שִׁיף און דֶער ווִינְד אִיז
52 שְׁטִיל גֶעבְּלִיבֶּען, און זֵיי הָאבֶּען זִיךְ זֶעהר גֶעוואוּנְדֶערְט. זֵיי הָאבֶּען
נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען דֶעם וואוּנְדֶער פָאן דִיא בְּרוֹיטֶען דֶען זֵייעֶר הַארְץ
53 אִיז פַארְהַארְטֶעט גֶעוֶועזֶען. און זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אַרִיבֶּער
גֶעשִׁיפְט, און זֵיינֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶעם לַאנְד גִינֵיסַר, און זֵיינֶען אַרוֹיף
54 אוֹיף דֶער יַבָּשָׁה. און וּוִיא זֵיי זֵיינֶען נוּר אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פָאן דֶער
55 שִׁיף הָאט מֶען אִיהם בַּאלְד דֶערְקָאנְט. זֵיי זֵיינֶען אַרוּמְגֶעלָאפֶען
אִין זֵייעֶר גַאנְצֶען גֶעגֶענְד און הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְרָאגֶען אִין
בֶּעטֶען דִיא קְרַאנְקֶע אַהִין וואוּ זֵיי הָאבֶּען גֶעהֶערְט, דָאס עֶר אִיז
56 דָארְטֶען. וואוּהִין עֶר אִיז נוּר גֶעקוּמֶען אִין דִיא דֶערְפֶער, אָדֶער אִין
דִיא שְׁטֶעדְט, און אִין דִיא פֶעלְדֶער, הָאט מֶען דָארְטֶען גֶעלֵייגְט
דִיא קְרַאנְקֶע אוֹיף דִיא גַאסֶען, און מֶען הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען,
דָאס זֵיי זָאלֶען אָנְרִיהְרֶען נוּר אָן דֶעם פְרַאנְז פָאן זֵיין קְלֵייד, און
וֶוער עֶס הָאט זִיךְ אָן אִיהם אָנְגֶערִיהְרְט אִיז גֶעהָאלְפֶען גֶעוָוארֶען.
ז און דִיא פְּרוּשִׁים און אֵיינִיגֶע פָאן דִיא סוֹפְרִים, וָואס זֵיינֶען
2 גֶעקוּמֶען פָאן יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהם פֶערְזַאמֶעלְט. און וֶוען
זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶן וּוִיא אֵיינִיגֶע פָאן זֵיינֶע תַּלְמִידִים עֶסֶען בְּרוֹיט
מִיט אוּנְרֵיינֶע, נִיט גֶעוַואשֶׁענֶע הֶענְד, הָאבֶּען זֵיי זֵיי פַארְגֶעוָוארְפֶען.
3 דֶען דִיא פְּרוּשִׁים און אַלֶע אִידֶען עֶסֶען נִיט בִּיז זֵיי וַואשֶׁען זִיךְ

דִיא הֶענְד בִּיז צוּ דֶעם גְלִיד, וַוייל זֵיי הַאלְטֶען דִיא קַבָּלָה פָאן
4 דִיא זְקֵנִים. אוּן וָואס עֶס אִיז פָאן דֶעם מַארְק עֶסֶען זֵיי נִיט אָהן
טְבִילָה, אוּן נָאךְ אַנְדֶערֶע זַאכֶען, וָואס זֵיי הָאבֶּען מְקַבֵּל גֶעוֶועֶן
אוֹיף זִיךְ צוּ הִיטֶען לְמָשָׁל וִויא דִיא טְבִילָה פָאן כּוֹסוֹת, קְרִיג,
5 קֶעסְלֶען אוּן בֶּענְק. דִיא פְּרוּשִׁים אוּן סוֹפְרִים פְרֶעגֶען אִיהם: פַאר
וָואס פִיהרֶען זִיךְ נִיט דֵיינֶע תַּלְמִידִים נָאךְ דֶער קַבָּלָה פָאן דִיא
6 זְקֵנִים, אוּן עֶסֶען בְּרוֹיט מִיט אוּנְגֶעוַואשֶׁענֶע הֶענְד? עֶר הָאט זֵיי
גֶעזָאגְט אַיין עֶנְטְפֶער: גוּט הָאט אוֹיף אַייךְ חֲנֵפִים, נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט
יְשַׁעְיָה, וִויא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: דָאס פָאלְק גִיט מִיר אָב כָּבוֹד
7 מִיט דִיא לִיפֶּען, זֵייעֶר הַארְץ אִיז וַוייט פָאן מִיר. אוּמְזִיסְט עֶהרֶען
8 זֵיי מִיךְ מִיט זֵייעֶר לֶעהרֶע פָאן מֶענְשְׁלִיכֶע מִצְוֹת. דֶען אִיהר הָאט
אַוֶועק גֶעלָאזֶען גָאטְטֶעס מִצְוָה, אוּן הַאלְט דִיא קַבָּלָה פָאן מֶענְשֶׁען:
טוֹבְלֶען כֵּלִים אוּן כּוֹסוֹת, אוּן פִילֶע אַזֶעלְכֶע זַאכֶען טְהוּט אִיהר.
9 אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: טְהוּט אִיהר רֶעכְט דֶער מִיט וָואס אִיהר
וֶוענְט מְבַטֵּל גָאטְטֶעס מִצְוָה, כְּדֵי אִיהר זָאלְט הִיטֶען אֵייעֶר קַבָּלָה?
1 דֶען משֶׁה הָאט גֶעזָאגְט: כַּבֵּד אֶת אָבִיךָ וְאֶת אִמֶּךָ, אוּן וֶוער עֶס
1 וֶועט שֶׁעלְטֶען זַיין פָאטֶער אוּן מוּטֶער דֶער אִיז חַיָּב מִיתָה. אוּן
אִיהר זָאגְט: וֶוען אֵיינֶער זָאגְט צוּ זַיין פָאטֶער אוּן מוּטֶער, קָרְבָּן
זָאל זַיין, דָאס הֵייסְט: אַלֶעס וָואס דוּא וֶועסְט פָאן מִיר הֲנָאָה
1 הָאבֶּען. דֶעם עֶרְלוֹיבְּט אִיהר שׁוֹין נִיט צוּ טָאן עֶטְוָואס פַאר זַיין
1 פָאטֶער אוּן מוּטֶער. אוּן אִיהר הָאט צֶערְשְׁטֶערְט גָאטְטֶעס וָוארְט
דוּרךְ אֵייעֶר קַבָּלָה, וָואס אִיהר הָאט מְקַבֵּל גֶעוֶועֶן, אוּן פִיל
1 אַזֶעלְכֶע זַאכֶען טְהוּט אִיהר. אוּן עֶר הָאט צוּגֶערוּפֶען דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: הֶערְט מִיךְ אַלֶע אוּן פַארְשְׁטֶעהט.
1 עֶס אִיז נִיט דָא אֵיין זַאךְ פָאן אוֹיסְוֶועֶנִיג פָאן דֶעם מֶענְשֶׁען, דָאס
זִיא זָאל קָאנֶען אִיהם מְטַמֵּא זַיין. וֶוען זִיא קוּמְט אַרַיין אִין אִיהם;
נוּר דָאס וָואס עֶס גֶעהט אַרוֹיס פָאן אִיהם, דָאס אִיז מְטַמֵּא דֶעם
מֶענְשֶׁען. וֶוען אֵיינֶער הָאט אוֹיעֶרֶען צוּ הֶערֶען, לָאז עֶר הֶערֶען.
אוּן וֶוען עֶר אִיז פָאן דֶעם פָאלְק אַרַיין גֶעקוּמֶען אִין הוֹיז, הָאבֶּען
זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעפְרֶעגְט וֶועגֶען דֶעם מָשָׁל. עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט:
אִיהר וֶוענְט אוֹיךְ אָהן פֶערְשְׁטַאנְד, פַארְשְׁטֶעהט אִיהר דֶען נִיט,
דָאס אַלֶעס וָואס אִיז פָאן אוֹיסְוֶועֶנִיג פָאן דֶעם מֶענְשֶׁען, וֶוען עֶס

19 קוּמְט אַרַיין אִין מֶענְשֶׁען, קָאן עֶס אִיהם נִיט מְטַמֵא זַיין. ווייל עֶס
גֵייט נִיט אִין זַיין הַארְצֶען אַרַיין, נוּר אִין בּוֹיךְ אַרַיין, אוּן עֶס גֵייט
אַרוֹיס אִין בֵּית־הַכִּסֵא, וואו אַלֶע שְׁפַּייזֶען וֶוערֶען אוֹיסְגֶערֵיינִיגְט.
20 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט: וָואס עֶס גֶעהט אַרוֹיס פָאן דֶעם מֶענְשֶׁען,
21 דָאס אִיז מְטַמֵא דֶעם מֶענְשֶׁען. דֶען פָאן אִינֶעוֶוענִיג פָאן דֶעם
מֶענְשֶׁענְס הַארְץ גֶעהֶען אַרוֹיס: שְׁלֶעכְטֶע מַחֲשָׁבוֹת, נִאוּף, זְנוּת,
22 רְצִיחָה, גְנֵבָה, גֶעלְדְלִיבֶּע, בֶּעזֶעס, שְׁווִינְדֶעל, פְרֶעסֶערַיי, עַיִן
23 הָרָע, לֶעסְטֶערוּנְג, גַדְלוּת נַארֶעשְׁקַייט. דִיזֶע אַלֶע בֶּעז, גֶעהֶען
24 אַרוֹיס פָאן אִינֶעוֶוענִיג, זַיי וֶוענֶען מְטַמֵא דֶעם מֶענְשֶׁען. אוּן
פָאן דָארְטֶען אִיז עֶר אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא
גְרֶענֶעצֶען פָאן צוֹר אוּן צִידוֹן; אוּן וֶוען עֶר אִיז אִין הוֹיז גֶעקוּמֶען,
הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט דָאס אֵיינֶער זָאל פָאן אִיהם ווִיסֶען, אוּן
25 עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְהִיטֶען. דֶען אֵיין פְרוֹי, וָואס אִיהר
טָאכְטֶער הָאט גֶעהַאט אֵיין אוּנְרֵיינֶעם גֵייסְט, הָאט וֶועגֶען אִיהם
26 גֶעהֶערְט, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אוּן אִיז גֶעפַאלֶען פַאר זַיינֶע פִיס. דִיא
פְרוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע גְרִיכִין, אוּן אִיהר גֶעבּוּרְטְסאָרְט אִיז גֶעוֶוען
כְּנַעַן אִין סוּרְיָא, אוּן הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אַרוֹיס טְרֵייבֶּען
27 דֶעם שֵׁד פָאן אִיהר טָאכְטֶער. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אִיהר גֶעזָאגְט:
לָאז מִיךְ פְרִיהֶער זַאט מַאכֶען דִיא קִינְדֶער, דֶען עֶס אִיז נִיט רֶעכְט
אַוֶועק צוּ נֶעמֶען דָאס בְּרוֹיט פָאן דִיא קִינְדֶער, אוּן עֶס צוּ וַוארְפֶען
28 פַאר דִיא הִינְט. אוּן זִיא הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אֵיין עֶנְטְפֶער: יַא
מֵיין הֶערְר! אָבֶּער דִיא הִינְט עֶסֶען אוֹיךְ אוּנְטֶער דֶעם טִישׁ דִיא
29 בְּרֶעקְלַיךְ פָאן דִיא קִינְדֶערְס בְּרוֹיט. אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהר
גֶעזָאגְט: פַאר דִיזֶעס וָוארְט גֶעה, דֶער שֵׁד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
30 פָאן דַיין טָאכְטֶער. אוּן זִיא אִיז גֶעקוּמֶען אִין אִיהר הוֹיז, אוּן הָאט
גֶעפוּנֶען דָאס מֵיידֶעל לִיגֶען אוֹיף דֶעם בֶּעט, אוּן דֶער שֵׁד אִיז
31 אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פָאן אִיהר. אוּן עֶר אִיז ווִידֶער אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען
פָאן דִיא גְרֶענִיצֶען צוֹר אוּן צִידוֹן, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען צוּם יַם הַגָלִיל
32 דוּרְךְ דִיא גְרֶענִיצֶען פָאן דִיא צֶעהְן שְׁטֶעדְט. מֶען הָאט צוּ אִיהם
גֶעבְּרַאכְט אֵיין מַאן וָואס אִיז גֶעוֶוען טוֹיב אוּן שְׁטוּם, אוּן מֶען הָאט
33 אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אוֹיף אִיהם דִיא הֶענְד אַרוֹיפְלֵייגֶען. עֶר
הָאט אִיהם גֶענוּמֶען אָן דֶערְזַייט פָאן דֶעם פָאלְק, אוּן הָאט

אַרַיין גֶעלֵייגְט זֵיינֶע פִינְגֶער אִין זֵיינֶע אוֹיעֶרֶען אוּן הָאט אַיין שְׁפַּיי
34 גֶעטָאן אוּן אָנְגֶערִיהְרְט זֵיין צוּנְג. אוּן הָאט אַיין קוּק גֶעטָאן צוּם
הִימֶעל, אַיין קְרֶעכְץ גֶעטָאן אוּן צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: אִפַּתַח, דָאס
35 הֵייסְט, עֶפֶען דִיך אוֹיף. אוּן בַּאלְד הָאבֶּען זִיך זַיינֶע אוֹיעֶרֶען
גֶעעֶפֶענְט, דָאס בַּאנְד פָאן זֵיין צוּנְג זִיך אוֹיף גֶעבּוּנְדֶען, אוּן עֶר
36 הָאט גֶערֶעט רֵיינֶע וֶוערְטֶער. אוּן עֶר הָאט אִיהם פֶערְזָאגְט, עֶר
זָאל קֵיינֶעם נִיט דֶערְצֵיילֶען, נוּר וָואס מֶעהר עֶר הָאט זֵיי פֶערְזָאגְט,
37 הָאבֶּען זֵיי נָאך מֶעהר דֶערְצֵיילְט. אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיך זֶעהר שְׁטַארְק
גֶעוואוּנְדֶערְט, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: אַלֶעס מַאכְט עֶר גוּט, אוֹיך
דִיא טוֹיבֶּע מַאכְט עֶר הֶערֶענְדִיג, אוּן דִיא שְׁטוּמֶע רֶעדֶענְדִיג.
ח אִין יֶענֶע טֶעג וֶוען זֶעהר פִיל פָאלְק הָאט זִיך צוּנוֹיף גֶעזַאמֶעלְט
אוּן הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט וָואס צוּ עֶסֶען, הָאט עֶר גֶערוּפֶען זֵיינֶע
2 תַּלְמִידִים אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִיך הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף דֶעם
פָאלְק, דְרַיי טֶעג זֶענֶען זֵיי שׁוֹין מִיט מִיר, אוּן זֵיי הָאבֶּען נִיט
3 וָואס צוּ עֶסֶען. וֶוען אִיך וֶועל זֵיי אָבְּלָאזֶען אַהֵיים אוּמְגֶעגֶעסֶען
וֶועלֶען זֵיי אוֹיף דֶעם וֶועג פַארְשְׁמַאכְט וֶוערֶען, דֶען אֵיינִיגֶע פָאן
4 זֵיי זֶענֶען פָאן וַוייט גֶעקוּמֶען. זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהם
גֶעעֶנְטְפֶערְט: פָאן וַואנֶען קָאן אֵיינֶער דָא אִין דֶער מִדְבָּר דִיזֶע
5 מִיט בְּרוֹיט זֶעטִיגֶען? אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעפְרֶעגְט, וִויפִיל בְּרוֹיט
6 הָאט אִיהר? זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט זִיבֶּען. אוּן עֶר הָאט בַּאפוֹילֶען
דֶעם פָאלְק צוּ זֶעצֶען זִיך אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען
דִיא זִיבֶּען בְּרוֹיט, אוּן אַיין בְּרָכָה גֶעמַאכְט, צוּבְּרָאכֶען, אוּן
גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים דָאס זֵיי זָאלֶען פַאר זֵיי פָארְלֵייגֶען,
7 אוּן זֵיי הָאבֶּען פָארְגֶעלֵייגְט פַאר דֶעם פָאלְק. זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט
אוֹיך אַבִּיסֶעל פִישְׁלַאך, אוּן עֶר הָאט אַיין בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן
8 הָאט גֶעהֵייסֶען דִיזֶע אוֹיך פָארְלֵייגֶען פַאר זֵיי. אוּן זֵיי הָאבֶּען
גֶעגֶעסֶען אוּן זֵיינֶען זַאטְגֶעוָוארֶען; אוּן זֵיי הָאבֶּען צוּנוֹיף גֶענוּמֶען
9 פָאן דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע בְּרֶעקְלַאך זִיבֶּען קֶערְבּ. דִיא וָואס
הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען זֵיינֶען גֶעוֶועזֶען פִיר טוֹיזֶענְד, אוּן עֶר הָאט זֵיי
10 אָבְּגֶעלָאזְט. אוּן עֶר אִיז בַּאלְד אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִין אַיין
שִׁיף מִיט זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אִין דִיא גְרֶענִיצֶען
11 פָאן דַלְמָנוּתָא. אוּן דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּן

הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען וִכּוּחִים צוּ הָאבֶּען מִיט אִיהם, אוּן הָאבֶּען
גֶעפָאדֶערְט פָאן אִיהם אַיין צֵייכֶען פָאן הִימֶעל, זַיי הָאבֶּען אִיהם
12 גֶעפְּרוּבְט. אוּן עֶר הָאט גֶעקְרֶעכְצֶעט אִין זַיין גֵייסְט אוּן גֶעזָאגְט:
צוּ וָואס פָאדֶערְט דִיזֶער דוֹר אַיין צֵייכֶען, אִין אֶמֶת'ען זָאג אִיךְ
אַייךְ: דָאס דֶעם דוֹר וֶועט נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען קֵיין צֵייכֶען.
13 אוּן עֶר הָאט זַיי אַוֶועק גֶעלָאזְט, אוּן אִיז נָאךְ אַיין מָאל אַרַיין
גֶעגַאנְגֶען אִין אַיין שִׁיף, אוּן הָאט זִיךְ אַרִיבֶּער גֶעשִׁיפְט אוֹיף
14 יֶענֶער זַייט. אוּן זַיי הָאבֶּען פַארְגֶעסֶען מִיט צוּנֶעמֶען מִיט
זִיךְ בְּרוֹיט, אוּן אִין דֶער שִׁיף הָאבֶּען זַיי אוֹיסֶער אַיין בְּרוֹיט,
15 קֵיין בְּרוֹיט נִיט גֶעהַאט. אוּן עֶר הָאט זַיי פַארְזָאגְט אַזוֹי: זֶעהט
16 הִיטֶעט אַייךְ פָאן דִיא פְּרוּשִׁים'סֶע זוֹיעֶרְטֵייג. אוּן זַיי הָאבֶּען
גֶעדַאכְט, אוּן גֶעזָאגְט אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען: וַוייל מִיר הָאבֶּען
17 נִיט קֵיין בְּרוֹיט. יֵשׁוּעַ הָאט דָאס פַארְשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט צוּ זַיי
גֶעזָאגְט: וָואס דֶענְקְט אִיהר פָאן דֶעם וָואס אִיהר הָאט נִיט קֵיין
בְּרוֹיט? נָאךְ הָאט אִיהר קֵיין שֵׂכֶל נִיט, אוּן נָאךְ פַארְשְׁטֶעהט
18 אִיהר נִיט? אֵייעֶר הַארְץ אִיז נָאךְ פַארְשְׁטֵיינֶערְט? אִיהר הָאט
אוֹיגֶען, אוּן זֶעהט נִיט, אוּן הָאט אוֹיעֶרֶען, אוּן הֶערְט נִיט, אוּן
19 גֶעדֶענְקְט נִיט. וֶוען אִיךְ הָאבּ פִינְף בְּרוֹיט צוּבְּרָאכֶען פַאר
פִינְף טוֹיזֶענְד וִויפִיל פוּלֶע קֶערְבּ הָאט אִיהר צוּנוֹיף גֶענוּמֶען
20 פָאן דִיא בְּרֶעקְלַאךְ? זַיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: צְוֶועלְף. אוּן
וֶוען זִיבֶּען פַאר פִיר טוֹיזֶענְט, וִויפִיל קֶערְבּ הָאט אִיהר צוּנוֹיף
גֶענוּמֶען פָאן דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע בְּרֶעקְלַאךְ? זַיי הָאבֶּען
21 גֶעזָאגְט: זִיבֶּען. אוּן עֶר הָאט זַיי גֶעזָאגְט: וִויא אַזוֹי דֶען
22 פַארְשְׁטֶעהט אִיהר נִיט? אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין בֵּית
צַיְדָה, אוּן מֶען הָאט צוּ אִיהם גֶעבְּרַאכְט אַיין בְּלִינְדֶען, אוּן זַיי
23 הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אִיהם אָנְרִירֶען. אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען
דֶעם בְּלִינְדֶען בַּיי דֶער הַאנְד, אוּן הָאט אִיהם אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט
פָאן דֶעם דָארְף, אוּן הָאט אִיהם אָנְגֶעשְׁפַּייט אִין דִיא אוֹיגֶען,
אוּן הָאט אוֹיף אִיהם אַרוֹיף גֶעלֵייגְט דִיא הֶענְד, אוּן הָאט אִיהם
24 גֶעפְרֶעגְט: זֶעהסְט דוּא עֶטְוָואס? עֶר הָאט אַיין קוּק גֶעטָאן אוּן
גֶעזָאגְט: אִיךְ זֶעה דִיא מֶענְשֶׁען וָואס גֶעהֶען דוּרְךְ, וִויא בּוֹימֶער.
25 נָאכְדֶעם הָאט עֶר נָאךְ אַיין מָאל דִיא הֶענְד גֶעלֵייגְט אוֹיף זַיינֶע

אוֹיגֶען, אוּן הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען קוּקֶען, אוּן זֵיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען
זִיך אוֹיף גֶעעֶפֶענְט אוּן עֶר אִיז אוֹיסְגֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט
26 אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זֶעהֶען אַלֶעס קְלָאר. אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט
אַהֵיים, אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: גֶעה נִיט אִין דָארְף אַרֵיין אוּן
27 דֶערְצֵייל קֵיינֶעם נִיט אִין דָארְף. אוּן יֵשׁוּעַ אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים
זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא דֶערְפֶער פָאן קֵיסָרִין פָאן פִילִיפּוּס;
אוֹיף דֶעם וֶועג הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּן גֶעזָאגְט:
28 וָואס זָאגֶען דִיא לֵייט אוֹיף מִיר: וֶוער בִּין אִיך? זֵיי הָאבֶּען
גֶעעֶנְטְפֶערְט: יוֹחָנָן הַמַּטְבִּיל, אַנְדֶערֶע זָאגֶען: אֵלִיָּהוּ, נָאך אַנְדֶערֶע,
29 אֵיינֶער פָאן דִיא נְבִיאִים. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט:
אוּן וָואס זָאגְט אִיהר אוֹיף מִיר וֶוער בִּין אִיך? פֶּטֶר הָאט זִיך אָבּ
30 גֶערוּפֶען אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ. עֶר
הָאט אוֹיף זֵיי אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, זֵיי זָאלֶען קֵיין מֶענְשֶׁען נִיט זָאגֶען
31 וֶועגֶען אִיהם. אוּן עֶר הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען זֵיי צוּ לֶערְנֶען, דָאס
דֶער בֶּן־אָדָם מוּז פִיל לֵיידֶען אוּן פַארְוָוארְפֶען וֶוערֶען דוּרְך
דִיא זְקֵנִים אוּן עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים, אוּן דִיא סוֹפְרִים, אוּן עֶר וֶועט
גֶעטוֹיט וֶוערֶען, אוּן אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר אוֹיפְשְׁטֶעהְן.
32 עֶר הָאט דִיא זַאך עֶפֶענְטְלִיך גֶערֶעט, אוּן פֶּטֶר הָאט אִיהם
33 גֶענוּמֶען, אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיף אִיהם צוּ שְׁרֵייעֶן. אוּן עֶר
הָאט זִיך אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּן אֵיין קוּק גֶעגֶעבֶּען אוֹיף זֵיינֶע תַּלְמִידִים,
אוּן הָאט אָנְגֶעשְׁרִיגֶען אוֹיף פֶּטֶרְ'ן אוּן גֶעזָאגְט: אַוֶועק פָאן מִיר
שָׂטָן, דֶען דוּא דֶענְקְסְט נִיט פָאן דֶעם וָואס עֶס אִיז גָאטְלִיכֶעס,
34 נוּר וָואס עֶס אִיז מֶענְשְׁלִיכֶעס. אוּן עֶר הָאט צוּגֶערוּפֶען
דָאס פָאלְק אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וֶוער עֶס
וִויל מִיר נָאך גֶעהֶען, דֶער זָאל זִיך פָאן זִיך אַלֵיין אָבְּזָאגֶען אוּן
35 זָאל נֶעהמֶען זֵיין קְרֵייץ, אוּן זָאל מִיר נָאך גֶעהְן. דֶען וֶוער עֶס
וִויל זֵיין לֶעבֶּען מַצִּיל זֵיין דֶער פַארְלִירְט אִיהם, אוּן דֶער וָואס
פַארְלִירְט זֵיין לֶעבֶּען פָאן מֵיינֶעט וֶועגֶען, אוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה,
36 דֶער אִיז אִיהם מַצִּיל. דֶען וָואס וֶועט עֶס אֵיין מֶענְשֶׁען נִיצֶען,
וֶוען עֶר וֶועט דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט גֶעוִוינֶען, אוּן וֶועט זֵיין לֶעבֶּען
37 פֶערְלִיהְרֶען? אָדֶער וָואס וֶועט אֵיין מֶענְשׁ גֶעבֶּען אוּם זֵיין
38 לֶעבֶּען אוּם צוּ לֵייזֶען? דֶען וֶוער עֶס וֶועט זִיך שֶׁעמֶען מִיט מִיר

אוּן מִיט מֵיינֶע רֶעדֶער אִין דִיזֶען נוֹאָף־דִיגֶען אוּן זִינְדִיגֶען דוֹר מִיט
דֶעם װֶעט זִיךְ דֶער בֶּן־אָדָם אוֹיךְ שֶׁעמֶען, װֶען עֶר װֶעט קוּמֶען
אִין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פָאן זֵיין פָאטֶער מִיט דִיא הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים.
ט אוּן עֶר הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: אִין אֱמֶת׳ען זָאג אִיךְ אֵייךְ: דָאס
עֶס זֵיינֶען דָא אֵיינִיגֶע פָאן דִיא װָאס שְׁטֶעהֶען דָא, װָאס זֵיי װֶעלֶען
נִיט פַארְזוּכֶען דֶעם טוֹיט בִּיז זֵיי װֶעלֶען זֶעהֶען װִיא דָאס מַלְכוּת
2 אֱלֹהִים קוּמְט מִיט גְבוּרָה. אוּן נָאךְ זֶעכְס טֶעג הָאט יֵשׁוּעַ
גֶענוּמֶען פֶּטְרֶ׳ן יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן, אוּן הָאט זֵיי אַרוֹיף גֶעפִיהְרְט
אוֹיף אֵיין הוֹיכֶען בַּארְג, זֵיי אַלֵיין, אוּן אִיז פַאר זֵיי פַארְעֶנְדֶערְט
3 גֶעוָוארֶען. זֵיינֶע קְלֵיידֶער הָאבֶען זֶעהר גֶעשֵׁיינְט װֵייס װִיא שְׁנֵיי,
4 קֵיין װֶעשֶׁער אוֹיף דֶער עֶרְד קָאן אַזוֹי נִיט װֵייס מַאכֶען. אוּן
אֵלִיָהוּ אוּן מֹשֶׁה הָאבֶען זִיךְ צוּ זֵיי בַּאוִויזֶען אוּן הָאבֶען גֶערֶעט
5 מִיט יֵשׁוּעַ׳ן. פֶּטֶר הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ׳ן:
רַבִּי! אוּנְז אִיז גוּט דָא צוּ זֵיין; מִיר װֶעלֶען מַאכֶען דְרֵיי סֻכּוֹת:
פַאר דִיר אֵיינֶע, אוּן פַאר מֹשֶׁה׳ן אֵיינֶע אוּן פַאר אֵלִיָהוּ׳ן אֵיינֶע.
6 דֶען עֶר הָאט נִיט גֶעװוּאוּסְט װָאס צוּ זָאגֶען, װֵייל זֵיי זֵיינֶען גֶעװֶעזֶען
7 דֶערְשְׁרָאקֶען. אוּן עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אֵיין װָאלְקֶען, װָאס הָאט זֵיי
בַּאדֶעקְט, אוּן פָאן דֶעם װָאלְקֶען אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אֵיין קוֹל,
װָאס הָאט גֶעזָאגְט: דִיזֶער אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער זָאהְן, אִיהם זָאלְט
8 אִיהר הֶערֶען. אוּן פְּלוּצְלוּנְג הָאבֶען זֵיי זִיךְ אַרוּם גֶעקוּקְט אוּן
9 הָאבֶען שׁוֹין קֵיינֶעם נִיט גֶעזֶעהֶען, נוּר יֵשׁוּעַ׳ן אַלֵיין. זֵיי זֵיינֶען
אַרָאבּ גֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם בַּארְג, אוּן עֶר הָאט זֵיי אָנְגֶעזָאגְט, דָאס
זֵיי זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט דֶערְצֵיילֶען, װָאס זֵיי הָאבֶען גֶעזֶעהֶען, בִּיז
10 דֶער בֶּן־הָאָדָם װֶעט אוֹיף שְׁטֶעהֶען פָאן דִיא טוֹיטֶע. דָאס װָארְט
הָאבֶען זֵיי בֵּיי זִיךְ בַּאהַאלְטֶען, אוּן הָאבֶען צְװִישֶׁען זִיךְ גֶערֶעט,
11 װָאס אִיז אוֹיף שְׁטֶעהֶען פָאן דִיא טוֹיטֶע? אוּן זֵיי הָאבֶען
אִיהם גֶעפְרֶעגְט: װָאס אִיז דָאס, װָאס דִיא סוֹפְרִים זָאגֶען: אֵלִיָהוּ
12 דַארְף פְרִיהֶער קוּמֶען? עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: עֶס
אִיז אַזוֹי אֵלִיָהוּ דַארְף פְרִיהֶער קוּמֶען, אוּן אַלֶעס צוּ רֶעכְט
מַאכֶען, אוּן אַזוֹי װִיא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דֶעם בֶּן־הָאָדָם
13 דָאס עֶר דַארְף פִיל לֵיידֶען אוּן פֶערַאכְטֶעט װֶערֶען. נוּר אִיךְ
זָאג אֵייךְ: אֵלִיָהוּ אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען, אוּן זֵיי הָאבֶען מִיט אִיהם

גֶעטָאן וִויא זֵיי הָאבֶּען גֶעוָואלְט, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז אוֹיף אִיהם
14 גֶעשְׁרִיבֶּען. װֶען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא תַּלְמִידִים, הָאט עֶר
גֶעזֶעהֶען פִיל פָאלְק אַרוּם זֵיי, אוּן דִיא סוֹפְרִים הָאבֶּען מִיט זֵיי
15 וִכּוּחִים גֶעהַאט. אוּן וִויא דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט אִיהם דֶערְזֶעהֶן,
אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען, אוּן זֶענֶען צוּגֶעלָאפֶען צוּ אִיהם,
16 אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעגֶעבֶּען שָׁלוֹם. עֶר הָאט גֶעפְרֶעגְט דִיא
17 סוֹפְרִים, װֶעגֶען וָואס הָאט אִיהר מִיט זֵיי וִכּוּחִים? אֵיינֶער פָאן
דֶעם פָאלְק הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט: רַבִּי! אִיךְ הָאבּ
צוּ דִיר גֶעבְּרַאכְט מֵיין זָאהְן וָואס הָאט אֵיין שְׁטוּמֶען רוּחַ אִין
18 זִיךְ. וואו עֶר הַאפְּט אִיהם אָן וַוארְפְט עֶר אִיהם אוֹיף דֶער עֶרְד,
אוּן עֶר לָאזְט אַרוּיס שׁוּים אוּן קְרִיצְט מִיט דִיא צֵיין, דֶער לֵייבּ
טְרִיקֶענְט אִיהם, אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט דֵיינֶע תַּלְמִידִים, דָאס זֵיי
19 זָאלֶען אִיהם אַרוּיס טְרֵייבֶּען, אוּן זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט. יְשׁוּעַ
הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט: אָה! אִיהר אוּמְגְלוֹיבִּיגֶער דוֹר!
בִּיז וִויא לַאנְג וֶועל אִיךְ נָאךְ זֵיין מִיט אֵייךְ? בִּיז וִויא לַאנְג וֶועל
20 אִיךְ אֵייךְ לֵיידֶען? בְּרֵיינְגְט אִיהם צוּ מִיר. אוּן מֶען הָאט אִיהם
גֶעבְּרַאכְט צוּ אִיהם: וִויא דֶער רוּחַ הָאט אִיהם דֶערְזֶעהֶען, הָאט
עֶר אִיהם גֶערִיסֶען אוּן עֶר אִיז גֶעפַאלֶען צוּ דֶער עֶרְד, אוּן זִיךְ
21 גֶעקֵייקֶעלְט אוּן גֶעלָאזְט שׁוּים. אוּן עֶר הָאט גֶעפְרֶעגְט זֵיין
פָאטֶער: וִויא לַאנְג אִיז דָאס אִיהם גֶעוָוארֶען? אוּן עֶר הָאט
22 גֶעזָאגְט פָאן זֵיין קִינְדְהֵייט אָן. אָפְּט הָאט עֶר אִיהם אוֹיךְ גֶעוָוארְפֶען
אִין פֵייעֶר אוּן אִין וַואסֶער עֶר זָאל אִיהם אוּמְבְּרֵיינְגֶען, נוּר אוֹיבּ
23 דוּא קָאנְסְט, הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף אוּנְז אוּן הֶעלְף אוּנְז. יְשׁוּעַ הָאט
אִיהם גֶעזָאגְט: אוֹיבּ דוּא קֶענְסְט עֶטְוָואס גְלוֹיבֶּען, אַלְץ אִיז
24 מֶיגְלַאךְ צוּ דֶעם וָואס גְלוֹיבְּט. אוּן דֶער פָאטֶער פָאן דֶעם אִינְגֶעל
הָאט בַּאלְד אִין דֶערְהוֹיךְ גֶעוֵויינְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ גְלוֹיבּ, הֶעלְף
25 מֵיין אוּנְגְלוֹיבֶּען. אוּן יְשׁוּעַ הָאט דֶערְזֶעהֶען דָאס פָאלְק לוֹיפְט
צוּזַאמֶען, הָאט עֶר אָנְגֶעשְׁרִיגֶען אוֹיף דֶעם אוּמְרֵיינֶעם גֵייסְט אוּן
גֶעזָאגְט: שְׁטוּמֶער אוּן טוֹיבֶּער רוּחַ! אִיךְ הֵייס דִיר אַרוּיס גֶעהְן
פָאן אִיהם, אוּן נָאךְ אֵיין מָאל מֶעהר נִיט אַרֵיין צוּ גֶעהְן אִין אִיהם.
26 אוּן עֶר הָאט אֵיין גֶעשְׁרֵיי גֶעטָאן, אוּן הָאט אִיהם זֶעהר גֶערִיסֶען
אוּן אִיז אַרוּיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן עֶר אִיז גֶעוָוארֶען וִויא אֵיין מֵת, אַזוֹי

דָאס פִיל הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דָאס עֶר אִיז שׁוֹין גֶעשְׁטָארְבֶּען. יְשׁוּעַ 27
הָאט אִיהם אָנְגֶענוּמֶען בַּיי דֶער הַאנְד אִיהם אוֹיף גֶעהוֹיבֶּען, אוּן
עֶר אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען. אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין הוֹיז 28
אַרַיין, הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים וֶוען זַיי זֶענֶען אַלַיין גֶעוֶוען, אִיהם
גֶעפְרֶעגְט: פַאר וָואס הָאבֶּען מִיר אִיהם נִיט גֶעקָאנְט אַרוֹיס
טְרַייבֶּען? אוּן עֶר הָאט זַיי גֶעזָאגְט: דִיזֶער מִין גֶעהט נִיט אַרוֹיס, 29
נוּר דוּרְךְ תְּפִלָּה אוּן פַאסְטֶען. אוּן זַיי זַיינֶען פָאן דָארְט 30
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּן זֶענֶען דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ גָלִיל, אוּן עֶר
הָאט נִיט גֶעוָואלְט, דָאס אֵיין מֶענְשׁ זָאל פָאן אִיהם וִויסֶען. דֶען 31
עֶר הָאט גֶעלֶעהֶרֶענְט זַיינֶע תַּלְמִידִים אוּן הָאט זַיי גֶעזָאגְט: דָאס
דֶער בֶּן הָאָדָם וֶועט אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין מֶענְשְׁלִיכֶע
הֶענְד, אוּן זַיי וֶועלֶען אִיהם הַרְגֶ'נֶען אוּן נָאךְ דֶעם הַרְגֶ'נֶען וֶועט
עֶר אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טָאג אוֹיף שְׁטֶעהְן. נוּר זַיי הָאבֶּען דִיא 32
וֶוערְטֶער נִיט פַארְשְׁטַאנֶען, אוּן אִיהם פְרֶעגֶען הָאבֶּען זַיי מוֹרָא
גֶעהַאט. אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין כְּפַר־נַחוּם, אוּן וֶוען עֶר 33
אִיז גֶעוֶוען אִין הוֹיז, הָאט עֶר זַיי גֶעפְרֶעגְט: וָואס הָאט אִיהר
גֶערֶעדֶעט אוֹיף דֶעם וֶועג? זַיי הָאבֶּען גֶעשְׁוִויגֶען, וַוייל אוֹיף דֶעם 34
וֶועג הָאבֶּען זַיי גֶערֶעדֶעט צְווִישֶׁען זִיךְ, וֶוער אִיז דֶער גְרֶעסְטֶער?
אוּן עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט אוּן גֶערוּפֶען דִיא צְווֶעלְף אוּן 35
הָאט צוּ זַיי גֶעזָאגְט: וֶוער עֶס ווִיל זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער דֶער זָאל
זַיין דֶער לֶעצְטֶער פָאן אַלֶעמֶען אוּן אֵיין מְשָׁרֵת צוּ אַלֶעמֶען.
אוּן הָאט גֶענוּמֶען אֵיין קְלֵיין קִינְד אוּן הָאט עֶס גֶעשְׁטֶעלְט אִין 36
זַייעֶר מִיטֶען אוּן הָאט עֶס אַרוּם גֶענוּמֶען, אוּן הָאט צוּ זַיי גֶעזָאגְט:
וֶוער עֶס וֶועט אִין מֵיין נָאמֶען אַזֶעלְכֶען קִינְד אוֹיפְנֶעהמֶען, דֶער 37
נֶעמְט מִיךְ אוֹיף, אוּן וֶוער עֶס נֶעמְט מִיךְ אוֹיף נֶעמְט נִיט מִיךְ
אוֹיף, נוּר דֶעם, וֶועלְכֶער עֶס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט. יוֹחָנָן הָאט 38
זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט צוּ אִיהם רַבִּי! מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
אֵיין מַאן וָואס טְרַייבְּט אַרוֹיס שֵׁדִים אִין דֵיין נָאמֶען, אוּן גֶעהט
אוּנְז נִיט נָאךְ, הָאבֶּען מִיר אִיהם פֶערְבָּאטֶען, וַוייל עֶר אִיז אוּנְז
נִיט נָאךְ גֶעגַאנְגֶען. אוּן יְשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט: פַארְבָּאט אִיהם נִיט, 39
דֶען עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין מַאן, וֶועלְכֶער טְהוּט וואוּנְדֶער אִין מֵיין
נָאמֶען, דָאס עֶר זָאל קָאנֶען בַּאלְד רֶעדֶען שְׁלֶעכְטְס אוֹיף מִיר.

40 41 דֶען וֶוער עֶס אִיז נִיט גֶעגֶען אוּנְז, דֶער אִיז מִיט אוּנְז. אוּן דֶער
וֶוער עֶס וֶועט אַייך גֶעבֶּען אֵיין כּוֹס וַואסֶער אִין מֵיין נָאמֶען, וַוייל
אִיהר זֶענְט דֶעם מָשִׁיחַ'ס, אִין אֱמֶת'ֶען זָאג אִיך אַייך: דָאס זֵיין
42 שְׂכַר וֶועט נִיט פַארְלָארֶען וֶוערֶען. אוּן וֶוער עֶס שְׁטְרוֹיכֶעלְט
אֵיינֶעם פָאן דִיא קְלֵיינֶע וָואס גְלוֹיבֶּען אִין מִיר, דֶעם וָואלְט
בֶּעסֶער גֶעוֶועזֶען, וֶוען מֶען זָאל אִיהם אוֹיף דֶעם הַאלְז אוֹיפְהֶענְגֶען
43 אֵיין מִיהל שְׁטֵיין, אוּן אַרֵיין וַוארְפֶען אִין יַם אַרֵיין. אוּן וֶוען דֵיין
הַאנְד שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיך הַאק זִיא אָב; עֶס אִיז פַאר דִיר בֶּעסֶער
מִיט אֵיין מוּם אַרֵיין קוּמֶען אִין לֶעבֶּען, אֵיידֶער מִיט צְוֵויי הֶענְד
44 צוּ גֶעהְן אִין גֵיהִנָם, אִין דֶעם אוּנְפֶערְלָאשֶׁענֶעם פֵייעֶר. וואוּ זֵייעֶר
וָוארֶעם וֶועט נִיט שְׁטַארְבֶּען, אוּן דָאס פֵייעֶר נִיט פֶערְלָאשֶׁען
45 וֶוערֶען. אוּן וֶוען דֵיין פוּס שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיך הַאק אִיהר אָב,
דִיר אִיז בֶּעסֶער אֵיין הִינְקֶענְדִיגֶער אַרֵיין צוּ קוּמֶען אִין לֶעבֶּען,
אֵיידֶער מִיט צְוֵויי פִיס גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען אִין גֵיהִנָם אִין דֶעם
46 אוּנְפֶערְלָאשֶׁענֶעם פֵייעֶר. וואוּ זֵייעֶר וָוארֶעם וֶועט נִיט שְׁטַארְבֶּען,
47 אוּן דָאס פֵייעֶר נִיט פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען. אוּן וֶוען דֵיין אוֹיג
שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיך רֵייס עֶס אַרוֹיס, דִיר אִיז בֶּעסֶער מִיט אֵיין
אוֹיג אַרֵיין צוּ קוּמֶען אִין דֶעם מַלְכוּת הָאֱלֹהִים, אֵיידֶער מִיט
צְוֵויי אוֹיגֶען גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען אִין דֶעם פַייעֶרְדִיגֶען גֵיהִנָם.
48 וואוּ זֵייעֶר וָוארֶעם וֶועט נִיט שְׁטַארְבֶּען, אוּן דָאס פֵייעֶר נִיט
49 פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען. דֶען יֶעדֶער וֶוערְט מִיר פֵייעֶר גֶעזַאלְצֶען.
50 אוּן יֶעדֶער קָרְבָּן וֶוערְט מִיט זַאלְץ גֶעזַאלְצֶען. זַאלְץ אִיז גוּט,
נוּר וֶוען זַאלְץ אִיז נִיט גֶעזַאלְצֶען מִיט וָואס וֶועט אִיהר זִיא
צוּרֶעכְט מַאכֶען? הָאט זַאלְץ אִין אַייך, אוּן הָאט צְוִוישֶׁען
אַייך שָׁלוֹם.
י פָאן דָארְטֶען אִיז עֶר אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אִין
דִיא גְרֶענִיצֶען פָאן יְהוּדָה פָאן יֶענֶער זֵייט יַרְדֵן; אוּן פִיל פָאלְק
הָאבֶּען זִיך וִוידֶער פֶערְזַאמֶעלְט צוּ אִיהם, אוּן עֶר הָאט וִויא זֵיין
2 גֶעוֵוינְהֵייט זֵיי וִוידֶער גֶעלֶעהֶרֶענְט. אוּן דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען צוּ
אִיהם צוּ גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעפְרֶעגְט: אִיז עֶס מוּתָּר
פַאר אֵיין מַאן אָבְצוּלָאזֶען זֵיין וַוייבּ? זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעפְּרוּבְט.
3 עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: וָואס הָאט אַייך משֶׁה גֶעבָּאטֶען.

4 זַיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט: מֹשֶׁה הָאט מַתִּיר גֶעוֶועזֶען צוּ שְׁרַייבֶּען אַיין גֵּט
5 אוּן זִיךְ צוּ שֵׁיידֶען. יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אַיין עֶנְטְפֶער: וֶועגֶען
אֵייעֶר הַארְטְהֶערְצִיגְקֵייט הָאט מֹשֶׁה אַייךְ אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען דִיזֶע מִצְוָה.
6 אָבֶּער אִין אָנְפַאנְג פָאן דֶער בַּאשֶׁעפֶענֶעס הָאט גָאטְט אַיין זָכָר
7 אוּן אֵיינֶע נְקֵבָה זֵיי גֶעשַׁאפֶען. דֶערִיבֶּער וֶועט דֶער מֶענְשׁ פַארְלָאזֶען
8 זַיין פָאטֶער אוּן זַיין מוּטֶער אוּן זִיךְ בַּאהֶעפְטֶען אָן זַיין וַוייבּ. אוּן
זֵיי וֶועלֶען זַיין בֵּיידֶע אַיין פְלֵייש, אוּן וֶוען אַזוֹי, זֶענֶען זֵיי שׁוֹין נִיט
9 קֵיין צְוֵויי נוּר אַיין פְלֵייש. דֶערִיבֶּער, דָאס וָואס גָאטְט הָאט
10 מְזַוֵג גֶעוֶועזֶען (פֶערְאֵיינִיגְט) זָאל אַיין מֶענְשׁ נִיט צוּ שֵׁיידֶען. אוּן
אִין דֶערְהֵיים הָאבֶּען אִיהם זֵיינֶע תַּלְמִידִים נָאךְ אַיין מָאל גֶעפְרֶעגְט
11 וֶועגֶען דֶעם. עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וֶוער עֶס צוּשֵׁיידֶעט זִיךְ מִיט
אַיין וַוייבּ, אוּן הָאט חֲתוּנָה מִיט אַיין אַנְדֶערֶע דֶער אִיז אַיין נוֹאֵף.
12 אוּן וֶוען אַיין פְרוֹי צוּשֵׁיידֶעט זִיךְ מִיט אִיהר מַאן אוּן נֶעמְט אַיין
13 אַנְדֶערֶען אִיז זִיא אַיין נוֹאֶפֶת. אוּן מֶען הָאט צוּ אִיהם
גֶעבְּרַאכְט קְלֵיינֶע קִינְדֶער, עֶר זָאל זֵיי אָנְרִיהֶרֶען, אוּן דִיא תַּלְמִידִים
הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעבּוֹיזֶערְט אוֹיף דִיא וָואס הָאבֶּען זֵיי גֶעבְּרַאכְט.
14 יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען אוּן אִיז אוּנְצוּפְרִידֶען גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט
זֵיי גֶעזָאגְט: לָאזְט דִיא קִינְדֶערְלַאךְ קוּמֶען צוּ מִיר אוּן וֶוערְט זֵיי
15 נִיט, דֶען אַזֶעלְכֶע זֵיינֶען דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים. אִין אֶמֶת'עֶן זָאג
אִיךְ אַייךְ: וֶוער עֶס נֶעמְט נִיט אָן דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים וִויא אַיין
16 קְלֵיין קִינְד, דֶער וֶועט דֶערִינֶען נִיט אַרַיין קוּמֶען. אוּן עֶר הָאט
זֵיי אַרוּמְגֶענוּמֶען אוּן הָאט גֶעלֵייגְט דִיא הֶענְד אוֹיף זֵיי אוּן הָאט
17 זֵיי גֶעבֶּענְשְׁט. אוּן וֶוען עֶר אִיז אָרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם
וֶועג אִיז אֵיינֶער צוּגֶעלָאפֶען צוּ אִיהם, הָאט גֶעקְנִיט פַאר אִיהם,
אוּן הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט, גוּטֶער רַבִּי וָואס זָאל אִיךְ טָאן, כְּדֵי
18 אִיךְ זָאל יַרְשְׁ'נֶען דָאס עֶווִיגֶע לֶעבֶּען? אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם
גֶעזָאגְט: פַאר וָואס רוּפְסְט דוּא מִיר גוּטֶער? קֵיינֶער אִיז נִיט גוּט,
19 אוֹיסֶער אֵיינֶער, גָאטְט. דוּא וֵוייסְט דִיא מִצְוֹת: דוּא זָאלְסְט נִיט
מְנַאֵף זַיין, דוּא זָאלְסְט נִיט טוֹיטֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט גַּנְבֶענֶען, דוּא
זָאלְסְט קֵיינֶע פַאלְשֶׁע עֵדוּת אוֹיף דַיין חַבֵר נִיט זָאגֶען, דוּא זָאלְסְט
20 נִיט רוֹיבֶּען, זָאלְסְט עֶהְרֶען דַיין פָאטֶער אוּן מוּטֶער. אוּן עֶר
הָאט אִיהם גֶעזָאגְט אַיין עֶנְטְפֶער: רַבִּי, דָאס אַלֶעס הָאבּ אִיךְ

21 גֶעהאַלְטֶען פָאן מַיין יוּגֶענְד אָן. יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם אָנְגֶעקוּקְט, אוּן
הָאט אִיהם לִיבּ בַּאקוּמֶען, אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אֵיינְס פֶעהלְט
דִיר, גֵיי פַארְקוֹיף אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט, אוּן צוּגִיבּ אָרֶעמֶע אוּן
22 דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אַיין אוֹצָר אִין הִימֶעל. אוּן קוּם נֶעם דֶעם
קְרֵייץ אוּן גֶעה מִיר נָאךְ, אוּן עֶס הָאט אִיהם בֶּעטְרִיבְּט אוֹיף דֶעם
וָוארְט, אוּן אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען טְרוֹיעֶרִיג, וַוייל עֶר הָאט גֶעהַאט
23 אַיין גְרוֹיסֶען פַארְמֶעגֶען. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט
אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים: וִויא שְׁוֶוער אִיז דָאס פַאר
דֶעם וָואס הָאט פַארְמֶעגֶעס, אַרַיין צוּ קוּמֶען אִין דָאס מַלְכוּת
24 הָאֱלֹהִים. דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען נִשְׁתּוֹמֵם גֶעוָוארֶען פָאן זַיינֶע
וֶוערְטֶער, אוּן יֵשׁוּעַ הָאט נָאךְ אַיין מָאל זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן
גֶעזָאגְט: קִינְדֶער, וִויא שְׁוֶוער אִיז דָאס פַאר דִיא, וֶועלְכֶע
פַארְזִיכֶערֶען זִיךְ אוֹיף זַייעֶר רַייכְקַייט, אַרַיין צוּ קוּמֶען אִין דָאס
25 מַלְכוּת הָאֱלֹהִים. עֶס אִיז לַייכְטֶער פַאר אַיין קֶעמֶעל דוּרְךְ צוּ
גֶעהְן דוּרְךְ אַיין לָאךְ פָאן אַיין נָאדֶעל, אוֹידֶער פַאר אַיין רַייכֶען
26 אַרַיין צוּ קוּמֶען אִין דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים. זֵיי זַיינֶען נָאךְ מֶעהר
דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען אוּן גֶעזָאגְט צְווִישֶׁען זִיךְ: וֶוער דֶען קָאן
27 זִיךְ מַצִיל זַיין? יֵשׁוּעַ הָאט אוֹיף זֵיי אַיין קוּק גֶעטָאן אוּן גֶעזָאגְט:
פַאר מֶענְשֶׁען אִיז דָאס נִיט מִיגְלַךְ, אָבֶּער נִיט פַאר גָאטְט, דֶען
28 פַאר גָאטְט אִיז אַלֶעס מִיגְלַאךְ. אוּן פֶּטֶר הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען
אוּן גֶעזָאגְט צוּ אִיהם: זֶעה, מִיר הָאבֶּען אַלֶעס פַארְלָאזֶען, אוּן
29 זֶענֶען דִיר נָאךְ גֶעגַאנְגֶען. יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט אַיין עֶנְטְפֶער: אִין
אֱמֶת'ען זָאג אִיךְ אֵייךְ: עֶס אִיז נִיט דָא אַיין מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער הָאט
אַוֶועק גֶעלָאזְט זַיין הוֹיז אָדֶער זַיינֶע בְּרִידֶער, אָדֶער זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער,
אָדֶער זַיין פָאטֶער, אָדֶער זַיין מוּטֶער, אָדֶער זַיין וַוייבּ, אָדֶער זַיינֶע
קִינְדֶער, אָדֶער זַיינֶע פֶעלְדֶער, פָאן מַיינֶעט וֶועגֶען, אוּן וֶועגֶען דֶער
30 בְּשׂוֹרָה. אוּן זָאל נִיט נֶעמֶען יֶעצְט, אִין דִיזֶער צַייט רְדִיפוֹת
הוּנְדֶערְט מָאל אַזוֹי פִיל הַייזֶער, אוּן בְּרִידֶער, אוּן שְׁוֶועסְטֶער,
אוּן מוּטֶערְס, אוּן קִינְדֶער, אוּן פֶעלְדֶער, אוּן אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט
31 עֶווִיגֶעס לֶעבֶּען. פִיל פָאן דִיא עֶרְשְׁטֶע וֶועלֶען זַיין לֶעצְטֶע, אוּן
32 דִיא לֶעצְטֶע עֶרְשְׁטֶע. וֶוען זֵיי זֶענֶען אִין וֶועג גֶעוֶועזֶען, צוּ גֶעהְן
קַיין יְרוּשָׁלַיִם, אִיז יֵשׁוּעַ גֶעגַאנְגֶען פַאר זֵיי אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ

גֶעשְׁרָאקֶען אוּן זֶענֶען אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען מִיט מוֹרָא, אוּן עֶר הָאט
נָאךְ אֵיין מָאל גֶענוּמֶען צוּ זִיךְ דִיא צְוֶועלְף, אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
זֵיי צוּ דֶערְצֵיילֶען וֶועגֶען דֶעם, וָואס עֶס וֶועט מִיט אִיהם זַיין, אוּן
33 גֶעזָאגְט: נוּן, מִיר גֶעהֶען אַרוֹיף קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּן דֶער בֶּן־הָאָדָם
וֶועט אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים, אוּן צוּ דִיא
סוֹפְרִים, אוּן זֵיי וֶועלֶען אִיהם פַארְמִשְׁפָּט'ן צוּם טוֹיט אוּן מֶען וֶועט
34 אִיהם אִיבֶּער גֶעבֶּען צוּ דִיא גוֹיִם. אוּן זֵיי וֶועלֶען אִיבֶּער אִיהם שְׁפָּאטֶען
אוּן וֶועלֶען אִיהם שְׁמֵייסֶען, אוּן וֶועלֶען אוֹיף אִיהם שְׁפֵּייעֶן, אוּן
וֶועלֶען אִיהם טוֹיטֶען אוּן אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר אוֹיפְ־
35 שְׁטֶעהְן. אוּן יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן, זְבַדְיָה'ס קִינְדֶער, זֶענֶען צוּ אִיהם
צוּגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: רַבִּי, מִיר פֶערְלַאנְגֶען דָאס דוּא
36 זָאלְסְט אוּנְז טָאן דָאס, וָואס מִיר וֶועלֶען דִיךְ בֶּעטֶען. אוּן עֶר הָאט
צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: וָואס פֶערְלַאנְגְט אִיהר, דָאס אִיךְ זָאל אַייךְ טָאן?
37 אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: גִיבּ אוּנְז צוּ זִיצֶען אֵיינֶעם צוּ דַיין
רֶעכְטֶען הַאנְד, אוּן דֶעם אַנְדֶערֶען צוּ דֶער לִינְקֶער, אִין דַיין
38 הֶערְלִיכְקֵייט. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִיהר וֵוייסְט נִיט וָואס
אִיהר פֶערְלַאנְגְט; וֶועט אִיהר דֶען קָאנֶען טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס, וָואס
אִיךְ וֶועל טְרִינְקֶען, אוּן גֶעטוֹבֶלְט וֶוערֶען אִין דֶער טְבִילָה וָואס
39 אִיךְ וֶועל אִין אִיהר גֶעטוֹבֶלְט וֶוערֶען? זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט:
מִיר קֶענֶען. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: דֶעם כּוֹס וָואס אִיךְ וֶועל
טְרִינְקֶען, וֶועט אִיהר טְרִינְקֶען, אוּן אִין דֶעם טְבִילָה, וָואס אִיךְ
וֶועל אִין אִיהר גֶעטוֹבֶלְט וֶוערֶען, וֶועט אִיהר גֶעטוֹבֶלְט וֶוערֶען.
40 נוּר זִיצֶען צוּ מֵיין רֶעכְטֶער הַאנְד אוּן לִינְקֶער גֶעהֶערְט נִיט מִיר
41 אַייךְ דָאס צוּ גֶעבֶּען, נוּר צוּ דִיא וָואס מֶעהָאט אָנְגֶעבְּרֵייט. אוּן
וֶוען דִיא צֶעהֶען הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ
42 צוּבֵּייזֶערֶען אוֹיף יַעֲקֹב'ן אוּן יוֹחָנָן. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶערוּפֶען
אוּן זֵיי גֶעזָאגְט: אִיהר וֵוייסְט, דָאס דִיא וָואס רֶעכֶענֶען זִיךְ שָׂרִים
פוּן דִיא פֶעלְקֶער הֶערְשֶׁען אִיבֶּער זֵיי, אוּן זֵייעֶרֶע גְרוֹיסֶע
43 גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער זֵיי. נִיט אַזוֹי זָאל דָאס זַיין צְוִוישֶׁען אַייךְ:
נוּר דֶער וָואס וִויל זַיין דֶער גְרֶעשְׁטֶער צְוִוישֶׁען אַייךְ, דֶער לָאז
44 זַיין אֵייעֶר דִינֶער. אוּן דֶער וָואס וִויל זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער צְוִוישֶׁען
45 אַייךְ לָאז עֶר זַיין אֵיין קְנֶעכְט פוּן אַלֶעמֶען. דֶען אוֹיךְ דֶער בֶּן־

הָאָדָם אִיז נִיט גֶעקוּמֶען, כְּדֵי מֶען זָאל אִיהם דִינֶען, נוּר עֶר זָאל
דִינֶען, אוּן צוּגֶעבֶּען זַיין לֶעבֶּען אַיין אוֹיסְלֵייזוּנְג פַאר פִילֶע.
46 אוּן זֵיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין יְרִיחוֹ, אוּן וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען
פָאן יְרִיחוֹ מִיט זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּן מִיט פִיל פָאלְק אִיז בַּר־טִימַי
47 בֶּן־טִימַי אַיין בְּלִינְדֶער גֶעזֶעסֶען בֵּיים וֶועג אוּן גֶעבֶּעטֶעלְט. וֶוען
עֶר הָאט גֶעהֶערְט, דָאס אִיז יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען
צוּ שְׁרֵייעֶן אוּן גֶעזָאגְט: יֵשׁוּעַ זָאהן דָוִד׳ס! הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף
48 מִיר. פִיל הָאבֶּען אוֹיף אִיהם אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, עֶר זָאל שְׁוֵויינֶען, נוּר
עֶר הָאט נָאךְ מֶעהר גֶעשְׁרִיגֶען: בֶּן דָוִד! דֶערְבַּארֶעם זִיךְ אִיבֶּער
49 מִיר. יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט, אוּן בַּאפוֹילֶען מֶען זָאל אִיהם
צוּרוּפֶען: מֶען הָאט גֶערוּפֶען דֶעם בְּלִינְדֶען, אוּן מֶען הָאט אִיהם
50 גֶעזָאגְט: זֵיי גֶעטְרוֹיסְט, שְׁטֶעה אוֹיף, עֶר רוּפְט דִיךְ. עֶר הָאט
פָאן זִיךְ אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען זַיין מַאנְטֶעל, אוּן אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען,
51 אוּן אִיז גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ׳ן. יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט
צוּ אִיהם: וָואס ווִילְסְט דוּא פָאן מִיר? דֶער בְּלִינְדֶער הָאט גֶעזָאגְט
52 צוּ אִיהם: רַבִּי, אִיךְ זָאל זֶעהֶען. יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: גֶעה,
דַיין אֱמוּנָה הָאט דִיר גֶעהָאלְפֶען, אוּן עֶר אִיז בַּאלְד זֶעהֶענְדִיג
גֶעוָוארֶען, אוּן אִיז נָאךְ גֶעגַאנְגֶען יֵשׁוּעַ׳ן אוֹיף דֶעם וֶועג.
יא אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶענְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם קֵיין בֵּית־
פַּגֵי אוּן בֵּית־עַנְיָא צוּם הַר־הַזֵּיתִים, הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט צְוֵויי פָאן
2 זֵיינֶע תַּלְמִידִים. אוּן זָאגְט זֵיי: גֶעהט אִין דֶעם דָארְף וָואס אִיז
אַנְטְקֶעגֶען אַייךְ, אוּן וֶוען אִיהר וֶועט דָארְטֶען אַרֵיין קוּמֶען וֶועט
אִיהר גֶעפִינֶען אַיין יוּנְגֶען צוּגֶעבּוּנְדֶענֶעם אֵייזֶעל, אוֹיף וֶועלְכֶען
קֵיין מֶענְשׁ הָאט נִיט גֶערִיטֶען, בִּינְדֶעט אִיהם אָבּ אוּן בְּרֵיינְגְט.
3 אוּן וֶוען אֵיינֶער וֶועט אַייךְ זָאגֶען: וָואס טְהוּט אִיהר, עֶנְטְפֶערְט
דֶער הֶערְר דַארְף אִיהם, אוּן עֶר וֶועט בַּאלְד אִיהם אַהֶער שִׁיקֶען.
4 זֵיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אַיין יוּנְגֶען אֵייזֶעל צוּגֶעבּוּנְדֶען
בֵּיי דֶער טְהִיר אוֹיף דֶער גַאס, אוּן הָאבֶּען אִיהם אָבְּגֶעבּוּנְדֶען.
5 אוּן אֵייניגֶע פָאן דִיא וָואס זֶענֶען דָארְט גֶעשְׁטַאנֶען הָאבֶּען זֵיי
6 גֶעזָאגְט: וָואס טְהוּט אִיהר! אִיהר בִּינְדֶעט אָבּ דֶעם אֵייזֶעל? זֵיי
הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּ זֵיי, וִויא יֵשׁוּעַ הָאט גֶעהֵייסֶען, אוּן זֵיי
7 הָאבֶּען זֵיי אָבְּגֶעלָאזֶען. אוּן הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דֶעם אֵייזֶעל צוּ

יֵשׁוּעַ׳ן, אוּן הָאבֶּען אוֹיף אִיהם אַרוֹיף גֶעלֵייגְט זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער,
8 אוּן עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף אִיהם. פִיל הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט
זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אוֹיף דֶעם װעֶג, אוּן אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען
צְװַיינֶען פָאן בּוֹימֶער, אוּן הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶעם
9 װעֶג. אוּן דִיא װָאס זֶענֶען פָאר אוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן דִיא װָאס
זֵיינֶען נָאךְ גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען: הוֹשַׁעְנָא! בָּרוּךְ הַבָּא
10 בְּשֵׁם יְהֹוָה. גֶעבֶּענְשְׁט זָאל זַיין דִיא מְלוּכָה פָאן דָוִד אוּנְזֶער
פָאטֶער, װעֶלְכֶע קוּמְט אִין גָאטְטֶעס נָאמֶען, הוֹשַׁעְנָא אִין דֶער
11 הוֹיךְ! יֵשׁוּעַ אִיז אַרַיין גֶעקוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם אוּן אִין בֵּית
הַמִקְדָשׁ, אוּן עֶר הָאט אַלְץ אַרוּמְגֶעזֶעהֶען; עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט
אָװעֶנְד גֶעװָארֶען, אוּן עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען קַיין בֵּית־עַנְיָא
12 מִיט דִיא צְװֶעלְף. אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג, װען זַיי זֶענֶען
13 אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פָאן בֵּית־עַנְיָא, אִיז עֶר הוּנְגֶערִיג גֶעװָארֶען. אוּן
עֶר הָאט דֶערזֶעהֶען פָאן דֶער װַייטֶענְס אַיין פַייגֶענְבּוֹים, װָאס
הָאט גֶעהַאט בְּלֶעטֶער, עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען זֶעהֶען טָאמֶער װעֶט עֶר
אוֹיף אִיהם עֶטְװָאס גֶעפִינֶען, נוּר עֶר הָאט אוֹיף אִיהם גָאר נִיט
גֶעפוּנֶען, נוּר בְּלֶעטֶער אַלֵיין, דֶען עֶס אִיז נָאךְ נִיט גֶעװעֶן דִיא
14 צַייט פָאן פַייגֶען. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: פָאן נוּן אָן זָאל
קֵיינֶער נִיט עֶסֶען קַיין פְרוּכְט פָאן דִיר בִּיז עֶװִיג, אוּן דִיא
15 תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט. זַיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין
יְרוּשָׁלַיִם. יֵשׁוּעַ אִיז אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּן הָאט
אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְצוּטְרֵייבֶּען דִיא פַארְקוֹיפֶערְס אוּן קוֹיפֶערְס אִין
בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּן הָאט צוּ װָארְפֶען דִיא טִישֶׁען פָאן דִיא
װעֶקְסְלֶער, אוּן דִיא בֵּיינְק פָאן דִיא װָאס פַארְקוֹיפֶען טוֹיבֶּען.
16 אוּן הָאט נִיט עֶרְלוֹיבְּט דָאס אֵיינֶער זָאל דוּרְךְ דֶעם בֵּית
17 הַמִקְדָשׁ אַיין כְּלִי טְרָאגֶען. אוּן הָאט זַיי גֶעלֶערְנְט אוּן
גֶעזָאגְט: אִיז דֶען נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען בֵּיתִי בֵּית תְּפִלָּה יִקָּרֵא לְכָל
הָעַמִים (מַיין הוֹיז װעֶט אַיין גֶעבֶּעטְהוֹיז גֶערוּפֶען װעֶרֶען פַאר
אַלֶע פֶעלְקֶער) אוּן אִיהר הָאט דָאס גֶעמַאכְט פַאר אַיין מְעָרָה
18 פָאן רוֹיבֶּערְס. דִיא סוֹפְרִים אוּן עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען דָאס
גֶעהֶערְט: הָאבֶּען זַיי גֶעזוּכְט װִיא אַזוֹי אִיהם אוּמְצוּבְּרֵיינְגֶען, דֶען
זַיי הָאבֶּען פַאר אִיהם מוֹרָא גֶעהַאט; װַייל דָאס גַאנְצֶע פָאלְק

19 הָאט זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט אוֹיף זַיין לֶעהְרֶע. וֶוען עֶס אִיז נַאכְט
20 גֶעוָוארֶען אִיז עֶר פָאן דֶער שְׁטָאדְט אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען. אִין
דֶער פְרִיה וֶוען זֵיי זַיינֶען דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זֵיי דֶערְזֶעהֶען,
דָאס דֶער פֵייגֶענְבּוֹים אִיז פַארְטְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען בִּיז אִין דִיא
21 וָוארְצְלֶען. אוּן פֶּטֶר הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אוּן הָאט אִיהם
גֶעזָאגְט: רַבִּי! זֶעה, דֶער פֵייגֶענְבּוֹים וָואס דוּא הָאסְט פֶערְשָׁאלְטֶען
22 אִיז פַארְטְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען. יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט
23 זֵיי. הָאט גְלוֹיבֶּען אִין גָאט, דֶען אִין אֱמֶת'ֶען זָאג אִיךְ אַייךְ:
וֶוען אֵיינֶער זָאגְט צוּ דֶעם בַּארְג הֵייבּ דִיךְ אוֹיף, אוּן וַוארְף
דִיךְ אַרַיין אִין יַם, אוּן זַיין הַארְץ אִיז נִיט אִין צְווַייפֶעל, נוּר
גְלוֹיבְּט, דָאס עֶס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען, וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט: וֶועט
24 אִיהם זַיין וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט. דֶערִיבֶּער זָאג אִיךְ אַייךְ,
אַלֶעס וָואס אִיהר וֶועט בֶּעטֶען אִין אֵייעֶר תְּפִלָּה גְלוֹיבְּט, דָאס
25 אִיהר וֶועט מְקַבֵּל זַיין, אוּן אִיהר וֶועט דָאס הָאבֶּען. אוּן וֶוען
אִיהר שְׁטֶעלְט זִיךְ מִתְפַּלֵּל צוּ זַיין זַייט מוֹחֵל צוּ יֶעדֶעם וָואס
אִיהר הָאט גֶעגֶען אִיהם אִין אֵייעֶר הַארְצֶען, כְּדֵי אֵייעֶר פָאטֶער
וָואס אִיז אִין הִימֶעל זָאל אַייךְ אוֹיךְ מוֹחֵל זַיין אֵייעֶרֶע זִינְד.
26 וֶוען אִיהר וֶועט נִיט מוֹחֵל זַיין, וֶועט אַייךְ אֵייעֶר פָאטֶער וָואס
27 אִיז אִין הִימֶעל אוֹיךְ נִיט מוֹחֵל זַיין אֵייעֶרֶע זִינְד. זֵיי זֶענֶען
נָאךְ אֵיין מָאל גֶעקוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן וֶוען עֶר אִיז אַרוּם
גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, זֶענֶען צוּ גֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהם דִיא
28 עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא סוֹפְרִים אוּן דִיא זְקֵנִים. אוּן הָאבֶּען
אִיהם גֶעזָאגְט: מִיט וָואס פַאר אַיין מַאכְט טְהוּסְט דוּא דָאס?
אוּן וֶוער הָאט דִיר דִיא מַאכְט גֶעגֶעבֶּען דָאס דוּא זָאלְסְט עֶס
29 טָאן? יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: אִיךְ וֶועל אַייךְ אוֹיךְ
פְרֶעגֶען וֶועגֶען אֵיין זַאךְ, עֶנְטְפֶערְט מִיר, אוּן אִיךְ וֶועל אַייךְ
30 זָאגֶען מִיט וָואס פַאר אֵיין מַאכְט אִיךְ טְהוּעַ עֶס. דִיא טְבִילָה
פָאן יוֹחָנָן אִיז גֶעוועֶן פָאן הִימֶעל, אָדֶער פָאן מֶענְשֶׁען? עֶנְטְפֶערְט
31 מִיר. זֵיי הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעקְלֶערְט, וֶוען מִיר וֶועלֶען זָאגֶען
פָאן הִימֶעל, אַזוֹי וֶועט עֶר זָאגֶען: וָוארוּם הָאט אִיהר אִיהם נִיט
32 גֶעגְלוֹיבְּט? וֶוען מִיר וֶועלֶען זָאגֶען: פָאן מֶענְשֶׁען, הָאבֶּען זֵיי
מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דֶעם פָאלְק, דֶען אַלֶע הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען,

33 דָאס יוֹחָנָן אִיז אִין אֱמֶת׳ען גֶעוֶוען אֵיין נָבִיא. אוּן זֵיי הָאבֶּען יֵשׁוּעַ׳ן
גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטפֶער: מִיר וֵוייסֶען נִיט. יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט
אוּן גֶעזָאגְט צוּ זֵיי: אִיךְ ווִיל אַייךְ אוֹיךְ נִיט זָאגֶען מִיט וָואס פַאר
אֵיין מַאכְט אִיךְ טְהוּ דָאס.
יב אוּן עֶר הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען רֶעדֶען צוּ זֵיי אִין מְשָׁלִים: אֵיין
מַאן הָאט גֶעפְלַאנְצְט אֵיין וֵויינְגָארְטֶען, אוּן הָאט אַרוּם אִיהם
גֶעמַאכְט אֵיין צוֹים, אוּן הָאט אוֹיסְגֶעגְרָאבֶּען אֵיין קֶעלְטֶער, אוּן
גֶעבּוֹיט אֵיין טוּרֶעם, אוּן הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ וֵויינְגֶערְטְנֶער,
2 אוּן עֶר הָאט פֶערְלָאזֶען זַיין לַאנְד. אוּן צוּ דֶער צֵייט הָאט עֶר
גֶעשִׁיקְט צוּ דִיא וֵויינְגֶערְטְנֶער אֵיין קְנֶעכְט, נֶעמֶען פָאן דִיא
3 וֵויינְגֶערְטְנֶער דִיא פֵּרוֹת פָאן דֶעם וֵויינְגָארְטֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען
אִיהם גֶענוּמֶען, גֶעשְׁלָאגֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט מִיט
4 לֵיידִיגֶען. עֶר הָאט נָאךְ אֵיין מָאל גֶעשִׁיקְט צוּ זֵיי אֵיין אַנְדֶערֶען
קְנֶעכְט, אוּן זֵיי הָאבֶּען דֶעם אוֹיךְ מִיט שְׁטֵיינֶער צוּ שְׁלָאגֶען דֶעם
5 קָאפְּף, אוּן הָאבֶּען אִיהם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט מִיט בִּזָיוֹן. אוּן עֶר הָאט
נָאךְ אֵיין מָאל אֵיין אַנְדֶערֶען גֶעשִׁיקְט: אוּן זֵיי הָאבֶּען דֶעם אוֹיךְ
גֶעהַרְגֶ׳ט, אוּן פִיל אַנְדֶערֶע הָאבֶּען זֵיי אָדֶער גֶעשְׁלָאגֶען, אָדֶער
6 גֶעהַרְגֶ׳ט. עֶר הָאט גֶעהַאט נָאךְ אֵיין בֵּן יָחִיד, וָואס עֶר הָאט
אִיהם גֶעלִיבְּט, הָאט עֶר צוּ לֶעצְט אִיהם אוֹיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּן
7 גֶעזָאגְט: פַאר מֵיין זָאהן וֶועלֶען זֵיי מוֹרָא הָאבֶּען. אוּן דִיא
וֵויינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט: דֶער אִיז
דֶער יוֹרֵשׁ, לָאזֶען מִיר גֶעהְן אוּן אִיהם הַרְגֶ׳נֶען אוּן דִיא יְרוּשָׁה
8 וֶועט אוּנְזֶערֶע זַיין. אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶענוּמֶען אוּן הָאבֶּען
אִיהם גֶעהַרְגֶ׳ט, אוּן הָאבֶּען אִיהם אַרוֹיס גֶעוָוארְפֶען פָאן דֶעם
9 וֵויינְגָארְטֶען. אוּן יֶעצְט וָואס וֶועט דֶער הֶערְר פָאן דֶעם
וֵויינְגָארְטֶען טָאן: עֶר וֶועט קוּמֶען אוּן וֶועט אוּמְבְּרֵיינְגֶען דִיא
וֵויינְגֶערְטְנֶער, אוּן וֶועט דֶעם וֵויינְגָארְטֶען אִיבֶּער גֶעבֶּען צוּ
10 אַנְדֶערֶע. הָאט אִיהר דֶען נִיט גֶעלֶעזֶען דֶעם פָּסוּק: אֶבֶן מָאֲסוּ
הַבּוֹנִים הָיְתָה לְרֹאשׁ פִּנָּה (דֶער שְׁטֵיין וֶועלְכֶען דִיא בּוֹילֵייט
11 הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען, דֶער אִיז צוּם עֶקְשְׁטֵיין גֶעוָוארֶען). מֵאֵת
יְהוָֹה הָיְתָה זֹּאת הִיא נִפְלָאת בְּעֵינֵינוּ (פָאן גָאטְט אִיז עֶר גֶעקוּמֶען,
12 אוּן עֶר אִיז אֵיין וואוּנְדֶער אִין אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען). אוּן זֵיי הָאבֶּען

גֶעזוּכְט אִיהם צוּ חַאפֶּען, אוּן הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דֶעם
פָאלְק, ווייל זֵיי הָאבֶּען פַארְשְׁטַאנֶען, דָאס עֶר הָאט אוֹיף זֵיי
גֶעזָאגְט דֶעם מָשָׁל. זֵיי הָאבֶּען אִיהם אַוֶועקְגֶעלָאזְט אוּן זֶענֶען
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען צוּ אִיהם גֶעשִׁיקְט אֵיינִיגֶע פָאן 1
דִיא פְּרוּשִׁים אוּן דִיא לַייט פָאן הוֹרְדוֹס אִיהם צוּ חַאפֶּען מִיט אֵיין
ווָארְט. אוּן זֵיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: רַבִּי! מִיר 1
ווייסֶען דָאס דוּא בִּיסְט אֵיין אֶמֶת'עֶר מֶענְשׁ אוּן דוּא קִימֶערְסְט
זִיךְ נִיט אוּם קֵיינֶעם; דֶען דוּא בִּיסְט קֵיינֶעם נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים, נוּר
דוּא לֶעהְרֶענְסְט גָאטְטֶעס ווֶעג מִיט אֵיין אֶמֶת, אִיז רֶעכְט צוּ
גֶעבֶּען מַס דֶעם קֵיסַר, אָדֶער נִיט? זָאלֶען מִיר גֶעבֶּען אָדֶער נִיט?
עֶר אָבֶּער הָאט גֶעווָאוּסְט זֵייעֶר חֲנוּפָּה, אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: 1
ווָאס פְּרוּבְט אִיהר מִיךְ, בְּרֵיינְגְט מִיר אֵיין דִינָר, אוּן אִיךְ ווִיל
אוֹיף אִיהם אֵיין קוּק טָאן. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעבְּרַאכְט, אוּן 1
עֶר הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: ווֶעמֶעס בִּילְד אוּן אוֹיפְשְׁרִיפְט אִיז דָאס?
אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: דֶעם קֵיסַר'ס. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי 1
גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: ווָאס עֶס אִיז דֶעם קֵיסַר'ס גִיט דֶעם קֵיסַר,
אוּן דָאס ווָאס עֶס אִיז גָאטְטֶעס גִיט גָאטְט. אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ
אוֹיף אִיהם גֶעווָאוּנְדֶערְט. אוּן עֶס זֵיינֶען גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם 1
דִיא צְדוּקִים, ווֶעלְכֶע זָאגֶען: דָאס עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין תְּחִיַּת
הַמֵתִים, אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט: רַבִּי! מֹשֶׁה הָאט 1
אוּנְז אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען: ווֶען בֵּיי אֵיינֶעם שְׁטַארְבְּט אֵיין בְּרוּדֶער, אוּן
הָאט גֶעלָאזֶען אֵיין ווייבּ, אוּן קִינְדֶער הָאט עֶר נִיט גֶעלָאזֶען, אַזוֹי
זָאל זֵיין בְּרוּדֶער גֶעמֶען זֵיין ווייבּ אוּן זָאל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען קִינְדֶער
צוּ זֵיין בְּרוּדֶער. עֶס אִיז גֶעוֶוען זִיבֶּען בְּרִידֶער: דֶער עֶרְשְׁטֶער 2
הָאט גֶענוּמֶען אֵיין ווייבּ, אוּן ווֶען עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאט עֶר
נִיט גֶעלָאזֶען קֵיין קִינְדֶער. הָאט דֶער אַנְדֶערֶער זִיא גֶענוּמֶען, 2
אוּן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּן הָאט אוֹיךְ קֵיין קִינְדֶער נִיט גֶעלָאזֶען,
אַזוֹי אוֹיךְ דֶער דְרִיטֶער. אוּן עֶס הָאבֶּען זִיא גֶענוּמֶען אַלֶע זִיבֶּען, 2
אוּן הָאבֶּען קֵיין קִינְדֶער נִיט גֶעלָאזֶען, נָאךְ אַלֶעמֶען אִיז דָאס ווייבּ
אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען. אִין תְּחִיַּת הַמֵתִים, ווֶען זֵיי ווֶעלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהְן: 2
ווֶעמֶעס ווייבּ פָאן זֵיי ווֶעט זִיא זֵיין? דֶען זִיבֶּען הָאבֶּען זִיא גֶעהַאט
פַאר אֵיין ווייבּ. יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: ווֶענְט 2

אִיהר זִיךְ דֶען נִיט דֶערִיבֶּער טוֹעֶה, ווייל אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט נִיט
25 דִיא שְׁרִיפְט (תנ"ך) אוּן אוֹיךְ נִיט דִיא גְבוּרָה פָאן גָאטְט? דֶען
וֶוען מֶען וֶועט אוֹיפְשְׁטֶעהֶן פָאן דִיא טוֹיטֶע, וֶועלֶען דִיא מֶענֶער
נִיט נֶעמֶען קֵיין ווייבֶּער, אוּן ווייבֶּער וֶועלֶען נִיט נֶעמֶען קֵיין מַאנֶען,
26 נוּר זֵיי וֶועלֶען זַיין וִויא דִיא מַלְאָכִים אִין הִימֶעל. אוּן וֶועגֶען דֶעם,
דָאס דִיא מֵתִים וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהֶן, הָאט אִיהר דֶען נִיט גֶעלֶעזֶען
אִין מֹשֶׁה'ס סֵפֶר (תּוֹרָה) וָואס גָאטְט אִין דֶעם סְנֶה (דָארֶען בּוּשׁ)
הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין דֶער גָאטְט פָאן אַבְרָהָם, אוּן דֶער
27 גָאטְט פָאן יִצְחָק, אוּן דֶער גָאטְט פָאן יַעֲקֹב. גָאטְט אִיז נִיט קֵיין
גָאטְט פָאן מֵתִים, נוּר אֵיין גָאטְט פָאן לֶעבֶּענְדִיגֶע, דֶערִיבֶּער
28 זֶענְט אִיהר זֵייער פִיל טוֹעֶה. — אֵיינֶער פָאן דִיא סוֹפְרִים (תַּלְמִידֵי
חֲכָמִים) הָאט גֶעהֶערְט, וִויא אַזוֹי זֵיי הָאבֶּען אֵיין וִכּוּחַ, אִיז עֶר
צוּ גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען, וִויא עֶר הָאט זֵיי גוּט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אַזוֹי הָאט עֶר אִיהם גֶעפְרֶעגְט: וֶועלְכֶע אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע פָאן
29 אַלֶע מִצְוֹת? יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: דִיא עֶרְשְׁטֶע פָאן
אַלֶע מִצְוֹת אִיז: שְׁמַע יִשְׂרָאֵל, יְהֹוָה אֱלֹהֵינוּ, יְהֹוָה אֶחָד (הֶער
30 יִשְׂרָאֵל, גָאטְט אוּנְזֶער גָאטְט, אִיז אֵיין גָאטְט). וְאָהַבְתָּ אֵת יְהֹוָה
אֱלֹהֶיךָ בְּכָל לְבָבְךָ וּבְכָל נַפְשְׁךָ וּבְכָל מַדָּעֲךָ וּבְכָל מְאוֹדֶךָ (אוּן
דוּא זָאלְסְט דַיין גָאטְט לִיבֶּען מִיט דַיין גַאנְצֶען הַארְצֶען, אוּן
מִיט דַיין גַאנְצֶען נֶפֶשׁ, אוּן מִיט דַיין גַאנְצֶען דֶענְקֶען, אוּן מִיט
31 דַיין גַאנְצֶער קְרַאפְט) דָאס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע מִצְוָה. דִיא אַנְדֶערֶע
וָואס אִיז גְלֵייךְ צוּ אִיהר אִיז: וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ כָּמוֹךָ (אוּן דוּא
זָאלְסְט לִיבֶּען דַיין חַבֵר וִויא זִיךְ אַלֵיין) קֵיין אַנְדֶערֶע אֵיינֶע
32 גְרֶעסֶערֶע פָאן דִיא אִיז נִיט דָא. דֶער סוֹפֵר (תַּלְמִיד חָכָם) הָאט
אִיהם גֶעזָאגְט: גוּט רַבִּי! דוּא הָאסְט אֱמֶת גֶעזָאגְט: דָאס גָאטְט
33 אִיז אֵיינֶער אוּן אוֹיסֶער אִיהם אִיז קֵיין אַנְדֶערֶער נִיט דָא. אוּן
צוּ לִיבֶּען אִיהם מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַארְצֶען אוּן מִיט דֶעם גַאנְצֶען
פֶערְשְׁטַאנְד אוּן מִיט דֶעם גַאנְצֶען נֶפֶשׁ, אוּן דֶער גַאנְצֶער קְרַאפְט,
אוּן לִיבֶּען דֶעם חַבֵר וִויא זִיךְ אַלֵיין, אִיז גְרֶעסֶער פָאן קָרְבְּנוֹת
34 עוֹלוֹת אוּן זְבָחִים. יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס עֶר הָאט זִיךְ
אָבְּגֶערוּפֶען מִיט פֶערְשְׁטַאנְד, הָאט עֶר אִיהם גֶעזָאגְט: דוּא בִּיסְט
נִיט ווייט פָאן דֶעם מַלְכוּת הָאֱלֹהִים. נָאךְ דֶעם הָאט שׁוֹין קֵיינֶער

35 זִיךְ נִיט גֶעוואַגְט אִיהם צוּ פְרֶעגֶען. ווֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלֶערֶענְט
אִין בֵּית הַמִּקְדָשׁ, הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט:
36 ווִיא זָאגֶען דִיא סוֹפְרִים, דָאס דֶער מָשִׁיחַ אִיז דָוִד׳ס זָאהן? אוּן
דָוִד הָאט גֶעזָאגְט בְּרוּחַ הַקֹּדֶשׁ: נְאֻם יְהֹוָה לַאדֹנִי שֵׁב לִימִינִי עַד
אָשִׁית אוֹיְבֶיךָ הֲדֹם לְרַגְלֶיךָ (גָאטְט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֵיין הֶערְן,
זִיץ צוּ מֵיין רֶעכְטֶער הַאנְד, בִּיז אִיךְ ווֶעל מַאכֶען דֵיינֶע פֵיינְד
37 אֵיין פוּסְבֶּענְקֶעל צוּ דֵיינֶע פִיס)? דָוִד אַלֵיין רוּפְט אִיהם הֶערְר,
ווִיא אַזוֹי אִיז עֶר זֵיין זָאהן? פִיל פָאלְק הָאט אִיהם גֶערְן גֶעהֶערְט.
38 ווֶען עֶר הָאט זֵיי גֶעלֶערֶענְט הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט: הִיט
אַייךְ פָאן דִיא סוֹפְרִים, ווֶעלְכֶע הָאבֶּען לִיבּ צוּ גֶעהְן אִין טַלֵּתִים,
39 אוּן גֶעגְרִיסְט צוּ ווֶערֶען אִין דִיא מֶערְק. צוּ שְׁטֶעהְן אוֹיף דִיא
עֶרְשְׁטֶע עֶרְטֶער אִין דִיא שׁוּלֶען, אוּן צוּ זִיצֶען אוֹיבֶּען־אָן אוֹיף
40 סְעוּדוֹת. ווֶעלְכֶע זֵייגֶען אוֹיס הַייזֶער פָאן אַלְמָנוֹת, אוּן ווֶענֶען פָאן
לֵייטֶענְסְווֶעגֶען לַאנְג מִתְפַּלֵּל, זֵיי ווֶעלֶען אֵיין שְׁווֶערֶען מִשְׁפָּט הָאבֶּען.
41 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז גֶעזֶעסֶען גֶעגֶען דֶעם צְדָקָה־קַאסְטֶען, אוּן הָאט
גֶעזֶעהֶען ווִיא דָאס פָאלְק ווַארְפְט אַרֵיין גֶעלְד אִין קַאסְטֶען, אוּן
42 פִיל רֵייכֶע הָאבֶּען פִיל גֶעוואָרְפֶען. אֵיין אָרְמֶע אַלְמָנָה אִיז
גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט אַרֵיין גֶעוואָרְפֶען צְווֵיי פְּרוּטוֹת, ווָאס דָאס אִיז
43 אֵיין פֶערְטֶעל אִסָר. אוּן עֶר הָאט צוּ גֶערוּפֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים,
אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִין אֶמֶת׳ען זָאג אִיךְ אַייךְ: דָאס דִיא אָרֶעמֶע
אַלְמָנָה הָאט אַרֵיין גֶעוואָרְפֶען מֶעהר פָאן אַלֶעמֶען ווָאס ווַארְפֶען
44 אַרֵיין אִין דֶעם קַאסְטֶען. דֶען אַלֶע הָאבֶּען אַרֵיין גֶעוואָרְפֶען פָאן
זֵייעֶר אִיבֶּערִיגְקֵייט, זִיא אָבֶּער הָאט פָאן אִיהר נוֹיטִיגְסְטֶע אַרֵיין
גֶעוואָרְפֶען, אִין גַאנְצֶען ווָאס זִיא הָאט גֶעהַאט.
יג אוּן עֶס אִיז גֶעווֶעזֶען ווֶען עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם בֵּית
הַמִּקְדָשׁ, הָאט אִיהם אֵיינֶער פָאן זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט: רַבִּי!
2 זֶעה ווָאס פַאר שְׁטֵיינֶער, אוּן ווָאס פַאר בִּנְיָנִים דִיזֶע זֶענֶען. יֵשׁוּעַ
הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: זֶעהְסְט דוּא דִיא גְרוֹיסֶע
בִּנְיָנִים, אֵיין שְׁטֵיין אוֹיף אֵיין שְׁטֵיין ווֶעט נִיט אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען,
3 דָאס עֶר זָאל נִיט צוּ ווָארְפֶען ווֶערֶען. אוּן ווֶען עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען
אוֹיף דֶעם הַר הַזֵּתִים גֶעגֶען דֶעם בֵּית הַמִּקְדָשׁ הָאט אִיהם פֶּטְר,
4 יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן אוּן אַנְדְרַי, בֶּעזוּנְדֶער גֶעפְרֶעגְט. זָאג אוּנְז: ווֶען

װֶעט דָאס זַײן? אוּן װָאס פַאר אַײן צַײכֶען װֶעט זַײן װֶען דָאס
אַלֶעס װֶעט דֶערפִילְט װֶערֶען? יֵשׁוּעַ הָאט זֵײ גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּן 5
הָאט אָנְגֶעהֵײבֶּען צוּ זָאגֶען: הִיטֶעט אַײך, דָאס קֵײנֶער זָאל אַײך
נִיט פֶערְפִירֶען. דֶען פִילֶע װֶעלֶען קוּמֶען אִין מֵײן נָאמֶען אוּן 6
װֶעלֶען זָאגֶען: אִיך בִּין דָאס, אוּן װֶעלֶען פִילֶען פֶערְפִירֶען. װֶען 7
אִיהר װֶעט הֶערֶען פָאן מִלְחָמוֹת אוּן שְׁמוּעוֹת פָאן מִלְחָמָה
דֶערשְׁרֶעקְט אַײך נִיט, דֶען עֶס דַארְף אַזוֹי זַײן, אָבֶּער דָאס אִיז
נָאך נִיט דָאס עֶנְדֶע. דֶען אַײן פָאלְק װֶעט אוֹיף שְׁטֶעהֶן גֶעגֶען 8
אַײן פָאלְק, אוּן אַײן מְלוּכָה גֶעגֶען אַײן מְלוּכָה, אוּן עֶס װֶעט זַײן
עֶרד צִיטֶערְנֶעס אִין אַײנִיגֶע עֶרְטֶער, אוּן עֶס װֶעט זַײן הוּנְגֶער.
דָאס אִיז דֶער אָנְפַאנְג פָאן דִיא װֵײטָאקֶען. גֶעמְט אַײך אַלֵײן אִין 9
אַכְט. דֶען מֶען װֶעט אַײך אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דִיא גֶערִיכְטֶס
פַארְזַאמְלוּנְגֶען אוּן אִיהר װֶעט גֶעשְׁלָאגֶען װֶערֶען אִין דִיא שׁוּלֶען
אוּן פַאר גֶעװֶעלְטִיגֶער אוּן מְלָכִים װֶעט אִיהר גֶעשְׁטֶעלְט װֶערֶען
פָאן מֵײנֶעט װֶעגֶען, צוּ אַײן עֵדוּת פַאר זֵײ. אוּן דִיא בְּשׂוֹרָה מוּז 10
צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעפְּרֶעדִיגְט װֶערֶען בֵּײ אַלֶע פֶעלְקֶער. אוּן װֶען מֶען 11
װֶעט אַײך פִירֶען צוּ אִיבֶּערֶענְטְפֶערֶען, זָארְגְט נִיט פְרִיהֶער, װָאס
אִיהר זָאלְט רֶעדֶען, נוּר דָאס װָאס עֶס װֶעט אַײך גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען
אִין דֶער שָׁעָה דָאס רֶעט, װֵײל נִיט אִיהר זֶענְט דִיא װֶעלְכֶע רֶעדֶען,
נוּר דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ. אוּן אַײן בְּרוּדֶער װֶעט אִיבֶּערֶענְטְפֶערֶען 12
זַײן בְּרוּדֶער צוּם טוֹיט, אוּן אַײן פָאטֶער זַײן זָאהן, אוּן קִינְדֶער
װֶעלֶען אוֹיף שְׁטֶעהֶן גֶעגֶען זַײעֶרֶע עֶלְטֶערֶען, אוּן װֶעלֶען זֵײ טוֹיטֶען.
אוּן אִיהר װֶעט גֶעהַאסְט זַײן פָאן יֶעדֶען מֶענְשֶׁען פָאן מֵײן נָאמֶען 13
װֶעגֶען. אוּן דֶער װָאס װֶעט אוֹיסְהַאלְטֶען בִּיז צוּם עֶנְדֶע, דֶער װֶעט
נִיצוֹל װֶערֶען. אוּן װֶען אִיהר װֶעט זֶעהֶען דֶעם גְרוֹיל פָאן דֶעם 14
חוּרְבָּן, װָאס אִיז גֶעזָאגְט גֶעװָארֶען דוּרְך דָנִיאֵל הַנָּבִיא, שְׁטֶעהְט
נִיט אוֹיף זַײן אָרְט (דֶער לֶעזֶער זָאל פַארְשְׁטֶעהְן), דַאמָאלְסְט
זָאלֶען דִיא, װֶעלְכֶע זֶענֶען אִין יְהוּדָה אַנְטְלוֹיפֶען צוּ דִיא בֶּערְג.
אוּן װֶער עֶס אִיז אוֹיף דֶעם דַאך זָאל נִיט אַרָאבּ גֶעהְן אִין הוֹיז, 15
אוּן זָאל נִיט אַרֵײן גֶעהְן דַארִינֶען עֶטְװָאס פָאן זַײן הוֹיז צוּ נֶעמֶען.
אוּן װֶער עֶס װֶעט אוֹיף דֶעם פֶעלְד זַײן זָאל זִיך נִיט צוּרִיק 16
אוּמְקֶעהֶרֶען צוּ נֶעמֶען זַײן קְלֵײד. װֶעהֶע צוּ דִיא מְעוּבֶּרֶת'ע, אוּן 17

18 צוּ דִיא וָואס גֶעבֶּען זֵיינֶען, אִין דִיזֶע טֶעג. זֵייט מִתְפַּלֵל, דָאס
19 אֵייעֶר אַנְטְלוֹיפוּנְג זָאל נִיט אוֹיסְקוּמֶען אִין ווִינְטֶער. דֶען אִין יֶענֶע
טֶעג וֶועט זַיין אֵיין צָרָה וָואס אַזֶעלְכֶע אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען פָאן אָנְפַאנְג
דֶער בַּאשֶׁעפֶּענִיס וָואס גָאט הָאט בֶּעשַׁאפֶען, בִּיז יֶעצְט, אוּן
20 אַזֶעלְכֶע וֶועט מֶעהר נִיט זַיין. אוּן וֶוען דֶער הֶערְר וָואלְט נִיט
גֶעוֶועזֶען פַארְקִירְצֶען דִיא טֶעג, אַזוֹי וָואלְט קֵיין פְלֵייש נִיט נִיצוֹל
גֶעוָוארֶען, נוּר וֶועגֶען זֵיינֶע אוֹיסְדֶערְוֵויילְטֶע, וָואס עֶר הָאט זֵיי
21 אוֹיסְדֶערְוֵויילְט, הָאט עֶר פַארְקִירְצְט דִיא טֶעג. אוּן דַאמָאלְסְט
וֶוען אֵיינֶער וֶועט אַייך זָאגֶען: זֶעה דָא אִיז דֶער מָשִׁיחַ, אָדֶער זֶעה,
22 דָארְטֶען, גְלוֹיבְּט נִיט. דֶען עֶס וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהֶן פַאלְשֶׁע מְשִׁיחִים,
אוּן פַאלְשֶׁע נְבִיאִים, אוּן וֶועלֶען גֶעבֶּען צֵייכֶען אוּן וואוּנְדֶער, כְּדֵי
צוּ פַארְפִיהְרֶען וֶוען עֶס וָואלְט מִיגְלַאך גֶעוֶועזֶען, אֲפִילוּ דִיא
23 אוֹיסְדֶערְוֵויילְטֶע. אִיהר אָבֶּער הִיטֶעט אַייך, נוּן, אִיך הָאבּ אַייך
24 אַלֶעס פָארְאוֹיס גֶעזָאגְט. נוּר אִין יֶענֶע טֶעג, נָאך יֶענֶער צָרָה,
וֶועט דִיא זָאנֶע פִינְסְטֶער וֶוערֶען, אוּן דִיא לְבָנָה וֶועט אִיהר לִיכְט
25 נִיט גֶעבֶּען. אוּן דִיא שְׁטֶערֶען וֶועלֶען אַרָאבְּפַאלֶען פָאן דֶעם
הִימֶעל, אוּן דִיא הִימֶעלְשֶׁע קְרֶעפְטֶען וֶועלֶען צוּצִיטֶערְט וֶוערֶען.
26 דַאמָאלְסְט וֶועלֶען זֵיי זֶעהֶען דֶעם בֶּן הָאָדָם קוּמֶען אִין דִיא
27 וָואלְקֶענְס מִיט פִיל גְבוּרָה אוּן מִיט הֶערְרְלִיכְקֵייט. אוּן דַאמָאלְסְט
וֶועט עֶר שִׁיקֶען זֵיינֶע מַלְאָכִים, אוּן עֶר וֶועט צוּנוֹיף זַאמְלֶען זֵיינֶע
אוֹיסְדֶערְוֵויילְטֶע פָאן דִיא פִיר ווִינְטֶען, פָאן עֶנְדֶע דֶער עֶרְד בִּיז
28 צוּם עֶנְדֶע פָאם הִימֶעל. לֶערְנְט אַייך אֵיין מָשָׁל פָאן דֶעם
פֵייגֶענְבּוֹים, וֶוען זֵיינֶע צְוֵוייגֶען וֶוערֶען וֵוייך, אוּן עֶס קוּמֶען בְּלֶעטֶער
29 אַרוֹיס וֵוייסְט אִיהר, דָאס דֶער זוּמֶער אִיז נָאהֶענְט. אַזוֹי אִיהר
אוֹיך, וֶוען אִיהר וֶועט זֶעהֶען, דָאס דִיזֶעס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֵוייסְט,
30 דָאס עֶס אִיז נָאהֶענְט, בֵּיי דֶער טְהִיר. אִין אֱמֶת'ן זָאג אִיך אַייך:
דִיזֶער דוֹר וֶועט נִיט פַארְגֶעהְן, בִּיז דָאס אַלֶעס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען.
31 הִימֶעל אוּן עֶרְד וֶועלֶען פַארְגֶעהְן, מֵיינֶע וֶוערְטֶער אָבֶּער וֶועלֶען
32 נִיט פַארְגֶעהְן. פָאן יֶענֶעם טָאג, אָדֶער שָׁעָה, וֵוייסְט קֵיינֶער נִיט,
33 נִיט מַלְאָכִים אִין הִימֶעל, נִיט דֶער זָאהְן, נוּר דֶער פָאטֶער. גִיט
אַכְטוּנְג, וַואכְט אוּן טְהוּט תְּפִלָּה, דֶען אִיהר וֵוייסְט נִיט, וֶוען דִיא
34 צֵייט וֶועט זַיין. גְלֵייך ווִיא אֵיין מַאן, וָואס גֶעהט אִין אֵיין וֵוייטֶע

לַאנְד, און לָאזְט אִיבֶּער זַיין הויז, און הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיינֶע
קְנֶעכְט מַאכְט, און יֶעדֶען זַיין מְלָאכָה, און דֶעם שׁוֹמֵר פָאן דֶער
35 טְהִיר הָאט עֶר אָנְגֶעזָאגְט צוּ וַואכֶען. דֶערִיבֶּער וַואכְט, דֶען אִיהר
וֵוייסְט נִיט, וֶוען דֶער בַּעַל הַבַּיִת וֶועט קוּמֶען, פָאן אָוֶוענְד אָדֶער
הַאלְבֶּע נַאכְט, אָדֶער וֶוען דֶער הָאן וֶועט קְרֶעהֶען, אָדֶער גַאנְץ
36 פְרִיה. כְּדֵי וֶוען עֶר וֶועט פְּלוּצְלִינְג קוּמֶען זָאל עֶר אַייך נִיט
37 גֶעפִינֶען שְׁלָאפֶענְדִיג. און דָאס וָואס אִיך זָאג אַייך, זָאג אִיך צוּ
אַלֶעמֶען, וַואכְט.

יד עֶס אִיז גֶעוֶוען צְוֵויי טֶעג פַאר חַג הַפֶּסַח און חַג הַמַּצּוֹת; און
דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים און דִיא סוֹפְרִים הָאבֶּען גֶעזוּכְט, וִויא אַזוֹי צוּ
2 חַאפֶּען אִיהם מִיט בֶּעטְרוּג און אִיהם צוּ הַרְגֶ׳נֶען. און זֵיי הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: נוּר נִיט אוּם יוֹם טוֹב, כְּדֵי עֶס זָאל קֵיין מְהוּמָה נִיט
3 וֶוערֶען אוּנְטֶערְם פָאלְק. און וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶוען אִין בֵּית־
עַנְיָא, אִין שִׁמְעוֹן דֶעם קְרֶעצִיגֶענְס הויז, און אִיז גֶעזֶעסֶען בֵּיי
דֶעם טִישׁ, אִיז גֶעקוּמֶען אֵיין פְרוֹי, וָואס הָאט גֶעהַאט אֵיין
אַלְבַּאסְטֶערְנֶעם קְרוּג מִיט זֶעהר רֵיינֶעם און טֵייעֶרֶען נֵרְד אֵייל,
און הָאט צוּ בְּרָאכֶען דֶעם קְרוּג, און הָאט אִיהם אוֹיסְגֶעגָאסֶען
4 אוֹיף זַיין קָאפְּף. אֵיינִיגֶע הָאבֶּען זִיך גֶעבּוֹיזֶערְט און הָאבֶּען
5 גֶעזָאגְט: צוּ וָואס אִיז דֶער שָׁאדֶען פָאן דֶעם אֵייל? מֶען הָאט
דָאך גֶעקָאנְט אִיהם פַארְקוֹיפֶען פַאר מֶעהר וִויא דְרֵיי הוּנְדֶערְט
דִינָר, און צוּ גֶעבֶּען אָרֶעמֶע לֵייט, און הָאבֶּען זִיך אָנְגֶעבּוֹיזֶערְט
6 אוֹיף אִיהר. יֵשׁוּעַ אָבֶּער הָאט גֶעזָאגְט: לָאזְט זִיא, וָוארוּם
בֶּעטְרִיבְּט אִיהר זִיא; זִיא הָאט אֵיין גוּטֶע זַאך גֶעטָאן פַאר מִיר.
7 דֶען אָרֶעמֶע הָאט אִיהר תָּמִיד בֵּיי אַייך, און וֶוען אִיהר וֶועט
וֶועלֶען קָאנְט אִיהר זֵיי גוּטֶעס טָאן; מִיך אָבֶּער וֶועט אִיהר תָּמִיד
8 נִיט הָאבֶּען בֵּיי זִיך. וָואס זִיא הָאט גֶעקָאנְט, הָאט זִיא גֶעטָאן;
זִיא אִיז צוּ פָאר גֶעקוּמֶען צוּ זַאלְבֶּען מֵיין גוּף צוּ דֶער קְבוּרָה.
9 אִין אֶמֶת׳ען זָאג אִיך אַייך: וואוּ מֶען וֶועט פְרֶעדִיגֶען דִיזֶע בְּשׂוּרָה,
אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, וֶועט דֶערְצֵיילְט וֶוערֶען, צוּ אִיהר
10 אַנְדֶענְקֶען וָואס זִיא הָאט גֶעטָאן. און יְהוּדָה אִישׁ קְרִיּוֹת,
אֵיינֶער פָאן דִיא צְוֶועלְף אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים,
11 עֶר זָאל אִיהם אִיבֶּערֶענְטְפֶערֶען צוּ זֵיי. זֵיי הָאבֶּען דֶערְהֶערְט,

הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעפְרֵייט אוּן צוּ גֶעזָאגְט צוּ גֶעבֶּען אִיהם גֶעלְד;
אוּן עֶר הָאט גֶעזוּכְט דִיא גֶעוִוינְשְׁטֶע צֵייט, וֶוען אִיהם אִיבֶּער צוּ
12 גֶעבֶּען. אוּן אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פָאן חַג הַמַּצּוֹת, וֶוען מֶען
שֶׁעכְט דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח, הָאבֶּען זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט צוּ אִיהם:
וואוּ ווִילְסְט דוּא עֶסֶען דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח, אוּן מִיר וֶועלֶען גֶעהְן
13 אוּן אָנְבְּרֵייטֶען. אוּן עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט צְוֵויי פָאן זֵיינֶע תַּלְמִידִים,
אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: גֶעהְט אִין שְׁטָאדְט אַרֵיין אֵייךְ וֶועט בֶּעגֶעגְנֶען
אֵיין מַאן וָואס טְרָאגְט אֵיין קְרוּג מִיט וַואסֶער, גֶעהְט אִיהם נָאךְ.
14 אוּן וואוּהִין עֶר וֶועט אַרֵיין גֶעהְן זָאגְט צוּ דֶעם בַּעַל הַבַּיִת; דֶער
רַבִּי הָאט אַזוֹי גֶעזָאגְט: וואוּ אִיז מֵיין אַכְסַנְיָא, אִין וֶועלְכֶען אִיךְ
15 וֶועל עֶסֶען דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח מִיט מֵיינֶע תַּלְמִידִים? אוּן עֶר וֶועט
אַייךְ וֵוייזֶען אֵיין גְרוֹיסֶע אוֹיבֶּערְשְׁטוּבּ אוֹיסְגֶעצִירְט, אוּן אָנְגֶעבְּרֵייט;
16 דָארְטֶען פַארְפֶערְטִיגְט פַאר אוּנְז. אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן זֵיינֶען גֶעקוּמֶען אִין שְׁטָאדְט, אוּן הָאבֶּען
גֶעפוּנֶען, וִויא עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט; אוּן זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעבְּרֵייטֶעט
17 דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח. וֶוען עֶס אִיז אָוֶוענְד גֶעוָוארֶען, אִיז עֶר גֶעקוּמֶען
18 מִיט דִיא צְוֶועלְפֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּם טִישׁ, אוּן
הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט: אִין אֱמֶת'עֶן זָאג אִיךְ
אַייךְ אֵיינֶער פָאן אַייךְ וֶוער עֶס עֶסְט מִיט מִיר, וֶועט מִיךְ
19 אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרוֹיעֶרִיג צוּ וֶוערֶען,
אוּן אֵיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערֶען, הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: בִּין אִיךְ
20 דֶער? אוּן אֵיין אַנְדֶערֶער: בִּין אִיךְ דֶער? עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט
אֵיין עֶנְטְפֶער: אֵיינֶער פָאן דִיא צְוֶועלְף וָואס טוּנְקְט אֵיין מִיט
21 מִיר אִין דֶער שִׁיסֶעל. דֶער בֶּן הָאָדָם גֶעהְט אַוֶועק, וִויא עֶס אִיז
אוֹיף אִיהם גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, אָבֶּער וֵויי אִיז יֶענֶעם מֶענְשֶׁען,
דוּרְךְ וֶועלְכֶען דֶער בֶּן הָאָדָם וֶועט אִיבֶּער גֶעעֶנְטְפֶערְט וֶוערֶען;
פַאר יֶענֶעם מֶענְשֶׁען וָואלְט בֶּעסֶער גֶעוֶועזֶען נִיט גֶעבָּארֶען צוּ
22 וֶוערֶען. אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, הָאט יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען
דָאס בְּרוֹיט אוּן אֵיין בְּרָכָה גֶעמַאכְט, צוּבְּרָאכֶען, אוּן גֶעגֶעבֶּען
23 צוּ זֵיי אוּן גֶעזָאגְט: נֶעמְט עֶסְט דָאס אִיז מֵיין לֵייבּ. אוּן הָאט
גֶענוּמֶען דֶעם כּוֹס, אֵיין בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן זֵיי גֶעגֶעבֶּען: אוּן
24 אַלֶע הָאבֶּען פָאן אִיהם גֶעטְרוּנְקֶען. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט:

דָאס אִיז מֵיין בְּלוּט פָאן דֶעם בְּרִית הַחֲדָשָׁה (נֵייעֶם בּוּנְד) וָואס
וֶוערְט פַאר פִילֶע פַארְגָאסֶען. אִין אֱמֶתְ׳עֶן זָאג אִיךְ אַייךְ: אִיךְ 25
וֶועל שׁוֹין מֶעהר נִיט טְרִינְקֶען פָאן דֶער פְרוּכְט פָאן וַויינְשְׁטָאק,
בִּיז אוֹיף דֶעם טָאג, וֶוען אִיךְ וֶועל אִיהם נֵיי טְרִינְקֶען אִין דֶעם
מַלְכוּת הָאֱלֹהִים. וֶוען זֵיי הָאבֶּען הַלֵל אָבְּגֶעזָאגְט: זֵיינֶען זֵיי 26
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם הַר הַזֵיתִים. אוּן יֵשׁוּעַ זָאגְט זֵיי: אִיהר 27
אַלֶע וֶועט אָן מִיר גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען אִין דִיזֶער נַאכְט; דֶען
עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען: אִיךְ וֶועל שְׁלָאגֶען דֶעם הִירְטֶען,
אוּן דִיא שָׁאף וֶועלֶען צוּ שְׁפְּרֵייט וֶוערֶען. נוּר נָאךְ מֵיין אוֹיף 28
שְׁטֶעהְן וֶועל אִיךְ פָאר אַייךְ גֶעהְן אִין גָלִיל. פֶּטֶר זָאגְט אִיהם: 29
וֶוען אוֹיךְ אַלֶע וֶועלֶען גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען, אִיךְ אָבֶּער וֶועל
נִיט. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אִין אֱמֶתְ׳עֶן זָאג אִיךְ דִיר: 30
דָאס דוּא וֶועסְט אִין דִיזֶע נַאכְט, אֵיידֶער דֶער הָאן וֶועט צְוֵויי
מָאל קְרֵייעֶן דְרֵיי מָאל זִיךְ פָאן מִיר פַארְלֵייקֶענֶען. אוּן עֶר הָאט 31
נָאךְ מֶעהר גֶערֶעט אוּן גֶעזָאגְט: אֲפִילוּ אִיךְ זָאל דַארְפֶען מִיט
דִיר שְׁטַארְבֶּען, וֶועל אִיךְ מִיךְ פָאן דִיר נִיט פַארְלֵייקֶענֶען, דָאס
זֶעלְבֶּע הָאבֶּען אַלֶע גֶעזָאגְט. זֵיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין אֵיין 32
אָרְט, וֶועלְכֶען מֶען הָאט גֶערוּפֶען גַת שְׁמָנִים, אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט
צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים: זִיצְט דָא בִּיז אִיךְ וֶועל מִתְפַּלֵל זַיין. אוּן 33
עֶר הָאט מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען פֶּטְרְ׳ן, יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן, אוּן הָאט
אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ צוּ שְׁרֶעקֶען אוּן אַנְגְסְט צוּ הָאבֶּען. אוּן עֶר הָאט 34
זֵיי גֶעזָאגְט: מֵיין זֶעלֶע אִיז בֶּעטְרִיבְּט בִּיז צוּם טוֹיט; זֵייט דָא
אוּן וַואכְט. אוּן אִיז אַבִּיסֶעל וֵוייטֶער גֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז גֶעפַאלֶען 35
צוּ דֶער עֶרְד, אוּן הָאט מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען, דָאס אוֹיבּ עֶס אִיז
מִיגְלַאךְ, אַזוֹי זָאל דִיא שָׁעָה פָאן אִיהם פַארְבֵּייגֶעהְן. אוּן הָאט 36
גֶעזָאגְט: אַבָּא, פָאטֶער אַלֶעס אִיז פַאר דִיר מִיגְלַאךְ, נֶעהם
אַוֶועק דִיזֶען כּוֹס פָאן מִיר, אָבֶּער נִיט וִויא אִיךְ וִויל, נוּר וִויא
דוּא ווִילְסְט. עֶר קוּמְט צוּרִיק אוּן גֶעפִינְט זֵיי שְׁלָאפֶענְדִיג, אוּן 37
זָאגְט, צוּ פֶּטְרְ׳ן: שִׁמְעוֹן דוּא שְׁלָאפְסְט? אֵיין שָׁעָה הָאסְט דוּא
נִיט גֶעקָאנְט וַואכֶען. וַואכְט אוּן טְהוּט תְּפִילָה, דָאס אִיהר זָאלְט 38
נִיט קוּמֶען צוּ אֵיין נִסָיוֹן. דֶער גֵייסְט ווִיל, דָאס פְלֵיישׁ אָבֶּער אִיז
שְׁוַואךְ. אוּן עֶר אִיז נָאךְ אֵיין מָאל אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט 39

40 מִתְפַּלֵל גֶעוֶועֶן דִיזֶעלְבֶּע װֶערְטֶער. אוּן הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט,
אוּן הָאט זֵיי וִוידֶער גֶעפוּנֶען שְׁלָאפֶענְדִיג, דֶען זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶענֶען
שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען, אוּן זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעוואוּסְט וָואס אִיהם צוּ
41 עֶנְטְפֶערֶען. אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען דָאס דְרִיטֶע מָאל אוּן זָאגְט
זֵיי: יֶעצְט שְׁלָאפְט, אוּן רוּהט, עֶס אִיז גֶענוּג. דִיא שָׁעָה אִיז
גֶעקוּמֶען, נוּן, דֶער בֶּן הָאָדָם װֶערְט אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט אִין דִיא
42 הֶענְד פָאן זִינְדֶער. שְׁטֶעהט אוֹיף, לָאזֶען מִיר גֶעהן. זֶעהט, דֶער
43 וָואס עֶנְטְפֶערְט מִיךְ אִיבֶּער גֶענֶעהֶענְט זִיךְ. אוּן בַּאלְד ווִיא
עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, קוּמְט אָן יְהוּדָה, אֵיינֶער פָאן דִיא צְוֶועלְף,
אוּן מִיט אִיהם פִיל פָאלְק מִיט שְׁוֶוערְדֶען אוּן שְׁטֶעקֶענְס פָאן דִיא
44 עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים, סוֹפְרִים אוּן דִיא זְקֵנִים. אוּן זֵיין מוֹסֵר הָאט זֵיי
גֶעגֶעבֶּען אֵיין צֵייכֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט: וֶועמֶען אִיךְ װֶעל קוּסֶען,
דֶער אִיז עֶס, נֶעמְט אִיהם, אוּן בְּרֵיינְגְט אִיהם אִין זִיכֶערְהֵייט.
45 אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען, אוּן אִיז בַּאלְד צוּ גֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהם אוּן
46 זָאגְט אִיהם: רַבִּי! רַבִּי! אוּן הָאט אִיהם גֶעקוּסְט. אוּן זֵיי הָאבֶּען
זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף אִיהם גֶעלֵייגְט, אוּן הָאבֶּען אִיהם אָנְגֶענוּמֶען.
47 אֵיינֶער פָאן דִיא וָואס זֶענֶען דָא גֶעשְׁטַאנֶען הָאט אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען
זֵיין שְׁוֶוערְד, אוּן הָאט אֵיין זֶעץ גֶעגֶעבֶּען דֶעם קְנֶעכְט פָאן כֹּהֵן
48 גָדוֹל, אוּן הָאט אִיהם אָבְּגֶעהַאקְט דֶעם אוֹיעֶר. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ
אָבְּגֶערוּפֶען: גְלֵייךְ ווִיא אוֹיף אֵיין גַזְלָן זֶענְט אִיהר אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען
מִיט שְׁוֶוערְדֶען אוּן שְׁטֶעקֶענְס, אוּם אִיהר זָאלְט מִיךְ חַאפֶּען.
49 יֶעדֶען טָאג בִּין אִיךְ מִיט אַייךְ גֶעוֶועזֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּן הָאבּ
גֶעלֶעהְרֶענְט, אוּן אִיהר הָאט מִיךְ נִיט גֶענוּמֶען, אָבֶּער דִיא שְׁרִיפְט
50 (תנ״ך) מוּז דֶערְפִילְט װֶערֶען. אוּן אַלֶע הָאבֶּען אִיהם פַארְלָאזֶען
51 אוּן זֵיינֶען אַװֶעקְגֶעלָאפֶען. אֵיין בָּחוּר, װֶעלְכֶער אֵיין לֵיילַאךְ אוֹיף
זֵיין נַאקֶעטֶען לֵייבּ הָאט גֶעטְרָאגֶען, אִיז אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען,
52 הָאבֶּען זֵיי אִיהם גֶעחַאפְּט; עֶר אָבֶּער הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען דֶעם
לֵיילַאךְ, אוּן אִיז פָאן זֵיי אַװֶעקְגֶעלָאפֶען נַאקֶעטֶערְהֵייט.
53 אוּן מֶען הָאט יֵשׁוּעַ'ן גֶעבְּרַאכְט צוּם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּן עֶס הָאבֶּען
זִיךְ צוּ אִיהם פֶערְזַאמֶעלְט אַלֶע עֶלְסְטֶע אוּן דִיא זְקֵנִים אוּן דִיא
54 סוֹפְרִים. פֶּטֶר אִיז אִיהם פָאן וֵוייטֶען נָאךְ גֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז
גֶעזֶעסֶען מִיט דִיא דִינֶער, אוּן הָאט זִיךְ גֶעוַוארֶעמְט בַּיים פֵייעֶר.

55 דִיא עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן אַלֶע סַנְהֶדְרִין הָאבֶּען גֶעזוּכְט עֵדוּת אוֹיף
56 יֵשׁוּעַ'ן, כְּדֵי אִיהם צוּ טוֹיטֶען, אוּן הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען. פִילֶע
הָאבֶּען אוֹיף אִיהם פַאלְשֶׁע עֵדוּת גֶעזָאגְט: נוּר דָאס עֵדוּת אִיז
57 נִיט גְלֵייך אוֹיסְגֶעקוּמֶען. אוּן אֵיינִיגֶע זֶענֶען אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן
58 הָאבֶּען פַאלְשֶׁע עֵדוּת אוֹיף אִיהם גֶעזָאגְט: מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט
וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט: אִיך וֶועל אֵיינְוַוארְפֶען דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ,
וָואס הֶענְד הָאבֶּען אִיהם גֶעמַאכְט, אוּן נָאך דְרַיי טֶעג וֶועל אִיך
אוֹיף בּוֹיעֶן אֵיין אַנְדֶערֶען, וָואס וֶועט זַיין גֶעמַאכְט נִיט פָאן הֶענְד.
59 60 אוּן אוֹיך דִיא עֵדוּת אִיז נִיט גְלֵייך אוֹיסְגֶעקוּמֶען. אוּן דֶער כֹּהֵן
גָדוֹל אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט זִיך גֶעשְׁטֶעלְט אִין דֶער
מִיטֶען, אוּן הָאט גֶעפְרֶעגְט יֵשׁוּעַ'ן: דוּא עֶנְטְפֶערְסְט גָאר נִיט?
61 וָואס דִיזֶע זָאגֶען אוֹיף דִיר עֵדוּת? עֶר אָבֶּער הָאט גֶעשְׁוִויגֶען,
אוּן הָאט גָארְנִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט; דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט אִיהם נָאך
אֵיין מָאל גֶעפְרֶעגְט, אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: בִּיסְט דוּא דֶער
62 מָשִׁיחַ, דֶער זָאהְן פָאן דֶעם גֶעבֶּענְשְׁטֶען? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט:
אִיך בִּין; אוּן אִיהר וֶועט זֶעהֶען דֶעם בֶּן אָדָם זִיצֶען צוּ דֶער רֶעכְטֶער
זַייט פָאן דֶער גְבוּרָה, אוּן קוּמֶענְדִיג אוֹיף דִיא וָואלְקֶען פָאן דֶעם
63 הִימֶעל. אוּן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט צוּרִיסֶען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּן
64 גֶעזָאגְט: וָואס דַארְף מֶען נָאך עֵדוּת? אִיהר הָאט גֶעהֶערְט דִיא
לֶעסְטֶערוּנְג. וָואס אִיז אֵייעֶר מֵיינוּנְג? אוּן זֵיי אַלֶע הָאבֶּען אִיהם
65 פַארְמִשְׁפָּט צוּ טוֹיטֶען. אוּן אֵיינִיגֶע הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁפֵּייעֶן
אוֹיף אִיהם, אוּן הָאבֶּען אִיהם דֶעם פָּנִים פַארְדֶעקְט, מִיט דִיא
פוֹיסְטֶען צוּ שְׁלָאגֶען אוּן גֶעזָאגְט צוּ אִיהם: זָאג אוּנְז נְבִיאוֹת, אוּן
66 דִיא דִינֶער הָאבֶּען אִיהם גֶעפַּאטְשְׁט אִין דִיא בַּאקֶען. אוּן
וֶוען פֶּטֶר אִיז גֶעוֶוען אוּנְטֶען אִין הוֹיף, אִיז אֵיינֶע פָאן דִיא דִינְסְטֶען
67 פָאן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל גֶעקוּמֶען. אוּן הָאט דֶערְזֶעהֶען פֶּטֶר'ן זִיךְ
וַוארֶעמֶענְדִיג, הָאט זִיא זִיךְ אֵיינְגֶעקוּקְט אוֹיף אִיהם, אוּן הָאט
68 גֶעזָאגְט: דוּא בִּיסְט אוֹיך גֶעוֶוען מִיט יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי. אוּן עֶר הָאט
זִיך אָבְּגֶעלֵייקֶענְט, אוּן גֶעזָאגְט: אִיך וֵוייס נִיט, אוּן פֶערְשְׁטֶעה נִיט,
וָואס דוּא זָאגְסְט; אוּן אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער פָאדֶערְשְׁטֶער
69 זַייט הוֹיף. אוּן דֶער הָאן הָאט אֵיין קְרֵיי גֶעטָאן. אוּן דִיא דִינְסְט
הָאט אִיהם וִוידֶער דֶערְזֶעהֶען, הָאט זִיא אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען צוּ

70 דִיא וָואס זֶענֶען דָארְט גֶעשְׁטַאנֶען: דֶער אִיז פָאן זֵיי. אוּן עֶר הָאט
זִיךְ נָאךְ אֵיין מָאל אָבְגֶעלֵייקֶענְט. בַּאלְד נָאךְ דֶעם הָאבֶּען דִיא
וָואס זֶענֶען דָארְט גֶעשְׁטַאנֶען ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען צוּ
פֶּטֶרְ'ן: דוּא בִּיסְט אִין אֶמֶת'ען פָאן זֵיי, דֶען דוּא בִּיסְט פָאן גָלִיל,
71 אוּן דֵיין לָשׁוֹן אִיז גְלַייךְ ווִיא זֵייעֶרְע. אוּן עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
זִיךְ צוּ שִׁילְטֶען אוּן צוּ שְׁווֶערֶען; אִיךְ קָאן נִיט דֶעם מֶענְשֶׁען. פָאן
72 ווֶעמֶען אִיהר רֶעט. אוּן דֶער הָאן הָאט דָאס צְווֵייטֶע מָאל
גֶעקְרֵייט, אוּן פֶּטֶר הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אָן דֶעם וָוארְט, וָואס יֵשׁוּעַ
הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אֵייֶדער דֶער הָאן ווֶעט צְווֵיי מָאל קְרֵייעֶן
ווֶעסְט דוּא דְרֵיי מָאל זִיךְ פָאן מִיר אָבְלֵייקֶענֶען, אוּן הָאט
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ ווֵיינֶען.

טו בַּאלְד אִין דֶער פְרִיה הָאבֶּען דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים מִיט דִיא
זְקֵנִים אוּן דִיא סוֹפְרִים אוּן אַלֶע סַנְהֶדְרִין זִיךְ אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען,
אוּן הָאבֶּען יֵשׁוּעַ'ן גֶעבּוּנְדֶען אַווֶעקְגֶעפִירְט, אוּן אִיהם אִיבֶּערְ־
2 גֶעגֶעבֶּען צוּ פִּילַטוּסְ'ן. פִּילַטוּס הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט: בִּיסְט דוּא
דֶער מֶלֶךְ פָאן דִיא אִידֶען? אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן
3 גֶעזָאגְט: דוּא זָאגְסְט. אוּן דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען אוֹיף אִיהם
4 פִיל אָנְגֶערֶעט. פִּילַטוּס הָאט אִיהם נָאךְ אֵיין מָאל גֶעפְרֶעגְט:
דוּא עֶנְטְפֶערְסְט גָאר נִיט? זֶעה, ווִיא פִיל מֶען זָאגְט גֶעגֶען דִיר
5 עֵדוּת. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט דַארוֹיף אוֹיךְ גָאר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַזוֹי
6 דָאס פִּילַטוּס הָאט זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט. אוֹיף יֶעדֶען יוֹם טוֹב
פְלֶעגְט עֶר זֵיי אַרוֹיס לָאזֶען אֵיין גֶעפַאנְגֶענֶעם, ווֶעלְכֶען זֵיי הָאבֶּען
7 פֶערְלַאנְגְט. אֵיין מַאן וָואס מֶען הָאט גֶערוּפֶען בַּר אַבָּא אִיז גֶעווֶען
גֶעבּוּנְדֶען מִיט זֵיינֶע חֲבֵרִים ווֶעלְכֶע הָאבֶּען אֵיין רְצִיחָה בֶּעגַאנְגֶען
8 אִין דֶער צֵייט פָאן דֶער מְרִידָה. אוּן דָאס פָאלְק הָאט גֶעשְׁרִיגֶען,
אוּן אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בֶּעטֶען דָאס עֶר זָאל זֵיי טָאן ווִיא בִּיז אַהֶער.
9 אוּן פִּילַטוּס הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אֶפְשַׁר ווִילְט אִיהר
10 ווֶעל אִיךְ אַייךְ אַרוֹיס לָאזֶען דֶעם קֶענִיג פָאן דִיא אִידֶען? דֶען עֶר
הָאט גֶעוואוּסְט דָאס דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען אִיהם אִיבֶּערְ־
11 גֶעגֶעבֶּען מֵחֲמַת קִנְאָה. אוּן דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען אוֹיפְגֶערֵייצְט
דָאס פָאלְק, דֶעם מֶען זָאל זֵיי בֶּעסֶער אַרוֹיס לָאזֶען בַּר אַבָּא'ן.
12 אוּן פִּילַטוּס הָאט זִיךְ נָאךְ אֵיין מָאל אָבְגֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט:

וָואס ווילְט אִיהר זָאל אִיךְ טָאן מִיט דֶעם, וָועלְכֶען אִיהר רוּפְט
13 אָן, קֶענִיג פָאן דִיא אִידֶען? זֵיי הָאבֶּען ווִידֶער גֶעשְׁרִיגֶען: קְרֵייצִיגֶע
14 אִיהם. פִּילַטוּס הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וָואס פַאר אֵיין בֶּעזֶעס הָאט עֶר
15 גֶעטָאן? נוּר זֵיי הָאבֶּען ווִידֶער גֶעשְׁרִיגֶען: קְרֵייצִיגֶע אִיהם. אוּן
פִּילַטוּס הָאט גֶעוָואלְט דֶעם פָאלְק צוּלִיבּ טָאן, אוּן הָאט זֵיי
בַּאפְרֵייט בַּר אַבָּא׳ן; אוּן יֵשׁוּעַן הָאט עֶר גֶעלָאזֶען שְׁמֵייסֶען, אוּן
16 הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, מֶען זָאל אִיהם קְרֵייצִיגֶען. אוּן
דִיא סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען אִיהם אַרֵיין גֶעפִיהרְט אִין הוֹיף, דָאס אִיז
דֶער גֶערִיכְטְס הוֹיף, אוּן הָאבֶּען צוּזַאמֶען גֶערוּפֶען דִיא גַאנְצֶע
17 בַּאנְדֶע. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם אָנְגֶעטָאן אֵיין רוֹיטֶען מַאנְטֶעל, אוּן
זֵיי הָאבֶּען אוֹיסְגֶעפְלָאכְטֶען פָאן דֶערְנֶער אֵיין קְרוֹין, אוּן הָאבֶּען
18 אוֹיף אִיהם אַרוֹיף גֶעלֵייגְט. אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ גֶערִיסֶען
19 אִיהם: פְרִידֶען זֵיי צוּ דִיר דוּא קֶענִיג פָאן דִיא אִידֶען! אוּן הָאבֶּען
אִיהם גֶעשְׁלָאגֶען מִיט אֵיין רָאהר אִיבֶּער דֶעם קָאפְּף, אוּן הָאבֶּען
אוֹיף אִיהם גֶעשְׁפִּייט, אוּן הָאבֶּען זִיךְ אוֹיף דִיא קְנִי גֶעשְׁטֶעלְט
20 אוּן זִיךְ צוּ אִיהם גֶעבּוּקְט. ווֶען זֵיי הָאבֶּען אִיהם אוֹיסְגֶעשְׁפָּאטֶעט,
הָאבֶּען זֵיי פָאן אִיהם אַרָאבּ גֶענוּמֶען דֶעם רוֹיטֶען מַאנְטֶעל, אוּן
הָאבֶּען אִיהם אָנְגֶעטָאן אִין זֵיינֶע אֵייגֶענֶע קְלֵיידֶער אוּן הָאבֶּען אִיהם
21 גֶעפִיהרְט מֶען זָאל אִיהם קְרֵייצִיגֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעצְווּאוּנְגֶען
אֵיין פַארְבֵּייגֶעהֶער אֵיינֶעם שִׁמְעוֹן פָאן קוּרִינִי, דֶער פָאטֶער פָאן
אַלֶכְּסַנְדֶר אוּן רוּפוּס וֶועלְכֶער אִיז אָנְגֶעקוּמֶען פָאן פֶעלְד, עֶר
22 זָאל טְרָאגֶען זֵיין קְרֵייץ (תְּלִיָה). אוּן מֶען הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט
אוֹיף דֶעם אָרְט גָלְגָלְתָּא וָואס דָאס הֵייסְט: דָאס שֵׁייטֶעל פְּלַאץ.
23 אוּן מֶען הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען ווַיין מִיט מוֹר, נוּר עֶר
24 הָאט נִיט גֶענוּמֶען. דִיא ווֶעלְכֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעקְרֵייצִיגְט הָאבֶּען
צוּטֵיילְט זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּן הָאבֶּען גֶעווָארְפֶען גוֹרָל וָואס יֶעדֶער
25 זָאל נֶעמֶען. עֶס אִיז גֶעוועֶן דִיא דְרִיטֶע שָׁעָה ווֶען מֶען הָאט אִיהם
26 גֶעקְרֵייצִיגְט. אוּן דִיא אוֹיפְשְׁרִיפְט פָאן זֵיין שׁוּלְד אִיז גֶעוועֶן
27 גֶעשְׁרִיבֶּען: קֶענִיג פָאן דִיא אִידֶען. מִיט אִיהם הָאט מֶען
גֶעקְרֵייצִיגְט צְווֵיי גַזְלָנִים: אֵיינֶער צוּ זֵיין רֶעכְטֶער זֵייט אוּן דֶער
28 אַנְדֶערֶער צוּ זֵיין לִינְקֶער. אוּן עֶס אִיז מְקוּיָם גֶעווָארֶען דִיא
שְׁרִיפְט (תנ״ך): אוּן עֶר אִיז מִיט דִיא פּוֹשְׁעִים גֶערֶעכֶענְט גֶעווָארֶען.

29 דִיא וָועלְכֶע זֶענֶען פַארְבַּיי גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען אִיהם גֶעלֶעסְטֶערְט
גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט זֵייעֶרֶע קֶעפְּף אוּן גֶעזָאגְט: אֶה! דוּא צוּוָאוַארְפֶער
פָאן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּן אוֹיפְבּוֹיעֶר אִין דְרַיי טֶעג! הֶעלְף דִיךְ
31 אַלַיין, אוּן קוּם אַרָאבּ פָאן דֶעם קְרַייץ. אַזוֹי הָאבֶּען דִיא עֶלְטְסְטֶע
כֹּהֲנִים מִיט דִיא סוֹפְרִים צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעשְׁפָּאטֶעט, אוּן הָאבֶּען
אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט: אַנְדֶערֶע הָאט עֶר גֶעהָאלְפֶען, זִיךְ
32 אַלַיין קֶען עֶר נִיט הֶעלְפֶען. לָאז דֶער מָשִׁיחַ דֶער קֶענִיג פָאן
דִיא יִשְׂרָאֵל יֶעצְט אַרָאבְּגֶעהן פָאן דֶעם קְרַייץ, כְּדֵי מִיר זָאלֶען
זֶעהֶען אוּן וֶועלֶען גְלוֹיבֶּען. אוֹיךְ דִיא וָועלְכֶע זֶענֶען מִיט אִיהם
33 גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען הָאבֶּען אִיהם מְבַזֶּה גֶעוֶועזֶען. אִין דֶער
זֶעקְסְטֶער שָׁעָה אִיז אֵיין פִינְסְטֶערְנִים גֶעוָוארֶען אִיבֶּער דָאס
34 גַאנְצֶע לַאנְד, בִּיז דֶער נֵיינְטֶער שָׁעָה. אוּן אִין דֶער נֵיינְטֶער שָׁעָה
הָאט יֵשׁוּעַ גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל: אֱלָהִי אֱלָהִי לָמָה
שְׁבַקְתַּנִי: דָאס הֵייסְט: מֵיין גָאטְט! מֵיין גָאטְט! וָוארוּם הָאסְט
35 דוּא מִיךְ פֶערְלָאזֶען? אוּן אֵיינִיגֶע פָאן דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּיי
גֶעשְׁטַאנֶען, וֶוען זֵיי הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען גֶעזָאגְט: זֶעה
36 עֶר רוּפְט אֵלִיָּהוּ'ן. אוּן אֵיינֶער פָאן זֵיי אִיז גֶעלָאפֶען אוּן הָאט
אָנְגֶעפִילְט אֵיין שְׁוָואם מִיט עֶסִיג, אוּן הָאט אַרוֹיף גֶעלֵייגְט אוֹיף
אֵיין שְׁטֶעקֶען, אוּן הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען אוּן הָאט
גֶעזָאגְט: לָאזְט, מִיר וֶועלֶען זֶעהֶען אוֹיבּ אֵלִיָּהוּ וֶועט קוּמֶען אִיהם
37 אַרָאבּ צוּ נֶעמֶען. יֵשׁוּעַ הָאט אַרוֹיס גֶעלָאזֶען אֵיין הוֹיכֶען קוֹל,
38 אוּן אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. אוּן דֶער פָּרֹכֶת פָאן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ
אִיז צֶערִיסֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף צְווֵיי שְׁטִיקֶער פָאן אוֹיבֶּען בִּיז
39 אַרָאבּ. דֶער הוֹיפְּטְמַאן, וָואס עֶס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַנְטְקֶעגֶען
אִיהם, הָאט גֶעזֶעהֶען וִויא אַזוֹי עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּן אִיז
אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט; דֶער מֶענְשׁ אִיז אִין אֶמֶתֶען
40 גֶעוֶוען גָאטְטֶעס זָאהן. אוֹיךְ פְרוֹיעֶן זֶענֶען דָארְטֶען גֶעוֶוען, וֶועלְכֶע
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען. פָאן וַוייטֶענְס; צְווִישֶׁען זֵיי אִיז גֶעוֶוען אוֹיךְ מִרְיָם
פָאן מַגְדָּלָה אוּן מִרְיָם. יַעֲקֹב דֶעם אִינְגְסְטֶענְס אוּן יוֹסֵי'ס מוּטֶער
41 אוּן שְׁלוֹמִית. וֶועלְכֶע זֶענֶען אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהם
בַּאדִינְט וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶוען אִין גָּלִיל; אוּן פִילֶע אַנְדֶערֶע וָואס
42 זֶענֶען מִיט אִיהם אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. אוּן וֶוען עֶס אִיז

אָוֶוענְד גֶעוָוארֶען. אוּן וַוייל עֶס אִיז דֶער צוּבְּרֵייטוּנְגְס טָאג
43 גֶעוֶועזֶען, דָאס הֵייסְט, עֶרֶב שַׁבָּת. אִיז יוֹסֵף פָאן רָמוֹת גֶעקוּמֶען,
עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין אָנְגֶעזֶעהֶענֶער יוֹעֵץ, וֶועלְכֶער הָאט אַלֵיין
גֶעוַוארְטֶעט אוֹיף דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים. עֶר הָאט זִיךְ גֶעוַואגְט
אַרֵיין צוּ גֶעהְן צוּ פִּילַטוּסְ'ן אוּן בֶּעטֶען דֶעם גוּף פָאן יֵשׁוּעַ'ן.
44 פִּילַטוּס הָאט זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט דֶערִיבֶּער, דָאס עֶר אִיז שׁוֹין
טוֹיט; אוּן הָאט גֶערוּפֶען דֶעם הוֹיפְּטְמַאן, אוּן הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט:
45 אוֹיבּ עֶר אִיז שׁוֹין לַאנְג גֶעשְׁטָארְבֶּען? וֶוען עֶר אִיז דָאס גֶעוָואר
גֶעוָוארֶען פָאן דֶעם הוֹיפְּטְמַאן, הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען יוֹסֵף'ן דֶעם
46 גוּף. אוּן עֶר הָאט גֶעקוֹיפְט אֵיין לֵיינוַואנְד, אוּן הָאט אִיהם
אַרָאבְּגֶענוּמֶען, אוּן הָאט אִיהם אַרוּמְגֶעוִויקֶעלְט מִיט דֶעם לֵיינוַואנְד,
אוּן הָאט אִיהם גֶעלֵייגְט אִין אֵיין קֵבֶר, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען
אוֹיסְגֶעהַאקְט אִין אֵיין פֶעלְז אוּן הָאט צוּגֶעקֵייקֶעלְט אֵיין שְׁטֵיין
47 צוּ דֶער טְהִיר פָאן דֶעם קֵבֶר. מִרְיָם פָאן מַגְדָלָה אוּן מִרְיָם יוֹסֵי'ס
מוּטֶער הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וואוּ מֶען הָאט אִיהם גֶעלֵייגְט.

אוּן וִויא דֶער שַׁבָּת אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען מִרְיָם פָאן טז
מַגְדָלָה אוּן מִרְיָם, יַעֲקֹב'ס מוּטֶער, אוּן שְׁלוֹמִית גֶעקוֹיפְט בְּשָׂמִים,
2 זֵיי זָאלֶען גֶעהְן אִיהם אֵיינְצוּזַאלְבֶּען מִיט זֵיי. אוּן גַאנְץ פְרִיה אִין
דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פָאן דֶער וָואךְ, זֶענֶען זֵיי גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם
3 קֵבֶר, וֶוען דִיא זָאנֶע אִיז אוֹיף גֶעגַאנְגֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען צְווִישֶׁען
זִיךְ גֶערֶעדְט: וֶוער וֶועט אוּנְז אַוֶועק קֵייקְלֶען דֶעם שְׁטֵיין פָאן דֶער
4 טְהִיר פָאן קֵבֶר. אוּן וִויא זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אֵיינְגֶעקוּקְט הָאבֶּען זֵיי
גֶעזֶעהֶען וִויא דֶער שְׁטֵיין אִיז אַוֶועק גֶעקֵייקֶעלְט; עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
5 זֶעהר גְרוֹיס. אוּן זֵיי זֶענֶען אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין קֵבֶר אוּן זֵיי הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען אֵיין יוּנְגֶען מַאן זִיצֶענְדִיג אִין דֶער רֶעכְטֶער זֵייט,
אָנְגֶעקְלֵיידֶעט אִין וַוייסֶע קְלֵיידֶער, אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען.
6 אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: שְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט אִיהר זוּכְט יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי,
דֶעם גֶעקְרֵייצִיגְטֶען? עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, עֶר אִיז נִיט דָא, זֶעהט
7 דֶעם אָרְט וואוּ מֶען הָאט אִיהם גֶעלֵייגְט. נוּר גֶעהְט זָאגְט זֵיינֶע
תַּלְמִידִים אוּן פֶּטְרְ'ן, דָאס עֶר וֶועט פָאר אֵייךְ גֵיין אִין גָלִיל, דָארְט
8 וֶועט אִיהר אִיהם זֶעהֶען, וִויא עֶר הָאט אֵייךְ גֶעזָאגְט. אוּן זֵיי זֶענֶען
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּן אַוֶועקְגֶעלָאפֶען פָאן דֶעם קֵבֶר: עֶס הָאט זֵיי

אָנְגֶעהַאפְּט אַיין צִיטֶערְנֶעס אוּן אַיין שְׁרֶעק, אוּן הָאבֶּען קֵיינֶעם
9 גָארְנִיט גֶעזָאגְט, ווייל זֵיי הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט. אוּן עֶר ווֶען עֶר
אִיז אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פָאן דֶער ווָאךְ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, הָאט
עֶר זִיךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען בַּאווִיזֶען צוּ מִרְיָם פָאן מַגְדַלָה, פָאן ווֶעלְכֶער
10 עֶר הָאט זִיבֶּען שֵׁדִים אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען. זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט
דֶערְצֵיילְט צוּ דִיא וָואס זַיינֶען מִיט אִיהם גֶעוֶוען, אוּן ווֶעלְכֶע הָאבֶּען
11 גֶעטְרוֹיעֶרְט אוּן גֶעוויינְט. אוּן ווֶען זֵיי הָאבֶּען גֶעהֶערְט, דָאס עֶר
לֶעבְּט, אוּן הָאט זִיךְ צוּ אִיהר בַּאווִיזֶען, הָאבֶּען זֵיי אִיהר נִיט
12 גֶעגְלוֹיבְּט. נָאךְ דֶעם הָאט עֶר זִיךְ בַּאווִיזֶען אִין אַיין אַנְדֶער
גֶעשְׁטַאלְט צוּ צְווייֶען פָאן זֵיי, ווֶען זֵיי זֶענֶען אִיבֶּער אַיין פֶעלְד
13 גֶעגַאנְגֶען. אוּן יֶענֶע זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט צוּ דִיא
14 אַנְדֶערֶע, אוּן אוֹיךְ זֵיי הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעגְלוֹיבְּט. דֶערְנָאךְ הָאט
עֶר זִיךְ בַּאווִיזֶען צוּ דִיא עֶלְף ווֶען זֵיי זֶענֶען בַּיים טִישׁ גֶעזֶעסֶען,
אוּן עֶר הָאט זֵיי פָארְגֶעווָארְפֶען פַאר זֵייעֶר אוּנְגְלוֹיבֶּען אוּן
הַארְטְהֶערְצִיגְקֵייט, וָואס זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט דִיא וָואס הָאבֶּען
15 אִיהם גֶעזֶעהֶען ווִיא עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פָאן דִיא טוֹיטֶע. אוּן
עֶר הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: גֶעהט אִין דֶער גַאנְצֶער ווֶעלְט, אוּן
16 פְרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה צוּ אַלֶע בַּאשֶׁעפֶענִעס. ווֶער עֶס
וועט גְלוֹיבֶּען אוּן וועט זִיךְ טוֹבֵל׳ען, דֶער ווֶעט נִיצוֹל ווֶערֶען, אוּן
17 ווער עֶס ווֶעט נִיט גְלוֹיבֶּען דֶער ווֶעט פַארְשׁוּלְדִיגְט ווֶערֶען. דִיזֶע
צֵייכֶען ווֶעלֶען מִיטְגֶעהְן מִיט דִיא גְלוֹיבִּיגֶע: זֵיי ווֶעלֶען שֵׁדִים אַרוֹיס
18 טְרֵייבֶּען אִין מֵיין נָאמֶען, אוּן ווֶעלֶען נֵייעֶ לְשׁוֹנוֹת רֶעדֶען. זֵיי
ווֶעלֶען שְׁלַאנְגֶען אוֹיפְהוֹיבֶּען, אוּן ווֶען זֵיי ווֶעלֶען עֶטְוָואס, טוֹיטְלִיכֶעס
טְרִינְקֶען ווֶעט זֵיי נִיט שַׁאדֶען, זֵיי ווֶעלֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד לֵייגֶען אוֹיף
19 קְרַאנְקֶע אוּן זֵיי ווֶעלֶען בֶּעסֶער ווֶערֶען. נָאךְ דֶעם ווִיא דֶער
הֶערְר הָאט דָאס גֶערֶעט צוּ זֵיי הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען צוּם
הִימֶעל אוּן הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ דֶער רֶעכְטֶער זֵייט פָאן גָאטְט.
20 אוּן זֵיי זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין אַלֶע
עֶרְטֶער, אוּן דֶער הֶערְר הָאט מִיט זֵיי מִיטְגֶעווִירְקְט, אוּן
הָאט פַארְשְׁטַארְקְט דָאס וָוארְט דוּרְךְ צֵייכֶען, ווֶעלְכֶע הָאבֶּען
בַּאגְלֵייטֶעט. אָמֵן!

# דאס עוואנגעליום פאן לוקס

אַזוֹי וִויא פִיל הָאבֶּען גֶעפְּרוּבְט, צוּ פֶערְפַאסֶען אֵיינֶע א
דֶערְצֵיילוּנְג פָאן דִיא זַאכֶען, וֶועלְכֶע זֶענֶען אוּנְטֶער אוּנְז גַאנְץ
בֶּעגְלוֹיבְּט. וִויא עֶס הָאבֶּען אוּנְז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִיא, וָואס 2
הָאבֶּען פָאן אָנְפַאנְג אָן גֶעזֶעהֶען מִיט זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען אוּן
גֶעוֶועזֶען דִינֶער פָאן דֶעם וָוארְט. אַזוֹי הָאבּ אוֹיךְ אִיךְ מִיךְ 3
בֶּעשְׁלָאסֶען, נָאכְדֶעם אִיךְ הָאבּ אַלְץ פָאן אָנְפַאנְג אִיבֶּערְקְלֶעהְרְט,
כְּסֵדֶר צוּ בֶּעשְׁרֵייבֶּען דִיר הוֹיכְגֶעשֶׁעצְטֶער תְּאוֹיפִילוֹס. כְּדֵי 4
זָאלְסְט וִויסֶען דִיא וַוארְהֵייט פָאן דִיא גֶעשִׁיכְטֶען, אִין וֶועלְכֶע דוּא
בִּיסְט גֶעלֶעהְרֶענְט גֶעוָוארֶען. אִין דֶער צֵייט פָאן הוֹרְדוֹס 5
דֶעם קֶענִיג פָאן יְהוּדָה, אִיז גֶעוֶוען אֵיין כֹּהֵן, זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען
זְכַרְיָה, פָאן אֲבִיָּה׳ס מִשְׁמָר (וַואךְ), עֶר הָאט גֶעהַאט אֵיינֶע פְרוֹי
פָאן אַהֲרֹן׳ס טֶעכְטֶער אִיהר נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען אֱלִישֶׁבַע. בֵּיידֶע 6
זֶענֶען גֶעוֶוען צַדִיקִים פַאר גָאטְט, אוּן זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע
מִצְוֹת אוּן גֶעזֶעצְטֶע פָאן גָאטְט, אָן אֵיין זִינְד. זֵיי הָאבֶּען קֵיין 7
קִינְדֶער נִיט גֶעהַאט, וֵוייל אֱלִישֶׁבַה אִיז גֶעוֶוען אֵיין עֲקָרָה, אוּן
זֶענֶען שׁוֹין בֵּיידֶע אַלְט גֶעוֶועזֶען. אֵיין מָאל, וֶוען עֶר הָאט אִין 8
דֶעם סֵדֶר פָאן זֵיין מִשְׁמָר גֶעדִינְט פַאר גָאטְט. אִיז נָאךְ דֶעם 9
מִנְהָג פָאן דֶער דִינְסְט פָאן דִיא כֹּהֲנִים דֶער גוֹרָל אִיהם
אוֹיסְגֶעקוּמֶען מַקְטִיר צוּ זֵיין קְטוֹרֶת, אוּן עֶר אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען
אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ. אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען 10
אוֹיסְוֶוענִיג בְּשַׁעַת דִיא דֶעמְפְפוּנְג (הַקְטָרָה). אוּן גָאטְטֶעס אֵיין 11
מַלְאָךְ הָאט זִיךְ צוּ אִיהם בַּאוִויזֶען, עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער
רֶעכְטֶער זֵייט פָאן דֶעם מִזְבֵּחַ פָאן דִיא קְטוֹרֶת. וֶוען זְכַרְיָה 12
הָאט אִיהם דֶערְזֶעהֶען, אִיז עֶר דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעוַוארֶען, אוּן אֵיין

13 מוֹרָא אִיז אוֹיף אִיהם גֶעפַאלֶען. אוּן גָאטְטֶעס מַלְאָךְ הָאט אִיהם
גֶעזָאגְט: הָאבּ נִיט קֵיין מוֹרָא זְכַרְיָה; דֶען דֵיין תְּפִלָּה אִיז
דֶערְהֶערְט גֶעוָוארֶען אוּן דֵיין וֵוייבּ אֱלִישֶׁבַע וֶועט גֶעבָּארֶען אֵיין
14 זָאהן, אוּן דוּא וֶועסְט זֵיין נָאמֶען רוּפֶען יוֹחָנָן. עֶר וֶועט פַאר דִיר
זַיין אֵיין פְרֵייד, אוּן אֵיין שִׂמְחָה, אוּן פִילֶע וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן
15 אִיבֶּער זַיין גֶעבּוּרְט. דֶען עֶר וֶועט זֵיין גְרוֹיס פַאר גָאטְט, יוּנְגֶען
אוּן אַלְטֶען וֵויין וֶועט עֶר נִיט טְרִינְקֶען, אוּן עֶר וֶועט דֶערְפִילְט
16 וֶוערֶען מִיט רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, נָאךְ פָאן זַיין מוּטֶערְס לֵייבּ. אוּן פִיל
פָאן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וֶועט עֶר אוּמְקֶעהְרֶען צוּם הֶערְרְן זֵייעֶר
17 גָאטְט. אוּן עֶר וֶועט גֶעהן פַאר אִיהם אִין דֶעם גֵייסְט אוּן קְרַאפְט
פָאן אֵלִיָּהוּ׳ן דָאס עֶר זָאל ווִידֶערְקֶעהְרֶען דִיא הֶערְצֶער פָאן
פָאטֶערְס צוּ דִיא קִינְדֶער, אוּן דִיא ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע צוּם זִינֶען פָאן
דִיא צַדִּיקִים, כְּדֵי צוּ בְּרֵייטֶען פַאר גָאטְט אֵיין אָנְגֶעבְּרֵייטֶעטֶעס
18 פָאלְק. אוּן זְכַרְיָה הָאט גֶעזָאגְט צוּם מַלְאָךְ: ווִיא אַזוֹי וֶועל
אִיךְ דָאס ווִיסֶען? דֶען אִיךְ בִּין אַלְט, אוּן אוֹיךְ מֵיין וֵוייבּ אִיז אַלְט
19 אִין יָאהרֶען. דֶער מַלְאָךְ זָאגְט אִיהם אֵיין עֶנְטְפֶער: אִיךְ בִּין
גַבְרִיאֵל, וֶועלְכֶער שְׁטֶעהְט פַאר גָאטְט, אוּן בִּין גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען
20 צוּ רֶעדֶען מִיט דִיר, אוּן דִיר דָאס אָנְצוּזָאגֶען. אוּן נוּן, דוּא וֶועסְט
שְׁטוּם וֶוערֶען, אוּן וֶועסְט נִיט קֶענֶען רֶעדֶען, בִּיז אִין דֶעם טָאג,
וֶוען דָאס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען, דֶער פַאר וָואס דוּא הָאסְט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט
מֵיינֶע ווֶערְטֶער, וֶועלְכֶע וֶועלֶען מְקוּיָּם וֶוערֶען אִין זֵייעֶר צֵייט.
21 אוּן דָאס פָאלְק הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף זְכַרְיָה, אוּן הָאבֶּען זִיךְ
22 גֶעוואוּנְדֶערְט, וָואס עֶר פֶערְזַאמְט זִיךְ אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ. וֶוען עֶר
אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר צוּ זֵיי נִיט גֶעקָאנְט רֶעדֶען, אוּן זֵיי
הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען, דָאס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אֵיין מַרְאֶה (גֶעזִיכְט)
אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּן עֶר הָאט צוּ זֵיי גֶעוואוּנְקֶען אוּן אִיז גֶעבְּלִיבֶּען
23 שְׁטוּם. אוּן וֶוען עֶס הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדֶעט דִיא צֵייט פָאן זַיין דִינְסְט
24 אִיז עֶר אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען. נָאךְ דִיא טֶעג אִיז אֱלִישֶׁבַע זַיין וֵוייבּ
מְעוּבֶּרֶת גֶעוָוארֶען, אוּן זִיא הָאט זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען פִינְף חֳדָשִׁים
25 אוּן הָאט גֶעזָאגְט: אַזוֹי הָאט גָאטְט מִיר גֶעטָאן אִין דִיא טֶעג,
וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אוֹיף מִיר, אַוֶועק צוּ נֶעמֶען פָאן מִיר מֵיין
26 שַׁאנְדֶע צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען. אִין דֶעם זֶעכְסְטֶען חֹדֶשׁ אִיז דֶער

מַלְאָך גַבְרִיאֵל גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען פָאן גָאטְט צוּ דֶער שְׁטָאדְט
27 פָאן גָלִיל, וָואס הָאט זִיךְ גֶערוּפֶען נְצָרֶת. צוּ אֵיינֶע יוּנְגְפְרוֹי
(עַלְמָה) וֶועלְכֶע אִיז פֶערְלָאבְּט (מְאוֹרָסָה) גֶעוֶועזֶען פַאר אֵיין מַאן,
וָואס זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען יוֹסֵף פָאן בֵּית דָוִד, דֶער נָאמֶען פָאן
28 דֶער עַלְמָה אִיז גֶעוֶועזֶען מִרְיָם. וֶוען דֶער מַלְאָךְ אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען
צוּ אִיהר הָאט עֶר אִיהר גֶעזָאגְט: שָׁלוֹם דִיר, פוּלֶע מִיט
לֵייטְזֶעלִיגְקֵייט, גָאטְט אִיז מִיט דִיר, דוּא בִּיסְט גֶעבֶּענְשְׁט צְווִישֶׁען
29 דִיא פְרוֹיעֶן. וֶוען זִיא הָאט אִיהם דֶערְזֶעהֶען, אִיז זִיא דֶערְשְׁרָאקֶען
גֶעוָוארֶען פָאן זֵיינֶע וֶוערְטֶער, אוּן הָאט בֵּיי זִיךְ גֶעטְרַאכְט: וָואס
30 זָאל דָאס זֵיין פַאר אֵיין בְּרָכָה. אוּן דֶער מַלְאָךְ הָאט אִיהר
גֶעזָאגְט: הָאבּ נִיט קֵיין מוֹרָא מִרְיָם, דֶען דוּא הָאסְט גֶעפוּנֶען חֵן
31 בֵּיי גָאטְט. אוּן נוּן, דוּא וֶועסְט מְעוּבֶּרֶת וֶוערֶען, אוּן וֶועסְט
32 גֶעבֶּארֶען אֵיין זָאהְן, אוּן וֶועסְט רוּפֶען זֵיין נָאמֶען „יֵשׁוּעַ“. עֶר
וֶועט גְרוֹיס זֵיין, עֶר וֶועט גֶערוּפֶען וֶוערֶען דֶער זָאהְן פָאן דֶעם
הֶעכְסְטֶען אוּן דֶער הֶערְר גָאטְט וֶועט אִיהם גֶעבֶּען דֶעם טְהְרָאן
33 פָאן זֵיין פָאטֶער דָוִד. אוּן עֶר וֶועט קֶענִיגֶען אִיבֶּער דֶעם הוֹיז
פָאן יַעֲקֹב אוֹיף עֶווִיג, אוּן צוּ זֵיין מְלוּכָה וֶועט קֵיין עֶנְדֶע נִיט זֵיין.
34 אוּן מִרְיָם הָאט גֶעזָאגְט צוּם מַלְאָךְ: וִויא וֶועט דָאס זֵיין? וֶוען אִיךְ
35 וֵוייס נִיט פָאן קֵיין מַאן. דֶער מַלְאָךְ הָאט אִיהר גֶעזָאגְט אֵיין
עֶנְטְפֶער: דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ וֶועט קוּמֶען אוֹיף דִיר, אוּן דִיא גְבוּרָה
פָאן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען וֶועט דִיךְ בַּאדֶעקֶען, דֶערִיבֶּער וֶועט דָאס
וָואס עֶס וֶועט גֶעבֶּארֶען וֶוערֶען הֵיילִיג זֵיין, אוּן וֶועט גֶערוּפֶען
36 וֶוערֶען גָאטְטֶעס זָאהְן. נוּן אֱלִישֶׁבַע, דֵיין קְרוֹבָה, וָואס מֶען הָאט
זִיא גֶערוּפֶען עֲקָרָה, אִיז אוֹיךְ מְעוּבֶּרֶת גֶעוָוארֶען אוֹיף אִיהר
37 עֶלְטֶער, אוּן עֶס אִיז אִיהר דֶער זֶעכְסְטֶער חֹדֶשׁ. דֶען בֵּיי גָאטְט
38 אִיז קֵיין זַאךְ נִיט אוּנְמִיגְלַאךְ. אוּן מִרְיָם זָאגְט: נוּן, אִיךְ בִּין אֵיין
דִינְסְט פָאן גָאטְט; לָאז עֶס מִיר זֵיין וִויא דֵיין וָוארְט, אוּן דֶער
39 מַלְאָךְ אִיז פָאן אִיהר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען. אוּן מִרְיָם הָאט זִיךְ אִין
יֶענֶע טֶעג אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּן אִיז גִיךְ גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא בֶּערְג אִין
40 דֶער שְׁטָאדְט יְהוּדָה. אוּן זִיא אִיז אַרֵיין גֶעקוּמֶען אִין זְכַרְיָה'ס
41 הוֹיז, אוּן הָאט גֶעגְרִיסְט אֱלִישֶׁבַע'ן. וֶוען אֱלִישֶׁבַע הָאט דֶערְהֶערְט
דֶעם גֶערוּס פָאן מִרְיָם'ן, הָאט דָאס קִינְד אֵיין שְׁפְּרוּנְג גֶעטָאן

אִין אִיהר לֵייבּ, אוּן אֱלִישֶׁבַע אִיז דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען מִיט רוּחַ
42 הַקֹדֶשׁ. אוּן זִיא הָאט אוֹיסְגֶעשְׁרִיגֶען מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל, אוּן
גֶעזָאגְט: גֶעבֶּענְשְׁט בִּיסְט דוּא צְווִישֶׁען דִיא פְרוֹיעֶן, אוּן גֶעבֶּענְשְׁט
43 אִיז דִיא פְרוּכְט פָאן דֵיין לֵייבּ. אוּן פָאן וַואנֶען קוּמְט דָאס מִיר,
44 דָאס דִיא מוּטֶער פָאן דֶעם הֶערְן אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען? דֶען
וֶוען דָאס קוֹל פָאן דֶעם גְרוּס הָאט דֶערְגְרֵייכְט צוּ מֵיין אוֹיעֶר,
הָאט דָאס קִינְד אֵיין פְרֵיילִיכֶען שְׁפְּרוּנְג גֶעטָאן אִין מֵיין לֵייבּ.
45 אוּן גְלִיקְלִיךְ אִיז דִיא, וָואס הָאט גֶעגְלוֹיבְּט, ווייל עֶס וֶועט
דֶערְפִילְט וֶוערֶען וָואס עֶס אִיז אִיהר גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען פָאן דֶעם
46 הֶערְן. אוּן מִרְיָם הָאט גֶעזָאגְט: מֵיין זֶעלֶע דֶערְהוֹיכְט
47 דֶעם הֶערְן. אוּן מֵיין גֵייסְט פְרֵייעֶט זִיךְ מִיט גָאטְט, מֵיין
48 דֶערְלֵייזֶער. וָואס הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא נִידֶערִיגְקֵייט פָאן זֵיין דִינְסְט,
דֶען פָאן הֵיינְט אָן וֶועלֶען מִיךְ גְלִיקְלִיךְ הַאלְטֶען אַלֶע דוֹרוֹת.
49 וָואס עֶר הָאט מִיר גֶעטָאן גְרוֹיסֶעס, אַלְמֶעכְטִיג אוּן הֵיילִיג אִיז
50 זֵיין נָאמֶען. אוּן זֵיין גְנַאדֶע אִיז פָאן דוֹר צוּ דוֹר, צוּ דִיא וָואס
51 הָאבֶּען פוּרְכְט פַאר אִיהם. מִיט זֵיין אָרֶעם הָאט עֶר גְבוּרוֹת
גֶעטָאן, דָאס שְׁטָאלְצֶע הָאט עֶר צוּשְׁפְּרֵייט דוּרְךְ דִיא גֶעדַאנְקֶען
52 פָאן זֵייעֶר הַארְצֶען. עֶר הָאט אַרוּנְטֶערְגֶעוָוארְפֶען דִיא שְׁטַארְקֶע
53 פָאן זֵייעֶרֶע שְׁטוּהלֶען, אוּן דֶערְהוֹיבֶּען דִיא נִידֶערִיגֶע. הוּנְגֶערִיגֶע
הָאט עֶר אָנְגֶעפִילְט מִיט גוּטֶעס אוּן רֵייכֶע הָאט עֶר לֵיידִיג
54 אַוֶועקְגֶעלָאזֶען. עֶר הָאט פַאר זֵיין קְנֶעכְט יִשְׂרָאֵל זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען,
55 עֶר הָאט גֶעדַאכְט אָן זֵיינֶע בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט. אַזוֹי וִויא עֶר
הָאט גֶערֶעט צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, צוּ אַבְרָהָם, אוּן צוּ זֵיינֶע קִינְדֶער
56 אוֹיף אֵייבִּיג. מִרְיָם אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מִיט אִיהר בַּאלְד דְרֵיי חֳדָשִׁים,
57 אוּן הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ אִיהר הוֹיז. אֱלִישֶׁבַ'ן אִיז
גֶעקוּמֶען דִיא צֵייט פָאן גֶעבָּארֶען, אוּן זִיא הָאט גֶעבָּארֶען אֵיין
58 זָאהְן. אוּן אִיהרֶע שְׁכֵנִים אוּן קְרוֹבִים הָאבֶּען דֶערְהֶערְט, דָאס
גָאטְט הָאט גְרוֹיס חֶסֶד מִיט אִיהר גֶעטָאן, אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ מִיט
59 אִיהר גֶעפְרֵייט. אִין דֶעם אַכְטֶען טָאג הָאט מֶען גֶעבְּרַאכְט דָאס
קִינְד מַל צוּ זֵיין, אוּן מֶען הָאט אִיהם גֶעוָואלְט אֵיין נָאמֶען גֶעבֶּען
60 וִויא זֵיין פָאטֶער, זְכַרְיָה. נוּר זֵיין מוּטֶער הָאט גֶעזָאגְט: נֵיין,
61 רוּפְט אִיהם יוֹחָנָן. אוּן מֶען הָאט אִיהר גֶעזָאגְט: אוּנְטֶער דֵיין

מִשְׁפָּחָה אִיז קֵיינֶער נִיט דָא, וָואס מֶען זָאל אִיהם רוּפֶען מִיט
62 דִיזֶען נָאמֶען. אוּן מֶען הָאט גֶעפְרֶעגְט אוֹיפֶען וואוּנְק בֵּיים
פָּאטֶער, וִויא אַזוֹי וָואלְט עֶר גֶעוָואלְט מֶען זָאל אִיהם רוּפֶען.
63 עֶר הָאט פֶּערְלַאנְגְט אֵיין שְׁרֵייבְּטַאפֶעל, אוּן הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען:
64 יוֹחָנָן אִיז זֵיין נָאמֶען, אוּן אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ פֶּערְוואוּנְדֶערְט. אוּן מִיט
אֵיין מָאל הָאט זִיךְ אִיהם אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט זֵיין מוֹיל אוּן דֶער צוּנְג,
65 אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען אוּן הָאט גָאטְט גֶעלוֹיבְּט. אוּן
אֵיין שְׁרֶעק אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אַלֶע שְׁכֵנִים, אוּן הָאבֶּען דֶערְפָאן
66 דֶערְצֵיילְט אִין דֶעם גַאנְצֶען גֶעבִּירְג פָאן דֶעם לַאנְד יְהוּדָה. אַלֶע
וָואס הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען גֶעדֶענְקְט בֵּיי זִיךְ אִין הַארְצֶען
אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: וָואס וֶועט עֶס מִיט דֶעם קִינְד זֵיין? אוּן
67 גָאטְטֶעס הַאנְד אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהם. אוּן זֵיין פָאטֶער
זְכַרְיָה אִיז דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען מִיט רוּחַ הַקֹּדֶש, אוּן הָאט נְבִיאוֹת
68 גֶעזָאגְט: גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאטְט, דֶער גָאטְט פָאן יִשְׂרָאֵל, וָואס עֶר
הָאט בֶּעזוּכְט זֵיין פָאלְק, אוּן הָאט אִיהם גֶעשַׁאפֶען אֵיין גְאוּלָה.
69 אוּן הָאט אוּנְז אוֹיף גֶערִיכְט אֵיין הָארֶען פָאן הִילְף, אִין דֶעם הוֹיז
70 פָאן זֵיין קְנֶעכְט דָוִד. (אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ דֶעם מוֹיל
71 פָאן זֵיינֶע הֵיילִיגֶע נְבִיאִים, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פָאן עֶווִיג אָן). אֵיין
הִילְף פָאן אוּנְזֶערֶע פֵיינְד, אוּן פָאן דֶער הַאנְד פָאן אַלֶע אוּנְזֶערֶע
72 שׂוֹנְאִים. צוּ טָאן גְנַאדֶע מִיט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, אוּן צוּ גֶעדֶענְקֶען
73 זֵיין הֵיילִיגֶען בּוּנְד. זֵיין שְׁבוּעָה וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ
74 אַבְרָהָם אָבִינוּ. אוּנְז מַצִיל צוּ זֵיין פָאן דֶער הַאנְד פָאן אוּנְזֶערֶע
75 פֵיינְד, אוּן צוּ דִינֶען אִיהם אָן שְׁרֶעק. מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן
76 הֵיילִיגְקֵייט, אַלֶע טֶעג פָאן אוּנְזֶערֶען לֶעבֶּען. אוּן דוּא קְלֵיינֶעם
קִינְד, וֶועסְט גֶערוּפֶען וֶוערֶען נָבִיא פָאן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען, דֶען
77 דוּא וֶועסְט פַאר דֶעם הֶערְן גָאטְט זֵיין וֶועג צוּ בְּרֵייטֶען. צוּ
גֶעבֶּען דֶערְקֶענְטֶענִעס פָאן דֶער הִילְף צוּ זֵיין פָאלְק דוּרְךְ דִיא
78 פַארְגֶעבּוּנְג פָאן זֵייעֶרֶע זִינְד. אוּם דִיא בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט פָאן
אוּנְזֶער גָאטְט, דוּרְךְ וֶועלְכֶע דֶער אוֹיפְגַאנְג פָאן דֶער הוֹיךְ הָאט
79 אוּנְז בֶּעזוּכְט. צוּ לֵייכְטֶען דִיא וָואס זִיצֶען אִין דֶער פִינְסְטֶער אִין
שָׁאטֶען פָאן טוֹיט, צוּ רִיכְטֶען אוּנְזֶערֶע פִיס אוֹיף דֶעם וֶועג פָאן
80 פְרִידֶען. דָאס קִינְד אִיז אוֹיף גֶעוַואקְסֶען, אוּן הָאט זִיךְ

גֶעשְׁטַארְקְט אִין גֵייסְט, אוּן אִיז גֶעוֶוען אִין דֶער ווִיסְטֶע בִּיז דֶעם
טָאג וֶוען עֶר הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ דִיא יִשְׂרָאֵל.
ב אִין יֶענֶע טֶעג אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אֵיין בַּאפֶעהל פָאן דֶעם קֵיסַר
אַגוּסְטוּס, דָאס אַלֶע בֶּעווֵיינֶער פָאן דֶער וֶועלְט זָאלֶען זִיךְ
2 פֶערְשְׁרֵייבֶּען. דִיזֶעס פֶערְשְׁרֵייבֶּען אִיז גֶעוֶוען דָאס עֶרְשְׁטֶע וֶוען
3 קִירֶענְיוּס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין גוּבֶּערְנַאטָאר אִין סוּרְיָא. אוּן אַלֶע
4 זֵיינֶען גֶעגַאנְגֶען זִיךְ פֶערְשְׁרֵייבֶּען יֶעדֶער אִין זֵיין שְׁטָאדְט. יוֹסֵף
אִיז אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען פָאן גָלִיל פָאן דֶער שְׁטָאדְט נְצָרֶת קֵיין יְהוּדָה
אִין דָוִד'ס שְׁטָאדְט, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען בֵּית לֶחֶם, וֵוייל עֶר אִיז
5 גֶעוֶוען פָאן דֶעם הוֹיז אוּן דֶער מִשְׁפָּחָה דָוִד'ס. עֶר זָאל זִיךְ
פֶערְשְׁרֵייבֶּען מִיט מִרְיָם'ן, ווֶעלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ פֶערְלָאבְּט
6 (פַארְקְנַסְט) אוּן זִיא אִיז מְעוּבֶּרֶת גֶעוֶוען. וֶוען זֵיי זֶענֶען דָארְט
7 גֶעוֶוען אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דִיא צֵייט זִיא זָאל גֶעבָּארֶען. אוּן זִיא הָאט
גֶעבָּארֶען אִיהר זָאהן דֶעם בְּכוֹר, אוּן זִיא הָאט אִיהם גֶעווִיקֶעלְט,
אוּן גֶעלֵייגְט אִין אֵיין קְרִיפְּפֶע וֵוייל זֵיי הָאבֶּען קֵיין פְּלַאץ נִיט
8 גֶעהַאט אִין דֶער אַכְסַנְיָא. אִין דֶעם לַאנְד זֶענֶען גֶעוֶוען אוֹיף
דֶעם פֶעלְד הִירְטֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען דָארְט גֶעוַואכְט אִין דֶער נַאכְט
9 אוּן גֶעהִיט בֵּיי זֵייעֶרֶע שְׁטַאדֶעס. אוּן אֵיין גָאטְטֶעס מַלְאָךְ אִיז
צוּ זֵיי צוּגֶעטְרָאטֶען, אוּן גָאטְטֶעס הֶערְלִיכְקֵייט הָאט אַרוּם זֵיי
10 גֶעשֵׁיינְט, אוּ זֵיי הָאבֶּען זִיךְ זֶעהר גֶעפִירְכְטֶעט. אוּן דֶער מַלְאָךְ
הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: פִירְכְטֶעט נִיט, אִיךְ זָאג אַייךְ אָן אֵיינֶע גְרוֹיסֶע
11 שִׂמְחָה, וָואס וֶועט זֵיין צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק. דֶען הֵיינְט אִיז
אַייךְ גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִין דָוִד'ס שְׁטָאדְט אֵיין הֶעלְפֶער, וֶועלְכֶער
12 אִיז דֶער הֶערְר, דֶער מָשִׁיחַ. אוּן דָאס אִיז אַייךְ אֵיין צֵייכֶען,
אִיהר וֶועט גֶעפִינֶען אֵיין קְלֵיין קִינְד גֶעווִיקֶעלְט, לִיגְט אִין אֵיינֶע
13 קְרִיפְּפֶע. אוּן פְּלוּצְלִינְג הָאבֶּען זִיךְ בַּאווִיזֶען מִיט דֶעם מַלְאָךְ
זֶעהֶער פִילֶע הִימֶעלְשֶׁע הֶעעְרשַׁארֶען אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט
14 גָאטְט, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: כָּבוֹד צוּ גָאטְט אִין דֶערְהוֹיךְ, אוּן
אוֹיף דֶער עֶרְד פְרִידֶען דִיא מֶענְשֶׁען אֵיין וָואהלְגֶעפַאלֶען.
15 וֶוען דִיא מַלְאָכִים זֶענֶען פָאן זֵיי אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם הִימֶעל,
הָאבֶּען דִיא הִירְטֶען, גֶעזָאגְט אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען: לָאזֶען מִיר
גֶעהֶען קֵיין בֵּית־לֶחֶם, אוּן זֶעהֶען דִיא זַאךְ, וֶועלְכֶע דֶער הֶערְר

16 הָאט אוּנְז אָנְגֶעזָאגְט. אוּן זֵיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען אֵיילֶענְדִיג אוּן הָאבֶּען
גֶעפוּנֶען מִרְיָם אוּן יוֹסֵף׳ן אוּן דָאס קְלֵיינֶע קִינְד לִיגֶענְדִיג אִין אֵיינֶע
17 קְרִיפְּפֶּע. וֶוען זֵיי הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵיי דֶערְצֵיילְט
18 דִיא וֶוערְטֶער, וָואס מֶען הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אִיבֶּער דֶעם קִינְד. אוּן
אַלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעהֶערְט הָאבֶּען זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט דֶערִיבֶּער,
19 וָואס דִיא הִירְטֶען הָאבֶּען זֵיי דֶערְצֵיילְט. אוּן מִרְיָם הָאט גֶעהִיט
דִיא אַלֶע וֶוערְטֶער, אוּן הָאט זֵיי אִיבֶּערְגֶעלֵייגְט אִין אִיהר הַארְצֶען.
20 אוּן דִיא הִירְטֶען הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיק גֶעקֶעהְרְט; גֶעדַאנְקְט אוּן
גֶעלוֹיבְּט גָאטְט פַאר אַלֶעס, וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעהֶערְט אוּן גֶעזֶעהֶען,
21 אַזוֹי וִויא מֶען הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט. וֶוען עֶס אִיז דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען
אַכְט טֶעג, אוּן מֶען הָאט מַל גֶעוֶועזֶען דָאס קִינְד, הָאט מֶען אִיהם
גֶעגֶעבֶּען אֵיין נָאמֶען יֵשׁוּעַ, אַזוֹי וִויא דֶער מַלְאָךְ הָאט אִיהם
גֶעגֶעבֶּען נָאךְ אֵיידֶער עֶר אִיז עֶמְפְּפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען אִין לֵייבּ.
22 אוּן וֶוען דִיא טֶעג פָּאן אִיהר רֵיין וֶוערֶען וִויא אִין דֶער תּוֹרַת
משֶׁה אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זֵיי אִיהם
אַרוֹיף גֶעבְּרַאכְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, כְּדֵי אִיהם צוּ שְׁטֶעלֶען פַאר גָאטְט.
23 אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אִין גָאטְטֶעס תּוֹרָה, דָאס יֶעדֶער
עֶרְשְׁטְגֶעבָּארֶענֶער זָכָר זָאל גֶערוּפֶען וֶוערֶען הֵיילִיג צוּ גָאטְט.
24 אוּן צוּ גֶעבֶּען אֵיין קָרְבָּן וִויא עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען אִין גָאטְטֶעס
25 תּוֹרָה: צְוֵויי טוּרְטֶעל טוֹיבֶּען אָדֶער צְוֵויי יוּנְגֶע טוֹיבֶּען. אוּן
נוּן, אִין יְרוּשָׁלַיִם אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין מַאן, זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען
שִׁמְעוֹן, אוּן דֶער מַאן אִיז גֶעוֶוען אֵיין צַדִיק אוּן אֵיין חָסִיד, עֶר
הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף דֶער נֶחָמָה פָּאן דִיא יִשְׂרָאֵל, אוּן דֶער רוּחַ
26 הַקֹדֶשׁ אִיז אוֹיף אִיהם גֶעוֶועזֶען. אוּן אִיהם הָאט מֶען מְגַלֶה גֶעוֶוען,
דוּרְכֶען רוּחַ הַקֹדֶשׁ, דָאס עֶר וֶועט נִיט זֶעהֶען דֶעם טוֹיט בִּיז עֶר
27 וֶועט זֶעהֶען דֶעם הֶערְרְן דֶעם מָשִׁיחַ. אוּן עֶר אִיז דוּרְכֶען גֵייסְט
גֶעקוּמֶען אִין בֵּית־הַמִקְדָשׁ, אוּן וֶוען דִיא עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט
דָאס קִינְד יֵשׁוּעַ׳ן, מֶען זָאל מִיט אִיהם טָאן וִויא דֶער מִנְהָג פָּאן
28 דֶער תּוֹרָה אִיז. אַזוֹי הָאט עֶר אִיהם גֶענוּמֶען אוֹיף זֵיינֶע הֶענְד
29 גֶעלוֹיבְּט גָאטְט אוּן גֶעזָאגְט: יֶעצְט לָאסְט דוּא, הֶערְר, דֵיין
30 קְנֶעכְט אִין פְרִידֶען גֶעהְן, נָאךְ דֵיין וָוארְט נָאךְ. דֶען מֵיינֶע אוֹיגֶען
31 הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֵיין יְשׁוּעָה, וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר

32 אַלֶע פֶעלְקֶערְס אַנְגֶעזִיכְט. אֵיין לִיכְט צוּ אַנְפְּלֶעקֶען פַאר דִיא
33 גוֹיִם, אוּן אֵיין הֶערְלִיכְקֵייט פָאן דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל. יוֹסֵף אוּן
מִרְיָם זֵיין מוּטֶער הָאבֶּען זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט אוֹיף דֶעם. וָואס מֶען
34 הָאט גֶעזָאגְט אוֹיף אִיהם. אוּן שִׁמְעוֹן הָאט זֵיי גֶעבֶּענְשְׁט, אוּן
גֶעזָאגְט צוּ זֵיין מוּטֶער מִרְיָם'עֶן: נוּן דֶער אִיז בֶּעשְׁטִימְט צוּם
פַאל אוּן צוּם אוֹיפְשְׁטַאנְד פָאן פִילֶע אִין יִשְׂרָאֵל, אוּן צוּ אֵיין
35 צֵייכֶען, וָועלְכֶען מֶען וָועט ווִידֶערְשְׁפְּרֶעכֶען. אוּן אִין דֵיין וָועלֶע
וָועט אֵיין שְׁוֶוערְד דוּרְךְ גֶעהְן, כְּדֵי עֶס זָאל אַנְפְּלֶעקְט וֶוערֶען דִיא
36 מַחֲשָׁבוֹת פָאן פִילֶע הֶערְצֶער. אוּן דָארְטֶען אִיז גֶעוֶועֶן אֵיינֶע
נְבִיאָה חַנָּה, פְּנוּאֵל'ס אֵיין טָאכְטֶער, פָאן שֵׁבֶט אָשֵׁר, זִיא אִיז שׁוֹין
זֶעהֶער אַלְט גֶעוֶועֶן, זִיא הָאט גֶעלֶעבְּט מִיט אִיהר מַאן זִיבֶּען יָאהר
37 פָאן אִיהר יוּנְגְפֶערְשַׁאפְט. אוּן זִיא אִיז אֵיין אַלְמָנָה גֶעוֶועֶן, נָאהֶענְט
פָאן פִיר אוּן אַכְצִיג יָאהר, אוּן אִיז נִיט אָבְּגֶעטְרֶעטֶען פָאן דֶעם
בֵּית־הַמִקְדָשׁ, מִיט תַּעֲנִיתִים אוּן תְּפִלָּה הָאט זִיא גָאטְט גֶעדִינְט
38 טָאג אוּן נַאכְט. אוּן אוֹיךְ זִיא אִיז צוּגֶעטְרָאטֶען אִין דֶער שָׁעָה,
אוּן הָאט גָאטְט גֶעלוֹיבְּט אוּן הָאט וֶועגֶען אִיהם גֶערֶעט פַאר
אַלֶעמֶען, וָועלְכֶע הָאבֶּען דֶערְוַוארְטֶעט דִיא גְאוּלָה אִין יְרוּשָׁלַיִם.
39 אוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען אַלֶעס אָבְּגֶעטָאן נָאךְ גָאטְטֶעס תּוֹרָה,
הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין גָלִיל צוּ זֵייעֶר שְׁטָאדְט נְצֶרֶת.
40 דָאס קִינְד הָאט גֶעוַואקְסֶען, אוּן הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אִין גֵייסְט,
אוּן אָנְגֶעפִילְט זִיךְ מִיט חָכְמָה, אוּן גָאטְטֶעס גְנַאדֶע, אִיז גֶעוֶועֶן
41 אוֹיף אִיהם. זֵיינֶע עֶלְטֶערֶען פְלֶעגֶען יָאהר אֵיין יָאהר אוֹיס
42 גֶעהְן קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוֹיף פֶּסַח. אוּן וֶוען עֶר אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען
צְוֶועלְף יָאהר, זֵיינֶען זֵייא אוֹיךְ אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען, ווִיא זֵייעֶר מִנְהָג
43 אִיז קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוֹיף יוֹם טוֹב. אוּן וֶוען עֶס הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדֶעט
דִיא יָמִים טוֹבִים, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּן דֶער אִינְגֶעל
יֵשׁוּעַ אִיז פֶערְבְּלִיבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם. יוֹסֵף אוּן זֵיין מוּטֶער הָאבֶּען
44 דָאס נִיט בֶּעמֶערְקְט. זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעטְרַאכְט דָאס עֶר גֵייט
מִיט אַנְדֶערֶע רֵייזֶענְדֶער, וֶוען זֵייא זֶענֶען אָבְּגֶעגַאנְגֶען אֵיין טָאג
וֶועג, הָאבֶּען זֵייא אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זוּכֶען צְווִישֶׁען זֵייעֶרֶע
45 פְרֵיינְד אוּן בֶּעקֶענְטֶע. אוּן הָאבֶּען אִיהם נִיט גֶעפוּנֶען, זֵייא הָאבֶּען
46 זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אִיהם צוּ זוּכֶען. נָאךְ דְרֵיי טֶעג

הָאבֶּען זֵייא אִיהם גֶעפוּנֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָשׁ, זִיצֶענְדִיג אִין מִיטְטֶען
פָאן דִיא לֶעהרֶערְס וְועלְכֶע עֶר הָאט זֵייא צוּגֶעהֶערְט אוּן שַׁאֲלוֹת
47 גֶעפְרֶעגְט. אַלֶע וָואס הָאבֶּען אִיהם גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זִיךְ
48 גֶעווָאוּנְדֶערְט אוֹיף זֵיין שֵׂכֶל, אוּן אוֹיף זֵיינֶע תְּרוּצִים. אוּן וֶוען זֵייא
הָאבֶּען אִיהם דֶערְזֶעהֶען הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעווָאוּנְדֶערְט: אוּן זֵיין
מוּטֶער הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: קִינְד! וָואס הָאסְט דוּא אוּנְז גֶעטָאן?
נוּן דֵיין פָאטֶער אוּן אִיךְ הָאבֶּען דִיךְ מִיט גְרוֹיס עַגְמַת־נֶפֶשׁ גֶעזוּכְט.
49 עֶר הָאט זֵייא גֶעזָאגְט: צוּ וָואס הָאט אִיהר מִיךְ בֶּעדַארְפְט זוּכֶען?
וֵוייסְט אִיהר דֶען נִיט, דָאס אִיךְ דַארְף זֵיין אִין דֶעם וָואס עֶס אִיז
50 מֵיין פָאטֶערְס? נוּר זֵיי הָאבֶּען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען דִיא וֶוערְטֶער,
51 וָואס עֶר הָאט זֵייא גֶעזָאגְט. אוּן עֶר אִיז מִיט זֵייא אַרָאבּ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין נְצָרֶת, אוּן הָאט זִיךְ זֵיי אוּנְטֶער
גֶעגֶעבֶּען. אוּן זֵיין מוּטֶער הָאט דִיזֶע אַלֶע וֶוערְטֶער בֶּעהַאלְטֶען
52 בֵּיי זִיךְ אִין הַארְצֶען. אוּן יְשׁוּעַ הָאט גֶעוַואקְסֶען אִין חָכְמָה אִין
גֶעשְׁטַאלְט, אוּן גֶענַאדֶע בֵּיי גָאטְט אוּן מֶענְשֶׁען.

ג אִין דֶעם פוּנְפְצֶענְטֶען יָאהר פָאן קֵסַר טִיבֵּרְיוּת מְלוּכָה, וֶוען
פָאנְטִיוּס פִּילַטוּס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין גוּבֶּערְנַאטָאר אִיבֶּער יְהוּדָה
וֶוען הוֹרְדוּס אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער פִירְטֶעל לַאנְד מֵייסְטֶער אִין
גָלִיל אוּן פִילִיפּוּס זֵיין בְּרוּדֶער פִירְטֶעל לַאנְד מֵייסְטֶער אִין יְטוּר
אוּן טַרְכוֹנָא אוּן לוּסָנִיוּס פִירְטֶעל לַאנְד מֵייסְטֶער אִין אֲבִילִין.
2 אִין דֶער צֵייט פָאן דִיא כֹּהֲנִים גְדוֹלִים חָנָן אוּן קַיָפָא, אִיז דָאס
וָוארְט פָאן גָאטְט גֶעוֶועזֶען צוּ יוֹחָנָן בֶּן זְכַרְיָה אִין דֶער מִדְבָּר.
3 אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶער אוּמְגֶעגֶענְד פָאן יַרְדֵן, אוּן הָאט
גֶעפְרֶעדִיגְט דִיא טְבִילָה פָאן תְּשׁוּבָה צוּ פַארְגֶעבּוּנְג דֶער זִינְדֶען.
4 אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם סֵפֶר פָאן דִיא רֶעד פָאן
יְשַׁעְיָה הַנָבִיא וֶועלְכֶער זָאגְט: אֵיין קוֹל שְׁרֵייעֶט אִין דֶער מִדְבָּר:
מַאכְט פַארְטִיג דֶעם וֶועג פָאן גָאטְט, גְלֵייכְט אוֹיס זֵיינֶע שְׁטֶעגֶען.
5 יֶעדֶער טְהָאל זָאל אוֹיס גֶעפִילְט וֶוערֶען, אוּן יֶעדֶער בַּארְג אוּן
הוֹיךְ זָאלֶען נִידֶערִיג וֶוערֶען, וָואס אִיז קְרוּם זָאל זִיךְ אוֹיס גְלֵייכֶען,
6 אוּן נִיט גְלֵייכֶע וֶועגֶען זָאלֶען גְלַאט וֶוערֶען. אוּן אַלֶע פְלֵיישׁ
7 וֶועלֶען זֶעהֶען דִיא יְשׁוּעָה פָאן גָאטְט. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּם
פָאלְק וָואס עֶס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם זִיךְ טוֹבְלֶען: שְׁלַאנְגֶען־

קִינְדֶער װֶער הָאט אַייךְ גֶעװָארֶענְט צוּ אַנְטְלוֹיפֶען פָאן דֶעם
8 צָארֶען װָאס קוּמְט? דֶערִיבֶּער, בְּרֵיינְגְט פְרוּכְט װָאס װֶענֶען
װִירְדִיג צוּ תְּשׁוּבָה, אוּן דֶענְקְט נִיט בֵּיי זִיךְ צוּ זָאגֶען: אַבְרָהָם
אִיז אוּנְזֶער פָאטֶער, דֶען אִיךְ זָאג אַייךְ: דָאס גָאטְט קָאן פָאן
9 דִיזֶע שְׁטֵיינֶער אוֹיף שְׁטֶעלֶען קִינְדֶער צוּ אַבְרָהָם׳ֶען. דִיא הַאק
לִיגְט שׁוֹין בֵּיים װָארְצֶעל פָאן דִיא בּוֹימֶער; יֶעדֶער בּוֹים, װָאס
בְּרֵיינְגְט נִיט קֵיין גוּטֶע פְרוּכְט, הַאקְט מֶען אוֹים אוּן מֶען װַארְפְט
10 אִין פֵייעֶר. אוּן דָאס פָאלְק הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט: װָאס זָאלֶען
11 מִיר טָאן? אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: װֶער עֶס הָאט
צְװֵיי קְלֵיידֶער דֶער זָאל גֶעבֶּען דֶעם װָאס עֶר הָאט נִיט, אוּן װֶער
12 עֶס הָאט שְׁפֵּייז זָאל דָאס זֶעלְבִּיגֶע טָאן. דִיא מוֹכְסִים (מַס נֶעמֶער)
זֶענֶען אוֹיךְ גֶעקוּמֶען זִיךְ טוֹבֶל׳ען, אוּן הָאבֶען צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:
13 רַבִּי, װָאס זָאלֶען מִיר טָאן? עֶר הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט: אִיהר
זָאלְט גָארְנִיט פָאדֶערֶען מֶעהֶער װִיפִיל מֶען הָאט אַייךְ עֶרְלוֹיבְּט
14 צוּ פָאדֶערֶען. דִיא סָאלְדַאטֶען הָאבֶען אִיהם אוֹיךְ גֶעפְרֶעגְט:
אוּן מִיר, װָאס זָאלֶען מִיר טָאן? אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִיהר
זָאלְט קֵיינֶעם נִיט בֶּעאוּנְרוּהִיגֶען, אִיהר זָאלְט קֵיין מֶענְשֶׁען נִיט
צְװִינְגֶען, אוּן אִיהר זָאלְט צוּפְרִידֶען זַיין מִיט אֵייעֶר לוֹין.
15 װֶען דָאס פָאלְק הָאט גֶעװַארְט אוּן אַלֶע הָאבֶען בֵּיי זִיךְ אִין הַארְצֶען
16 גֶעטְרַאכְט: אֶפְשַׁר אִיז יוֹחָנָן דֶער מָשִׁיחַ. הָאט יוֹחָנָן אַלֶעמֶען
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ טוֹבֵל אַייךְ מִיט װַאסֶער, נוּר עֶס
קוּמְט דֶער װָאס עֶר אִיז שְׁטַארְקֶער פָאן מִיר, בֵּיי װֶעמֶען אִיךְ
בִּין נִיט װֶערְט אוֹיף צוּ בִּינְדֶען דֶעם שְׁנִירֶעל פָאן דִיא שִׁיךְ: עֶר
17 װֶעט אַייךְ טוֹבְל׳ען מִיט דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ אוּן פֵייעֶר. דִיא װִינְדְ־
שׁוֹיפֶעל אִיז אִין זַיין הַאנְד, אוּן עֶר װֶעט אוֹיסְרֵיינִיגֶען זַיין שֵׁייעֶר
אוּן װֶעט צוּנוֹיף נֶעמֶען דֶעם װֵייץ אִין זַיין שְׁפֵּייכְלֶער, אוּן דָאס
שְׁטְרוֹי, װֶעט עֶר פַארְבְּרֶענֶען אִין אֵיין אוּנְפֶערְלָאשֶׁענֶעם פֵייעֶר.
18 נָאךְ פִיל אַנְדֶערֶע װֶערְטֶער הָאט עֶר גֶעפְרֶעדִיגְט צוּ דֶעם פָאלְק
19 אוּן הָאט זֵיי גֶעװָארֶענְט. אָבֶער הוֹרְדוֹס דֶער פִירְטֶעל לַאנְד
מֵייסְטֶער, װֶעלְכֶער אִיז גֶעשְׁטְרָאפְט גֶעװָארֶען פָאן אִיהם פַאר
הוֹרוֹדְיָה זַיין בְּרוּדֶער פִילִיפּוּס׳ֶעם װֵייבּ, אוּן פַאר אַלֶעם בֶּעזֶעם
20 װָאס הוֹרְדוֹס הָאט גֶעטָאן. הָאט צוּ דֶעם אַלֶעמֶען מוֹסִיף גֶעװֶעזֶען

אוֹיךְ דָאס, דָאס עֶר הָאט יוֹחָנָן אַיין גֶעשְׁלָאסֶען אִין גֶעפֵֿיינְגֶענִעס.
21 וֶוען דָאס גַאנְצֶע פָֿאלְק הָאט זִיךְ גֶעטוֹבֵלְ'ט, אוּן יֵשׁוּעַ הָאט
אוֹיךְ זִיךְ גֶעטוֹבֵלְ'ט אוּן מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען, הָאט זִיךְ דֶער הִימֶעל
22 גֶעעֶפֶֿענְט. אוּן דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ אִיז אַרָאבְּגֶעקוּמֶען אוֹיף אִיהם
אִין אַיין לַייבְּלִיכֶען גֶעשְׁטַאלְט, פָֿאן אַיין טוֹיבּ, אוּן עֶס אִיז גֶעוֶוען
אַיין קוֹל פָֿאן הִימֶעל, וָואס הָאט גֶעזָאגְט: דוּא בִּיסְט מֵיין גֶעלִיבְּטֶער
23 זָאהן, אִין דִיר אִיז מֵיין וָואהלְגֶעפַֿאלֶען. אוּן עֶר, יֵשׁוּעַ אִיז
גֶעוֶוען אַזוֹי וִויא דְרַייסִיג יָאהר, וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זַיין
דִינְסְט, מֶען הָאט אִיהם גֶערֶעכֶענְט פַֿאר דֶעם זָאהן פָֿאן יוֹסֵף בֶּן
24 25 עֵלִי. בֶּן־מַתָּת, בֶּן־לֵוִי, בֶּן־מַלְכִּי, בֶּן־יַנַּי, בֶּן־יוֹסֵף. בֶּן־מַתִּתְיָה,
26 בֶּן־אָמוֹץ, בֶּן־נַחוּם, בֶּן־חֶסְלִי, בֶּן־נַגָּי. בֶּן־מַחַת, בֶּן־מַתִּתְיָה, בֶּן־
27 שִׁמְעִי, בֶּן־יוֹסֵף, בֶּן־יוֹדָה. בֶּן־יוֹחָנָן, בֶּן־רֵישָׁא, בֶּן־זְרֻבָּבֶל, בֶּן־
28 שְׁאַלְתִּיאֵל, בֶּן־נֵרִי. בֶּן־מַלְכִּי, בֶּן־אַדִּי, בֶּן־קוֹסָם, בֶּן־אֶלְמְדָם, בֶּן־
29 30 עֵר. בֶּן־יוֹסֵי, בֶּן־אֱלִיעֶזֶר, בֶּן־יוֹרִים, בֶּן־מַתָּת, בֶּן־לֵוִי. בֶּן־שִׁמְעוֹן,
31 בֶּן־יְהוּדָה, בֶּן־יוֹסֵף, בֶּן־יוֹנָם, בֶּן־אֶלְיָקִים. בֶּן־מַלְיָא, בֶּן־מְנָא, בֶּן־
32 מַתַּתָּה, בֶּן־נָתָן, בֶּן־דָּוִד. בֶּן־יִשַׁי, בֶּן־עוֹבֵד, בֶּן־בּוֹעַז, בֶּן־שַׂלְמוֹן,
33 בֶּן־נַחְשׁוֹן. בֶּן־עַמִּינָדָב, בֶּן־אֲרָם, בֶּן־חֶצְרוֹן, בֶּן־פֶּרֶץ, בֶּן־יְהוּדָה.
34 35 בֶּן־יַעֲקֹב, בֶּן־יִצְחָק, בֶּן־אַבְרָהָם, בֶּן־תֶּרַח, בֶּן־נָחוֹר. בֶּן־שְׂרוּג,
36 בֶּן־רְעוּ, בֶּן־פֶּלֶג, בֶּן־עֵבֶר, בֶּן־שֶׁלַח. בֶּן־קוֹנָן, בֶּן־אַרְפַּכְשַׁד, בֶּן־
37 שֵׁם, בֶּן־נֹחַ, בֶּן־לֶמֶךְ. בֶּן־מְתוּשֶׁלַח, בֶּן־חֲנוֹךְ, בֶּן־יֶרֶד, בֶּן־מַהֲלַלְאֵל,
בֶּן־קֵינָן. בֶּן־אֱנוֹשׁ, בֶּן־שֵׁת, בֶּן־אָדָם, בֶּן־אֱלֹהִים.
יֵשׁוּעַ וֶוען עֶר אִיז דֶערְפִֿילְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, ד
הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט פָֿאן דֶעם יַרְדֵן, אוּן דֶער גֵייסְט הָאט
2 אִיהם גֶעפִֿיהְרְט אִין דֶער מִדְבָּר. פֶֿערְצִיג טֶעג אִיז עֶר גֶעפְּרוּבְט
גֶעוָוארֶען פָֿאן דֶעם שָׂטָן, אוּן הָאט גָאר נִיט גֶעגֶעסֶען אִין דִיזֶע
טֶעג, וֶוען זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעעֶנְדֶעט אִיז עֶר צוּם סוֹף הוּנְגֶערִיג
3 גֶעוָוארֶען. אוּן דֶער שָׂטָן הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: וֶוען דוּא בִּיסְט
דֶער גָאטְטֶעס זָאהן, אַזוֹי זָאג דִיזֶען שְׁטֵיין עֶר זָאל וֶוערֶען בְּרוֹיט.
4 יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶֿערְט אוּן גֶעזָאגְט: עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען,
דָאס נִיט מִיט בְּרוֹיט אַלֵיין זָאל דֶער מֶענְשׁ לֶעבֶּען, נוּר מִיט
5 יֶעדֶען וָוארְט פָֿאן גָאטְט. אוּן דֶער שָׂטָן הָאט אִיהם אַרוֹיף
גֶעבְּרַאכְט אוֹיף אַיין הוֹיכֶען בַּארְג, אוּן אִין אַיין אוֹיגֶענְבְּלִיק הָאט

6 עֶר אִיהם גֶעוִויזֶען אַלֶע קֶענִיגְרַייכֶען פָאן דֶער וֶועלְט. אוּן דֶער
שָׂטָן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: דִיר וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען דִיזֶע גַאנְצֶע
מַאכְט אוּן דִיא הֶערְלִיכְקֵייט דֶערְפוּן, דֶען זֵיי זַיינֶען מִיר
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּן וֶועמֶען אִיךְ וִויל גִיבּ אִיךְ עֶס.
7 נוּן וֶוען דוּא וֶועסְט זִיךְ צוּ מִיר בּוּקֶען, אַזוֹי וֶועט אַלֶעס דֵיינֶע זַיין.
8 יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: גֶעה אַוֶועק פָאן מִיר דוּא
שָׂטָן, עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: צוּ גָאטְט, דֵיין גָאטְט, זָאלְסְט דוּא זִיךְ
9 בּוּקֶען, אוּן אִיהם אַלֵיין דִינֶען. אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט
קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּן הָאט אִיהם גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶעם דַאכְגַאלֶענְדֶער
פָאן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: וֶוען דוּא בִּיסְט
10 דֶער בֶּן־אֱלֹהִים וַוארְף דִיךְ פָאן דַאנֶען אַרָאבּ. דֶען עֶס אִיז
גֶעשְׁרִיבֶּען: דֶען זַיינֶע מַלְאָכִים וֶועט עֶר בַּאפֶעהלֶען וֶועגֶען דִיר,
11 צוּ הִיטֶען דִיךְ. אוּן אוֹיף דִיא הֶענְד וֶועלֶען זֵיי דִיךְ טְרָאגֶען, דוּא
12 זָאלְסְט נִיט אָבְּשְׁלָאגֶען דֵיין פוּס אָן אֵיין שְׁטֵיין. יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם
גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער; עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען: דוּא זָאלְסְט
13 דֶעם הֶערְרְן דֵיין גָאטְט נִיט פְּרוּבֶען. וֶוען דֶער שָׂטָן הָאט
גֶעעֶנְדֶעט אַלֶע פְּרוּבוּנְגֶען אִיז עֶר אַוֶועק פָאן אִיהם בִּיז אוֹיף אֵיין
14 צַייט. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט מִיט דֶעם כֹּחַ פָאן
דֶעם גֵייסְט קֵיין גָלִיל. אוּן עֶס הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט פָאן אִיהם אִין
15 דֶעם גַאנְצֶען גֶעגֶענְד. אוּן עֶר פְלֶעגְט לֶערְנֶען אִין דִיא שוּלֶען,
16 אוּן אִיז פָאן יֶעדֶען גֶעלוֹיבְּט גֶעוֶועזֶען. אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין
נְצָרֶת, וואוּ עֶר אִיז אוֹיף גֶעצוֹיגֶען גֶעוָוארֶען, אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען
וִויא עֶר אִיז גֶעוֵויינְט גֶעוֶועזֶען, שַׁבָּת אִין שוּל אוּן הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט
17 לֵייעֶנֶען אִין דֶער תּוֹרָה. אוּן מֶען הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען דֶעם סוֹפֵר
פָאן יְשַׁעְיָה הַנָבִיא. אוּן עֶר הָאט אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט דֶעם סֵפֶר אוּן
הָאט גֶעטְרָאפֶען דֶעם אָרְט, וואוּ דָארְט אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעשְׁרִיבֶּען:
18 גָאטְטֶעס גֵייסְט אִיז אוֹיף מִיר, דֶען עֶר הָאט מִיךְ גֶעזַאלְבְּט
אָנְצוּזָאגֶען דִיא אָרֶעמֶען, דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, אוּן הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט צוּ הֵיילֶען דִיא צֶערְבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער, אָנְצוּזָאגֶען דִיא
גֶעפַאנְגֶענֶע פְרֵייהֵייט, דִיא בְּלִינְדֶען זֶעהוּנְג, אוּן דִיא פֶערְוואוּנְדֶעטֶע
19 פְרֵייא צוּ לָאזֶען. צוּ פְרֶעדִיגֶען אֵיין יָאהר פָאן בַּאוִוילִיגוּנְג פָאן
20 דֶעם הֶערְרְן. אוּן עֶר הָאט פֶערְמַאכְט דֶעם סֵפֶר, אִיהם

אָבְּגֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם שַׁמָשׁ, אוּן הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט; אוּן דִיא אוֹיגֶען
פָאן אַלֶעמֶען, וָועלְכֶע זֶענֶען אִין שׁוּל גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען אוֹיף אִיהם
21 גֶעקוּקְט. אוּן עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זַיי צוּ זָאגֶען: הַיינְטִיגֶען טָאג
22 אִיז דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען דִיזֶע שְׁרִיפְט, אִין אֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען. אוּן
אַלֶע הָאבֶּען דָאס אוֹיף אִיהם צֵיינֶענֶעם גֶעגֶעבֶּען, אוּן הָאבֶּען
זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט אוֹיף דִיא לִיבְּלִיכֶע וֶוערְטֶער, וָועלְכֶע עֶס
זַיינֶען פָאן זַיין מוֹיל אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: אִיז דָאס
23 נִיט יוֹסֵף'ס זָאהן? יֵשׁוּעַ הָאט זַיי גֶעזָאגְט: נוּן, אִיהר וֶועט מִיר
זָאגֶען דֶעם שְׁפְּרִיכְוָוארְט, רוֹפֵא הֵייל דִיךְ אַלֵיין, טְהוּעֶ אוֹיךְ דָא
אִין דַיין פָאטֶערְלַאנְד דָאס, וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס אִין
24 כְּפַר־נַחוּם אִיז גֶעשֶׁעהֶען. אוּן הָאט גֶעזָאגְט: אִין אֱמֶת'ֶען זָאג אִיךְ
אַייךְ: קֵיין נָבִיא וֶוערְט נִיט אוֹיפְגֶענוּמֶען אִין זַיין פָאטֶערְלַאנְד.
25 אִין אֱמֶת'ֶען אָבֶּער זָאג אִיךְ אַייךְ: פִיל אַלְמָנוֹת זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
אִין יִשְׂרָאֵל אִין דֶער צֵייט פָאן אֵלִיָהוּ, וֶוען דֶער הִימֶעל אִיז
פֶערְשְׁלָאסֶען גֶעוֶועזֶען דְרֵיי יָאהר אוּן זֶעכְס חֳדָשִׁים, אַזוֹי דָאס עֶס
26 אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין גְרוֹיסֶער הוּנְגֶער אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד. אוּן
אֵלִיָהוּ, אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען גֶעשִׁיקְט צוּ קֵיינֶער פָאן זַיי, נוּר צוּ דֶער
27 אַלְמָנָה אִין צָרְפַת פָאן צִידוֹן. אוּן פִיל קְרֶעצִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶוען
אִין דִיא יִשְׂרָאֵל אִין דֶער צֵייט פָאן אֱלִישָׁע הַנָבִיא, אוּן נִיט
28 אֵיינֶער פָאן זַיי אִיז רֵיין גֶעוָוארֶען, אוֹיסֶער נַעֲמָן הָאֲרַמִי. אוּן
אַלֶע וָואס זֶענֶען גֶעוֶוען אִין שׁוּל, זֶענֶען אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען, וֶוען
29 זַיי הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט. אוּן זֶענֶען אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאבֶּען
אִיהם אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען פָאן דֶער שְׁטָאדְט, אוּן הָאבֶּען אִיהם
אַרוֹיפְגֶעפִיהְרְט אוֹיף דֶעם שְׁפִּיץ בַּארְג, אוֹיף וֶועלְכֶען זַייעֶר
שְׁטָאדְט אִיז אוֹיסְגֶעבּוֹיעֶט גֶעוָוארֶען, כְּדֵי זַיי זָאלֶען אִיהם אַרָאבּ
30 וַוארְפֶען. נוּר עֶר אִיז צְווִישֶׁען זַיי דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען אוּן אִיז אַוֶועק.
31 אוּן אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַר־נַחוּם, אֵיין שְׁטָאדְט אִין גָלִיל, אוּן הָאט
32 זַיי גֶעלֶעהֶרֶענְט אַלֶע שַׁבָּת. אוּן זַיי הָאבֶּען זִיךְ פֶערְווְאוּנְדֶערְט
אוֹיף זַיין לֶעהֶרֶע, דֶען זַיין וָוארְט אִיז גֶעוֶוען מִיט מַאכְט.
33 אִין שׁוּל אִיז גֶעוֶוען אֵיין מַאן, וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט אֵיין רוּחַ פָאן
אֵיין אוּנְרֵיינֶעם שֵׁד, אוּן עֶר הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל
34 אוּן גֶעזָאגְט: לָאז דָאךְ, וָואס ווִילְסְט דוּא פָאן אוּנְז יֵשׁוּעַ פָאן

נְצָרֶת? דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען אוּנְז צוּ פַארְדַארְבֶּען, אִיךְ קֶען דִיךְ
35 װער דוּא בִּיסְט, דֶער הֵיילִיגֶער גָאטְטֶעס. יֵשׁוּעַ הָאט אוֹיף אִיהם
אָנְגֶעשְׁרִיעֶן אוּן גֶעזָאגְט: פַארְשְׁטוּם, אוּן גֶעה אַרוֹיס פָאן אִיהם,
אוּן דֶער שֵׁד הָאט אִיהם אֵיין װָארְף גֶעגֶעבֶּען אִין דֶער מִיטֶען,
אוּן אִיז אַרוֹיס פָאן אִיהם, אוּן הָאט אִיהם קֵיין שָׁאדֶען נִיט גֶעטָאן.
36 אוּן אֵיין שְׁרֶעק אִיז אוֹיף אַלֶעמֶען גֶעפַאלֶען, אוּן הָאבֶּען אֵיינֶער
צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט: װָאס אִיז דָאס? דָאס עֶר בַּאפֶעהלְט
דִיא אוּנְרֵיינֶע רוּחוֹת מִיט מַאכְט, אוּן קְרַאפְט אוּן זֵיי גֶעהֶען אַרוֹיס.
37 אוּן עֶס הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט פָאן אִיהם אִין אַלֶע עֶרְטֶער פָאן דֶעם
38 גֶעגֶענְד. װֶען עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פָאן דֶער שׁוּל אִיז עֶר
אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין שִׁמְעוֹן'ס הוֹיז. שִׁמְעוֹן'ס שְׁוִיגֶער הָאט גֶעלִיטֶען
פָאן אֵיין שְׁטַארְקֶען קַדַחַת, אוּן מֶען הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען װֶעגֶען
39 אִיהר. עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶער גֶעשְׁטֶעלְט בֵּיי אִיהר, אוּן הָאט
אָנְגֶעשְׁרִיעֶן אוֹיף דֶעם קַדַחַת, אוּן עֶס הָאט זִיא אָבְּגֶעלָאזְט, זִיא
40 אִיז בַּאלְד אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאט זֵיי בַּאדִינְט. װֶען דִיא
זָאנֶע אִיז אוּנְטֶער גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען אַלֶע, װָאס הָאבֶּען גֶעהַאט
קְרַאנְקֶע פָאן פַארְשִׁידֶענֶע קְרַאנְקְהֵייט, זֵיי צוּ אִיהם גֶעבְּרַאכְט,
אוּן עֶר הָאט אַרוֹיף גֶעלֵייגְט אוֹיף יֶעדֶען פָאן זֵיי דִיא הֶענְד אוּן
41 הָאט זֵיי אוֹיסְגֶעהֵיילְט. אוֹיךְ פָאן פִילֶע זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
שֵׁדִים װֶעלְכֶע הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אוּן גֶעזָאגְט: דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ
דֶער גָאטְטֶעס זָאהן, אוּן עֶר הָאט זֵיי פַארְװֶערְט אוֹיס צוּ זָאגֶען,
42 דָאס זֵיי װֵייסֶען, דָאס עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ. װֶען עֶס אִיז טָאג
גֶעװָארֶען, אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אִין אֵיין װִיסְטֶען
אָרְט, אוּן דָאס פָאלְק הָאט אִיהם גֶעזוּכְט, אוּן װֶען זֵיי זֶענֶען צוּ
אִיהם גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען זֵיי אִיהם אָבְּגֶעהַאלְטֶען, דָאס עֶר זָאל פָאן
43 זֵיי נִיט אַװֶעק גֶעהְן. נוּר עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִיךְ דַארְף אוֹיךְ
אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט פְּרֶעדִיגֶען דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים, דֶען
44 דֶערִיבֶּער בִּין אִיךְ גֶעשִׁיקְט גֶעװָארֶען. אוּן עֶר הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט
אִין דִיא שׁוּלֶען פָאן גָלִיל.

ה עֶס אִיז גֶעװֶען װֶען דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ גֶעדְרֵיינְגְט צוּ אִיהם
צוּ הֶערֶען גָאטְטֶעס װָארְט, אוּן עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים יַם גְנֵיסָר.
2 הָאט עֶר דֶערְזֶעהֶען צְװֵיי שִׁיפֶען שְׁטֶעהֶען בֵּיים יַם, אוּן דִיא פִישׁ

פַאנְגֶער זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פָאן זֵיי, אוּן הָאבֶּען גֶערֵיינִיגְט דִיא
3 נֶעטְצֶען. אוּן עֶר אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין אֵיינֶע פָאן דִיא שִׁיפֶען,
װֶעלְכֶע אִיז גֶעװֶעזֶען שִׁמְעוֹן'ס, אוּן הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל
אִיהם אַװֶעקְשִׁיפֶען אֵיין בִּיסֶעל פָאן דֶער יַבָּשָׁה. אוּן הָאט זִיך
4 אַנִידֶער גֶעזֶעצְט אוּן גֶעלֶערֶענְט דָאס פָאלְק פָאן דֶער שִׁיף. װֶען
עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רֵיידֶען הָאט עֶר צוּ שִׁמְעוֹן'עֶן גֶעזָאגְט:
שִׁיף דִיך אַװֶעק װאוּ עֶס אִיז טִיף, אוּן פֶערְוַארְפְט אֵייעֶרֶע
5 נֶעטְצֶען צוּ פַאנְגֶען. שִׁמְעוֹן זָאגְט אִיהם אֵיין עֶנְטְפֶער: רַבִּי, מִיר
הָאבֶּען זִיך דִיא גַאנְצֶע נַאכְט גֶעמִיהֶעט, אוּן מִיר הָאבֶּען גָאר נִיט
גֶעפַאנְגֶען, נוּר אוֹיף דֵיין װָארְט װֶעל אִיך פֶערְוַארְפֶען דֶעם נֶעטְץ.
6 זֵיי הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטָאן אוּן הָאבֶּען גֶעחַאפְּט זֶעהר אֵיין סַך פִישׁ,
7 דֶער נֶעטְץ הָאט זִיך זֵיי אִיבֶּערְגֶערִיסֶען. זֵיי הָאבֶּען מִיט דֶער
הַאנְד גֶעװוּנְקֶען צוּ זֵייעֶרֶע חֲבֵרִים, װָאס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען אִין דֶער
אַנְדֶערֶער שִׁיף, זֵיי זָאלֶען קוּמֶען הֶעלְפֶען זֵיי, אוּן זֵיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעפִילְט בֵּיידֶע שִׁיפֶען, אַזוֹי דָאס זֵיי הָאבֶּען
8 אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיך צוּ טְרֶענְקֶען. שִׁמְעוֹן פֶּטֶר הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען,
אִיז עֶר גֶעפַאלֶען פַאר יֵשׁוּעַ'ן אוֹיף דִיא קְנִי, אוּן הָאט גֶעזָאגְט:
גֶעה אַרוֹיס פָאן מִיר, מֵיין הֶערְר, דֶען אִיך בִּין אֵיין זִינְדִיגֶער
9 מֶענְשׁ. דֶען אֵיין שְׁרֶעק הָאט אִיהם אוּן אַלֶעמֶען װָאס זֶענֶען
גֶעװֶעזֶען מִיט אִיהם אָנְגֶעחַאפְּט פָאן דֶעם פַאנְג פָאן פִישׁ װָאס
10 זֵיי הָאבֶּען גֶעפַאנְגֶען. אוֹיך יַעֲקֹב'ן אוּן יוֹחָנָן זְבַדְיָה'ס קִינְדֶער,
װֶעלְכֶע זֶענֶען גֶעװֶען חֲבֵרִים מִיט שִׁמְעוֹן'עֶן. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעזָאגְט צוּ שִׁמְעוֹן'עֶן: פִירְכְטֶע דִיך נִיט, פָאן יֶעצְט אָן װֶעסְט דוּא
11 פַאנְגֶען מֶענְשֶׁען. אוּן װֶען זֵיי הָאבֶּען בֵּיידֶע שִׁיפֶען אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט
אוֹיף דֶעם בָּארְטֶען, הָאבֶּען זֵיי אַלֶעס פֶערְלָאזֶען אוּן זֵיינֶען אִיהם
12 נָאך גֶעגַאנְגֶען. װֶען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעװֶען אִין אֵיין שְׁטָאדְט, אִיז
צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען אֵיין מֶענְשׁ פוּל מִיט קְרֶעטְץ אוּן װֶען עֶר הָאט
דֶערזֶעהֶען יֵשׁוּעַ'ן, אִיז עֶר גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵיין פָּנִים, אוּן הָאט
אִיהם גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט: מֵיין הֶערְר, װֶען דוּא װִילְסְט
13 קֶענְסְט דוּא מִיך רֵיינִיגֶען. עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט דִיא הַאנְד,
אוּן הָאט זִיך צוּגֶערִיהְרְט צוּ אִיהם אוּן גֶעזָאגְט: אִיך װִיל, זֵיי
14 רֵיין, אוּן בַּאלְד זֶענֶען דִיא קְרֶעטְץ אַװֶעק פָאן אִיהם. אוּן עֶר

הָאט אִיהם בַּאפוֹילֶען קֵיינֶעם נִיט אוֹיסְצוּזָאגֶען. אוּן גֶעהְן צוּ
וַייזֶען זִיךְ פַאר דֶעם כֹּהֵן אוּן צוּ בְּרֵיינְגֶען אֵיין קָרְבָּן פַאר דֶער
רֵיינְקֵייט, וְוִיא משֶׁה הָאט אָנְגֶעזָאגְט פַאר אֵיין עֵדוּת צוּ זֵיי.
15 אָבֶּער דִיא יְדִיעָה פָאן אִיהם הָאט זִיךְ נָאךְ מֶעהר פַארְבְּרֵייטֶעט.
אוּן אֵיין גְרוֹיס פָאלְק הָאט זִיךְ פַארְזַאמֶעלְט צוּ הֶערֶען אִיהם
16 אוּן צוּ הֵיילֶען זִיךְ בֵּיי אִיהם פָאן זֵייעֶרֶע קְרַאנְקְהֵייטֶען. אוּן עֶר
אִיז אַוֶּועק גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא מִדְבָּרִיוֹת אוּן הָאט מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען.
17 אוּן עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אֵיין טָאג וֶוען עֶר הָאט גֶעלֶערֶענְט,
זֶענֶען דָארְטֶען גֶעזֶעסֶען פְּרוּשִׁים אוּן לוֹמְדִים, וָואס זֵיינֶען גֶעקוּמֶען
פָאן אַלֶע דֶערְפֶער אִין גָלִיל אוּן יְהוּדָה אוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּן
18 גָאטְטֶעס גְבוּרָה אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אִיהם צוּ הֵיילֶען זֵיי. נוּן, הָאבֶּען
אֵיינִיגֶע גֶעבְּרַאכְט אוֹיף אֵיין בֶּעט אֵיין מַאן, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען
מִיט אָבְגֶענוּמֶענֶע גְלִידֶער, אוּן הָאבֶּען גֶעזוּכְט אַרֵיין צוּ טְרָאגֶען
19 אִיהם, אוּן צוּ לֵייגֶען אִיהם פַאר יְשׁוּעַ׳ן. אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען נִיט
גֶעפוּנֶען וְוִיא אִיהם דוּרְךְ צוּ טְרָאגֶען, מַחְמַת דִיא פִיל פָאלְק,
זֶענֶען זֵיי אַרוֹיף גֶעקְרָאכֶען אוֹיף דֶעם דַאךְ, אוּן הָאבֶּען אִיהם
מִיט דֶעם בֶּעט אַרָאבּ גֶעלָאזֶען דוּרְךְ דִיא דַאכְצִיגֶעל אִין מִיטֶען
20 פַאר יְשׁוּעַ׳ן. וֶוען יְשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען זֵייעֶר אֱמוּנָה, הָאט עֶר צוּ
דֶעם מַאן גֶעזָאגְט: דֵיינֶע זִינְד זֵיינֶען דִיר פַארְגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען.
21 דִיא סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ דֶענְקֶען אוּן
זָאגֶען: וֶוער אִיז דָאס, וֶועלְכֶער לֶעסְטֶערוּנְגֶען רֶעט? וֶוער קָאן
22 פַארְגֶעבֶּען זִינְד, אוֹיסֶער גָאטְט אַלֵיין? יְשׁוּעַ הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען
זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען, אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: וָואס דֶענְקְט
23 אִיהר אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער? וָואס אִיז גְרִינְגֶער צוּ זָאגֶען: דֵיינֶע
חַטָאִים זֶענֶען דִיר פַארְגֶעבֶּען? אָדֶער צוּ זָאגֶען: שְׁטֶעה אוֹיף
24 אוּן גֶעה? נוּר כְּדֵי אִיהר זָאלְט וִויסֶען, דָאס דֶער בֶּן־אָדָם הָאט
מַאכְט אוֹיף דֶער עֶרְד צוּ פַארְגֶעבֶּען זִינְד, אַזוֹי זָאגְט עֶר, צוּ
דֶעם קְרַאנְקֶען: אִיךְ זָאג דִיר, שְׁטֶעה אוֹיף נֶעם דֵיין בֶּעט אוּן
25 גֶעה אַהֵיים. אוּן עֶר אִיז בַּאלְד פַאר זֵיי אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, גֶענוּמֶען
26 זֵיין בֶּעט, אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען אַהֵיים אוּן גֶעלוֹיבְּט גָאטְט. אוּן אַלֶע
זֵיינֶען נִשְׁתּוֹמֵם גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט גָאטְט. אוּן וֶוען
זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט מוֹרָא הָאבֶּען זֵיי גֶעזָאגְט: וואוּנְדֶערְלִיכֶע

27 מַעֲשִׂים הָאבֶּען מִיר יֶעצְט גֶעזֶעהֶען. נָאךְ דֶעם אִיז עֶר אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען אֵיין מוֹכֵס (מַס נֶעמֶער) מִיט דֶעם
נָאמֶען, לֵוִי, וֶועלְכֶער אִיז גֶעזֶעסֶען בֵּיי דֶעם צָאל־הוֹיז אוּן הָאט
28 אִיהם גֶעזָאגְט: גֶעה מִיר נָאךְ. אוּן עֶר הָאט אַלֶעס פֶערְלָאזֶען
29 אוּן אִיז אוֹיףְ גֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען. אוּן לֵוִי
הָאט פַאר אִיהם גֶעמַאכְט אִין זַיין הוֹיז אֵיינֶע גְרוֹיסֶע סְעוּדָה אוּן
פִיל פָאלְק פָאן דִיא מוֹכְסִים אוּן אַנְדֶערֶע לֵייט זֶענֶען מִיט זֵיי
30 גֶעזֶעסֶען בֵּיים טִישׁ. דִיא סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים זַיינֶען אוּנְצוּפְרִידֶען
גֶעוֶוען זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעוֶועזֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: וָוארוּם עֶסְט
31 אִיהר אוּן טְרִינְקְט מִיט מוֹכְסִים אוּן זִינְדֶער? יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט
אֵיין עֶנְטְפֶער: גֶעזוּנְדֶע דַארְפֶען נִיט קֵיין רוֹפֵא, נוּר קְרַאנְקֶע.
32 אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען רוּפֶען תְּשׁוּבָה צוּ טָאן נִיט צַדִיקִים, נוּר זִינְדֶער.
33 זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: פַאר וָואס פַאסְטֶען דִיא תַּלְמִידִים פָאן
יוֹחָנָן אָפְטֶער אוּן טְהוּעֶן תְּפִלָּה, אוֹיךְ אַזוֹי דִיא פָאן דִיא פְּרוּשִׁים,
34 אָבֶּער דֵיינֶע עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען? עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: קֶענְט
אִיהר דֶען נוֹיטֶען דִיא אוּנְטֶערְפִיהְרֶער, דָאס זֵיי זָאלֶען פַאסְטֶען
35 וֶוען דֶער חָתָן אִיז מִיט זֵיי? עֶס וֶועלֶען אָבֶּער קוּמֶען טֶעג, וֶוען
דֶער חָתָן וֶועט פָאן זֵיי אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּן דַאמָאלְסְט
36 וֶועלֶען זֵיי אִין דִיזֶע טֶעג פַאסְטֶען. דֶערְבֵּיי הָאט עֶר זֵיי
גֶעזָאגְט אֵיין מָשָׁל, קֵיינֶער לֵייגְט נִיט צוּ אֵיין לַאטֶע, וֶועלְכֶע
מֶען הָאט אָבְּגֶעְרִיסֶען פָאן אֵיין נֵייעֶן קְלֵייד אוֹיף אֵיין אַלְטֶען
קְלֵייד, דֶען דָאס נֵייעֶ וֶוערְט צוּרִיסֶען, אוּן צוּם אַלְטֶען פַּאסְט
37 דִיא לַאטֶע מֶעהר נִיט. אוּן קֵיינֶער גִיסְט נִיט אַרֵיין קֵיין נֵייעֶן
וֵויין אִין אַלְטֶע לָאגְלֶען, וֶוען יַא, צוּרֵייסְט דֶער נֵייעֶר וֵויין דִיא
לָאגְלֶען אוּן רִינְט אוֹיס, אוּן דִיא לָאגְלֶען וֶוערֶען פַארְלָארֶען.
38 נוּר נֵייעֶן וֵויין דַארְף מֶען אַרֵיין גִיסֶען אִין נֵייעֶ לָאגְלֶען, דַאמָאלְסְט
39 וֶוערֶען בֵּיידֶע בַּאוָוארְנְט. אוּן וֶוער עֶס טְרִינְקְט אַלְטֶען וֵויין,
דֶער וִויל בַּאלְד נִיט טְרִינְקֶען קֵיין נֵייעֶס, דֶען עֶר זָאגְט דֶער
אַלְטֶער אִיז בֶּעסֶער.

עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם צְוֵייטֶען שַׁבָּת פָאן סְפִירַת הָעוֹמֶר, ו
וֶוען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ פֶעלְדֶער מִיט תְּבוּאָה, אוּן זַיינֶע
תַּלְמִידִים הָאבֶּען אָבְּגֶערִיסֶען זַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען זֵיי צוּרִיבֶּען מִיט

2 וַייעֶרֶע הֶענְד אוּן הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען. אֵיינִיגֶע פָאן דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען
זֵיי גֶעזָאגְט: וָוארוּם טְהוּט אִיהר דָאס וָואס אִיז אָסוּר אוּם שַׁבָּת
3 צוּ טָאן. יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: הָאט אִיהר דֶען
נִיט גֶעלֶעזֶען וָואס דָוִד הַמֶּלֶךְ הָאט גֶעטָאן, וָוען עֶר אַלֵיין אוּן דִיא
4 וָואס זֶענֶען גֶעוועזֶען מִיט אִיהם, הָאבֶּען גֶעהוּנְגֶערְט? וִויא עֶר אִיז
אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִין גָאטְטֶעס הוֹיז גֶענוּמֶען דֶעם לֶחֶם־הַפָּנִים אוּן
הָאט גֶעגֶעסֶען, אוּן הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶוען
מִיט אִיהם, אוּן עֶר אִיז נִיט מוּתָּר גֶעוֶוען צוּ עֶסֶען, נוּר צוּ דִיא
5 כֹּהֲנִים אַלֵיין. אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: דֶער בֶּן אָדָם אִיז אוֹיךְ דֶער
6 הֶערְר פָאן דֶעם שַׁבָּת. אוּן עֶס אִיז גֶעוֶוען אִין אֵיין אַנְדֶערֶען
שַׁבָּת אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין שׁוּל אוּן הָאט גֶעלֶערֶענְט, אוּן דָארְטֶען
אִיז גֶעוֶוען אֵיין מַאן וָואס זֵיין רֶעכְטֶע הַאנְד אִיז אִיהם פַארְדַארְט
7 גֶעוֶועזֶען. דִיא סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים הָאבֶּען אִיהם נָאךְ גֶעקוּקְט,
צוּ זֶעהֶען אוֹיבּ עֶר וֶועט הֵיילֶען אוּם שַׁבָּת, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען גֶעפִינֶען
8 אוֹיף אִיהם אֵיינֶע קְלַאגֶע. עֶר הָאט גֶעוואוּסְט זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען,
אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַאן וָואס זֵיין הַאנְד אִיז גֶעוֶוען פַארְדַארְט,
שְׁטֶעה אוֹיף אוּן שְׁטֶעל דִיךְ אוּז דֶער מִיטֶען, אוּן עֶר אִיז אוֹיף
9 גֶעשְׁטַאנֶען אוּן זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט. יֵשׁוּעַ זָאגְט זֵיי: אִיךְ פְרֶעג אַייךְ:
וָואס אִיז מוּתָּר צוּ טָאן אוּם שַׁבָּת? גוּטֶעס אָדֶער שְׁלֶעכְטֶעס?
מַצִיל זֵיין אֵיין נֶפֶשׁ, אָדֶער צוּ פֶערְלִירֶען? אוּן זֵיי הָאבֶּען
10 גֶעשְׁוִויגֶען. אוּן עֶר הָאט זֵיי אַלֶעמֶען אָנְגֶעקוּקְט, אוּן גֶעזָאגְט צוּ
אִיהם: שְׁטְרֶעק אוֹיס דֵיין הַאנְד, עֶר הָאט אַזוֹי גֶעטָאן, אוּן זֵיין
11 הַאנְד אִיז גֶעוָוארֶען גֶעזוּנְד, וִויא דִיא אַנְדֶערֶע. זֵיי זַיינֶען פוּל מִיט
מְשׁוּגַעַת גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט:
12 וָואס זָאל מֶען יֵשׁוּעַ'ן טָאן? אִין יֶענֶע טֶעג אִיז עֶר אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען אוֹיף אֵיין בַּארְג מִתְפַּלֵל צוּ זֵיין אוּן הָאט אֵיין גַאנְצֶע
13 נַאכְט תְּפִלָּה גֶעטָאן צוּ גָאטְט. אוּן וָוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען
הָאט עֶר זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּגֶערוּפֶען, אוּן הָאט פָאן זֵיי אוֹיסְדֶערְוֶוויילְט
צְוֶועלְף, וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוֹיךְ גֶערוּפֶען שְׁלִיחִים (אַפָּאסְטֶעל).
14 שִׁמְעוֹן, וֶועלְכֶען עֶר הָאט אוֹיךְ גֶערוּפֶען פֶּטֶר, אוּן אַנְדְרַי, זֵיין
15 בְּרוּדֶער, יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן, פִלִיפּוּס אוּן בַּר תַּלְמַי. מַתַּי אוּן תּוֹמָא,
יַעֲקֹב בֶּן חַלְפַי אוּן שִׁמְעוֹן, וָואס מֶען הָאט גֶערוּפֶען הַקַּנָּאִי.

יְהוּדָה בֶּן יַעֲקֹב, אוּן יְהוּדָה אִישׁ קְרִיוֹת, װעלְכֶער אִיז גֶעװָארֶען
17 אַיין מוֹסֵר. אוּן עֶר אִיז מִיט זֵיי אַרָאבְּגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט זִיךְ
גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף אַיין גְלֵייכֶען אָרְט, אוּן פִילֶע זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּן
פִיל פָאלְק פָאן גַאנְץ יְהוּדָה אוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּן פָאן דֶעם בָּארְטֶען
18 פָאן צוֹר אוּן צִידוֹן. װעלְכֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִיהם הֶערֶען אוּן זִיךְ
אוֹיס צוּ הֵיילֶען פָאן זֵייעֶרֶע קְרַאנְקְהֵייט אוֹיךְ דִיזֶע, װעלְכֶע הָאבֶּען
19 גֶעלִיטֶען פָאן אוּנְרֵיינֶע רוּחוֹת, אוּן זֶענֶען גֶעהֵיילְט גֶעװָארֶען. אוּן
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶעזוּכְט זִיךְ צוּ צוּרִיהרֶען צוּ אִיהם, װַייל
אַיין גְבוּרָה אִיז פָאן אִיהם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן זִיא הָאט אַלֶעמֶען
20 גֶעהֵיילְט. אוּן עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיף זֵיינֶע
תַּלְמִידִים אוּן גֶעזָאגְט: זֶעלִיג זֶענֶען דִיא אָרֶעמֶע, דֶען דָאס מַלְכוּת
21 אֱלֹהִים אִיז אַייעֶרֶע. זֶעלִיג זֶענֶען דִיא, װָאס הוּנְגֶערֶען יֶעצְט, דֶען
אִיהר װעט גֶעזֶעטִיגְט װערֶען. זֶעלִיג זֶענֶען דִיא װָאס װֵיינֶען יֶעצְט,
22 דֶען אִיהר װעט לַאכֶען. זֶעלִיג זֶענְט אִיהר, װען מֶענְשֶׁען װעלֶען
אַייךְ פֵיינְד הָאבֶּען, אוּן װעלֶען אַייךְ דֶערְװַייטֶערֶען, אוּן װעלֶען
אַייךְ שֶׁענְדֶען, אוּן װעלֶען אַייעֶר נָאמֶען פַארְװַארְפֶען, װִיא אַיין
23 בֶּעזֶען, פָאן װעגֶען דֶעם בֶּן־אָדָם. פְרֵייהֶעט אַייךְ אִין דֶעם טָאג
אוּן טַאנְצְט, דֶען גְרוֹיס אִיז אַייעֶר שְׂכַר אִין דִיא הִימְלֶען, אַזוֹי
24 הָאבֶּען זִיךְ זֵייעֶרֶע פָאטֶערְס בֶּעגַאנְגֶען מִיט דִיא נְבִיאִים. אָבֶּער
װֵיא אִיז אַייךְ רֵייכֶע, דֶען אִיהר הָאט שׁוֹין מְקַבֵּל גֶעװֶען אַייעֶר
25 נֶחָמָה. װעה אִיז אַייךְ זַאטֶע, דֶען אִיהר װעט הוּנְגֶערְן. װעה
אִיז אַייךְ, װָאס לַאכֶען יֶעצְט, דֶען אִיהר װעט טְרוֹיעֶרְן אוּן
26 װֵיינֶען. װעה אִיז אַייךְ װען אַלֶע מֶענְשֶׁען װעלֶען אוֹיף אַייךְ גוּטֶעס
רֶעדֶען, דֶען אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען בַּאגַאנְגֶען מִיט דִיא
27 פַאלְשֶׁע נְבִיאִים. נוּר אַייךְ, װָאס הֶערֶען, זָאג אִיךְ: לִיבְּט
28 אַייעֶרֶע שׂוֹנְאִים, טְהוּט גוּטֶעס צוּ דִיא, װָאס הַאסֶען אַייךְ. בֶּענְשְׁט
דִיא װָאס פְלוּכֶען אַייךְ, אוּן זֵייט מִתְפַּלֵל פַאר דִיא װָאס בֶּעלֵיידִיגֶען
29 אַייךְ. דֶעם װָאס שְׁלָאגְט דִיר אִין בַּאק שְׁטֶעל אוּנְטֶער דִיא
אַנְדֶערֶע, אוּן דֶעם װָאס הָאט בֵּיי דִיר אַװעק גֶענוּמֶען דֵיין מַאנְטֶעל,
30 פַארְװער נִיט צוּ נֶעמֶען דֶעם רָאק. יֶעדֶעם, װָאס בֶּעט בֵּיי דִיר
גִיבּ, אוּן פָאן דֶעם װָאס הָאט דֵיינֶע גֶענוּמֶען, פָאדֶער נִיט צוּרִיק.
31 אוּן װִיא אִיהר װִילְט, דָאס דִיא מֶענְשֶׁען זָאלֶען אַייךְ טָאן, אַזוֹי

32 זָאלְט אִיהר אוֹיךְ זַיי טָאן. אוּן וֶוען אִיהר לִיבְּט דִיא וָואס לִיבֶּען
אַייךְ, וָואס פַאר אֵיינֶע גְנַאדֶע אִיז דָאס? דֶען אוֹיךְ זִינְדֶער לִיבֶּען
33 דִיא, וָואס לִיבֶּען זַיי. אוּן וֶוען אִיהר טְהוּט גוּטֶעס דִיא, וֶועלְכֶע
אַייךְ טְהוּעֶן גוּטֶעס, וָואס פַאר אֵיינֶע גְנַאדֶע אִיז דָאס? דֶען אוֹיךְ
34 זִינְדֶער טְהוּעֶן דָאס זֶעלְבֶּע. אוּן וֶוען אִיהר לֵייעֶט צוּ דִיא, פָאן
וֶועלְכֶע אִיהר הָאפְט מְקַבֵּל צוּ זַיין צוּרִיק, וָואס פַאר אֵיינֶע גְנַאדֶע
אִיז דָאס? דֶען דִיא זִינְדֶער לֵייעֶן אוֹיךְ צוּ זִינְדֶער, כְּדֵי זַיי זָאלֶען
35 דִיא זֶעלְבִּיגֶע סוּמְמֶע בֶּעקוּמֶען. אָבֶּער אִיהר, לִיבֶּעט אֵייעֶרֶע
שׂוֹנְאִים, אוּן טְהוּט זַיי גוּטֶעס, אוּן לֵייט וואו אִיהר קֵיינֶע הָאפֶענוּנג
הָאט אָב צוּ נֶעהמֶען. אַזוֹי וֶועט אֵייעֶר שְׂכַר גְרוֹיס זַיין, אוּן אִיהר
וֶועט קִינְדֶער פָאן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען זַיין, דֶען אוֹיךְ עֶר אִיז גוּט
36 צוּ דִיא אוּנְדַאנְקְבַּארֶע אוּן שְׁלֶעכְטֶע. דֶערִיבֶּער זַייט רַחֲמָנִים,
37 וִויא אֵייעֶר פָאטֶער אִיז בַּארֶעמְהֶערְצִיג. מִשְׁפָּט נִיט, אוּן אִיהר
וֶועט נִיט גֶעמִשְׁפָּט וֶוערֶען; פֶערְאוּרְטֵיילְט נִיט, וֶועט מֶען אַייךְ
אוֹיךְ נִיט פֶערְאוּרְטֵיילֶען. זַייט מוֹחֵל, וֶועט מֶען אַייךְ אוֹיךְ מוֹחֵל
38 זַיין. גִיט, אוּן אַייךְ וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען מִיט אֵיין גוּטֶע מָאס
אֵיין אָנְגֶעטְרָאטֶענֶע, אֵיינְגֶעטְרוֹיסֶעלְטֶע, גֶעהוֹיפְטֶע וֶועט מֶען אַרֵיין
שִׁיטֶען אִין אֵייעֶר שׁוֹיס, דֶען מִיט דֶער מָאס וָואס אִיהר מֶעסְט,
39 מִיט אַזֶעלְכֶע וֶועט מֶען אַייךְ אוֹיךְ מֶעסְטֶען. עֶר הָאט זַיי אוֹיךְ
גֶעזָאגְט אֵיין מָשָׁל: קָאן דֶען אֵיין בְּלִינְדֶער פִירֶען אֵיין בְּלִינְדֶען?
40 וֶועלֶען זַיי דֶען בֵּיידֶע נִיט אַרֵיין פַאלֶען אִין אֵיין גְרוּב. אֵיין
תַּלְמִיד אִיז נִיט הֶעכֶער פָאן זַיין רַבִּי; יֶעדֶער וֶועט גֶעלֶעהֶרֶענְט
41 זַיין וִויא זַיין רַבִּי. פַארְוָואס זֶעהסְט דוּא דָאס שְׁפֶּענְדֶעל אִין
דֶעם בְּרוּדֶערְס אוֹיג, אוּן מֶערְקְסְט נִיט דֶעם בַּאלְקֶען, וָואס אִיז
42 אִין דֵיין אוֹיג. אָדֶער וִויא קָאנְסְט דוּא זָאגֶען דֵיין בְּרוּדֶער:
בְּרוּדֶער לָאז, אִיךְ וֶועל דִיר אַרוֹיסְנֶעמֶען דָאס שְׁפֶּענְדֶעל פָאן
דֵיין אוֹיג, וֶוען דוּא אַלֵיין זֶעהסְט נִיט דֶעם בַּאלְקֶען, וָואס אִיז
אִין דֵיין אוֹיג. חוֹנֵף, נֶעם פְרִיהֶער אַרוֹיס דֶעם בַּאלְקֶען פָאן דֵיין
אוֹיג, אוּן דֶער נָאךְ מֶעגְסְט דוּא זֶעהֶען וִויא אַרוֹיס צוּ נֶעמֶען דָאס
43 שְׁפֶּענְדֶעל פָאן דֵיין בְּרוּדֶערְס אוֹיג. עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין גוּטֶער
בּוֹים, וֶועלְכֶער זָאל אַרוֹיס בְּרֵיינְגֶען שְׁלֶעכְטֶע פֵּרוֹת, אוּן עֶס אִיז
נִיט דָא קֵיין שְׁלֶעכְטֶער בּוֹים וֶועלְכֶער זָאל אַרוֹיס בְּרֵיינְגֶען

44 גוּטֶע פֵּרוֹת. דֶען יֶעדֶער בּוֹים דֶערקָאנְט מֶען דוּרְךְ זַיינֶע אֵייגֶענֶע
פֵּרוֹת, ווייל מֶען זַאמֶעלְט נִיט קֵיין פֵייגֶען פָאן דֶערְנֶער, אוּן מֶען
45 קְלַייבְּט נִיט אַרָאבּ קֵיין ווַיינְטְרוֹיבֶּען פָאן דָארְנְבּוֹימֶער. אֵיין
גוּטֶער מַאן בְּרֵיינְגְט אַרוֹיס פָאן דֶעם גוּטֶען אוֹצָר, אִין זַיין הַארְצֶען
גוּטֶעס, אוּן אֵיין שְׁלֶעכְטֶער מַאן פָאן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען אוֹצָר, פָאן
זַיין הַארְצֶען, בְּרֵיינְגְט אַרוֹיס שְׁלֶעכְטֶעס, דֶען מִיט וָואס דִיא
46 הַארְץ אִיז פוּל רֶעט דֶער מוֹיל. וָואס רוּפְט אִיהר מִיךְ:
47 הֶערְר! הֶערְר! אוּן טְהוּט נִיט דָאס, וָואס אִיךְ זָאג אַייךְ? יֶעדֶער
וָואס קוּמְט צוּ מִיר אוּן הֶערְט מֵיינֶע וֶוערְטֶער, אוּן טְהוּט זֵיי,
48 וֶועל אִיךְ אֵייךְ ווַייזֶען צוּ וֶועמֶען עֶר אִיז גְלֵייךְ. עֶר אִיז גְלֵייךְ
צוּ אֵיין מַאן, וָואס עֶר בּוֹיעֶט אֵיין הוֹיז, וֶועלְכֶער הָאט טִיף
גֶעגְרָאבֶּען, אוּן הָאט גֶעלֵייגְט אֵיין פוּנְדַאמֶענְט אוֹיף אֵיין פֶעלְז,
אוּן וֶוען עֶס אִיז אֵיין גֶעוִויסֶער גֶעוֶועזֶען, הָאט דֶער שְׁטְרָאם
פַארְפְּלֵייצְט דָאס הוֹיז, אוּן הָאט עֶס נִיט גֶעקֶענְט רִיהְרֶען, ווַייל
49 עֶס אִיז גֶעגְרִינְדֶעט גֶעוֶועזֶען, אוֹיף אֵיין פֶעלְז. דֶער אָבֶּער, וֶוער עֶס
הֶערְט אוּן טְהוּט נִיט, אִיז גְלֵייךְ צוּ אֵיין מַאן, וָואס הָאט גֶעבּוֹיעֶט
אֵיין הוֹיז אוֹיף דֶער עֶרְד אָהן אֵיין פוּנְדַאמֶענְט, אוּן דֶער שְׁטְרָאם
הָאט עֶס פַארְפְלֵייצְט, אוּן עֶס אִיז בַּאלְד אֵיינְגֶעפַאלֶען גֶעוָוארֶען,
אוּן דֶער פַאל פָאן דֶעם הוֹיז אִיז זֶעהר גְרוֹיס גֶעוֶועזֶען.

ז 1 וֶוען עֶר הָאט דִיא אַלֶע זַיינֶע רֵייד פַאר דֶעם פָאלְק צוּם
2 הֶערֶען גֶעבְּרַאכְט, אִיז עֶר אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען קֵיין כְּפַר נַחוּם. אֵיין
קְנֶעכְט פָאן אֵיין הוֹיפְּטְמַאן אִיז קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען צוּם שְׁטַארְבֶּען;
3 עֶר אִיז בֵּיי אִיהם זֶעהר טֵייעֶר גֶעוֶועזֶען. אוּן עֶר הָאט גֶעהֶערְט
פָאן יֵשׁוּעַ'ן, הָאט עֶר צוּ אִיהם גֶעשִׁיקְט דִיא אִידֶעשֶׁע עֶלְטֶעסְטֶע
4 צוּ בֶּעטֶען אִיהם, דָאס עֶר זָאל קוּמֶען הֵיילֶען זַיין דִינֶער. אוּן
זֵיי זֵיינֶען גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ'ן, אוּן הָאבֶּען אִיהם זֶעהר גֶעבֶּעטֶען
אוּן גֶעזָאגְט: עֶר אִיז וֶוערְט, דָאס דוּא זָאלְסְט אִיהם דָאס טָאן.
5 דֶען עֶר לִיבְּט אוּנְזֶער פָאלְק, אוּן הָאט אוּנְז אוֹיסְגֶעבּוֹיט אֵיין
6 שׁוּל. יֵשׁוּעַ אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט זֵיי, אוּן וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין נִיט
ווַייט גֶעוֶועזֶען פָאן דֶעם הוֹיז, הָאט דֶער הוֹיפְּטְמַאן גֶעשִׁיקְט צוּ
אִיהם פְרֵיינְד אִיהם צוּ זָאגֶען: בֶּעמִיהֶע דִיךְ נִיט מֵיין הֶערְר!
דֶען אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט, דָאס דוּא זָאלְסְט אַרֵיין גֶעהְן אוּנְטֶער

7 מֵיין דַאךְ. דַארוּם הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַלֵיין אוֹיךְ נִיט גֶערֶעכֶענְט
פַאר וֶוערְט צוּ קוּמֶען צוּ דִיר, נוּר זָאג אֵיין וָוארְט, אוּן מֵיין
8 דִינֶער וֶועט שׁוֹין גֶעזוּנְד וֶוערֶען. דֶען הַגַם אִיךְ בִּין אוֹיךְ אֵיין
אוּנְטֶער גֶעאָרְדֶענְטֶער מֶענְשׁ, נוּר אִיךְ הָאבּ אוּנְטֶער מִיר
סָאלְדַאטֶען, אוּן אִיךְ זָאג אַיינֶעם: גֶעה! אוּן עֶר גֶעהט; דֶעם
אַנְדֶערֶען קוּם, אוּן עֶר קוּמְט, אוּן צוּ מֵיין דִינֶער: טְהוּעֶ דָאס,
9 אוּן עֶר טְהוּט. וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר זִיךְ
פֶערְוואוּנְדֶערְט אִיבֶּער אִיהם, אוּן הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט, אוּן
גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, וָואס אִיז אִיהם נָאךְ גֶענַאנְגֶען, אִיךְ זָאג
אַייךְ: דָאס אֲפִילוּ אִין דִיא יִשְׂרָאֵל הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעפוּנֶען אַזוֹי
10 אֵיינֶע אֱמוּנָה. דִיא שְׁלוּחִים הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט אַהֵיים,
11 אוּן הָאבֶּען גֶעפוּנֶען דֶעם קְרַאנְקֶען דִינֶער גֶעזוּנְד. נָאךְ דֶעם
אִיז יֵשׁוּעַ גֶענַאנְגֶען אִין אֵיין שְׁטָאדְט, וָואס מֶען הָאט זִיא גֶערוּפֶען
נָעִים, אוּן מִיט אִיהם זֶענֶען גֶענַאנְגֶען פִיל פָאן זֵיינֶע תַּלְמִידִים
12 אוּן אֵיין סַךְ פָאלְק. וֶוען עֶר אִיז צוּ גֶענַאנְגֶען נֶעהֶענְטֶער צוּם
טוֹיעֶר פָאן דֶער שְׁטָאדְט, נוּן, הָאט מֶען אַרוֹיס גֶעטְרָאגֶען אֵיין
מֵת, אֵיין בֶּן־יָחִיד בֵּיי זֵיין מוּטֶער, אוּן זִיא אִיז גֶעוֶוען אֵיין
אַלְמָנָה, אוּן אֵיין סַךְ פָאלְק אִיז גֶענַאנְגֶען מִיט אִיהר פָאן דֶער
13 שְׁטָאדְט. וֶוען דֶער הֶערְר הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר זֶעהֶער
רַחֲמָנוּת בַּאקוּמֶען אוֹיף אִיהר, אוּן הָאט אִיהר גֶעזָאגְט: וֵויין נִיט.
14 אוּן אִיז צוּגֶענַאנְגֶען, אוּן הָאט זִיךְ צוּגֶערִיהרְט צוּ דֶער מִטָּה, דִיא
טְרֶעגֶערְס זֶענֶען שְׁטֶעהן גֶעבְּלִיבֶּען, אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט:
15 יוּנְגֶער מַאן, אִיךְ זָאג דִיר: שְׁטֶעה אוֹיף! דֶער מֵת הָאט זִיךְ
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אַנִידֶער גֶעזֶעצְט, אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען,
16 אוּן עֶר הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיין מוּטֶער. אוּן אֵיין
שְׁרֶעק הָאט אַלֶעמֶען אָנְגֶענוּמֶען, אוּן הָאבֶּען גָאטְט גֶעלוֹיבְּט
אוּן גֶעזָאגְט: אֵיין גְרוֹיסֶען נָבִיא הָאט גָאטְט אוֹיף גֶעשְׁטֶעלְט
17 צְווִישֶׁען אוּנְז, אוּן גָאטְט הָאט בֶּעזוּכְט זֵיין פָאלְק. אוּן דִיזֶע
גֶעשִׁיכְטֶע הָאט זִיךְ פַארְבְּרֵייטֶעט אִין גַאנְץ יְהוּדָה, אוּן אִין דֶעם
18 גַאנְצֶען גֶעגֶענְד. אוּן דִיא תַּלְמִידִים פָאן יוֹחָנָן הָאבֶּען אִיהם
19 דֶערְצֵיילְט פָאן אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען. יוֹחָנָן הָאט גֶערוּפֶען צְוֵויי
פָאן זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּן הָאט זֵיי גֶעשִׁיקְט צוּ יֵשׁוּעַן, פְרֶעגֶען:

בִּיסְט דוּא דֶער ווֶעלְכֶער דַארְף קוּמֶען, אָדֶער זָאלֶען מִיר
וַוארְטֶען אוֹיף אֵיין אַנְדֶערֶען? דִיא לֵייט זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ 20
אִיהם, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל הָאט אוּנְז גֶעשִׁיקְט צוּ
דִיר פְרֶעגֶען: בִּיסְט דוּא דֶער, ווֶעלְכֶער דַארְף קוּמֶען, אָדֶער
זָאלֶען מִיר וַוארְטֶען אוֹיף אֵיין אַנְדֶערֶען? אִין דֶער צֵייט הָאט 21
עֶר פִיל גֶעהֵיילְט פָאן קְרַאנְקְהֵייט אוּן וֵוייטָאקֶען, פָאן בֶּעזֶע
גֵייסְטֶער, אוּן פִילֶע בְּלִינְדֶע, הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען זֶעהוּנְג. אוּן 22
יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: גֶעהט, זָאגְט יוֹחָנָן, וָואס
אִיהר הָאט גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעהֶערְט: בְּלִינְדֶע זֶעהֶען, הִינְקֶענְדִיגֶע
גֶעהֶען, קְרֶעצִיגֶע ווֶערֶען רֵיין, טוֹיבֶּע הֶערֶען, טוֹיטֶע שְׁטֶעהֶען
אוֹיף, אוּן דִיא אָרֶעמֶען ווֶערְט גֶעפְּרֶעדִיגְט. אוּן זֶעלִיג אִיז דֶער, 23
ווֶער עֶס ווֶעט אָן מִיר נִיט גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט ווֶערֶען. ווֶען דִיא 24
שְׁלוּחִים פָאן יוֹחָנָן זֶענֶען אַווֶעק גֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען
צוּ רֶעדֶען צוּם פָאלְק ווֶעגֶען יוֹחָנָן: וָואס זֶענְט אִיהר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
זֶעהֶען אִין דֶער מִדְבָּר? אֵיין רָאהר, ווֶעלְכֶען דֶער ווִינְד שָׁאקֶעלְט.
אוֹיבּ נִיט, וָואס דֶען זֶענְט אִיהר גֶעגַאנְגֶען זֶעהֶען? אֵיין מַאן, וָואס 25
אִיז גֶעקְלֵיידֶעט אִין ווַייכֶע קְלֵיידֶער? נוּן, דִיא וָואס קְלֵיידֶען זִיךְ
אִין הֶערְלִיכֶע קְלֵיידֶער אוּן לֶעבֶּען אִין תַּעֲנוּגִים דִיא זֶענֶען אִין
קֶענִיגְלִיכֶע פַּאלַאסְטֶען. נוּר וָואס דֶען זֶענְט אִיהר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען 26
זֶעהֶען? אֵיין נָבִיא, יַא, אִיךְ זָאג אַייךְ: מֶעהר פָאן אֵיין נָבִיא. עֶר 27
אִיז דֶער, אוֹיף ווֶעלְכֶען עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: זֶעה, אִיךְ שִׁיק מֵיין
מַלְאָךְ פַאר דִיר, ווֶעלְכֶער ווֶעט אָנְבְּרֵייטֶען דֵיין ווֶעג פַאר דִיר.
דֶען אִיךְ זָאג אַייךְ: צְווִישֶׁען דִיא, וָואס זֶענֶען גֶעבָּארֶען פָאן אֵיין 28
פְרוֹי, אִיז נִיט דָא קֵיין גְרֶעסֶערֶער נָבִיא פָאן יוֹחָנָן הַמַטְבִּיל:
אָבֶּער דֶער קְלֶענְסְטֶער אִין דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְרֶעסֶער
פָאן אִיהם. אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק, וָואס הָאט גֶעהֶערְט, אוּן 29
דִיא מוֹכְסִים הָאבֶּען גָאטְט גֶערֶעכְט גֶעגֶעבֶּען, ווֵייל זֵיי הָאבֶּען
זִיךְ גֶעטוֹבֵלְט מִיט יוֹחָנָן'ס טְבִילָה. דִיא פְּרוּשִׁים אוּן דִיא 30
לוֹמְדִים הָאבֶּען פַארְוָוארְפֶען גָאטְטֶעס עֵצָה ווֶעגֶען זִיךְ אַלֵיין,
אוּן הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעטוֹבֵלְט. אוּן דֶער הֶערְר הָאט גֶעזָאגְט: 31
צוּ ווֶעמֶען זָאל אִיךְ גְלֵייכֶען דִיא מֶענְשֶׁען פָאן דִיזֶען דוֹר? אוּן
צוּ ווֶעמֶען זֶענֶען זֵיי גְלֵייךְ? זֵיי זֶענֶען גְלֵייךְ צוּ קִינְדֶער, ווֶעלְכֶע 32

זִיצֶען אוֹיפֶען מַארְק אוּן רוּפֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען צוּ אוּן
זָאגֶען: מִיר הָאבֶּען אַייךְ גֶעפֵייפְט אוּן אִיהר הָאט נִיט גֶעטַאנְצְט;
33 מִיר הָאבֶּען אַייךְ גֶעקְלָאגְט אוּן אִיהר הָאט נִיט גֶעוֵויינְט. דֶען
עֶס אִיז גֶעקוּמֶען יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל, אוּן הָאט נִיט גֶעגֶעסֶען קֵיין
בְּרוֹיט, אוּן הָאט נִיט גֶעטְרוּנְקֶען קֵיין וַויין, הָאט אִיהר גֶעזָאגְט:
34 עֶר הָאט אֵיין שֵׁד. אִיז גֶעקוּמֶען דֶער בֶּן־הָאָדָם, עֶר עֶסְט אוּן
טְרִינְקְט, זָאגְט אִיהר: זֶעהט, אֵיין מַאן אֵיין פְרֶעסֶער אוּן אֵיין
35 זוֹיפֶער, אֵיין גוּטֶער פְרֵיינְד פָאן מוֹכְסִים אוּן זִינְדֶער. אוּן דִיא
חָכְמָה אִיז גֶערֶעכְטְפַארְטִיגְט גֶעוָוארֶען פָאן אַלֶע אִיהרֶע קִינְדֶער.
36 אֵיינֶער פָאן דִיא פְּרוּשִׁים הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל
בַּיי אִיהם עֶסֶען, אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין הוֹיז פָאן דֶעם פָּרוּשׁ,
37 אוּן הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּם טִישׁ. נוּן, אֵיינֶע פְרוֹי פָאן דֶער
שְׁטָאדְט, אֵיינֶע זִינְדֶערִין, אִיז גֶעוָואר גֶעוָוארֶען, דָאס עֶר זִיצְט
בַּיים טִישׁ אִין דֶעם פָּרוּשׁ'ס הוֹיז, הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט אֵיין
38 אַלְבַּאסְטֶערְנֶעם קְרוּג מִיט מוֹר־אֵייל. אוּן הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט
הִינְטֶער זֵיינֶע פִיס אוּן הָאט גֶעוֵויינְט: אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
בֶּענֶעצֶען זֵיינֶע פִיס מִיט טְרֶערֶען, אוּן הָאט זֵיי אָבְּגֶעוִוישְׁט מִיט
דִיא הָאר פָאן אִיהר קָאפְּף, גֶעקוּשְׁט זֵיינֶע פִיס אוּן גֶעזַאלְבְּט
39 מִיט דֶעם מוֹר־אֵייל. דֶער פָּרוּשׁ וָואס הָאט אִיהם אֵיינְגֶעלַאדֶען,
הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאט עֶר בַּיי זִיךְ גֶעטְרַאכְט: וֶוען עֶר
וָואלְט זַיין אֵיין נָבִיא, אַזוֹי וָואלְט עֶר גֶעוְואוּסְט וֶוער, אוּן וָואס
דִיא פְרוֹי אִיז, וָואס זִיא רִיהרְט אִיהם אָן, זִיא אִיז דָאךְ אֵיינֶע
40 זִינְדֶערִין. יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ צוּ אִיהם גֶעוֶוענְדֶעט אוּן גֶעזָאגְט:
שִׁמְעוֹן אִיךְ הָאבּ דִיר עֶטְוָואס צוּ זָאגֶען, עֶר זָאגְט: זָאג רַבִּי.
41 יֵשׁוּעַ זָאגְט: אֵיין מַלְוֶה הָאט גֶעהַאט צְוֵויי בַּעֲלֵי חוֹבוֹת, אֵיינֶער
אִיז שׁוּלְדִיג גֶעוֶועזֶען פִינְף הוּנְדֶערְט דִינָר, אוּן דֶער אַנְדֶערֶער
42 פוּנְפְצִיג. נוּר אַזוֹי וִויא זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט מִיט וָואס צוּ
צָאלֶען, הָאט עֶר בֵּיידֶען מוֹחֵל גֶעוֶועזֶען, זָאג: וֶועלְכֶער פָאן זֵיי
43 הָאט אִיהם מֶעהרֶער לִיבּ? שִׁמְעוֹן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט: אִיךְ
דֶענְק, דֶער וֶועמֶען עֶר הָאט מֶעהרֶער מוֹחֵל גֶעוֶועזֶען. עֶר זָאגְט
44 אִיהם: רֶעכְט הָאסְט דוּא גֶעמִשְׁפָּט. אוּן הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט
צוּ דֶער פְרוֹי, אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ שִׁמְעוֹן: דוּא זֶעהסְט דִיזֶע

פְרױ? אִיך בִּין גֶעקוּמֶען אִין דֵיין הױז, אוּן דוּא הָאסְט מִיר
װַאסֶער פַאר מֵיינֶע פִים נִיט גֶעגֶעבֶּען, זִיא אָבֶּער הָאט מִיר מִיט
טְרֶערֶען דִיא פִים גֶענֶעצְט, אוּן מִיט דִיא הָאר פָאן אִיהר קָאפְּף
45 אָבְּגֶעװִישְׁט. דוּא הָאסְט מִיר קֵיין קוּשׁ נִיט גֶעגֶעבֶּען, זִיא אָבֶּער,
זֵייט דֶער צֵייט װָאס אִיך בִּין גֶעקוּמֶען, הָאט נִיט אױפְגֶעהֶערְט
46 צוּ קוּשֶׁען מֵיינֶע פִים. דוּא הָאסְט מִיר דֶעם קָאפְּף מִיט אֵייל
נִיט גֶעזַאלְבְּט, זִיא אָבֶּער הָאט מִיט מוֹר גֶעזַאלְבְּט מֵיינֶע פִים.
47 דֶערִיבֶּער זָאג אִיך דִיר: אִיהרֶע פִילֶע זִינְדֶע זֶענֶען אִיהר פַארְגֶעבֶּען
גֶעװָארֶען, װֵייל זִיא הָאט פִיל גֶעלִיבְּט, װֶעמֶען אָבֶּער עֶס װֶערְט
48 װֵיינִיג פַארְגֶעבֶּען, דֶער לִיבְּט װֵיינִיג. אִיהר הָאט עֶר גֶעזָאגְט:
49 דֵיינֶע זִינְדֶע זֶענֶען דִיר פַארְגֶעבֶּען. אוּן דִיא װָאס זֶענֶען מִיט
אִיהם גֶעזֶעסֶען בַּיים טִישׁ, הָאבֶּען בֵּיי זִיך אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען:
50 װֶער אִיז דָאס, דָאס עֶר אִיז אױך זִינְד מוֹחֵל? אוּן עֶר הָאט
גֶעזָאגְט צוּ דֶער פְרױ: דֵיין אֱמוּנָה הָאט דִיר גֶעהָאלְפֶען: גֶעה
לְשָׁלוֹם.

ח נָאך דֶעם אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען פָאן שְׁטָאדְט צוּ שְׁטָאדְט, פָאן
דָארְף צוּ דָארְף, אוּן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אוּן אָנְגֶעזָאגְט דָאס
2 מַלְכוּת אֱלֹהִים, אוּן דִיא צְװֶעלְף זֶענֶען גֶעװֶען מִיט אִיהם. אוּן
אֵיינִיגֶע װֵייבֶּער, װֶעלְכֶע עֶר הָאט אױסְגֶעהֵיילְט פָאן בֶּעזֶע
גֵייסְטֶער אוּן קְרַאנְקְהֵייט: מִרְיָם, װָאס מֶען הָאט גֶערוּפֶען
מַגְדָלִית, פָאן װֶעלְכֶער עֶס זֶענֶען אַרױס גֶעגַאנְגֶען זִיבֶּען שֵׁדִים.
3 אוּן יוֹחָנָה דָאס װֵייבּ פָאן כּוּזָא, װָאס אִיז גֶעװֶען דֶער פֶערְװַאלְטֶער
פָאן הוֹרְדוֹס הױז, אוּן שׁוֹשַׁנָה, אוּן נָאך אַנְדֶערֶע, װֶעלְכֶע הָאבֶּען
4 אִיהם בֶּעדִינְט מִיט זֵייעֶר פַארְמֶעגֶען. װֶען עֶס הָאט זִיך
פֶערְזַאמֶעלְט פִיל פָאלְק, אוּן דִיא לֵייט פָאן אַלֶע שְׁטֶעדְט זֶענֶען
זִיך צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען צוּ אִיהם, הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין מָשָׁל:
5 דֶער זֵייעֶר אִיז אַרױסְגֶעגַאנְגֶען צוּ זֵייעֶן זֵיינֶע זְרִיעָה, אוּן װֶען עֶר
הָאט גֶעזֵייט, אִיז פָאן דֶער זְרִיעָה, גֶעפַאלֶען בֵּיים װֶעג אוּן אִיז
צוּטְרָאטֶען גֶעװָארֶען, אוּן פֶעגֶעלֶען פָאן הִימֶעל הָאבֶּען דָאס
6 אױפְגֶעגֶעסֶען. אוּן אַנְדֶערֶע זֵיינֶען גֶעפַאלֶען אױף אֵיין שְׁטֵיין, אוּן
אַזױ װִיא עֶס הָאט אױף גֶעשְׁפְּרָאצְט, אַזױ אִיז דָאס פַארְדַארְט
7 גֶעװָארֶען, װֵייל עֶס הָאט קֵיין פֵייכְטִקֵייט נִיט גֶעהַאט. אַנְדֶערֶע

זַיינֶען גֶעפַאלֶען צְווִישֶׁען דֶערְנֶער אוּן דִיא דֶערְנֶער הָאבֶּען אוֹיף
8 גֶעוואַקְסֶען אוּן הָאבֶּען דָאס דֶערְשְׁטִיקְט. נָאךְ אַנְדֶערֶע זֶענֶען
גֶעפַאלֶען אוֹיף גוּטֶע עֶרְד, אוּן זַיינֶען אוֹיף גֶעשְׁפְּרָאצְט אוּן
הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט פְּרוּכְט הוּנְדֶערְט מָאל אַזוֹי פִיל. וֶוען עֶר
הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן: וֶוער עֶס הָאט
9 אוֹיעֶרֶען צוּ הֶערֶען זָאל עֶר הֶערֶען. זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען
10 אִיהם גֶעפְרֶעגְט אוּן גֶעזָאגְט: וָואס אִיז דֶער מָשָׁל? עֶר הָאט
גֶעזָאגְט: אַייךְ אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ ווִיסֶען דִיא סוֹדוֹת פָּאן
מַלְכוּת אֱלֹהִים; צוּ אַנְדֶערֶע אָבֶּער אִין מְשָׁלִים, אַזוֹי דָאס וֶוען
זַייא זֶעהֶען זָאלֶען זַייא נִיט זֶעהֶען, אוּן וֶוען זַייא הֶערֶען זָאלֶען זַייא נִיט
11 פַארְשְׁטֶעהְן. דָאס אִיז דֶער מָשָׁל: דִיא זְרִיעָה אִיז גָאטְטֶעס
12 וָוארְט. דָאס, וָואס אִיז גֶעפַאלֶען בַּיים וֶועג, דָאס אִיז דִיא וָואס
הֶערֶען, נָאךְ דֶעם אָבֶּער קוּמְט צוּ זַייא דֶער שָׂטָן אוּן טְרָאגְט
אַוֶועק דָאס וָוארְט פָּאן זַייעֶר הַארְצֶען, כְּדֵי זַייא זָאלֶען נִיט
13 גְלוֹיבֶּען אוּן זָאלֶען נִיט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. דָאס, וָואס אִיז
גֶעפַאלֶען אוֹיף אַיין שְׁטֵיין, דָאס זֶענֶען דִיא, וָואס נֶעהְמֶען אָן מִיט
שִׂמְחָה דָאס וָוארְט וֶוען זַייא הֶערֶען, אוּן הָאבֶּען אָבֶּער נִיט קַיין
וָוארְצֶעל, זַייא גְלוֹיבֶּען נוּר אַיינֶע ווַיילֶע, אוּן אִין דֶער צַייט פָּאן
14 נִסָּיוֹן פַאלֶען זַייא אָבּ. דָאס וָואס אִיז גֶעפַאלֶען צְווִישֶׁען דֶערְנֶער,
דָאס זֶענֶען דִיא וָואס הֶערֶען דָאס וָוארְט, אוּן גֶעהֶען אַוֶועק, אוּן
דוּרְךְ זָארְג אוּן רַייכְקַייט, אוּן תַּאֲוֹות פָּאן דֶער וֶועלְט, וֶוערֶען זַייא
15 דֶערְשְׁטִיקְט אוּן בְּרֶענְגֶען נִיט קַיין פְּרוּכְט. דָאס, וָואס אִיז
גֶעפַאלֶען אוֹיף גוּטֶע עֶרְד, דָאס זֶענֶען דִיא, וֶועלְכֶע הַאלְטֶען מִיט
אַיין גוּטֶען הַארְצֶען דָאס וָוארְט, וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אוּן
16 בְּרֵיינְגֶען שְׁטֶענְדִיג פְּרוּכְט. קֵיינֶער צִינְדֶעט נִיט אָן אַיין
לִיכְט, אוּן דֶעקְט עֶס צוּ מִיט אַיין כְּלִי, אָדֶער עֶר זָאל עֶס
שְׁטֶעלֶען אוּנְטֶער אַיין בֶּעט, נוּר מֶען שְׁטֶעלְט עֶס אַרַיין אִין אַיין
לַייכְטֶער, כְּדֵי אַלֶע, וָואס קוּמֶען אִין הוֹיז אַרַיין זָאלֶען זֶעהֶען
17 דָאס לִיכְט. דֶען עֶס אִיז נִיכְט דָא אַיין פַארְבָּארְגֶענֶעס, וָואס
זָאל נִיט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אוּן עֶס אִיז נִיט דָא קַיין סוֹד, וָואס
18 זָאל נִיט בֶּעקַאנְט אוּן אָפֶען וֶוערֶען. דֶערִיבֶּער גִיט אַכְטוּנְג, ווִיא
אִיהר הֶערְט, דֶען וֶוער עֶס הָאט דֶעם וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען,

אוּן װֶער עֶס הָאט נִיט בַּיי דֶעם װֶעט אַװֶעקְגֶענוּמֶען װֶערֶען אוֹיךְ
דָאס, װָאס עֶר מֵיינְט דָאס עֶר הָאט. אוּן זַיין מוּטֶער אוּן 19
בְּרִידֶער זֶענֶען צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט צוּ
קוּמֶען צוּ אִיהם, װֶעגֶען דֶעם פָּאלְק. אוּן מֶען הָאט אִיהם 20
אָנְגֶעזָאגְט: דָאס דִיא מוּטֶער אוּן דֵיינֶע בְּרִידֶער שְׁטֶעהֶען אִין
דְרוֹיסֶען, זֵיי װִילֶען דִיךְ זֶעהֶען. עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: 21
מֵיין מוּטֶער אוּן מֵיינֶע בְּרִידֶער זֵיינֶען דִיא, װָאס הֶערֶען גָאטְטֶעס
װָארְט אוּן טְהוּעֶן דָאס. אֵיין טָאג אִיז עֶר מִיט זֵיינֶע תַּלְמִידִים 22
אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין שִׁיף, אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: לָאזֶען מִיר
זִיךְ אַרִיבֶּער שִׁיפֶען אוֹיף יֶענֶער זֵייט יַם, אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ
אַװֶעקְגֶעשִׁיפְט. װֶען זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעשִׁיפְט אִיז עֶר אַנְשְׁלָאפֶען 23
גֶעװָארֶען, אוֹיף דֶעם יַם אִיז אֵיין שְׁטוּרֶעמְװִינְד גֶעװָארֶען אוּן דִיא
שִׁיף אִיז פוּל גֶעװָארֶען, אוּן זֵיי זֵיינֶען גֶעװֶעזֶען אִין סַכָּנָה. אוּן זֵיי 24
זֵיינֶען צוּ גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען אִיהם אוֹיפְגֶעװֶעקְט אוּן גֶעזָאגְט:
לֶעהְרֶער, מִיר װֶערֶען פַארְלָארֶען! װִיא עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
הָאט עֶר אָנְגֶעשְׁרִיעֶן אוֹיף דֶעם װִינְד אוּן דִיא װֶעלֶען, אוּן זֵיי
הָאבֶּען אוֹיף גֶעהֶערְט אוּן עֶס אִיז גֶעװָארֶען שְׁטִיל. אוּן עֶר הָאט 25
זֵיי גֶעזָאגְט: װאוּ אִיז אֵייעֶר אֱמוּנָה? זֵיי מִיט מוֹרָא אוּן
פֶערְװוּנְדֶערוּנְג, הָאבֶּען גֶעזָאגְט אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען: װֶער
אִיז דָאס, דָאס אוֹיךְ דִיא װִינְדֶען אוּן דָאס װַאסֶער בַּאפֶעהלְט עֶר,
אוּן זֵיי הֶערֶען אִיהם? אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ צוּ גֶעשִׁיפְט צוּם 26
לַאנְד גְדֶרִיים װָאס אִיז אַנְטְקֶעגֶען גָלִיל. װֶען עֶר אִיז אַרוֹיס 27
גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בָּארְטֶען הָאט אִיהם בַּאגֶעגֶענְט אֵיין מַאן פָאן
דֶער שְׁטָאדְט, װָאס הָאט גֶעהַאט פָאן אֵיין לַאנְגֶער צֵייט שֵׁדִים,
עֶר הָאט זִיךְ קֵיין קְלֵייד נִיט אָנְגֶעטָאן, אִין קֵיין הוֹיז נִיט גֶעװֶעסֶען,
נוּר אִין קְבָרִים. עֶר הָאט דֶערְזֶעהֶען יְשׁוּעַ'ן, הָאט עֶר גֶעשְׁרִיגֶען, 28
גֶעפַאלֶען פַאר אִיהם, אוּן מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל גֶעזָאגְט: װָאס
װִילְסְט דוּא פָאן מִיר, יְשׁוּעַ דוּא זָאהְן פָאן דֶעם הֶעכְסְטֶען גָאטְט?
אִיךְ בֶּעט דִיךְ, קְװֶעל מִיךְ נִיט. דֶען עֶר הָאט בַּאפוֹילֶען דֶעם 29
אוּנְרֵיינֶעם גֵייסְט, דָאס עֶר זָאל פָאן דֶעם מַאן אַרוֹיס גֶעהֶען, װֵייל
עֶר הָאט אִיהם אֵיין לַאנְגֶע צֵייט גֶעפַאנְגֶען, אַזוֹי דָאס מֶען הָאט
אִיהם גֶעבּוּנְדֶען מִיט הַאנְד־אוּן פוּס קֵייטֶען, װֶען אָבֶּער דִיא

קֵייטֶען הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיסֶען פְלֶעגְט אִיהם דֶער שֵׁד טְרֵייבֶּען אִין
30 דֶער ווִיסְטֶע. יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט: ווִיא אִיז דֵיין נָאמֶען?
עֶר הָאט גֶעזָאגְט: לִגְיוֹן, וֵוייל פִיל שֵׁדִים זַיינֶען אִין אִיהם אַרַיין.
31 אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען יֵשׁוּעַ'ן, דָאס עֶר זָאל זֵיי נִיט בַּאפֶעהלֶען
32 אַרַיין צוּ גֶעהן אִין אָבְּגְרוּנְד. דָארְטֶען אוֹיף אֵיין בַּארְג אִיז גֶעוֶוען
אֵיין שְׁטַאדֶע חֲזֵירִים, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִּיטֶערְט, אוּן זֵיי
הָאבֶּען אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל זֵיי עֶרְלוֹיבֶּען אַרַיין גֶעהן אִין זֵיי.
33 עֶר הָאט זֵיי עֶרְלוֹיבְּט. דִיא שֵׁדִים זֶענֶען אַרוֹיס פָאן דֶעם מַאן,
אוּן זֶענֶען אַרַיין אִין דִיא חֲזֵירִים; אוּן דִיא שְׁטַאדֶע הָאט זִיךְ
אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען פָאן דֶעם מְשִׁיפּוּעְ'דִיגֶען בַּארְג אִין יַם אַרַיין, אוּן
34 זַיינֶען דֶערְטְרוּנְקֶען גֶעוָוארֶען. דִיא הִירְטֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואס
עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, זַיינֶען זֵיי גֶעלָאפֶען, אוּן הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט אִין
35 שְׁטָאדְט אוּן אִין דִיא דֶערְפֶער. אוּן זֵיי זַיינֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען צוּ
זֶעהֶען וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, אוּן זֵיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ'ן,
אוּן הָאבֶּען גֶעפוּנֶען דֶעם מַאן, פָאן וֶועלְכֶען דִיא שֵׁדִים זֶענֶען
אַרוֹיס, זִיצֶענְדִיג בַּיי יֵשׁוּעַ'ס פִיס אָנְגֶעקְלֵיידֶעט, בַּיין קְלָארֶען
36 פֶערְשְׁטַאנְד, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעפִירְכְטֶעט. דִיא וָואס הָאבֶּען עֶס
גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵיי דֶערְצֵיילְט ווִיא דֶער וָואס הָאט גֶעהַאט דֶעם
37 שֵׁד, אִיז אוֹיסְגֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען. אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פָאן
דֶער אוּמְגֶעגֶענְד פָאן גְדֵרַיִים הָאבֶּען אִיהם גֶעבֶּעטֶען, עֶר זָאל
פָאן זֵיי אַוֶועק גֶעהן, וֵוייל זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִילְט פָאן אֵיין גְרוֹיסֶע
מוֹרָא גֶעדְרִיקְט. עֶר אִיז אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער שִׁיף אוּן הָאט
38 זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט. דֶער מַאן, פָאן וֶועלְכֶען דִיא שֵׁדִים זֶענֶען
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען, עֶר זָאל אִיהם לָאזֶען
בֶּעגְלֵייטֶען אִיהם, נוּר יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם אָבְּגֶעלָאזֶען, אוּן אִיהם
39 גֶעזָאגְט: קֶער דִיךְ אוּם אַהֵיים, אוּן דֶערְצֵייל וָואס גָאט הָאט
דִיר גֶעטָאן. עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט אִין
40 דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאדְט וָואס יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעטָאן. וֶוען יֵשׁוּעַ
הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, הָאט אִיהם דָאס פָאלְק מְקַבֵּל גֶעוֶוען,
41 וֵוייל אַלֶע הָאבֶּען אִיהם דֶערְוַוארְטֶעט. אוּן נוּן, אִיז גֶעקוּמֶען
אֵיין מַאנְן מִיט דֶעם נָאמֶען יָאִיר, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען דֶער
עֶלְסְטֶע פָאן דֶער שוּל, אוּן אִיז גֶעפַאלֶען צוּ יֵשׁוּעַ'ס פִיס, אוּן

42 גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אַרֵיין גֶעהְן צוּ אִיהם אִין הױז. װײל עֶר הָאט
גֶעהַאט אֵיין בַּת יְחִידָה פָּאן צְװֶעלְף יָאהר, אוּן זִיא הָאט גֶעהַאלְטֶען
בַּיים שְׁטַארְבֶּען, װֶוען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען, הָאט דָאס פָאלְק אִיהם
43 גֶעדְרִיקְט. אוּן אֵיין פְרױ, װֶעלְכֶע הָאט גֶעהַאט אֵיין בְּלוּט
פְלוּס צְװֶעלְף יָאהר, װָאס הָאט אוֹיס גֶעבְּרַאכְט אוֹיף דָאקְטוֹרִים
דָאס גַאנְצֶע פַארְמֶעגֶען, אוּן קֵיינֶער הָאט זִיא נִיט גֶעקָאנְט
44 אוֹיסְהֵיילֶען. זִיא אִיז צוּ גֶעגַאנְגֶען הִינְטֶער אִיהם, אוּן הָאט
אָנְגֶערִירְט דֶעם פְרַאנְז פָאן זַיין קְלֵייד, אוּן בַּאלְד אִיז אִיהר בְּלוּט
45 פְלוּס גֶעשְׁטִילְט גֶעװָארֶען. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט: װֶער הָאט
זִיךְ צוּגֶערִיהְרְט צוּ מִיר? װֶוען אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעלֵייקֶענְט, הָאט
פֶּטֶר אוּן דִיא, װָאס זֶענֶען מִיט אִיהם גֶעװֶען, גֶעזָאגְט: לֶעהְרֶער!
דָאס פָאלְק דְרִיקְט אוּן שְׁטוֹיסְט דִיךְ, אוּן דוּא זָאגְסְט: װֶער
46 הָאט זִיךְ צוּגֶערִיהְרְט צוּ מִיר? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט: אֵיינֶער הָאט
זִיךְ צוּגֶערִיהְרְט צוּ מִיר, דֶען אִיךְ הָאבּ דֶערְקֶענְט דִיא גְבוּרָה,
47 װָאס אִיז פָאן מִיר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. דִיא פְרױ הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס
זִיא הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט פַארְבָּארְגֶען, אִיז זִיא אִין צִיטֶערְנֶעם
צוּ גֶעגַאנְגֶען, אוּן גֶעפַאלֶען פַאר אִיהם, אוּן הָאט אִיהם פַאר דֶעם
גַאנְצֶען פָאלְק אוֹיס גֶעזָאגְט דִיא אוּרְזַאכֶע, פַארְװָאס זִיא הָאט
זִיךְ צוּגֶערִיהְרְט צוּ אִיהם, אוּן װִיא אַזוֹי זִיא אִיז בַּאלְד גֶעהֵיילְט
48 גֶעװָארֶען. עֶר הָאט אִיהר גֶעזָאגְט: זֵיי גֶעטְרוֹיסְט, טָאכְטֶער!
49 דֵיין אֱמוּנָה הָאט דִיךְ גֶעהָאלְפֶען, גֶעה לְשָׁלוֹם. װֶוען עֶר
הָאט נָאךְ גֶערֶעט אִיז אֵיינֶער פָאן דֶעם שׁוּל עֶלְסְטֶענְס גֶעקוּמֶען,
אוּן זָאגְט אִיהם: דֵיין טָאכְטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, בֶּעמִיהֶע נִיט
50 דֶעם רַבִּי. יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט הָאט עֶר אִיהם גֶעזָאגְט:
פִירְכְטֶע נִיט, הָאבּ נוּר אֱמוּנָה, אוּן זִיא װֶעט גֶערֶעטֶעט װֶערֶען.
51 אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אַרֵיין גֶעקוּמֶען אִין הױז, אוּן הָאט קֵיינֶעם נִיט
עֶרְלוֹיבְּט אַרֵיין צוּ גֶעהֶען, אוֹיסֶער פֶּטֶר'ן יוֹחָנָן אוּן יַעֲקֹב'ן אוּן
52 דֶעם פָאטֶער פָאן דֶער מֵיידֶעל אוּן דֶער מוּטֶער. אַלֶע הָאבֶּען
גֶעװֵיינְט אוּן גֶעקְלָאגְט אִיבֶּער אִיהר, נוּר עֶר הָאט גֶעזָאגְט:
53 װֵיינְט נִיט, זִיא אִיז נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען, נוּר זִיא שְׁלָאפְט. אוּן זֵיי
הָאבֶּען אִיהם אוֹיסְגֶעלַאכְט, װײל זֵיי הָאבֶּען גֶעװוּאוּסְט, דָאס זִיא
54 אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען. אוּן עֶר הָאט אַלֶעמֶען אַרוֹיס גֶעשִׁיקְט, אוּן

הָאט זִיא גֶענוּמֶען בַּיי דֶער הַאנְד, אוּן גֶעזָאגְט. מֵיידֶעל שְׁטֶעה
55 אוֹיף. אוּן אִיהר גֵייסְט הָאט זִיךְ צוּרִיק גֶעקֶעהרְט, וְיא אִיז
בַּאלְד אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען. אוּן עֶר הָאט בַּאפוֹילֶען, מֶען זָאל אִיהר
56 גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען. אוּן אִיהרֶע עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק
פֶערְוואוּנְדֶערְט, אוּן עֶר הָאט זֵיי אָנְגֶעזָאגְט קֵיינֶעם נִיט צוּ
דֶערְצֵיילֶען וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען.

ט אוּן עֶר הָאט צוּנוֹיף גֶערוּפֶען דִיא צְוֶועלְף, אוּן הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען
קְרַאפְט אוּן מַאכְט אִיבֶּער אַלֶע שֵׁדִים, אוּן צוּ הֵיילֶען קְרַאנְקֶע.
2 אוּן הָאט זֵיי גֶעשִׁיקְט פְּרֶעדִיגֶען דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים אוּן הֵיילֶען
3 קְרַאנְקֶע. אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: נֶעמְט גָאר נִיט מִיט אוֹיף דֶעם
וֶועג, נִיט קֵיין שְׁטֶעקֶען, נִיט קֵיין רֵייזֶע טַאש נִיט קֵיין בְּרוֹיט,
4 נִיט זִילְבֶּער, אוּן נִיט קֵיין צְוֵויי קְלֵיידֶער. אִין וָואס פַּאר אֵיין
הוֹיז אִיהר וֶועט אַרֵיין קוּמֶען, זָאלְט אִיהר דָארְטֶען בְּלֵייבֶּען,
5 אוּן פָּאן דָארְטֶען גֶעהט ווַייטֶער. אוּן וואוּ מֶען וֶועט אַייךְ נִיט
אוֹיפְנֶעהמֶען, אַזוֹי וֶוען אִיהר וֶועט אַרוֹיס גֶעהֶען פָאן דֶער שְׁטָאדְט,
שָׁאקֶעלְט אָבּ אֲפִילוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ פָאן אֵייעֶרֶע פִיס פַאר אֵיין
6 עֵדוּת צוּ זֵיי. זֵיי זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן זֶענֶען דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען
דִיא דֶערְפֶער, אוּן הָאבֶּען אִין יֶעדֶער אָרְט גֶעפְּרֶעדִיגְט אוּן
7 גֶעהֵיילְט. הוֹרְדוֹס דֶער פִירְטֶעל לַאנְד מֵייסְטֶער הָאט דֶער
הֶערְט פָאן דָאס אַלֶץ, וָואס עֶר הָאט גֶעטָאן, אוּן עֶר אִיז אִין
צְוֵוייפֶעל גֶעוָוארֶען, דֶען אֵייניגֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דָאס אִיז יוֹחָנָן
8 אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען פָאן דִיא טוֹיטֶע. אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דָאס
אֵלִיָהוּ הָאט זִיךְ בַּאוִויזֶען, דְרִיטֶע, דָאס אֵיינֶער פָאן דִיא אַלְטֶע
9 נְבִיאִים אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען. אוּן הוֹרְדוֹס הָאט גֶעזָאגְט: יוֹחָנָן
הָאבּ אִיךְ גֶעלָאזֶען קֶעפֶּען, אָבֶּער ווער אִיז דֶער פָאן וֶועלְכֶען אִיךְ
הֶער אַזֶעלְכֶע זַאכֶען? אוּן עֶר הָאט גֶעזוּכְט אִיהם צוּ זֶעהֶען.
10 דִיא אַפָּאסְטֶעל הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט, אוּן הָאבֶּען אִיהם
דֶערְצֵיילְט וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעטָאן, אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶענוּמֶען צוּ
זִיךְ, אוּן אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין ווִיסְטֶען אָרְט, נִיט ווֵייט
11 פָאן דֶער שְׁטָאדְט, וָואס הֵייסְט בֵּית צַיְדָה. דָאס פָאלְק אִיז
דֶערְפוּן גֶעוָוואר גֶעוָוארֶען, אוּן אִיז אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען, אוּן עֶר
הָאט זֵיי מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען, אוּן גֶערֶעט צוּ זֵיי אִיבֶּער דָאס מַלְכוּת

אֱלֹהִים, אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען אַיין רְפוּאָה,
12 הָאט עֶר גֶעהַיילְט. וָוען דֶער טָאג הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ צוּ
נֵייגֶען, זֶענֶען דִיא צְוֶועלְף צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהם
גֶעזָאגְט: לָאז אָבּ דָאס פָאלְק, זֵיי זָאלֶען גֶעהְן אִין דִיא דֶערְפֶער
אוּן הוֹיפֶען פָאן דֶער גֶעגֶענְד, דָארְטֶען נֶעכְטִיגֶען אוּן צוּ גֶעפִינֶען
13 שְׁפַּייז, דֶען מִיר זֶענֶען דָא אִין אַיין וִויסְטֶען אָרְט. עֶר הָאט אָבֶּער
זֵיי גֶעזָאגְט: גִיבְּט אִיהר זֵיי צוּ עֶסֶען, זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט: מִיר
הָאבֶּען נִיט מֶעהר וִויא פִינְף בְּרוֹיט, אוּן צְוֵויי פִישׁ, סַיידֶען מִיר
14 זָאלֶען גֶעהְן קוֹיפֶען שְׁפַּייז פַאר דִיזֶען גַאנְצֶען פָאלְק. דֶען עֶס
זַיינֶען גֶעוֶועזֶען נָאהֶענְט פָאן פִינְף טוֹיזֶענְד מַאן, נוּר עֶר הָאט גֶעזָאגְט
15 צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים: צְוֶועצְט זֵיי אִין שׁוּרוֹת צוּ פוּפְצִיג. אוּן זֵיי
16 הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטָאן, אוּן הָאבֶּען צוּזֶעצְט אַלֶעמֶען. עֶר הָאט
גֶענוּמֶען דִיא פִינְף בְּרוֹיט, אוּן דִיא צְוֵויי פִישׁ אוּן הָאט אַיין קוּק
גֶעטָאן צוּם הִימֶעל, הָאט אַיין בְּרָכָה גֶעמַאכְט, צוּבְּרָאכֶען, אוּן
גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא תַּלְמִידִים, דָאס זֵיי זָאלֶען צוּ גֶעבֶּען דֶעם פָאלְק.
17 אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּן אַלֶע זֶענֶען זַאט גֶעוָוארֶען, אוּן פָאן
דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע בְּרֶעקְלַאךְ הָאט מֶען אַוֶועק גֶעטְרָאגֶען
18 צְוֶועלְף קֶערְבּ. עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וָוען עֶר הָאט אַלֵיין מִתְפַּלֵל
גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען זִיךְ דִיא תַּלְמִידִים צוּ אִיהם פֶערְזַאמֶעלְט, הָאט
19 עֶר זֵיי גֶעפְרֶעגְט: וָואס זָאגְט דָאס פָאלְק, וֶוער בִּין אִיךְ? זֵיי
הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט אַיין עֶנְטְפֶער: יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל, אוּן אַנְדֶערֶע,
אֵלִיָהוּ, נָאךְ אַנְדֶערֶע דָאס אַייגֶער פָאן דִיא אַלְטֶע נְבִיאִים אִיז
20 אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעפְרֶעגְט: אוּן אִיהר וָואס
זָאגְט, וֶוער בִּין אִיךְ? פֶּטֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט: דֶער מָשִׁיחַ פָאן
21 גָאטְט. עֶר הָאט אוֹיף זֵיי אָנְגֶעשְׁרִיעֶן, אוּן אָנְגֶעזָאגְט, זֵיי זָאלֶען
22 קֵיינֶעם דִיזֶעס נִיט זָאגֶען. עֶר הָאט גֶעזָאגְט: דָאס דֶער בֶּן אָדָם
מוּז פִיל לֵיידֶען, אוּן פַארְוָוארְפֶען וֶוערֶען פָאן דִיא זְקֵנִים אוּן
עֶלְצְטֶע כֹּהֲנִים אוּן סוֹפְרִים, אוּן גֶעטוֹיטֶעט וֶוערֶען, אוּן אוֹיף דֶעם
23 דְרִיטֶען טָאג אוֹיף שְׁטֶעהְן. אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַלֶעמֶען:
וֶוער עֶס וִויל מִיר נָאכְגֶעהְן זָאל עֶר זִיךְ אַלֵיין פֶערְלֵייקֶענֶען, אוּן
24 זָאל טֶעגְלִיךְ טְרָאגֶען זַיין קְרֵייץ (תְּלִיָה) אוּן מִיר נָאךְ גֶעהְן. דֶען
וֶוער עֶס וִויל זַיין לֶעבֶּען רֶעטֶען, דֶער וֶועט עֶס פֶערְלִירֶען;

דער אָבֶּער וָואס וֶועט פֶערְלִירֶען זַיין לֶעבֶּען פָאן מֵיינֶעט וֶועגֶען,
25 דער וֶועט עֶס רֶעטֶען. דֶען וָואס נִיצְט עֶס דֶעם מֶענְשֶׁען, וֶוען
עֶר דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט גֶעווִינְט, דֶערְבֵּיי אָבֶּער זִיךְ אַלֵיין פַארְדַארְבְּט
26 אוּן וֶוערְט פֶערְלָארֶען? דֶען וֶוער עֶס שֶׁעמְט זִיךְ מִיט מִיר
אוּן מִיט מֵיינֶע וֶוערְטֶער, מִיט דֶעם וֶועט דֶער בֶּן הָאָדָם זִיךְ
שֶׁעמֶען וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען אִין זַיין אוּן זַיין פָאטֶערְס הֶערְלִיכְקֵייט,
27 מִיט דִיא הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים. אִין אֱמֶת'ען זָאג אִיךְ אַייךְ: עֶס
זַיינֶען דָא אֵיינִיגֶע פָאן דִיא וָואס שְׁטֶעהֶען דָא, וֶועלְכֶע וֶועלֶען
נִיט פַארְזוּכֶען קֵיין טוֹיט בִּיז זֵיי וֶועלֶען זֶעהֶען דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים.
28 נָאךְ דִיזֶע רֶעד אִין אַכְט טֶעג שְׁפֶּעטֶער הָאט עֶר גֶענוּמֶען
פֶּטֶר'ן, יוֹחָנָן אוּן יַעֲקֹב'ן, אוּן אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אוֹיף אֵיין בַּארְג
29 תְּפִלָּה צוּ טָאן. אוּן וֶוען עֶר הָאט מִתְפַּלֵּל גֶעוֶוען, אַזוֹי אִיז דִיא
גֶעשְׁטַאלְט פָאן זַיין פָּנִים פַארְעֶנְדֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּן זַיינֶע קְלֵיידֶער
30 וֶוענֶען וַוייס גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעגְלַאנְצְט. אוּן נוּן, צְווֵיי מֶענֶער
הָאבֶּען מִיט אִיהם גֶערֶעט, עֶס אִיז גֶעוֶוען משֶׁה אוּן אֵלִיָּהוּ.
31 וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ בַּאווִיזֶען אִין הֶערְלִיכְקֵייט, זֵיי הָאבֶּען גֶערֶעט
וֶוענֶען זַיין אוֹיסְגַאנְג, וָואס עֶר וֶועט דֶערְפִילֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם.
32 אָבֶּער פֶּטֶר'ן אוּן דִיא וָואס וֶוענֶען גֶעוֶוען מִיט אִיהם אִיז אֵיין שְׁלָאף
בֶּעפַאלֶען, אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אוֹיף גֶעחַאפְּט, הָאבֶּען זֵיי
גֶעזֶעהֶען זַיין הֶערְלִיכְקֵייט אוּן דִיא צְווֵיי מֶענְשֶׁען וָואס זַיינֶען מִיט
33 אִיהם גֶעשְׁטַאנֶען. אוּן וֶוען זֵיי זֶענֶען פָאן אִיהם אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען,
הָאט פֶּטֶר גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ'ן: לֶעהְרֶער! עֶס אִיז אוּנְז גוּט דָא
צוּ זַיין: מִיר וֶועלֶען מַאכֶען דְרֵיי סֻכּוֹת: אֵיינֶע פַאר דִיר, אֵיינֶע
פַאר משֶׁה'ן, אוּן אֵיינֶע פַאר אֵלִיָּהוּ'ן, עֶר הָאט נִיט גֶעווָאוּסְט וָואס
34 עֶר רֶעט. וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט זִיךְ בַּאווִיזֶען אֵיין
וָואלְקֶען, אוּן הָאט זֵיי בַּאדֶעקְט, אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִירְכְטֶעט
35 וֶוען זֵיי זַיינֶען אִין וָואלְקֶען אַרֵיין גֶעקוּמֶען. אוּן פָאן דֶעם וָואלְקֶען
אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין קוֹל, וָואס הָאט גֶעזָאגְט: דָאס אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער
36 זָאהְן, אִיהם זָאלְט אִיהר הֶערֶען. אוּן וֶוען דֶער קוֹל אִיז גֶעוֶוען,
אִיז יֵשׁוּעַ גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין. אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעשְׁווִיגֶען אוּן קֵיינֶעם
נִיט דֶערְצֵיילְט אִין יֶענֶער צֵייט פָאן דָאס אַלְץ, וָואס זֵיי הָאבֶּען
37 גֶעזֶעהֶען. אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג, וֶוען זֵיי זַיינֶען אַרָאבּ־

גֶעקוּמֶען פָאן דֶעם בַּארְג, אִיז פִיל פָאלְק אִיהם אַנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען.
38 אוּן נוּן, הָאט אֵיינֶער פָאן דֶעם פָאלְק גֶעשְׁרִיגֶען: לֶעהְרֶער! אִיךְ
בֶּעט דִיךְ אֵיין קוּק צוּטָאן אוֹיף מֵיין זָאהְן: עֶר אִיז בַּיי מִיר אֵיין
39 בֶּן־יָחִיד. אֵיין רוּחַ חַאפְּט אִיהם אָן, אוּן פְּלוּצְלִינְג שְׁרֵייט עֶר,
אוּן עֶר צִיהט אִיהם צוּזַאמֶען, אַזוֹי דָאס עֶר לָאזְט אַרוֹיס שׁוֹים,
40 צוּשְׁלָאגְט אִיהם, אוּן גֶעהט פָאן אִיהם שְׁוֶוערְלַאךְ אַוֶועק. אִיךְ
הָאבּ גֶעבֶּעטֶען דֵיינֶע תַּלְמִידִים, זֵיי זָאלֶען אִיהם אַרוֹיס טְרֵייבֶּען,
41 אוּן זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט. יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט:
אָה! אוּנְגְלוֹיבִּיגֶער דוֹר, אוּן פַארְקֶעהְרְטֶער, וִויא לַאנְג זָאל אִיךְ
בַּיי אַייךְ זֵיין, אוּן אַייךְ אוֹיסְהַאלְטֶען? בְּרֵיינְג דֵיין זָאהְן אַהֶער.
42 אוּן וֶוען עֶר אִיז צוּ אִיהם צוּגֶעגַאנְגֶען, הָאט אִיהם דֶער שֵׁד
צוּזַאמֶענְגֶעצוֹיגֶען אוּן פַארְעֶנְדֶערְט. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אָנְגֶעשְׁרִיעֶן
אוֹיף דֶעם אוּנְרֵיינֶעם גֵייסְט אוּן הָאט דֶעם יוּנְג אוֹיסְגֶעהֵיילְט, אוּן
43 הָאט אִיהם אָבְּגֶעגֶעבֶּען דֶעם פָאטֶער. אוּן אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ
שְׁטַארְק פַארְווָאוּנְדֶערְט אוֹיף גָאטְטֶעס גֶעוַואלְדִיגֶע מַאכְט. וֶוען
אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעווָאוּנְדֶערְט דֶערִיבֶּער, וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטָאן
44 הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים. לֵייגְט אַייךְ אַרֵיין אִין דִיא
אוֹיעֶרֶען דִיזֶע וֶוערְטֶער: דֶער בֶּן הָאָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט
45 וֶוערֶען אִין מֶענְשְׁלִיכֶע הֶענְד. נוּר זֵיי הָאבֶּען נִיט פַארְשְׁטַאנֶען
דָאס וָוארְט, אוּן עֶס אִיז גֶעוֶוען פַארְשְׁטֶעלְט פַאר זֵיי, אַזוֹי דָאס
זֵיי הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעקָאנְט פַארְשְׁטֶעהְן; אוּן צוּ פְרֶעגֶען אִיהם
46 אִיבֶּער דִיזֶען וָוארְט, הָאבֶּען זֵיי מוֹרָא גֶעהַאט. עֶס אִיז זֵיי
47 גֶעקוּמֶען אִין גֶעדַאנְקֶען: וֶוער פָאן זֵיי אִיז דֶער גְרֶעסְטֶער. יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעוואוּסְט דִיא גֶעדַאנְקֶען פָאן זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער, הָאט עֶר
48 גֶענוּמֶען אֵיין קִינְד אוּן הָאט עֶס בַּיי זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט. אוּן הָאט
זֵיי גֶעזָאגְט: וֶוער עֶס נֶעמְט אָן דִיזֶען קִינְד אִין מֵיין נָאמֶען, דֶער
אִיז מִיךְ מְקַבֵּל, אוּן וֶוער עֶס אִיז מִיךְ מְקַבֵּל, דֶער נֶעמְט אָן
דֶעם, וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, דֶען וֶוער פָאן אַייךְ אִיז דֶער
קְלֶענְסְטֶער פָאן אַלֶעמֶען דֶער וֶועט זֵיין דֶער גְרֶעסְטֶער.
49 אוּן יוֹחָנָן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: לֶעהְרֶער! מִיר הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען אֵיין מֶענְשֶׁען, וָואס עֶר טְרֵייבְּט אַרוֹיס שֵׁדִים אִין דֵיין
נָאמֶען, אוּן מִיר הָאבֶּען אִיהם פַארְוֶוערְט, ווֵייל עֶר גֶעהט נִיט

50 מִיט אוּנְז. יְשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: פַארְוֶוערְט נִיט, דֶען וֶוער
51 עֶס אִיז נִיט גֶעגֶען אַייךְ, דֶער אִיז מִיט אַייךְ. וֶוען עֶס הָאט
זִיךְ דֶערְפִילְט דִיא צַייט פָאן זַיין אַרוֹיפְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, הָאט עֶר
52 זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ גֶעהְן קַיין יְרוּשָׁלַיִם. אוּן עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט
שְׁלוּחִים פַאר זִיךְ, אוּן זַיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּן גֶעקוּמֶען אִין אַיין
דָארְף פָאן דִיא שֹׁמְרוֹנִים, כְּדֵי זַיי זָאלֶען אָנְגְרֵייטֶען פַאר אִיהם.
53 נוּר מֶען הָאט אִיהם נִיט אָנְגֶענוּמֶען, וַוייל זַיין צִיל אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ
54 גֶעהְן קַיין יְרוּשָׁלַיִם. וֶוען זַיינֶע תַּלְמִידִים: יַעֲקֹב אוּן יוֹחָנָן, הָאבֶּען
דָאס גֶעזֶעהֶען הָאבֶּען זַיי גֶעזָאגְט: הֶערְר! וֶוען דוּא ווִילְסְט
וֶועלֶען מִיר זָאגֶען דָאס אַיין פַייעֶר זָאל פָאן דֶעם הִימֶעל אַרָאבּ
55 קוּמֶען אוּן זָאל זַיי פַארְבְּרֶענֶען, אַזוֹי וִויא אֵלִיָהוּ הָאט גֶעטָאן. נוּר
עֶר הָאט זִיךְ צוּ זַיי גֶעוֶוענְדֶעט, אוּן הָאט זִיךְ אָנְגֶעבֵּייזֶערְט אוֹיף זַיי
אוּן גֶעזָאגְט: אִיהר ווֵייסְט נִיט פָאן וָואס פַאר אַיין גַייסְט אִיהר
56 זֶענְט. דֶען דֶער בֶּן־הָאָדָם אִיז נִיט גֶעקוּמֶען מֶענְשְׁלִיכֶע לֶעבֶּען
אוּמְצוּבְּרֵיינְגֶען, נוּר מַצִיל צוּ זַיין. אוּן זַיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין אַיין
57 אַנְדֶערֶען דָארְף. וֶוען זַיי זֶענֶען אוּנְטֶער וֶועגְס גֶעוֶועזֶען, הָאט
אַיינֶער צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: מֵיין הֶערְר! אִיךְ וֶועל נָאךְ דִיר גֶעהְן
58 וואוּהִין דוּא וֶועסְט גֶעהְן. יְשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: פוּקְסֶען
הָאבֶּען לֶעכֶער, אוּן פֵייגְלֶען פָאן הִימֶעל הָאבֶּען נֶעסְטֶען, דֶער
59 בֶּן־הָאָדָם אָבֶּער הָאט נִיט וואוּ זַיין קָאפְּף אַהִינְצוּלֵייגֶען. צוּ
אַיין אַנְדֶערֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט: גֶעה נָאךְ מִיר; יֶענֶער הָאט
גֶעזָאגְט: מֵיין הֶערְר! עֶרְלוֹיבּ מִיר פְרִיהֶער צוּ גֶעהְן אוּן מְקַבֵּר
60 זַיין מֵיין פָאטֶער. נוּר יְשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: לָאז דִיא מֵתִים
מְקַבֵּר צוּ זַיין זַייעֶרֶע מֵתִים, דוּא אָבֶּער גֶעה אוּן פְּרֶעדִיג דָאס
61 מַלְכוּת אֱלֹהִים. נָאךְ אַיינֶער הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ גֶעה נָאךְ דִיר,
מֵיין הֶערְר! נוּר עֶרְלוֹיבּ מִיר פְרִיהֶער זִיךְ אָבְּזֶעגֶענֶען מִיט מֵיין
62 הוֹיזְגֶעזִינְד. יְשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: יֶעדֶער וֶוער עֶס לֵייגְט
דִיא הַאנְד אוֹיף דֶעם אַקֶער, אוּן קוּקְט צוּרִיק, דֶער טוֹיג נִיט צוּם
מַלְכוּת אֱלֹהִים.

י נָאךְ דֶעם הָאט דֶער הֶערְר, אוֹיסְדֶערְוֵוילְט נָאךְ זִיבֶּעצִיג
אַנְדֶערֶע, אוּן הָאט זַיי גֶעשִׁיקְט צוּ צְוֵויי פַאר אִיהם, אִין יֶעדֶער
2 שְׁטָאדְט, אוּן אָרְט, וואוּהִין עֶר אַלֵיין הָאט גֶעוָואלְט גֶעהְן. אוּן

הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: דֶער שְׁנִיט פָאן דִיא תְּבוּאָה אִיז פִיל, אוּן דִיא
אַרְבֵּייטֶער זֵיינֶען וֶוייניג, דֶערִיבֶּער בֶּעט דֶעם הֶערְרְן פָאן דֶעם
שְׁנִיט, דָאס עֶר זָאל אַרוֹיס שִׁיקֶען אַרְבֵּייטֶערְס צוּ זֵיין שְׁנִיט.
גֶעהט, אִיךְ שִׁיק אַייךְ וִויא שָׁאף צְווִישֶׁען וֶועלְף. טְרָאגְט נִיט 3 4
קֵיין (רֵייזֶע) בֵּייטֶעל, קֵיין (רֵייזֶע) טַאשׁ, קֵיין שִׁיךְ, אוּן גֶערִיסְט
נִיט קֵיינֶעם אוֹיף דֶעם וֶועג. אִין וָואס פַאר אֵיין הוֹיז אִיהר וֶועט 5
קוּמֶען זָאגְט צוּם עֶרְשְׁטֶען: שָׁלוֹם דִיזֶעם הוֹיז. וֶוען דָארְטֶען 6
וֶועט זַיין אֵיין קִינְד פָאן פְרִידֶען, אַזוֹי וֶועט אוֹיף אִיהם רוּהֶען
אֵייעֶר שָׁלוֹם, וֶוען נִיט, אַזוֹי וֶועט עֶר זִיךְ צוּ אַייךְ אוּמְקֶעהְרֶען.
אִין דֶעם הוֹיז בְּלֵייבְּט, עֶסְט, אוּן טְרִינְקְט וָואס בֵּיי זֵיי אִיז דָא, 7
דֶען דֶער אַרְבֵּייטֶער אִיז וֶוערְט זֵיין שְׂכַר. גֶעהט נִיט אִיבֶּער
פָאן הוֹיז צוּ הוֹיז. אוּן וֶוען אִיהר וֶועט קוּמֶען אִין אֵיין שְׁטָאדְט 8
אוּן מֶען וֶועט אַייךְ אוֹיפְנֶעהמֶען, עֶסְט וָואס מֶען וֶועט אַייךְ
פָארְלֵייגֶען. אוּן הֵיילְט דִיא קְרַאנְקֶע, וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ אִין אִיהר, 9
אוּן זָאגְט זֵיי: דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים הָאט זִיךְ צוּ אַייךְ גֶענֶעהֶענְט.
וֶוען אִיהר וֶועט קוּמֶען אִין אֵיין שְׁטָאדְט, אוּן מֶען וֶועט אַייךְ נִיט 10
אוֹיפְנֶעהמֶען, אַזוֹי גֶעהט אַרוֹיס אוֹיף זֵייעֶרֶע גַאסֶען אוּן זָאגְט.
אֲפִילוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ, וָואס אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אוּנְז פָאן אֵייעֶר 11
שְׁטָאדְט, שָׁאקְלֶען מִיר אוֹיךְ אָבּ, נוּר דָאס זָאלְט אִיהר וִויסֶען,
דָאס דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים הָאט זִיךְ צוּ אַייךְ גֶענֶעהֶענְט. אִיךְ זָאג 12
אַייךְ: דָאס אִין יֶענֶעם טָאג, וֶועט פַאר סְדוֹם גְרִינְגֶער זֵיין, וִויא
יֶענֶער שְׁטָאדְט. וֶועה אִיז דִיר כּוֹרָזִין, וֶועה אִיז דִיר בֵּית 13
צַיְדָה! דֶען וֶוען אִין צוֹר אוּן אִין צִידוֹן וָואלְטֶען גֶעוֶועזֶען גֶעטָאן
גֶעוָוארֶען דִיא וואוּנְדֶער, וֶועלְכֶע עֶס זֶענֶען אִין אַייךְ גֶעטָאן
גֶעוָוארֶען, אַזוֹי וָואלְטֶען זֵיי שׁוֹין לַאנְג גֶעוֶועזֶען אִין זַאק אוּן אִין
אַשׁ, אוּן תְּשׁוּבָה גֶעטָאן. נוּר פַאר צוֹר אוּן צִידוֹן וֶועט גְרִינְגֶער 14
זֵיין וִויא פַאר אַייךְ אִין דֶעם יוֹם הַדִין. אוּן דוּא כְּפַר־נַחוּם, 15
וָואס דוּא בִּיסְט דֶערְהוֹיכְט אִין הִימֶעל, וֶועסְט בִּיז אִין גֵיהִנָּם
אַרָאבּ גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען. דֶער וָואס הֶערְט אַייךְ, הֶערְט מִיךְ, 16
דֶער וָואס פַארְוַוארְפְט אַייךְ, דֶער פַארְוַוארְפְט מִיךְ, אוּן וֶוער
עֶס פַארְוַוארְפְט מִיךְ דֶער פַארְוַוארְפְט דֶעם, וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט. דִיא זִיבֶּעצִיג הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט מִיט שִׂמְחָה, 17

אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: הֶערְר! אֲפִילוּ דִיא שֵׁדִים וֶוענֶען אוּנְז אוּנְטֶער
18 טֶענִיג גֶעוָוארֶען אִין דֵיין נָאמֶען. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִיךְ
הָאבּ גֶעזֶעהֶען, דָאס דֶער שָׂטָן אִיז אַרָאבּ גֶעפַאלֶען, אַזוֹי וִויא אַיין
19 בְּלִיץ פָאן דֶעם הִימֶעל. נוּן, אִיךְ גִיבּ אַייךְ מַאכְט אִיהר זָאלְט
טְרֶעטֶען אוֹיף שְׁלַאנְגֶען אוּן עֶגְדֶעשֶׁען אוּן אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער
גְבוּרָה פָאן דֶעם פֵיינְד, אוּן קֵיין שׁוּם זַאךְ וֶועט אַייךְ נִיט שָׁאדֶען.
20 נוּר פְרֵייט אַייךְ נִיט דֶערִיבֶּער, דָאס דִיא רוּחוֹת וֶוענֶען אַייךְ
אוּנְטֶער טֶענִיג: פְרֵייעֶט אַייךְ דֶערִיבֶּער, דָאס אֵייעֶרֶע נֶעמֶען
21 וֶוענֶען פַארְשְׁרִיבֶּען אִין הִימֶעל. אִין דֶער שָׁעָה הָאט יֵשׁוּעַ
זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט, אוּן הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ דַאנְק דִיר פָאטֶער, הֶערְר
פָאן הִימֶעל אוּן עֶרְד, וָואס דוּא הָאסְט דָאס אַלֶעס פַארְבָּארְגֶען
פָאן דִיא חֲכָמִים אוּן פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע, אוּן הָאסְט דָאס מְגַלֶּה גֶעוֶוען
צוּ קְלֵיינֶע קִינְדֶערְלֶעךְ, יַא מֵיין פָאטֶער אַזוֹי אִיז גֶעוֶוען דֶער
22 רָצוֹן פַאר דִיר. אַלֶעס אִיז מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פָאן מֵיין פָאטֶער
אוּן קֵיינֶער וֵוייס נִיט וֶוער דֶער זָאהְן אִיז, נוּר דֶער פָאטֶער, אוּן
וֶוער דֶער פָאטֶער אִיז, נוּר דֶער זָאהְן, אוּן וֶועמֶען דֶער זָאהְן וִויל
23 מְגַלֶּה זֵיין. אוּן הָאט זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּן
הָאט זֵיי אַלֵיין גֶעזָאגְט: וֶועלִיג וֶוענֶען דִיא אוֹיגֶען, וָואס זֶעהֶען דָאס,
24 וָואס אִיהר זֶעהְט. דֶען אִיךְ זָאג אַייךְ: דָאס פִיל נְבִיאִים אוּן
מְלָכִים הָאבֶּען גֶעוואוּנְשֶׁען צוּ זֶעהֶען דָאס, וָואס אִיהר זֶעהְט, אוּן
הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּן צוּ הֶערֶען דָאס, וָואס אִיהר הֶערְט, אוּן
25 הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט. אוּן נוּן, אִיז אֵיין לַמְדָן אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען
אִיהם צוּ פְּרוּבֶען אוּן זָאגְט: לֶעהְרֶער! וָואס זָאל אִיךְ טָאן, כְּדֵי
26 אִיךְ זָאל יַרְשֶׁענֶען דָאס עֶווִיגֶע לֶעבֶּען? עֶר זָאגְט אִיהם: וָואס אִיז
27 גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה? אוּן וִויא אַזוֹי לֵייעֶנְסְט דוּא? עֶר זָאגְט
אִיהם אֵיין עֶנְטְפֶער: וְאָהַבְתָּ אֵת יְהוָֹה אֱלֹהֶיךָ בְּכָל לְבָבְךָ וּבְכָל
נַפְשְׁךָ וּבְכָל מְאוֹדֶךָ וּבְכָל מַדָּעֲךָ, אוּן רֵעֲךָ כָּמוֹךָ. (דוּא זָאלְסְט
לִיבֶּען גָאטְט דֵיין גָאטְט מִיטֶען גַאנְצֶען הַארְצֶען, אוּן מִיטֶען
גַאנְצֶען נֶפֶשׁ אוּן מִיט דֵיין גַאנְצֶער קְרַאפְט אוּן מִיט דֵיין גַאנְצֶער
28 פֶערְשְׁטַאנְד, אוּן דֶעם חַבֵר וִויא זִיךְ אַלֵיין). אוּן עֶר זָאגְט אִיהם,
דוּא הָאסְט רִיכְטִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט, טְהוּ דָאס וֶועסְט דוּא לֶעבֶּען.
29 וֶוען עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶעוָואלְט גֶערֶעכְט מַאכֶען, הָאט עֶר

גֶעזָאגְט צוּ יְשׁוּעַ׳ן, וָוער אִיז מֵיין חַבֵר? אוּן יְשׁוּעַ הָאט אִיהם 30
גֶעעֶנְטפֶערְט: אֵיין מַאן אִיז אַרָאבּ גֶעגַאנְגֶען פָאן יְרוּשָׁלַיִם קֵיין
יְרִיחוֹ אוּן אִיז אַרַיין גֶעפַאלֶען צְוִוישֶׁען גַזְלָנִים, אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם
אָבְּגֶעצוֹיגֶען דִיא קְלֵיידֶער, פַארְוואוּנְדֶעט, אוּן הָאבֶּען אִיהם
גֶעלָאזֶען הַאלְבּ טוֹיט, אוּן זֶענֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען. צוּפֶעלִיג 31
אִיז אֵיין כֹּהֵן גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּן הָאט אִיהם דֶערְזֶעהֶען,
אוּן אִיז פָאן אִיהם אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען. אוֹיךְ אֵיין לֵוִי אִיז אָנְגֶעקוּמֶען 32
צוּ דֶעם אָרְט, אוּן הָאט אִיהם גֶעזֶעהֶען, אוּן אִיז פָאן אִיהם
אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען. אֵיין שֹׁמְרוֹנִי, אָבֶּער אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין וֶועג, אוּן 33
אִיז נָאהֶענְט פָאן אִיהם גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט אִיהם גֶעזֶעהֶען, הָאט
עֶר רַחֲמָנוּת בַּאקוּמֶען. עֶר אִיז צוּ גֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהם הָאט אִיהם 34
פַארְבּוּנְדֶען דִיא וואוּנְדֶען, הָאט בַּאגָאסֶען מִיט אֵייל אוּן וַויין,
אוּן הָאט אִיהם אַרוֹיף גֶעזֶעצְט אוֹיף אֵיין אֵייזֶעל, אוּן הָאט אִיהם
גֶעבְּרַאכְט אִין אֵיין אַכְסַנְיָא, אוּן הָאט אִיהם פֶערְזָארְגְט. אוּן 35
אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג, וֶוען עֶר אִיז אַוֶועק גֶעפָארֶען הָאט עֶר
אַרוֹיסְגֶענוּמֶען צְווֵיי דִינָר, אוּן הָאט גֶעגֶעבֶּען דֶעם בַּעַל־אַכְסַנְיָא,
אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: גִיבּ אַכְטוּנְג אוֹיף אִיהם, אוּן וֶוען דוּא
וֶועסְט מֶעהְרֶער אוֹיסְגֶעבֶּען, וֶועל אִיךְ דִיר אָבְּגֶעבֶּען וֶוען אִיךְ
וֶועל צוּרִיק קוּמֶען. וֶוער פָאן דִיא דְרֵיי אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער חַבֵר 36
פָאן דֶעם וָואס אִיז גֶעפַאלֶען צְווִישֶׁען דִיא גַזְלָנִים? עֶר הָאט 37
גֶעזָאגְט, דֶער, וָואס הָאט אוֹיף אִיהם רַחֲמָנוּת גֶעהַאט. אוּן
יְשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: גֶעה טְהוּ אוֹיךְ אַזוֹי. וֶוען זֵיי זֶענֶען 38
גֶעוֶועזֶען אִין וֶועג אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין אֵיין דָארְף אוּן אֵיין פְרוֹי,
וָואס אִיהר נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען מָרְתָא הָאט אִיהם אוֹיפְגֶענוּמֶען אִין
אִיהר הוֹיז. זִיא הָאט גֶעהַאט אֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, וָואס אִיהר 39
נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען מִרְיָם, וֶועלְכֶע הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט בֵּיי יְשׁוּעַ׳ס
פִיס, אוּן הָאט גֶעהֶערְט זֵיין וָוארְט. מָרְתָא אִיז מִיד גֶעוָוארֶען 40
פָאן פִיל אַרְבֵּייט, אוּן אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט: הֶערְר!
דִיךְ הַארְט גָאר נִיט דָאס, וָואס מֵיין שְׁוֶועסְטֶער הָאט מִיךְ
גֶעלָאזְט אַלֵיין צוּ בַּאדִינֶען? זָאג אִיהר זִיא זָאל מִיר הֶעלְפֶען.
יְשׁוּעַ הָאט אִיהר גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטפֶער: מָרְתָא! מָרְתָא! דוּא 41
זָארְגְסְט אוּן בַּאמִיהֶעסְט דִיךְ וֶועגֶען פִילֶעס. אֵיינְס נוּר אִיז 42

נוֹיטְווֶענְדִיג; מִרְיָם הָאט זִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶוײלְט דֶען גוּטֶען טֵייל,
וֶועלְכֶען מֶען וֶועט בֵּיי אִיהר נִיט אַוֶועק נֶעמֶען.
יא עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר הָאט אִין אֵיין אָרְט מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען
אוּן הָאט גֶעעֶנְדֶעט, הָאט אֵיינֶער פָאן זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט צוּ
אִיהם: הֶערְר! לֶעהְרֶען אוּנְז מִתְפַּלֵל זַיין, וִויא יוֹחָנָן הָאט
2 גֶעלֶעהְרֶענְט זַיינֶע תַּלְמִידִים. עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וֶוען אִיהר
טְהוּט תְּפִלָה זָאגְט: אוּנְזֶער פָּאטֶער אִין הִימֶעל, גֶעהֵיילִיגְט זָאל
וֶוערֶען דֵיין נָאמֶען; דֵיין מְלוּכָה זָאל קוּמֶען; דֵיין רָצוֹן זָאל
3 גֶעטָאן וֶוערֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אַזוֹי וִויא אִין הִימֶעל. אוּנְזֶער
4 טֶעגְלִיכֶעס בְּרוֹיט גִיב אוּנְז יֶעדֶען טָאג. אוּן זֵיי מוֹחֵל אוּנְזֶערֶע
זִינְד, דֶען מִיר זֶענֶען אוֹיךְ מוֹחֵל יֶעדֶען וֶוער עֶס אִיז אוּנְס שוּלְדִיג,
אוּן בְּרֵיינְג אוּנְז נִיט צוּ קֵיין נִסָיוֹן, נוּר זֵיי אוּנְז מַצִיל פָאן דֶעם
5 בֶּעזֶען. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וֶוער פָאן אַייךְ וֶוען עֶר הָאט
אֵיין פְרֵיינְד, אוּן עֶר קוּמְט צוּ אִיהם אִין הַאלְבֶּע נַאכְט אוּן זָאגְט
6 אִיהם: פְרֵיינְד! לֵייא מִיר דְרַיי בְּרוֹיט. דֶען מֵיינֶער אֵיין פְרֵיינְד
אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען פָאן וֶועג, אוּן אִיךְ הָאבּ אִיהם נִיט וָואס
7 פָארְצוּלֵייגֶען. אוּן דֶער פָאן אִינֶעוֵוינִיג זָאגְט אִיהם אֵיין עֶנְטְפֶער:
לָאז מִיךְ צוּ רוּה, דִיא טְהִיר אִיז שוֹין פֶערְשְׁלָאסֶען אוּן מֵיינֶע
קִינְדֶער זֶענֶען מִיט מִיר אִין בֶּעט, אִיךְ קֶען נִיט אוֹיפְשְׁטֶעהֶן, אוּן
8 דִיר גֶעבֶּען. אִיךְ זָאג אַייךְ: וֶוען עֶר וֶועט נִיט אוֹיפְשְׁטֶעהֶן אוּן
וֶועט אִיהם נִיט גֶעבֶּען, ווֶעגֶען פְרֵיינְדְשַׁאפְט מִיט אִיהם, אַזוֹי וֶועט
עֶר אוֹיפְשְׁטֵיין דֶערִיבֶּער, וֵוייל עֶר בֶּעט אִיהם שְׁטַארְק, אוּן
9 גֶעבֶּען וִויפִיל עֶר דַארְף. אוּן אִיךְ זָאג אַייךְ: בֶּעט אוּן עֶס וֶועט
אַייךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, זוּכְט אוּן אִיהר וֶועט גֶעפִינֶען. קְלַאפְּט
10 אָן, אוּן מֶען וֶועט אַייךְ עֶפֶּענֶען. דֶען יֶעדֶער וָואס בֶּעט אִיז
מְקַבֵּל, אוּן וֶוער עֶס זוּכְט גֶעפִינְט, אוּן דֶעם וָואס קְלַאפְּט אָן
11 עֶפֶּענְט מֶען. וֶוער פָאן אַייךְ אִיז אֵיין פָאטֶער, וָואס וֶוען דֶער
זָאהן בֶּעט פָאן אִיהם בְּרוֹיט, זָאל עֶר אִיהם גֶעבֶּען אֵיין שְׁטֵיין?
אָדֶער פִישׁ, זָאל עֶר אִיהם גֶעבֶּען אֵיין שְׁלַאנְג אַנְשְׁטָאט פִישׁ.
12 אָדֶער וֶוען עֶר בֶּעט אֵיין אֵייא זָאל עֶר אִיהם גֶעבֶּען אֵיין עֶגְדֶעשׁ?
13 וֶוען אִיהר וָואס זֶענְט שְׁלֶעכְטֶע, קֶענְט גֶעבֶּען גוּטֶע מַתָּנוֹת צוּ
אֵייעֶרֶע קִינְדֶער, וִויפִיל מֶעהר שוֹין וֶועט דֶער פָאטֶער, וָואס אִיז

אִין הִימֶעל גֶעבֶּען דֶען רוּחַ־הַקֹּדֶשׁ צוּ דִיא, וָואס בֶּעטֶען בֵּיי אִיהם.
14 עֶס אִיז גֶעוֶוען וֶוען עֶר הָאט אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען אֵיין שֵׁד,
וָואס עֶר אִיז שְׁטוּם גֶעוֶוען, אוּן וֶוען דֶער שֵׁד אִיז אַרוֹיס, הָאט
דֶער שְׁטוּמֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען: אוּן דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ
15 גֶעוואוּנְדֶערְט. אֵיינִיגֶע פָאן זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט: עֶר הָאט אַרוֹיס
גֶעטְרִיבֶּען דִיא שֵׁדִים מִיט דֶעם כֹּחַ פָאן בַּעַל־זְבוּב דֶעם שַׂר פָאן
16 דִיא שֵׁדִים. אוּן אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעפְּרוּבְט אוּן גֶעפָאדֶערְט
17 פָאן אִיהם אֵיין צֵייכֶען פָאן הִימֶעל. נוּר עֶר הָאט גֶעוואוּסְט
זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען, אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: יֶעדֶער מְלוּכָה, וָואס אִיז
אִין זִיךְ נִיט אֵיינִיג גֶעהט אוּנְטֶער; אוּן אֵיין הוֹיז, וָואס אִיז נִיט
18 אֵיינִיג פַאלְט אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע הוֹיז אֵיין. אוּן וֶוען דֶער שָׂטָן
אִיז אִין זִיךְ נִיט אֵיינִיג, ווִיא קָאן זֵיין מְלוּכָה אֵיין קִיּוּם הָאבֶּען:
אוּן אִיהר זָאגְט, דָאס אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס שֵׁדִים מִיט דֶעם כֹּחַ
19 פָאן דֶעם בַּעַל זְבוּב. אוּן וֶוען אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס שֵׁדִים מִיט
דֶעם כֹּחַ פָאן דֶעם בַּעַל זְבוּב, מִיט וָואס טְרֵייבֶּען אֵייעֶרֶע קִינְדֶער
20 זֵיי אַרוֹיס? דֶערִיבֶּער וֶועלֶען זֵיי אֵייעֶרֶע רִיכְטֶער זֵיין. וֶוען אִיךְ
21 אָבֶּער טְרֵייבּ אַרוֹיס שֵׁדִים מִיט גָאטְטֶעס פִינְגֶער, אַזוֹי אִיז
אִין אֱמֶת'ען דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם צוּ אַייךְ גֶעקוּמֶען. וֶוען אֵיין
בֶּעוָואפֶּענְטֶער גִבּוֹר הִיטֶעט זֵיין הוֹיף, אַזוֹי אִיז זֵיין פַארְמֶעגֶען
22 זִיכֶער. וֶוען אֵיין שְׁטַארְקֶערֶער פָאן אִיהם קוּמְט אוֹיף אִיהם אָן
אוּן אִיז אִיהם מְנַצֵּחַ, דַאמָאלְסְט נֶעמְט עֶר אַוֶועק אַלֶע כְּלֵי־זַיִן,
אוֹיף וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ פַארְזִיכֶערְט, אוּן צוּטֵיילְט זֵיין רוֹיבּ.
23 וֶוער עֶס אִיז נִיט מִיט מִיר, דֶער אִיז גֶעגֶען מִיר, אוּן וֶוער עֶס
24 זַאמֶעלְט נִיט מִיט מִיר, דֶער צוּשְׁפְּרֵייט. וֶוען אֵיין אוּנְרֵיינֶער
גֵייסְט גֶעהט אַרוֹיס פָאן אֵיין מֶענְשֶׁען, אַזוֹי גֶעהט עֶר אַרוּם אִין
טְרוּקֶענֶע עֶרְטֶער, אוּן זוּכְט רוּהֶע, אוּן וֶוען עֶר גֶעפִינְט נִיט, זָאגְט
עֶר, אִיךְ וֶועל מִיךְ אוּמְקֶעהרֶען אִין מֵיין הוֹיז פָאן וַואנֶען אִיךְ
25 בִּין אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען. אוּן וֶוען עֶר קוּמְט גֶעפִינְט עֶר עֶס אוֹיס
26 גֶעקֶעהְרְט אוּן אוֹיסְגֶעפּוּצְט. אַזוֹי גֶעהט עֶר אוּן נֶעמְט מִיט זִיךְ,
זִיבֶּען אַנְדֶערֶע רוּחוֹת נָאךְ שְׁלֶעכְטֶערֶע פָאן זִיךְ, אוּן זֵיי קוּמֶען
אוּן וֵוייגֶען דָארְטֶען, אוּן פַאר דֶעם מֶענְשֶׁען אִיז צוּם לֶעצְטֶען
27 עֶנְגֶער, וִויא צוּם עֶרְשְׁטֶען. וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט: הָאט

אײן פֿרױ פֿאָן דעם פֿאָלק אױף געהױבען איהר קול און געזאָגט:
זעליג איז דער לײב, װעלכער האָט דיך געטראָגען, און די
28 בריסט, װעלכע דו האָסט געזױגען. און ער האָט געזאָגט:
זעליג זענען די, װעלכע הערען גאָטטעס װאָרט, און היטען עס.
29 און װען פֿיל פֿאָלק האָט זיך פֿערזאַמעלט, האָט ער
אָנגעהױבען צו רעדען: דיזער דור איז אײן בּעזער, ער זוכט
צײכען און קײן צײכען װעט איהם ניט געגעבען װערען, אױסער
30 דער צײכען פֿאָן יונה הנביא. דען אַזױ װיא יונה איז געװעזען אײן
צײכען פֿאַר די לײט פֿאָן נינוה, אַזױ װעט אױך דער בּן האָדם
31 זײן פֿאַר דיזען דור. די מלכּה פֿאָן תּימן װעט אױפֿשטעהן
צום משפּט מיט די לײט פֿאָן דעם דור, און װעט זײ פֿאַר
משפּט'ן, דען זיא איז געקומען פֿאָן ענדע דער װעלט הערען די
חכמה פֿאָן שלמה'ן, און נון, דאָ איז אײן גרעסערער פֿאָן שלמה'ן.
32 די לײט פֿאָן נינוה װעלען אױפֿשטעהן צום משפּט מיט דעם
דור, און װעלען איהם פֿאַרמשפּט'ן, דען זײ האָבען תּשובה
געטאָן פֿאָן יונה'ס פּרעדיג און נון, דאָ איז אײן גרעסערער פֿאָן
33 יונה'ן. קײנער צינדעט ניט אָן אײן ליכט און שטעלט עס אין
אײן פֿערבּאָרגענעם אָרט, אונטער אײן כּלי, נור אין אײן
לײכטער, כּדי די װאָס קומען אַרײן, זאָלען זעהען דאָס ליכט.
34 דאָס ליכט פֿאָן דעם לײב איז דאָס אױג, דעריבּער װען דײן
אױג װעט ריכטיג זײן, אַזױ װעט דײן גאַנצער לײב רײן
זײן, און װען עס װעט שלעכט זײן, אַזױ װעט דײן גוף אױך
35 פֿינסטער זײן. דעריבּער גיב אַכטונג, דאָס דאָס אינעװײניגסטע
36 ליכט אין דיר זאָל ניט פֿינסטער װערען. װען דײן גאַנצער
לײב איז ליכטיג, און האָט ניט אײן טײל, װאָס איז פֿינסטער,
אַזױ װעט ער אין גאַנצען ליכטיג זײן, אַזױ װיא אײן ליכט מיט
37 זײן שײן האָט דיך בּעלײכטעט. װען ער האָט דאָס געזאָגט:
האָט איהם אײן פּרוש געבּעטען צו זיך, ער זאָל בּײ איהם עסען,
38 ער איז געקומען און האָט זיך געזעצט צום טיש. דער פּרוש
האָט זיך געװאונדערט װען ער האָט געזעהען, דאָס ער האָט
39 זיך ניט געװאַשען פֿאַר דעם עסען. נור דער הערר האָט איהם
געזאָגט: איהר פּרושים רײניגט דאָס אױסװײניגסטע פֿאָן די

כּוֹסוֹת אוּן שִׁיסְלֶען, אוּן אֵייעֶר אִינְוֶוענִיגְסְטֶע אִיז פוּל מִיט גְזֵלָה
40 אוּן אוּנְרֶעכְט. נַארֶען, הָאט דֶען דֶער זֶועלְבֶּער, וָואס הָאט גֶעמַאכְט
דָאס אוֹיסְוֶוענִיגְסְטֶע נִיט גֶעמַאכְט אוֹיךְ דָאס אִינְוֶוענִיגְסְטֶע?
41 בֶּעסֶער גִיט צְדָקָה פָּאן דֶעם, וָואס אִיז דָא דַארִין דַאמָאלְסְט וֶועט
42 בֵּיי אַייךְ אַלֶעס רֵיין זֵיין. נוּר וֶועה אִיז אַייךְ פְּרוּשִׁים, דָאס אִיהר
גִיט מַעֲשֵׂר פָּאן מִינְתָּא, פִּיגַם, אוּן יֶעדֶער גְרִינְוַוארְג, אוּן זֶענְט
עוֹבֵר אוֹיף גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן גָאטְטֶעס לִיבֶּע, דִיזֶע דַארְפְט אִיהר
43 טָאן, אוּן יֶענֶע נִיט פֶּערְלָאזֶען. וֶועה אִיז אַייךְ פְּרוּשִׁים, דָאס
אִיהר הָאט לִיבּ צוּ זִיצֶען אִין דִיא שׁוּלֶען אוֹיבֶּען אָן אוּן שָׁלוֹם
44 גֶעמֶען אוֹיף דִיא מֶערְק. וֶועה אִיז אַייךְ סוֹפְרִים, אוּן פְּרוּשִׁים,
חֲנֵפִים, דָאס אִיהר זֶענְט וִויא קְבָרִים וָואס מֶען וֵוייסְט פָּאן זֵיי
נִיט, אוֹיף וֶועלְכֶע מֶענְשֶׁען גֶעהֶען, אוּן וֵוייסֶען גָאר נִיט פָּאן זֵיי.
45 אֵיינֶער פָּאן דִיא לוֹמְדִים הָאט זִיךְ אָבּ גֶערוּפֶען אוּן אִיהם גֶעזָאגְט:
46 לֶעהְרֶער! מִיט דִיא וֶוערְטֶער בִּיסְט דוּא אוּנְז מְבַיֵּשׁ. נוּר עֶר
הָאט גֶעזָאגְט: וֶועה אִיז אוֹיךְ אַייךְ בַּעֲלֵי תּוֹרָה, דָאס אִיהר
לֵייגְט אַרוֹיף אוֹיף מֶענְשֶׁען שְׁוֶוערֶע מַשָּׂאוֹת אוּן אִיהר אַלֵיין
47 ווִילְט נִיט זִיךְ צוּרִיהְרֶען צוּ זֵיי, אֲפִילוּ מִיט אֵייעֶר פִינְגֶער. וֶועה
אִיז אַייךְ, דָאס אִיהר בּוֹיט דִיא קְבָרִים פָּאן דִיא נְבִיאִים, וֶועלְכֶע
48 אֵייעֶרֶע אָבוֹת הָאבֶּען זֵיי גֶעהַרְגֶ'ט. דוּרְךְ דֶעם זָאגְט אִיהר עֵדוּת
אוֹיף דִיא מַעֲשִׂים פָּאן אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן אוּן זֶענְט מְרוּצֶה אוֹיף
זֵיי, דֶען זֵיי הָאבֶּען גֶעהַרְגֶ'ט דִיא נְבִיאִים, אוּן אִיהר בּוֹיט זֵיי
49 קְבָרִים. דֶערִיבֶּער הָאט אוֹיךְ דִיא חָכְמָה פָּאן גָאטְט גֶעזָאגְט:
אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען צוּ זֵיי נְבִיאִים אוּן שְׁלִיחִים אוּן פָּאן זֵיי וֶועלֶען
50 זֵיי אֵיינִיגֶע הַרְגֶ'נֶען אַנְדֶערֶע רוֹדְפְ'ן. כְּדֵי עֶס זָאל גֶעפָאדֶערְט
וֶוערֶען פָּאן דִיזֶען דוֹר דָאס בְּלוּט פָּאן אַלֶע נְבִיאִים, וָואס אִיז
פַארְגָאסֶען גֶעוָוארֶען צֵייט דִיא וֶועלְט אִיז גֶעגְרִינְדֶעט גֶעוָוארֶען.
51 פָּאן דָאס בְּלוּט פָּאן הֶבֶל, בִּיז דָאס בְּלוּט פָּאן זְכַרְיָה, וָואס אִיז
גֶעהַרְגֶ'ט גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען דֶעם מִזְבֵּחַ אוּן הֵיכָל, יַא, אִיךְ זָאג
52 אַייךְ: עֶס וֶועט גֶעפָאדֶערְט וֶוערֶען פָּאן דִיזֶען דוֹר. וֶועה אִיז
אַייךְ לוֹמְדִים, דָאס אִיהר הָאט פַארְנוּמֶען דֶעם שְׁלִיסֶעל פָּאן
ווִיסֶענְשַׁאפְט. אִיהר אַלֵיין זֶענְט נִיט אַרֵיין גֶעקוּמֶען, אוּן אִיהר
53 דֶערְלָאסְט נִיט דִיא וֶועלְכֶע ווִילֶען אַרֵיינְגֶעהְן. וֶוען עֶר הָאט

דָאס זֵיי גֶעזָאגְט, הָאבֶּען דִיא סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים אָנְגֶעהוֹיבֶּען
אִיהם שְׁטַארְק צוּ הַאסֶען, אוּן פָארְלַייגֶען אִיהם פִילֶע פְרַאגֶען.
54 זֵיי הָאבֶּען אוֹיף אִיהם גֶעלוֹיעֶרְט, אוּן הָאבֶּען גֶעזוּכְט צוּ חַאפֶּען
אֵיין וָואָרְט פָאן זֵיין מוֹיל, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען אִיהם קֶענֶען בֶּעשׁוּלְדִיגֶען.
יב דֶערְוֵוייל הָאבֶּען זִיךְ טוֹיזֶענְטֶער פָאן דֶעם פָאלְק פַארְזַאמֶעלְט,
דָאס זֵיי הָאבֶּען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעדְרִיקְט, הָאט יֵשׁוּעַ
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּם עֶרְשְׁטֶען צוּ רֶעדֶען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, הִיטֶעט
אַייךְ פָאן דֶעם זוֹיעֶרְטֵייג פָאן דִיא פְּרוּשִׁים, דָאס אִיז חֲנוּפָה.
2 עֶס אִיז אָבֶּער נִיט דָא קֵיין בֶּעהַאלְטֶענֶעס, וָועלְכֶע עֶס זָאל נִיט
אוֹיף גֶעדֶעקְט וֶוערֶען; אוּן וָואס עֶס אִיז בְּסוֹד, מֶען זָאל דֶערְפָאן
3 נִיט גֶעוָואר וֶוערֶען. דֶערִיבֶּער וָואס אִיהר הָאט גֶעזָאגְט אִין דֶער
פִינְסְטֶער, וֶועט דֶערְהֶערְט וֶוערֶען אִין דֶער לִיכְט, אוּן וָואס אִיהר
הָאט גֶערֶעט אוֹיף דֶעם אוֹיעֶר אִין שְׁטוּבּ, וֶועט אָנְגֶעזָאגְט וֶוערֶען
4 אוֹיף דִיא דֶעכֶער. אִיךְ זָאג אַייךְ מֵיינֶע פְרֵיינְד: פִירְכְטֶעט אַייךְ
נִיט פַאר דִיא וָואס הַרְגֶ'נֶען דֶעם גוּף אוּן נָאךְ דֶעם קָאנֶען זֵיי
5 שׁוֹין מֶעהר נִיט טָאן. אִיךְ וֶועל אַייךְ אָבֶּער וֵוייזֶען פַארְוָועמֶען
אִיהר זָאלְט זִיךְ פִירְכְטֶען: פִירְכְטֶעט אַייךְ פַאר דֶעם, וָואס נָאךְ
דֶעם הַרְגֶ'נֶען קָאן עֶר וַוארְפֶען אִין גֵיהִנָם, יַא, אִיךְ זָאג אַייךְ:
6 פַאר דֶעם הָאט מוֹרָא. פַארְקֵייפֶען זִיךְ דֶען נִיט פִינְף קְלֵיינֶע
פֵייגְלַאךְ פַאר צְוֵויי אִיסָר (מַטְבֵּעַ), אוּן נִיט אֵיינֶער פָאן זֵיי אִיז
7 בֵּיי גָאטְט פַארְגֶעסֶען. אוּן בֵּיי אַייךְ זֵיינֶען אֲפִילוּ אַלֶע הָאר אוֹיף
דֶעם קָאפְּף גֶעצֵיילְט, דֶערִיבֶּער, פִירְכְטֶעט דִיךְ נִיט: אִיהר זֶענְט
8 טֵייעֶרֶער פָאן פִיל קְלֵיינֶע פֵייגֶעלַאךְ. אוּן אִיךְ זָאג אַייךְ: יֶעדֶער
וָואס וֶועט מִיךְ בַּאקֶענֶען פַאר מֶענְשֶׁען, וֶועט דֶער בֶּן־הָאָדָם
9 אִיהם אוֹיךְ בַּאקֶענֶען פַאר דִיא מַלְאָכִים פָאן גָאטְט. וֶוער אָבֶּער
עֶס וֶועט מִיךְ פַארְלֵייקֶענֶען פַאר מֶענְשֶׁען דֶער וֶועט פַארְלֵייקֶענְט
10 וֶוערֶען פַאר דִיא מַלְאָכִים פָאן גָאטְט. אוּן יֶעדֶערְן, וָואס וֶועט
זָאגְען אֵיין וָוארְט גֶעגֶען דֶעם בֶּן־הָאָדָם וֶועט פַארְגֶעבֶּען וֶוערֶען,
דֶעם אָבֶּער, וָואס וֶועט לֶעסְטֶערְן דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, וֶועט נִיט
11 פַארְגֶעבֶּען וֶוערֶען. וֶוען מֶען וֶועט אַייךְ בְּרֵיינְגֶען אִין דִיא שׁוּלֶען
פַאר דִיא עֶלְסְטֶע, דִיא וָואס הָאבֶּען מַאכְט, זָארְגְט נִיט, וִויא
12 אָדֶער וָואס צוּ עֶנְטְפֶערֶען, אָדֶער וָואס צוּ זָאגֶען. דֶען דֶער רוּחַ

הַקֹדֶשׁ וֶועט אַייךְ לֶערְנֶען אִין דֶער שָׁעָה וָואס צוּ זָאגֶען.
13 אַיינֶער פָאן דֶעם פָּאלְק הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: לֶעהרֶער! זָאג מֵיין
14 בְּרוּדֶער, עֶר זָאל זִיךְ מִיט מִיר טֵיילֶען מִיט דֶער יְרוּשָׁה. עֶר
הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַאן, וֶוער הָאט מִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִיבֶּער
15 אַייךְ פַאר אֵיין רִיכְטֶער אָדֶער אֵיין טֵיילֶער? אוּן עֶר הָאט צוּ
זֵיי גֶעזָאגְט: זֶעהט הִיטֶעט אַייךְ פָאן דִיא תַּאֲוָה פָאן רֵייכְקֵייט,
דֶען דָאס לֶעבֶּען פָאן דֶעם מֶענְשֶׁען הֵיינְגְט נִיט אָב פָאן זֵיין פִיל
16 פַארְמֶעגֶען. אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין מָשָׁל: אֵיין רֵייכֶען מַאן
17 הָאט זֵיין פֶעלְד גֶעבְּרַאכְט פִיל תְּבוּאָה. אוּן עֶר הָאט בֵּיי זִיךְ
גֶעטְרַאכְט: וָואס זָאל אִיךְ טָאן? אִיךְ הָאבּ נִיט וואוּ אַרֵיין צוּ
18 לֵייגֶען מֵיינֶע תְּבוּאָה. אוּן עֶר זָאגְט: אַזוֹי וֶועל אִיךְ טָאן: אִיךְ
וֶועל צוּ וַוארְפֶען מֵיינֶע שֵׁייעֶרֶען, אוּן וֶועל אוֹיס בּוֹיעֶן גְרוֹיסֶע,
אוּן אַהִין וֶועל אִיךְ צוּנוֹיף נֶעמֶען מֵיינֶע גַאנְצֶע תְּבוּאָה, אוּן מֵיין
19 גוּטְס. אוּן וֶועל זָאגֶען צוּ מֵיין זֶעעלֶע: זֶעעלֶע! דוּא הָאסְט פִיל
גוּטֶעס אוֹיף פִילֶע יָאהרֶען: זֵיי רוּהִיג, עֶס, טְרִינְק, אוּן פְרֵייא דִיךְ.
20 נוּר גָאטְט הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: נַאר! הֵיינְטִיגֶע נַאכְט וֶועט מֶען
בֵּיי דִיר צוּנֶעמֶען דִיא נְשָׁמָה, פַאר וֶועמֶען וֶועט אִיבֶּער בְּלֵייבֶּען
21 דָאס, וָואס דוּא הָאסְט אָנְגֶעגְרֵייט? אַזוֹי אִיז וֶוער עֶס זַאמֶעלְט
22 אֵיין פַאר זִיךְ אוֹצְרוֹת אוּן אִיז נִיט רֵייךְ אִין גָאטְט. אוּן עֶר
הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים: דֶערִיבֶּער זָאג אִיךְ אַייךְ: זָארְגְט
נִיט פַאר אֵייעֶר לֶעבֶּען, וָואס וֶועט אִיהר עֶסֶען, נִיט פַאר אֵייעֶר
23 גוּף, אִין וָואס וֶועט אִיהר זִיךְ קְלֵיידֶען. דֶער לֶעבֶּען אִיז מֶעהר
24 פָאן עֶסֶען, אוּן דֶער גוּף מֶעהר פָאן קְלֵיידֶער. בֶּעטְרַאכְט דִיא
רָאבֶּען: זֵיי זֵייעֶן נִיט, אוּן שְׁנֵיידֶען נִיט; זֵיי הָאבֶּען נִיט קֵיין
שֵׁייעֶרֶען, קֵיין שְׁפֵּייכְלֶער, אוּן גָאטְט שְׁפֵּייזְט זֵיי, מִיט ווִיפִיל
25 זֶענְט אִיהר בֶּעסֶער פָאן עוֹפוֹת? אוּן וֶוער פָאן אַייךְ קֶען מִיט
26 זֵיין זָארְגֶען זֵיין לֶעבֶּען אֵיין אֵייל מוֹסִיף זֵיין. אוּן וֶוען אִיהר
קָאנְט נִיט אֲפִילוּ דָאס ווֵיינִיגְסְטֶע טָאן, פַאר וָואס זָארְגְט אִיהר
27 פַאר דָאס אִיבֶּערִיגֶע? בֶּעטְרַאכְט דִיא לִילִיעֶן ווִיא זֵיי וַואכְסֶען:
זֵיי בֶּאמִיהֶען זִיךְ נִיט, זֵיי שְׁפִּינֶען נִיט, נוּר אִיךְ זָאג אַייךְ: דָאס
אֲפִילוּ שְׁלֹמֹה אִין זֵיין גַאנְצֶען פְּרַאכְט אִיז נִיט גֶעקְלֵיידֶעט גֶעוֶועזֶען,
28 ווִיא אֵיינֶע פָאן זֵיי. וֶוען גְרָאז פָאן דֶעם פֶעלְד, וֶועלְכֶעס הֵיינְט

אִיז עֶס דָא אוּן מָארְגֶען וֶועט דָאס אִין אוֹיוֶוען גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען,
29 קְלַיידֶעט גָאטְט אַזוֹי, וְויפִיל מֶעהר אַייךְ, קְלֵיין גְלוֹיבִּיגֶע. אוּן
אִיהר זוּכְט נִיט, וָואס וֶועט אִיהר עֶסֶען, אוּן וָואס צוּ טְרִינְקֶען,
30 אוּן לָאז עֶס אַייךְ נִיט אַרוּמְטְרֵייבֶּען. דֶען דָאס אַלֶעס זוּכֶען דִיא
גוֹיִם פָאן דֶער וֶועלְט, אֵייעֶר פָאטֶער אָבֶּער וֵוייסְט, דָאס אִיהר
31 הָאט עֶס נוֹיטִיג. נוּר זוּכְט דָאס מַלְכוּת־אֱלֹהִים, אוּן דָאס אַלֶעס
32 וֶועט אַייךְ צוּ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען. פִירְכְטֶע דִיךְ נִיט קְלֵיינֶע
שְׁטַאדֶע, דֶען אֵייעֶר פָאטֶערְס ווילֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אַייךְ צוּ גֶעבֶּען
33 דִיא מְלוּכָה. פַארְקוֹיפְט אֵייעֶר פַארְמֶעגֶען אוּן גִיט צְדָקָה, מַאכְט
אַייךְ בֵּייטְלֶען, וָואס זָאלֶען נִיט פֶערְפוֹילְט וֶוערֶען, אוּן אֵיין אוֹצָר
אִין הִימֶעל, וָואס וֶועט קֵיין מָאל נִיט וֵוייניגֶער וֶוערֶען וָואהִין אֵיין
גַנָב קוֹמְט נִיט צוּ, אוּן וואוּ דֶער מָאל וֶועט אִיהם נִיט אוֹיף־
34 פְרֶעסֶען. דֶען, וואוּ אֵייעֶר אוֹצָר אִיז, דָארְט וֶועט אֵייעֶר הַארְץ
35 אוֹיךְ זַיין. לָאזֶען אֵייעֶרֶע לֶענְדֶען אוּנְטֶער גֶעגַארְטֶעלְט זַיין,
36 אוּן דִיא לִיכְט בְּרֶענֶען. אוּן אִיהר זָאלְט גְלַייךְ זַיין צוּ לַייט, וָואס
וַוארְטֶען זַייעֶרֶען הֶערְרְן וֶוען עֶר וֶועט צוּרִיק קוּמֶען פָאן דֶער
חֲתוּנָה, כְּדֵי וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען אוּן וֶועט אָנְקְלַאפֶּען, אִיהם
37 בַּאלְד צוּ עֶפֶענֶען. זֶעלִיג זֶענֶען דִיא קְנֶעכְט, וֶועלְכֶע דֶער הֶערְר
וֶוען עֶר קוּמְט גֶעפִינְט זַיי וַואכֶענְדִיג, אִין אֱמֶת'עֶן זָאג אִיךְ אַייךְ:
עֶר וֶועט זִיךְ אוּנְטֶערְגַארְטְלֶען, אוּן וֶועט זַיי אוּים זֶעצֶען, אוּן וֶועט
38 גֶעהְן זַיי בַּאדִינֶען. אוּן וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען אִין דֶעם צְוֵוייטֶען
טֵייל פָאן דֶער נַאכְט, אָדֶער אִין דֶעם דְרִיטֶען טֵייל, אוּן וֶועט
39 זַיי אַזוֹי גֶעפִינֶען, זֶעלִיג זֶענֶען דִיא קְנֶעכְט. דָאס זָאלְט אִיהר
וִויסֶען, וֶוען דֶער בַּעַל־הַבַּיִת זָאל ווִיסֶען אִין וָואס פַאר אֵיין שָׁעָה
דֶער גַנָב וֶועט קוּמֶען, אַזוֹי וָואלְט עֶר גֶעוַואכְט, אוּן וָואלְט נִיט
40 דֶערְלָאזֶען מֶען זָאל זַיין הוֹיז אוּנְטֶער גְרָאבֶּען. דֶערִיבֶּער, זַייט
אִיהר אוֹיךְ פַארְטִיג, דֶען אִין אֵיין שָׁעָה, וָואס אִיהר דֶענְקְט גָאר
41 נִיט וֶועט דֶער בֶּן הָאָדָם קוּמֶען. אוּן פֶּטֶר הָאט אִיהם
גֶעזָאגְט: הֶערְר! דֶעם מָשָׁל זָאגְסְט דוּא אוּנְז, אָדֶער צוּ אַלֶעמֶען?
42 אוּן דֶער הֶערְר הָאט גֶעזָאגְט: וֶוער אִיז דֶער גֶעטְרֵייעֶר אוּן אֵיין
פַארְשְׁטֶענְדִיגֶער הוֹיזְהַאלְטֶער, וֶועלְכֶען זַיין הֶערְר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט
אִיבֶּער זַיינֶע דִינֶער, עֶר זָאל זַיי גֶעבֶּען זֵייעֶר פָארְצִיעֶ עֶסֶען אִין

43 דֶער צַייט? זֶעלִיג אִיז דֶער קְנֶעכְט, וֶועלְכֶען זַיין הֶערְר וֶוען עֶר
44 קוּמְט גֶעפִינְט עֶר אִיהם טְהוּעֶנְדִיג אַזוֹי. אִין אֱמֶת'עֶן זָאג אִיךְ
אַייךְ: דָאס עֶר וֶועט אִיהם שְׁטֶעלֶען אִיבֶּער זַיין גַאנְצֶען פַארְמֶעגֶען.
45 וֶוען דֶער קְנֶעכְט אָבֶּער וֶועט בֵּיי זִיךְ טְרַאכְטֶען: מֵיין הֶערְר
וֶועט פֶערְזַאמֶען זִיךְ צוּ קוּמֶען, אוּן וֶועט אָנְהוֹיבֶּען צוּ שְׁלָאגֶען
דִיא דִינֶער, אוּן דִיא דִינְסְטֶען, עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען אוּן בֶּעזוֹיפֶען
46 זִיךְ. אַזוֹי וֶועט קוּמֶען דֶער הֶערְר פָאן דֶעם קְנֶעכְט אִין אֵיין
טָאג, אִין וֶועלְכֶען עֶר הָאט נִיט גֶעוַוארְט, אוּן אִין אֵיין שָׁעָה, אִין
וֶועלְכֶער עֶר הָאט נִיט גֶעטְרַאכְט, אוּן וֶועט אִיהם צוּהַאקֶען, אוּן
47 וֶועט אִיהם גֶעבֶּען אֵיין טֵייל מִיט דִיא אוּנְגְלֵייבִּיגֶע. דֶער עֶבֶד,
וֶועלְכֶער הָאט גֶעוואוּסְט דֶעם ווִילֶען פָאן זַיין הֶערְרְן, אוּן הָאט
נִיט אָנְגֶעבְּרֵייט, אוּן הָאט נִיט גֶעטָאן ווִיא זַיין ווִילֶען, דֶער וֶועט
48 פִיל גֶעשְׁלָאגֶען וֶוערֶען. אוּן דֶער וֶועלְכֶער הָאט נִיט גֶעוואוּסְט,
אוּן הָאט גֶעטָאן דָאס וָואס עֶס אִיז וֶוערְט שְׁלֶעג, דֶער וֶועט
וֵוייניגֶער גֶעשְׁלָאגֶען וֶוערֶען. אוּן פָאן יֶעדֶען וֶועמֶען עֶס אִיז פִיל
גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, וֶועט מֶען פִיל פָאדֶערֶען; אוּן וֶועמֶען עֶס אִיז
פִיל גֶעטְרוֹיט גֶעוָוארֶען, פָאן דֶעם פֶערְלַאנְגְט מֶען פִיל.
49 אֵיין פֵייעֶר בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען צוּ וַוארְפֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּן
50 ווִיא ווִיל אִיךְ דָאס עֶס זָאל זִיךְ שׁוֹין אָנְצִינְדֶען. אִיךְ הָאבּ אֵיין
טְבִילָה צוּ טוּבְלֶען זִיךְ, אוּן ווִיא גֶעדְרִיקְט בִּין אִיךְ בִּיז דָאס וֶועט
51 זִיךְ עֶנְדִיגֶען. דֶענְקְט אִיהר, דָאס אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען גֶעבֶּען שָׁלוֹם
52 אוֹיף דֶער עֶרְד, נֵיין זָאג אִיךְ אֵייךְ, נוּר מַחֲלוֹקֶת. דֶען פָאן נוּן
אָן וֶועלֶען פִינְף אִין אֵיין הוֹיז זִיךְ צוּשֵׁיידֶען, דְרֵיי גֶעגֶען צְוֵויי, אוּן
53 צְוֵויי גֶעגֶען דְרֵיי. אֵיין פָאטֶער וֶועט זַיין גֶעגֶען דֶעם זָאהְן, אוּן
אֵיין זָאהְן גֶעגֶען דֶעם פָאטֶער, אֵיין מוּטֶער גֶעגֶען אִיהר טָאכְטֶער,
אוּן דִיא טָאכְטֶער גֶעגֶען אִיהר מוּטֶער, דִיא שְׁווִיגֶער גֶעגֶען דֶער
54 שְׁנוּר, אוּן דִיא שְׁנוּר גֶעגֶען דֶער שְׁווִיגֶער. עֶר הָאט אוֹיךְ
גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק: וֶוען אִיהר זֶעהְט אֵיין וָואלְקֶען גֶעהְט
אוֹיף פָאן מַעֲרִיב זַייט, זָאגְט אִיהר בַּאלְד: עֶס וֶועט זַיין רֶעגֶען,
55 אוּן אַזוֹי אִיז עֶס. אוּן וֶוען עֶס הָאט גֶעבְּלָאזֶען אֵיין דָרוֹם ווִינְד,
56 זָאגְט אִיהר: עֶס וֶועט זַיין הִיצֶען, אוּן אַזוֹי אִיז עֶס. חֲנֵפִים, דִיא
גֶעשְׁטַאלְט פָאן הִימֶעל אוּן עֶרְד פַארְשְׁטֶעהְט אִיהר, ווִיא אַזוֹי

57 קָאנְט אִיהר נִיט אוּרְטֵיילֶען דִיזֶע צֵייט? וָוארוּם קָאנְט אִיהר פָאן
58 זִיךְ אַלֵיין נִיט אוּרְטֵיילֶען וָואס עֶס אִיז רֶעכְט? וֶוען דוּא גֶעהסְט
מִיט דֵיין גֶעגְנֶער צוּם רִיכְטֶער, אַזוֹי זוּךְ נָאךְ אוֹיפֶען וֶועג דִיךְ פָאן
אִיהם צוּ בֶּעפְרֵייעֶן, טָאמֶער וֶועט עֶר דִיךְ שְׁלֶעפֶּען צוּם רִיכְטֶער,
אוּן דֶער רִיכְטֶער וֶועט דִיךְ אִיבֶּער גֶעבֶּען צוּם דִינֶער, אוּן דֶער
59 דִינֶער וֶועט דִיךְ אַרֵיין וַוארְפֶען אִין גֶעפֵיינְגְנֶעס. אִיךְ זָאג דִיר:
דוּא וֶועסְט פָאן דָארְטֶען נִיט אַרוֹיס גֶעהְן בִּיז דוּא וֶועסְט בֶּעצָאלֶען
אֲפִילוּ דִיא לֶעצְטֶע פְּרוּטָה.
יג אִין דִיזֶער צֵייט זֶענֶען אֵייניגֶע גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען אִיהם
דֶערְצֵיילְט וֶוענֶען דִיא מֶענְשֶׁען פָאן גָלִיל, וָואס פִּילַטוּס הָאט
2 אוֹיסְגֶעמִישְׁט זֵייעֶר בְּלוּט מִיט זֵייעֶרֶע קָרְבָּנוֹת. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט
זֵיי גֶעזָאגְט: דֶענְקְט אִיהר, דָאס דִיא לֵייט פָאן גָלִיל זֶענֶען
זִינְדִיגֶער גֶעוֶוען פָאן אַלֶע גָלִילִ'עֶר, וָואס זֵיי הָאבֶּען דִיזֶעס גֶעלִיטֶען.
3 נֵיין, אִיךְ זָאג אֵייךְ: וֶוען אִיהר וֶועט נִיט תְּשׁוּבָה טָאן, וֶועט אִיהר
4 אַלֶע אוֹיךְ פֶערְלָארֶען וֶוערֶען. אָדֶער דֶענְקְט אִיהר, דָאס דִיא
אַכְצֶעהן מֶענְשֶׁען, אוֹיף וֶועלְכֶע דֶער טוּרֶעם פָאן שִׁלֹחַ אִיז
אוּמְגֶעפַאלֶען, אוּן הָאט זֵיי דֶערְהַארְגֶ'ט, זֶענֶען שׁוּלְדִיגֶער פָאן
5 אַלֶעמֶען וָואס וֵוינֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם. נֵיין, אִיךְ זָאג אֵייךְ: וֶוען
אִיהר וֶועט נִיט תְּשׁוּבָה טָאן, וֶועט אִיהר אַלֶע אוֹיךְ פֶערְלָארֶען
6 וֶוערֶען. אוּן הָאט גֶעזָאגְט דֶעם מָשָׁל: אֵיינֶער הָאט גֶעהַאט
אִין זֵיין וֵויינְגָארְטֶען אֵיין גֶעפְּלַאנְצְטֶען פֵיינֶענְבּוֹים, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען
7 זוּכֶען פֵּרוֹת אוֹיף אִיהם, אוּן הָאט נִיט גֶעפוּנֶען. אוּן עֶר הָאט
גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וֵויינְגֶערְטְנֶער, נוּן אִיךְ קוּם שׁוֹין דָאס דְרִיטֶע
יָאהר זוּכֶען פֵּרוֹת אוֹיף דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים, אוּן גֶעפִין נִיט, הַאק
8 אִיהם אוֹיס; צוּ וָואס פַארְנֶעמְט עֶר דִיא עֶרְד אוּמְזִיסְט? נוּר
עֶר הָאט אִיהם גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: הֶערְר, לָאז אִיהם נָאךְ
דָאס הֵיינְטִיגֶען יָאהר בִּיז אִיךְ וֶועל אִיהם אַרוּמְגְרָאבֶּען אוּן אַרוּם
9 לֵייגֶען מִיט מִיסְט. טָאמֶער וֶועט עֶר בְּרֶענְגֶען פֵּרוֹת, וֶוען נִיט
אַזוֹי וֶועסְט דוּא אִיהם דֶעם קוּמֶענְדִיגֶען יָאהר אוֹיסְהַאקֶען.
10 11 וֶוען עֶר הָאט אִין אֵיין שׁוּל גֶעלֶעהְרֶענְט אוּם שַׁבָּת. אִיז דָארְטֶען
גֶעוֶוען אֵיין פְרוֹי, וָואס זִיא הָאט גֶעהַאט אַכְצֶען יָאהר אֵיין קְרַאנְקֶען
גֵייסְט, זִיא אִיז גֶעוֶוען אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען אוּן הָאט זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט

12 אויסְגְלַייכֶען. יֵשׁוּעַ הָאט זִיא גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר זִיא צוּגֶערוּפֶען
אוּן אִיהר גֶעזָאגְט: פְרוֹי דוּא װֶעסְט פְרַייא װֶערֶען פָאן דַיין קְרֶענְק.
13 אוּן הָאט אַרוֹיף גֶעלֵייגְט אוֹיף אִיהר דִיא הֶענְד, אוּן זִיא הָאט
זִיךְ בַּאלְד אוֹיסְגֶעגְלַייכְט, אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען גָאטְט צוּ לוֹיבֶּען.
14 דֶעם עֶלְסְטֶען פָאן דֶער שׁוּל הָאט דָאס פֶערְדְרָאסֶען, דֶערִיבֶּער
װָאס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעהֵיילְט אוּם שַׁבָּת, אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
עוֹלָם: עֶס זֶענֶען דָא זֶעכְּס טֶעג װָאס אִין זֵיי מֶעג מֶען אַרְבֵּייטֶען,
15 אִין דִיא טֶעג קוּמְט אוּן הֵיילְט זִיךְ, נוּר נִיט אוּם שַׁבָּת. דֶער
הֶערְר הָאט אִיהם גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: חָנֵף, בִּינְדֶעט דֶען נִיט
יֶעדֶער פָאן אַייךְ אָבּ זַיין אָקְס, אָדֶער זַיין אֵייזֶעל, פָאן שְׁטַאל
16 אוּם שַׁבָּת, אוּן פִיהְרְט זֵיי אָנְטְרִינְקֶען? הָאט מֶען דֶען נִיט
בֶּעדַארְפְט בֶּעפְרֵייעֶן, פָאן דִיא קֵייטֶען אוּם שַׁבָּת דִיזֶע טָאכְטֶער
פָאן אַבְרָהָם, װֶעלְכֶע דֶער שָׂטָן הָאט זִיא פֶערְבּוּנְדֶען שׁוֹין אַכְצֶעהְן
17 יָאהר? װֶען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאבֶּען אַלֶע זַיינֶע גֶעגְנֶער
זִיךְ גֶעשֶׁעמְט, אוּן דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייט אוֹיף
18 אַלֶע זַיינֶע הֶערְלִיכֶע מַעֲשִׂים. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט:
צוּ װָאס אִיז גְלַייךְ דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אוּן צוּ װָאס זָאל
19 אִיךְ דָאס גְלַייכֶען? עֶס אִיז גְלַייךְ צוּ אֵיין קֶערֶענְדֶעל פָאן
זֶענֶעפְט, װֶעלְכֶעס אֵיין מַאן הָאט גֶענוּמֶען, אוּן אֵיין גֶעזֵייט אִין
זַיין גָארְטֶען, אוּן עֶס אִיז אוֹיסְגֶעוַואכְסֶען, אוּן עֶס אִיז גֶעוָוארֶען
אֵיין גְרוֹיסֶער בּוֹים, אוּן דִיא פֵייגְלֶען פָאן הִימֶעל הָאבֶּען נֶעסְטֶען
20 גֶעמַאכְט אִין זַיינֶע צְוַוייגֶען. נָאךְ הָאט עֶר גֶעזָאגְט: צוּ װָאס
21 זָאל אִיךְ גְלַייכֶען דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם? דָאס אִיז גְלַייךְ צוּ
זוֹיעֶרְטֵייג, װָאס אֵיין פְרוֹי הָאט גֶענוּמֶען, אוּן הָאט דָאס אַרֵיין
גֶעלֵייגְט אִין דְרֵייא מָאס מֶעהל, בִּיז עֶס אִיז אִין גַאנְצֶען גֶעזֵייעֶרְט
22 גֶעוָוארֶען. אוּן עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען פָאן שְׁטָאט צוּ שְׁטָאט אוּן פָאן
דָארְף צוּ דָארְף אוּן גֶעלֶעהֶרֶענְט, אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם
23 װֶעג קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. אֵיינֶער הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט: הֶערְר,
24 זֶענֶען דִיא װָאס רֶעטֶען זִיךְ װֵינִיג? עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: בֶּעמִיהֶעט
אַייךְ, אַרֵיין צוּ גֶעהֶען דוּרְךְ דֶעם עֶנְגֶען טוֹיעֶר, דֶען אִיךְ זָאג אַייךְ:
25 פִיל װֶעלֶען זוּכֶען אַרֵיין גֶעהְן אוּן װֶעלֶען נִיט קֶענֶען. װֶען דֶער
בַּעַל הַבַּיִת װֶעט אוֹיף שְׁטֶעהְן אוּן װֶעט צוּ מַאכֶען דִיא טְהִיר

דַאמָאלְסְט װֶעט אִיהר, װֶעלְכֶע װֶעלֶען שְׁטֶעהְן אִין דְרױסֶען
אָנְהױבֶּען צוּ קְלַאפֶּען אִין דֶער טְהִיר, אוּן זָאגֶען: הֶערְר! הֶערְר!
עֶפֶען אוּנְז אוֹיף, נוּר עֶר װֶעט זָאגֶען אַייךְ אֵיין עֶנְטְפֶער: אִיךְ װֵייס
26 אַייךְ נִיט פָאן װַאנֶען אִיהר זֵייט. דַאמָאלְסְט װֶעט אִיהר אָנְהֵייבֶּען
צוּ זָאגֶען: מִיר הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּן גֶעטְרוּנְקֶען פָאר דִיר, אוּן
27 אוֹיף אוּנְזֶערֶע גַאסֶען הָאסְט דוּא גֶעלֶעהְרֶענְט. נוּר עֶר װֶעט
זָאגֶען: אִיךְ זָאג אַייךְ: אִיךְ װֵייס אַייךְ נִיט פָאן װַאנֶען אִיהר זֶענְט,
28 אַװֶעק פָאן מִיר אַלֶע װֶעלְכֶע טְהוּעֶן אוּנְרֶעכְט. דָארְטֶען װֶעט
זַיין אֵיין גֶעװֵיין אוּן אֵיין צֵיין קְרִיצוּנְג, װֶען אִיהר װֶעט זֶעהֶן
אַבְרָהָם, יִצְחָק, יַעֲקֹב, אוּן אַלֶע נְבִיאִים אִין דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים,
29 אוּן זִיךְ אַרױס גֶעטְרִיבֶּען. אוּן זֵיי װֶעלֶען קוּמֶען פָאן מִזְרָח אוּן
מַעֲרָב, פָאן צָפוֹן אוּן דָרוֹם, אוּן װֶעלֶען זִיצֶען אִין דָאס מַלְכוּת
30 אֱלֹהִים. אוּן נוּן, עֶס אִיז דָא לֶעצְטֶע, װֶעלְכֶע װֶעלֶען זַיין דִיא
עֶרְשְׁטֶע, אוּן עֶס אִיז דָא עֶרְשְׁטֶע, װֶעלְכֶע װֶעלֶען זַיין דִיא לֶעצְטֶע.
31 אִין דֶעם טָאג זֶענֶען גֶעקוּמֶען אֵיינִיגֶע פְּרוּשִׁים, אוּן הָאבֶּען
אִיהם גֶעזָאגְט: גֶעה אַרױס, אוּן גֶעה אַװֶעק פָאן דַאנֶען, דֶען הוֹרְדוֹס
32 װִיל דִיךְ הַרְגֶ'נֶען. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: גֶעהְט אוּן זָאגְט
דֶעם פוּקְס: נוּן, אִיךְ טְרֵייבּ אַרױס שֵׁדִים, אוּן טְהוּ רְפוּאוֹת הֵיינְט
33 אוּן מָארְגֶען, אוּן אִין דֶעם דְרִיטֶען בִּין אִיךְ בֵּיין צִיל. דָאךְ הֵיינְט
אוּן מָארְגֶען אוּן דֶעם װֵייטֶערְדִיגֶען מוּז אִיךְ גֶעהְן, װֵייל עֶס אִיז
נִיט מִיגְלַאךְ, דָאס אֵיין נָבִיא זָאל אוֹיסֶער יְרוּשָׁלַיִם אוּמְקוּמֶען.
34 יְרוּשָׁלַיִם! יְרוּשָׁלַיִם! װָאס הַרְגֶ'ט דִיא נְבִיאִים אוּן פַארְשְׁטֵיינְט,
דִיא װָאס װֶערֶען צוּ אִיהר גֶעשִׁיקְט, װִיפִיל מָאל הָאבּ אִיךְ גֶעװָאלְט
פֶערְזַאמְלֶען דֵיינֶע קִינְדֶער, װִיא אֵיין הוּן פַארְזַאמֶעלְט אִיהרֶע
הִינְדֶעלַאךְ אוּנְטֶער אִיהרֶע פְלִיגְלֶען אוּן אִיהר הָאט נִיט גֶעװָאלְט.
35 נוּן, אֵייעֶר הוֹיז װֶערְט אַייךְ גֶעלָאזְט װִיסְט, אוּן אִיךְ זָאג אַייךְ:
אִיהר װֶעט מִיךְ נִיט זֶעהֶען בִּיז דִיא צֵייט װֶעט קוּמֶען, װֶען אִיהר
װֶעט זָאגֶען, בָּרוּךְ הַבָּא בְּשֵׁם יְהוָֹה.
יד עֶס אִיז גֶעװֶען אוּם שַׁבָּת, װֶען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין אֵיין הוֹיז
פָאן אֵיינֶעם פָאן דִיא עֶלְסְטֶע פָאן דִיא פְּרוּשִׁים צוּ עֶסֶען בֵּיי
2 אִיהם בְּרוֹיט, הָאבֶּען זֵיי אִיהם נָאךְ גֶעלוּיעֶרְט. אוּן נוּן, אִיז פַאר
אִיהם גֶעקוּמֶען אֵיין מַאן, װָאס עֶר הָאט גֶעהַאט אֵיין װַאסֶער

3 גֶעשְׁווִילַאכְץ. און יֵשׁוּעַ הָאט גֶערֶעט צוּ דִיא לוֹמְדִים און פְּרוּשִׁים,
4 און גֶעזָאגְט: מֶעג מֶען הַיילֶען אוּם שַׁבָּת, אָדֶער נִיט? זֵיי הָאבֶּען
גֶעשְׁווִיגֶען: און עֶר הָאט זִיךְ צוּ גֶערִירְט און הָאט אִיהם אוּיס
5 גֶעהַיילְט, און הָאט אִיהם אָבְּגֶעלָאזֶען. און עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט:
ווֶער פָאן אַייךְ, ווֶען זַיין אַייזֶעל, אָדֶער אָקְס, פַאלְט אַרַיין אִין אַיין
6 בְּרוּנֶען נֶעמְט מֶען אִיהם נִיט בַּאלְד אַרוֹיס אוּם שַׁבָּת? און זֵיי
הָאבֶּען אִיהם קֵיין וָוארְט נִיט גֶעקָאנְט דַארוֹיף עֶנְטְפֶערֶען.
7 עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען אַיין מָשָׁל צוּ דִיא אַיינְגֶעלַאדֶענֶע, ווֶען עֶר הָאט
גֶעזֶעהֶען, ווִיא זֵיי הָאבֶּען זִיךְ פַארְנוּמֶען דֶעם אוֹיבֶּען־אָן, און הָאט
8 זֵיי גֶעזָאגְט: ווֶען אַיין מַאן לַאדֶעט דִיךְ אַיין אוֹיף אַיין חֲתוּנָה,
זֶעץ דִיךְ נִיט אוֹיבֶּען־אָן, טָאמֶער הָאט מֶען אַיינְגֶעלַאדֶען אַיין
9 מֶעהר בְּכָבוֹד'ען מַאן פָאן דִיר. און עֶס ווֶעט קוּמֶען דֶער, ווָאס
הָאט דִיךְ און אִיהם, אַיינְגֶעלַאדֶען, און ווֶעט דִיר זָאגֶען: טְרֶעט
אָבּ דֶעם אָרְט פַאר דֶעם, און דַאמָאלְסְט ווֶעסְט דוּא מִיט שַׁאנְדֶע
10 מוּזֶען פַארְנֶעמֶען דֶעם לֶעצְטֶען אָרְט. אָבֶּער ווֶען דוּא ווֶעסְט זַיין
אַיינְגֶעלַאדֶען, ווֶען דוּא קוּמְסְט זֶעץ דִיךְ אוֹיף דֶעם לֶעצְטֶען אָרְט,
כְּדֵי דֶער, ווָאס הָאט דִיךְ אַיינְגֶעלַאדֶען, זָאל צוּ קוּמֶען און זָאגֶען:
פְרֵיינְד, זֶעץ דִיךְ אִיבֶּער הֶעכֶער, דַאמָאלְסְט ווֶעט דִיר אַיין כָּבוֹד
11 זַיין פַאר דִיא ווָאס זִיצֶען מִיט דִיר. דֶען יֶעדֶער, ווָאס עֶר מַאכְט
זִיךְ אַלֵיין הוֹיךְ, ווֶעט נִידֶערִיג ווֶערֶען, אָבֶּער דֶער ווָאס מַאכְט
12 זִיךְ נִידֶערִיג דֶערְהוֹיכְט זִיךְ. און אוֹיךְ צוּ דֶעם ווָאס הָאט
אִיהם אַיינְגֶעלַאדֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט: ווֶען דוּא מַאכְסְט אַיין
מִיטָאג, אָדֶער אַיין אָווֶענְד מָאלְצַייט רוּף נִיט דֵיינֶע פְרֵיינְד,
דֵיינֶע בְּרִידֶער, דֵיינֶע קְרוֹבִים, דֵיינֶע רַייכֶע שְׁכֵנִים, טָאמֶער
ווֶעלֶען זֵיי דִיךְ אוֹיךְ רוּפֶען, ווֶעסְט דוּא הָאבֶּען דֵיין בֶּעצָאלוּנְג.
13 נֵייר ווֶען דוּא מַאכְסְט אַיין סְעוּדָה רוּף אָרֶעמֶע לֵייט, קְרִיפֶּעלְדִיגֶע,
14 הִינְקֶענְדִיגֶע און בְּלִינְדֶע. און דוּא ווֶעסְט גְלִיקְלִיךְ זַיין ווָאס זֵיי
הָאבֶּען דִיר נִיט צוּ בַּאצָאהלֶען, דֶען עֶס ווֶעט דִיר בַּאצָאלְט
15 ווֶערֶען ווֶען דִיא צַדִיקִים ווֶעלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהְן. ווֶען אַיינֶער
פָאן דִיא ווָאס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען מִיט אִיהם, הָאט דָאס גֶעהֶערְט,
הָאט עֶר גֶעזָאגְט: זֶעלִיג אִיז דֶער, ווֶער עֶס עֶסְט אִין מַלְכוּת
16 אֱלֹהִים. און עֶר הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אַיין מַאן הָאט גֶעמַאכְט

17 אֵיין גְרוֹיסֶען אָוֶועְנְד מָאלְצֵייט, אוּן הָאט פִיל אֵיינְגֶעלַאדֶען. אוּן
וֶוען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דִיא צֵייט פָאן דֶעם אָוֶועְנְד, הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט
זֵיין קְנֶעכְט צוּ זָאגֶען צוּ דִיא אֵיינְגֶעלַאדֶענֶע, גֶעהט, דֶען אַלֶעס
18 אִיז שׁוֹין פַארְטִיג. אוּן אַלֶע הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט אֵיין מָאל
זִיךְ אָבּ צוּ בֶּעטֶען: דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אִיךְ
הָאבּ גֶעקוֹיפְט עֶרְד, אוּן אִיךְ דַארְף עֶס גֶעהן בַּאזֶעהֶען, אִיךְ בֶּעט
19 דִיךְ זֵיי מִיר מוֹחֵל. דֶער אַנְדֶערֶער הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ
גֶעקוֹיפְט פִינְף יָאךְ אָקְסֶען, אוּן אִיךְ גֶעה זֵיי פְּרוּבֶען, אִיךְ בֶּעט
20 דִיךְ, זֵיי מִיר מוֹחֵל. דֶער דְרִיטֶער הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ אֵיין
21 ווייבּ גֶענוּמֶען, קָאן אִיךְ דֶערִיבֶּער נִיט קוּמֶען. אוּן דֶער קְנֶעכְט
הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן הָאט דָאס דֶערְצֵיילְט זֵיין הֶערְרְן.
דַאמָאלְסְט אִיז דֶער בַּעַל הַבַּיִת אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען אוּן גֶעזָאגְט
צוּ זֵיין קְנֶעכְט: גֶעה גֶעשְׁווִינְד אוֹיף דִיא שְׁטְרַאסֶען, אוּן גַאסֶען
פָאן דֶער שְׁטָאדְט אוּן בְּרֶענְג אַהֶער אָרֶעמֶע לֵייט, קְרִיפֶּעלְדִיגֶע
22 הִינְקֶענְדִיגֶע, אוּן בְּלִינְדֶע. אוּן דֶער קְנֶעכְט הָאט גֶעזָאגְט: הֶערְר!
אִיךְ הָאבּ גֶעטָאן וִויא דוּא הָאסְט מִיר אָנְגֶעזָאגְט, אוּן עֶס אִיז נָאךְ
23 אָרְט גֶעבְּלִיבֶּען. דֶער הֶערְר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם קְנֶעכְט: גֶעה
אוֹיף דִיא וֶועגֶען אוּן בֵּיי דִיא צוֹימֶען אוּן נוֹיט דָאס מֶען זָאל
24 קוּמֶען, כְּדֵי דָאס הוֹיז זָאל פוֹל וֶוערֶען. אוּן אִיךְ זָאג אַייךְ:
קֵיינֶער פָאן דִיא אֵיינְגֶעלַאדֶענֶע וֶועט נִיט פֶערְזוּכֶען פָאן מֵיין
25 אָוֶועְנְד מָאלְצֵייט. פִיל פָאלְק זֶענֶען מִיט אִיהם גֶעגַאנְגֶען,
26 אוּן עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן זֵיי גֶעזָאגְט: וֶוער עֶס קוּמְט
צוּ מִיר, אוּן הָאט נִיט פֵיינְד זֵיין פָאטֶער, זֵיין מוּטֶער, זֵיין פְרוֹיי
אוּן קִינְדֶער, דִיא בְּרִידֶער, דִיא שְׁוֶועסְטֶער, אוּן אֲפִילוּ זֵיין
27 אֵיינֶענֶעם לֶעבֶּען, קָאן נִיט זֵיין מֵיין תַּלְמִיד. אוּן וֶוער עֶס טְרָאגְט
נִיט זֵיין קְרֵייץ (צְלָב) אוּן גֶעהט מִיר נָאךְ, דֶער קָאן נִיט זֵיין
28 מֵיין תַּלְמִיד. דֶען וֶוער פָאן אַייךְ וָואס ווִיל בּוֹיעֶן אֵיין טוּרֶעם
זֶעצְט זִיךְ נִיט צוּם עֶרְשְׁטֶען אַנִידֶער, אוֹיסְצוּרֶעכֶענֶען דִיא הוֹצָאוֹת,
29 אוֹיבּ עֶר הָאט מִיט וָואס אוֹיס צוּ פִיהְרֶען. כְּדֵי וֶוען עֶר וֶועט
לֵייגֶען דֶעם פוּנְדַאמֶענְט, אוּן וֶועט נִיט הָאבֶּען מִיט וָואס צוּ
30 פַאלֶענְדֶען, זָאלֶען אַלֶע וָואס זֶעהֶען אִיהם נִיט אוֹיסְלַאכֶען. אוּן
זָאגֶען: דֶער מַאן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בּוֹיעֶן, אוּן הָאט נִיט גֶעקֶענְט

אוֹיסְפִיהרֶען? אָדֶער וָואס פַאר אַיין מֶלֶךְ, וֶועלְכֶער שְׁטֶעהט 31
אוֹיף, צוּ גֶעהן מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט אַיין אַנְדֶערֶען מֶלֶךְ, וֶעצְט
זִיךְ נִיט צוּם עֶרְשְׁטֶען אַנִידֶער אוּן בֶּערַאט זִיךְ נִיט, אוֹיבּ עֶר
וֶועט קֶענֶען מִיט צֶעהן טוֹיזֶענְט אַנְטְקֶעגֶען דֶעם, וֶועלְכֶער גֶעהט
אוֹיף אִיהם מִיט צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְט גֶעהן? וֶוען נִיט, וֶוען יֶענֶער 32
אִיז נָאךְ וַוייט, שִׁיקְט עֶר צוּ אִיהם שְׁלוּחִים צוּ בֶּעטֶען שָׁלוֹם.
אַזוֹי אִיז יֶעדֶער פָאן אַייךְ, וֶוער עֶס בֶּעפְרַייט זִיךְ נִיט פָאן זַיין 33
גַאנְצֶען פַארְמֶעגֶען, דֶער קָאן מַיין תַּלְמִיד נִיט זַיין. זַאלְץ 34
אִיז אַיין גוּטֶע זַאךְ, נוּר וֶוען זַאלְץ פֶערְלִיהרְט אִיהר קְרַאפְט,
מִיט וָואס קָאן מֶען עֶס פַארְרִיכְטֶען? זִיא טוֹיג שׁוֹין נִיט, נִיט 35
אוֹיף לַאנְד, נִיט אוֹיף מִיסְט, מֶען וַוארְפְט עֶס אַרוֹיס, וֶוער עֶס
הָאט אוֹיעֶרֶען צוּ הֶערֶען לָאז הֶערֶען.

וֶוען אַלֶע מוֹכְסִים (מַס נֶעמֶער) אוּן זִינְדֶער הָאבֶּען זִיךְ טו
גֶענֶעהֶענְט צוּ אִיהם זַיי זָאלֶען אִיהם הֶערֶען. זַיינֶען דִיא פְּרוּשִׁים 2
אוּן סוֹפְרִים אוּנְצוּפְרִידֶען גֶעוָוארֶען אוּן גֶעזָאגְט: דֶער נֶעמְט אָן
זִינְדֶער אוּן עֶסְט מִיט זַיי. אוּן עֶר הָאט זַיי גֶעזָאגְט דֶעם 3
מָשָׁל: וֶוער פָאן אַייךְ וָואס הָאט הוּנְדֶערְט שָׁאף, אוּן עֶס אִיז 4
אִיהם פֶערְלָארֶען גֶעגַאנְגֶען אַיינֶע פָאן זַיי, לָאזְט נִיט אַוֶועק דִיא
נַיין אוּן נַיינְצִיג אִין דֶער מִדְבָּר, אוּן גֶעהט זוּכֶען דִיא פֶערְפַאלֶענֶע
בִּיז עֶר גֶעפִינְט אִיהר. אוּן וֶוען עֶר גֶעפִינְט זִיא נֶעמְט עֶר זִיא 5
אוֹיף זַיינֶע אַקְסֶעלְן מִיט פְרַייד. אוּן וֶוען עֶר קוּמְט אַהֵיים, 6
רוּפְט עֶר צוּזַאמֶען דִיא פְרַיינְד אוּן שְׁכֵנִים אוּן זָאגְט זַיי, פְרַייעֶט
אַייךְ מִיט מִיר, אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען מַיין פֶערְלָארֶענֶע שָׁאף. אִיךְ 7
זָאג אַייךְ: דָאס אַזוֹי וֶועט זַיין אוֹיף דֶעם הִימֶעל מֶעהר שִׂמְחָה
אִיבֶּער אַיין זִינְדֶער, וָואס הָאט תְּשׁוּבָה גֶעטָאן, ווִיא אִיבֶּער נַיין
אוּן נַיינְצִיג צַדִיקִים, וָואס דַארְפֶען נִיט תְּשׁוּבָה טָאן. אָדֶער 8
אַיין פְרוֹי וָואס הָאט צֶעהן דַרְכְּמוֹן (מַטְבֵּעוֹת) אוּן פַארְלִירְט
אַיינֶעם, צִינְדֶעט נִיט אָן קַיין לִיכְט, אוּן קֶעהרְט אוֹיס דִיא שְׁטוּבּ
אוּן זוּכְט גוּט בִּיז זִיא גֶעפִינְט אִיהם. אוּן וֶוען זִיא גֶעפִינְט אִיהם, 9
רוּפְט זִיא צוּזַאמֶען דִיא פְרַיינְד אוּן שְׁכֵנִים, אוּן זָאגְט: פְרַייעֶט
אַייךְ מִיט מִיר, אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען מַיין פֶערְלָארֶענֶעם דַרְכְּמוֹן.
אַזוֹי, זָאג אִיךְ אַייךְ: אִיז אַיין שִׂמְחָה צְווִישֶׁען דִיא מַלְאָכִים פָאן 10

11 גָאטְט אוֹיךְ אוֹיף אֵיין זִינְדֶער וָואס טְהוּט תְּשׁוּבָה. עֶר הָאט
12 נָאךְ גֶעזָאגְט: אֵיין מַאן הָאט גֶעהַאט צְוֵויי זֶאהנֶע. אוּן דֶער
אִינְגְסְטֶער פָאן זֵיי הָאט גֶעזָאגְט דֶעם פָאטֶער: מֵיין פָאטֶער! גִיבּ
דֶעם חֵלֶק פַארְמֶעגֶען, וָואס קוּמְט מִיר. אוּן עֶר הָאט זֵיי צוּ
13 טֵיילְט דָאס פַארְמֶעגֶען. אִין אֵיין צֵייט אַרוּם, הָאט דֶער אִינְגֶערֶער
זָאהן צוּ נוֹיף גֶענוּמֶען אַלְדִינְג, אוּן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין
ווייטֶעם לַאנְד, אוּן הָאט דָארְטֶען אוֹיסְגֶעבְּרַאכְט זֵיין פַארְמֶעגֶען,
14 אִין אֵיין צוּלָאזֶענֶעם לֶעבֶּען. וֶוען עֶר הָאט אַלֶעס פַארְלֶעבְּט,
אִיז אִין דֶעם לַאנְד גֶעוָוארֶען אֵיין גְרוֹיסֶער הוּנְגֶער, אוּן עֶר הָאט
15 אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ הָאבֶּען נוֹיט. אוּן עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט זִיךְ
אָנְגֶעהַאנְגֶען אָן אֵיינֶעם פָאן דִיא לֵייט פָאן דֶער מְדִינָה, אוּן דֶער
16 הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט אוֹיף דֶעם פֶעלְד חֲזֵירִים פִּיטֶערְן. אוּן עֶר
אִיז גֶערֶען גֶעוֶוען עֶר זָאל זֵיין בּוֹיךְ אָנְלֵיינֶען מִיט דִיא שָׁאלַאכְץ
פָאן בָּאקְסְהָארֶען, וָואס דִיא חֲזֵירִים עֶסֶען, אוּן קֵיינֶער הָאט אִיהם
17 נִיט גֶעגֶעבֶּען. וֶוען עֶר הָאט זִיךְ בֶּעדַאכְט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט:
וִויפִיל גֶעדוּנְגֶענֶע לֵייט הָאבֶּען בֵּיי מֵיין פָאטֶער בְּרוֹיט גֶענוּג,
18 אוּן אִיךְ קוּם אוּם פַאר הוּנְגֶער. אִיךְ וֶועל אוֹיף שְׁטֶעהְן, אוּן
וֶועל גֶעהן צוּ מֵיין פָאטֶער, אוּן וֶועל זָאגֶען: מֵיין פָאטֶער! אִיךְ
19 הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט אַנְטְקֶעגֶען דֶעם הִימֶעל אוּן דִיר. אוּן אִיךְ בִּין
נִיט מֶעהר וֶוערְט זִיךְ צוּרוּפֶען דֵיין זָאהן, מַאךְ מִיךְ וִויא אֵיינֶעם
20 פָאן דֵיינֶע גֶעדוּנְגֶענֶע. עֶר אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען
צוּ זֵיין פָאטֶער, אוּן וֶוען עֶר אִיז נָאךְ וַוייט גֶעוֶוען, הָאט אִיהם
זֵיין פָאטֶער דֶערְזֶעהֶען, אוּן עֶר הָאט רַחֲמָנוּת בֶּעקוּמֶען, אוּן אִיז
גֶעלָאפֶען, אוּן אִיז אִיהם אוֹיפֶען הַאלְז גֶעפַאלֶען אוּן הָאט אִיהם
21 גֶעקוּשְׁט. אוּן דֶער זָאהן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: מֵיין פָאטֶער! אִיךְ
הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט צוּ דֶעם הִימֶעל, אוּן פַאר דִיר, אוּן אִיךְ בִּין נִיט
22 מֶעהר וֶוערְט זִיךְ אָנְצוּרוּפֶען דֵיין זָאהן. דֶער פָאטֶער הָאט גֶעזָאגְט
צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט: בְּרֵיינְגְט דֶעם בֶּעסְטֶען קְלֵייד אוּן קְלֵיידֶעט
אִיהם אָן, אוּן גִיט אִיהם אֵיין רִינְג אוֹיף זֵיין הַאנְד, אוּן שִׁיךְ אוֹיף
23 זֵיינֶע פִיס. אוּן בְּרֵיינְגְט אֵיין פֶעטֶעס קַאלְבּ אוּן קוֹילֶעט,
24 לָאזֶען מִיר עֶסֶען אוּן זִיךְ מְשַׂמֵחַ זֵיין. דֶען דִיזֶער זָאהן אִיז טוֹיט
גֶעוֶוען, אוּן אִיז לֶעבֶּעדִיג גֶעוָוארֶען, פַארְלָארֶען אוּן אִיז גֶעפוּנֶען

גְעוָוארֶען. אוּן הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען מְשַׂמֵחַ צוּ זַיין. דֶער 25
עֶלְטֶערֶער זָאהן אִיז גֶעוֶוען אוֹיף דֶעם פֶּעלְד: אוּן ווֶען עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען אוּן הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶענְט צוּם הוֹיז, הָאט עֶר דֶערְהֶערְט
גֶעזַאנְג אוּן שְׁפִּילֶען. אוּן עֶר הָאט צוּגֶערוּפֶען אֵיינֶעם פָאן דִיא 26
קְנֶעכְט אוּן גֶעפְרֶעגְט: וָואס דָאס בֶּעדַייטֶעט? עֶר הָאט אִיהם 27
גֶעזָאגְט דַיין בְּרוּדֶער אִיז גֶעקוּמֶען, אוּן דַיין פָאטֶער הָאט גֶעקוֹילֶעט
אֵיין פֶעטֶעס קַאלְבּ, ווייל עֶר אִיז גֶעקוּמֶען גֶעזוּנְד. עֶר אִיז בֵּייז 28
גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט נִיט גֶעוָואלְט אִין שְׁטוּבּ אַרֵיין גֶעהן, זַיין פָאטֶער
אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען. עֶר הָאט 29
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: נוּן, אִיךְ דִין דִיךְ שׁוֹין אַזוֹי פִיל יָאהרֶען
אוּן הָאבּ קֵיין מָאל נִיט אִיבֶּערְגֶעטְרֶעטֶען דַיין גֶעבָּאט, אוּן דוּא
הָאסְט מִיר קֵיין מָאל נִיט גֶעגֶעבֶּען אֲפִילוּ אֵיין צִיגֶעלֶע אִיךְ זָאל
מִיךְ פְרֵייעֶן מִיט מֵיינֶע פְרֵיינְד. אוּן דִיזֶער זָאהן דֵיינֶער, וָואס 30
עֶר הָאט אוֹיסְגֶעבְּרַאכְט זַיין פַארְמֶעגֶען מִיט זוֹנוֹת, אִיז גֶעקוּמֶען
הָאסְט דוּא פַאר אִיהם גֶעקוֹילֶעט אֵיין פֶעטֶעס קַאלְבּ. עֶר אָבֶּער 31
הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: מֵיין זָאהן! דוּא בִּיסְט תָּמִיד מִיט מִיר, אוּן
אַלֶץ וָואס אִיז מֵיינֶע אִיז דֵיינֶע. פְרֵייעֶן זִיךְ אוּן מְשַׂמֵחַ זַיין, דַארְף 32
מֶען דֶערִיבֶּער, דָאס דִיזֶער בְּרוּדֶער דֵיינֶער אִיז טוֹיט גֶעוֶוען, אוּן
אִיז לֶעבֶּעדִיג גֶעוָוארֶען, פֶערְלָארֶען אוּן אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען.
עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים: עֶס אִיז גֶעוֶוען אֵיין טז
רֵייכֶער מַאן, אוּי הָאט גֶעהַאט אֵיין הוֹיזהַאלְטֶער אוֹיף זַיין הוֹיז,
וָועלְכֶען מֶען הָאט בַּארֶעט, דָאס עֶר בְּרֵיינְגְט אוּם זַיין פַארְמֶעגֶען.
אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט: וָואס אִיז דָאס, וָואס 2
אִיךְ הָאבּ אוֹיף דִיר גֶעהֶערְט? גִיבּ אָבּ רֶעכֶענוּנְג פָאן דַיין
גֶעשֶׁעפְט פִיהרֶען, דֶען דוּא קָאנְסְט שׁוֹין מֶעהר נִיט פִיהרֶען דָאס
גֶעשֶׁעפְט. דֶער הוֹיזהַאלְטֶער הָאט בֵּיי זִיךְ גֶעזָאגְט: וָואס וֶועל 3
אִיךְ טָאן ווען מֵיין הֶערְר וֶועט בֵּיי מִיר צוּ נֶעמֶען דִיא שְׁטֶעלֶע
גְרָאבֶּען קָאן אִיךְ נִיט, בֶּעטְלֶען שֶׁעם אִיךְ מִיךְ? אִיךְ ווייס וָואס 4
צוּ טָאן, דָאס מֶען זָאל מִיךְ אוֹיף נֶעמֶען אִין הֵייזֶער, ווען אִיךְ
וֶועל אָבְּגֶעזָאגְט וֶוערֶען פָאן דֶער שְׁטֶעלֶע. אוּן הָאט גֶערוּפֶען 5
דִיא בַּעֲלֵי חוֹבוֹת פָאן זַיין הֶערְרְן יֶעדֶען בַּאזוּנְדֶער, אוּן הָאט
גֶעזָאגְט דֶעם עֶרְשְׁטֶען וִויפִיל בִּיסְט דוּא שׁוּלְדִיג מֵיין הֶערְרְן?

6 עֶר זָאגְט: הוּנְדֶערְט מָאס אֵייל. אוּן עֶר זָאגְט אִיהם: נֶעם דֵיין
דָאקוּמֶענְט אוּן זֶעץ זִיךְ גִיךְ אַנִידֶער, אוּן שְׁרֵייבּ אָן פוּנְפְצִיג.
7 נָאךְ דֶעם הָאט עֶר גֶעזָאגְט דֶעם אַנְדֶערֶען: אוּן דוּא וִויפִיל בִּיסְט
דוּא שׁוּלְדִיג? עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט: הוּנְדֶערְט מָאס ווַייץ. אוּן
8 עֶר זָאגְט אִיהם נֶעם דֵיין דָאקוּמֶענְט, אוּן שְׁרֵייבּ אָן אַכְצִיג. אוּן
דֶער הֶערְר הָאט גֶעלוֹיבְּט דֶעם אוּנְגֶערֶעכְטֶען הוֹיזְהַאלְטֶער דָאס
עֶר הָאט קְלוּג גֶעטָאן. דֶען דִיא קִינְדֶער פָאן דֶער וֶועלְט זֶענֶען
9 אִין זֵייעֶר דוֹר קְלִיגֶער פָאן דִיא קִינְדֶער פָאן דֶעם לִיכְט. אוֹיךְ
אִיךְ זָאג אַייךְ: מַאכְט אַייךְ פְרֵיינְד מִיט אֵייעֶר אוּנְגֶערֶעכְטֶען
מָמוֹן, כְּדֵי עֶר זָאל אַייךְ אוֹיפְנֶעהמֶען אִין דִיא עֶווִיגֶע ווַיינוּנְגֶען,
10 וֶוען עֶר וֶועט אוֹיסְגֶעהן. דֶער וָואס עֶר אִיז גֶעטְרֵייא אִין ווֵיינִיג,
דֶער אִיז אוֹיךְ גֶעטְרֵייא אִין פִיל, אוּן דֶער וָואס אִיז נִיט גֶעטְרֵייא
11 אִין ווֵיינִיג, אִיז אוֹיךְ נִיט גֶעטְרֵייא אִין פִיל. דֶערִיבֶּער וֶוען אִיהר
זֶענְט נִיט גֶעטְרֵייא גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם אוּמְגֶערֶעכְטֶען פַארְמֶעגֶען, וֶוער
12 וֶועט אַייךְ גֶעטְרוֹיעֶן אֱמֶת׳ע. אוּן וֶוען אִיהר זֶענְט אִין פְרֶעמְדֶע
13 נִיט גֶעטְרֵייא גֶעוֶועזֶען, וֶוער וֶועט אַייךְ אֵייעֶרֶע גֶעבֶּען? עֶס אִיז נִיכְט
דָא אֵיין קְנֶעכְט, וָואס עֶר זָאל קֶענֶען צְוֵויי הֶערְרְן דִינֶען, דֶען
אָדֶער עֶר וֶועט אֵיינֶעם פֵיינְד הָאבֶּען אוּן דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען,
אָדֶער עֶר וֶועט זִיךְ אָן אֵיינֶעם הַאלְטֶען, דֶעם אַנְדֶערֶען פַארְאַכְטֶען,
14 אִיהר קָאנְט נִיט דִינֶען גָאטְט, אוּן דֶעם מָמוֹן. דָאס אַלֶעס
הָאבֶּען גֶעהֶערְט דִיא פְּרוּשִׁים, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען לִיבְּהָאבֶּערְס
15 פָאן גֶעלְד, אוּן הָאבֶּען אִיהם אוֹיסְגֶעלַאכְט. עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט:
אִיהר ווֵייזְט זִיךְ אַרוֹיס וִויא צַדִיקִים פַאר לֵייטֶען, נוּר גָאטְט
ווֵייסְט אֵייעֶר הַארְץ, דֶען וָואס אִיז בֵּיי מֶענְשֶׁען הוֹיךְ אִיז פַאר
16 גָאטְט אֵיין גְרוֹיל. דִיא תּוֹרָה אוּן נְבִיאִים זֶענֶען בִּיז יוֹחָנָן, פָאן
יֶענֶער צֵייט אָן וֶוערְט דִיא בְּשׂוֹרָה פָאן מַלְכוּת אֱלֹהִים גֶעפְּרֶעדִיגְט
17 אוּן יֶעדֶער מֶענְשׁ קוּמְט אִין אִיהם מִיט שְׁטוּרֶעם אַרֵיין. עֶס אִיז
אָבֶּער לֵייכְטֶער הִימֶעל אוּן עֶרְד זָאלֶען אָבּ פַאלֶען, אֵיידֶער אֵיין
18 שְׁטְרִיכֶעלֶע פָאן דֶער תּוֹרָה וֶועט פֶערְלָארֶען וֶוערֶען. יֶעדֶער
וֶוער עֶס צוּ שֵׁיידֶעט זִיךְ מִיט זֵיין ווַייבּ, אוּן הָאט חֲתוּנָה מִיט
אֵיין אַנְדֶערֶע, דֶער אִיז אֵיין נוֹאֵף, אוּן יֶעדֶער וֶוער עֶס הָאט
19 חֲתוּנָה מִיט אֵיין גְרוּשָׁה אִיז אֵיין נוֹאֵף. עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין

רייכער מאַן, ער פּלעגט זיך קליידען מיט פּורפּער און ביסוס,
פרייען זיך אַלע טאָג אין תּענוגים. און עס איז געווען אויך איין 20
אָרעמאַן, מיט דעם נאָמען אֶלעזר, וועלכער איז געלעגען ביים
רייכענס טויער פול מיט געשווירען. ער האָט געגאַרט זיך 21
אָנצוזעטיגען פאָן די בּרעקלאַך וואָס פאַלען אַראָב פאָן דעם
רייכענס טיש, און די הינט פּלעגען אויך קומען און לעקען
זיינע געשווירען. דער אָרעמאַן איז געשטאָרבען, און די מלאָכים 22
האָבען איהם אַוועק געטראָגען אין אַבְרָהָם'ס שויס, דער רייכער
איז אויך אַוועק געשטאָרבען און מען האָט איהם בעגראָבען.
און ווען ער איז געווען געפּלאָגט אין דער העללע, האָט ער 23
אויף געהויבען זיינע אויגען און האָט פאָן וויטענס דערזעהן
אַבְרָהָם'ן און אֶלעזר'ן אין זיין שויס. און ער האָט געשריגען 24
מיט איין הויכען קול און געזאָגט: מיין פאָטער אַבְרָהָם! האָב
רחמנות אויף מיר, און שיק אֶלעזר'ן דאָס ער זאָל איין טונקען
זיין שפּיץ פינגער אין וואַסער, כדי ער זאָל אָבקילען מיין צונג,
דען איך פּלאָג מיך אין דיזען פלאַם. און אַבְרָהָם זאָגט, קינד, 25
געדענק, דאָס דוא האָסט שוין מקבּל געווען דיין גוטעס אין דיין
לעבען, און אֶלעזר דאָס שלעכטס, יעצט האָט ער נחמה און
דוא צער. אויסער דעם, ליגט צווישען אייך און אונז איין גרויסע 26
טיפענעס דאָס די וואָס ווילען אַריבער געהן פאָן דאַנען צו
אייך, זאָלען ניט קענען, אויך פאָן דאָרטען צו אונז זאָל מען ניט
אַריבער געהן. און ער זאָגט: ווען אַזוי מיין פאָטער, שיק איהם 27
אַהיים צו מיין פאָטער. דען איך האָב פינף ברידער, לאָז ער 28
זיי באַשווערען, כדי זיי זאָלען אויך ניט קומען אין דיזען אָרט
פאָן פּלאָג. אַבְרָהָם זאָגט איהם: זיי האָבען משה'ן און די 29
נביאים לאָזען זיי, זיי הערען. און ער זאָגט: ניין מיין פאָטער 30
אַבְרָהָם, נור ווען איינער פאָן די טויטע זאָל צו זיי קומען
וואָלטען זיי תּשובה טאָן. און ער זאָגט איהם: ווען זיי הערען 31
ניט משה'ן און די נביאים, אַזוי ווען עס וועט אויך איינער פאָן
די טויטע אויף שטעהן וועלען זיי ניט גלויבען.
און ער האָט געזאָגט צו זיינע תּלמידים: עס איז ניט מעגלאַך יז
דאָס עס זאָלען ניט קומען שטרויכלונגען, נור וועה איז דעם

2 מַאן, דוּרךְ װעלכֶע זַיי קוּמֶען. עס װָאלט פַאר אִיהם בֶּעסֶער
גֶעװעזֶען מֶען זָאל אִיהם אוֹיפְהֵיינְגֶען אוֹיפֶען הַאלְז אַיין מִיל שְׁטֵיין
אוּן װַארְפֶען אִיהם אִין יַם, אֵיידֶער עֶר זָאל שְׁטְרוֹיכְלֶען אֵיינֶעם
3 פָאן דִיזֶע קְלֵיינֶע. גִיט אַכְטוּנְג אוֹיף אֵייך: װֶען דֵיין בְּרוּדֶער
זִינְדִיגְט גֶעגֶען דִיר שְׁרֵייא אוֹיף אִיהם אָן, אוּן אוֹיב עֶר הָאט
4 חֲרָטָה זַיי אִיהם מוֹחֵל. אוּן װֶען עֶר זִינְדִיגְט זִיבֶּען מָאל אִין טָאג
גֶעגֶען דִיר אוּן זִיבֶּען מָאל אִין טָאג װֶענְדֶעט עֶר זִיךְ צוּ דִיר אוּן
5 זָאגְט: אִיךְ הָאבּ חֲרָטָה, זַיי אִיהם מוֹחֵל. אוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל
6 הָאבֶּען צוּם הֶערְרְן גֶעזָאגְט: גִיבּ אוּנְז מֶעהר אֱמוּנָה. דֶער הֶערְר
הָאט גֶעזָאגְט: װֶען אִיהר זָאלְט הָאבֶּען אֱמוּנָה, װִיא אַיין קֶערֶענְדֶעל
פָאן זֶענֶעפְט אוּן זָאלְט זָאגֶען דִיזֶען פֵייגֶענְבּוֹים, װֶער אוֹיס־
גֶעװָארְצֶעלְט אוּן פְלַאנְץ זִיךְ אַיין אִין יַם, אַזוֹי װָאלְט עֶר אַייךְ
7 צוּגֶעהֶערְט. װֶער פָאן אַייךְ װֶען עֶר הָאט אַיין קְנֶעכְט, װָאס עֶר
אַקֶערְט, אָדֶער עֶר פִּיטֶערְט, אוּן עֶר קוּמְט אַהֵיים פָאן פֶעלְד,
8 זָאגְט אִיהם קוּם גִיכֶער, זֶעץ דִיךְ צוּם טִישׁ? נוּר זָאגְט עֶר אִיהם
דֶען נִיט: מַאךְ מִיר פַארְטִיג דֶעם אָװֶענְד מָאלְצֵייט, אוּן גַארְטֶעל
דִיךְ אוּנְטֶער, אוּן בַּאדִין מִיר בִּיז אִיךְ װֶעל אָבְּעסֶען אוּן טְרִינְקֶען,
9 אוּן נָאךְ דֶעם עֶס אוּן טְרִינְק דוּא אַלֵיין. װֶעט עֶר דֶען דַאנְקֶען
דֶעם קְנֶעכְט פַאר דֶעם, װָאס עֶר הָאט גֶעטָאן זֵיין בַּאפֶעהל?
10 אִיךְ דֵיינְק נֵיין. אַזוֹי אִיהר אוֹיךְ, װֶען אִיהר הָאט אַלֶץ גֶעטָאן,
װָאס מֶען הָאט אַייךְ בַּאפוֹילֶען אַזוֹי זָאגְט: מִיר זֶענֶען אוּנְנִיצִיגֶע
קְנֶעכְט, דֶען מִיר הָאבֶּען גֶעטָאן דָאס, װָאס מִיר זֶענֶען מְחוּיָב
11 גֶעװֶעזֶען צוּ טָאן. װֶען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אִיז עֶר
12 דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ שׁוֹמְרוֹן אוּן גָלִיל. אוּן װֶען עֶר אִיז אַרַיין
גֶעגַאנְגֶען אִין אַיין דָארְף, הָאבֶּען אִיהם בַּאגֶעגֶענְט צֶעהן קְרֶעצִיגֶע
מֶענְשֶׁען, װֶעלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט פָאן דֶער װֵייטֶענְס.
13 אוּן מִיט אַיין הוֹיכֶען קוֹל הָאבֶּען זַיי גֶעזָאגְט: לֶעהְרֶער! יֵשׁוּעַ!
14 דֶערְבַּארֶעם זִיךְ אִיבֶּער אוּנְז. װֶען עֶר הָאט זַיי דֶערְזֶעהֶען, הָאט
עֶר זַיי גֶעזָאגְט: גֶעהט װֵייזְט אַייךְ צוּ דִיא כֹּהֲנִים, אוּן װֶען זַיי
15 זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען זֶענֶען זַיי רֵיין גֶעװָארֶען. אַיינֶער פָאן זַיי, װֶען עֶר
הָאט גֶעזֶעהן, דָאס עֶר אִיז אוֹיסְגֶעהֵיילְט גֶעװָארֶען, הָאט זִיךְ
16 אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן מִיט אַיין הוֹיכֶען קוֹל גֶעלוֹיבְּט גָאט. אוּן אִיז

אַנִידֶער גֶעפַאלֶען צוּ זַיינֶע פִיס, אוּן הָאט אִיהם גֶעדַאנְקְט, אוּן
17 עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין שׁוֹמְרוֹנִי. יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן
גֶעזָאגְט: זֶענֶען דֶען נִיט צֶעהְן רֵיין גֶעוָוארֶען, וְואוּ זֶענֶען דִיא נַיין?
18 וִויא אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי זִיךְ נִיט אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ גֶעבֶּען אֵיין לוֹיבּ
19 צוּ גָאטְט, אוֹיסֶער דֶעם אֵיין פְרֶעמְדֶען. אוּן עֶר הָאט אִיהם
גֶעזָאגְט: שְׁטֶעה אוֹיף גֶעה, דַיין אֱמוּנָה הָאט דִיךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען.
20 וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען אִיהם גֶעפְרֶעגְט, וֶוען וֶועט קוּמֶען
דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים, הָאט עֶר זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט: דָאס מַלְכוּת
אֱלֹהִים וֶועט נִיט קוּמֶען, דָאס מֶען זָאל עֶס מִיט דִיא אוֹיגֶען
21 זֶעהֶען. מֶען וֶועט נִיט זָאגֶען: זֶעה, דָא אִיז דָאס, אָדֶער זֶעה,
דָארְטְן, דֶען זֶעה, דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים אִיז אִינֶעוֵויינִיג אִין אֵייךְ.
22 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא תַּלְמִידִים: עֶס וֶועלֶען קוּמֶען
טֶעג, וֶוען אִיהר וֶועט בַּאגֶערֶען זֶעהֶען אֵיין טָאג פָאן דִיא טֶעג
23 פָאן דֶעם בֶּן אָדָם, אוּן אִיהר וֶועט נִיט זֶעהֶען. אוּן מֶען וֶועט
אֵייךְ זָאגֶען: זֶעה, דָא, אָדֶער זֶעה, דָארְטֶען, גֶעהְט נִיט אַרוֹיס,
24 אוּן גֶעהְט נִיט נָאךְ. דֶען אַזוֹי וִויא אֵיין בְּלִיץ, וָואס בְּלִיצְט זַיין
שְׁטְרַאהל פָאן אֵיין גֶעגֶענְד פָאן הִימֶעל אִין דֶעם אַנְדֶערֶען, אַזוֹי
25 וֶועט זַיין דֶער בֶּן הָאָדָם אִין זַיין טָאג. נוּר פְרִיהֶער דַארְף עֶר
26 פִיל לֵיידֶען אוּן פַארְוָוארְפֶען וֶוערֶען פָאן דִיזֶען דוֹר. אוּן אַזוֹי
וִויא עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין נֹחַ'ס טֶעג, אַזוֹי וֶועט זַיין אִין דִיא טֶעג
27 פָאן דֶעם בֶּן הָאָדָם. זֵיי הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, גֶעטְרוּנְקֶען, גֶענוּמֶען
ווייבֶּער, אוּן מַאנֶען, בִּיז דֶעם טָאג וֶוען נֹחַ אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען
אִין דֶער תֵּבָה, אוּן דֶער מַבּוּל אִיז גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט אַלֶעמֶען
28 אוּמְגֶעבְּרַאכְט. אוּן אַזוֹי אוֹיךְ וִויא עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין לוֹט'ס טֶעג:
זֵיי הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, גֶעטְרוּנְקֶען, גֶעקוֹיפְט, פַארְקוֹיפְט, גֶעפְּלַאנְצְט
29 אוּן גֶעבּוֹיט. נוּר אִין דֶעם טָאג, אִין וֶועלְכֶעם לוֹט אִיז אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען פָאן סְדוֹם, הָאט עֶס גֶערֶעגֶענְט פָאן דֶעם הִימֶעל פֵייעֶר
30 אוּן שְׁוֶועבֶּעל, אוּן הָאט אַלֶעמֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט. אַזוֹי וֶועט אוֹיךְ
זַיין אִין יֶענֶעם טָאג, וֶוען דֶער בֶּן הָאָדָם וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען.
31 אִין יֶענֶעם טָאג וֶוער עֶס וֶועט זַיין אוֹיף דֶעם דַאךְ, אוּן זַיינֶע
כֵּלִים אִין הוֹיז, יֶענֶער זָאל נִיט אַרָאבּ גֶעהְן נֶעמֶען זֵיי, אוּן וֶוער
עֶס וֶועט זַיין אוֹיף דֶעם פֶעלְד זָאל זִיךְ אוֹיךְ נִיט צוּרִיק אוּמְקֶעהְרֶען.

32 33 גֶעדֶענְקְט אָן לוֹט'ס וַוייבּ. וֶוער עֶס זוּכְט זַיין לֶעבֶּען צוּ גֶעוִוינֶען,
יֶענֶער וֶועט אִיהם פֶערְלִירֶען, אוּן וֶוער עֶס וֶועט אִיהם פַארְלִירֶען
34 יֶענֶער וֶועט אִיהם לֶעבֶּעדִיג מַאכֶען. אִיךְ זָאג אֵייךְ: אִין יֶענֶער
נַאכְט וֶועלֶען צְוֵויי אִין אֵיין בֶּעט לִיגֶען אֵיינֶער וֶועט אָנְגֶענוּמֶען
35 וֶוערֶען, אוּן דֶער אַנְדֶערֶער וֶועט פַארְלָאזֶען וֶוערֶען. צְוֵויין וֶועלֶען
מָאהלֶען צוּזַאמֶען, אֵיינֶע וֶועט אָנְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּן דִיא אַנְדֶערֶע
36 וֶועט פֶערְלָאזֶען וֶוערֶען. צְוֵויי וֶועלֶען זַיין אוֹיף דֶעם פֶעלְד,
אֵיינֶער וֶועט אָנְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּן דֶער אַנְדֶערֶער וֶועט פַארְלָאזֶען
37 וֶוערֶען. זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, אוּן גֶעזָאגְט: וואוּ הֶערְר?
עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וואוּ עֶס אִיז דִיא נְבֵלָה דָארְטֶען זַאמְלֶען
זִיךְ דִיא אָדְלֶער.

יח אוּן אוֹיךְ אֵיין מָשָׁל הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט: דָאס מֶען דַארְף
2 תָּמִיד מִתְפַּלֵל זַיין אוּן נִיט מִיד וֶוערֶען. עֶר הָאט גֶעזָאגְט: אִין
אֵיין שְׁטָאדְט אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין רִיכְטֶער, וֶועלְכֶער הָאט נִיט מוֹרָא
3 גֶעהַאט פַאר גָאטְט, אוּן קֵיין מֶענְשֶׁען נִיט גֶעאַכְטֶעט. אִין דֶער
שְׁטָאדְט אִיז גֶעוֶוען אֵיין אַלְמָנָה, אוּן זִיא אִיז צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען
4 אוּן גֶעזָאגְט פֶערְשַׁאף מִיר רֶעכְט גֶעגֶען מֵיין גֶעגְנֶער. נוּר עֶר
הָאט אֵיין לַאנְגֶע צֵייט נִיט גֶעוָואלְט: נָאךְ דֶעם אָבֶּער הָאט עֶר
בֵּיי זִיךְ גֶעזָאגְט: הַגַּם אִיךְ הָאבּ פַאר גָאטְט קֵיין מוֹרָא נִיט, אוּן
5 קֵיין מֶענְשֶׁען אַכְטֶע אִיךְ נִיט. נוּר אַזוֹי וִויא דִיא אַלְמָנָה גִיט מִיר
קֵיין רוּהֶע נִיט, וֶועל אִיךְ אִיהר רֶעכְט פֶערְשַׁאפֶען, כְּדֵי
6 זִיא זָאל מֶעהר נִיט קוּמֶען דֶערְעֶסֶען מִיר. אוּן דֶער הֶערְר הָאט
גֶעזָאגְט: אִיהר הֶערְט וָואס דֶער אוּנְגֶערֶעכְטֶער רִיכְטֶער זָאגְט.
7 וֶועט גָאטְט נִיט רֶעכְט פֶערְשַׁאפֶען פַאר זַיין אוֹיס דֶערְוֶוויילְטֶע,
וָואס שְׁרֵייעֶן צוּא אִיהם טָאג אוּן נַאכְט, הַגַּם עֶר הַאלְט זִיךְ אֵיין
8 אַזוֹי לַאנְג. אִיךְ זָאג אֵייךְ: עֶר וֶועט זֵייעֶר רֶעכְט פֶערְשַׁאפֶען
אִין קוּרְצֶען. אָבֶּער וֶועט דֶער בֶּן הָאָדָם וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען
9 גֶעפִינֶען אֱמוּנָה אוֹיף דֶער עֶרְד? אוֹיךְ הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ
אֵיינִיגֶע, וֶועלְכֶע זֶענֶען בֵּיי זִיךְ זִיכֶער, דָאס זֵיי זֶענֶען צַדִיקִים, אוּן
10 אַנְדֶערֶע פַארַאכְטֶען, דֶעם מָשָׁל. צְוֵויי מֶענְשֶׁען זֶענֶען אַרוֹיף
גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ מִתְפַּלֵל זַיין: אֵיינֶער אִיז גֶעוֶוען אֵיין
11 פָּרוּשׁ, דֶער אַנְדֶערֶער אֵיין מוֹכֵס (מַס נֶעמֶער). דֶער פָּרוּשׁ

הָאט זִיך אַנִידֶער גֶעשְׁטֶעלְט, אוּן הָאט אִין זִיך אַזוֹי מִתְפַּלֵל
גֶעוֶוען: גָאטְט אִיךְ דַאנְק דִיר, וָואס אִיךְ בִּין נִיט וִויא אַנְדֶערֶע
12 לַייט, גַזְלָנִים, אוּנְגֶערֶעכְטֶע נוֹאֲפִים, אָדֶער וִויא דֶער מוֹכֵס. אִיךְ
פַאסְט צְוֵויי מָאל אִין דֶער וָואךְ, אִיךְ גִיבּ מַעֲשֵׂר פָאן אַלְץ וָואס
13 אִיךְ פַארְדִין. דֶער מוֹכֵס אָבֶּער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פָאן וַוייטֶען, אוּן
עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט אֲפִילוּ דִיא אוֹיגֶען אוֹיפְהוֹיבֶּען צוּם הִימֶעל,
נוּר עֶר הָאט זִיך גֶעקְלַאפְּט אִין הַארְצֶען, אוּן גֶעזָאגְט, גָאטְט!
14 עֶרבַּארֶעם דִיךְ אוֹיף מִיר זִינְדֶער! אִיךְ זָאג אַייךְ: דָאס דִיזֶער
אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַהֵיים גֶערֶעכְטְפַארְטִיגֶער, וִויא יֶענֶער, דֶען
יֶעדֶער, וָואס מַאכְט זִיך אַלֵיין הוֹיךְ, דֶער וֶועט דֶערְנִידֶערִיגְט
וֶוערֶען, אוּן דֶער וָואס מַאכְט זִיך נִידֶערִיג, וֶועט דֶערְהוֹיכְט וֶוערֶען.
15 מֶען הָאט אִיהם אוֹיךְ גֶעבְּרַאכְט קְלֵיינֶע קִינְדֶער, כְּדֵי עֶר
זָאל זִיך צוּ זֵיי צוּרִיהֶרֶען: דִיא תַלְמִידִים הָאבֶּען עֶס דֶערְזֶעהֶען,
16 הָאבֶּען זֵיי אוֹיף זֵיי אָנְגֶעשְׁרִיגֶען. נוּר יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי צוּגֶערוּפֶען
אוּן גֶעזָאגְט: לָאזְט דִיא קִינְדֶער צוּ מִיר קוּמֶען, אוּן פַארְוֶוערְט
17 זֵיי נִיט, דֶען אַזֶעלְכֶע זֶענֶען גָאטְטֶעס קֶענִיגְרַייךְ. אִין אֱמֶת'ען זָאג
אִיךְ אַייךְ: וֶוער עֶס נֶעמְט נִיט דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים וִויא אֵיין
18 קְלֵיין קִינְד, דֶער קוּמְט דַארִינֶען נִיט אַרַיין. אוּן אֵיין עֶלְסְטֶער
הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט: גוּטֶער לֶעהְרֶער, וָואס זָאל אִיךְ טָאן דָאס
19 אִיךְ זָאל יַרְשְׁ'נֶען דָאס עֶוִויגֶע לֶעבֶּען? יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט:
ווָארוּם רוּפְסְט דוּא מִיךְ גוּטֶער? קֵיינֶער אִיז נִיט גוּט, אוֹיסֶער
20 נוּר אֵיינֶער, גָאטְט. דוּא וֵוייסְט דִיא מִצְוֹת: לֹא תִנְאָף, לֹא
תִרְצָח, לֹא תִגְנֹב, לֹא תַעֲנֶה בְרֵעֲךָ עֵד שָׁקֶר, כַּבֵּד אֶת אָבִיךָ
וְאֶת אִמֶּךָ, (דוּא זָאלְסְט נִיט מְנַאֵף זַיין, זָאלְסְט נִיט טוֹיטֶען,
זָאלְסְט נִיט גַנְבֶנֶ'ען, דוּא זָאלְסְט אוֹיף דַיין חַבֵר קֵיין פַאלְשֶׁע
21 עֵדוּת זָאגֶען, עֶהְרֶע דַיין פָאטֶער אוּן מוּטֶער). אוּן עֶר הָאט
גֶעזָאגְט: דָאס אַלֶעס הָאבּ אִיךְ מְקַיֵים גֶעוֶוען פָאן מֵיין קִינְדְהֵייט
22 אָן. וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר אִיהם גֶעזָאגְט:
נָאךְ אֵיין זַאךְ פֶעלְט דִיר: אַלְץ וָואס דוּא הָאסְט פַארְקוֹיף, אוּן
צוּגִיבּ אָרֶעמֶע אוּן דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אֵיין אוֹצָר אִין הִימֶעל, אוּן
23 קוּם גֶעה מִיר נָאךְ. אוּן עֶר וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעהֶערְט אִיז
24 עֶר טְרוֹיעֶרִיג גֶעוָוארֶען, מַחֲמַת עֶר אִיז זֵייעֶר רֵייךְ גֶעוֶוען. יֵשׁוּעַ

הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס עֶר אִיז טְרוֹיעֶרִיג גֶעוָוארֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט:
וִויא שְׁוֶוער אִיז פַאר דִיא וָואס הָאבֶּען עֲשִׁירוּת אַרֵיין צוּ קוּמֶען
25 אִין דֶעם מַלְכוּת הָאֱלֹהִים. דֶען עֶס אִיז לֵייכְטֶער פַאר אֵיין
קַאמֶעל דוּרְך צוּ גֶעהֶען דוּרְך אֵיין לָאך פָאן אֵיין נָאדֶעל אֵידֶער
פַאר אֵיין רֵייכֶען אַרֵיין צוּ קוּמֶען אִין דֶעם מַלְכוּת הָאֱלֹהִים.
26 דִיא וָואס הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט הָאבֶּען גֶעזָאגְט: וֶוער קָאן זִיך
27 דֶען רֶעטֶען. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט: דָאס וָואס מֶענְשֶׁען אִיז
28 אוּנְמִיגְלַאך אִיז גָאטְט מִיגְלַאך. אוּן פֶּטֶר הָאט גֶעזָאגְט: נוּן,
מִיר הָאבֶּען אַלֶעס אַוֶועק גֶעלָאזֶען אוּן מִיר זֶענֶען דִיר נָאךְ
29 גֶעגַאנְגֶען. עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִין אֶמֶת'ען זָאג אִיך אַייך: עֶס
אִיז נִיט דָא קֵיין מַאן, וֶועלְכֶער הָאט אַוֶועק גֶעלָאזֶען אֵיין הוֹיז,
אָדֶער עֶלְטֶערְן, אָדֶער בְּרִידֶער, אָדֶער שְׁוֶועסְטֶער, אָדֶער אֵיין
30 וַוייבּ, אָדֶער קִינְדֶער פָאן וֶועגֶען דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים. דָאס עֶר
זָאל נִיט בַּאקוּמֶען פִיל מֶעהְרֶער, אִין דִיזֶער צַייט אוּן אוֹיף יֶענֶער
31 וֶועלְט, עֶווִיגֶעס לֶעבֶּען. אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא צְוֶועלְף אוּן
הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: נוּן, מִיר גֶעהֶען אַרוֹיף קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן עֶס
וֶועט זִיך דֶערְפִילֶען אַלֶעס וָואס עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען
32 דוּרְך דִיא נְבִיאִים וֶועגֶען דֶעם בֶּן הָאָדָם. דֶען מֶען וֶועט אִיהם
אִיבֶּערְגֶענְטְפֶערֶען צוּ דִיא גוֹיִם, אוּן מֶען וֶועט אִיבֶּער אִיהם
שְׁפָּאטֶען, אוּן מֶען וֶועט אִיהם זִידְלֶען, אוּן מֶען וֶועט אוֹיף אִיהם
33 שְׁפֵּייעֶן. אוּן זֵיי וֶועלֶען אִיהם שְׁלָאגֶען מִיט רִיטֶער, אוּן וֶועלֶען
אִיהם טוֹיטֶען אוּן אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר אוֹיף שְׁטֶעהְן.
34 אוּן זֵיי הָאבֶּען פָאן דֶעם גָאר נִיט פַארְשְׁטַאנֶען, אוּן דִיזֶע וֶוערְטֶער
זֶענֶען פָאן זֵיי גֶעוֶוען פַארְבָּארְגֶען, אוּן זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעווָאוּסְט
35 וָואס עֶס אִיז גֶערֶעט גֶעוָוארֶען. וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאהֶענְט
פָאן יְרִיחוֹ אִיז אֵיין בְּלִינְדֶער גֶעזֶעסֶען בֵּיים וֶועג אוּן גֶעבֶּעטֶעלְט.
36 אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶעהֶערְט דֶעם קוֹל פָאן דֶעם פָאלְק וָואס אִיז
פַארְבֵּיי אִיהם גֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט: וָואס אִיז דָאס?
37 38 מֶען הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: דָאס יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי גֶעהט: אוּן עֶר הָאט
גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט: יֵשׁוּעַ בֶּן דָוִד! דֶערְבַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער
39 מִיךְ. דִיא וָואס זֶענֶען פָארְאוֹיס גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען אוֹיף אִיהם
אָנְגֶעשְׁרִיגֶען עֶר זָאל שְׁווַייגֶען, נוּר עֶר הָאט נָאךְ מֶעהר גֶעשְׁרִיגֶען,

בֶּן דָוִד! דֶערְבַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער מִיר. יְשׁוּעַ הָאט זִיךְ 40
אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט, בַּאפוֹילֶען מֶען זָאל אִיהם בְּרֵיינְגֶען צוּ זִיךְ, אוּן
וָוען יֶענֶער אִיז צוּ אִיהם צוּ גֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר אִיהם גֶעפְרֶעגְט:
וָואס ווִילְסְט דוּא פָאן מִיר? עֶר הָאט גֶעזָאגְט: הֶערְר! דָאס אִיךְ 41
זָאל זֶעהֶען. יְשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: זֶעה! דֵיין אֱמוּנָה הָאט 42
דִיר גֶעהָאלְפֶען. אוּן עֶר אִיז בַּאלְד זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען, אוּן אִיז 43
אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען, אוּן גֶעלוֹיבְּט גָאטְט, אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק
הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען אוּן גָאטְט גֶעלוֹיבְּט.
אוּן יְשׁוּעַ אִיז אַרֵיין גֶעקוּמֶען, אוּן אִיז דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען יְרִיחוֹ. יט
אוּן נוּן, אֵיין מַאן וָואס מֶען הָאט גֶערוּפֶען זַכַּי עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין 2
עֶלְסְטֶער פָאן דִיא מוֹכְסִים אוּן אֵיין רֵייכֶער. עֶר הָאט גֶעזוּכְט 3
צוּ זֶעהֶען יְשׁוּעַ׳ן, וֶוער עֶר אִיז; נוּר עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט אִיבֶּער
דֶעם פָאלְק, ווייל עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען קְלֵיין פָאן וואוּקְס. אוּן עֶר אִיז 4
גֶעלָאפֶען פָארוֹיס, אוּן אִיז אַרוֹיף גֶעקְרָאכֶען אוֹיף אֵיין פֵיינֶעגְבּוֹים,
כְּדֵי עֶר זָאל אִיהם זֶעהֶען; ווייל דָארְט הָאט עֶר בַּאדַארְפְט
פַארְבֵּיי גֶעהְן. וֶוען יְשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם אָרְט, הָאט עֶר 5
אַרוֹיפְגֶעקוּקְט אוּן הָאט אִיהם דֶערְזֶעהֶען, אוּן עֶר הָאט אִיהם
גֶעזָאגְט: זַכַּי! גֶעה גִיךְ אַרָאבּ, דֶען הַיינְט דַארְף אִיךְ אִין דֵיין
הוֹיז רוּהֶען. אוּן עֶר אִיז גֶעשְׁווִינְד אַרָאבּ גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט 6
אִיהם מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען מִיט שִׂמְחָה. אוּן אַלֶע וֶועלְכֶע הָאבֶּען דָאס 7
גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְצוּפְרִידֶען צוּ וֶוערֶען, אוּן הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: עֶר אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען צוּ אֵיין זִינְדִיגֶען מֶענְשֶׁען אִין הוֹיז.
אוּן זַכַּי אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּם הֶערְרְן: הֶערְר, 8
דִיא הֶעלְפְט פָאן מֵיין פַארְמֶעגֶען גִיבּ אִיךְ אַוֶועק אָרֶעמֶע לֵייט,
אוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ בֵּיי אֵיינֶעם אִיבֶּערְגֶענוּמֶען וֶועל אִיךְ אִיהם
פִיר מָאהל אַזוֹי פִיל אָבְּגֶעבֶּען. יְשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: הַיינְט 9
אִיז אֵיין יְשׁוּעָה דִיזֶען הוֹיז גֶעשֶׁעהֶען, ווייל עֶר אִיז אוֹיךְ אֵיין בֶּן
אַבְרָהָם. דֶען דֶער בֶּן הָאָדָם אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זוּכֶען אוּן מַצִיל 10
זֵיין וָואס עֶס אִיז פֶערְלָארֶען. וֶוען זֵיי הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט 11
הָאט עֶר נָאךְ מוֹסִיף גֶעוֶועזֶען אֵיין מָשָׁל, ווייל עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
נֶעהֶענְטֶער צוּ יְרוּשָׁלַיִם אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעדַאכְט, דָאס בַּאלְד וֶועט
דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים דֶערְשֵׁיינֶען. דֶערִיבֶּער הָאט עֶר גֶעזָאגְט: 12

אֵיין מַאן פָאן אֵיין הוֹיכֶער מִשְׁפָּחָה אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין
וַוייטֶעס לַאנְד, עֶר זָאל נֶעמֶען אֵיין מְלוּכָה, אוּן זָאל זִיךְ
13 אוּמְקֶעהְרֶען. אוּן עֶר הָאט גֶערוּפֶען צֶעהֶען פָאן זֵיינֶע קְנֶעכְט
אוּן הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען צֶעהֶען מָנִים (פוּנְט זִילְבֶּער) אוּן הָאט צוּ
14 זֵיי גֶעזָאגְט: הַאנְדֶעלְט מִיט זֵיי בִּיז אִיךְ וֶועל קוּמֶען. זֵיינֶע
שְׁטָאטְלֵייט אָבֶּער הָאבֶּען אִיהם פֵיינְד גֶעהַאט אוּן הָאבֶּען אִיהם
נָאךְ גֶעשִׁיקְט שְׁלִיחִים צוּ זָאגֶען: מִיר ווִילֶען נִיט, דָאס דִיזֶער
15 זָאל אִיבֶּער אוּנְז אֵיין קֶענִיג זֵיין. אוּן וֶוען עֶר הָאט דִיא מְלוּכָה
אֵיינְגֶענוּמֶען הָאט עֶר זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן הָאט גֶעזָאגְט: מֶען
זָאל רוּפֶען דִיא קְנֶעכְט, צוּ וֶועלְכֶע עֶר הָאט דָאס גֶעלְד גֶעגֶעבֶּען,
כְּדֵי עֶר זָאל ווִיסֶען וִויא פִיל הָאט יֶעדֶער פָאן זֵיא פֶערְדִינְט אִין
16 זֵיין הַאנְדֶעל. דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט:
17 הֶערְר! דֵיין מָנָה, הָאט אֵיינְגֶעבְּרַאכְט צֶעהֶען מָנִים. אוּן עֶר
הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: גוּט, גוּטֶער קְנֶעכְט, דֶערְפַאר וָואס דוּא
בִּיזְט מִיט וֵויינִיג טְרֵיי גֶעוֶוען נֶעם אוּן גֶעוֶועלְטִיגֶע אִיבֶּער צֶעהֶען
18 שְׁטֶעדְט. דֶער אַנְדֶערֶער אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט: הֶערְר!
19 דֵיין מָנָה הָאט אֵיין גֶעבְּרַאכְט פִינְף מָנִים. עֶר הָאט דֶעם אוֹיךְ
20 גֶעזָאגְט: זֵיי דוּא אוֹיךְ אִיבֶּער פִינְף שְׁטֶעדְט. דֶער דְרִיטֶער
אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט: הֶערְר! נַא דִיר דֵיין מָנָה, וָואס
21 אִיךְ הָאבּ אָבְּגֶעהִיט, פַארְבּוּנְדֶען אִין אֵיין טִיכֶעל. דֶען אִיךְ הָאבּ
פַאר דִיר מוֹרָא גֶעהַאט, וֵוייל דוּא בִּיסְט אֵיין הַארְטֶער מֶענְשׁ:
נֶעמְסְט וָואס דוּא הָאסְט נִיט אַנִידֶער גֶעלֵייגְט, אוּן שְׁנֵיידֶעסְט
22 וָואס דוּא הָאסְט נִיט גֶעזֵייט. אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אִיךְ
וֶועל דִיר דוּרְךְ דֵיינֶע אֵייגֶענֶע רֵייד מִשְׁפָּט'ען, שְׁלֶעכְטֶער קְנֶעכְט.
דוּא הָאסְט גֶעוואוּסְט דָאס אִיךְ בִּין אֵיין הַארְטֶער מֶענְשׁ, אִיךְ
נֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט אַנִידֶער גֶעלֵייגְט, אוּן שְׁנֵייד וָואס אִיךְ
23 הָאבּ נִיט גֶעזֵייט. וָוארוּם הָאסְט דוּא נִיט אַוֶועק גֶעגֶעבֶּען מֵיין
גֶעלְד אִין בַּאנְק, דָאס וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען זָאל אִיךְ עֶס מִיט
24 פְּרָאצֶענְט אָבְּנֶעהמֶען? אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
גֶעשְׁטַאנֶען: נֶעמְט בֵּיי אִיהם צוּ דֶעם מָנָה אוּן גִיט אִיהם צוּ דֶעם
25 וָואס הָאט צֶעהֶען מָנִים. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: הֶערְר
26 עֶר הָאט דָאךְ צֶעהֶען מָנִים. אִיךְ זָאג אַייךְ: דָאס יֶעדֶען וָואס

עֶר הָאט װעט אִיהם גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען, אוּן פָאן דֶעם װָאס עֶר
הָאט נִיט װעט צוּגֶענוּמֶען װֶערֶען, אוֹיךְ דָאס װָאס עֶר הָאט נָאךְ.
27 אָבֶּער מֵיינֶע שׂוֹנְאִים, דִיא װֶעלְכֶע הָאבֶּען נִיט גֶעװָאלְט דָאס אִיךְ
זָאל זַיין אַיין מֶלֶךְ אִיבֶּער זֵיי, בְּרֵיינְגְט אַהֶער אוּן הַרְגֶ'עט זֵיי
28 פַאר מִיר. װֶען עֶר הָאט דָאס אָבְּגֶעזָאגְט, אִיז עֶר װֵייטֶער
29 גֶעגַאנְגֶען, אוֹיף דֶעם װֶעג אַרוֹיף קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. אוּן װֶען עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען נָאהֶענְט צוּ בֵּית־פַּגֵי, אוּן בֵּית־עַנְיָא צוּ דֶעם בַּארְג, װָאס
מֶען רוּפְט הַר־הַזֵתִים, הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט צְװֵיי פָאן זַיינֶע תַּלְמִידִים.
30 אוּן הָאט גֶעזָאגְט: גֶעהט אִין דֶעם דָארְף, װָאס אִיז אַנְטְקֶעגֶען
אוּנְז, אוּן װֶען אִיהר װֶעט דָארְטֶען אַרֵיין קוּמֶען, װֶעט אִיהר
גֶעפִינֶען אַיין יוּנְגֶען אֵייזֶעל צוּגֶעבּוּנְדֶען, אוֹיף װֶעלְכֶען עֶס הָאט
נָאךְ קֵיין מֶענְשׁ נִיט גֶערִיטֶען בִּיז יֶעצְט; בִּינְדֶעט אִיהם אָבּ אוּן
31 בְּרֵיינְגְט. אוּן װֶען אֵיינֶער װֶעט אַייךְ פְרֶעגֶען: צוּ װָאס בִּינְדֶעט
32 אִיהר אָבּ? זָאגְט אִיהם אַזוֹי, דֶער הֶערְר דַארְף אִיהם. אוּן דִיא
שְׁלִיחִים זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעפוּנֶען װִיא עֶר הָאט זֵיי
33 גֶעזָאגְט: װֶען זֵיי הָאבֶּען אָבְּגֶעבּוּנְדֶען דֶעם יוּנְגֶען אֵייזֶעל, הָאבֶּען
זֵיינֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים גֶעזָאגְט: צוּ װָאס בִּינְדֶעט אִיהר אָבּ דֶעם
34 אֵייזֶעל? זֵיי הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט: דֶער הֶערְר דַארְף אִיהם.
35 אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעבְּרַאכְט צוּ יֵשׁוּעַ'ן, אוּן הָאבֶּען אַרוֹיף
גֶעװָארְפֶען אוֹיף דֶעם אֵייזֶעל זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אוּן הָאבֶּען אוֹיף
36 אִיהם יֵשׁוּעַ'ן אַרוֹיפְגֶעזֶעצְט. אוּן װֶען עֶר אִיז גֶעפָארֶען, הָאבֶּען
37 זֵיי אוּנְטֶער גֶעשְׁפְּרֵייט זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אוֹיף דֶעם װֶעג. אוּן עֶר
אִיז גֶעקוּמֶען נָאהֶענְט צוּ דֶעם אָרְט, װאוּ דֶער הַר הַזֵתִים לָאזְט
זִיךְ אַרָאבּ, אוּן דִיא פִיל תַּלְמִידִים הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לוֹיבֶּען
גָאטְט מִיט שִׂמְחָה, אוּן מִיט אַיין הוֹיכֶען קוֹל פַאר דִיא אַלֶע
38 גְבוּרוֹת, װָאס זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען. אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: בָּרוּךְ
הַמֶּלֶךְ הַבָּא בְּשֵׁם יְהֹוָה (גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער קֶענִיג, װֶעלְכֶער
קוּמְט אִין גָאטְטֶעס נָאמֶען), שָׁלוֹם אוֹיף דֶעם הִימֶעל, אוּן כָּבוֹד
39 אִין דֶער הוֹיךְ! אוּן אֵייניגֶע פְּרוּשִׁים פָאן צְװִישֶׁען דֶעם פָאלְק,
הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: לֶעהֶרֶער! שְׁרֵיי אָן אוֹיף דֵיינֶע תַּלְמִידִים.
40 אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אַיין עֶנְטְפֶער: אִיךְ זָאג אַייךְ: דָאס װֶען
41 זֵיי װֶעלֶען שְׁװֵייגֶען, אַזוֹי װֶעלֶען שְׁטֵיינֶער שְׁרֵייעֶן. אוּן װֶען

עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאהֶענְט צוּ דֶער שְׁטָאדְט, אַזוֹי הָאט עֶר אַקוּק
42 גֶעגֶעבֶּען אוֹיף אִיהר, אוּן הָאט אוֹיף אִיהר זִיךְ צוּ וֵויינְט. אוּן
גֶעזָאגְט: אָה, וֶוען דוּא זָאלְסְט אֲפִילוּ אִין דִיזֶען טָאג דֵיינֶעם,
דֶערְקֶענְט וָואס צוּ דֵיין פְרִידֶען גֶעהֶערְט; נוּן, אָבֶּער אִיז דָאס
43 פַארְבָּארְגֶען פַאר דֵיינֶע אוֹיגֶען. דֶען עֶס וֶועלֶען קוּמֶען אוֹיף דִיר
טֶעג וֶוען דֵיינֶע שׂוֹנְאִים וֶועלֶען דִיךְ אַרוּם לֵייגֶען מִיט אֵיין
גְרָאבֶּען, אוּן מֶען וֶועט דִיךְ אַרוּם רִינְגְלֶען, אוּן מֶען וֶועט דִיךְ
44 דְרִיקֶען פָאן אַלֶע זֵייטֶען. אוּן מֶען וֶועט דִיךְ מִיט דֶער עֶרְד
גְלֵייךְ מַאכֶען, אוּן דֵיינֶע קִינְדֶער אִין דִיר, אוּן מֶען וֶועט אִין דִיר
נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען אֵיין שְׁטֵיין אוֹיף אֵיין שְׁטֵיין, דֶערְפַאר וָואס
דוּא הָאסְט נִיט דֶערְקָאנְט דִיא צֵייט וֶוען דוּא בִּיסְט בֶּעדַאכְט
45 גֶעוָוארֶען. אוּן עֶר אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית־הַמִקְדָשׁ,
אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוּיס צוּ טְרֵייבֶּען דִיא פַארְקוֹיפֶערְס אוּן
46 קוֹיפֶערְס וָואס אִיז אִין אִיהם גֶעוֶועזֶען. אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: עֶס
אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: בֵּיתִי בֵּית תְּפִלָה. (מֵיין הוֹיז זָאל אֵיין גֶעבֶּעטְס
הוֹיז זֵיין), אוּן אִיהר הָאט דָאס גֶעמַאכְט פַאר אֵיין הֵייל פָאן
47 רוֹיבֶּערְס. אוּן עֶר הָאט אַלֶע טָאג גֶעלֶערֶענְט אִין בֵּית
הַמִקְדָשׁ, דִיא עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים, סוֹפְרִים אוּן דִיא זְקֵנִים פָאן דֶעם
48 פָאלְק הָאבֶּען גֶעזוּכְט אִיהם אוּמְצוּבְּרֵיינְגֶען. אוּן הָאבֶּען נִיט
גֶעפוּנֶען וָואס צוּ מַאכֶען מִיט אִיהם, דֶען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק
הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אָן אִיהם, צוּ הֶערֶען אִיהם.

כ עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אֵיינֶעם פָאן דִיא טֶעג, וֶוען עֶר הָאט
גֶעלֶעהְרֶענְט דָאס פָאלְק אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט
2 דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה. אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט: זָאג אוּנְז מִיט וָואס
פַאר אֵיין מַאכְט טְהוּסְט דוּא דָאס? אָדֶער וֶוער הָאט דִיר
3 גֶעגֶעבֶּען דִיזֶע מַאכְט? עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: אִיךְ
4 וֶועל אֵייךְ אוֹיךְ פְרֶעגֶען אוֹיף אֵיין זַאךְ, אוּן זָאגְט מִיר. דִיא
טְבִילָה פָאן יוֹחָנָן אִיז פָאן הִימֶעל גֶעוֶועזֶען, אָדֶער פָאן מֶענְשֶׁען?
5 זֵיי הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ אִיבֶּער גֶעקְלֶערְט, אוּן גֶעזָאגְט: וֶוען מִיר
וֶועלֶען זָאגֶען: פָאן הִימֶעל, אַזוֹי וֶועט עֶר זָאגֶען: וָוארוּם הָאט
6 אִיהר אִיהם נִיט גֶעגְלוֹיבְּט? אוּן אוֹיבּ מִיר וֶועלֶען זָאגֶען פָאן
מֶענְשֶׁען, אַזוֹי וֶועט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אוּנְז פַארְשְׁטֵיינֶען, דֶען עֶס

7 אִיז בַּיי זֵיי זִיכֶער, דָאס יוֹחָנָן אִיז אֵיין נָבִיא גֶעוֶועזְן. אוּן זֵיי הָאבֶּען
8 גֶעעֶנְטפֶערְט: מִיר וֵוייסֶען נִיט פָאן וַואנֶען. יֵשׁוּעַ, הָאט זֵיי גֶעזָאגְט:
אִיךְ וֶועל אַייךְ אוֹיךְ נִיט זָאגֶען, מִיט וָואס פַאר אֵיין מַאכְט אִיךְ
9 טְהוּעֶ עֶס. אוּן עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען דֶעם פָאלְק
דֶעם מָשָׁל: אֵיין מַאן הָאט גֶעפְּלַאנְצְט אֵיין וַויינְגָארְטֶען, אוּן הָאט
אִיהם אַוֶועק גֶעגֶעבֶּען צוּ וַויינְגֶערְטְנֶער, אוּן אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען
10 אוֹיף אֵיין לַאנְגֶער צַייט. אוּן צוּ דֶער צַייט הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט
צוּ דִיא וַויינְגֶערְטְנֶער אֵיין קְנֶעכְט, דָאס זֵיי זָאלֶען אִיהם דִיא
פֵּרוֹת פָאן דֶעם וַויינְגָארְטֶען גֶעבֶּען, נוּר דִיא וַויינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען
11 אִיהם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּן אַוֶועק גֶעשִׁיקְט מִיט לֵיידִיגֶען. עֶר הָאט
נָאךְ אֵיין מָאל גֶעשִׁיקְט אֵיין אַנְדֶערֶען קְנֶעכְט, נוּר זֵיי הָאבֶּען
דֶעם אוֹיךְ גֶעשְׁלָאגֶען אוּן גֶעזִידֶעלְט, אוּן אַוֶועק גֶעשִׁיקְט מִיט
12 לֵיידִיגֶען. אוּן עֶר הָאט נָאךְ גֶעשִׁיקְט דֶעם דְרִיטֶען, נוּר זֵיי
13 הָאבֶּען דֶעם אוֹיךְ פַארְוואוּנְדֶעט, אוּן אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען. דֶער
הֶערְר פָאן דֶעם וַויינְגָארְטֶען הָאט גֶעזָאגְט: וָואס זָאל אִיךְ טָאן?
אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען מֵיין גֶעלִיבְּטֶען זָאהְן, אֶפְשַׁר וֶוען זֵיי וֶועלֶען
14 אִיהם זֶעהֶען, וֶועלֶען זֵיי פַאר אִיהם מוֹרָא הָאבֶּען. וֶוען דִיא
וַויינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען אִיהם דֶערְזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵיי צְווִישֶׁען זִיךְ
גֶערֶעדט אוּן גֶעזָאגְט: דָאס אִיז דֶער יוֹרֵשׁ, לָאזֶען מִיר גֶעהְן אִיהם
15 טוֹיטֶען, כְּדֵי זֵיין יְרוּשָׁה זָאל אוּנְז בְּלֵייבֶּען. אוּן הָאבֶּען אִיהם
אַרוֹיס גֶעפִירְט פָאן דֶעם וַויינְגָארְטֶען אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעטוֹיטֶעט.
16 וָואס וֶועט דֶער הֶערְר פָאן דֶעם גָארְטֶען זֵיי טָאן? עֶר וֶועט
קוּמֶען אוּן וֶועט אוּמְבְּרֵיינְגֶען דִיא וַויינְגֶערְטְנֶער, אוּן וֶועט אַוֶועק
גֶעבֶּען דֶעם וַויינְגָארְטֶען צוּ אַנְדֶערֶע. דִיא וָואס הָאבֶּען דָאס
17 גֶעהֶערְט הָאבֶּען גֶעזָאגְט חָלִילָה! עֶר הָאט אוֹיף זֵיי אֵיין קוּק
גֶעטָאן אוּן גֶעזָאגְט: וָואס מֵיינְט דָאס וָואס עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען:
אֶבֶן מָאֲסוּ הַבּוֹנִים הָיְתָה לְרֹאשׁ פִּנָּה, (דֶער שְׁטֵיין, וֶועלְכֶען דִיא
בּוֹילֵייט הָאבֶּען פַארְוָוארְפֶען אִיז צוּם עֶקְשְׁטֵיין גֶעוָוארֶען).
18 יֶעדֶער, וֶוער עֶס וֶועט פַאלֶען אוֹיף דֶעם שְׁטֵיין, וֶועט זִיךְ צוּ
שְׁלָאגֶען, אוּן אוֹיף וֶועמֶען עֶר וֶועט פַאלֶען וֶועט עֶר צוּ בְּרֶעקְלֶען.
19 אוּן אִין דֶער צַייט הָאבֶּען דִיא עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן סוֹפְרִים
גֶעזוּכְט צוּ לֵייגֶען אוֹיף אִיהם דִיא הֶענְד, נוּר זֵיי הָאבֶּען מוֹרָא

גֶעהַאט פַאר דֶעם פָאלְק, דֶען זֵיי הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען דָאס עֶר
20 עֶר הָאט אוֹיף זֵיי גֶעזָאגְט דֶעם מָשָׁל. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם נָאך
גֶעלוֹיעֶרְט, גֶעשִׁיקְט שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען וָועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ פָאר־
גֶעשְׁטֶעלְט גְלַייךְ וִויא זֵיי זֶענֶען פְרוּמֶע, דָאס זֵיי זָאלֶען אִיהם
חַאפֶּען מִיט עֶטְוָואס אֵיין וָוארְט, כְּדֵי מֶען זָאל אִיהם מַסֶר'ן פַאר דִיא
21 רִיכְטֶער אוּן דִיא רֶעגִירוּנְג פָאן דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר. אוּן זֵיי הָאבֶּען
אִיהם גֶעפְרֶעגְט: לֶעהְרֶער מִיר וֵוייסֶען, דָאס דוּא רֶעדֶעסְט רֶעכְט
אוּן לֶעהְרֶענְסְט, אוּן דוּא בִּיסְט נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים, אוּן דוּא לֶעהְרֶענְסְט
22 גָאטְטֶעס וֶועג מִיט וַואהְרְהֵייט. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעפְרֶעגְט: אִיז
23 עֶס אוּנְז עֶרְלוֹיבְּט צוּ גֶעבֶּען מַס דֶעם קֵיסַר, אָדֶער נִיט? עֶר הָאט
פֶערְשְׁטַאנֶען זֵייעֶרֶע רַמָאוּת, אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וָואס פְּרוּבְט אִיהר
24 מִיךְ? וֵוייזְט מִיר אֵיין דִינָר, וֶועמֶעס בִּילְד אוּן אוֹיפְשְׁרִיפְט אִיז אוֹיף
25 אִיהם? אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶעם קֵיסַרְס. אוּן עֶר הָאט זֵיי
גֶעזָאגְט: דֶערִיבֶּער גִיט דֶעם קֵיסַר וָואס דֶעם קֵיסַר גֶעהֶערְט, אוּן
26 גָאטְט וָואס צוּ גָאטְט גֶעהֶערְט. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם נִיט גֶעקָאנְט
חַאפֶּען מִיטְן וָוארְט פַאר דֶעם פָאלְק, אוּן הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוואוּנְדֶערְט
27 אוֹיף זֵיין עֶנְטְפֶער אוּן זֶענֶען אַנְשְׁוִויגֶען גֶעוָוארֶען. אוּן אֵיינִיגֶע
לֵייט פָאן דִיא צְדוּקִים, וָועלְכֶע לֵייקֶענֶען אִין תְּחִיַת הַמֵתִים, זֶענֶען
28 צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעפְרֶעגְט. לֶעהְרֶער! מֹשֶׁה
הָאט אוּנְז גֶעשְׁרִיבֶּען, דָאס וֶוען בֵּיי אֵיינֶעם שְׁטַארְבְּט אֵיין
בְּרוּדֶער, וָואס הָאט גֶעהַאט אֵיין וַוייבּ אָן קִינְדֶער, אַזוֹי דַארְף
זֵיין בְּרוּדֶער נֶעמֶען זֵיין וַוייבּ, אוּן אוֹיפְשְׁטֶעלֶען קִינְדֶער צוּ זֵיין
29 בְּרוּדֶער. עֶס זֶענֶען גֶעוֶוען זִיבֶּען בְּרִידֶער, דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט
30 גֶענוּמֶען אֵיין וַוייבּ, אוּן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אָן קִינְדֶער. דֶער
צְווייטֶער הָאט גֶענוּמֶען דִיא פְרוֹי, אוּן אִיז אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען אָן
31 קִינְדֶער. הָאט זִיא דֶער דְרִיטֶער גֶענוּמֶען, אוּן אַזוֹי אוֹיךְ אַלֶע
32 זִיבֶּען, אוּן זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען אָן קִינְדֶער. נָאךְ אַלֶעמֶען אִיז דִיא
33 פְרוֹי אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען. נוּן, וֶוען עֶס וֶועט זֵיין תְּחִיַת הַמֵתִים,
וֶועמֶעס פָאן דִיא אַלֶעמֶענְס וַוייבּ וֶועט זִיא זֵיין? דֶען זִיבֶּען הָאבֶּען
34 זִיא גֶעהַאט פַאר אֵיין וַוייבּ. יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער:
דִיא קִינְדֶער פָאן דִיזֶער וֶועלְט, נֶעמֶען וַוייבֶּער, אוּן פְרוֹיעֶן נֶעמֶען
35 מַאנֶען. דִיא אָבֶּער וָועלְכֶע זֶענֶען וֶוערְט צוּ יֶענֶער וֶועלְט צוּ

גְרייכֶען, אוּן צוּ תְּחִיַּת הַמֵּתִים: נֶהמֶען נִיט קֵיין וַוייבֶּער, אוּן נִיט
קֵיין מַאנֶען. אוֹיךְ קָאנֶען זֵיי שׁוֹין נִיט שְׁטַארְבֶּען, דֶען זֵיי וֶוענֶען 36
גְלֵייךְ צוּ מַלְאָכִים, אוּן וֶוענֶען גָאטְטֶעס קִינְדֶער, ווייל זֵיי וֶוענֶען
דִיא קִינְדֶער פָאן דֶער אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג. דָאס אָבֶּער דִיא טוֹיטֶע 37
ווֶעלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהְן הָאט אוֹיךְ מֹשֶׁה מְרַמֵּז גֶעוֶועזֶען בֵּיי דֶעם סְנֶה
(דָארֶען בּוֹים) וֶוען עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעם הֶערְרְן, גָאטְט פָאן
אַבְרָהָם, אוּן גָאטְט פָאן יִצְחָק, אוּן גָאטְט פָאן יַעֲקֹב. גָאטְט אִיז 38
נִיט אֵיין גָאטְט פָאן טוֹיטֶע, נוּר פָאן לֶעבֶּענְדִיגֶע, דֶען בֵּיי אִיהם
וֶוענֶען אַלֶע לֶעבֶּענְדִיג. עֶס הָאבֶּען אֵיינִיגֶע פָאן דִיא סוֹפְרִים 39
גֶעזָאגְט: לֶעהְרֶער! דוּא הָאסְט גוּט גֶעזָאגְט. אוּן קֵיינֶער הָאט 40
שׁוֹין נִיט גֶעוַואגְט מֶעהר צוּ פְרֶעגֶען אִיהם אִיבֶּער עֶטְוָואס. עֶר
הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וְויא אַזוֹי זָאגְט מֶען, דָאס דֶער מָשִׁיחַ אִיז 41
דָוִד'ס זָאהְן? אוּן דָוִד אַלֵיין זָאגְט אִין סֵפֶר תְּהִלִּים: גָאטְט הָאט 42
גֶעזָאגְט צוּ מֵיין הֶערְרְן, זִיץ צוּ מֵיין רֶעכְטֶען, בִּיז אִיךְ וֶועל 43
לֵייגֶען דֵיינֶע שׂוֹנְאִים אוּנְטֶער דֵיינֶע פִיס. וֶוען דָוִד רוּפְט אִיהם 44
הֶערְר, וְויא אַזוֹי אִיז עֶר זֵיין זָאהְן? אוּן וֶוען דָאס גַאנְצֶע 45
פָאלְק הָאט גֶעהֶערְט, הָאט עֶר צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט: הִיט 46
אַייךְ פַאר דִיא סוֹפְרִים, ווֶעלְכֶע לִיבֶּען צוּ גֶעהְן אִין לַאנְגֶען
טַלִית, אוּן לִיבֶּען מֶען זָאל זֵיי גֶערִיסֶען אִין דִיא מֶערְק, זִיצֶען
אוֹיבֶּען־אָן אִין דִיא שׁוּלֶען, אוּן אוֹיף דִיא מָאהלְצֵייטֶען. ווֶעלְכֶע 47
זֵייגֶען אוֹיס דִיא הֵייזֶער פָאן דִיא אַלְמָנוֹת, אוּן וֶוענֶען פָאן לֵייטֶענְס
וֶוענֶען לַאנְג מִתְפַּלֵּל, דֶערְפַאר ווֶעלֶען זֵיי מֶעהר גֶעמִשְׁפָּט ווֶערֶען.
עֶר הָאט אֵיין קוּק גֶעטָאן אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען וְויא דִיא רֵייכֶע כא
וַוארְפֶען אַרֵיין זֵייעֶרֶע נְדָבוֹת אִין קַאסְטֶען. אוֹיךְ הָאט עֶר 2
גֶעזֶעהֶען וְויא אֵיין אָרֶעמֶע אַלְמָנָה לֵייגְט אַרֵיין אַהִין צְוֵויי פְּרוּטוֹת.
אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִין אֶמֶת'ֶען זָאג אִיךְ אֵייךְ: דָאס דִיא 3
אָרֶעמֶע אַלְמָנָה הָאט מֶעהר פָאן אַלֶעמֶען אַרֵיין גֶעלֵייגְט: דֶען 4
דִיזֶע אַלֶע הָאבֶּען אַרֵיין גֶעלֵייגְט פָאן דֶעם וָואס זֵיי הָאבֶּען
אִיבֶּערִיג אֵיין נְדָבָה צוּ גָאטְט, אוּן זִיא הָאט אִיהר גַאנְצֶען פַארְמֶעגֶענְס,
וָואס זִיא הָאט גֶעהַאט, אַרֵיינְגֶעלֵייגְט. צוּ אֵיינִיגֶע וָואס 5
הָאבֶּען גֶערֶעט פָאן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, דָאס עֶר אִיז בַּאפּוּצְט
מִיט טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער אוּן מִיט מַתָּנוֹת, הָאט עֶר גֶעזָאגְט: עֶס 6

וועלֶען קוּמֶען טֶעג, אִין וועלְכֶע עֶס וועלֶען דָא אוֹיךְ נִיט אֵיין שְׁטֵיין
7 גֶעלָאזֶען וועֶרֶען, וָואס עֶס וועט נִיט צוּ וָוארְפֶּען וועֶרֶען. אוּן
זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעפְרֶעגְט: לֶעהְרֶער! ווען וועט דָאס זַיין? אוּן
8 וָואס אִיז פַאר אֵיין צֵייכֶען, ווען דָאס וועט קוּמֶען? אוּן עֶר הָאט
גֶעזָאגְט: הִיט אַייךְ, אִיהר זָאלְט נִיט אִין טָעוּת גֶעפִיהְרְט ווערֶען,
דֶען פִיל וועלֶען קוּמֶען אִין מֵיין נָאמֶען, אוּן וועלֶען זָאגֶען: אִיךְ
9 בִּין עֶס, אוּן דִיא צֵייט אִיז נָאהֶענְט, לוֹיפְט זֵיי נִיט נָאךְ. ווען
אָבֶער אִיהר וועט הֶערֶען מִלְחָמוֹת אוּן מְהוּמוֹת, אַזוֹי שְׁרֶעקְט
אַייךְ נִיט, דֶען דִיזֶעס מוּז צוּ עֶרְשְׁט קוּמֶען, נוּר נִיט בַּאלְד וועט
10 זַיין דֶער סוֹף. אוֹיף דֶערוֹיף הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט: אַיין פָאלְק
וועט אוֹיף שְׁטֶעהְן גֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען, אוּן אֵיין מְלוּכָה גֶעגֶען
11 דֶער אַנְדֶערֶער. גְרוֹיס עֶרְד צִיטֶערְנֶעט וועט זַיין אִין אֵיינִיגֶע
עֶרְטֶער, הוּנְגֶער, מַגֵפָה, אוּן שְׁרֶעקְלִיכֶע עֶרְשֵׁיינוּנְגֶען, אוּן גְרוֹיסֶע
12 צֵייכֶען פָאן דֶעם הִימֶעל וועלֶען זַיין. פְרִיהֶער פַאר דִיזֶעס אַלֶעס
וועט מֶען אוֹיף אֵייךְ דִיא הֶענְד לֵייגֶען, אוּן מֶען וועט אֵייךְ רוֹדֵף'ן,
אוּן מֶען וועט אֵייךְ אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערֶען אִין דִיא שוּלֶען אוּן דִיא
גֶעפֵיינְגְנֶעס, אוּן מֶען וועט אַייךְ פִיהְרֶען פַאר מְלָכִים אוּן
1 גוּבֶּערְנַאטָארְן וועגֶען מֵיין נָאמֶען. דָאס וועט אַייךְ זַיין פַאר אֵיין
1 עֵדוּת. דֶערִיבֶּער נֶעמְט עֶס אַייךְ צוּם הַארְצֶען, נִיט צוּ דֶענְקֶען
1 פְרִיהֶער, וָואס צוּ פַארֶענְטְפֶערֶען זִיךְ. דֶען אִיךְ ווֶעל אַייךְ גֶעבֶּען
אֵיין מוֹיל אוּן אֵיין חָכְמָה, וועלְכֶע אַלֶע אֵייעֶרֶע שוֹנְאִים וועלֶען
1 נִיט קֶענֶען אַנְטְקֶעגֶען רֶעדֶען אוּן ווִידֶערְשְׁטֶעהְן. אִיהר וועט
אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט ווערֶען דוּרְךְ אֵייעֶרֶע פָאטֶערְס, אוּן בְּרִידֶער,
1 קְרוֹבִים, אוּן פְרֵיינְד, אוּן מֶען וועט פָאן אַייךְ טוֹיטֶען. אִיהר
1 וועט גֶעהַאסְט זַיין פָאן אַלֶעמֶען צוּ לִיבּ מֵיין נָאמֶען וועגֶען. אָבֶּער
אֲפִילוּ אֵיין הָאר פָאן אֵייעֶר קָאפְּף וועט נִיט פַארְלָארֶען ווערֶען.
דוּרְךְ אֵייעֶר פֶעסְטִיגְקֵייט וועט אִיהר מַצִיל זַיין אֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת.
אוּן ווען אִיהר וועט זֶעהֶען יְרוּשָׁלַיִם אִיז אַרוּם גֶערִינְגֶעלְט מִיט
חַיִל. דַאמָאלְסְט דִיא וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ אִין יְהוּדָה לָאזֶען זֵיי
לֵייפֶען צוּ דִיא בֶּערְג, אוּן דִיא וָואס זֵיינֶען דֶערִינֶען זָאלֶען אַרוֹיס
גֶעהְן, אוּן ווער עֶס אִיז אוֹיפֶען לַאנְד זָאל נִיט אַרֵיין גֶעהְן. ווייל
דָאס זֵיינֶען טֶעג פָאן נְקָמָה, כְּדֵי עֶס זָאל דֶערְפִילְט ווערֶען אַלֶעס,

וָואס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען. וֶועה אִיז צוּ דִיא וָואס וֶוענֶען 23
מְעוּבֶּרֶת אוּן זוֹיגֶען אִין דִיא טֶעג, דֶען עֶס וֶועט זַיין אַיין
גְרוֹסֶע צָרָה אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּן אַיין צָארֶען אוֹיף דֶעם פָאלְק.
אוּן זַיי וֶועלֶען פַאלֶען פָאן שַׁארְף פָאן שְׁוֶוערְד אוּן וֶועלֶען אַוֶועק 24
גֶעפִּיהְרְט וֶוערֶען אִין גָלוּת צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער. אוּן יְרוּשָׁלַיִם
וֶועט צוּטְרֶעטֶען וֶוערֶען פָאן דִיא גוֹיִם, בִּיז דָאס דִיא צַייטֶען פָאן
דִיא גוֹיִם וֶועלֶען דֶערְפִילְט וֶוערֶען. אוּן עֶס וֶועלֶען זַיין 25
צַייכֶען אִין דֶער זָאנֶע, אוּן אִין דֶער לְבָנָה, אוּן אִין דִיא שְׁטֶערֶען,
אוּן אוֹיף דֶער עֶרְד וֶועלֶען זִיךְ דִיא פֶעלְקֶער צוּזַאמֶענְדְרֵיינְגֶען
אִין אַנְגְסְט פַאר דֶעם רוֹישֶׁען פָאן יַם מִיט זַיינֶע וֶועלֶען. מֶענְשֶׁען 26
וֶועלֶען פַארְגֶעהְן פַאר שְׁרֶעק, אוּן פַאר דִיא דֶערְוַוארְטוּנְג, וָואס
עֶס וֶועט קוּמֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט; דֶען דִיא הִימֶעלְשֶׁע כֹּחוֹת 27
וֶועלֶען דֶערְצִיטֶערְט וֶוערֶען. אוּן בַּאלְד וֶועלֶען זַיי זֶעהֶען דֶעם
בֶּן אָדָם קוּמֶען אוֹיף אַיין וָואלְקֶען מִיט גְרוֹס גְבוּרָה אוּן
הֶערְלִיכְקַייט. וֶוען דָאס וֶועט אָנְהוֹיבֶּען מְקוּיָם צוּ וֶוערֶען, 28
דַאמָאלְסְט גְלֵייכְט זִיךְ אוֹיס, אוּן הֵייבְּט אוֹיף אֵייעֶרֶע קֶעפְּף,
ווייל אֵייעֶר גְאוּלָה אִיז נָאהֶענְט. אוּן עֶר הָאט זַיי גֶעזָאגְט אַיין 29
מָשָׁל: זֶעהְט אוֹיף דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים, אוּן אוֹיף אַלֶע בּוֹימֶער. וֶוען 30
עֶס פַאנְגְט אָן צוּ שְׁפְּרָאצֶען, זֶעהְט אִיהְר אוּן פַארְשְׁטֶעהְט
שׁוֹין אַלֵיין, דָאס דֶער זוּמֶער אִיז נָאהֶענְט. אַזוֹי אוֹיךְ וֶוען אִיהְר 31
וֶועט זֶעהֶען דִיזֶעס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, ווייסְט, דָאס דָאס מַלְכוּת
הָאֱלֹהִים אִיז נָאהֶענְט. אִין אֱמֶת׳ען זָאג אִיךְ אַייךְ: דִיזֶער דוֹר 32
וֶועט נִיט פַארְגֶעהְן, בִּיז דָאס אַלֶעס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען. הִימֶעל 33
אוּן עֶרְד וֶועט פַארְגֶעהְן, נוּר מַיינֶע וֶוערְטֶער וֶועלֶען נִיט
פַארְגֶעהְן. גִיט אוֹיף זִיךְ אַלֵיין אַכְטוּנְג, דָאס אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער 34
זָאלֶען נִיט שְׁוֶוער וֶוערֶען מִיט פְרֶעסֶען אוּן זוֹיפֶען, אוּן זָארְגֶען
פַאר דֶער וֶועלְט, אוּן דֶער טָאג וֶועט אוֹיף אַייךְ פְּלוּצְלִינְג
קוּמֶען. דֶען עֶר וֶועט וִויא אַיין נֶעצְק קוּמֶען אוֹיף אַלֶע אֵיינְווָאוֹינֶער 35
פָאן דֶער גַאנְצֶען וֶועלְט. דֶערִיבֶּער וַואכְט אִין יֶעדֶער צַייט, 36
אוּן טְהוּט תְּפִלָּה, דָאס אִיהְר זָאלְט זוֹכֶה זַיין נִצוֹל צוּ וֶוערֶען
פָאן אַלֶעמֶען, וָואס וֶועט קוּמֶען אוּן צוּ שְׁטֶעהֶען פַאר דֶעם בֶּן
הָאָדָם. בַּיי טָאג הָאט עֶר גֶעלֶערֶענְט אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּן 37

בֵּיי נַאכְט אִיז עֶר אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּן אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג,
38 וָואס מֶען רוּפְט הַר הַזֵּתִים. אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פְלֶעגְט
קוּמֶען גַאנְץ פְרִיה צוּ אִיהם אִין בֵּית הַמִּקְדָשׁ, צוּ הֶערֶען אִיהם.
כב דֶער חַג הַמַּצּוֹת וָואס מֶען רוּפְט פֶּסַח הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶענְט.
2 אוּן דִיא עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן סוֹפְרִים, הָאבֶּען גֶעזוּכְט וִויא אַזוֹי
אִיהם אוּמְצוּבְּרֵיינְגֶען, וֵוייל זֵיי הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דֶעם
3 פָאלְק. אוּן דֶער שָׂטָן אִיז אַרֵיין אִין יְהוּדָה, וָואס מֶען הָאט
אִיהם גֶערוּפֶען אִישׁ קְרִיּוֹת, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם צָאהל פָאן
4 דִיא צְוֶועלְף. עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶערֶעט מִיט דִיא עֶלְסְטֶע
כֹּהֲנִים אוּן מִיט דִיא עֶלְסְטֶע, וִויא אַזוֹי עֶר זָאל זֵיי אִיהם אִיבֶּער־
5 עֶנְטְפֶערֶען. זֵיי הָאבֶּען זִיךְ דֶערְפְרֵייט, אוּן זֵיי הָאבֶּען אֵיינְגֶעוִוילִיגְט
6 אִיהם גֶעלְד צוּ גֶעבֶּען. עֶר הָאט זֵיי פֶערְשְׁפְּרָאכֶען, אוּן הָאט
גֶעזוּכְט אֵיין גֶעלֶעגֶענְהֵייט, עֶר זָאל אִיהם זֵיי אִיבֶּערְגֶעבֶּען נִיט
7 אִין דִיא אוֹיגֶען פָאן דֶעם פָאלְק. עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶער טָאג
פָאן חַג הַמַּצּוֹת, אִין וֶועלְכֶען מֶען הָאט בֶּעדַארְפְט שֶׁעכְטֶען דֶעם
8 קָרְבָּן פֶּסַח. אוּן עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט פֶּטֶר'ן אוּן יוֹחָנָן אוּן הָאט
גֶעזָאגְט: גֶעהט אוּן גְרֵייט אָן פַאר אוּנְז דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח, אוּן
9 מִיר וֶועלֶען עֶסֶען. זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: וואוּ וִוילְסְט דוּא,
10 דָאס מִיר זָאלֶען אָנְגְרֵייטֶען? עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: זֶעהט, וֶוען
אִיהר וֶועט אַרֵיין קוּמֶען אִין שְׁטָאדְט אַרֵיין, וֶועט אֵייךְ אַנְטְקֶעגֶען
קוּמֶען אֵיין מֶענְשׁ, וָואס טְרָאגְט אֵיין קְרוּג מִיט וַואסֶער, גֶעהט
11 אִיהם נָאךְ צוּ דֶעם הוֹיז וואוּ עֶר וֶועט אַרֵיין גֶעהְן. אוּן זָאגְט
צוּם בַּעַל הַבַּיִת: דֶער לֶעהְרֶער לָאזְט דִיר זָאגֶען, וואוּ אִיז דֶער
גַאסְטְצִימֶער, אִין וֶועלְכֶען אִיךְ וֶועל דָארְט עֶסֶען דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח
12 מִיט מֵיינֶע תַּלְמִידִים? אוּן עֶר וֶועט אֵייךְ וֵוייזֶען אֵיין גְרוֹיס
13 אוֹבֶּערְשְׁטוּבּ אוֹיסְגֶעפּוּצְט, דָארְטֶען גְרֵייט אָן. זֵיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
אוּן הָאבֶּען גֶעפוּנֶען, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אוּן הָאבֶּען
14 צוּגֶעגְרֵייט דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח. אוּן וֶוען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דִיא שָׁעָה,
הָאט עֶר זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּם טִישׁ אוּן דִיא צְוֶועלְף אַפָּאסְטֶעל מִיט
15 אִיהם. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ זֶעהר גֶעלוּסְט צוּ
16 צוּ עֶסֶען מִיט אֵייךְ דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח פַאר מֵיין לֵיידֶען. דֶען אִיךְ
זָאג אֵייךְ: דָאס אִיךְ וֶועל אִיהם שׁוֹין נִיט עֶסֶען בִּיז עֶר וֶועט

גֶעמַאכְט װֶערֶען אִין מַלְכוּת אֱלֹהִים. אוּן הָאט גֶענוּמֶען דֶעם 17
כּוֹס אוּן הָאט אֵיין בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן גֶעזָאגְט: נֶעמְט אִיהם אוּן
צוּטֵיילְט עֶס צְװִישֶׁען אַייךְ. דֶען אִיךְ זָאג אַייךְ: דָאס אִיךְ װֶעל 18
נִיט טְרִינְקֶען פָאן דֶער פְּרוּכְט פָאן װֵיינְשְׁטָאק בִּיז עֶס װֶעט
קוּמֶען דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים. אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען דֶעם 19
בְּרוֹיט אוּן אֵיין בְּרָכָה גֶעמַאכְט, צוּ בְּרָאכֶען, אוּן זֵיי גֶעגֶעבֶּען
אוּן גֶעזָאגְט: דָאס אִיז מֵיין לֵייבּ, װֶעלְכֶער װֶערְט פַאר אַייךְ
גֶעגֶעבֶּען, טְהוּט דָאס צוּ מֵיין אַנְדֶענְקֶען. אוּן אוֹיךְ דֶעם כּוֹס נָאךְ 20
דֶעם אָװֶענְד עֶסֶען, אוּן זָאגְט: דִיזֶער כּוֹס אִיז דֶער נַייֶער בּוּנְד
אִין מֵיין בְּלוּט, װָאס װֶערְט פַאר אַייךְ פֶערְגָאסֶען. דָאךְ 21
זֶעהט, דִיא הַאנְד פָאן דֶעם, װָאס מוֹסֵר'ט מִיךְ אִיז מִיט מִיר אוֹיף
דֶעם טִישׁ. דֶען דֶער בֶּן הָאָדָם, גֶעהט אַזוֹי װִיא עֶס אִיז מִיט 22
מִיר בֶּעשְׁטִימְט, דָאךְ װֶעה אִיז דֶעם מֶענְשֶׁען, דוּרְךְ װֶעלְכֶען עֶר
װֶעט אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ 23
פְאַרְשְׁטֶען, אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען: װֶער פָאן זֵיי זָאל דָאס זַיין,
װָאס װֶעט דָאס טָאן. עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען צְװִישֶׁען זֵיי אֵיין 24
מַחֲלוֹקֶת: װֶער פָאן זֵיי זָאל פַאר דֶעם גְרֶעסְטֶען גֶעהַאלְטֶען
װֶערֶען? עֶר אָבֶּער הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: דִיא מְלָכִים פָאן פֶעלְקֶער 25
הֶערְשֶׁען אִיבֶּער זֵיי, אוּן דִיא װֶעלְכֶע הָאבֶּען מַאכְט אִיבֶּער זֵיי
לָאזֶען זִיךְ רוּפֶען: גְנֶעדִיגֶע הֶערְרְן. אִיהר אָבֶּער נִיט אַזוֹי, נוּר 26
װֶער פָאן אַייךְ עֶס אִיז דֶער גְרֶעסְטֶער, זָאל װִיא דֶער אִינְגְסְטֶער
זַיין, אוּן דֶער עֶלְסְטֶער װִיא אֵיין דִינֶער. דֶען װֶער אִיז גְרֶעסֶער, 27
דֶער װָאס זִיצְט בֵּיים טִישׁ, אָדֶער דֶער דִינֶער? אִיז דֶען נִיט
דֶער װָאס זִיצְט בֵּיים טִישׁ? אִיךְ אָבֶּער בִּין צְװִישֶׁען אַייךְ װִיא
אֵיין דִינֶער. דָאךְ אִיהר זֶענְט דִיא װָאס אִיהר זֶענְט מִיט מִיר 28
גֶעװֶעזֶען אִין מֵיינֶע נִסְיוֹנוֹת. אוּן אִיךְ זָאג אַייךְ אָבּ, װִיא מֵיין פָאטֶער 29
הָאבּ מִיךְ אָבְּגֶעזָאגְט, אֵיין מְלוּכָה. כְּדֵי אִיהר זָאלְט עֶסֶען אוּן 30
טְרִינְקֶען אוֹיף מֵיין טִישׁ אִין מֵיין מְלוּכָה, אוּן אִיהר זָאלְט זִיצֶען
אוֹיף שְׁטוּהלֶען צוּ מִשְׁפָּטֶ'ן דִיא צְװֶעלְף שְׁבָטִים פָאן יִשְׂרָאֵל.
אוּן דֶער הֶערְר הָאט גֶעזָאגְט: שִׁמְעוֹן! שִׁמְעוֹן! װֶעה דֶער 31
שָׂטָן הָאט פֶערְלַאנְגְט, דָאס עֶר זָאל אַייךְ צוּ זַייעֶן װִיא װֵייץ.
אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעבֶּעטֶען פַאר דִיר, דָאס דֵיין אֱמוּנָה זָאל נִיט 32

אוֹיסגֶעהן; און דוּא, וֶוען דוּא וֶועסְט זִיךְ אוּמְקֶעהרֶען שְׁטַארְקֶע
33 דֵיינֶע בְּרִידֶער. עֶר הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: הֶערְר! אִיךְ בִּין
אָנְגֶעבְּרֵייט מִיט דִיר צוּ גֶעהן אִין גֶעפֶיינְגֶענֶעס, און צוּם טוֹיט.
34 און עֶר הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ זָאג דִיר פֶּטֶר, דֶער הָאן וֶועט נָאךְ
נִיט הָאבֶּען הֵיינְט גֶעקְרֵייט, אֵיידֶער דוּא וֶועסְט דְרֵייא מָאל זִיךְ
35 נִיט אָבְּלֵייקֶענֶען, דָאס דוּא וֵוייסְט מִיךְ נִיט. און הָאט זֵיי
גֶעזָאגְט: וֶוען אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעשִׁיקְט אָן רֵייזֶע בֵּייטֶעל און אָן
רֵייזֶע טַאשֶׁע, און אָן שִׁיךְ, הָאט אַייךְ עֶטְוָואס גֶעפֶעלְט? זֵיי
36 הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט קֵיין זַאךְ נִיט. און עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט:
יֶעצְט אָבֶּער וֶוער עֶס הָאט אֵיין בֵּייטֶעל דֶער זָאל אִיהם נֶעמֶען,
אוֹיךְ אֵיין טַאשֶׁע, און וֶוער עֶס הָאט נִיט קֵיין שְׁוֶוערְד זָאל עֶר
37 זֵיין קְלֵייד פַארְקוֹיפֶען און קוֹיפֶען. דֶען אִיךְ זָאג אַייךְ דָאס אוֹיף
מִיר דַארְף נָאךְ דֶערְפִילְט וֶוערְן אוֹיךְ דָאס, וָואס עֶס אִיז
גֶעשְׁרִיבֶּען: און עֶר אִיז גֶעצֵיילְט גֶעוָוארֶען מִיט דִיא פּוֹשְׁעִים,
דֶען אַלְץ וָואס עֶס אִיז אוֹיף מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען וֶוערְט
38 מְקוּיָם. זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט: הֶערְר דָא זֵיינֶען צְוֵוייא שְׁוֶוערְדֶען, עֶר
39 הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: גֶענוּג. עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, און אִיז
גֶעגַאנְגֶען וִויא גֶעוֶועהנְלִיךְ, אוֹיף דֶעם הַר הַזֵּתִים, און דִיא
40 תַּלְמִידִים זֶענֶען אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען. און וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
אוֹיף דֶעם אָרְט, הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט: זֵייט מִתְפַּלֵּל, דָאס אִיהר
41 זָאלְט נִיט קוּמֶען צוּ קֵיין נִסָּיוֹן. און עֶר אַלֵיין אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען.
פָאן זֵיי, אַזוֹי וֵוייט וִויא מֶען קֶען וַוארְפֶען מִיט אֵיין שְׁטֵיין, און
42 הָאט גֶעבּוֹיגֶען דִיא קְנִי, און הָאט מִתְפַּלֵּל גֶעוֶועזְן. און גֶעזָאגְט,
פָּאטֶער! וֶוען דוּא ווִילְסְט נֶעם דִיזֶען כּוֹס אַוֶועק פָאן מִיר, דָאךְ
43 נִיט מֵיין ווִילֶען, נוּר דֵיין ווִילֶען זָאל גֶעשֶׁעהֶען. אֵיין מַלְאָךְ פָאן
הִימֶעל אָבֶּער הָאט זִיךְ אִיהם בַּאוִויזֶען, און הָאט אִיהם גֶעשְׁטַארְקְט.
44 און וֶוען עֶר הָאט זִיךְ גֶערַאנְגֶעלְט מִיטְן טוֹיט, הָאט עֶר נָאךְ
שְׁטַארְקֶער מִתְפַּלֵּל גֶעוֶועזְן, און זֵיין שְׁוֵייס אִיז וִויא טְרָאפֶּען
45 בְּלוּט אוֹיף דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען. און עֶר אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען
פָאן דֶער תְּפִלָּה, און אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא תַּלְמִידִים, און הָאט
46 זֵיי גֶעפוּנֶען שְׁלָאפֶענְדִיג פַאר טְרוֹיעֶר. און עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט:
פַארְוָואס שְׁלָאפְט אִיהר? שְׁטֶעהט אוֹיף, און טְהוּט תְּפִלָּה, דָאס

47 אִיהר זָאלְט נִיט קוּמֶען צוּ קֵיין נִסָיוֹן. ווֶען עֶר הָאט נָאךְ
דָאס גֶעזָאגְט: זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען דָאס פָאלְק, אוּן פָאר זֵיי אִיז
גֶעגַאנְגֶען אֵיינֶער פָאן דִיא צְווֶעלְף, וָואס מֶען הָאט אִיהם גֶערוּפֶען
יְהוּדָה, אוּן עֶר אִיז צוּ גֶעגַאנְגֶען צוּ יֵשׁוּעַ'ן עֶר זָאל אִיהם אֵיין
קוּס טָאן. דֶען עֶר הָאט זֵיי דֶעם צֵייכֶען גֶעגֶעבֶען, ווֶעלְכֶען אִיךְ
48 ווֶעל אֵיין קוּס טָאן, דֶער אִיז עֶר. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט:
יְהוּדָה מִיט אֵיין קוּס עֶנְטְפֶערְסְט דוּא אִיבֶּער דֶעם בֶּן הָאָדָם?
49 דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהם גֶעווֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואס דָא ווִיל
ווֶערֶען, אוּן הָאבֶּען צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: הֶערְר! זָאלֶען מִיר שְׁלָאגֶען
50 מִיט דֶעם שְׁווֶערְד? אוּן אֵיינֶער פָאן זֵיי הָאט אֵיין ווֶעק גֶעגֶעבֶּען
דֶעם קְנֶעכְט פָאן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּן הָאט אִיהם אָבְּגֶעהַאקְט
51 זֵיין רֶעכְטֶען אוֹיעֶר. יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט: לָאז
אָב, אוּן עֶר הָאט אָנְגֶערִיהְרְט זֵיין אוֹיעֶר, אוּן הָאט אִיהם אוֹיס
52 גֶעהֵיילְט. יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים, אוּן צוּ דִיא
עֶלְטְסְטֶע פָאן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּן צוּ דִיא זְקֵנִים, וָואס הָאבֶּען
זִיךְ אַרוּם אִיהם פַארְזַאמֶעלְט: גְלֵייךְ ווִיא אוֹיף אֵיין רוֹיבֶּער זֶענְט
אִיהר אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען מִיט שְׁווֶערְדֶען אוּן שְׁטֶעקֶענְס אִיהר זָאלְט
53 מִיךְ נֶעהְמֶען. אַלֶע טָאג בִּין אִיךְ גֶעווֶען מִיט אַייךְ אִין בֵּית
הַמִקְדָשׁ, אוּן אִיהר הָאט אוֹיף מִיר נִיט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִיא הַאנְד,
נוּר יֶעצְט אִיז אֵייעֶר שְׁטוּנְדֶע אוּן דִיא מַאכְט פָאן דֶער פִינְסְטֶערְנֶעס.
54 זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶענוּמֶען גֶעפִיהְרְט אוּן גֶעבְּרַאכְט צוּם כֹּהֵן
55 גָדוֹל'ס הוֹיז, פֶּטֶר אִיז פָאן ווַייטֶען נָאךְ גֶעגַאנְגֶען. זֵיי הָאבֶּען
גֶעמַאכְט אֵיין פֵייעֶר אִין מִיטֶען פָאן הוֹיף, אוּן הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶען
56 גֶעזֶעצְט, פֶּטֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעזֶעצְט צְווִישֶׁען זֵיי. אֵיין דִינְסְט
הָאט אִיהם גֶעזֶעהֶען זִיצֶענְדִיג בֵּיים פֵייעֶר, זִיא הָאט זִיךְ אֵיינְגֶעקוּקְט
אוֹיף אִיהם, אוּן הָאט גֶעזָאגְט: דֶער אִיז אוֹיךְ גֶעווֶען מִיט אִיהם.
57 עֶר אָבֶּער הָאט זִיךְ אָבְּגֶעלֵייקֶענְט פָאן אִיהם, אוּן גֶעזָאגְט דֶער
58 ווַייבּ: אִיךְ קֶען אִיהם נִיט. בַּאלְד נָאךְ דֶעם הָאט אֵיין אַנְדֶערֶער
אִיהם גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעזָאגְט: דוּא בִּיסְט אוֹיךְ פָאן זֵיי, פֶּטֶר הָאט
59 גֶעזָאגְט דֶעם מֶענְשֶׁען, אִיךְ בִּין עֶס נִיט. אִין אֵיין שָׁעָה אַרוּם
הָאט נָאךְ אֵיינֶער מִיט גֶעווִיסְהֵייט גֶעזָאגְט: אִין אֱמֶת'ֶען אִיז דִיזֶער
60 אוֹיךְ גֶעווֶען מִיט אִיהם, דֶען עֶר אִיז אוֹיךְ פָאן גָלִיל. נוּר פֶּטֶר

הָאט גֶעזָאגְט׃ אִיךְ װײס נִיט װָאס דוּא רֶעדֶעסְט. אוּן בַּאלְד װִיא
61 עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט הָאט דֶער הָאן אַײן קְרֵײ גֶעטָאן. אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן הָאט אוֹיף פֶּטְר'ן אַײן קוּק גֶעטָאן, אוּן
פֶּטְר הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט פָאן דֶעם הֶערְרְנְס װָארְט, װָאס עֶר
הָאט אִיהם גֶעזָאגְט׃ אֵײדֶער דֶער הָאן װֶעט קְרֵײעֶן װֶעסְט דוּא
62 זִיךְ דְרֵײ מָאל פָאן מִיר אָבְּלֵײקֶענֶען. אוּן אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען,
63 אוּן הָאט בִּיטֶער גֶעװֵײנְט. דִיא מֶענְשֶׁען װָאס הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען
64 יֵשׁוּעַ'ן הָאבֶּען אִיבֶּער אִיהם גֶעשְׁפָּאטֶעט, אוּן גֶעשְׁלָאגֶען. זֵײ
הָאבֶּען אִיהם פַארְדֶעקְט אוּן גֶעשְׁלָאגֶען אוֹיף דֶעם פָּנִים, אוּן אִיהם
65 גֶעפְרֶעגְט׃ זָאג נְבִיאוּת װֶער הָאט דִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען. אוּן נָאךְ פִילֶע
66 אַנְדֶערֶע לֶעסְטֶערוּנְג הָאבֶּען זֵײ גֶעגֶען אִיהם גֶערֶעט. אוּן װֶען
עֶס אִיז טָאג גֶעװָארֶען, הָאבֶּען זִיךְ פַארְזַאמֶעלְט דִיא זְקֵנִים פָאן
דֶעם פָאלְק, דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים, אוּן סוֹפְרִים, אוּן הָאבֶּען אִיהם
67 גֶעפִיהְרְט צוּ זֵײעֶרֶע סַנְהֶדְרִין. אוּן זֵײ הָאבֶּען גֶעזָאגְט׃ בִּיסְט
דוּא דֶער מָשִׁיחַ זָאג אוּנְז? עֶר הָאט זֵײ גֶעזָאגְט׃ װֶען אִיךְ װֶעל
68 אַײךְ זָאגֶען װֶעט אִיהר נִיט גְלוֹיבֶּען. אוּן װֶען אִיךְ װֶעל אַײךְ
פְרֶעגֶען, װֶעט אִיהר מִיךְ נִיט עֶנְטְפֶערֶען אוּן װֶעט מִיךְ נִיט
69 אָבְּלָאזֶען. פָאן נוּן אָן װֶעט דֶער בֶּן אָדָם זִיךְ זֶעצֶען צוּ דֶער
70 רֶעכְטֶער הַאנְד פָאן דֶער גְבוּרָה. אוּן אַלֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט׃ װֶען
אַזוֹי בִּיסְט דוּא דֶער בֶּן אֱלֹהִים? עֶר הָאט זֵײ גֶעעֶנְטְפֶערְט׃ אִיהר
71 זָאגְט דָאס, דָאס אִיךְ בִּין עֶס. זֵײ הָאבֶּען גֶעזָאגְט׃ װָאס נָאךְ פַאר
אַײן עֵדוּת דַארְפֶען מִיר? מִיר הָאבֶּען אַלֵײן גֶעהֶערְט פָאן זֵײן מוֹיל.
כג אוּן זֵײעֶר גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאבֶּען
2 אִיהם גֶעפִיהְרְט צוּ פִּילַטוּס'ן. אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהם צוּ
פַארְקְלָאגֶען, אוּן גֶעזָאגְט׃ מִיר הָאבֶּען גֶעפוּנֶען, דָאס עֶר פַארְפִיהְרְט
אוּנְזֶער פָאלְק, אוּן לָאזְט אוּנְז נִיט גֶעבֶּען קֵײן מַס דֶעם קֵיסַר, עֶר
3 זָאגְט׃ דָאס עֶר אִיז דֶער מֶלֶךְ הַמָּשִׁיחַ. פִּילַטוּס פְרֶעגְט אִיהם,
בִּיסְט דוּא דֶער קֶענִיג פָאן דִיא אִידֶען? עֶר הָאט אִיהם גֶעזָאגְט
4 אַײן עֶנְטְפֶער׃ דוּא זָאגְסְט עֶס. פִּילַטוּס הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן צוּם פָאלְק׃ אִיךְ גֶעפִין נִיט קֵײן שוּם שוּלְד
5 אִין דִיזֶען מֶענְשֶׁען. זֵײ אָבֶּער הָאבֶּען נָאךְ מֶעהר בֶּעהוֹיפְּטֶעט
אוּן גֶעזָאגְט׃ דָאס עֶר הֶעצְט אוֹיף דָאס פָאלְק מִיט זֵײן לֶעהְרֶע

אִין גַאנְץ יְהוּדָה, עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פָאן גָלִיל בִּיז אִין דֶעם
6 אָרְט. פִּילַטוּס הָאט דֶערְהֶערְט דֶעם נָאמֶען גָלִיל, הָאט עֶר
7 גֶעפְרֶעגְט, אִיז עֶר דֶען פָאן גָלִיל? אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעוָואר
גֶעוָוארֶען, דָאס עֶר אִיז פָאן הוֹרְדוֹס'עס מֶמְשָׁלָה: הָאט עֶר אִיהם
גֶעשִׁיקְט צוּ הוֹרְדוֹס'ן, וֶועלְכֶער אִיז אִין יֶענֶע טֶעג אוֹיךְ גֶעוֶוען אִין
8 יְרוּשָׁלַיִם. הוֹרְדוֹס הָאט דֶערְזֶעהֶען יֵשׁוּעַ'ן, הָאט אִיהם זֶעהר
גֶעפְרֵייט, דֶען עֶר הָאט אִיהם שׁוֹין לַאנְג גֶעוָואלְט זֶעהֶען, ווייל
עֶר הָאט פִיל גֶעהֶערְט וֶועגֶען אִיהם, אוּן הָאט גֶעהָאפְט צוּ זֶעהֶען
9 פָאן אִיהם עֶטְוָואס אֵיין ווּאוּנְדֶער. אוּן עֶר הָאט אִיהם פָארְגֶעלֵייגְט
10 פִיל שַׁאֲלוֹת, נוּר עֶר הָאט אִיהם גָאר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט: דִיא
עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן דִיא סוֹפְרִים זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאבֶּען אִיהם
11 שְׁטַארְק פַארְקְלָאגְט. הוֹרְדוֹס מִיט זֵיינֶע בַּאגְלֵייטֶער, הָאבֶּען
אִיבֶּער אִיהם גֶעשְׁפָּאטֶעט אוּן גֶעלַאכְט, אוּן הָאט אִיהם
אָנְגֶעקְלֵיידֶעט אִין אֵיין פְּרֶעכְטִיגֶעם קְלֵייד, אוּן הָאט אִיהם
12 צוּרִיק גֶעשִׁיקְט צוּ פִּילַטוּס'ן. אִין דֶעם טָאג אִיז פִּילַטוּס מִיט
הוֹרְדוֹס'ן מִיט אֵיינַאנְדֶער גוּטֶע פְרֵיינְד גֶעוָוארֶען, דֶען פְרִיהֶער
13 אִיז גֶעוֶוען אֵיין שִׂנְאָה צְוִוישֶׁען זֵיי. פִּילַטוּס הָאט צוּנוֹיף
גֶערוּפֶען דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אוּן דָאס פָאלְק.
14 אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִיהר הָאט צוּ מִיר גֶעבְּרַאכְט דִיזֶען מֶענְשֶׁען,
וִויא אֵיינֶעם וָואס עֶר פַארְפִיהְרְט דָאס פָאלְק, אוּן נוּן, אִיךְ הָאבּ
פַאר אַייךְ חוֹקֵר וְדוֹרֵשׁ גֶעוֶוען, אוּן הָאבּ דֶעם מֶענְשֶׁען נִיט
גֶעפוּנֶען שׁוּלְדִיג אִין קֵיין זַאךְ וֶועלְכֶע אִיהר הָאט אִיהם פַארְקְלָאגְט.
15 אוּן הוֹרְדוֹס אוֹיךְ נִיט, דֶען אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעשִׁיקְט צוּ אִיהם,
אוּן עֶס אִיז נִיט גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף אִיהם קֵיין שׁוּלְד, פַאר וָואס
16 עֶר זָאל גֶעטוֹיטֶעט וֶוערֶען. דֶערִיבֶּער וֶועל אִיךְ אִיהם בֶּעשְׁטְרָאפֶען,
17 אוּן וֶועל אִיהם בֶּעפְרֵייעֶן. אוּן עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט זֵיי בֶּעפְרֵייעֶן
18 אֵיין מֶענְשֶׁען אוֹיף יוֹם טוֹב. אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁרֵייעֶן: אַוֶועק מִיט דִיזֶען, אוּן לָאז אוּנְז פְרֵיי בַּר
19 אַבָּא'ן. בַּר אַבָּא אִיז אַרֵיין גֶעזֶעצְט גֶעוָוארֶען אִין גֶעפֵיינְגְנֶעם
פַאר אֵיין מְרִידָה, וָואס אִיז גֶעוֶוען אִין שְׁטָאדְט, אוּן פַאר אֵיין
20 רְצִיחָה. פִּילַטוּס הָאט נָאךְ אֵיין מָאל זֵיין קוֹל אוֹיף גֶעהוֹיבֶּען,
21 ווייל עֶר הָאט גֶעוָואלְט אָבּ לָאזֶען יֵשׁוּעַ'ן. אוּן זֵיי הָאבֶּען

22 גֶעשְׂרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט: קְרֵייצִיגֶע, קְרֵייצִיגֶע אִיהם. עֶר הָאט
צוּם דְרִיטֶען מָאל זֵיי גֶעזָאגְט: וָואס פַאר אֵיין רָעָה הָאט עֶר דֶען
גֶעטָאן? אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט גֶעפוּנֶען אִין אִיהם קֵיין שׁוּלְד פַאר
וָואס עֶר זָאל גֶעטוֹיטֶעט ווֶערֶען, אִיךְ ווֶעל אִיהם בֶּעשְׁטְרָאפֶען
23 אוּן ווֶעל אִיהם אָבְּלָאזֶען. זֵיי אָבֶּער הָאבֶּען מִיט אֵיין שְׁטַארְקֶען
גֶעשְׁרֵיי גֶעפָאדֶערְט, דָאס עֶר זָאל גֶעקְרֵייצִיגְט ווֶערֶען. אוּן זֵייעֶר
קוֹל, אוּן דֶער קוֹל פָאן דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען בֵּייגֶעקוּמֶען.
24 אוּן פִּילַטוּס הָאט גוֹזֵר גֶעוֶועזֶען, דָאס זֵייעֶר בַּקָשָׁה זָאל גֶעטָאן
25 ווֶערֶען. אוּן עֶר הָאט זֵיי אָבְּגֶעלָאזֶען דֶעם, וָואס עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
אַרֵיינְגֶעזֶעצְט אִין גֶעפֵיינְגֶענֶעס פַאר מְרִידָה אוּן רְצִיחָה, ווֶעלְכֶען
זֵיי הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען, אוּן יְשׁוּעַ'ן הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען נָאךְ
26 זֵייעֶרְן ווִילֶען. אוּן ווֶען מֶען הָאט אִיהם גֶעפִיהְרְט, אַזוֹי
הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעכַאפְּט אֵיין שִׁמְעוֹן פָאן קוֹרִינִי, וָואס עֶר אִיז
גֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם פֶעלְד, אוּן הָאבֶּען אוֹיף אִיהם אַרוֹיף גֶעלֵייגְט
27 דֶעם קְרֵייץ עֶר זָאל אִיהם טְרָאגֶען הִינְטֶער יְשׁוּעַ'ן. אוּן עֶס אִיז
אִיהם נָאךְ גֶעגַאנְגֶען אֵיין גְרוֹיסֶער סַךְ פָאלְק, אוּן פְרוֹיעֶן, ווֶעלְכֶע
28 הָאבֶּען גֶעווֵיינְט אוּן גֶעקְלָאגְט אוֹיף אִיהם. יְשׁוּעַ הָאט זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ זֵיי, אוּן הָאט גֶעזָאגְט: טֶעכְטֶער פָאן יְרוּשָׁלַיִם,
ווֵיינְט נִיט אוֹיף מִיר, נוּר ווֵיינְט אוֹיף אֵייךְ, אוּן אוֹיף אֵייעֶרֶע
29 קִינְדֶער. דֶען עֶס קוּמֶען אַזֶעלְכֶע טֶעג, אִין ווֶעלְכֶע מֶען ווֶעט
זָאגֶען: גְלִיקְלִיךְ זֶענֶען דִיא עֲקָרוֹת, אוּן דִיא לֵייבֶּער, וָואס הָאבֶּען
נִיט גֶעבָּארֶען, אוּן דִיא בְּרִיסְט וָואס מֶען הָאט זֵיי נִיט גֶעזוֹיגֶען.
30 דַאמָאלְסְט ווֶעט מֶען אָנְהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען צוּ דִיא בֶּערְג: פַאלְט
31 אִיבֶּער אוּנְז, אוּן צוּ דִיא בֶּערְגְלַאךְ דֶעקְט אוּנְז צוּ. דֶען ווֶען מִיט
דֶעם גְרִינֶעם הָאלְץ טְהוּט מֶען אַזוֹי, ווִיא אַזוֹי ווֶעט שׁוֹין זֵיין מִיט
32 דֶעם טְרוּקֶענֶעם. זֵיי הָאבֶּען מִיט אִיהם גֶעפִיהְרְט צוּ טוֹיטֶען
33 אוֹיךְ צְווֵיי מֶענְשֶׁען רְשָׁעִים. אוּן ווֶען זֵיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף
דֶעם אָרְט, וָואס מֶען רוּפְט שֵׁייטֶעל פְּלַאץ, הָאבֶּען זֵיי אִיהם
דָארְט גֶעקְרֵייצִיגְט, אוּן דִיא רְשָׁעִים: אֵיינֶעם צוּ דֶער רֶעכְטֶער
34 זַייט, אוּן דֶעם אַנְדֶערֶען צוּ דֶער לִינְקֶער. אוּן יְשׁוּעַ הָאט
גֶעזָאגְט: פָאטֶער! זַיי זֵיי מוֹחֵל, דֶען זֵיי ווַייסֶען נִיט וָואס זֵיי טְהוּעֶן.
אוּן זֵיי הָאבֶּען צוּטְהֵיילְט זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּן גֶעוָוארְפֶען גוֹרָל.

35 און דָאס פָאלְק אִיז גֶעשְׁטַאנֶען און הָאט גֶעזֶעהֶען, און אוֹיךְ
דִיא עֶלְסְטֶע הָאבֶּען מִיט זֵייא אִיבֶּער אִיהם גֶעלַאכְט און הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: אַנְדֶערֶע הָאט עֶר גֶעהָאלְפֶען, לָאז עֶר זִיךְ אַלֵיין הֶעלְפֶען
אוֹיבּ עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ, דֶער אוֹיסְדֶערְוֶוויילְטֶער פָאן גָאטְט.
36 אוֹיךְ דִיא סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען אִיבֶּער אִיהם גֶעשְׁפָּאט, און זֶענֶען
37 צוּ גֶעגַאנְגֶען, און הָאבֶּען אִיהם צוּ גֶעבְּרַאכְט עֶסִיג. און הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: אוֹיבּ דוּא בִּיסְט דֶער קֶענִיג פָאן דִיא אִידֶען? הֶעלְף דִיר
38 אַלֵיין. און אִיבֶּער אִיהם אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַיין אוֹיפְשְׁרִיפְט,
וֶועלְכֶע אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט גְרִיכִישֶׁע, רוֹימִישֶׁע, און הֶעבְּרֶעאִישֶׁע
39 אוֹתִיוֹת: דִיזֶער אִיז דֶער קֶענִיג פָאן דִיא אִידֶען. אֵיינֶער פָאן
דִיא גֶעהַאנְגֶענֶע רְשָׁעִים הָאט אִיהם גֶעלֶעסְטֶערְט און הָאט
40 גֶעזָאגְט: אוֹיבּ דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ? הֶעלְף דִיךְ און אוּנְז. דֶער
אַנְדֶערֶער הָאט אוֹיף אִיהם אָנְגֶעשְׁרִיגֶען און גֶעזָאגְט: הָאסְט דוּא
נִיט מוֹרָא פַאר גָאטְט, וֶוען דוּא בִּיסְט אִין דֶעם זֶעלְבֶּען שְׁטְרָאף?
41 און מִיר זֶענֶען אִין אִיהם מִיט רֶעכְט, וְוִיא אַזוֹי מִיר הָאבֶּען
פֶערְדִינְט דוּרְךְ אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים, אָבֶּער דֶער הָאט קֵיין שׁוּם
42 שְׁלֶעכְטְס נִיט גֶעטָאן. און עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ'ן: הֶערְר,
43 גֶעדֶענְק מִיךְ וֶוען דוּא וֶועסְט קוּמֶען אִין דֵיין מְלוּכָה. און יֵשׁוּעַ
הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אִין אֶמֶת'ֶען זָאג אִיךְ דִיר: הַיינְט וֶועסְט דוּא
44 זַיין מִיט מִיר אִין גַן עֵדֶן. עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער זֶעכְסְטֶער
שָׁעָה פָאן דֶעם טָאג און עֶס אִיז פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶעם
45 גַאנְצֶען לַאנְד, בִּיז דֶער נֵיינְטֶער שָׁעָה. און דִיא זָאנְגֶע אִיז דוּנְקֶעל
גֶעוָוארֶען, און דֶער פָּרוֹכֶת אִין דֶעם הֵיכָל אִיז אִין דֶער מִיטֶען
46 צוּרִיסֶען גֶעוָוארֶען. יֵשׁוּעַ הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַיין הוֹיכֶען קוֹל,
אָבִי! בְּיָדְךָ אַפְקִיד רוּחִי, (אִין דֵיין הַאנְד בַּאפֶעהל אִיךְ מֵיין
גֵייסְט). און וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אִיז עֶר אוֹיס גֶעגַאנְגֶען.
47 וֶוען דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט גֶעזֶעהֶען וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען;
הָאט עֶר גֶעלוֹיבְּט גָאטְט, און גֶעזָאגְט: אֶמֶת דֶער מֶענְשׁ אִיז אַיין
48 צַדִיק גֶעוֶועזֶען. און דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס הָאט זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט
צוּ זֶעהֶען עֶס, וֶוען זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַלֶעס וָואס עֶס אִיז
גֶעשֶׁעהֶען, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען אִין הַארְצֶען, און הָאבֶּען זִיךְ
49 אוּמְגֶעקֶעהְרְט. און אַלֶע זֵיינֶע בֶּעקַאנְטֶע, אוֹיךְ דִיא פְרוֹיעֶן, וָואס

וָוענֶען אִיהם פָאן גָלִיל נָאךְ גֶעגַאנְגֶען, זָענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פָאן וַוייטֶענְס,
50 אוּן הָאבֶּען דָאס צוּגֶעזֶעהֶען. אוּן נוּן, אַיין מַאן, מִיטֶען נָאמֶען
יוֹסֵף, אַיינֶער פָאן דִיא בַּעֲלֵי יוֹעֲצִים, אַיין גוּטֶער מֶענְשׁ אוּן אַיין
51 צַדִיק. (עֶר הָאט נִיט קֵיין טֵייל גֶענוּמֶען אִין זֵייעֶר עֵצָה אוּן זֵייעֶר
טְהוּאוּנְג) פָאן רָמָתַיִם, אַיין אִידֶעשֶׁע שְׁטָאדְט, וָועלְכֶער הָאט אוֹיךְ
52 גֶעוַוארְטֶעט אוֹיף דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים. עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ
53 פִּילַטוּס'ן אוּן הָאט גֶעבֶּעטֶען יֵשׁוּעַ'ס גוּף. אוּן עֶר הָאט אִיהם
אַרָאבְּגֶענוּמֶען, אוּן הָאט אִיהם אַיינְגֶעוִויקֶעלְט אִין אַיין לֵיוָוענְט,
אוּן הָאט אִיהם גֶעלֵייגְט אִין אַיין קֵבֶר, וָואס אִיז גֶעוֶוען אוֹיס
54 גֶעהַאקְט, וואוּ קֵיינֶער אִיז נָאךְ אִין אִיהם נִיט גֶעלֶעגֶען. דֶער טָאג
55 אִיז גֶעוֶוען עֶרֶב שַׁבָּת, אוּן דֶער שַׁבָּת אִיז אָנְגֶעקוּמֶען. אִיהם זָענֶען
נָאךְ גֶעגַאנְגֶען פָאן דִיא פְרוֹיעֶן, וֶועלְכֶע זָענֶען מִיט אִיהם גֶעקוּמֶען
פָאן גָלִיל, אוּן הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם קֵבֶר, אוּן וואוּ מֶען הָאט אִין
56 אִיהם גֶעלֵייגְט זֵיין גוּף. אוּן נָאךְ דֶעם, וֶוען זֵיי הָאבֶּען זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט, הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעגְרֵייט בְּשָׂמִים אוּן זַאלְבֶּען. אוּן
שַׁבָּת הָאבֶּען זֵיי גֶערוּהְט וִויא דָאס גֶעבָּאט.

כד אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פָאן דֶער וָואךְ זֶעהר פְרִיה זָענֶען זֵיי
גֶעקוּמֶען צוּם קֵבֶר, אוּן הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דִיא בְּשָׂמִים, וָואס זֵיי
2 הָאבֶּען אָנְגֶעגְרֵייט, אוּן מִיט זֵיי אוֹיךְ אַנְדֶערֶע. זֵיי הָאבֶּען גֶעפוּנֶען
3 דֶעם שְׁטֵיין אַוֶועק גֶעקֵייקֶעלְט פָאן דֶעם קֵבֶר. אוּן זֵיי זָענֶען
אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען דֶען גוּף פָאן דֶעם הֶערְרְן
4 יֵשׁוּעַ. וֶוען זֵיי זָענֶען גֶעוֶוען אִין פַארְוואוּנְדֶערוּנְג אִיבֶּער דֶער זַאךְ,
אוּן נוּן, צְוֵויי מֶענְנֶער שְׁטֶעהֶען פַאר זֵיי, אוּן זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער
5 הָאבֶּען גֶעשַׁיינְט. אוּן וִויא זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁרָאקֶען אוּן זֵיי הָאבֶּען
זֵייעֶר פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד גֶענֵייגְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי צוּ זֵיי גֶעזָאגְט:
6 וָואס זוּכְט אִיהר דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען צְווִישֶׁען דִיא טוֹיטֶע. עֶר אִיז
נִיט דָא, נוּר עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען: דֶערְמָאנְט אַייךְ וָואס עֶר
7 הָאט אַייךְ גֶעזָאגְט, וֶוען עֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶוען אִין גָלִיל. עֶר הָאט
גֶעזָאגְט: דָאס דֶער בֶּן אָדָם דַארְף אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט וֶוערֶען אִין
דִיא הֶענְד פָאן זִינְדִיגֶע מֶענְשֶׁען, אוּן גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען, אוּן
8 אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר אוֹיף שְׁטֶעהְן. אוּן זֵיי הָאבֶּען
9 זִיךְ דֶערְמָאנְט אָן זֵיינֶע וֶוערְטֶער. אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען זִיךְ

אוּמְגֶעקֶעהרְט פָאן דֶעם קֵבֶר, הָאבֶּען זֵיי אַלֶעס דֶערְצֵיילְט צוּ
10 דִיא עֶלְף, אוּן צוּ דִיא אִיבֶּערִיגֶע. דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ
דִיא שְׁלִיחִים דִיזֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען גֶעוֶוען: מִרְיָם פָאן מַגְדַלָה,
יוֹחָנָה אוּן מִרְיָם יַעֲקֹב׳ס מוּטֶער, אוּן דִיא אִיבֶּערִיגֶע, וָואס זֶענֶען
11 גֶעוֶוען מִיט זֵיי. אוּן זֵייעֶרֶע רֶעד זֶענֶען בֵּיי זֵיי גֶעוֶוען וִויא אֵיינֶע
12 פַּאבֶּעל, אוּן הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעגְלוֹיבְּט. אוּן פֶּטֶר אִיז
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז גֶעלָאפֶען צוּם קֵבֶר, אוּן הָאט זִיךְ
אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען אוּן הָאט דָארְטֶען גֶעזֶעהֶען נוּר לִיגֶענְדִיג דִיא
תַּכְרִיכִים, אוּן אִיז צוּרִיק גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט בֵּיי זִיךְ אַלֵיין זִיךְ
13 גֶעוואוּנְדֶערְט אוֹיף דֶעם וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען. אִין דֶעם
זֶעלְבֶּען טָאג זֶענֶען צְוֵויי פָאן זֵיי גֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין דָארְף, וָואס
גֶעפִינְט זִיךְ זֶעכְצִיג סְטַאדְיֶען וֵוייט פָאן יְרוּשָׁלַיִם, וָואס מֶען הָאט
14 אִיהם גֶערוּפֶען עַמָאוּס. אוּן זֵיי הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ אִיבֶּערְגֶערֶעט
15 וֶועגֶען דִיא אַלֶע טְרֶעפוּנְגֶען. אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ
גֶערֶעט, אוּן זִיךְ אִיבֶּערְגֶעלֵייגְט, אִיז יֵשׁוּעַ אוֹיךְ צוּ גֶעקוּמֶען אוּן
16 אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט זֵיי. זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶענֶען פַארְשְׁטֶעלְט
17 גֶעוֶוען, אוּן הָאבֶּען אִיהם נִיט דֶערְקָאנְט. אוּן עֶר הָאט צוּ זֵיי
גֶעזָאגְט: וָואס אִיז דָאס פַאר זַאכֶען, וָואס אִיהר רֶעט אוּן
אִיבֶּערְלֵייגְט זִיךְ וֶועגֶען זֵיי אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערֶען, וֶוען אִיהר
18 גֶעהט, אוּן אֵייעֶר פָּנִים זֶעהט שְׁלֶעכְט אוֹיס? אֵיינֶער פָאן זֵיי, מִיט
דֶעם נָאמֶען קְלִיוֹפָּס הָאט אִיהם גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער, בִּיסְט דוּא
דֶער אֵיינְצִיגֶער, וֶועלְכֶער אִין יְרוּשָׁלַיִם אִיז אוּן הָאסְט נִיט
דֶערְפַאהרֶען פָאן דֶעם, וָואס עֶס אִיז אִין דִיזֶע טֶעג גֶעשֶׁעהֶען?
19 אוּן עֶר זָאגְט צוּ זֵיי: וָואס פַאר אֵיין זַאךְ? זֵיי הָאבֶּען אִיהם
גֶעזָאגְט: וָואס עֶס אִיז גֶעוֶוען מִיט יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי, וֶועלְכֶער אִיז
גֶעוֶוען אֵיין נָבִיא, אֵיין גִבּוֹר אִין טָאן אוּן אִין וָוארְט פַאר גָאטְט,
20 אוּן פַאר דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק. וִויא אוּנְזֶערֶע עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן
זְקֵנִים הָאבֶּען אִיהם אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט מֶען זָאל אִיהם מִשְׁפָּט׳ן
21 צוּם טוֹיט, אוּן מֶען הָאט אִיהם גֶעקְרֵייצִיגְט. אוּן מִיר הָאבֶּען
גֶעהָאפְט, דָאס עֶר אִיז דֶער וֶועלְכֶער דַארְף אוֹיס לֵייזֶען יִשְׂרָאֵל,
אוּן עֶס אִיז אִיבֶּער אַלְץ הֵיינְט דֶער דְרִיטֶער טָאג זִינְט דָאס אִיז
22 גֶעשֶׁעהֶען. נוּר אוֹיךְ אֵיינִיגֶע פְרוֹיעֶן פָאן אוּנְזֶערֶע, הָאבֶּען אוּנְז

23 אִיבֶּער גֶעשְׁרָאקֶען, זַיי זֶענֶען גֶעוועֶן גַאנְץ פְרִיה בַּיים קֶבֶר. אוּן
הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען זַיין גוּף אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען
דֶערְצֵיילְט, דָאס זַיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַיין גֶעזִיכְט פָאן מַלְאָכִים,
24 ווֶעלְכֶע זָאגֶען: עֶר לֶעבְּט. אוּן אֵיינִיגֶע פָאן אוּנְז זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
צוּם קֶבֶר, אוּן הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אַזוֹי ווִיא דִיא פְרוֹיעֶן הָאבֶּען
25 גֶעזָאגְט, נוּר אִיהם הָאבֶּען זַיי נִיט גֶעזֶעהֶען. אוּן עֶר הָאט זַיי
גֶעזָאגְט: אָה! אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע, אוּן שְׁווֶערְהֶערְצִיגֶע נִיט צוּגְלוֹיבֶּען
26 אִין אַלֶץ, וָואס דִיא נְבִיאִים הָאבֶּען פָארָאוֹיס גֶעזָאגְט. הָאט דֶען
דֶער מָשִׁיחַ נִיט בַּאדַארְפְט אַזוֹי לֵיידֶען, אוּן אַרֵיין צוּ קוּמֶען אִין
27 זַיין הֶערְלִיכְקֵייט? אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פָאן משֶׁה'ן אוּן פָאן
אַלֶע נְבִיאִים אוּן הָאט זַיי דֶערְקְלֶעהְרְט אַלֶע שְׁרִיפְטֶען, ווֶעלְכֶע
28 זֶענֶען אוֹיף אִיהם גֶעזָאגְט גֶעווָארֶען. אוּן זַיי זֶענֶען נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען
צוּם דָארְף, צוּ ווֶעלְכֶען זַיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּן עֶר הָאט זִיךְ פַאר
29 זַיי גֶעמַאכְט גְלֵייךְ, ווִיא עֶר ווִיל גֶעהן ווַייטֶער. אוּן זַיי הָאבֶּען
אִיהם גֶענוֹיטִיגְט, אוּן גֶעזָאגְט: בְּלֵייבּ מִיט אוּנְז, ווַייל עֶס אִיז
שׁוֹין פַארְנַאכְט, דֶער טָאג נֵייגְט זִיךְ אָבּ, אוּן עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען,
30 מִיט זַיי צוּ בְּלֵייבֶּען. אוּן ווֶען עֶר אִיז מִיט זַיי בַּיים טִישׁ גֶעזֶעסֶען,
אַזוֹי הָאט עָר גֶענוּמֶען דָאס בְּרוֹיט אוּן הָאט אֵיין בְּרָכָה
31 גֶעמַאכְט, צוּ בְּרָאכֶען, אוּן צוּ זַיי גֶעגֶעבֶּען. דַאמָאלְסְט זֶענֶען
זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אָפֶען גֶעווָארֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהם דֶערְקָאנְט, נוּר
32 עֶר אִיז פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעווָארֶען פָאן זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען. אוּן זַיי
הָאבֶּען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט: הָאט דֶען אוּנְזֶער הַארְץ
אִין אוּנְז נִיט גֶעבְּרֶענְט, ווֶען עֶר הָאט אוֹיף דֶעם ווֶעג צוּ אוּנְז
33 גֶערֶעט, אוּן ווֶען עֶר הָאט אוּנְז דֶערְקְלֶעהְרְט דִיא שְׁרִיפְט? אוּן
זַיי זֶענֶען אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער שְׁטוּנְדֶע אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאבֶּען
זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: אוּן הָאבֶּען גֶעפוּנֶען דִיא עֶלְף
34 אוּן זֵייעֶרֶע חֲבֵרִים מִיט זַיי פֶערְזַאמֶעלְט. ווֶעלְכֶע הָאבֶּען
דֶערְצֵיילְט, דָאס דֶער הֶערְר אִיז אִין אֶמֶת'ְן אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן
35 הָאט זִיךְ בַּאווִיזֶען צוּ שִׁמְעוֹן'ֶען. אוּן זַיי הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט, וָואס
עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אוֹיף דֶעם ווֶעג, אוּן ווִיא אַזוֹי זַיי הָאבֶּען אִיהם
36 דֶערְקָאנְט ווֶען עֶר הָאט דָאס בְּרוֹיט צוּבְּרָאכֶען. ווִיא זַיי
הָאבֶּען דֶערְפוּן גֶערֶעט, אִיז יֵשׁוּעַ אַלֵיין גֶעשְׁטַאנֶען אִין זֵייעֶר מִיטֶען,

אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם (פְרִידֶען זָאל זֵיין מִיט אַייך)!
37 זֵיי זֶענֶען דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען, אוּן אִין דֶער אַנְגְסְט הָאבֶּען זֵיי
38 גֶעמֵיינְט דָאס זֵיי זֶעהֶען אֵיין גֵייסְט. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וָואס
זֶענְט אִיהר דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען? אוּן פַאר וָואס קוּמֶען אַייך
39 אַרֵיין אִין הַארְצֶען אַזֶעלְכֶע גֶעדַאנְקֶען? זֶעהט מֵיינֶע הֶענְד, אוּן
מֵיינֶע פִּיס; אַז אִיךְ בִּין דָאס אַלֵיין, טַאפְּט מִיךְ אָן אוּן זֶעהט, דֶען
אֵיין גֵייסְט הָאט נִיט קֵיין פְלֵייש אוּן בֵּיינֶער, וִויא אִיהר זֶעהט בֵּיי
40 מִיר. אוּן וִויא עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט: הָאט עֶר זֵיי גֶעוִויזֶען דִיא
41 הֶענְד אוּן פִּיס. זֵיי הָאבֶּען פַאר שִׂמְחָה נָאךְ נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, אוּן
הָאבֶּען זִיךְ גֶעווּנְדֶערְט, אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: הָאט אִיהר דָא
42 עֶטְוָואס צוּ עֶסֶען? זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעגֶעבֶּען אֵיין שְׁטִיק פָּאן אֵיין
43 גֶעבְּרָאטֶענֶעם פִישׁ, אוּן פָאן הָאנִיג. אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען, אוּן הָאט
44 פַאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען גֶעגֶעסֶען. אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: דִיזֶע זֶענֶען
דִיא וֶוערְטֶער, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעזָאגְט וֶוען אִיךְ בִּין נָאךְ
מִיט אַייךְ גֶעוֶועזֶען: דָאס עֶס מוּז דֶערְפִילְט וֶוערֶען אַלֶעס, וָואס אִיז
גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען אוֹיף מִיר אִין דֶער תּוֹרַת משֶׁה, נְבִיאִים אוּן
45 תְּהִלִּים. דַאמָאלְסְט הָאט עֶר אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט זֵייעֶר פַארְשְׁטַאנְד
46 צוּ פַארְשְׁטֶעהֶן דִיא שְׁרִיפְט (ת״נך). אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אַזוֹי אִיז
גֶעשְׁרִיבֶּען, דָאס דֶער מָשִׁיחַ זָאל לֵיידֶען, אוּן אוֹיפֶען דְרִיטֶען טָאג
47 אוֹיפְשְׁטֶעהֶן פָאן דִיא טוֹיטֶע. אוּן דָאס עֶס זָאל גֶעפְּרֶעדִיגְט וֶוערֶען
אִין זֵיין נָאמֶען תְּשׁוּבָה אוּן פַארְגֶעבּוּנְג דֶער זִינְדֶען, צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער,
48 49 אָנְצוּפַאנְגֶען פָאן יְרוּשָׁלַיִם. אִיהר זֶענְט דַארוֹיף עֵדוּת. אוּן אִיךְ
וֶועל שִׁיקֶען דִיא הַבְטָחָה פָאן מֵיין פָאטֶער אִיבֶּער אַייךְ; אִיהר
אָבֶּער זִיצְט אִין דֶער שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם בִּיז אִיהר וֶועט בַּאקְלֵיידֶעט
50 וֶוערֶען מִיט קְרַאפְט פָאן אוֹיבֶּען. אוּן עֶר הָאט זֵיי אַרוֹיס
גֶעפִיהְרְט פָאן דֶער שְׁטָאדְט בִּיז בֵּית־עַנְיָא, אוּן הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
51 זֵיינֶע הֶענְד, אוּן הָאט זֵיי גֶעבֶּענְשְׁט. אוּן וֶוען עֶר הָאט זֵיי גֶעבֶּענְשְׁט,
הָאט עֶר זִיךְ גֶעשֵׁיידֶעט פָאן זֵיי, אוּן אִיז דֶערְהוֹיבֶּען גֶעוָוארֶען צוּם
52 הִימֶעל. זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ אִיהם, אוּן הָאבֶּען זִיךְ
53 אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה. אוּן זֵיי זֶענֶען
שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶוען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּן הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט אוּן
גֶערִיהְמְט גָאטְט. אָמֵן!

---

# דאס עוואנגעליום פאן יוחנן

---

א אִין אָנְפַאנְג אִיז גֶעוֶוען דָאס וָוארְט, אוּן דָאס וָוארְט אִיז
2 גֶעוֶוען בֵּיי גָאטְט, אוּן גָאטְט אִיז גֶעוֶוען דָאס וָוארְט. דָאס
3 וֶועלְבִּיגֶע אִיז גֶעוֶוען פָאן אָנְפַאנְג בֵּיי גָאטְט. אַלְדִינְג אִיז דוּרְך
דֶעם גֶעוָוארֶען, אוּן אָן דֶעם וָואלְט נִיט גֶעוָוארֶען, דָאס וָואס אִיז
4 גֶעוָוארֶען. אוּן אִין אִיהם אִיז גֶעוֶוען לֶעבֶּען, אוּן דָאס לֶעבֶּען אִיז
5 גֶעוֶוען לִיכְט פַאר דִיא מֶענְשֶׁען. אוּן דָאס לִיכְט שֵׁיינְט אִין דֶער
6 פִינְסְטֶערְנֶעס אוּן דִיא פִינְסְטֶערְנֶעס הָאט עֶס נִיט אָנְגֶענוּמֶען. עֶס
7 אִיז גֶעוֶוען אֵיין מֶענְשׁ גֶעשִׁיקְט פָאן גָאטְט; זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען יוֹחָנָן.
עֶר אִיז גֶעקוּמֶען פַאר אֵיין עֵדוּת, עֶר זָאל עֵדוּת זָאגֶען אוֹיף דֶעם
8 לִיכְט, כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען גְלוֹיבֶּען דוּרְך אִיהם. עֶר אִיז נִיט גֶעוֶוען
9 דָאס לִיכְט, נוּר צוּ זָאגֶען עֵדוּת אוֹיף דֶעם לִיכְט. עֶס אִיז
גֶעוֶוען דָאס אֶמֶת׳ע לִיכְט, וָואס לֵייכְט צוּ יֶעדֶען מֶענְשֶׁען וָואס
10 קוּמְט אִין דֶער וֶועלְט. עֶר אִיז גֶעוֶוען אִין דֶער וֶועלְט, אוּן דִיא
וֶועלְט אִיז דוּרְך אִיהם גֶעוָוארֶען, אוּן דִיא וֶועלְט הָאט אִיהם נִיט
11 דֶערְקָאנְט. עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זֵיינֶע, אוּן זֵיינֶע הָאבֶּען אִיהם
12 נִיט אוֹיפְגֶענוּמֶען. אָבֶּער וִויפִיל עֶס הָאבֶּען אִיהם אָנְגֶענוּמֶען, דִיא
הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען מַאכְט צוּ וֶוערֶען גָאטְטֶעס קִינְדֶער, דִיא וֶועלְכֶע
13 גְלוֹיבֶּען אִין זֵיין נָאמֶען. דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעבָּארֶען נִיט פָאן
בְּלוּט, נִיט פָאן דֶעם פְלֵייש ווִילֶען, נִיט פָאן אֵיין מַאנְס תַּאֲוָה,
14 נוּר פָאן גָאטְט. אוּן דָאס וָוארְט אִיז גֶעוָוארֶען פְלֵייש, אוּן הָאט
צְוִוישֶׁען אוּנְז גֶעוֵוינְט אוּן מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זֵיין הֶערְלִיכְקֵייט,
וִויא דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פָאן בֵּן יָחִיד צוּ זֵיין פָאטֶער, פוּל מִיט
15 גְנַאדֶע אוּן אֶמֶת. יוֹחָנָן הָאט אוֹיף אִיהם עֵדוּת גֶעזָאגְט, גֶעשְׁרִיגֶען
אוּן גֶעזָאגְט: דִיזֶער אִיז דֶער וָואס אִיך הָאבּ גֶעזָאגְט אוֹיף אִיהם דֶער

וֶועלְכֶער קוּמְט נָאךְ מִיר אִיז פַאר מִיר גֶעוֶועזֶען, וַוייל עֶר אִיז
פְרִיהֶער פָאן מִיר גֶעוֶועזֶען. אוּן פָאן זַיין פוּלְקַייט הָאבֶּען מִיר 16
אַלֶע מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען גְנַאדֶע פַאר גְנַאדֶע. דֶען דִיא תּוֹרָה אִיז 17
גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען דוּרְךְ מֹשֶׁה'ן, גְנַאדֶע אוּן אֱמֶת אָבֶּער זֶענֶען
דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ גֶעקוּמֶען. גָאטְט הָאט קֵיין מָאל קֵיינֶער נִיט 18
גֶעזֶעהֶן, דֶער בֵּן יָחִיד וֶועלְכֶער אִיז אִין בּוּזֶעם פָאן דֶעם פָאטֶער'
דֶער הָאט אִיהם בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט. אוּן דָאס אִיז דִיא עֵדוּת 19
פָאן יוֹחָנָן, וֶוען דִיא אִידֶען הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט פָאן יְרוּשָׁלַיִם כֹּהֲנִים
אוּן לֵוִיִּם צוּ פְרֶעגֶען אִיהם, וֶוער בִּיסְט דוּא? הָאט עֶר מוֹדֶה 20
גֶעוֶועזֶען, אוּן נִיט פַארְלֵייקֶענְט, מוֹדֶה גֶעוֶועזֶען אוּן גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין 21
נִיט דֶער מָשִׁיחַ. אוּן מֶען הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט וָואס דֶען? בִּיסְט
דוּא אֵלִיָּהוּ? עֶר הָאט גֶעזָאגְט: נֵיין. אֵיין נָבִיא? הָאט עֶר
גֶעעֶנְטְפֶערְט נֵיין. זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: וֶוער דֶען בִּיסְט דוּא? 22
כְּדֵי מִיר זָאלֶען גֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען אוּנְז גֶעשִׁיקְט אֵיין
עֶנְטְפֶער: וָואס זָאגְסְט דוּא וֶועגֶען דִיר אַלֵיין? עֶר הָאט גֶעזָאגְט: 23
אִיךְ בִּין אֵיין קוֹל וָואס שְׁרֵייט אִין דֶער מִדְבָּר: גְלֵייכְט אוֹיס
דֶעם וֶועג פָאן גָאטְט, וִויא יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא הָאט גֶעזָאגְט. דִיא 24
גֶעשִׁיקְטֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פָאן דִיא פְּרוּשִׁים. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם 25
גֶעפְרֶעגְט: פַאר וָואס דֶען טוֹבֵל'סְט דוּא, וֶוען דוּא בִּיסְט נִיט
דֶער מָשִׁיחַ, נִיט אֵלִיָּהוּ, נִיט אֵיין נָבִיא? יוֹחָנָן הָאט זֵיי 26
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ טוֹבֵל אִין וַואסֶער, צְוִוישֶׁען אַייךְ
אָבֶּער שְׁטֶעהְט אֵיינֶער, וֶועלְכֶען אִיהר קָאנְט נִיט. עֶר אִיז דֶער, 27
וֶועלְכֶער קוּמְט נָאךְ מִיר, נוּר עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר מִיר, אִיךְ בִּין
נִיט וֶוערְט דִיא שְׁנִירְלַאךְ פָאן זַיינֶע שִׁיךְ אָב צוּ בִּינְדֶען. דָאס אִיז 28
גֶעשֶׁעהֶען אִין בֵּית עֲבָרָה, בֵּיים יַרְדֵן, וואוּ יוֹחָנָן הָאט גֶעטוֹבֵל'ט. 29
אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאט יוֹחָנָן גֶעזֶעהֶען יֵשׁוּעַ קוּמְט צוּ
אִיהם, אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט: זֶעהט, גָאטְטֶעס שֶׁעפְּס, וֶועלְכֶער
נֶעמְט אַוֶועק דִיא זִינְד פָאן דֶער וֶועלְט. דִיזֶער אִיז עֶס פָאן 30
וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט: נָאךְ מִיר קוּמְט אֵיין מַאן, וֶועלְכֶער
אִיז דָא פַאר מִיר, וַוייל עֶר אִיז פְרִיהֶער פַאר מִיר גֶעוֶועזֶען.
אִיךְ הָאבּ אִיהם נִיט גֶעקָאנְט, נוּר כְּדֵי עֶר זָאל אַנְפְּלֶעקְט וֶוערֶען 31
פַאר דִיא יִשְׂרָאֵל בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען טוֹבֵל'ען אִין וַואסֶער. אוּן 32

יוֹחָנָן הָאט אַזוֹי עֵדוּת גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דֶעם רוּחַ
הַקֹּדֶשׁ אַרָאבּקוּמֶענְדִיג פָאן הִימֶעל, אַזוֹי וִויא אֵיין טוֹיבּ, אוּן
33 הָאט גֶערוּהט אוֹיף אִיהם. אִיךְ הָאבּ אִיהם נִיט גֶעקֶאנְט, נוּר דֶער
וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט טוֹבֵל'ען מִיט וַואסֶער הָאט מִיר גֶעזָאגְט:
אוֹיף וֶועמֶען דוּא וֶועסְט זֶעהֶען דֶען רוּחַ אַרָאבּ קוּמֶען אוּן רוּהֶען
34 דֶער אִיז דֶער, וֶועלְכֶער טוֹבֵל'ט מִיט דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ. אוּן
אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּן הָאבּ עֵדוּת גֶעזָאגְט, דָאס דִיזֶער אִיז דֶער
35 גָאטְטֶעס זָאהְן. אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אִיז יוֹחָנָן נָאךְ אֵיין מָאל
36 גֶעשְׁטַאנֶען אוּן צְוֵויי פָאן זֵיינֶע תַּלְמִידִים. אוּן וֶוען עֶר הָאט
גֶעזֶעהֶען יֵשׁוּעַ'ן גֶעהֶענְדִיג הָאט עֶר גֶעזָאגְט, זֶעהט, גָאטְטֶעס שֶׁעפְּס.
37 וֶוען זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען גֶעהֶערְט פָאן אִיהם דִיא וֶוערְטֶער זֶענֶען
38 זֵיי נָאךְ גֶעגַאנְגֶען נָאךְ יֵשׁוּעַ'ן. יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן הָאט
זֵיי דֶערְזֶעהֶען גֶעהֶענְדִיג. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וָואס דַארְפְט
39 אִיהר? זֵיי הָאבֶּען צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: רַבִּי וואוּ וֵוויינְסְט דוּא? עֶר
זָאגְט זֵיי: קוּמְט וֶועט אִיהר זֶעהֶען. זֵיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען וואוּ עֶר ווֵיינְט, אוּן זֶענֶען בֵּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען דִיזֶען טָאג.
40 עֶס אִיז גֶעוֶוען אַרוּם דֶער צֶעהנְטֶער שָׁעָה. אֵיינֶער פָאן דִיא צְוֵויי, וָואס
הָאבֶּען גֶעהֶערְט פָאן יוֹחָנָן אוּן זֶענֶען אִיהם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אִיז
41 גֶעוֶוען אַנְדְרַי, שִׁמְעוֹן פֶּטֶר'ס בְּרוּדֶער. עֶר הָאט צוּם עֶרְשְׁטֶען
גֶעטְרָאפֶען זֵיין בְּרוּדֶער שִׁמְעוֹן אוּן זָאגְט אִיהם: מִיר הָאבֶּען
42 גֶעפוּנֶען דֶען מָשִׁיחַ'ן דָאס הֵייסְט כְּרִיסְטוּס. אוּן הָאט אִיהם
גֶעבְּרַאכְט צוּ יֵשׁוּעַ'ן, אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אֵיין קוּק גֶעטָאן אוֹיף אִיהם
אוּן זָאגְט: דוּא שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹנָה, דוּא וֶועסְט גֶערוּפֶען וֶוערֶען כֵּיפָא,
43 דָאס מֵיינְט מֶען: פֶּטֶר. אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאט יֵשׁוּעַ
גֶעוָואלְט גֶעהְן קֵיין גָלִיל אוּן עֶר גֶעפִינְט פִילִיפּוּס'ן אוּן זָאגְט אִיהם:
44 גֶעה מִיר נָאךְ. פִילִיפּוּס אִיז גֶעוֶוען פָאן בֵּית צַיְדָה, אַנְדְרַי, אוּן
45 פֶּטֶר'ס שְׁטָאדְט. פִילִיפּוּס טְרֶעפְט נְתַנְאֵל'ן אוּן זָאגְט אִיהם:
מִיר הָאבֶּען גֶעפוּנֶען דֶעם, פָאן וֶועלְכֶעם עֶס הָאבֶּען גֶעשְׁרִיבֶּען
משֶׁה אִין דֶער תּוֹרָה אוּן דִיא נְבִיאִים, יֵשׁוּעַ בֶּן יוֹסֵף פָאן נְצָרֶת.
46 נוּר נְתַנְאֵל זָאגְט אִיהם: קָאן דֶען עֶטְוָואס גוּטֶעס פָאן נְצָרֶת זֵיין?
47 פִילִיפּוּס זָאגְט אִיהם: קוּם אוּן זֶעה. וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען
נְתַנְאֵל'ן קוּמֶען צוּ אִיהם, הָאט עֶר אוֹיף אִיהם גֶעזָאגְט: זֶעה אֵיין

אֶמֶת'עֶן בֶּן יִשְׂרָאֵל, אִין וֶועלְכֶען עֶס אִיז קֵיין פַאלְשְׁקֵייט נִיט
48 דָא. נְתַנְאֵל זָאגְט אִיהם: פָאן וַואנֶען קָאנְסְט דוּא מִיךְ? יְשׁוּעַ
הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: נָאךְ אֵיידֶער פִילִיפּוּס הָאט דִיךְ
גֶערוּפֶען, וָוען דוּא בִּיסְט גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים, הָאבּ
49 אִיךְ דִיךְ גֶעזֶעהֶען. נְתַנְאֵל עֶנְטְפֶערְט אִיהם אוּן זָאגְט: רַבִּי, דוּא
בִּיסְט דֶער גָאטְטֶעס זָאהן! דוּא בִּיסְט דֶער מֶלֶךְ פָאן דִיא
50 יִשְׂרָאֵל. יְשׁוּעַ עֶנְטְפֶערְט אִיהם אוּן זָאגְט: דוּא גְלוֹיבְּסְט, וֵוייל
אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער דֶעם
31 פֵייגֶענְבּוֹים, דוּא וֶועסְט זֶעהן גְרֶעסֶערֶעס דֶערְפוּן. אוּן זָאגְט
אִיהם: אִין אֱמֶת'עֶן, אִין אֱמֶת'עֶן, זָאג אִיךְ אַייךְ: פָאן יֶעצְט אָן
וֶועט אִיהר זֶעהן דֶעם הִימֶעל אָפֶען, אוּן דִיא מַלְאָכִים פָאן גָאטְט
אַרוֹיפְגֶעהן אוּן אַרָאבְּגֶעהן אוֹיף דֶעם בֶּן הָאָדָם.

ב אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טָאג אִיז גֶעוֶוען אֵיינֶע חֲתוּנָה אִין קָנָה פָאן
2 גָלִיל, אוּן יְשׁוּעַ'ס מוּטֶער אִיז דָארְט גֶעוֶוען. יְשׁוּעַ מִיט זֵיינֶע תַּלְמִידִים
3 זֵיינֶען אוֹיךְ גֶעוֶוען גֶערוּפֶען אוֹיף דֶער חֲתוּנָה. אוּן אַזוֹי וִויא עֶס
אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דֶער וויין, הָאט יְשׁוּעַ'ס מוּטֶער אִיהם גֶעזָאגְט:
4 זֵיי הָאבֶּען קֵיין וויין נִיט. יְשׁוּעַ זָאגְט אִיהר: וָואס הָאבּ אִיךְ מִיט
5 דִיר אִשָּׁה? מֵיין שָׁעָה אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען. זֵיין מוּטֶער הָאט
גֶעזָאגְט דִיא מְשָׁרְתִים: וָואס עֶר וֶועט אַייךְ זָאגֶען, דָאס טְהוּט.
6 אוּן דָא אִיז גֶעוֶוען זֶעכְּס שְׁטֵיינֶערְנֶע וַואסֶערְקְרִיג, וֶועלְכֶע זֶענֶען
דָארְט גֶעשְׁטַאנֶען צוּם וַואשֶׁען זִיךְ, וִויא דֶער מִנְהָג פָאן דִיא
7 אִידֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען צְוֵויי אָדֶער דְרֵיי מָאס. יְשׁוּעַ
זָאגְט זֵיי: פִילְט אָן דִיא כֵּלִים מִיט וַואסֶער, אוּן זֵיי הָאבֶּען זֵיי
8 אָנְגֶעפִילְט בִּיז אַרוֹיף. אוּן זָאגְט זֵיי: שֶׁעפְּט אָן אוּן טְרָאגְט צוּ
9 דֶעם סַארְוֶוער, אוּן זֵיי הָאבֶּען עֶס אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען. וָוען דֶער
סַארְוֶוער הָאט פֶערְזוּכְט דִיא וַואסֶער, וָואס אִיז וויין גֶעוָוארֶען,
עֶר הָאט נִיט גֶעוואוּסְט פָאן וַואנֶען דֶער וויין הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען, נוּר
דִיא מְשָׁרְתִים וָואס הָאבֶּען גֶעשֶׁעפְּט וַואסֶער הָאבֶּען גֶעוואוּסְט
10 הָאט עֶר צוּגֶערוּפֶען דֶעם חָתָן. אוּן זָאגְט אִיהם: יֶעדֶער מֶענְשׁ
גִיט פְרִיהֶער גוּטֶען וויין אוּן נָאךְ דֶעם, וֶוען מֶען הָאט זִיךְ
אָנְגֶעטְרוּנְקֶען, דֶעם עֶרְגֶערְן, דוּא אָבֶּער הָאסְט דֶעם גוּטֶען וויין
11 גֶעהַאלְטֶען בִּיז יֶעצְט. דֶערְמִיט הָאט יְשׁוּעַ גֶעמַאכְט דֶעם אָנְפַאנְג

פָאן זֵיינֶע וואוּנְדֶער אִין קָנָה פָאן גָלִיל, אוּן הָאט אַנְטְפְּלֶעקְט זֵיינֶע
הֶערְלִיכְקֵייט; אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אִין אִיהם.
12 נָאךְ דֶעם אִיז עֶר גֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַר נַחוּם: עֶר אוּן זֵיין
מוּטֶער, אוּן זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּן זֵיי זֶענֶען
13 דָארְטֶען גֶעוֶועזֶען וֶוייניגֶע טֶעג. דֶער אִידֶעשֶׁער פֶּסַח הָאט זִיךְ
14 גֶענֶעהֶענְט, אוּן יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. אוּן הָאט
גֶעפוּנֶען, דָאס אִין בֵּית הַמִּקְדָשׁ הָאט מֶען פַארְקוֹיפְט אָקְסֶען,
15 שָׁאף אוּן טוֹיבֶּען, אוּן וֶועקְסְלֶער זֶענֶען גֶעזֶעסֶען. אוּן עֶר הָאט
גֶעמַאכְט אַיין בֵּייטְשׁ פָאן שְׁטְרִיקְלַאךְ, אוּן הָאט אַלֶעמֶען אַרוֹיס
גֶעטְרִיבֶּען פָאן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָשׁ, אוֹיךְ דִיא שָׁאף אוּן אָקְסֶען,
אוּן דָאס גֶעלְד פָאן דִיא וֶועקְסְלֶער הָאט עֶר צוּשָׁאטֶען אוּן דִיא
16 טִישֶׁען אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְט. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא פַארְקוֹיפֶערְס
פָאן דִיא טוֹיבֶּען: נֶעמְט דָאס אַוֶועק פָאן דַאנֶען, אוּן מַאכְט נִיט
17 מֵיין פָאטֶערְס הוֹיז פַאר אַיין הוֹיז פָאן הַאנְדֶעל. זֵיינֶע תַּלְמִידִים
הָאבֶּען זִיךְ דֶערְמָאנְט דָאס עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: "כִּי קִנְאַת בֵּיתְךָ
אֲכָלָתְנִי" (דִיא קִנְאָה פָאן דֵיין הוֹיז הָאט מִיךְ אוֹיף גֶעגֶעסֶען).
18 דִיא אִידֶען הָאבֶּען צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: וָואס פַאר אַיין צֵייכֶען וֵוייזְט
19 דוּא אוּנְז, דָאס דוּא דִיזֶעס טְהוּסְט? יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּן גֶעזָאגְט: צוּ וַוארְפְט דֶעם בֵּית הַמִּקְדָשׁ, אוּן אִיךְ וֶועל אִיהם
20 אִין דְרַיי טֶעג אוֹיפְבּוֹיעֶן. דַארוֹיף הָאבֶּען דִיא אִידֶען גֶעזָאגְט:
דֶער בֵּית הַמִּקְדָשׁ הָאט זִיךְ גֶעבּוֹיט זֶעקְס אוּן פֶערְצִיג יָאהר, אוּן
21 דוּא ווִילְסְט אִיהם אִין דְרַיי טֶעג אוֹיפְבּוֹיעֶן? עֶר אָבֶּער הָאט
22 דָאס גֶעזָאגְט אוֹיף דֶעם הֵיכָל פָאן זֵיין גוּף. וֶוען עֶר אִיז
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פָאן דִיא טוֹיטֶע, אַזוֹי הָאבֶּען זֵיינֶע תַּלְמִידִים זִיךְ
דֶערְמָאנְט דָאס עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט. אוּן הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אִין
דֶער שְׁרִיפְט (ת"נך) אוּן אִין דֶעם וָוארְט וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט.
23 אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אוֹיף דֶעם יוֹם טוֹב
פָאן פֶּסַח הָאבֶּען פִיל גֶעגְלוֹיבְּט אִין אִיהם, וֶוען זֵיי הָאבֶּען
24 גֶעזֶעהֶען דִיא וואוּנְדֶער וָואס עֶר הָאט גֶעטָאן. נוּר יֵשׁוּעַ הָאט
25 זִיךְ צוּ זֵיי נִיט פַארְטְרוֹיט, וַוייל עֶר הָאט אַלֶעמֶען גֶעקָאנְט. עֶר
הָאט נִיט בֶּעדַארְפְט פָאן קֵיינֶעם קֵיין עֵדוּת אוֹיף מֶענְשֶׁען, דֶען
עֶר הָאט אַלֵיין גֶעוואוּסְט, וָואס עֶס אִיז אִין מֶענְשֶׁען.

ג צְווִישֶׁען דִיא פְּרוּשִׁים אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶער וָואס זַיין נָאמֶען אִיז
גֶעוֶועזֶען נַקְדִימוֹן, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין עֶלְטְסְטֶער פָאן דִיא אִידֶען.
2 עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ יְשׁוּעַ'ן אִין דֶער נַאכְט, אוּן הָאט אִיהם
גֶעזָאגְט: רַבִּי! מִיר וֵוייסֶען, דָאס דוּא בִּיסְט אֵיין לֶעהרֶער
גֶעקוּמֶען פָאן גָאטְט, דֶען אַזֶעלְכֶע וואוּנְדֶער וִויא דוּא טְהוּסְט קָאן
3 קֵיינֶער נִיט טָאן, וֶוען גָאטְט אִיז נִיט מִיט אִיהם. יְשׁוּעַ הָאט
אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִין אֶמֶת'עֶן, אִין אֶמֶת'עֶן, זָאג
אִיך דִיר: אוֹיבּ אֵיין מֶענְשׁ וֶוערְט נִיט פָאן אוֹיבֶּען גֶעבָּארֶען קָאן
4 עֶר נִיט זֶעהֶען דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים. נַקְדִימוֹן זָאגְט אִיהם: וִויא
קָאן אֵיין מֶענְשׁ גֶעבָּארֶען וֶוערֶען, וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין אַלְט? קָאן
עֶר דֶען צוּם צְווייטֶען מָאל קוּמֶען אִין זַיין מוּטֶערְס לֵייבּ אוּן
5 גֶעבָּארֶען וֶוערֶען? יְשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: אִין אֶמֶת'עֶן
אִין אֶמֶת'עֶן, זָאג אִיך דִיר: וֶוען אֵיינֶער וֶוערְט נִיט גֶעבָּארֶען פָאן
וַואסֶער אוּן גֵייסְט, אַזוֹי קָאן עֶר נִיט אַרַיין קוּמֶען אִין דָאס
6 מַלְכוּת אֱלֹהִים. דָאס וָואס אִיז גֶעבָּארֶען פָאן פְלֵיישׁ אִיז פְלֵיישׁ,
7 אָבֶּער דָאס וָואס עֶס אִיז גֶעבָּארֶען פָאן גֵייסְט אִיז גֵייסְט. וואוּנְדֶער
דִיךְ נִיט דֶערִיבֶּער, וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעזָאגְט: דָאס אִיהר
8 דַארְפְט פָאן אוֹיבֶּען גֶעבָּארֶען וֶוערֶען. דֶער וִוינְד בְּלָאזְט, וואוּ
עֶר וִויל, אוּן דוּא הֶערְסְט זַיין קוֹל, אָבֶּער וֵוייסְט נִיט פָאן וַואנֶען
עֶר קוּמְט, אוּן וואוּ הִין עֶר גֶעהט אַוֶועק; אַזוֹי אִיז מִיט יֶעדֶען
9 וָואס אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען פָאן דֶעם גֵייסְט. נַקְדִימוֹן עֶנְטְפֶערְט
10 אוּן זָאגְט אִיהם: וִויא קָאן דָאס זַיין? יְשׁוּעַ עֶנְטְפֶערְט אוּן זָאגְט
אִיהם: דוּא בִּיסְט דֶער אִידֶעשֶׁער לֶעהרֶער, אוּן וֵוייסְט עֶס נִיט?
11 אִין אֶמֶת'עֶן, אִין אֶמֶת'עֶן זָאג אִיךְ דִיר: מִיר רֶעדֶען פָאן דֶעם
וָואס מִיר וֵוייסֶען אוּן מִיר זָאגֶען עֵדוּת פָאן דֶעם, וָואס מִיר
12 הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, אוּן אִיהר נֶעמְט אוּנְזֶער עֵדוּת נִיט אָן. וֶוען אִיךְ
הָאבּ אַייךְ פָאן עֶרְדֶעשֶׁע זַאכֶען גֶעזָאגְט, אוּן אִיהר גְלוֹיבְּט נִיט,
וִויא אַזוֹי וֶועט אִיהר גְלוֹיבֶּען וֶוען אִיךְ וֶועל אַייךְ פָאן הִימֶעלְשֶׁע
13 זַאכֶען. קֵיינֶער אִיז נִיט אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אוֹיפֶען הִימֶעל, נוּר דֶער
וָואס עֶר אִיז אַרָאבּ גֶעקוּמֶען פָאן הִימֶעל, דֶער בֶּן הָאָדָם, וָואס
14 אִיז אִין הִימֶעל. אוּן אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה הָאט דֶערְהוֹיכְט דִיא שְׁלַאנְג
אִין דֶער מִדְבָּר, אַזוֹי דַארְף דֶער בֶּן הָאָדָם דֶערְהוֹיכְט וֶוערֶען.

15 כְּדֵי יֶעדֶער ווער עֶס גְלֵייבְּט אִין אִיהם, זָאל נִיט פֶערְלָארֶען
16 ווערֶען, נוּר הָאבֶּען דָאס עֶוִויגֶע לֶעבֶּען. דֶען גָאטְט הָאט אַזוֹי
גֶעלִיבְּט דִיא וועלְט, דָאס עֶר הָאט זַיין בֵּן יָחִיד גֶעגֶעבֶּען, כְּדֵי
יֶעדֶער, ווער עֶס גְלוֹיבְּט אִין אִיהם, זָאל נִיט פַארְלָארֶען ווערֶען,
17 נוּר הָאבֶּען עֶוִויגֶעס לֶעבֶּען. דֶען גָאטְט הָאט נִיט גֶעשִׁיקְט זַיין
זָאהן אִין דֶער וועלְט, כְּדֵי צוּ פַארְמִשְׁפָּט׳ן דִיא וועלְט, נוּר דָאס
18 דִיא וועלְט זָאל דוּרְךְ אִיהם גֶערֶעטֶעט ווערֶען. ווער עֶס גְלוֹיבְּט
אִין אִיהם, ווערְט נִיט פַארְמִשְׁפָּט, אוּן דֶער נִיט גְלוֹיבִּיגֶער אִיז
שׁוֹין פַארְמִשְׁפָּט, דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אִין
19 דֶעם נָאמֶען פָאן גָאטְטֶעס אֵיינְצִיגֶען זָאהן. דָאס אִיז אָבֶּער דֶער
מִשְׁפָּט: דָאס לִיכְט אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶער וועלְט, נוּר דִיא
מֶענְשֶׁען הָאבֶּען מֶעהרֶער גֶעלִיבְּט דִיא פִינְסְטֶערְנֶעס, וִויא דָאס
20 לִיכְט, ווייל זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען שְׁלֶעכְט גֶעוועֶן. דֶען יֶעדֶער,
וָואס טְהוּט שְׁלֶעכְטֶעס, הָאט פֵיינְד לִיכְט, אוּן גֶעהט נִיט צוּם
לִיכְט, כְּדֵי עֶס זָאל זִיךְ נִיט אַרוֹיס ווייזֶען זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים, דֶען
21 זֵיי זֶענֶען שְׁלֶעכְט. דֶער אָבֶּער, וָואס טְהוּט אֱמֶת, קוּמְט צוּם
לִיכְט, כְּדֵי זֵיינֶע מַעֲשִׂים זָאלֶען אַנְפְּלֶעקְט ווערֶען, דָאס זֵיי אִין
22 גָאטְט זֶענֶען גֶעטָאן גֶעוָוארֶען. נָאךְ דֶעם אִיז יֵשׁוּעַ מִיט זֵיינֶע
תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען אִין לַאנְד יְהוּדָה, אוּן הָאט דָארְטֶען מִיט זֵיי
23 גֶעוויינְט אוּן הָאט טוֹבֵל גֶעוועֶן. יוֹחָנָן הָאט אוֹיךְ גֶעטוֹבֵל׳ט אִין
עֵינוֹן, בֵּיי שָׁלֵם, ווייל דָארְט אִיז גֶעוועֶן פִיל וַואסֶער, אוּן זֵיי
24 זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעטוֹבֵל׳ט. דֶען יוֹחָנָן אִיז נָאךְ נִיט
25 גֶעפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער תְּפִיסָה. דֶערִיבֶּער אִיז גֶעוָוארֶען
אֵיין מַחֲלוֹקֶת צְווִישֶׁען יוֹחָנָן׳ס תַּלְמִידִים אוּן דִיא אִידֶען אִיבֶּער
26 דֶער רֵיינִיגוּנְג. אוּן זֵיי זֶענֶען צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען אִיהם
גֶעזָאגְט: רַבִּי! דֶער, וועלְכֶער אִיז מִיט דִיר גֶעוועֶן בֵּיים יַרְדֵן,
אוּן אוֹיף וועלְכֶען דוּא הָאסְט עֵדוּת גֶעזָאגְט, דִיזֶער טוֹבֵל׳ט,
27 אוּן אַלֶע גֶעהֶען צוּ אִיהם. יוֹחָנָן הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן
גֶעזָאגְט: אֵיין מֶענְשׁ קָאן אוֹיף זִיךְ גָאר נִיט נֶעמֶען, ווען עֶס ווערְט
28 אִיהם פָאן הִימֶעל נִיט גֶעגֶעבֶּען. אִיהר אַלֵיין זֶענְט מִיר דֶערִיבֶּער
עֵדוּת, דָאס אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט: נִיט אִיךְ בִּין דֶער מָשִׁיחַ, נוּר אִיךְ
29 בִּין גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען פָאר אִיהם. דֶער, וָואס הָאט דִיא כַּלָּה,

דֶער אִיז דֶער חָתָן: אוּן דֶעם חָתָנ׳ס פְרַיינְד, וָואס שְׁטֶעהט אוּן
הֶערְט אִיהם, פְרֵייט זִיךְ מִיט אַיין שִׂמְחָה, ווען עֶר הֶערְט דֶעם
קוֹל פָאן דֶעם חָתָן. דִיזֶע פְרֵייד מֵיינֶע אִיז נוּן דֶערְפִילְט.
30 עֶר דַארְף וַואכְּסֶען גְרֶעסֶער אוּן אִיךְ דַארְף קְלֶענֶער ווערֶען.
31 דֶער וָואס עֶר קוּמְט פָאן אוֹיבֶּען, דֶער אִיז אִיבֶּער אַלֶעמֶען. אוּן
דֶער וָואס עֶר אִיז פָאן דֶער עֶרְד, אִיז פָאן דֶער עֶרד, אוּן רֶעט
פָאן דֶער עֶרְד, דֶער וָואס עֶר קוּמְט פָאן הִימֶעל, אִיז אִיבֶּער
32 אַלֶעמֶען. אוּן וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעהֶערְט, זָאגְט עֶר
33 עֵדוּת, אוּן קֵיינֶער נֶעמְט זַיין עֵדוּת נִיט אָן. דֶער וָואס הָאט
אָנְגֶענוּמֶען זַיין עֵדוּת, דֶער הָאט גֶעחַתְמ׳עט, דָאס גָאטְט אִיז
34 אֱמֶת. דֶען דֶער, וועלְכֶען גָאטְט הָאט גֶעשִׁיקְט, דֶער רֶעט גָאטְטֶעס
35 ווערְטֶער, דֶען גָאטְט גִיט נִיט מִיט מָאס דֶעם גֵייסְט. דֶער
פָאטֶער לִיבְּט דֶעם זָאהן, אוּן אַלְץ הָאט עֶר אִין זַיין הַאנְד
36 גֶעגֶעבֶּען. ווער עֶס גְלוֹיבְּט אִין זָאהן הָאט עֶווִיגֶעס לֶעבֶּען, אוּן
דֶער וָואס גְלוֹיבְּט נִיט אִין זָאהן, וועט נִיט זֶעהֶען קֵיין לֶעבֶּען, נוּר
גָאטְטֶעס צָארֶען וועט אוֹיף אִיהם זַיין.
ד ווען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעוָואר גֶעוָוארֶען דָאס דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען
גֶעהֶערְט, דָאס עֶר בַּאקוּמְט מֶעהרֶער תַּלְמִידִים אוּן טוֹבֶל׳ט ווִיא
2 יוֹחָנָן. ווען אוֹיךְ יֵשׁוּעַ אַלֵיין הָאט נִיט גֶעטוֹבֶל׳ט. נוּר זַיינֶע
3 תַּלְמִידִים. אַזוֹי הָאט עֶר פַארְלָאזְט יְהוּדָה אוּן אִיז ווִידֶער גֶעגַאנְגֶען
4 5 קַיין גָלִיל. עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט דוּרְךְ גֶעהן דוּרְךְ שׁוֹמְרוֹן. אוּן
עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין אַיין שְׁטָאדְט פָאן שׁוֹמְרוֹן, וָואס מֶען הָאט
זִיא גֶערוּפֶען סוּכַר, נָאהֶענְט פָאן דֶעם שְׁטִיק לַאנְד, וָואס יַעֲקֹב
6 הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיין זָאהן יוֹסֵף׳ן. דָארְטֶען אִיז גֶעווען יַעֲקֹב׳ס
בְּרוּנֶען. יֵשׁוּעַ, וָואס אִיז גֶעווען מִיד פָאן ווֶעג, הָאט זִיךְ אַנִידֶער
גֶעזֶעצְט בֵּיים בְּרוּנֶען. עֶס אִיז גֶעווען נָאהֶענְט פָאן דֶער זֶעכְּסְטֶער
7 שָׁעָה. אַיין פְרוֹי פָאן שׁוֹמְרוֹן אִיז גֶעקוּמֶען שֶׁעפֶּען וַואסֶער יֵשׁוּעַ
8 זָאגְט אִיהר: גִיבּ מִיר צוּ טְרִינְקֶען. דֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען
9 אַוועק גֶעגַאנְגֶען אִין שְׁטָאדְט שְׁפֵּייז קוֹיפֶען. דִיא שׁוֹמְרוֹנִישֶׁע
פְרוֹי זָאגְט אִיהם: ווִיא קֶענְסְט דוּא אַיין אִיד בֶּעטֶען בֵּיי מִיר צוּ
טְרִינְקֶען? דֶען אִיךְ בִּין אַיין שׁוֹמְרוֹנִית. דִיא אִידֶען הָאבֶּען זִיךְ
10 נִיט גֶעמִישְׁט מִיט דִיא שׁוֹמְרוֹנִים. יֵשׁוּעַ הָאט אִיהר גֶעעֶנְטְפֶערְט

אוּן גֶעזָאגְט: װֶען דוּא װָאלְסְט װִיסֶען גָאטְטֶעס מַתָּנָה, אוּן װֶער
עֶס זָאגְט דִיר: גִיבּ מִיר צוּ טְרִינְקֶען, אַזוֹי װָאלְסְט דוּא אַלֵיין
בֵּיי אִיהם גֶעבֶּעטֶען, אוּן עֶר װָאלְט דִיר גֶעגֶעבֶּען לֶעבֶּעדִיגֶע
11 װַאסֶער. דִיא פְרוֹי זָאגְט אִיהם: הֶערְר! דוּא הָאסְט נִיט מִיט
װָאס צוּ שֶׁעפֶּען, אוּן דֶער בְּרוּנֶען אִיז טִיף. פָּאן װַאנֶען װֶעט בֵּיי
12 דִיר זַיין לֶעבֶּעדִיגֶע װַאסֶער? בִּיסְט דוּא דֶען גְרֶעסֶער פָּאן
יַעֲקֹב אָבִינוּ. װֶעלְכֶער הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען דֶעם בְּרוּנֶען? עֶר
אַלֵיין אוּן זַיינֶע קִינְדֶער אוּן זַיינֶע בְּהֵמוֹת הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען פָּאן
13 אִיהם. יֵשׁוּעַ הָאט אִיהר גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: יֶעדֶער, װֶער
14 עֶס טְרִינְקְט פָּאן דִיזֶע װַאסֶער, װֶעט װִידֶער דָארְסְטִיג. װֶער
אָבֶּער עֶס װֶעט טְרִינְקֶען דִיא װַאסֶער, װֶעלְכֶע אִיךְ װֶעל אִיהם
גֶעבֶּען, דֶער װֶעט עֶווִיג נִישְׁט דָארְשְׁטֶען; נוּר דִיא װַאסֶער, װָאס
אִיךְ װֶעל אִיהם גֶעבֶּען, װֶעט װֶערֶען אִין אִיהם אֵיין קְװַאל, װָאס
15 װֶעט קְװֶעלֶען צוּם עֶווִיגֶען לֶעבֶּען. דִיא פְרוֹי זָאגְט אִיהם: הֶערְר!
גִיבּ מִיר פָּאן דֶעם װַאסֶער, כְּדֵי אִיךְ זָאל קֵיין דָארְשְׁט נִיט
16 הָאבֶּען, אוּן זָאל נִיט קוּמֶען אַהֶער װַאסֶער שֶׁעפֶּען. יֵשׁוּעַ זָאגְט
17 אִיהר, גֶעה רוּף דַיין מַאן אוּן קוּם אַהֶער. דִיא פְרוֹי הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין מַאן. יֵשׁוּעַ זָאגְט
אִיהר: דוּא הָאסְט אֶמֶת גֶעזָאגְט, דָאס דוּא הָאסְט נִיט קֵיין מַאן.
18 דֶען דוּא הָאסְט גֶעהַאט פִינְף מַאנֶען, אוּן דֶעם װָאס דוּא הָאסְט
19 יֶעצְט, אִיז דִיר נִיט קֵיין מַאן, דוּא הָאסְט אֶמֶת גֶעזָאגְט. דִיא
פְרוֹי זָאגְט אִיהם: הֶערְר! אִיךְ זֶעה, דָאס דוּא בִּיסְט אֵיין נָבִיא.
20 אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען מִתְפַּלֵל גֶעװֶעזֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג, אִיהר
אָבֶּער זָאגְט, דָאס יְרוּשָׁלַיִם אִיז דָאס אָרְט װאוּ מֶען בֶּעדַארְף
21 מִתְפַּלֵל זַיין. יֵשׁוּעַ זָאגְט אִיהר: גְלוֹיבּ מִיר, דָאס עֶס קוּמְט אֵיין
צַייט, װָאס מֶען װֶעט נִיט אוֹיף דֶעם בַּארְג, נִיט אִין יְרוּשָׁלַיִם,
22 מִתְפַּלֵל זַיין צוּם פָּאטֶער. אִיהר װֵייסְט נִיט צוּ װֶעמֶען אִיהר
זַייט מִתְפַּלֵל. מִיר אָבֶּער װֵייסֶען צוּ װֶעמֶען מִיר זַיינֶען מִתְפַּלֵל,
23 דֶען דִיא יְשׁוּעָה אִיז פָּאן דִיא אִידֶען. נוּר עֶס װֶעט קוּמֶען אֵיין
צַייט, אוּן זִיא אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען, װֶען אֶמֶת'עֶ בֶּעטֶער װֶעלֶען
מִתְפַּלֵל זַיין צוּם פָּאטֶער אִין גֵייסְט אוּן אִין אֶמֶת, דֶען אַזֶעלְכֶע
24 גֶעבֶּעט בַּאגֶעהְרְט דֶער פָּאטֶער. גָאטְט אִיז אֵיין גֵייסְט, אוּן דִיא

וָואס בֶּעטֶען צוּ אִיהם דַארְפֶען בֶּעטֶען אִין גַייסְט אוּן אִין אֶמֶת.
דִיא פְרוֹי זָאגְט אִיהם: אִיךְ ווייס דָאס דֶער מָשִׁיחַ קוּמְט, דָאס 25
הֵייסְט: כְּרִיסְטוּס. וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען, אַזוֹי וֶועט עֶר אוּנְז אַלֶעס
אָנְזָאגֶען. יֵשׁוּעַ זָאגְט אִיהר: דָאס בִּין אִיךְ, וֶוער עֶס רֶעט מִיט 26
דִיר. דֶערְוֵויילֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים, אוּן הָאבֶּען 27
זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט, דָאס עֶר רֶעדֶעט מִיט אַיין אִשָׁה. אָבֶּער קַיינֶער
הָאט נִיט גֶעזָאגְט: וָואס ווילְסְט דוּא? אָדֶער פָאן וָואס רֶעטְסְט
דוּא מִיט אִיהר? אוּן דִיא פְרוֹי הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען אִיהר וַואסֶער 28
קְרוּג, אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין שְׁטָאדְט, אוּן הָאט צוּ דִיא לֶייט גֶעזָאגְט:
קוּמְט זֶעהט דֶעם מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶער הָאט מִיר אַלֶעס גֶעזָאגְט, 29
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטָאן, אִיז עֶר נִיט דֶער מָשִׁיחַ? זַיי זֶענֶען אַרוֹיס 30
גֶעגַאנְגֶען פָאן דֶער שְׁטָאדְט, אוּן זֶענֶען צוּ אִיהם גֶעגַאנְגֶען.
דֶערְוֵויילֶע הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים אִיהם גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט: 31
רַבִּי! עֶס. אָבֶּער עֶר הָאט זַיי גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ אַיין עֶסֶען 32
וֶועלְכֶען אִיהר ווייסְט נִיט. דֶערִיבֶּער הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים 33
צְווִישֶׁען זִיךְ גֶערֶעט: הָאט אִיהם דֶען וֶוער גֶעבְּרַאכְט עֶסֶען.
יֵשׁוּעַ זָאגְט זַיי: מֵיין עֶסֶען אִיז צוּ טָאן דֶעם רָצוֹן פָאן דֶעם, 34
וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּן צוּ עֶנְדֶען זַיין אַרְבֵּייט. זָאגְט 35
אִיהר דֶען נִיט, דָאס נָאךְ פִיר חֳדָשִׁים וֶועט זַיין דֶער תְּבוּאָה שְׁנִיט?
אוּן אִיךְ זָאג אַייךְ: הוֹיבְּט אוֹיף אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אוּן זֶעהט דִיא
פֶעלְדֶער, ווִיא אַזוֹי זַיי זֶענֶען ווייס גֶעוָוארֶען אוּן פַארְטִיג גֶעוָוארֶען
צוּם שְׁנֵיידֶען. דֶער שְׁנִיטֶער נֶעמְט לוֹין אוּן זַאמֶעלְט אַיין דִיא 36
פֵּרוֹת צוּם עֶוִויגֶען לֶעבֶּען; אוּן דֶער זַייעֶר אוּן דֶער שְׁנִיטֶער וֶועלֶען
זִיךְ צוּ זַאמֶען פְרֵייעֶן. דֶען אִין דִיזֶעס אִיז אֶמֶת דָאס וָוארְט: 37
אַיינֶער זַייט אוּן דֶער אַנְדֶערֶער שְׁנֵייט. אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעשִׁיקְט 38
שְׁנֵיידֶען דָאס, וָואס אִיהר הָאט נִיט גֶעאַרְבֶּעט: אַנְדֶערֶע הָאבֶּען
גֶעאַרְבֶּעט, אוּן אִיהר זֶענְט אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִין זַייעֶר אַרְבֵּייט.
אוּן פִיל שֹׁמְרוֹנִים פָאן יֶענֶער שְׁטָאדְט הָאבֶּען אִין אִיהם גֶעגְלוֹיבְּט 39
וֶועגֶען דִיא רֵייד פָאן דֶער פְרוֹי, וָואס זִיא הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט,
דָאס עֶר הָאט אִיהר גֶעזָאגְט אַלֶעס וָואס זִיא הָאט גֶעטָאן. אוּן 40
וֶוען דִיא שֹׁמְרוֹנִים זֶענֶען צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען, הַאבֶּען זַיי אִיהם
גֶעבֵּעטֶען, דָאס עֶר זָאל בֵּיי זֵיי זַיין. אוּן עֶר אִיז דָארְט גֶעוֶוען

41 צְוויי טֶעג. אוּן פִיל מֶעהר הָאבֶּען גֶעגְלויבְּט וועגֶען זַיין וָוארְט.
42 אוּן זַיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט דֶער פְרוֹי: מִיר גְלוֹיבֶּען שׁוֹין נִיט וועגֶען
דַיינֶע רֵייד, דֶען מִיר אַלֵיין הָאבֶּען גֶעהֶערְט אוּן גֶעוָואר גֶעוָוארֶען,
דָאס עֶר אִיז אִין אֱמֶת'ֶען דֶער הֶעלְפֶער פָאן דֶער וֶועלְט, דֶער
43 מָשִׁיחַ. נָאךְ צְווַיי טֶעג אִיז עֶר פָאן דָארְטֶן אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען
44 אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען קֵיין גָלִיל. דֶען יֵשׁוּעַ אַלֵיין הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט,
45 דָאס אֵיין נָבִיא הָאט נִיט קֵיין כָּבוֹד אִין זַיין אֵייגֶענֶעם לַאנְד. ווען
עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין גָלִיל, הָאבֶּען אִיהם דִיא לֵייט פָאן גָלִיל
אוֹיפְגֶענוּמֶען, ווייל זַיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעטָאן
אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּם יוֹם טוֹב, דֶען זַיי זֶענֶען אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען אוֹיף יוֹם
46 טוֹב. אוּן יֵשׁוּעַ אִיז ווידֶער אֵיין מָאל גֶעקוּמֶען קֵיין קָנָה פָאן גָלִיל,
וואוּ עֶר הָאט פָאן וַואסֶער ווַיין גֶעמַאכְט. אִין כְּפַר נַחוּם אִיז גֶעוֶועזֶען
אֵיין דִינֶער פָאן דֶעם מֶלֶךְ, וָואס זַיין זָאהן אִיז קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען.
47 ווען עֶר הָאט גֶעהֶערְט, דָאס יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען פָאן יְהוּדָה קֵיין
גָלִיל, אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם אוּן הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען, דָאס
עֶר זָאל קוּמֶען אוֹיסְהֵיילֶען זַיין זָאהן, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען בַּיים
48 שְׁטַארְבֶּען. יֵשׁוּעַ זָאגְט אִיהם: ווען אִיהר זֶעהט נִיט קֵיין צֵייכֶען
49 אוּן וואוּנְדֶער גְלוֹיבְּט אִיהר נִיט. דֶעם מֶלֶךְ'ס דִינֶער זָאגְט אִיהם:
50 הֶערְר! קוּם ווילַאנְג מֵיין זָאהן אִיז נָאךְ נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען. יֵשׁוּעַ
זָאגְט אִיהם: גֶעה! דַיין זָאהן אִיז גֶעזוּנְד. עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט
דֶעם וָוארְט, וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, אוּן אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען.
51 אוֹיף דֶעם וֶועג הָאבֶּען אִיהם זַיינֶע מְשָׁרְתִים בַּאגֶעגֶענְט אוּן הָאבֶּען
52 גֶעזָאגְט: דַיין זָאהן אִיז גֶעזוּנְד. עֶר הָאט זַיי גֶעפְרֶעגְט: אִין וָואס
פַאר אֵיין שָׁעָה אִיז אִיהם גְרִינְגֶער גֶעוָוארֶען, הָאט מֶען אִיהם
גֶעזָאגְט, נֶעכְטֶען אִין דֶער זִיבֶּענְטֶער שָׁעָה הָאט אִיהם דֶער
53 קַדַחַת אָבְּגֶעלָאזְט. פָאן דֶעם הָאט דֶער פָאטֶער פֶערְשְׁטַאנֶען,
דָאס עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא זֶעלְבֶּע שָׁעָה, ווען יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם
גֶעזָאגְט: דַיין זָאהן אִיז גֶעזוּנְד. אוּן עֶר אַלֵיין אוּן זַיין גַאנְצֶעס הוֹיז
54 הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט. דָאס אִיז דֶער צְווייטֶער וואוּנְדֶער, וָואס יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעמַאכְט ווען עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט פָאן יְהוּדָה קֵיין גָלִיל.
ה נָאךְ דֶעם אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אִידֶעשֶׁער יוֹם טוֹב, אוּן יֵשׁוּעַ אִיז
2 גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. דָארְטֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין

טַייךְ, בּיי דֶעם שַׁער הַצֹאן, וֶועלְכֶען מֶען הָאט אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ
3 גֶערוּפֶען: בֵּית־הַחֶסְדָא, אוּן הָאט גֶעהַאט פִינְף הַאלְלֶען. אִין דִיזֶע
הַאלְלֶען זֶענֶען גֶעלֶעגֶען אַיין גְרוֹיסֶע סַךְ קְרַאנְקֶע, בְּלִינְדֶע,
הִינְקֶענְדִיגֶע, אוֹיסְגֶעדַארְטֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעוַוארְט דִיא בַּאוֶועגוּנְג
4 פָאן דֶעם וַואסֶער. דֶען אַיין גָאטְטֶעס מַלְאָךְ פְלֶעגְט פָאן צַייט
צוּ צַייט אַרָאבּ קוּמֶען אִין דֶעם טַייךְ אוּן הָאט בַּאוֶועגְט דֶעם
וַואסֶער, אוּן וֶוער עֶס אִיז צוּם עֶרְשְׁטֶען אַרַיין גֶעגַאנְגֶען נָאךְ דֶער
בַּאוֶועגוּנְג פָאן דֶעם וַואסֶער, דֶער אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען, פָאן וָואס
5 פַאר אַיין קְרַאנְקְהַייט עֶס הָאט גֶעמֶעגְט זַיין. דָא אִיז גֶעוֶוען אַיין
מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער אִיז שׁוֹין אַכְט אוּן דְרַייסִיג יָאהר קְרַאנְק גֶעוֶוען.
6 וֶוען יְשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזֶעהֶען לִיגֶענְדִיג, אוּן אִיז גֶעוָואר גֶעוָוארֶען
דָאס עֶר לִיגְט שׁוֹין אַיין לַאנְגֶע צַייט, הָאט עֶר אִיהם גֶעזָאגְט:
7 דוּא ווילְסְט גֶעזוּנְד וֶוערֶען? דֶער קְרַאנְקֶער הָאט אִיהם
גֶעעֶנְטְפֶערְט: יַא הֶערְר! אִיךְ הָאבּ אָבֶּער קֵיינֶעם נִיט, וֶוער
עֶס זָאל מִיךְ אַרָאבּ לָאזֶען אִין דֶעם טַייךְ, וֶוען דֶער וַואסֶער
בַּאוֶועגְט זִיךְ; וֶוען אִיךְ קוּם, הָאט שׁוֹין אַיין אַנְדֶערֶער פַאר מִיר
8 זִיךְ אַרָאבּ גֶעלָאזֶען. יְשׁוּעַ זָאגְט אִיהם: שְׁטֶעה אוֹיף, נֶעם מִיט
9 דִיר דַיין בֶּעט אוּן גֶעה. אוּן עֶר אִיז בַּאלְד גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען, אוּן
הָאט גֶענוּמֶען זַיין בֶּעט אוּן אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, דָאס אִיז גֶעוֶוען
10 אוּם שַׁבָּת. דֶעריבֶּער הָאבֶּען דִיא אִידֶען גֶעזָאגְט דֶעם
אוֹיסְגֶעהַיילְטֶען: הַיינְט אִיז שַׁבָּת, דוּא טָארְסְט נִיט טְרָאגֶען דִיא
11 בֶּעט. עֶר הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט: דֶער וָואס הָאט מִיךְ אוֹיסְגֶעהַיילְט,
12 דֶער הָאט מִיר גֶעזָאגְט: נֶעם דַיין בֶּעט אוּן גֶעה? זֵיי הָאבֶּען
אִיהם גֶעפְרֶעגְט: וֶוער אִיז דֶער מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער הָאט דִיר גֶעזָאגְט:
13 נֶעם דַיין בֶּעט אוּן גֶעה? דֶער אוֹיסְגֶעהַיילְטֶער הָאט אָבֶּער נִיט
גֶעוואוּסְט, וֶוער עֶר אִיז, דֶען יְשׁוּעַ אִיז אַרַיין צְווִישֶׁען דֶעם פִיל
14 פָאלְק, וָואס אִיז גֶעוֶוען אוֹיף דִיזֶען אָרְט. נָאךְ דֶעם הָאט יְשׁוּעַ
אִיהם גֶעטְרָאפֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: זֶעה
דוּא בִּיסְט גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען, זִינְדִיג נִיט מֶעהר, כְּדֵי עֶס זָאל דִיר
15 נִיט עֶרְגֶער וֶוערֶען. דֶער מֶענְשׁ אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט דִיא אִידֶען
גֶעזָאגְט, דָאס דֶער, וָואס הָאט אִיהם אוֹיסְגֶעהַיילְט, אִיז יְשׁוּעַ.
16 אוּן דִיא אִידֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֹדֵף'ן יְשׁוּעַן אוּן הָאבֶּען

גְעזוּכְט אִיהם צוּ הַרְגְ'נֶען, דֶער פַאר וָואס עֶר הָאט אָנְגֶעלְכֶעם
17 אוּם שַׁבָּת גֶעטָאן. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט] זֵיי גֶעזָאגְט: מֵיין פָאטֶער
18 אַרְבֵּייט בִּיז יֶעצְט, אוּן אִיךְ אַרְבֵּייט אוֹיךְ. אוּן דִיא אִידֶען הָאבֶּען
נָאךְ מֶעהְרֶער גֶעזוּכְט אִיהם צוּ הַרְגְ'נֶען נִיט נוּר דֶער פַאר, וָואס
עֶר הָאט מְחַלֵל שַׁבָּת גֶעוֶועןְ, נוּר אוֹיךְ דֶערְפַאר, וָואס עֶר רוּפְט
19 גָאטְט מֵיין פָאטֶער, אוּן מַאכְט זִיךְ גְלֵייךְ צוּ גָאטְט. יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִין אֱמֶת'עֶן, אִין אֱמֶת'עֶן, זָאג אִיךְ
אַייךְ: דֶער זָאהן קָאן גָאר נִיט טָאן פָאן זִיךְ אַלֵיין, אוֹיסֶער וֶוען
עֶר זֶעהט נִיט דֶעם פָאטֶער עֶטְווָאס טָאן, דֶען וָואס עֶר טְהוּט,
20 דָאס טְהוּט אוֹיךְ דֶער זָאהן. דֶען דֶער פָאטֶער לִיבְּט דֶעם זָאהן
אוּן ווייזְט אִיהם אַלֶעס, וָואס עֶר אַלֵיין טְהוּט; אוּן עֶר וֶועט אִיהם
21 ווייזֶען גְרֶעסֶערֶע מַעֲשִׂים, דָאס אִיהר וֶועט זִיךְ וואוּנְדֶערֶען. דֶען
אַזוֹי וִויא דֶער פָאטֶער אִיז מְחַיֶה מֵתִים, אַזוֹי אִיז דֶער זָאהן מְחַיֶה
22 וֶועמֶען עֶר וִויל. דֶען דֶער פָאטֶער מִשְׁפָּט קֵיינֶעם נִיט, נוּר דֶעם
23 גַאנְצֶען מִשְׁפָּט הָאט עֶר אַוֶועק גֶעגֶעבֶּען צוּם זָאהן. כְּדֵי אַלֶע
זָאלֶען כָּבוֹד גֶעבֶּען דֶעם זָאהן, אַזוֹי וִויא זֵיי גִיבֶּען כָּבוֹד דֶעם
פָאטֶער, וֶוער עֶס גִיט נִיט כָּבוֹד דֶעם זָאהן דֶער גִיט אוֹיךְ נִיט
24 קֵיין כָּבוֹד דֶעם פָאטֶער וֶועלְכֶער הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט. אִין
אֱמֶת'עֶן, אִין אֱמֶת'עֶן, זָאג אִיךְ אַייךְ: דֶער וֶוער עֶס הֶערְט מֵיין
וָוארְט אוּן גְלוֹיבְּט אִין דֶעם, וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, דֶער
הָאט עֶווִיגֶעס לֶעבֶּען. אוּן קוּמְט נִיט צוּם מִשְׁפָּט, נוּר עֶר אִיז
25 אִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען פָאן טוֹיט צוּם לֶעבֶּען. אִין אֱמֶת'עֶן, אִין אֱמֶת'עֶן,
זָאג אִיךְ אַייךְ: עֶס קוּמְט אָן אַיין צַייט, אוּן זִיא אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען,
וואוּ מֵתִים וֶועלֶען הֶערֶען, דֶעם קוֹל פָאן גָאטְטֶעס זָאהן, אוּן וֶוען
26 זֵיי וֶועלֶען הֶערֶען וֶועלֶען זֵיי לֶעבֶּענְדִיג וֶוערֶען. דֶען אַזוֹי וִויא
דֶער פָאטֶער הָאט אִין זִיךְ אַלֵיין לֶעבֶּען, אַזוֹי אוֹיךְ הָאט עֶר
27 גֶעגֶעבֶּען דֶעם זָאהן צוּ הָאבֶּען לֶעבֶּען אִין זִיךְ אַלֵיין. אוּן הָאט
אִיהם גֶעגֶעבֶּען מַאכְט צוּ מִשְׁפָּט'ן, ווייל עֶר אִיז דֶער בֶּן הָאָדָם.
28 פַארְוואוּנְדֶערְט אַייךְ נִיט אִיבֶּער דִיזֶעס, דֶען עֶס קוּמְט דִיא צַייט,
אִין וֶועלְכֶער אַלֶע, וֶועלְכֶע גֶעפִינֶען זִיךְ אִין דִיא קְבָרִים וֶועלֶען
29 דֶערְהֶערֶען דֶעם קוֹל פָאן דֶעם גָאטְטֶעס זָאהן. אוּן דִיא וָואס
הָאבֶּען גוּטֶעס גֶעטָאן וֶועלֶען אַרוֹיסְקוּמֶען צוּם אוֹיפְשְׁטֶעהוּנג פָאן

לֶעבֶּען. און דיא וָואס הָאבֶּען שׁלֶעכטֶעס גֶעטָאן, צום אויפְשְׁטֶעהוּנג
30 פָאן מִשְׁפָּט. אִיךְ קָאן פָאן מִיר אַלֵיין גָארְנִישְׁט טָאן, וִויא אִיךְ
הֶער אַזוֹי מִשְׁפָּט אִיךְ; און מֵיין מִשְׁפָּט אִיז גֶערֶעכְט, דֶען אִיךְ זוּךְ
נִיט מֵיין וִוילֶען, נוּר דֶעם וִוילֶען פָאן דֶעם פָאטֶער, וֶועלְכֶער הָאט
31 מִיךְ גֶעשִׁיקְט. אוֹיבּ אִיךְ זָאג עֵדוּת אויף זִיךְ אַלֵיין, אַזוֹי אִיז מֵיין עֵדוּת
32 נִיט אֱמֶת. עֶס אִיז דָא אֵיין אַנְדֶערֶער, וָואס זָאגְט עֵדוּת אויף
מִיר: און אִיךְ וֵויים, דָאס עֶס אִיז אֱמֶת דִיא עֵדוּת, וָואס עֶר זָאגְט
33 אויף מִיר. אִיהר הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ יוֹחָנָן, און עֶר הָאט עֵדוּת
34 גֶעזָאגְט אויף דֶעם אֱמֶת. נוּר אִיךְ נֶעהם נִיט אָן קֵיין עֵדוּת פָאן
אֵיין מֶענְשֶׁען, אִיךְ זָאג נוּר דָאס, כְּדֵי אִיהר זָאלְט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען.
35 עֶר אִיז גֶעוֶוען דָאס לִיכְט, וָואס בְּרֶענְט און לֵייכְט, נוּר אִיהר
36 הָאט אֵיינֶע קְלֵיינֶע צֵייט גֶעוָואלְט זִיךְ פְרֵייעֶן אִין זֵיין לִיכְט. אִיךְ
הָאבּ אֵיין עֵדוּת אֵיין גְרֶעסֶערֶען פָאן יוֹחָנָן: דֶען דִיא מַעֲשִׂים,
וֶועלְכֶע דֶער פָאטֶער הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ פָאלֶענְדֶען, דִיזֶע
מַעֲשִׂים, וָואס וֶוערֶען דוּרְךְ מִיר גֶעטָאן, זָאגֶען עֵדוּת אויף מִיר,
37 דָאס דֶער פָאטֶער הָאט מִיר גֶעשִׁיקְט. און דֶער פָאטֶער, וָואס
הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, הָאט אַלֵיין עֵדוּת גֶעזָאגְט אויף מִיר, נוּר אִיהר
הָאט קֵיין מָאל זֵיין קוֹל נִיט גֶעהֶערְט, און זֵיין גֶעשְׁטַאלְט נִיט
38 גֶעזֶעהֶען. און, אִיהר הָאט נִיט זֵיין וָוארְט וָואס וֵויינְט אִין אַייךְ,
39 ווייל אִיהר גְלוֹיבְּט נִיט דֶעם, וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט. אִיהר
פָארְשְׁט אִין דִיא שְׁרִיפְטֶען (תּ״נך), אִין וֶועלְכֶע אִיהר גְלוֹיבְּט
עֶווִיגֶעס לֶעבֶּען צוּ הָאבֶּען, און זֵיי זֵיינֶען עֶס, וֶועלְכֶע פָאן מִיר
40 עֵדוּת זָאגֶען. נוּר אִיהר ווִילְט נִיט קוּמֶען צוּ מִיר, כְּדֵי צוּ הָאבֶּען
41 42 דָאס לֶעבֶּען. אִיךְ נֶעהם נִיט קֵיין כָּבוֹד פָאן מֶענְשֶׁען. נוּר אִיךְ
43 קָאן אַייךְ, דָאס אִיהר הָאט נִיט אִין זִיךְ לִיבֶּע צוּ גָאט. אִיךְ
בִּין גֶעקוּמֶען אִין דֶעם נָאמֶען פָאן מֵיין פָאטֶער, און אִיהר נֶעמְט
מִיךְ נִיט אָן, וֶוען אָבֶּער אֵיין אַנְדֶערֶער קוּמְט אִין זֵיין אֵייגֶענֶעם
44 נָאמֶען, אִיהם וֶועט אִיהר אָנְנֶעהמֶען. וִויא קָאנְט אִיהר גְלוֹיבֶּען,
וֶוען אִיהר נֶעמְט אֵיינֶער פָאן דֶעם אַנְדֶערֶען כָּבוֹד, און דֶעם כָּבוֹד
אָבֶּער, וָואס עֶר אִיז פָאן דֶעם אֵיינְצִיגֶען גָאטְט, דֶעם זוּכְט אִיהר
45 נִיט. דֶענְקְט נִיט, דָאס אִיךְ וֶועל אַייךְ פַארְקְלָאגֶען פַאר דֶעם
פָאטֶער, עֶס אִיז דָא אויף אַייךְ אֵיין מְקַטְרֵג, משֶׁה, דֶער אויף

46 ווֶעלְכֶען אִיהר הָאפְּט. דֶען ווֶען אִיהר ווָאלְט הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט
אִין משֶׁה'ן אַזוֹי ווָאלְט אִיהר מִיר אוֹיךְ גֶעגְלוֹיבְּט, דֶען עֶר הָאט
47 פָאן מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען. ווֶען אִיהר גְלוֹיבְּט נִיט אִין זַיינֶע שְׁרִיפְטֶען
ווִיא ווֶעט אִיהר אִין מַיינֶע ווֶערְטֶער גְלוֹיבֶּען.
ו נָאךְ דֶעם אִיז יֵשׁוּעַ גֶעגַאנְגֶען אוֹיף יֶענֶער זַייט יַם פָאן גָלִיל,
2 ווָאס אִיז בַּיי טְבֶרְיָה. פִיל פָאלְק אִיז אִיהם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, ווייל
זַיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זַיינֶע וואוּנְדֶער, ווָאס עֶר הָאט גֶעטָאן מִיט דִיא
3 קְרַאנְקֶע. יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אוֹיף אֵיין בַּארְג. אוּן אִיז
4 דָארְט גֶעזֶעסֶען מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים. עֶס אִיז אָבֶער נָאהֶענְט
5 פַאר פֶּסַח, דֶער אִידֶעשֶׁער יוֹם טוֹב גֶעוועזֶען. ווֶען יֵשׁוּעַ הָאט
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע אוֹיגֶען אוּן גֶעזֶעהֶען, דָאס פִיל פָאלְק קוּמְט
צוּ אִיהם, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ פִילִיפּוּס'ן; וואוּ ווֶעלֶען מִיר בְּרוֹיט
6 קוֹיפֶען כְּדֵי זַיי זָאלֶען הָאבֶּען צוּ עֶסֶען? דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
כְּדֵי אִיהם אוֹיס צוּ פְּרוּבֶען, דֶען עֶר אַלֵיין הָאט גֶעוואוּסְט, ווָאס
7 עֶר הָאט גֶעווָאלְט מַאכֶען. פִילִיפּוּס הָאט אִיהם גֶעעֶנְטפֶערְט:
צְווֵייא הוּנְדֶערְט דִינָר ווֶעט נִיט גֶענוּג זַיין אוֹיף בְּרוֹיט, דָאס יֶעדֶען
8 פָאן זַיי זָאל אָנְקוּמֶען אֵיין שְׁטִיקֶעל. אֵיינֶער פָאן זַיינֶע תַּלְמִידִים
9 אַנְדְרַי, שִׁמְעוֹן פֶּטְרָ'ס אֵיין בְּרוּדֶער, זָאגְט צוּ אִיהם: דָא אִיז
דָא בַּיי אֵיין אִינְגֶעל פִינְף גֶערְשְׁטֶענֶע בְּרוֹיט אוּן צְווֵיי פִישְׁלַאךְ,
10 נוּר ווָאס אִיז דָאס פַאר אַזוֹי פִיל פָאלְק? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט:
הֵייסְט זַיי זִיךְ אוֹיס צוּ זֶעצֶען, אוֹיף דֶעם אָרְט אִיז גֶעוועזֶען פִיל
גְרָאז. אוּן דִיא לַייט הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעזֶעצְט. אֵיין צָאל אֵיין
11 עֶרֶךְ פָאן פִינְף טוֹיזֶענְט. יֵשׁוּעַ הָאט גֶענוּמֶען דָאס בְּרוֹיט אֵיין
בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּן צוּ טֵיילְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים, אוּן דִיא
תַּלְמִידִים צוּ דִיא ווֶעלְכֶע זֶענֶען גֶעזֶעסֶען, אַזוֹי אוֹיךְ דִיא פִישׁ,
12 יֶעדֶען ווִיפִיל עֶר הָאט גֶעווָאלְט. אוּן ווֶען זַיי זֶענֶען זַאט גֶעווָארֶען,
הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים: נֶעמְט צוּ נוֹיף דִיא בְּרֶעקְלַאךְ
ווָאס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, דָאס עֶס זָאל גָארְנִיט פַארְלָארֶען
13 ווֶערֶען. אוּן זַיי הָאבֶּען צוּזַאמֶען גֶענוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעפִילְט
צווֶעלְף קֶערְבּ מִיט בְּרֶעקְלַאךְ פָאן דִיא פִינְף גֶערְשְׁטֶענֶע בְּרוֹיט,
ווָאס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פָאן דִיא ווָאס הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען.
14 דָאמָאלְסְט הָאבֶּען דִיא מֶענְשֶׁען, ווָאס הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם

וואוּנְדֶער וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטָאן גֶעזָאגְט: דֶער אִיז אִין אֶמֶת'ֶען
15 דֶער נָבִיא, וֶועלְכֶער דַארְף קוּמֶען אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיין. אוּן
יֵשׁוּעַ אִיז גֶעוָואר גֶעוָוארֶען, דָאס מֶען וִויל קוּמֶען אִיהם חַאפֶּען כְּדֵי
מֶען זָאל אִיהם מַאכֶען פַאר אַיין מֶלֶךְ, אִיז עֶר וִוידֶער אַוֶועק אוֹיף
16 אַיין בַּארְג אַיינֶער אַלֵיין. וֶוען עֶס אִיז אָוֶוענְד גֶעוָוארֶען, אַזוֹי זַיינֶען
17 זַיינֶע תַּלְמִידִים אַרָאבּ גֶעגַאנְגֶען צוּם יַם. אוּן זֶענֶען אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען
אִין אַיין שִׁיף אוּן הָאבֶּען זִיךְ אַרִיבֶּער גֶעשִׁיפְט אוֹיף יֶענֶער זַייט
יַם קֵיין כְּפַר־נַחוּם. עֶס אִיז פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען, אוּן יֵשׁוּעַ אִיז צוּ
18 זַיי נִיט גֶעקוּמֶען. דֶער יַם הָאט זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען, וַוייל עֶס הָאט
19 גֶעבְּלָאזֶען אַיין שְׁטַארְקֶער וִוינְד. וֶוען זַיי זֶענֶען אָבְּגֶעפָאהרֶען
אַיין עֶרֶךְ פָאן פִינְף אוּן צְוַואנְצִיג, אָדֶער דְרֵייסִיג סְטַאדְיֶען הָאבֶּען
זַיי דֶערְזֶעהֶען יֵשׁוּעַ'ן גֶעהֶענְדִיג אוֹיפֶען יַם, אוּן עֶר קוּמְט נֶעהֶענְטֶער
20 צוּ דֶער שִׁיף אוּן זַיי הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען. נוּר עֶר הָאט זַיי
21 גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין דָאס, פִירְכְטֶעט אַייךְ נִיט. זַיי הָאבֶּען גֶעוָואלְט
נֶעמֶען יֵשׁוּעַ'ן אִין דֶער שִׁיף, אוּן בַּאלְד אִיז דִיא שִׁיף צוּ גֶעקוּמֶען
22 צוּם בָּארְטֶען, וואוּהִין זַיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעשִׁיפְט. אוֹיף דֶעם
אַנְדֶערֶען טָאג הָאט דָאס פָאלְק, וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פָאן יֶענֶער
זַייט יַם, גֶעזֶעהֶען, דָאס דָארְטֶען אִיז אוֹיסֶער דֶער שִׁיף, אִין
וֶועלְכֶער זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען, קֵיין אַנְדֶערֶע נִיט
גֶעוֶועזֶען, אוּן דָאס יֵשׁוּעַ אִיז נִיט אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער שִׁיף
מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים, אוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין אַוֶועק
23 גֶעשִׁיפְט. דֶערְוַוייל זֶענֶען פָאן טְבֵרְיָה אַנְדֶערֶע שִׁיפֶען אָנְגֶעקוּמֶען
נָאהֶענְט פָאן דֶעם אָרְט וואוּ זַיי הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען דָאס בְּרוֹיט,
24 וָואס דֶער הֶערְר הָאט אַיין בְּרָכָה גֶעמַאכְט. דֶערִיבֶּער וֶוען דָאס
פָאלְק הָאט דֶערְזֶעהֶען, דָאס יֵשׁוּעַ אִיז דָא נִיט דָא, אוּן דִיא
תַּלְמִידִים זֶענֶען אוֹיךְ נִיט דָא, אַזוֹי זֶענֶען זַיי אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען, אִין
דִיא שִׁיפֶען אוּן הָאבֶּען זִיךְ אַרִיבֶּער גֶעשִׁיפְט קֵיין כְּפַר נַחוּם
25 זוּכֶען יֵשׁוּעַ'ן. אוּן וֶוען זַיי הָאבֶּען אִיהם גֶעפוּנֶען אוֹיף יֶענֶער זַייט
יַם, הָאבֶּען זַיי צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: רַבִּי! וֶוען בִּיסְט דוּא אַהֶער
26 גֶעקוּמֶען? יֵשׁוּעַ הָאט זַיי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִין אֶמֶת'ֶען,
אִין אֶמֶת'ֶען, זָאג אִיךְ אַייךְ: אִיהר זוּכְט מִיךְ נִיט וַוייל אִיהר הָאט
גֶעזֶעהֶען מַיינֶע וואוּנְדֶער, נוּר וַוייל אִיהר הָאט גֶעגֶעסֶען דָאס

27 בּרויט און זענט זאט געוואָרען. אַרבּייט ניט פאַר שפּייז, וואָס
ווערט פאַרלאָרען, נור פאַר שפּייז, וואָס בּלייבּט צום עוויגען
לעבּען, וועלכע דער בּן האָדם וועט אייך געבּען, דען איהם האָט
28 גאָט דער פאָטער געחתמ'עט. זיי האָבּען איהם געזאָגט: וואָס
29 זאָלען מיר טאָן, דאָס מיר זאָלען גאָטטעס ווערק טאָן? ישוע
האָט זיי געענטפערט און געזאָגט: נון, גאָטטעס ווערק איז דאָס
30 איהר זאָלט גלויבּען אין דעם, וועמען ער האָט געשיקט. דאַרויף
האָבּען זיי איהם געזאָגט: וואָס פאַר איין צייכען גיבּסט דוא
אונז, כּדי מיר זאָלען זעהען און דיר גלויבּען, וואָס וועסט דוא
31 טאָן? אונזערע עלטערן האָבּען געגעסען מן אין דער מדבּר,
וויא עס איז געשריבּען: בּרויט פאָן דעם הימעל האָט ער זיי
32 געגעבּען עסען. ישוע האָט זיי געזאָגט: אין אמת'ען, אין אמת'ען,
זאָג איך אייך: ניט משה האָט אייך געגעבּען בּרויט פאָן הימעל,
33 נור מיין פאָטער גיבּט דאָס אמת'ע בּרויט פאָן הימעל. דען דאָס
בּרויט פאָן גאָט איז דאָס, וועלכעס געהט אַראָבּ פאָן הימעל,
34 און גיבּט לעבּען דער וועלט. דאַרויף האָבּען זיי איהם געזאָגט:
35 הערר! גיבּ אונז שטענדיג אַזוי איין בּרויט. ישוע זאָגט זיי: איך
בּין דאָס בּרויט פאָן לעבּען; דער וואָס קומט צו מיר וועט ניט
הונגערען, און דער וואָס גלויבּט אין מיר וועט קיין מאָל ניט
36 דאָרשטען. נור איך האָבּ אייך געזאָגט: דאָס ווען אויך איהר
37 האָט מיך געזעהען גלויבּט איהר דאָך ניט. אַלץ וואָס דער
פאָטער גיבּט מיר, קומט צו מיר; און דער ווער עס קומט צו
38 מיר וועל איך ניט אַרויס טרייבּען. דען איך בּין אַראָבּ געקומען
פאָן הימעל ניט דאַרויף, דאָס איך זאָל מיין ווילען טאָן, נור
דען ווילען פאָן דעם פאָטער, וועלכער האָט מיך געשיקט.
39 אָבּער דער ווילען פאָן דעם פאָטער, וועלכער האָט מיך געשיקט
איז דאָס פאָן דעם, וואָס ער האָט מיר געגעבּען, זאָל גאָר ניט
פערלאָרען ווערען, נור דאָס אַלץ אויפצוּוועקען אין דעם לעצטען
40 טאָג. דער ווילען פאָן דעם, וועלכער האָט מיך געשיקט, איז
דאָס יעדער, וואָס זעהט דעם זאָהן, און גלויבּט אין איהם, זאָל
האָבּען עוויגעס לעבּען; און איך וועל איהם אויפוועקען אין דעם
41 לעצטען טאָג. דיא אידען האָבּען אויף איהם פאַריבּעל געהאַט

דֶער פַאר וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין דָאס בְּרוֹיט, וָואס אִיז
42 אַרָאבּ גֶעקוּמֶען פָאן הִימֶעל. אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: אִיז עֶר דֶען
נִיט יֵשׁוּעַ בֶּן יוֹסֵף, וֶועלְכֶענְס פָאטֶער אוּן מוּטֶער מִיר קָאנֶען?
וִויא אַזוֹי דֶען זָאגְט עֶר: אִיךְ בִּין פָאן הִימֶעל אַרָאבְּגֶעקוּמֶען?
43 יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: זֵייט נִיט אוּנְצוּפְרִידֶען
44 צְווִישֶׁען אַייךְ. קֵיינֶער קָאן נִיט קוּמֶען צוּ מִיר וֶוען דֶער פָאטֶער,
וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, צִיהְט אִיהם נִיט; אוּן אִיךְ וֶועל
45 אִיהם אוֹיפְוֶועקֶען אִין דֶעם לֶעצְטֶען טָאג. אִין דִיא נְבִיאִים אִיז
גֶעשְׁרִיבֶּען: אוּן אַלֶע וֶועלֶען זַיין גֶעלֶעהֶרֶענְט פָאן גָאטְט, יֶעדֶער
וָואס הָאט גֶעהֶערְט פָאן דֶעם פָאטֶער אוּן הָאט זִיךְ גֶעלֶעהֶרֶענְט,
46 קוּמְט צוּ מִיר. דָאס אִיז נִיט, דָאס אֵיינֶער הָאט גֶעזֶעהֶען דֶען
פָאטֶער, אוֹיסֶער דֶער וֶוער עֶס אִיז פָאן גָאטְט; עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען
47 דֶעם פָאטֶער. אִין אֱמֶת׳עֶן, אִין אֱמֶת׳עֶן זָאג אִיךְ אַייךְ: וֶוער עֶס
48 גְלוֹיבְּט אִין מִיר דֶער הָאט עֶווִיגֶעס לֶעבֶּען. אִיךְ בִּין דָאס
49 הִימֶעלְשֶׁע בְּרוֹיט. אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען דֶעם מַאן
50 אִין דֶער מִדְבָּר אוּן זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען. דָאס בְּרוֹיט אָבֶּער,
וָואס קוּמְט פָאן הִימֶעל אִיז אַזֶעלְכֶעס דָאס וֶוער עֶס עֶסְט עֶס,
51 שְׁטַארְבְּט נִיט. אִיךְ בִּין דָאס בְּרוֹיט פָאן לֶעבֶּען, וֶועלְכֶעס אִיז
אַרָאבְּגֶעקוּמֶען פָאן הִימֶעל, דֶער וָואס עֶסְט פָאן דִיזֶען בְּרוֹיט
וֶועט לֶעבֶּען עֶווִיג; דָאס בְּרוֹיט, וֶועלְכֶעס אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען אִיז
מֵיין פְלֵייש, וָואס אִיךְ וֶועל אַוֶועקְגֶעבֶּען פַאר דֶעם לֶעבֶּען פָאן
52 דֶער וֶועלְט. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען דִיא אִידֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען וִכּוּחִים
צוּ הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ אוּן גֶעזָאגְט: וִויא אַזוֹי קָאן עֶר אוּנְז גֶעבֶּען
53 עֶסֶען זֵיין פְלֵייש? יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעזָאגְט: אִין אֱמֶת׳עֶן, אִין
אֱמֶת׳עֶן זָאג אִיךְ אַייךְ: וֶוען אִיהר וֶועט נִיט עֶסֶען דָאס פְלֵייש
פָאן דֶעם בֶּן הָאָדָם אוּן נִיט טְרִינְקֶען זֵיין בְּלוּט, אַזוֹי וֶועט אִיהר
54 אִין זִיךְ קֵיין לֶעבֶּען נִיט הָאבֶּען. דֶער וָואס עֶסְט מֵיין פְלֵייש
אוּן טְרִינְקְט מֵיין בְּלוּט הָאט עֶווִיגֶעס לֶעבֶּען; אוּן אִיךְ וֶועל אִיהם
55 אוֹיפְוֶועקֶען אִין דֶעם לֶעצְטֶען טָאג. דֶען מֵיין פְלֵייש אִיז אִין
אֱמֶת׳עֶן אֵיין שְׁפֵּייז אוּן מֵיין בְּלוּט אִיז אִין אֱמֶת׳עֶן אֵיין מַשְׁקֶה.
56 דֶער וָואס עֶסְט מֵיין פְלֵייש אוּן טְרִינְקְט מֵיין בְּלוּט, דֶער אִיז
57 אִין מִיר אוּן אִיךְ אִין אִיהם. אַזוֹי וִויא דֶער לֶעבֶּענְדִיגֶער פָאטֶער

הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּן אִיךְ לֶעבּ פַאר מֵיין פָאטֶער, אוֹיךְ דֶער
58 וָואס עֶסְט מִיךְ וֶועט לֶעבֶּען פַאר מִיר. דָאס אִיז דָאס בְּרוֹיט,
וָואס אִיז אַרָאבּ גֶעקוּמֶען פָאן הִימֶעל, נִיט אַזוֹי ווִיא אֵייעֶרֶע
עֶלְטֶערְן הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען מַן אוּן זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען: דֶער וָואס
59 עֶסְט דִיזֶעס בְּרוֹיט וֶועט לֶעבֶּען עֶווִיג. דָאס הָאט עֶר גֶערֶעט אִין
60 שׁוּל, וֶוען עֶר הָאט גֶעלֶערֶענְט אִין כְּפַר נַחוּם. פִיל פָאן זֵיינֶע
תַּלְמִידִים, וֶוען זֵיי הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט הָאבֶּען גֶעזָאגְט: וָואס
61 פַאר הַארְטֶע רֶעד; וֶוער קָאן דָאס הֶערֶען. נוּר יְשׁוּעַ הָאט
דָאס זֶעלְבְּסְט אִין זִיךְ גֶעווּאוּסְט דָאס זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֵיינֶען
דֶערִיבֶּער אוּנְצוּפְרִידֶען, הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט: אִיז דָאס פַאר
62 אֵייךְ אֵיין שְׁטְרוֹיכְלוּנְג? אוּן ווִיא וֶוען אִיהר וֶועט זֶעהֶען דֶעם בֶּן
63 הָאָדָם אַרוֹיפְגֶעהְן וואוּ עֶר אִיז פְרִיהֶער גֶעוֶועזֶען? דֶער גֵייסְט
אִיז עֶס, וֶועלְכֶער לֶעבֶּעדִיג מַאכְט; דָאס פְלֵייש נִיצְט נִיט. דִיא
64 וֶוערְטֶער, וָואס אִיךְ רֶעד צוּ אֵייךְ, זֶענֶען גֵייסְט אוּן לֶעבֶּען. נוּר
פָאן אֵייךְ אִיז דָא אֵיינִיגֶע אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע, דֶען יְשׁוּעַ הָאט פָאן אָנְפַאנְג
אָן גֶעווּאוּסְט, ווֶער עֶס זֶענֶען אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע, אוּן וֶוער עֶס וֶועט אִיהם
65 מַסֶר'ן. אוּן הָאט גֶעזָאגְט: דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אֵייךְ גֶעזָאגְט:
דָאס קֵיינֶער קָאן נִיט קוּמֶען צוּ מִיר, אוֹיבּ דָאס אִיז אִיהם נִיט
66 גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען פָאן מֵיין פָאטֶער. פָאן דִיזֶער צֵייט זֶענֶען
פִיל פָאן זֵיינֶע תַּלְמִידִים אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען פָאן אִיהם, אוּן זֶענֶען
67 שׁוֹין מִיט אִיהם נִיט גֶעגַאנְגֶען. דַאמָאלְסְט הָאט יְשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ
68 דִיא צְוֶועלְף: ווִילְט אִיהר אוֹיךְ נִיט אַוֶועק גֶעהְן? שִׁמְעוֹן פֶּטֶר
הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: הֶערְר! צוּ וֶועמֶען זָאלֶען מִיר גֶעהֶען?
69 דוּא הָאסְט וֶוערְטֶער פָאן עֶווִיגֶען לֶעבֶּען. אוּן מִיר הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט
אוּן דֶערְקֶענְט, דָאס דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ, דֶער זָאהְן פָאן דֶעם
70 לֶעבֶּענְדִיגֶען גָאטְט. יְשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: הָאבּ אִיךְ
דֶען נִיט אֵייךְ צְוֶועלְף אוֹיסְדֶערְוֶועלְט? נוּר אֵיינֶער פָאן אֵייךְ
71 אִיז אֵיין שָׂטָן. דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט, וֶועגֶען יְהוּדָה בֶּן שִׁמְעוֹן
אִישׁ קְרִיּוֹת, דֶען דֶער אִיז גֶעוֶועזֶען פָאן דִיא צְוֶועלְף, אוּן הָאט
אִיהם גֶעזָאלְט מַסֶר'ן.

ז נָאךְ דֶעם אִיז יְשׁוּעַ אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין גָלִיל, דֶען אִין יְהוּדָה
הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט אַרוּמְגֶעהְן, ווֵייל דִיא אִידֶען הָאבֶּען אִיהם

גֶעזוּכְט צוּ הַרְגֶ׳נֶען. עֶס הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶענְט דֶער אִידֶעשֶׁער יוֹם 2
טוֹב סֻכּוֹת. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען זַיינֶע בְּרִידֶער אִיהם גֶעזָאגְט: 3
גֶעה אַוֶועק פָאן דַאנֶען אוּן גֶעה קַיין יְהוּדָה, כְּדֵי אוֹיךְ דֵיינֶע
תַּלְמִידִים זָאלֶען זֶעהֶען דִיא מַעֲשִׂים, וָואס דוּא טְהוּסְט. דֶען 4
קֵיינֶער טְהוּט נִיט עֶטְוָואס אִין פַארְבָּארְגֶענֶעם, וֶוען עֶר וִויל זִיךְ
בֶּעקַאנְט מַאכֶען, וֶוען דוּא מַאכְסְט אַזֶעלְכֶע מַעֲשִׂים, בֶּעוֵויז דִיךְ
פַאר דֶער וֶועלְט. דֶען אוֹיךְ זַיינֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען אִין אִיהם נִיט 5
גֶעגְלוֹיבְּט. דַארוֹיף הָאט יְשׁוּעַ זֵיי גֶעזָאגְט: מֵיין צַייט אִיז נָאךְ 6
נִיט גֶעקוּמֶען, אֵייעֶר צַייט אִיז תָּמִיד פַארְטִיג. אַייךְ קָאן דִיא 7
וֶועלְט נִיט פֵיינְד הָאבֶּען, מִיךְ אָבֶּער הָאט זִיא פֵיינְד, וֵוייל אִיךְ
זָאג עֵדוּת אוֹיף אִיהר, דָאס אִיהרֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען בֶּעזֶע. אִיהר 8
גֶעהְט אוֹיף יוֹם טוֹב, אוּן אִיךְ וִויל נָאךְ נִיט גֶעהְן אוֹיף יוֹם טוֹב,
וֵוייל מֵיין צַייט אִיז נָאךְ נִיט דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען. דָאס הָאט עֶר 9
זֵיי גֶעזָאגְט, אוּן אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין גָלִיל. נוּר וֶוען דִיא 10
בְּרִידֶער זֶענֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אוֹיף יוֹם טוֹב אִיז עֶר אוֹיךְ
גֶעגַאנְגֶען, נִיט עֶפֶענְטְלִיךְ, נוּר אִין פֶערְבָּארְגֶענֶעם. דִיא אִידֶען 11
הָאבֶּען אִיהם גֶעזוּכְט אוּם יוֹם טוֹב, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: וואוּ אִיז
עֶר? פִיל מַחֲלוֹקֶת אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער אִיהם צְווִישֶׁען פָאלְק: 12
אֵיינֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר אִיז אֵיין גוּטֶער, אוּן אַנְדֶערֶע הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: נֵיין, עֶר פַארְפִיהְרְט דָאס פָאלְק. נוּר קֵיינֶער הָאט נִיט 13
גֶערֶעדֶעט פָאן אִיהם עֶפֶענְטְלִיךְ, זֵיי הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פַאר
דִיא אִידֶען. וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אִין הַאלְבֶּען יוֹם טוֹב, 14
אִיז יְשׁוּעַ אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּן הָאט גֶעלֶעהֶרֶענְט.
אוּן דִיא אִידֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: וִויא קוּמְט 15
עֶר צוּ דִיא שְׁרִיפְט (ת״נך) גֶעלֶעהְרְזַאמְקֵייט, וֶוען עֶר הָאט נִיט
גֶעלֶעהֶרֶענְט? יְשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: מֵיין 16
לֶעהֶרֶע אִיז נִיט מֵיינֶע, נָאר פָאן דֶעם וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט.
וֶוער עֶס וִויל טָאן זֵיין ווִילֶען דֶער פַארְשְׁטֶעהְט מֵיין לֶעהֶרֶע אוֹיבּ 17
זִיא אִיז פָאן גָאטְט, אָדֶער אִיךְ רֶעד פָאן זִיךְ אַלֵיין. דֶער וָואס 18
רֶעט, פָאן זִיךְ אַלֵיין, זוּכְט זֵיין אֵייגֶענֶעם כָּבוֹד, אָבֶּער דֶער, וָואס
זוּכְט דֶעם כָּבוֹד פָאן דֶעם, וֶועלְכֶער הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט, דֶער
אִיז אֱמֶת, אוּן הָאט אִין זִיךְ נִיט קֵיין אוּנְרֶעכְט. הָאט אַייךְ דֶען 19

ניט משה געגעבען דיא תורה? און קיינער פאן אייך טהוט ניט
20 דיא תורה, פאר וואס ווילט איהר מיך הרג'נען? דאס פאלק
האט איהם געענטפערט: איין שד איז אין דיר, ווער זוכט דיך
21 צו הרג'נען? ישוע האט געענטפערט און זיי געזאגט: איין ווערק
22 האב איך געטאן, און איהר אלע וואונדערט זיך. משה האט
אייך געגעבען דיא מצות מילה (הגם זיא איז ניט פאן משה'ן, נור
23 פאן דיא אבות) און איהר זייט מל איין זכר אום שבת. און
אויב איין מענש ווערט גע'מל'ט אום שבת, כדי עס זאל ניט צו
שטערט ווערען תורת משה; וואס זענט איהר אויף מיר אין
כעס דער פאר וואס איך האב איין גאנצען מענשען אויסגעהיילט
24 אום שבת. משפט ניט נאכען אנזעהען, נור משפט איין גערעכטען
25 משפט. און אייניגע מענשען פאן ירושלים האבען געזאגט: איז
26 ער ניט דער, וועלכען מען זוכט צו הרג'נען. און נון, ער רעדעט
עפענטליך, און קיינער זאגט איהם גאר ניט; אפשר האבען זיך
דיא עלטסטע איבער געצייגט, דאס ער איז אין אמת'ען דער
27 משיח? נור מיר קאנען איהם פאן וואנען ער איז; דער משיח
ווען ער וועט קומען וועט קיינער ניט וויסען פאן וואנען ער איז.
28 דאמאלסט האט ישוע גערופען אין דער הויף, געלעהרענט און
געזאגט: איהר קענט מיך, און אויך ווייסט איהר פאן וואנען איך
בין, און איך בין ניט געקומען פאן מיר אליין, נור עס איז דא
איין אמת'ער, וועלכער האט מיך געשיקט, איהם קענט איהר ניט.
29 איך קאן איהם, ווייל איך בין פאן איהם, און ער האט מיך
30 געשיקט. און זיי האבען געזוכט איהם צו חאפען, נור קיינער
האט אויף איהם דיא האנד ניט געלייגט, ווייל זיין שעה איז נאך
31 ניט געקומען. פיל פאן דעם פאלק האבען געגלויבט אין איהם
און האבען געזאגט: אויב דער משיח וועט קומען, וועט ער דען
32 מעהר וואונדער טאן, וויא דער האט געטאן? דיא פרושים
האבען דערהערט אזעלכע דבורים איבער איהם פאן דעם
פאלק, האבען זיי און דיא עלטסטע כהנים געשיקט דינער איהם
33 צו חאפען. און ישוע האט זיי געזאגט: נאך איין קליינע צייט
בין איך ביי אייך, און איך וועל געהען צו דעם, וועלכער האט
34 מיך געשיקט. איהר וועט מיך זוכען און וועט מיך ניט געפינען,

35 אוּן וואוּ אִיךְ וֵועל זֵיין, קָאנְט אִיהר אַהִין נִיט קוּמֶען. דִיא אִידֶען
הָאבֶּען אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט: וואוּהִין ווִיל דֶער גֶעהֶן;
דָאס מִיר וֶועלֶען אִיהם נִיט גֶעפִינֶען, אֶפְשַׁר ווִיל עֶר גֶעהֶן צוּ דִיא,
וָואס זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט אוּנְטֶער דִיא גְרִיכֶען, אוּן וֶועט לֶערְנֶען
36 דִיא גְרִיכֶען? וָואס בֶּעדֵייטֶען דִיא וֶוערְטֶער, וָואס עֶר הָאט
גֶעזָאגְט: אִיהר וֶועט מִיךְ זוּכֶען אוּן וֶועט מִיךְ נִיט גֶעפִינֶען, אוּן
37 וואוּ אִיךְ וֶועל זֵיין קָאנְט אִיהר אַהִין נִיט קוּמֶען? אִין דֶעם
לֶעצְטֶען גְרוֹיסֶען טָאג פָאן יוֹם טוֹב אִיז יֵשׁוּעַ גֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִין
דֶערְהוֹיךְ גֶעזָאגְט: וֶוער עֶס אִיז דָארְשְׁטִיג לָאז עֶר קוּמֶען צוּ מִיר
38 אוּן טְרִינְקֶען. וֶוער עֶס גְלוֹיבְּט אִין מִיר וִויא דִיא שְׁרִיפְט (תַּ"נַךְ)
זָאגְט, וֶועט פָאן זֵיין לֵייבּ טֵייכֶען מִיט לֶעבֶּענְדִיגֶעם וַואסֶער
39 פְלִיסֶען. דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוֹיף דֶעם גֵייסְט, וֶועלְכֶען דִיא
גְלוֹיבִּיגֶע אִין אִיהם וֶועלֶען מְקַבֵּל זֵיין; וֵוייל עֶס אִיז נָאךְ נִיט
גֶעוֶועזֶען דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ גֶעגֶעבֶּען, ווֵייל יֵשׁוּעַ אִיז נָאךְ נִיט
40 פַארְהֶערְלִיכְט גֶעוָוארֶען. פִיל פָאן דֶעם פָאלְק, וֶוען זֵיי
הָאבֶּען גֶעהֶערְט דִיזֶע וֶוערְטֶער, הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דֶער אִיז אִין
41 אֶמֶת׳ען אֵיין נָבִיא. אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט: עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ,
אוּן נָאךְ אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט: וֶועט דֶען דֶער מָשִׁיחַ קוּמֶען
42 פָאן גָלִיל? אִיז דֶען נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיא שְׁרִיפְט (תַּנַ"ךְ), דָאס
דֶער מָשִׁיחַ וֶועט אַרוֹיסְקוּמֶען פָאן דָוִד׳ס קִינְדֶער, פָאן בֵּית לֶחֶם,
43 וואוּ דָוִד אִיז גֶעוֶועזֶען? אוּן עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין מַחֲלוֹקֶת
44 צְווִישֶׁען פָאלְק אִיבֶּער אִיהם. אֵיינִיגֶע פָאן זֵיי הָאבֶּען אִיהם
גֶעוָואלְט חַאפֶּען, נוּר קֵיינֶער הָאט אוֹיף אִיהם דִיא הַאנְד נִיט
45 גֶעלֵייגְט. דִיא דִינֶער הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ דִיא
עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן פְּרוּשִׁים; אוּן דִיזֶע הָאבֶּען זֵיי גֶעזָאגְט, פַארְוָואס
46 הָאט אִיהר אִיהם נִיט גֶעבְּרַאכְט? דִיא דִינֶער הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט:
קֵיין מָאל הָאט אֵיין מֶענְשׁ נִיט גֶערֶעט אַזוֹי וִויא דִיזֶער מֶענְשׁ.
47 דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: זֶענְט אִיהר אוֹיךְ פַארְפִיהְרְט
48 גֶעוָוארֶען? הָאט דֶען אֵיינֶער פָאן דִיא עֶלְסְטֶע אָדֶער פְּרוּשִׁים
49 אִין אִיהם גֶעגְלוֹיבְּט? נוּר דָאס פָאלְק, וָואס קֶענֶען נִיט דִיא
50 תּוֹרָה, פֶערְשָׁאלְטֶען זֶענֶען זֵיי. נַקְדִימוֹן, וֶועלְכֶער אִיז גֶעקוּמֶען
צוּ אִיהם אִין דֶער נַאכְט, אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶער פָאן זֵיי, אוּן הָאט

51 זַיי גֶעזָאגְט: מִשְׁפָּט דֶען אוּנְזֶער תּוֹרָה אַיין מֶענְשֶׁען אֵיידֶער זִיא
52 הֶערְט אִיהם אוֹיס אוּן װֵייסְט װָאס עֶר הָאט גֶעטָאן? זַיי הָאבֶּען
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: בִּיסְט דוּא אֶפְשַׁר אוֹיךְ פָאן גָלִיל?
קְלֶעהר נָאךְ, אוּן זֶעה, דָאס פָאן גָלִיל אִיז קֵיין נָבִיא נִיט אוֹיפְ־
53 גֶעשְׁטַאנֶען. אוּן יֶעדֶער אִיז אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען.
ח יְשׁוּעַ אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּם הַר הַזֵּתִים. אִין דֶער פְרִיה אִיז עֶר
2 װִידֶער גֶעקוּמֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז צוּ
3 אִיהם גֶעקוּמֶען, עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אוּן הָאט זַיי גֶעלֶערֶענְט. דִיא
סוֹפְרִים אוּן פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט פַאר אִיהם אֵיינֶע פְרוֹי,
װָאס מֶען הָאט אִיהר גֶעחַאפְּט אִין אֵיין נִאוּף, אוּן װֶען מֶען הָאט
4 זִיא גֶעשְׁטֶעלְט אִין מִיטֶען, הָאבֶּען זַיי אִיהם גֶעזָאגְט: רַבִּי! דִיא
5 פְרוֹי אִיז גֶעחַאפְּט גֶעװָארֶען אִין אֵיין מַעֲשֶׂה פָאן נִאוּף. אוּן משֶׁה
הָאט אוּנְז אִין דֶער תוֹרָה בַּאפוֹילֶען, אַזֶעלְכֶע צוּ פַארְשְׁטֵיינֶען,
6 װָאס זָאגְסְט דוּא? דָאס הָאבֶּען זַיי גֶערֶעט, כְּדֵי אִיהם צוּ פְּרוּבֶען
אוּן צוּ גֶעפִינֶען עֶטְװָאס מִיט װָאס אִיהם צוּ פַארְקְלָאגֶען. אוּן
יְשׁוּעַ הָאט זִיךְ אַרָאבְּגֶעבּוֹיגֶען אוּן הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט דֶעם
7 פִינְגֶער אוֹיף דֶער עֶרְד. װֶען זַיי הָאבֶּען נָאךְ אֵיין מָאל אִיהם
גֶעפְרֶעגְט: הָאט עֶר זִיךְ אַהִין גֶעשְׁטֶעלְט אוּן הָאט זַיי גֶעזָאגְט:
װֶער פָאן אַייךְ אִיז אָן אֵיין זִינְדֶע, דֶער זָאל דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁטֵיין
8 אוֹיף אִיהר װַארְפֶען. אוּן הָאט װִידֶער זִיךְ אַרָאבְּגֶעבּוֹיגֶען, אוּן
9 הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דֶער עֶרְד. װֶען זַיי הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט:
הָאט זַייעֶר גֶעװִיסֶען זַיי גֶעשְׁטְרָאפְט. אוּן זַיי זֶענֶען אֵיינֶער נָאךְ
דֶעם אַנְדֶערֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, פָאן דִיא עֶלְטְסְטֶע בִּיז דִיא אִינְגְסְטֶע,
אוּן יְשׁוּעַ אִיז אֵיינֶער אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען, אוּן דִיא פְרוֹי, װֶעלְכֶע אִיז
10 אִין מִיטֶען גֶעשְׁטַאנֶען. יְשׁוּעַ הָאט זִיךְ אַהִינְגֶעשְׁטֶעלְט, אוּן װֶען
עֶר הָאט קֵיינֶעם נִיט גֶעזֶעהֶען, אוֹיסֶער דֶער פְרוֹי, הָאט עֶר אִיהר
גֶעזָאגְט: אִשָּׁה! װאוּ זֶענֶען דֵיינֶע בֶּעשׁוּלְדִיגֶער? קֵיינֶער הָאט דִיךְ
11 נִיט פֶערְאוּרְטֵיילְט? זִיא הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט: קֵיינֶער נִיט הֶערְר!
יְשׁוּעַ זָאגְט אִיהר: אוֹיךְ אִיךְ פֶערְאוּרְטֵייל דִיר נִיט, גֶעה דֵיין װֶעג,
12 אוּן זִינְדִיג נִיט מֶעהר. יְשׁוּעַ הָאט נָאךְ גֶערֶעט צוּ זַיי אוּן
הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין דָאס לִיכְט פָאן דֶער װֶעלְט. װֶער עֶס װֶעט
מִיר נָאךְ גֶעהן װֶעט נִיט גֶעהן אִין דֶער פִינְסְטֶער, נוּר עֶר װֶעט

13 הָאבֶּען דָאס לִיכְט פָאן לֶעבֶּען. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען אִיהם דִיא
פְּרוּשִׁים גֶעזָאגְט: דוּא זָאגְסְט עֵדוּת אוֹיף דִיר אַלֵיין, אִיז דֵיין
14 עֵדוּת נִיט אֱמֶת. יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי אֵיין עֶנְטְפֶער גֶעזָאגְט: אֲפִילוּ וֶוען
אִיך זָאל עֵדוּת זָאגֶען אוֹיף מִיר אַלֵיין אִיז מֵיין עֵדוּת אֱמֶת, וֵוייל
אִיך וֵוייס, פָאן וַואנֶען אִיך בִּין גֶעקוּמֶען, אוּן וואוּהִין אִיך גֶעה,
אָבֶּער אִיהר וֵוייסְט נִיט פָאן וַואנֶען אִיך בִּין, אוּן וואוּהִין אִיך גֶעה.
15 אִיהר טְהוּט מִשְׁפָּט׳ן, נָאךְ דֶעם פְלֵייש נָאךְ, אִיך אָבֶּער מִשְׁפָּט
16 נִיט קֵיינֶעם. אוּן אוֹיבּ אִיך מִשְׁפָּט, אַזוֹי אִיז מֵיין מִשְׁפָּט אֱמֶת,
וֵוייל אִיך בִּין נִיט אֵיינֶער, נוּר אִיך אוּן דֶער פָאטֶער, וֶועלְכֶער
17 הָאט מִיך גֶעשִׁיקְט. אוּן אוֹיך אִין אֵייעֶר תּוֹרָה אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען,
18 דָאס עֵדוּת פָאן צְוֵויי מֶענְשֶׁען אִיז אֱמֶת. אִיך אַלֵיין זָאג עֵדוּת
אוֹיף מִיר אוּן דֶער פָאטֶער, וֶועלְכֶער הָאט מִיך גֶעשִׁיקְט זָאגְט
19 עֵדוּת אוֹיף מִיר. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: וואוּ אִיז דֵיין
פָאטֶער? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט: אִיהר קָאנְט מִיך נִיט, אוּן נִיט
מֵיין פָאטֶער, וֶוען אִיהר וָואלְט מִיך קָאנֶען, אַזוֹי וָואלְט אִיהר
20 מֵיין פָאטֶער גֶעקֶענְט. דִיזֶע רֶעד הָאט יֵשׁוּעַ גֶערֶעדֶעט אִין בֵּית
הָאוֹצָר (שַׁאטְץ קַאמֶער) וֶוען עֶר הָאט גֶעלֶעהֶרֶענְט אִין בֵּית
הַמִקְדָשׁ, אוּן קֵיינֶער הָאט אִיהם נִיט גֶענוּמֶען, וֵוייל עֶס אִיז נָאךְ
21 נִיט גֶעקוּמֶען זֵיין שָׁעָה. יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי נָאךְ אֵיין מָאל גֶעזָאגְט:
אִיך גֶעה אַוֶועק, אוּן אִיהר וֶועט מִיך זוּכֶען, אוּן אִיהר וֶועט
שְׁטַארְבֶּען אִין אֵייעֶרֶע זִינְד, וואוּ הִין אִיך גֶעה קָאנְט אִיהר נִיט
22 קוּמֶען? דִיא אִידֶען הָאבֶּען גֶעזָאגְט: וִויל עֶר זִיך דֶען אַלֵיין
טוֹיטֶען, וָואס עֶר זָאגְט: וואוּהִין אִיך גֶעה קָאנְט אִיהר נִיט קוּמֶען?
23 עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִיהר זֶענְט פָאן אוּנְטֶען, אִיך בִּין פָאן אוֹיבֶּען,
אִיהר זֶענְט פָאן דֶער וֶועלְט, אִיך בִּין נִיט פָאן דֶער וֶועלְט.
24 דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיך אַייך גֶעזָאגְט: אִיהר וֶועט שְׁטַארְבֶּען אִין
אֵייעֶרֶע זִינְד, דֶען וֶוען אִיהר וֶועט נִיט גְלוֹיבֶּען, דָאס אִיך בִּין עֶס,
25 אַזוֹי וֶועט אִיהר שְׁטַארְבֶּען אִין אֵייעֶרֶע זִינְד. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען
זֵיי אִיהם גֶעזָאגְט: וֶוער בִּיסְט דוּא דֶען? יֵשׁוּעַ זָאגְט זֵיי:
דֶערְזֶעלְבִּיגֶער, וֶועלְכֶער אִיך הָאבּ צוּ אַייך פָאן אָנְפַאנְג גֶערֶעדֶעט.
26 אִיך הָאבּ פִיל צוּ זָאגֶען אוּן מִשְׁפָּט׳ן אִיבֶּער אַייך, אָבֶּער דֶער,
וֶועלְכֶער הָאט מִיך גֶעשִׁיקְט, אִיז אֱמֶת אוּן וָואס אִיך הָאבּ פָאן

27 אִיהם גֶעהֶערְט, דָאס זָאג אִיךְ דֶער װֶעלְט. אוּן זֵיי הָאבֶּען נִיט
פַארְשְׁטַאנֶען, דָאס עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אוֹיף דֶעם פָּאטֶער.
28 דַאמָאלְסְט הָאט יֵשׁוּעַ זֵיי גֶעזָאגְט: װֶען אִיהר װֶעט אוֹיפְהוֹיבֶּען
דֶעם בֶּן הָאָדָם, װֶעט אִיהר דַאמָאלְסְט גֶעװָאר װֶערֶען, דָאס אִיךְ
בִּין עֶס, אוּן דָאס אִיךְ טְהוּעֶ גָאר נִיט פָּאן מִיר אַלֵיין, נוּר װִיא
29 מֵיין פָּאטֶער הָאט מִיךְ גֶעלֶעהֶרֶענְט אַזוֹי רֶעד אִיךְ. דֶער װֶעלְכֶער
הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אִיז מִיט מִיר; דֶער פָּאטֶער הָאט מִיךְ נִיט
גֶעלָאזֶען אַלֵיין, דֶען אִיךְ טְהוּ שְׁטֶענְדִיג דָאס, װָאס אִיהם גֶעפֶעלְט.
30 װֶען עֶר הָאט דָאס גֶערֶעט, הָאבֶּען פִּיל אִין אִיהם גֶעגְלוֹיבְּט.
31 אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא אִידֶען, װֶעלְכֶע הָאבֶּען אִין אִיהם
גֶעגְלוֹיבְּט: װֶען אִיהר װֶעט בְּלֵייבֶּען אִין מֵיין װָארְט, אַזוֹי װֶעט
32 אִיהר אִין אֶמֶת'עֶן מֵיינֶע תַּלְמִידִים זֵיין. אוּן אִיהר װֶעט דֶערְקֶענֶען
33 דֶעם אֶמֶת, אוּן דֶער אֶמֶת װֶעט אַייךְ פְּרֵיי מַאכֶען. זֵיי הָאבֶּען
אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: מִיר זֶענֶען אַבְרָהָם'ס קִינְדֶער אוּן מִיר זֶענֶען
קֵיין מָאל קֵיינֶעמְס קְנֶעכְט נִיט גֶעװֶען, װִיא אַזוֹי דֶען זָאגְסְט דוּא:
34 אִיהר װֶעט פְּרֵיי װֶערֶען? יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט: אִין
אֶמֶת'עֶן, אִין אֶמֶת'עֶן, זָאג אִיךְ אַייךְ: יֶעדֶער, װֶעלְכֶער טְהוּט אַיין
35 זִינְדֶע, אִיז אַיין קְנֶעכְט פָּאן דֶער זִינְדֶע. אוּן אַיין קְנֶעכְט בְּלֵייבְּט
36 נִיט עֶוִויג אִין הוֹיז, אַיין זָאהן בְּלֵייבְּט עֶוִויג. דֶערִיבֶּער װֶען דֶער
זָאהן װֶעט אַייךְ פְּרֵיי מַאכֶען, אַזוֹי װֶעט אִיהר אִין אֶמֶת'עֶן פְּרֵייעֶ
37 זֵיין. אִיךְ װֵייס, דָאס אִיהר זֶענְט אַבְרָהָם'ס קִינְדֶער, אָבֶּער אִיהר
זוּכְט מִיךְ צוּ הַרְגֶ'נֶען מַחֲמַת מֵיין װָארְט הָאט קֵיין אָרְט נִיט אִין
38 אַייךְ. אִיךְ רֶעד דָאס, װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען בֵּיי מֵיין פָּאטֶער,
אִיהר אָבֶּער טְהוּט דָאס, װָאס אִיהר הָאט גֶעזֶעהֶען בֵּיי אֵייעֶרֶען
39 פָּאטֶער. זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: אוּנְזֶער פָּאטֶער
אִיז אַבְרָהָם. יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: װֶען אִיהר װָאלְט זֵיין
אַבְרָהָם'ס קִינְדֶער, אַזוֹי װָאלְט אִיהר אַבְרָהָם'ס מַעֲשִׂים גֶעטָאן.
40 יֶעצְט אָבֶּער זוּכְט אִיהר מִיךְ צוּ הַרְגֶ'נֶען, אֵיין מַאן װֶעלְכֶער הָאט
אַייךְ גֶעזָאגְט דֶעם אֶמֶת, װָאס עֶר הָאט גֶעהֶערְט פָּאן גָאטְט;
41 אַבְרָהָם הָאט דָאס נִיט גֶעטָאן. אִיהר טְהוּט דִיא מַעֲשִׂים פָּאן
אֵייעֶרֶען פָּאטֶער. דַארוֹיף הָאבֶּען זֵיי אִיהם גֶעזָאגְט: מִיר זֶענֶען
נִיט גֶעבָּארֶען גֶעװָארֶען פָּאן זְנוּת, מִיר הָאבֶּען גָאטְט, פַאר אֵיין

42 פָּאטֶער. יֵשׁוּעַ זָאגְט זֵיי: וֶוען גָאטְט וָואלְט אֵייעֶר פָּאטֶער גֶעוֶועזֶען,
אַזוֹי וָואלְט אִיהר מִיךְ לִיבּ גֶעהאט, וֵוייל אִיךְ בִּין פָאן גָאטְט
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּן גֶעקוּמֶען; דֶען אִיךְ בִּין נִיט פָאן מִיר אַלֵיין
43 גֶעקוּמֶען, נוּר עֶר הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט. וָוארוּם פַארְשְׁטֶעהט אִיהר
44 נִיט מֵיינֶע רֵייד? וֵוייל אִיהר קָאנְט נִיט הֶערֶען מֵיין וָוארְט. אִיהר
זֶענְט פָאן אֵייעֶר פָּאטֶער דֶעם שָׂטָן, אוּן ווִילְט טָאן דִיא תַּאֲוֹת
פָאן אֵייעֶר פָּאטֶער, עֶר אִיז אֵיין רוֹצֵחַ פָאן מֶענְשֶׁען פָאן אָנְפַאנְג
אָן, אוּן אִיז אִין דֶעם אֱמֶת נִיט גֶעוֶוען, וֵוייל אִין אִיהם אִיז קֵיין
אֱמֶת נִיט דָא, וֶוען עֶר רֶעט שֶׁקֶר רֶעט עֶר פָאן זֵיין אֵייגֶענֶעם,
45 וֵוייל עֶר אִיז אֵיין לִיגְנֶער, אוּן דֶער פָּאטֶער פָאן לִיגֶען. אוּן אַזוֹי
46 ווִיא אִיךְ רֵייד צוּ אַייךְ אֱמֶת גְלוֹיבְּט אִיהר מִיר נִיט. וֶוער פָאן
אַייךְ קָאן מִיר אִיבֶּערְוֵוייזֶען אִין אֵיין זִינְדֶע? אוּן אוֹיבּ אִיךְ זָאג
47 אַייךְ דֶעם אֱמֶת, פַארְוָואס גְלוֹיבְּט אִיהר מִיר נִיט? וֶוער עֶס אִיז
פָאן גָאטְט דֶער הֶערְט גָאטְטֶעס וֶוערְטֶער, דֶערִיבֶּער הֶערְט אִיהר
48 נִיט, וֵוייל אִיהר זֶענְט נִיט פָאן גָאטְט. דַארוֹיף הָאבֶּען דִיא אִידֶען
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיז נִיט אֱמֶת וָואס מִיר זָאגֶען, דָאס דוּא
49 בִּיסְט אֵיין שֹׁמְרוֹנִי אוּן אֵיין שֵׁד אִיז אִין דִיר? יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט: אִין מִיר אִיז נִיט דָא קֵיין שֵׁד, נוּר אִיךְ גִיבּ כָּבוֹד
50 מֵיין פָּאטֶער, אוּן אִיהר זֶענְט מִיךְ מְבַזֶּה. נוּר אִיךְ זוּךְ נִיט מֵיין
51 כָּבוֹד, עֶס אִיז דָא אֵיינֶער, וֶועלְכֶער זוּכְט אוּן מִשְׁפָּט. אִין
אֱמֶת׳עֶן, אִין אֱמֶת׳עֶן, זָאג אִיךְ אַייךְ: וֶוער עֶס הִיט מֵיין וָוארְט,
52 דֶער וֶועט עֶוִויג קֵיין טוֹיט נִיט זֶעהֶן. דִיא אִידֶען הָאבֶּען אִיהם
גֶעזָאגְט: יֶעצְט זֶענֶען מִיר גֶעוָואר גֶעוָוארֶען, דָאס אֵיין שֵׁד אִיז אִין
דִיר. אַבְרָהָם אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוֹיךְ דִיא נְבִיאִים; אוּן דוּא
זָאגְסְט: וֶוער עֶס וֶועט הִיטֶען מֵיין וָוארְט, דֶער וֶועט עֶוִויג דֶעם
53 טוֹיט נִיט פַארְזוּכֶען. בִּיסְט דוּא דֶען גְרֶעסֶער פָאן אַבְרָהָם
אָבִינוּ, אוּן דִיא נְבִיאִים, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען? פַאר וֶועמֶען
54 מַאכְסְט דוּא דִיךְ? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט: וֶוען אִיךְ מִיךְ אַלֵיין
רִיהמֶע, אַזוֹי אִיז מֵיין רוּהם גָארְנִיט; מִיךְ רִיהמְט מֵיין פָּאטֶער,
55 דֶער, אוֹיף וֶועלְכֶען אִיהר זָאגְט: דָאס עֶר אִיז אֵייעֶר גָאטְט. אוּן
אוּן אִיהר קָאנְט אִיהם נִיט, אִיךְ אָבֶּער קָאן אִיהם, וֶוען אִיךְ וָואלְט
זָאגֶען, דָאס אִיךְ קָאן אִיהם נִיט, אַזוֹי וָואלְט אִיךְ גֶעוֶוען אֵיין

56 לִיגְנֶער וִויא אִיהר, נוּר אִיךְ קָאן אִיהם, אוּן הִיט זַיין וָוארְט. אֵייעֶר
פָּאטֶער אַבְרָהָם הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייט צוּ זֶעהֶען מֵיין טָאג, אוּן עֶר
57 הָאט גֶעזֶעהֶען אוּן אִיז פְרֵיילִיךְ גֶעוֶועזֶען. דַארוֹיף הָאבֶּען דִיא
אִידֶען אִיהם גֶעזָאגְט: דוּא בִּיסְט נָאךְ נִיט אַלְט קֵיין פוּפְצִיג יָאהר,
58 אוּן דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אַבְרָהָם׳ען? יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִין
אֶמֶת׳ען, אִין אֶמֶת׳ען, זָאג אִיךְ אַייךְ: אֵיידֶער אַבְרָהָם אִיז גֶעוֶועזֶען
59 בִּין אִיךְ. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען זֵיי גֶענוּמֶען שְׁטֵיינֶער, דָאס זֵיי זָאלֶען
אִיהם פֶּערְשְׁטֵיינֶען, יֵשׁוּעַ אָבֶּער הָאט זִיךְ פַארְבָּארְגֶען, אוּן אִיז
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ צְווִישֶׁען זֵיי אוּן אִיז אַוֶועק
גֶעגַאנְגֶען.

ט אוּן וֶוען עֶר אִיז וֵוייטֶער גֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר דֶערְזֶעהֶען אֵיין
2 בְּלִינְדֶען מַאן פָאן זַיין מוּטֶערְס לֵייב. אוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען
אִיהם גֶעפְרֶעגְט: רַבִּי! וֶוער הָאט פַארְזִינְדִיגְט? עֶר, אָדֶער זֵיינֶע
3 עֶלְטֶערְען, דָאס עֶר אִיז בְּלִינְד גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען? יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט: נִיט עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט, אוּן נִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערְן,
4 נוּר כְּדֵי אוֹיף אִיהם זָאלֶען זִיךְ בַּאוֵוייזֶען גָאטְטֶעס מַעֲשִׂים. אִיךְ
בֶּעדַארְף טָאן דִיא מַעֲשִׂים פָאן דֶעם, וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט
ווִילַאנְג עֶס אִיז נָאךְ טָאג, עֶס קוּמְט דִיא נַאכְט, וֶוען קֵיינֶער קֶען
5 נִיט אַרְבֵּייטֶען. ווִילַאנְג אִיךְ בִּין אִין דֶער וֶועלְט, בִּין אִיךְ דָאס
6 לִיכְט פָאן דֶער וֶועלְט. וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט: הָאט עֶר
אֵיין שְׁפֵּיי גֶעטָאן אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּן הָאט אִין לֵיים גֶעמַאכְט
מִיט דֶעם שְׁפֵּייעֶכְץ, אוּן הָאט צוּגֶעלֵייגְט דֶעם לֵיים אוֹיף דֶעם
7 בְּלִינְדֶענְס אוֹיגֶען. אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: גֶעה, אוּן וַואשׁ דִיךְ
אָבּ אִין דֶעם טֵייךְ פָאן שִׁלּוֹחַ (דָאס הֵייסְט גֶעשִׁיקְט). עֶר אִיז
גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט זִיךְ אָבְּגֶעוַואשֶׁען, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אֵיין
8 זֶעהֶענְדִיגֶער. דִיא שְׁכֵנִים אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען פְרִיהֶער גֶעזֶעהֶען,
דָאס עֶר אִיז בְּלִינְד גֶעוֶועזֶען, הָאבֶּען גֶעזָאגְט: אִיז עֶר נִיט דֶער,
9 וֶועלְכֶער אִיז גֶעזֶעסֶען אוּן הָאט גֶעבֶּעטֶען נְדָבוֹת? אֵיינִיגֶע הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: דָאס אִיז עֶר, אוּן אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט: עֶר אִיז גְלֵייךְ
1 צוּ יֶענֶעם; עֶר אָבֶּער הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין עֶס. אוּן זֵיי הָאבֶּען
אִיהם גֶעפְרֶעגְט: וִויא אַזוֹי זֶענֶען דֵיינֶע אוֹיגֶען אָפֶען גֶעוָוארֶען?
1 עֶר הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט: אֵיין מַאן, וָואס זַיין נָאמֶען אִיז יֵשׁוּעַ

הָאט גֶעמַאכְט אַיין לֵיים, אוּן הָאט בֶּעשְׁמִירְט מֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּן
מִיר גֶעזָאגְט: גֶעה אִין דֶעם טֵייךְ שִׁלוֹחַ אוּן וַואשׁ דִיךְ אָב, אִיךְ
בִּין גֶעגַאנְגֶען, מִיךְ אָבְּגֶעוַואשֶׁען, אוּן בִּין זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען.
12 דַאמָאלְסְט הָאבֶּען זֵיי אִיהם גֶעזָאגְט: וואוּ אִיז עֶר? עֶר הָאט
13 גֶעעֶנְטפֶערְט אִיךְ וֵויים נִיט. אוּן מֶען הָאט דֶעם וָואס עֶס
14 אִיז פְרִיהֶער בְּלִינְד גֶעוֶועזֶען גֶעבְּרַאכְט צוּ דִיא פְּרוּשִׁים. דֶער
טָאג, אִין וֶועלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעמַאכְט דֶעם לֵיים אוּן הָאט אִיהם
15 גֶעעֶפֶענְט דִיא אוֹיגֶען, אִיז שַׁבָּת גֶעוֶוען. דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען
אִיהם אוֹיךְ גֶעפְרֶעגְט: וִויא אַזוֹי עֶר אִיז זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען. עֶר
הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אַיין לֵיים הָאט עֶר גֶעלֵייגְט אוֹיף מֵיינֶע אוֹיגֶען,
16 אוּן אִיךְ הָאבּ מִיךְ אָבְּגֶעוַואשֶׁען אוּן זֶעה. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען
אֵיינִיגֶע פָאן דִיא פְּרוּשִׁים גֶעזָאגְט: דֶער מֶענְשׁ אִיז נִיט פָאן גָאטְט,
וֵוייל עֶר הַאלְט נִיט שַׁבָּת. אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט: וִויא קָאן
אַיין מֶענְשׁ אַיין זִינְדֶער אַזָאלְכֶע וואוּנְדֶער טָאן? אוּן עֶס אִיז
17 צְווִישֶׁען זֵיי גֶעוֶועזֶען אַיין מַחֲלוֹקֶת. אוּן זֵיי הָאבֶּען נָאךְ אַיין מָאל
גֶעזָאגְט צוּם בְּלִינְדֶען: וָואס זָאגְסְט דוּא אוֹיף דֶעם, דַארוֹיף וָואס
עֶר הָאט דֵיינֶע אוֹיגֶען גֶעעֶפֶענְט? עֶר זָאגְט: דָאס אִיז אַיין נָבִיא.
18 דִיא אִידֶען הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, דָאס עֶר אִיז גֶעוֶוען בְּלִינְד, אוּן
אִיז זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען, בִּיז זֵיי הָאבֶּען גֶערוּפֶען דִיא עֶלְטֶערְן
19 פָאן דֶעם, וָואס אִיז זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען. אוּן הָאבֶּען זֵיי גֶעפְרֶעגְט:
אִיז דָאס אֵייעֶר זָאהְן, וָואס אִיהר זָאגְט, דָאס עֶר אִיז בְּלִינְד
20 גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען? אוּן וִויא אַזוֹי זֶעהט עֶר יֶעצְט? דִיא עֶלְטֶערְן
הָאבֶּען גֶעעֶנְטפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: מִיר וֵוייסֶען: דָאס עֶר אִיז
21 אוּנְזֶער זָאהְן, אוּן דָאס עֶר אִיז בְּלִינְד גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען. נוּר
וִויא עֶר זֶעהט יֶעצְט וֵוייסֶען מִיר נִיט, אָדֶער וֶוער עֶס הָאט אִיהם
אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט דִיא אוֹיגֶען וֵוייסֶען מִיר נִיט; עֶר אַלֵיין אִיז שׁוֹין
בֶּעיָאהְרֶענְט, פְרֶעגְט אִיהם אַלֵיין, לָאז עֶר אַייךְ זָאגֶען, וָואס אִיז
22 מִיט אִיהם גֶעוֶועזֶען? דִיא עֶלְטֶערְן הָאבֶּען אַזוֹי גֶעזָאגְט: וֵוייל
זֵיי הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דִיא אִידֶען, דֶען דִיא אִידֶען הָאבֶּען
זִיךְ שׁוֹין צוּזַאמֶענְגֶערֶעדֶעט, דָאס וֶוער עֶס וֶועט אִיהם בֶּעקֶענֶען
פַאר דֶעם מָשִׁיחַ, זָאל מֶען אִיהם אַרוֹיס טְרֵייבֶּען פָאן דֶער שׁוּל.
23 דֶערִיבֶּער הָאבֶּען דִיא עֶלְטֶערְן גֶעזָאגְט: עֶר אִיז בֶּעיָאהְרֶענְט,

24 פְרֶעגְט אִיהם אַלֵיין. אוּן זֵיי הָאבֶּען צוּם צְוֵוייטֶען מָאל דֶעם מַאן
גֶערוּפֶען וָואס אִיז בְּלִינְד גֶעוֶוען אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: גִיבּ
כָּבוֹד צוּ גָאטְט, דֶען מִיר וֵוייסֶען דָאס דִיזֶער מֶענְשׁ אִיז אֵיין
25 זִינְדֶער. עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: אוֹיבּ עֶר אִיז אֵיין
זִינְדֶער וֵויים אִיךְ נִיט, אֵיינֶעם וֵויים אִיךְ: דָאס אִיךְ בִּין בְּלִינְד
26 גֶעוֶוען, אוּן יֶעצְט זֶעהֶע אִיךְ. זֵיי הָאבֶּען אִיהם נָאךְ אֵיין מָאל
גֶעפְרֶעגְט: וָואס הָאט עֶר דִיר גֶעטָאן? וִויא הָאט עֶר דֵיינֶע אוֹיגֶען
27 גֶעעֶפֶענְט? עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט: אִיךְ הָאבּ אַייךְ שׁוֹין גֶעזָאגְט,
אוּן אִיהר הֶערְט נִיט: וָואס נָאךְ ווִילְט אִיהר הָאבֶּען? אָדֶער
28 אֶפְשַׁר ווִילְט אִיהר אוֹיךְ וֶוערֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים? זֵיי הָאבֶּען אִיהם
גֶעזִידֶעלְט אוּן גֶעזָאגְט: דוּא בִּיסְט זֵיין תַּלְמִיד, מִיר זֶענֶען מֹשֶׁה'ס
29 תַּלְמִידִים. מִיר וֵוייסֶען דָאס מִיט מֹשֶׁה'ן הָאט גָאטְט גֶערֶעט,
30 דֶעם וֵוייסֶען מִיר נִיט פָאן וַואנֶען עֶר אִיז. דֶער מַאן הָאט זֵיי
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: דָאס אִיז דֶער וואוּנְדֶער, וָואס אִיהר
וֵוייסְט נִיט פָאן וַואנֶען עֶר אִיז, אוּן עֶר הָאט מִיר דִיא אוֹיגֶען
31 גֶעעֶפֶענְט. נוּר מִיר וֵוייסֶען, דָאס גָאטְט הֶערְט נִיט קֵיין זִינְדֶער,
נוּר דֶעם וֶוער עֶס אִיז אֵיין יְרֵא אֱלֹהִים, אוּן טְהוּט זֵיין ווִילֶען,
32 דֶעם הֶערְט עֶר. קֵיין מָאל הָאט זִיךְ נִיט גֶעהֶערְט, דָאס אֵיינֶער
הָאט אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט דִיא אוֹיגֶען פָאן אֵיין גֶעבָּארֶענֶעם בְּלִינְדֶען.
33 וֶוען עֶר וָואלְט נִיט זֵיין פָאן גָאטְט, וָואלְט עֶר עֶס נִיט גֶעקָאנְט
34 טָאן. זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: דוּא בִּיסְט אִין
גַאנְצֶען אִין זִינְד גֶעבָּארֶען, אוּן דוּא לֶעהֶרֶענְסְט אוּנְז? אוּן הָאבֶּען
35 אִיהם אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען. יֵשׁוּעַ הָאט דֶערְהֶערְט, דָאס מֶען
הָאט אִיהם אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען, וֶוען עֶר הָאט אִיהם גֶעטְרָאפֶען,
36 הָאט עֶר אִיהם גֶעזָאגְט: דוּא גְלוֹיבְּסְט אִין בֶּן הָאֱלֹהִים? עֶר הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: הֶערְר! וֶוער אִיז עֶר? דָאס אִיךְ זָאל
37 אִין אִיהם גְלוֹיבֶּען? יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: דוּא הָאסְט אִיהם
38 גֶעזֶעהֶען, אוּן עֶר רֶעט מִיט דִיר. עֶר הָאט גֶעזָאגְט: הֶערְר! אִיךְ
39 גְלוֹיבּ, אוּן הָאט זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ אִיהם. אוּן יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט:
אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אִין דֶער וֶועלְט צוּ מִשְׁפָּט'ן, דָאס דִיא וָואס
זֶעהֶען נִיט זָאלֶען זֶעהֶען, אוּן דִיא וָואס זֶעהֶען זָאלֶען בְּלִינְד וֶוערֶען.
40 וֶוען אֵיינִיגֶע פָאן דִיא פְּרוּשִׁים, וָואס זֶענֶען מִיט אִיהם גֶעוֶוען,

הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵיי אִיהם גֶעזָאגְט: זֶענֶען מִיר אוֹיךְ
בְּלִינְדֶע? אוּן יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וֶוען אִיהר וָואלְט זַיין בְּלִינְדֶע, 41
אַזוֹי וָואלְט אִיהר קֵיין זִינְד נִיט גֶעהַאט, נוּר אַזוֹי וִויא אִיהר זָאגְט,
דָאס אִיהר זֶעהט, דֶערִיבֶּער בְּלֵייבְּט אֵייעֶר זִינְדֶע.
אִין אֱמֶת׳ען, אִין אֱמֶת׳ען, זָאג אִיךְ אַייךְ: וֶוער עֶס גֶעהט נִיט י
דוּרְךְ דֶער טְהִיר אִין דֶעם הוֹיף פָאן דִיא שָׁאף, נוּר גֶעהט
אַרִיבֶּער דוּרְךְ אַיין אַנְדֶערֶען אָרְט, דֶער אִיז אֵיין גַנָב אוּן אֵיין
גַזְלָן. אוּן וֶוער עֶס קוּמְט דוּרְךְ דֶער טְהִיר, דֶער אִיז דֶער הִירְט 2
פָאן דִיא שָׁאף. דֶער טְהִירְהִיטֶער עֶפֶענְט אִיהם אוֹיף, אוּן דִיא 3
שָׁאף הֶערֶען זַיין קוֹל, אוּן עֶר רוּפְט זַיינֶע שָׁאף מִיטֶן נָאמֶען, אוּן
פִיהְרְט זֵיי אַרוֹיס. אוּן וֶוען עֶר פִיהְרְט אַרוֹיס זַיינֶע שָׁאף, גֶעהט 4
עֶר פָאר זֵיי, אוּן דִיא שָׁאף גֶעהֶען אִיהם נָאךְ, וַוייל זֵיי קֶענֶען זַיין
קוֹל. נָאךְ אַיין פְרֶעמְדֶען גֶעהֶען זֵיי נִיט, נוּר לֵייפֶען אַוֶועק פָאן 5
אִיהם, וַוייל זֵיי קֶענֶען נִיט, דֶעם קוֹל פָאן פְרֶעמְדֶען. דֶעם מָשָׁל 6
הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט: נוּר זֵיי הָאבֶּען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס עֶר
זָאגְט זֵיי. דֶערִיבֶּער הָאט יֵשׁוּעַ זֵיי נָאךְ אֵיין מָאל גֶעזָאגְט: אִין 7
אֱמֶת׳ען, אִין אֱמֶת׳ען, זָאג אִיךְ אַייךְ: אִיךְ בִּין דִיא טְהִיר פָאן דִיא
שָׁאף. אַלֶע וִויפִיל עֶס זֶענֶען גֶעקוּמֶען פַאר מִיר, זֶענֶען גַנָבִים אוּן 8
גַזְלָנִים, אָבֶּער דִיא שָׁאף הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעהֶערְט. אִיךְ בִּין דִיא 9
טְהִיר, וֶוער עֶס וֶועט גֶעהְן דוּרְךְ מִיר וֶועט זִיךְ רֶעטֶען, אוּן וֶועט
אַרֵיין גֶעהְן, אוּן וֶועט אַרוֹיס גֶעהְן, אוּן וֶועט פִיטֶערְנֶעס גֶעפִינֶען.
אֵיין גַנָב קוּמְט נוּר צוּ גַנְבֶ׳נֶען צוּ הַרְגֶ׳נֶן אוּן צוּ פֶערְדַארְבֶּען, 10
אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען הָאבֶּען לֶעבֶּען, אוּן זָאלֶען נָאךְ
מֶעהר הָאבֶּען. אִיךְ בִּין דֶער גוּטֶער הִירְט: אֵיין גוּטֶער הִירְט 11
לֵייגְט אַנִידֶער זַיין לֶעבֶּען פַאר דִיא שָׁאף. אוּן אֵיין גֶעדוּנְגֶענֶער, 12
נִיט קֵיין הִירְט, וָואס דִיא שָׁאף זֵיינֶען נִיט זֵיינֶע, וֶוען עֶר זֶעהט
דָאס דֶער וָואלְף קוּמְט, לָאזְט עֶר אִיבֶּער דִיא שָׁאף, אוּן לוֹיפְט
אַוֶועק: אוּן דֶער וָואלְף חַאפְּט דִיא שָׁאף אוּן צוּשְׁפְּרֵייט זֵיי.
דֶער גֶעדוּנְגֶענֶער לֵייפְט אַוֶועק, וַוייל עֶר אִיז אֵיין גֶעדוּנְגֶענֶער, 13
אוּן זָארְגְט נִיט פַאר דִיא שָׁאף. אִיךְ בִּין דֶער גוּטֶער הִירְט, אוּן 14
קֶען מֵיינֶע, אוּן מֵיינֶע קֶענֶען מִיר. אַזוֹי וִויא דֶער פָאטֶער, קֶען 15
מִיךְ, אוּן אִיךְ קֶען דֶעם פָאטֶער, אוּן מֵיין לֶעבֶּען לֵייג אִיךְ אַנִידֶער

16 פַאר דִיא שָׁאף. אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ אַנְדֶערֶע שָׁאף, וֶועלְכֶע זֶענֶען
נִיט פָאן דֶעם הוֹיף, אוּן יֶענֶע דַארְף אִיךְ אוֹיךְ בְּרֵיינְגֶען. אוּן זֵיי
וֶועלֶען הֶערֶען מֵיין קוֹל, אוּן עֶס וֶועט זֵיין אֵיין שְׁטַאדֶע אוּן אֵיין
17 הִירְט. דֶערִיבֶּער לִיבְּט מִיךְ דֶער פָאטֶער, דָאס אִיךְ לֵייג אַוֶועק
18 מֵיין לֶעבֶּען, כְּדֵי אִיךְ זָאל עֶס ווִידֶער מְקַבֵּל זֵיין. קֵיינֶער נֶעמְט
עֶס פָאן מִיר נִיט צוּ: נוּר אִיךְ אַלֵיין לֵייג עֶס אַוֶועק פָאן מֵיין
ווִילֶען, אִיךְ הָאבּ מַאכְט אִיךְ זָאל עֶס אַוֶועקְלֵייגֶען, אוּן הָאבּ
מַאכְט עֶס ווִידֶער צוּרִיק צוּ נֶעמֶען. דִיא גֶעבָּאט הָאבּ אִיךְ מְקַבֵּל
19 גֶעוֶוען פָאן מֵיין פָאטֶער. אִיבֶּער דִיזֶע וֶוערְטֶער אִיז ווִידֶער
20 גֶעוָוארֶען אֵיין מַחֲלוֹקֶת צְווִישֶׁען דִיא אִידֶען. פִיל פָאן זֵיי הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: אֵיין שֵׁד אִיז אִין אִיהם, אוּן עֶר אִיז מְשׁוּגָע, וָואס הֶערְט
21 אִיהר אִיהם? אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דִיא וֶוערְטֶער זֶענֶען
נִיט פָאן אֵיין מְשׁוּגַ׳עְנֶעם, קֶען אֵיין שֵׁד עֶפֶענֶען אוֹיגֶען פָאן
22 בְּלִינְדֶע? דַאמָאלְסְט אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם חֲנוּכָּה גֶעוֶוען, אוּן עֶס
23 אִיז ווִינְטֶער גֶעוֶוען. אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית
24 הַמִקְדָשׁ אִין דֶעם אוּלָם (פָארְהוֹיז) פָאן שְׁלֹמֹה. דִיא אִידֶען
הָאבֶּען אִיהם אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט אוּן אִיהם גֶעזָאגְט: בִּיז ווִילַאנְג
וֶועסְט דוּא אוּנְזֶער זֶעלֶע הַאלְטֶען אִין סְפֵקוֹת, אוֹיבּ דוּא בִּיסְט
25 דֶער מָשִׁיחַ, זָאג אוּנְז גְלֵייךְ אַרוֹיס. יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט:
אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אוּן אִיהר גְלוֹיבְּט נִיט, דִיא מַעֲשִׂים וָואס
אִיךְ טְהוּ אִין דֶעם נָאמֶען פָאן מֵיין פָאטֶער, זֵיי זָאגֶען עֵדוּת אוֹיף
26 מִיר. נוּר אִיהר גְלוֹיבְּט נִיט, ווֵייל אִיהר זֶענְט נִיט פָאן מֵיינֶע
27 שָׁאף, ווִיא אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעזָאגְט. מֵיינֶע שָׁאף הֶערֶען צוּ מֵיין
28 קוֹל, אוּן אִיךְ קֶען זֵיי אוּן זֵיי גֶעהֶען מִיר נָאךְ. אוּן אִיךְ גִיבּ זֵיי
עוֹוִיגֶעס לֶעבֶּען, אוּן וֶועלֶען עֶווִיג נִיט פַארְלָארֶען וֶוערֶען, אוּן
29 קֵיינֶער וֶועט זֵיי נִיט אַוֶועקְרוֹיבֶּען פָאן מֵיינֶע הֶענְד. מֵיין פָאטֶער,
וֶועלְכֶער הָאט זֵיי מִיר גֶעגֶעבֶּען, אִיז גְרֶעסֶער פָאן אַלֶעמֶען, אוּן
30 קֵיינֶער קָאן זֵיי נִיט אַוֶועק רוֹיבֶּען פָאן מֵיין פָאטֶערְס הֶענְד. אִיךְ
31 אוּן דֶער פָאטֶער זֶענֶען אֵיינְס. דִיא אִידֶען הָאבֶּען ווִידֶער גֶעהַאפְּט
32 שְׁטֵיינֶער אִיהם צוּ פֶערְשְׁטֵיינֶען. יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט;
פִיל מַעֲשִׂים טוֹבִים הָאבּ אִיךְ אֵייךְ גֶעווִיזֶען פָאן מֵיין פָאטֶער:
33 פַאר וֶועלְכֶע פָאן זֵיי ווִילְט אִיהר מִיךְ פַארְשְׁטֵיינֶען? דִיא

אִידֶען הָאבֶּען אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: נִיט פַאר אֵיין גוּטֶע
מַעֲשֶׂה ווִילֶען מִיר דִיךְ פֶערְשְׁטֵיינֶען, נוּר דֶערְפַאר וָואס דוּא
לֶעסְטֶערְסְט גָאטְט, אוּן דֶער פַאר, וָואס דוּא בִּיסְט אֵיין מֶענְשׁ
אוּן מַאכְסְט דִיךְ פַאר אֵיין גָאטְט. יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט: 34
אִיז דֶען נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין אֵייעֶר תּוֹרָה: אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט:
אִיהר זֶענְט גֶעטְטֶער? נוּן, עֶר הָאט גֶערוּפֶען גֶעטְטֶער דִיא, אִין 35
ווֶעלְכֶע עֶס אִיז גֶעקוּמֶען גָאטְטֶעס וָוארְט, אוּן דִיא שְׁרִיפְטֶען
קֶענֶען נִיט צוּשְׁטֶערְט ווֶערֶען. דֶעם וָואס דֶער פָאטֶער הָאט 36
גֶעהֵיילִיגְט, אוּן גֶעשִׁיקְט אִין דֶער ווֶעלְט, זָאגְט אִיהר: לֶעסְטֶערְסְט
גָאטְט, ווֵייל אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין דֶער בֶּן אֱלֹהִים. אוֹיבּ 37
אִיךְ טְהוּ נִיט דִיא מַעֲשִׂים פָאן מֵיין פָאטֶער, גְלוֹיבְּט מִיר נִיט.
אָבֶּער ווֶען אִיךְ טְהוּ זֵיי, אַזוֹי ווֶען אִיהר אוֹיךְ נִיט גְלוֹיבְּט מִיר, 38
גְלוֹיבְּט דִיא מַעֲשִׂים, כְּדֵי אִיהר זָאלְט אֵיין מָאל אוּן אַלֶע מָאל
דֶערְקֶענֶען, דָאס דֶער פָאטֶער אִיז אִין מִיר אוּן אִיךְ אִין אִיהם.
דַאמָאלְסְט הָאבֶּען זֵיי ווִידֶער גֶעזוּכְט אִיהם צוּ חַאפֶּען: נוּר עֶר 39
הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרֶעהט פָאן זֵייעֶרֶע הֶענְד. אוּן עֶר אִיז נָאךְ אֵיין 40
מָאל גֶעגַאנְגֶען פָאן יֶענֶער זֵייט יַרְדֵן צוּ דֶעם אָרְט, וואוּ יוֹחָנָן
הָאט פְרִיהֶער גֶעטוֹבֵל'ט, אוּן אִיז דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען. פִיל זֶענֶען 41
גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דָאס יוֹחָנָן הָאט נִיט
גֶעטָאן קֵיין שׁוּם וואוּנְדֶער, אָבֶּער אַלֶץ וָואס יוֹחָנָן הָאט גֶעזָאגְט
אוֹיף אִיהם אִיז אֱמֶת גֶעווֶען. אוּן פִיל הָאבֶּען דָארְטֶען גֶעגְלוֹיבְּט 42
אִין אִיהם.

עֶס אִיז אֵיינֶער קְרַאנְק גֶעוועזֶען, זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעווֶען לַעֲזָר יא
פָאן בֵּית־עַנְיָא דֶער דָארְף פָאן מִרְיָם אוּן אִיהר שְׁוֶועסְטֶער
מָרְתָא. דָאס אִיז גֶעוועזֶען דִיא זֶעלְבִּיגֶע מִרְיָם, ווֶעלְכֶע הָאט 2
גֶעזַאלְבְּט דֶעם הֶערְרְן מִיט אֵייל פָאן מוֹר, אוּן הָאט אָבְּגֶעווִישְׁט
זֵיינֶע פִים מִיט אִיהרֶע הָאר, אִיהר בְּרוּדֶער לַעֲזָר אִיז קְרַאנְק
גֶעווֶען. בֵּיידֶע שְׁוֶועסְטֶער הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט אִיהם זָאגֶען: הֶערְר! 3
זֶעה, ווֶעמֶען דוּא לִיבְּסְט אִיז קְרַאנְק. ווֶען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס 4
גֶעהֶערְט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט: דִיא קְרַאנְקְהֵייט אִיז נִיט צוּם
שְׁטַארְבֶּען, נוּר צוּ גָאטְטֶעס הֶערְלִיכְקֵייט, דָאס דֶער בֶּן אֱלֹהִים
זָאל דוּרְךְ אִיהר גֶעעֶהרְט ווֶערֶען. יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט מָרְתָא 5

6 אוּן אִיהר שְׁוֶועסְטֶער אוּן לַעֲזָר'ן. וֶוען עֶר הָאט גֶעהֶערְט, דָאס
עֶר אִיז קְרַאנְק, אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען צְוֵויי טֶעג, אוֹיףּ דֶעם אָרְט
7 וואוּ עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען. נָאךְ דֶעם הָאט עֶר דִיא תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט:
8 לָאזֶען מִיר נָאךְ אֵיין מָאל גֶעהֶן קֵיין יְהוּדָה. דִיא תַּלְמִידִים
הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: רַבִּי! נִיט לַאנְג הָאבֶּען דִיא אִידֶען גֶעזוּכְט
9 דִיךְ צוּ פַארְשְׁטֵיינֶען אוּן דוּא גֶעהְסְט נָאךְ אֵיין מָאל אַהִין. יְשׁוּעַ
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט: אִיז דֶען נִיט צְוֶועלְףּ שָׁעָה אִין טָאג? וֶוער עֶס
גֶעהְט בֵּיי טָאג דֶער שְׁטוֹיסְט זִיךְ נִיט אָן, וֵוייל עֶר זֶעהְט דָאס
10 לִיכְט פָאן דֶער וֶועלְט. וֶוער אָבֶּער עֶס גֶעהְט בֵּיי נַאכְט, שְׁטוֹיסְט
11 זִיךְ אָן, וֵוייל עֶר הָאט דָאס לִיכְט נִיט. דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
אוּן נָאךְ דֶעם הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט: לַעֲזָר, אוּנְזֶער פְרֵיינְד שְׁלָאפְט,
12 נוּר אִיךְ גֶעה אִיהם אוֹיףּ צוּ וֶועקֶען. זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: הֶערְר! אוֹיבּ עֶר שְׁלָאפְט, אַזוֹי וֶועט עֶר גֶעזוּנְד וֶוערֶען.
13 יְשׁוּעַ הָאט גֶערֶעט פָאן זֵיין טוֹיט, אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעמֵיינְט, דָאס
14 עֶר רֶעט פָאן אֵיין גֶעוֶועהְנְלִיכֶען שְׁלָאףּ. דַאמָאלְסְט הָאט יְשׁוּעַ
15 זֵיי עֶפֶענְטְלִיךְ גֶעזָאגְט: לַעֲזָר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען. אוּן אִיךְ פְרֵייעֶ
מִיךְ פַאר אַייךְ, וָואס אִיךְ בִּין דָארְטְן נִיט גֶעוֶועזֶען, כְּדֵי אִיהר זָאלְט
16 גְלוֹיבֶּען, נוּר לָאזֶען מִיר גֶעהֶן צוּ אִיהם. דַאמָאלְסְט הָאט תוֹמָא,
וֶועלְכֶען מֶען הָאט גֶערוּפֶען דִידוּמוּס גֶעזָאגְט צוּ דִיא תַּלְמִידִים
זֵיינֶע חֲבֵרִים, לָאזֶען מִיר אוֹיךְ גֶעהֶן מִיר זָאלֶען מִיט אִיהם
17 שְׁטַארְבֶּען. יְשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעפוּנֶען, דָאס עֶר אִיז
18 שׁוֹין פִיר טֶעג אִין קֶבֶר. בֵּית־עַנְיָא אִיז גֶעוֶועזֶען בֵּיי יְרוּשָׁלַיִם
19 פוּנְפְצֶעהְן סְטַאדִיעֶן פָאן דָארְטְן. אוּן פִיל פָאן דִיא אִידֶען זֶענֶען
גֶעקוּמֶען צוּ מָרְתָא אוּן מִרְיָם'עֶן, זֵיי מְנַחֵם אָבֵל צוּ זַיין, וֶועגֶען
20 זֵייעֶר בְּרוּדֶער. מָרְתָא הָאט גֶעהֶערְט, דָאס יְשׁוּעַ קוּמְט, אִיז זִיא
גֶעגַאנְגֶען אַנְטְקֶעגֶען אִיהם, אוּן מִרְיָם אִיז גֶעזֶעסֶען אִין דֶער הֵיים.
21 אוּן מָרְתָא הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְשׁוּעַ'ן: הֶערְר, וֶוען דוּא וָואלְסְט דָא
22 גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי וָואלְט מֵיין בְּרוּדֶער נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען. נוּר אוֹיךְ יֶעצְט
23 וֵויים אִיךְ, דָאס וָואס דוּא בֶּעטֶעסְט פָאן גָאטְט גִיט עֶר דִיר. יְשׁוּעַ
24 זָאגְט אִיהר: דֵיין בְּרוּדֶער וֶועט אוֹיפְשְׁטֶעהְן. מָרְתָא זָאגְט אִיהם:
אִיךְ וֵויים, דָאס עֶר וֶועט אוֹיפְשְׁטֶעהְן אִין דֶער אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג אִין
25 דֶעם לֶעצְטֶען טָאג. יְשׁוּעַ זָאגְט אִיהר: אִיךְ בִּין דִיא אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג

אוּן דָאס לֶעבֶּען; וֶוער עֶס גְלוֹיבְּט אִין מִיר, הֲגַם עֶר שְׁטַארְבְּט,
26 וֶועט לֶעבֶּען. אוּן יֶעדֶער וָואס לֶעבְּט אוּן גְלוֹיבְּט אִין מִיר, וֶועט
27 עֶווִיג נִיט שְׁטַארְבֶּען. גְלוֹיבְּסְט דוּא דָאס? זִיא זָאגְט אִיהם:
יָא הֶערְר, אִיךְ גְלוֹיבּ, דָאס דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ, דֶער בֶּן אֱלֹהִים,
28 וָואס עֶס אִיז צוּ דֶער וֶועלְט גֶעקוּמֶען. אוּן וֶוען זִיא הָאט דָאס
גֶעזָאגְט: אִיז זִיא גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶערוּפֶען שְׁטִילֶער הַייט מִרְיָם׳ן
אִיהר שְׁוֶועסְטֶער אוּן הָאט אִיהר גֶעזָאגְט: דֶער רַבִּי אִיז דָא אוּן
29 רוּפְט דִיךְ. וִויא בַּאלְד זִיא הָאט דֶערְהֶערְט, אִיז זִיא גֶעשְׁווִינְד,
30 אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז צוּ אִיהם גֶעגַאנְגֶען. יֵשׁוּעַ אִיז נָאךְ נִיט
אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִין דָארְף, נוּר גֶעוֶוען אוֹיף דֶעם אָרְט, וואוּ מָרְתָא
31 הָאט אִיהם בַּאגֶעגֶענְט. דִיא אִידֶען, וֶועלְכֶע זֶענֶען מִיט אִיהר
גֶעוֶוען אִין הוֹיז אוּן הָאבֶּען זִיא מְנַחֵם אָבֵל גֶעוֶוען, וִויא זַיי הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען, דָאס מִרְיָם אִיז גִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן אִיז אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען זַיי אִיהר נָאכְגֶעגַאנְגֶען: זַיי הָאבֶּען גֶעדַאכְט, דָאס
32 זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּם קֶבֶר זִיא זָאל דָארְטֶען וַויינֶען. מִרְיָם אִיז
גֶעקוּמֶען אַהִין וואוּ יֵשׁוּעַ אִיז גֶעוֶוען, אוּן וִויא זִיא הָאט אִיהם
דֶערְזֶעהֶען, אִיז זִיא גֶעפַאלֶען צוּ זַיינֶע פִיס אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט:
הֶערְר! וֶוען דוּא וָואלְסְט דָא גֶעוֶוען וָואלְט מַיין בְּרוּדֶער נִיט
33 גֶעשְׁטָארְבֶּען. וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט זִיא גֶעזֶעהֶען וַויינֶען אוּן דִיא אִידֶען
וָואס זֶענֶען מִיט אִיהר גֶעקוּמֶען וַויינֶען, אִיז עֶר צֶארֶענְדִיג גֶעוָוארֶען
34 אִין גַייסְט, אוּן בֶּעטְרִיבְּט גֶעוָוארֶען. אוּן הָאט גֶעזָאגְט: וואוּ הָאט
אִיהר אִיהם גֶעלֵייגְט? מֶען הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: הֶערְר, גֶעה אוּן
35 36 זֶעה. יֵשׁוּעַ הָאט גֶעוֵויינְט. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען דִיא אִידֶען גֶעזָאגְט:
37 זֶעה וִויא עֶר הָאט אִיהם גֶעלִיבְּט. אוּן אֵיינִיגֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט:
הָאט דֶער, וָואס הָאט אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט אֵיין בְּלִינְדֶען דִיא אוֹיגֶען,
38 נִיט גֶעקָאנְט מַאכֶען, דָאס דִיזֶער זָאל אוֹיךְ נִיט שְׁטַארְבֶּען? יֵשׁוּעַ
אִיז נָאךְ אֵיין מָאל צֶארֶענְדִיג גֶעוָוארֶען אִין גַייסְט, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען
צוּם קֶבֶר, דָאס אִיז גֶעוֶוען אֵיין הֵייל, אוּן אֵיין שְׁטֵיין גֶעלֵייגְט
39 אוֹיף דֶער טְהִיר. יֵשׁוּעַ זָאגְט: נֶעמְט אַוֶועק דֶעם שְׁטֵיין, דֶעם
טוֹיטֶענְס שְׁוֶועסְטֶער מָרְתָא זָאגְט אִיהם: הֶערְר, עֶר שְׁטִינְקְט
40 שׁוֹין, דֶען עֶס אִיז שׁוֹין פִיר טֶעג צַייט עֶר אִיז אִין קֶבֶר. יֵשׁוּעַ
זָאגְט אִיהר: הָאבּ אִיךְ דִיר נִיט גֶעזָאגְט: דָאס וֶוען דוּא וֶועסְט

41 גלויבּען וועסט דוּא זעהען גאָטטעס הערליכקייט. מען האָט
אַוועק גענוּמען דעם שטיין פאָן דאָרט, וואו דער מת איז געלעגען.
ישוּע האָט אויפגעהויבּען דיא אויגען צוּם הימעל און האָט געזאָגט:
42 פאָטער! איך דאַנק דיר וואָס דוּא האָסט מיך געהערט. איך
ווייס דאָס דוּא הערסט מיך שטענדיג, נור איך זאָג דאָס פאַר
דעם פאָלק, וואָס שטעהט דאָ, כּדי זיי זאָלען גלויבּען, דאָס דוּא
43 האָסט מיך געשיקט. ווען ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער מיט
44 איין הויכּען קול איין געשריי געגעבּען: לַעזָר געה אַרויס! און
דער מת איז אַרויסגעגאַנגען, פאַרוויקעלט דיא הענד און דיא פּיס
מיט דיא תכריכים, און זיין פּנים איז געוועזען פערבּוּנדען מיט איין
טוּך. און ישוּע זאָגט זיי: בּינדעט איהם אָב און לאָזט איהם געהן.
45 פיל פאָן דיא אידען, וואָס זענען געקוּמען מיט מרים'ען, און האָבּען
געזעהען וואָס ישוּע האָט געטאָן: האָבּען געגלויבּט אין איהם.
46 און אייניגע אָבּער פאָן זיי זענען געגאַנגען צוּ דיא פּרוּשים און
47 האָבּען זיי דערציילט, וואָס ישוּע האָט געטאָן. דאַמאָלסט
האָבּען דיא עלטסטע כּהנים און דיא פּרוּשים זיך פערזאַמעלט
איין עצה צוּ האַלטען, און האָבּען געזאָגט: וואָס זאָלען מיר טאָן,
48 דער מענש מאַכט פיל וואונדער? אויבּ מיר וועלען איהם אַזוי
לאָזען, וועלען אַלע אין איהם גלויבּען, און דיא רוֹמיים וועלען
קוּמען און וועלען אַוועקנעהמען אוּנזער לאַנד און אוּנזער פאָלק.
49 איינער פאָן זיי כַּיָפָה, וואָס ער איז דעם יאָהר געוועזען איין כּהן
50 גדול, האָט זיי געזאָגט: איהר ווייסט גאָר ניט. און דענקט גאָר
ניט, דאָס פאַר אוּנז איז בּעסער, דאָס איין מענש זאָל שטאַרבּען
פאַר דעם פאָלק, אוידער דאָס גאַנצע פאָלק זאָל פערלאָרען
51 ווערען. דאָס האָט ער ניט געזאָגט פאָן זיך אַליין, נור אַזוי וויא
ער איז דעם יאָהר געוועזען איין כּהן גדול האָט ער נביאות געזאָגט:
52 דאָס ישוּע וועט שטאַרבּען פאַר דעם פאָלק. און ניט נור פאַר
דעם פאָלק אַליין, נור כּדי אויך דיא קינדער פאָן גאָטט, וועלכע
53 זענען צוּשפּרייט זאָלען זיך אינאיינעם איינזאַמלען. פאָן דעם
54 טאָג אָן האָבּען זיי בּעשלאָסען איהם צוּ הרג'נען. דעריבּער איז
ישוּע שוין ניט געגאַנגען עפענטליך צווישען דיא אידען, און איז
פאָן דאָרטען אַוועקגעגאַנגען אין איין געגענד נאָהענט פאָן דער

מִדְבָּר, צוּ דֶער שְׁטָאדְט, וָואס הָאט זִיךְ גֶערוּפֶען אֶפְרַיִם, אוּן
55 אִיז דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים. עֶס הָאט זִיךְ
גֶענֶעהֶענְט דֶער אִידֶעשֶׁער פֶּסַח, אוּן פִיל פָאן דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד
זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם פַאר פֶּסַח, זַיי זָאלֶען זִיךְ רֵיינִיגֶען.
56 אוּן זַיי הָאבֶּען גֶעזוּכְט יֵשׁוּעַ'ן, אוּן וֶוען זַיי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין בֵּית
הַמִקְדָשׁ הָאבֶּען זַיי אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט: וִויא דֶענְקְט
57 אִיהר וֶועט עֶר קוּמֶען אוֹיף יוֹם־טוֹב? דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן
דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען אֵיין בַּאפֶעהל, דָאס אוֹיבּ אֵיינֶער
וֶועט גֶעוָואר וֶוערֶען וואוּ עֶר אִיז, זָאל עֶר אָנְזָאגֶען, כְּדֵי מֶען זָאל
אִיהם נֶעמֶען.

יב זֶעכְּס טֶעג פַאר פֶּסַח אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען קַיין בֵּית עַנְיָא, וואוּ
עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען לַעֲזָר דֶער גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער, וֶועלְכֶען עֶר הָאט
2 אוֹיפְגֶעוֶועקְט פָאן דִיא מֵתִים. דָארְטֶען הָאט מֶען פַאר אִיהם
גֶעמַאכְט אֵיין אָוֶוענְדְמָאלְצַייט מָרְתָא הָאט בַּאדִינְט, אוּן לַעֲזָר אִיז
גֶעוֶוען פָאן דִיא, וָואס זֶענֶען מִיט אִיהם גֶעזֶעסֶען בַּיין אָוֶוענְדְמָאלְצַייט.
3 אוּן מִרְיָם הָאט גֶענוּמֶען אֵיין פוּנְט רֵיינֶע טֵייעֶרֶע, זַאלְבּ פָאן נֵרְדְ,
אוּן הָאט גֶעזַאלְבְּט יֵשׁוּעַ'ס פִּיס, אוּן הָאט אָבְּגֶעוִוישְׁט מִיט אִיהרֶע
הָאר זַיינֶע פִּיס, אוּן דָאס הוֹיז אִיז פוּל גֶעוָוארֶען מִיט אֵיין רֵיחַ
4 פָאן בְּשָׂמִים. אֵיינֶער פָאן זַיינֶע תַּלְמִידִים, יְהוּדָה בֶּן שִׁמְעוֹן אִישׁ
קְרִיוֹת, וֶועלְכֶער הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט הָאט גֶעזָאגְט:
5 פַארְוָואס זָאל מֶען נִיט פַארְקוֹיפֶען דִיא זַאלְבּ פַאר דְרֵיי הוּנְדֶערְט
6 דִינָר אוּן צוּ טֵיילֶען אָרֶעמֶעלֵייט? דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט, נִיט
וֵוייל עֶר הָאט זֶעהר גֶעזָארְגְט פַאר דִיא אָרֶעמֶעלֵייט, נוּר דֶערִיבֶּער,
וֵוייל עֶר אִיז אִין אֵיין גַנָב גֶעוֶוען, עֶר הָאט בֵּיי זִיךְ גֶעהַאט דִיא
בֵּייטֶעל, אוּן גֶעטְרָאגֶען וָואס מֶען הָאט אַהִין אַרֵיין גֶעוָוארְפֶען.
7 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט: לָאזְט זִיא, זִיא הָאט דָאס צוּ דֶעם טָאג פָאן
8 מֵיין קְבוּרָה בֶּעהַאלְטֶען. דֶען אָרֶעמֶע וֶועט אִיהר שְׁטֶענְדִיג הָאבֶּען,
9 מִיךְ אָבֶּער וֶועט אִיהר נִיט שְׁטֶענְדִיג הָאבֶּען. פִיל פָאן דִיא אִידֶען
זֶענֶען גֶעוָואר גֶעוָוארֶען, דָאס עֶר אִיז דָארְטֶען, זַיינֶען זַיי גֶעקוּמֶען,
נִיט וֶועגֶען יֵשׁוּעַ'ן אַלֵיין, נוּר אוֹיךְ כְּדֵי צוּ זֶעהֶען לַעֲזָר'ן, וֶועלְכֶען
10 עֶר הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט פָאן דִיא מֵתִים. דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים
11 הָאבֶּען גֶעדַאכְט צוּ הַרְגְ'נֶען אוֹיךְ לַעֲזָר'ן. וֵוייל אִיבֶּער אִיהם

וֶוענֶען פִיל פָאן דִיא אִידֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אִין
12 יֵשׁוּעַ'ן. אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאבֶּען פִיל פָאן דֶעם פָאלְק,
וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף יוֹם טוֹב, גֶעהֶערְט דָאס יֵשׁוּעַ קוּמְט
13 קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. זֵיי הָאבֶּען גֶענוּמֶען צְוַוייגֶען פָאן טַייטֶעלְבּוֹימֶער
אוּן זֶענֶען אִיהם אַנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען:
14 הוֹשַׁעְנָה! בָּרוּךְ הַבָּא בְּשֵׁם אֲדֹנָי! מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל! אוּן יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעפוּנֶען אֵיין אֵייזֶעל אוּן הָאט זִיךְ אוֹיף אִיהם אַרוֹיפְגֶעזֶעצְט: ווִיא
15 עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: פִירְכְט דִיךְ נִיט טָאכְטֶער צִיוֹן, זֶעה, דֵיין
16 מֶלֶךְ קוּמְט אוּן רֵייט אוֹיף אֵיין יוּנְגֶען אֵייזֶעל. זֵיינֶע תַּלְמִידִים
הָאבֶּען עֶס אִין אָנְפַאנְג נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, נוּר וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז
פֶערְהֶערְלִיכְט גֶעוָוארֶען, דַאמָאלְסְט הָאבֶּען זֵיי זִיךְ דֶערְמָאנְט,
דָאס אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף אִיהם גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּן אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי
17 אִיהם גֶעטָאן. דָאס פָאלְק וָואס אִיז פְרִיהֶער גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהם,
הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט, דָאס עֶר הָאט לַעֲזָר'ן אַרוֹיס גֶערוּפֶען פָאן
18 דֶעם קֶבֶר אוּן הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פָאן דִיא מֵתִים. דֶערִיבֶּער
אִיז דָאס פָאלְק אִיהם אַנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען, דֶען עֶס הָאט זִיךְ
19 גֶעהֶערְט, דָאס עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם וואוּנְדֶער. דִיא פְּרוּשִׁים
הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶערֶעט: אִיהר זֶעהט אִיהר הָאט גָאר נִיט
20 אוֹיסְגֶעפִיהְרְט, דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט גֶעהט אִיהם נָאךְ. אוּנְטֶער
דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ בֶּעטֶען אוֹיף יוֹם טוֹב, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
21 אֵייניגֶע גְרִיכֶען. זֵיי זֶענֶען צוּ גֶעגַאנְגֶען צוּ פִילִיפּוּס'ן וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען פָאן בֵּית צַיְדָה אִין גָלִיל אוּן הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט:
22 הֶערְר! מִיר ווִילֶען זֶעהֶען יֵשׁוּעַ'ן. פִילִיפּוּס גֶעהט אוּן דֶערְצֵיילְט
דָאס צוּ אַנְדְרֵי, אוּן נָאךְ דֶעם הָאבֶּען אַנְדְרֵי אוּן פִילִיפּוּס דֶערְצֵיילְט
23 צוּ יֵשׁוּעַ'ן. יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אֵיין עֶנְטְפֶער: דִיא שָׁעָה אִיז
24 גֶעקוּמֶען דָאס דֶער בֶּן אָדָם: זָאל פֶערְהֶערְלִיכְט וֶוערֶען. אִין
אֶמֶת'ען, אִין אֶמֶת'ען, זָאג אִיךְ אַייךְ אוֹיבּ אֵיין קֶערֶענְדֶעל פָאן
אֵיין ווֵייץ, וָואס אִיז אִין דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען, שְׁטַארְבְּט נִיט, אַזוֹי
בְּלֵייבְּט עֶס אַלֵיין אִיבֶּער, וֶוען אָבֶּער עֶס שְׁטַארְבְּט, אַזוֹי בְּרֵיינְגְט
25 עֶס פִיל פֵּרוֹת. וֶוער עֶס לִיבְּט זֵיין לֶעבֶּען פַארְלִירְט עֶס, וֶוער
אָבֶּער עֶס הָאט פֵיינְט זֵיין לֶעבֶּען אִין דִיזֶער וֶועלְט, דֶער דֶערְהַאלְט
26 עֶס צוּם עֶווִיגֶען לֶעבֶּען. וֶוער עֶס דִינְט מִיךְ, דֶער לָאז מִיר נָאךְ

גֶעהְן, אוּן וואוּ אִיךְ בִּין דָארְטְעְן וֶועט מֵיין דִינֶער אוֹיךְ זֵיין, אוּן
27 וֶוער עֶס דִינְט מִיךְ, דֶעם וֶועט מֵיין פָאטֶער עֶהרֶען. מֵיין נֶפֶשׁ
אִיז יֶעצְט צוּ צִיטֶערְט: אוּן וָואס זָאג אִיךְ: פָאטֶער! זֵיי מִיךְ מַצִיל
פָאן דִיזֶער שָׁעָה, דָאךְ פָאן דֶעם וֶועגֶען בִּין אִיךְ צוּ דִיזֶער שָׁעָה
28 גֶעקוּמֶען. פָאטֶער פַארְהֶערְרְלִיכֶע דֵיין נָאמֶען. דַאמָאלְסְט אִיז
פָאן הִימֶעל אֵיין קוֹל גֶעקוּמֶען: אִיךְ הָאבּ אִיהם פַארְהֶערְרְלִיכְט
29 אוּן וֶועל אִיהם נָאךְ פַארְהֶערְרְלִיכֶען. דָאס פָאלְק וָואס אִיז
גֶעשְׁטַאנֶען אוּן גֶעהֶערְט, הָאט גֶעזָאגְט: דָאס אִיז אֵיין דָאנֶער, אוּן
30 אַנְדֶרֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט: אֵיין מַלְאָךְ הָאט צוּ אִיהם גֶערֶעט. יֵשׁוּעַ
הָאט דַארוֹיף גֶעזָאגְט: נִיט פַאר מִיר אִיז גֶעוֶועֶן דִיזֶער קוֹל, נוּר
31 פַאר דֶעם פָאלְק. יֶעצְט אִיז דֶער מִשְׁפָּט פַאר דֶער וֶועלְט
גֶעקוּמֶען, יֶעצְט וֶועט דֶער שַׂר פָאן דִיזֶער וֶועלְט אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען
32 וֶוערֶען. אוּן וֶוען אִיךְ וֶועל דֶערְהוֹיבֶּען וֶוערֶען פָאן דֶער עֶרְד,
33 וֶועל אִיךְ אַלֶעמֶען צוּצִיהֶען צוּ מִיר. דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט: כְּדֵי
עֶר זָאל גֶעבֶּען צוּ פַארְשְׁטֶעהְן, דוּרְךְ וָואס פַאר אֵיין טוֹיט עֶר
34 וֶועט שְׁטַארְבֶּען. דָאס פָאלְק הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: מִיר הָאבֶּען
גֶעהֶערְט פָאן דֶער תּוֹרָה, דָאס דֶער מָשִׁיחַ בְּלֵייבְּט עֶוִויג, וִויא
אַזוֹי זָאגְסְט דוּא: דָאס דֶער בֶּן הָאָדָם דַארְף דֶערְהוֹיבֶּען וֶוערֶען?
35 וֶוער אִיז דֶער בֶּן הָאָדָם? יֵשׁוּעַ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: נָאךְ אֵיין קְלֵיינֶע
צֵייט וֶועט דָאס לִיכְט זֵיין מִיט אַייךְ; גֶעהְט וִויא לַאנְג דָאס לִיכְט
אִיז בֵּיי אַייךְ, דִיא פִינְסְטֶערְנֶעס זָאל אַייךְ נִיט אִיבֶּערְפַאלֶען; אוּן
וֶוער עֶס גֶעהְט אִין דֶער פִינְסְטֶערְנֶעס וֵוייסְט נִיט וואוּהִין עֶר גֶעהְט.
36 ווִילַאנְג דָאס לִיכְט אִיז מִיט אַייךְ, גְלוֹיבְּט אִין לִיכְט, אוּן זֵייט דִיא
קִינְדֶער פָאן לִיכְט. יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אוּן אִיז אַוֶועק
37 גֶעגַאנְגֶען אוּן אִיז פָאן זֵיי נֶעלָם גֶעוָוארֶען. וִויא פִיל וואוּנְדֶער
עֶר הָאט פַאר זֵיי גֶעטָאן, הָאבֶּען זֵיי דָאךְ נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אִין אִיהם.
38 כְּדֵי עֶס זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען דָאס וָוארְט פָאן דֶעם נָבִיא יְשַׁעְיָה:
גָאטְט, וֶוער הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אוּנְזֶער בְּשׂוֹרָה? אוּן וֶועמֶען הָאט
39 זִיךְ אַנְפְּלֶעקְט גָאטְטֶעס אָרֶעם? דֶערִיבֶּער הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעקָאנְט
40 גְלוֹיבֶּען, ווייל יְשַׁעְיָה הָאט נָאךְ גֶעזָאגְט: עֶר הָאט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען
גֶעבְּלֶענְדֶעט אוּן זֵייעֶר הַארְץ הַארְט גֶעמַאכְט, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען מִיט
דִיא אוֹיגֶען נִיט זֶעהֶען אוּן פַארְשְׁטֶעהְן מִיטְן הַארְצֶען, אוּן זִיךְ

41 אומקעהרען און איך זאל זיי היילען. דאס האט ישעיה געזאגט,
ווען ער האט געזעהען זיין כבוד און האט אויף איהם גערעט.
42 נור אויך פיל פאן דיא עלסטע האבען געגלויבט אין איהם, נור
איבער דיא פרושים האבען זיי ניט מודה געווען, מען זאל זיי
43 ניט ארויס טרייבען פאן דיא שולען. דען זיי האבען מעהר
44 געליבט מענשליכען כבוד, איידער גאטטעס כבוד. ישוע האט
געשריגען און געזאגט: ווער עס גלויבט אין מיר, גלויבט ער ניט
45 אין מיר, נור אין דעם, וועלכער האט מיך געשיקט. און ווער
46 עס זעהט מיך, זעהט דעם, וועלכער האט מיך געשיקט. איך
בין געקומען איין ליכט צו דער וועלט, כדי ווער עס וועט אין
47 מיר גלויבען זאל ניט בלייבען אין דער פינסטערניס. און ווען
איינער וועט הערען מיינע ווערטער, און וועט ניט גלויבען, וועל
איך איהם ניט משפט'ן, דען איך בין געקומען ניט דיא וועלט צו
48 משפט'ן, נור דיא וועלט מציל זיין. ווער עס פעראכטעט מיר
און איז ניט מקבל מיינע ווערטער דער האט שוין זיין ריכטער,
דאס ווארט, וועלכעס איך האב געזאגט, דאס וועט איהם משפט'ן
49 אין דעם לעצטען טאג. דען איך האב ניט פאן מיר אליין גערעט
נור דער פאטער, וועלכער האט מיך געשיקט, ער האט מיר
50 געגעבען איין באפעהל, וואס צו זאגען און וואס צו רעדען. און
איך ווייס דאס זיין באפעהל איז עוויגעס לעבען, דעריבער וואס
איך רעד, רעד איך וויא מיין פאטער האט מיר געזאגט.

יג פאר פסח, ווען ישוע האט געוואוסט, דאס זיין צייט איז
געקומען, דאס ער זאל אוועקגעהן פאן דיא וועלט צו זיין פאטער,
וויא ער האט געליבט זיינע, וואס זענען אויף דער וועלט געוועזען,
2 אזוי האט ער זיי געליבט, ביז צום ענדע. און ביי דעם אוונד־
מאלצייט ווען דער שטן האט שוין אין הארצען געגעבען פאן
3 יהודה בן שמעון איש קריות דאס ער זאל איהם מסר'ן. וייל
ישוע האט געוואוסט, דאס דער פאטער האט אלעס איהם אין
זיין האנד געגעבען, און דאס ער איז פאן גאטט ארויסגעגאנגען
4 און צו גאטט געהט ער אוועק. איז ער אויפגעשטאנען פאן דעם
אוונדמאהלצייט, האט אויסגעטאן דיא קליידער, און האט גענומען
5 איין האנדטוך און האט זיך ארומגעגארטעלט. נאך דעם האט

עֶר אַרײַן גֶעגָאסֶען וַואסֶער אִין וַואשְׁקְרוּג אוּן הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען
צוּ וַואשֶׁען דִיא פִּים פָּאן דִיא תַּלְמִידִים, אוּן אָב צוּ װִישֶׁען מִיט
דֶעם הַאנְדטוּך, וָואס עֶר אִיז מִיט אִיהם אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט גֶעװֶען.
6 עֶר אִיז צוּ גֶעקוּמֶען צוּ שִׁמְעוֹן פֶּטֶר; אוּן עֶר זָאגְט אִיהם: הֶערְר!
7 דוּא זָאלְסְט וַואשֶׁען מֵיינֶע פִּים ? יֵשׁוּעַ עֶנְטְפֶערְט אוּן זָאגְט אִיהם:
וָואס אִיךְ טְהוּ וֵוייסְט דוּא יֶעצְט נִיט, נוּר נָאךְ דֶעם װֶעסְט דוּא
8 װִיסֶען. פֶּטֶר זָאגְט אִיהם: קֵיין מָאל װֶעסְט דוּא נִיט וַואשֶׁען
מֵיינֶע פִּים; יֵשׁוּעַ עֶנְטְפֶערְט אִיהם: װֶען אִיךְ װֶעל דִיךְ נִיט וַואשֶׁען,
9 הָאסְט דוּא אִין מִיר נִיט קֵיין חֵלֶק. שִׁמְעוֹן פֶּטֶר זָאגְט אִיהם:
10 הֶערְר, נִיט נוּר דִיא פִּים אוֹיךְ דִיא הֶענְד אוּן דֶעם קָאפְּף. יֵשׁוּעַ
זָאגְט אִיהם: אֵיין אָבְגֶעוַואשֶׁענֶעם דַארְף מֶען וַואשֶׁען נוּר דִיא פִּים,
וַוייל עֶר אִיז אִין גַאנְצֶען רֵיין, אוּן אִיהר זֶענְט רֵיין, נוּר נִיט אַלֶע.
11 דֶען עֶר הָאט גֶעװוּסְט, װֶער עֶס װֶעט אִיהם מַסֶר׳ן דֶערִיבֶּער הָאט
12 עֶר גֶעזָאגְט: נִיט אִיהר אַלֶע זֶענְט רֵיין. װֶען עֶר הָאט זֵיי אָבְגֶעוַואשֶׁען
דִיא פִּים, אוּן הָאט אָנְגֶעטָאן זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ
װִידֶער אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט, אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וֵוייסְט אִיהר וָואס
13 אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעטָאן. אִיהר רוּפְט מִיךְ רַבִּי, אוּן הֶערְר, אוּן
14 אִיהר זָאגְט רֶעכְט, דֶען אִיךְ בִּין עֶס. דֶערִיבֶּער װֶען אִיךְ הֶערְר,
אוּן רַבִּי הָאבּ אַייךְ גֶעוַואשֶׁען דִיא פִּים, אַזוֹי דַארְפְט אִיהר אוֹיךְ
15 אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן וַואשֶׁען דִיא פִּים. דֶען אִיךְ הָאבּ אַייךְ
גֶעגֶעבֶּען אֵיין בֵּיישְׁפִּיל, דָאס אוֹיךְ אִיהר זָאלְט טָאן דָאס, וָואס
16 אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעטָאן. אִין אֱמֶת׳ען, אִין אֱמֶת׳ען, זָאג אִיךְ אַייךְ:
אֵיין קְנֶעכְט אִיז נִיט גְרֶעסֶער פָּאן זֵיין הֶערְרְן, אוּן דֶער שְׁלִיחַ
17 אִיז נִיט גְרֶעסֶער פָּאן דֶעם וָואס שִׁיקְט אִיהם. אוֹיבּ אִיהר װֶעט
דָאס װִיסֶען, זֶעלִיג װֶעט אִיהר זֵיין, װֶען אִיהר װֶעט דָאס טָאן.
18 נִיט פָּאן אַייךְ אַלֶעמֶען רֶעד אִיךְ, אִיךְ וֵוייס װֶעלְכֶע אִיךְ
הָאבּ אוֹיסְדֶערְוֵוײלְט, אָבֶּער עֶס זָאל דִיא שְׁרִיפְט דֶערְפִילְט
װֶערֶען: װֶער עֶס עֶסְט מִיט מִיר בְּרוֹיט, דֶער הָאט אוֹיף גֶעהוֹיבֶּען
19 אוֹיף מִיר זֵיין טְרִיט. אִיךְ זָאג אַייךְ יֶעצְט אֵיידֶער דָאס אִיז
גֶעשֶׁעהֶען, כְּדֵי װֶען דָאס װֶעט גֶעשֶׁעהֶען, זָאלְט אִיהר גְלוֹיבֶּען
20 דָאס עֶס אוֹיף מִיךְ גֶעהט. אִין אֱמֶת׳ען, אִין אֱמֶת׳ען, זָאג אִיךְ
אַייךְ: װֶער עֶס נֶעמְט אוֹיף דֶעם, װֶעלְכֶען אִיךְ װֶעל שִׁיקֶען נֶעמְט

מִיךְ אוֹיף, אוּן װֶער עֶס נֶעמְט מִיךְ אוֹיף נֶעמְט אוֹיף דֶעם, װֶעלְכֶער
21 הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט. דִיזֶע װֶערְטֶער הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, אוּן אִיז
דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעװָארֶען אִין גֵייסְט, אוּן הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט: אִין אֱמֶת׳עֶן
אִין אֱמֶת׳עֶן, זָאג אִיךְ אַייךְ: דָאס אֵיינֶער פָּאן אַייךְ װֶעט מִיךְ
22 מַסֵר׳ן. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים אֵיינֶער אוֹיף דֶעם
אַנְדֶערֶען גֶעקוּקְט, זֵיי הָאבֶּען נִיט פַארְשְׁטַאנֶען אוֹיף װֶעמֶען עֶר
23 זָאגְט. אֵיינֶער פָּאן זֵיינֶע תַּלְמִידִים, װֶעלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט,
24 אִיז גֶעלֶעגֶען אָנְגֶעשְׁפַּארְט אָן יֵשׁוּעַ׳ס בְּרוּסְט. אִיהם הָאט שִׁמְעוֹן
פֶּטֶר גֶעגֶעבֶּען אֵיין װִינְק, עֶר זָאל פְרֶעגֶען װֶער אִיז דָאס, אוֹיף
25 װֶעמֶען עֶר הָאט גֶעזָאגְט. עֶר נֵייגְטֶע זִיךְ צוּ יֵשׁוּעַ׳ס בְּרוּסְט,
26 אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: הֶערְר! װֶער אִיז דָאס? יֵשׁוּעַ
הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: דֶער װֶעמֶען אִיךְ װֶעל גֶעבֶּען אֵיין
בִּיסֶען בְּרוֹיט, װָאס אִיךְ װֶעל אֵיינְטוּנְקֶען. אוּן עֶר הָאט
אֵיינְגֶעטוּנְקְט אֵיין בִּיסֶען, אוּן עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ יְהוּדָה בֶּן
27 שִׁמְעוֹן אִישׁ קְרִיוֹת. אוּן נָאךְ דֶעם בִּיסֶען אִיז דֶער שָׂטָן אִין אִיהם
אַרַיין, אוּן יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: װָאס דוּא װִילְסְט טָאן טְהוּ
28 בַּאלְד. נוּר קֵיינֶער פָּאן דִיא, װָאס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען, הָאבֶּען
29 פֶערְשְׁטַאנֶען צוּ װָאס עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט. אוּן אַזוֹי װִיא בֵּיי
יְהוּדָה אִיז גֶעװֶעזֶען דִיא בֵּייטֶעל, אַזוֹי הָאבֶּען אֵיינִיגֶע גֶעדַאכְט: דָאס
יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: קוֹיף אֵיין װָאס עֶס אִיז אוּנְז נֵייטִיג
אוֹיף יוֹם טוֹב, אָדֶער עֶר זָאל עֶטְװָאס גֶעבֶּען דִיא אָרֶמֶע לֵייט.
30 נָאךְ דֶעם װִיא עֶר הָאט גֶענוּמֶען דֶעם בִּיסֶען, אִיז עֶר בַּאלְד אַרוֹיס
31 גֶעגַאנְגֶען. עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען נַאכְט. װֶען עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען
הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט: יֶעצְט אִיז פַארְהֶערְלִיכְט גֶעװָארֶען דֶער בֶּן
32 הָאָדָם, אוּן גָאטְט אִיז פַארְהֶערְלִיכְט גֶעװָארֶען אִין אִיהם. װִיא
גָאטְט אִיז פַארְהֶערְלִיכְט גֶעװָארֶען אִין אִיהם; אַזוֹי װֶעט גָאטְט
אוֹיךְ אִיהם פַארְהֶערְלִיכֶען אִין זִיךְ, אוּן בַּאלְד װֶעט עֶר אִיהם
33 פַארְהֶערְלִיכֶען. קִינְדֶער! נוּר נָאךְ אֵיין קְלֵיינֶע װֵיילֶע בִּין אִיךְ
בֵּיי אַייךְ, אִיהר װֶעט מִיךְ זוּכֶען אוּן אַזוֹי װִיא אִיךְ הָאבּ דִיא אִידֶען
גֶעזָאגְט, דָאס װוּהִין אִיךְ גֶעה, קָאנְט אִיהר נִיט קוּמֶען, אַזוֹי זָאג
34 אִיךְ אוֹיךְ אַייךְ יֶעצְט. אֵיין נֵייעֶ מִצְוָה גִיבּ אִיךְ אַייךְ: לִיבְּט
אֵיינָער דֶעם אַנְדֶערֶען, אַזוֹי װִיא אִיךְ הָאבּ אַייךְ לִיבּ גֶעהַאט, אַזוֹי

35 לִיבְּט אִיהר אוֹיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען. אָן דֶעם וֶועט מֶען אַייךְ
דֶערְקֶענֶען, דָאס אִיהר זֶענְט מֵיינֶע תַּלְמִידִים, וֶוען אִיהר וֶועט
36 הָאבֶּען לִיבֶּע צְווִישֶׁען אַייךְ. שִׁמְעוֹן פֶּטֶר הָאט אִיהם גֶעזָאגְט:
הֶערְר, וואוּהִין גֶעהסְט דוּא? יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעעֶנְטפֶערְט:
וואוּהִין אִיךְ גֶעה, קָאנְסְט דוּא יֶעצְט מִיר נִיט נָאכְגֶעהְן, נוּר
37 נָאכְדֶעם וֶועסְט דוּא גֶעהְן נָאךְ מִיר. פֶּטֶר הָאט אִיהם גֶעזָאגְט:
וָוארוּם קָאן אִיךְ יֶעצְט נִיט גֶעהְן נָאךְ דִיר? אִיךְ ווִיל מֵיין לֶעבֶּען
38 לָאזֶען פַאר דִיר. יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעעֶנְטפֶערְט: דֵיין לֶעבֶּען
וֶועסְט דוּא לָאזֶען פַאר מִיר? אִין אֱמֶת'ן, אִין אֱמֶת'ן, זָאג אִיךְ
דִיר: דֶער הָאן וֶועט נִיט הָאבֶּען גֶעקְרֵייט, אוּן דוּא וֶועסְט זִיךְ פָאן
מִיר דְרֵייא מָאל אָבְּלֵייקֶענֶען.

יד לָאז אֵייעֶר הַארְץ זִיךְ נִיט שְׁרֶעקֶען. גְלוֹיבְּט אִיז גָאטְט אוּן אִין
2 מִיר. אִין מֵיין פָאטֶערְס הוֹיז אִיז דָא פִילֶע ווֵיינוּנְגֶען, וֶוען נִיט
אַזוֹי וָואלְט אִיךְ אַייךְ גֶעזָאגְט, אִיךְ גֶעה צוּגְרֵייטֶען אֵיין אָרְט.
3 אוּן וֶוען אִיךְ וֶועל גֶעהֶן אוּן וֶועל צוּגְרֵייטֶען אַייךְ אֵיין אָרְט, וֶועל
אִיךְ נָאךְ אֵיין מָאל קוּמֶען, אוּן וֶועל אַייךְ נֶעמֶען צוּ מִיר, כְּדֵי
4 אִיהר זָאלְט אוֹיךְ זֵיין, וואוּ אִיךְ בִּין. אוּן וואוּהִין אִיךְ גֶעה ווֵייסְט
5 אִיהר, אוּן אִיהר ווֵייסְט דֶעם וֶועג. תּוֹמָא הָאט אִיהם גֶעזָאגְט:
הֶערְר, מִיר ווֵייסֶען נִיט וואוּהִין דוּא גֶעסְט, ווִיא אַזוֹי קֶענֶען מִיר
6 ווִיסֶען דֶעם וֶועג? יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין דֶער וֶועג,
אוּן דֶער אֱמֶת אוּן דָאס לֶעבֶּען. קֵיינֶער קוּמְט נִיט צוּם פָאטֶער,
7 נוּר דוּרְךְ מִיר. וֶוען אִיהר וָואלְט מִיךְ קֶענֶען, אַזוֹי וָואלְט אִיהר
גֶעקֶענְט אוֹיךְ מֵיין פָאטֶער; נוּן, פָאן יֶעצְט קָאנְט אִיהר אִיהם,
8 אוּן הָאט אִיהם גֶעזֶעהֶען. פִילִיפּוּס זָאגְט אִיהם: הֶערְר! ווֵייז
9 אוּנְז דֶעם פָאטֶער, אוּן עֶס וֶועט פַאר אוּנְז גֶענוּג זֵיין. יֵשׁוּעַ זָאגְט
אִיהם אַזוֹי פִיל צֵייט בִּין אִיךְ מִיט אַייךְ, אוּן דוּא קָאנְסְט מִיךְ נִיט,
פִילִיפּוּס? וֶוער עֶס הָאט מִיךְ גֶעזֶעהֶען הָאט דֶעם פָאטֶער גֶעזֶעהֶען,
10 ווִיא אַזוֹי זָאגְסְט דוּא ווֵייז אוּנְז דֶעם פָאטֶער? גְלוֹיבְּסְט דוּא דֶען
נִיט, דָאס אִיךְ בִּין אִין פָאטֶער אוּן דֶער פָאטֶער אִין מִיר? דִיא
ווֶערְטֶער וָואס אִיךְ זָאג אַייךְ, זָאג אִיךְ נִיט פָאן מִיר אַלֵיין, דֶער
11 פָאטֶער, וֶועלְכֶער אִין מִיר ווֵיינְט, עֶר טְהוּט דִיא מַעֲשִׂים. גְלוֹיבְּט
מִיר, דָאס אִיךְ בִּין אִין פָאטֶער, אוּן דֶער פָאטֶער אִין מִיר. אוּן

12 אוֹיבּ נִיט אַזוֹי גְלוֹיבְּט מִיר װעגֶען דִיא װֶערְקֶע אַלֵיין. אִין אֱמֶת׳עֶן,
אִין אֱמֶת׳עֶן, זָאג אִיךְ אַייךְ: װֶער עֶס גְלוֹיבְּט אִין מִיר, דֶער װֶעט
אוֹיךְ אַלֵיין װֶערְקֶע טָאן, װִיא אִיךְ טְהוּעֶ, אוּן נָאךְ גְרֶעסֶערֶע פָאן
13 דִיא, װֶעט עֶר טָאן; װייל אִיךְ גֶעה צוּ מֵיין פָאטֶער. אוּן װָאס
אִיהר װֶעט דַאמָאלְסְט בֶּעטֶען אִין מֵיין נָאמֶען, דָאס װֶעל אִיךְ
אוֹיסְװִירְקֶען, כְּדֵי דֶער פָאטֶער זָאל פֶערְהֶערְלִיכְט װֶערֶען אִין
14 דֶעם זָאהְן. װֶען אִיהר װֶעט עֶטְװָאס בֶּעטֶען אִין מֵיין נָאמֶען, װֶעל
15 אִיךְ עֶס אוֹיסְװִירְקֶען. אוֹיבּ אִיהר לִיבְּט מִיךְ, אַזוֹי װֶעט אִיהר
16 מֵיינֶע מִצְוֹת הַאלְטֶען. אוּן אִיךְ װֶעל בֶּעטֶען דֶעם פָאטֶער, אוּן
עֶר װֶעט אַייךְ גֶעבֶּען אַיין אַנְדֶערֶען מֵלִיץ יוֹשֶׁר. עֶר זָאל זֵיין בֵּיי
17 אַייךְ עֶוִיג. דֶעם גֵייסְט פָאן אֱמֶת, װעלְכֶען דִיא װֶעלְט קָאן נִיט
מְקַבֵּל זֵיין, װייל עֶס זֶעהט אִיהם נִיט, אוּן קֶען אִיהם נִיט. אִיהר
אָבֶּער קֶענְט אִיהם, דֶען עֶר װוֹינְט בֵּיי אַייךְ, אוּן װֶעט זֵיין אִין אַייךְ.
18 אִיךְ װֶעל אַייךְ נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען יְתוֹמִים, אִיךְ װִיל צוּ אַייךְ קוּמֶען.
19 נָאךְ אַיינֶע קְלֵיינֶע װַיילֶע, אוּן דִיא װֶעלְט װֶעט מִיךְ מֶעהר נִיט
זֶעהן; אִיהר אָבֶּער װֶעט מִיךְ זֶעהֶען, דֶען אִיךְ לֶעבּ, אוּן אִיהר
20 װֶעט לֶעבֶּען. אִין יֶענֶעם טָאג װֶעט אִיהר דֶערְקֶענֶען, דָאס אִיךְ
21 בִּין אִין מֵיין פָאטֶער, אוּן אִיהר, אִין מִיר, אוּן אִיךְ, אִין אַייךְ. װֶער
עֶס הָאט מֵיינֶע מִצְוֹת, אוּן הַאלְט זֵיי, דֶער לִיבְּט מִיךְ; אוּן װֶער
עֶס לִיבְּט מִיךְ, דֶער װֶעט גֶעלִיבְּט װֶערֶען פָאן מֵיין פָאטֶער, אוּן
22 אִיךְ װֶעל אִיהם לִיבֶּען, אוּן װֶעל מִיךְ צוּ אִיהם בֶּעװַייזֶען. יְהוּדָה
(נִיט אִישׁ קְרִיּוֹת) זָאגְט אִיהם: הֶערְר, װָאס אִיז דָאס, דָאס װָאס
23 דוּא װִילְסְט זִיךְ בֶּעװַייזֶען צוּ אוּנְז, אוּן נִיט צוּ דֶער װֶעלְט? יֵשׁוּעַ
הָאט אִיהם גֶעזָאגְט אַיין עֶנְטְפֶער: װֶער עֶס לִיבְּט מִיךְ דֶער װֶעט
מֵיין װָארְט הַאלְטֶען, אוּן מֵיין פָאטֶער װֶעט אִיהם לִיבֶּען אוּן מִיר
װֶעלֶען קוּמֶען צוּ אִיהם, אוּן מִיר װֶעלֶען בֵּיי אִיהם אוּנְזֶער װוֹינוּנְג
24 מַאכֶען. װֶער עֶס לִיבְּט מִיךְ נִיט, דֶער הַאלְט נִיט מֵיינֶע װֶערְטֶער:
דָאס װָארְט, װעלְכֶעס אִיהר הֶערְט, אִיז נִישְׁט מֵיינֶעס, נוּר דֶעם
25 פָאטֶערְס, װֶעלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט. דָאס הָאבּ אִיךְ צוּ אַייךְ
26 גֶערֶעט, אִין דֶער צַייט װֶען אִיךְ בִּין בֵּיי אַייךְ גֶעװֶען. דֶער מֵלִיץ
יוֹשֶׁר, דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, װעלְכֶען דֶער פָאטֶער װֶעט שִׁיקֶען אִין
מֵיין נָאמֶען, װֶעט אַייךְ אַלְדִינְג לֶערְנֶען, אוּן װֶעט אַייךְ אַלְץ

27 דֶערְמָאנֶען, וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעזָאגְט. אִיךְ לָאז אַייךְ פְרִידֶען,
מֵיין פְרִידֶען גִיבּ אִיךְ אַייךְ; נִיט וִויא דִיא וֶועלְט גִיבְּט, גִיבּ א
28 אַייךְ, לָאז אֵייעֶר הַארְץ זִיךְ נִיט שְׁרֶעקֶען אוּן נִיט פִירְכְטֶען. אִיהר
הָאט גֶעהֶערְט, וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעזָאגְט: אִיךְ גֶעה אַוֶועק פָּאן
אַייךְ, אוּן וֶועל צוּ אַייךְ קוּמֶען, וֶוען אִיהר וָאלְט מִיךְ לִיבּ גֶעהַאט,
אַזוֹי וָאלְט אִיהר זִיךְ גֶעפְרֵייט דֶערִיבֶּער, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט:
אִיךְ גֶעה צוּ דֶעם פָאטֶער, דֶען מֵיין פָאטֶער אִיז גְרֶעסֶער פָּאן
29 מִיר. אוּן נוּן, אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעזָאגְט, אֵיידֶער עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען,
30 כְּדֵי אִיהר זָאלְט גְלוֹיבֶּען וֶוען דָאס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען. אִיךְ וֶועל
שָׁאן נִיט פִיל רֵיידֶען מִיט אַייךְ, דֶען דֶער הֶערְרְשֶׁער פָּאן דֶער
31 וֶועלְט קוּמְט. עֶר הָאט אֲפִילוּ קֵיין רֶעכְט אוֹיף מִיר נִיט. נוּר
אָבֶּער כְּדֵי דִיא וֶועלְט זָאל דֶערְקֶענֶען, דָאס אִיךְ לִיבּ דֶעם פָאטֶער,
אוּן וִויא דֶער פָאטֶער הָאט מִיר גֶעבָּאטֶען אַזוֹי טְהוּא אִיךְ: שְׁטֶעהְט
אוֹיף, לָאזֶען מִיר פָּאן דַאנֶען אַוֶועק גֶעהֶען.

טו אִיךְ בִּין דֶער אֱמֶת'עֶר וֵויינְשְׁטָאק, אוּן מֵיין פָאטֶער אִיז דֶער
2 וֵויינְגֶערְטְנֶער. יֶעדֶער צְווֵייג, וָואס אִיז אִין מִיר, וָואס בְּרֵיינְגְט
נִיט קֵיין פֵּרוֹת וֶועט עֶר אָבְּהַאקֶען: אוּן יֶעדֶערֶער, וֶועלְכֶער
בְּרֵיינְגְט פֵּרוֹת וֶועט עֶר רֵיינִיגֶען, דָאס עֶר זָאל מֶעהר פֵּרוֹת
3 בְּרֵיינְגֶען. אִיהר זֶענְט שׁוֹין רֵיין דוּרְךְ מֵיין וָוארְט, וֶועלְכֶען אִיךְ
4 הָאבּ מִיט אַייךְ גֶערֶעט. זַייט אִין מִיר אוּן אִיךְ אִין אַייךְ. אַזוֹי
וִויא דֶער צְווֵייג קָאן אַלֵיין קֵיין פֵּרוֹת נִיט בְּרֵיינְגֶען, וֶוען עֶר אִיז
נִיט אִין וֵויינְשְׁטָאק: אַזוֹי אוֹיךְ אִיהר, וֶוען אִיהר וֶועט נִיט בְּלֵייבֶּען
5 אִין מִיר. אִיךְ בִּין דֶער וֵויינְשְׁטָאק, אוּן אִיהר דִיא צְווֵייגֶען: וֶוער
עֶס וֶועט בְּלֵייבֶּען אִין מִיר אוּן אִיךְ אִין אִיהם דֶער וֶועט בְּרֵיינְגֶען
6 פִיל פֵּרוֹת, דֶען אָן מִיר קָאנְט אִיהר גָארְנִיט טָאן. וֶוער עֶס וֶועט
נִיט זַיין אִין מִיר, וֶועט אַרוֹיס גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען וִויא אַיין צְווֵייג
אוּן וֶועט פֶערְדַארְט וֶוערֶען, אוּן אַזֶעלְכֶע נֶעמְט מֶען צוּזַאמֶען אוּן
7 מֶען וַוארְפְט אִין פַייעֶר, אוּן זֵיי וֶוערֶען פַארְבְּרֶענְט. וֶוען אִיהר
וֶועט בְּלֵייבֶּען אִין מִיר, אוּן מֵיין וָוארְט וֶועט אִין אַייךְ בְּלֵייבֶּען,
אַזוֹי וָואס אִיהר וֶועט וֶועלֶען, אַזוֹי בֶּעט אוּן עֶס וֶועט אַייךְ
8 גֶעשֶׁעהֶען. דוּרְךְ דֶעם וֶועט מֵיין פָאטֶער גֶעעֶהרְט וֶוערֶען, וֶוען
אִיהר וֶועט בְּרֵיינְגֶען פִיל פֵּרוֹת, אוּן וֶועט מֵיינֶע תַּלְמִידִים זַיין.

9 אַזוֹי וויא דֶער פָאטֶער הָאט מִיךְ גֶעלִיבְּט, הָאבּ אִיךְ אַייךְ אוֹיךְ
10 לִיבּ, פֶערְבְּלַייבְּט אִין מֵיין לִיבֶּע. ווען אִיהר וועט הַאלְטֶען מֵיינֶע
מִצְוֹת, וועט אִיהר זַיין אִין מֵיין לִיבֶּע, אַזוֹי וויא אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ
גֶעהַאלְטֶען דִיא מִצְוֹת פָאן מֵיין פָאטֶער, אוּן בִּין אִין זַיין לִיבֶּע.
11 דִיזֶעס הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶערֶעט, כְּדֵי מֵיין שִׂמְחָה זָאל אוֹיף אַייךְ
12 קוּמֶען, אוּן אֵייעֶר שִׂמְחָה זָאל פוּל ווערֶען. דָאס אִיז מֵיין מִצְוָה,
דָאס אִיהר זָאלְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען, וויא אִיךְ הָאבּ
13 אַייךְ גֶעלִיבְּט. קֵיינֶער הָאט נִיט אֵיינֶע גְרֶעסֶערֶע לִיבֶּע, פָאן דִיא
14 ווען עֶר שְׁטֶעלְט זַיין לֶעבֶּען פַאר זַיינֶע פְרֵיינְד אַיין. אִיהר זֶענְט
מֵיינֶע פְרֵיינְד, ווען אִיהר טְהוּט דָאס וואס אִיךְ בַּאפֶעהל אַייךְ.
15 אִיךְ רוּף אַייךְ נִיט מֶעהר קְנֶעכְט, דֶען אַיין קְנֶעכְט ווייס נִיט וואס
זַיין הֶערְר טְהוּט, נוּר פְרֵיינְד הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶערוּפֶען, ווייל אִיךְ
הָאבּ אַייךְ אַלְדִינְג מוֹדִיעַ גֶעוועזֶען, וואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פָאן
16 מֵיין פָאטֶער. נִיט אִיהר הָאט מִיךְ אוֹיסְדֶערְוועלְט, אִיךְ הָאבּ
אַייךְ אוֹיסְדֶערְוועלְט, אוּן אַייךְ בֶּעשְׁטֶעלְט, דָאס אִיהר זָאלְט
גֶעהֶן אוּן בְּרֵיינְגֶען פֵּרוֹת, אוּן דָאס אֵייעֶרֶע פֵּרוֹת זָאלֶען בְּלֵייבֶּען,
כְּדֵי וואס אִיהר וועט בֶּעטֶען פָאן דֶעם פָאטֶער אִין מֵיין נָאמֶען
17 זָאל עֶר אַייךְ גֶעבֶּען. דָאס בַּאפֶעהל אִיךְ אַייךְ: אִיהר זָאלְט
18 אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען. ווען דִיא וועלְט וועט אַייךְ פֵיינְד
הָאבֶּען, אַזוֹי ווייסְט, דָאס זִיא הָאט מִיךְ פְרִיהֶער פָאן אַייךְ
19 פֵיינְד גֶעהַאט. ווען אִיהר וואלְט פָאן דֶער וועלְט זַיין, אַזוֹי וואלְט
דִיא וועלְט אִיהרֶעס גֶעלִיבְּט, נוּר אַזוֹי וויא אִיהר זֶענְט נִיט פָאן
דֶער וועלְט, נוּר אִיךְ הָאבּ אַייךְ אוֹיסְדֶערְוועלְט פָאן דֶער וועלְט,
20 דֶערִיבֶּער הָאט אַייךְ דִיא וועלְט פֵיינְד. גֶעדֶענְקְט, דָאס ווָארְט,
וועלְכֶעס אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעזָאגְט: אַיין קְנֶעכְט אִיז נִיט גְרֶעסֶער
פָאן זַיין הֶערְן, ווען מֶען הָאט מִיךְ גֶערוֹדֵפ'ט, וועלֶען זֵיי אַייךְ
אוֹיךְ רוֹדֵפ'ן; ווען זֵיי הָאבֶּען מֵיין ווָארְט גֶעהַאלְטֶען, וועלֶען זֵיי
21 אֵייעֶר ווָארְט אוֹיךְ הַאלְטֶען. דָאס אַלֶעס אָבֶּער וועלֶען זֵיי אַייךְ
טָאן, ווֶעגֶען מֵיין נָאמֶען, ווייל זֵיי קֶענֶען נִיט דֶעם, וועלְכֶער הָאט
22 מִיךְ גֶעשִׁיקְט. ווען אִיךְ וואלְט נִיט גֶעוועזֶען גֶעקוּמֶען, אוּן וואלְט
זֵיי נִיט גֶעוועזֶען גֶעזָאגְט, אַזוֹי וואלְטֶען זֵיי קֵיין זִינְדֶע נִיט גֶעהַאט,
יֶעצְט אָבֶּער הָאבֶּען זֵיי נִיט קֵיין אוֹיסְרֵייד פַאר זֵייעֶרֶע זִינְד. דֶער

24 וָואס הָאט מִיך פֵיינְד, דֶער הָאט אוֹיך פֵיינְד מֵיין פָּאטֶער. וֶוען
אִיךְ וָואלְט נִיט גֶעוֶועזֶען גֶעטָאן צְווִישֶׁען זֵיי אַזָאלְכֶע מַעֲשִׂים, וָואס
קֵיין אַנְדֶערֶער הָאט נִיט גֶעטָאן, אַזוֹי וָואלְטֶען זֵיי נִיט גֶעהַאט קֵיין
זִינְדֶע, נוּר יֶעצְט הָאבֶּען זֵיי עֶס גֶעזֶעהֶן, אוּן הָאבֶּען מִיךְ אוּן מֵיין
25 פָּאטֶער פֵיינְד גֶעהַאט. אָבֶּער עֶס זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען דָאס
וָוארְט, וָואס עֶס אִיז אִין זֵייעֶר תּוֹרָה גֶעשְׁרִיבֶּען: אוּמְזִיסְט הָאבֶּען
26 זֵיי מִיךְ פֵיינְד גֶעהַאט. וֶוען דֶער מֵלִיץ יוֹשֶׁר וֶועט קוּמֶען, דֶער,
וֶועלְכֶען אִיךְ וֶועל אַייךְ שִׁיקֶען פָאן דֶעם פָּאטֶער, דֶער גֵייסְט פָאן
אֱמֶת, וֶועלְכֶער גֶעהט אַרוֹיס פָאן דֶעם פָּאטֶער עֶר וֶועט זָאגֶען
27 עֵדוּת אוֹיף מִיר. אָבֶּער אִיהר אוֹיךְ וֶועט עֵדוּת זָאגֶען, וֵוייל אִיהר
זַייט פָאן אָנְפַאנְג אָן מִיט מִיר גֶעוֶועזֶען.
טז דִיזֶעס הָאבּ אִיךְ צוּ אַייךְ גֶערֶעט, כְּדֵי אִיהר זָאלְט נִיט
2 גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען. זֵיי וֶועלֶען אַייךְ אַרוֹיס טְרֵייבֶּען פָאן דִיא
שׁוּלֶען; עֶס קוּמְט אָן אֵיין צֵייט, דָאס יֶעדֶער, וָואס וֶועט אַייךְ
3 הַרְגֶ'נֶען, וֶועט מֵיינֶען דָאס עֶר דִינְט גָאטְט דֶערְמִיט. דָאס וֶועלֶען
זֵיי טָאן, וֵוייל זֵיי הָאבֶּען נִיט דֶערְקָאנְט דֶעם פָּאטֶער, נִיט מִיךְ.
4 אִיךְ הָאבּ אַייךְ דָאס דֶערִיבֶּער גֶעזָאגְט, דָאס וֶוען יֶענֶע צֵייט וֶועט
אָנְקוּמֶען, זָאלְט אִיהר גֶעדֶענְקֶען, דָאס אִיךְ הָאבּ עֶס אַייךְ גֶעזָאגְט;
אִיךְ הָאבּ עֶס אַייךְ פָאן אָנְפַאנְג נִיט גֶעזָאגְט, וֵוייל אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען
5 בֵּיי אַייךְ. אוּן יֶעצְט גֶעה אִיךְ צוּ דֶעם, וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט, אוּן נִיט אֵיינֶער פָאן אַייךְ פְרֶעגְט מִיךְ: וואוּהִין גֶעהסְט
6 דוּא? נוּר וֵוייל אִיךְ הָאבּ דָאס צוּ אַייךְ גֶערֶעט, אִיז אֵייעֶר הַארְץ
7 פוּל מִיט טְרוֹיעֶר. אָבֶּער אִיךְ זָאג אַייךְ דֶעם אֱמֶת, דָאס עֶס אִיז
פַאר אַייךְ בֶּעסֶער, דָאס אִיךְ זָאל אַוֶועק גֶעהְן, דֶען וֶוען אִיךְ וֶועל
8 נִיט גֶעהְן, וֶועט דֶער מֵלִיץ יוֹשֶׁר צוּ אַייךְ נִיט קוּמֶען. אוּן וֶוען
עֶר וֶועט קוּמֶען וֶועט עֶר דִיא וֶועלְט אִיבֶּער וֵוייזֶען אִיבֶּער זִינְדֶע
9 אוּן אִיבֶּער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן אִיבֶּער מִשְׁפָּט. אִיבֶּער זִינְד, וֵוייל
10 זֵיי גְלוֹיבֶּען נִיט אִין מִיר. אִיבֶּער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, וֵוייל אִיךְ גֶעה
11 צוּ מֵיין פָּאטֶער, אוּן אִיהר וֶועט מִיךְ מֶעהר נִיט זֶעהֶען. אִיבֶּער
מִשְׁפָּט, וֵוייל דֶער הֶערְשֶׁער פָאן דִיזֶער וֶועלְט אִיז גֶעמִשְׁפָּט
12 גֶעוָוארֶען. אִיךְ הָאבּ נָאךְ פִיל אַייךְ צוּ זָאגֶען, נוּר אִיהר קָאנְט
13 יֶעצְט נִיט פַארְטְרָאגֶען. וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען, דֶער גֵייסְט פָאן

אֶמֶת, אַזוֹי וֶועט עֶר אַייךְ אַרַיינְפִיהרֶען אִין דֶעם גַאנְצֶען אֶמֶת:
דֶען נִיט פָאן זִיךְ אַלֵיין וֶועט עֶר רֶעדֶען, נוּר וָואס עֶר וֶועט הֶערֶען,
וֶועט עֶר אַייךְ רֶעדֶען; אוּן וָואס עֶס וֶועט שְׁפֶּעטֶער זַיין וֶועט עֶר
14 אַייךְ אָנְזָאגֶען. עֶר וֶועט מִיךְ פַארְהֶערְלִיכֶען, דֶען פָאן מֵיינֶעם
15 וֶועט עֶר נֶעמֶען אוּן וֶועט אַייךְ אָנְזָאגֶען. אַלֶעס וָואס דֶער פָאטֶער
הָאט, אִיז מֵיינֶע, דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, דָאס עֶר וֶועט פָאן
16 מֵיינֶעם נֶעמֶען, אוּן וֶועט עֶס אַייךְ אָנְזָאגֶען. אֵיין קְלֵיינֶע וֵוייל֗ע
וֶועט אִיהר מִיךְ נִיט זֶעהֶען, אוּן וִוידֶער אִין אֵיין קְלֵיינֶע וֵוייל֗ע
17 וֶועט אִיהר מִיךְ זֶעהֶען: דֶען אִיךְ גֶעה צוּם פָאטֶער. אֵיינִיגֶע פָאן
זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט: וָואס
אִיז דָאס, וָואס עֶר זָאגְט אוּנְז: אִין אֵיין קְלֵיינֶע וֵוייל֗ע וֶועט אִיהר
מִיךְ נִיט זֶעהֶען, אוּן וִוידֶער אִין אֵיין קְלֵיינֶע וֵוייל֗ע וֶועט אִיהר
18 מִיךְ זֶעהֶען? אוּן אִיךְ גֶעה צוּם פָאטֶער? אוּן הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעזָאגְט:
וָואס אִיז דָאס וָואס עֶר זָאגְט: אֵיין קְלֵיינֶע וֵוייל֗ע? מִיר וֵוייסֶען
19 נִיט וָואס עֶר רֶעט? יֵשׁוּעַ הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען, דָאס זֵיי וִוילֶען
אִיהם פְרֶעגֶען: הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט: וֶועגֶען דֶעם פְרֶעגְט אִיהר
אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען: וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט: אִין אֵיין קְלֵיינֶע
וֵוייל֗ע וֶועט אִיהר מִיךְ נִיט זֶעהֶען, אוּן וִוידֶער אִין אֵיין קְלֵיינֶע וֵוייל֗ע
20 וֶועט אִיהר מִיךְ זֶעהֶען? אִין אֶמֶת'ֶען, אִין אֶמֶת'ֶען, זָאג אִיךְ אַייךְ:
אִיהר וֶועט וֵויינֶען אוּן קְלָאגֶען דִיא וֶועלְט אָבֶּער וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן,
אִיהר וֶועט טְרוֹיעֶרִיג זַיין. נוּר אֵייעֶר טְרוֹיעֶר וֶועט פַארְקֶעהְרְט
21 וֶוערֶען צוּ פְרֵיידֶען. אֵיין אִשָּׁה וֶוען זִיא גֶעהְט צוּ קִינְד לֵיידֶעט
שְׁמֶערְצֶען, וֵוייל אִיהר שָׁעָה אִיז גֶעקוּמֶען, אָבֶּער וֶוען זִיא הָאט
שׁוֹין גֶעבָּארֶען דָאס קִינְד, גֶעדֶענְקְט זִיא נִיט מֶעהר אִיהר נוֹיט
פַאר שִׂמְחָה, דָאס אֵיין מֶענְשׁ אִיז אִין דֶער וֶועלְט גֶעבָּארֶען
22 גֶעוָוארֶען. אַזוֹי אִיהר אוֹיךְ, יֶעצְט הָאט אִיהר צַעַר. אִיךְ וֶועל
אַייךְ אָבֶּער וִוידֶער זֶעהֶען אוּן אֵייעֶר הַארְץ וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן, אוּן
23 קֵיינֶער וֶועט נִיט אַוֶועק נֶעמֶען אֵייעֶר שִׂמְחָה. אִין יֶענֶעם טָאג
וֶועט אִיהר מִיךְ גָאר נִיט בֶּעטֶען. אִין אֶמֶת'ֶען, אִין אֶמֶת'ֶען, זָאג
אִיךְ אַייךְ: וָואס אִיהר וֶועט נוּר בֶּעטֶען דֶעם פָאטֶער אִין מֵיין
24 נָאמֶען, וֶועט עֶר אַייךְ גֶעבֶּען. בִּיז אַהֶער הָאט אִיהר גָאר נִיט
גֶעבֶּעטֶען אִין מֵיין נָאמֶען: בֶּעט אוּן אִיהר וֶועט מְקַבֵּל זַיין, כְּדֵי

25 אײער שׂמְחָה זָאל דֶערְפִילְט װֶערֶען. דִיזֶעס הָאבּ אִיך גֶערֶעט צוּ
אײך מִיט מְשָׁלִים; נוּר עֶס קוּמְט אָן דִיא צײט, װֶען אִיך װֶעל
מֶעהר נִיט רֶעדֶען צוּ אײך מִיט מְשָׁלִים, נוּר עֶפֶּענְטְלִיך װֶעל אִיך
26 אײך מוֹדִיעַ זײן אִיבֶּער דֶעם פָאטֶער. אִין יֶענֶעם טָאג װֶעט אִיהר
בֶּעטֶען אִין מײן נָאמֶען, אוּן אִיך זָאג אײך נִיט, דָאס אִיך װֶעל
27 בֶּעטֶען דֶעם פָאטֶער פַאר אײך. דֶען דֶער פָאטֶער אַלײן לִיבְּט
אײך, װײל אִיהר הָאט מִיך גֶעלִיבְּט, אוּן הָאט גֶעגְלױבְּט, דָאס
28 אִיך בִּין אַרױס גֶעגַאנְגֶען פָאן גָאט. אִיך בִּין אַרױס גֶעגַאנְגֶען
פָאן דֶעם פָאטֶער, אוּן בִּין גֶעקוּמֶען אִין דֶער װֶעלְט, אוּן אִיך לָאז
29 װִידֶער אַװֶעק דִיא װֶעלְט, אוּן גֶעה צוּם פָאטֶער. זײנֶע תַּלְמִידִים
הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: נוּן יֶעצְט רֶעדֶעסְט דוּא עֶפֶּענְטְלִיך, אוּן
30 זָאגְסְט נִיט קײן שוּם מָשָׁל. יֶעצְט װײסֶען מִיר, דָאס דוּא װײסְט
אַלֶעס, אוּן דוּא בֶּעדַארְפְסְט נִיט, דָאס אײנֶער זָאל דִיך פְרֶעגֶען,
דֶערִיבֶּער גְלױבֶּען מִיר דָאס דוּא בִּיסְט פָאן גָאט אַרױס גֶעגַאנְגֶען.
31 32 יֵשׁוּעַ הָאט זײ גֶעעֶנְטְפֶערְט: יֶעצְט גְלױבְּט אִיהר? נוּן, עֶס קוּמְט
אָן אײן שָׁעָה אוּן זִיא אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען, דָאס אִיהר װֶעט צוּשְׁפְּרײט
װֶערֶען, יֶעדֶער אִין זײן אָרְט, אוּן מִיך װֶעט אִיהר אַלײן לָאזֶען, נוּר
33 אִיך בִּין נִיט אַלײן, װײל דֶער פָאטֶער אִיז מִיט מִיר. דִיזֶעס הָאבּ
אִיך צוּ אײך גֶעזָאגְט, כְּדֵי אִיהר זָאלְט הָאבֶּען שָׁלוֹם אִין מִיר.
אִין דֶער װֶעלְט װֶעט אִיהר הָאבֶּען צָרוֹת אָבֶּער זײט גֶעטְרױסְט,
אִיך הָאבּ דִיא װֶעלְט מְנַצֵחַ גֶעװֶעזֶען.

יז דִיזֶע װֶערְטֶער הָאט יֵשׁוּעַ גֶערֶעט, אוּן הָאט אױף גֶעהױבֶּען
זײנֶע אױגֶען צוּם הִימֶעל אוּן הָאט גֶעזָאגְט: פָאטֶער, דִיא שָׁעָה
אִיז גֶעקוּמֶען, פַארְהֶערְלִיכֶע דײן זָאהְן, כְּדֵי דײן זָאהְן זָאל דִיך
2 פַארְהֶערְלִיכֶען. אַזוֹי װִיא דוּא הָאסְט אִיהם גֶעגֶעבֶּען דִיא מַאכְט
אִיבֶּער יֶעדֶער פְלײשׁ, כְּדֵי עֶר זָאל גֶעבֶּען עֶװִיגֶעס לֶעבֶּען צוּ
3 אַלֶעמֶען, װָאס דוּא הָאסְט אִיהם גֶעגֶעבֶּען. דָאס אִיז דָאס עֶװִיגֶע
לֶעבֶּען צוּ דֶערְקֶענֶען דִיך, דֶעם אַלײן אֱמֶת׳ֶען גָאט, אוּן דֶעם,
4 װֶעלְכֶען דוּא הָאסְט גֶעשִׁיקְט, יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. אִיך הָאבּ דִיך
פַארְהֶערְלִיכְט אױף דֶער עֶרְד, אִיך הָאבּ אִין גַאנְצֶען אָבְּגֶעטָאן
דִיא אַרְבֵּייט, װֶעלְכֶע דוּא הָאסְט מִיר אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען צוּ טָאן.
5 אוּן יֶעצְט פַארְהֶערְלִיכֶע מִיר בֵּיי דִיר מִיט דֶער הֶערְלִיכְקֵייט,

וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט בַּיי דִיר אֵיידֶער דִיא וֶועלְט אִיז גֶעוָוארֶען.
6 אִיךְ הָאבּ מְגַלֶה גֶעוֶועזֶען דֵיין נָאמֶען צוּ דִיא מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע דוּא
הָאסְט מִיר זֵיי גֶעגֶעבֶּען פָאן דֶער וֶועלְט. זֵיי זֶענֶען דֵיינֶע גֶעוֶועזֶען,
אוּן דוּא הָאסְט זֵיי מִיר גֶעגֶעבֶּען, אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעהִיט דֵיין וָוארְט.
7 יֶעצְט הָאבֶּען זֵיי פַארְשְׁטַאנֶען, דָאס אַלֶץ, וָואס דוּא הָאסְט מִיר
8 גֶעגֶעבֶּען, אִיז פָאן דִיר. דֶען דִיא וֶוערְטֶער וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט
מִיר גֶעגֶעבֶּען, הָאבּ אִיךְ זֵיי גֶעגֶעבֶּען, אוּן זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען,
אוּן הָאבֶּען פַארְשְׁטַאנֶען דֶעם אֶמֶת דָאס אִיךְ בִּין פָאן דִיר אַרוֹיס
9 גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט דָאס דוּא הָאסְט מִיר גֶעשִׁיקְט.
אִיךְ בֶּעט פָאר זֵיי, נִיט פַאר דֶער וֶועלְט בֶּעט אִיךְ, נָאר פַאר
10 דִיא, וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, וַוייל זֵיי זֵיינֶען דֵיינֶע. אוּן
אַלֶץ וָואס מֵיין אִיז, אִיז דֵיין, אוּן וָואס דֵיין אִיז, אִיז מֵיין, אוּן אִיךְ
11 בִּין פַארְהֶערְלִיכְט גֶעוָוארֶען אִין זֵיי. אִיךְ בִּין נִיט מֶעהְר אִין
דֶער וֶועלְט, נוּר זֵיי זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט, אוּן אִיךְ גֶעה צוּ דִיר,
הֵיילִיגֶער פָאטֶער, הִיט אִין דֵיין נָאמֶען דִיא וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט
12 מִיךְ גֶעגֶעבֶּען, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען אֵיינְס זֵיין וִויא מִיר. וֶוען אִיךְ בִּין
מִיט זֵיי אִין דֶער וֶועלְט גֶעוֶועזֶען, הָאבּ אִיךְ זֵיי גֶעהִיט אִין דֵיין
נָאמֶען, דִיא וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען הָאבּ אִיךְ גֶעהִיט,
אוּן קֵיין מַאן פָאן זֵיי, אִיז נִיט פֶערְדָארְבֶּען גֶעוָוארֶען, אוֹיסֶער
דֶער זָאהְן פָאן פֶערְדֶערְבֶּענִעס, כְּדֵי צוּ דֶערְפִילֶען דִיא שְׁרִיפְט
13 (ת"נך). יֶעצְט קוּם אִיךְ צוּ דִיר, אוּן אִיךְ זָאג דָאס אִין דֶער
וֶועלְט, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען מֵיין פְרֵיידֶע אִין זִיךְ אִין גַאנְצֶען הָאבֶּען.
14 אִיךְ הָאבּ זֵיי אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דֵיין וָוארְט, אוּן דִיא וֶועלְט הָאט זֵיי
פֵיינְד גֶעהַאט, וַוייל זֵיי זֶענֶען נִיט פָאן דֶער וֶועלְט, אַזוֹי וִויא אִיךְ
15 בִּין נִיט פָאן דֶער וֶועלְט. אִיךְ בֶּעט נִיט דוּא זָאלְסְט זֵיי צוּנֶעמֶען
16 פָאן דֶער וֶועלְט, נוּר דוּא זָאלְסְט זֵיי פָאן בֶּעזֶעס בֶּעהִיטֶען. זֵיי
זֶענֶען נִיט פָאן דֶער וֶועלְט, אַזוֹי וִויא אִיךְ בִּין נִיט פָאן דֶער וֶועלְט.
17 18 הֵיילִיגֶע זֵיי דוּרְךְ דֵיין אֶמֶת; דֵיין וָוארְט אִיז אֶמֶת. אַזוֹי וִויא דוּא
הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט אִין דֶער וֶועלְט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ זֵיי גֶעשִׁיקְט
19 אִין דֶער וֶועלְט. אוּן פָאן זֵייעֶרְטְוֶועגֶען הֵיילִיגֶע אִיךְ מִיךְ, כְּדֵי
20 זֵיי זָאלֶען אוֹיךְ הֵיילִיג וֶוערֶען אִין דֶעם אֶמֶת. נִיט פַאר זֵיי אַלֵיין
בֶּעט אִיךְ, נוּר אוֹיךְ פַאר דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען אִין מִיר דוּרְךְ זֵייעֶר

21 וָוארְט. כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען אֵיינְס זֵיין, אַזוֹי וִויא דוּא, פַּאטֶער, אִין
מִיר, אוּן אִיךְ אִין דִיר אוּן אוֹיךְ זֵיי זָאלֶען אֵיינְס זֵיין אִין אוּנְז, כְּדֵי
22 דִיא וֶועלְט זָאל גְלוֹיבֶּען, דָאס דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט. אוּן דִיא
הֶערְרְלִיכְקֵייט, וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, הָאבּ אִיךְ צוּ
זֵיי גֶעגֶעבֶּען, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען אֵיינְס זֵיין, אַזוֹי וִויא מִיר זֶענֶען אֵיינְס.
23 אִיךְ בִּין אִין זֵיי, אוּן דוּא אִין מִיר, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען אִין גַאנְצֶען
אֵיינְס זֵיין, אוּן כְּדֵי דִיא וֶועלְט זָאל דֶערְקֶענֶען, דָאס דוּא הָאסְט
מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּן דוּא לִיבְּסְט זֵיי וִויא דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעלִיבְּט.
24 פָּאטֶער, וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, וִויל אִיךְ, דָאס דָארְטְן,
וואוּ אִיךְ בִּין, זָאלֶען זֵיי אוֹיךְ זֵיין מִיט מִיר, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען זֶעהֶען
דִיא הֶערְרְלִיכְקֵייט, וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, דֶען דוּא
25 הָאסְט מִיךְ גֶעלִיבְּט, אֵיידֶער דִיא וֶועלְט אִיז גֶעבָּארֶען. גֶערֶעכְטֶער
פָּאטֶער דִיא וֶועלְט הָאט דִיךְ נִיט דֶערְקָאנְט, אִיךְ אָבֶּער הָאבּ
דִיךְ דֶערְקָאנְט, אוּן דִיא הָאבֶּען דֶערְקָאנְט, דָאס דוּא הָאסְט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט. אוּן אִיךְ הָאבּ זֵיי אַנְפְּלֶעקְט דֵיין נָאמֶען, אוּן וֶועל זֵיי
אַנְפְּלֶעקֶן, כְּדֵי דִיא לִיבֶּע, מִיט וֶועלְכֶער דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעלִיבְּט,
זָאל זֵיין אִין זֵיי אוּן אִיךְ זָאל אִין זֵיי זֵיין.

יח וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דִיזֶעס גֶעזָאגְט אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען מִיט זֵיינֶע
תַּלְמִידִים אוֹיף יֶענֶער זֵייט טֵייךְ קִדְרוֹן, דָארְטֶען אִיז גֶעוֶוען אֵיין
גָארְטֶען, אוּן יֵשׁוּעַ אִיז אִין אִיהם אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אוּן אוֹיךְ זֵיינֶע
2 תַּלְמִידִים. יְהוּדָה זֵיין מוֹסֵר הָאט אוֹיךְ גֶעוואוּסְט דֶעם אָרְט, וֵוייל
יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ דָארְט אָפְט פֶערְזַאמֶעלְט מִיט זֵיינֶע תַּלְמִידִים.
3 יְהוּדָה הָאט גֶענוּמֶען סָאלְדַאטֶען אוּן דִיא דִינֶערְס פָאן דִיא עֶלְסְטֶע
כֹּהֲנִים אוּן פְּרוּשִׁים, אוּן אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען מִיט פַאקֶעלְן אוּן
4 לָאמְפֶּען אוּן מִיט גֶעוֶוער. אוּן יֵשׁוּעַ, וָואס הָאט אַלֶעס גֶעוואוּסְט,
וָואס עֶס וֶועט מִיט אִיהם זֵיין, אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט צוּ
5 זֵיי גֶעזָאגְט: וֶועמֶען זוּכְט אִיהר? אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט:
יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי. יֵשׁוּעַ זָאגְט זֵיי: דָאס בִּין אִיךְ. מִיט זֵיי אִיז אוֹיךְ
6 גֶעשְׁטַאנֶען יְהוּדָה זֵיין מוֹסֵר. אוּן וֶוען עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: דָאס
בִּין אִיךְ; הָאבֶּען זֵיי צוּרִיק גֶעטְרָאטֶען אוּן צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען.
7 עֶר הָאט זֵיי נָאךְ אֵיין מָאל גֶעפְרֶעגְט: וֶועמֶען זוּכְט אִיהר? זֵיי
8 הָאבֶּען גֶעזָאגְט: יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי. יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט: אִיךְ הָאבּ

אַייך גֶעזָאגְט: דָאס אִיך בִּין דָאס, דֶערִיבֶּער אוֹיבּ אִיהר זוּכְט מִיךְ,
9 לָאזְט דִיזֶע לָאזֶען זַיי גֶעהְן. כְּדֵי עֶס זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען דָאס
וָוארְט, וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט: פָאן דִיא וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט מִיר
10 גֶעגֶעבֶּען הָאבּ אִיךְ קֵיין מַאן נִיט פַארְדָארְבֶּען. שִׁמְעוֹן פֶּטֶר הָאט
גֶעהַאט אֵיין שְׁוֶוערְד, אוּן הָאט אִיהם אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, אוּן הָאט
אֵיין זֶעץ גֶעגֶעבֶּען דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל׳ס קְנֶעכְט, אוּן הָאט אִיהם
אָבְּגֶעהַאקְט דֶעם רֶעכְטֶען אוֹיעֶר: דֶער נָאמֶען פָאן דֶעם קְנֶעכְט
11 אִיז גֶעוֶוען, מַלְכּוּס. אוּן יְשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ פֶּטֶר׳ן: לֵייג דֶעם
שְׁוֶוערְד אִין זֵיין שֵׁייד צוּרִיק; זָאל אִיךְ נִיט טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס,
12 וֶועלְכֶען דֶער פָאטֶער הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען? דַאמָאלְסְט הָאבֶּען
דִיא סָאלְדַאטֶען אוּן דֶער הוֹיפְּטְמַאן, אוּן דִיא אִידֶעשֶׁע דִינֶער
13 גֶענוּמֶען יְשׁוּעַ׳ן אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעבּוּנְדֶען. אוּן הָאבֶּען אִיהם
אַוֶועק גֶעפִיהְרְט צוּם עֶרְשְׁטֶען צוּ חָנָן, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶוען דֶער
שְׁוֶוער פָאן קַיָפָא, וֶועלְכֶער אִיז אִין דֶעם יָאהר אֵיין כֹּהֵן גָדוֹל
14 גֶעוֶועזֶען. דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען קַיָפָא, וֶועלְכֶער הָאט דִיא אִידֶען
אֵיין עֵצָה גֶעגֶעבֶּען, דָאס עֶס אִיז בֶּעסֶער דָאס אֵיין מֶענְשׁ זָאל
15 שְׁטַארְבֶּען פַאר דֶעם פָאלְק. שִׁמְעוֹן פֶּטֶר אוּן אֵיין אַנְדֶער
תַּלְמִיד זֶענֶען נָאךְ גֶעגַאנְגֶען נָאךְ יְשׁוּעַ׳ן; דֶער תַּלְמִיד אִיז גֶעוֶוען
אֵיין בֶּעקַאנְטֶער פָאן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּן עֶר אִיז אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען
16 מִיט יְשׁוּעַ׳ן אִין הוֹיף פָאן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל. אוּן פֶּטֶר אִיז אִין
דְרוֹיסֶען בַּיי דֶער טְהִיר גֶעשְׁטַאנֶען, דֶער אַנְדֶער תַּלְמִיד, וֶועלְכֶער
אִיז גֶעוֶוען אֵיין בַּאקַאנְטֶער פָאן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אִיז נָאךְ דֶעם
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶערֶעט מִיט דֶער טְהִירְהִיטֶערִין, אוּן
17 הָאט פֶּטְרוּס׳ן אַרֵיינְגֶעפִיהְרְט. דִיא דִינְסְט, וֶועלְכֶע הִיטֶעט דִיא
טְהִיר, הָאט צוּ פֶּטְרוּס׳ן גֶעזָאגְט: בִּיסְט דוּא אוֹיךְ פָאן דֶעם
18 מֶענְשֶׁענְס תַּלְמִידִים? עֶר הָאט גֶעזָאגְט: נֵיין. עֶס זֵיינֶען אָבֶּער
גֶעשְׁטַאנֶען דִיא קְנֶעכְט אוּן דִיא דִינֶער, וָואס הָאבֶּען אֵיין פֵייעֶר
צוּ לֵייגְט, וַוייל עֶס אִיז קַאלְט גֶעוֶועזֶען, אוּן זִיךְ גֶעוַוארֶעמְט, פֶּטֶר
19 אִיז אוֹיךְ מִיט זַיי גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט זִיךְ גֶעוַוארֶעמְט. דֶער כֹּהֵן
גָדוֹל הָאט יְשׁוּעַ׳ן גֶעפְרֶעגְט אִיבֶּער זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּן אִיבֶּער
20 זֵיין לֶעהְרֶע. יְשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: אִיךְ הָאבּ עֶפֶענְטְלִיךְ
גֶערֶעט צוּ דֶער וֶועלְט; אִיךְ הָאבּ תָּמִיד גֶעלֶעהְרֶענְט אִין דִיא

שולֶען און אִין בֵּית הַמִקְדָש וואוּ דִיא אִידֶען קוּמֶען זִיךְ תָּמִיד
21 צוּזַאמֶען, און אִיךְ הָאבּ אִין פֵארְבָּארְגֶענֶעם גָאר נִיט גֶערֶעט. וָאס
פְרֶעגְסְט דוּא מִיךְ? פְרֶעג דִיא וָאס הָאבֶּען גֶעהֶערְט, וָאס אִיךְ
הָאבּ צוּ זֵיי גֶערֶעט. נוּן, זֵיי וֵוייסֶען, וָאס אִיךְ הָאבּ זֵיי גֶעזָאגְט.
22 וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט: הָאט אֵיינֶער פָאן דִיא דִינֶער, וָאס
אִיז דֶערְבֵּיי גֶעשְׁטַאנֶען יֵשׁוּעַ'ן אַיין פַּאץ אִין בַּאק גֶעגֶעבֶּען, און
23 הָאט גֶעזָאגְט: אַזוֹי עֶנְטְפֶערְסְט דוּא דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל. יֵשׁוּעַ הָאט
אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ שְׁלֶעכְט גֶערֶעט. בֶּעווייז מִיר,
וָאס עֶס אִיז שְׁלֶעכְט, און אוֹיבּ גוּט, וָארוּם שְׁלָאגְסְט דוּא מִיךְ?
24 25 חָנָן הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט גֶעבּוּנְדֶען צוּ דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל קַיָפָא. און
שִׁמְעוֹן פֶּטֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען און גֶעוַוארֶעמְט זִיךְ, און זֵיי הָאבֶּען
אִיהם גֶעזָאגְט: בִּיסְט דוּא אוֹיךְ פָאן זַיינֶע תַּלְמִידִים? און עֶר הָאט
26 זִיךְ אָבְּגֶעלֵייקֶענְט, און גֶעזָאגְט: נֵיין. אֵיינֶער פָאן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל'ס
קְנֶעכְט, אֵיין קָרוֹב פָאן דֶעם, וֶועלְכֶען פֶּטֶר הָאט דֶעם אוֹיעֶר
אָבְּגֶעהַאקְט, זָאגְט: הָאבּ אִיךְ דֶען דִיךְ נִיט גֶעזֶעהֶען מִיט אִיהם
27 אִין גָארְטֶען? פֶּטֶר הָאט זִיךְ נָאךְ אֵיין מָאל אָבְּגֶעלֵייקֶענְט, און
28 בַּאלְד הָאט דֶער הָאן אֵיין קְרֵייא גֶעטָאן. פָאן קַיָפָא הָאט
מֶען גֶעפִירְט יֵשׁוּעַ'ן צוּם גֶערִיכְטְס הוֹיז, עֶס אִיז אִין דֶער פְרִיה
גֶעוֶועזֶען, און זֵיי זֶענֶען נִיט אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין גֶערִיכְטְס הוֹיז, זֵיי
זָאלֶען נִיט טָמֵא וֶוערֶען, און זָאלֶען קָאנֶען עֶסֶען דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח.
29 פִּילַטוּס אִיז צוּ זֵיי אַרוֹיס גֶעקוּמֶען, און גֶעזָאגְט: וֶועלְכֶע קְלַאגֶע
30 בְּרֵיינְגְט אִיהר גֶעגֶען דִיזֶען מֶענְשֶׁען? זֵיי הָאבֶּען אִיהם אֵיין
עֶנְטְפֶער גֶעזָאגְט: וֶוען עֶר וָואלְט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס נִיט גֶעטָאן,
אַזוֹי וָואלְטֶען מִיר אִיהם נִיט אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיר.
31 פִּילַטוּס זָאגְט צוּ זֵיי: נֶעמְט אִיהר אִיהם און מִשְׁפָּט אִיהם נָאךְ
אֵייעֶר תּוֹרָה. דִיא אִידֶען הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: אוּנְז אִיז נִיט
32 עֶרְלוֹיבְּט צוּ הַרְגֶ'נֶען אֵיין מֶענְשֶׁען. כְּדֵי עֶס זָאל זִיךְ דֶערְפִילֶען
דָאס וָוארְט פָאן יֵשׁוּעַ'ן, וֶועלְכֶעס עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען עֶר הָאט
מְרַמֵז גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ וָאס פַאר אֵיין טוֹיט עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּען.
33 פִּילַטוּס אִיז נָאךְ אֵיין מָאל אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין גֶערִיכְטְס הוֹיז און
הָאט גֶערוּפֶען יֵשׁוּעַ'ן און הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: בִּיסְט דוּא דֶער
34 אִידֶעשֶׁער קֶענִיג? יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: זָאגְסְט דוּא דָאס

פָאן דִיר אַלֵיין, אָדֶער אַנְדֶערֶע הָאבֶּען דִיר אוֹיף מִיר דֶערְצֵיילְט?
35 פִּילַטוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט: בִּין אִיךְ דֶען אֵיין אִיד? דֵיין פָאלְק
אוּן דִיא עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען דִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ מִיר; וָואס
36 הָאסְט דוּא גֶעטָאן? יְשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט מֵיין מְלוּכָה אִיז נִיט
פָאן דֶער וֶועלְט. וֶוען מֵיין מְלוּכָה וָואלְט פָאן דֶער וֶועלְט זֵיין,
אַזוֹי וָואלְטֶען מֵיינֶע דִינֶער מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען פַאר מִיר, כְּדֵי אִיךְ
זָאל נִיט אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט וֶוערֶען צוּ דִיא אִידֶען; יֶעצְט אָבֶּער
37 אִיז מֵיין מְלוּכָה נִיט פָאן דַאנֶען. פִּילַטוּס הָאט אִיהם גֶעזָאגְט:
וֶוען אַזוֹי בִּיסְט דוּא אֵיין קֶענִיג? יְשׁוּעַ הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט
דוּא זָאגְסְט עֶס, דָאס אִיךְ בִּין אֵיין קֶענִיג. אִיךְ בִּין דֶערִיבֶּער
גֶעבָּארֶען אוּן דֶערִיבֶּער אִין דֶער וֶועלְט גֶעקוּמֶען, דָאס אִיךְ זָאל
עֵדוּת זָאגֶען אוֹיף דֶעם אֱמֶת, יֶעדֶער וֶוער עֶס אִיז פָאן דֶעם אֱמֶת
38 הֶערְט מֵיין קוֹל. פִּילַטוּס זָאגְט אִיהם: וָואס אִיז אֱמֶת? אוּן וִויא
עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אִיז עֶר נָאךְ אֵיין מָאל אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען צוּ
דִיא אִידֶען אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ קֵיין שׁוּם שׁוּלְד נִיט
39 גֶעפוּנֶען אִין אִיהם. אִיהר הָאט אֵיין מִנְהָג, דָאס אִיךְ זָאל אַייךְ
אֵיינֶעם לוֹיז לָאזֶען אוֹיף פֶּסַח, ווִילְט אִיהר, וֶועל אִיךְ אַייךְ לוֹיז
40 לָאזֶען דֶעם קֶענִיג פָאן דִיא אִידֶען. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען זֵיי נָאךְ
אֵיין מָאל אַלֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁרֵייעֶן: נִיט דִיזֶען, נוּר בַּר־אַבָּא'ן.
בַּר־אַבָּא אָבֶּער אִיז אֵיין מֶערְדֶער גֶעוֶועזֶען.
יט דַאמָאלְסְט הָאט פִּילַטוּס גֶענוּמֶען יְשׁוּעַ'ן אוּן גֶעשְׁמִיסֶען.
2 אוּן דִיא סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען צוּנוֹיפְגֶעפְלָאכְטֶען אֵיין קְרוֹין פָאן
דֶערְנֶער אוּן גֶעלֵייגְט אוֹיף זֵיין קָאפְּף, אוּן אִיהם אָנְגֶעטָאן אִין
3 אֵיין רוֹיטֶען מַאנְטֶעל. אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: פְּרִידֶען צוּ דִיר
אִידִישֶׁער קֶענִיג, אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעשְׁלָאגֶען אִיבֶּער דִיא בַּאקֶען.
4 פִּילַטוּס אִיז נָאךְ אֵיין מָאל אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט צוּ זֵיי
גֶעזָאגְט: נוּן, אִיךְ פִּיהר אִיהם אַרוֹיס צוּ אַייךְ, כְּדֵי אִיהר זָאלְט
5 ווִיסֶען, דָאס אִיךְ גֶעפִין אִין אִיהם קֵיין שׁוּם שׁוּלְד נִיט. יְשׁוּעַ אִיז
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער דֶערְנֶער קְרוֹין, אוּן אִין דֶעם רוֹיטֶען
מַאנְטֶעל, אוּן פִּילַטוּס הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: דָא אִיז דֶער מֶענְשׁ.
6 וֶוען דִיא עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים, אוּן דִיא דִינֶער הָאבֶּען אִיהם דֶערְזֶעהֶען,
אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט: קְרֵייצִיגֶע, קְרֵייצִיגֶע, אִיהם!

פִּילַטוּס זָאגְט זֵיי: נֶעמְט אִיהר אִיהם אוּן קְרֵייצִיגְט, דֶען אִיךְ גֶעפִין
7 אִין אִיהם קֵיין שוּלְד נִיט. דִיא אִידֶען הָאבֶּען אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט:
מִיר הָאבֶּען אֵיין תּוֹרָה, אוּן נָאךְ אוּנְזֶער תּוֹרָה אִיז עֶר חַיָב מִיתָה,
8 וַוייל עֶר הָאט זִיךְ פַאר אֵיין גָאטְטֶעס זָאהן גֶעמַאכְט. פִּילַטוּס
הָאט דִיזֶעס וָוארְט דֶערְהֶערְט, הָאט עֶר נָאךְ מֶעהר מוֹרָא גֶעהַאט.
9 אוּן אִיז נָאךְ אֵיין מָאל אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין גֶערִיכְטְס הוֹיז אוּן זָאגְט
צוּ יְשׁוּעַ'ן, פוּן וַואנֶען בִּיסְט דוּא? נוּר יְשׁוּעַ הָאט אִיהם נִיט
10 גֶעגֶעבֶּען קֵיין עֶנְטְפֶער. פִּילַטוּס זָאגְט אִיהם: מִיר עֶנְטְפֶערְסְט
דוּא נִיט? דוּא וֵוייסְט נִיט, דָאס אִיךְ הָאבּ מַאכְט דִיךְ צוּ קְרֵייצִיגֶען,
11 אוּן הָאבּ מַאכְט דִיךְ לוֹיז צוּ לָאזֶען? יְשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט:
דוּא וָואלְסְט נִיט גֶעהַאט אוֹיף מִיר קֵיין מַאכְט, וֶוען מֶען וָואלְט
דִיר פוּן אוֹיבֶּען נִיט גֶעגֶעבֶּען, דֶערִיבֶּער אִיז גְרֶעסֶער דִיא שוּלְד
12 פוּן דֶעם, וֶוער עֶס הָאט מִיךְ אִיבֶּער גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּ דִיר. פוּן
נוּן אָן הָאט פִּילַטוּס גֶעזוּכְט אִיהם לוֹיז צוּ לָאזֶען, דִיא אִידֶען אָבֶּער
הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען, וֶוען דוּא וֶועסְט אִיהם לוֹיז לָאזֶען, אַזוֹי בִּיסְט
דוּא נִיט דֶעם קֵיסַר'ס פְרֵיינְד, יֶעדֶער וֶוער עֶס מַאכְט זִיךְ פַאר
13 אֵיין קֶענִיג, אִיז אֵיין מוֹרֵד אָן דֶעם קֵיסַר. פִּילַטוּס הָאט
דֶערְהֶערְט דִיזֶע וֶוערְטֶער, הָאט עֶר אַרוֹיס גֶעפִיהְרְט יְשׁוּעַ'ן, אוּן
הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם רִכְטֶער שְׁטוּל, אוֹיף דֶעם אָרְט,
וָואס עֶס רוּפְט זִיךְ, שְׁטֵיינְבְּרוּק אוּן אוֹיף הֶעבְּרֵייאֶשׁ, גַבְּתָא.
14 עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער טָאג פוּן דֶער צוּבְּרֵייטוּנְג פוּן דֶעם קָרְבָּן
פֶּסַח, וֶועלְכֶע אִיז נָאהֶענְט פוּן דֶער זֶעכְסְטֶער שָׁעָה, אוּן עֶר
15 הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא אִידֶען: דָא אִיז אֵייעֶר קֶענִיג. אוּן זֵיי
הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען: אַוֶועק, אַוֶועק מִיט אִיהם, קְרֵייצִיגֶע אִיהם.
פִּילַטוּס זָאגְט צוּ זֵיי: זָאל אִיךְ אֵייעֶרְן קֶענִיג קְרֵייצִיגֶען? דִיא
עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט: מִיר הָאבֶּען נִיט קֵיין קֶענִיג,
16 אוֹיסֶער דֶעם קֵיסַר. דַאמָאלְסְט הָאט עֶר אִיהם צוּ זֵיי
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ קְרֵייצִיגֶען. זֵיי הָאבֶּען גֶענוּמֶען יְשׁוּעַ'ן אוּן
17 הָאבֶּען אִיהם אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט. אוּן עֶר הָאט גֶעטְרָאגֶען זֵיין קְרֵייץ
(צְלַב) אוּן אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּם אָרְט, וָואס הָאט זִיךְ גֶערוּפֶען,
18 שֵׁייטֶעל אָרְט אוֹיף הֶעבְּרֵייאֶשׁ, גָלְגָלְתָּא. דָארְטֶען הָאבֶּען זֵיי
אִיהם גֶעקְרֵייצִיגְט, אוּן מִיט אִיהם צְוֵויי אַנְדֶערֶע, פוּן אֵיין זֵייט

19 אוּן פָאן דֶער אַנְדֶערֶער זֵייט, יֵשׁוּעַ אִין מִיטֶען. פִּילַטוּס הָאט
אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַיין אוֹיפְשְׁרִיפְט אוּן הָאט אָנְגֶעהֶעפְט אוֹיף דֶעם
קְרֵייץ, עֶס אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען „יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי דֶער קֶענִיג פָאן
20 דִיא אִידֶען“. דִיזֶע אוֹיפְשְׁרִיפְט הָאבֶּען פִיל פָאן דִיא אִידֶען
גֶעלֶעזֶען, וֵוייל דֶער אָרְט, וואוּ יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען,
אִיז נִיט וֵוייט פָאן דֶער שְׁטָאדְט גֶעוֶוען, אוּן עֶס אִיז גֶעוֶוען
21 גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף הֶעבְּרֵייעֶש, גְרִיכִיש אוּן רוֹמִיש. דִיא עֶלְסְטֶע
כֹּהֲנִים פָאן דִיא אִידֶען הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ פִּילַטוּס'ן: שְׁרֵייבּ נִיט
קֶענִיג פָאן דִיא אִידֶען: נוּר דָאס עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ בִּין דֶער
22 קֶענִיג פָאן דִיא אִידֶען. פִּילַטוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט: וָואס אִיךְ
23 הָאבּ אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען, הָאבּ אִיךְ אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען. דִיא סָאלְדַאטֶען
וֶוען זֵיי הָאבֶּען גֶעקְרֵייצִיגְט יֵשׁוּעַ'ן, הָאבֶּען זֵיי גֶענוּמֶען זֵיינֶע
קְלֵיידֶער אוּן הָאבֶּען זֵיי צוּ טְהֵיילְט אוֹיף פִיר חֲלָקִים, יֶעדֶען
סָאלְדַאט אַיין חֵלֶק, אוֹיךְ זֵיין רָאק; דֶער רָאק אָבֶּער אִיז
24 גֶעוֶועזֶען נִיט גֶענֵייט פָאן אוֹיבֶּען אִין גַאנְצֶען דוּרְכְגֶעוֶועבְּט. אוּן
זֵיי הָאבֶּען אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט: לָאזֶען מִיר אִיהם
נִיט צוּרֵייסֶען נוּר דֶערִיבֶּער אַיין גוֹרָל וַוארְפֶען וֶועמֶען עֶר זָאל
גֶעהֶערֶען: כְּדֵי עֶס זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען וָואס אִיז גֶעזָאגְט
גֶעוָוארֶען אִין דֶער שְׁרִיפְט (תנ"ך): זֵיי הָאבֶּען מֵיינֶע קְלֵיידֶער
צְווִישֶׁען זִיךְ צוּ טְהֵיילְט אוּן אוֹיף מֵיינֶע בְּגָדִים הָאבֶּען זֵיי
גֶעוָוארְפֶען גוֹרָל, אוּן אַזוֹי הָאבֶּען דִיא סָאלְדַאטֶען גֶעטָאן.
25 בֵּיי דֶעם קְרֵייץ פָאן יֵשׁוּעַ'ן זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען, זֵיין מוּטֶער אוּן דִיא
שְׁוֶועסְטֶער פָאן זֵיין מוּטֶער, מִרְיָם קְלַאפָּא'ס וַוייבּ, אוּן מִרְיָם
26 פָאן מַגְדָלָה. יֵשׁוּעַ הָאט דֶערְזֶעהֶען זֵיין מוּטֶער אוּן זֵיין תַּלְמִיד,
וָואס עֶר הָאט גֶעלִיבְּט, שְׁטֶעהְן, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זֵיין מוּטֶער:
27 אִשָּׁה, דָא אִיז דֵיין זָאהְן. נָאךְ דֶעם הָאט עֶר גֶעזָאגְט דֶעם
תַּלְמִיד: דָא אִיז דֵיין מוּטֶער. אוּן פָאן דִיזֶער צֵייט הָאט דֶער
28 תַּלְמִיד זִיא גֶענוּמֶען צוּ זִיךְ. נָאךְ דֶעם הָאט יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶער
הָאט גֶעוואוּסְט, דָאס אַלֶעס הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדֶעט. כְּדֵי עֶס זָאל
דֶערְפִילְט וֶוערֶען דִיא שְׁרִיפְט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט: עֶס דֶערְשְׁט
29 מִיךְ. דָארְטֶען אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַיין כְּלִי פוּל מִיט עֶסִיג, אוּן זֵיי
הָאבֶּען אַיין שְׁוָואם אָנְגֶעפִילְט מִיט עֶסִיג אוּן אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אוֹיף

30 אֵיין רָאהר פָאן אֵזוֹב אוּן צוּ גֶעבְּרַאכְט צוּ זֵיין מוֹיל. וֶוען יֵשׁוּעַ
הָאט פֶערזוּכְט דֶעם עֶסִיג הָאט עֶר גֶעזָאגְט: עֶס אִיז פָאלְבְּרַאכְט
(גֶעעֶנְדֶעט), אוּן הָאט גֶענֵייגְט דֶעם קָאפְּף אוּן הָאט אָבְּגֶעגֶעבֶּען
31 זֵיין גֵייסְט. נוּר אַזוֹי וִויא עֶס אִיז פְרֵייטָאג גֶעוֶוען, אַזוֹי הָאבֶּען
דִיא אִידֶען, כְּדֵי לֵייבֶּער זָאלֶען נִיט בְּלֵייבֶּען אוֹיף דֶעם קְרֵייץ
אִיבֶּער שַׁבָּת (דֶער שַׁבָּת אִיז גֶעוֶוען שַׁבָּת הַגָּדוֹל) גֶעבֶּעטֶען
פִּילַטוּס׳ן, עֶר זָאל בֵּיי זֵיי אִיבֶּער בְּרֶעכֶען דִיא שֵׁיינְקֶעל אוּן זֵיי
32 אַרָבְּנֶעמֶען. אוּן דִיא סָאלְדַאטֶען זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּן בֵּיי דֶעם
עֶרְשְׁטֶען אִיבֶּער גֶעבְּרָאכֶען דִיא שֵׁיינְקֶעל אוּן בֵּיי דֶעם אַנְדֶערֶען
33 וָואס עֶר אִיז מִיט אִיהם גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען. נוּר וֶוען מֶען אִיז
גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ׳ן, אַזוֹי וִויא זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזֶעהֶען שׁוֹין
34 טוֹיט, הָאבֶּען זֵיי בֵּיי אִיהם נִיט צוּ בְּרָאכֶען דִיא שֵׁיינְקֶעל. נוּר
אֵיינֶער פָאן דִיא סָאלְדַאטֶען הָאט אִיהם דוּרְכְגֶעשְׁטָאכֶען מִיט
אֵיין שְׁפִּיז דִיא זֵייט, אוּן בַּאלְד אִיז אַרוֹיס גֶערוּנֶען בְּלוּט אוּן
35 וַואסֶער. אוּן דֶער וָואס הָאט גֶעזֶעהֶען הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט, אוּן
זֵיין אִיז עֵדוּת אֱמֶת: עֶר וֵוייסְט אַז עֶר זָאגְט דֶעם אֱמֶת, כְּדֵי
36 אִיהר זָאלְט גְלוֹיבֶּען. דָאס אַלֶעס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, כְּדֵי עֶס זָאל
דֶערְפִילְט וֶוערֶען דִיא שְׁרִיפְט (תנ״ך): וְעֶצֶם לֹא תִשְׁבְּרוּ בוֹ,
37 (קֵיין בֵּיין זָאלְט אִיהר אִין אִיהם נִיט צוּ בְּרֶעכֶען). אוֹיךְ אִין
אֵיין אַנְדֶער שְׁרִיפְט אִיז גֶעזָאגְט: זֵיי וֶועלֶען קוּקֶען אוֹיף דֶעם,
38 וֶועלְכֶען זֵיי הָאבֶּען גֶעשְׁטָאכֶען. נָאךְ דֶעם הָאט יוֹסֵף פָאן
רָמָה (יֵשׁוּעַ׳ס אֵיין תַּלְמִיד, נָאר בְּסוֹד, מַחֲמַת מוֹרָא פַאר דִיא
אִידֶען) גֶעבֶּעטֶען פִּילַטוּס׳ן, דָאס מֶען זָאל אַרָאבּ נֶעמֶען דֶעם
גוּף פָאן יֵשׁוּעַ׳ן אוּן פִּילַטוּס הָאט עֶרְלוֹיבְּט, עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען
39 אוּן הָאט אַרָאבְּגֶענוּמֶען יֵשׁוּעַ׳ס גוּף. אוֹיךְ נַקְדִימוֹן (וֶועלְכֶער אִיז
פְרִיהֶער גֶעקוּמֶען אִין דֶער נַאכְט צוּ יֵשׁוּעַ׳ן) אִיז גֶעקוּמֶען אוּן
הָאט גֶעבְּרַאכְט מוֹר אוּן אֲהָלוֹת צוּזַאמֶענְגֶעמִישְׁט אֵיין עֶרֶךְ פָאן
40 הוּנְדֶערְט פוּנְט. אוּן הָאבֶּען גֶענוּמֶען דֶעם גוּף פָאן יֵשׁוּעַ׳ן אוּן
הָאבֶּען אִיהם אֵיינְגֶעוִויקֶעלְט אִין תַּכְרִיכִים מִיט בְּשָׂמִים, אַזוֹי וִויא
41 דִיא אִידֶען זֶענֶען זִיךְ נוֹהֵג בֵּיי דֶער קְבוּרָה פָאן מֵתִים. אוֹיף דֶעם
אָרְט, וואוּ עֶר אִיז גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין
גָארְטֶען, אוּן אִין גָארְטֶען אֵיין נֵייעֶר קֶבֶר, אִין וֶועלְכֶען מֶען הָאט

42 בִּיז יֶעצְט נָאךְ קֵיינֶעם נִיט גֶעלֵייגְט. דָארְטֶען הָאט מֶען יֵשׁוּעַ'ן
גֶעלֵייגְט, וֵוייל עֶס אִיז עֶרֶב שַׁבָּת גֶעוֶועזֶען, אוּן וֵוייל דֶער קֶבֶר
אִיז גֶעוֶועזֶען נָאהֶענְט.
כ אִין דֶעם עֶרְסְטֶען טָאג פָאן דֶער וָואךְ אִיז מִרְיָם פָאן מַגְדָלָה
גֶעקוּמֶען אִין דֶער פְרִיה, וָוען עֶס אִיז נָאךְ פִינְסְטֶער גֶעוֶוען, צוּם
קֶבֶר, אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען, דָאס דֶער שְׁטֵיין אִיז אַוֶועקְגֶעקֵייקֶעלְט
2 פָאן דֶעם קֶבֶר. אוּן זִיא אִיז גֶעלָאפֶען אוּן גֶעקוּמֶען צוּ שִׁמְעוֹן
פֶּטֶר אוּן צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען תַּלְמִיד, וֶועלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט,
אוּן זָאגְט צוּ זֵיי: מֶען הָאט דֶעם הֶערְרְן אַוֶועק גֶעטְרָאגֶען פָאן
דֶעם קֶבֶר, אוּן מִיר וֵוייסֶען נִיט וואוּ זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעלֵייגְט.
3 פֶּטֶר אִיז בַּאלְד אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן אוֹיךְ דֶער אַנְדֶערֶער תַּלְמִיד,
4 אוּן זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען צוּם קֶבֶר. זֵיי זֶענֶען בֵּיידֶע צוּזַאמֶען גֶעלָאפֶען,
נוּר דֶער אַנְדֶערֶער תַּלְמִיד אִיז גִיכֶער פָאן פֶּטֶר'ן גֶעלָאפֶען, אוּן
5 אִיז פְרִיהֶער גֶעקוּמֶען צוּם קֶבֶר. אוּן הָאט זִיךְ אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען, הָאט
עֶר גֶעזֶעהֶן דִיא תַּכְרִיכִים לִיגֶענְדִיג, נוּר עֶר אִיז נִיט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען.
6 שִׁמְעוֹן פֶּטֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ אִיהם, אוּן אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין
7 קֶבֶר, אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען נוּר דִיא תַּכְרִיכִים לִיגֶענְדִיג. אוּן דִיא
טוּךְ, וֶועלְכֶע אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף זֵיין קָאפְּף אִיז נִיט גֶעלֶעגֶען מִיט דִיא
תַּכְרִיכִים, נוּר בֶּעזוּנְדֶער צוּנוֹיפְגֶעווִיקֶעלְט, אוֹיף אֵיין אַנְדֶער אָרְט.
8 דַאמָאלְסְט אִיז דֶער אַנְדֶערֶער תַּלְמִיד, וֶועלְכֶער אִיז פְרִיהֶער
גֶעקוּמֶען צוּם קֶבֶר, אוֹיךְ אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען, אוּן
9 הָאט גֶעגְלוֹיבְּט. דֶען זֵיי הָאבֶּען נָאךְ נִיט גֶעווּאוּסְט פָאן דֶער
10 שְׁרִיפְט, דָאס עֶר דַארְף אוֹיפְשְׁטֶעהֶן פָאן דִיא טוֹיטֶע. אוּן דִיא
11 תַּלְמִידִים זֶענֶען ווִידֶער אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען. אוּן מִרְיָם אִיז
גֶעשְׁטַאנֶען בַּיי דֶעם קֶבֶר אוּן הָאט גֶעוֵויינְט, אוּן וֶוען זִיא הָאט
12 גֶעוֵויינְט, הָאט זִיא זִיךְ אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען אִין קֶבֶר. אוּן זִיא הָאט
גֶעזֶעהֶען צְוֵויי מַלְאָכִים אִין ווַייסֶע קְלֵיידֶער זִיצֶענְדִיג אֵיינֶער צוּ
קָאפֶּען, אוּן דֶער אַנְדֶערֶער צוּ פוּסֶען, וואוּ דֶער גוּף פָאן יֵשׁוּעַ'ן
13 אִיז גֶעלֶעגֶען. אוּן זֵיי זָאגֶען אִיהר: פְרוֹיי! וָואס וֵויינְסְט דוּא? זִיא
זָאגְט צוּ זֵיי: וֵוייל זֵיי הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען מֵיין הֶערְרְן, אוּן
14 אִיךְ וֵויים נִיט וואוּ זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעלֵייגְט. זִיא הָאט דָאס
גֶעזָאגְט, אוּן הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּן הָאט דֶערְזֶעהֶען יֵשׁוּעַ'ן

שְׁטֶעהֶענְדִיג, נוּר זִיא הָאט נִיט דֶערְקֶענְט דָאס עֶס אִיז יֵשׁוּעַ.
15 יֵשׁוּעַ זָאגְט אִיהר: פְרוֹי, וָואס וויינְסְט דוּא? וֶועמֶען זוּכְסְט דוּא?
זִיא הָאט גֶעדַאכְט, דָאס עֶס אִיז דֶער גֶערְטְנֶער, זִיא זָאגְט אִיהם:
הֶערְר! אוֹיבּ דוּא הָאסְט אִיהם אַרוֹיס גֶעטְרָאגֶען, זָאג מִיר וואוּ
16 הָאסְט דוּא אִיהם גֶעלֵייגְט, אוּן אִיךְ וֶועל אִיהם נֶעמֶען. יֵשׁוּעַ זָאגְט
צוּ אִיהר: מִרְיָם! זִיא הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּן זָאגְט: רַבּוֹנִי!
17 דָאס הֵייסְט: לֶעהְרֶער! יֵשׁוּעַ זָאגְט צוּ אִיהר: רִיהר דִיךְ נִיט צוּ
צוּ מִיר, דֶען אִיךְ בִּין נָאךְ נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ מֵיין פָאטֶער;
נוּר גֶעה צוּ מֵיינֶע בְּרִידֶער אוּן זָאג זֵיי: אִיךְ גֶעה אַרוֹיף צוּ מֵיין
פָאטֶער אוּן צוּ אֵייעֶר פָאטֶער, אוּן צוּ מֵיין גָאטְט, אוּן צוּ אֵייעֶר
18 גָאטְט. מִרְיָם פוּן מַגְדָלָה אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט אָנְגֶעזָאגְט דִיא
תַּלְמִידִים, דָאס זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם הֶערְרְן, אוּן עֶר הָאט
19 אִיהר דָאס גֶעזָאגְט. אִין יֶענֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער וָואךְ
פוּן אָוֶוענְד, וֶוען דִיא טִיהרֶען פוּן דֶעם הוֹיז וואוּ דִיא תַּלְמִידִים
זֵיינֶע הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט, זֶענֶען פֶערְשְׁלָאסֶען גֶעוֶועזֶען, מֵחֲמַת
מוֹרָא פַאר דִיא אִידֶען, אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען אוּן אִיז אַרֵיין אִין מִיטֶען
20 אוּן זָאגְט זֵיי: פְרִידֶען צוּ אַייךְ. וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט
עֶר זֵיי גֶעוויזֶען זֵיינֶע הֶענְד אוּן דִיא זֵייט; דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען
21 זִיךְ דֶערְפְרֵייט, וֶוען זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם הֶערְרְן. אוּן יֵשׁוּעַ
הָאט זֵיי צוּם צְווֵייטֶען מָאל גֶעזָאגְט: פְרִיד צוּ אַייךְ, אַזוֹי וויא
22 דֶער פָאטֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, שִׁיק אִיךְ אוֹיךְ אַייךְ. אוּן וויא
עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט: הָאט עֶר אַיין בְּלָאז גֶעטָאן אוּן זֵיי גֶעזָאגְט:
23 נֶעמְט דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ. וֶועמֶען אִיהר וֶועט מוֹחֵל זֵיין דִיא זִינְד,
דֶעם וֶועט פַארְגֶעבֶּען וֶוערֶען; אוּן וֶועמֶען אִיהר וֶועט דִיא זִינְד
24 בֶּעהַאלְטֶען, דֶעם וועלֶען זֵיי זֵיין בֶּעהַאלְטֶען. תּוֹמָא, אֵיינֶער
פוּן דִיא צְוֶועלְף, וֶועלְכֶען מֶען הָאט גֶערוּפֶען תְּאוֹמִים (צְווִילִינְג)
25 אִיז מִיט זֵיי נִיט גֶעוֶועזֶען, וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען. אַנְדֶערֶע תַּלְמִידִים
הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם הֶערְרְן, נוּר עֶר
הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: וֶוען אִיךְ וֶועל נִיט זֶעהֶען דִיא צֵייכֶען פוּן דִיא
נֶעגֶעל אוֹיף זֵיינֶע הֶענְד אוּן וֶועל נִיט אַרֵיין לֵייגֶען מֵיין פִינְגֶער
אִין דִיא צֵייכֶען פוּן דִיא נֶעגֶעל, אוּן וֶועל נִיט אַרֵיין לֵייגֶען מֵיין
26 הַאנְד אִין זֵיין זֵייט וֶועל אִיךְ נִיט גְלוֹיבֶּען. נָאךְ אַכְט טֶעג,

װָענֶען דִיא תַּלְמִידִים נָאךְ אֵיין מָאל גֶעװֶעזֶען אִינֶעװֵייניג, אוּן תּוֹמָא
אִיז מִיט זֵיי גֶעװֶעזֶען, יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען, װֶוען דִיא טִירֶען װָענֶען
גֶעװֶעזֶען צוּ גֶעשְׁלָאסֶען, אוּן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער מִיטֶען, אוּן
27 זָאגְט: פְרִידֶען צוּ אַייךְ. נָאךְ דֶעם זָאגְט עֶר צוּ תּוֹמָא: גִיבּ אַהֶער
דַיין פִינְגֶער אוּן זֶעה מֵיינֶע הֶענְד, גִיבּ אַהֶער דַיין הַאנְד אוּן לֵייג
אַרֵיין אִין מֵיין זֵייט, אוּן זֵיי נִיט קֵיין אוּנְגְלוֹיבִּיגֶער, נוּר אֵיין גְלוֹיבִּיגֶער.
28 תּוֹמָא הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: מֵיין הֶערְר, אוּן מֵיין
29 גָאטְט! יֵשׁוּעַ זָאגְט אִיהם: װֵייל דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעזֶעהֶען הָאסְט דוּא
גֶעגְלוֹיבְּט, זֶעלִיג זָענֶען דִיא, װֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען אוּן
30 הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט     פִיל אַנְדֶערֶע װאוּנְדֶער הָאט יֵשׁוּעַ גֶעטָאן
פַאר זֵיינֶע תַּלְמִידִים, װֶועלְכֶע זָענֶען נִיט אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם
31 סֵפֶר. דִיזֶע אָבֶּער זָענֶען אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען גֶעװָארֶען, כְּדֵי אִיהר זָאלְט
גְלוֹיבֶּען, דָאס יֵשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ דֶער גָאטְטֶעס זָאהְן, אוּן כְּדֵי
אִיהר זָאלְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען הָאבֶּען לֶעבֶּען אִין זֵיין נָאמֶען.
כא נָאךְ דֶעם הָאט זִיךְ יֵשׁוּעַ נָאךְ אֵיין מָאל בַּאװִיזֶען צוּ זֵיינֶע
תַּלְמִידִים בֵּיים יַם פָאן טְבֶרְיָה, אוּן הָאט זִיךְ אַזוֹי בַּאװִיזֶען.
2 שִׁמְעוֹן פֶּטֶר אוּן תּוֹמָא, װֶועלְכֶען מֶען הָאט גֶערוּפֶען תְּאוֹמִים
(צְװִוילִינְג), אוּן נְתַנְאֵל פָאן קָנָה אִין גָלִיל, אוּן דִיא קִינְדֶער פָאן
זְבַדְיָה, אוּן צְװֵוייא אַנְדֶערֶע פָאן זֵיינֶע תַּלְמִידִים, זָענֶען צוּ זַאמֶען
3 גֶעװֶעזֶען. שִׁמְעוֹן פֶּטֶר זָאגְט צוּ זֵיי: אִיךְ גֶעה פִישׁ פַאנְגֶען, זֵיי
זָאגֶען אִיהם: מִיר װֶועלֶען מִיט דִיר אוֹיךְ גֶעהן; זֵיי זָענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּן
בַּאלְד זָענֶען זֵיי אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין אֵיין שִׁיף, אוּן אִין דִיזֶע נַאכְט
4 הָאבֶּען זֵיי גָאר נִיסְט אָנְגֶעפַאנְגֶען. אוּן װֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעװָארֶען,
אִיז יֵשׁוּעַ גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים בָּארְטֶען, נוּר דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען נִיט
5 גֶעװוּאוּסְט, דָאס דָאס אִיז יֵשׁוּעַ. יֵשׁוּעַ זָאגְט זֵיי: קִינְדֶער, הָאט
6 אִיהר עֶטְװָאס צוּ עֶסֶען? זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט נֵיין. עֶר
אָבֶּער הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: פֶערְװַארְפְט דֶעם נֶעטְץ אִין דֶער רֶעכְטֶער
זֵייט פָאן דֶער שִׁיף, אַזוֹי װֶועט אִיהר גֶעפִינֶען. זֵיי הָאבֶּען פַארְװָארְפֶען,
אוּן הָאבֶּען עֶס שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט אַרוֹיס צִיהֶען װֶוענֶען דִיא פִיל
7 פִישׁ. דֶער תַּלְמִיד, װֶועלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט זָאגְט צוּ פֶּטֶר'ן:
דָאס אִיז דֶער הֶערְר, שִׁמְעוֹן פֶּטֶר הָאט דֶערְהֶערְט, דָאס דָאס
אִיז דֶער הֶערְר, הָאט עֶר זִיךְ אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט זֵיין קְלֵייד

(דֶען עֶר אִיז גֶעוֶועֶן נַאקֶעט) אוּן הָאט זִיךְ אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין
8 יַם אַרֵיין. אוּן דִיא אַנְדֶערֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען זִיךְ צוּ גֶעשִׁיפְט
מִיט דֶער שִׁיף (דֶען זֵיי זֶענֶען נִיט וֵוייט גֶעוֶועֶן פָאן דֶער יַבָּשָׁה
נוּר אֵיין עֶרֶךְ פָאן צְוֵויי הוּנְדֶערְט אֵיילֶען), אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁלֶעפְּט
9 דֶעם נֶעטְץ מִיט דִיא פִּישׁ. וֶוען זֵיי זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוֹיף
דֶער יַבָּשָׁה, הָאבֶּען זֵיי גֶעזֶועהֶען אֵיין פֵייעֶר פָאן קוֹילֶען אוֹיף
10 דֶער עֶרְד אוּן אוֹיף אִיהם אִיז גֶעוֶועזֶען פִּישׁ אוּן בְּרוֹיט. יְשׁוּעַ
זָאגְט זֵיי: בְּרֵיינְגְט אַהֶער דִיא פִּישׁ, וֶועלְכֶע אִיהר הָאט יֶעצְט
11 גֶעפַאנְגֶען. שִׁמְעוֹן פֶּטֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט אַרוֹיס גֶעצוֹיגֶען
אוֹיף דֶער יַבָּשָׁה דֶעם נֶעטְץ, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועֶן אָנְגֶעפִּילְט מִיט
הוּנְדֶערְט דְרֵייא אוּן פוּנְפְצִיג גְרוֹיסֶע פִּישׁ, אוּן הֲגַם עֶס אִיז גֶעוֶועֶן
אַזוֹי פִיל פִּישׁ, הָאט דֶער נֶעטְץ דָאךְ זִיךְ נִיט אִיבֶּערְגֶעריסֶען.
12 יְשׁוּעַ זָאגְט זֵיי: קוּמְט אוּן עֶסְט פְרִיהשְׁטִיק (אִיבֶּערְבֵּייסְן). פָאן
דִיא תַּלְמִידִים הָאט קֵיינֶער זִיךְ נִיט גֶעוַואגְט אִיהם צוּ פְרֶעגֶען:
וֶוער בִּיסְט דוּא? זֵיי הָאבֶּען גֶעוואוּסְט, דָאס דָאס אִיז דֶער הֶערְר.
13 יְשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶענוּמֶען דָאס בְּרוֹיט אוּן הָאט זֵיי
14 גֶעגֶעבֶּען, אוּן אַזוֹי אוֹיךְ דִיא פִּישׁ. דָאס אִיז דֶער דְרִיטֶער מָאל,
וָואס יְשׁוּעַ הָאט זִיךְ בַּאוִויזֶען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים נָאךְ זֵיין אוֹיפְ־
15 וֶועקוּנְג פָאן דִיא טוֹיטֶע. וֶוען זֵיי הָאבֶּען אָבְּגֶעגֶעסֶען, זָאגְט יְשׁוּעַ
צוּ שִׁמְעוֹן פֶּטֶר: שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹנָה! לִיבְּסְט דוּא מִיךְ מֶעהְרֶער פָאן
זֵיי? פֶּטֶר זָאגְט צוּ אִיהם: יַא, הֶערְר, דוּא וֵוייסְט, דָאס אִיךְ
16 לִיבֶּע דִיךְ. עֶר זָאגְט צוּ אִיהם: פִּיטֶער מֵיינֶע שָׁאף. ווִידֶער
זָאגְט עֶר אִיהם צוּם צְוֵוייטֶען מָאל: שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹנָה! דוּא לִיבְּסְט
מִיךְ? עֶר זָאגְט צוּ אִיהם: יַא, אֲדוֹנִי! דוּא וֵוייסְט, דָאס אִיךְ לִיבּ
17 דִיךְ. עֶר זָאגְט צוּ אִיהם: פִּיטֶער מֵיינֶע שָׁאף. עֶר זָאגְט צוּ אִיהם
צוּם דְרִיטֶען מָאל: שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹנָה, לִיבְּסְט דוּא מִיךְ? פֶּטֶר אִיז
טְרוֹיעֶריג גֶעוָוארֶען דֶעריבֶּער וָואס עֶר הָאט אִיהם דְרֵייא מָאל
גֶעפְרֶעגְט: לִיבְּסְט דוּא מִיךְ? אוּן זָאגְט צוּ אִיהם: הֶערְר, דוּא
וֵוייסְט אַלֶעס, דוּא וֵוייסְט דָאס אִיךְ לִיבּ דִיךְ. יְשׁוּעַ זָאגְט צוּ
18 אִיהם: פִּיטֶער מֵיינֶע שָׁאף. אִין אֶמֶת'עֶן, אִין אֶמֶת'עֶן, זָאג אִיךְ
דִיר: וֶוען דוּא בִּיסְט יוּנְג גֶעוֶועֶן אַזוֹי הָאסְט דוּא זִיךְ אַלֵיין אַרוּמְ־
גֶעגַארְטֶעלְט, אוּן גֶעגַאנְגֶען וואוּהִין דוּא הָאסְט גֶעוָואלְט, וֶוען דוּא

וֶועסְט אָבֶּער אַלְט וֶוערֶען, אַזוֹי וֶועסְט דוּא אוֹיס שְׁטְרֶעקֶען דֵיינֶע
הֶענְד, אוּן אֵיין אַנְדֶערֶער וֶועט דִיךְ אוּנְטֶער גַארְטְלֶען, אוּן וֶועט
19 דִיךְ פִיהרֶען וואוּהִין דוּא ווִילְסְט נִיט. דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
צוּ בֶּעצֵייכֶענֶען מִיט וֶועלְכֶען טוֹיט עֶר וֶועט גָאטְט פַארְהֶערְלִיכֶען.
אוּן ווִיא עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, זָאגְט עֶר צוּ אִיהם: גֶעה מִיר
20 נָאךְ. פֶּטֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען, דָאס דֶער
תַּלְמִיד, וֶועלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט, אוּן וֶועלְכֶער הָאט בֵּיים
אָוֶוענְד מָאהלְצֵייט אָן זֵיין בְּרוּסְט זִיךְ אָנְגֶעלֶעהְנְט, אוּן הָאט
21 גֶעזָאגְט: הֶערְר וֶוער וֶועט דִיךְ מַסֶר'ן, גֶעהט אִיהם נָאךְ. וֶוען
עֶר הָאט אִיהם דֶערְזֶעהֶען, הָאט פֶּטֶר גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ'ן: הֶערְר,
22 וָואס אִיז אָבֶּער מִיט דֶעם. יֵשׁוּעַ זָאגְט אִיהם: וֶוען אִיךְ ווִיל,
דָאס עֶר זָאל בְּלֵייבֶּען בִּיז אִיךְ וֶועל קוּמֶען, וָואס הַארְט עֶס
23 דִיךְ? דוּא גֶעה נָאךְ מִיר. אוּן דִיזֶעס וָוארְט הָאט זִיךְ פַארְבְּרֵייטֶעט
צְווִישֶׁען דִיא בְּרִידֶער, דָאס יֶענֶער תַּלְמִיד וֶועט נִיט שְׁטַארְבֶּען.
אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט אִיהם נִיט גֶעזָאגְט: דָאס עֶר וֶועט נִיט שְׁטַארְבֶּען,
נוּר וֶוען אִיךְ ווִיל דָאס עֶר זָאל בְּלֵייבֶּען בִּיז אִיךְ וֶועל קוּמֶען,
24 וָואס הַארְט עֶס דִיךְ? אוּן דֶער תַּלְמִיד זָאגְט דֶערִיבֶּער עֵדוּת,
אוּן הָאט עֶס אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען אוּן מִיר ווֵייסֶען דָאס זֵיין עֵדוּת אִיז
25 אֱמֶת. עֶס אִיז נָאךְ פִיל אַנְדֶערֶע זַאכֶען דָא, וֶועלְכֶע יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעטָאן, נוּר וֶוען מֶען וָואלְט זֵיי אַלֶעמֶען אֵיינְצִיגְוֵויים בֶּעשְׁרֵייבֶּען,
מֵיין אִיךְ, דָאס דִיא וֶועלְט וָואלְט נִיט גֶעקָאנְט דִיא סְפָרִים
פַארְנֶעהמֶען, וֶועלְכֶע עֶס וָואלְטֶען גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען. אָמֵן!

---

# דיא געשיכטע פאן דיא אפאסטעל

---

אִין מֵיין עֶרְשְׁטֶען סֵפֶר הָאבּ אִיךְ גֶעמַאכְט, תְּאוֹפִילוֹס, וֶועגֶען א
אַלֶעס, וָואס יְשׁוּעַ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טָאן אוּן צוּ לֶערְנֶען. בִּיז 2
אִין דֶעם טָאג, וָואס עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען אַרוֹיף, נָאךְ
דֶעם וִויא עֶר הָאט בַּאפוֹילֶען מִיטְן רוּחַ הַקֹּדֶשׁ צוּ דִיא שְׁלִיחִים
וָואס עֶר הָאט אוֹיסְדֶערְוֵוילְט. צוּ וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ 3
פָארְגֶעשְׁטֶעלְט לֶעבֶּענְדִיג נָאךְ זֵיין לֵיידֶען מִיט פִילֶע צֵייכֶען;
פֶערְצִיג טֶעג לַאנְג הָאט עֶר זִיךְ צוּ זֵיי בַּאוִויזֶען, אוּן הָאט גֶערֶעט
וֶועגֶען דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים. אוּן וֶוען עֶר הָאט זִיךְ מִיט זֵיי 4
פַארְזַאמֶעלְט, הָאט עֶר זֵיי בַּאפוֹילֶען, דָאס זֵיי זָאלֶען נִיט
אַוֶועקְגֶעהְן פָאן יְרוּשָׁלַיִם, נוּר וַוארְטֶען אוֹיף דֶער הַבְטָחָה פָאן
דֶעם פָאטֶער, וֶועלְכֶע אִיהר הָאט פָאן מִיר גֶעהֶערְט. דֶען יוֹחָנָן 5
הָאט גֶעטוֹבֵל'ט מִיט וַואסֶער, אוּן אִיהר וֶועט גֶעטוֹבֵל'ט וֶוערֶען
מִיט דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ נָאךְ עֶטְלֶעכֶע טֶעג. דֶערִיבֶּער וֶוען זֵיי 6
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט אִין אֵיינֶעם, הָאבֶּען זֵיי אִיהם גֶעפְרֶעגְט
אוּן גֶעזָאגְט: וֶועסְט דוּא אִין דִיזֶע צֵייט אוּמְקֶעהְרֶען דִיא מְלוּכָה.
צוּ דִיא יִשְׂרָאֵל? אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: עֶס אִיז נִיט פַאר 7
אַייךְ צוּ וִויסֶען דִיא צֵייטֶען אוּן דִיא זְמַנִים, וֶועלְכֶע דֶער פָאטֶער
הָאט זֵיי בֶּעשְׁטִימְט אִין זֵיין אֵייגֶענֶער מַאכְט. אָבֶּער וֶוען דֶער 8
רוּחַ הַקֹּדֶשׁ וֶועט אוֹיף אַייךְ קוּמֶען, וֶועט אִיהר מְקַבֵּל זֵיין גְבוּרָה,
אוּן אִיהר וֶועט זֵיין מֵיינֶע עֵדוּת אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּן אִין גַאנְץ יְהוּדָה
אִין שֹׁמְרוֹן בִּיז דֶעם עֶנְדֶע פָאן דֶער עֶרְד. אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס 9
גֶעזָאגְט, הָאבֶּען זֵיי גֶעזֶעהֶן וִויא עֶר אִיז אַרוֹיף גֶעהוֹיבֶּען גֶעוָוארֶען,
אוּן אֵיין וָואלְקֶען הָאט אִיהם אוֹפְגֶענוּמֶען פַאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען. אוּן 10
וִויא זֵיי הָאבֶּען גֶעקוּקְט צוּם הִימֶעל וֶוען עֶר אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען,

און נון, צוויי מענער געקליידעט אין ווייסע קליידער, זענען בּיי
11 זיי געשטאנען. און האבּען זיי געזאגט: איהר מענער פאן גליל
וואס שטעהט איהר דא און קוקט צום הימעל, דיזער ישוע
וועלכער איז צום הימעל פאן אייך אויפגעהויבּען געוואָרען, וועט
אויך אזוי קומען וויא איהר האט איהם געזעהען אהין געהן צום
12 הימעל. און נאך דעם האבּען זיי זיך אומגעקעהרט קיין ירושלים
פאן דעם בּארג וואס ווערט גערופען הר הזיתים, וואס איז נאהענט
13 פאן ירושלים איין תחום שבּת. און ווען זיי זענען אריין געקומען,
זענען זיי ארויף געגאנגען אין דער אויבּערשטוב, וועלכע פּטר
יעקב און יוחנן און אנדרי פיליפּוס און תומא, בּר תלמי און מתי,
יעקב בּן חלפי און שמעון הקנאי, און יהודה בּן יעקב, האבּען
14 דארטען געוואוינט. דיזע אלע פלעגען שטענדיג מיט איין געמיט
שטארק בּעטען און מתפּלל זיין, און מיט זיי זענען געוועזען דיא
15 פרויען און מרים ישוע'ס מוטער, אויך זיינע בּרידער. און
אין דיזע טעג איז פּטר אויפגעשטאנען אין מיטען פאן דיא
תלמידים (און דיא צאהל פאן דיא וואס האבּען זיך אין איינעם
פארזאמעלט איז געוועזען לערך הונדערט און צוואנציג) און
16 געזאגט: מענער און בּרידער, עס האט געדארפט דערפילט
ווערען דיא שריפט (ת"נך), וואס דער רוח הקדש האט פאן
לאנג גערעדט דורך דוד'ס מויל אויף יהודה, וועלכער איז געוועזען
17 איין פיהרער פאן דיא וואס האבּען ישוע'ן געפאנגען. ווייל ער
איז געוועזען צוגערעכענט צו אונז און האט זוכה געוועזען צו האבּען
18 איין טייל אין דיזער דינסט. און נון, האט ער זיך געקויפט איין
פעלד פאר דעם זינדיגען געלד, און ער איז געפאלען מיט דעם
קאפף אראבּ, און איז אין מיטען צופּלאצט געוואָרען און זיינע
19 אינגעווייד זיינען ארויס געפאלען. און דאס איז בּעקאנט געוואָרען
אויך צו אלעמען וואס וויינען אין ירושלים, און דאס פעלד איז
גערופען געוואָרען אויף זייער לשון חקל דמא, דאס הייסט, דאס
20 בּלוטיגע פעלד. עס איז געשריבּען אין ספר תהלים: זיין
וואוינונג זאל וויסט בּלייבּען, און עס זאל דארינען קיין איינוואוינער
ניט זיין און זיין שטעלע זאל איין אנדערער איבּערנעהמען.
21 דעריבּער מוז איינער פאן דיזע מענער, וועלכע זענען מיט אונז

גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער גַאנְצֶער צֵייט, וָואס אוּנְזֶער הֶערְר יְשׁוּעַ אִיז
22 בֵּיי אוּנְז אוֹיס אוּן אֵיינְגֶעגַאנְגֶען, צֵייט יוֹחָנָן׳ס טְבִילָה בִּיז דֶעם
טָאג, וָואס עֶר אִיז פָאן אוּנְז אַרוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען זָאל אֵיינֶער
פָאן זֵיי זֵיין אֵיין עֵדוּת מִיט אוּנְז אוֹיף זֵיין אוֹיפְשְׁטֶעהְן פָאן דִיא
23 טוֹיטֶע. אוּן זֵיי הָאבֶען צְוֵויי פָארְגֶעשְׁטֶעלְט: דֶעם יוֹסֵף׳ן, וֶועלְכֶען
מֶען הָאט גֶערוּפֶען, בַּר־שַׁבָּא, אוּן זֵיין צוּנָעמֶענֶעם אִיז גֶעוֶוען יוּסְטוּס,
24 אוּן מַתִּיָה. אוּן זֵיי הָאבֶען מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען, אוּן הָאבֶען גֶעזָאגְט: דוּא
הֶערְר, וֵייסְט וָואס עֶס אִיז אִין אַלֶע הֶערְצֶער, וֵייז אָן דֶעם אֵיינֶעם,
25 וֶועלְכֶען דוּא הָאסְט אוֹיסְדֶערְוֵוייְלְט פָאן דִיא צְוֵוייֶען. דָאס עֶר זָאל
נֶעהמֶען אֵיין טֵייל אִין דֶער עֲבוֹדָה אוּן שְׁלִיחוּת, וָואס יְהוּדָה אִיז
26 פָאן אִיהם אָבְגֶעטְרֶעטֶען, עֶר זָאל גֶעהְן צוּ זֵיין אָרְט. אוּן זֵיי
הָאבֶען גֶעוָוארְפֶען גוֹרָל, אוּן דֶער גוֹרָל אִיז אַרוֹיס אוֹיף מַתִּיָה,
אוּן מֶען הָאט אִיהם צוּ גֶערֶעכֶענְט צוּ דִיא עֶלְף שְׁלִיחִים.

ב וֶוען עֶס אִיז דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען דֶער טָאג פָאן שְׁבוּעוֹת,
2 וָוען זֵיי זֶענֶען אַלֶע גֶעוֶוען פֶערְזַאמֶעלְט מִיט אֵיין הַארְצֶען. אִיז
פְּלוּצְלִינְג גֶעוָוארֶען אֵיין רַעַשׁ פָאן הִימֶעל, אַזוֹי וִויא דֶער קוֹל
פָאן אֵיין שְׁטוּרֶעם וִוינְד, אוּן עֶר הָאט דָאס גַאנְצֶע הוֹיז, וואוּ זֵיי
3 זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אָנְגֶעפִילְט. אוּן עֶס הָאבֶען זִיךְ צוּ זֵיי בַּאוִויזֶען
צוּנְגֶען, וָואס צוּ טֵיילֶען זִיךְ, וִויא פָאן פַייעֶר אוּן יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶער
4 הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף יֶעדֶען פָאן זֵיי. אוּן אַלֶע זֶענֶען דֶערְפִילְט
גֶעוָוארֶען מִיט רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, אוּן הָאבֶען אָנְגֶעהוֹיבֶען צוּ רֶעדֶען
מִיט אַנְדֶערֶע לְשׁוֹנוֹת, וִויא דֶער רוּחַ הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶען צוּ
5 רֵיידֶען. אוּן אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶען גֶעוֵוינְט אִידֶען, מֶענֶער וָואס
הָאבֶען גֶעהַאט יִרְאַת אֱלֹהִים, פָאן יֶעדֶער פָאלְק וָואס אִיז
6 אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל. אוּן וֶוען עֶס אִיז גֶעוָוארֶען יֶענֶער רַעַשׁ,
הָאט זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעזַאמֶעלְט פִיל פָאלְק, אוּן זֵיינֶען נִשְׁתּוֹמֵם
גֶעוָוארֶען, דֶען יֶעדֶער פָאן זֵיי הָאבֶען גֶעהֶערְט זֵיי רֶעדֶען אוֹיף
7 זֵיין לָשׁוֹן. זֵיי זֶענֶען אַלֶע נִשְׁתּוֹמֵם גֶעוָוארֶען, אוּן זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט,
אוּן אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען הָאט גֶעזָאגְט: זֶעה, זֶענֶען דֶען נִיט אַלֶע
8 וָואס רֶעדֶען גְלִילִים? וִויא אַזוֹי דֶען הֶערֶען מִיר יֶעדֶער זֵיין
אֵייגֶענֶע שְׁפְּרַאךְ פָאן אוּנְזֶער לַאנְד, וֶועלְכֶע מִיר זֵיינֶען גֶעבָּארֶען?
9 פַּרְתִּיִים, מָדִים, עֵילָמִים, אוּן אֵיינְוֵוייְנֶער פָאן אֲרַם־נַהֲרַיִם,

10 יְהוּדָה אוּן קַפּוּדְקִיָה, פָּנְטוֹס אוּן אַסְיָא. פְּרוּגְיָא, אוּן פַּמְפוּלְיָא,
מִצְרַיִם אוּן דֶער לַאנְד פָאן לוּב וָואס אִיז בֵּיי קוּרְנִי, אוּן דִיא
11 גֶעקוּמֶענֶע פָאן רוֹם, אִידֶען אוּן גֵרִים. כְּרֵתִים אוּן עַרְבִים, וָועה,
מִיר אַלֶע הֶערֶען זֵיי דֶערְצֵיילֶען אִין אוּנְזֶערֶע לְשׁוֹנוֹת, דִיא
12 גְרוֹיסְקַייט פָאן גָאטְט. זֵיי זֵיינֶען אַלֶע נִשְׁתּוֹמֵם גֶעוָוארֶען אוּן
הָאבֶּען נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ דֶענְקֶען, אוּן הָאבֶּען אֵיינֶער צוּם
13 אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט: וָואס אִיז דָאס? אוּן אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעשְׁפֶּעט
אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דָאס זֵיי זֵיינֶען פוֹל מִיט זִיסֶען וויין.
14 דַאמָאלְסְט אִיז פֶּטֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן דִיא עֶלְף מִיט אִיהם,
אוּן הָאט זֵיין קוֹל אוֹיף גֶעהוֹיבֶּען, אוּן צוּ זֵיי גֶערֶעט: מֶענֶער פָאן
יְהוּדָה אוּן אֵיינְוֵוינֶער פָאן יְרוּשָׁלַיִם! אַלֶע זָאלְט אִיהר דָאס
15 ווִיסֶען, אוּן אִיהר זָאלְט מֵיינֶע וֶוערְטֶער פַארְנֶעמֶען. דִיזֶע זֵיינֶען
נִיט שִׁכּוֹרִים, ווִיא אִיהר דֶענְקְט, דֶען יֶעצְט אִיז דִיא דְרִיטֶע שָׁעָה
16 פָאן דֶעם טָאג. אָבֶּער דָאס אִיז עֶס, וָואס עֶס אִיז גֶעזָאגְט
17 גֶעוָוארֶען דוּרְךְ יוֹאֵל הַנָבִיא: אוּן עֶס וֶועט זֵיין אִין דִיא לֶעצְטֶע
טֶעג, זָאגְט גָאטְט: וֶועל אִיךְ אוֹיסְגִיסֶען פָאן מֵיין גֵייסְט אִיבֶּער
יֶעדֶער פְלֵייש, אוּן אֵייעֶרֶע זֶעהנֶע אוּן טֶעכְטֶער וֶועלֶען נְבוּאוֹת
זָאגֶען: אוּן אֵייעֶרֶע יוּנְגֶע לֵייט וֶועלֶען זֶעהְן עֶרְשֵׁיינוּנְגֶען אוּן
18 אֵייעֶרֶע אַלְטֶע וֶועלֶען חֲלוֹם׳ען חֲלוֹמוֹת; אוּן אוֹיף מֵיינֶע קְנֶעכְט
אוּן אוֹיף מֵיינֶע דִינְסְטֶען וֶועל אִיךְ אִין יֶענֶע טֶעג אוֹיסְגִיסֶען פָאן
19 מֵיין גֵייסְט, אוּן זֵיי וֶועלֶען נְבוּאוֹת זָאגֶען. אוּן אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען
וואוּנְדֶער אִין הִימֶעל אוֹיבֶּען, אוּן צֵייכֶענְס אוֹיף דֶער עֶרד אוּנְטֶען,
20 בְּלוּט אוּן פֵייעֶר אוּן זַיילֶען פָאן רוֹיךְ. דִיא זָאנְנֶע וֶועט פִינְסְטֶער
וֶוערֶען, אוּן דִיא לְבָנָה בְּלוּט, אֵיידֶער עֶס וֶועט קוּמֶען דֶער
21 גְרוֹיסֶער טָאג פָאן גָאטְט, אוּן דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער. אוּן עֶס וֶועט
זֵיין וֶוער עֶס וֶועט רוּפֶען אִין נָאמֶען פָאן דֶעם הֶערְן, דֶער וֶועט
22 נִיצוֹל וֶוערֶען. מֶענֶער פָאן יִשְׂרָאֵל! הֶערְט דִיזֶע וֶוערְטֶער:
יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי אֵיין מַאן, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ אוֹיס גֶעווִיזֶען פָאן
גָאטְט בֵּיי אַייךְ מִיט גְבוּרוֹת, וואוּנְדֶער אוּן צֵייכֶען, וֶועלְכֶע גָאטְט
הָאט דוּרְךְ אִיהם גֶעמַאכְט צְווִישֶׁען אַייךְ, אַזוֹי ווִיא אִיהר אַלֵיין
23 וֵוייסְט אוֹיךְ. דֶעם וָואס עֶר אִיז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען ווִיא
גָאטְטֶעס בֶּעשְׁלָאסֶענֶער ווִילֶען אוּן פָארְווִיסֶענְשַׁאפְט, הָאט אִיהר

גֶענוּמֶען, אוּן דוּרְךְ אוּנְגֶערֶעכְטֶע הֶענְד, אִיהם גֶעקְרֵייצִיגְט אוּן
24 גֶעהַרְגֶ'עט. אוּן גָאטְט הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פָאן דִיא טוֹיטֶע,
וֶוען עֶר הָאט צוּבְּרָאכֶען דִיא שְׁמֶערְצֶען פָאן דֶעם טוֹיט. וֵוייל
25 עֶר הָאט אִיהם נִיט גֶעקָאנְט צוּ הַאלְטֶען. דֶען דָוִד זָאגְט אוֹיף
אִיהם: אִיךְ הָאבּ גָאטְט תָּמִיד פַאר מִיר פָארְגֶעשְׁטֶעלְט, דֶען
עֶר אִיז אִין מֵיין רֶעכְטֶער הַאנְד, אִיךְ וֶועל נִיט אוֹיסְגֶעגְלִיצְט
26 וֶוערֶען. דֶערִיבֶּער הָאט זִיךְ מֵיין הַארְץ גֶעפְרֵייט, אוּן מֵיין צוּנְג
27 אִיז לוּסְטִיג; אוֹיךְ מֵיין פְלֵייש וֶועט רוּהֶען אִין זִיכֶערְהֵייט. דֶען
דוּא וֶועסְט נִיט דֶערְלָאזֶען מֵיין נֶפֶש צוּם שְׁאוֹל, דוּא וֶועסְט נִיט
28 צוּ גֶעבֶּען, דָאס דֵיין פְרוּמֶער זָאל וֶעהֶען פַארְדַארְבֶּענֶעס. דוּא
הָאסְט מִיר מוֹדִיעַ גֶעוֶועזֶען דִיא וֶועגֶען פָאן לֶעבֶּען, דוּא וֶועסְט מִיךְ
29 זַאט מַאכֶען מִיט שִׂמְחוֹת פַאר דֵיין פָּנִים. מֶענֶער אוּן בְּרִידֶער!
עֶרְלוֹיבְּט מִיר צוּ רֶעדֶען פַאר אֵייךְ אַלֶעמֶען פָאן אוּנְזֶער פָאטֶער
דָוִד; עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּן בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּן זֵיין קֶבֶר
30 אִיז מִיט אוּנְז בִּיז אוֹיף דִיזֶען טָאג. וֵוייל עֶר אִיז אֵיין נָבִיא
גֶעוֶוען, אוּן מַחֲמַת עֶר הָאט גֶעוואוּסְט, דָאס גָאטְט הָאט אִיהם
גֶעשְׁוָוארֶען, דָאס עֶר וֶועט דֶעם מָשִׁיחַ, נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ,
אוֹיפְשְׁטֶעלֶען פָאן דִיא פְרוּכְט פָאן זֵיין לֵייבּ, עֶר זָאל אוֹיף זֵיין
31 טְהְרָאן זִיצֶען. הָאט עֶר פָארְאוֹיס גֶעזֶעהֶען אוּן גֶערֶעט וֶועגֶען
דֶער אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג פָאן דֶעם מָשִׁיחַ, דָאס זֵיין נֶפֶש אִיז נִיט
אִיבֶּער גֶעלָאזְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם שְׁאוֹל, אוּן אוֹיךְ זֵיין פְלֵייש
32 הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען קֵיין פַארְדַארְבֶּענֶעס. דִיזֶען יֵשׁוּעַ הָאט גָאטְט
אוֹיפְגֶעוֶועקְט פָאן דִיא טוֹיטֶע, אוּן מִיר אַלֶע זֶענֶען עֵדוּת דַארוֹיף.
33 אוּן יֶעצְט, נָאךְ דֶעם וִויא עֶר אִיז צוּ דֶער רֶעכְטֶען גָאטְטֶעס
דֶערְהוֹיבֶּען גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר גֶענוּמֶען פָאן דֶעם פָאטֶער דִיא
הַבְטָחָה פָאן דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, אוּן הָאט אוֹיסְגֶעגָאסֶען דָאס וָואס
34 אִיהר זֶעהט אוּן הֶערְט יֶעצְט. דֶען דָוִד אִיז נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אִין הִימֶעל, אוּן זֶעהט, עֶר זָאגְט: גָאטְט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֵיין
35 הֶערְרְן: זֶעץ דִיךְ צוּ מֵיין רֶעכְטֶער הַאנְד, בִּיז אִיךְ וֶועל מַאכֶען
36 דֵיינֶע פֵיינְדֶע אֵיין פוּסְבֶּענְקֶעל צוּ דֵיינֶע פִים. דֶערִיבֶּער זָאל
דָאס גַאנְצֶע הוֹיז יִשְׂרָאֵל זִיכֶער וִויסֶען, דָאס גָאטְט הָאט גֶעמַאכְט
פַאר אֵיין הֶערְרְן אוּן אֵיין מָשִׁיחַ דִיזֶען יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶען אִיהר הָאט

גֶעקְרֵייצִיגְט. װֶוען זֵיי הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אִיז זֵיי אִין הַארְצֶען 37
אַרֵיין, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ פֶּטֶר'ן אוּן צוּ דִיא אַנְדֶערֶע שְׁלִיחִים:
מֶענֶער אוּן בְּרִידֶער, װָאס זָאלֶען מִיר טָאן? אוּן פֶּטֶר הָאט זֵיי 38
גֶעזָאגְט: טְהוּט תְּשׁוּבָה, אוּן טוֹבֵל'ט אֵייךְ יֶעדֶער פָאן אַייךְ אִין
דֶעם נָאמֶען פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, צוּ פַארְגֶעבּוּנְג פָאן אֵייעֶרֶע זִינְד,
אוּן אִיהר װֶועט מְקַבֵּל זֵיין דִיא מַתָּנָה פָאן דֶעם רוּחַ הַקֹדֶשׁ.
דֶען צוּ אַייךְ אִיז דִיא הַבְטָחָה אוּן צוּ אֵייעֶרֶע קִינְדֶער, אוּן צוּ 39
אַלֶעמֶען װָאס זֶענֶען פָאן װֵייטֶען, צוּ אַלֶעמֶען, װֶועלְכֶע גָאטְט
אוּנְזֶער גָאטְט רוּפְט זֵיי. אוּן נָאךְ מִיט פִילֶע אַנְדֶערֶע רֶעד הָאט 40
עֶר זֵיי בֶּעשְׁוָוארֶען, אוּן הָאט זֵיי מַזְהִיר גֶעװֶוען אוּן גֶעזָאגְט: לָאסְט
אַייךְ מַצִיל זֵיין פָאן דִיזֶען פַארְדְרֵייטֶען דוֹר. אוּן זֵיי הָאבֶּען 41
אָנְגֶענוּמֶען זֵיין װָארְט מִיט שִׂמְחָה, אוּן זֶענֶען גֶעטוֹבֵל'ט גֶעוָוארֶען.
אוּן אִין דֶעם טָאג אִיז צוּ גֶעקוּמֶען לְעֶרֶךְ דְרֵיי טוֹיזֶענְט נְפָשׁוֹת.
אוּן זֵיי הָאבֶּען שְׁטֶענְדִיג זִיךְ עוֹסֵק גֶעװֶוען אִין דֶער תּוֹרָה פָאן 42
דִיא שְׁלִיחִים, אִין פַארְאֵיינִיגוּנְג, אִין בְּרֶעכֶען דָאס בְּרוֹיט, אוּן
אִין תְּפִלָּה. אוּן אֵיין מוֹרָא אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף יֶעדֶער נֶפֶשׁ, אוּן 43
פִילֶע װאוּנְדֶער אוּן צֵייכֶען זֶענֶען דוּרְךְ דִיא שְׁלִיחִים גֶעטָאן
גֶעוָוארֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם. אוּן אַלֶע גְלוֹיבִּיגֶע הָאבֶּען זִיךְ פַארְאֵיינִיגְט, 44
אוּן אַלְדִינְג, װָאס זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט, אִיז גֶעװֶוען שׁוּתְּפוּת. זֵייעֶרֶע 45
נַחֲלוֹת אוּן פַארְמֶעגֶען הָאבֶּען זֵיי פַארְקוֹיפְט, אוּן הָאבֶּען צוּטֵיילְט
צוּ יֶעדֶען נָאךְ זֵיין בַּאדֶערְפֶענֶעס. אוּן תָּמִיד יֶעדֶען טָאג, זֶענֶען 46
זֵיי גֶעװֶוען מִיט אֵיין גֶעמִיט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּן אִין דֶער הֵיים
הָאבֶּען זֵיי גֶעבְּרָאכֶען דָאס בְּרוֹיט. אוּן הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען זֵייעֶר 47
שְׁפֵּייז מִיט שִׂמְחָה אוּן מִיט אֵיין רֵיין הַארְץ, אוּן הָאבֶּען גָאטְט
גֶעלוֹיבְּט, אוּן הָאבֶּען גֶעהַאט גְנַאדֶע בֵּיי דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק; אוּן
דֶער הֶערְר הָאט מוֹסִיף גֶעװֶוען יֶעדֶען טָאג צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע
אַזָאלְכֶע, װֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעטֶעט.

אוּן פֶּטֶר אוּן יוֹחָנָן זֵיינֶען בֵּיידֶע אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית ג
הַמִקְדָשׁ אַרֵיין צוּ דֶער צֵייט פָאן דֶער תְּפִלָּה, אִין דֶער נֵיינְטֶער
שָׁעָה. אוּן אֵיין מַאן אֵיין הִינְקֶענְדִיגֶער פָאן גֶעבָּארֶען אָן, װֶועלְכֶען 2
מֶען הָאט גֶעטְרָאגֶען אוּן אַנִידֶער גֶעזֶעצְט אַלֶע טָאג בֵּיי דֶעם
טוֹיעֶר פָאן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, װָאס מֶען הָאט גֶערוּפֶען דֶער

שֵׁיינֶער טוֹיעֶר, כְּדֵי עֶר זָאל בֶּעטֶען צְדָקָה פָאן דִיא וָואס קוּמֶען
3 אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ. וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען פֶּטֶר'ן אוּן יוֹחָנָן קוּמֶען
4 צוּם בֵּית הַמִקְדָשׁ, הָאט עֶר פָאן זֵיי גֶעבֶּעטֶען אֵיין נְדָבָה. פֶּטֶר
מִיט יוֹחָנָן הָאבֶּען אִיהם אָנְגֶעקוּקְט, אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה
5 אוֹיף אוּנְז. אוּן עֶר הָאט זַיין פָּנִים צוּ זֵיי גֶעוֶוענְדֶעט, וַוייל עֶר
6 הָאט גֶעהָאפְּט עֶטְוָואס צוּ נֶעמֶען פָאן זֵיי. אוּן פֶּטֶר הָאט גֶעזָאגְט:
זִילְבֶּער אוּן גָאלְד הָאבּ אִיךְ נִיט, נוּר וָואס אִיךְ הָאבּ וֶועל אִיךְ
דִיר גֶעבֶּען אִין נָאמֶען פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דֶעם נָצְרִי: שְׁטֶעה אוֹיף
7 אוּן גֶעה. אוּן הָאט אָנְגֶענוּמֶען זַיין רֶעכְטֶע הַאנְד אוּן הָאט אִיהם
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען. אוּן בַּאלְד אָבֶּער זַיינֶען זַיינֶע קְנֶעכְלַאךְ אוּן טְרִיט
8 פֶעסְט גֶעוָוארֶען. אוּן אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּן זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט,
אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען; אוּן מִיט זֵיי אַרַיינְגֶעטְרָאטֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ
9 אַרַיין אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוּן גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּן גָאטְט גֶעלוֹיבְּט. אוּן
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט אִיהם גֶעזֶעהֶען גֶעהְן אוּן לוֹיבֶּען גָאטְט.
10 אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם דֶערְקֶענְט, דָאס עֶר אִיז יֶענֶער, וָואס פְלֶעגְט
זִיצֶען אוּן בֶּעטֶען נְדָבוֹת בַּיי דֶעם שֶׁענֶעם טוֹיעֶר פָאן דֶעם בֵּית
הַמִקְדָשׁ, אוּן זֵיי זֶענֶען פוּל גֶעוָוארֶען מִיט שְׁרֶעק אוּן וואוּנְדֶער,
11 אִיבֶּער דֶעם וָואס עֶס אִיז מִיט אִיהם גֶעשֶׁעהֶען. אוּן וֶוען עֶר הָאט
זִיךְ אָנְגֶעהַאלְטֶען אָן פֶּטֶר אוּן יוֹחָנָן, אִיז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק צוּ זֵיי
צוּ גֶעלָאפֶען, צוּ דֶעם פָארְהוֹיז וָואס מֶען הָאט גֶערוּפֶען, אוּלָם
12 שֶׁל שְׁלֹמֹה, אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט. אוּן פֶּטֶר הָאט
דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּם
פָאלְק: מֶענֶער פָאן יִשְׂרָאֵל! וָואס וואוּנְדֶערְט אִיהר זִיךְ דֶערִיבֶּער,
אוּן וָואס קוּקְט אִיהר אוּנְז אָן, גְלֵייךְ וִויא מִיר, דוּרְךְ אוּנְזֶער כֹּחַ
13 אוּן פְרוּמְקֵייט, הָאבֶּען דִיזֶען גֶעהֶענְדִיג גֶעמַאכְט? דֶער גָאטְט
פָאן אַבְרָהָם, דֶער גָאטְט פָאן יִצְחָק, אוּן דֶער גָאטְט פָאן יַעֲקֹב,
דֶער גָאטְט פָאן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען, עֶר הָאט פַארְהֶערְלִיכְט
זַיין קְנֶעכְט יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶען אִיהר הָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אוּן זִיךְ
אָבְּגֶעזָאגְט פָאן אִיהם פַאר פִּילַטוּס'ן, וֶוען עֶר הָאט בַּאשְׁלָאסֶען
14 אִיהם צוּ בֶּעפְרֵייעֶן. אִיהר אָבֶּער הָאט פַארְלֵייקֶענְט אִין דֶעם
הֵיילִיגֶען אוּן אִין דֶעם צַדִיק, אוּן הָאט פֶּערְלַאנְגְט, דָאס עֶר זָאל
15 אַייךְ פְרֵייְלָאזֶען אֵיין מַאן אֵיין רוֹצֵחַ. אוּן דֶעם שַׂר פָאן לֶעבֶּען

הָאט אִיהר גֶעהַרְגֶ'עט, וועלכֶען גָאטט הָאט אוֹיפְגֶעוועקְט
16 פָאן דִיא טוֹיטֶע, אוּן מִיר זֶענֶען דֶערִיבֶּער עֵדוּת. אוּן דוּרְך דֶעם
גְלוֹיבֶּען אִין זֵיין נָאמֶען הָאט דִיזֶער דָא, וועלכֶען אִיהר זֶעהט אוּן
קֶענְט אִיהם זֵיין נָאמֶען פֶעסְט גֶעמַאכְט, וועלכֶער דוּרְך אִיהם
גֶעהט, עֶר הָאט אִיהם דִיזֶע זֵיינֶע גֶעזוּנְטֶע גְלִידֶער ווִידֶער גֶעשֶׁענְקְט
17 פַאר אֵייך אַלֶעמֶען. יֶעצְט מֵיינֶע בְּרִידֶער, אִיך ווייס דָאס אִיהר.
18 אוֹיך אֵייעֶרֶע עֶלְסְטֶע, הָאבֶּען נִיט ווִיסֶענְדִיג גֶעטָאן. אוּן גָאטט
ווִיא עֶר הָאט פָאן לַאנְג גֶעזָאגְט דוּרְך דֶעם מוֹיל פָאן דִיא נְבִיאִים:
דָאס דֶער מָשִׁיחַ ווֶעט לֵיידֶען, אַזוֹי הָאט עֶר דָאס דֶערְפִילְט.
19 דֶערִיבֶּער, טְהוּט תְּשׁוּבָה אוּן בֶּעקֶעהְרְט אֵייך, דָאס אֵייעֶרֶע
20 זִינְד זָאלֶען אוֹיס גֶעמֶעקְט ווערֶען. כְּדֵי עֶס זָאלֶען אָנְקוּמֶען צֵייטֶען
פָאן דֶערְקְווִיקוּנְג פָאן פַאר גָאטט, אוּן עֶר זָאל אֵייך שִׁיקֶען דֶעם,
ווֶעלְכֶען עֶר הָאט אֵייך בֶּעשְׁטִימְט פָאן לַאנְג אָן, דֶעם יֵשׁוּעַ
21 הַמָּשִׁיחַ. ווֶעלְכֶען דִיא הִימְלֶען הָאבֶּען גֶעמוּסְט אוֹיפְנֶעהמֶען בִּיז
יֶענֶער צֵייט, ווֶען אַלֶץ ווֶעט אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט ווערֶען, וואס גָאטט
הָאט גֶערֶעט ווֶעגֶען זֵיי דוּרְך דֶעם מוֹיל פָאן אַלֶע זֵיינֶע הֵיילִיגֶע
22 נְבִיאִים פָאן עֶווִיג אָן. נוּן, מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן:
אֵיין נָבִיא ווֶעט גָאטט אֵייעֶר גָאטט דֶערְווֶעקֶען אֵייך פָאן אֵייעֶרֶע
בְּרִידֶער, ווִיא אִיך, אִיהם זָאלְט אִיהר הֶערֶען אִין אַלֶעמֶען וואס
23 עֶר ווֶעט אֵייך רֶעדֶען. אוּן עֶס ווֶעט זֵיין דָאס יֶעדֶער נֶפֶשׁ, וואס
ווֶעט נִיט הֶערֶען יֶענֶעם נָבִיא ווֶעט פַארְטִילִיגְט ווֶערֶען פָאן דֶעם
24 פָאלְק. אוּן אוֹיך אַלֶע נְבִיאִים פָאן שְׁמוּאֵל אוּן דִיא וואס זֶענֶען
גֶעווֶעזֶען נָאך אִיהם, אַלֶע הָאבֶּען גֶערֶעט אוּן אָנְגֶעזָאגְט דִיזֶע טֶעג.
25 אִיהר זֵייט דִיא קִינְדֶער פָאן נְבִיאִים אוּן דִיא קִינְדֶער פָאן דֶעם
בְּרִית, וואס גָאטט הָאט בֶּעשְׁלָאסֶען מִיט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת ווֶען עֶר
הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְרָהָם'ן: וְנִבְרְכוּ בְזַרְעֲךָ כָּל מִשְׁפְּחוֹת הָאֲדָמָה,
(אַלֶע מִשְׁפְּחוֹת פָאן דֶער עֶרְד ווֶעלֶען גֶעבֶּענְשְׁט ווֶערֶען דוּרְך
26 דֵיין זָאמֶען). אֵייך הָאט גָאטט צוּם עֶרְשְׁטֶען אוֹיפְגֶעווֶעקְט זֵיין
קְנֶעכְט יֵשׁוּעַ, אוּן הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט עֶר זָאל אֵייך גֶעבֶּען אֵיין
בְּרָכָה, ווֶען אִיהר ווֶעט זִיך אוּמְקֶעהְרֶען פָאן אֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע
מַעֲשִׂים.

ד אוּן עֶס אִיז גֶעווֶעזֶען ווֶען זֵיי הָאבֶּען גֶערֶעט צוּם פָאלְק זֶענֶען

אוֹיףְ זֵיי אוֹיףְ גֶעשְׁטַאנֶען דִיא כֹּהֲנִים אוּן דֶער עֶלְסְטֶער פָאן דֶעם
2 בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּן דִיא צְדוּקִים. וֵוייל עֶס הָאט זֵיי פֶערְדְרָאסֶען,
וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעלֶעהרֶענְט דָאס פָאלְק אוּן הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט
3 דוּרְךְ יְשׁוּעַ'ן דִיא אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג פָאן דִיא טוֹיטֶע. אוּן הָאבֶּען
אוֹיףְ זֵיי זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּן הָאבֶּען זֵיי אַרֵיינְגֶעזֶעצְט
אִין דֶער תְּפִיסָה בִּיז צוּם מָארְגֶען, דֶען עֶס אִיז שׁוֹין אָוֶוענְד
4 גֶעוֶועזֶען. אוּן פִילֶע וָואס הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס וָוארְט הָאבֶּען
גֶעגְלוֹיבְּט, אוּן זֵייעֶר צָאל אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין עֶרֶךְ פִינְףְ טוֹיזֶענְט.
5 אוֹיףְ דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאבֶּען זִיךְ אִין יְרוּשָׁלַיִם
אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט זֵייעֶרֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע, עֶלְסְטֶע, זְקֵנִים אוּן סוֹפְרִים.
6 אוֹיךְ חָנָן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אוּן קַיָפָא, יוֹחָנָן, אַלֶכְּסַנְדֶר, אוּן אַלֶע פָאן
7 דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל'ס מִשְׁפָּחָה. אוּן מֶען הָאט זֵיי גֶעשְׁטֶעלְט אִין
מִיטֶען, אוּן מֶען הָאט זֵיי גֶעפְרֶעגְט: מִיט וֶועמֶעס כֹּחַ אוּן אִין
8 וֶועמֶעס נָאמֶען הָאט אִיהר דָאס גֶעטָאן? אוּן פֶּטֶר אִיז פוֹל
גֶעוָוארֶען מִיט רוּחַ הַקֹדֶשׁ, אוּן הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: אִיהר עֶלְסְטֶע
9 פָאן דֶעם פָאלְק אוּן זְקֵנִים פָאן יִשְׂרָאֵל! אוֹיבּ מִיר וֶוערֶען הֵיינְט
אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט פָאן אַייךְ פַאר דֶער טוֹבָה, וָואס מִיר הָאבֶּען
גֶעטָאן צוּ דֶעם קְרַאנְקֶען מֶענְשֶׁען, דוּרְךְ וֶועמֶען אִיז עֶר גֶעהָאלְפֶען
10 גֶעוָוארֶען. זָאלְט אִיהר אַלֶע אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק יִשְׂרָאֵל וִויסֶען,
דָאס אִין נָאמֶען פָאן יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי דֶעם מָשִׁיחַ, וֶועלְכֶען אִיהר הָאט
גֶעקְרֵייצִיגְט אוּן גָאט הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פָאן דִיא טוֹיטֶע,
11 אִין זֵיין נָאמֶען שְׁטֶעהט דִיזֶער פַאר אַייךְ גֶעזוּנְד. עֶר אִיז דֶער
שְׁטֵיין, וָואס אִיהר בּוֹיעֶרְס הָאט אִיהם פֶערְוָוארְפֶען, אוּן עֶר אִיז
12 צוּם עֶקְשְׁטֵיין גֶעוָוארֶען. אוּן אִין אֵיין אַנְדֶערֶען אִיז נִיט דָא קֵיין
הִילְףְ; אוּן אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל אִיז נִיט דָא קֵיין אַנְדֶער נָאמֶען,
וֶועלְכֶער אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ דִיא מֶענְשֶׁען, דָאס מֶען זָאל
13 דוּרְךְ אִיהם גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, דִיא
פֶעסְטִיגְקֵייט פָאן פֶּטֶר'ן אוּן יוֹחָנָן, אוּן הָאבֶּען בַּאמֶערְקְט, דָאס
זֵיי זֶענֶען אֵיינְפַאכֶע, נִיט גֶעלֶעהרְנְטֶע לֵייט, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ
פַארְוואוּנְדֶערְט אוֹיףְ זֵיי אוּן הָאבֶּען זֵיי דֶערְקָאנְט, דָאס זֵיי זֶענֶען
14 מִיט יְשׁוּעַ'ן גֶעגַאנְגֶען. אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם אוֹיסְ־
גֶעהֵיילְטֶען שְׁטֶעהן בֵּיי זֵיי, הָאבֶּען זֵיי גָאר נִיט גֶעקָאנְט רֶעדֶען

15 גֶעגֶען זֵיי. אוּן זֵיי הָאבֶּען זֵיי בַּאפוֹילֶען, דָאס זֵיי זָאלֶען אַרוֹיסְגֶעהְן
פָאן דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּן הָאבֶּען צוּזַאמֶען אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען.
16 אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט: וָואס זָאלֶען מִיר טָאן צוּ דִיא לֵייט? זֵיי
הָאבֶּען אֵיין עֶפֶענְטְלִיכֶען וואוּנְדֶער גֶעמַאכְט, אוּן עֶס אִיז בֶּעקַאנְט
גֶעוָוארֶען צוּ דִיא אֵיינְוֵוינֶער פָאן יְרוּשָׁלַיִם, אוּן מִיר קָאנֶען דָאס
17 נִיט אָבְּלֵייקֶענֶען. אָבֶּער כְּדֵי דִיא זַאךְ זָאל זִיךְ נִיט וֵוייטֶער
פַארְבְּרֵייטֶען צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק, לָאזֶען מִיר אוֹיף זֵיי זִיךְ
שְׁטַארְק אָנְבֵּייזֶערְן, דָאס זֵיי זָאלֶען שׁוֹין מֶעהֶר נִיט רֶעדֶען
18 צוּ קֵיין מֶענְשֶׁען אִין דִיזֶען נָאמֶען. זֵיי הָאבֶּען זֵיי אַרֵיין גֶערוּפֶען
אוּן אָנְגֶעזָאגְט, דָאס זֵיי זָאלֶען קֵיין וָוארְט נִיט רֶעדֶען אוּן נִיט
19 לֶערְנֶען אִין דֶעם נָאמֶען פָאן יֵשׁוּעַ. פֶּטֶר אוּן יוֹחָנָן הָאבֶּען צוּ
זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיז דָאס דֶען רֶעכְט פַאר גָאטְט,
דָאס מִיר זָאלֶען אַייךְ מֶעהר הֶערֶען וִויא גָאטְט, מִשְׁפָּט אִיהר
20 אַלֵיין. מִיר קֶענֶען נִיט אוֹיפְהֶערֶען צוּ רֶעדֶען פָאן דֶעם, וָואס
21 מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעהֶערְט. אוּן זֵיי הָאבֶּען נָאךְ אֵיין מָאל
אָנְגֶעשְׁרִיגֶען אוֹיף זֵיי, אוּן הָאבֶּען זֵיי אָבְּגֶעלָאזֶען, וֵוייל זֵיי הָאבֶּען
נִיט גֶעפוּנֶען עֶטְוָואס, פַאר וָואס צוּ בֶּעשְׁטְרָאפֶען זֵיי פַאר דֶעם
פָאלְק, דֶען אַלֶע הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט גָאטְט פַאר דֶעם וָואס עֶס אִיז
22 גֶעשֶׁעהֶען. וֵוייל דֶער מַאן, מִיט וֶועלְכֶען עֶס אִיז דֶער וואוּנְדֶער
פָאן דֶער רְפוּאָה גֶעשֶׁעהֶען, אִיז אִיבֶּער פֶערְצִיג יָאהר אַלְט גֶעוֶועזֶען.
23 נָאךְ דֶעם וִויא זֵיי זֶענֶען בֶּעפְרֵייט גֶעוָוארֶען, זֶענֶען זֵיי
גֶעקוּמֶען צוּ זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, אוּן הָאבֶּען זֵיי דֶערְצֵיילְט, וָואס דִיא
24 עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים מִיט דִיא זְקֵנִים הָאבֶּען זֵיי גֶעזָאגְט. אוּן וֶוען זֵיי
הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵיי אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל מִיט
אֵיין הַארְץ צוּ גָאטְט, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: הֶערְר! דוּא בִּיסְט
דֶער גָאטְט וָואס הָאט הִימֶעל אוּן עֶרְד גֶעמַאכְט, אוּן דֶעם יַם
25 אוּן אַלְץ וָואס אִיז אִין זֵיי. דוּא וָואס דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט דוּרְךְ
דֶעם מוֹיל פָאן דֵיין קְנֶעכְט דָוִד מִיטְן רוּחַ הַקֹּדֶשׁ: צוּ וָואס
שְׁטוּרֶעמֶען דִיא גוֹיִם אוּן דִיא פֶעלְקֶער דֶענְקֶען לֵיידִיגְקֵייט.
26 מְלָכִים פָאן דֶער עֶרְד אוּן פִירְסְטֶען הַאלְטֶען עֵצוֹת צוּזַאמֶען
27 גֶעגֶען גָאטְט אוּן זֵיין מָשִׁיחַ. עֶס הָאט זִיךְ אִין אֱמֶת'ֶען אִין דֶער
שְׁטָאדְט פֶערְזַאמֶעלְט הוֹרְדוֹס אוּן פָּנְטִיוּס פִּילַטוּס מִיט דִיא גוֹיִם

אוּן דָאס פָאלְק יִשְׂרָאֵל גֶעגֶען דֵיין הֵיילִיגֶען קְנֶעכְט יֵשׁוּעַ, וָואס
28 דוּא הָאסְט גֶעזַאלְבְּט. דָאס זֵיי זָאלֶען טָאן דָאס, וָואס דֵיין הַאנְד
29 אִין עֵצָה הָאבֶּען פָאן לַאנְג אֶן בֶּעשְׁטִימְט. אוּן יֶעצְט הֶערְר! זֶעה
זֵייעֶר גֶעשְׁרֵיי, אוּן שֵׁיינְק דֵיינֶע קְנֶעכְט, זֵיי זָאלֶען מִיט אֵיין פְרֵייעֶן
30 מוּט דֵיין וָוארְט רֶעדֶען. וֶוען דוּא וֶועסְט דֵיין הַאנְד אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען
צוּ הֵיילֶען אוּן צוּ גֶעבֶּען צֵייכֶען אוּן וואוּנְדֶער אִין דֶעם נָאמֶען פָאן
31 יֵשׁוּעַ דֵיין הֵיילִיגֶען קְנֶעכְט. אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען,
הָאט דֶער אָרְט וואוּ זֵיי זֶענֶען דָארְטֶען פֶערְזַאמֶעלְט גֶעוֶוען,
גֶעצִיטֶערְט, אוּן אַלֶע זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען מִיט רוּחַ הַקֹדֶשׁ,
32 אוּן הָאבֶּען גֶערֶעט גָאטְטֶעס וָוארְט עֶפֶענְטְלִיך. דִיא פִילֶע
גְלוֹיבִּיגֶע הָאבֶּען גֶעהַאט אֵיין הַארְץ אוּן אֵיין נֶפֶשׁ, אוּן קֵיינֶער
פָאן זֵיי הָאט נִיט גֶעזָאגְט אוֹיף דֶעם וָואס עֶר הָאט פַארְמָאגְט:
33 דָאס אִיז מֵיינֶע, דֶען אַלֶעס אִיז גֶעוֶוען בֵּיי זֵיי בְּשׁוּתְּפוּת. אוּן מִיט
גְרוֹיס גְבוּרָה הָאבֶּען דִיא שְׁלִיחִים עֵדוּת גֶעזָאגְט אוֹיף דֶער אוֹיפְ־
שְׁטֶעהוּנְג פָאן דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ, אוּן גְרוֹיסֶע גְנָאדֶע אִיז גֶעוֶועזֶען
34 אִיבֶּער זֵיי אַלֶעמֶען. צְווִישֶׁען זֵיי אִיז נִיט גֶעוֶוען קֵיין נוֹיטְ־
בַּאדֶערְפְטִיגֶער, דֶען אַלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט פֶעלְדֶער אוּן
הֵייזֶער הָאבֶּען זֵיי פַארְקוֹיפְט אוּן הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דָאס גֶעלְד
35 פַאר זֵיי. אוּן הָאבֶּען דָאס גֶעלֵייגְט פַאר דִיא פִיס פָאן דִיא
שְׁלִיחִים, אוּן יֶעדֶען הָאט מֶען גֶעגֶעבֶּען וָואס אִיהם הָאט גֶעפֶעלְט.
36 אוּן יוֹסֵף, וֶועלְכֶען דִיא שְׁלִיחִים הָאבֶּען אִיהם אֵיין נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען
בַּר־נַבָּא, דָאס הֵייסְט דֶער זָאהְן פָאן טְרוֹיסְט פָאן שֵׁבֶט לֵוִי, וֶועלְכֶער
37 אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִין קוֹפְּרוֹס. הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט אֵיין
פֶעלְד, אוּן עֶר הָאט דָאס פַארְקוֹיפְט אוּן הָאט גֶעבְּרַאכְט דָאס
גֶעלְד אוּן הָאט גֶעלֵייגְט פַאר דִיא פִיס פָאן דִיא שְׁלִיחִים.

ה אוּן אֵיין מַאן וָואס זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען חֲנַנְיָה, אוּן דֶער
2 נָאמֶען פָאן זֵיין ווייבּ שַׁפִּירָה, הָאט פַארְקוֹיפְט זֵיין פֶעלְד. אוּן הָאט
אַרָאבְּגֶענוּמֶען פָאן דֶעם גֶעלְד אוּן הָאט עֶס בֶּעהַאלְטֶען, אוּן זֵיין
ווייבּ הָאט אוֹיךְ דֶערְפָאן גֶעוואוּסְט, אוּן אֵיין טֵייל דֶער פָאן הָאט
עֶר גֶעבְּרַאכְט אוּן הָאט גֶעלֵייגְט פַאר דִיא פִיס פָאן דִיא שְׁלִיחִים.
3 אוּן פֶּטְרוּס הָאט גֶעזָאגְט: חֲנַנְיָה, צוּ וָואס הָאט דֶער שָׂטָן אִין דֵיין
הַארְצֶען אַרֵיינְגֶעלֵייגְט, צוּ לֵייקֶענֶען אִין דֶעם רוּחַ הַקֹדֶשׁ, אוּן

4 צוּ בֶּעהַאלְטֶען פָאן דֶעם פְּרֵייז פַאר דֶעם פֶעלְד. אִיז דֶען דָאס
נִיט גֶעוֶועזֶען דֵיין אֵייגֶענֶעם אֵיידֶער דוּא הָאסְט דָאס פַארְקוֹיפְט,
אוּן אוֹיךְ נָאךְ דֶעם פַארְקוֹיפֶען, אִיז דָאס אִין דֵיין הַאנְד גֶעוֶועזֶען,
צוּ וָואס הָאסְט דוּא דִיךְ פָארְגֶענוּמֶען אִין דֵיין הַארְצֶען אַזָאלְכֶעס?
נִיט פַאר מֶענְשֶׁען הָאסְט דוּא לִיגֶען גֶעזָאגְט, נוּר פַאר גָאטְט.
5 וָוען חֲנַנְיָה הָאט גֶעהֶערְט דִיזֶע ווֶערְטֶער, אִיז עֶר גֶעפַאלֶען צוּ דֶער
עֶרְד אוּן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּן אֵיין גְרוֹיסֶע מוֹרָא אִיז גֶעוָוארֶען
6 אוֹיף אַלֶעמֶען וָואס הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט. אוּן דִיא יוּנְגֶע לֵייט
זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶענוּמֶען אוּן אַרוֹיסְ־
7 גֶעטְרָאגֶען, אוּן אִיהם מְקַבֵּר גֶעוֶועזֶען. אִין דְרֵיי שְׁטוּנְדֶען שְׁפֶּעטֶער
אִיז זֵיין וַוייבּ גֶעקוּמֶען, אוּן זִיא הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס עֶס אִיז
8 גֶעשֶׁעהֶען. אוּן פֶּטֶר הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט צוּ אִיהר:
זָאג מִיר, אוֹיבּ פַאר אַזוֹי פִיל גֶעלְד הָאט אִיהר פַארְקוֹיפְט דָאס
9 פֶעלְד? אוּן זִיא הָאט גֶעזָאגְט יָא, פַאר אַזוֹי פִיל. אוּן פֶּטֶר הָאט
אִיהר גֶעזָאגְט, פַאר וָואס הָאט אִיהר אַייךְ צוּזַאמֶענְגֶערֶעט צוּ
פְּרוּבֶען גָאטְטֶעס רוּחַ הַקֹּדֶשׁ? זֶעה, דִיא פִיס פָאן דִיא, וָואס
הָאבֶּען דֵיין מַאן מְקַבֵּר גֶעוֶועזֶען זֶענֶען בֵּיי דֶער טְהִיר, אוּן זֵיי
10 וֶועלֶען דִיךְ אַרוֹיסְטְרָאגֶען. אוּן זִיא אִיז בַּאלְד גֶעפַאלֶען פַאר
זֵיינֶע פִיס אוּן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּן דִיא יוּנְגֶע לֵייט זֶענֶען אַרֵיין
גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען זִיא טוֹיט גֶעפוּנֶען. זֵיי הָאבֶּען זִיא אַרוֹיסְ־
11 גֶעטְרָאגֶען אוּן מְקַבֵּר גֶעוֶועזֶען בֵּיי אִיהר מַאן. אוּן אֵיינֶע גְרוֹיסֶע
מוֹרָא אִיז גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער גֶעמֵיינְדֶע אוּן אוֹיף אַלֶעמֶען
12 וָואס הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט. אוּן פִילֶע צֵייכֶען אוּן וואוּנְדֶער
זֶענֶען גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק דוּרְךְ דִיא שְׁלִיחִים,
אוּן אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט מִיט אֵיין הַארְצֶען אִין דֶעם
13 אוּלָם פָאן שְׁלֹמֹה. אוּן פָאן דִיא אִיבֶּערִיגֶען הָאט קֵיינֶער זִיךְ נִיט
גֶעוַואגְט צוּ צוּשְׁטֶעהְן צוּ זֵיי, נוּר דָאס פָאלְק הָאט זֵיי הוֹיךְ
14 גֶעשֶׁעצְט. עֶס הָאבֶּען אָבֶּער נָאךְ מֶעהר זִיךְ פַארְמֶעהְרְט
15 גְלוֹיבִּיגֶע אִין דֶעם הֶערְן, מֶענֶער אוּן פְרוֹיעֶן זֶעהר פִיל. בִּיז
מֶען הָאט גֶעטְרָאגֶען דִיא קְרַאנְקֶע אוֹיף דִיא גַאסֶען אוּן מֶען הָאט
זֵיי גֶעלֵייגְט אוֹיף דִיא בֶּעטֶען אוּן גֶעלֶעגֶערְס, כְּדֵי פֶּטֶר, וֶוען עֶר
וֶועט דוּרְכְגֶעהְן, זָאל זֵיין שָׁאטֶען פַאלֶען אוֹיף אֵיינֶעם פָאן זֵיי.

16 אוּן אוֹיךְ פִּיל פָֿאלְק פָֿאן דֶער אוּמְגֶעגֶענְד פָֿאן יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען
זִיךְ פַֿארְזַאמֶעלְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דִיא קְרַאנְקֶע
אוּן דִיא גֶעפֵּיינִיגְטֶע פָֿאן דִיא אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער אוּן זֶענֶען אַלֶע
17 גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען. אוּן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּן אַלֶע וָואס זֶענֶען מִיט אִיהם, זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען לֵייט פָֿאן דֶער
18 כִּתָּה פָֿאן דִיא צְדוּקִים, אוּן זֶענֶען פוּל מִיט קִנְאָה גֶעוָוארֶען. אוּן
הָאבֶּען דִיא אַפָּאסְטֶעל גֶענוּמֶען, אוּן הָאבֶּען זֵיי אַרֵיין גֶעגֶעבֶּען
19 אִין דֶעם גֶעפֵֿיינְגֶענֶעם פָֿאן דֶער שְׁטָאט. וֶוען עֶס אִיז נַאכְט גֶעוֶועזֶען
הָאט אֵיין מַלְאָךְ פָֿאן גָאטְט, אוֹיפְגֶעעֶפֶֿענְט דִיא טְהִירֶען פָֿאן
20 גֶעפֵֿיינְגֶענֶעם, אוּן הָאט זֵיי אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אוּן גֶעזָאגְט: גֶעהְט, אוּן
שְׁטֶעלְט אַייךְ אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּן רֶעט צוּ דֶעם פָֿאלְק דִיזֶע
21 אַלֶע ווֶערְטֶער פָֿאן לֶעבֶּען. אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט,
זֶענֶען זֵיי גֶעקוּמֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ וֶוען עֶס אִיז נָאךְ פְֿרִיה גֶעוֶועזֶען,
אוּן הָאבֶּען דָארְט גֶעלֶעהְרֶענְט, אוּן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אוּן דִיא, וָואס
מִיט אִיהם, זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען צוּנוֹיף גֶערוּפֶֿען דִיא סַנְהֶדְרִין
אוּן דִיא אַלֶע זְקֵנִים פָֿאן דִיא יִשְׂרָאֵל, אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט אִין
22 גֶעפֵֿיינְגֶענֶעם, דָאס מֶען זָאל זֵיי בְּרֵיינְגֶען. אוּן דִיא מְשָׁרְתִים זֶענֶען
גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעפֿוּנֶען אִין גֶעפֵֿיינְגֶענֶעם, הָאבֶּען זֵיי
23 זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן גֶעזָאגְט: דִיא גֶעפֵֿיינְגֶענֶעם הָאבֶּען מִיר
גֶעפֿוּנֶען גוּט פֶֿערְשְׁלָאסֶען, אוּן דִיא שׁוֹמְרִים שְׁטֶעהֶען בֵּיי דִיא
טִירֶען, נוּר וֶוען מִיר הָאבֶּען אוֹיף גֶעעֶפֶֿענְט אִיז דָארְטֶען קֵיין
24 מֶענְשׁ נִיט גֶעוֶועזֶען. וֶוען דֶער כֹּהֵן אוּן דֶער עֶלְטְסְטֶער פָֿאן דֶעם
בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּן דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶעהֶערְט דִיזֶע
ווֶערְטֶער, זֶענֶען זֵיי דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט:
25 וָואס זָאל דָאס זֵיין? אוּן אֵיינֶער אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט זֵיי
דֶערְצֵיילְט אוּן גֶעזָאגְט: זֶעה, דִיא לֵייט, וָואס אִיהר הָאט אֵיין
גֶעזֶעצְט אִין גֶעפֵֿיינְגֶענֶעם, שְׁטֶעהֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּן לֶעהְרֶענֶען
26 דָאס פָֿאלְק. אוּן דֶער עֶלְטְסְטֶער מִיט זֵיינֶע מְשָׁרְתִים אִיז אַהִין
גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט זֵיי גֶענוּמֶען, אָבֶּער נִיט מִיט גֶעוַואלְד, דֶען זֵיי
הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פַֿאר דֶעם פָֿאלְק, זֵיי זָאלֶען זֵיי נִיט פַֿארְשְׁטֵיינֶען.
27 אוּן מֶען הָאט זֵיי גֶעבְּרַאכְט אוּן גֶעשְׁטֶעלְט פַֿאר דִיא סַנְהֶדְרִין אוּן
28 דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט זֵיי גֶעפְֿרֶעגְט: הָאבֶּען מִיר דֶען אַייךְ נִיט

בַּאפוֹילֶען דָאס אִיהר זָאלְט נִיט לֶעהרְנֶען] אִין דִיזֶען נָאמֶען, אוּן
נוּן, הָאט אִיהר יְרוּשָׁלַיִם פוּל גֶעמַאכְט מִיט אֵייעֶר תּוֹרָה, אוּן
29 ווִילְט אוֹיף אוּנְז בְּרֵיינְגֶען דָאס בְּלוּט פָאן דֶעם מַאן. אוּן פֶּטֶר
אוּן דִיא שְׁלִיחִים הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: מוּזֶען מִיר דֶען
30 נִיט מֶעהר גָאטְט הֶערֶען ווִיא מֶענְשֶׁען? דֶער גָאטְט פָאן אוּנְזֶערֶע
אָבוֹת הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט יֵשׁוּעַ'ן, ווֶעלְכֶען אִיהר הָאט גֶעהַרְג'עט
31 אוּן אִיהם אוֹיף אֵיין הָאלְץ גֶעהַאנְגֶען. דֶעם הָאט גָאטְט ווִיא אֵיין
פִיהרֶער אוּן דֶערְלֵייזֶער צוּ זֵיין רֶעכְטֶער הַאנְד דֶערְהוֹיבֶּען, צוּ
32 גֶעבֶּען דִיא יִשְׂרָאֵל תְּשׁוּבָה אוּן מְחִילָה אוֹיף דִיא זִינְד. אוּן מִיר
זָענֶען זֵיינֶע עֵדוּת אוֹיף דִיזֶע זַאכֶען, אוּן אַזוֹי אוֹיךְ דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ,
ווֶעלְכֶען גָאטְט הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא ווָאס גֶעהָארְכֶען אִיהם.
33 ווֶען זֵיי הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, זָענֶען זֵיי צָארְנִיג גֶעוָוארֶען, אוּן
34 הָאבֶּען בֶּעשְׁלָאסֶען זֵיי צוּ הַרְג'נֶען. אָבֶּער אֵיין פָּרוּשׁ פָאן דִיא
סַנְהֶדְרִין אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, גַמְלִיאֵל אִיז גֶעוֶועזֶען זֵיין נָאמֶען, עֶר
אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין לֶעהרֶער פָאן דֶער תּוֹרָה, דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט
אִיהם טֵייעֶר גֶעהַאלְטֶען, עֶר הָאט בַּאפוֹילֶען דָאס מֶען זָאל דִיא
35 שְׁלִיחִים אוֹיף אֵיין קְלֵיינֶער צַייט אַרוֹיס פִירֶען. אוּן עֶר הָאט צוּ
זֵיי גֶעזָאגְט: אִיהר מֶענֶער פָאן יִשְׂרָאֵל! נֶעהמְט אֵייךְ אִין אַכְט
36 ווָאס אִיהר ווִילְט מִיט דִיזֶע מֶענְשֶׁען טָאן. דֶען פָאר דִיזֶע צַייט
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען תּוֹדָס, אוּן הָאט זִיךְ גְרוֹיס גֶעמַאכְט, אוּן אֵיין
צָאהל פָאן אֵיין עֶרֶךְ פִירְהוּנְדֶערְט מֶענְשֶׁען זֵיינֶען צוּ אִיהם
צוּגֶעשְׁטַאנֶען, אָבֶּער עֶר אִיז גֶעהַרְג'עט גֶעוָוארֶען, אוּן אַלֶע ווֶעלְכֶע
הָאבֶּען מִיט אִיהם גֶעהַאלְטֶען זֵיינֶען צוּשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען אוּן
37 אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען. נָאךְ דֶעם אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען יְהוּדָה פָאן גָלִיל
אִין דֶער צַייט פָאן דֶער פַארְשְׁרֵייבּוּנְג אוּן הָאט פַאר פִירְט פִיל פָאלְק,
נוּר עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעהַרְג'עט גֶעוָוארֶען, אוּן אַלֶע ווָאס הָאבֶּען מִיט
38 אִיהם גֶעהַאלְטֶען זָענֶען צוּ שְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען. אוּן יֶעצְט, זָאג אִיךְ
אֵייךְ: לָאזְט אָבּ פָאן דִיזֶע מֶענְשֶׁען, אוּן לָאזְט זֵיי גֶעהְן, דֶען אוֹיבּ
דֶער פְּלַאן, אָדֶער דָאס ווֶערְק אִיז פָאן מֶענְשֶׁען אַזוֹי ווֶעט עֶס
39 בָּטֵל ווֶערֶען. אִיז עֶס אָבֶּער פָאן גָאטְט, אַזוֹי ווֶעט אִיהר עֶס נִיט
קֶענֶען מְבַטֵּל זֵיין; כְּדֵי אִיהר זָאלְט נִיט ווִיא גָאטְטֶעס פֵיינְד
40 גֶעפִינֶען ווֶערֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעהֶערְט. אוּן הָאבֶּען

גֶערוּפֶען דִיא שְׁלִיחִים אוּן הָאבֶּען זֵיי גֶעשְׁלָאגֶען מִיט רִיטֶער, אוּן
הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעזָאגְט, דָאס זֵיי זָאלֶען נִיט רֶעדֶען אִין דֶעם נָאמֶען
41 פָאן יֵשׁוּעַ, אוּן הָאבֶּען זֵיי פְרֵיי גֶעלָאזֶען. אוּן זֵיי זֶענֶען אַרוֹיס
גֶעגַאנְגֶען פְרֵיילַאךְ פָאן דִיא סַנְהֶדְרִין, ווייל זֵיי זַיינֶען ווֶערְט
42 גֶעוֶועזֶען שַׁאנְדֶע צוּ לֵיידֶען פַאר זַיין נָאמֶען. אוּן הָאבֶּען נִיט
אוֹיפְגֶעהֶערְט אַלֶע טָאג צוּ לֶערְנֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּן אִין דִיא
הַייזֶער, אוּן צוּ פְרֶעדִיגֶען דִיא בְּשׂוֹרָה פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ.

ו אִין יֶענֶע צַייטֶען ווען דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען פַארְמֶעהְרְט
גֶעוָוארֶען, זַיינֶען דִיא גְרִיכֶען אוּנְצוּפְרִידֶען גֶעוֶועזֶען מִיט דִיא
אִידֶען, ווייל זֵיי הָאבֶּען נִיט אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אוֹיף זֵייעֶרֶע אַלְמָנוֹת,
2 אוּן הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעגֶעבֶּען אַלֶע טָאג זֵייעֶר בַּאדֶערְפֶענִיס. אוּן
דִיא צְווֶעלְף הָאבֶּען צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען פִיל תַּלְמִידִים אוּן הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: עֶס אִיז נִיט רֶעכְט, דָאס מִיר זָאלֶען פֶערְלָאזֶען גָאטְטֶעס
3 וָוארְט אוּן פַארְנֶעהְמֶען זִיךְ מִיט שְׁפֵּייזוּנְג. דֶערִיבֶּער, בְּרִידֶער,
זוּכְט אוֹיס פָאן אַייךְ זִיבֶּען בַּאגְלַייבְּטֶע מֶענֶער, ווֶעלְכֶע זַיינֶען פוֹל
מִיט דֶעם רוּחַ הַקֹדֶשׁ אוּן מִיט חָכְמָה, ווֶעלְכֶע מִיר ווֶעלֶען
4 שְׁטֶעלֶען אִיבֶּער דִיזֶען דִינְסְט. אוּן מִיר ווֶעלֶען שְׁטֶענְדִיג זִיךְ
5 עוֹסֵק זַיין אִין תְּפִלָה אוּן עֲבוֹדָה פָאן דֶעם וָוארְט. אוּן דָאס וָוארְט
אִיז גֶעפֶעלֶען גֶעוָוארֶען דִיא גַאנְצֶע פַארְזַאמְלוּנְג, אוּן זֵיי הָאבֶּען
אוֹיסדֶערְווֶעהְלְט דֶעם אִסְטְפָנוֹס, אַיין מַאן פוֹל מִיט אֱמוּנָה אוּן
רוּחַ הַקֹדֶשׁ, אוּן פִילִיפּוֹס אוּן פְּרוֹכוֹרוֹס אוּן נִיקָנוֹר אוּן טִימוֹן אוּן
6 פַּרְמְנָס אוּן נִיקְלָס אַיין גֵר פָאן אַנְטְיוֹכְיָא. דִיזֶע הָאט מֶען
פָארְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר דִיא שְׁלִיחִים, אוּן זֵיי הָאבֶּען מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען
7 אוּן הָאבֶּען אוֹיף זֵיי זֵייעֶרֶע הֶענְד אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט. אוּן דָאס וָוארְט
פָאן גָאטְט הָאט זִיךְ פַארְגְרֶעסֶערְט, אוּן דֶער צָאל פָאן דִיא
תַּלְמִידִים אִין יְרוּשָׁלַיִם אִיז זֶעהר גְרוֹיס גֶעוָוארֶען, אוּן אוֹיךְ פִילֶע
8 פָאן דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען דִיזֶען גְלוֹיבֶּען גֶעהָארְכְט. אוּן נוּן, אִסְטְפָנוֹס,
וָואס אִיז פוֹל גֶעוֶוען מִיט אֱמוּנָה אוּן גְבוּרָה, הָאט גֶעטָאן גְרוֹיסֶע
9 וואוּנְדֶער אוּן צֵייכֶען צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק. מֶעהֶער פָאן דֶער
שׁוּל, וָואס מֶען הָאט זֵיא גֶערוּפֶען דִיא שׁוּל פָאן דִיא לִיבַּארְטִינִים,
אוּן קוּרִינִים אוּן אַלֶכְּסַנְדְרִיִים אוּן פָאן דִיא קִילִיקִיֶער אוּן אַסְיָא,
זֶענֶען אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאבֶּען וִכּוּחִים גֶעהַאט מִיט אִסְטְפָנוֹס.

10 אוּן זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט בֵּיישְׁטֶעהְן גֶעגֶען דֶער חָכְמָה אוּן דֶעם
11 גֵייסְט, וֶועלְכֶער עֶס הָאט אִין אִיהְם גֶערֶעט. הָאבֶּען זֵיי אוּנְטֶערְ־
גֶעקוֹיפְט מֶענְשֶׁען, דָאס זֵיי זָאלֶען עֵדוּת זָאגֶען: מִיר הָאבֶּען
גֶעהֶערְט אִיהְם רֶעדֶען לֶעסְטֶערִיגֶע וֶוערְטֶער אוֹיף משֶׁהְ'ן אוּן
12 אוֹיף גָאטְט. אוּן הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶעצְט דָאס פָאלְק, דִיא זְקֵנִים
אוּן דִיא סוֹפְרִים, אוּן זֶענֶען אוֹיף אִיהְם אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן הָאבֶּען
13 אִיהְם גֶעחַאפְּט אוּן גֶעבְּרַאכְט פַאר דִיא סַנְהֶדְרִין. אוּן הָאבֶּען
גֶעשְׁטֶעלְט פַאלְשֶׁע עֵדוּת, וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דֶער מֶענְשׁ
הֶערְט נִיט אוֹיף צוּ רֶעדֶען לֶעסְטֶערוּנְג גֶעגֶען דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט
14 אוּן גֶעגֶען דֶער תּוֹרָה. דֶען מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט זָאגֶען:
דֶער יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי וֶועט צוּ וַוארְפֶען דֶעם אָרְט, אוּן וֶועט פַארֶענְדֶערְן
15 דִיא גֶעזֶעצֶע, וָואס משֶׁה הָאט אוּנְז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען. אוּן אַלֶע
וָואס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין דִיא סַנְהֶדְרִין הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶעקוּקְט,
אוּן הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זֵיין פָּנִים וִויא דֶער פָּנִים פָאן אֵיין מַלְאָךְ
פָאן גָאטְט.

ז אוּן דֶער כֹּהֵן גָּדוֹל הָאט גֶעזָאגְט: אִיז דָאס אֱמֶת, וָואס זֵיי
2 הָאבֶּען גֶעזָאגְט? אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: מֶענֶער,
בְּרִידֶער אוּן פָאטֶערְס! הֶערְט: דֶער הֶערְלִיכֶע גָאטְט הָאט זִיךְ
בַּאוִויזֶען צוּ אַבְרָהָם אָבִינוּ, וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אֲרַם־נַהֲרַיִם,
3 אֵיידֶער עֶר הָאט זִיךְ בַּאזֶעצְט אִין חָרָן. אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט: גֶעה אַרוֹיס פָאן דֵיין לַאנְד, דֵיין גֶעבּוּרְטְס אָרְט, אוּן
4 קוּם צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ וֶועל דִיר וֵוייזֶען. אוּן עֶר אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם לַאנְד כַּשְׂדִים אוּן הָאט זִיךְ בַּאזֶעצְט
אִין חָרָן, אוּן נָאךְ זֵיין פָאטֶערְס טוֹיט הָאט עֶר אִיהְם פָאן דָארְט
5 אִיבֶּער גֶעפִיהְרְט צוּ דִיזֶעם לַאנְד וָואס אִיהְר וֵויינְט יֶעצְט. אוּן
עֶר הָאט אִיהְם דֶערִינֶען נִיט גֶעגֶעבֶּען קֵיין עֶרְבֶּע, אֲפִילוּ קֵיין
טְרִיט פָאן אֵיין פוּס, נוּר עֶר הָאט אִיהְם פֶערְשְׁפְּרָאכֶען צוּ גֶעבֶּען
פַאר אֵיין בֶּעזִיץ אִיהְם אוּן צוּ זֵיין זַאמֶען נָאךְ אִיהְם, וֶוען עֶר
6 הָאט נָאךְ קֵיין קִינְד נִיט גֶעהַאט. אוּן גָאטְט הָאט אִיהְם גֶעזָאגְט:
דָאס זֵיין זַאמֶען וֶועט אֵיין גֵר זֵיין אִין אֵיין פְרֶעמְדֶעס לַאנְד, אוּן
מֶען וֶועט זֵיי מַאכֶען פַאר קְנֶעכְט, אוּן מֶען וֶועט זֵיי פְּלָאגֶען פִיר
7 הוּנְדֶערְט יָאהְר. אוּן אוֹיךְ דָאס פָאלְק, וֶועלְכֶען זֵיי וֶועלֶען דִינֶען

ווֶעל אִיךְ זַיי מִשְׁפָּט׳ן, הָאט גָאטט גֶעזָאגְט, אוּן נָאךְ דֶעם ווֶעלֶען
8 זַיי אַרוֹיס גֶעהְן, אוּן ווֶעלֶען מִיךְ דִינֶען אִין דִיזֶען אָרְט. אוּן עֶר
הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען דֶעם בְּרִית הַמִילָה, אוּן נָאךְ דֶעם הָאט עֶר
גֶעבָּארֶען יִצְחָק׳ן אוּן הָאט אִיהם מַל גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם אַכְטֶען טָאג,
אוּן יִצְחָק הָאט גֶעבָּארֶען יַעֲקֹב׳ן אוּן יַעֲקֹב הָאט גֶעבָּארֶען דִיא
9 צְווֶעלְף פַּאטְרִיאַרְכֶען (רָאשֵׁי הָאָבוֹת). אוּן דִיא פַּאטְרִיאַרְכֶען
הָאבֶּען מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען יוֹסֵף׳ן, אוּן הָאבֶּען אִיהם פַּארְקוֹיפְט קֵיין
10 מִצְרַיִם, אוּן גָאטְט אִיז מִיט אִיהם גֶעוֶועזֶען. אוּן הָאט אִיהם מַצִיל
גֶעוֶועזֶען פָאן אַלֶע זַיינֶע צָרוֹת אוּן הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען חֵן אוּן
חָכְמָה פַאר פַּרְעֹה דֶעם מֶלֶךְ פָאן מִצְרַיִם, אוּן עֶר הָאט אִיהם
גֶעמַאכְט פַאר אֵיין גֶעווֶעלְטִיגֶער אִיבֶּער מִצְרַיִם אוּן אִיבֶּער זַיין
11 גַאנְצֶעס הוֹיז. אוּן עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין הוּנְגֶער אִיבֶּער דָאס
גַאנְצֶע לַאנְד מִצְרַיִם אוּן כְּנַעַן, אוּן אֵיין גְרוֹיסֶע צָרָה, אוּן אוּנְזֶערֶע
12 אָבוֹת הָאבֶּען קֵיין שְׁפֵּייז נִיט גֶעפוּנֶען. אוּן ווֶען יַעֲקֹב הָאט
גֶעהֶערְט דָאס עֶס אִיז דָא תְּבוּאָה אִין מִצְרַיִם, הָאט עֶר אַהִין
13 גֶעשִׁיקְט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל. אוּן אִין דֶעם
צְווֵייטֶען מָאל הָאט זִיךְ יוֹסֵף גֶעלָאזְט דֶערְקֶענֶען צוּ זַיינֶע בְּרִידֶער
14 אוּן יוֹסֵף׳ס מִשְׁפָּחָה אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט פַּרְעֹה. אוּן
יוֹסֵף הָאט גֶעשִׁיקְט אוּן גֶערוּפֶען יַעֲקֹב זַיין פָאטֶער אוּן זַיין גַאנְצֶע
15 פַאמִילְיֶע פָאן פִינְף אוּן זִיבֶּעצִיג נְפָשׁוֹת. יַעֲקֹב אִיז אַרָאב
גֶעקוּמֶען קֵיין מִצְרַיִם, אוּן עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּן אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע
16 אָבוֹת. אוּן זַיי זַיינֶען אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען גֶעוָוארֶען קֵיין שְׁכֶם, אוּן
גֶעלֵייגְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם קֶבֶר, וָואס אַבְרָהָם הָאט גֶעקוֹיפְט
פַאר זַיין גֶעלְד פָאן דִיא קִינְדֶער פָאן חֲמוֹר דֶער פָאטֶער פָאן
17 שְׁכֶם. אוּן ווֶען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען נָאהֶענְט דִיא צֵייט פָאן דֶער
הַבְטָחָה, וָואס גָאטְט הָאט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ אַבְרָהָם׳ן, אַזוֹי הָאט
18 דָאס פָאלְק גֶעוַואקְסֶען אוּן זִיךְ גֶעמֶעהְרְט אִין מִצְרַיִם. בִּיז עֶס
אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען אֵיין אַנְדֶער מֶלֶךְ, ווֶעלְכֶער הָאט יוֹסֵף׳ן נִיט
19 גֶעוואוּסְט. אוּן דִיזֶער הָאט רַמָאוֹת גֶעמַאכְט גֶעגֶען אוּנְזֶער דוֹר
אוּן הָאט שְׁלֶעכְטְס גֶעטָאן צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, אוּן הָאט בַּאפוֹילֶען
אַרוֹיס צוּ וַוארְפֶען זֵייעֶרֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער, זַיי נִיט לָאזֶען לֶעבֶּען.
20 אִין יֶענֶער צֵייט אִיז מֹשֶׁה גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען, אוּן עֶר אִיז גָאטְט

גֶעפֶּעלֶען גֶעוָוארֶען, דְרַייא חֳדָשִׁים אִיז עֶר אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען גֶעוָוארֶען
21 אִין זַיין פָּאטֶערְס הױז. אוּן װֶען עֶר אִיז אַרױס גֶעוָוארְפֶען
גֶעוָוארֶען, הָאט אִיהם פַּרְעה'ס טָאכְטֶער אַרַיין גֶענוּמֶען, אוּן הָאט
22 אִיהם דֶערְצױגֶען זִיךְ פַאר אַיין זָאהן. מֹשֶׁה אִיז גֶעלֶעהְרֶענְט
גֶעוָוארֶען אִין אַלֶע חָכְמוֹת פָאן מִצְרַיִם; אוּן אִיז גֶעוֶוען שְׁטַארְק
23 אִין וָוארְט אוּן אִין װֶערְק. אוּן װֶען עֶר אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען
פֶערְצִיג יָאהר, אִיז אִיהם אִין זִינֶען גֶעקוּמֶען צוּ גֶעהְן בֶּעזוּכֶען
24 זַיינֶע בְּרִידֶער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל. עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען װִיא
אַיינֶער אִיז שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר אִיהם
גֶעהָאלְפֶען, אוּן הָאט זִיךְ נוֹקֵם גֶעוֶוען פַאר דֶעם גֶעשְׁלָאגֶענֶעם,
25 אוּן הָאט דֶערְשְׁלָאגֶען דֶעם מִצְרִי. אוּן עֶר הָאט בַּיי זִיךְ גֶעדַאכְט,
דָאס זַיינֶע בְּרִידֶער װֶעלֶען פַארְשְׁטֶעהן, דָאס גָאטְט װֶעט זַיי
26 הֶעלְפֶען דוּרְךְ אִיהם. אָבֶּער זַיי הָאבֶּען נִיט פַארְשְׁטַאנֶען. אוּן
װֶען עֶר הָאט זִיךְ צוּ זַיי בַּאװִיזֶען אִין דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג, אוּן זַיי
הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְרִיגְט, הָאט עֶר גֶעוָואלְט צְווִישֶׁען זַיי שָׁלוֹם
מַאכֶען, אוּן גֶעזָאגְט: אִיהר זֶענְט דָאךְ בְּרִידֶער, וָוארוּם טְהוּט
27 אִיהר אוּנְרֶעכְט אַיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען? דֶער אָבֶּער, וָואס הָאט
אוּנְרֶעכְט גֶעטָאן צוּ זַיין חַבֵר, הָאט אִיהם אַװֶעקְגֶעשְׁטוֹיסֶען אוּן
גֶעזָאגְט: װֶער הָאט דִיר גֶעמַאכְט פַאר אַיין הֶערְר אוּן אַיין
28 רִיכְטֶער אִיבֶּער אוּנְז? דוּא װִילְסְט אֶפְשַׁר מִיךְ צוּ הַרְג'נֶען, װִיא
29 דוּא הָאסְט נֶעכְטֶען דֶעם מִצְרִי גֶעהַרְג'עט? אוּן פַאר דֶעם וָוארְט
אִיז מֹשֶׁה אַנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען, אוּן עֶר אִיז גֶעוָוארֶען אַיין גֵר
אִין דֶעם לַאנְד מִדְיָן, אוּן דָארְט הָאט עֶר גֶעבָּארֶען צְוַויי זָאנֶע.
30 אִין פֶערְצִיג יָאהר שְׁפֶּעטֶער הָאט זִיךְ צוּ אִיהם בַּאװִיזֶען אַיין
מַלְאָךְ פָאן גָאטְט אִין דֶער מִדְבָּר, אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי אִין
31 אַיין פְלַאם פַייעֶר אִין סְנֶה (דָארֶען בּוֹים). אוּן מֹשֶׁה הָאט
גֶעזֶעהֶען, אוּן הָאט זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט אוֹיף דֶער עֶרְשַׁיינוּנְג, אוּן
װֶען עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען זֶעהֶען אִיז גָאטְטֶעס קוֹל צוּ אִיהם
32 גֶעוֶועזֶען: אִיךְ בִּין דֶער גָאטְט פָאן דַיינֶע אָבוֹת, דֶער גָאטְט פָאן
אַבְרָהָם, דֶער גָאטְט פָאן יִצְחָק, אוּן דֶער גָאטְט פָאן יַעֲקֹב.
מֹשֶׁה אִיז צוּ צִיטֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט מוֹרָא גֶעהַאט צוּ
33 קוּקֶען. אוּן גָאטְט הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: צִיהֶע אַרָאבּ דַיינֶע

שִׁיךְ פֿאָן דַיינֶע פִֿים, דֶען דֶער אָרְט, אוֹיף וֶועלְכֶען דוּא שְׁטֶעהְסְט,
34 אִיז אַיין הַיילִיגֶעס לַאנְד. אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא לֵיידֶען פָֿאן
מַיין פָֿאלְק וָואס אִין מִצְרַיִם, אוּן זַייעֶר גֶעשְׁרַיי הָאבּ אִיךְ
גֶעהֶערְט; אוּן אִיךְ בִּין אַרָאבּ גֶעקוּמֶען זֵיי מַצִיל צוּ זַיין. אוּן
35 יֶעצְט, גֶעה, אוּן אִיךְ וֶועל דִיךְ שִׁיקֶען קַיין מִצְרַיִם. דִיזֶער מֹשֶׁה
וָואס זֵיי הָאבֶּען זִיךְ פָֿאן אִיהם אָבְּגֶעלַייקֶענְט, אוּן גֶעזָאגְט: וֶוער
הָאט דִיךְ גֶעמַאכְט פַֿאר אַיין הֶערְר אוּן רִיכְטֶער, אִיהם הָאט
גָאטְט גֶעשִׁיקְט פַֿאר אַיין הֶערְר אוּן אַיין אוֹיסְלַייזֶער, דוּרְךְ דֶעם
36 מַלְאָךְ וָואס הָאט זִיךְ צוּ אִיהם בַּאוִויזֶען אִין סְנֶה. עֶר הָאט זֵיי
אַרוֹיס גֶעפִֿיהְרְט, אוּן הָאט גֶעטָאן וואוּנְדֶער אוּן צַייכֶען אִין דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם אוּן בֵּיים יַם סוּף, אוּן אִין דֶער מִדְבָּר פֶֿערְצִיג
37 יָאהר. דִיזֶער מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: אַיין
נָבִיא פָֿאן אַייעֶרֶע בְּרִידֶער, וִויא אִיךְ, וֶועט אַייךְ גָאטְט אַייעֶר
38 גָאטְט אוֹיפְשְׁטֶעלֶען, אִיהם זָאלְט אִיהר גֶעהָארְכֶען. דִיזֶער אִיז
עֶס, וָואס עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער גֶעמַיינְדֶע אִין דֶער מִדְבָּר,
מִיט דֶעם מַלְאָךְ, וָואס הָאט גֶערֶעט צוּ אִיהם אוֹיף דֶעם בַּארְג
סִינַי, אוּן מִיט אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען, אוּן וֶועלְכֶער הָאט מְקַבֵּל
39 גֶעוֶועזֶען לֶעבֶּענְדִיגֶע וֶוערְטֶער עֶר זָאל זֵיי אוּנְז גֶעבֶּען. דִיזֶער אִיז
עֶס, וֶועלְכֶען אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען אִיהם נִיט גֶעוָואלְט
הֶערֶען, נוּר זֵיי הָאבֶּען אִיהם פַֿארְשְׁטוֹיסֶען, אוּן זַייעֶר הַארְץ אִיז
40 גֶענַייגְט גֶעוֶועזֶען קַיין מִצְרַיִם. אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן: מַאךְ
אוּנְז גֶעטְטֶער, וֶועלְכֶע זָאלֶען פַֿאר אוּנְז גֶעהֶן, דֶען דִיזֶער מֹשֶׁה,
וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט פָֿאן לַאנְד מִצְרַיִם, וַוייסֶען
41 מִיר נִיט וָואס עֶס אִיז אִיהם גֶעשֶׁעהֶען. אוּן הָאבֶּען אִין דִיזֶע
טֶעג גֶעמַאכְט דֶעם עֵגֶל, אוּן הָאבֶּען קָרְבָּנוֹת גֶעשֶׁעכְט צוּם
גֶעטְצֶען אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְֿרַייט מִיט דִיא וֶוערְק פָֿאן זַייעֶרֶע
42 הֶענְד. אוּן גָאטְט הָאט זִיךְ פָֿאן זֵיי אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט, אוּן הָאט זֵיי
גֶעגֶעבֶּען צוּ דִינֶען דִיא הִימֶעלְשֶׁע הֶערְשַׁאפְֿט, וִויא עֶס אִיז
גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם סֵפֶר נְבִיאִים: אִיהר הוֹיז יִשְׂרָאֵל, הָאט
אִיהר דֶען צוּ מִיר גֶעבְּרַאכְט קָרְבָּנוֹת אוּן מְנָחוֹת אִין דֶער מִדְבָּר
43 פֶֿערְצִיג יָאהר? יַא, אִיהר הָאט גֶעטְרָאגֶען דֶעם צֶעלְט פָֿאן
מוֹלֶךְ, אוּן דֶעם שְׁטֶערֶען פָֿאן אַייעֶר גָאטְט רֶמְפַן, דִיא בִּילְדֶער,

וָועלכֶע אִיהר הָאט גֶעמַאכְט, צוּ בּוּקֶען זִיךְ צוּ זֵיי, אוּן אִיךְ
44 וֶועל אַייךְ פַארְטְרַייבֶּען וַוייטֶער פָאן בָּבֶל. אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען
אִין דֶער מִדְבָּר הָאבֶּען גֶעהַאט אַיין מִשְׁכָּן הָעֵדוּת, וִויא דֶער
וָואס הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה'ן הָאט אִיהם בַּאפוֹילֶען צוּ מַאכֶען
45 נָאךְ דֶער גֶעשְׁטַאלְט וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען. אוּנְזֶערֶע אָבוֹת
הָאבֶּען עֶס גֶענוּמֶען אוּן אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט מִיט זִיךְ, זֵיי אוּן יְהוֹשֻׁעַ,
אִין דֶער עֶרְבְּשַׁאפְט פָאן דִיא גוֹיִם, וֶועלְכֶע גָאטְט הָאט
פַארְטְרִיבֶּען פַאר אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶן, בִּיז אִין דֶער צַייט פָאן דָוִד.
46 וָואס עֶר הָאט גֶעפוּנֶען גְנַאדֶע אִין גָאטְטֶעס אוֹיגֶען, אוּן הָאט
גֶעבֶּעטֶען, עֶר זָאל גֶעפִינֶען וַויינוּנְגֶען פַאר דֶעם גָאטְט פָאן יַעֲקֹב.
47 48 אוּן שְׁלֹמֹה הָאט אִיהם אַיין הוֹיז גֶעבּוֹיט. אָבֶּער דֶער
אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וַויינְט נִיט אִין טֶעמְפֶּלֶען, וָואס זַיינֶען פָאן הֶענְד
49 גֶעמַאכְט, וִויא דֶער נָבִיא הָאט גֶעזָאגְט: דֶער הִימֶעל אִיז מַיין
שְׁטוּהל אוּן דִיא עֶרְד אִיז מַיין פוּסְבֶּענְקֶעל, וָואס פַאר אַיין הוֹיז
וֶועט אִיהר מִיר בּוֹיעֶן זָאגְט גָאטְט, אוּן וואוּ אִיז דֶער אָרְט פָאן
50 מַיין רוּהֶע? הָאט דֶען נִיט מַיין הַאנְד דָאס אַלְץ גֶעמַאכְט?
51 הַארְטְנַאקֶענְדִיגֶע אוּן אוּנְבֶּעשְׁנִיטֶענֶע הֶערְצֶער אוּן אוֹיעֶרֶען, אִיהר
זֶענְט תָּמִיד גֶעוֶועֶן גֶעגֶען דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, וִויא אַייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען,
52 אַזוֹי זֶענְט אִיהר אוֹיךְ. וֶועמֶען פָאן דִיא נְבִיאִים הָאבֶּען אַייעֶרֶע
עֶלְטֶערֶען נִיט גֶערוֹדֵפ'ט, אוּן זֵיי הָאבֶּען זֵיי גֶעטוֹיט דִיא, וֶועלְכֶע
הָאבֶּען פָארְאוֹיס אָנְגֶעזָאגְט דָאס קוּמֶען פָאן דֶעם צַדִּיק, וָואס
יֶעצְט זֶענְט אִיהר גֶעוָוארֶען זַיינֶע מוֹסְרִים אוּן זַיינֶע רוֹצְחִים.
53 אִיהר, וֶועלְכֶע הָאבֶּען דִיא תּוֹרָה מְקַבֵּל גֶעוֶועֶן דוּרְךְ דִיא
54 אָנְוַוייזוּנְג פָאן מַלְאָכִים, אוּן הָאבֶּען זִיא נִיט גֶעהַאלְטֶען. וֶוען
זֵיי הָאבֶּען דִיזֶעס גֶעהֶערְט, זֶענֶען זֵיי אִין זֵייעֶר הַארְצֶען צָארְנִיג
גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען אוֹיף אִיהם גֶעקְרִיצְט מִיט זֵייעֶרֶע צֵיינֶער.
55 עֶר אָבֶּער אִיז פוֹל גֶעוֶועֶן מִיט רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, אוּן הָאט גֶעקוּקְט
צוּם הִימֶעל אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פָאן גָאטְט,
56 אוּן יֵשׁוּעַ'ן שְׁטֶעהֶענְדִיג צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פָאן גָאטְט. אוּן
עֶר הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ זֶעה, נוּן, דֶעם הִימֶעל אָפֶען אוּן דֶעם בֶּן
57 הָאָדָם שְׁטֶעהֶענְדִיג צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פָאן גָאטְט. אוּן זֵיי
הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַיין הוֹיכֶען קוֹל, אוּן הָאבֶּען זִיךְ

פַארְשְׁטָאפְּט דִיא אוֹיעֶרֶען, אוּן זֵיינֶען אַלֶע צוּזַאמֶען אִיבֶּער אִיהם
אָנְגֶעפַאלֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם אַרוֹיסְגֶעשְׁטוֹיסֶען אוֹיסֶען 58
שְׁטָאדְט, אוּן הָאבֶּען אִיהם פַארְוָוארְפֶען מִיט שְׁטֵיינֶער. אוּן דִיא
עֵדוּת הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט פַאר דִיא פִּיס
פָאן אֵיין יוּנְגֶען מַאן, וָועלְכֶער הָאט גֶעהֵייסֶען שָׁאוּל. זֵיי הָאבֶּען 59
אִסְטְפָנוּס פַארְשְׁטֵיינִיגְט, אוּן עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען אוּן גֶעזָאגְט:
הֶערְר! יְשׁוּעַ! נֶעהם צוּ מֵיין גֵייסְט. אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעפַאלֶען 60
אוֹיף זֵיינֶע קְנִי הָאט עֶר גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל: הֶערְר!
דוּא זָאלְסְט זֵיי נִיט רֶעכֶענֶען דִיזֶע זִינְדֶע, אוּן נָאךְ דֶעם וִויא עֶר
הָאט דִיזֶע וֶוערְטֶער גֶעזָאגְט, אִיז עֶר אַנְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען.

שָׁאוּל'ן אָבֶּער אִיז גֶעפֶעלֶען גֶעוָוארֶען זֵיין הַרְג'נֶען, אִין יֶענֶעם ח
טָאג אִיז גֶעוֶוען אֵיין גְרוֹיסֶע רְדִיפָה אוֹיף דֶער קְהִלָה וָואס אִין
יְרוּשָׁלַיִם, אוּן אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ צוּשְׁפְּרֵייט אִין דִיא שְׁטֶעדְט פָאן
יְהוּדָה אוּן שֹׁמְרוֹן, אוֹיסֶער דִיא שְׁלִיחִים. אוּן פְרוּמֶע לֵייט הָאבֶּען 2
אַוֶועק גֶעטְרָאגֶען אִסְטְפָנוּס'ן, אוּן הָאבֶּען אִיהם מְקַבֵּר גֶעוֶוען, אוּן
הָאבֶּען אִיבֶּער אִיהם אֵיין גְרוֹיסֶען הֶסְפֵּד גֶעמַאכְט. אוּן שָׁאוּל 3
אָבֶּער הָאט צוּשְׁטֶערְט דִיא גֶעמֵיינְדֶע, אוּן אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין
דִיא הֵייזֶער, אוּן הָאט פָאן דָארְטֶען אַרוֹיס גֶעשְׁלֶעפְּט מֶענֶער אוּן
פְרוֹיעֶן, אוּן הָאט זֵיי אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין גֶעפֵיינְגֶענֶעם. אוּן דִיא 4
וָואס זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין לַאנְד אוּן
הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס וָוארְט. אוּן פִילִיפּוּס אִיז אַרָאבְּגֶעגַאנְגֶען 5
צוּ דֶער שְׁטָאדְט שֹׁמְרוֹן אוּן הָאט זֵיי גֶעפְּרֶעדִיגְט דֶעם מָשִׁיחַ.
אוּן אֵיין סַךְ פָאן דֶעם פָאלְק הָאבֶּען מִיט אֵיין הַארְץ זִיךְ צוּגֶעהֶערְט 6
צוּ פִילִיפּוּס'עס רֶעד, וֵוייל זֵיי הָאבֶּען גֶעהֶערְט אוּן גֶעזֶעהֶען דִיא
וואוּנְדֶער, וָועלְכֶע עֶר הָאט גֶעטָאן. וֵוייל אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער זֵיינֶען 7
שְׁרֵייעֶנְדִיג מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל פָאן פִילֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן
פִילֶע מִיט אָבְּגֶענוּמֶענֶע גְלִידֶער אוּן הִינְקֶענְדִיגֶע זֵיינֶען אוֹיסְגֶעהֵיילְט
גֶעוָוארֶען. אוּן אִין דֶער שְׁטָאדְט אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין גְרוֹיסֶע 8
שִׂמְחָה. אוּן אֵיין מַאן מִיט דֶעם נָאמֶען שִׁמְעוֹן אִיז פָאן לַאנְג אָן 9
אִין שְׁטָאדְט גֶעוֶוען אֵיין כִּשּׁוּף מַאכֶער, אוּן הָאט דֶעם פָאלְק פָאן
שֹׁמְרוֹן פַארְפִיהְרְט, אוּן הָאט גֶעזָאגְט אוֹיף זִיךְ, דָאס עֶר אִיז אֵיין
גְרוֹיסֶער מַאן. אוּן פָאן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס פְלֶעגֶען אִיהם צוּ הֶערֶען 10

11 אוּן זָאגֶען: דֶער אִיז גָאטְטֶעס גְרױסֶע גְבוּרָה. זֵיי הָאבֶּען אִיהם צוּ
גֶעהֶערְט, װײל עֶר הָאט זֵיי פַארְפִיהְרְט פִיל צֵייט דוּרְך זֵיין כִּשׁוּף.
12 אוּן װֶען זֵיי הָאבֶּען גֶעגְלױבְּט פִּילִיפּוּס׳ן, װֶעלְכֶער הָאט זֵיי
גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים אִין דֶעם נָאמֶען פָאן יְשׁוּעַ
13 הַמָּשִׁיחַ הָאבֶּען זִיך מֶענֶער אוּן פְרױעֶן גֶעטוֹבֵל׳ט. אוּן שִׁמְעוֹן
הָאט אױך גֶעגְלױבְּט, אוּן הָאט זִיך גֶעטוֹבֵל׳ט. אוּן װֶען עֶר אִיז
גֶעװֶעזֶען בֵּיי פִּילִיפּוּס׳ן אוּן עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא צֵייכֶען אוּן דִיא
גְרױסֶע װאוּנְדֶער, װָאס זֶענֶען גֶעשֶׁעהֶען, הָאט עֶר זִיך גֶעװאוּנְדֶערְט.
14 אוּן דִיא שְׁלִיחִים, װָאס זֶענֶען גֶעװֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען
גֶעהֶערְט, דָאס שֹׁמְרוֹן הָאט אָנְגֶענוּמֶען גָאטְטֶעס װָארְט, הָאבֶּען
15 זֵיי צוּ זֵיי גֶעשִׁיקְט פֶּטֶר׳ן אוּן יוֹחָנָן. זֵיי זֶענֶען אַהִין אַרָאב גֶענַאנְגֶען
אוּן הָאבֶּען פַאר זֵיי מִתְפַּלֵל גֶעװֶען, דָאס זֵיי זָאלֶען מְקַבֵּל זֵיין
16 דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ. דֶען דֶער רוּחַ אִיז נָאך בִּיז יֶעצְט אוֹיף קֵיינֶעם
נִיט גֶעקוּמֶען. זֵיי זֵיינֶען נוּר גֶעטוֹבֵל׳ט גֶעװָארֶען אִין דֶעם נָאמֶען
17 פָאן דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ. אוּן זֵיי הָאבֶּען אוֹיף זֵיי זֵייעֶרֶע הֶענְד
אַרוֹיף גֶעלֵייגְט, אוּן זֵיי הָאבֶּען מְקַבֵּל גֶעװֶען דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ.
18 אוּן װֶען שִׁמְעוֹן הָאט דֶערְזֶעהֶען, דָאס דוּרְך דִיא הֶענְד אַרוֹיפְ־
לֵייגוּנְג פָאן דִיא שְׁלִיחִים אִיז דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ זֵיי גֶעגֶעבֶּען
19 גֶעװָארֶען, הָאט עֶר זֵיי גֶעלְד גֶעבְּרַאכְט. אוּן הָאט גֶעזָאגְט: גִיט
מִיר אוֹיך דִיזֶע מַאכְט, דָאס אוֹיף װֶעמֶען אִיך װֶעל אַרוֹיף לֵייגֶען
20 מֵיינֶע הֶענְד זָאל עֶר מְקַבֵּל זֵיין דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ. אוּן פֶּטֶר הָאט
אִיהם גֶעזָאגְט: דֵיין גֶעלְד זָאל מִיט דִיר פַארְלָארֶען װֶערֶען, װֵייל
דוּא הָאסְט גֶעדַאכְט, דִיא מַתָּנָה פָאן גָאטְט פַאר גֶעלְד צוּ קוֹיפֶען.
21 דוּא הָאסְט נִיט קֵיין טֵייל אוּן קֵיין גוֹרָל אִין דֶער זַאך, װֵייל דֵיין
22 הַארְץ אִיז נִיט רִיכְטִיג פַאר גָאטְט. אוּן יֶעצְט טְהוּ תְּשׁוּבָה פָאן
דִיזֶע דֵיינֶע בֶּעזְהֵייט, אוּן בֶּעט גָאטְט, טָאמֶער װֶעט עֶר דִיר
23 פַארְגֶעבֶּען דִיא גֶעדַאנְקֶען פָאן דֵיין הַארְצֶען. דֶען אִיך זֶעה דִיך
אִין בִּיטֶערְנֶעס פָאן גַאל, אוּן אִין דֶעם בּוּנְד פָאן אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט.
24 אוּן שִׁמְעוֹן הָאט זִיך אָבְגֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט: טְהוּט אִיהר תְּפִלָּה
צוּ גָאטְט פַאר מִיר, דָאס עֶס זָאל אוֹיף מִיר נִיט קוּמֶען קֵיין זַאך
25 פָאן דֶעם װָאס אִיהר הָאט גֶעזָאגְט. אוּן זֵיי נָאך דֶעם װִיא זֵיי
הָאבֶּען עֵדוּת גֶעזָאגְט אוּן גֶערֶעט גָאטְטֶעס װָארְט, הָאבֶּען זִיך

אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה
26 אִין פִיל שׁוֹמְרוֹנִישֶׁע דֶערְפֶער. אוּן אֵיין מַלְאָךְ פָאן גָאטְט,
הָאט גֶערֶעדט צוּ פִילִיפּוֹס'ן אוּן הָאט גֶעזָאגְט: שְׁטֶעה אוֹיף גֶעה
אִין דָרוֹם זַייט, אוֹיף דֶעם וִויסְטֶען וֶועג, וָואס גֶעהט אַרָאבּ פָאן
27 יְרוּשָׁלַיִם קֵיין עַזָה. אוּן עֶר אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען,
אוּן נוּן, אֵיין מַאן, פָאן כּוּשׁ, אֵיין סָרִיס, וָואס אִיז גֶעוֶוען אֵיין
גְרוֹיסֶער בַּיי דֶער קֶענִיגִין קַאנְדַאקֶע פָאן כּוּשׁ גֶעזֶעצְט אִיבֶּער
אַלֶע אִיהְרֶע אוֹצְרוֹת. אִיז אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם דָארְטֶען צוּ
28 בֶּעטֶען. אוּן וֶוען עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן אִיז גֶעזֶעסֶען
29 אִין זַיין וָואגֶען, הָאט עֶר גֶעלֶעזֶען אִין סֵפֶר יְשַׁעְיָה הַנָבִיא. אוּן
דֶער רוּחַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ פִילִיפּוֹס'ן: גֶעה צוּ אוּן בַּאהֶעפְט דִיךְ
30 צוּ דִיזֶען וָואגֶען. אוּן פִילִיפּוֹס אִיז צוּ אִיהם צוּגֶעלָאפֶען, אוּן הָאט
גֶעהֶערְט אִיהם לֶעזֶענְדִיג אִין סֵפֶר יְשַׁעְיָה הַנָבִיא, אוּן עֶר זָאגְט:
31 פֶערְשְׁטֶעהְסְט דוּא אוֹיךְ וָואס דוּא לֶעזְט? אוּן עֶר זָאגְט: וִויא
אַזוֹי קָאן אִיךְ, וֶוען קֵיינֶער לֶעהְרֶענְט מִיךְ נִיט; אוּן עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען
32 פָאן פִילִיפּוֹס'ן עֶר זָאל אַרוֹיפְגֶעהְן אוּן זִיךְ בַּיי אִיהם זֶעצֶען. דֶער
אָרְט פָאן דֶער שְׁרִיפְט, וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעלֶעזֶען אִיז גֶעוֶוען דָאס:
כְּשֶׂה לַטֶּבַח יוּבָל וּכְרָחֵל לִפְנֵי גוֹזְזֶיהָ נֶאֱלָמָה וְלֹא יִפְתַּח פִּיו.
33 בְּעֹצֶר מִשְׁפָּטוֹ לֻקָּח וְאֶת דּוֹרוֹ מִי יְשׂוֹחֵחַ, כִּי נִגְזְרוּ מֵאֶרֶץ חַיָּיו.
(וִויא אֵיין לַאם צוּ דֶער שְׁחִיטָה אִיז עֶר גֶעפִיהְרְט גֶעוָוארֶען, אוּן
וִויא אֵיין שָׁאף פָאר אִיהרֶע שֶׁערֶערְס שְׁוַויינְט, אַזוֹי הָאט עֶר נִיט
גֶעעֶפֶענְט זַיין מוֹיל. אִין זַיין נִידֶערִיקֵייט אִיז זַיין מִשְׁפָּט אַוֶועק
גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען, וֶוער קָאן בֶּעשְׁרַייבֶּען זַיין דוֹר, דֶען זַיין לֶעבֶּען
34 אִיז פָאן דֶער עֶרְד אַוֶועק גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען). אוּן דֶער סָרִיס
הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט צוּ פִילִיפּוֹס'ן: אִיךְ בֶּעט דִיךְ,
אוֹיף וֶועמֶען הָאט דֶער נָבִיא דָאס גֶעזָאגְט: אוֹיף זִיךְ אַלֵיין, אָדֶער
35 אוֹיף אֵיין אַנְדֶערֶען? אוּן פִילִיפּוֹס הָאט זַיין מוֹיל אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט
אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פָאן דִיזֶער שְׁרִיפְט אוּן הָאט אִיהם מְבַשֵּׂר
36 גֶעוֶוען יֵשׁוּעַ'ן. וֶוען זֵיי זַיינֶען אָבֶּער גֶעפָארֶען אוֹיף דֶעם וֶועג,
זֶענֶען זֵיי אָנְגֶעקוּמֶען צוּ אֵיין וַואסֶער אוּן דֶער סָרִיס הָאט גֶעזָאגְט:
דָא אִיז וַואסֶער, וָואס הַאלְט מִיךְ אָבּ פָאן גֶעטוֹבֶל'ט צוּ וֶוערֶען?
37 אוּן פִילִיפּוֹס הָאט גֶעזָאגְט: אוֹיבּ דוּא גְלוֹיבְּסְט מִיט דֶעם גַאנְצֶען

הַארְצֶען קָאנְסְט דוּא, אוּן עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ
38 גְלוֹיבּ: דָאס יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִיז דֶער בֶּן הָאֱלֹהִים. אוּן עֶר הָאט
גֶעהֵייסֶען אָבְּשְׁטֶעלֶען דֶעם וָואגֶען, אוּן זֵיי זֶענֶען בֵּיידֶע אַרָאבּ
גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם וַואסֶער, פִילִיפּוּס מִיט דֶעם סָרִיס, אוּן עֶר
39 הָאט אִיהם גֶעטוֹבֶלְ׳ט. אוּן וֶוען זֵיי זֵיינֶען אַרוֹיף גֶעקוּמֶען פָּאן
דֶעם וַואסֶער, הָאט דֶער גָאטְטֶעס גֵייסְט, אַוֶועק גֶענוּמֶען פִּילִיפּוּס׳ן
אוּן דֶער סָרִיס הָאט אִיהם שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעזֶעהֶען, עֶר אִיז
40 גֶעפָארֶען זֵיין וֶועג מִיט שִׂמְחָה. אוּן פִּילִיפּוּס הָאט זִיךְ אֵיינְגֶעפוּנֶען
אִין אַשְׁדוֹד, אוּן אִיז דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען אַלֶע שְׁטֶעדְט, אוּן הָאט
גֶעפְּרֶעדִיגְט, בִּיז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין קִסְרִין.

ט אוּן שָׁאוּל הָאט נָאךְ גֶעאָטֶעמְט פָּאן זִיךְ מִיט שְׁרֶעק אוּן
רְצִיחָה אוֹיף דִיא תַּלְמִידִים פָאן דֶעם הֶערְרְן, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען
2 צוּם כֹּהֵן גָדוֹל. אוּן הָאט פָּאן אִיהם גֶעבֶּעטֶען בְּרִיף קֵיין דַמֶשֶׂק
צוּ דִיא שׁוּלֶען, כְּדֵי עֶר זָאל בִּינְדֶען וֶועמֶען עֶר וֶועט גֶעפִינֶען,
וֶועלְכֶע דִיזֶע לֶעהְרֶע גְלוֹיבֶּען, מֶענֶער, אָדֶער פְרוֹיעֶן אוּן זֵיי
3 בְּרֵיינְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּן גֶקוּמֶען
נֶעהֶענְטֶער קֵיין דַמֶשֶׂק, נוּן פְּלוּצְלִינְג הָאט אַרוּם אִיהם גֶעשַׁיינְט
4 אֵיין לִיכְט פָאן דֶעם הִימֶעל. אוּן עֶר אִיז גֶעפַאלֶען צוּ
דֶער עֶרְד, אוּן הָאט גֶעהֶערְט אֵיין קוֹל רֶעדְט צוּ אִיהם: שָׁאוּל!
5 שָׁאוּל! וָוארוּם רוֹדֵפ׳סְט דוּא מִיךְ? אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט: וֶוער
בִּיסְט דוּא? מֵיין הֶערְר! אוּן דֶער הֶערְר הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין
יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶען דוּא רוֹדֵפ׳סְט. עֶס אִיז פַאר דִיר שְׁוֶוער צוּ
6 שְׁטוֹיסֶען אַנְטְקֶעגֶען דֶעם שְׁפִּיצִינֶען שְׁטֶעקֶען. אוּן עֶר הָאט
גֶעצִיטֶערְט אוּן אִיז גֶעוֶועזֶען דֶערְשְׁרָאקֶען, אוּן גֶעזָאגְט: הֶערְר!
וָואס ווִילְסְט דוּא, דָאס אִיךְ זָאל טָאן? אוּן דֶער הֶערְר הָאט
אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: שְׁטֶעה אוֹיף, גֶעה אִין שְׁטָאדְט אַרֵיין, אוּן עֶס
7 וֶועט דִיר גֶעזָאגְט וֶוערֶען, וָואס דוּא הָאסְט צוּ טָאן. דִיא מֶענְשֶׁען
וָואס זֶענֶען מִיט אִיהם גֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן אָן
שְׁפְּרַאכֶע, וֵוייל זֵיי הָאבֶּען גֶעהֶערְט אֵיין קוֹל, אוּן הָאבֶּען קֵיינֶעם
8 נִיט גֶעזֶעהֶען. אוּן שָׁאוּל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פָאן דֶער עֶרְד, אוּן
וֶוען עֶר הָאט גֶעעָפֶענְט זֵיינֶע אוֹיגֶען, הָאט עֶר גָאר נִיט גֶעזֶעהֶען:
אוּן מֶען הָאט אִיהם אָנְגֶענוּמֶען בֵּיי דֶער הַאנְד אוּן מֶען הָאט אִיהם

9 גֶעפִיהרְט קֵיין דַמֶשֶׂק. דְרֵיי טֶעג הָאט עֶר נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּן נִיט
10 גֶעגֶעסֶען, אוּן נִיט גֶעטְרוּנְקֶען. אוּן אִין דַמֶשֶׂק אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין
תַּלְמִיד, חֲנַנְיָה אִיז גֶעוֶועזֶען זַיין נָאמֶען, אוּן דֶער הֶערְר הָאט צוּ
אִיהם גֶעזָאגְט: אִין אֵיין חִזָיוֹן (עֶרְשֵׁיינוּנְג) חֲנַנְיָה! אוּן עֶר הָאט
11 גֶעזָאגְט: דָא בִּין אִיךְ הֶערְר. אוּן דֶער הֶערְר הָאט צוּ אִיהם
גֶעזָאגְט: שְׁטֶעה אוֹיף גֶעה אִין דֶער גַאס, וָואס מֶען רוּפְט גְלֵייכֶע,
אוּן פְרֶעג אִין יְהוּדָה'ס הוֹיז אוֹיף אֵיין מַאן פָאן תַּרְשִׁישׁ, וָואס זַיין
12 נָאמֶען אִיז שָׁאוּל. דֶען עֶר אִיז יֶעצְט מִתְפַּלֵל, אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען
אִין אֵיין זֶעהוּנְג, דָאס אֵיין מַאן, מִיט דֶעם נָאמֶען חֲנַנְיָה, קוּמְט צוּ
אִיהם אִין צִימֶער אוּן לֵייגְט זַיין הַאנְד אוֹיף אִיהם, כְּדֵי עֶר זָאל
13 זֶעהֶען. אוּן חֲנַנְיָה הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: הֶערְר! אִיךְ
הָאבּ גֶעהֶערְט פִילֶעם דֶערְצֵיילֶענְדִיג אוֹיף דֶעם מַאן, דָאס עֶר הָאט
14 פִילֶע רָעוֹת גֶעטָאן צוּ דֵיינֶע קְדוֹשִׁים אִין יְרוּשָׁלַיִם. אוֹיךְ דָא הָאט
עֶר אֵיין מַאכְט פָאן דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים צוּ בִּינְדֶען אַלֶעמֶען וָואס
15 רוּפֶען אִין דֵיין נָאמֶען. אוּן דֶער הֶערְר הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:
גֶעה, דֶען עֶר אִיז מֵיין אוֹיסְדֶערְוֶועלְטֶע כְּלִי צוּ טְרָאגֶען מֵיין נָאמֶען
16 פַאר דִיא גוֹיִם אוּן מְלָכִים אוּן פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל. דֶען
אִיךְ וֶועל אִיהם וֵוייזֶען וִויפִיל עֶר הָאט צוּ לֵיידֶען וֶועגֶען מֵיין נָאמֶען.
17 אוּן חֲנַנְיָה אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אִין הוֹיז אַרֵיין, אוּן הָאט
אוֹיף אִיהם זֵיינֶע הֶענְד אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט, אוּן הָאט גֶעזָאגְט: מֵיין
בְּרוּדֶער שָׁאוּל, דֶער הֶערְר יֵשׁוּעַ וָואס הָאט זִיךְ צוּ דִיר בַּאוִויזֶען
אוֹיף דֶעם וֶועג, וָואס דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען, הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, כְּדֵי
דוּא זָאלְסְט ווִידֶער זֶעהֶען, אוּן זָאלְסְט פוּל וֶוערֶען מִיט רוּחַ
18 הַקֹדֶשׁ. אוּן בַּאלְד אִיז פָאן זֵיינֶע אוֹיגֶען אַרָאבְּגֶעפַאלֶען גְלֵייךְ וִויא
שָׁאלֶעכְצֶען, אוּן פְּלוּצְלִינְג הָאט עֶר ווִידֶער גֶעזֶעהֶען. אוּן אִיז אוֹיף
19 גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט זִיךְ גֶעטוֹבֵל'ט. אוּן עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען אוּן אִיז
שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען. אוּן שָׁאוּל אִיז גֶעוֶועזֶען אֵינִיגֶע טֶעג מִיט דִיא
20 תַּלְמִידִים, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דַמֶשֶׂק. אוּן בַּאלְד הָאט עֶר
גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין דִיא שׁוּלֶען דֶעם מָשִׁיחַ אוּן גֶעזָאגְט: דָאס עֶר אִיז
21 דֶער בֶּן הָאֱלֹהִים. אַלֶע וָואס הָאבֶּען אִיהם גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זִיךְ
פַארְוואוּנְדֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיז עֶר דֶען נִיט דֶער, וָואס הָאט אִין
יְרוּשָׁלַיִם גֶערוֹדְפ'ט דִיא, וֶועלְכֶע הָאבֶּען אָנְגֶערוּפֶען דִיזֶען נָאמֶען

אוּן װֶוענֶען דֶעם אִיז עֶר אַהֶער גֶעקוּמֶען, צוּ בְּרֵיינְגֶען זַיי גֶעבּוּנְדֶען
22 צוּ דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים. אוּן שָׁאוּל הָאט זִיךְ מֶעהְרֶער אוּן מֶעהְרֶער
גֶעשְׁטַארְקְט, אוּן הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַיין מְהוּמָה צְווִישֶׁען דִיא אִידֶען
וָואס וְוֵיינֶען אִין דַמֶשֶׂק, אוּן הָאט זֵיי בַּאוִויזֶען דָאס דִיזֶער אִיז דֶער
23 מָשִׁיחַ. אוּן וֶוען עֶר הָאט דָארְטֶען פַארְבְּרַאכְט פִיל צֵייט,
הָאבֶּען דִיא אִידֶען צוּ זַאמֶען אַיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען אִיהם צוּ טוֹיטֶען.
24 נוּר שָׁאוּל אִיז גֶעוָואר גֶעוָוארֶען פָאן זֵייעֶר לוֹיעֶרוּנְג. אוּן זֵיי
הָאבֶּען טָאג אוּן נַאכְט גֶעהִיט בֵּיי דִיא טוֹיעֶרֶען כְּדֵי אִיהם צוּ
25 הַרְג'נֶען. אוּן דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהם גֶענוּמֶען אִין דֶער נַאכְט,
אוּן הָאבֶּען אִיהם אַרָאבְּגֶעלָאזֶען, אִין אַיין קָארְבּ אִיבֶּער דֶעם
26 מוֹיעֶר. אוּן וֶוען שָׁאוּל אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן הָאט
גֶעוָואלְט צוּ שְׁטֶעהְן צוּ דִיא תַּלְמִידִים, הָאבֶּען אַלֶע פַאר אִיהם
מוֹרָא גֶעהַאט, אוּן הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, דָאס עֶר אִיז אַיין תַּלְמִיד.
27 אוּן בַּר־נַבָּא הָאט אִיהם גֶענוּמֶען, אוּן הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט צוּ
דִיא שְׁלִיחִים, אוּן עֶר הָאט זֵיי דֶערְצֵיילְט דָאס עֶר הָאט אוֹיף
דֶעם וֶועג גֶעזֶעהֶען דֶעם הֶערְרְן אוּן דָאס עֶר הָאט צוּ אִיהם גֶערֶעט,
אוּן וִויא עֶר הָאט אִין דַמֶשֶׂק עֶפֶּענְטְלִיךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט דֶעם נָאמֶען
28 יֵשׁוּעַ. אוּן עֶר אִיז מִיט זֵיי גֶעוֶועזֶען, אַרוֹיס אוּן אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען, אִין
יְרוּשָׁלַיִם, אוּן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט עֶפֶּענְטְלִיךְ דֶעם נָאמֶען פָאן דֶעם
29 הֶערְרְן יֵשׁוּעַ. אוּן עֶר הָאט גֶערֶעט אוּן וִכּוּחִים גֶעהַאט אוֹיךְ מִיט
30 דִיא גְרִיכִישֶׁע אִידֶען, אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעוָואלְט הַרְג'נֶען. אוּן
וִויא דִיא בְּרִידֶער הָאבֶּען דֶערְהֶערְט, הָאבֶּען זֵיי אִיהם אַרָאבְּ־
גֶעפִירְט קֵיין קִסְרִין, אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעשִׁיקְט קֵיין תַּרְשִׁישׁ.
31 דִיא גֶעמֵיינְדֶען אִין אַלֶע עֶרְטֶער פָאן יְהוּדָה, אוּן גָלִיל, אוּן שֹׁמְרוֹן,
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין פְּרִידֶען, זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעבּוֹיט אוּן זֶענֶען
גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא פוּרְכְט פָאן הֶערְרְן, אוּן דוּרְךְ דֶער נֶחָמָה פָאן
32 רוּחַ הַקֹּדֶשׁ הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעמֶעהְרְט. אוּן וֶוען פֶּטֶר אִיז
אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אַלֶע עֶרְטֶער אִיז עֶר אַרָאבּ גֶעקוּמֶען אוֹיךְ צוּ דִיא
33 הֵיילִיגֶע, וָועלְכֶע הָאבֶּען גֶעוְוֵיינְט אִין לוּד. דָארְטֶען הָאט עֶר גֶעפוּנֶען
אַיין מַאן מִיט דֶעם נָאמֶען אֲנֵיס, וֶועלְכֶער אִיז שׁוֹין אַכְט יָאהר
לַאנְג גֶעלֶעגֶען אוֹיף־זַיין גֶעלֶעגֶער, וְוייל עֶר הָאט גֶעהַאט אָבְּ־
34 גֶענוּמֶען אֵבְרִים. אוּן פֶּטֶר הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: אֲנֵיס! יֵשׁוּעַ

הַמָשִׁיחַ הָאט דִיךְ אויסְגֶעהֵיילְט; שְׁטֶעה אויף, אוּן מַאךְ צוּרֶעכְט
דֵיין גֶעלֶעגֶער; אוּן עֶר אִיז בַּאלְד אויפְגֶעשְׁטַאנֶען. אוּן אַלֶע 35
אֵיינְוואוֹינֶער פָאן לוּד אוּן שָׁרוֹן הָאבֶּען אִיהם גֶעזֶעהֶען, אוּן הָאבֶּען
זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּם הֶערְרְן. אוּן אֵיינֶע תַּלְמִידָה אִיז 36
גֶעוועזֶען אִין יָפוֹ, אִיהר נָאמֶען אִיז גֶעוועזֶען טְבִיתָא: דָאס הֵייסְט
הִירְשִׁין, זִיא אִיז פוּל מִיט מַעֲשִׂים טוֹבִים אוּן צְדָקוֹת גֶעוועזֶען, וָואס
זִיא הָאט גֶעטָאן. אוּן אִין יֶענֶע צֵייטֶען אִיז זִיא קְרַאנְק גֶעוָוארֶען 37
אוּן גֶעשְׁטָארְבֶּען, מֶען הָאט זִיא אָבְּגֶעוואַשֶׁען אוּן מֶען הָאט זִיא
גֶעלֵייגְט אִין דֶער אויבֶּערְשְׁטוּבּ. אוּן לוּד אִיז נָאהֶענְט צוּ יָפוֹ, אוּן 38
דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען גֶעהֶערְט, דָאס פֶּטֶר אִיז דָארְטֶען, הָאבֶּען
זֵיי צוּ אִיהם גֶעשִׁיקְט צְוֵויי מֶענְשֶׁען אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעבֶּעטֶען, עֶר
זָאל נִיט פַארְזַאמֶען זִיךְ אוּן צוּ זֵיי קוּמֶען. אוּן פֶּטֶר אִיז אויפְ־ 39
גֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז מִיט זֵיי גֶעגַאנְגֶען, אוּן וָוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען,
הָאט מֶען אִיהם אַרוֹיף גֶעפִיהְרְט אִין דֶער אויבֶּערְשְׁטוּבּ, אוּן אַלֶע
אַלְמָנוֹת הָאבֶּען גֶעוויינְט, אוּן צוּ גֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהם, אוּן הָאבֶּען
אִיהם גֶעוויזֶען דִיא רֶעק אוּן אויבֶּערְקְלֵיידֶער, וָואס צְבִיָה הָאט
גֶעמַאכְט וָוען זִיא הָאט גֶעלֶעבְּט. אוּן פֶּטֶר הָאט אַלֶעמֶען אַרוֹיסְ־ 40
גֶעשִׁיקְט אִין דְרוֹיסֶען, אוּן עֶר אִיז גֶעפַאלֶען אויף זֵיינֶע קְנִי, אוּן הָאט
מִתְפַּלֵל גֶעוועזֶען, אוּן עֶר הָאט זִיךְ גֶעווענְדֶעט צוּ אִיהר גוּף, אוּן הָאט
גֶעזָאגְט: טָבִיתָא! שְׁטֶעה אויף! אוּן זִיא הָאט גֶעעֶפֶענְט דִיא אויגֶען,
אוּן וָוען זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען פֶּטֶר'ן, הָאט זִיא זִיךְ אויף גֶעהוֹיבֶּען.
עֶר הָאט אויסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיין הַאנְד, אוּן הָאט זִיא אַהִין גֶעשְׁטֶעלְט, 41
אוּן הָאט צוּגֶערוּפֶען דִיא הֵיילִיגֶע אוּן דִיא אַלְמָנוֹת, אוּן הָאט זִיא
פָארְגֶעשְׁטֶעלְט לֶעבֶּענְדִיג פַאר זֵיי. דִיא זַאךְ אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען 42
אִין גַאנְץ יָפוֹ, אוּן פִילֶע הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶעם הֶערְרְן. פִילֶע 43
טֶעג הָאט עֶר גֶעוויינְט אִין יָפוֹ בֵּיי אֵיין גַארְבֶּער (פֶעל אויסְ־
אַרְבֵּייטֶער) מִיט דֶעם נָאמֶען שִׁמְעוֹן.

אֵיין מַאן אִיז גֶעוועזֶען אִין קִיסְרִין, וָואס זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעוועזֶען י
קָרְנֵילְיוּס, אֵיין הוֹיפְּטְמַאן פָאן סָאלְדַאטֶען, פָאן דֶעם רֶעגִימֶענְט
פָאן אִיטַלְיָא. עֶר אִיז גֶעוועזֶען פְרוּם, אוּן פַאר גָאטְ מוֹרָא גֶעהַאט 2
מִיט זֵיין גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד, אוּן פְלֶעגְט דֶעם פָאלְק פִיל צְדָקוֹת
טָאן, אוּן תָּמִיד מִתְפַּלֵל גֶעוועזֶען צוּ גָאטְ. אוּן אִין דֶער נֵיינְטֶער 3

שָׁעָה פָאן טָאג הָאט עֶר גֶעהַאט אֵיין מַחֲזֶה (עֶרְשֵׁיינוּנְג), עֶר הָאט
גֶעזֶעהֶען אֵיין גָאטְטֶעס מַלְאָךְ אִיז צוּ אִיהם אַרֵיין גֶעקוּמֶען, אוּן
4 הָאט גֶעזָאגְט: קָרְנֵילִיוּס! אוּן וִויא עֶר הָאט אוֹיף אִיהם אֵיין קוּק
גֶעטָאן, הָאט עֶר זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען, אוּן הָאט גֶעזָאגְט: וָואס, הֶערְר!
אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: דֵיינֶע תְּפִלּוֹת אוּן צְדָקוֹת זֶענֶען אַרוֹיף
5 גֶעקוּמֶען אוֹיף גָאטְטֶעס זִכָּרוֹן. אוּן יֶעצְט, שִׁיק מֶענְשֶׁען קֵיין יָפוֹ
6 אוּן בְּרֵיינְג צוּ דִיר דֶעם שִׁמְעוֹן, וָואס מֶען רוּפְט פֶּטֶר. עֶר וֵוייְנְט
בֵּיי אֵיין גַארְבֶּער (פֶעל־אוֹיסְמַאכֶער), וָואס זֵיין נָאמֶען אִיז שִׁמְעוֹן,
זֵיין הוֹיז אִיז בֵּיי דֶעם יַם, עֶר וֶועט דִיר זָאגֶען, וָואס דוּא זָאלְסְט
7 טָאן. אוּן דֶער מַלְאָךְ, וָואס הָאט גֶערֶעט צוּ קָרְנֵילִיוּס, אִיז אַוֶועק
גֶעגַאנְגֶען. אוּן עֶר הָאט גֶערוּפֶען צְוֵויי פָאן זֵיינֶע הוֹיז קְנֶעכְט אוּן
אֵיין סָאלְדַאט, וָואס הָאט פַאר גָאטְט מוֹרָא גֶעהַאט, פָאן דִיא
8 וָואס הָאבֶען תָּמִיד אִיהם בַּאדִינְט. אוּן הָאט זֵיי דֶערְצֵיילְט דִיא
9 גַאנְצֶע זַאךְ, אוּן הָאט זֵיי גֶעשִׁיקְט קֵיין יָפוֹ. אוּן אוֹיף דֶעם
אַנְדֶערֶען טָאג, וֶוען זֵיי זֶענֶען אִין וֶועג גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶען זִיךְ
גֶענֶעהֶענְט צוּ דֶער שְׁטָאדְט, אִיז פֶּטֶר אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם
10 דַאךְ מִתְפַּלֵל צוּ זֵיין אִין דֶער זֶעכְסְטֶער שָׁעָה. עֶר אִיז הוּנְגֶערִיג
גֶעוֶועזֶען אוּן הָאט גֶעוָואלְט עֶסֶען; אוּן וֶוען מֶען הָאט אִיהם צוּ
גֶעגְרֵייט, אִיז עֶר אוֹיסֶער זִיךְ גֶעוָוארֶען (הִתְפַּשְׁטִיּוּת הַגַשְׁמִיוּת).
11 אוּן עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא הִימְלֶען הָאבֶען זִיךְ גֶעעֶפֶענְט, אוּן אֵיין
כְּלִי אִין גֶעשְׁטַאלְט פָאן אֵיין גְרוֹיסֶע לֵיינֶענֶע טוּךְ, וָואס דִיא פִיר
עֶקֶען דֶער פָאן זֶענֶען צוּזַאמֶענְגֶעבּוּנְדֶען, לָאזְט זִיךְ צוּ אִיהם אַרָאבּ
12 אוֹיף דֶער עֶרְד. אוּן דֶערִינֶען אִיז גֶעוֶועזֶען פָאן אַלֶע בְּהֵמוֹת, וָואס
זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּן קְרִיכֶענְדִיגֶע חַיוֹת, אוּן עוֹפוֹת פָאן דֶעם
13 הִימֶעל. אוּן אֵיין קוֹל אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם אוּן גֶעזָאגְט: פֶּטֶר!
14 שְׁטֶעה אוֹיף, שֶׁעכְט אוּן עֶס. אוּן פֶּטֶר הָאט גֶעזָאגְט: חָלִילָה!
הֶערְר! אִיךְ הָאבּ קֵיין מָאל נִיט גֶעגֶעסֶען קֵיין אוּנְרֵיינֶעס אוּן וָואס
15 עֶס אִיז טָמֵא. אוּן דֶער קוֹל אִיז דָאס צְוֵוייטֶע מָאל גֶעקוּמֶען, אוּן
גֶעזָאגְט: דָאס וָואס גָאטְט הָאט רֵיין גֶעמַאכְט, זָאלְסְט דוּא נִיט
16 אוּנְרֵיין מַאכֶען. אוּן אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען דְרֵיי מָאל, אוּן דִיא כְּלִי אִיז
17 צוּרִיק אַרוֹיף צוּם הִימֶעל. אוּן וֶוען פֶּטֶר הָאט זִיךְ אִין זִיךְ
פֶערְוואוּנְדֶערְט אוֹיף דֶער מַרְאֶה (עֶרְשֵׁיינוּנְג), וָואס עֶר הָאט

גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען דִיא מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען גֶעשִׁיקְט גֶעוֶוען פָּאן
קָרְנֵילִיוּס גֶעפְרֶעגְט אוֹיף שִׁמְעוֹן'ס הוֹיז, אוּן זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיי
18 דֶער טְהִיר. זֵיי הָאבֶּען דָארְט גֶערוּפֶען אוּן גֶעפְרֶעגְט: וֵוײנְט דָא
19 שִׁמְעוֹן, וָואס מֶען רוּפְט פֶּטֶר? וֶוען פֶּטֶר הָאט נָאךְ בֵּיי זִיךְ
גֶעדַאכְט וֶועגֶען דֶער מַרְאֶה הָאט אִיהם דֶער גֵייסְט גֶעזָאגְט: נוּן,
20 דְרֵיי מֶענְשֶׁען זוּכֶען דִיךְ. דֶערִיבֶּער שְׁטֶעה אוֹיף, גֶעה אַרָאבּ,
21 אוּן גֶעה מִיט זֵיי; טְרַאכְט נִיט, דֶען אִיךְ הָאבּ זֵיי גֶעשִׁיקְט. פֶּטֶר
אִיז אַרָאבּ גֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא מֶענְשֶׁען, וָואס זֶענֶען צוּ אִיהם גֶעשִׁיקְט
גֶעוָוארֶען פָּאן קָרְנֵילִיוּס'ן אוּן הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין דֶער מַאן,
22 וֶועלְכֶען אִיהר זוּכְט, וָואס אִיז דִיא סִבָּה פָאן אֵייעֶר קוּמֶען? אוּן
זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט: קָרְנֵילִיוּס, אֵיין הוֹיפְּטְמַאן, אֵיין צַדִיק אוּן אֵיין
יְרֵא אֱלֹהִים, וָואס הָאט אֵיין גוּטֶען נָאמֶען צְווִישֶׁען דֶעם גַאנְצֶען
אִידֶעשֶׁען פָאלְק, הָאט מְקַבֵּל גֶעוֶוען אֵיין בַּאפֶעל, דוּרְךְ אֵיין
הֵיילִיגֶען מַלְאָךְ, עֶר זָאל דִיךְ רוּפֶען אִין זֵיין הוֹיז כְּדֵי עֶר זָאל פָאן
23 דֵיין מוֹיל הֶערֶען רֶעד. אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶערוּפֶען צוּ זִיךְ, אוּן
אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין הוֹיז, אוּן אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אִיז פֶּטֶר
מִיט זֵיי אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּן אֵיינִיגֶע פָאן דִיא בְּרִידֶער אִין יָפוֹ
24 זֶענֶען מִיט אִיהם גֶעגַאנְגֶען. אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג זֶענֶען זֵיי
גֶעקוּמֶען קֵיין קִסְרִין אוּן קָרְנֵילִיוּס מִיט זֵיין פַאמִילְיֶע, קְרוֹבִים
אוּן פְרֵיינְד, וָואס הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקְלִיבֶּען צוּ אִיהם, הָאבֶּען
25 זֵיי דֶערְוַוארְטֶעט. אוּן וֶוען פֶּטֶר אִיז גֶעקוּמֶען, אִיז קָרְנֵילִיוּס אִיהם
אַנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען אוּן אִיז גֶעפַאלֶען צוּ זֵיינֶע פִים אוּן זִיךְ גֶעבּוּקְט.
26 אוּן פֶּטֶר הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּן גֶעזָאגְט: שְׁטֶעה אוֹיף, אִיךְ
27 בִּין אוֹיךְ אֵיין מֶענְשׁ. אוּן עֶר הָאט מִיט אִיהם גֶערֶעט אוּן אִיז
גֶעקוּמֶען אִין הוֹיז אַרֵיין, אוּן הָאט גֶעפוּנֶען דָארְטֶען פִילֶע וָואס
28 הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעזַאמֶעלְט. אוּן עֶר הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: אִיהר
וֵוייסְט, דָאס פַאר אֵיין אִידֶען אִיז נִיט רֶעכְט מִתְחַבֵּר צוּ זֵיין זִיךְ
צוּ אֵיינֶעם פָאן אֵיין אַנְדֶער אָבְּשְׁטַאמוּנְג, מִיר אָבֶּער הָאט גָאטְט
גֶעוִויזֶען, דָאס אִיךְ זָאל אוֹיף קֵיין מֶענְשֶׁען נִיט זָאגֶען דָאס עֶר
29 אִיז טָמֵא, אָדֶער אוּמְוִוירְדִיג. דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ נִיט אָבְּגֶעזָאגְט
אוּן בִּין גֶעקוּמֶען וֶוען מֶען הָאט מִיךְ גֶערוּפֶען; אוּן יֶעצְט פְרֶעג
30 אִיךְ אַייךְ: וָוארוּם הָאט אִיהר מִיךְ גערוּפען? אוּן קָרְנֵילִיוּס הָאט

גֶעזָאגְט: מִיט פִיר טֶעג צוּרִיק הָאבּ אִיךְ גֶעפַאסְט בִּיז אִין דִיזֶער
שָׁעָה, אוּן אִין דֶער נֵיינְטֶער שָׁעָה הָאבּ אִיךְ מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען אִין
מֵיין הוֹיז, אוּן נוּן, אֵיין מַאן הָאט זִיךְ מִיר פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אִין
31 אֵיין גְלַאנְצֶענְדֶעס קְלֵייד. אוּן הָאט גֶעזָאגְט: קָרְנֵילְיוּס דֵיין תְּפִלָּה
אִיז דֶערְהֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּן דֵיינֶע צְדָקוֹת זֶענֶען גֶעקוּמֶען פַאר
32 גָאטְטֶעס זִכָּרוֹן. יֶעצְט שִׁיק קֵיין יָפוֹ אוּן רוּף דִיר שִׁמְעוֹן׳עֶן, וָואס
מֶען רוּפְט פֶּטֶר, וֶועלְכֶער וֵוייְנְט אִין שִׁמְעוֹן דֶעם גַארְבֶּערְס (פֶעל
אוֹיסְמַאכֶערְס) הוֹיז, בֵּיי דֶעם יַם. וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען, וֶועט עֶר
33 צוּ דִיר רֶעדֶען. אוּן אִיךְ הָאבּ בַּאלְד גֶעשִׁיקְט צוּ דִיר, דוּא הָאסְט
גוּט גֶעטָאן וָואס דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען צוּ מִיר; אוּן נוּן, מִיר אַלֶע
זֶענֶען דָא פַאר גָאטְט, צוּ הֶערֶען וָואס גָאטְט הָאט דִיר בַּאפוֹילֶען.
34 אוּן פֶּטֶר הָאט זֵיין מוֹיל אוֹיף גֶעעֶפֶענְט אוּן גֶעזָאגְט: יֶעצְט
35 וֵוייס אִיךְ אִין אֱמֶת׳עֶן, דָאס גָאטְט אִיז נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים. נוּר פָאן
יֶעדֶען פָאלְק וֶוער עֶס הָאט פַאר אִיהם מוֹרָא אוּן טוּט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
36 דֶער אִיז אִיהם אָנְגֶענוּמֶען. עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט זֵיין וָוארְט צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּן הָאט אָנְגֶעזָאגְט שָׁלוֹם דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ,
37 דִיזֶער אִיז דֶער הֶערְר פָאן אַלֶעמֶען. אִיהר וֵוייסְט וָואס עֶס אִיז
גֶעשֶׁעהֶען אִין גַאנְץ יְהוּדָה, וָואס עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פָאן גָלִיל
38 נָאךְ דֶער טְבִילָה, וָואס יוֹחָנָן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט. דָאס גָאטְט הָאט
גֶעזַאלְבְּט יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי מִיט דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ אוּן מִיט גְבוּרָה, אוּן
עֶר אִיז דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען דָאס לַאנְד, אוּן הָאט גֶעהֵיילְט אַלֶעמֶען
אִיבֶּער וֶועלְכֶע דֶער שָׂטָן הָאט גֶעוֶועלְטִיגְט, וֵוייל גָאטְט אִיז מִיט
39 אִיהם גֶעוֶוען. אוּן מִיר זֶענֶען עֵדוּת אוֹיף אַלֶע זַאכֶען, וֶועלְכֶע עֶר
הָאט גֶעטָאן אִין דֶער אִידֶעשֶׁער לַאנְד, אוּן אִין יְרוּשָׁלַיִם דָאס מֶען
הָאט אִיהם גֶעהַרְג׳עֶט, דוּרְךְ דֶעם וָואס מֶען הָאט אִיהם גֶעהַאנְגֶען
40 אוֹיף אֵיין הָאלְץ. אִיהם הָאט גָאטְט אוֹיפְגֶעוֶועקְט אוֹיף דֶעם
41 דְרִיטֶען טָאג, אוּן הָאט אִיהם גֶעלָאזֶען זִיךְ צוּ בֶּעוֵוייזֶען. נִיט צוּ
דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, נוּר צוּ אוּנְז עֵדוּת, וֶועלְכֶע גָאטְט הָאט אוּנְז
פָאן אָנְפַאנְג אָן אוֹיסְדֶערְוֶועהלְט, אוּן מִיר הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּן
גֶעטְרוּנְקֶען מִיט אִיהם נָאךְ זֵיין אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג פָאן דִיא טוֹיטֶע.
42 אוּן עֶר הָאט אוּנְז בַּאפוֹילֶען צוּ פְּרֶעדִיגֶען צוּ דֶעם פָאלְק, אוּן
עֵדוּת צוּ זָאגֶען, דָאס אִיהם הָאט גָאטְט גֶעמַאכְט פַאר אֵיין רִיכְטֶער

43 איבּער דיא לֶעבֶּענְדִיגֶע אוּן טוֹיטֶע. אוּן אוֹיף אִיהם זָאגֶען אַלֶע
נְבִיאִים עֵדוּת, דָאס אַלֶע וֶועלְכֶע גְלוֹיבֶּען אִין אִיהם וֶועלֶען מְקַבֵּל
44 זַיין אִין זַיין נָאמֶען פַארְגֶעבּוּנְג דֶער זִינְדֶען. אוּן ווִיא פֶּטֶר
הָאט נָאךְ גֶערֶעט דִיזֶע רֶעד, אַזוֹי אִיז דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ גֶעקוּמֶען
45 אוֹיף אַלֶעמֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס וָוארְט. אוּן דִיא
גְלוֹיבִּיגֶע פָאן דִיא גֶעמַל'טֶע, וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען מִיט פֶּטֶר'ן זֶענֶען
נִשְׁתּוֹמֵם גֶעוָוארֶען דֶערִיבֶּער, דָאס דִיא מַתָּנָה פָאן דֶעם רוּחַ
46 הַקֹּדֶשׁ אִיז אוֹיס גֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען אוֹיךְ אוֹיף דִיא גוֹיִם. דֶען זֵיי
הָאבֶּען זֵיי גֶעהֶערְט רֶעדֶען מִיט פְרֶעמְדֶע לְשׁוֹנוֹת אוּן הָאבֶּען גָאטְט
47 גֶעלוֹיבְּט. אוּן פֶּטֶר הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט: קָאן אֵיין
מֶענְשׁ אָבְּהַאלְטֶען דִיא וַואסֶער נִיט צוּ טוֹבֵל'ן דִיזֶע, וֶועלְכֶע
48 הָאבֶּען אוֹיךְ מְקַבֵּל גֶעוֶוען דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ גְלֵייךְ ווִיא מִיר? אוּן
עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל זֵיי טוֹבֵל'ן אִין דֶעם נָאמֶען פָאן דֶעם
הֶערְן, אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעבֶּעטֶען, עֶר זָאל זַיין מִיט זֵיי
אֵיינִיגֶע טֶעג.

יא אוּן דִיא שְׁלִיחִים אוּן דִיא בְּרִידֶער וָואס אִין יְהוּדָה הָאבֶּען
גֶעהֶערְט, דָאס דִיא גוֹיִם הָאבֶּען אוֹיךְ מְקַבֵּל גֶעוֶוען דָאס וָוארְט
2 פָאן גָאטְט. אוּן וֶוען פֶּטֶר אִיז אַרוֹיף גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם
3 הָאבֶּען דִיא גֶעמַל'טֶע זִיךְ גֶעקְרִיגְט מִיט אִיהם. זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט:
צוּ מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען נִיט גֶעמַל'ט בִּיסְט דוּא גֶעקוּמֶען, אוּן הָאסְט
4 מִיט זֵיי גֶעגֶעסֶען. אוּן פֶּטֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זֵיי צוּ דֶערְצֵיילֶען
5 כְּסֵדֶר וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ מִתְפַּלֵּל
גֶעוֶוען אִין דֶער שְׁטָאדְט יָפוֹ, אוּן בִּין אוֹיסֶער זִיךְ גֶעוָוארֶען,
(הִתְפַּשְׁטוּת הַגַּשְׁמִיוּת), אוּן הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין מַרְאֶה: אֵיין כֶּלִי
אִין גֶעשְׁטַאלְט פָאן אֵיין גְרוֹיסֶע לֵיינֶענֶע טוּךְ, לָאזְט זִיךְ אַרָאבּ
פָאן דֶעם הִימֶעל, וֶועלְכֶע אִיז פַאר דִיא פִיר עֶקֶען אַרוּנְטֶער
6 גֶעלָאזֶען גֶעוָוארֶען, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ מִיר. אִיךְ הָאבּ דֶערִינֶען
אַרֵיין גֶעקוּקְט אוּן בֶּעטְרַאכְט אוּן הָאבּ דֶערזֶעהֶען דָארְטֶען
פִירְפִיסִיגֶע חַיוֹת פָאן דֶער עֶרְד אוּן קְרִיכֶענְדִיגֶע אוּן עוֹפוֹת פָאן
7 דֶעם הִימֶעל. אוּן הָאבּ גֶעהֶערְט אֵיין קוֹל וָואס זָאגְט מִיר פֶּטֶר!
8 שְׁטֶעה אוֹיף, שֶׁעכְט אוּן עֶס. אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט: חָלִילָה, מֵיין
הֶערְר! דֶען אַלֶעס וָואס עֶס אִיז אוּנְרֵיין אוּן טָמֵא אִיז קֵיין מָאל אִין

9 מֵיין מויל נִיט אַרֵיין גֶעקוּמֶען. אוּן דֶער קוֹל הָאט דָאס צְוֵייטֶע
מָאל זִיך אָבְּגֶערוּפֶען פָאן דֶעם הִימֶעל אוּן גֶעזָאגְט: דָאס וָואס
גָאטְט הָאט רֵיין גֶעמַאכְט זָאלְסְט דוּא עֶס נִיט אוּנְרֵיין מַאכֶען.
10 אִין אַזוֹי אִיז דָאס דְרֵיי מָאל גֶעוֶועזֶען; אוּן אַלֶעס אִיז צוּרִיק אַרוֹיף
11 גֶעגַאנְגֶען צוּם הִימֶעל. אוּן נוּן, בַּאלְד זֶענֶען דְרֵיי מֶענְשֶׁען גֶעשְׁטַאנֶען
בֵּיי דֶער טְהִיר פָאן דֶעם הוֹיז, וואוּ אִיךְ בִּין דָארְטֶען גֶעוֶועזֶען;
12 זֵיי זֵיינֶען גֶעוֶועזֶען גֶעשִׁיקְט צוּ מִיר פָאן קִסְרִין. אוּן דֶער גֵייסְט
הָאט מִיר גֶעזָאגְט, צוּ גֶעהְן מִיט זֵיי אוּן נִיט צוּטְרַאכְטֶען; אוּן דִיזֶע
זֶעכְס בְּרִידֶער זֶענֶען אוֹיךְ מִיט מִיר גֶעגַאנְגֶען, אוּן מִיר זֶענֶען
13 גֶעקוּמֶען אִין הוֹיז פָאן דֶעם מַאן. אוּן עֶר הָאט אוּנְז דֶערְצֵיילְט,
וִויא עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם מַלְאָךְ שְׁטֶעהֶן אִין זֵיין הוֹיז אוּן הָאט
אִיהם גֶעזָאגְט: שִׁיק מֶענְשֶׁען קֵיין יָפוֹ אוּן רוּף צוּ דִיר דֶעם שִׁמְעוֹן
14 וָואס מֶען רוּפְט פֶּטֶר. אוּן עֶר וֶועט צוּ דִיר רֶעדֶען וֶוערְטֶער
דוּרְךְ וֶועלְכֶע דוּא אוּן דֵיין גַאנְצֶע הוֹיז וֶועלֶען גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען.
15 אוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען אִיז אוֹיף זֵיי גֶעקוּמֶען
דֶער רוּחַ הַקֹדֶשׁ, וִויא עֶר אִיז אוֹיף אוּנְז אִין אָנְפַאנְג גֶעקוּמֶען.
16 אוּן אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְמָאנְט, אָן דֶעם וָוארְט פָאן דֶעם הֶערְרְן,
וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט: יוֹחָנָן הָאט גֶעטוֹבֶל'ט אִין וַואסֶער, אוּן
17 אִיהר וֶועט גֶעטוֹבֶל'ט וֶוערֶען אִין רוּחַ הַקֹדֶשׁ. יֶעצְט, וֶוען גָאטְט
הָאט גֶעגֶעבֶּען אַיין מַתָּנָה צוּ זֵיי אוּן צוּ אוּנְז וָואס גְלוֹיבֶּען אִין
דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ; וֶוער בִּין אִיךְ דָאס אִיךְ זָאל גָאטְט
18 אָבְּהַאלְטֶען? אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, זֶענֶען זֵיי שְׁטִיל
גֶעוָוארֶען, אוּן גֶעלוֹיבְּט גָאטְט אוּן גֶעזָאגְט: עֶס שֵׁיינְט, דָאס גָאטְט
הָאט אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא גוֹיִם דִיא תְּשׁוּבָה צוּם לֶעבֶּען.
19 אוּן דִיא, וֶועלְכֶע זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען מַחֲמַת דֶער צָרָה,
וָואס עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף אִסְטְפָנוֹס, זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּן אָנְגֶעקוּמֶען
בִּיז פִינוּקְיָא, קַפְרוֹס אוּן אַנְטִיוֹכְיָא, אוּן זֵיי הָאבֶּען דָאס וָוארְט
20 גֶערֶעדט נוּר צוּ דִיא אִידֶען. אוּן צְווִישֶׁען זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מֶענְשֶׁען
פָאן קַפְרוֹס אוּן קוּרְנִי. וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא אוּן
הָאבֶּען גֶערֶעדט צוּ דִיא גְרִיכֶען אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעזָאגְט דֶעם הֶערְרְן
21 יֵשׁוּעַ. גָאטְטֶעס הַאנְד אִיז מִיט זֵיי גֶעוֶועזֶען, אוּן אַיין גְרוֹיסֶע צָאל
הָאט גֶעגְלוֹיבְּט, אוּן הָאבֶּען זִיךְ בַּאקֶעהְרְט צוּם הֶערְרְן.

דִיא גֶעמֵיינְדֶע וָואס אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאט דָאס דֶערְהֶערְט הָאבֶּען 22
זֵיי גֶעשִׁיקְט בַּר־נַבָּא'ן קֵיין אַנְטְיוֹכְיָא. עֶר אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען הָאט 23
עֶר זִיךְ דֶערְפְרֵייט, וָוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען גָאטֶעס גְנַאדֶע, אוּן
הָאט אַלֶעמֶען פַארְזָאגְט צוּ הַאלְטֶען זִיךְ צוּם הֶערְרְן מִיטֶען גַאנְצֶען
הַארְצֶען. דֶען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַיין גוּטֶער מֶענְשׁ, פוּל מִיט רוּחַ 24
הַקֹדֶשׁ אוּן אֱמוּנָה, אוּן פִיל פָאלְק אִיז צוּ גֶעקוּמֶען צוּם הֶערְרְן.
פָאן דָארְטֶען אִיז בַּר־נַבָּא גֶעגַאנְגֶען קֵיין תַּרְשִׁישׁ אוֹיפְצוּזוּכֶען 25
שָׁאוּל'ן, אוּן הָאט אִיהם גֶעפוּנֶען, אוּן הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט קֵיין
אַנְטְיוֹכְיָא. אַיין גַאנְצֶעס יָאהר זֵיינֶען זֵיי צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶער 26
גֶעמֵיינְדֶע אוּן הָאבֶּען גֶעלֶעהְרֶענְט צוּ פִיל פָאלְק. דַאמָאלְסְט
הָאט מֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין אַנְטְיוֹכְיָא, צוּ רוּפֶען
דִיא תַּלְמִידִים מְשִׁיחִיִּים (כְּרִיסְטֶען). אוּן אִין יֶענֶע צֵייטֶען 27
זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען נְבִיאִים פָאן יְרוּשָׁלַיִם קֵיין אַנְטְיוֹכְיָא. אוּן אֵיינֶער 28
פָאן זֵיי, מִיט דֶעם נָאמֶען אֲגָבוּס, אִיז אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט
גֶעזָאגְט דוּרְכֶען גֵייסְט, דָאס אַיין גְרוֹיסֶער הוּנְגֶער וֶועט קוּמֶען
אִיבֶּער אַלֶע אֵיינְוְוֵיינֶער פָאן דֶער וֶועלְט. אוּן עֶס אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען
אִין דֶער צֵייט פָאן קֵיסַר קְלוֹדְיוּס. אוּן דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען 29
דַאמָאלְסְט פַאר רֶעכְט גֶעפוּנֶען, דָאס יֶעדֶער, וִויפִיל עֶר קָאן, זָאל
שִׁיקֶען הִילְף פַאר דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין יְהוּדָה.
אוּן אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי אוֹיךְ גֶעטָאן. אוּן הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט צוּ דִיא 30
זְקֵנִים דוּרְךְ בַּר־נַבָּא אוּן שָׁאוּל'ן.

אִין יֶענֶער צֵייט הָאט דֶער מֶלֶךְ הוֹרְדוּס זֵיין הַאנְד יב
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען גֶעגֶען מֶענְשֶׁען פָאן דֶער גֶעמֵיינְדֶע, זֵיי שְׁלֶעכְטֶעס
צוּ טָאן. אוּן עֶר הָאט גֶעהַרְגֶ'עט יַעֲקֹב יוֹחָנָן'ס בְּרוּדֶער, מִיט אַיין 2
שְׁוֶוערְד. אוּן וָוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, דָאס דִיא אִידֶען גֶעפֶעלְט 3
עֶס, אַזוֹי הָאט עֶר וֵוייטֶער אוֹיךְ פֶּטְרוּס'ן גֶעחַאפְּט. דַאמָאלְסְט
אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא צֵייט פָאן פֶּסַח. עֶר הָאט אִיהם גֶעחַאפְּט אוּן 4
הָאט אִיהם אַרֵיין גֶעזֶעצְט אִין גֶעפֵיינְגְנֶעס, אוּן עֶר הָאט אִיהם
אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען צוּ פִיר מָאל פִיר סָאלְדַאטֶען, דָאס זֵיי זָאלֶען
אִיהם הִיטֶען. דֶען עֶר הָאט גֶעטְרַאכְט אִיהם אַרוֹיס צוּ פִיהְרֶען
פַאר דֶעם פָאלְק נָאךְ פֶּסַח. אַזוֹי הָאט מֶען פֶּטֶר'ן גֶעהִיט אִין 5
גֶעפֵיינְגְנֶעס; אוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶע הָאט שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען גָאטְט

6 פַאר אִיהם. אוּן אִין יֶענֶער נַאכְט, וָוען הוֹרְדוֹס הָאט גֶעדַאכְט
אִין דֶער פְרִיה אִיהם אַרוֹיס צוּ פִיהרֶען, הָאט פֶּטְר גֶעשְׁלָאפֶען
צְווִישֶׁען צְוֵויי סָאלְדַאטֶען גֶעבּוּנְדֶען מִיט צְוֵויי קֵייטֶען. אוּן דִיא
7 שׁוֹמְרִים פָאן דֶער טְהִיר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער וַואך. אוּן נוּן,
אֵיין מַלְאָךְ פָאן גָאטְט אִיז צוּ אִיהם צוּגֶעטְרָאטֶען, אוּן אֵיין לִיכְט
הָאט גֶעשַׁיינְט אִין צִימֶער, עֶר הָאט פֶּטֶר'ן אֵיין קְלַאפּ גֶעגֶעבֶּען
אִין דֶער זַייט, אוּן הָאט אִיהם אוֹיף גֶעוֶועקְט, אוּן גֶעזָאגְט: שְׁטֶעה
גִיךְ אוֹיף, אוּן דִיא קֵייטֶען זֶענֶען אַרָאבּ גֶעפַאלֶען פָאן זַיינֶע הֶענְד.
8 אוּן דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: גַארְטֶעל אוּנְטֶער דֵיינֶע
לֶענְדֶען, אוּן פַארְבִּינְד דֵיינֶע סַנְדְלִים אוֹיף דִיא פִּיס, אוּן עֶר הָאט
אַזוֹי גֶעטָאן, אוּן עֶר זָאגְט אִיהם: נֶעם אוֹיף דִיר דֵיין מַאנְטֶעל
9 אוּן גֶעה מִיר נָאךְ. עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּן אִיז אִיהם נָאךְ
גֶעגַאנְגֶען: אוּן עֶר הָאט נִיט גֶעוואוּסְט, דָאס עֶס אִיז אֵיין אֶמֶת,
וָואס דוּרְךְ דֶעם מַלְאָךְ אִיז גֶעשֶׁעהֶען, ווייל אִיהם הָאט זִיךְ
10 גֶעדַאכְט, דָאס אִיז נוּר אֵיין עֶרְשֵׁיינוּנְג. זֵיי זֶענֶען דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען
דוּרְךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּן צְווייטֶען וַואךְ, אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז
צוּ דֶעם אֵייזֶערְנֶעם טוֹיעֶר, וָואס מֶען גֵייט דוּרְךְ אִיהם אִין
שְׁטָאדְט אַרֵיין, אוּן דֶער טוֹיעֶר הָאט זִיךְ פַאר זֵיי אַלֵיין גֶעעֶפֶענְט,
אוּן זֵיי זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן זֶענֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אֵיין גַאס;
11 אוּן דֶער מַלְאָךְ אִיז פָאן אִיהם פְּלוּצְלִינְג אַוֶועק. אוּן וָוען עֶר אִיז
צוּ זַיין פַארְשְׁטַאנְד גֶעקוּמֶען, הָאט פֶּטֶר גֶעזָאגְט, יֶעצְט ווייס
אִיךְ אִין אֶמֶת'ען, דָאס גָאטְט הָאט זַיין מַלְאָךְ גֶעשִׁיקְט, אוּן הָאט
מִיךְ גֶערֶעטֶעט פָאן הוֹרְדוֹס'עֶס הַאנְד אוּן פָאן אַלֶע אִידֶעשֶׁע
12 גֶעדַאנְקֶען. ווִיא עֶר הָאט בֵּיי זִיךְ, אַזוֹי גֶעדַאכְט, אִיז עֶר אָנְגֶעקוּמֶען
צוּם הוֹיז פָאן מִרְיָם, דִיא מוּטֶער פָאן יוֹחָנָן, וָואס מֶען הָאט
גֶערוּפֶען מַרְקוּס, וואוּ עֶס פְלֶעגֶען זִיךְ פִילֶע פַארְזַאמְלֶען, אוּן
13 צוּזַאמֶען מִתְפַּלֵל צוּ זַיין. עֶר הָאט גֶעקְלַאפְּט אִין דֶער טְהִיר
פָאן דֶעם טוֹיעֶר, אוּן אֵיין מֵיידֶעל, וָואס אִיהר נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען
14 רוֹדִי, אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ הֶערֶען. אוּן זִיא הָאט דֶערְקָאנְט פֶּטֶר'ס
קוֹל, אוּן פַאר שִׂמְחָה הָאט זִיא אִיהם נִיט גֶעעֶפֶענְט דִיא טְהִיר
פָאן דֶעם טוֹיעֶר, אוּן אִיז אַרֵיין גֶעלָאפֶען אִין שְׁטוּבּ אוּן הָאט זֵיי
15 דֶערְצֵיילְט, דָאס פֶּטֶר שְׁטֶעהְט בֵּיי דֶעם טוֹיעֶר. אוּן זֵיי הָאבֶּען

אִיהר גְעזָאגְט: בִּיסְט דוּא מְשׁוּגָע? אוּן זִיא הָאט זִיךְ גְעהַאלְטֶען
בַּיי אִיהר וָוארְט, אוּן זֵיי הָאבֶּען גְעזָאגְט: דָאס אִיז זַיין מַלְאָךְ.
אוּן פֶּטֶר הָאט וֵוייטֶער גֶעקְלַאפְּט, אוּן מֶען הָאט אִיהם 16
אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט. אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען אִיהם דֶערְזֶעהֶען זֶענֶען זֵיי
נִשְׁתּוֹמֵם גֶעוָוארֶען. אוּן פֶּטֶר הָאט גֶעווּאוּנְקֶען צוּ זֵיי מִיט דֶער 17
הַאנְד, דָאס זֵיי זָאלֶען שְׁווַייגֶען, אוּן הָאט זֵיי דֶערְצֵיילְט, וִויא דֶער
הֶערְר הָאט אִיהם אַרוֹיס גֶעפִיהְרְט פָאן גֶעפֵיינְגְנֶעס, אוּן הָאט
צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: דֶערְצֵיילְט דָאס צוּ יַעֲקֹב'ן אוּן צוּ דִיא בְּרִידֶער:
אוּן אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין אַנְדֶערְן
אָרְט. וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען, אִיז גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען דִיא 18
סָאלְדַאטֶען אֵיין גְרוֹיסֶער שְׁרֶעק וֶועגֶען פֶּטֶר'ן: וָואס אִיז מִיט
אִיהם גֶעוָוארֶען? אוּן וֶוען הוֹרְדוֹס הָאט אִיהם גֶעפָאדֶערְט, אוּן 19
הָאט אִיהם נִיט גֶעפוּנֶען, הָאט עֶר גֶעמִשְׁפָּט דִיא סָאלְדַאטֶען, אוּן
הָאט בַּאפוֹילֶען מֶען זָאל זֵיי הַרְגֶ'נֶען, אוּן אִיז אַרָאבּ גֶעגַאנְגֶען פָאן
יְהוּדָה קֵיין קִסְרִין, אוּן הָאט זִיךְ דָארְט בַּאזֶעצְט. הוֹרְדוֹס 20
אִיז אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען אוֹיף דִיא לֵייט פָאן צוֹר אוּן צִידוֹן. הָאבֶּען
זֵיי זִיךְ צוּ זַאמֶען גֶענוּמֶען צוּ אֵיין דֶעפּוּטַאטִיאָן אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען
צוּ אִיהם, אוּן הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶערֶעט בְּלַסְטוֹס'ן, וָואס עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
קַאמֶער דִינֶער פָאן דֶעם קֶענִיג, אוּן הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אִיהם
פְרִידֶען, ווייל דִיא פַּרְנָסָה פָאן זֵייעֶרֶע לֶענְדֶער הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען
פָאן דֶעם מֶלֶךְ'ס לַאנְד. אִין דֶעם בַּאשְׁטִימְטֶען טָאג הָאט 21
הוֹרְדוֹס זִיךְ אָנְגֶעקְלֵיידֶעט אִין קֶענִיגְלִיכֶע קְלֵיידֶער אוּן הָאט זִיךְ
גֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם טְהְרָאן, אוּן הָאט זֵיי גֶעהַאלְטֶען אֵיין רֶעדֶע.
אוּן דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶעשְׁרִיגֶען: דָאס אִיז אֵיין קוֹל פָאן 22
גָאטְט, נִיט פָאן קֵיין מֶענְשֶׁען. אוּן פְּלוּצְלִינְג הָאט אִיהם אֵיין 23
מַלְאָךְ פָאן גָאטְט דֶערְשְׁלָאגֶען, ווייל עֶר הָאט גָאטְט קֵיין כָּבוֹד
נִיט גֶעגֶעבֶּען, אוּן דִיא וֶוערִים הָאבֶּען אִיהם אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען, אוּן
עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען. אוּן דָאס וָוארְט פָאן גָאטְט הָאט 24
גֶעווַאקְסֶען, אוּן זִיךְ גֶעמֶעהְרְט. בַּר־נַבָּא אוּן שָׁאוּל, נָאךְ דֶעם 25
וִויא זֵיי הָאבֶּען גֶעעֶנְדֶעט זֵייעֶר דִינְסְט הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
פָאן יְרוּשָׁלַיִם קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא, אוּן הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען יוֹחָנָן,
וָואס מֶען הָאט גֶערוּפֶען מַארְקוֹס.

יג אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע פָאן אַנְטִיוֹכְיָא זֶענֶען גֶעוֶועזֶן נְבִיאִים אוּן
לֶעהֶרֶער: בַּר־נַבָּא אוּן שִׁמְעוֹן, וֶועלְכֶען מֶען הָאט גֶערוּפֶען
נִיגֶר, אוּן לוּקִיוֹס פָאן קוּרִין אוּן מְנַחֵם, וֶועלְכֶער אִיז אוֹיף גֶעצוֹיגֶען
גֶעוָוארֶען מִיט הוֹרְדוֹס'ן דֶעם פֶערְטֶל־מֵייסְטֶער, אוּן שָׁאוּל.
2 אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען גָאטְט גֶעדִינְט אוּן גֶעפַאסְט, הָאט צוּ זֵיי דֶער
רוּחַ הַקֹּדֶשׁ גֶעזָאגְט: טֵיילְט מִיר אָב דֶעם בַּר־נַבָּא אוּן שָׁאוּל'ן
3 צוּ דֶער אַרְבֵּייט, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ זֵיי צוּ אִיהר גֶערוּפֶען. נָאךְ
דֶעם וִויא זֵיי הָאבֶּען גֶעפַאסְט אוּן תְּפִלָּה גֶעטָאן, הָאבֶּען זֵיי
זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף זֵיי אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט, אוּן הָאבֶּען זֵיי אַוֶועק
4 גֶעשִׁיקְט. אוּן זֵיי, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם רוּחַ
הַקֹּדֶשׁ, זֶענֶען אַרָאבּ גֶעקוּמֶען קֵיין סְלוּקְיָא, אוּן פָאן דָארְטֶען זֶענֶען
5 זֵיי מִיט דֶער שִׁיף גֶעקוּמֶען קֵיין קַפְרוֹס. אוּן זֵיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אִין דֶער שְׁטָאדְט סַלָמִיס, אוּן הָאבֶּען דָארְטֶען גֶעפְּרֶעדִיגְט גָאטְטֶעס
וָוארְט אִין דִיא אִידֶעשֶׁע שׁוּלֶען, אוּן הָאבֶּען גֶעהַאט אוֹיךְ יוֹחָנָן
6 פַאר אֵיין דִינֶער. וֶוען זֵיי זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דֶעם גַאנְצֶען אִינְזֶעל
בִּיז פָפוֹס, הָאבֶּען זֵיי גֶעטְרָאפֶען אֵיין אִידֶען אֵיין כִּשּׁוּף־מַאכֶער,
7 אֵיין פַאלְשֶׁען נָבִיא, מִיט דֶעם נָאמֶען בַּר־יֵשׁוּעַ. וֶועלְכֶער אִיז
גֶעוֶועזֶן בֵּיי דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר סֶרְגִיוֹס פּוֹלוֹס, אֵיין קְלוּגֶער מַאן,
אוּן עֶר הָאט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען בַּר־נַבָּא אוּן שָׁאוּל'ן אוּן הָאט
8 פַארְלַאנְגְט צוּ הֶערֶען גָאטְטֶעס וֶוערְטֶער. אוּן אַלִימָא דֶער
מְכַשֵּׁף (אַזוֹי הָאט זֵיין נָאמֶען בֶּעדֵייטֶעט) הָאט זִיךְ אַנְטְקֶעגֶען
גֶעשְׁטֶעלְט, אוּן הָאט גֶעזוּכְט דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר אָבְּצוּקֶערֶען פָאן
9 דֶער אֱמוּנָה. אוּן שָׁאוּל, וֶועלְכֶען מֶען הָאט גֶערוּפֶען פּוֹלוֹס אִיז
10 פוּל גֶעוָוארֶען מִיט רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, אוּן הָאט אִיהם אָנְגֶעקוּקְט. אוּן
הָאט גֶעזָאגְט: דוּא, וָואס דוּא בִּיסְט פוּל מִיט בֶּעטְרִיגֶערֵייא אוּן אַלֶע
זִינְד, דֶער זָאהן פָאן שָׂטָן אוּן אֵיין שׂוֹנֵא פָאן אַלֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
וֶועסְט נִיט אוֹיף הֶערֶען צוּ אִיבֶּערְשְׁנֵיידֶען דִיא גְלֵייכֶע וֶועגֶען פָאן
11 גָאטְט? אוּן יֶעצְט אִיז דִיא הַאנְד פָאן גָאטְט אוֹיף דִיר, דוּא וֶועסְט
בְּלִינְד וֶוערֶען, אוּן וֶועסְט נִיט זֶעהֶען דִיא זָאנְנֶע, בִּיז אֵיין צֵייט.
אוּן בַּאלְד אִיז אוֹיף אִיהם אָנְגֶעפַאלֶען אֵיין דוּנְקֶעלְהֵייט אוּן
פִינְסְטֶערְנִיס עֶר הָאט זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט אַהִין אוּן אַהֶער, אוּן הָאט
12 גֶעזוּכְט וֶוער עֶס זָאל אִיהם פִירֶען בֵּיי דֶער הַאנְד. וֶוען דֶער

גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט גֶעזֶעהֶען וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען הָאט
עֶר גֶעגְלוֹיבְּט, אוּן הָאט זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט אוֹיף דֶער לֶעהְרֶע 13
פָאן דֶעם הֶערְן. אוּן פּוֹלוֹס אוּן דִיא מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע זֶענֶען
מִיט אִיהם גֶעוֶוען, זֶענֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען מִיט אֵיין שִׁיף פָאן,
פָּפוֹס אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין פַּרְגִי אוּן פַּמְפוּלְיָא, דָארְטֶען הָאט
זֵיי יוֹחָנָן פֶערְלָאזֶען אוּן הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. אוּן 14
זֵיי זֶענֶען אַוֶועק פָאן פַּרְגִי, אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין אַנְטְיוֹכְיָא וָואס
אִיז אִין פִּיסִידְיָא. שַׁבָּת זֶענֶען זֵיי גֶעקוּמֶען אִין שׁוּל אַרֵיין, אוּן
הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעצְט. נָאךְ דֶעם וִויא מֶען הָאט אָבְּגֶעלֵייעֶנְט דִיא 15
תּוֹרָה אוּן נְבִיאִים הָאבֶּען דִיא עֶלְטְסְטֶע פָאן דֶער שׁוּל גֶעשִׁיקְט
זֵיי זָאגֶען, בְּרִידֶער! אוֹיבּ אִיהר הָאט עֶטְוָואס אֵיין מוּסָר־וָוארְט
פַאר דֶעם פָאלְק צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט. אוּן פּוֹלוֹס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, 16
אוּן הָאט זַיין הַאנְד אוֹיף גֶעהוֹיבֶּען, אוּן גֶעזָאגְט: אִיהר מֶענֶער
פָאן יִשְׂרָאֵל, אוּן גָאטְטֶעס פִירְכְטִיגֶע! דֶער גָאטְט פָאן יִשְׂרָאֵל 17
הָאט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת אוּן הָאט דֶערְהוֹיבֶּען דָאס
פָאלְק וֶוען זֵיי זֶענֶען גֶעוֶוען גֵרִים אִין דָאס לַאנְד מִצְרַיִם, אוּן
מִיט אֵיין דֶערְהוֹיבֶּענֶעם אָרֶעם הָאט עֶר זֵיי פָאן דָארְטֶען אַרוֹיס
גֶעצוֹיגֶען. עֶר הָאט זֵיי אַרוּמְגֶעזֶעהֶען אוּן אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען אִין דֶער 18
מִדְבָּר אֵיין עֶרֶךְ פָאן פֶערְצִיג יָאהר. אוּן הָאט פֶערְטִילִיגְט זִיבֶּען 19
פֶעלְקֶער אִין לַאנְד כְּנַעַן, אוּן הָאט זֵייעֶר לַאנְד זֵיי צוּ אֵיין טֵייל
גֶעגֶעבֶּען. נָאךְ דֶעם הָאט עֶר זֵיי גֶעגֶעבֶּען רִיכְטֶער נָאהֶענְט פָאן 20
פִיר הוּנְדֶערְט אוּן פוּפְצִיג יָאהר, בִּיז שְׁמוּאֵל הַנָבִיא. דַאמָאלְסְט 21
הָאבֶּען זֵיי פַארְלַאנְגְט אֵיין מֶלֶךְ, אוּן גָאטְט הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען שָׁאוּל
בֶּן קִישׁ, אֵיין מַאן פָאן שֵׁבֶט בִּנְיָמִין, פֶערְצִיג יָאהר. אוּן וֶוען עֶר 22
הָאט אִיהם אָבְּגֶעזֶעצְט, אוּן הָאט דָוִד'ן גֶעמַאכְט פַאר אֵיין מֶלֶךְ
אִיבֶּער זֵיי, אוֹיף וֶועלְכֶען עֶר הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ
גֶעפוּנֶען דָוִד בֶּן יִשַׁי נָאךְ מֵיין הַארְצֶען, אוּן עֶר וֶועט אַל מֵיין
ווילֶען טָאן. פָאן זַיין זֶרַע הָאט גָאטְט, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט 23
פַארְשְׁפְּרָאכֶען, אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אֵיין הֶעלְפֶער צוּ דִיא יִשְׂרָאֵל,
דֶעם יֵשׁוּעַ'ן. אוּן אֵיידֶער עֶר אִיז גֶעקוּמֶען הָאט יוֹחָנָן פְרִיהֶער 24
גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא טְבִילָה פָאן תְּשׁוּבָה צוּם גַאנְצֶען פָאלְק יִשְׂרָאֵל.
אָבֶּער וֶוען יוֹחָנָן הָאט זַיין לוֹיף (שְׁלִיחוּת) דֶערְפִילְט, הָאט עֶר 25

גֶעזָאגְט: װֶער מֵיינְט אִיהר בִּין אִיךְ? אִיךְ בִּין עֶס נִיט, נוּר זֶעהט
נָאךְ מִיר קוּמְט עֶר, װעמֶען אִיךְ בִּין נִיט װֶערְט אָבְצוּבִּינְדֶען דֶעם
26 שׁוּךְ אוֹיף דִיא פִיס. צוּ אַייךְ בְּרִידֶער, קִינְדֶער פָאן אַבְרָהָם'ס
מִשְׁפָּחָה, אוּן צוּ אַלֶעמֶען צְווִישֶׁען אַייךְ, וָואס הָאבֶּען פַאר גָאטְט
27 מוֹרָא, אִיז גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען דִיזֶעס וָוארְט פָאן דֶער יְשׁוּעָה. דֶען
דִיא אַיינְוָואהְנֶער פָאן יְרוּשָׁלַיִם אוּן זֵייעֶרֶע עֶלְטְסְטֶע, וַוייל זֵיי
הָאבֶּען אִיהם נִיט דֶערְקָאנְט, הָאבֶּען זֵיי דוּרְךְ זֵייעֶר מִשְׁפָּט, וָואס
זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעמִשְׁפָּט, דֶערְפִילְט דִיא וֶוערְטֶער פָאן דִיא
28 נְבִיאִים, וָואס מֶען לֵייעֶנְט זֵיי יֶעדֶען שַׁבָּת. אוּן וֶוען אוֹיךְ זֵיי הָאבֶּען
אִין אִיהם נִיט גֶעפוּנֶען עֶטְוָואס, וָואס דֶערְפַאר זָאל אִיהם קוּמֶען
טוֹיטֶען, הָאבֶּען זֵיי דָאךְ גֶעבֶּעטֶען פָאן פִּילַטוּס'ן עֶר זָאל אִיהם
29 הַרְגְ'נֶען. אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען דֶערְפִילְט אַלֶע וֶוערְטֶער, וָואס זֶענֶען
אוֹיף אִיהם גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זֵיי אִיהם אַרָאבּ גֶענוּמֶען
30 פָאן דֶעם הָאלְץ, אוּן הָאבֶּען אִיהם אִין אַיין קֶבֶר גֶעלֵייגְט. אָבֶּער
31 גָאטְט הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פָאן דִיא טוֹיטֶע. אוּן פִיל טֶעג
הָאט עֶר זִיךְ בַּאוִוייזֶען צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהם אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען
פָאן גָלִיל קַיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן זֵיי זֶענֶען יֶעצְט זֵיינֶע עֵדוּת בֵּיי דֶעם
32 פָאלְק. אוּן אוֹיךְ מִיר זָאגֶען אַייךְ אָן, דָאס דִיא בְּשׂוּרָה פָאן דֶער
פַארְשְׁפְּרֶעכוּנְג, וָואס עֶס אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ אוּנְזֶערֶע
אָבוֹת הָאט גָאטְט דֶערְפִילְט צוּ אוּנְז זֵייעֶרֶע קִינְדֶער דוּרְךְ דֶעם
33 וָואס עֶר הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט דֶעם יְשׁוּעַ'ן. וִויא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען
אִין צְוֵוייטֶען מִזְמוֹר פָאן תְּהִלִּים: דוּא בִּיסְט מֵיין זָאהְן, הַיינְט
34 הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעבָּארֶען. אוּן עֶר הָאט אִיהם אַזוֹי אוֹיפְגֶעוֶועקְט
פָאן דִיא טוֹיטֶע, דָאס עֶר זָאל שׁוֹין מֶעהְרֶער נִיט זֶעהֶען קַיין
פַארְדֶערְבֶּענֶעס, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ וֶועל אַייךְ גֶעבֶּען
35 דִיא בֶּעגְלוֹיבְּטֶע גְנָאדֶע פָאן דָוִד'ן. דֶערִיבֶּער זָאגְט עֶר אוֹיךְ אוֹיף
אַיין אַנְדֶער אָרְט: דוּא וֶועסְט נִיט גֶעבֶּען דֵיין פְרוּמֶען צוּ זֶעהֶן
36 פַארְדֶערְבֶּענֶעס. דָוִד הָאט אִין זֵיין דוֹר גֶעדִינְט דֶעם רָצוֹן פָאן
גָאטְט, עֶר אִיז אַנְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען (גֶעשְׁטָארְבֶּען) אוּן אִיז
פַארְזַאמֶעלְט גֶעוָוארֶען צוּ זֵיינֶע עֶלְטֶערְן אוּן הָאט גֶעזֶעהֶען פַארְ־
37 דֶערְבֶּענֶעס. דֶער אָבֶּער, וֶועלְכֶען גָאטְט הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט
38 עֶר הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען קַיין פַארְדֶערְבֶּענֶעס. דֶערִיבֶּער מֶענֶער

און בְּרִידֶער, וֵוייסְט, דָאס דוּרְך דִיזֶען פְּרֶעדִיגְט מֶען אַייך פַּאר־
39 גֶעבּוּנְג דֶער זִינְדֶען. און אִין אַלֶעדִינְג וָואס אִיהר הָאט נִיט גֶעקָאנְט
גֶערֶעכְט וֶוערֶען דוּרְך תּוֹרַת מֹשֶׁה, וֶועט אִיהר גֶערֶעכְט וֶוערֶען
40 דוּרְך אִיהם יֶעדֶער וָואס גְלוֹיבְּט. הִיט אַייך דָאס עֶס זָאל אוֹיף
אַייך נִיט קוּמֶען, וָואס עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען אִין דִיא נְבִיאִים:
41 זֶעהט, אִיהר, וָואס זֶענְט מְבַזֶה און וואוּנְדֶערְט אַייך, און פַארְגֶעהט,
דֶען אִיך פִּיהר אוֹיס אַיין וֶוערְק אִין אַייעֶרֶע צַייטֶען, אַיין וֶוערְק,
וֶועלְכֶע אִיהר וָואלְט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט וֶוען אַיינֶער וָואלְט עֶס אַייך
42 דֶערְצֵיילְט. וֶוען זֵיי זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פָאן דֶער אִידֶעשֶׁער
שׁוּל, הָאבֶּען דִיא גוֹיִם זֵיי גֶעבֶּעטֶען צוּ רֶעדֶען דָאס זֶעלְבֶּע וָוארְט
43 דֶעם שַׁבָּת וָואס וֶועט קוּמֶען. און וֶוען דִיא גֶעמֵיינְדֶע אִיז
פַאנַאנְדֶערְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען פִילֶע פָאן דִיא אִידֶען און פָאן דִיא פְרוּמֶע
גֵרִים נָאך גֶעגַאנְגֶען נָאך פּוֹלוֹס און בַּר־נַבָּא׳ן, און זֵיי הָאבֶּען גֶערֶעט
מִיט זֵיי, און זֵיי אָנְגֶעזָאגְט צוּ בְּלֵייבֶּען אִין גָאטְטֶעס גְנַאדֶע.
44 און אִין דֶעם אַנְדֶערֶען שַׁבָּת, הָאט זִיך כִּמְעַט דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט
פַארְזַאמֶעלְט צוּ הֶערֶען דָאס וָוארְט פָאן גָאטְט. וֶוען דִיא אִידֶען
45 הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס פִילֶע פָאלְק, זֶענֶען זֵיי פוּל מִיט קִנְאָה
גֶעוָוארֶען, און הָאבֶּען אַנְטְקֶעגֶען פּוֹלוֹס׳ן גֶערֶעט און גֶעלֶעסְטֶערְט.
46 און פּוֹלוֹס און בַּר־נַבָּא הָאבֶּען פְרֵיימוּטִיג דֶערְקְלֶערְט: מֶען הָאט
גֶעמוּזְט צוּם עֶרְשְׁטֶען אַייך אָנְזָאגֶען דָאס וָוארְט פָאן גָאטְט, נוּר
אַזוֹי וִויא אִיהר הָאט דָאס פַארְוָוארְפֶען פָאן אַייך, און הָאט זִיך
דֶערְווִיזֶען, דָאס אִיהר זֶענְט נִיט וֶוערְט צוּ הָאבֶּען דָאס עֶוִויגֶע
47 לֶעבֶּען, דֶעריבֶּער וֶוענְדֶען מִיר זִיך צוּ דִיא גוֹיִם. דֶען אַזוֹי הָאט
אוּנְז דֶער הֶערְר גֶעזָאגְט: אִיך הָאבּ דִיך גֶעשְׁטֶעלְט פַאר אַיין
לִיכְט צוּ דִיא גוֹיִם, צוּ זַיין אַיין הִילְף בִּיז צוּם עֶנְדֶע פָאן דֶער עֶרְד.
48 וֶוען דִיא גוֹיִם הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵיי זִיך גֶעפְרֵייט, און
הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט גָאטְטֶעס וָוארְט, און דִיא אַלֶע, וֶועלְכֶע זֶענֶען
פַארְאָרְדֶענְט (בֶּעשְׁטִימְט) גֶעוֶועזֶען צוּם עֶווִיגֶען לֶעבֶּען, הָאבֶּען
49 גֶעגְלוֹיבְּט. און דָאס וָוארְט פָאן גָאטְט הָאט זִיך פַארְבְּרֵייטֶערְט
50 אִין דָאס גַאנְצֶע לַאנְד. און דִיא אִידֶען הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶעצְט דִיא
פְרוּמֶע און פָארְנֶעהמֶע פְרוֹיעֶן, און אוֹיך דִיא עֶרְשְׁטֶע לֵייט פָאן
דֶער שְׁטָאדְט, און הָאבֶּען דֶערְוֶועקְט רְדִיפוֹת אוֹיף פּוֹלוֹס און

51 בַּר־נַבָּא׳ן, אוּן הָאבֶּען זֵיי פֶּערְטְרִיבֶּען פָאן זֵייעֶר גֶעגֶענְד. אוּן זֵיי
הָאבֶּען אָבְּגֶעשָׁאקֶעלְט דֶעם שְׁטוֹיבּ פָאן זֵייעֶרֶע פִּיס, אוּן זֶענֶען
52 גֶעגַאנְגֶען קֵיין אִיקָנְיוֹן. אוּן דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען פוּל גֶעוָוארֶען מִיט
שִׂמְחָה אוּן רוּחַ הַקֹּדֶשׁ.

יד וָוען זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין אִיקָנְיוֹן, זֶענֶען זֵיי צוּזַאמֶען אַרֵיין
גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער אִידֶעשֶׁער שׁוּל, אוּן הָאבֶּען דָארְט אַזוֹי גֶערֶעדְט,
דָאס זֶעהר פִיל פָאן דִיא אִידֶען אוּן גְרִיכֶען הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט.
2 דִיא אִידֶען, וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, הָאבֶּען אוֹיפְגֶערֵייצְט אוּן
3 בֶּעז גֶעמַאכְט דִיא גוֹיִם אוֹיף דִיא בְּרִידֶער. זֵיי זֶענֶען דָארְטֶען
גֶעבְּלִיבֶּען אֵיין לַאנְגֶע צֵייט, אוּן הָאבֶּען עֶפֶענְטְלִיךְ גֶעלֶעהרֶענְט
אִין דֶעם הֶערְן, וָועלְכֶער הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט, אוֹיף דֶעם וָוארְט
פָאן זֵיין חֶסֶד דוּרְךְ צֵייכֶען אוּן וואוּנְדֶער, וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט
4 דוּרְךְ זֵיי. אוּן דָאס פָאלְק פָאן דֶער שְׁטָאדְט הָאט זִיךְ צוּטֵיילְט,
אֵיין טֵייל אִיז גֶעוֶועזֶען פָאן דֶעם אִידִישֶׁען צַד, אוּן דֶער אַנְדֶערֶער
5 אִיז גֶעוֶועזֶען פָאן דֶעם צַד, פָאן דִיא שְׁלִיחִים. אוּן וֶוען דִיא גוֹיִם
אוּן דִיא אִידֶען מִיט זֵייעֶרֶע עֶלְטֶעסְטֶע הָאבֶּען גֶעשְׁטוּרֶעמְט זֵיי
6 בֶּעזֶעס צוּ טָאן אוּן צוּ פַארְשְׁטֵיינֶען. זֶענֶען זֵיי דֶער פָאן גֶעוָואר
גֶעוָוארֶען, אוּן זֶענֶען אַוֶועק גֶעלָאפֶען אִין דִיא שְׁטֶעדְט פָאן
7 לוּקוֹנְיָא: קֵיין לוּסְטְרָא אוּן דַרְבִּי אוּן זֵייעֶר אוּמְגֶעגֶענְד. אוּן
8 הָאבֶּען דָארְטֶען אָנְגֶעזָאגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה. אִין לוּסְטְרָא
אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין מַאן מִיט אָבְּגֶענוּמֶענֶע פִּיס, וָועלְכֶער הָאט קֵיינֶע
קְרֶעפְטֶען אִין זֵיינֶע פִּיס נִיט גֶעהַאט, הִינְקֶענְדִיג פָאן דֶער מוּטֶערְס
9 לֵייבּ, אוּן קֵיין מָאל אִיז עֶר נִיט גֶעגַאנְגֶען. דִיזֶער הָאט גֶעהֶערְט,
וָואס פּוֹלוֹס הָאט גֶערֶעדְט, אוּן עֶר הָאט אֵיין קוּק גֶעטָאן אוֹיף
אִיהם; אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, דָאס עֶר הָאט אֱמוּנָה
10 גֶעהָאלְפֶען צוּ וֶוערֶען. הָאט עֶר גֶעזָאגְט מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל:
שְׁטֶעה גְלֵייךְ אוֹיף דֵיינֶע פִּיס, אוּן עֶר הָאט בַּאלְד אֵיין שְׁפְּרוּנְג
11 גֶעטָאן, אוּן אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען. דָאס פָאלְק הָאט דֶערְזֶעהֶען, וָואס
פּוֹלוֹס הָאט גֶעטָאן, הָאבֶּען זֵיי גֶערוּפֶען אוֹיף לוּקוֹנוֹת לָשׁוֹן, אוּן
גֶעזָאגְט: דִיא גֶעטֶער זֶענֶען צוּ אוּנְז אַרָאבּ גֶעקוּמֶען אִין דֶעם
12 גֶעשְׁטַאלְט פָאן מֶענְשֶׁען. אוּן הָאבֶּען בַּר־נַבָּא׳ן גֶערוּפֶען בֵּל, אוּן
פּוֹלוֹס׳ן הֶרְמִיס, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער עֶלְטֶער פָאן דִיא

13 רֶעדְנֶער. דֶער פְּרִיסְטֶער פָאן דֶעם בֵּל'ס הויז, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
פָאר דֶער שְׁטָאדְט, אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם טוֹיעֶר מִיט אָקְסֶען אוּן
קְרֶענְץ, אוּן הָאט גֶעוָואלְט מִיט דֶעם פָאלְק קָרְבָּנוֹת שֶׁעכְטֶען.
14 נוּר וֶוען דִיא שְׁלִיחִים: פּוֹלוֹס אוּן בַּר־נַבָּא, הָאבֶּען דָאס דֶערְהֶערְט,
הָאבֶּען זֵיי צוּרִיסֶען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אוּן זֶענֶען אַרֵיין גֶעלָאפֶען
15 צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק. אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט: מֶענֶער,
פַאר וָואס טְהוּט אִיהר דָאס? מִיר זֶענֶען אוֹיךְ אַזֶעלְכֶע שְׁוַואכֶע
מֶענְשֶׁען, ווִיא אִיהר, אוּן מִיר זָאגֶען אַייךְ אָן, דָאס אִיהר זָאלְט
זִיךְ אוּמְקֵעהרֶען פָאן דִיזֶע נַארֶעשְׁקֵייטֶען, צוּ דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען
גָאטְט, וֶועלְכֶער הָאט הִימֶעל אוּן עֶרְד דֶעם יַם אוּן אַלֶעס וָואס
16 אִיז אִין זֵיי גֶעמַאכְט. וֶועלְכֶער הָאט אִין דִיא פְרִיהֶערִיגֶע דוֹרוֹת
17 גֶעלָאזֶען אַלֶע פֶעלְקֶער זָאלֶען גֶעהְן אִין זֵייעֶרֶע וֶועגֶען. הֲגַם עֶר
הָאט נִיט אוֹיף גֶעהֶערְט אוֹיף זִיךְ אַלֵיין צוּ בֶּעוֵוייזֶען. אוּן הָאט
מִיט אוּנְז גוּטֶעס גֶעטָאן גֶעגֶעבֶּען אוּנְז רֶעגֶען פָאן הִימֶעל אוּן
פְרוּכְטְבַּארֶע צֵייטֶען, אוּן אָנְגֶעפִילְט אוּנְזֶער הַארְץ מִיט שְׁפֵּייז
18 אוּן פְרֵיידֶע. אוּן אוֹיךְ נָאךְ דִיא רֶעד, הָאבֶּען זֵיי מִיט גְרוֹיסֶער
מִיהֶע קָאם אָבְּגֶעהַאלְטֶען דָאס פָאלְק פָאן צוּ שֶׁעכְטֶען פַאר זֵיי
19 קָרְבָּנוֹת. אוּן אֵיינִיגֶע אִידֶען פָאן אַנְטִיוֹכְיָא אוּן אִיקָנְיוֹן זֶענֶען
אַהִין גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶעצְט דָאס פָאלְק, אוּן זֵיי
הָאבֶּען פּוֹלוֹס'ן פַארְוָוארְפֶען מִיט שְׁטֵיינֶער, אוּן הָאבֶּען אִיהם
אַרוֹיס גֶעשְׁלֶעפְּט אוֹיסֶען שְׁטָאדְט, דֶען זֵיי הָאבֶּען אִיהם שׁוֹין
20 גֶערֶעכֶענְט פַאר טוֹיט. וֶוען דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען זִיךְ אַרוּם
אִיהם פֶערְזַאמֶעלְט, אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אִיז אַרֵיין גֶעקוּמֶען
אִין שְׁטָאדְט, אוּן אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אִיז עֶר אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען
21 קֵיין דַרְבִּי, עֶר מִיט בַּר־נַבָּא'ן. אוּן הָאבֶּען אִין דִיזֶער שְׁטָאדְט
אָנְגֶעזָאגְט דִיא בְּשׂוּרָה טוֹבָה, אוּן נָאךְ דֶעם, ווִיא זֵיי הָאבֶּען
דָארְטֶען פִיל תַּלְמִידִים גֶעמַאכְט, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט
22 קֵיין לוּסְטְרָא, אִיקָנְיוֹן, אוּן אַנְטִיוֹכְיָא. זֵיי הָאבֶּען גֶעשְׁטַארְקְט
דִיא הֶערְצֶער פָאן דִיא תַּלְמִידִים, אוּן אָנְגֶעזָאגְט צוּ בְּלֵייבֶּען אִין
דֶער אֱמוּנָה, אוּן גֶעזָאגְט: דָאס דוּרְךְ פִילֶע צָרוֹת דַארְפֶען מִיר
23 אַרֵיינְקוּמֶען אִין דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִין יֶעדֶער
גֶעמֵיינְדֶע, אוֹיסְדֶערְוֶועהלְט פַאר זֵיי עֶלְסְטֶע, אוּן הָאבֶּען מִתְפַּלֵּל

גְעווֶוען אוּן גְעפַאסְט. אוּן הָאבֶּען זַיי אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין דֶער הַאנְד
24 פָאן דֶעם הֶערְרְן. אִין װעלְכֶען זַיי הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט. אוּן זַיי זֶענֶען
דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען אִין פִּיסִידְיָא אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין פַּמְפוּלְיָא.
25 אוּן װען זַיי הָאבֶּען דָאס װָארְט פָאן גָאטְט אָנְגֶעזָאגְט. אִין פַּרְגִי.
26 זֶענֶען זַיי נָאךְ דֶעם אַרָאבּ גֶעגַאנְגֶען קַיין אַטַלְיָא. פָאן דָארְטֶען
זֶענֶען זַיי מִיט דֶער שִׁיף גֶעקוּמֶען קַיין אַנְטִיוֹכְיָא. פָאן װעלְכֶען
(אַרְט) זַיי זֶענֶען אוֹיף גָאטְטֶעס גְנַאדֶע אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען גֶעװָארֶען
27 אִין דֶעם װֶערְק. װעלְכֶע זַיי הָאבֶּען אוֹיסְגֶעפִיהְרְט. װען זַיי זֶענֶען
אַהִין גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען זַיי פֶערְזַאמֶעלְט דִיא גֶעמֵיינְדֶע, אוּן הָאבֶּען
אִיהר דֶערְצֵיילְט, װָאס גָאטְט הָאט מִיט זַיי גֶעטָאן, אוּן דָאס עֶר
28 הָאט גֶעעֶפֶענְט דִיא גוֹיִם דִיא טְהִיר פָאן דֶער אֱמוּנָה. אוּן זַיי
זֶענֶען דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען מִיט דִיא תַּלְמִידִים אֵיין לַאנְגֶע צֵייט.
טו אֵיינִיגֶע מֶענְשֶׁען, װָאס זֶענֶען אַרָאבְּגֶעקוּמֶען פָאן יְהוּדָה, הָאבֶּען
גֶעלֶערְנְט דִיא בְּרִידֶער אוּן גֶעזָאגְט: װען אִיהר װעט זִיךְ נִיט
מַל זַיין נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ פָאן מֹשֶׁה קָאנְט אִיהר נִיט זֶעלִיג װערֶען.
2 אוּן עֶס אִיז גֶעװָארֶען אֵיין גְרוֹיסֶער שְׁטְרֵייט אוּן קְרִיג צְוִוישֶׁען
פּוֹלוֹס אוּן בַּר־נַבָּא׳ן, אוּן זַיי הָאבֶּען בֶּעשְׁלָאסֶען, דָאס פּוֹלוֹס אוּן
בַּר־נַבָּא אוּן אַנְדֶערֶע פָאן זַיי זָאלֶען אַרוֹיפְגֶעהְן קַיין יְרוּשָׁלַיִם צוּ
3 דִיא אַפָּאסְטֶעל אוּן עֶלְטֶסְטֶע װעגֶען דִיזֶער שַׁאֲלָה. אוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶע
הָאט זַיי בֶּעגְלֵייטֶעט, אוּן זַיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ פִינִיקְיָא אוּן
שֹׁמְרוֹן אוּן הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט אִיבֶּער דֶער בֶּעקֶעהרוּנְג פָאן דִיא
גוֹיִם, אוּן אַלֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְרֵייט מִיט אֵיין גְרוֹיסֶע
4 פְרֵיידֶע. אוּן װען זַיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, הָאט דִיא
גֶעמֵיינְדֶע אוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל אוּן עֶלְטֶסְטֶע זַיי אוֹיפְגֶענוּמֶען, אוּן זַיי
הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט, װָאס פַאר גְרוֹיסֶע זַאכֶען גָאטְט הָאט מִיט זַיי
5 גֶעטָאן. אוּן אֵיינִיגֶע גְלוֹיבִּיגֶע פָאן דֶער כִּתָּה פָאן דִיא פְּרוּשִׁים,
זֶענֶען אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: מֶען מוּז זַיי מַל זַיין אוּן
6 מֶען זָאל זַיי בַּאפֶעלֶען אָבּ צוּ הִיטֶען תּוֹרַת מֹשֶׁה. אוּן דִיא
אַפָּאסְטֶעל אוּן דִיא עֶלְטֶסְטֶע הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט זַיי זָאלֶען
7 בֶּעדֶענְקֶען װעגֶען דִיזֶע זַאךְ. װען דֶער שְׁטְרֵייט אִיז אָבֶּער
שְׁטַארְקֶער גֶעװָארֶען, הָאט זִיךְ פֶּטְר אַהִינְגֶעשְׁטֶעלְט אוּן הָאט צוּ
זַיי גֶעזָאגְט: מֶענֶער אוּן בְּרִידֶער, אִיהר װֵייסְט, דָאס גָאטְט הָאט

פָאן לַאנְג אָן מִיךְ אוֹיסדֶערְווֶעהלְט פָאן אוּנְז אַלֶעמֶען, דָאס דִיא
גוֹיִם זָאלֶען הֶערֶען פָאן מֵיין מוֹיל דָאס ווָארְט פָאן דֶער בְּשׂוֹרָה
8 טוֹבָה (עֶוואַנְגֶעלִיאוּם) אוּן זָאלֶען גְלוֹיבֶּען. אוּן דֶער גָאטְט, ווֶעלְכֶער
קָאן דִיא הֶערְצֶער, הָאט אוֹיף זֵיי מִיט דֶעם עֵדוּת גֶעזָאגְט, דָאס
9 עֶר הָאט אוֹיךְ זֵיי גֶעגֶעבֶּען דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, ווִיא אוּנְז. אוּן הָאט
קֵיין אוּנְטֶערְשֵׁייד נִיט גֶעמַאכְט צְווִישֶׁען אוּנְז אוּן זֵיי, ווֵייל עֶר הָאט
10 דוּרְךְ דֶער אֶמוּנָה רֵיין גֶעמַאכְט זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער. אוּן יֶעצְט, ווָאס
פְּרוּבְּט אִיהר גָאטְט, אַרוֹיף צוּ לֵייגֶען אֵיין יָאךְ אוֹיף דִיא תַּלְמִידִים׳ס
הֶעלְזֶער, ווָאס אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן אוּן מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט
11 דֶערְטְרָאגֶען. מִיר גְלוֹיבֶּען אָבֶּער דָאס דוּרְךְ דֶער גְנָאדֶע פָאן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן ווֶעלֶען מִיר גֶערֶעטֶעט ווֶערֶען ווִיא זֵיי.
12 דִיא גַאנְצֶע פַארְזַאמְלוּנְג אִיז שְׁטִיל גֶעבְּלִיבֶּען, אוּן הָאבֶּען גֶעהֶערְט,
ווִיא בַּר־נַבָּא אוּן פּוֹלוֹס דֶערְצֵיילֶען דִיא פִילֶע צֵייכֶען אוּן וואוּנְדֶער,
13 ווֶעלְכֶע גָאטְט הָאט דוּרְךְ זֵיי צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם גֶעטָאן. נָאךְ דֶעם
ווִיא זֵיי הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רֵיידֶען, הָאט זִיךְ יַעֲקֹב אָבְּגֶערוּפֶען
14 אוּן גֶעזָאגְט: מֶענֶער אוּן בְּרִידֶער, הֶערְט מִיךְ צוּ. שִׁמְעוֹן הָאט
אַייךְ דֶערְצֵיילְט, ווִיא גָאטְט הָאט אִין אָנְפַאנְג גֶעזֶעהֶען צוּ נֶעמֶען
15 אֵיין פָאלְק פָאן דִיא גוֹיִם פַאר זֵיין נָאמֶען. אוּן דֶערְמִיט זֶענֶען
16 מַסְכִּים דִיא רֶעד פָאן דִיא נְבִיאִים, ווִיא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: „נָאךְ
דִיזֶען ווִיל אִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אוּן ווִידֶער אוֹיפְבּוֹיעֶן דִיא אֵיינְגֶעפַאלֶענֶע
סֻכָּה פָאן דָוִד׳ן, אוּן אִיהרֶע חוּרְבוֹת ווִידֶער אוֹיפְבּוֹיעֶן אוּן אוֹיפְ־
17 שְׁטֶעלֶען. כְּדֵי דִיא אִיבֶּערִיגֶע מֶענְשֶׁען אוּן אַלֶע פֶעלְקֶער זָאלֶען
גָאטְט זוּכֶען, בֵּיי ווֶעלְכֶע מֵיין נָאמֶען אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, זָאגְט
18 גָאטְט, ווֶעלְכֶער טְהוּט דָאס אַלְץ.״ גָאטְט אִיז בַּאַקַאנְט פָאן עֶווִיג
19 אָן אַלֶע זֵיינֶע מַעֲשִׂים. דֶערִיבֶּער דֶענְק אִיךְ: נִיט מַחֲמִיר צוּ זֵיין
20 אוֹיף דִיא ווָאס קֶעהְרֶען זִיךְ אוּם פָאן דִיא גוֹיִם צוּ גָאטְט. נוּר צוּ
שְׁרֵייבֶּען זֵיי, דָאס זֵיי זָאלֶען זִיךְ אָבְּהַאלְטֶען פָאן טֻמְאוֹת, נִיט צוּ
בֶּעשְׁמוּצֶען זִיךְ מִיט גֶעטְצֶען אוּן זְנוּת, אוּן דֶערְווָארְגֶענֶע פְלֵייש
21 (בְּהֵמוֹת) אוּן בְּלוּט. דֶען פָאן אַלְטֶע צֵייטֶען הָאט משֶׁה פְּרֶעדִיגֶער
(דַרְשָׁנִים) אִין יֶעדֶער שְׁטָאדְט, אוּן אַלֶע שַׁבָּת ווֶערְט עֶר גֶעלֵייעֶנְט
22 אִין דִיא שוּלֶען. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען דִיא שְׁלִיחִים, עֶלְסְטֶע אוּן
דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע בֶּעשְׁלָאסֶען, אוֹיסְדֶערְווֶעהְלֶען פָאן צְווִישֶׁען

זִיךְ מֶענְשֶׁען, צוּ שִׁיקֶען זֵיי קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא צוּזַאמֶען מִיט פּוֹלוֹס אוּן
בַּר־נַבָּא׳ן, יְהוּדָה, וֶועלְכֶען מֶען הָאט גֶערוּפֶען בַּר־שַׁבָּא אוּן סִילָא,
מֶענֶער, וֶועלְכֶע זֶענֶען דִיא פִיהְרֶער אוּנְטֶער דִיא בְּרִידֶער גֶעוֶועזֶען.
23 זֵיי הָאבֶּען גֶעשְׁרִיבֶּען אוּן דוּרְךְ זֵיי גֶעשִׁיקְט: מִיר אַפָּאסְטֶעל אוּן
עֶלְסְטֶע אוּן דִיא בְּרִידֶער גֶערִיסֶען דִיא בְּרִידֶער פָאן דִיא גוֹיִם
24 אִין אַנְטִיוֹכְיָא, סוּרְיָא אוּן קִילִיקְיָא. וֵוייל מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט,
דָאס אֵיינִיגֶע פָאן אוּנְז זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען אַייךְ מִיט
זֵייעֶרֶע רֶעד אוּנְרוּהִיג גֶעמַאכְט, אוּן הָאבֶּען אֵייעֶרֶע גֶעמִיטֶער
שְׁוֶוער גֶעמַאכְט מִיט דֶעם, וָואס זֵיי זָאגֶען, דָאס אִיהר דַארְפְט
זִיךְ מַל זַיין, אוּן הִיטֶען דִיא תּוֹרָה, וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען זֵיי נִיט
25 בַּאפוֹילֶען. דֶערִיבֶּער זֶענֶען מִיר צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען
בֶּעשְׁלָאסֶען אוֹיס צוּ וֶועהְלֶען מֶענְשֶׁען אוּן שִׁיקֶען מִיט בַּר־נַבָּא אוּן
26 פּוֹלוֹס׳ן אוּנְזֶערֶע גֶעלִיבְּטֶע. מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ מוֹסֵר
נֶפֶשׁ גֶעוֶועזֶען פַאר דֶעם נָאמֶען פָאן אוּנְזֶערְן הֶערְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
27 אוּן מִיר הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט יְהוּדָה אוּן סִילָא, דָאס זֵיי זָאלֶען אַייךְ
28 דָאסְזֶעלְבִּיגֶע מִיט זֵייעֶר מוֹיל דֶערְצֵיילֶען. דָאס דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ
אוּן אוּנְז גֶעפֶעלֶען נִיט אַרוֹיף צוּ לֵייגֶען אוֹיף אַייךְ אֵיין אַנְדֶער
29 לַאסְט, אוֹיסֶער פָאן דִיזֶע נוֹיטְוֶוענְדִיגֶע זַאכֶען: אִיהר זָאלְט אַייךְ
אָבְּהַאלְטֶען פָאן דִיא קָרְבָּנוֹת פָאן אָבְּגֶעטֶער אוּן פָאן בְּלוּט, אוּן
פָאן דֶערְשְׁטִיקְטֶע פְלֵייש (בְּהֵמוֹת) אוּן פָאן זְנוּת, וֶוען אִיהר וֶועט
אַייךְ דֶערְפוּן אָבְּהִיטֶען, אַזוֹי וֶועט אִיהר גוּט טָאן, לֶעבְּט אִין שָׁלוֹם.
30 דִיא מֶענְשֶׁען זֶענֶען אַוֶועק גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען
קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא, אוּן הָאבֶּען פֶערְזַאמֶעלְט דָאס פָאלְק, אוּן הָאבֶּען
31 זֵיי אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דֶעם בְּרִיף. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעלֵייעֶנְט,
32 אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְרֵייט אִיבֶּער דֶעם טְרֵייסְט. אוּן יְהוּדָה אוּן
סִילָה, וֶועלְכֶע זֶענֶען אוֹיךְ נְבִיאִים גֶעוֶועזֶען, הָאבֶּען גֶעטְרוֹיסְט דִיא
33 בְּרִידֶער מִיט פִילֶע וֶוערְטֶער, אוּן הָאבֶּען זֵיי גֶעשְׁטַארְקְט. אוּן
זֶענֶען דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען אֵיינִיגֶע טֶעג, אוּן דִיא בְּרִידֶער הָאבֶּען זֵיי
34 אַוֶועקְגֶעלָאזְט אִין פְרִידֶען צוּ דִיא שְׁלִיחִים. נוּר דֶער וִוילֶען פָאן
35 סִילָה אִיז גֶעוֶוען, דָארְטֶען צוּ בְּלֵייבֶּען. אוּן פּוֹלוֹס אוּן בַּר־נַבָּא
הָאבֶּען גֶעווֵיינְט אִין אַנְטִיוֹכְיָא. אוּן הָאבֶּען גֶעלֶערְנְט אוּן הָאבֶּען
אָנְגֶעזָאגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה מִיט פִילֶע אַנְדֶערֶע גָאטְטֶעס וֶוערְטֶער.

36 נָאך אִין אֵײנִיגֶע טֶעג הָאט פּוֹלוֹס גֶעזָאגְט צוּ בַּר־נַבָּא'ן:
לָאזֶען מִיר נָאך אֵיין מָאל גֶעהֶען בֶּעזוּכֶען אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער אִין
יֶעדֶער שְׁטָאדְט, וָואס מִיר הָאבֶּען דָארְט גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס וָוארְט
37 פָּאן גָאטְט, אוּן לָאזֶען מִיר זֶעהֶען, וִויא אַזוֹי גֶעהט עֶס זֵיי. בַּר־
נַבָּא הָאט גֶערַאטֶען מִיט צוּ נֶעמֶען יוֹחָנָן, וֶועלְכֶען מֶען הָאט גֶערוּפֶען
38 מַרְקוֹס. נוּר פּוֹלוֹס הָאט נִיט גֶעוָואלְט מִיט נֶעמֶען דֶעם מֶענְשֶׁען,
וֶועלְכֶער אִיז פָאן זֵיי אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אִין פַּמְפּוּלְיָא, אוּן אִיז נִיט
39 גֶעגַאנְגֶען מִיט זֵיי אִין זֵייעֶר אַרְבֵּייט. אוּן עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין
קְרִיג, בִּיז זֵיי הָאבֶּען זִיך אֵיינֶער פָאן דֶעם אַנְדֶערֶען אָבְּגֶעשֵׁיידֶעט,
אוּן בַּר־נַבָּא הָאט גֶענוּמֶען מַרְקוֹס'ן אוּן אִיז מִיט אֵיין שִׁיף גֶעגַאנְגֶען
40 קֵיין קַפְרוֹס. אוּן פּוֹלוֹס הָאט זִיך אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט סִילָא'ן, אוּן דִיא
בְּרִידֶער הָאבֶּען אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין גָאטְטֶעס גְנָאדֶע, אוּן
41 עֶר אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען. אוּן עֶר אִיז דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אִין סוּרְיָה אוּן
אִין קִילִיקְיָא, אוּן הָאט פַארְשְׁטַארְקְט דִיא גֶעמֵיינְדֶען.

טז אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין דַרְבִּי אוּן לוּסְטְרָא דָארְטֶען אִיז
גֶעוֶועזֶען אֵיין תַּלְמִיד, מִיט דֶעם נָאמֶען טִימוֹתִיוֹס, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
אֵיין זָאהְן פָאן אֵיין אִידֶעשֶׁער פְרוֹי, אֵיין גְלוֹיבִּיגֶע אוּן זֵיין פָאטֶער
2 אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין גְרִיכֶע. אוּן אוֹיף אִיהם הָאבֶּען עֵדוּת גֶעזָאגְט דִיא
3 בְּרִידֶער, וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין לוּסְטְרָא אוּן אִיקָנְיוֹן. אִיהם הָאט
פּוֹלוֹס גֶעוָואלְט הָאבֶּען, עֶר זָאל מִיט אִיהם אַרוּמְגֶעהְן, אוּן עֶר
הָאט אִיהם גֶענוּמֶען אוּן הָאט אִיהם מַל גֶעוֶועזְן, וֶועגֶען דִיא אִידֶען,
וֶועלְכֶע זֶענֶען אִין יֶענֶע עֶרְטֶער גֶעוֶועזֶען, וֵוייל אַלֶע הָאבֶּען
4 גֶעוואוּסְט, דָאס זֵיין פָאטֶער אִיז אֵיין גְרִיכֶע. אוּן וֶוען זֵיי זֶענֶען
דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא שְׁטֶעדְט, הָאבֶּען זֵיי אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִיא
גֶעזֶעצֶע, וֶועלְכֶע דִיא שְׁלִיחִים אוּן עֶלְסְטֶע אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען
5 בַּאפוֹילֶען, דָאס מֶען זָאל זֵיי הַאלְטֶען. אוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶען הָאבֶּען
זִיך גֶעשְׁטַארְקְט דוּרְך דֶער אֱמוּנָה אוּן זֶענֶען פָאן טָאג צוּ טָאג
6 גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען אִין צָאל. זֵיי זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אִין פְרוּגְיָא
אוּן אִין לַאנְד גָלַטְיָא. דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ הָאט זֵיי נִיט גֶעלָאזְט
7 אָנְצוּזָאגֶען דָאס וָוארְט אִין אַסְיָא. וֶוען זֵיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין
מוּסְיָא, הָאבֶּען זֵיי לוּסְט גֶעהַאט צוּ גֶעהְן קֵיין בִּיתוּנְיָא, נָאר דֶער
8 רוּחַ הַקֹּדֶשׁ הָאט זֵיי נִיט דֶערְלָאזֶען. זֵיי הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען

9 מוּסְיָא אוּן זֶענֶען אַרָאבּ גֶעקוּמֶען קֵיין טְרוֹאָס. אוּן בֵּיי נַאכְט
הָאט פּוֹלוֹס גֶעהַאט אֵיין עֶרְשֵׁיינוּנְג, עֶס הָאט זִיךְ אִיהם
פָּארְגֶעשְׁטֶעלְט אֵיין מַאן פָּאן מוּקְדוֹן, אוּן הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען
10 אוּן גֶעזָאגְט: גֶעה אִיבֶּער קֵיין מַקְדוֹנְיָא אוּן הֶעלְף אוּנְז. נָאךְ דֶעם
וִויא עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא עֶרְשֵׁיינוּנְג הָאבֶּען מִיר לוּסְט גֶעהַאט
צוּ גֶעהְן קֵיין מַקְדוֹנְיָא, ווייל מִיר הָאבֶּען גֶעוואוּסְט, דָאס גָאטְט
הָאט אוּנְז גֶערוּפֶען צוּ גֶעהְן אַהִין אָנְצוּזָאגֶען צוּ זֵיי דִיא בְּשׂוֹרָה
11 טוֹבָה. אוּן מִיר זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פָּאן טְרוֹאָס, אוּן מִיר זֶענֶען
מִיט דֶער שִׁיף גֶעגַאנְגֶען אוּן גֶעקוּמֶען מִיט דֶעם גְלֵייכֶען וֶועג קֵיין
12 סַמוֹתְרַקְיָא, אוּן אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג קֵיין נַפּוֹלִישׁ. אוּן פָּאן
דָארְטֶען קֵיין פִּילִיפִּי, דָאס אִיז דִיא הוֹיפְּט שְׁטָאדְט פָּאן דֶעם
טֵייל מַקְדוֹנְיָא אֵיין קָאלָאנִיֶע, אוּן מִיר זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶער
13 שְׁטָאדְט אֵיינִיגֶע טֶעג. אַם שַׁבָּת זֶענֶען מִיר אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען
אוֹיסֶען שְׁטָאדְט צוּם טֵייךְ, וואוּ נָאךְ זֵייעֶר גֶעוֶוענְהֵייט אִיז
דָארְטֶען דֶער בֵּית הַמֶדְרָשׁ, אוּן מִיר הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט
אוּן גֶערֶעט צוּ דִיא פְרוֹיעֶן, וָואס הָאבֶּען זִיךְ דָארְטֶען פֶערְזַאמֶעלְט.
14 אוּן אֵיין פְרוֹי פָּאן דֶער שְׁטָאדְט תִיאַטִירָא, מִיטֶען נָאמֶען
לוּדְיָא, וָואס הָאט פַארְקוֹיפְט פּוּרְפּוּר אוּן הָאט פַאר גָאטְט מוֹרָא
גֶעהַאט, הָאט גֶעהֶערְט, אוּן גָאטְט הָאט אִיהר הַארְץ אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט,
15 זִיא זָאל קֶענֶען פַארְנֶעמֶען פּוֹלוֹס וֶוערְטֶער. אוּן וֶוען זִיא אוּן אִיהר
הוֹיזְגֶעזִינְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעטוֹבֵל'ט, הָאט זִיא אוּנְז גֶעבֶּעטֶען אוּן
גֶעזָאגְט, אוֹיבּ אִיהר הַאלְט מִיךְ פַאר אֵיין גְלוֹיבִּיגֶע אִין דֶעם
הֶערְן קוּמְט אִין מֵיין הוֹיז אוּן בְּלֵייבְּט דָארְטֶען. זִיא הָאט אוּנְז
16 דֶערְצוּ גֶעצְוואוּנְגֶען. עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען
צוּם בֵּית הַמֶדְרָשׁ, הָאט אוּנְז בַּאגֶעגֶענְט אֵיין דִינְסְט, וָואס זִיא הָאט
גֶעהַאט אֵיין רוּחַ פָּאן וָוארְזָאגֶען, אוּן דוּרְךְ אִיהר וָוארְזָאגֶען הָאט
17 זִיא אֵיין גְרוֹיסֶען פַארְדִינְסְט אִיהר הֶערְן אֵיינְגֶעבְּרַאכְט. אוּן זִיא
אִיז פּוֹלוֹס'ן נָאכְגֶעגַאנְגֶען אוּן אוּנְז, אוּן הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט:
דִיזֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען קְנֶעכְט פָּאן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען גָאטְט, אוּן
18 זֵיי פְּרֶעדִיגֶען אוּנְז דֶעם וֶועג פָּאן הִילְף. אַזוֹי הָאט זִיא גֶעטָאן פִילֶע
טֶעג. פּוֹלוֹס'ן אִיז דָאס נִיט גֶעפֶעלֶען גֶעוָוארֶען, אוּן עֶר הָאט זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּן הָאט גֶעזָאגְט דֶעם רוּחַ: אִיךְ בַּאפֶעל דִיר אִין

דֶעם נָאמֶען פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אַרוֹיס צוּ גֶעהְן פָאן אִיהר. אוּן
19 עֶר אִיז גְלֵייך אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען. וֶוען אִיהר הֶערְר הָאט גֶעזֶעהֶען
דָאס זֵיין הָאפֶענוּנְג צוּ הָאבֶּען פֶערְדִינְסְט פָאן אִיהר אִיז פֶערְלָארֶען
גֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעחַאפְּט פּוֹלוֹס'ן אוּן סִילָא אוּן הָאט זֵיי
גֶעשְׁלֶעפְּט אִין מַארְק אַרֵיין צוּ דִיא עֶלְסְטֶע פָאן דֶער שְׁטָאדְט.
20 אוּן וֶוען עֶר הָאט זֵיי גֶעבְּרַאכְט צוּ דִיא עֶלְסְטֶע הָאט עֶר גֶעזָאגְט:
דִיזֶע לֵייט זֶענֶען אִידֶען, אוּן מַאכֶען אוּנְרוּהִיג אוּנְזֶער שְׁטָאדְט.
21 זֵיי פְּרֶעדִיגֶען גֶעזֶעצְטֶע, וֶועלְכֶע מִיר רוֹמִים דַארְפֶען נִיט אָנְנֶעמֶען
22 אוּן טָאן. דָאס פָאלְק אִיז אוֹיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען גֶעגֶען זֵיי, אוּן דִיא
עֶלְסְטֶע הָאבֶּען פָאן זֵיי אַרָאבּ גֶערִיסֶען דִיא קְלֵיידֶער, אוּן הָאבֶּען
23 גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל זֵיי שְׁמֵייסֶען. נָאךְ דֶעם וִויא מֶען הָאט זֵיי פִּיל
גֶעשְׁמִיסֶען הָאט מֶען זֵיי אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין גֶעפֵיינְגֶענֶעס, אוּן מֶען
הָאט בַּאפוֹילֶען דֶעם הִיטֶער, פָאן גֶעפֵיינְגֶענֶעס, עֶר זָאל זֵיי
24 שְׁטַארְק הִיטֶען. אוּן עֶר הָאט גֶעטָאן נָאךְ דֶעם בַּאפֶעהל אוּן
הָאט זֵיי אַרֵיינְגֶעזֶעצְט אִין דֶעם אִינֶעוֵוינִיגְסְטֶען גֶעפֵיינְגֶענֶעס, אוּן
25 זֵייעֶרֶע פִּיס הָאט עֶר פַארְשְׁלָאגֶען אִין אֵיין קְלָאץ. אַרוּם
הַאלְבֶּע נַאכְט הָאבֶּען פּוֹלוֹס אוּן סִילָא תְּפִלָּה גֶעטָאן, אוּן גָאטְט
26 גֶעלוֹיבְּט, אוּן דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע הָאבֶּען זֵיי צוּגֶעהֶערְט. פְּלוּצְלִינְג
אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין גְרוֹיס עֶרְדְצִיטֶערְנֶעס, אַזוֹי דָאס דֶער פוּנְדַאמֶענְט
פָאן דֶעם גֶעפֵיינְגֶענֶעס הָאט גֶעצִיטֶערְט. בַּאלְד הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע
טְהִירֶען גֶעעֶפֶענְט אוּן דִיא קֵייטֶען זֶענֶען בֵּיי אַלֶעמֶען לוֹיז גֶעוָוארֶען.
27 אוּן וֶוען דֶער הִיטֶער פָאן דֶעם גֶעפֵיינְגֶענֶעס הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט
אוּן הָאט דֶערְזֶעהֶען, דָאס דִיא טְהִירֶען פָאן דֶעם גֶעפֵיינְגֶענֶעס
זֶענֶען אָפֶען הָאט עֶר אַרוֹיס גֶעצוֹיגֶען דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּן הָאט זִיךְ
גֶעוָואלְט טוֹיטֶען; עֶר הָאט גֶעדַאכְט, דָאס דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע זֶענֶען
28 אַנְטְלָאפֶען. נוּר פּוֹלוֹס הָאט אֵיין גֶעשְׁרֵיי גֶעטָאן מִיט אֵיין הוֹיכֶען
קוֹל אוּן גֶעזָאגְט: טְהוּ דִיר קֵיין שוּם בֶּעז נִיט, דֶען מִיר זֶענֶען
29 אַלֶע דָא. עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען גֶעבֶּען אֵיין לִיכְט, אִיז אַרֵיין
גֶעלָאפֶען אִין גֶעפֵיינְגֶענֶעס, אוּן מִיט צִיטֶערְנֶעס אִיז עֶר גֶעפַאלֶען
30 צוּ דִיא פִּיס פָאן פּוֹלוֹס אוּן סִילָא. אוּן עֶר הָאט זֵיי אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט
אוּן הָאט גֶעזָאגְט: מֵיינֶע הֶערְן, וָואס זָאל אִיךְ טָאן, אִיךְ זָאל
31 גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען? אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט: גְלוֹיבְּט אִין

דֶעם הֶערְרְן יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וֶועסְט דוּא דִיךְ אוּן דַיין גַאנְצֶע הוֹיז
32 רֶעטֶען. אוּן זַיי הָאבֶּען אִיהם גֶערֶעט דָאס וָוארְט פָאן גָאטְט
33 אוּן אוֹיךְ צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהם אִין הוֹיז גֶעוֶוען. אוּן עֶר
הָאט זַיי גֶענוּמֶען אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער שְׁטוּנְדֶע אִין דֶער נַאכְט,
אוּן הָאט אָבְּגֶעוַואשֶׁען זַייעֶרֶע וואוּנְדֶען, אוּן עֶר אַלֵיין אוּן אַלֶע
34 פָאן זַיין הוֹיז הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד טוֹבֵל גֶעוֶוען. אוּן עֶר הָאט זַיי
גֶענוּמֶען אוּן הָאט זַיי אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אִין זַיין הוֹיז, גֶעגְרֵייט צוּם
טִישׁ פַאר זַיי, אוּן הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייט מִיט זַיין גַאנְצֶעם הוֹיז, דָאס
35 עֶר אִיז אַיין גְלוֹיבִּיגֶער אִין גָאטְט גֶעוָוארֶען. וֶוען עֶס אִיז טָאג
גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען דִיא עֶלְסְטֶע גֶעשִׁיקְט דִיא שְׁטָאדְט דִינֶערְס אוּן
36 גֶעזָאגְט מֶען זָאל פְרֵייא לָאזֶען יֶענֶע מֶענְשֶׁען. אוּן דֶער הִיטֶער
פָאן גֶעפֵיינְגֶענֶעם הָאט דֶערְצֵיילְט צוּ פּוֹלוֹס'ן דִיזֶע וֶוערְטֶער, אוּן
גֶעזָאגְט: דִיא עֶלְסְטֶע הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט דָאס מֶען זָאל אַייךְ
37 בֶּעפְרֵייעֶן, אוּן יֶעצְט גֶעהט אִין פְרִידֶען. נוּר פּוֹלוֹס הָאט זַיי
גֶעזָאגְט: אוּנְז רוֹמִישֶׁע בִּירְגֶער הָאט מֶען אָהן מִשְׁפָּט עֶפֶענְטְלִיךְ
פַאר דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק גֶעשְׁלָאגֶען, אוּן אַרֵיין גֶעוָוארְפֶען אִין
גֶעפֵיינְגֶענֶעס, אוּן יֶעצְט לָאזְט מֶען אוּנְז אָבּ אִין פַארְבָּארְגֶענֶעם,
38 נוּן, לָאזֶען זַיי קוּמֶען, אוּן זָאלֶען אוּנְז אַלֵיין אַרוֹיס פִיהרֶען. אוּן
דִיא שְׁטָאדְט דִינֶער הָאבֶּען דִיא וֶוערְטֶער אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא
עֶלְסְטֶע, אוּן וֶוען זַיי הָאבֶּען דֶערְהֶערְט, דָאס זַיי זַיינֶען רוֹימֶער,
39 הָאבֶּען זַיי זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען. אוּן זַיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּן הָאבֶּען
גֶעבֶּעטֶען פָאן זַיי פֶערְצֵייהוּנְג, אוּן הָאבֶּען זַיי אַרוֹיס גֶעפִיהרְט אוּן
40 גֶעבֶּעטֶען זַיי זָאלֶען אַוֶועק גֶעהן פָאן דֶער שְׁטָאדְט. זַיי זֶענֶען
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פָאן גֶעפֵיינְגֶענֶעם אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ לוּדְיָא
אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעהֶען מִיט דִיא בְּרִידֶער, אוּן הָאבֶּען זַיי
פַארְזָאגְט, אוּן זֶענֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען.

יז וֶוען זַיי זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אַמְפִּפּוֹלִיס אוּן אַפּוֹלוֹנְיָא, זֶענֶען
זַיי גֶעקוּמֶען קַיין תַּסְלוֹנִיקִי, דָארְטֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אַיין אִידֶעשֶׁע
2 שׁוּל. אוּן פּוֹלוֹס נָאךְ זַיין גֶעוֵוינְהֵייט, אִיז צוּ זַיי אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען,
אוּן דְרַיי שַׁבָּתִים הָאט עֶר מִיט זַיי וִכּוּחִים גֶעהַאט אִיבֶּער דֶער
3 שְׁרִיפְט (תנ"ך). עֶר הָאט זַיי גֶעעֶפֶענְט אוּן דֶערְוִויזֶען, דָאס דֶער
מָשִׁיחַ הָאט גֶעמוּסְט לֵיידֶען, אוּן אוֹיפְשְׁטֶעהן פָאן דִיא טוֹיטֶע, אוּן

4 דאָס דיזער מָשִׁיחַ איז יֵשׁוּעַ, וועלכען איך זאָג אייך אָן. און אייניגע
פאָן זיי האָבען געגלויבט, און זענען צו געשטאַנען צו פּוֹלוֹס און
סִילָה, און פילע פאָן די גריכען, וועלכע האָבען פאַר גאָט מוֹרָא
5 געהאַט, אויך ניט ווייניג אָנגעזעהענע פרויען. די ניט גלויביגע
פאָן די אידען האָבען זיך אָנגענומען מיט קִנְאָה און האָבען
גענומען שלעכטע מענשען פאָן דעם מאַרק און האָבען אָנגעזאַמעלט
דעם הַמוֹן־עַם, און האָבען געמאַכט איין טומעל אין שטאָדט און
האָבען באַלעגערט יָסוֹן'ס הויז, און געוואָלט, זיי אַרויס נעמען
6 צום פאָלק. ווען זיי האָבען זיי ניט געפונען, האָבען זיי יָסוֹן אַרויס
געשלעפּט און מענשען פאָן די ברידער צו די עלטסטע פאָן
דער שטאָדט, און האָבען געשריגען, און געזאָגט: וועהט, די
וואָס פאַרפיהרען די גאַנצע וועלט זענען אַהער אויך געקומען.
7 און יָסוֹן האָט זיי צו זיך אין הויז אַריינגענומען, און זיי אַלע טהוען
געגען דעם קֵיסַר'ס געזעצע, ווייל זיי זאָגען, דאָס עס איז דאָ איין
8 אַנדערער קעניג יֵשׁוּעַ. און זיי האָבען דערצאַרענט דאָס פאָלק
און די עלטסטע פאָן דער שטאָדט, וועלכע האָבען דיזעס געהערט.
9 און זיי האָבען גענומען עַרְבוּת פאָן יָסוֹן, און פאָן די איבעריגע,
10 און האָבען זיי אָבגעלאָזען. די ברידער האָבען באַלד אין
דער נאַכט אַוועק געפיהרט פּוֹלוֹס'ן און סִילָא קיין בְּרוֹאָה, און
ווען זיי זענען אַהין געקומען זענען זיי אַריינגעגאַנגען אין דער
11 אידעשער שול. דיזע זענען אָנשטענדיגער געוועזען פאָן די
תַּסְלוֹנִיקֶער לייט, און זיי האָבען אָנגענומען מיטען גאַנצען הַאַרצען
דאָס וואָרט, און האָבען אַלע טאָג געפאָרשט אין דער שריפט
12 (ת"נך), כְּדֵי צו וויסען אויב עס איז אַזוי ריכטיג. פיל פאָן זיי
האָבען געגלויבט, און אויך פילע פאָן די גריכישע אָנשטענדיגע
13 פרויען, און ניט ווייניגע פאָן די מענער. און ווען די אידען פאָן
תַּסְלוֹנִיקִי האָבען געהערט, דאָס אויך אין בְּרוֹאָה זאָגט פּוֹלוֹס אָן
דאָס וואָרט פאָן גאָט, זענען זיי געקומען, און האָבען אויפגעהעצט
14 דאָס פאָלק אויך דאָרטען. און די ברידער האָבען באַלד אַוועק
געלאָזען פּוֹלוֹס'ן, ער זאָל געהן ביז צום יַם, און סִילָא און טִימוֹתִיוֹס
15 זענען דאָרטען געבליבען. און די וואָס האָבען פּוֹלוֹס'ן בעגלייטעט
האָבען איהם געפיהרט ביז אַתֵּינַס, און דאָרטען האָט ער זיי

אָנגעזאָגט, דאס זיי זאָלען זאָגען צו סילאַ און טימותיוס, דאס זיי זאָלען גיך צו איהם קומען, און זיי זענען אַוועק געגאַנגען.
16 ווען פולוס האָט אויף זיי געוואַרט, איז זיין גייסט אין איהם
פאַרביטערט געוועזען ווייל ער האָט געזעהען, דאס דיא שטאָדט
17 איז פול מיט אָבגעטער. און ער האָט גערעט אין שול מיט דיא
אידען, און מיט דיא וואָס האָבען מורא געהאַט פאַר גאָט, און
אין מאַרק אַלע טאָג מיט דיא וואָס זענען איהם פאָרגעקומען.
18 אויך איינינגע פאָן דיא פילאָזאָפען פאָן דער כתה פאָן אַפּיקורים,
און אַנדערע, וועלכע מען האָט גערופען אַסטויקע, האָבען מיט
איהם גערעט, און איינינגע האָבען געזאָגט: וואָס וויל דער
פלוידערער זאָגען, און אַנדערע האָבען געזאָגט: עס שיינט ער
פרעדיגט פרעמדע געטער, ווייל ער האָט זיי אָנגעזאָגט ישוע'ן
19 און תחית המתים. און מען האָט איהם געהאַפט און געבראַכט
צום געריכטס הויז, וואָס מען האָט גערופען אַריופּגוס, און זיי
האָבען געזאָגט: דאַרפען מיר וויסען וואָס דאָס איז פאַר איינע
20 נייע לעהרע, וועלכע דוא לעהרענסט? דען דוא גיבסט אונז
זעלטענע זאַכען צו הערען; אַזוי וואָלטען מיר וועלען וויסען, וואָס
21 דאָס איז. אַלע אַתינער און אויך פרעמדע, וועלכע האָבען
דאָרטען געוואוינט, האָבען צו קיין זאַך ניט אַזוי לוסט געהאַט, וויא
22 אויף עטוואָס נייעס צו רעדען אָדער צו הערען. און פולוס
האָט זיך געשטעלט אין מיטען פאָן דעם אַריופּגוס און האָט
געזאָגט: מענער פאָן אַתינס! איך זעה אין אַלדינג, דאס איהר
23 זענט זעהר רעליגיאָז. ווען איך בין דורכגעגאַנגען, און האָב
בעטראַכט אייער גאָטטעס דינסט, האָב איך געפונען איין מזבח,
וואָס אויף איהם איז געוועזען אויף געשריבען: „צו דעם ניט
בעקאַנטען גאָטט." און יעצט, דעם, וועלכען איהר דינט און
24 עהרעט און קענט איהם ניט, דעם, זאָג איך אייך אָן. דער גאָטט,
וועלכער האָט דיא וועלט געמאַכט און אַלץ וואָס אין איהר איז,
און איז דער הערר פאָן דעם הימעל און דער ערד, וואוינט ניט
25 אין טעמפלען וואָס זענען מיט הענד געמאַכט. אויך קאָן ער ניט
באַדינט ווערען פאָן מענשענס הענד, גלייך אַזוי וויא ער וואָלט
עטוואָס נייטיג האָבען, ווייל ער איז דער וואָס גיט יעדען לעבען,

אֵיין נְשָׁמָה, אוּן אַלְדִינְג. פָאן אֵיין בְּלוּט הָאט עֶר אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט 26
אַלֶע מֶענְשְׁלִיכֶע פֶעלְקֶער זַיי זָאלֶען בַּאוֵוינֶען דֶעם גַאנְצֶען שֶׁטַח
פָאן דֶער עֶרְד, אוּן הָאט פְרִיהֶער בֶּעשְׁטִימְט צֵייטֶען אוּן דִיא
גְרֶענְעֶצֶען פָאן זֵייעֶר וַוִיינוּנְג פַאר זַיי אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט. כְּדֵי זַיי זָאלֶען 27
גָאטְט זוּכֶען, טָאמֶער וֶועלֶען זַיי אִיהם דֶערְפִיהלֶען, אוּן וֶועלֶען
אִיהם גֶעפִינֶען, הֲגַם עֶר אִיז נִיט וַוייט פָאן יֶעדֶען פָאן אוּנְז. דֶען 28
אִין אִיהם לֶעבֶּען אוּן וִוירְקֶען מִיר, אוּן הָאבֶּען אֵיין קִיוּם; וִויא
אוֹיךְ אֵיינִיגֶע פָאן אֵייעֶרֶע פָּאעֶטֶען זָאגֶען, מִיר זֶענֶען זַיין דוֹר.
דֶערִיבֶּער וֶוען מִיר זֶענֶען גָאטְטֶעס דוֹר, אַזוֹי דַארְפֶען מִיר נִיט 29
מֵיינֶען, דָאס גֶעטְטְלִיכֶע אִיז גְלֵייךְ צוּ גָאלְד אָדֶער זִילְבֶּער אָדֶער
שְׁטֵיין, גְלֵייךְ וִויא אֵיין בִּילְד פָאן מֶענְשְׁלִיכֶע קוּנְסְט אָדֶער אוֹיסְ־
דֶענְקוּנְג. נוּן, הָאט גָאטְט, נָאכְדֶעם וִויא עֶר הָאט אוֹיף דִיא צֵייטֶען 30
פָאן אוּנְוִויסֶענְהֵייט נִיט גֶעזֶועהֶען, יֶעצְט אַלֶע מֶענְשֶׁען אִיבֶּערַאל
גֶעלָאזֶען אָנְזָאגֶען, תְּשׁוּבָה צוּ טָאן. וַוייל עֶר הָאט בַּאשְׁטִימְט 31
אֵיין טָאג צוּ מִשְׁפָּט'ן דִיא וֶועלְט מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דוּרְךְ דֶעם
מַאן, וֶועלְכֶען עֶר הָאט דֶערְצוּ בֶּעשְׁטִימְט. נָאךְ דֶעם וִויא עֶר הָאט
יֶעדֶען מַאן דֶעם גְלוֹיבֶּען גֶעעֶפֶענְט, דוּרְךְ דֶעם וָואס עֶר הָאט
אִיהם אוֹיפְגֶעוֶועקְט, פָאן דִיא טוֹיטֶע. וֶוען זַיי הָאבֶּען דֶערְהֶערְט 32
תְּחִיַת הַמֵתִים, דִיזֶע הָאבֶּען אִיהם אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט, אוּן אַנְדֶערֶע
הָאבֶּען גֶעזָאגְט: וֶועגֶען דֶער זַאךְ וֶועלֶען מִיר דִיךְ אֵיין אַנְדֶערֶען
מָאל הֶערֶען. אוּן אַזוֹי אִיז פוֹלוֹס אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פָאן זֵייעֶר
מִיטֶען. אֵיינִיגֶע זֶענֶען צוּ גֶעשְׁטַאנֶען צוּ אִיהם, אוּן הָאבֶּען 33
גֶעגְלוֹיבְּט: אוּנְטֶער זַיי אִיז גֶעוֶועזֶען דִיוֹנִיסְיוֹס פָאן דִיא רִיכְטֶער
פָאן דֶעם אַרְיוֹפַּגוֹס אוּן אֵיין פְרוֹי מִיט דֶעם נָאמֶען דָמָרִיס, אוּן
נָאךְ אַנְדֶערֶע מִיט זַיי.

יח נָאךְ דֶעם אִיז פוֹלוֹס אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פָאן אַתִּינוֹס אוּן אִיז גֶעקוּמֶען
קַיין קָארִינְט. אוּן הָאט גֶעפוּנֶען אֵיין אִידֶען מִיט דֶעם נָאמֶען 2
עֲקִילַס, גֶעבָּארֶען אִין פוּנְטוּס, אוּן נִיט לַאנְג גֶעקוּמֶען פָאן אִיטַלְיָא
מִיט זַיין וַוייבּ פְּרִיסְקִלָה, וַוייל קְלוֹדְיוּס הָאט גֶעגֶעבֶּען אֵיין בַּאפֶעל,
דָאס אַלֶע אִידֶען זָאלֶען אַרוֹיסְגֶעהְן פָאן רוֹם, אוּן עֶר אִיז צוּ זַיי
גֶעקוּמֶען. וַוייל זַיי הָאבֶּען אַלֶע אֵיין מְלָאכָה גֶעהַאט, אִיז עֶר מִיט 3
זַיי גֶעזֶועסֶען אוּן הָאט גֶעאַרְבֵּייט; זֵייעֶר מְלָאכָה אִיז גֶעוֶועזֶען,

4 גֶעצָֽעלְטֶען צוּ מַאכֶען. אִין יֶעדֶען שַׁבָּת הָאט עֶר אִין שׁוּל גֶערֶעט,
5 אוּן הָאט בַּאוִויזֶען דִיא אִידֶען אוּן דִיא גְרִיכֶען. אוּן וֶוען סִילָא
אוּן טִימוֹתִיוֹס זֶענֶען גֶעקוּמֶען פָאן מַקְדוֹנְיָא, אִיז פּוֹלוֹס גֶעצְוואוּנְגֶען
גֶעוֶועזֶען, דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט, עֵדוּת צוּ זָאגֶען, דָאס יֵשׁוּעַ אִיז דֶער
6 מָשִׁיחַ. וֶוען זֵיי זֶענֶען אָבֶּער דַאגֶעגֶען גֶעוֶועזֶען אוּן הָאבֶּען
גֶעלֶעסְטֶערְט, הָאט עֶר אָבּ גֶעשָׁאקֶעלְט זֵיינֶע קְלֵיידֶער אוּן הָאט
צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: אֵייעֶר בְּלוּט זָאל זֵיין אוֹיף אֵייעֶרֶע קֶעפְּף! אוּן
7 אִיךְ בִּין רֵיין, פָאן נוּן אָן גֶעה אִיךְ צוּ דִיא גוֹיִם. אוּן עֶר אִיז
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פָאן דָארְטֶען, אוּן אִיז גֶעקוּמֶען אִין אֵיין הוֹיז פָאן
אֵיין מַאן, וָואס זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען יוּסְטוּס, עֶר הָאט מוֹרָא
8 גֶעהַאט פַאר גָאטְט, אוּן זֵיין הוֹיז אִיז גֶעוֶועזֶען בֵּיים שׁוּל. אוּן
קְרִיסְפּוּס דֶער עֶלְסְטֶער פָאן דֶער שׁוּל הָאט גֶעגְלוֹיבְּט מִיט זֵיין
גַאנְצֶעס הוֹיז אִין דֶעם הֶערְן, אוֹיךְ פִילֶע קָארִינְטֶער, וֶועלְכֶע
הָאבֶּען אִיהם גֶעהֶערְט, הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אוּן זִיךְ גֶעטוֹבֶל'ט.
9 אוּן דֶער הֶערְר הָאט אִין אֵיין עֶרְשֵׁיינוּנְג אִין דֶער נַאכְט צוּ פּוֹלוֹס'ן
10 גֶעזָאגְט, פִירְכְטֶע נִיט, נוּר רֵייד אוּן שְׁוֵויג נִיט. דֶען אִיךְ בִּין מִיט
דִיר, אוּן קֵיינֶער וֶועט זִיךְ נִיט אוּנְטֶערְשְׁטֶעהְן דִיר שְׁלֶעכְטֶעס
צוּ טָאן, דֶען אִיךְ הָאבּ אֵיין גְרוֹיסֶע פָאלְק אִין דִיזֶער שְׁטָאדְט.
11 אוּן עֶר אִיז דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען אֵיין יָאהר מִיט זֶעכְס חֳדָשִׁים, אוּן
12 הָאט צְוִוישֶׁען זֵיי גֶעלֶעהֶרֶענְט גָאטְטֶעס וָוארְט. אוּן וֶוען גַלִיוֹן
אִיז גֶעוֶועזֶען גוּבֶּערְנַאטָאר פָאן אֲכַיָא, זֶענֶען אַלֶע אִידֶען צוּזַאמֶען
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען גֶעגֶען פּוֹלוֹס'ן, אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעבְּרַאכְט צוּם
13 מִשְׁפָּט. אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דִיזֶער מַאן רֶעט אִיבֶּער מֶענְשֶׁען
14 צוּ דִינֶען גָאטְט נִיט נָאךְ דֶער תּוֹרָה. אוּן וֶוען פּוֹלוֹס הָאט נָאר
גֶעוָואלְט עֶפֶענֶען זֵיין מוֹיל, הָאט גַלִיוֹן שׁוֹין פַאר אִיהם גֶעזָאגְט צוּ
דִיא אִידֶען: אִידֶען וֶוען עֶס זָאל זִיךְ הַאנְדֶעלְן וֶועגֶען אֵיין
פַארְבְּרֶעכֶען, אָדֶער אֵיין אוּמְרֶעכְט, אַזוֹי וָואלְט אִיךְ אֵייךְ עַל פִּי
15 דִין אוֹיסְגֶעהֶערְט. נוּר וֶוען דֶער קְרִיג אִיז אִיבֶּער אֵייעֶר לֶעהְרֶע,
וֶוערְטֶער אוּן נֶעמֶען אִין דֶער תּוֹרָה, אַזוֹי זֶעט אִיהר אַלֵיין צוּ. אִיךְ
16 ווִיל נִיט אֵייעֶר רִיכְטֶער אִיבֶּער אַזֶעלְכֶע זַאכֶען זֵיין. אוּן הָאט זֵיי
17 פַארְטְרִיבֶּען פָאן דֶעם רִיכְטֶער שְׁטוּל. אוּן אַלֶע גְרִיכֶען הָאבֶּען
גֶעחַאפְּט סוֹסְתְּנִיס'ן דֶעם עֶלְסְטֶען פָאן דֶער שׁוּל אוּן הָאבֶּען אִיהם

גֶעשְׁלָאגֶען פַאר דֶעם רִיכְטֶער שְׁטוּל אוּן גַלִיוֹן הָאט זִיךְ דֶערִיבֶּער
גָאר נִיט גֶעקִימֶערְט. אוּן פּוֹלוֹס אִיז דָארְטֶען נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען אַיין 18
לַאנְגֶע צַייט, אוּן הָאט זִיךְ אָבְּגֶעזֶעגֶענְט מִיט דִיא בְּרִידֶער, אוּן אִיז
מִיט דֶער שִׁיף אַרָאבְּגֶעגַאנְגֶען קַיין סוּרְיָא, אוּן מִיט אִיהם פְּרִיסְקִלָה
אוּן עֲקִילַס, ווייל עֶר הָאט אוֹיף זִיךְ גֶעהַאט אַיין נֶדֶר, הָאט עֶר
זַיין קָאפּף גֶעשָׁארֶען אִין קַנְכְּרֵי. אוּן זַיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין 19
אֶפְסוֹס, אוּן עֶר הָאט זַיי דָארְטֶען אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען, אוּן עֶר אַלַיין
אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין שׁוּל אַרַיין, אוּן הָאט גֶערֶעט מִיט דִיא אִידֶען.
אוּן זַיי הָאבֶּען אִיהם גֶעבֶּעטֶען, דָאס עֶר זָאל מִיט זַיי לֶענְגֶער 20
פַארְבְּלַייבֶּען, אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט. נוּר עֶר הָאט זִיךְ 21
מִיט זַיי אָבְּגֶעזֶעגֶענְט אוּן הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ מוּז אוֹיף דֶעם יוֹם
טוֹב וָואס קוּמְט זַיין אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן נָאכְדֶעם וֶועל אִיךְ מִיךְ
אוּמְקֶעהְרֶען צוּ אַייךְ, וֶוען גָאטְט ווִיל. אוּן אִיז פָאן אֶפְסוֹס אַוֶּועק
גֶעפָארֶען מִיט דֶער שִׁיף. אוּן אִיז גֶעקוּמֶען קַיין קִסְרִין אוּן אִיז 22
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעגְרִיסְט דִיא גֶעמַיינְדֶע, אוּן אִיז אַרָאבְּ־
גֶעגַאנְגֶען קַיין אַנְטִיוֹכְיָא. עֶר הָאט דָארְטֶען פֶערְבְּרַאכְט אַיינִיגֶע 23
טֶעג, אוּן אִיז אַוֶּועק אִין וֶועג אַרַיין. אוּן עֶר אִיז דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען
אִין דָאס לַאנְד גָלַטְיָא אוּן פְרוּגְיָא, אוּן הָאט מְחַזֵק גֶעוֶועזֶען אַלֶע
תַּלְמִידִים. אוּן אַיין אִיד אַיין גֶעבָּארֶענֶער אִין אַלֶכְּסַנְדְרִיָא 24
מִיט דֶעם נָאמֶען אַפּוֹלוֹס, אִיז גֶעקוּמֶען קַיין אֶפְסוֹס, דֶער מַאן אִיז
גֶעוֶועזֶען אַיין רֶעדְנֶער, אוּן אַיין גֶעלֶעהְרֶענְטֶער אִין דֶער שְׁרִיפְט
(תנ"ך). עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעלֶעהְרֶענְט אִין דֶער לֶעהְרֶע פָאן דֶעם 25
הֶערְן, אוּן עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַיין בְּרֶענֶענְדֶער גַייסְט, אוּן הָאט
גֶערֶעט אוּן גֶעלֶעהְרֶענְט, גֶעטְרַיי פָאן יְשׁוּעַ. עֶר הָאט אָבֶּער נוּר
גֶעוואוּסְט דִיא טְבִילָה פָאן יוֹחָנָן. אוּן עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען 26
עֶפֶענְטְלִיךְ אִין שׁוּל צוּ רֶעדֶען. עֲקִילַס אוּן פְּרִיסְקִלָה הָאבֶּען
אִיהם גֶעהֶערְט, אוּן הָאבֶּען אִיהם צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען, אוּן הָאבֶּען אִיהם
דִיא לֶעהְרֶע גָאטְטֶעס גֶענוֹיעֶר דֶערְקְלֶערְט. אוּן עֶר הָאט 27
גֶעוואוּנְשֶׁען צוּ גֶעהְן קַיין אֲכַיָא, הָאבֶּען דִיא בְּרִידֶער גֶעשְׁרִיבֶּען
צוּ דִיא תַּלְמִידִים, אוּן הָאבֶּען זַיי גֶעבֶּעטֶען, זַיי זָאלֶען אִיהם
אוֹיפְנֶעהמֶען, אוּן עֶר אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט, דוּרְךְ דֶער
גְנַאדֶע דִיא גְלוֹיבִּיגֶע פִיל גֶעהָאלְפֶען. דֶען עֶר הָאט עֶפֶענְטְלִיךְ 28

מִיט אֵייפֶער דוּרְךְ וִכּוּחִים דִיא אִידֶען פָאן דֶער שְׁרִיפְט (תנ"ך)
דֶערְווִיזֶען, דָאס יְשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ.
יט וֶוען אַפּוֹלוֹס אִיז גֶעוֶוען אִין קָארִינְט אִיז פּוֹלוֹס דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען
אִין דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע לֶענְדֶער, אוּן אִיז אַרָאבְּגֶעקוּמֶען קַיין אֶפְסוֹס,
2 אוּן הָאט דָארְטֶען גֶעפוּנֶען תַּלְמִידִים. אוּן עֶר הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט:
הָאט אִיהר מְקַבֵּל גֶעוֶוען דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ נָאכְדֶעם וִויא אִיהר
זֵייט גְלוֹיבִּיג גֶעוָוארֶען, אוּן זֵיי הָאבֶען אִיהם גֶעזָאגְט: מִיר הָאבֶען
3 אֲפִילוּ נִיט גֶעהֶערְט דָאס עֶס אִיז דָא אֵיין רוּחַ הַקֹּדֶשׁ. אוּן עֶר
הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: צוּ וָואס הָאט אִיהר זִיךְ גֶעטוֹבֶל'ט? אוּן
4 זֵיי הָאבֶען גֶעזָאגְט: אִין דֶער טְבִילָה פָאן יוֹחָנָן. אוּן פּוֹלוֹס
הָאט גֶעזָאגְט: יוֹחָנָן הָאט גֶעטוֹבֶל'ט דִיא טְבִילָה פָאן תְּשׁוּבָה,
אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּם פָאלְק, דָאס זֵיי זָאלֶען גְלוֹיבֶּען אִין דֶעם,
5 וָואס וֶועט נָאךְ אִיהם קוּמֶען. אוּן דֶער אִיז יְשׁוּעַ דֶער מָשִׁיחַ. אוּן
וֶוען זֵיי הָאבֶען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶען זֵיי זִיךְ גֶעטוֹבֶל'ט אִין דֶעם
6 נָאמֶען פָאן דֶעם הֶערְרְן יְשׁוּעַ. אוּן פּוֹלוֹס הָאט אוֹיף זֵיי דִיא
הֶענְד אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אוּן דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ אִיז אוֹיף זֵיי גֶעקוּמֶען,
7 אוּן זֵיי הָאבֶען גֶערֶעט לְשׁוֹנוֹת, אוּן הָאבֶען נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט. זֵיי
8 אַלֶע זֶענֶען גֶעוֶוען צְוֶועלְף מֶענְשֶׁען. אוּן עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין שׁוּל
אַרֵיין, אוּן הָאט דָארְטֶען גֶערֶעט עֶפֶּענְטְלִיךְ, מִיט דֶער
דֶערְקְלֶערוּנְג אוּן צוּ רֶעדוּנְג וֶועגֶען דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים דְרֵיי
9 מָאנַאטֶען לַאנְג. אָבֶּער וִויא אֵיינִיגֶע זֶענֶען הַארְט גֶעוֶועזֶען, אוּן
הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, הָאבֶען גֶעלֶעסְטֶערְט דִיא לֶעהְרֶע פָאן
גָאטְט פַאר דֶעם פָאלְק, אַזוֹי הָאט עֶר זֵיי פַארְלָאזֶען, אוּן הָאט
אָבְּגֶעזוּנְדֶערְט פָאן זֵיי דִיא תַּלְמִידִים, אוּן הָאט צוּ זֵיי גֶערֶעט
10 אַלֶע טָאג אִין בֵּית־הַמִּדְרָשׁ פָאן טִירַאנוּס. דִיזֶעס הָאט צְווֵיי
יָאהר גֶעדוֹיעֶרְט, אַזוֹי דָאס גַאנְץ אַסְיָא אִידֶען אוּן גְרִיכֶען, הָאבֶען
11 גֶעהֶערְט, דָאס וָוארְט פָאן דֶעם הֶערְרְן יְשׁוּעַ. אוּן גָאטְט הָאט
12 גֶעטָאן דוּרְךְ פּוֹלוֹס'ן וֶועלְטֶענֶע וואוּנְדֶער. בִּיז מֶען הָאט גֶעלֵייגְט
טִיכֶער אוּן גַארְטְלֶען פָאן זֵיין לֵייבּ אוֹיף דִיא קְרַאנְקֶע, אוּן דִיא
קְרַאנְקְהֵייט הָאט זֵיי אָבּ גֶעלָאזֶען: אוּן אוֹיךְ דִיא בֶּעזֶע רוּחוֹת
13 זֶענֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען. אֲפִילוּ אִידִישֶׁע שְׁפְּרֶעכֶערְס, (בַּעֲלֵי
שֵׁמוֹת) וָואס גֶעהֶען אַרוּם אוֹיף דֶער וֶועלְט הָאבֶען גֶעוָואלְט

אָנְוֶוענְדֶען דֶעם נָאמֶען פָאן דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ אוֹיף דִיא וָואס
הָאבֶּען גֶעהַאט דִיא בֶּעזֶע רוּחוֹת אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: אִיךְ
בַּאשְׁוֶוער דִיךְ אִין דֶעם נָאמֶען פָאן יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶען פּוֹלוֹס זָאגְט
14 אָן. אַזוֹי הָאבֶּען גֶעטָאן זִיבֶּען קִינְדֶער פָאן סְקֵוָה, אֵיין אִיד
15 פָאן דִיא עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים. אוּן דֶער רוּחַ הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּן
גֶעזָאגְט: יֵשׁוּעַ'ן קֶען אִיךְ, אוּן פּוֹלוֹס'ן ווייס אִיךְ, אָבֶּער וֶוער
16 זֶענְט אִיהר? אוּן דֶער וָואס הָאט גֶעהַאט דֶעם בֶּעזֶען רוּחַ הָאט
אוֹיף זֵיי אֵיין שְׁפְּרוּנְג גֶעטָאן, אוּן הָאט זִיךְ אִיבֶּער זֵיי גֶעשְׁטַארְקְט,
אוּן זֵיי גוֹבֵר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי דָאס זֵיי זֶענֶען אַרוֹיס גֶעלָאפֶען פָאן
17 הוֹיז נַאקֶעט אוּן צוּ שְׁלָאגֶען. דִיא אֵיינְוֵוינֶער פָאן אֶפְסוֹס, אִידֶען
אוּן גְרִיכֶען, זֶענֶען דֶערְפָאן גֶעוָואר גֶעוָוארֶען, אוּן אֵיין שְׁרֶעק אִיז
אוֹיף אַלֶעמֶען גֶעפַאלֶען, אוּן דֶער נָאמֶען פָאן דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ
18 אִיז גְרוֹיס גֶעוָוארֶען. אוּן פִיל פָאן דִיא גְלוֹיבִּיגֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען,
אוּן הָאבֶּען מִתְוַדֶה גֶעוֶוען אוּן מוֹדִיעַ גֶעוֶוען, וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעטָאן.
19 אוּן פִילֶע וָואס הָאבֶּען זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט כִּשׁוּף הָאבֶּען זֵייעֶרֶע
בִּיכֶער גֶעבְּרַאכְט אוּן הָאבֶּען זֵיי עֶפֶענְטְלִיךְ אִין פֵייעֶר פַארְבְּרֶענְט,
אוּן מֶען הָאט בַּארֶעכֶענְט דֶעם וֶוערְט פָאן זֵיי, אִיז גֶעוֶוען פוּנְפְצִיג
20 טוֹיזֶענְד דִינָרִים. מִיט אַזוֹי אֵיין קְרַאפְט הָאט דָאס וָוארְט פָאן
גָאטְט גֶעוַואקְסֶען, אוּן עֶס אִיז שְׁטַארְקֶער אוּן אוֹיסְגֶעבְּרֵייטֶעטֶער
21 גֶעוָוארֶען. וִויא אָבֶּער דִיזֶע זַאכֶען זֵיינֶען דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען,
הָאט פּוֹלוֹס בֵּיי זִיךְ אִין גֵייסְט, פָארְגֶענוּמֶען צוּ גֶעהְן אִיבֶּער
מַקְדוֹנְיָא אוּן אֲכַאיָא קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן הָאט גֶעזָאגְט נָאךְ דֶעם
22 וִויא אִיךְ וֶועל דָארְטֶען זֵיין, מוּז אִיךְ נָאךְ רוֹם בֶּעזוּכֶען. אוּן הָאט
גֶעשִׁיקְט צְוֵויי פָאן זֵיינֶע גֶעהִילְפֶען קֵיין מַקְדוֹנְיָא: טִימוֹתִיוֹס אוּן
אֶרַסְטוֹס, אוּן עֶר אַלֵיין אִיז נָאךְ פֶערְבְּלִיבֶּען אֵיינִיגֶע טֶעג אִין
23 אַסְיָא. אִין יֶענֶער צֵייט אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין גְרוֹיס אוּנְרוּהִיגְקֵייט
24 וֶועגֶען דֶער לֶעהְרֶע פָאן גָאטְט. דֶען אֵיין גָאלְדְשְׁמִיד, מִיט דֶעם
נָאמֶען דֶמֶטְרִיוֹס, וֶועלְכֶער פְלֶעגְט מַאכֶען זִילְבֶּערְנֶע טֶעמְפְּלֶען
צוּ דֶעם אַרְטֶמִיס, אוּן הָאט דִיא קִינְסְטְלֶער פִיל פֶערְדִינְסְט
25 גֶעגֶעבֶּען. הָאט עֶר זֵיי פֶערְזַאמֶעלְט, אוּן דִיא אִיבֶּערִיגֶע, וֶועלְכֶע
הָאבֶּען זִיךְ מִיט דֶער מְלָאכָה בֶּעשֶׁעפְטִיגְט, אוּן הָאט גֶעזָאגְט:
מֶענֶער! אִיהר ווייסְט דָאס פָאן דֶער מְלָאכָה הָאבֶּען מִיר אוּנְזֶער

26 פַארְמֶעגֶען. וֶועהט אוּן הֶערְט, דָאס נִיט אִין אֶפְסוֹס אַלֵיין, נוּר
אוֹיךְ כִּמְעַט אִין גַאנְץ אַסְיָא הָאט דִיזֶער פּוֹלוֹס אִיבֶּערְגֶערֶעט, אוּן
פַארְפִירְט פִיל פָאלְק אוּן זָאגְט: דָאס וָואס מֶענְשְׁלִיכֶע הֶענְד
27 מַאכֶען אִיז נִיט קֵיין גָאטְט. יֶעצְט נִיט נוּר אוּנְזֶער זַאךְ (מְלָאכָה)
קָאן דֶער פָאן לֵיידֶען, נוּר אוֹיךְ דֶער טֶעמְפֶּעל פָאן אַרְטְמִיס, דִיא
גְרוֹיסֶע גָאטְטִין אִיז אִין סַכָּנָה נִיט גֶעאַכְטֶעט צוּ וֶוערֶען אוּן פָאן
אִיהר כָּבוֹד בֶּערוֹיבְּט צוּ וֶוערֶען, מִיט וֶועלְכֶע זִיא אִין גַאנְץ אַזְיֶען
28 אוּן אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט פֶערְעֶהְרְט וֶוערְט. אוּן וֶוען זֵיי
הָאבֶּען גֶעהֶערְט זֵיינֶע רֵייד, זֶענֶען זֵיי אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען, אוּן
הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט: גְרוֹיס אִיז דִיא אַרְטִימִיס פָאן
29 אֶפְסוֹס. אוּן דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט אִיז פוּל גֶעוָוארֶען מִיט טוּמֶעל,
אוּן הָאבֶּען גֶעחַאפְּט מִיט זִיךְ גָיוֹס אוּן אֲרִיסְטַרְכוֹס, וָואס זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען פָאן מַקְדוֹנְיָא, אוּן זֵיינֶען מִיט גֶעגַאנְגֶען מִיט פּוֹלוֹס'ן, אוּן
30 הָאבֶּען אַלֶע אַרֵיינְגֶעשְׁטוּרֶעמְט אִין טֶעאַטֶער אַרֵיין. אוּן וֶוען
פּוֹלוֹס הָאט גֶעוָואלְט אַרֵיינְגֶעהן צְווִישֶׁען פָאלְק, הָאבֶּען אִיהם
31 דִיא תַּלְמִידִים נִיט דֶערְלָאזֶען. אוֹיךְ אֵיינִיגֶע פָאן דִיא עֶלְסְטֶע
פָאן אַסְיָא, וָואס זֵיינֶען זֵיינֶע פְרֵיינְד גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט צוּ
אִיהם אוּן הָאבֶּען אִיהם אָנְגֶעזָאגְט, דָאס עֶר זָאל זִיךְ נִיט דֶערְוֶועגֶען
32 צוּ גֶעהן אִין טֶעאַטֶער אַרֵיין. דָארְטֶען הָאבֶּען אֵיינִיגֶע גֶעשְׁרִיגֶען,
דָאס, אוּן אַנְדֶערֶע, יֶענֶעס. דֶען אִין דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג אִיז אֵיין
גְרוֹיסֶער לַארֶעם גֶעוֶועזֶען, דָאס רוֹב הָאבֶּען נִיט גֶעוואוּסְט, צוּ וָואס
33 הָאבֶּען זֵיי זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט. פָאן דֶעם הַמוֹן הָאט מֶען אַרוֹיס
גֶעשְׁלֶעפְּט אַלֶכְּסַנְדֶער'ן; דִיא אִידֶען הָאבֶּען אִיהם אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט,
אוּן אַלֶכְּסַנְדֶער הָאט גֶעווּאוּנְקֶען מִיט דֶער הַאנְד, עֶר הָאט גֶעוָואלְט
34 פַארֶענְטְפֶערְן דָאס פָאלְק. וֶוען זֵיי זֶענֶען גֶעוָואר גֶעוָוארֶען, דָאס
עֶר אִיז אֵיין אִיד, הָאבֶּען זֵיי מִיט אֵיין קוֹל צְווֵיי שָׁעָה לַאנְג
35 גֶעשְׁרִיגֶען: גְרוֹיס אִיז אַרְטִימִיס פָאן אֶפְסוֹס. אוּן דֶער שְׁטָאדְט
שְׁרֵייבֶּער הָאט אֵיינְגֶעשְׁטִילְט דָאס פָאלְק, אוּן הָאט גֶעזָאגְט:
מֶענֶער פָאן אֶפְסוֹס: וֶוער וֵוייסְט נִיט, דָאס דִיא שְׁטָאדְט אֶפְסוֹס
אִיז אֵיין דִינֶערִין צוּם טֶעמְפֶּעל פָאן דֶער גְרוֹיסֶער גָאטְטִין
אַרְטְמִיס, אוּן צוּ אִיהר בִּילְד, וָואס אִיז פָאן הִימֶעל אַרָאבְּגֶעפַאלֶען.
36 אוּן וֶוען דָאס אִיז גֶעוִויס, אַזוֹי דַארְפְט אִיהר רוּהִיג זֵיין, אוּן קֵיין

37 וַאך נִיט אִיבֶּער אֵיילְט טָאן. אִיהר אָבֶּער הָאט דִיזֶע מֶענְשֶׁען
גֶעבְּרַאכְט, וֶועלְכֶע הָאבֶּען דֶעם טֶעמְפֶּעל נִיט בֶּע׳גַנָב׳עֶט אוּן אֵייעֶר
38 גֶאטְטִין נִיט גֶעלֶעסְטֶערְט. דֶערִיבֶּער אוֹיבּ דְמַטְרִיוֹס אוּן דִיא
קִינְסְטְלֶער, וֶועלְכֶע זֶענֶען מִיט אִיהם, הָאבֶּען עֶטְוָואס אֵיין טַעֲנָה
אוֹיף אֵיינֶעם, אַזוֹי אִיז דֶערִיבֶּער בֵּיי אוּנְז דָא אֵיין מִשְׁפָּט, אוּן
פְּרָאקָאנְזוּלְן (דֶעפּוּטִירְטֶע), לָאזֶען זֵיי אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען
39 פַארְקְלָאגֶען. אוּן אוֹיבּ אִיהר זוּכְט נָאךְ עֶטְוָואס אַנְדֶערְס, אַזוֹי
וֶועט דָאס גֶעמִשְׁפָּט וֶוערֶען, נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, אִין דֶער
40 פַארְזַאמְלוּנְג. דֶען מִיר קֶענֶען נָאךְ גֶעמִשְׁפָּט וֶוערֶען וֶועגֶען
הֵיינְטִיגֶער מְהוּמָה, אוּן עֶס אִיז קֵיין שׁוּם סִבָּה נִיט דָא מִיט וָואס
מִיר וָואלְטֶען זִיךְ גֶעקֶענְט פַארֶענְטְפֶערֶען פַאר דִיזֶע פַארְזַאמְלוּנְג.
41 אוּן נָאךְ דֶעם וִויא עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר פַאנַאנְדֶער
גֶעלָאזֶען דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג.

כ נָאךְ דֶעם וִויא דִיא מְהוּמָה אִיז שְׁטִיל גֶעוָוארֶען, הָאט פּוֹלוֹס
גֶערוּפֶען דִיא תַּלְמִידִים אוּן הָאט זִיךְ מִיט זֵיי גֶעזֶעגֶענְט אוּן אִיז
2 אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, צוּ גֶעהְן קֵיין מַקְדוֹנְיָא. אוּן עֶר אִיז דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען,
יֶענֶע עֶרְטֶער, אוּן הָאט זֵיי פַארְזָאגְט מִיט פִילֶע וֶוערְטֶער, אוּן אִיז
3 גֶעקוּמֶען קֵיין גְרִיכֶענְלַאנְד. אוּן דָארְטֶען אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען דְרֵיי
חֳדָשִׁים, וֶוען דִיא אִידֶען הָאבֶּען אוֹיף אִיהם גֶעלַוִיעֶרְט וֶוען עֶר
הָאט גֶעטְרַאכְט צוּ גֶעהְן קֵיין סוּרְיָא, אִיז אִיהם גֶעקוּמֶען אוֹיפֶען
4 גֶעדַאנְקֶען, זִיךְ אוּמְצוּקֶעהְרֶען קֵיין מַקְדוֹנְיָא. בִּיז אַסְיָא אִיז מִיט
אִיהם גֶעגַאנְגֶען סוֹפַּטְרוֹס בֶּן פּוּרוֹס פָאן בְּרוֹאָה, אוּן אֲרִסְטַרְכוֹס
פָאן תַּסְלוֹנִיק, אוּן גָיוֹס פָאן דַרְבִּי אוּן טִימוֹתִיוֹס אוּן טוּכִיקוֹס אוּן
5 טְרוֹפִימוֹס פָאן אַסְיָא. זֵיי זֶענֶען פָאר אוּנְז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, אוּן
6 הָאבֶּען אוּנְז גֶעוַוארְטֶעט אִין טְרוֹאַס. מִיר זֵיינֶען פָאן פִילִיפִּי
אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען נָאךְ פֶּסַח, אוּן אִין פִינְף טֶעג אַרוּם זֶענֶען מִיר
מִיט דֶער שִׁיף צוּ זֵיי קֵיין טְרוֹאַס גֶעקוּמֶען, אוּן מִיר זֶענֶען דָארְטֶען
7 גֶעבְּלִיבֶּען זִיבֶּען טֶעג. אוּן עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג
פָאן דֶער וָואךְ, וֶוען דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען זִיךְ צוּ זַאמֶען
פֶערְזַאמֶעלְט צוּ בְּרֶעכֶען דָאס בְּרוֹיט, הָאט פּוֹלוֹס, וָואס הָאט
גֶעדַאכְט אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אַוֶועק צוּ גֶעהְן, מִיט זֵיי גֶערֶעט;
8 אוּן זֵיין רֶעדֶע הָאט גֶעדוֹיעֶרְט בִּיז הַאלְבֶּע נַאכְט. אוּן אִין דֶער

אוֹיבֶּערְשְׁטוּבּ, וואוּ מִיר הָאבֶּען זִיך פֶערְזַאמֶעלְט הָאבֶּען פִיל
9 לִיכְט גֶעבְּרֶענְט. אוּן אֵיין בָּחוּר מִיט דֶעם נָאמֶען אַבְטוּכוֹס, אִיז
דָארְטֶען גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם פֶענְסְטֶער, אִיז אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען, וֵוייל
פּוֹלוֹס הָאט לַאנְג גֶערֶעט, אוּן עֶר אִיז אִין שְׁלָאף פָאן דְרִיטֶען
שְׁטָאק אַרוּנְטֶער גֶעפַאלֶען, אוּן מֶען הָאט אִיהם אֵיין טוֹיטֶען
10 אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען. אוּן פּוֹלוֹס אִיז אַרָאבּ גֶעגַאנְגֶען, אוּן אִיז אִיבֶּער
אִיהם גֶעפַאלֶען, אוּן הָאט אִיהם אַרוּמְגֶענוּמֶען אוּן גֶעזָאגְט: שְׁרֶעקְט
11 אֵייך נִיט, זֵיין נְשָׁמָה אִיז אִין אִיהם דָא. נָאכְדֶעם אִיז עֶר
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט גֶעבְּרָאכֶען דָאס בְּרוֹיט, אוּן הָאט
גֶעגֶעסֶען, אוּן הָאט נָאךְ גֶערֶעט מִיט זֵיי בִּיז עֶס הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען
12 צוּ טָאגֶען אוּן אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען. דֶעם יוּנְגֶען מַאן אָבֶּער הָאט
מֶען גֶעבְּרַאכְט לֶעבֶּעדִיג אוּן זֵיי הָאבֶּען אֵיין גְרוֹיסֶע טְרוֹיסְט
13 גֶעהַאט. אוּן מִיר זֵיינֶען פָארְאוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער שִׁיף אוּן
מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין אַסוֹס, מִיר זָאלֶען דָארְטֶען מִיט אוּנְז
מִיטְנֶעמֶען פּוֹלוֹס'ן, וֵוייל עֶר הָאט אוּנְז אַזוֹי גֶעהֵייסֶען. אוּן עֶר
14 אַלֵיין הָאט גֶעדַאכְט צוּ גֶעהן אַהִין צוּ פוּס. אוּן וֶוען עֶר הָאט
זִיך מִיט אוּנְז בַּאגֶעגֶענְט אִין אַסוֹס, הָאבֶּען מִיר אִיהם גֶענוּמֶען,
15 אוּן מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין מִיטוּלִין. פָאן דָארְטֶען זֶענֶען מִיר
אַוֶועק מִיט דֶער שִׁיף, אוּן אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאבֶּען מִיר
זִיך אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אַנְטְקֶעגֶען כִּיוֹס; אוּן אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טָאג,
זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען קַיין סָמוֹס, אוּן מִיר זֵיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין
טְרוֹגוּלְיוֹן, אוּן אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען קַיין
16 מִילִיטוֹס. דֶען פּוֹלוֹס הָאט גֶעדַאכְט פַארְבֵּיי צוּ גֶעהן אֶפְּסוֹס,
כְּדֵי עֶר זָאל זִיך נִיט פֶערְזַאמֶען אִין אַסְיָא. וֵוייל עֶר הָאט זִיך
גֶעאֵיילְט, וִויא וֵוייט מֶעגְלִיךְ צוּ קוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם אוֹיף שְׁבוּעוֹת.
17 פָאן מִילִיטוֹס הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט קַיין אֶפְּסוֹס אוּן הָאט אַרוֹיס
18 גֶערוּפֶען דִיא עֶלְטֶסְטֶע פָאן דֶער גֶעמֵיינְדֶע. אוּן זֵיי זֶענֶען צוּ אִיהם
גֶעקוּמֶען, אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אִיהר וֵוייסְט וִויא אִיך בִּין מִיט
אֵייך גֶעוֶועזֶען דִיא גַאנְצֶע צֵייט פָאן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אָן, צֵייט
19 אִיך בִּין גֶעקוּמֶען קַיין אַסְיָא. אִיך הָאבּ גֶעדִינְט דֶעם הֶערְן מִיט
עֲנָוָה מִיט פִילֶע טְרֶערֶען אוּן מִיט פְּרוּבוּנְגֶען וָואס הָאבֶּען מִיךְ
20 גֶעטְרָאפֶען דוּרְךְ דִיא בֶּעזֶע גֶעדַאנְקֶען פָאן דִיא אִידֶען. וִויא אִיך

הָאבּ נִיט פַארְלָאזֶען קֵיין זַאךְ, וָואס אִיהר קָאנְט דֶערְפָאן נוּצֶען
הָאבֶּען, אַייךְ אָנְצוּזָאגֶען, אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעלֶעהרֶענְט עֶפֶענְטְלִיךְ
אוּן אִין דִיא הֵייזֶער. אִיךְ הָאבּ פֶערְשְׁוָוארֶען דִיא אִידֶען אוּן 21
גְרִיכֶען צוּ גָאטְט תְּשׁוּבָה צוּ טָאן אוּן אִין אוּנְזֶערֶען הֶערֶען יֵשׁוּעַ
דֶעם מָשִׁיחַ צוּ גְלוֹיבֶּען. אוּן יֶעצְט בִּין אִיךְ גֶעבּוּנְדֶען אִין דֶעם 22
גֵייסְט, אוּן גֶעה קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן ווֵייס נִיט וָואס דָארְטֶען קֶען
מִיר בֶּעגֶעגְנֶען. נוּר דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ בֶּעצֵייגְט מִיר אִין יֶעדֶער 23
שְׁטָאדְט אוּן זָאגְט: דָאס קֵייטֶען אוּן צָרוֹת דֶערְוַוארְטֶען מִיךְ.
אָבֶּער אִיךְ הַאלְט מֵיין לֶעבֶּען פַאר גָארְנִישְׁט, ווֶען עֶס בֶּעטְרֶעפְט 24
מֵיין לוֹיף צוּ פָאלְלֶענְדֶען, אִין דֶעם דִינְסְט, ווֶעלְכֶע אִיךְ הָאבּ פָאן
דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ אִיבֶּערְגֶענוּמֶען, צוּ בֶּעווֵייזֶען דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה
פָאן דֶער גְנַאדֶע גָאטְטֶעס. אוּן יֶעצְט נוּן, ווֵייס אִיךְ, דָאס אִיהר 25
אַלֶע, צְווִישֶׁען ווֶעלְכֶע אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבּ גֶעפְּרֶעדִיגְט
דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים ווֶעט מֶעהר מֵיין פָּנִים נִיט זֶעהֶען. דֶערִיבֶּער 26
בֶּעווֵייזֶע אִיךְ אַייךְ הֵיינְטִיגֶען טָאג, דָאס אִיךְ בִּין רֵיין פָאן אַייֶער
אַלֶעמֶעס בְּלוּט. דֶען אִיךְ הָאבּ גָארְנִישְׁט נִיט צוּרִיק גֶעהַאלְטֶען 27
אַייךְ אָנְצוּזָאגֶען גָאטְטֶעס גַאנְצֶען ווִילֶען. דֶערִיבֶּער גִיט אַכְטוּנְג 28
אוֹיף אַייךְ אַלֵיין אוּן אוֹיף דֶער גַאנְצֶער שְׁטַאדֶע אִין ווֶעלְכֶען
דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ הָאט אַייךְ גֶעשְׁטֶעלְט פַאר אוֹיפְזֶעהֶער, אִיהר
זָאלְט פִּיטֶערֶן דִיא גֶעמֵיינְדֶע פָאן גָאטְט אוּן דֶעם הֶערְרְן וָואס עֶר
הָאט אִיהר גֶעקוֹיפְט מִיט זֵיין אֵייגֶענֶעם בְּלוּט. דֶען אִיךְ ווֵייס, 29
נָאךְ מֵיין אַוֶועק גֶעהְן ווֶעלֶען אַרֵיין קוּמֶען צוּ ווִישֶׁען אַייךְ בֶּעזֶע
ווֶעלְף וָואס ווֶעלֶען נִיט שׁוֹינֶען דִיא שְׁטַאדֶע. אוֹיךְ צְווִישֶׁען אַייךְ 30
ווֶעלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהְן מֶענְשֶׁען, מִיט פַארְקֶעהְרְטֶע רֶעד, כְּדֵי צוּ זִיךְ
צוּ צוּ צִיהֶען דִיא תַּלְמִידִים. דֶערִיבֶּער וַואכְט, אוּן גֶעדֶענְקְט, 31
דָאס דְרֵיי יָאהר, טָאג אוּן נַאכְט, הָאבּ אִיךְ נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ
דֶערְמָאנֶען יֶעדֶען מִיט טְרֶערֶען. נוּן, יֶעצְט לָאז אִיךְ אַייךְ אִיבֶּער 32
אוֹיף גָאטְט אוּן אוֹיף דֶעם ווָארְט פָאן זֵיין גְנַאדֶע, ווֶעלְכֶער קֶען
אַייךְ אוֹיפְבּוֹיעֶן אוּן צוּ גֶעבֶּען אַייךְ אֵיין עֶרְבֶּע צְווִישֶׁען אַלֶע,
ווֶעלְכֶע זֶענֶען גֶעהֵיילִיגְט גֶעווָארֶען. זִילְבֶּער, גָאלְד, אָדֶער קְלֵיידֶער, 33
הָאבּ אִיךְ פָאן קֵיין מֶענְשֶׁען נִיט פַארְלַאנְגְט. אוּן אִיהר ווֵייסְט, 34
דָאס דִיזֶע מֵיינֶע הֶענְד הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט פַאר מֵיין בַּאדֶערְפֶענֶעס

אוּן פַאר דֶער בַּאדֶערְפֶענֶעס פָאן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט מִיר
35 גֶעגַאנְגֶען. אִין אַלְץ הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶעוִויזֶען, דָאס מֶען זָאל אַזוֹי
דוּרְךְ דֶער אַרְבֵּייט פַאר דִיא שְׁוַואכֶע זָארְגֶען אוּן גֶעדֶענְקֶען אָן
דִיא וֶוערְטֶער פָאן דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶע עֶר אַלֵיין גֶעזָאגְט
36 הָאט: עֶס אִיז זֶעלִיגֶער צוּ גֶעבֶּען, וִויא צוּ נֶעמֶען. נָאךְ דֶעם וִויא
עֶר הָאט דָאס גֶערֶעט, אִיז עֶר גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵיינֶע קְנִי, אוּן הָאט
37 מִיט זֵיי אַלֶעמֶען מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען. אוּן זֵיי אַלֶע הָאבֶּען שְׁטַארְק
גֶעוֵויינְט, אוּן זֵיינֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף פּוֹלוֹס'ֶעס הַאלְז אוּן הָאבֶּען
38 אִיהם גֶעקוּשְׁט. אִיבֶּערְהוֹיפְּט הָאבֶּען זֵיי זֶעהר גֶעטְרוֹיעֶרְט,
דֶערִיבֶּער וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט: אִיהר וֶועט מֶעהֶער מֵיין פָּנִים
נִיט זֶעהֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם בַּאגְלֵייטֶעט צוּ דֶער שִׁיף.

כא אוּן וֶוען מִיר הָאבֶּען פָאן זֵיי אָבְּשֵׁייד גֶענוּמֶען, זֶענֶען מִיר מִיט
דֶעם שִׁיף גֶעפָאהֶרֶען אוּן מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען גְלֵייךְ קֵיין קוֹס, אוּן
אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג קֵיין רוֹדוֹס, אוּן פָאן דָארְטֶען קֵיין פַּטָרָה.
2 דָארְטֶען הָאבֶּען מִיר גֶעפוּנֶען אֵיין שִׁיף, וָואס זִיא גֶעהט קֵיין
3 פִּינוּקְיָה, זֶענֶען מִיר אוֹיף אִיהר אַרוֹיף אוּן אַוֶועק גֶעפָאהֶרֶען. אוּן
מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען קַפְּרוֹס, אוּן אִיהם גֶעלָאזֶען לִינְקְס פָאן אוּנְז,
אוּן גֶעפָאהֶרֶען קֵיין סוּרְיָא, אוּן מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין צוֹר, וֵוייל
4 דָא הָאט מֶען בֶּעדַארְפְט אַרוֹיס לֵייגֶען מַשָׂא פָאן דֶער שִׁיף. אוּן
מִיר הָאבֶּען גֶעפוּנֶען תַּלְמִידִים, אוּן זֶענֶען דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען זִיבֶּען
טֶעג; אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ פּוֹלוֹס'ן דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט דָאס
5 עֶר זָאל נִיט אַרוֹיפְגֶעהְן קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. וֶוען דִיזֶע טֶעג זֶענֶען
אַרִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען מִיר אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אִין וֶועג אַרֵיין, אוּן
זֵיי אַלֶע הָאבֶּען מִיט וֵוייבֶּער אוּן קִינְדֶער אוּנְז בֶּעגְלֵייטֶעט בִּיז
אוֹיסֶען שְׁטָאדְט. אוּן בֵּיים בָּארְטֶען פָאן יַם הָאבֶּען מִיר גֶעבּוֹיגֶען
6 אוּנְזֶערֶע קְנִי אוּן מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען. אוּן מִיר הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט
אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערֶען אוּן מִיר זֶענֶען אַרוֹיף אוֹיף דֶער שִׁיף,
7 אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיק גֶעקֶעהְרְט אַהֵיים. אוּן מִיר הָאבֶּען
גֶעעֶנְדֶעט אוּנְזֶער רֵייזֶע אוֹיף דֶעם יַם, אוּן זֶענֶען פָאן צוֹר אַרָאבּ
גֶעגַאנְגֶען קֵיין עַכּוֹ, אוּן הָאבֶּען גֶעגְרִיסְט דִיא בְּרִידֶער, אוּן מִיר
8 זֶענֶען מִיט זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען אֵיין טָאג. אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג
הָאבֶּען מִיר אָבְּגֶערֵייזְט, אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין קִיסְרִין, אוּן מִיר

זֶענֶען אַרַיין גְעגַאנְגֶען אִין דֶעם הױז פָאן פִילִיפּוּס דֶעם פְּרֶעדִיגֶער
װעלְכֶער אִיז גֶעװֶען אֵיינֶער פָאן דִיא זִיבֶּען, אוּן מִיר זֶענֶען בַּיי
9 אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען. אוּן עֶר הָאט גֶעהַאט פִיר טֶעכְטֶער מֶעדְלַאךְ,
10 װעלְכֶע הָאבֶּען נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט. אוּן װען מִיר זֶענֶען דָארְטֶען גֶעװֶען
מֶעהְרֶערֶע טֶעג, אַזוֹי אִיז אַרָאבּ גֶעקוּמֶען פָאן יְהוּדָה אֵיין נָבִיא,
11 זַיין נָאמֶען אִיז גֶעװֶען אֲגָבוֹס. אוּן עֶר אִיז צוּ אוּנְז גֶעקוּמֶען, אוּן
הָאט גֶענוּמֶען פּוֹלוֹס'עֶס גַארְטֶעל, אוּן הָאט זִיךְ מִיט אִיהם אַרוּמְ־
גֶעבּוּנְדֶען דִיא הֶענְד אוּן פִיס, אוּן הָאט גֶעזָאגְט: אַזוֹי זָאגְט דֶער
רוּחַ הַקֹּדֶשׁ: דֶעם מַאן װעמֶעס גַארְטֶעל עֶס אִיז, װעלֶען אִיהם
אַזוֹי בִּינְדֶען דִיא אִידֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּן װעלֶען אִיהם אִיבֶּערְגֶעבֶּען
12 צוּ דִיא גוֹיִם. אוּן װען מִיר הָאבֶּען דִיזֶע װערְטֶער גֶעהֶערְט, הָאבֶּען
מִיר אוּן מֶענְשֶׁען פָאן דֶעם אָרְט אִיהם גֶעבֶּעטֶען, דָאס עֶר זָאל
13 נִיט אַרוֹיפְגֶעהֶן קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. אוּן פּוֹלוֹס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן
גֶעזָאגְט: צוּ װָאס װיינְט אִיהר אוּן צוּ בְּרֶעכְט מֵיין הַארְץ? אִיךְ
בִּין גְרוֹיט, נִיט נוּר גֶעבּוּנְדֶען צוּ װערֶען, נוּר אֲפִילוּ צוּ שְׁטַארְבֶּען
14 אִין יְרוּשָׁלַיִם פַאר דֶעם נָאמֶען פָאן דֶעם הֶערֶען יֵשׁוּעַ. אוּן װען
עֶר הָאט נִיט גֶעלָאזְט זִיךְ אִיבֶּערְרֶעדֶען, הָאבֶּען מִיר צוּרוּה
גֶעלָאזֶען אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דֶעם הֶערְרֶענְס װילֶען זָאל גֶעשֶׁעהֶען.
15 נָאךְ דִיזֶע טֶעג הָאבֶּען מִיר זִיךְ צוּגֶעגְרֵייט, אוּן אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
16 קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. אוּן אוֹיךְ תַּלְמִידִים פָאן קֵיסָרִין זֶענֶען מִיט אוּנְז
מִיט גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאבֶּען אוּנְז גֶעפִיהְרְט אִין אֵיין אַכְסַנְיָא פָאן
אֵיין מַאן פָאן קִיפְּרוֹס, מִיט דֶעם נָאמֶען מְנָסוֹן, װעלְכֶער אִיז גֶעװֶען
17 אֵיין תַּלְמִיד פָאן לַאנְג אָן. אוּן װען מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין
יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען אוּנְז דִיא בְּרִידֶער אוֹיפְגֶענוּמֶען מִיט שִׂמְחָה.
18 אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אִיז פּוֹלוֹס מִיט אוּנְז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען
19 צוּ יַעֲקֹב'ן; אוּן אַלֶע זְקֵנִים זֶענֶען אַהִין גֶעקוּמֶען. אוּן עֶר הָאט זֵיי
שָׁלוֹם גֶעגֶעבֶּען, אוּן הָאט דֶערְצֵיילְט, אֵיינְס נָאךְ דֶעם אַנְדֶערֶען,
20 װָאס גָאט הָאט גֶעטָאן מִיט דִיא גוֹיִם דוּרְךְ זַיין דִינְסְט. אוּן װען
זֵיי הָאבֶּען אוֹיסְגֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵיי גָאט גֶעלוֹיבְּט אוּן הָאבֶּען
צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: בְּרוּדֶער, דוּא זֶעהְסְט װיא פִיל צֶעהְנְדְלִיגֶע
טוֹיזֶענְטֶער אִידֶען זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם גְלוֹיבֶּען, אוּן אַלֶע זֶענֶען
21 קַנָּאִים (אֵייפֶערִיג) פַאר דֶער תּוֹרָה. אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעהֶערְט זָאגֶען

אוֹיף דִיר, דָאס דוּא לֶעהרֶענְסְט אַלֶע אִידֶען, וֶועלְכֶע זֶענֶען צְווִישֶׁען
דִיא גוֹיִם, זַיי זָאלֶען אָבְּטְרֶעטֶען פָאן מֹשֶׁה׳ן, דוּרְךְ דֶעם, וָואס דוּא
זָאגְסְט, דָאס זַיי זֶענֶען נִיט מְחוּיָב מַל צוּ זַיין זַייעֶרֶע זֶעהנֶע, אוּן
22 דָאס זַיי זָאלֶען נִיט גֶעהן אִין דֶער גֶעזֶעצֶע פָאן דֶער תּוֹרָה. וָואס
אִיז נוּן צוּ טָאן? דָאס פָאלְק וֶועט זִיךְ גֶעווִיס צוּנוֹיפְזַאמֶעלְן, דֶען
23 זַיי וֶועלֶען דֶער הֶערֶען, דָאס דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען. דֶערִיבֶּער טְהוּ
24 דָאס וָואס מִיר וֶועלֶען דִיר זָאגֶען. מִיר הָאבֶּען פִיר מֶענְשֶׁען,
וֶועלְכֶע הָאבֶּען אוֹיף זִיךְ אַיין נֶדֶר (פָאן נְזִירוּת), נֶעם זַיי אוּן רֵיינִיג
דִיךְ מִיט זַיי, אוּן דִיא הוֹצָאוֹת פָאן דֶעם אָבְּגָאלֶען זִיךְ, וָואס זַיי
דַארְפֶען אוֹיסְגֶעבֶּען, נֶעם אוֹיף דִיר, אוּן אַלֶע וֶועלֶען גֶעוָואר וֶוערֶען,
דָאס דָאס וָואס מֶען הָאט אוֹיף דִיר דֶערְצֵיילְט אִיז נִיט אֱמֶת, אוּן
דָאס דוּא אַלֵיין גֶעהִסְט נָאךְ אוֹיךְ אִין דִיא גֶעזֶעצֶע פָאן דֶער תּוֹרָה.
25 אוּן וֶועגֶען דִיא גְלוֹיבִּיגֶע פָאן דִיא גוֹיִם הָאבֶּען מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען אוּן
גוֹזֵר גֶעוֶועזֶען, דָאס זַיי זָאלֶען זִיךְ אָבְּהִיטֶען פָאן קָרְבָּנוֹת פָאן אָבְּגֶעטֶער,
אוּן פָאן בְּלוּט, פָאן דֶער וָוארְגֶענֶע פְלֵיישׁ, (בְּהֵמוֹת), אוּן פָאן זְנוּת.
26 אוּן פּוֹלוֹס הָאט גֶענוּמֶען דִיא מֶענְשֶׁען אוּן הָאט זִיךְ מִיט זַיי גֶערֵיינִיגְט,
אוּן אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ
אוּן הָאט גֶעמֶעלְדֶעט, דָאס דִיא צַייט פָאן זַייעֶר רֵיינִיגוּנְג הָאט
זִיךְ גֶעעֶנְדֶעט, אַזוֹי דָאס מֶען דַארְף שׁוֹין מַקְרִיב זַיין אַיין קָרְבָּן
27 פַאר יֶעדֶען פָאן זַיי. וֶוען דִיא זִיבֶּען טֶעג הָאבֶּען זִיךְ גֶעעֶנְדֶעט,
אוּן דִיא אִידֶען פָאן אַסְיָא הָאבֶּען אִיהם דֶערְזֶעהֶען אִין בֵּית
הַמִּקְדָּשׁ, הָאבֶּען זַיי אוֹיפְגֶעהֶעצְט דָאס פָאלְק, אוּן זַיי הָאבֶּען אִיהם
28 אָנְגֶענוּמֶען. אוּן זַיי הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט: מֶענֶער אוּן
יִשְׂרָאֵל! הֶעלְפְט, דָאס אִיז דֶער מַאן, וֶועלְכֶער פַאר יֶעדֶערְן, אוּן
אִין יֶעדֶער אָרְט לֶעהרֶענְט גֶעגֶען דָאס פָאלְק אוּן דֶער תּוֹרָה פָאן
דִיזֶען אָרְט, אוּן עֶר הָאט אוֹיךְ נָאךְ גְרִיכֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ
29 אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט, אוּן הָאט מְחַלֵל גֶעוֶועזֶען דִיזֶען מָקוֹם קָדוֹשׁ. ווייל
זַיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען טְרוֹפִימוֹס פָאן אֶפְסוֹס מִיט אִיהם אִין שְׁטָאדְט,
הָאבֶּען זַיי גֶעמֵיינְט, דָאס פּוֹלוֹס הָאט אִיהם אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ
30 גֶעבְּרַאכְט. דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט אִיז בַּאוֶועגְט גֶעוָוארֶען, אוּן עֶס
אִיז גֶעוָוארֶען אַיין אוֹיפְלֵייפוּנְג פָאן פָאלְק, אוּן זַיי הָאבֶּען גֶעחַאפְּט
פּוֹלוֹס׳ן, אוּן הָאבֶּען אִיהם אַרוֹיס גֶעשְׁלֶעפְּט פָאן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ,

31 און הָאבֶּען בַּאלְד דִיא טְהִירֶען צוּ גֶעמַאכְט. און וֶוען זֵיי הָאבֶּען
אִיהם גֶעוָואלְט טֵייטֶען, אִיז דִיא נָאכְרִיכְט אָנְגֶעקוּמֶען צוּם
אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פָאן דִיא סָאלְדַאטֶען־רֶעגִימֶענְט, דָאס אִין גַאנְץ
32 יְרוּשָׁלַיִם אִיז אֵיין מְרִידָה. עֶר הָאט בַּאלְד מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען
סָאלְדַאטֶען, אוּן הוֹיפְּטְלֵייטֶע, אוּן אִיז צוּ זֵיי גֶעלָאפֶען, אוּן וִויא זֵיי
הָאבֶּען אָבֶּער דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען מִיט דִיא סָאלְדַאטֶען דֶערְזֶעהֶען,
33 הָאבֶּען זֵיי אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ שְׁלָאגֶען פּוֹלוֹס׳ן. און דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער
אִיז צוּ גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט אִיהם אָנְגֶענוּמֶען, אוּן גֶעהֵייסֶען אִיהם
מִיט צְוֵויי קֵייטֶען בִּינְדֶען, אוּן הָאט גֶעפְרֶעגְט: וֶוער אִיז עֶר, און
34 וָואס הָאט עֶר גֶעטָאן? אוּן יֶעדֶערֶער הָאט עֶטְוָואס אַנְדֶערְס
גֶעשְׁרִיעֶן פָאן פָאלְק, אוּן וֵוייל עֶר הָאט וֶועגֶען דֶעם לַארֶעם קֵיין
זִיכֶערֶעס נִיט גֶעקָאנְט דֶערְפַאהרֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען אִיהם
35 אִין שְׁלָאס אַוֶועקְפִיהרֶען. און וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא טְרֶעפּ,
הָאבֶּען אִיהם דִיא סָאלְדַאטֶען בֶּעדַארְפְט טְרָאגֶען, וֶועגֶען דֶער
36 אֵיינְגְשַׁאפְּט פָאן דֶעם פָאלְק. דֶען פִיל פָאלְק אִיז אִיהם נָאכְ־
37 גֶעגַאנְגֶען, גֶעשְׁרִיגֶען אוּן גֶעזָאגְט אַוֶועק מִיט אִיהם. און וֶוען עֶר
הָאט גֶעוָאלְט אִין שְׁלָאס אַרֵיינְגֶעפִיהרְט וֶוערֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט
צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען, קֶען אִיךְ דִיר עֶטְוָואס זָאגֶען? אוּן עֶר הָאט
38 גֶעזָאגְט: פַארְשְׁטֶעהסְט דוּא גְרִיכִישׁ? בִּיסְט דוּא דֶען נִיט דֶער
עֶגִיפְּטֶער, וֶועלְכֶער הָאט פַאר אֵיינִיגֶע טֶעג אֵיין מְרִידָה גֶעמַאכְט,
אוּן הָאט אַרוֹיסְגֶעפִיהרְט אִין דֶער מִדְבָּר אַרֵיין פִיר טוֹיזֶענְט
39 רוֹיבֶּער. אוּן פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין אֵיין אִיד פָאן תַּרְשִׁישׁ,
אֵיין בִּירְגֶער פָאן אֵיין אַנְגֶעזֶעהֶענֶע שְׁטָאדְט אִין קִילִיקְיָא אוּן אִיךְ
40 בֶּעט דִיךְ עֶרְלוֹיבּ מִיר צוּ רֶעדֶען צוּם פָאלְק. אוּן עֶר הָאט אִיהם
עֶרְלוֹיבְּט. פּוֹלוֹס הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דִיא טְרֶעפּ, אוּן הָאט
גֶעוואוּנְקֶען מִיט דֶער הַאנְד צוּם פָאלְק: אוּן עֶס אִיז גַאנְץ שְׁטִיל
גֶעוָוארֶען. אוּן עֶר הָאט גֶערֶעט אוֹיף הֶעבְּרֵייעֶשׁ אוּן גֶעזָאגְט:
כב בְּרִידֶער אוּן פָאטֶערְס! הֶערְט מֵיין פַארְעֶנְטְפֶערוּנְג פַאר אַייךְ
2 יֶעצְט צוּ. אוּן וִויא זֵיי הָאבֶּען דֶערְהֶערְט, דָאס עֶר רֶעט צוּ זֵיי
3 אוֹיף הֶעבְּרֵייעֶשׁ, זֵיינֶען זֵיי נָאךְ שְׁטִילֶער גֶעוָוארֶען. אוּן עֶר הָאט
גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין אֵיין אִיד, גֶעבָּארֶען אִין תַּרְשִׁישׁ, וֶועלְכֶע אִיז אִין
קִילִיקְיָא, אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען אָבֶּער בִּין אִיךְ דָא אִין דִיזֶער שְׁטָאט,

געלעהרנט געוואָרען בײ גַמְלִיאֵל'ס פִיס שְׁטְרֵײנְג אִין דער תּוֹרָה
פאַן דיא עלְטערן, און בִּין געווען אײן מְקַנֵא פאַן גאָטטעס
4 וועגען אַזוֹי וִויא איהר אַלֶע זײט הײנט. און איך האָבּ גערוֹדֵפ'ט
דיא וואָס האַלְטען דיזע לעהרע בּיז צוּם טױט; און איך האָבּ
געבּוּנְדען און אִיבּערגעענְטפערט אין געפיינגנִיס מענער און
5 פרױען. אַזוֹי וִויא אױך דער כֹּהֵן גָדוֹל און אַלֶע זְקֵנִים קענען
אױף מיר עֵדוּת זאָגען, פאַן זײ האָבּ איך גענוּמען בְּרִיף און בִּין
געגאַנגען קײן דַמֶשֶׂק צוּ דיא בְּרידער, איך זאָל אױך דיא וועלכע
זענען דאָרטען, בּרײנגען אין קײטען קײן יְרוּשָׁלַיִם מען זאָל זײ
6 בּעשְׁטְראָפען. און עס איז געוועזען, ווען איך בִּין אין וועג געוועזען,
נִיט ווײט פאַן דַמֶשֶׂק, אין מיטען טאָג, פְּלוּצְלִינג האָט אײן גְרױסע
7 לִיכְט פאַן הִימעל אױף מיר אַראָבּגעשײנְט. איך בִּין צוּ דער
ערד געפאַלען און האָבּ געהערט אײן קוֹל רעדען צוּ מיר: שָׁאוּל!
8 שָׁאוּל! וואָרוּם רוֹדֵפ'סְט דוּא מיך? איך האָבּ געענְטפערט און
געזאָגט: ווער בּיסט דוּא מײן הערר? און ער האָט צוּ מיר
9 געזאָגט: איך בִּין יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי, וועלכען דוּא רוֹדֵפ'סְט. דיא
מענשען וואָס זענען מִיט מיר געוועזען האָבּען געזעהען דאָס לִיכְט,
און האָבּען זיך דערשְׁראָקען, אָבּער דעם קוֹל וואָס האָט גערעדט
10 צוּ מיר, האָבּען זײ נִיט געהערט. און איך האָבּ געזאָגט: וואָס
זאָל איך טאָן הערר? און דער הערר האָט צוּ מיר געזאָגט:
שטעה אױף, און געה קײן דַמֶשֶׂק, און דאָרטען וועט דיר אַלְץ
11 געזאָגט ווערען, וואָס עס איז דיר געבּאָטען צוּ טאָן. און אַזוֹי וִויא
איך האָבּ פאַן דעם גְלַאנְץ פאַן דעם לִיכְט דיא רְאִיָה פערלאָרען,
האָבּען מײנע בּעגְלײטער מיך אָנגענוּמען און געפִיהרט. און איך
12 בִּין געקוּמען קײן דַמֶשֶׂק. און אײן מאַן מִיט דעם נאָמען חֲנַנְיָה,
אײן פְרוּמער נאָך דער תּוֹרָה נאָך, און האָט אײן נאָמען געהאַט
צְווִישען אַלֶע אִידען, וועלכע ווײנען דאָרטען איז צוּ מיר געקוּמען.
13 און ווען ער איז צוּ געגאַנגען האָט ער צוּ מיר געזאָגט: בְּרוּדער
שָׁאוּל, ווער זעהענדִיג; און אין דערזעלבּיגער שְׁטוּנְדע האָבּ איך
14 איהם דערזעהען. און ער האָט צוּ מיר געזאָגט: דער גאָטט
פאַן אוּנזערע אָבוֹת האָט דיך אױסדערוועהלט, דוּא זאָלסט זײן
ווילען דערקענען, און דוּא זאָלסט זעהען דעם גערעכטען, און הערען

15 פָאן זַיין מוֹיל אֵיין קוֹל. וַוייל דוּא וֶועסְט זַיין עֵדוּת זַיין פַאר אַלֶע
16 מֶענְשֶׁען וֶועגֶען דֶעם וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעהֶערְט. יֶעצְט
פַאר וָואס זַאמְסְט דוּא, שְׁטֶעה אוֹיף אוּן לָאז דִיךְ טוֹבֵל'ען אוּן וַואשׁ
אָבּ דֵיינֶע זִינְד וֶוען דוּא וֶועסְט אָנְרוּפֶען דֶעם נָאמֶען פָאן דֶעם
17 הֶערְרְן. אוּן וֶוען אִיךְ בִּין צוּרִיק גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּן הָאבּ
מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען אוֹיסֶער מִיךְ
18 (הִתְפַּשְׁטוּת הַגַשְׁמִיוּת). אוּן אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעזֶעהֶן אוּן עֶר הָאט מִיר
גֶעזָאגְט: אֵייל אוּן גֶעה גֶעשְׁווִינְד אַרוֹיס פָאן יְרוּשָׁלַיִם דֶען זֵיי
19 וֶועלֶען נִיט אָנְנֶעהמֶען דֵיין עֵדוּת אוֹיף מִיר. אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט:
הֶערְר, זֵיי ווייסֶען דָאס אִיךְ הָאבּ אִין גֶעפֵיינְגֶענֶעס גֶעזֶעצְט, אוּן
20 גֶעשְׁלָאגֶען אִין דִיא שׁוּלֶען, דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען אִין דִיר. אוּן וֶוען
דָאס בְּלוּט פָאן דֵיין עֵדוּת אִיסְטְפָנוֹס אִיז פַארְגָאסֶען גֶעוָוארֶען,
בִּין אִיךְ אוֹיךְ דֶערְבֵּיי גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאבּ הֲנָאָה גֶעהַאט פָאן זֵיין
טוֹיטֶען אוּן הָאבּ גֶעהִיט דִיא קְלֵיידֶער פָאן דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהם
21 גֶעהַרְג'עט. אוּן עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט: גֶעה, דֶען אִיךְ וִויל דִיךְ
22 ווייט אַוֶועק שִׁיקֶען צוּ דִיא גוֹיִם. בִּיז דִיזֶע וֶוערְטֶער הָאבֶּען זֵיי
אִיהם אוֹיסְגֶעהֶערְט, אוּן הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל אוּן גֶעזָאגְט:
אַוֶועק מִיט אַזוֹי אֵיין מֶענְשׁ פָאן דֶער עֶרְד; עֶר אִיז נִיט וֶוערְט עֶר
23 זָאל לֶעבֶּען. אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען הָאבֶּען זֵיי אַרָאפְּ־
גֶעוָוארְפֶען פָאן זִיךְ זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אוּן גֶעוָוארְפֶען שְׁטוֹיבּ אִין דֶער
24 לוּפְטֶען. אוּן דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט בַּאפוֹילֶען מֶען זָאל אִיהם
פִיהרֶען אִין שְׁלָאס אוּן גֶעזָאגְט מֶען זָאל אִיהם שְׁמֵייסֶען אוּם אוֹיס
25 צוּ פָארְשֶׁען פַאר וָואס זֵיי שְׁרֵייעֶן אַזוֹי גֶעגֶען אִיהם. אוּן וֶוען מֶען
הָאט אִיהם גֶעבּוּנְדֶען מִיט רִימֶענְס כְּדֵי מֶען זָאל אִיהם שְׁמֵייסֶען,
הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּם הוֹיפְּטְמַאן, וֶועלְכֶער אִיז בֵּיי אִיהם גֶעשְׁטַאנֶען:
אִיז דָאס אֵייךְ עֶרְלוֹיבְּט צוּ שְׁמֵייסֶען אֵיין רוֹמֶער אָהן אֵיין מִשְׁפָּט?
26 וֶוען דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט דָאס דֶערְהֶערְט, אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אוּן
הָאט גֶעמֶעלְדֶעט דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען, אוּן גֶעזָאגְט, זֶעה וָואס דוּא
27 ווילְסְט טָאן, דֶען דִיזֶער מַאן אִיז אֵיין רוֹמֶער. דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער
אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט: זָאג מִיר בִּיסְט דוּא אֵיין רוֹמֶער?
28 אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יָא. דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶע הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען
אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ פַאר פִיל גֶעלְט גֶעקוֹיפְט דָאס רֶעכְט פָאן

דִיזֶעם בִּירגֶערשַׁאפְט. אוּן פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ אָבֶער בִּין
29 דֶערִינֶען גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען דִיא מֶענְשֶׁען
וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִיהם אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען אָבְּגֶעלָאזֶען, אוּן דֶער
אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט מוֹרָא גֶעהַאט דֶערְפַאר: וָואס עֶר אִיז אֵיין
30 רוֹמֶער אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶעבּוּנְדֶען. אוּן אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען
טָאג, ווייל עֶר הָאט גֶעוָועלְט קְלָאר ווִיסֶען, פַאר וָואס בֶּעשׁוּלְדִיגֶען
אִיהם דִיא אִידֶען, הָאט עֶר אִיהם בֶּעפְרֵייט פָאן דִיא קֵייטֶען, אוּן
הָאט בַּאפוֹילֶען דָאס מֶען זָאל בְּרֵיינְגֶען דִיא עֶלְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן
אַלֶע סַנְהֶדְרִין, אוּן עֶר הָאט פּוֹלוֹס'ן אַרָאבְּגֶעבְּרַאכְט אוּן הָאט
אִיהם פָאר זֵיי גֶעשְׁטֶעלְט.
כג פּוֹלוֹס הָאט אֵיין קוּק גֶעטָאן אוֹיף דִיא סַנְהֶדְרִין אוּן הָאט
גֶעזָאגְט: מֶענֶער אוּן בְּרִידֶער מִיט אֵיין רֵיינֶעם גֶעווִיסֶען ווִיא
גָאטְט הָאט אֵיינְגֶעאָרְדֶענְט הָאבּ אִיךְ מֵיין לֶעבֶּען בִּיז אוֹיף דִיזֶען
2 טָאג גֶעפִיהְרְט. אוּן חֲנַנְיָה דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט גֶעהֵייסֶען דִיא
וָואס זֶענֶען בֵּיי אִיהם גֶעשְׁטַאנֶען, דָאס זֵיי זָאלֶען אִיהם שְׁלָאגֶען
3 אִיבֶּער דֶעם מוֹיל. אוּן פּוֹלוֹס הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: גָאטְט
וֶועט דִיךְ שְׁלָאגֶען, דוּא אָבְּגֶעקַאלְכְטֶע וַואנְט. דוּא הָאסְט דִיךְ
גֶעזֶעצְט מִיךְ מִשְׁפָּט'ן נָאךְ דֶער תּוֹרָה, אוּן דוּא הֵייסְט מִיךְ
4 שְׁלָאגֶען גֶעגֶען דֶער תּוֹרָה. אוּן דִיא וָואס זֶענֶען דָארְט גֶעשְׁטַאנֶען
5 הָאבֶּען גֶעזָגְט: דוּא לֶעסְטֶערְסְט גָאטְטֶעס כֹּהֵן גָדוֹל? אוּן פּוֹלוֹס
הָאט גֶעזָאגְט: בְּרִידֶער, אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעווּאסְט דָאס עֶר אִיז
דֶער כֹּהֵן גָדוֹל, דֶען עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: אֵיין עֶלְסְטֶען אִין דֵיין
6 פָאלְק זָאלְסְט דוּא נִיט פְלוּכֶען. ווייל פּוֹלוֹס הָאט גֶעווּאוּסְט,
דָאס אֵיין טֵייל אִיז צְדוּקִים, אוּן דֶער אַנְדֶערֶער פְּרוּשִׁים, הָאט
עֶר גֶעשְׁרִיגֶען צוּ דִיא סַנְהֶדְרִין אוּן גֶעזָאגְט: מֶענֶער אוּן בְּרִידֶער,
אִיךְ בִּין אֵיין פָּרוּשׁ בֶּן פָּרוּשׁ, אוּן וֶועגֶען דֶער הָאפְנוּנְג וֶועלְכֶע
וֶועט זֵיין אוּן וֶועגֶען תְּחִיַּת הַמֵּתִים בִּין אִיךְ בֶּעשׁוּלְדִיגְט.
7 ווֶען עֶר הָאט דִיא ווֶערְטֶער גֶעזָאגְט אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין מַחֲלוֹקֶת
צְווִישֶׁען דִיא צְדוּקִים אוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּן דָאס פָאלְק אִיז צוּ
8 טֵיילְט גֶעוָוארֶען. דֶען דִיא צְדוּקִים זָאגֶען, עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין
תְּחִיַּת הַמֵּתִים, קֵיין מַלְאָךְ אוּן קֵיין רוּחַ, אוּן דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען
9 מוֹדֶה אִין בֵּיידֶע זַאכֶען. אוּן עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין גְרוֹיסֶע

גֶעשְׁרֵיי: אוּן דִיא סוֹפְרִים וָואס זֶענֶען פָאן דֶער כִּתָּה פָאן דִיא
פְּרוּשִׁים, זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁטְרִיטֶען אוּן גֶעזָאגְט:
מִיר הָאבֶּען קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס אִין דֶעם מֶענְשֶׁען נִיט גֶעפוּנֶען. אוּן
אוֹיבּ אֵיין מַלְאָךְ, אָדֶער אֵיין רוּחַ, הָאט צוּ אִיהם גֶערֶעט ווִילֶען
10 מִיר גֶעגֶען גָאטְט נִיט שְׁטְרֵייטֶען. ווֵייל אָבֶּער דֶער קְרִיג אִיז
גְרוֹיס גֶעוָוארֶען אוּן דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט מוֹרָא גֶעהַאט
טָאמֶער וֶועלֶען זֵיי פּוֹלוֹס'ן צוּרֵייסֶען, הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אֵיין
בַּאפֶעהל צוּ דִיא סָאלְדַאטֶען, זֵיי זָאלֶען אַרָאבּ גֶעהְן אוּן אִיהם
אַוֶועק נֶעהמֶען פָאן צְווִישֶׁען זֵיי אוּן אִיהם אִין שְׁלָאס בְּרוֹינְגֶען.
11 אוּן וֶוען עֶס אִיז גֶעוָוארֶען נַאכְט אִיז דֶער הֶערְר בֵּיי אִיהם
גֶעשְׁטַאנֶען אוּן גֶעזָאגְט: זֵיי גֶעטְרוֹיסְט, פּוֹלוֹס, דֶען ווִיא דוּא הָאסְט
אוֹיף מִיר עֵדוּת גֶעזָאגְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, זָאלְסְט דוּא אוֹיךְ אִין רוֹם
12 עֵדוּת זָאגֶען. וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זִיךְ אֵיינִיגֶע
אִידֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען זִיךְ פֶערְשְׁוָוארֶען, זֵיי זָאלֶען נִיט
13 עֶסֶען אוּן נִיט טְרִינְקֶען בִּיז זֵיי וֶועלֶען פּוֹלוֹס'ן הַרְגִ'נֶען. אוּן דִיא
וָואס הָאבֶּען זִיךְ פֶערְשְׁוָוארֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מֶעהר ווִיא פֶערְצִיג
14 מַאן. אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים אוּן צוּ דִיא זְקֵנִים
אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: מִיר הָאבֶּען אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען אֵיין שְׁבוּעָה
מִיר זָאלֶען גָאר נִיט פֶערְזוּכֶען בִּיז מִיר וֶועלֶען פּוֹלוֹס'ן הַרְגִ'נֶען.
15 דֶערִיבֶּער זָאלְט אִיהר אוּן דִיא סַנְהֶדְרִין דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען
גֶעבֶּען צוּ ווִיסֶען דָאס עֶר זָאל אַייךְ אִיהם מָארְגֶען אַרָאבּבְּרֵיינְגֶען,
גְלֵייךְ ווִיא אִיהר ווִילְט אִיהם בֶּעסֶער אוֹיסְפָארְשֶׁען, אוּן מִיר זֶענֶען
פַארְטִיג צוּ טוֹיטֶען אִיהם אֵיידֶער עֶר וֶועט נָאךְ צוּ אַייךְ קוּמֶען.
16 פָאן דֶעם אָנְרֵייד הָאט גֶעהֶערְט דֶער זָאהן פָאן פּוֹלוֹס שְׁוֶועסְטֶער,
עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין שְׁלָאס אוּן הָאט עֶס צוּ פּוֹלוֹס דֶערְצֵיילְט.
17 אוּן פּוֹלוֹס הָאט גֶערוּפֶען אֵיינֶעם פָאן דִיא הוֹיפְּטְלֵייטֶע אוּן הָאט
אִיהם גֶעזָאגְט פִיהר דִיזֶען יוּנְגֶען מַאן צוּ דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען, דֶען
18 עֶר הָאט אִיהם עֶטְוָואס צוּ דֶערְצֵיילֶען. אוּן עֶר הָאט אִיהם
גֶעבְּרַאכְט צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט: דֶער גֶעפַאנְגֶענֶער
פּוֹלוֹס הָאט מִיךְ גֶערוּפֶען אוּן גֶעבֶּעטֶען, אִיךְ זָאל דִיזֶען יוּנְגֶען מַאן
צוּ דִיר בְּרֵיינְגֶען, ווֵייל עֶר הָאט דִיר עֶטְוָואס צוּ דֶערְצֵיילֶען.
19 אוּן דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט אִיהם אָנְגֶענוּמֶען בֵּיי דֶער הַאנְד אוּן

אִיז מִיט אִיהם אָנְדֶערְזֵייט אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט אִיהם גֶעזָאגְט:
20 וָואס אִיז דָאס וָואס דוּא הָאסְט מִיר צוּ דֶערְצֵיילֶען? אוּן עֶר הָאט
גֶעזָאגְט: דִיא אִידֶען הָאבֶּען אָבְּגֶערֶעט צְווִישֶׁען זִיךְ, דִיךְ צוּ בֶּעטֶען
דָאס דוּא זָאלְסְט מָארְגֶען אַרָאבְּבְּרֵיינְגֶען פּוֹילוֹס'ן פַאר דִיא
סַנְהֶדְרִין, גְלֵייךְ וִויא זֵיי ווִילֶען אִיבֶּער אִיהם בֶּעסֶער אוֹיסְפָארְשֶׁען.
21 נוּר דוּא זָאלְסְט זֵיי נִיט הֶערֶען, דֶען עֶס לוֹיעֶרְן אוֹיף אִיהם מֶעהר
וִויא פֶערְצִיג מַאן וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ פֶערְשְׁוָוארֶען נִיט צוּ
עֶסֶען אוּן צוּ טְרִינְקֶען בִּיז זֵיי וֶועלֶען אִיהם הַרְגֶ'נֶען זֵיי וָוענֶען יֶעצְט
22 אָנְגֶעגְרֵייט אוּן וַוארְטֶען אוֹיף דֵיין פֶערְשְׁפְּרֶעכֶען. דֶער
אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט אַוֶועק גֶעלָאזְט דֶעם יוּנְגֶען מַאן אוּן הָאט
אִיהם בֶּעפוֹילֶען, דָאס עֶר זָאל קֵיינֶעם נִיט אוֹיסְזָאגֶען, דָאס דוּא
23 הָאסְט מִיר דִיזֶעס גֶעגֶעבֶּען צוּ וִויסֶען. אוּן עֶר הָאט גֶערוּפֶען
צְווֵיי הוֹיפְּטְלֵייטֶע אוּן הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: גְרֵייט אָן צְווֵיי הוּנְדֶערְט
סָאלְדַאטֶען, זִיבֶּעצִיג רֵייטֶער, אוּן צְווֵיי הוּנְדֶערְט שְׁפִּיזֶען טְרֶעגֶער,
זֵיי זָאלֶען אִין דֶער דְרִיטֶער שָׁעָה פָאן דֶער נַאכְט קֵיין קֵיסְרִין
24 גֶעהְן. אוֹיךְ מַאכְט פַארְטִיג בְּהֵמוֹת מֶען זָאל פּוֹילוֹס'ן אַרוֹיפְזֶעצֶען,
אוּן מֶען זָאל אִיהם אָן אֵיין שָׁאדֶען צוּם גוּבֶּערְנַאטָאר פֶעלִיקְס
25 בְּרֵיינְגֶען קֶענֶען. אוּן עֶר הָאט אֵיין בְּרִיף מִיט דִיזֶען אִינְהַאלְט
26 גֶעשְׁרִיבֶּען: קְלוֹדִיוֹס לִיזִיאַס, צוּ דֶעם הָאכְגֶעעֶרְהֶטֶען (נִכְבָּד)
27 גוּבֶּערְנַאטָאר פֶעלִיקְס אֵיין גֶערוּס. דִיזֶען מַאן הָאבֶּען דִיא אִידֶען
גֶעכַאפְּט, אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעוָואלְט הַרְגֶ'נֶען, אוּן אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען
מִיט סָאלְדַאטֶען אוּן הָאבּ אִיהם גֶערֶעטֶעט פָאן זֵיי, וֵוייל אִיךְ
28 הָאבּ גֶעהֶערְט דָאס עֶר אִיז אֵיין רוּמֶער. אוּן וֵוייל אִיךְ הָאבּ
גֶעוָואלְט וִויסֶען דֶעם גְרוּנְד פַאר וָואס זֵיי פַארְקְלָאגֶען אִיהם, הָאבּ
29 אִיךְ אִיהם גֶעבְּרַאכְט פַאר זֵייעֶרֶע סַנְהֶדְרִין. אוּן אִיךְ הָאבּ
גֶעפוּנֶען, דָאס עֶר אִיז פַארְקְלָאגְט גֶעוָוארֶען וֶועגֶען מַחֲלוֹקֶת אִיבֶּער
זֵייעֶר תּוֹרָה, אָבֶּער עֶס אִיז גֶעגֶען אִיהם קֵיין קְלַאגֶע נִיט דָא דוּרְךְ
וֶועלְכֶע עֶר זָאל הָאבֶּען פַארְדִינְט דֶעם טוֹיט, אָדֶער גֶעפֵיינְגְנֶעס.
30 וֵוייל אָבֶּער מִיר אִיז דֶער צֵיילְט גֶעוָוארֶען, דָאס דִיא אִידֶען
הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶערֶעגְט דִיזֶען מַאן אוּמְצוּבְּרֵיינְגֶען, הָאבּ אִיךְ מִיךְ
גֶעאֵיילְט, אִיהם צוּ דִיר צוּ שִׁיקֶען אוּן דִיא אָנְקְלֶעגֶערְס הָאבּ אִיךְ
אוֹיךְ גֶעהֵייסֶען דָאס זֵיי זָאלֶען מִיט זֵייעֶר קְלַאגֶע צוּ דִיר קוּמֶען.

31 זֵיי גֶעווּנְד. אוּן דִיא סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען גֶענוּמֶען פּוֹלוֹס׳ן וִויא מֶען
הָאט זֵיי בֶּעפוֹילֶען אוּן מֶען הָאט אִיהם אִין דֶער נַאכְט גֶעבְּרַאכְט
32 קֵיין אַנְטִיפַּאטְרִיס. אוּן אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאבֶּען זֵיי
אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען דִיא רֵייטֶער מִיט אִיהם צוּ גֶעהְן, אוּן זֵיי הָאבֶּען
33 זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אִין שְׁלָאס. אוּן דִיזֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין
קִיסְרִין אוּן הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דֶעם בְּרִיף דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר
34 אוּן הָאבֶּען פּוֹלוֹס׳ן אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען. נָאךְ דֶעם וִויא דֶער
גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט אִיבֶּער גֶעלֵייעֶנְט דֶעם בְּרִיף הָאט עֶר
גֶעפְרֶעגְט: פָּאן וָואס פַאר אֵיין לַאנְד עֶר אִיז, וֶוען עֶר הָאט
35 דֶערְהֶערְט, דָאס עֶר אִיז פָּאן קִילִיקְיָא הָאט עֶר גֶעזָאגְט: אִיךְ
וִויל דִיךְ פַאר הֶערֶען, וֶוען דֵיינֶע פַארְקְלֶעגֶערְס וֶועלֶען אוֹיךְ
אַהֶער קוּמֶען, אוּן הָאט גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל אִיהם הַאלְטֶען אִין
דֶעם גֶערִיכְטְס הוֹיז פָאן הוֹרְדוֹס׳ן.

כד אִין פִינְף טֶעג אַרוּם אִיז חֲנַנְיָה דֶער כֹּהֵן־גָדוֹל אַרָאבְּגֶעקוּמֶען,
מִיט אִיהם זֶענֶען גֶעוֶוען דִיא זְקֵנִים אוּן אֵיין רֶעדְנֶער, וָואס זֵיין
נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען טֶערְטִילְלוֹס, אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דֶעם
2 גוּבֶּערְנַאטָאר זֵייעֶר קְלַאגֶע גֶעגֶען פּוֹלוֹס׳ן. אוּן וֶוען מֶען הָאט
אִיהם גֶערוּפֶען, הָאט טֶערְטִילְלוֹס אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהם צוּ פַארְקְלַאגֶען
3 אוּן גֶעזָאגְט. אִין גְרוֹיסֶען פְרִידֶען לֶעבֶּען מִיר אוּנְטֶער דִיר,
הוֹיכְגֶעשֶׁעצְטֶער, פֶעלִיקְס! אוּן פִיל פֶערְבֶּעסֶערְרוּנְגֶען זֶענֶען צוּ
דִיזֶעם פָאלְק גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֵיין הַשְׁגָחָה, אוּן דֶער פַאר דַאנְקֶען
4 מִיר דִיר אַלֶע צֵייט אוּן אוּמֶעטוּם. כְּדֵי אָבֶּער מִיר זָאלֶען דִיךְ
נִיט פִיל בֶּעמִיהֶען, בֶּעט אִיךְ דִיךְ, אוּנְז אִין קוּרְצֶען אִין דֵיין
5 גוּטְקֵייט אוֹיסְצוּהֶערְן. מִיר הָאבֶּען דִיזֶען מַאן גֶעפוּנֶען פַאר אֵיין
פַארְדַארְבֶּער, אוּן בַּעַל מַחֲלוֹקֶת צְווִישֶׁען אַלֶע אִידֶען אוֹיף דֶער
וֶועלְט, אוּן אִיז דֶער פִיהְרֶער פָאן דֶער כִּתָּה פָאן דִיא נָצְרִים.
6 אוּן עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעפְּרוּבְט דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ מְחַלֵל צוּ זֵיין,
אוּן מִיר הָאבֶּען אִיהם גֶעכַאפְּט, אוּן גֶעוָואלְט אִיהם מִשְׁפָּט׳ן נָאךְ
7 אוּנְזֶער תּוֹרָה. נוּר דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער לִיזִיאַס אִיז אַרָאבְּגֶעקוּמֶען
8 אוּן הָאט אִיהם פָּאן אוּנְז מִיט גֶעוַואלְט אַוֶועקְגֶענוּמֶען. אוּן הָאט
בַּאפוֹילֶען דָאס זֵיינֶע פַארְקְלֶעגֶערְס זָאלֶען פַאר דִיר קוּמֶען, אוּן
דוּא קֶענְסְט אִיהם אַלֵיין אוֹיסְפָארְשֶׁען, אוּן דוּא וֶועסְט זִיךְ פָאן

9 אַלְץ דֶערְוִויסֶען וֶועגֶען וָואס מִיר פַּארְקְלָאגֶען אִיהם. דִיא אִידֶען
הָאבֶּען אוֹיךְ אוֹיף זַיינֶע רֶעד מַסְכִּים גֶעוֶועזֶען, אוּן גֶעזָאגְט: דָאס
10 אַזוֹי אִיז עֶס. דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט אֵיין וואוּנְק גֶעגֶעבֶּען
צוּ פּוֹלוֹס'ן דָאס עֶר זָאל רֶעדֶען; אוּן עֶר הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען
אוּן גֶעזָאגְט: וֵוייל אִיךְ וֵוייס דָאס דוּא בִּיסְט שׁוֹין פִּילֶע יָאהרֶען
אֵיין רִיכְטֶער בֵּיי דִיזֶען פָּאלְק, אַזוֹי וֶועל אִיךְ מִיט אֵיין גוּטֶען
11 מוּטְה מֵיין זַאךְ פַארְעֶנְטְפֶערְן. וִויא דוּא קֶענְסְט עֶס וִויסֶען, דָאס
עֶס אִיז נִיט מֶעהר וִויא צְוֶועלְף טֶעג זִינְט אִיךְ בִּין אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
12 קַיין יְרוּשָׁלַיִם מִתְפַּלֵל צוּ זַיין. אוּן מֶען הָאט מִיךְ נִיט גֶעפוּנֶען,
אִיךְ זָאל אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ מִיט אֵיינֶעם וִכּוּחִים הָאבֶּען, אָדֶער אִיךְ
זָאל מַאכֶען אֵיין מְהוּמָה צְווִישֶׁען פָּאלְק אִין דִיא שׁוּלֶען, אָדֶער
13 אִין שְׁטָאדְט. אוּן זַיי קֶענֶען נִיט דֶערְוֵוייזֶען אִיבֶּער דִיא קְלַאגֶע,
14 וֶועלְכֶע זַיי יֶעצְט גֶעגֶען מִיךְ בְּרֵיינְגֶען. אָבֶּער דָאס בִּין אִיךְ פַאר
דִיר מוֹדֶה דָאס נָאךְ דִיזֶער לֶעהרֶע, וֶועלְכֶע זַיי רוּפֶען כִּתָּה דִינֶע
אִיךְ דֶעם גָאטְט פָאן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, וֵוייל אִיךְ גְלוֹיבּ אִין אַלְץ
15 וָואס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה אוּן נְבִיאִים. אוּן אִיךְ הָאף
צוּ גָאטְט, דָאס עֶס וֶועט זַיין תְּחִיַת הַמֵתִים פַאר צַדִיקִים אוּן פַאר
16 רְשָׁעִים, אוֹיף וֶועלְכֶע זַיי אוֹיךְ הָאפֶען. דֶערִיבֶּער, בֶּעמִיהֶע אִיךְ
מִיךְ, אִיךְ זָאל קֵיין פַארְדָארְבֶּענֶעם גֶעוִויסֶען הָאבֶּען פַאר גָאטְט
17 אוּן פַאר מֶענְשֶׁען. נָאךְ לַאנְגֶע יָאהרֶען בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען צוּ
18 בְּרֵיינְגֶען נְדָבוֹת פַאר מֵיין פָּאלְק אוּן מַקְרִיב זַיין קָרְבָּנוֹת. אוּן
דֶערְבֵּיי הָאבֶּען מִיךְ גֶעפוּנֶען אִידֶען פָאן אַסְיָא, וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ
גֶערֵיינִיגְט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, נִיט צְווִישֶׁען פָּאלְק אוּן נִיט מִיט
19 טוּמֶעל. דִיזֶע וָואלְטֶען גֶעמוּסְט דָא צוּ שְׁטֶעהן פַאר דִיר אוּן
20 מִיךְ פַארְקְלָאגֶען, אוֹיבּ זַיי הָאבֶּען עֶטְוָואס גֶעגֶען מִיר. אָדֶער
לָאזֶען דִיזֶע אַלֵיין זָאגֶען, וָואס פַאר אֵיין עַוְלָה הָאבֶּען זַיי אִין מִיר
21 גֶעפוּנֶען, וֶוען אִיךְ בִּין גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דִיא סַנְהֶדְרִין. אוֹיסֶער
דָאס אֵיינְצִיגֶע וָוארְט, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיגֶען וֶוען אִיךְ בִּין
צְווִישֶׁען זַיי גֶעשְׁטַאנֶען, דָאס וֶועגֶען תְּחִיַת הַמֵתִים וֶוער אִיךְ
22 הַיינְטִיגֶען טָאג בֵּיי אֵייךְ גֶעמִשְׁפָּט. וֶוען פֶעלִיקְס הָאט דָאס
דֶערְהֶערְט, הָאט עֶר אָבְּגֶעלֵייגְט זַייעֶר מִשְׁפָּט אוֹיף אֵיין אַנְדֶער
צֵייט וֵוייל עֶר הָאט גוּט גֶעוואוּסְט דִיזֶע לֶעהרֶע, אוּן הָאט גֶעזָאגְט:

וֶוען לִיזִיאַס דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט אַרוּנְטֶערְקוּמֶען צוּ מִיר וֶועל
23 אִיךְ מִיךְ אִיבֶּער אֵייעֶר עִנְיָן דֶערְקוּנְדִיגֶען. אוּן הָאט אָנְגֶעזָאגְט
דֶעם הוֹיפְּטְמַאן, דָאס עֶר זָאל פּוֹלוֹס'ן הִיטֶען, דָאךְ זָאל עֶר פְּרֵייעֶר
גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶן, אוּן קֵיינֶעם פָּאן זֵיינֶע פְּרֵיינְד זָאל נִיט פַארְוֶועהְרְט
24 זֵיין אִיהם צוּ בֶּעדִינֶען, אָדֶער צוּ קוּמֶען צוּ אִיהם. נָאךְ
אֵיינִיגֶע טֶעג אִיז פֶּעלִיקַס מִיט זֵיין וַוייבּ דְרוּסִלָה, וָואס זִיא אִיז
אֵיינֶע אִידִין גֶעוֶוען, גֶעקוּמֶען אוּן הָאט גֶעשִׁיקְט רוּפֶען צוּ זִיךְ
פּוֹלוֹס'ן אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעהֶערְט וֶועגֶען דֶער אֱמוּנָה אִין דֶעם
25 מָשִׁיחַ'ן. אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶערֶעט וֶועגֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן
עֶנְטהַאלְטְזַאמְקֵייט (הִסְתַּפְּקוּת) אוּן דֶעם יוֹם הַדִין וָואס וֶועט
קוּמֶען, אִיז פֶּעלִיקַס'ן שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען
אוּן גֶעזָאגְט: גֶעה יֶעצְט אַוֶועק, וֶוען אִיךְ וֶועל צֵייט הָאבֶּען וֶועל
26 אִיךְ דִיךְ רוּפֶען. דֶערְבֵּיי הָאט עֶר גֶעהָאפְט פָּאן פּוֹלוֹס'ן גֶעלְד
צוּ בֶּעקוּמֶען, כְּדֵי עֶר זָאל אִיהם בֶּעפְרֵייעֶן, דֶערִיבֶּער הָאט עֶר
27 אִיהם אוֹיךְ אָפְט גֶערוּפֶען, אוּן מִיט אִיהם גֶערֶעט. נָאךְ דֶעם וִויא
עֶס אִיז צְוֵויי יָאהר פַארְגַאנְגֶען אִיז פָּארְצִיוּס פֶּעסְטוּס אוֹיף פֶּעלִיקַס
אָרְט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארְן, אוּן פֶּעלִיקַס הָאט גֶעוָואלְט דִיא אִידֶען
אֵיין גֶעפֶעלִיגְקֵייט טָאן, אַזוֹי הָאט עֶר פּוֹלוֹס'ן גֶעבּוּנְדֶען אִיבֶּער
גֶעלָאזֶען.

וָוען פֶּעסְטוּס אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶער מְדִינָה אַרֵיין, אוּן נָאךְ כה
דְרֵיי טֶעג אִיז עֶר אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען פָּאן קִסְרִין קֵיין יְרוּשָׁלַיִם.
2 הָאבֶּען דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אוּן דִיא עֶלְטְסְטֶע פָּאן דִיא אִידֶען צוּ
3 גֶעשְׁטֶעלְט זֵייעֶר קְלַאגֶע אוֹיף פּוֹלוֹס'ן. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם
אִיבֶּערְגֶערֶעט אוּן גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל טָאן דִיא גְנַאדֶע, אוּן זָאל
אִיהם בְּרֵיינְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעדַאכְט אִיהם אוֹיף
4 דֶעם וֶועג צוּ הַרְגֶ'נֶען. נוּר פֶּעסְטוּס הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט: דָאס
פּוֹלוֹס אִיז גֶעהַאלְטֶען אִין קִסְרִין, אוּן דָאס עֶר אַלֵיין וֶועט זִיךְ
5 בַּאלְד אַהִין אוּמְקֶעהרֶען. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט: דֶערִיבֶּער דִיא
פָּאן אֵייךְ וֶועלְכֶע קֶענֶען לָאזֶען זֵיי מִיט מִיר אַרָאבְּגֶעהְן. אוּן וֶוען
עֶס אִיז דָא עֶטְוָואס אוּנְרֶעכְטְס אִין דֶעם מֶענְשֶׁען, אִיהם
6 פֶערְקְלָאגֶען. אוּן וֶוען עֶר אִיז בֵּיי זֵיי נִיט מֶעהר פָּאן צֶעהְן טֶעג
גֶעבְּלִיבֶּען, אִיז עֶר אַרָאבְּגֶעגַאנְגֶען קֵיין קִסְרִין אוּן אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען

טָאג הָאט עֶר זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם רִיכְטֶער שְׁטוּל אוּן הָאט
7 גֶעהֵייסֶען בְּרֵיינְגֶען פּוֹלוֹס׳ן. וְוִיא עֶר אִיז אָבֶּער גֶעקוּמֶען אַזוֹי
הָאבֶּען זִיךְ דִיא אִידֶען וָועלְכֶע עֶס זֵיינֶען גֶעקוּמֶען פָּאן יְרוּשָׁלַיִם,
אִיהם אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט. אוּן הָאבֶּען אוֹיף פּוֹלוֹס׳ן פַארְקְלָאגְט פִּילֶע
אוּן שְׁוֶוערֶע שׁוּלְדֶען, וָועלְכֶע זֵיי הָאבֶּען אָבֶּער נִיט גֶעקָאנְט
8 דֶערְוֵייזֶען. אוּן עֶר הָאט זִיךְ פַארֶענְטְפֶערְט אוּן גֶעזָאגְט: אִיךְ
הָאבּ גָאר נִיט גֶעזִינְדִיגְט, נִיט גֶעגֶען דֶעם אִידִישֶׁען דַת, נִיט גֶעגֶען
9 דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּן נִיט גֶעגֶען דֶעם קֵיסַר. אוּן פֶעסְטוּס הָאט
גֶעוָואלְט דִיא אִידֶען אַיין גֶעפֶעלִיגְקֵייט טָאן הָאט עֶר זִיךְ
אָבְּגֶערוּפֶען אוּן גֶעזָאגְט צוּ פּוֹלוֹס׳ן: ווִילְסְט דוּא אַרוֹיפְגֶעהן קַיין
יְרוּשָׁלַיִם, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט דָארְטֶען פַאר מִיר גֶעמִשְׁפָּט וָוערֶען?
10 אוּן פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ שְׁטֶעה פַאר דֶעם קֵיסַר׳ס רִיכְטֶער
שְׁטוּל וואוּ אִיךְ בֶּעדַארְף גֶעמִשְׁפָּט צוּ וָוערֶען, אִיךְ הָאבּ דִיא
אִידֶען קַיין אוּנְרֶעכְט נִיט גֶעטָאן, אַזוֹי וְוִיא אוֹיךְ דוּא אַלֵיין גוּט
11 ווייסְט. וָוען אִיךְ הָאבּ אוּנְרֶעכְט אוּן הָאבּ גֶעטָאן אַיין זַאךְ וָועלְכֶע
אִיךְ בִּין וָוערְט דֶעם טוֹיט, אַזוֹי זָאג אִיךְ מִיךְ נִיט אָבּ פָאן דֶעם
טוֹיט, נוּר אוֹיבּ עֶס אִיז אַיין אוּמְזִיסְטֶע קְלַאגֶע, וָועלְכֶע זֵיי
בֶּעשׁוּלְדִיגֶען מִיךְ, אַזוֹי קָאן קֵיינֶער מִיךְ נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין
12 זֵייעֶרֶע הֶענְד. אִיךְ רוּף דֶעם קֵיסַר צוּ מֵיין מִשְׁפָּט. אוּן פֶעסְטוּס
הָאט זִיךְ בֶּערַאטְהֶען מִיט זֵיינֶע יוֹעֲצִים, אוּן הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּן גֶעזָאגְט: דֶעם קֵיסַר הָאסְט דוּא גֶערוּפֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
13 צוּם קֵיסַר גֶעהן. נָאךְ עֶטְלֶעכֶע טֶעג אִיז דֶער קֶענִיג אַגְרִיפַּס אוּן
14 בֶּרְנִיקָה אַרָאבְּגֶעקוּמֶען קַיין קֵיסְרִין צוּ גֶערִיסֶען פֶּסְטוּס׳ן. אוּן
אַזוֹי וְוִיא זֵיי הָאבֶּען זִיךְ דָארְטֶען פֶערְזַאמְט עֶטְלֶעכֶע טֶעג, הָאט
פֶעסְטוּס דֶערְצֵיילְט דֶעם קֶענִיג פּוֹלוֹס זַאךְ אוּן גֶעזָאגְט: נוּן דָא
אִיז דָא אַיין מַאן, וָועלְכֶען פֶעלִיכַּס הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען אִין
15 קֵייטֶען. וָוען אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען דִיא עֶלְטֶסְטֶע
כֹּהֲנִים אוּן דִיא זְקֵנִים פָאן דִיא אִידֶען גֶעמַסֶר׳ט אוֹיף אִיהם, אוּן
16 הָאבֶּען מִיךְ גֶעבֶּעטֶען אִיךְ זָאל אִיהם פַארְמִשְׁפָּט׳ן. אִיךְ אָבֶּער
הָאבּ זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט, עֶס אִיז נִיט דֶער רוֹמִישֶׁער מִנְהָג אַיין
מֶענְשֶׁען אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּם טוֹיט. אֵיידֶער דֶער בֶּעשׁוּלְדִיגְטֶער
שְׁטֶעהט פַאר זֵיינֶע בֶּעשׁוּלְדִיגֶערְס, אוּן אִיהם וָוערְט דִיא

מִינְגְלַאכְקֵייט זִיךְ צוּ פַאֵרעֶנְטפֶערְן אוֹיף דֶער קְלַאגֶע גֶעגֶעבֶּען.
17 דֶערִיבֶּער וֶוען זֵיי זֶענֶען אַהֶער גֶעקוּמֶען, הָאבּ אִיךְ קֵיין אוֹיפְהַאלְטוּנְג
נִיט גֶעמַאכְט אוּן אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶעזֶעצְט
אוֹיף דֶעם רִיכְטֶער שְׁטוּל, אוּן הָאבּ גֶעהֵייסֶען בְּרֵיינְגֶען דֶעם מַאן.
18 אוּן זֵיינֶע אָנְקְלֶאגֶער זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאבֶּען אוֹיף אִיהם קֵיין
19 שְׁלֶעכְטֶעס נִיט גֶעזָאגְט ווִיא אִיךְ הָאבּ גֶעדַאכְט. זֵיי הָאבֶּען נוּר
גֶעהַאט אֵיינִיגֶע טַעֲנוֹת אוֹיף אִיהם וֶועגֶען זֵייעֶר רֶעלִיגְיָאן, אוּן
וֶועגֶען אֵיין מֵת ווֶעלְכֶען מֶען הָאט גֶערוּפֶען יֵשׁוּעַ, אוֹיף וֶועלְכֶען
20 פּוֹלוֹס זָאגְט דָאס עֶר לֶעבְּט. אוּן אַזוֹי ווִיא פַאר מִיר אִיז דָאס
נִיט מִינְגְלַאךְ גֶעוֶועזֶען, צוּ מִשְׁפָּט'ן דִיזֶע זַאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט:
ווִילְסְט דוּא גֶעהֶן קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּן דָארְט דֶערִיבֶּער גֶעמִשְׁפָּט
21 וֶוערֶען. ווֵייל אָבֶּער פּוֹלוֹס הָאט פֶערְלַאנְגְט פַארְן קֵיסַר גֶעשְׁטֶעלְט
צוּ וֶוערְן, הָאבּ אִיךְ גֶעבָּאטֶען אִיהם צוּ הִיטֶען בִּיז אִיךְ וֶועל אִיהם
22 צוּם קֵיסַר שִׁיקֶען. אוּן אַגְרִיפַּס הָאט גֶעזָאגְט צוּ פֶּסְטוּס: אִיךְ
וָואלְט אוֹיךְ גֶעוָואלְט הֶערֶען דֶעם מֶענְשֶׁען. אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט:
23 מָארְגֶען וֶועסְט דוּא אִיהם הֶערֶען. אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג, וֶוען
אַגְרִיפַּס אוּן בֶּרְנִיקָה זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען מִיט גְרוֹיס פַּארַאד, אוּן זֵיי
אוּן דִיא הוֹיפְּטְלֵייט אוּן דִיא גְרֶעסְטֶע פָאן דֶער שְׁטָאדְט, זֶענֶען
אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען אִין רִיכְטֶערְהוֹיז, הָאט פֶּסְטוּס בֶּעפוֹילֶען אוּן מֶען
24 הָאט פּוֹלוֹס'ן גֶעבְּרַאכְט. אוּן פֶּסְטוּס הָאט גֶעזָאגְט: דֶער קֶענִיג
אַגְרִיפַּס, אוּן אַלֶע מֶענֶער וָואס אִיהר זֶענְט דָא מִיט אוּנְז! אִיהר
זֶעהט דֶעם מַאן, וֶועגֶען ווֶעלְכֶען דָאס גַאנְצֶע אִידִישֶׁע פָאלְק, אִין
יְרוּשָׁלַיִם אוּן דָא הָאבֶּען צוּ מִיר גֶעשְׁרִיגֶען דָאס עֶר אִיז נִיט וֶוערְט
25 דָאס עֶר זָאל נָאךְ לֶעבֶּען. אִיךְ אָבֶּער וֶוען אִיךְ הָאבּ נוּר דֶערְקָאנְט
אִין אִיהם דָאס עֶר הָאט נִיט גֶעטָאן קֵיין זַאךְ פַאר ווֶעלְכֶע עֶר
זָאל וֶוערְט זֵיין גֶעטֵייט צוּ וֶוערֶן, אוּן אוֹיךְ עֶר אַלֵיין הָאט גֶערוּפֶען
דֶעם קֵיסַר צוּ זֵיין מִשְׁפָּט, הָאבּ אִיךְ גֶעפוּנֶען פַארְעֶכְט אִיהם
26 אַהִין צוּ שִׁיקֶען. נוּר אַזוֹי ווִיא אִיךְ הָאבּ נִיט וָואס צוּ שְׁרֵייבֶּען
אוֹיף אִיהם צוּ אוּנְזֶערְן הֶערְן, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אִיהם דַארִיבֶּער
פַאר אַייךְ גֶעבְּרַאכְט, אוּן בִּפְרַט פַאר דִיר, קֶענִיג אַגְרִיפַּס, עֶר
זָאל פַארְהֶערְט וֶוערֶען, אוּן אִיךְ זָאל ווִיסֶען, וָואס צוּ שְׁרֵייבֶּען.
27 דֶען עֶס שֵׁיינְט מִיר קֵיין זִינֶען נִיט צוּ הָאבֶּען. אֵיין גֶעפַאנְגֶענֶעם

צוּ שִׁיקֶען אוּן דִיא קְלַאגֶע גֶעגֶען אִיהם נִיט בֶּעוַוייזֶען צוּ
קֶענֶען.

כו אַגְרִיפַּס הָאט גֶעזָאגְט צוּ פּוֹלוּס'ן: עֶס אִיז דִיר עֶרְלוֹיבְּט פַאר
זִיךְ אַלֵיין צוּ רֶעדֶען. דַאמָאלְסְט הָאט פּוֹלוּס אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
2 זַיין הַאנְד, אוּן הָאט זִיךְ פַארֶענְטְפֶערְט. קֶענִיג אַגְרִיפַּס אִיךְ שֶׁעץ
מִיךְ גְלִיקְלַאךְ, דָאס אִיךְ קָאן מִיךְ הֵיינְט פַאר דִיר זִיךְ פַארֶענְטְפֶערְן
3 אוֹיף אַלֶעס וָואס דִיא אִידֶען פַארְקְלָאגֶען מִיךְ. וַוייל דוּא וֵוייסְט
גוּט אַלֶע אִידֶעשֶׁע מִנְהָגִים אוּן שַׁאֲלוֹת; דֶערִיבֶּער בֶּעט אִיךְ פָאן
4 דִיר, דוּא זָאלְסְט מִיךְ מִיט גֶעדוּלְד צוּ הֶערְן. דִיא פִיהרוּנְג פָאן
מֵיין לֶעבֶּען פָאן מֵיין יוּגֶענְד אָן וָואס אִיךְ הָאבּ פָאן אָנְפַאנְג פַאר־
5 בְּרַאכְט צְווִישֶׁען מֵיין פָאלְק אִין יְרוּשָׁלַיִם קֶענֶען אַלֶע אִידֶען. זֵיי
קֶענֶען מִיךְ פָאן לַאנְג, אוֹיבּ זֵיי וָואלְטֶען וֶועלֶען דַארוֹיף עֵדוּת זָאגֶען,
דָאס אִיךְ הָאבּ גֶעלֶעבְּט וִויא אֵיין פָּרוּשׁ אַזוֹי וִויא דִיא כִּתָּה, וָואס
6 זִיא אִיז וֶועהר שְׁטְרֵיינְג אִין אוּנְזֶער רֶעלִיגְיָאן. אוּן יֶעצְט שְׁטֶעה אִיךְ
פַאר דֶעם מִשְׁפָּט פַאר דֶער הָאפֶענוּנְג פָאן דֶער פַארְשְׁפְּרֶעכוּנְג
7 וָואס גָאטְט הָאט פַארְשְׁפְּרָאכֶען צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת. אוּן אוֹיף
וֶועלְכֶע אוּנְזֶערֶע צְוֶועלְף שְׁבָטִים הָאפֶען זִיא צוּ דֶערְגְרֵייכֶען מִיט
זֵייעֶר דִינְסְט טָאג אוּן נַאכְט: פַאר דִיזֶער הָאפֶענוּנְג, קֶענִיג אַגְרִיפַּס!
8 בִּין אִיךְ פָאן דִיא אִידֶען פַארְקְלָאגְט. פַאר וָואס זָאל עֶס בֵּיי אֵייךְ
9 אוּנְגְלֵייבְּלִיךְ זַיין, דָאס גָאטְט אִיז מְחַיֶה מֵתִים? נוּן, הָאבּ אִיךְ מִיר
אֵיינְגֶעבִּילְדֶעט, אִיךְ מוּז גֶעגֶען דֶעם נָאמֶען פָאן יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי
10 שְׁטְרֵייטֶען. אוּן דָאס הָאבּ אִיךְ גֶעטָאן אִין יְרוּשָׁלַיִם: אִיךְ הָאבּ
גֶענוּמֶען מַאכְט פוּן דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים, אוּן פִילֶע הֵיילִיגֶע הָאבּ
אִיךְ אִין גֶעפֵיינְגֶענֶעס אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט, אוּן וֶוען מֶען הָאט זֵיי גֶעהַרְגֶ'עט
11 הָאבּ אִיךְ דַארוֹיף מַסְכִּים גֶעוֶוען. אוּן אִין אַלֶע שׁוּלֶען הָאבּ אִיךְ
זֵיי אָפְטֶער דוּרְךְ שְׁטְרָאף גֶעצְווָאוּנְגֶען, זֵיי זָאלֶען לֶעסְטֶערֶען יֵשׁוּעַ'ס
נָאמֶען. אוּן אוּם צוּ גְרוֹיסֶע אוּנְרִיכְטִיגֶע קִנְאָה, הָאבּ אִיךְ זֵיי
12 גֶערוֹדֵפ'ט אוֹיךְ אִין שְׁטֶעדְט פָאן חוּץ־לָאָרֶץ. אוּן וֶוען אִיךְ בִּין וֶועגֶען
דֶער זַאךְ גֶעגַאנְגֶען קֵיין דַמֶשֶׂק מִיט דֶער קְרַאפְט אוּן מִיט דֶעם
13 בַּאפֶעהל פָאן דִיא עֶלְטְסְטֶע כֹּהֲנִים. אִין מִיטְעֶן טָאג אוֹיף דֶעם וֶועג
הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶן הֶערְר קֶענִיג! אֵיין לִיכְט הֶעלֶער פָאן דֶער שֵׁיין
פָאן דֶער זָאנֶע, וֶועלְכֶעס הָאט אַרוּם מִיר אוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט

14 מִיר גֶעגַאנְגֶען גֶעשַׁיינְט. אוּן מִיר וֶוענֶען אַלֶע גֶעפַאלֶען צוּ דֶער עֶרְד,
אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַיין קוֹל רֶעדֶען צוּ מִיר אוֹיף הֶעבְּרֵייאֶישׁ:
שָׁאוּל! שָׁאוּל! וָוארוּם רוֹדֵפְס'ט דוּא מִיךְ? עֶס אִיז דִיר שְׁוֶוער צוּ
15 שְׁטוֹיסֶען אַנְטְקֶעגֶען דִיא שְׁפִּיצִיגֶע שְׁטֶעקֶענְס. אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט:
וֶוער בִּיסְט דוּא הֶערְר? אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין יֵשׁוּעַ,
16 וֶועלְכֶען דוּא רוֹדֵפְס'ט. אָבֶּער שְׁטֵיי אוֹיף אוּן שְׁטֶעל דִיךְ אוֹיף
דַיינֶע פִיס, דֶען דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ מִיךְ צוּ דִיר בַּאוִויזֶען, כְּדֵי
אִיךְ זָאל דִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶועלֶען פַאר מַיין דִינֶער, אוּן פַאר אַיין עֵדוּת
אוֹיף דִיא זַאכֶען, וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶן אוּן וָואס אִיךְ וֶועל דִיר
17 ווייזֶען. וֶוען אִיךְ וֶועל דִיךְ מַצִּיל זַיין פָאן דֶעם פָאלְק אוּן פָאן דִיא
18 גוֹיִם צוּ וֶועלְכֶע אִיךְ וֶועל דִיךְ יֶעצְט שִׁיקֶען. אוֹיף צוּ עֶפֶענֶען זֵייעֶרֶע
אוֹיגֶען כְּדֵי זֵיי זָאלֶען זִיךְ פָאן דֶער פִינְסְטֶערְנֶעס אוּמְקֶעהְרֶען צוּם
לִיכְט, אוּן פָאן דֶעם שָׂטָן'ס מַאכְט צוּ גָאטְט, אוּן זָאלֶען הָאבֶּען
פַארְגֶעבּוּנְג דֶער זִינְדֶען אוּן אַיין עֶרְבֶּע צְווִישֶׁען דִיא וָואס זֶענֶען
19 גֶעהֵיילִיגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ זֵייעֶר אֱמוּנָה אִין מִיר. דֶערִיבֶּער קֶענִיג
אַגְרִיפַּס הָאבּ אִיךְ נִיט ווידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט אַנְטְקֶעגֶען דֶער עֶרְשַׁיינוּנְג
20 פָאן דֶעם הִימֶעל. נוּר אִיךְ הָאבּ צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעפְּרֶעדִיגְט צוּ דִיא
אַיינְוֵוינֶער פָאן דַמֶשֶׂק, יְרוּשָׁלַיִם, אוּן גַאנְץ לַאנְד יְהוּדָה, אוּן אוֹיךְ
צוּ דִיא גוֹיִם אוּן גֶעזָאגְט: בֶּעדֶענְקְט אַייךְ אוּן טְהוּט תְּשׁוּבָה צוּ
21 גָאטְט, אוּן טְהוּט מַעֲשִׂים וָואס זֶענֶען כְּדַאי צוּ תְּשׁוּבָה. אוּן דֶער
פַאר הָאבֶּען מִיךְ דִיא אִידֶען גֶעכַאפְּט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּן הָאבֶּען
22 מִיךְ גֶעוָואלְט הַרְגֶ'נֶען. נוּר גָאטְט הָאט מִיר גֶעהָאלְפֶען, אוּן בִּיז
הַיינְטִיגֶען טָאג שְׁטֶעה אִיךְ אוּן זָאג עֵדוּת פַאר קְלֵיין אוּן גְרוֹיס, אוּן
עֶטְוָואס אַנְדֶערְס אוֹיסֶער דִיא נְבִיאִים אוּן מֹשֶׁה זָאג אִיךְ נִיט, נוּר
23 דָאס וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס עֶס וֶועט זַיין: דָאס דֶער מָשִׁיחַ
דַארְף לֵיידֶען אוּן אוֹיף צוּ שְׁטֶעהְן פְרִיהֶער פָאן דִיא מֵתִים צוּ
24 פְּרֶעדִיגֶען דָאס לִיכְט צוּ דֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוּן צוּ דִיא גוֹיִם. וִויא
עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי פַארֶענְטְפֶערְט הָאט פֶסְטוּס אִין דֶער הוֹיךְ גֶעזָאגְט:
דוּא בִּיסְט מְשׁוּגָע. פּוֹלוֹס, דַיין פִיל לֶערְנֶען הָאט דִיךְ מְשׁוּגָע
25 גֶעמַאכְט. אוּן פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין נִיט מְשׁוּגָע, הוֹיכְ־
גֶעעֶהְרְטֶער פֶּסְטוּס, אִיךְ רֶעד וֶוערְטֶער, וָואס זֵיי זֶענֶען אֱמֶת אוּן
26 פֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ. דֶען פָאן דָאס אַלֶץ ווייס דֶער קֶענִיג, דֶערִיבֶּער

רֶעד אִיך צוּ אִיהם פְרֵיי, אִיךְ דֶענְק, דָאס קֵיין זַאךְ פָאן דִיזֶע אִיז
פָאן אִיהם נִיט פֶערְהוֹילֶען, דֶען דָאס אִיז נִיט אִין אֵיין ווִינְקֶעל
27 גֶעשֶׁעהֶען. קֶענִיג אַגְרִיפַּס! גְלוֹיבְּסְט דוּא אִין דִיא נְבִיאִים? אִיךְ
28 ווֵייס דוּא גְלוֹיבְּסְט. אוּן אַגְרִיפַּס הָאט גֶעזָאגְט צוּ פּוֹלוֹס'ן, נָאךְ
אֵיין בִּיסֶעל ווֶעסְט דוּא מִיר אֵיינְרֶעדֶען אִיךְ זָאל ווֶערֶען אֵיין קְרִיסְט.
29 אוּן פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ ווִינְשֶׁע גָאטְט זָאל גֶעבֶּען, דָאס נִיט
נוּר דוּא אַלֵיין, נוּר אוֹיךְ דִיא אַלֶע ווֶעלְכֶע הֶערֶען מִיךְ זָאלֶען
30 אַזֶעלְכֶע זֵיין ווִיא אִיךְ בִּין נוּר אָן קֵייטֶען. ווֶען עֶר הָאט דָאס
גֶעזָאגְט, אִיז דֶער קֶענִיג, דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר, אוּן בֶּרְנִיקָה, אוּן דִיא
31 וָואס זֶענֶען מִיט אִיהם גֶעזֶעסֶען, אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען. אוּן זֶענֶען אָנְדֶער־
זֵייט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען דָארְטֶען אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערֶען
אִיבֶּערְגֶערֶעדְט אוּן גֶעזָאגְט: דִיזֶער מַאן הָאט קֵיין זַאךְ נִיט גֶעטָאן,
פַאר ווֶעלְכֶער עֶר זָאל ווֶערְט זֵיין גֶעטֵייט צוּ ווֶערֶען אָדֶער
32 גֶעפֵיינְגֶענֶעס. אוּן אַגְרִיפַּס הָאט גֶעזָאגְט צוּ פֶסְטוֹס'ן: דֶער מֶענְשׁ
וָואלְט גֶעקָאנְט פְרֵיי גֶעלָאזֶען ווֶערֶען, ווֶען עֶר וָואלְט נִיט גֶעווֶען
רוּפֶען דֶעם קֵיסַר צוּ זֵיין מִשְׁפָּט.

כז אוּן ווֶען עֶס אִיז בֶּעשְׁלָאסֶען גֶעוָוארֶען דָאס מִיר זָאלֶען מִיט
דֶער שִׁיף קֵיין אִיטַלְיָא אָבְּפָאהרֶען, הָאט מֶען פּוֹלוֹס'ן אוּן אֵיינִיגֶע
אַנְדֶערֶע גֶעפַאנְגֶענֶע אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּם הוֹיפְּטְמַאן פָאן אֲגוּסְטוֹס
2 סָאלְדַאטֶען, זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען יוּלְיוֹס. מִיר זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אוֹיף אֵיין אַדְרָמִיטִישֶׁע שִׁיף אוּן זִיךְ אַוֶועק גֶעשִׁיפְט אוּן הָאבֶּען
גֶעוָואלְט פַארְבֵּיי גֶעהְן דִיא עֶרְטֶער פָאן אַסְיֶע מִיט אוּנְז אִיז גֶעוֶוען
3 אֵיין מַקְדוֹנְיֶער אֲרִסְטַרְכוֹס פָאן תֶסְלוֹנִיקָא. אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען
טָאג זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען קֵיין צִידוֹן, יוּלְיוֹס הָאט פּוֹלוֹס'ן פְרֵיינְדְלִיךְ
בֶּעהַאנְדֶעלְט אוּן הָאט אִיהם עֶרְלוֹיבְּט צוּ גֶעהְן צוּ זֵיינֶע פְרֵיינְד, זֵיי
4 זָאלֶען אִיהם פַארְזָארְגֶען. פָאן דָארְטֶען זֶענֶען מִיר אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען,
אוּן ווֵייל דִיא ווִינְדֶען זֶענֶען אַנְטְקֶעגֶען גֶעוֶוען זֶענֶען מִיר גֶעגַאנְגֶען
5 בֵּיי דֶער זֵייט פָאן קִיפְּרוֹס. אוּן מִיר זֶענֶען דֶעם יַם פָאן קִילִיקְיָא
אוּן פַּאמְפוּלְיָא אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אוּן מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין מוּרָא
6 וָואס אִין לוּקְיָא. דָארְטֶען הָאט דֶער הוֹיפְּטְמַאן גֶעטְרָאפֶען אֵיין
אֲלֶעקְסַאנְדְרִישֶׁע שִׁיף וָואס זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען קֵיין אִיטַלְיָא אוּן הָאט
7 אוּנְז אִיבֶּערְגֶעזֶעצְט אִין אִיהר. דִיא שִׁיף אִיז פִילֶע טָאג זֶעהר

לַאנְגְזַאם גֶעזֶעגֶעלְט אוּן מִיט מִיהֶע זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען אַנְטְקֶעגֶען
קְנִידוֹס, אוּן וַוייל דֶער ווִינְד הָאט אוּנְז נִיט גֶעלָאזֶען צוּ שִׁיפֶען זִיךְ,
זֶענֶען מִיר גֶעזֶעגֶעלְט בַּיי דֶער זַייט פָאן קְרֵיטִי אַנְטְקֶעגֶען סַלְמוֹנִי.
8 נָאךְ דֶעם ווִיא מִיר זֶענֶען מִיט שְׁוֶוערִקַייטֶען דוּרְכְגֶעזֶעגֶעלְט, זֶענֶען
מִיר גֶעקוּמֶען צוּ אַיין אָרְט ווֶעלְכֶען מֶען הָאט גֶערוּפֶען, שֵׁיינֶע
הַאפֶען וָואס נִיט וַוייט פָאן דָארְטֶען אִיז אַיין שְׁטָאדְט וָואס מֶען
9 רוּפְט לַסִיָא. ווִיא עֶס אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען פִיל צַייט אוּן עֶס אִיז
שׁוֹין אַיין סַכָּנָה גֶעוֶועזֶען מִיט דֶער שִׁיף צוּ גֶעהְן דֶען דִיא פַאסְטֶען
צַייט אִיז שׁוֹין לַאנְג אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט פּוֹלוֹס זֵיי גֶערַאטֶען.
10 אוּן גֶעזָאגְט: מֶענֶער! אִיךְ זֶעה אַרוֹיס, דָאס אוּנְזֶער רַייזֶע ווֶעט
שְׁוֶוער זַיין אוּן מִיט גְרוֹיס שָׁאדֶען, נִיט נוּר פַאר דֶער מַשָׂא אוּן
11 דֶער שִׁיף נוּר אוֹיךְ פַאר אוּנְזֶער לֶעבֶּען. נוּר דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט
גֶעהֶערְט וָואס דֶער שְׁטַייעֶרְמַאן אוּן דֶער הֶערְר פָאן דֶעם שִׁיף
12 הָאט גֶעזָאגְט, אוּן פּוֹלוֹס׳עס ווֶערְטֶער הָאט עֶר נִיט גֶעהֶערְט. וַוייל
דֶער הַאפֶען אִיז נִיט אַזוֹי גוּט גֶעוֶועזֶען, דָאס שִׁיפֶען זָאלֶען דָארְט
ווִינְטֶערֶען, אַזוֹי הָאבֶּען פִילֶע גֶערַאטֶען מֶען ·זָאל פָאן דָארְטֶען
אַוֶועק גֶעהְן אוּן גֶעזָאגְט: טָאמֶער ווֶעלֶען מִיר קֶענֶען דֶערְגְרֵייכֶען
פֶענִיקַס אוּן דָארְטֶען בְּלֵייבֶּען דִיא ווִינְטֶער צַייט; דָאס אִיז אַיין
פָּארְט אִין קְרֵיטִי, וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אַנְטְקֶעגֶען: דְרוֹמִית-מַעֲרָבִית
13 אוּן צְפוֹנִית מַעֲרָבִית. דֶער ווִינְד הָאט גֶעבְּלָאזֶען פָאן דָרוֹם, אוּן
זֵיי הָאבֶּען גֶעדַאכְט, דָאס זֵיי הָאבֶּען דֶערְגְרֵייכְט זֵייעֶר כַּוָנָה, אוּן
זֵיי זֶענֶען אָבְּגֶעפָאהְרֶען אוּן הָאבֶּען זִיךְ נָאהֶענְט פָאן קְרֶעטָא
14 פַארְבֵּייגֶעשִׁיפְט. נוּר בַּאלְד הָאט זִיךְ גֶעגֶען אִיהְר אַיין שְׁטוּרֶעמְ־
15 ווִינְד אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען ווֶעלְכֶען מֶען רוּפְט צְפוֹנִית-מַעֲרָבִית. ווֶען
דִיא שִׁיף אִיז אַוֶועקְגֶעריסֶען גֶעוָוארֶען אוּן הָאט נִיט גֶעקָאנְט גֶעגֶען
דֶעם ווִינְד גֶעהְן, הָאט זִיא אוּנְז גֶעטְרָאגֶען וואוּהִין דִיא ווֶעלֶען
16 הָאבֶּען אִיהְר גֶעטְרִיבֶּען. אוּן דִיא שִׁיף אִיז צוּ גֶעלָאפֶען צוּ אַיין
קְלֵיינֶעם אִינְזֶעל וָואס מֶען רוּפְט קְלוֹדָה, אוּן מִיט גְרוֹיסֶע מִיהֶע
17 הָאבֶּען מִיר אַיינְגֶעהַאלְטֶען דִיא קְלֵיינֶע שִׁיפֶעל. אוּן נָאכְדֶעם ווִיא
מֶען הָאט זִיא אַרוֹיפְגֶעצוֹיגֶען, הָאבֶּען זֵיי אַלֶע מִיטְלֶען בֶּענוּצְט
אוּן הָאבֶּען פַארְרִיכְט דִיא שִׁיף, אוּן וַוייל זֵיי הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט,
זֵיי זָאלֶען נִיט אַרוֹיף אוֹיף אַיין זַאמְד, הָאבֶּען זֵיי אַרָאבְּגֶעלָאזֶען

18 דיא װֶעגֶעלֶען און זַיינֶען אַזוֹי גֶעפָּאהרֶען. אוֹיף דֶעם אַנדֶערֶען טָאג
װַייל דֶער שְׁטוּרֶעמְװִינְד אִיז זֶעהר גְרוֹיס גֶעװֶען, הָאבֶּען זֵיי
19 אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיס צוּ װַארְפֶען דִיא מַשָׂא אִין יַם אַרַיין. און אוֹיף
דֶעם דְרִיטֶען טָאג הָאבֶּען מִיר מִיט אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד אַרוֹיס
20 גֶעװָארְפֶען דִיא שִׁיפְס כֵּלִים אִין יַם אַרַיין. און פִילֶע טֶעג הָאבֶּען
אוֹיך דִיא זָאנֶע און דִיא שְׁטֶערֶען זִיךְ נִיט בַּאװִיזֶען, און דֶער
שְׁטוּרֶעם אִיז אַלְץ גֶעװֶען בִּיז עֶס הָאבֶּען זִיךְ בֵּיי אוּנְז אַלֶע
21 הָאפְענוּנְגֶען גֶערֶעטֶעט צוּ װֶערֶען אוֹיסְגֶעלָאזֶען. און װֶען זֵיי הָאבֶּען
שׁוֹין אֵיין לַאנְגֶע צַייט נִיט גֶעגֶעסֶען, הָאט זִיךְ פּוֹלוֹס גֶעשְׁטֶעלְט אִין
זַייעֶר מִיטֶען, און גֶעזָאגְט: מֶענֶער! װֶען אִיהר װָאלְט מִיךְ גֶעװֶען
צוּ גֶעהֶערְט נִיט אַװֶעק צוּ גֶעהְן פָאן קְרִיטִי אַזוֹי װָאלְט אוּנְז נִיט
22 גֶעטְרָאפֶען דִיא צָרוֹת און שָׁאדֶען. יֶעצְט אָבֶּער רַאט אִיךְ אֵייךְ
אִיהר זָאלְט בֵּיי זִיךְ נִיט גֶעפַאלֶען זַיין, דֶען אֲפִילוּ אֵיין נֶפֶשׁ פָאן
23 אַייךְ װֶעט נִיט פֶערְלָארֶען װֶערֶען, נוּר דִיא שִׁיף אַלֵיין. דֶען אֵיין
מַלְאָךְ פָאן גָאטְט װֶעמֶעס אִיךְ בִּין, און װֶעמֶען אִיךְ דִין, הָאט
24 זִיךְ צוּ מִיר אִין דִיזֶער נַאכְט בֶּעװִיזֶען. און הָאט גֶעזָאגְט, פִירְכְטֶע
דִיךְ נִיט פּוֹלוֹס, דוּא װֶעסְט נָאךְ שְׁטֶעהְן פַאר דֶעם קֵיסַר; און
יֶעצְט הָאט דִיר גָאטְט גֶעשֶׁענְקְט אַלֶעמֶען װָאס גֶעהֶען מִיט דִיר
25 אִין שִׁיף. דֶערִיבֶּער מֶענֶער שְׁטַארְקְט אַייךְ, דֶען אִיךְ גְלוֹיבּ גָאטְט
דָאס עֶס װֶעט אַזוֹי גֶעשֶׁעהֶען, װִיא עֶס אִיז מִיר גֶעזָאגְט גֶעװָארֶען.
26 מִיר װֶעלֶען אַרוֹיס גֶעװָארְפֶען װֶערֶען אוֹיף אֵיינֶעם פָאן דִיא
27 אִינְזֶלֶען. און װֶען עֶס אִיז שׁוֹין גֶעװֶען דִיא פִירְצֶעטֶע נַאכְט צַייט
עֶס הָאט אוּנְז אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען אוֹיף דֶעם אַדְרִיאַטִישֶׁען יַם, אַרוּם
הַאלְבֶּער נַאכְט, הָאבֶּען דִיא מַאטְרָאזֶען זִיךְ מְשַׁעֵר גֶעװֶען דָאס
28 זֵיי קוּמֶען נָאהֶענְט צוּ דֶער יַבָּשָׁה. און זֵיי הָאבֶּען אוֹיסְגֶעמָאסְטֶען
דִיא טִיף פָאן דֶעם יַם און הָאבֶּען גֶעפוּנֶען צְוַאנְצִיג קְלַאפְטֶער
טִיף, און זֶענֶען אַבִּיסֶעל װַייטֶער גֶעגַאנְגֶען, און הָאבֶּען װִידֶער
29 גֶעמָאסְטֶען הָאבֶּען זֵיי גֶעפוּנֶען פוּנְפְצֶען קְלַאפְטֶער. און װַייל זֵיי
הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט זֵיי זָאלֶען נִיט קוּמֶען אוֹיף שְׁטֵיינֶערְדִיגֶע
עֶרְטֶער, הָאבֶּען זֵיי אַרָאבְּגֶעלָאזֶען פָאן דֶעם הִינְטֶערְסְטֶען טֵייל
פָאן דֶער שִׁיף פִיר אַנְקֶערְס, און הָאבֶּען דֶערְװַארְטֶעט עֶס זָאל
30 טָאג װֶערֶען. און װֶען דִיא מַאטְרָאזֶען הָאבֶּען גֶעװָאלְט אַװֶעק

לוֹיפֶען פָאן דֶער שִׁיף, אוּן הָאבֶּען אַרָאבְּגֶעלָאזֶען אִין יַם אַרֵיין
דִיא קְלֵיינֶע שִׁיפֶעל מֶען זָאל מֵיינֶען, דָאס זֵיי ווִילֶען אַרָאבּ לָאזֶען
31 דִיא אַנְקֶערְס פָאן דֶעם פֶעדֶערְשְׁטֶען טֵייל פָאן דֶער שִׁיף. הָאט
פּוֹלוֹס גֶעזָאגְט צוּ דֶעם הוֹיפְּטְמַאן אוּן צוּ דִיא סָאלְדַאטֶען, וֶוען זֵיי
ווֶעלֶען מִיט אוּנְז נִיט בְּלֵייבֶּען אִין דֶער שִׁיף אַזוֹי וֶועט אִיהר נִיט
32 קֶענֶען גֶערֶעטֶעט ווֶערֶען. דַאמָאלְסְט הָאבֶּען דִיא סָאלְדַאטֶען
אִיבֶּערְגֶעשְׁנִיטֶען דִיא שְׁטְרִיק פָאן דֶער שִׁיפֶעל אוּן זִיא אִיז אַרוּנְטֶער
33 גֶעפַאלֶען. אֵיידֶער עֶס אִיז טָאג גֶעווָארֶען הָאט פּוֹלוֹס אַלֶעמֶען
צוּ גֶערֶעט, זֵיי זָאלֶען נֶעמֶען עֶסֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט: יֶעצְט אִיז שׁוֹין
דֶער פֶערְצֶעטֶער טָאג צֵייט אִיהר אָן שְׁפֵּייז וַוארְטֶעט אוּן עֶסְט
34 נִישְׁט. דֶערִיבֶּער בֶּעט אִיך אַייך צוּ עֶסֶען, דָאס אִיז צוּ אֵייעֶרֶען
בֶּעסְטֶען: דֶען אֵיין הָאר פָאן קָאפּף וֶועט בֵּיי קֵיינֶעם פָאן אַייך
35 נִיט פַאלֶען. וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר גֶענוּמֶען דָאס
בְּרוֹיט אוּן הָאט פַאר אַלֶעמֶען גָאטְט גֶעדַאנְקְט צוּ בְּרָאכֶען אוּן
36 אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ עֶסֶען. אַלֶע זֶענֶען פְרֵיילֶעכֶער גֶעווָארֶען, אוּן הָאבֶּען
37 אוֹיך גֶענוּמֶען עֶסֶען. אוּן מִיר אַלֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶער שִׁיף
38 צְווֵיי הוּנְדֶערְט זֶעקְס אוּן זִיבֶּעצִיג נְפָשׁוֹת. אוּן וֶוען מִיר הָאבֶּען
זִיךְ אָנְגֶעגֶעסֶען, הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִיא שִׁיף גְרִינְגֶער צוּ מַאכֶען,
39 אוּן הָאבֶּען דִיא ווֵייץ אַרוֹיס גֶעווָארְפֶען אִין יַם אַרֵיין. וֶוען עֶס
אִיז טָאג גֶעווָארֶען הָאבֶּען זֵיי נִיט דֶערְקָאנְט דָאס לַאנְד, זֵיי הָאבֶּען נוּר
דֶערְזֶעהֶען אֵיינֶע בּוּכְטֶע מִיט אֵיין הַאפֶען; אוּן הָאבֶּען גֶעווָאלְט ווִיא
40 מִיגְלַאךְ דִיא שִׁיף אַהִין אַרֵיינְטְרֵייבֶּען. זֵיי הָאבֶּען דִיא אַנְקֶערְס
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּן זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם יַם, אוּן הָאבֶּען
אָבְּגֶעלָאזֶען דִיא בֶּענְדֶער פָאן דֶעם רוּדֶער אוּן הָאבֶּען גֶערִיכְטֶעט
דִיא זֶעגֶעל נָאךְ דֶעם ווִינְד נָאךְ, אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעהַאלְטֶען צוּם
41 הַאפֶען. אוּן ווֵייל זֵיי זֵיינֶען אוֹיף אֵיין זַאמְד אַרוֹיף, אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי מִיט
דֶעם שִׁיף זִיךְ אָנְגֶעשְׁטוֹיסֶען, אוּן דֶער פָארֶערְשְׁטֶע טֵייל (שִׁיף)
הָאט זִיךְ אִין זַאמְד אֵיינְגֶעגְרָאבֶּען אוּן אִיז גֶעבְּלִיבֶּען פֶּעסְט שְׁטֶעהֶן,
דֶער הִינְטֶערְשְׁטֶער טֵייל אָבֶּער אִיז דוּרְךְ דֶעם אָנְשְׁטוֹיסֶען פָאן
42 דִיא ווֶעלֶען צוּבְּרָאכֶען גֶעווָארֶען. דִיא סָאלְדַאטֶען אָבֶּער הָאבֶּען
גֶעווָאלְט דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע אוּסְטוֹיטֶען, כְּדֵי אֵיינֶער פָאן זֵיי זָאל נִיט
43 אַרוֹיס שְׁווִימֶען אוּן אַנְטְלוֹיפֶען. ווֵייל אָבֶּער דֶעם הוֹיפְּטְמַאן הָאט

גֶעוָואלְט פּוֹלוֹס'ן מַצִיל זַיין הָאט עֶר זֵיי פָאן דֶעם אָבְּגֶעהַאלְטֶען,
אוּן הָאט גֶעזָאגְט: וֶועֶר עֶס קָאן שְׁווִימֶען זָאל אַרָאבְּגֶעהֶן צוּם
עֶרְשְׁטֶען אוּן צוּ שְׁווִימֶען צוּ דֶער יַבָּשָׁה, אוּן דִיא אִיבֶּערִיגֶע זָאלֶען
זִיךְ לָאזֶען אֵייניִגֶע אוֹיף בְּרֶעטֶער, אוּן אַנְדֶערֶע אוֹיף דִיא שְׁטִיקֶער
44 פָאן דֶער שִׁיף. אוּן עֶס אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען, דָאס אַלֶע זֶענֶען גֶערֶעטֶעט
גֶעוָוארֶען, אוּן גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער יַבָּשָׁה.

כח וֶוען מִיר זֶענֶען גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען, זֶענֶען מִיר גֶעוָואר גֶעוָוארֶען,
2 דָאס דֶער נָאמֶען פָאן דֶעם אִינְזֶעל אִיז מְלִיטִי. דִיא אוֹיסְלֶענְדֶער
הָאבֶּען נִיט וֵוייניִג פְרֵיינְדְשַׁאפְט גֶעגֶען אוּנְז בֶּעוִויזֶען; זֵיי הָאבֶּען
צוּ לֵייגְט אֵיין פֵייעֶר, אוּן הָאבֶּען אוּנְז אַלֶעמֶען צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען,
3 ווייל עֶס אִיז גֶעגַאנְגֶען אֵיין רֶעגֶען אוּן עֶס אִיז קַאלְט גֶעוֶועזֶען. אוּן
פּוֹלוֹס הָאט צוּזַאמֶענְגֶעזַאמֶעלְט פִיל טְרוּקֶענֶעס הָאלְץ אוּן הָאט
אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אוֹיפֶען פֵייעֶר, אוּן מַחֲמַת דִיא הִיץ אִיז פָאן זֵיי
אַרוֹיס גֶעקְרָאכֶען אֵיין עֶגְדֶעשׁ אוּן הָאט זִיךְ צוּ גֶעקְלֶעבְּט צוּ זַיין
4 הַאנְד. דִיא אוֹיסְלֶענְדֶער הָאבֶּען דֶערְזֶעהֶן דֶעם עֶגְדֶעשׁ הֵיינְגֶענְדִיג
אוֹיף זַיין הַאנְד, הָאבֶּען זֵיי אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶן גֶעזָאגְט: דִיזֶער
מַאן אִיז גֶעוִויס אֵיין רוֹצֵחַ, וֶועלְכֶער וֶוען אוֹיךְ עֶר אִיז נִיצוֹל
גֶעוָוארֶען פָאן יַם, לָאזְט אִיהם דָאךְ דִיא מִדַת נְקָמָה נִיט לֶעבֶּען.
5 נוּר עֶר הָאט אָבְּגֶעשָׁאקֶעלְט דֶעם עֶגְדֶעשׁ פָאן דֶער הַאנְד אִין
6 פֵייעֶר אַרֵיין, אוּן עֶר הָאט אִיהם גָאר נִיט גֶעשַׁאדֶעט. זֵיי הָאבֶּען
גֶעוַוארְט צוּ זֶעהֶען, ווִיא זַיין גוּף וֶועט גֶעשְׁוָואלֶען וֶוערֶען, אָדֶער
עֶר וֶועט פְּלוּצְלִינְג פַאלֶען אוּן שְׁטַארְבֶּען, נוּר זֵיי הָאבֶּען לַאנְג
גֶעוַוארְט אוּן הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, דָאס עֶס אִיז אִיהם קֵיין בֶּעז נִיט
גֶעשֶׁעהֶען, אוּן זֵייעֶר מֵיינוּנְג אִיז אַנְדֶערְשׁ גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען
7 גֶעזָאגְט: עֶר אִיז אֵיין גָאטְט. אִין יֶענֶער גֶעגֶענְד הָאט דֶער
עֶלְטֶער פָאן דֶער אִינְזֶעל, מִיט דֶעם נָאמֶען פּוּבְּלִיוֹס, גֶעהַאט
פֶעלְדֶער; דִיזֶער הָאט אוּנְז צוּ זִיךְ אִין הוֹיז אַרֵיין גֶענוּמֶען, אוּן
8 הָאט אוּנְז פְרֵיינְדְלִיךְ אוֹיס גֶעהַאלְטֶען דְרֵיי טֶעג. פּוּבְּלִיוֹת פָאטֶער
אִיז גֶעלֶעגֶען קְרַאנְק אוֹיף קַדַחַת אוּן בְּלוּט־פְלוּס, אוּן פּוֹלוֹס אִיז
צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען אוּן הָאט מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען אוּן גֶעלֵייגְט דִיא הֶענְד
9 אוֹיף אִיהם אוּן הָאט אִיהם אוֹיס גֶעהֵיילְט. נָאךְ דֶעם זֶענֶען
גֶעקוּמֶען אַנְדֶערֶע קְרַאנְקֶע פָאן דֶעם אִינְזֶעל, אוּן זֶענֶען גֶעהֵיילְט

10 גֶעוָוארֶען. און זֵיי הָאבֶּען אוּנְז אָבְּגֶעגֶעבֶּען גְרוֹיס כָּבוֹד, און וֶוען
מִיר זֶענֶען פָּאן דָארְטֶען אַװעק גֶעפָּאהרֶען, הָאבֶּען זֵיי אוּנְז
11 פַארְזָארְגְט מִיט אַלֶץ וָואס מִיר הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט. און נָאךְ
דְרַיי חֳדָשִׁים זֶענֶען מִיר פָּאן דָארְטֶען אַװעק גֶערַייזְט מִיט אֵיין
אַלֶכְּסַנְדְרִיעֶר שִׁיף, וָואס זִיא הָאט בֵּיי דִיזֶען אִינְזֶעל אִיבֶּערְ־
גֶעווִינְטֶערְט, דֶער צֵייכֶען פָּאן אִיהר פָאהנֶע אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין
12 צְווִילִינְג. און מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין סַרְקוּסָא, און מִיר זֶענֶען
13 דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען דְרַיי טֶעג. פָּאן דָארְטֶען זֶענֶען מִיר וַוייטֶער
גֶעפָאהרֶען, און גֶעקוּמֶען קֵיין רֶגִיוֹן, און וֶוען אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען
טָאג הָאט אֵיין בְּלָאז גֶעטָאן אֵיין דָרוֹם ווִינְד, זֶענֶען מִיר דֶעם
14 צְווֵייטֶען טָאג גֶעקוּמֶען קֵיין פּוּטֶעאַלִי. און דָארְטֶען הָאבֶּען מִיר
גֶעפוּנֶען בְּרִידֶער, וֶועלְכֶע הָאבֶּען אוּנְז גֶעבֶּעטֶען, מִיר זָאלֶען בֵּיי
זֵיי פַארְבְּלֵייבֶּען זִיבֶּען טֶעג. נָאךְ דֶעם זֶענֶען מִיר גֶעגַאנְגֶען קֵיין
15 רוֹם. און דִיא בְּרִידֶער הָאבֶּען גֶעהֶערְט, דָאס מִיר קוּמֶען, זֶענֶען
זֵיי פָּאן דָארְטֶען אוּנְז אַנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶער מַארְקְט
שְׁטְרַאסֶע אֶפִּיוּס, און בִּיז צוּ דִיא דְרַיי הָאטֶעלֶען. און וֶוען פּוֹלוֹס
הָאט זֵיי דֶערְזֶעהֶען, הָאט עֶר גָאטְט גֶעדַאנְקְט און הָאט מוּט
16 בֶּעקוּמֶען. וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין רוֹם הָאט דֶער הוֹיפְּטְמַאן
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע צוּ דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען אִיבֶּער דֶעם
חַיִל, און פּוֹלוֹס'ן הָאט עֶר עֶרְלוֹיבְּט צוּ ווֵיינֶען וואוּ עֶר ווִיל נוּר
17 אֵיין סָאלְדַאט הָאט אִיהם גֶעהִיט. נָאךְ דְרֵיי טֶעג הָאט פּוֹלוֹס צוּ
זִיךְ גֶערוּפֶען דִיא עֶלְסְטֶע פָּאן דִיא אִידֶען, און זֵיי הָאבֶּען זִיךְ צוּ
אִיהם פַארְזַאמֶעלְט און עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: מֶענֶער און בְּרִידֶער,
אִיךְ הָאבּ גָאר נִישְׁט גֶעטָאן אַנְטְקֶעגֶען אוּנְזֶער פָאלְק און אַנְטְקֶעגֶען
דִיא מִנְהָגִים פָּאן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, און אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאט מֶען
מִיךְ אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען אִין קֵייטֶען, און מֶען הָאט מִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
18 צוּ דִיא רוֹמַיִם. און נָאךְ דֶעם ווִיא זֵיי הָאבֶּען מִיךְ פַארְהֶערְט,
הָאבֶּען זֵיי מִיךְ גֶעוָואלְט פְרֵיי לָאזֶען, ווֵייל זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען
19 דָאס מִיךְ קוּמְט צוּ טוֹיטֶען. דִיא אִידֶען אָבֶּער זֶענֶען אוֹיף
גֶעשְׁטַאנֶען גֶעגֶען מִיר, און אִיךְ בִּין גֶעצְוואוּנְגֶען גֶעוֶועזֶען צוּ רוּפֶען
דֶעם קֵיסַר צוּ מֵיין מִשְׁפָּט, אָבֶּער אִיךְ דֶענְק נִיט צוּ פַארְקְלָאגֶען
20 מֵיין פָאלְק. דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶערוּפֶען, אִיךְ זָאל מִיךְ

וָועהֶען אוּן רֶעדֶען מִיט אַייך: דֶען וֶועגֶען דִיא הָאפֶֿענוּנְג פָֿאן יִשְׂרָאֵל
21 בִּין אִיך אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען אִין דִיזֶע קֵייטֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם
גֶעזָאגְט: מִיר הָאבֶּען קֵיין בְּרִיף פָֿאן דֶעם לַאנְד יְהוּדָה וֶועגֶען דִיר
נִיט דֶערְהַאלְטֶען: אוֹיך אִיז אַהֶער נִיט גֶעקוּמֶען אֵיינֶער פָֿאן דִיא
בְּרִידֶער וָואס זָאל הָאבֶּען דֶערְצֵיילְט אוֹיף דִיר עֶטְוָואס שְׁלֶעכְטֶעס.
22 נוּר מִיר וָואלְטֶען גֶעוָואלְט הֶערֶען פָֿאן דִיר דֵיין מֵיינוּנְג, דֶען אוּנְז
אִיז בֶּעקַאנְט דָאס אִין אַלֶע עֶרְטֶער אִיז מֶען גֶעגֶען דִיזֶער כִּתָּה.
23 אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהם בֶּעשְׁטִימְט אֵיין טָאג, אוּן פִֿילֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען
צוּ אִיהם אוֹיף זֵיין אַכְסַנְיָא. אוּן פָֿאן מָארְגֶענְס בִּיז צוּם אָוֶוענְד
הָאט עֶר זֵיי דֶערְקְלֶעהְרְט דָאס מַלְכוּת אֱלֹהִים; גֶעבְּרַאכְט רְאָיוֹת,
אוּן זֵיי דֶערְוִויזֶען פָֿאן תּוֹרַת מֹשֶׁה אוּן נְבִיאִים וֶועגֶען יֵשׁוּעַ'ן.
24 אֵיינִיגֶע הָאבֶּען זִיך גֶעלָאזֶען דֶערְוֵוייזֶען פָֿאן זֵיינֶע וֶוערְטֶער אוּן
25 אַנְדֶערֶע הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט. אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעוָוארֶען צְוִוישֶען
זֵיי אֵיין מַחֲלוֹקֶת, זֶענֶען זֵיי פַֿאנַאנְדֶערְגֶעגַאנְגֶען אוּן פּוֹלוֹס הָאט
דִיזֶע וֶוערְטֶער גֶעזָאגְט: רֶעכְט הָאט דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ גֶעזָאגְט צוּ
26 אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן דוּרך יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא: גֶעה אוּן זָאלְסְט דֶעם
פָֿאלְק זָאגֶען, אִיהר וֶועט הֶערֶען אוּן וֶועט נִיט פֶֿערְשְׁטֶעהֶן, אִיהר
27 וֶועט זֶעהֶען אוּן וֶועט נִיט וִויסֶען. דֶען דָאס הַארְץ פָֿאן דֶעם
פָֿאלְק אִיז פֶֿעט גֶעוָוארֶען, אוּן זֵיינֶע אוֹיעֶרֶען זֶענֶען שְׁוֶוער, אוּן
זֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען צוּגֶעשְׁלָאסֶען גֶעוָוארֶען, טָאמֶער וֶועט עֶר זֶעהֶן
מִיט זֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּן מִיט זֵיינֶע אוֹיעֶרֶען הֶערֶען, אוּן זֵיין הַארְץ
וֶועט פַֿארְשְׁטֶעהֶן, אוּן וֶועט זִיך אוּמְקֶעהֶרֶען, אוּן אִיך וֶועל אִיהם
28 אוֹיסְהֵיילֶען. דֶערִיבֶּער זָאלְט אִיהר וִויסֶען דָאס צוּ דִיא גוֹיִם אִיז
דִיא יְשׁוּעָה פָֿאן גָאטְט גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען אוּן זֵיי וֶועלֶען עֶס
29 הֶערֶען. וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, זֶענֶען דִיא אִידֶען פָֿאן אִיהם
30 אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען מִיט פִֿילֶע וִכּוּחִים צְווִישֶׁען זִיך. אוּן פּוֹלוֹס הָאט
גֶעוֵויינְט אִין זֵיין הוֹיז וָואס עֶר הָאט גֶעדוּנְגֶען צְוֵויי יָאהר, אוּן
31 הָאט אוֹיפְגֶענוּמֶען אַלֶעמֶען וָואס זֶענֶען צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען. אוּן
הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים, אוּן הָאט גֶעלֶערֶענְט פָֿאן
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶערְן הֶערְן עֶפֶֿענְטְלִיך. אוּן קֵיינֶער הָאט אִיהם
נִיט גֶעוָועהְרְט.

# דער בריף צו דיא רוֹמֵיים

א פּוֹלוּס, אֵיין קְנֶעכְט פָּאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען צוּ
זַיין אֵיין אַפָּאסְטֶעל (שְׁלִיחַ), אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְט אָנְצוּזָאגֶען גָאטְטֶעס
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה. וֶועלְכֶע אִיז פְרִיהֶער פֶערְשְׁפְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען דוּרְךְ 2
זַיינֶע נְבִיאִים אִין דֶער הֵיילִיגֶער שְׁרִיפְט (תּ״נך). פָּאן זַיין זָאהְן, 3
וֶועלְכֶער אִיז אַרוֹיס גֶעקוּמֶען פָּאן דָוִד׳ס זֶרַע נָאךְ דֶעם פְלֵייש.
גֶעשְׁטֶעלְט צוּם גָאטְטֶעס זָאהְן מִיט מַאכְט נָאךְ דֶעם גַייסְט פָּאן 4
הֵיילִיגְקֵייט דוּרְךְ דֶער אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג פָּאן דִיא טוֹיטֶע, פָּאן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶערְן הֶערְרְן. דוּרְךְ וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען 5
גְנַאדֶע אוּן דֶעם דִינְסְט פָּאן אֵיין אַפָּאסְטֶעל (שְׁלִיחַ), אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען
דִיא גֶעהָארְכְזַאמְקֵייט פָּאן דֶער אֱמוּנָה צְווִישֶׁען אַלֶע פֶעלְקֶער פָּאן
זַיין נָאמֶען וֶועגֶען. צְווִישֶׁען וֶועלְכֶע אוֹיךְ אִיהר זַייט (זֶענְט) דִיא 6
גֶערוּפֶענֶע פָּאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. צוּ אַלֶע גָאטְטֶעס גֶעלִיבְּטֶע, 7
גֶערוּפֶענֶע הֵיילִיגֶע אִין רוֹים. גְנַאדֶע צוּ אַייךְ אוּן פְרִידֶען פָּאן
גָאטְט אוּנְזֶערְן פָאטֶער אוּן דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
פְרִיהֶער פָּאן אַלְץ דַאנְקֶע אִיךְ מֵיין גָאטְט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ פַאר 8
אַייךְ אוּמֶעטוּם, דָאס מֶען אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט פָּאן אַייעֶרְן
גְלוֹיבֶּען רֶעט. דֶען גָאטְט, וֶועלְכֶען אִיךְ דִינֶע מִיט מֵיין גֵייסְט אִין 9
דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פָּאן זַיין זָאהְן, אִיז מֵיין עֵדוּת, וִויא אִיךְ אָן
אוֹיפְהֶערוּנְג דֶערְמָאן אַייךְ אַלֶע צֵייט אִין מֵיין תְּפִלָּה מִיט דֶעם
גֶעבֶּעט. דָאס עֶס זָאל מִיר מִיט גָאטְטֶעס ווִילֶען אֵיין מָאל גֶעלִינְגֶען, 10
צוּ אַייךְ צוּ קוּמֶען. דֶען מִיךְ פֶערְלַאנְגְט אַייךְ צוּ זֶעהֶען, אִיךְ 11
וָואלְט אַייךְ גֶערְן עֶטְוָואס בְּרֵיינְגֶען פָּאן דֶער גַייסְטְלִיכֶער מַתָּנָה
אִיהר זָאלְט פֶעסְטֶער וֶוערְן, דָאס אִיז, צוּ טְרֵייסְטֶען זִיךְ מִיט אַייךְ 12
דוּרְךְ אֵייעֶרֶע אוּן מֵיינֶע אֱמוּנָה וֶועלְכֶע מִיר צוּזַאמֶען הָאבֶּען.
בְּרִידֶער, עֶס צְווִינְגְט מִיךְ, אַייךְ צוּ זָאגֶען, דָאס אִיךְ הָאבּ מִיךְ 13

שוין אָפְט פָּארְגֶענוּמֶען צוּ אַייךְ צוּ קוּמֶען אִיךְ בִּין נוּר בִּיז אַהֶער
אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל צְוִוישֶׁען אַייךְ אֵיינִיגֶע
פְּרוּכְט (פְּעוּלוֹת) דֶערְלֶעבֶּען וְוִיא צְווִישֶׁען דִיא אִיבֶּערִיגֶע פֶעלְקֶער.
14 אִיךְ בִּין אַיין בַּעַל חוֹב צוּ דִיא גְרִיכֶען אוּן בַּארְבַּארֶען, צוּ חֲכָמִים
15 אוּן אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע. דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ דֶעם גוּטֶען ווִילֶען
16 אִין מִיר, אוֹיךְ אַייךְ אִין רוֹים דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה אָנְצוּזָאגֶען. דֶען
אִיךְ שֶׁעמֶע מִיךְ נִיט מִיט דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, וִיא אִיז דָאךְ גָאטְטֶעס
קְרַאפְט צוּ הֶעלְפֶען יֶעדֶערְן גְלוֹיבִּינֶען, אַזוֹי וִויא דֶעם אִידֶען צוּם
17 עֶרְשְׁטֶען אַזוֹי אוֹיךְ דִיא גְרִיכֶען. דֶען גָאטְטֶעס גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
וֶוערְט אִין אִיהר אַנְפְּלֶעקְט פָאן גְלוֹיבֶען צוּ גְלוֹיבֶען, וִויא עֶס
שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען: דֶער צַדִיק וֶועט לֶעבֶּען דוּרךְ זַיין גְלוֹיבֶּען.
18 דֶען גָאטְטֶעס צָארֶען אִיז אַנְפְּלֶעקְט פָאן הִימֶעל אִיבֶּער אַלֶע
שְׁלֶעכְק אוּן אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט פָאן דִיא מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע דֶעם
19 אֱמֶת דוּרְךְ אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט אַיינְהַאלְטֶען. דֶען וָואס עֶס אִיז פָאן
גָאטְט צוּ דֶערְקֶענֶען, אִיז צְוִוישֶׁען זַיי אַנְפְּלֶעקְט, גָאטְט הָאט עֶס
20 זַיי אַנְפְּלֶעקְט. עֶס וֶוערְט זַיין פֶערְבָּארְגֶענֶעס וֶועזֶען (מְהוּת) צֵייט
דִיא וֶועלְט אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען אָן זַיינֶע ווערְקֶע דוּרְכֶען
דֵיינְקֶען גֶעזֶעהֶען, דָאס אִיז, זַיינֶע עֶווִיגֶע קְרַאפְט אַזוֹי וִויא גָאטְטֶעס
21 גוֹטְסְקֵייט, כְּדֵי זַיי זָאלֶען אָן עֶנְטְשׁוּלְדִיגוּנְג בְּלֵייבֶּען. דָאס אִיז
דֶערִיבֶּער, ווייל זַיי הָאבֶּען גָאטְט דֶערְקֶענְט, אָבֶּער הָאבֶּען אִיהם
נִיט וִויא גָאטְט גֶעלוֹיבְּט אָדֶער מִיט דַאנְק דֶערְקֶענְט, נוּר זַיינֶען
(זֶענֶען) נַארֶעשׁ גֶעוָוארֶען אִין זַייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען, אוּן זַייעֶר
22 אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע הַארְץ הָאט זִיךְ פֶערְפִינְסְטֶערְט. צוּם נַארֶען
זַיינֶען (זֶענֶען) זַיי גֶעוָוארֶען, וֶוען זַיי הָאבֶּען זִיךְ פַאר חֲכָמִים פָארְגֶע־
23 שְׁטֶעלְט; אָנְשְׁטָאט דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פָאן דֶעם אוּנְפֶערְגַאנְגֶענֶעם
גָאטְט הָאבֶּען זַיי פֶערְבִּיטֶען אוֹיף דֶעם אָבְּגֶעבִּילְדֶעטֶען גֶעשְׁטַאלְט
פָאן פֶערְגֶעהֶענְדֶע מֶענְשֶׁען, פֵייגְלֶען, פִירְפִיסִיגֶע אוּן קְרִיכֶענְדֶע
24 חַיוֹת. דֶערִיבֶּער הָאט זַיי גָאטְט אַהִינְגֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ דִיא
גֶעלוּסְטִיגְקֵייט פָאן זַייעֶרֶע הֶערְצֶער אִין אוּנְרֵיינְקֵייט, מְבַזֶה צוּ
25 זַיין אִיהרֶע אֵייגֶענֶע לַייבֶּער אוּן זִיךְ אַלֵיין, אַזוֹי הָאבֶּען זַיי פֶערְבִּטֶען
גָאטְטֶעס וַואהרְהֵייט אוֹיף לִיגֶען, אוּן כַּוָנָה אוּן תְּפִלָּה גֶעבְּרַאכְט
צוּ דֶער בַּאשֶׁעפֶענֶעס אָנְשְׁטָאט דֶעם בֶּעשֶׁעפֶער, וֶועלְכֶער אִיז

26 גֶעלוֹיבְּט אוֹיף עֶווִיג, אָמֵן. דֶערִיבֶּער הָאט זֵיי גָאטְט אַהִינְגֶעגֶעבֶּען
אִין שֶׁענְדְלִיכֶע תַּאֲוֹת, אִיהְרֶע וַוייבֶּער הָאבֶּען אִיהר נַאטִירְלִיכֶען
27 גֶעבְּרוֹיך אִין אוּנְנַאטִירְלִיכֶען פֶערְקֶעהְרְט. אַזוֹי אוֹיך דִיא מֶענֶער
זֵיינֶען אִין ווִילְדֶער גֶעלוּסְטִיגְקֵייט אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערְן גֶעלֶעגֶען
אֵיין מַאן מִיט אֵיין מַאן שֶׁענְדְלִיכְקֵייט גֶעטָאן. אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי דֶעם
פֶערְדִינְטֶען לוֹין פָאן זֵייעֶר פֶערְאִירוּנְג אוֹיף זִיךְ אַלֵיין דֶערְפוּן
28 גֶעהַאט. אוּן אַזוֹי ווִיא זֵיי הָאבֶּען גָאטְטֶעם דֶערְקֶענְטֶענֶעם פֶערְ־
אַכְטֶעט, אַזוֹי הָאט גָאטְט זֵיי אַהִינְגֶעגֶעבֶּען אִין אֵיין פֶערְאַכְטֶעטֶען
29 פֶערְשְׁטַאנְד, צוּ טָאן דָאס וָואס עֶס פַּאסְט נִיט. אָנְגֶעפִילְט מִיט
אַלֶערְלֵיי אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט, שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, בּוֹיזְהֵייט, נָאךְ
פֶערְמֶעגֶענְס נָאךְ צוּ יָאגֶען, פוּל מִיט קִנְאָה, רְצִיחָה, קְרִיג,
30 בֶּעטְרִיגֶערַיי. רְכִילוּת טְרַייבֶּער, לָשׁוֹן הָרָע רֵיידֶער, גָאטְטְעֶס
פֵיינְדֶע, עַזוּת פָּנִים׳עֶר שְׁטָאלְצֶע, בֶּערִיהְמֶער, דֶענְקֶען אוֹיס בּוֹיזֶעס,
31 פֶערְאַכְטֶען זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, אָן פֶערְשְׁטַאנְד אוּן טַאקְט, אָן אֵיין
32 הַארְץ אוּן בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט. זֵיי קֶענֶען גָאטְטֶעס רֶעכְט (מִשְׁפָּט),
דָאס וֶוער אַזֶעלְכֶעס טְהוּט פֶערְדִינְט דֶעם טוֹיט, אוּן דָאךְ טְהוּעֶן
זֵיי עֶס נִיט נָאר אַלֵיין, נוּר עֶס גֶעפֶעלְט נָאךְ זֵיי אוֹיךְ, וֶוען אַנְדֶערֶע
טְהוּעֶן עֶס.
ב אוֹיף דִיזֶער אַרְט נוּן גֶעהְט עֶס אוֹיף יֶעדֶערְן מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶער
מִשְׁפָּט, דוּא הָאסְט קֵיינֶע עֶנְטְשׁוּלְדִיגוּנְג; וואו דוּא דֶעם אַנְדֶערְן
מִשְׁפָּט׳סְט, פֶערְ׳מִשְׁפָּט׳סְט דוּא דִיךְ אַלֵיין; דֶען, בְּשַׁעַת דוּא
2 מִשְׁפָּט׳סְט טְהוּסְט דוּא דָאסְזֶעלְבִּיגֶע. מִיר ווֵייסֶען אָבֶּער, דָאס
גָאטְטֶעס אֱמֶת׳עֶר מִשְׁפָּט קוּמְט אִיבֶּער דִיא, וֶועלְכֶע אַזֶעלְכֶעס
3 טְהוּעֶן. מֵיינְסְט דוּא, אָ מֶענְשׁ, וָואס דוּא מִשְׁפָּט׳סְט, דִיא וֶועלְכֶע
אַזֶעלְכֶעס טְהוּעֶן אוּן טְהוּסְט עֶס דָאךְ אַלֵיין, דָאס דוּא וֶועסְט פָאן
גָאטְטֶעס מִשְׁפָּט אַנְטְרוּנֶען וֶוערְן? אָדֶער בִּיזְט דוּא מְבַזֶה דִיא
רֵייכְקֵייט פָאן זֵיינֶע גוּטְקֵייט, גֶעדוּלְד לַאנְגְמוּט (אֶרֶךְ רוּחַ), אוּן
דֵיינְקְסְט נִיט אָן דֶעם, דָאס גָאטְטֶעס גוּטְקֵייט דִיךְ צוּ תְּשׁוּבָה
5 טְרֵייבְּט? יַא, מִיט דֵיינֶע עַקְשָׁנוּת אוּן דִיא הַארְטְקֵייט פָאן דֵיין
הַארְצֶען זַאמֶעלְסְט דוּא דִיר צָארֶען אוֹיף דֶעם טָאג פָאן צָארֶען
6 אוּן דֶער אַנְפֶּלֶעקוּנְג פָאן גָאטְטֶעס גֶערֶעכְטֶען מִשְׁפָּט. וֶועלְכֶער
7 וֶועט בֶּעצָאהְלֶען יֶעדֶען אֵיינְצִיגֶען נָאךְ זֵיינֶע וֶוערְקֶע נָאךְ: דִיא,

וֶועלְכֶע מִיט אוֹיסְהַארוּנְג אִין מַעֲשִׂים טוֹבִים נָאךְ הֶערְלִיכְקֵייט,
כָּבוֹד אוּן וָואס עֶס פֶּערְגֵייט נִיט טְרַאכְטֶען, עֶווִיגֶעס לֶעבֶּען;
8 דִּיא קְרִיכֶער אָבֶּער, וֶועלְכֶע נִיט דֶעם אֱמֶת נוּר דִּיא אוּנְגֶערֶעכְטִיגְ־
9 קֵייט נָאכְגֶעהֶען, צָארְן אוּן גְרִימְם. דַחֲקוֹת אוּן שְׁרֶעקֶענֶעס קוּמְט
אִיבֶּער דִּיא זֶעעֶלֶען פָּאן אַלֶע מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע בּוֹיזֶעס טְהוּעֶן, וִויא
10 דִּיא אִידֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען אַזוֹי אוֹיךְ דִּיא גְרִיכֶען; הֶערְלִיכְקֵייט,
כָּבוֹד אוּן פְּרִידֶען פַאר אַלֶעמֶען, וֶועלְכֶע גוּטֶעס טְהוּעֶן, וִויא פַאר
11 דִּיא אִידֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען אַזוֹי אוֹיךְ פַאר דִּיא גְרִיכֶען. דֶען גָאטְט
12 זֶעהְט נִיט אוֹיף דֶער פֶּערְזָאן. דֶען דִּיא וֶועלְכֶע אָן דֶער תּוֹרָה
הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, וֶוערֶען אוֹיךְ אָן דֶער תּוֹרָה פֶּערְלָארֶען וֶוערְן,
אוּן דִּיא וֶועלְכֶע מִיט דֶער תּוֹרָה הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, וֶוערְן דוּרְךְ
13 דֶער תּוֹרָה גֶע'מִשְׁפָּט וֶוערְן; דֶען נִיט דִּיא הֶערֶער פָּאן דֶער תּוֹרָה
זֵיינֶען (זֶענֶען) גֶערֶעכְט פַאר גָאטְט, נוּר דִּיא טְהוּעֶר פָּאן דֶער תּוֹרָה
14 וֶועלֶען גֶערֶעכְט אַרוֹיס גֶען. וֶוען גוֹיִם, וֶועלְכֶע דִּיא תּוֹרָה נִיט
הָאבֶּען, פָּאן נַאטוּר טְהוּעֶן, דָאס וָואס דִּיא תּוֹרָה זָאגְט, אַזוֹי
זֵיינֶען (זֶענֶען) זֵיי, וֶועלְכֶע הָאבֶּען קֵיין תּוֹרָה נִיט, זִיךְ אַלֵיין אֵיין
15 תּוֹרָה. בֶּעווֵייזֶען זֵיי דָאךְ, וִויא דִּיא מַעֲשִׂים פָּאן דֶער תּוֹרָה אִין
זֵייעֶר הַארְצֶען גֶעשְׁרִיבֶּען אִיז, וֵוייל זֵייעֶר גֶעוִויסֶען זֵיין בֶּעוֵוייז
דֶערְצוּ גִיט אוּן דִּיא גֶעדַאנְקֶען אַנְדֶערֶע פֶּערְקְלָאגֶען (מְחַיָּב)
16 אַנְדֶערֶע אוֹיךְ עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען. פַאר דֶעם טָאג, וֶוען גָאטְט וֶועט
מִשְׁפָּט'ן, וָואס אִיי דֶעם מֶענְשֶׁען פֶּערְבָּארְגֶען אִיז, דוּרְךְ יֵשׁוּעַ
17 הַמָּשִׁיחַ אַזוֹי וִויא מֵיין בְּשׂוֹרָה טוֹבָה. וֶוען אָבֶּער דוּא רוּפְסְט
18 דִּיךְ אִיד אָן אוּן פֶּערְלָאזְט דִּיךְ אוֹיף דֶער תּוֹרָה, אוּן בֶּערִיהְמְסְט
דִּיךְ מִיט גָאטְט, אוּן קֶענְסְט זֵיין ווִילֶען, אוּן פֶּערְשְׁטֵייסְט דֶעם
19 תּוֹכוֹן, דוּרְךְ דֵיין בִּילְדוּנְג אִין דֶער תּוֹרָה. אוּן גְלוֹיבְּסְט צוּ זֵיין
אֵיין פִיהְרֶער פַאר בְּלִינְדֶע, אֵיין לִיכְט פַאר דִּיא וֶועלְכֶע זֵיינֶען
20 (זֶענֶען) אִין דֶער פִינְסְטֶערְנֶעס. אֵיין דֶערְצִיהֶער פַאר אוּנְפֶערְ־
שְׁטֶענְדִיגֶע, אֵיין לֶעהְרֶער פַאר נִיט קֵיין דֶערְוַואקְסֶענֶע, וַוייל דוּא
הָאסְט דִּיא דֶערְקֶענְטֶענֶעס אוּן דֶעם אֱמֶת רִיכְטִיג אִין דֶער תּוֹרָה.
21 נוּן דוּא, וֶועלְכֶער דוּא אַנְדֶערְן לֶעהְרֶנְסְט, לֶעהְרֶנְסְט דִּיךְ אַלֵיין
נִיט? דוּא פְּרֶעדִיגְסְט (דַרְשָׁן'סְט) נִיט צוּ גַנָב'ענֶען, אוּן דוּא
22 גַנָב'עסְט? דוּא פֶּערְבִּיטֶעסְט נִאוּף, אוּן בִּיסְט מְנַאֵף? דוּא

פֶּערְאוּנְווִירְדִיגְסְט גֶעטְצֶענְבִּילְדֶער, אוּן בֶּערוֹיבְּסְט טֶעמְפְּלֶען
23 (בָּתֵּי מִקְדָשִׁים)? דוּא, וֶועלְכֶער דוּא בֶּערִיהמְסְט דִיךְ מִיט דֶער
24 תּוֹרָה, בִּיסְט דוּא גָאטְט מְחַלֵל דוּרְךְ אִיהר עוֹבֵר זֵיין? גָאטְטֶעס
נָאמֶען וֶוערְט דָאךְ דוּרְךְ אַייךְ צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם גֶעלֶעסְטֶערְט,
25 וִויא עֶס שְׁטֶעט גֶעשְׁרִיבֶּען. יַא מַל זֵיין זִיךְ אִיז אֵיין גוּטֶע זַאךְ,
וֶוען דוּא בִּיסְט מְקַיֵים דִיא תּוֹרָה: בִּיסְט דוּא אָבֶּער אֵיין עוֹבֵר
אוֹיף דֶער תּוֹרָה, אַזוֹי אִיז דִיר דֵיין מַל זֵיין צוּ אֵיין הֵפֶךְ גֶעוָוארְן.
26 וֶוען נוּן דֶער נִיט גֶע׳מַל׳טֶער הִיט דִיא צִדְקוֹת פָּאן תּוֹרָה, וֶועט
אִיהם דֶען נִיט זֵיין נִיט גֶע׳מַל׳ט זֵיין פַאר גֶע׳מַל׳ט צוּגֶערֶעכֶענְט
27 וֶוערֶען? יַא דֶער וֶועלְכֶער אִיז קֶערְפֶּערְלִיךְ נִיט גֶע׳מַל׳ט, וֶועלְכֶער
אִיז דִיא תּוֹרָה מְקַיֵים, וֶועט דִיךְ מִשְׁפָּט׳ן, וֶועלְכֶער דוּא מִיט דִיא
אוֹתִיוֹת (פָּאן דֶער תּוֹרָה) אוּן דָאס מַל זֵיין בִּיסְט עוֹבֵר אוֹיף דֶער
28 תּוֹרָה. אֵיין אִיד אִיז נִיט דֶער, וֶוער עֶס שֵׁיינְט פַאר דִיא אוֹיגֶען
צוּ זֵיין, מַל זֵיין אִיז עֶס נִיט, וָואס מֶען אוֹיף דֶעם פְלֵייש (לֵייבּ)
29 וֶעהט. נוּר אֵיין אִיד אִיז, דֶער וֶוער עֶס אִין פֶּערְבָּארְגֶענֶעס אִיז,
אוּן מַל זֵיין אִיז, וֶוען דָאס אִיז אִין דֶער הַארְץ גֶעשֶׁעהֶען, אִין דֶעם
גֵייסְט, נִיט נָאכְן בּוּכְשְׁטַאבּ (וִויא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען), וואוּ דֶער
שְׁבַח קוּמְט פָּאן מֶענְשֶׁען, נוּר פָּאן גָאטְט.

ג מִיט וָואס אִיז דֶער אִיד בֶּעסֶער? אָדֶער וָואס הָאט דָאס מַל
2 זֵיין פַאר אֵיין נוּצֶען? דָאךְ פִיל, אִין יֶעדֶער אוֹפֶן. צוּם עֶרְשְׁטֶען,
3 דָאס זֵיי אִיז גָאטְטֶעס רֵייד אָנְגֶעטְרוֹיט גֶעוָוארְן. אָדֶער וִויא וֶוען
עֶטְלֶעכֶע זֵיינֶען (זֶענֶען) נִיט טְרֵיי גֶעוֶועזֶען, זָאל זֵייעֶרֶע נִיט טְרֵייקֵייט
4 גָאטְטֶעס טְרֵייקֵייט מְבַטֵל זֵיין? חָלִילָה. עֶס זָאל נוּר הֵייסֶען:
גָאטְט אִיז אֶמֶת, אַלֶע מֶענְשֶׁען זֵיינֶען (זֶענֶען) לִיגְנֶער. וִויא עֶס
שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען: כְּדֵי דוּא זָאלְסְט גֶערֶעכְטְפַארְטִיגְט וֶוערְן מִיט
דֵיינֶע ווערְטֶער, אוּן זָאלְסְט רֶעכְט הָאבֶּען, וֶוען מֶען מִיט דִיר
5 שְׁטְרֵייטֶעט. וֶוען אָבֶּער אוּנְזֶערֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט שְׁטֶעלְט
פֶעסְט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט גָאטְטֶעס, וָואס זָאגֶען מִיר דֶערְצוּ?
וֶוערְט דֶען דֶערִיבֶּער גָאטְט אוּנְגֶערֶעכְט, וֶוען עֶר מִשְׁפָּט מִיט
6 צָארְן? (אִיךְ רֵייד עֶס וִויא דִיא מֶענְשֶׁען רֵיידֶען.) חָלִילָה: וֶוען
7 אַזוֹי, וִויא וֶועט דֶען גָאטְט דִיא וֶועלְט מִשְׁפָּט׳ן? יַא וֶוען אָבֶּער
גָאטְטֶעס וַואהְרְהֵייט אִיז דוּרְךְ מֵיין לִיגֶען שְׁטַארְקֶער גֶעוָוארֶען

כְּדֵי עֶר זָאל הֶערְלִיךְ וֶוערְן. פַאר וָואס דֶען זָאל אִיךְ נָאךְ
8 דַאמָאלְסְט וִויא אֵיין זִינְדֶער גֶע׳מִשְׁפָּט וֶוערֶן? קֶען עֶס דַאמָאלְסְט
נִיט גִילְטֶן, אַזוֹי וֶוערֶען מִיר גֶעלֶעסְטֶערְט אוּן פָאן אֵיין גֶעוִויסֶען
צַד בֶּעשׁוּלְדִיגְט, דָאס מִיר זָאגֶען: מִיר זָאלֶען בֵּייזֶעס טָאן, כְּדֵי
עֶס זָאל דֶערְפוּן גוּטֶעס אַרוֹיסְקוּמֶען? נוּן, יֶענֶע הָאבֶּען אִיהר פְּסַק,
9 עַל פִּי דִין. וָואס דֶען? מִיר זֵיינֶען (זֶענֶען) בֶּעסֶער פָאן זֵיי?
אֵיינֶגֶענְטְלַאךְ גָאר נִיט. דֶען מִיר הָאבֶּען שׁוֹין פְרִיהֶער פַארְקְלָאגְט
דִיא אִידֶען אַזוֹי גוּט וִויא דִיא גְרִיכֶען: דָאס זֵיי אַלֶע זֵיינֶען (זֶענֶען)
10 אוּנְטֶער דֶער זִינְד. אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען: עֶס אִיז
11 קֵיין גֶערֶעכְטֶער נִיט דָא, נִיט אֵיינֶער. עֶס אִיז קֵיין פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער
12 נִיט דָא, קֵיינֶער נִיט וֶוער נָאךְ גָאטְט פְרֶעגְט. אַלֶע הָאבֶּען
אָבְּגֶעוֵוייכְט, קֵיינֶער טוֹיג נִיט. עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט דָא, וֶוער עֶס
13 גוּטֶעס טְהוּט, אֵיינֶער אוֹיךְ נִיט. זֵייעֶר הַאלְז אִיז אֵיין אָפֶענֶער
קֶבֶר, מִיט זֵייעֶר צוּנְג נַארֶען זֵיי אָב; שְׁלַאנְגֶען גִיפְט אִיז הִינְטֶער
14 זֵייעֶרֶע לִיפֶּען. זֵייעֶר מוֹיל אִיז פוּל מִיט פְלוּךְ אוּן בִּיטֶערְקֵייט;
15 16 דִיא פִיס אֵיילֶען בְּלוּט צוּ פֶערְגִיסֶען. צוּשְׁטֶערוּנְג אוּן פַארְדַארְבֶּענֶעס
17 אִיז אוֹיף זֵייעֶרֶע וֶועגֶען; אוּן דֶעם וֶועג פָאן פְרִידֶען קֶענֶען זֵיי נִיט.
18 19 גָאטְטֶעס פוּרְכְט אִיז פַאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען נִיט דָא. מִיר וֵוייסֶען
אָבֶּער: דָאס וָואס דִיא תּוֹרָה זָאגְט, זָאגְט זִיא יֶענֶע, וֶועלְכֶע זֵיינֶען
(זֶענֶען) אִין דֶער תּוֹרָה: כְּדֵי יֶעדֶער מוֹיל זָאל פֶערְשְׁטָאפְּט וֶוערְן
20 אוּן דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט בֵּיי גָאטְט שׁוּלְדִיג זֵיין זָאל. דֶערִיבֶּער, כְּדֵי
פָאן דִיא מַעֲשִׂים פָאן דֶער תּוֹרָה זָאל פַאר אִיהם נִיט גֶערֶעכְטְ־
פַארְטִיגְט וֶוערְן, דָאס וָואס עֶס פְלֵייש הֵייסְט. דֶען דָאס וָואס
21 דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה קוּמְט, אִיז דֶערְקֶענְטֶענֶעס דֶער זִינְד. נוּן אָבֶּער
אִיז גָאטְטֶעס גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אַנְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען חוּץ דֶער תּוֹרָה,
22 בֶּעוִויזֶען גֶעוָוארֶען פָאן דֶער תּוֹרָה וִויא פָאן דִיא נְבִיאִים. דָאס
אִיז, גָאטְטֶעס גֶערֶעכְטִיגְקַייט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין יְשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ,
פַאר אַלֶעמֶען, וֶועלְכֶע גְלוֹיבֶּען. דֶען קֵיין אוּנְטֶערְשֵׁייד גִיט עֶס
23 נִיט: גֶעזִינְדִיגְט הָאבֶּען זֵיי אַלֶע אוּן עֶס פֶעהלְט זֵיי דִיא הֶערְ־
24 לִיכְקֵייט גָאטְטֶעס. זֵיי וֶועלֶען אָבֶּער גֶערֶעכְט וֶוערְן אוֹיף
גֶעשֶׁענְקְטֶער אַרְט דוּרְךְ זֵיינֶע גְנַאדֶע, דוּרְךְ דֶער אוֹיסְלֵייזוּנְג וֶועלְכֶע
25 אִיז אִין יְשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. וֶועלְכֶען גָאטְט הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר

אֵיין קָרְבַּן כַּפָּרָה דוּרְך דֶעם גְלוֹיבֶּען אָן זֵיין בְּלוּט, כְּדֵי עֶר זָאל
זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דֶערְוֵוייזֶען אִין דֶער פַאַרְגֶעבּוּנְג דֶער זִינְדֶען.
וֶועלְכֶע זֵיינֶען (זֶענֶען) פְרִיהֶער גֶעטָאן גֶעוָוארֶען אִין דִיזֶער צֵייט, 26
ווִיא גָאטְט הָאט מִיט סַבְלָנוּת גֶעפִיהְרְט אוּם צוּ בֶּעוֵוייזֶען זֵיינֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִין דֶער יֶעצְטִיגֶער צֵייט אַזוֹי: כְּדֵי עֶר זָאל גִילְטֶען
פַאר דֶעם, וֶועלְכֶער גֶערֶעכְט אִיז, אוּן וֶועלְכֶער גֶערֶעכְט מַאכְט
דֶעם, וֶוער עֶס אִיז פָאן יֵשׁוּעַ'ס גְלוֹיבֶּען. וואוּ בְּלֵייבְּט דָא דִיא 27
בֶּערִיהְמֶערֵיי? עֶס אִיז אוֹיס מִיט אִיהר. דוּרְך וָואס פַאר אֵיין
תּוֹרָה? דוּרְך אֵיין תּוֹרָה פָאן מַעֲשִׂים? נֵיין, נוּר דוּרְך דֶער תּוֹרָה
פָאן אֱמוּנָה. דֶערִיבֶּער דֶענְקֶען מִיר, דָאס דֶער מֶענְשׁ וֶוערְט 28
דוּרְך דֶעם גְלוֹיבֶּען אָן דִיא מַעֲשִׂים פָאן דֶער תּוֹרָה גֶערֶעכְטְ־
פַאַרְטִיגְט. אָדֶער אִיז גָאטְט נוּר דֶער גָאטְט פָאן אִידֶען? אִיז עֶר 29
נִיט אוֹיך פָאן דִיא גוֹיִם? יַא גֶעווִיס אוֹיך פָאן דִיא גוֹיִם. וֶוען עֶס 30
אַנְדֶערְס דָאס עֶר אֵיין גָאטְט אִיז אַזוֹי וֶועט עֶר גֶערֶעכְט מַאכֶען
דִיא גֶע'מַל'טֶע פָאן דֶעם גְלוֹיבֶּען אוּן דִיא נִיט גֶע'מַל'טֶע דוּרְך
דֶעם גְלוֹיבֶּען. קוּמְט אָבֶּער דֶערְפוּן אַרוֹיס, דָאס מִיר זֵיינֶען 31
(זֶענֶען) דִיא תּוֹרָה מְבַטֵּל דוּרְך דֶעם גְלוֹיבֶּען? חָלִילָה, נוּר מִיר
שְׁטֶעלֶען אִיהר אוֹיף.

וָואס זָאלֶען מִיר נוּן זָאגֶען פָאן אַבְרָהָם'עֶן אוּנְזֶערְן עֶלְטֶערְ־ ד
פָאטֶער וָואס הָאט עֶר נָאך דֶעם פְלֵיישׁ דֶערְגְרֵייכְט? אִין פַאל, 2
וֶוען אַבְרָהָם וָואלְט פָאן מַעֲשִׂים גֶערֶעכְטפַארְטִיגְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי
וָואלְט עֶר גֶעהַאט זִיך מִיט עֶטְוָואס צוּ בֶּערִיהְמֶען. אָבֶּער נִיט
פַאר גָאטְט: דֶען וָואס זָאגְט דִיא שְׁרִיפְט (תנ"ך)? אַבְרָהָם אָבֶּער 3
הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אָן גָאטְט, אוּן עֶס אִיז אִיהם צוּ אֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
גֶערֶעכֶנְט גֶעוָוארֶען. הַאנְדֶעלְט עֶס זִיך אוּם מַעֲשִׂים צוּ טָאן, אַזוֹי 4
וֶוערְט דֶער לוֹין נִיט צוּגֶערֶעכֶענְט פַאר אֵיינֶע גְנַאדֶע, נוּר פַאר אֵיין
חוֹב. בֵּיי דֶעם אָבֶּער, בֵּיי וֶועלְכֶען עֶס הַאנְדֶעלְט זִיך נִיט אוּם 5
זֵיינֶע מַעֲשִׂים, נוּר אוּם זֵיין אֱמוּנָה אָן דֶעם, וֶועלְכֶער רֶעכְטפַארְטִיגְט
דֶעם רָשָׁע, דֶעם וֶוערְט זֵיין גְלוֹיבֶּען פַאר אֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
גֶערֶעכֶענְט. ווִיא אוֹיך דָוִד הַאלְט דֶעם מַאן פַאר זֶעלִיג, וֶועלְכֶען 6
גָאטְט רֶעכֶענְט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אָן מַעֲשִׂים: זֶעלִיג זֵיינֶען (זֶענֶען) זֵיי, 7
וֶועלְכֶען דִיא פְּשָׁעִים זֵיינֶען פֶערְגֶעבֶּען אוּן דִיא זִינְדֶען זֵיינֶען

8 צוּגֶערֶעכְט. זֶעלִיג אִיז דֶער מַאן, וֶועלְכֶען דֶער הֶערְר זַיינֶע זִינְדֶע
9 נִיט צוּרֶעכֶענְט. נוּן דִיזֶע זֶעלִיגְפְּרַייזוּנְג, גֶעהט עֶס אוֹיף דִיא גֶע׳מַל׳טֶען
אָדֶער אוֹיך אוֹיף דִיא נִיט גֶע׳מַל׳טֶען? מִיר הַאלְטֶען זִיךְ אָן דֶעם
פָּסוּק: דֶער גְלוֹיבֶּען אִיז אַבְרָהָם׳עָן פַאר אַיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
10 גֶערֶעכֶענְט גֶעוָוארֶען. וִויא אִיז עֶס אִיהם נוּן צוּגֶערֶעכֶענְט גֶעוָוארֶען?
וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין גֶע׳מַל׳ט גֶעוֶועזֶען אָדֶער וֶוען עֶר אִיז נָאךְ נִיט
גֶע׳מַל׳ט גֶעוֶועזֶען? נִיט וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין גֶע׳מַל׳ט גֶעוֶועזֶען, נוּר וֶוען
11 עֶר אִיז נָאךְ נִיט גֶע׳מַל׳ט גֶעוֶועזֶען. אוּן דֶעם צֵייכֶען פָאן מַל זַיין
הָאט עֶר דַאמָאלְסְט מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען צוּם זִיגֶעל (חֲתִימָה) פָאן זַיינֶע
צִדְקוֹת דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען, וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶעהַאט וֶוען עֶר אִיז
נִיט גֶע׳מַל׳ט גֶעוֶועזֶען, כְּדֵי דָאס עֶר זָאל זַיין אַיין פָאטֶער פַאר
12 אַלֶעמֶען, וֶועלְכֶע גְלוֹיבֶּען נִיט גֶע׳מַל׳טֶערְהֵייט, אַזוֹי וִויא אוֹיךְ אַיין
פָאטֶער פָאן דִיא גֶע׳מַל׳טֶע, דָאס אִיז פַאר דִיא, וֶועלְכֶע נִיט נוּר
גֶע׳מַל׳ט זַיינֶען (זֶענֶען), נוּר גֶעהֶען אוֹיךְ אִין דִיא שְׁטֶעגֶען פָאן דֶעם
גְלוֹיבֶּען, וֶועלְכֶען עֶר, אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם, אֵיידֶער עֶר אִיז
13 גֶע׳מַל׳ט גֶעוֶועזֶען הָאט גֶעהַאט. דֶען דִיא הַבְטָחָה, וֶועלְכֶע אַבְרָהָם
אָדֶער זַיין זַאמֶען (זֶרַע) הָאט מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען, דָאס עֶר זָאל דִיא
וֶועלְט צוּ אַיין יְרוּשָׁה הָאבֶּען, אִיז נִיט דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה צוּזַאמֶען
גֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען, נוּר דוּרְךְ דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פָאן דֶער אֱמוּנָה.
14 זַיינֶען דִיא וֶועלְכֶע הָאבֶּען דִיא תּוֹרָה דִיא יוֹרְשִׁים, אַזוֹי אִיז עֶס מִיטְן
15 גְלוֹיבֶּען גָארְנִישְׁט, אוֹיס מִיט דֶער הַבְטָחָה. דֶען דִיא תּוֹרָה פִירְט
צוּם צָארְן; וואוּ אָבֶּער עֶס אִיז קֵיין תּוֹרָה נִיט דָא, דָא אִיז אוֹיךְ
16 קֵיינֶע עֲבֵרָה נִיט דָא. דֶערִיבֶּער זַיינֶען (זֶענֶען) עֶס דִיא פָאן דֶעם
גְלוֹיבֶּען, כְּדֵי עֶס זָאל דוּרְךְ גְנַאדֶע זַיין, כְּדֵי דִיא הַבְטָחָה זָאל פֶעסְט
זַיין פַאר דֶעם גַאנְצֶען זַאמֶען (זֶרַע), נִיט נוּר פַאר דִיא וֶועלְכֶע
זַיינֶען פָאן דֶער תּוֹרָה, נוּר אוֹיךְ פַאר דִיא וֶועלְכֶע זַיינֶען פָאן
17 אַבְרָהָם׳ס גְלוֹיבֶּען, וֶועלְכֶער אִיז אוּנְזֶער אַלֶעמֶעס פָאטֶער. (וִויא
עֶס שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען: אִיךְ הָאבּ דִיךְ צוּם פָאטֶער פָאן פִילֶע
פֶעלְקֶער גֶעשְׁטֶעלְט) פַאר דֶעם גָאטְט וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט,
וֶועלְכֶער מַאכְט לֶעבֶּעדִיג דִיא טוֹיטֶע, אוּן מַאכְט אַיין יֵשׁ (עֶטְוָואס)
18 מֵאַיִן (פָאן גָארְנִישְׁט). וֶועלְכֶער אָן אַיין הָאפֶענוּנְג צוּם הָאפֶען הָאט
דַארִינֶען גֶעגְלוֹיבְּט, דָאס עֶר וֶועט אַיין פָאטֶער פָאן פִילֶע פֶעלְקֶער

19 זַיין אִין דִיא וָוערְטֶער? אַזוֹי זָאל דַיין זָאמֶען (זֶרַע) זַיין. אוּן עֶס
הָאט זַיין גְלוֹיבֶּען נִיט גֶעשַׁאדֶעט, אֲפִילוּ וֶוען עֶר אִיז גֶעוָואר גֶעוָוארֶען
דָאס זַיין לַייבּ אִיז וִויא אָבְּגֶעשְׁטָארְבֶּען (עֶר אִיז דָאךְ גֶעוִוים
הוּנְדֶערְט יָאהר אַלְט גֶעוֶועזֶען) אוּן אוֹיךְ אַזוֹי דִיא אָבְּגֶעשְׁטָארְבֶּענְ־
20 קַייט פָאן שָׂרָה'ס מוּטֶערְלַייבּ. עֶר הָאט אָבֶּער זִיךְ נִיט גֶעלָאזֶען
21 טוֹעֶה זַיין דוּרְךְ אוּנְגְלוֹיבֶּען אִין גָאטְטֶעס הַבְטָחָה. עֶר אִיז נוּר
שְׁטַארְק אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען גֶעבְּלִיבֶּען, גָאטְט לוֹיבֶּענְדִיג אוּן פוּל
מִיט פֶערְזִיכֶערוּנְג, דָאס עֶר, וָואס עֶר הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען, קֶען עֶס
22 אוֹיךְ אוֹיסְפִּיהרֶען. דֶערִיבֶּער אִיז עֶס אִיהם אוֹיךְ פַאר אֵיינֶע
23 גֶערֶעכְטִיגְקַייט גֶערֶעכֶענְט גֶעוָוארֶען. דִיזֶעס אִיז אָבֶּער נִיט פָאן
זַיינֶעטְוֶועגֶען אַלֵיין גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, דָאס עֶס אִיז אִיהם
24 פַארֶערֶעכֶענְט גֶעוָוארֶען. נוּר אוֹיךְ פָאן אוּנְזֶערְטְוֶועגֶען, עֶס זָאל אוּנְז
פַארֶערֶעכֶענְט וֶוערְן, וֶוען מִיר גְלוֹיבֶּען אִין דֶעם, וֶועלְכֶער הָאט אוּנְזֶערְן
25 הֶערְרְן יֵשׁוּעַ'ן פָאן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעוֶועקְט. וֶועלְכֶער אִיז
אַהִינְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארְן וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען אוּן אוֹיפְגֶעוֶועקְט
גֶעוָוארְן כְּדֵי מִיר זָאלֶען גֶערֶעכְטְפַארְטִיגְט וֶוערְן.

ה דֶערִיבֶּער וַוייל מִיר זַיינֶען גֶערֶעכְטְפַארְטִיגְט גֶעוָוארְן דוּרְךְ
דֶעם גְלוֹיבֶּען לָאזֶען מִיר זִיךְ הַאלְטֶען אִין דֶעם פְרִידֶען מִיט גָאטְט
2 דוּרְךְ אוּנְזֶערְן הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. דוּרְךְ וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען
דֶעם צוּגַאנְג צוּ דִיזֶע גְנָאדֶע אִין וֶועלְכֶער מִיר שְׁטֶעהֶען דֶערְהַאלְטֶען,
אוּן לָאזֶען מִיר אוּנְז בֶּערִיהמֶען מִיט דֶער הָאפֶענוּנְג פָאן גָאטְטֶעס
3 הֶערְרְלִיכְקַייט. אָבֶּער נִיט מִיט דִיזֶעס אַלֵיין, נוּר לָאזֶען מִיר
אוּנְז אוֹיךְ בֶּערִיהמֶען מִיט דַחֲקוּת, וִויסֶענְדִיג, דָאס דַחֲקוּת וִוירְקְט
4 אוֹיס סַבְלָנוּת. סַבְלָנוּת אָבֶּער בֶּעשְׁטֶעהוּנְג (בֵּיי אֵיין נִסָּיוֹן).
5 דִיא בֶּעשְׁטֶעהוּנְג אָבֶּער הָאפֶענוּנְג, דִיא הָאפֶענוּנְג אָבֶּער לָאזְט נִיט
צוּ שַׁאנְדֶע וֶוערְן, וַוייל גָאטְטֶעס לִיבֶּע אִיז אוֹיסְגֶעגָאסֶען אִין אוּנְזֶערֶע
הֶערְצֶער, דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, וֶועלְכֶער אִיז אוּנְז גֶעגֶעבֶּען
6 גֶעוָוארֶען: אִיז דָאךְ דֶער מָשִׁיחַ אִין דֶער צַייט פָאן אוּנְזֶערֶע
7 שְׁוַואכְקַייט, פַאר רְשָׁעִים, אִין דֶעם טוֹיט גֶעגַאנְגֶען. קָאם נֶעמְט
אֵיינֶער אוֹיף זִיךְ צוּ שְׁטַארְבֶּען פַאר אֵיין צַדִיק: דָאךְ קֶען זִיךְ נָאךְ
פָארְט אֵיינֶער דַארוֹיף בֶּעשְׁלִיסֶען, פַאר אֵיינֶע גוּטֶע זַאךְ אִיז דֶעם
8 טוֹיט אַרַיין צוּ גֶעהְן. גָאטְט אָבֶּער בֶּעוַוייזְט זַיינֶע לִיבֶּע צוּ אוּנְז

דֶערְמִיט, דָאס דֶער מָשִׁיחַ אִיז פַאר אוּנְז גֶעשְׁטָארְבֶּען, וֶוען מִיר
9 זַיינֶען (וֶוענֶען) נָאךְ זִינְדֶער גֶעוֶועזֶען. מִיט וִויפִּיל מֶעהר וֶועלֶען
מִיר יֶעצְט, וֶוען מִיר זַיינֶען דוּרְךְ זַיין בְּלוּט גֶערֶעכְטְפַארְטִיגְט,
גֶערֶעטֶעט וֶוערְן דוּרְךְ אִיהם פָאן דֶעם צָארְנְגֶערִיכְט (מִשְׁפַּט
10 חָרוֹן). וֶוען מִיר זַיינֶען מִיט גָאטְט נִתְרַצָה (בַּאוִוילִיגְט) גֶעוָוארְן
דוּרְךְ דֶעם טוֹיט פָאן זַיין זָאהְן, וֶוען מִיר זַיינֶען פֵיינְד גֶעוֶועזֶען, מִיט
וִויפִּיל גֶעווִיסֶער וֶועלֶען מִיר גֶערֶעטֶעט וֶוערְן דוּרְךְ זַיין לֶעבֶּען, וֶוען
11 מִיר זֶוענֶען מְרוּצָה (בַּאוִוילִיגְטֶע). אוּן נִיט נוּר דָאס אַלֵיין, נוּר מִיר
מֶעגֶען אוּנְז אוֹיךְ מִיט גָאטְט בֶּערִיהמֶען דוּרְךְ אוּנְזֶערְן הֶערְן יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ, דוּרְךְ וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען יֶעצְט דִיא הַרְצָאָה (בַּאוִוילִיגוּנְג)
12 מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען. דֶערִיבֶּער וִויא דוּרְךְ אֵיין מֶענְשֶׁען אִיז דִיא
זִינְדֶע אִין דֶער וֶועלְט גֶעקוּמֶען אוּן דוּרְךְ דִיא זִינְדֶע דֶער טוֹיט, אוּן
דֶער טוֹיט הָאט זִיךְ אוֹיף אַלֶע מֶענְשֶׁען פַארְבְּרֵייטֶעט, וֵוייל זֵיי
13 הָאבֶּען אַלֶע גֶעזִינְדִיגְט. דֶען זִינְדֶע אִיז אִין דֶער וֶועלְט גֶעוֶועזֶען,
אוֹיךְ שׁוֹין פַאר דֶער תּוֹרָה: וֶוען אוֹיךְ זִיא אִיז נִיט גֶערֶעכֶענְט
14 גֶעוָוארְן, וֵוייל עֶס אִיז קֵיינֶע תּוֹרָה נִיט גֶעוֶועזֶען. דָאךְ הָאט דֶער
טוֹיט פָאן אָדָם'ען בִּיז מֹשֶׁה'ען גֶעהֶערְשְׁט אוֹיךְ אִיבֶּער דִיא,
וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט גֶעזִינְדִיגְט אוֹיף דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אַרְט עוֹבֵר צוּ
זַיין אוֹיף אֵיין מִצְוָה, וִויא אָדָם, וֶועלְכֶער אִיז דֶער פָארְבִּילְד (דִמְיוֹן)
15 פָאן דֶעם, וֶועלְכֶער עֶס הָאט גֶעזָאלְט קוּמֶען, גֶעוֶועזֶען. דָאךְ נֵיין,
בֵּיי דֶער מַתָּנָה פָאן דֶער גְנַאדֶע אִיז עֶס נִיט אַזוֹי וִויא בֵּיי דֶער
זִינְדֶע: זַיינֶען (וֶוענֶען) דָארְטְן גֶעשְׁטָארְבֶּען פִילֶע דוּרְךְ דֶער זִינְד
פָאן אֵיינֶעם, אַזוֹי אוֹיךְ הָאט זִיךְ גָאטְטֶעס גְנַאדֶע אוּן דֶער גֶעשֵׁיינְק
דוּרְךְ דִיא גְנַאדֶע פָאן דֶעם אֵיין מֶענְשֶׁען יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ נָאךְ גַאנְץ
16 אַנְדֶערְס אָן פִילֶע רֵייךְ בֶּעווִיזֶען; אוּן עֶס אִיז אַנְדֶערְס בֵּיי דֶער מַתָּנָה,
וִויא דָארְטְן, וואו דֶער אֵיין זִינְדֶער דִיא סִבָּה אִיז, דָארְטְן אִיז עֶס
דֶער אֵיינֶער, פָאן וֶועלְכֶענְס מִשְׁפָּט דִיא פַארְשׁוּלְדִיגוּנְג אַרוֹיסְגֶעהט:
דָא זַיינֶען עֶס פִילֶע חֲטָאִים, פָאן וֶועלְכֶע דִיא מַתָּנָה פָאן דֶער גְנַאדֶע
17 צוּם גֶערֶעכְטְוֶוערְן פִיהְרְט אַרוֹיס. הָאט דוּרְךְ דֶער זִינְד פָאן דֶעם
אֵיינֶעם דֶער טוֹיט וִויא אֵיין קֶענִיג גֶעהֶערְשְׁט אָט דוּרְךְ דֶעם אֵיינֶעם,
אַזוֹי אוֹיךְ וֶוערְן אוּמְגֶעקֶעהְרְט דִיא, וֶועלְכֶע הָאבֶּען דִיא פִילְקֵייט
פָאן דֶער גְנַאדֶע אוּן דִיא מַתָּנָה פָאן דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט מְקַבֵּל

גֶעוועזֶען, אַלײן וויא קֶענִיגֶע הֶערְרשֶׁען אִין לֶעבֶּען דוּרְך דֶעם אֵיינֶעם
18 יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. נָאך דִיזֶען זִינֶען קוּמְט עֶס אוֹיס: וויא דוּרְך אֵיין
זִינְדֶער אִיז עֶס פַאר אַלֶע מֶענְשֶׁען צוּ דֶער פַארשׁוּלְדִיגוּנְג גֶעקוּמֶען,
אַזוֹי אוֹיך דוּרְך אֵיין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט קוּמְט דִיא גֶערֶעכְטפַארְטִיגְקֵייט
19 פָאן לֶעבֶּען פַאר אַלֶע מֶענְשֶׁען. ווייל, וויא דוּרְך דֶעם נִיט גֶעהָארְכֶען
פָאן דֶעם אֵיינֶעם מֶענְשֶׁען זַיינֶען (זֶענֶען) פִילֶע וויא זִינְדֶער אַהִינְ־
גֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארְן, אַזוֹי אוֹיך דוּרְך דֶעם גֶעהָארְכֶען פָאן דֶעם אֵיינֶעם
20 וועלֶען פִילֶע וויא גֶערֶעכְטֶע אַהִינְגֶעשְׁטֶעלְט ווערְן. דִיא תּוֹרָה אָבֶּער
אִיז דָא צְווִישֶׁען אַריינְגֶעקוּמֶען, כְּדֵי דִיא זִינְדֶע זָאל פוּל ווערְן, וואוּ
אָבֶּער דִיא זִינְדֶע אִיז פוּל גֶעוָוארְן. דָא אִיז דִיא גְנַאדֶע נָאך פִיל
21 מֶעהְרֶער גֶעוָוארְן. כְּדֵי, אַזוֹי וויא דִיא זִינְדֶע הָאט גֶעהֶערְשְׁט אִין
דֶעם טוֹיט, אַזוֹי אוֹיך זָאל דִיא גְנַאדֶע הֶערְשֶׁען דוּרְך גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט צוּם עֶווִיגֶען לֶעבֶּען דוּרְך יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶערְן הֶערְרְן.
וואס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען? זָאלֶען מִיר בַּיי דֶער זִינְדֶע בְּלייבֶּען, ו
2 כְּדֵי דִיא גְנַאדֶע זָאל גְרֶעסֶער ווערְן? חָלִילָה. מִיר, ווֶעלְכֶע מִיר
זֶענֶען דֶער זִינְדֶע אָבְּגֶעשְׁטָארְבֶּען, וויאַזוֹי זָאלֶען מִיר נָאך אִין דֶער
3 זִינְדֶע לֶעבֶּען? אָדֶער ווייסְט אִיהר נִיט, דָאס מִיר אַלֶע, דִיא מִיר
זַיינֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ גֶע׳טוֹבֵל׳ט גֶעוָוארֶען, זֶענֶען גֶע׳טוֹבֵל׳ט
4 גֶעוָוארֶען אִין זַיין טוֹיט? אַזוֹי זַיינֶען מִיר מִיט אִיהם בֶּעגְרָאבֶּען
גֶעוָוארֶען, דוּרְך דֶער טְבִילָה אִין זַיין טוֹיט, כְּדֵי, וויא דֶער מָשִׁיחַ אִיז
אוֹיפְגֶעוועקְט גֶעוָוארֶען פָאן דִיא טוֹיטֶע דוּרְך דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פָאן
5 פָאטֶער, אַזוֹי זָאלֶען אוֹיך מִיר אִין אֵיין נֵייעֶן לֶעבֶּען גֶעהְן. דֶען אַזוֹי
וויא מִיר זַיינֶען אִין דֶעם בִּילְד פָאן זַיין טוֹיט אֵיינְגֶעוואַקְסֶען גֶעוָוארֶען,
6 אַזוֹי ווֶעט עֶס אוֹיך מִיט זַיין אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג גֶעשֶׁעהֶען. ווייל מִיר
ווייסֶען, דָאס אוּנְזֶער אַלְטֶער מֶענְשׁ אִיז מִיט אִיהם גֶעקְרֵייצִיגְט
גֶעוָוארֶען, כְּדֵי דֶער לֵייבּ פָאן זִינְדֶע זָאל צוּשְׁטֶערְט ווערֶען, כְּדֵי מִיר
7 זָאלֶען נִיט מֶעהר קְנֶעכְט פָאן דֶער זִינְדֶע זֵיין. דֶען ווער עֶס אִיז
8 גֶעשְׁטָארְבֶּען, דֶער אִיז בֶּעפְרֵייט פָאן דֶער זִינְדֶע. זַיינֶען מִיר מִיט
דֶעם מָשִׁיחַ גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי גְלוֹיבֶּען מִיר, דָאס מִיר ווֶעלֶען אוֹיך
9 מִיט אִיהם לֶעבֶּען. דֶען מִיר ווייסֶען, דָאס דֶער מָשִׁיחַ, נָאכְדֶעם וויא
עֶר אִיז פָאן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעוועקְט גֶעוָוארֶען, שְׁטַארְבְּט נִיט מֶעהר;
10 דֶער טוֹיט הָאט מֶעהר קֵיין מַאכְט נִיט אִיבֶּער אִיהם. דֶען זַיין

שְׁטַארְבֶּען: אִיז גֶעוועזֶען אַיין מָאל פַאר אַלֶע מָאל פָאן דֶער זִינְדֶע
11 גֶעשְׁטָארְבֶּען; זַיין לֶעבֶּען: אִיז אַיין לֶעבֶּען פַאר גָאטְט. אַזוֹי רֶעכֶענְט
אִיהר אַייך אוֹיךְ, דָאס אִיהר זֶענְט טוֹיט פַאר דֶער זִינְדֶע, אָבֶּער
12 לֶעבֶּענְדִיג פַאר גָאטְט אִין יְשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. דֶערִיבֶּער זָאל דִיא זִינְדֶע
נִיט הֶערְרְשֶׁען אִין אַייעֶרֶען שְׁטֶערְבְּלִיכֶען לֵייבּ, אִיהר זָאלְט אִיהם
13 גֶעהָארְכֶען אִין זַיינֶע תַּאֲוֹת. גִיט נִיט אַייעֶרֶע גְלִידֶער צוּ דֶער זִינְדֶע
פַאר אַיין וָואפֶען פָאן אוּמְרֶעכְט; נָאר גִיט אַייךְ אַלֵיין גָאטְט אִיבֶּער,
אַזוֹי וִויא דִיא, וֶועלְכֶע זֶענֶען פָאן טוֹיט צוּם לֶעבֶּען גֶעקוּמֶען, אוּן
14 אַייעֶרֶע גְלִידֶער פַאר אַיין וָואפֶען פָאן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ גָאטְט. דֶען
דִיא זִינְדֶע וֶועט אִיבֶּער אַייךְ קֵיין גֶעוועלְטִיגְקֵייט נִיט הָאבֶּען; דֶען
אִיהר זַייט נִיט אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה, נוּר אוּנְטֶער דֶער גְנַאדֶע.
15 וָואס דֶען? זָאלֶען מִיר זִינְדִיגֶען, וַוייל מִיר זֶענֶען נִיט אוּנְטֶער דֶער
16 תּוֹרָה, נוּר אוּנְטֶער דֶער גְנַאדֶע? חָלִילָה. וַוייסְט אִיהר דֶען נִיט,
וֶועמֶען אִיהר גִיט אַייךְ אִיבֶּער פַאר קְנֶעכְט צוּ גֶעהָארְכֶען, דֶעם זֶענְט
אִיהר פַארְשְׁרִיבֶּען פַאר קְנֶעכְט צוּ גֶעהָארְכֶען, סֵיי פָאן דֶער זִינְדֶע
צוּם טוֹיט, סֵיי פָאן דֶער גֶעהָארְכְזַאמְקֵייט צוּ דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט?
17 אָבֶּער גָאטְט צוּ דַאנְקֶען, דָאס אִיהר זַייט אֲפִילוּ גֶעוועזֶען דִיא קְנֶעכְט
פָאן דֶער זִינְדֶע, אָבֶּער אִיהר זֶענְט פָאן הַארְצֶען גֶעהָארְכְזַאם
גֶעוָוארֶען צוּם מוּסְטֶער פָאן דֶער לֶעהְרֶע, צוּ וֶועלְכֶער אִיהר זַייט
18 גֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען. דָאס אִיהר זֶענְט פָאן דֶער זִינְדֶע בֶּעפְרֵייט
19 גֶעוָוארֶען אוּן צוּ קְנֶעכְט פָאן דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט גֶעוָוארֶען. אִיךְ
רֶעדֶע אוֹיף דֶעם שְׁטֵייגֶער פָאן מֶענְשֶׁען, וֶועגֶען דֶער שְׁוַואכְקֵייט פָאן
פָאן אַייעֶר פְלֵיישׁ. אַזוֹי וִויא אִיהר הָאט אַייעֶרֶע גְלִידֶער אַהִינְגֶעגֶעבֶּען
אִין דֶעם דִינְסְט פָאן אוּנְרֵיינִיגְקֵייט אוּן עוֹבֵר צוּ זַיין דִיא עֲבֵרָה, אַזוֹי
זָאלְט אִיהר דִיזֶע גְלִידֶער אַהִינְגֶעבֶּען אִין דֶעם דִינְסְט פָאן גֶערֶעכְטִיגְ־
20 קֵייט צוּ הֵיילִיגוּנְג. דֶען וֶוען אִיהר זַייט גֶעוועזֶען קְנֶעכְט פָאן דֶער זִינְד, אַזוֹי
21 זֶענְט אִיהר פְרֵיי גֶעוועזֶען פָאן דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. וָואס הָאט אִיהר
דַאמָאלְסְט פַאר פְרוּכְט גֶעהַאט? אַזֶעלְכֶע, מִיט וֶועלְכֶע אִיהר זִיךְ
22 יֶעצְט שֶׁעמְט; וַוייל דָאס עֶנְדֶע פָאן זֵיי אִיז דֶער טוֹיט. יֶעצְט אָבֶּער,
וַוייל אִיהר זֶענְט בֶּעפְרֵייט פָאן דֶער זִינְדֶע, אוּן זַייט גָאטְטֶעס
קְנֶעכְט, הָאט אִיהר פְרוּכְט צוּ הֵיילִיגוּנְג, דֶער צִיל אָבֶּער אִיז דָאס
23 עֶוִויגֶע לֶעבֶּען. דֶען דֶער שְׂכַר פָאן דֶער זִינְדֶע אִיז דֶער טוֹיט,

אָבֶּער דִיא גְנֶעדִיגֶע מַתָּנָה פָאן גָאטְט אִיז עֶוִויגֶעס לֶעבֶּען אִין
אוּנְזֶערְן הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
ז וַוייסְט אִיהר דֶען נִיט, בְּרִידֶער (אִיךְ רֶעד דָאךְ מִיט מֶענְשֶׁען,
וֶועלְכֶע קֶענֶען דִיא תּוֹרָה) דָאס דִיא תּוֹרָה הֶערְרְשְׁט אִיבֶּער דֶעם
2 מֶענְשֶׁען, אַזוֹי לַאנְג ווִילַאנְג עֶר לֶעבְּט? דִיא פֶערְהֵייַראטֶע פְרוֹי אִיז
עַל פִּי דִין תּוֹרָה אָן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען מַאן גֶעבּוּנְדֶען; וֶוען אָבֶּער דֶער
מַאן שְׁטַארְבְּט, אַזוֹי אִיז זִיא פְרֵייא נָאךְ דֶער תּוֹרָה פָאן אִיהר מַאן.
3 דֶערִיבֶּער, וִויא לַאנְג דֶער מַאן לֶעבְּט, הֵייסְט זִיא אֵיין נוֹאֶפֶת וֶוען
זִיא הָאט אֵיין אַנְדֶערֶען מַאן; שְׁטַארְבְּט דֶער מַאן, אַזוֹי אִיז זִיא פְרֵייא
פָאן דֶער תּוֹרָה, אוּן וֶוען זִיא הָאט אֵיין אַנְדֶערֶען מַאן, אִיז זִיא שׁוֹין
4 נִיט מֶעהר קֵיין נוֹאֶפֶת. אַזוֹי אוֹיךְ זֵייט אִיהר, מֵיינֶע בְּרִידֶער,
גֶעטֵייטֶעט פַאר דֶער תּוֹרָה דוּרְךְ דֶעם לֵייבּ פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן, כְּדֵי
אֵיין אַנְדֶערֶען צוּ גֶעהֶערֶען, צוּ דֶעם, וֶועלְכֶער אִיז פָאן דִיא טוֹיטֶע
אוֹיפְגֶעוֶועקְט גֶעוָוארֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען בְּרֵיינְגֶען פְרוּכְט צוּ גָאטְט.
5 דֶען וֶוען מִיר זֶענֶען אִין פְלֵייש גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא תַּאֲוֹת פָאן
דִיא זִינְדֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה גֶעווִירְקְט אִין אוּנְזֶערֶע
6 גְלִידֶער, צוּ בְּרֵיינְגֶען פְרוּכְט פַאר דֶעם טוֹיט. נוּן אָבֶּער זֵיינֶען מִיר
פְרֵייא פָאן דֶער תּוֹרָה, וַוייל מִיר זֵיינֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען פָאן דָאס, דוּרְךְ
וָואס מִיר זֵיינֶען גֶעבּוּנְדֶען גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי דָאס מִיר נוּן דִינֶען אִין אֵיין
נֵייעֶן גֵייסְט אוּן נִיט אִין דֶעם אַלְטֶען פָאן דֶעם בּוּכְשְׁטַאבּ (אוֹת).
7 וָואס דֶען זָאלֶען מִיר זָאגֶען? אִיז דִיא תּוֹרָה אֵיין זִינְד? חָלִילָה.
אָבֶּער אִיךְ וָואלְט נִיט דֶערְקֶענְט דִיא זִינְד, וֶוען נִיט דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה.
וַוייל אִיךְ וָואלְט פָאן קֵיין תַּאֲוָה נִיט גֶעוואוּסְט, וֶוען דִיא תּוֹרָה וָואלְט
8 נִיט גֶעזָאגְט: לֹא תַחְמוֹד (דוּא זָאלְסְט נִיט גֶעלוּסְטֶען); דִיא זִינְדֶע
אָבֶּער הָאט דִיא מִצְוָה בֶּענוּצְט, אוּם אַלֶע תַּאֲוֹת אִין מִיר צוּ וֶועקֶען;
9 דֶען אָן דֶער תּוֹרָה אִיז דִיא זִינְדֶע טוֹיט. פְרִיהֶער הָאבּ אִיךְ גֶעלֶעבְּט
אָן דֶער תּוֹרָה; וִויא אָבֶּער דִיא מִצְוָה אִיז גֶעקוּמֶען, אַזוֹי אִיז דִיא
10 זִינְדֶע נֵיי בֶּעלֶעבְּט גֶעוָוארֶען, פַאר מִיר אָבֶּער דֶער טוֹיט. אוּן
אַזוֹי אִיז דִיא מִצְוָה, וָואס אִיהר צְוֶועק אִיז דָאס לֶעבֶּען, פַאר מִיר
11 צוּם טוֹיט גֶעוָוארֶען. וַוייל דִיא זִינְדֶע הָאט בֶּענוּצְט דִיא מִצְוָה, מִיךְ
12 דוּרְךְ אִיהר אָבְּצוּנַארֶען אוּן צוּ טֵייטֶען. נוּן קוּמְט עֶס אוֹיס: דִיא
13 תּוֹרָה אִיז הֵיילִיג, דִיא מִצְוָה אִיז הֵיילִיג, גֶערֶעכְט אוּן גוּט. אִיז דֶען

דָאס וָואס עֶס אִיז גוּט מִיר צוּם טוֹיט גֶעוָוארֶען? חָלִילָה. נוּר דִיא
זִינְדֶע אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען; זִיא זָאל וִויא אֵיין זִינְד אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען,
וֵוייל זִיא הָאט מִיר דוּרְך דִיא גוּטֶעס דֶעם טוֹיט אוֹיסְגֶעוִוירְקְט. כְּדֵי
14 דִיא זִינְדֶע זָאל דוּרְך דִיא מִצְוָה זֶעהר זִינְדִיג וֶוערֶען. דֶען מִיר וֵוייסֶען,
דָאס דִיא תּוֹרָה אִיז גֵייסְטְלִיך (רוּחְנִית); אִיך אָבֶּער בִּין פָאן פְלֵייש
15 (גַשְׁמִית), פַארְקוֹיפְט אוּנְטֶער דֶער זִינְדֶע. וֵוייל וָואס אִיך פִיהר
אוֹיס, וֵייס אִיך נִיט. דֶען נִיט דָאס וָואס אִיך וִויל טְהוּעֶ אִיך, נוּר
16 דָאס וָואס אִיך הָאבּ פֵיינְד, דָאס טְהוּעֶ אִיך. אוּן וֶוען אִיך טְהוּעֶ
דָאס אָבֶּער גֶעגֶען מֵיין ווִילֶען, אַזוֹי בִּין אִיך מוֹדֶה, דָאס דִיא תּוֹרָה
17 אִיז גוּט; דַאמָאלְסְט אָבֶּער בִּין אִיך עֶס נִיט, וֶועלְכֶער פִיהְרְט אוֹיס,
18 נוּר דִיא זִינְדֶע טְהוּט עֶס, וֶועלְכֶע אִין מִיר וֵויינְט. אִיך וֵוייס, דָאס
אִין מִיר, דָאס הֵייסְט אִין מֵיין פְלֵייש, וֵויינְט קֵיין גוּטֶעס נִיט. וֵוייל
אִיך הָאבּ דֶעם ווֶעלֶען, אָבֶּער דִיא אוֹיסְפִיהְרוּנְג פָאן גוּטֶעס הָאבּ
19 אִיך נִיט. דֶען דִיא גוּטֶעס, וָואס אִיך ווִיל, טְהוּעֶ אִיך נִיט, נוּר
20 דָאס בֶּעזֶע, וָואס אִיך ווִיל נִיט, דָאס טְהוּעֶ אִיך. וֶוען אִיך אָבֶּער
דָאס טְהוּעֶ, וָואס אִיך ווִיל נִיט, אַזוֹי בִּין נִיט אִיך עֶס שׁוֹין מֶעהר,
וֶועלְכֶער עֶס פִיהְרְט עֶס אוֹיס, נוּר דִיא זִינְדֶע טְהוּט עֶס, וֶועלְכֶע
21 אִין מִיר וֵויינְט. דֶערִיבֶּער גֶעפִין אִיך אֵיין גֶעזֶעץ, אוּנְטֶער וֶועלְכֶען
אִיך שְׁטֶעה: דָאס וֶוען אִיך ווִיל גוּטֶעס טָאן, אַזוֹי אִיז דָאס בֶּעזֶע
22 אִין מִיר פַארַאן. דֶען נָאךְ מֵיין אִינֶעוֵוייניגְסְטֶען מֶענְשֶׁען נָאךְ בִּין
23 אִיך מִיט פְרֵייד מַסְכִּים צוּ גָאטְטֶעס תּוֹרָה. אָבֶּער אִיך זֶעה אֵיין
אַנְדֶער גֶעזֶעץ אִין מֵיינֶע גְלִידֶער, וֶועלְכֶעס שְׁטְרֵייט אַנְטְקֶעגֶען דֶעם
גֶעזֶעץ פָאן מֵיין שֵׂכֶל אוּן זֶעצְט מִיךְ גֶעפַאנְגֶען אִין דֶעם גֶעזֶעץ פָאן
24 דֶער זִינְדֶע, וֶועלְכֶעס אִיז אִין מֵיינֶע גְלִידֶער. אָה, אִיך אוּנְגְלִיקְלִיכֶער
25 מֶענְשׁ, וֶוער וֶועט מִיר דֶערְלֵייזֶען פָאן דֶעם לֵייבּ פָאן טוֹיט? אִיך
דַאנְק גָאטְט דוּרְךְ אוּנְזֶערֶען הֶערְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. עֶס אִיז אַזוֹי:
אִיךְ פַאר מִיר דִינֶע מִיט מֵיין פַארְשְׁטַאנְד גָאטְטֶעס תּוֹרָה, מִיט
דֶעם פְלֵייש אָבֶּער דֶעם גֶעזֶעץ פָאן דֶער זִינְדֶע.

ח דֶערִיבֶּער אִיז עֶס יֶעצְט קֵיין פַאר׳מִשְׁפָּט׳וּנְג מֶעהר נִיט דָא
פַאר דִיא, וֶועלְכֶע עֶס זֵיינֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, פַאר דִיא, וֶועלְכֶע
2 גֶעהֶען נִיט נָאךְ דֶעם פְלֵייש, נוּר נָאךְ דֶעם גַייסְט. וֵוייל דָאס
גֶעזֶעץ פָאן דֶעם גֵייסְט פָאן לֶעבֶּען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ הָאט מִיךְ

פְרַײ גֶעמַאכְט פָאן דֶעם גֶעזֶעץ פָאן דֶער זִינְדֶע אוּן פָאן דֶעם טוֹיט.
3 דֶען וָואס דִיא תּוֹרָה הָאט נִיט גֶעקֶענְט, וַוייל זִיא אִיז שְׁוַואךְ
גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ דָאס פְלֵייש, הָאט גָאטְט, דוּרְךְ דֶעם וָואס עֶר הָאט
זַיין זָאהְן גֶעשִׁיקְט אִין דֶעם גֶעשְׁטַאלְט פָאן זִינְדִיגֶען פְלֵייש אוּן פָאן
4 וֶועגֶען דֶער זִינְדֶע, דִיא זִינְדֶע אִין פְלֵייש פַאר'מִשְׁפָּט. כְּדֵי דִיא
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פָאן דֶער תּוֹרָה זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען אִין אוּנְז,
ווִיבַּאלְד מִיר נִיט גֶעהֶען נָאךְ דֶעם פְלֵייש, נוּר נָאךְ דֶעם גֵייסְט.
5 וַוייל וֶוער נָאךְ דֶעם שְׁטֵייגֶער פָאן פְלֵייש אִיז, דֶער זוּכְט דָאס
פְלֵיישְׁס צִיל, וֶוער נָאךְ דֶעם שְׁטֵייגֶער פָאן גֵייסְט אִיז, דֶער זוּכְט
6 דֶעם גֵייסְטְס צִיל. וַוייל דִיא גֶעזִינוּנְג פָאן דֶעם פְלֵייש אִיז דֶער
7 טוֹיט, דִיא גֶעזִינוּנְג פָאן גֵייסְט אָבֶּער אִיז לֶעבֶּען אוּן פְרִידֶען; וַוייל
דִיא גֶעזִינוּנְג פָאן דֶעם פְלֵייש אִיז אֵיין פֵיינְדְשַׁאפְט אַנְטְקֶעגֶען גָאטְט;
וַוייל עֶס אִיז נִיט אוּנְטֶערְטֶעניג גָאטְטֶעס תּוֹרָה, אוּן זִיא קֶען עֶס
8 אוֹיךְ נִיט; וֶוער עֶס אִין דֶעם פְלֵייש (וִויא) אִין דֶער הֵיים אִיז, קֶען
9 גָאטְט נִיט גֶעפֶעלֶען. אִיהר אָבֶּער זַייט נִיט אִין דֶעם פְלֵייש (וִויא)
אִין דֶער הֵיים, נוּר אִין גֵייסְט, וֶוען גָאטְטֶעס גֵייסְט וַויינְט אִין
אֶמֶת'עֶן אִין אַייךְ: וֶוער אָבֶּער דֶעם גֵייסְט פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן נִיט
10 הָאט, דֶער אִיז נִיט זַיינֶער. אִיז אָבֶּער דֶער מָשִׁיחַ אִין אַייךְ, אַזוֹי
אִיז דֶער לֵייבּ טוֹיט, פָאן דֶער זִינְדֶע וֶועגֶען, דֶער גֵייסְט אָבֶּער,
11 לֶעבֶּענְדִיג, פָאן דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. וַויינְט אָבֶּער דֶעם גֵייסְט
אִין אַייךְ, דֶער וָואס הָאט יֵשׁוּעַ'ן פָאן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעוֶועקְט, אַזוֹי
וֶועט עֶר, דֶער וָואס הָאט דֶעם מָשִׁיחַ'ן פָאן דִיא טֵייטֶע אוֹיפְגֶעוֶועקְט,
אוֹיךְ אֵייעֶרֶע שְׁטֶערְבְּלִיכֶע לֵייבֶּער דוּרְךְ זַיין גֵייסְט וָואס וַויינְט
12 אִין אַייךְ לֶעבֶּענְדִיג מַאכֶען. דֶערִיבֶּער, בְּרִידֶער, זֶענֶען מִיר
שׁוּלְדִיג נִיט דֶעם פְלֵייש, דָאס מִיר זָאלֶען לֶעבֶּען נָאךְ דֶעם פְלֵייש.
13 דֶען וֶוען אִיהר לֶעבְט נָאךְ דֶעם פְלֵייש, אַזוֹי וֶועט אִיהר שְׁטַארְבֶּען.
וֶוען אָבֶּער אִיהר טֵייטֶעט דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט דִיא מַעֲשִׂים פָאן אֵייעֶר
14 לֵייבּ, אַזוֹי וֶועט אִיהר לֶעבֶּען. וַוייל אַלֶע, וֶועלְכֶע עֶס וֶוערֶען
15 דוּרְךְ גָאטְטֶעס גֵייסְט גֶעפִיהרְט, דִיא זַיינֶען גָאטְטֶעס קִינְדֶער. דֶען
אִיהר הָאט נִיט מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען דֶעם גֵייסְט פָאן קְנֶעכְטְשַׁאפְט,
אִיהר זָאלְט ווִידֶער דַארְפֶען מוֹרָא הָאבֶּען, נוּר אֵיין גֵייסְט פָאן
קִינְדֶער הָאט אִיהר מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען, דוּרְךְ וֶועלְכֶען מִיר רוּפֶען:

16 אַבָּא, פָּאטֶער. דֶער גֵייסְט אַלֵיין זָאגְט עֵדוּת מִיט אוּנְזֶערֶען גֵייסְט,
17 דָאס מִיר זֶענֶען דִיא קִינְדֶער גָאטְטֶעס. זֵיינֶען מִיר אָבֶּער קִינְדֶער,
אַזוֹי זֶענֶען מִיר אוֹיךְ יוֹרְשִׁים: יוֹרְשִׁים פָּאן גָאטְט (זֵיין נַחֲלָה), אוּן
שׁוּתְּפוּת׳עֶ יוֹרְשִׁים מִיט דֶעם מָשִׁיחַ, וֶוען מִיר מִיט אִיהם לֵיידֶען,
18 כְּדֵי מִיר זָאלֶען אוֹיךְ מִיט אִיהם פֶערְהֶערְלִיכְט וֶוערֶען. וֵוייל
אִיךְ הַאלְט, דָאס דִיא לֵיידֶען פָאן יֶעצְט זֵיינֶען נִיט וֶוערְט (פַאר־
גְלֵייכְט צוּ וֶוערֶען) אַנְטְקֶעגֶען דִיא הֶערְלִיכְקֵייט, וֶועלְכֶע עֶס וֶועט
19 לֶעָתִיד אִין אוּנְז אַנְפְּלֶעקְט וֶוערֶען. דֶען דִיא וַוארְטֶענְדִיגֶע הָאפֶענוּנְג
פָאן דֶער בֶּעשֶׁעפֶּענֶעס וַוארְט אוֹיף דִיא אַנְפְּלֶעקוּנְג פָאן דִיא
20 קִינְדֶער גָאטְטֶעס. דֶען דִיא בֶּעשֶׁעפֶּענֶעס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּם
פַארְגֶעהְן אוּנְטֶערְגֶעוָוארְפֶען, נִיט מִיט אִיהרֶעם ווִילֶען, נוּר אוּם
זֵיין ווִילֶען, דֶער וֶוער עֶס הָאט אִיהר אוּנְטֶערְגֶעוָוארְפֶען אוֹיף דֶער
21 הָאפֶענוּנְג. דָאס אוֹיךְ זִיא, דִיא בֶּעשֶׁעפֶּענֶעס, וֶועלְכֶע דִינְט צוּ דֶער
פַארְדַארְבֶּענֶעס, זָאל בֶּעפְרֵייט וֶוערֶען צוּ דֶער פְרֵייקֵייט פָאן דֶער
22 הֶערְלִיכְקֵייט פָאן דִיא קִינְדֶער גָאטְטֶעס. וֵוייל מִיר וֵוייסֶען, דָאס
דִיא גַאנְצֶע בֶּעשֶׁעפֶּענֶעס צוּזַאמֶען זִיפְצְט אוּן אִיז אִין שְׁרֶעקֶען בִּיז
23 יֶעצְט. אוּן נִיט נוּר דָאס, נוּר אוֹיךְ מִיר אַלֵיין, וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען
דִיא עֶרְשְׁטֶע מַתָּנָה פָאן דֶעם גֵייסְט, זִיפְצֶען אִין זִיךְ אַלֵיין אִין דֶער
דֶערְוַוארְטוּנְג אוּנְזֶער רֶעכְט פָאן קִינְדֶער, דִיא אוֹיסְלֵייזוּנְג פָאן
24 אוּנְזֶער לֵייבּ. דֶען דוּרְךְ דִיא הָאפֶענוּנְג זֵיינֶען מִיר גֶערֶעטֶעט,
הָאפֶענוּנְג אָבֶּער, וֶועלְכֶע מֶען זֶעהְט, אִיז קֵיינֶע הָאפֶענוּנְג נִיט. דֶען
דָאס וָואס מֶען זֶעהְט, צוּ וָואס זָאל מֶען עֶס דַארוֹיף הָאפֶען?
25 הָאפֶען מִיר אָבֶּער אוֹיף דָאס, וָואס מִיר נִיט זֶעהֶען, אַזוֹי וַוארְטֶען
26 מִיר דַארוֹיף מִיט גֶעדוּלְד. דָאס גְלֵייכֶען אָבֶּער הֶעלְפְט אוֹיךְ דֶער
גֵייסְט אוּנְזֶערֶע שְׁוַואכְקֵייטֶען. דֶען מִיר וֵוייסֶען נִיט רִיכְטִיג וָואס
מִיר זָאלֶען מִתְפַּלֵל זֵיין; דָא קוּמְט דֶער גֵייסְט אַלֵיין אַרֵיין אוּן
27 בֶּעט מִיט זִיפְצֶען, וֶועלְכֶע מֶען קֶען נִיט אוֹיסְרֶעדֶען. דֶער אָבֶּער,
וֶועלְכֶער דִיא הֶערְצֶער פָארְשְׁט אוֹיס, וֵוייס וָואס דֶער גֵייסְט ווִיל,
28 וֵוייל עֶר בֶּעט נָאךְ גָאטְטֶעס ווִילֶען פַאר דִיא הֵיילִיגֶע. מִיר
וֵוייסֶען אָבֶּער, דָאס יֶענֶע, וֶועלְכֶע גָאטְט לִיבֶּען, הֶעלְפְט גָאטְט אִין
אַלְץ צוּם בֶּעסְטֶען, צוּ דִיא וָואס זֵיינֶען נָאךְ זֵיין פָארְהֶערִיגֶען ווִילֶען
29 גֶערוּפֶען. וֵוייל דִיא, וֶועלְכֶע עֶר הָאט פָאן פְרִיהֶער דֶערְקֶענְט,

הָאט עֶר אוֹיךְ פָאן פְרִיהֶער בֶּעשְׁטִימְט, דָאס זֵיי זָאלֶען גְלֵייךְ זֵיין
צוּ זֵיין זָאהְנְס בִּילְד, כְּדֵי עֶר דֶער בְּכוֹר זָאל צְווִישֶׁען פִילֶע בְּרִידֶער
זֵיין. װֶעלְכֶע אָבֶּער עֶר הָאט פָאן פְרִיהֶער בֶּעשְׁטִימְט, יֶענֶע הָאט 30
עֶר אוֹיךְ גֶערוּפֶען, אוּן װֶעלְכֶע עֶר הָאט גֶערוּפֶען, הָאט עֶר אוֹיךְ
גֶערֶעכְט גֶעמַאכְט, אוּן װֶעלְכֶע עֶר הָאט גֶערֶעכְט גֶעמַאכְט, הָאט
עֶר אוֹיךְ הֶערְרְלִיךְ גֶעמַאכְט. וָואס זָאלֶען מִיר נוּן דֶערְצוּ זָאגֶען? 31
אִיז גָאטְט פַאר אוּנְז, װֶער אִיז אַנְטְקֶעגֶען אוּנְז? דֶער װֶעלְכֶער הָאט 32
זֵיין אֵייגֶענֶעם זָאהְן נִיט פַארְשׁוֹינְט, נוּר עֶר הָאט אִיהם פַאר אוּנְז
אַלֶעמֶען אַהִינְגֶעגֶעבֶּען, וִויא אַזוֹי זָאל עֶר אוּנְז מִיט אִיהם נִיט אַלְץ
שֶׁענְקֶען? װֶער וִויל קְלָאגֶען אַנְטְקֶעגֶען דִיא אוֹיסְדֶערְװֶעלְטֶע 33
גָאטְטֶעס? גָאטְט אִיז דָא צוּם גֶערֶעכְטְמַאכֶען. װֶער װֶעט 34
פַארְמִשְׁפָּט'ן? עֶס אִיז דָא דֶער מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ, װֶעלְכֶער אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען, נָאךְ מֶעהר עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, װֶעלְכֶער אִיז צוּ
דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד גָאטְטֶעס, אוּן בֶּעט פַאר אוּנְז. װֶער װֶעט 35
אוּנְז שֵׁיידֶען פָאן דֶער לִיבֶּע פָאן דֶעם מָשִׁיחַ? צָרוֹת אָדֶער דַחֲקוֹת
אָדֶער רְדִיפָה אָדֶער הוּנְגֶער אָדֶער נַאקֶעטְקֵייט אָדֶער סַכָּנָה אָדֶער
שְׁװֶערְד? אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען: פָאן דֵיינֶעטְװֶעגֶען 36
װֶערֶען מִיר גֶעטֵייטֶעט דֶעם גַאנְצֶען טָאג, מִיר זֶענֶען אָנְגֶעזֶעהֶען
אַזוֹי וִויא שָׁאף צוּם שְׁלַאכְטֶען. אָבֶּער אִין דָאס אַלְץ זֵיינֶען מִיר 37
מְנַצֵחַ דוּרְךְ דֶעם, װֶעלְכֶער הָאט אוּנְז גֶעלִיבְּט. דֶען אִיךְ בִּין 38
זִיכֶער, דָאס נִיט דֶער טוֹיט, אוּן נִיט דֶער לֶעבֶּען, נִיט מַלְאָכִים אוּן
נִיט מֶמְשָׁלוֹת, נִיט דֶער יֶעצְט אוּן נִיט דֶער שְׁפֶּעטֶער אוּן נִיט
װֶעלְכֶע גְבוּרוֹת, נִיט הוֹיךְ אוּן טִיפֶענֶעס אוּן קֵיין אַנְדֶערֶע 39
בֶּעשֶׁעפֶענֶעס װֶעט אוּנְז קֶענֶען שֵׁיידֶען פָאן גָאטְטֶעס לִיבֶּע, װֶעלְכֶע
אִיז אִין אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.

אִיךְ רֶעד דֶעם אֱמֶת אִין מָשִׁיחַ'ן, אוּן זָאג קֵיין לִיגֶען נִיט, מֵיין ט
גֶעװִיסֶען זָאגְט עֶס מִיר עֵדוּת אִין דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ. װֶען אִיךְ זָאג, דָאס 2
אִיךְ טְרָאג שְׁטֶענְדִיג אֵיין גְרוֹיסֶען טְרוֹיעֶר אוּן אֵיין שְׁמֶערְץ אִין מֵיין
הַארְצֶען. אִיךְ װִינְשׁ מִיר דָאךְ לִיבֶּער צוּ זֵיין אִין חֵרֶם פָאן דֶעם 3
מָשִׁיחַ'ן אֵיין טוֹבָה צוּ טָאן דִיא קְרוֹבִים פָאן מֵיין אָבְּשְׁטַאמוּנְג
מֵיינֶע בְּרִידֶער נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ. װֶעלְכֶע זֵיינֶען יִשְׂרְאֵלִים, װֶעלְכֶע 4
עֶס גֶעהֶערְט דִיא קִינְדְשַׁאפְט (מַעֲלַת הַבָּנִים) אוּן דִיא הֶערְרְלִיכְקֵייט,

דִיא (כְּרִיתַת) בְּרִיתוֹת, דִיא גֶעבּוּנְג פָאן דֶער תּוֹרָה, דִיא עֲבוֹדָה
5 אוּן דִיא הַבְטָחוֹת. זֵייעֶרֶע זֶענֶען דִיא אָבוֹת פָאן וֶועלְכֶע עֶס
שְׁטַאמְט אָבּ דֶער מָשִׁיחַ נָאךְ דֶעם פְלֵייש, וֶועלְכֶער אִיז דֶער
גָאטְט, וָואס אִיז אִיבֶּער אַלֶעמֶען, עֶר זָאל זֵיין גֶעלוֹיבְּט אִין עֶוִויגְקֵייט.
6 אָמֵן. אָבֶּער עֶס זָאל נִיט אוֹיסְקוּמֶען, אַזוֹי וִויא אִיךְ מֵיין, דָאס
גָאטְטֶעס וָוארְט אִיז בָּטֵל גֶעוָוארֶען, (חָלִילָה). נוּר נִיט אַלֶע
אָבֶּער, וֶועלְכֶע שְׁטַאמֶען אָבּ פָאן דִיא יִשְׂרָאֵל, זֵיינֶען יִשְׂרְאֵלִים.
7 אוֹיךְ זֵיינֶען זֵיי נִיט דֶערִיבֶּער, וֵוייל זֵיי זֵיינֶען אַבְרָהָם'ס זָאמֶען
(קִינְדֶער). נוּר: וֶוער עֶס גֶעהֶערְט צוּ יִצְחָק'ן זָאל דֵיין זָאמֶען
8 הֵייסֶען (כִּי בְיִצְחָק יִקָּרֵא לְךָ זָרַע). דָאס אִיז: נִיט דִיא פָאן
פְלֵייש זֵיינֶען קִינְדֶער גָאטְטֶעס, נוּר דִיא קִינְדֶער פָאן דֶער הַבְטָחָה
9 זֵיינֶען גֶערֶעכֶענְט פַאר דֶעם זָאמֶען. דֶען דֶער וָוארְט פָאן דֶער
הַבְטָחָה אִיז: לַמּוֹעֵד אָשׁוּב וּלְשָׂרָה בֵּן, (צוּ דִיזֶער צֵייט וֶועל אִיךְ
10 קוּמֶען אוּן שָׂרָה וֶועט הָאבֶּען אֵיין זָאהְן). אוּן נִיט נוּר דָא, נוּר אַזוֹי
אִיז עֶס אוֹיךְ בֵּיי רִבְקָה'ן, וֶועלְכֶע אִיז דָאךְ פָאן אֵיין מַאן מְעוּבֶּרֶת
11 גֶעוָוארֶען, פָאן אוּנְזֶער פָאטֶער יִצְחָק'ן. אֵיידֶער זֵיי זֵיינֶען נָאךְ גֶעבָּארֶען
גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען נָאךְ נִיט קֵיין גוּטֶעס אָדֶער בֶּעזֶעס גֶעטָאהן, כְּדֵי
אָבֶּער עֶס זָאל בְּלֵייבֶּען נָאךְ גָאטְטֶעס אוֹיסְדֶערְוֶוויילוּנְג (בְּחִירָה), נִיט
12 דוּרְךְ מַעֲשִׂים, נוּר אִין גַאנְצֶען דוּרְךְ זֵיין בֶּערוּפוּנְג. אַזוֹי אִיז אִיהְר
גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען: וְרַב יַעֲבוֹד צָעִיר, (דֶער עֶלְטֶערֶער וֶועט דִינֶען
13 דֶעם אִינְגֶערֶען). אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען: יַעֲקֹב'ן הָאבּ אִיךְ
14 גֶעלִיבְּט אוּן עֵשָׂו'ן הָאבּ אִיךְ פֵיינְד גֶעהַאט. וָואס זָאלֶען מִיר
15 דֶערְצוּ זָאגֶען? אִיז עֶס פָאן גָאטְט אֵיין אוּנְרֶעכְט? חָלִילָה. וֵוייל עֶר
הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה'ן: אִיךְ וֶועל גְנֶעדִיג זֵיין, וֶועמֶען אִיךְ וֶועל וֶועלֶען
גְנֶעדִיג זֵיין, אוּן וֶועל מִיךְ דֶערְבַּארֶעמֶען, אִיבֶּער וֶועמֶען אִיךְ וֶועל
16 וֶועלֶען זִיךְ דֶערְבַּארֶעמֶען. אַזוֹי וֶוענְט עֶס זִיךְ נִיט אָן קֵיינֶעמְס וֶועלֶען
17 אָדֶער לוֹיפֶען, נוּר אָן גָאטְטֶעס דֶערְבַּארֶעמֶען. זָאגְט דָאךְ דִיא
שְׁרִיפְט (תנ"ך) צוּ פַּרְעֹה: דֶערְצוּ הָאבּ אִיךְ דִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט,
כְּדֵי אִיךְ זָאל אָן דִיר מֵיין מַאכְט בֶּעוֵוייזֶען, אוּן מֵיין נָאמֶען זָאל
18 דֶערְצֵיילְט וֶוערֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד. קוּמְט עֶס אוֹיס, דָאס
וֶועמֶען עֶר וִויל, אִיבֶּער דֶעם דֶערְבַּארֶעמְט עֶר זִיךְ, אוּן וֶועמֶען עֶר
19 וִויל, דֶעם פַארְאַכְטֶעט עֶר. זָאגְסְט דוּא מִיר: וָואס אִיז עֶר

דַאמָאלְסְט שוּלְדִיג? ווֶער קֶען דֶען אַנְטְקֶעגֶען זַיין ווִילֶען זִיךְ שְׁטֶעלֶען?
20 אָבֶּער אָה, דוּא מֶענְשׁ! ווֶער בִּיסְט דוּא דֶען, דָאס דוּא זָאלְסְט מִיט
גָאטְט שְׁטְרַייטֶען? דַארְף דֶען דָאס ווֶערְק צוּם מֵייסְטֶער זָאגֶען:
21 פַאר וָואס הָאסְט דוּא מִיךְ גְרָאד אַזוֹי גֶעמַאכְט? הָאט דֶען נִיט דֶער
טֶעפֶּער מַאכְט אִיבֶּער דֶעם לֵיים, דָאס עֶר זָאל פָּאן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
לֵיים אֵיין כְּלִי מַאכֶען צוּ עֶהרֶען (כָּבוֹד) אוּן אֵיין אַנְדֶערֶע צוּ אֵיין
22 שֶׁענְדְלִיכֶע (כְּלִי) צוּ מַאכֶען? ווֶען אָבֶּער גָאטְט הָאט גֶעוָואלְט זַיין
צָארֶען בֶּעווַייזֶען, אוּן צוּ ווִיסֶען טָאן זַיין מַאכְט, הָאט עֶר מִיט גְרוֹיסֶע
גֶעדוּלְד פַארְטְרָאגֶען דִיא כֵּלִים פָּאן צָארֶען, ווֶעלְכֶע זַיינֶען אָנְגֶעגֶע־
23 בְּרַייט צוּם פַארְדֶערְבֶּענֶעס. כְּדֵי עֶר זָאל מַאכֶען ווִיסֶען דִיא
רַייכְקַייט פָאן זַיין הֶערְלִיכְקַייט אִיבֶּער דִיא כֵּלִים פָאן דֶער
בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקַייט, ווֶעלְכֶע עֶר הָאט אָן גֶעבְּרַייט צוּ הֶערְלִיכְ־
24 קַייט. ווֶעלְכֶע עֶר הָאט גֶערוּפֶען, דָאס אִיז, נִיט נוּר פָאן דִיא אִידֶען
25 אַלֵיין, נוּר אוֹיךְ פָאן דִיא גוֹיִם? ווִיא עֶר אוֹיךְ אִין הוֹשֵׁעַ זָאגְט: אִיךְ ווֶעל
רוּפֶען מֵיין פָאלְק, וָואס נִיט מֵיין פָאלְק אִיז גֶעווֶעזֶען, אוּן מֵיין גֶעלִיבְּטֶעס,
26 ווֶעלְכֶעס זַיינֶען נִיט מֵיין גֶעלִיבְּטֶעס גֶעווֶעזֶען. אוּן עֶס ווֶעט גֶעשֶׁעהֶען
אוֹיף דֶעם אָרְט, וָואס מֶען הָאט גֶעזָאגְט: אִיהר זֶענְט נִיט מֵיין פָאלְק,
27 ווֶעלֶען זַיי דִיא קִינְדֶער פָאן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאטְט הֵייסֶען. יְשַׁעְיָהוּ
רוּפְט אוֹיף דִיא יִשְׂרָאֵל: ווֶען דֶער צָאל פָאן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
ווֶעט אֲפִילוּ זַיין ווִיא דִיא זַאמְד בֵּיים יַם, אַזוֹי ווֶעט אֵיין אִיבֶּערְ־
28 בְּלַייבּוּנְג גֶערֶעטֶעט ווֶערֶען. דֶען זַיין וָוארְט ווֶעט דֶער הֶערְר
29 אוֹיסְפִירֶען אוּן אִין קוּרְצֶען פַאלֶענְדֶען אוֹיף דֶער עֶרְד. אַזוֹי ווִיא
אוֹיךְ יְשַׁעְיָהוּ הָאט פְרִיהֶער גֶעזָאגְט: ווֶען דֶער הֶערְר צְבָאוֹת וָואלְט
קֵיין זַאמֶען נִיט אִיבֶּער גֶעלָאזֶען, אַזוֹי וָואלְטֶען מִיר ווִיא סְדוֹם
30 גֶעוָוארֶען אוּן גְלַייךְ צוּ עֲמוֹרָה גֶעווֶעזֶען. וָואס זָאלֶען מִיר נוּן זָאגֶען?
דָאס דִיא גוֹיִם, ווֶעלְכֶע הָאבֶּען נָאךְ גֶערֶעכְטִיגְקַייט נִיט נָאכְגֶעזוּכְט,
הָאבֶּען גֶערֶעכְטִיגְקַייט דֶערְהַאלְטֶען, דָאס אִיז דִיא גֶערֶעכְטִיגְקַייט
31 פָאן דֶער אֱמוּנָה. יִשְׂרָאֵל אָבֶּער, ווֶעלְכֶעס הָאט נָאכְגֶעזוּכְט דֶעם
גֶעזֶעץ פָאן דֶער גֶערֶעכְטִיגְקַייט, הָאט צוּם גֶעזֶעץ פָאן דֶער
32 גֶערֶעכְטִיגְקַייט נִיט דֶערְלַאנְגְט. פַאר וָואס? ווַייל זַיי הָאבֶּען זִיא
נִיכְט גֶעזוּכְט פָאן דֶעם גְלוֹיבֶּען, נוּר פָאן דִיא מַעֲשִׂים. ווַייל זַיי
33 הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטוֹיסֶען אָן דֶעם שְׁטֵיין פָאן אָנְשְׁטוֹיסוּנְג. אַזוֹי ווִיא

עֶס שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען: זֶעה אִיךְ לֵייג אִין צִיוֹן אֵיין שְׁטֵיין פָאן
אָנְשְׁטוֹיסוּנְג, אוּן אֵיין פֶעלְז פָאן עֶרְגֶער וֶוערֶען; אוּן וֶוער אָן אִיהם
גְלוֹיבְּט וֶועט נִיט צוּ שַׁאנְדֶע וֶוערֶען.
י בְּרִידֶער, עֶס אִיז דֶער ווּאוּנְשׁ פָאן מֵיין הַארְצֶען אוּן מֵיין גֶעבֶּעט
2 צוּ גָאטְט, דָאס דִיא יִשְׂרָאֵל זָאלֶען זֶעלִיג (גֶעהָאלְפֶען) וֶוערֶען. דֶען
אִיךְ זָאג אוֹיף זֵיי עֵדוּת, דָאס זֵיי זֵיינֶען קַנָאִים פָאן גָאטְטֶעס וֶועגֶען
3 אָבֶּער אָן שֵׂכֶל. גָאטְטֶעס גֶערֶעכְטִיגְקֵייט זֵיינֶען זֵיי נִיט מוֹדֶה אוּן
בֶּעמִיהֶען זִיךְ זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ דִיא
4 גֶערֶעכְטִיגְקֵייט גָאטְטֶעס נִיט אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען. וֵוייל דֶער מָשִׁיחַ
אִיז דֶער עֶנְדֶע פָאן דֶער תּוֹרָה, כְּדֵי יֶעדֶערֶען, וֶוער עֶס גְלוֹיבְּט,
5 צוּ דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ בְּרֵיינְגֶען. דֶען מֹשֶׁה, שְׁרֵייבְּט פָאן דֶער
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, וֶועלְכֶע אִיז פָאן דֶער תּוֹרָה: דֶער מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער
6 אִיהר טְהוּט, דֶער וֶועט דוּרְךְ אִיהר לֶעבֶּען. דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
פָאן דֶעם גְלוֹיבֶּען אָבֶּער זָאגְט אַזוֹי: דוּא זָאלְסְט אִין דֵיין הַארְצֶען
נִיט זָאגֶען: וֶוער וֶועט צוּם הִימֶעל אַרוֹיפְגֶעהְן? דָאס אִיז, כְּדֵי דֶעם
7 מָשִׁיחַ אַרוּנְטֶער צוּ בְּרֵיינְגֶען. אָדֶער וֶוער וֶועט אִין תְּהוֹם אַרוּנְטֶער־
גֶעהְן? דָאס כְּדֵי דֶעם מָשִׁיחַ'ן פָאן דִיא טוֹיטֶע אַרוֹיפְצוּבְּרֵיינְגֶען.
8 וָואס זָאגְט זִיא מֶעהְרֶער? דֶער וָוארְט אִיז נָאהֶענְט: אִין דֵיין מוֹיל
אוּן אִין דֵיין הַארְצֶען, דָאס אִיז דֶער וָוארְט פָאן דֶער אֱמוּנָה,
9 וֶועלְכֶע מִיר זָאגֶען אָן. דָאס אִיז: וֶוען דוּא וֶועסְט מִיט דֵיין מוֹיל
מוֹדֶה זֵיין, דָאס יֵשׁוּעַ אִיז דֶער הֶערְר, אוּן אִין דֵיין הַארְצֶען גְלוֹיבְּסְט,
דָאס גָאטְט הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פָאן דִיא טוֹיטֶע, אַזוֹי וֶועסְט דוּא
10 גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. וֵוייל מִיט דֶעם הַארְצֶען גְלוֹיבְּט מֶען צוּ
11 גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, מִיט דֶעם מוֹיל אִיז מֶען מוֹדֶה צוּ זֶעלִיגְקֵייט. דֶען
דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט: יֶעדֶערֶער וֶוער עֶס גְלוֹיבְּט אִין אִיהם וֶועט נִיט
12 צוּ שַׁאנְדֶע וֶוערֶען. עֶס אִיז דָאס קֵיין אוּנְטֶערְשֵׁייד נִיט צְווִישֶׁען
אִידֶען אוּן גְרִיכֶען. אֵיינֶער אוּן דֶערְזֶעלְבִּיגֶער אִיז אַלֶעמֶעס הֶערְר,
13 וֶועלְכֶער אִיז רֵייךְ פַאר אַלֶעמֶען, וֶועלְכֶע אִיהם רוּפֶען אָן. דֶען
יֶעדֶערֶער וֶוער דֶעם נָאמֶען פָאן דֶעם הֶערְרְן רוּפְט אָן, דֶער וֶועט
14 גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. אָבֶּער וִויא זָאלֶען זֵיי אִיהם אָנְרוּפֶען, וֶוען זֵיי
זֶענֶען צוּ זֵיין גְלוֹיבֶּען נִיט גֶעקוּמֶען? וִויא זָאלֶען זֵיי גְלוֹיבֶּען, וֶוען
15 זֵיי הָאבֶּען פָאן אִיהם נִיט גֶעהֶערְט? וִויא הָאבֶּען זֵיי גֶעקֶענְט הֶערֶען

אָן אָנְזָאגֶער? וִויא קֶען מֶען אָנְזָאגֶען וֶוען מֶען אִיז נִיט גֶעשִׁיקְט
גֶעוָוארֶען? אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען: וִויא שֶׁען זֶענֶען דִיא
טְרִיט פָאן דִיא, וֶועלְכֶע זָאגֶען אָן שָׁלוֹם, וֶועלְכֶע בְּרֵיינְגֶען גוּטֶע
בְּשׂוּרוֹת. אָבֶּער זֵיי הָאבֶּען נִיט אַלֶע צוּ גֶעהֶערְט דִיא גוּטֶע בְּשׂוּרָה, 16
דֶען יְשַׁעְיָהוּ זָאגְט: הֶערְר, וֶוער הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אוּנְזֶער אָנְזָאגֶען?
דֶערִיבֶּער קוּמְט דֶער גְלוֹיבֶּען פָאן דֶעם אָנְזָאגֶען, דֶער אָנְזָאגֶען אָבֶּער 17
דוּרְךְ גָאטְטֶעס וָוארְט. אִיךְ זָאג אָבֶּער: הָאבֶּען זֵיי דֶען נִיט 18
גֶעהֶערְט? גֶעוִויס. עֶס אִיז אִיהר שְׁטִימְמֶע אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דָאס
גַאנְצֶע לַאנְד, אוּן אִיהרֶע וֶוערְטֶער בִּיז דִיא עֶנְדֶען פָאן דֶער וֶועלְט.
אִיךְ זָאג אָבֶּער: הָאט עֶס יִשְׂרָאֵל נִיט בֶּעמֶערְקְט? צוּם עֶרְשְׁטֶען 19
זָאגְט מֹשֶׁה: אִיךְ וֶועל אַייךְ בְּרֵיינְגֶען צוּ קִנְאָה אוֹיף אֵיין פָאלְק,
וֶועלְכֶעס עֶס אִיז נִיט (קֵיין פָאלְק), אוּן דֶערְצַארְנֶען אִיבֶּער אֵיין
אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיגֶעס פָאלְק. יְשַׁעְיָהוּ אָבֶּער רֶעט פְרֵייא אַרוֹיס: אִיךְ 20
הָאבּ מִיךְ גֶעלָאזֶען גֶעפִינֶען פָאן דִיא, וֶועלְכֶע הָאבֶּען מִיךְ נִיט גֶעזוּכְט;
אִיךְ הָאבּ מִיךְ בַּאוִויזֶען צוּ דִיא, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נָאךְ מִיר נִיט
גֶעפְרֶעגְט. צוּ דִיא יִשְׂרָאֵל אָבֶּער זָאגְט עֶר: דֶעם גַאנְצֶען טָאג הָאבּ 21
אִיךְ מֵיינֶע הֶענְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט צוּ אֵיין נִיט גֶעהָארְכְזַאמֶעס אוּן
וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶעס פָאלְק.

נוּן פְרֶעג אִיךְ: הָאט גָאטְט זֵיין פָאלְק פַארְשְׁטוֹיסֶען? חָלִילָה, דֶען יא
אִיךְ בִּין אַלֵיין דָאךְ אֵיין יִשְׂרָאֵל פָאן אַבְרָהָם׳ס זַאמֶען אוּן פָאן שֵׁבֶט
בִּנְיָמִין. גָאטְט הָאט זֵיין פָאלְק נִיט פַארְשְׁטוֹיסֶען, וֶועלְכֶעס עֶר הָאט 2
צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעקֶענְט. וֵויסְט אִיהר דֶען נִיט, וָואס דִיא שְׁרִיפְט
דוּרְךְ אֵלִיָהוּ זָאגְט, וִויא עֶר קֶעהרְט זִיךְ צוּ גָאטְט וֶועגֶען דִיא יִשְׂרָאֵל
מִיט דִיא וֶוערְטֶער: הֶערְר, זֵיי הָאבֶּען דֵיינֶע נְבִיאִים גֶעטֵייטֶעט, אוּן 3
הָאבֶּען דֵיינֶע מִזְבְּחוֹת צוּשְׁטֶערְט, אוּן אִיךְ בִּין נָאךְ אַלֵיין אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּען; אוּן זֵיי זוּכֶען מֵיין לֶעבֶּען? אָבֶּער וָואס אִיז אִיהם 4
גֶעעֶנְטְפֶערְט גֶעוָוארֶען? אִיךְ הָאבּ מִיר אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען זִיבֶּען טוֹיזֶענְד
מַאן, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט גֶעקְנִיט צוּם בַּעַל. אַזוֹי אִיז אוֹיךְ יֶעצְט 5
פַארַאן אֵיין אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג נָאךְ דֶער אוֹיסְדֶערְוֵוייְלוּנְג פָאן דֶער
גְנַאדֶע. אִיז עֶס דוּרְךְ גְנַאדֶע, אַזוֹי אִיז עֶס נִיט מֶעהר דוּרְךְ מַעֲשִׂים, 6
וֶוען נִיט, אַזוֹי אִיז דִיא גְנַאדֶע מֶעהר קֵיין גְנַאדֶע נִיט. אִיז עֶס אָבֶּער
דוּרְךְ מַעֲשִׂים, אַזוֹי אִיז עֶס נִיט מֶעהר דוּרְךְ גְנַאדֶע, וֶוען נִיט, אַזוֹי

7 זֵיינֶען דִיא מַעֲשִׂים קֵיין מַעֲשִׂים נִיט. וֶואס דֶען? וָואס יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶעזוּכְט, דָאס הָאט עֶר נִיט דֶערְלַאנְגְט; דִיא אוֹיסְדֶערְוֶוילְטֶען
אָבֶּער הָאבֶּען עֶס דֶערְלַאנְגְט, דִיא אִיבֶּערִיגֶע זֶענֶען פֶערְהַארְטֶעט
8 גֶעוָוארֶען. אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען: גָאטְט הָאט זֵיי
גֶעגֶעבֶּען אֵיין גֵייסְט פֶון פַארְשְׁלֶעפֶערוּנְג, אוֹיגֶען צוּם נִיט זֶעהֶן,
9 אוֹיעֶרֶען צוּם נִיט הֶערֶען, בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג. אוּן דָוִד זָאגְט,
זֵייעֶר טִישׁ זָאל פַאר זֵיי וֶוערֶען צוּ אֵיין נֶעץ צוּ אֵיין שְׁטְרוֹיכְלוּנְג
10 אוּן צוּ אֵיין בֶּעצָאהלוּנְג. זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זָאלֶען פִינְסְטֶער וֶוערֶען זֵיי
זָאלֶען נִיט זֶעהֶען, אוּן מֶען זָאל זֵיי דֶעם רוּקֶען אַרָאבְּבֵּייגֶען אוֹיף
11 עֶוִויג. נוּן זָאג אִיךְ: אִיז עֶס דֶען גֶעוֶועזֶען דֶער צְוֶועק פֶון זֵייעֶר
שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען פַאלֶען? חָלִילָה. נוּר דוּרְךְ זֵייעֶר פַאלֶען
קוּמְט אֵיין הִילְף פַאר דִיא גוֹיִם, כְּדֵי זֵיי אַלֵיין צוּ מַאכֶען פַאר בַּעֲלֵי
12 מְקַנְאִים. וֶוען אָבֶּער זֵייעֶר פַאל מַאכְט רֵייךְ דִיא וֶועלְט, וֶוען זֵייעֶר
צוּרִיקְבְּלֵייבֶּען דִיא גוֹיִם רֵייךְ מַאכְט, וִויא פִיל מֶעהְר (אֵיין פְּשִׁיטָא
13 שׁוֹין) זֵייעֶר גַאנְצֶער אַרֵיינְגֶעהֶן. אַייךְ גוֹיִם אָבֶּער זָאג אִיךְ: וַוייל
אִיךְ בִּין אֵיין אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) צוּ דִיא גוֹיִם, וִויל אִיךְ מֵיין דִינְסְט
14 לוֹיבֶּען. וֶוען אִיךְ וָואלְט גֶעקֶענְט דִיא, וֶועלְכֶע זֵיינֶען פֶון מֵיין
15 פְלֵיישׁ פַאר בַּעֲלֵי מְקַנְאִים מַאכֶען אוּן אֵיינִיגֶע פֶון זֵיי רֶעטֶען. אִיז
זֵייעֶר פַארְוַוארְפוּנְג צוּ אֵיין פֶערְזֶעהנוּנְג (הִתְרַצוּת, אִיבֶּערְבֶּעטֶען)
פַאר דֶער וֶועלְט גֶעוָוארֶען; וָואס וֶועט דָאס ווִידֶער אָנְגֶעהמֶען פֶון
16 זֵיי זֵיין אַנְדֶערְס וֶוען נִיט לֶעבֶּען פֶון טוֹיט? וֶוען דֶער אָנְפַאנְג אִיז
הֵיילִיג, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער טֵייג הֵיילִיג. וֶוען דֶער וָוארְצֶעל אִיז
17 הֵיילִיג, אַזוֹי זֵיינֶען עֶס אוֹיךְ דִיא צְוַוייגֶען. וֶוען אָבֶּער אֵיינִיגֶע פֶון
דִיא צְוַוייגֶען זֶענֶען אוֹיסְגֶעבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען, אוּן דוּא, וָואס דוּא
בִּיסְט אֵיין ווִילְדֶער אֵיילְבּוֹים גֶעוֶועזֶען, בִּיסְט אוֹיף אִיהם אֵיינְ־
גֶעפְּרָאפְּט (אֵיינְגֶעזֶעצְט) גֶעוָוארֶען אוּן הָאסְט אֵיין טֵייל בֶּעקוּמֶען
18 אִין דִיא וָוארְצֶלֶען אִין דִיא פֶעטְקַייט פֶון דֶעם אֵיילְבּוֹים, אַזוֹי הַאלְט
דִיךְ נִיט גְרוֹיס אַנְטְקֶעגֶען דִיא צְוַוייגֶען. אָבֶּער וֶוען דוּא הַאלְסְט
דִיךְ גְרוֹיס, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא ווִיסֶען, דָאס נִיט דוּא טְרָאגְסְט דִיא
19 וָוארְצֶלֶען, נוּר דִיא וָוארְצֶלֶען טְרָאגֶען דִיךְ. דוּא וֶועסְט אוֹיף
דֶערוֹיף עֶנְטְפֶערֶען: דִיא צְוַוייגֶען זֵיינֶען אוֹיסְגֶעבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען,
20 כְּדֵי אִיךְ זָאל אֵיינְגֶעפְּרָאפְּט (אֵיינְגֶעזֶעצְט) וֶוערֶען. גוּט! זֵיי זֶענֶען

אוֹיסגֶעבְּרָאכֶען פַאר דֶעם נִיט גְלוֹיבֶּען: אָבֶּער דוּא שְׁטֶעהסְט, וואו
דוּא בִּיסְט, דוּרְך דֶעם גְלוֹיבֶּען. זַיי נִיט שְׁטָאלְץ, נוּר בֶּעדֶענְק עֶס
21 מִיט פָארְכְט. דָאס וֶוען גָאטְט הָאט דִיא נַאטִירְלִיכֶע צְוַוייגֶען נִיט
22 פַארְשׁוֹינְט, אַזוֹי וֶועט עֶר אוֹיך דִיךְ נִיט פַארְשׁוֹינֶען. דֶערִיבֶּער וֶועה
דִיא גוּטְקֵייט אוּן דִיא שְׁטְרֵיינְגְקֵייט גָאטְטֶעס. זַיין שְׁטְרֵיינְגְקֵייט
גֶעגֶען דִיא, ווֶעלְכֶע זַיינֶען אָבְּגֶעפַאלֶען; זַיין גוּטְקֵייט גֶעגֶען דִיךְ, וֶוען
דוּא אִין דֶער גוּטְקֵייט פַארְבְּלֵייבְּסְט; וֶוען נִיט וֶועסְט דוּא אוֹיךְ
23 אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען ווֶערֶען. אָבֶּער אוֹיך זַיי, וֶוען זַיי וֶועלֶען נִיט בְּלֵייבֶּען
אִין אוּמְגְלוֹיבֶּען, ווֶעלֶען זַיי אֵיינְגֶעפְּרָאפְּט ווֶערֶען. דֶען גָאטְט קֶען
24 זַיי אוֹיךְ ווִידֶער אֵיינְפְּרָאפֶּען. וֶוען דוּא בִּיסְט אוֹיסְגֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען
פָאן דֶעם נַאטִירְלִיכֶען ווִילְדֶען אֵיילְבּוֹים אוּן בִּיסְט גֶעגֶען דֶער נַאטוּר
אִין אֵיין עֶדֶעלֶען אֵיילְבּוֹים אֵיינְגֶעפְּרָאפְּט גֶעוָוארֶען, ווִיא פִיל מֶעהֶר
(אֵיין פְּשִׁיטָה שׁוֹין) וֶועלֶען דִיזֶע נַאטִירְלִיכֶע צְוַוייגֶען, אִין זַייעֶרֶען
בּוֹים פָאן ווֶעלְכֶען זַיי שְׁטַאמֶען אָבּ קֶענֶען אֵיינְגֶעפְּרָאפְּט ווֶערֶען!
25 אִיךְ ווִיל פָאן אַייךְ, מֵיינֶע בְּרִידֶער, דִיזֶען סוֹד נִיט פֶערְהֶעלֶען, כְּדֵי
אִיהר זָאלְט זִיךְ נִיט הַאלְטֶען פַאר חֲכָמִים, דָאס בְּלִינְדְהֵייט אִיז
יִשְׂרָאֵלִ'ים חֵלֶק אָנְגֶעקוּמֶען, בִּיז דִיא פוֹלְקֵייט (דֶערְפִילוּנְג) פָאן דִיא
26 גוֹיִם וֶועט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען זַיין. דַאמָאלְסְט וֶועט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל
גֶערֶעטֶעט ווֶערֶען, ווִיא עֶס שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען: פָאן צִיּוֹן וֶועט
קוּמֶען דֶער דֶערְלֵייזֶער, אוּן וֶועט אָבְּוֶוענְדֶען דִיא גָאטְטְלָאזִיגְקֵייט
27 פָאן יַעֲקֹב'ן. אוּן דָאס אִיז מֵיין בּוּנְד (בְּרִית) מִיט זַיי וֶוען אִיךְ וֶועל
28 אַוֶועקְנֶעהמֶען זַייעֶרֶע זִינְד. אַזוֹי זֶענֶען זַיי נָאךְ דֶעם דֶרֶךְ פָאן דָאס
עֶוַואנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוּרָה טוֹבָה) נָאךְ פַיינְד פָאן אֵייעֶרְט ווֶעגֶען, אָבֶּער
נָאךְ דֶער אוֹיסְדֶערְוֶוייְלוּנְג (בְּחִירָה) נָאךְ גֶעלִיבְּטֶע ווֶעגֶען דִיא אָבוֹת.
29 ווייל גָאטְטֶעס גְנֶעדִיגֶע מַתָּנוֹת אוּן רוּפוּנְגֶען קֶענֶען נִיט פַארְעֶנְדֶערְט
30 ווֶערֶען. אַזוֹי ווִיא אִיהר הָאט אַמָאל גָאטְט נִיט גֶעהָארְכְט, יֶעצְט
אָבֶּער הָאט אִיהר דֶערְבַּארֶעמוּנְג דֶערְגְרֵייכְט דוּרְךְ זַייעֶרֶען נִיט
31 גֶעהָארְכְזַאמְקֵייט. אַזוֹי זֶענֶען זַיי אוֹיךְ יֶעצְט נִיט גֶעהָארְכְזַאם
גֶעוָוארֶען, כְּדֵי זַיי זָאלֶען דוּרְךְ דִיא דֶערְבַּארֶעמְקֵייט, ווֶעלְכֶע אִיהר
32 הָאט גֶעפוּנֶען, אוֹיךְ דֶערְבַּארֶעמְט ווֶערֶען. גָאטְט הָאט זַיי אַלֶעמֶען
אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען אִין נִיט גֶעהָארְכְזַאמְקֵייט, כְּדֵי עֶר זָאל זִיךְ אִיבֶּער
33 זַיי אַלֶעמֶען דֶערְבַּארֶעמֶען. אָה ווִיא טִיף אִיז דִיא רֵייכְקֵייט פָאן

דֶער חָכְמָה אוּן וִויסֶענְשַׁאפְט פָאן גָאטְט! וִויא מֶען קֶען נִיט דֶערְ־
34 פָארְשֶׁען זַיינֶע מִשְׁפָּטִים אוּן דֶערְגְרִינְדֶען זַיינֶע וֶועגֶען! דֶען וֶוער
הָאט דֶערְקֶענְט דֶעם זִינֶען פָאן הֶערְרְן? אָדֶער וֶוער אִיז זַיין בַּעַל
35 יוֹעֵץ גֶעוֶועזֶען? אָדֶער וֶוער הָאט אִיהם עֶטְוָואס פְרִיהֶער גֶעגֶעבֶּען,
36 דָאס עֶס זָאל אִיהם דַארְפֶען צוּרִיק אָבְּגֶעצָאהלְט וֶוערֶען? דֶען פָאן
אִיהם אוּן דוּרְך אִיהם אוּן צוּ אִיהם זַיינֶען אַלֶע זַאכֶען; צוּ אִיהם
אִיז דִיא הֶערְרְלִיכְקֵייט אִין עֶווִיגְקֵייט. אָמֵן.
יב דֶערִיבֶּער זָאג אִיך אֵייך אָן, בְּרִידֶער, בֵּיי דֶער בַּארֶעמְהֶערְצִיגְ־
קֵייט פָאן גָאטְט, דָאס אִיהר זָאלְט אֵייעֶרֶע לֵייבֶּער מַקְרִיב זַיין פַאר
אֵיין לֶעבֶּענְדִיגֶען, הֵיילִיגֶען אוּן גֶעפֶעלִיגֶען קָרְבָּן צוּ גָאטְט, וֶועלְכֶעס
2 אִיז אֵייעֶר פַארְשְׁטֶענְדִיגֶער דִינְסְט צוּ גָאטְט. אוּן אָרְדֶענְט נִיט אֵיין
אֵייעֶרֶען לֶעבֶּען גְלֵייך וִויא דִיזֶע וֶועלְט, נוּר פַארֶענְדֶערְט אֵייך
דוּרְך בֶּענַייאוּנְג פָאן אֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען, כְּדֵי אִיהר זָאלְט דֶערְפַאר
דֶערְגְרֵייכֶען דֶעם גֶעפִיהל, וָואס גָאטְטֶעס ווִילֶען אִיז: גוּטֶעס,
3 גֶעפֶעלִיגֶעס אוּן פָאלְקָאמְמֶענֶעס (שְׁלֵמוּת). אַזוֹי וֵוייז אִיך דוּרְך דִיא
גְנַאדֶע, וֶועלְכֶע מִיר אִיז גֶעגֶעבֶּען, יֶעדֶערֶען פָאן אֵייך אָן, דֶעם זִינֶען
נִיט הוֹיכְצוּהַאלְטֶען מֶעהר וִויא עֶס בֶּעדַארְף צוּ זַיין, נוּר זַיין
גֶעדַאנְקֶען הַאלְטֶען מִיט בֶּעזִינוּנְג, נָאך דֶער מָאס פָאן גְלוֹיבֶּען, וִויא
4 עֶס גָאטְט יֶעדֶערֶען גֶעגֶעבֶּען הָאט. דֶען אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען אִין
אֵיין לֵייבּ פִילֶע גְלִידֶער, דִיא אַלֶע גְלִידֶער אָבֶּער זַייעֶרֶע בֶּעזוּנְדֶערֶע
5 ווִירְקוּנְגֶען. אַזוֹי בִּילְדֶען מִיר צוּזַאמֶען אֵיין לֵייבּ אִין דֶער מָשִׁיחַ'ן, דִיא
6 אֵיינְצִיגֶע אָבֶּער גֶעהֶערֶען צוּ אֵיינַאנְדֶער וִויא גְלִידֶער. אָבֶּער אוֹיסְ־
גֶערִיכְט מִיט פַארְשֵׁיידֶענֶע מַתָּנוֹת, נָאך דֶער גְנַאדֶע, וֶועלְכֶע עֶס אִיז
אוּנְז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען. אִיז עֶס נְבוּאָה: זָאל עֶס זַיין נָאך דֶער מָאס פָאן
7 דֶעם גְלוֹיבֶּען. אִיז עֶס דִינְסְט: זָאל עֶס זַיין נָאך דֶער דִינְסְט; וֶוער
8 עֶס לֶעהְרְנְט: זָאל עֶס זַיין אִין דֶער לֶעהְרֶע. וֶוער עֶס פַארְזָאגְט
(שְׁטְרָאפְט): זָאל עֶס זַיין אִין דֶער דֶערְמָאנוּנְג; וֶוער עֶס גִיט: לָאז
גֶעבֶּען מִיט תְמִימוּת (רֵיינֶעם הַארְצֶען); וֶוער עֶס אִיז אֵיין מַנְהִיג:
זָאל עֶס טָאן מִיט פְלֵייסִיגְקֵייט (זְרִיזוּת); טְהוּט וֶוער בַּארֶעמְהֶערְצִיגְ־
9 קֵייט: זָאל עֶר עֶס טָאן מִיט לוּסְט. לָאז אֵייעֶר לִיבֶּע אָן פַאלְשְׁקֵייט
10 זַיין! בֶּעזֶעס פַארְאוּמְווִירְדִיגֶען, צוּ גוּטֶעס זִיך בַּאהֶעפְטֶען! פַארְ־
אֵיינִיגְט זִיך אִין דֶער לִיבֶּע אוּנְטֶער אֵיינַאנְדֶער יֶעדֶער זָאל דֶעם

11 אַנְדֶערֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען כָּבוֹד אָבְּגֶעבֶּען! זַייט נִיט פוֹילֿ, אִין וָואס
12 אִיהר דַארְפְט טָאן. זֶענְט הֵייס אִין גֵייסְט! דִינְט דֶעם הֶערְרְן, פְרֵייט
אַייך אִין דֶער הָאפֶענוּנְג, זֵייט גֶעדוּלְדִיג (סַבְלָנִים) אִין אֵיין צָרָה, זֵייט
13 שְׁטֶענְדִיג מִתְפַּלֵל! הֶעלְפְט דִיא הֵיילִיגֶען אִין דֶער נוֹיט, בֶּעמִיהט
14 אַייך אִין הַכְנָסַת אוֹרְחִים! בֶּענְשְׁט דִיא וֶועלְכֶע אַייך רוֹדֵפ'ֶען;
15 בֶּענְשְׁט, אוּן נִיט פְלוּכְט! פְרֵייט אַייך מִיט פְרֵיילִיכֶע, וֵויינְט מִיט
16 וֵויינֶענְדִיגֶע! הָאט אֵיין זִינֶען אוּנְטֶער אֵיינַאנְדֶער. טְרַאכְט נִיט נָאךְ
הוֹיכֶע זַאכֶען. נוּר לָאזְט אַייךְ אַרָאבּ צוּ דִיא נִידֶערִיגֶע. הַאלְט זִיךְ
17 נִיט פַאר חֲכָמִים! בֶּעצָאלְט קֵיינֶעם נִיט מִיט בֶּעזֶען פַאר בֶּעזֶעס,
טְרַאכְטֶעט שְׁטֶענְדִיג צוּ טָאן דָאס, וָואס עֶס אִיז עֶדֶעל פַאר אַלֶע
18 מֶענְשֶׁען! וֶוען עֶס אִיז מִיגְלַאךְ, וִויא וֵוייט עֶס וֶוענְדֶעט זִיךְ אָן אַייךְ,
19 לֶעבְּט אִין פְרִידֶען מִיט אַלֶע מֶענְשֶׁען. גֶעלִיבְּטֶע, נֶעמְט אַלֵיין קֵיין
נְקָמָה נִיט! נוּר לָאזְט אֵיין אָרְט פַאר (גָאטְטֶעס) צָארֶען. דֶען עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען: דִיא נְקָמָה אִיז מֵיינֶע, אִיךְ וֶועל בֶּעצָאהלֶען,
20 זָאגְט דֶער הֶערְר גָאטְט. אָבֶּער בֶּעסֶער, וֶוען דֵיין פַיינְד הוּנְגֶערְט,
אַזוֹי גִיבּ אִיהם צוּ עֶסֶען; דָארְשְׁטֶעט אִיהם, אַזוֹי טְרֶענְק אִיהם אָן;
וֶוען דוּא טְהוּסְט עֶס, אַזוֹי וֶועסְט דוּא אוֹיף זֵיין קָאפְּף שַׁארֶען
21 פֵייֶערִיגֶע קוֹילֶען. לָאז דִיךְ נִיט פָאן דִיא בֶּעז בֵּייקוּמֶען, נָאר קוּם
בֵּיי דִיא בֶּעז מִיט גוּטֶעס.

יג יֶעדֶער מַאן זָאל זֵיין אוּנְטֶערְטֶענִיג דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע מַאכְט
(מֶמְשָׁלָה), וֵוייל עֶס אִיז קֵיין מֶמְשָׁלָה דָא, וֶועלְכֶע זִיא זָאל נִיט זֵיין
2 פָאן גָאטְט; וואוּ זִיא אִיז דָא, אִיז זִיא פָאן גָאטְט גֶעשְׁטֶעלְט. וֶוער
עֶס אִיז מוֹרֵד אָן דֶער מֶמְשָׁלָה, דֶער טְהוּט גֶעגֶען גָאטְטֶעס בֶּעפֶעהל;
3 דִיא מוֹרְדִים אָבֶּער וֶועלֶען זֵייֶערֶען מִשְׁפָּט מְקַבֵּל זֵיין. דִיא
הֶערְרְשֶׁער זֶענֶען נִיט דָא, דָאס מֶען זָאל זִיךְ שְׁרֶעקֶען פַאר גוּטֶע
מַעֲשִׂים, נוּר פָאן בֶּעזֶע. ווִילְסְט קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען פַאר דֶער
רֶעגִירוּנְג (מֶמְשָׁלָה)? אַזוֹי טְהוּ גוּטֶעס, אוּן דוּא וֶועסְט פָאן אִיהר
4 גֶעלוֹיבְּט וֶוערֶען. דֶען זִיא אִיז גָאטְטֶעס דִינֶערִין פַאר דִיךְ צוּם גוּטֶען.
טְהוּסְט אָבֶּער בֶּעזֶעס, דַאמָאלְסְט הָאבּ מוֹרָא; דֶען זִיא טְרָאגְט נִיט
אוּמְזִיסְט דֶעם שְׁוֶוערְד. זִיא אִיז גָאטְטֶעס גֶעהִילְף, זִיא אִיז זִיךְ נוֹקֵם
5 אָן דֶעם, וֶוער עֶס טְהוּט בֶּעזֶעס. דֶערִיבֶּער אִיז עֶס גֶעבָּאטֶען, אִיהר
מַכְנִיעַ צוּ זֵיין זִיךְ. נִיט נוּר וֶועגֶען דֶעם שְׁטְרַאף, נוּר אוֹיךְ וֶועגֶען

6 דֶעם גֶעוִויסֶען. דֶערִיבֶּער זָאלְט אִיהר אוֹיךְ דִיא אָבְגַאבֶּען (מַסִים)
אָבְגֶעבֶּען; דֶען זֵייא זֵיינֶען גָאטְטֶעס דִינֶער, וֶועלְכֶע נוּר דֶערְצוּ
7 אָנְגֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען. גִיט צוּ יֶעדֶערֶען וָואס עֶר הָאט צוּ מָאנֶען,
אָבְגַאבֶּען וֶועמֶען דִיא אָבְגַאבֶּען גֶעהֶערֶען, צָאלְל וֶועמֶען דֶער צָאלְל
גֶעהֶערְט, מוֹרָא וֶועמֶען דִיא מוֹרָא גֶעהֶערְט, כָּבוֹד וֶועמֶען דֶער
8 כָּבוֹד גֶעהֶערְט. אִיהר זָאלְט קֵיינֶעם נִישְׁט שׁוּלְדִיג בְּלֵייבֶּען,
אוֹיסֶער אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען צוּ לִיבֶּען. וֶוער זֵיין חַבֵר לִיבְּט, דֶער
9 הָאט מְקַיֵים גֶעוֶועזֶען דִיא תּוֹרָה. דֶען דָאס וָואס עֶס אִיז גֶעזָאגְט:
דוּא זָאלְסְט נִיט מְנַאֵף זֵיין, נִיט טֵייטֶען, נִיט גַנָבִ'נֶען, נִיט גֶעלוּסְטֶען,
אוּן אַלֶע וֵוייטֶערֶע גֶעבָּאט זֵיינֶען צוּזַאמֶענְגֶעפַאסְט (נִכְלָל) אִין דִיזֶע
10 ווערְטֶער: דוּא זָאלְסְט דֵיין חַבֵר לִיבֶּען וִויא זִיךְ אַלֵיין. דִיא לִיבֶּע
טְהוּט דֶעם חַבֵר קֵיין בֶּעזֶעס נִיט, אַזוֹי אִיז אִין דֶער לִיבֶּע דִיא גַאנְצֶע
11 תּוֹרָה נִכְלָל. אוּן דָאס טְהוּט, וֵוייל מִיר וֵוייסֶען דִיא צֵייט, דָאס
דִיא שְׁטוּנְדֶע אִיז דָא, פָאן שְׁלָאף אוֹיף צוּ וַואכֶען; דֶען דִיא רֶעטוּנְג
אִיז אוּנְז נֶעהְנְטֶער, אֵיידֶער מִיר הָאבֶּען אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ גְלוֹיבֶּען.
12 דִיא נַאכְט אִיז פַארְגַאנְגֶען, דֶער טָאג אִיז אָנְגֶעקוּמֶען. אַזוֹי לָאזֶען מִיר
אַוֶעקְלֶעגֶען דִיא וֶוערְקֶע פָאן דֶער פִינְסְטֶערְנֶעס אוּן אָנְטָאן דִיא
13 וָואפֶען פָאן דֶעם לִיכְט. לָאזֶען מִיר אַזוֹי וִויא בֵּיי טָאג אָנְשְׁטֶענְדִיג
גֶעהְן, נִיט מִיט פְרֶעסֶען אוּן זוֹיפֶען, נִיט מִיט זְנוּת אוּן צוּלָאזֶענְקֵייט,
14 נִיט מִיט מַחֲלוֹקֶת אוּן קִנְאָה. נוּר קְלֵיידֶעט זִיךְ אָן דֶעם הֶערְן
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּן דֶערְנֶעהְרְט נִיט אֵייעֶרֶען לֵייבּ אוֹיף תַּאֲוֹת.
יד דֶעם וָואס אִיז שְׁוַואךְ אִין דֶער אֱמוּנָה נֶעמְט אִיהם אוֹיף, אָבֶּער
2 נִיט כְּדֵי זֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען צוּ מִשְׁפָּט'ן. אֵיינֶער גְלוֹיבְּט, עֶר מֶעג
אַלֶץ עֶסֶען, דֶער אַנְדֶערֶער אִיז אָבֶּער שְׁוַואךְ אוּן אִיז צוּפְרִידֶען
3 מִיט קְרֵייטֶער (יְרָקוֹת). וֶוער עֶס עֶסְט, זָאל נִיט פַארְאַכְטֶען
דֶעם, וֶועלְכֶער נִיט עֶסְט. וֶוער עֶס נִיט עֶסְט זָאל נִיט מִשְׁפָּט'ן
4 דֶעם, וֶועלְכֶער עֶסְט; דֶען גָאטְט הָאט אִיהם אָנְגֶענוּמֶען. וֶוער
בִּיסְט דוּא, דָאס דוּא זָאלְסְט אֵיין אַנְדֶערֶענְס דִינֶער מִשְׁפָּט'ן? וֶוען
עֶר שְׁטֶעהְט אָדֶער פַאלְט אִיז עֶר זֵיין הֶערְנְס, עֶר וֶועט אָבֶּער
שְׁטֶעהְן בְּלֵייבֶּען; דֶען דֶער הֶערְר אִיז שְׁטַארְק גֶענוּג, אִיהם אוֹיפְצוּ-
5 שְׁטֶעלֶען. אֵיינֶער מַאכְט אֵיין אוּנְטֶערְשֵׁייד צְוִוישֶׁען דִיא טֶעג,
אֵיין אַנְדֶערֶער הַאלְט יֶעדֶען טָאג גְלֵייךְ. יֶעדֶערֶער קֶען לֶעבֶּען

נָאךְ זַיין אִיבֶּערְצַייגוּנְג, וִויא עֶר עֶס פֶערְשְׁטֶעהט. וֶוער עֶס הַאלְט
עֶטְוָואס פָאן דֶעם טָאג, דֶער טְהוּט עֶס פַאר דֶעם הֶערְרְן; אוּן וֶוער 6
עֶס הַאלְט אִיהם נִיט, דֶער טְהוּט עֶס אוֹיךְ פַאר דֶעם הֶערְרְן. וֶוער
עֶס עֶסְט, דֶער עֶסְט פַאר דֶעם הֶערְרְן; דֶען עֶר דַאנְקְט גָאטְט;
אוּן וֶוער עֶס נִיט עֶסְט, דֶער טְהוּט עֶס פַאר דֶעם הֶערְרְן, אוּן
דַאנְקְט אוֹיךְ גָאטְט. קֵיינֶער פָאן אוּנְז לֶעבְּט נִיט פַאר זִיךְ אַלֵיין,
אוּן קֵיינֶער שְׁטַארְבְּט נִיט פַאר זִיךְ אַלֵיין. לֶעבֶּען מִיר, אַזוֹי לֶעבֶּען 7
מִיר פַאר דֶעם הֶערְרְן; שְׁטַארְבֶּען מִיר, אַזוֹי שְׁטַארְבֶּען מִיר פַאר 8
דֶעם הֶערְרְן. דֶערִיבֶּער, אוֹיךְ מִיר לֶעבֶּען אָדֶער שְׁטַארְבֶּען אַזוֹי
זֶענֶען מִיר דֶעם הֶערְרְנ'ס. דֶען דֶערִיבֶּער אִיז דֶער מָשִׁיחַ גֶעשְׁטָארְבֶּען, 9
דָאס עֶר זָאל דֶער הֶערְר זַיין אִיבֶּער דִיא טוֹיטֶע אוּן אִיבֶּער דִיא
לֶעבֶּענְדִיגֶע. דוּא אָבֶּער פַאר וָואס מִשְׁפָּט'סְט דוּא דַיין בְּרוּדֶער? 10
אָדֶער פַאר וָואס פַארְאַכְטֶעסְט דוּא דַיין בְּרוּדֶער? מִיר אַלֶע
וֶועלֶען דָאךְ שְׁטֶעהְן פַאר גָאטְטֶעס רִיכְטֶערְשְׁטוּהל (כִּסֵּא־הַמִּשְׁפָּט).
דֶען עֶס שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען: אַזוֹי אֱמֶת וִויא אִיךְ לֶעבּ זָאגְט דֶער 11
הֶערְר, אַלֶע קְנִי זָאלֶען זִיךְ בּוֹיגֶען פַאר מִיר, אוּן אַלֶע צִינְגֶער
זָאלֶען גָאטְט מוֹדֶה זַיין. אַזוֹי וֶועט יֶעדֶערֶער פָאן אוּנְז פַאר זִיךְ 12
אַלֵיין גָאטְט רֶעכֶענְשַׁאפְט אָבְּגֶעבֶּע'ן. דֶערִיבֶּער לָאזֶען מִיר 13
נִיט מֶעהר אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מִשְׁפָּטְן, נוּר אוּנְז מֶערְקֶען, דֶעם
בְּרוּדֶער קֵיין אָנְשְׁטוֹיסוּנְג צוּ גֶעבֶּען אוּן נִיט עֶרְגֶער צוּ מַאכֶען.
אִיךְ וֵייס אוּן בִּין עֶס גֶעוִוים זִיכֶער אִין דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ, דָאס 14
קֵיין זַאךְ אִיז פָאן זִיךְ אַלֵיין נִיט אוּנְרֵיין; דָאךְ וֶוערְט עֶס אַזוֹי
(אוּנְרֵיין) פַאר דֶעם, וֶוער עֶס רֶעכֶענְט עֶס פַאר אוּנְרֵיין. וֶוען 15
אָבֶּער דַיין בְּרוּדֶער וֶוערְט גֶעקְרֶענְקְט וֶועגֶען דַיין שְׁפַּייז, אַזוֹי
גֶעהְסְט דוּא שׁוֹין מֶעהר נִיט אוּם מִיט לִיבֶּע. בֶּעסֶער פַארְדַארְבּ
נִיט מִיט דַיין שְׁפַּייז דֶעם, פַאר וֶועלְכֶען דֶער מָשִׁיחַ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען.
דֶערִיבֶּער טְהוּט אַזוֹי, דָאס אֵייעֶר בֶּעסְטֶעס זָאל נִיט גֶעלֶעסְטֶערְט 16
וֶוערֶען. דֶען דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים אִיז נִיט עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען, 17
נוּר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט (צִדְקוֹת), פְרֵידֶען אוּן פְרֵיידֶע אִין דֶעם הֵיילִיגֶען
גֵייסְט (רוּחַ הַקֹּדֶשׁ). וֶוער מִיט דִיזֶעס דִינְט דֶעם מָשִׁיחַ'ן, דֶער 18
אִיז גָאטְט גֶעפֶעלֶען אוּן הָאט אֵיין וֶוערְט בֵּיי מֶענְשֶׁען. דֶערִיבֶּער 19
לָאזֶען מִיר נָאכְטְרַאכְטֶען, וָואס צוּם פְרִידֶען אוּן צוּם בֶּעסֶערוּנְג

אײנער מיט דעם אַנדערען איז גוט. צושטערט ניט גאָטעס װערק
צוליב שפּײז. עס איז אַלץ רײן; אָבער עס איז ניט גוט פאַר
דעם, װער עס עסט עס געגען זײן געװיסען. עס איז בעסער
דאָס דו זאָלסט ניט עסען קײן פלײש, און טרינקען ניט קײן װײן אָדער
עטװאָס אַנדערס, װיבאַלד דײן ברודער אָן דעם זיך אָנשטױסט,
אָדער װערט ערגער, אָדער שװאַך. דעם גלױבען, װעלכען דו
האָסט, דעם זאָלסטו האָבען פאַר דיר אַלײן פאַר גאָט. זעליג
איז דער, װער עס מאַכט זיך ניט קײן געװיסען װעגען דעם, װאָס
ער מײנט פאַר גוט. װער עס איז אָבער דעריבער אין צװײפעל
(ספק), און עסט עס דאָך, דער איז פאַר'משפט; װײל עס איז
ניט פאָן דעם גלױבען. אָבער װאָס עס קומט ניט פאָן דעם
גלױבען, איז אײן זינדע.

מיר שטאַרקע װענען מיר מחויב צו טראָגען דיא שװאַכקײטען
פאָן דיא װאָס זײנען ניט שטאַרק, און ניט אונז אַלײן געפעלען.
2 יעדערער פאָן אונז זאָל זוכען זײן חבר צו געפעלען, צו זײן
3 בעסטעס און צו זײן פאַרבעסערונג. דען אױך דער משיח האָט
ניט געלעבט זיך צו געפעלען, נור װיא עס שטעהט געשריבען:
דיא זידלערײ פאָן דיא, װעלכע האָבען דיך געזידעלט, זענען אױף
4 מיר געפאַלען. דען װאָס עס איז אַמאָל געשריבען געװאָרען, איז
פאַר אונז צום לעהרע געשריבען, כדי מיר זאָלען דורך דער
געדולד (סבלנות) און טרױסט פאָן דער שריפט (תנ"ך) האָפענונג
5 האָבען. אָבער דער גאָט פאָן געדולד און האָפענונג זאָל אײך
געבען, דאָס איהר זאָלט אײנערלײ געדאַנקען אונטער אײך
6 האָבען, אַזױ װיא ישוע המשיח. כדי איהר זאָלט מיט אײן
געמיטה און מױל לױבען גאָטט, דעם פאָטער פאָן אונזערען הערן
7 ישוע המשיח. דעריבער נעמט אײנער דעם אַנדערען אָן,
אַזױ װיא אױך דער משיח האָט אײך אָנגענומען צום לויב גאָטעס.
8 דען איך זאָג: דער משיח איז געװעזען װיא אײן דינער פאַר דיא
גע'מל'טע צוליב גאָטעס אמת מקיים צו זײן דיא הבטחות פאָן
9 דיא אבות. און (פאַר) דיא גוים, כדי זײ זאָלען גאָטט לױבען
פאַר זײנע בארעמהערציגקײט, װיא עס שטעהט געשריבען:
דעריבער לױב איך דיך צװישען דיא גוים, און װעל זינגען מיט

10 לױבּ צוּ דֵײן נָאמֶען. אוּן װִידֶער זָאגְט עֶר: פְרֵײעֶט אַײך אִיהר
11 גוֹיִם, צוּזַאמֶען מִיט זַײן פָאלְק. אוּן װִידֶער: לױבְּט דֶעם הֶערְרְן,
12 אַלֶע גוֹיִם, עֶס זָאלֶען אִיהם לױבֶּען אַלֶע פֶעלְקֶער. אוּן װִידֶער
זָאגְט יְשַׁעְיָהוּ: אוּן דֶער װָארְצֶעל פָאן יִשַׁי װֶעט זַײן, אוּן דֶער װָאס
װֶעט אױפְשְׁטֶעהְן, צוּ הֶערְרְשֶׁען אִיבֶּער דִיא גוֹיִם, אױף אִיהם
13 זָאלֶען הָיידֶען הָאפֶען. אָבֶּער דֶער גָאטְט פָאן הָאפֶענוּנְג זָאל אַײך
דֶערְפִילֶען מִיט אַלֶע פְרֵײד אוּן פְרִידֶען אִין גְלױבֶּען, כְּדֵי אִיהר
זָאלְט זַײן רַײך מִיט הָאפֶענוּנְג דוּרְך דֶער קְרַאפְט פָאן דֶעם רוּחַ
14 הַקֹדֶשׁ. בְּרִידֶער, אִיך בִּין זִיכֶער, דָאס אִיהר אַלֵײן װֶענְט פוּל מִיט
גוּטֶע גֶעדַאנְקֶען, דֶערְפִילְט מִיט אַלֶע דֶערְקֶענְטֶענִעס אוּן זַײט אִין
15 שְׁטַאנְד אֵײנֶער דֶעם אַנְדֶערֶען צוּ שְׁטְרָאפֶען. דָאךְ הָאבּ אִיךְ זִיךְ
גֶעװַאגְט, אִין דִיזֶען שְׁרֵײבֶּען, לִיבֶּע בְּרִידֶער, אַײך צוּ דֶערְמָאנֶען,
װֶעגֶען דֶער גְנַאדֶע, װֶעלְכֶע אִיז מִיר פָאן גָאטְט גֶעגֶעבֶּען גֶעװָארֶען.
16 דָאס אִיךְ זָאל זַײן אֵײן פְּרִיסְטֶער פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ בַּײ דִיא גוֹיִם,
אִין דֶעם הֵיילִיגֶען דִינְסְט פָאן דֶעם עֶװַאנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה טוֹבָה)
גָאטְטֶעס, כְּדֵי דִיא גוֹיִם זָאלֶען װֶערֶען אֵײן קָרְבַּן מַתָּנָה, גֶעפֶעלֶען
17 אוּן גֶעהֵיילִיגְט דוּרְך דֶעם הֵיילִיגֶען גֵייסְט. דֶערִיבֶּער קֶען אִיךְ
18 מִיךְ בֶּערִיהמֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, דָאס אִיךְ דִינֶע גָאטְט. דֶען
אִיךְ װֶעל מִיר נִיט אַרױסְשְׁטֶעלֶען עֶטְװָאס צוּ רֶעדֶען, װִיא נוּר
דָאס, דָאס דֶער מָשִׁיחַ הָאט דוּרְך מִיר גֶעװִירְקְט דִיא גוֹיִם צוּם
19 גֶעהָארְכְזַאמְקֵייט צוּ בְּרֵיינְגֶען אִין דֶעם װָארְט אוּן װֶערְק. דוּרְך
דֶער קְרַאפְט פָאן צֵייכֶען אוּן װאוּנְדֶער, דוּרְך דֶער קְרַאפְט פָאן
גָאטְטֶעס גֵייסְט: אַזוֹי דָאס אִיךְ הָאבּ דֶערְפִילְט פָאן יְרוּשָׁלַיִם אוּן
דֶער אוּמְגֶעגֶענְד בִּיז אִילִירִיקוּם דִיא אָנְזָאגוּנְג פָאן דֶעם עֶװַאנְגֶעלִיוּם
20 (בְּשׂוֹרָה טוֹבָה) פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן. דֶערְבֵּיי אָבֶּער הַאלְט אִיךְ
עֶס פַאר אֵײן כָּבוֹד, אָנְצוּזָאגֶען דֶעם נָאמֶען פָאן דֶעם מָשִׁיחַ, נִיט
דָארְטֶען װאוּ זַײן נָאמֶען אִיז שׁוֹין בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט, כְּדֵי נִיט אוֹיף
21 אֵײן פְרֶעמְדֶען גְרוּנְד צוּ בּוֹיעֶן. נוּר װִיא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען:
עֶס זָאלֶען זֶעהְן דִיא, װֶעלְכֶען עֶס אִיז נָאךְ נִיט אָנְגֶעזָאגְט גֶעװָארֶען
פָאן אִיהם, אוּן פַארְשְׁטֶעהְן דִיא, װֶעלְכֶע נָאךְ נִיט גֶעהֶערְט הָאבֶּען.
22 אוּן דָאס אִיז עֶס אוֹיךְ, װָאס הָאט מִיךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען, צוּ אַײךְ
23 צוּ קוּמֶען. אָבֶּער יֶעצְט הָאבּ אִיךְ אִין דִיזֶען גֶעגֶענְד מֶעהר קֵיין

פְלַאךְ נִיט; דֶערְבֵּיי הָאט עֶס שׁוֹין זִיךְ מִיר גֶעוָואלְט נִיט אֵיין יָאהר
24 צוּ אַייךְ צוּ קוּמֶען. וֶוען אִיךְ וֶועל אֵיין מָאל קֵיין שְׁפַּנְיָא רֵייזֶען;
דֶען אִיךְ הָאף שְׁטֶענְדִיג, דָאס אִיךְ וֶועל אוֹיף דֶער דוּרְכְרֵייזֶע אַייךְ
זֶעהֶען אוּן וֶועל פָאן אַייךְ בֶּעגְלֵייטֶעט וֶוערֶען, דֶערְנָאךְ וִויא אִיךְ
25 וֶועל מִיךְ צוּ עֶרְשְׁט בֵּיי אַייךְ זִיךְ דֶערְקְוִויקֶען. אָבֶּער גְרָאד יֶעצְט
26 מוּז אִיךְ רֵייזֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אִין דִינְסְט פַאר דִיא הֵיילִיגֶע. דֶען
מַאקֶעדָאנְיָא אוּן אֲכַאיָא הָאבֶּען בֶּעשְׁלָאסֶען, דִיא אָרֶעמֶע פָאן דִיא
27 הֵיילִיגֶע אִין יְרוּשָׁלַיִם אֵיין אָבְגַאבֶּע (מַס) צוּ גֶעבֶּען. זֵיי הָאבֶּען
בֶּעשְׁלָאסֶען, וָואס זֵיי זֶענֶען מְחוּיָב. וֶוען דִיא גוֹיִם הָאבֶּען אֵיין
טֵייל פָאן דִיא גֵייסְטְלִיכֶע (רוּחְנִיוּת) זַאכֶען פָאן זֵיי בֶּעקוּמֶען, אַזוֹי
28 מוּזֶען זֵיי, זֵיי אִין לֵייבְּלִיכֶע זַאכֶען (גַשְׁמִיוּת) הֶעלְפֶען. וֶוען אִיךְ
וֶועל דִיזֶעס עֶנְדִיגֶען, אוּן וֶועל זֵיי דִיזֶע פְרוּכְט פַאר'חַתְמֶ'עֶנֶען,
29 דַאמָאלְסְט ווִיל אִיךְ דוּרְךְ אַייךְ קֵיין שְׁפַּנְיָא גֶעהְן. אָבֶּער אִיךְ
ווֵייס, דָאס וֶוען אִיךְ וֶועל צוּ אַייךְ קוּמֶען אַזוֹי וֶועל אִיךְ קוּמֶען מִיט
אֵיין פוּלֶער בְּרָכָה פָאן דֶער בְּשׂוּרָה טוֹבָה פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן.
30 אָבֶּער אַייךְ, בְּרִידֶער, בֶּעט אִיךְ, צוּלִיבּ אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ אוּן צוּלִיבּ דֶער לִיבֶּע פָאן דֶעם גֵייסְט, מִיר אִין דֶער
מִלְחָמָה בֵּיי צוּשְׁטֶעהֶען דוּרְךְ אֵייעֶר תְּפִלָּה פַאר מִיךְ בֵּיי גָאטְט.
31 דָאס אִיךְ זָאל קֶענֶען אַרוֹיסְקוּמֶען פָאן דִיא ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע אִין
יְהוּדָה, אוּן דָאס מֵיין דִינְסְט פַאר יְרוּשָׁלַיִם זָאל בֵּיי דִיא הֵיילִיגֶע
32 גוּט אוֹיפְגֶענוּמֶען וֶוערֶען. כְּדֵי אִיךְ זָאל דוּרְךְ גָאטְטֶעס ווִילֶען
פְרֵיילַאךְ צוּ אַייךְ קוּמֶען אוּן מִיךְ מִיט אַייךְ דֶערְקְוִויקֶען קֶענֶען.
33 דֶער גָאטְט פָאן פְרִידֶען זָאל זֵיין מִיט אַייךְ אַלֶעמֶען. אָמֵן.
טז אִיךְ בֶּעפֶעל צוּ אַייךְ אוּנְזֶער שְׁוֶועסְטֶער פֶעבֶּע. וֶועלְכֶע אִיז
2 אֵיינֶע גֶעהִילְפֶען אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע קֶענְכְרֶעאַ. דָאס אִיהר זָאלְט
אִיהר אוֹיפְנֶעהמֶען אִין דֶעם הֶערְרְן ווִיא עֶס פַּאסְט פַאר הֵיילִיגֶע,
אוּן זָאלְט אִיהר אִין אַלֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, אִין וָואס זִיא וֶועט בֶּעדַארְפֶען,
הֶעלְפֶען. זִיא אִיז דָאךְ אוֹיךְ אֵיינֶע בֶּעשִׁיצֶערִין פָאן פִילֶע גֶעוָוארֶען,
3 אַזוֹי אוֹיךְ מִיר אַלֵיין. גֶערִיסְט פְּרִיסְקָא אוּן עֲקִילַס'ן, מֵיינֶע
4 גֶעהִילְפֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. זֵיי הָאבֶּען זֵייעֶרֶען הַאלְז גֶעגֶעבֶּען פַאר
מֵיין לֶעבֶּען; נִיט נוּר אִיךְ אַלֵיין דַאנְקֶע זֵיי, נוּר אוֹיךְ אַלֶע גֶעמֵיינְדֶען
5 פָאן דִיא גוֹיִם. גֶערִיסְט אוֹיךְ דִיא פֶערְזַאמְלוּנג אִין זֵייעֶרֶען הוֹיז.

געריסט מיין געטריייען עפּענעטוס'ן, ער איז דער ערשטער
געבאָרענער פאָן אזיא פאר דעם משיח'ן. געריסט מרים'ען, זיא 6
האט זיך פיל פאר אונז בעמיהט. געריסט אנדראָניקוס'ן און יוניאס'ן, 7
מיינע אידעשע חברים און חברים פאָן געפיינגעניס, וועלכע זיינען
בעריהמטע אפּאָסטעל (שלוחים), און זענען פריהער פאר מיר אין
דעם משיח'ן געוועזען. געריסט אמפּליאטוס'ן, מיין געטריייען אין 8
דעם הערן. געריסט אורבאנוס'ן, אונזערען געהילפען אין דעם 9
משיח'ן, און מיין ליבען שטאכיס'ן. געריסט אפּעלעס'ן דעם נאמן 10
אין דעם משיח'ן, געריסט דיא הויזגעזינד פאָן אריסטאָבולוס'ן.
געריסט מיין אידעשען חבר הערָאדיאָן'ען. געריסט דיא קריסטען 11
פאָן נארקיסוס הויז. געריסט טריפאנא'ן און טריפאָזא'ן, וועלכע 12
האבען געארבעט פאר דעם הערן. געריסט דיא ליבע פּערזיס'ן,
וועלכע האט פיל געארבעט פאר דעם הערן. געריסט רופוס'ן, 13
דעם אויסדערוויילטען אין דעם הערן, און זיין מוטער, וועלכע אזוי
וויא מיינע איז. געריסט אזינקריטוס'ן, פלעגאָן'ען, הערמעס'ן, 14
פּאטראָבאס'ן, הערמאס'ן און דיא ברידער, וועלכע זענען ביי זיי.
געריסט פילאָלאגוס'ן און יוליאַ'ן, נערעס'ן און זיין שוועסטער, 15
אָלימפּאס'ן, און אלע היילינגען, וועלכע זיינען ביי איהם. געריסט 16
איינער דעם אנדערען מיט דעם היילינגען קוש. עס געריסען אייך
אלע געמיינדען פאָן דעם משיח'ן. איך פארזאג אייך אָבער, מיינע 17
ברידער, גוט אכטונג צו געבען אויף יענע, וועלכע מאכען מחלוקת
און ערגער געגען דיא לעהרע, וועלכע איהר האט געלערנט. קערט
אייך פאָן זיי אָב. דען אזעלכע לייט דינען ניט אונזערען הערן 18
קריסטוס'ן, נור זייערען בויך, און מיט זייערע שענע רייד און זיסע
ווערטער נארען זיי אָב דיא הערצער פאָן דיא, וועלכע מערקען
עס ניט. אייער געהארכזאמקייט איז אומעטום באוואוסט געוואָרען, 19
דעריבער פריי איך מיך מיט אייך. איך וויל אָבער, דאס איהר
זאָלט זיין חכמים צום גוטען, און נארעש צום בעזען. דער גאָטט 20
פאָן פרידען וועט באלד דעם שטן אונטער אייערע פיס צוברעקלען.
דיא גנאדע פאָן אונזערען הערן ישוע המשיח זאל זיין מיט אייך!

עס געריסט אייך מיין העלפער טימאָטעאוס, און לוציוס און 21
יאזאָן און זאזיפּאטער, מיינע אידעשע חברים. איך טערטיוס, 22

וֶועלְכֶער הָאט דִיזֶען בְּרִיף גֶעשְׁרִיבֶּען, גְעִרִיסְט אַייך אִין דֶעם
23 הֶערְרְן. עֶס גְעִרִיסְט אַייך גַאיוּס, מֵיינֶער אוּן דֶער גַאנְצֶער גֶעמֵיינְדֶעס
בַּעַל אַכְסַנְיָא. עֶס גְעִרִיסְט אַייך עֶרַאסְטוּס דֶער פִיהְרֶער פָאן
24 שְׁטָאט, אוּן דֶער בְּרוּדֶער קְוַוארְטוּס. דִיא גְנַאדֶע פָאן אוּנְזֶערֶען
25 הֶערְרְן יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ זָאל מִיט אַייך אַלֶעמֶען זַיין! אָמֵן. דֶעם אָבֶּער,
וֶועלְכֶער קֶען אַייך שְׁטַארְקֶען, אַזוֹי וִויא מֵיין עֶוַואנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה
טוֹבָה) אוּן פְּרֶעדִיגְט (דְרָשָׁה) פָאן יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, דוּרְך וֶועלְכֶען עֶס
אִיז אַנְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען דֶער סוֹד, וֶועלְכֶער אִיז צֵייט דֶער וֶועלְט
26 פַארְבָּארְגֶען גֶעוֶועזֶען. נוּן אָבֶּער אִיז עֶר אַנְפְּלֶעקְט, אוּן בֶּעוואוּסְט
גֶעמַאכְט צוּ אַלֶע גוֹיִם זֵיי זָאלֶען גֶעהָארְכֶען דֶעם גְלוֹיבֶּען, דוּרְך דִיא
שְׁרִיפְטֶען פָאן דִיא נְבִיאִים, נָאך דֶעם בֶּעפֶעהל פָאן דֶעם עֶוִויגֶען
27 גָאטְט. דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען גָאטְט, וֶועלְכֶער אַלֵיין קְלוּג אִיז, זָאל זַיין
כָּבוֹד דוּרְך יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוֹיף עֶוִויג! אָמֵן.

---

# דער ערשטע בריף צו דיא קארינטהער

---

א פּוֹלוּס אֵיין גֶערוּפֶענֶער אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פָאן יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
2 דוּרְך גָאטְטֶעס ווִילְלֶען אוּן סַאסְטְהֶענֶעס אוּנְזֶער בְּרוּדֶער. צוּ דֶער
גֶעמֵיינְדֶע גָאטְטֶעס וֶועלְכֶע אִיז אִין קָארִינְטְה, צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
גֶעהֵיילִיגְט גֶעוָוארֶען אִין יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ צוּ דִיא גֶערוּפֶענֶע הֵיילִיגֶע
מִיט אַלֶעמֶען, וֶועלְכֶע רוּפֶען דֶעם נָאמֶען פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יְשׁוּעַ
3 הַמָשִׁיחַ אִין אַלֶע עֶרְטֶער בֵּיי זֵיי אוּן בֵּיי אוּנְז. גְנָאד אוּן פְרִידֶען צוּ
אַייך פָאן גָאטְט אוּנְזֶערֶען פָאטֶער אוּן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ.
4 אִיך דַאנְק מֵיין גָאטְט פַאר אַייך אַלֶע צֵייט פַאר גָאטְטֶעס גְנָאד,
5 וֶועלְכֶע עֶס אִיז אַייך גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. דָאס
אִיהר זַייט דוּרְך אִיהם רֵייך גֶעוָוארֶען אִין אַלֶע שְׁטִיק (זַאכֶען) אִין
6 יֶעדֶער אַרְט פָאן וָוארְט אוּן דֶערְקֶענְטֶענֶעס. וֶוען דִיא עֵדוּת פָאן

7 דֶעם מָשִׁיחַ'ן אִיז אִין אַייך אַזוֹי בֶּעפֶעסְטִיגְט גֶעוָוארֶען, דָאס עֶס
פֶּעהלְט אַייך נִיט קֵיין שׁוּם מַתָּנָה, אוּן אִיהר וַוארְט אוֹיף דֶער
8 אַנְפְּלֶעקוּנְג פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. וֶועלְכֶע וֶועט אַייך
בֶּעפֶעסְטִיגֶען בִּיז צוּם עֶנְדֶע, כְּדֵי אִיהר זָאלְט אָן שְׁטְרָאף זֵיין אִין
9 דֶעם טָאג פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. דֶען גָאטְט אִיז גֶעטְרֵיי
דוּרְך וֶועלְכֶען אִיהר זֶענְט גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען צוּ גֶעמֵיינְשַׁאפְט
10 (חַבְרוּתָה) פָאן זֵיין זָאהן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן. אִיך
פַארְזָאג אַייך אָבֶער, מֵיינֶע בְּרִידֶער, דוּרְך דֶעם נָאמֶען פָאן אוּנְזֶערֶען
הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, דָאס אִיהר זָאלְט אַלֶע רֶעדֶען אֵיינֶערְלֵיי רֶעד,
אוּן עֶס זָאל צְווִישֶׁען אַייך נִיט זֵיין קֵיין צוּשֵׁיידוּנְג, נוּר אִיהר זָאלְט
11 אֵיינְס זֵיין, מִיט אֵיין פֶערְשְׁטַאנְד אוּן מִיט אֵיין זִינֶען. דֶען דִיא הוֹיזְ־
גֶעזִינְד פָאן קְלוֹאָה הָאבֶען מִיר דֶערְצֵיילְט אוֹיף אַייך מֵיינֶע בְּרִידֶער,
12 דָאס עֶס אִיז צְווִישֶׁען אַייך קְרִיג פַארַאן. אִיך מֵיין, דָאס יֶעדֶער פָאן
אַייך זָאגְט: אִיך בִּין פּוֹלוֹס'עֶס, אִיך בִּין אַפּוֹלוֹס'עֶס, אִיך בִּין כֵּיפָא'ס,
13 אוּן אִיך בִּין דֶעם מָשִׁיחַ'ס. אִיז דֶען דֶער מָשִׁיחַ צוּ טֵיילְט גֶעוָוארֶען?
אִיז דֶען פּוֹלוֹס פַאר אַייך גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען? אָדֶער זֶענְט אִיהר
14 דֶען גֶעטוֹבֵל'ט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם נָאמֶען פָאן פּוֹלוֹס? אִיך דַאנְק
גָאטְט, דָאס אִיך הָאבּ קֵיינֶעם פָאן אַייך נִיט גֶעטוֹבֵל'ט, אוֹיסֶער
15 קְרִסְפּוּס אוּן גָאיוּס'ן. דָאס קֵיינֶער זָאל נִיט זָאגֶען: אִיך הָאבּ
16 גֶעטוֹבֵל'ט אִין מֵיין נָאמֶען. אִיך הָאבּ אָבֶער אוֹיך גֶעטוֹבֵל'ט דִיא
הוֹיזְגֶעזִינְד פָאן אִסְטְפָנוּס, אוֹיסֶער דִיזֶע וֵוייס אִיך נִיט אוֹיבּ אִיך
17 הָאבּ נָאך אֵיין אַנְדֶערֶען גֶעטוֹבֵל'ט. דֶען דֶער מָשִׁיחַ הָאט מִיך נִיט
גֶעשִׁיקְט צוּ טוֹבֵל'עֶן נוּר דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה טוֹבָה) אָנְצוּ־
זָאגֶען, נִיט מִיט קְלוּגֶע וֶוערְטֶער, כְּדֵי דֶער קְרֵייץ פָאן דֶעם מָשִׁיחַ
18 זָאל נִיט צוּ נִישְׁט וֶוערֶען. דֶען דָאס וָוארְט פָאן דֶעם קְרֵייץ
אִיז אֵיין נַארֶעשְׁקֵייט פַאר דִיא פַארְלָארֶענֶע, אָבֶער פַאר אוּנְז
19 דֶערְלוֹיזְטֶע אִיז דָאס גָאטְטֶעס גְבוּרָה. דֶען עֶס שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען:
אִיך וֶועל צוּ נִישְׁט מַאכֶען דִיא חָכְמָה פָאן דִיא חֲכָמִים אוּן דֶעם
20 פֶערְשְׁטַאנְד פָאן דִיא פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע וֶועל אִיך פַארְוַוארְפֶען. וואוּ
אִיז דֶער חָכָם? וואוּ אִיז דֶער סוֹפֵר (תַּלְמִיד חָכָם)? וואוּ אִיז דֶער
וֶועלְט חָכָם? הָאט דֶען גָאטְט נִיט נַארֶעשׁ גֶעמַאכְט דִיא חָכְמָה
21 פָאן דֶער וֶועלְט? וֵוייל דוּרְך גָאטְטֶעס חָכְמָה הָאט דִיא וֶועלְט גָאטְט

נִיט דֶערקֶענְט דוּרְךְ דֶער חָכְמָה, אַזוֹי הָאט גָאטְט בֶּעשְׁלָאסֶען דוּרְךְ
דִיא נַארֶעשְׁקֵייט פָאן דֶער בְּשׂוּרָה טוֹבָה צוּ רֶעטֶען דִיא גְלֵייבִּיגֶע.
22 דֶען דִיא אִידֶען פָאדֶערֶען אֵיין צֵייכֶען אוּן דִיא גְרִיכֶען זוּכֶען חָכְמָה.
23 מִיר אָבֶער פְּרֶעדִיגֶען דֶעם גֶעקְרֵייצִיגְטֶען מָשִׁיחַ. אֵיין עֶרְגֶער פַאר
24 דִיא אִידֶען אוּן אֵיין נַארֶעשְׁקֵייט פַאר דִיא גְרִיכֶען. אָבֶער פַאר אוּנְז
גֶערוּפֶענֶע, סַאי פָאן אִידֶען, סַאי פָאן גְרִיכֶען, דֶעם מָשִׁיחַ. וֶועלְכֶער
25 אִיז גָאטְטֶעס גְבוּרָה אוּן גָאטְטֶעס חָכְמָה. וֵוייל גָאטְטֶעס נַארֶעשְׁ־
קֵייט אִיז קְלִיגֶער פָאן מֶענְשֶׁען, אוּן גָאטְטֶעס שְׁוַואכְקֵייט אִיז
26 שְׁטַארְקֶער פָאן מֶענְשֶׁען. מֵיינֶע בְּרִידֶער, זֶעהט אַייעֶר רוּפוּנְג אָן.
נִיט פִיל פָאן אַייךְ זֶענֶען חֲכָמִים, נָאךְ דֶעם פְלֵייש; נִיט פִיל פָאן אַייךְ
27 שְׁטַארְק; נִיט פִיל פָאן אַייךְ זֶענֶען גְרוֹיסֶע לֵייט. אָבֶער גָאטְט הָאט
אוֹיסְדֶערְוֶועהלְט דָאס וָואס דִיא וֶועלְט פַאר נַארֶעשׁ הַאלְט, כְּדֵי עֶר
זָאל פַארְשֶׁעמֶען דִיא חֲכָמִים. אוּן דָאס וָואס דִיא וֶועלְט פַאר שְׁוַואךְ
הַאלְט, הָאט גָאטְט אוֹיסְדֶערְוֶועלְט, כְּדֵי צוּ פַארְשֶׁעמֶען דֶעם
28 שְׁטַארְקֶען. גָאטְט הָאט אוֹיסְדֶערְוֶועהלְט דָאס וָואס עֶס אִיז נִיט
עֶדֶעל אִין דֶער וֶועלְט אוּן דָאס וָואס עֶס אִיז פַארַאכְטֶעט, אוּן דָאס
וָואס אִיז גָארְנִישְׁט, כְּדֵי עֶר זָאל צוּ נִישְׁט מַאכֶען דָאס וָואס עֶס אִיז
29 עֶטְוָואס. כְּדֵי עֶס זָאל זִיךְ נִיט בֶּערִיהמֶען פַאר אִיהם קֵיין שוּם
30 פְלֵייש. פָאן אִיהם אָבֶער זֶענְט אִיהר אִין דֶעם מָשִׁיחַ יְשׁוּעַ, וֶועלְכֶער
אִיז גֶעוָוארֶען פַאר אוּנְז חָכְמָה פָאן גָאטְט, גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, הֵיילִיגְ־
31 קֵייט אוּן דֶערְלֵייזוּנְג. כְּדֵי עֶס זָאל זֵיין וִויא עֶס שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען:
וֶוער עֶס בֶּערִיהמְט זִיךְ, דֶער זָאל זִיךְ בֶּערִיהמֶען מִיט דֶעם הֶערְן.
ב אוּן אִיךְ, וֶוען אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ אַייךְ, מֵיינֶע בְּרִידֶער, בִּין
אִיךְ נִיט גֶעקוּמֶען, דָאס אִיךְ זָאל אַייךְ אָנְזָאגֶען דִיא בֶּעוֵוייז פָאן
2 גָאטְט, מִיט הוֹיכֶע רֶעד אָדֶער חָכְמָה. מִיט קֵיין אַנְדֶערֶע וִויסֶענְ־
שַׁאפְט הָאבּ אִיךְ צוּ אַייךְ נִיט גֶעוָואלְט קוּמֶען, נוּר (מִיט) דֶעם פָאן
3 יְשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּן אִיבֶּערְהוֹיפְּט דֶעם גֶעהַאנְגֶענֶעם. אוּן אִיךְ בִּין בֵּיי
אַייךְ גֶעוֶועזֶען אִין שְׁוַואכְקֵייט, אוּן מוֹרָא אוּן אִין גְרוֹיס צִיטֶערְנֶעס.
4 אוּן מֵיין וָוארְט אוּן מֵיין פְּרֶעדִיג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען נִיט מִיט דֶעם קוּנְסְט
אִיבֶּער צוּ רֶעדֶען מִיט וֶוערְטֶער פָאן מֶענְשְׁלִיכֶער חָכְמָה. נוּר מִיט
5 דֶערְוֵוייזוּנְג פָאן דֶעם גֵייסְט אוּן גְבוּרָה. כְּדֵי אֵייעֶר אֱמוּנָה זָאל נִיט
בֶּעשְׁטֶעהן אוֹיף מֶענְשְׁלִיכֶע חָכְמָה, נוּר אוֹיף דֶער גְבוּרָה פָאן גָאטְט.

6 מִיר רֶעדֶען חָכְמָה צְווִישֶׁען דִיא, וֶועלְכֶע זַיינֶען שְׁלֵמִים (פָאלְ־
קָאמֶענֶע), אָבֶּער נִיט קֵיין חָכְמָה פָאן דִיזֶער וֶועלְט, אוֹיךְ נִיט פָאן
7 דִיא שָׂרִים פָאן דִיזֶער וֶועלְט, וֶועלְכֶע פַארְגֶעהֶען. מִיר רֶעדֶען נוּר
בְּסוֹד גָאטְטֶעס חָכְמָה וֶועלְכֶע אִיז פַארְבָּארְגֶען, וֶועלְכֶע גָאטְט הָאט
גֶעשְׁטֶעלְט פַאר אוּנְזֶער הֶערְרְלִיכְקֵייט אֵיידֶער דִיא וֶועלְט אִיז
8 גֶעוָוארֶען. וֶועלְכֶע קֵיינֶער פָאן דִיא שָׂרִים פָאן דִיזֶער וֶועלְט הָאט
זִיא נִיט דֶערְקָאנְט: וֶוען זֵיי וָואלְטֶען זִיא דֶערְקֶענְט, אַזוֹי וָואלְטֶען
9 זֵיי דֶעם הֶערְרְן פָאן הֶערְרְלִיכְקֵייט נִיט גֶעקְרֵייצִיגְט. נוּר וִויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען: וָואשׁ קֵיין אוֹיג הָאט נִיט גֶעזֶעהֶן, אוּן וָואס קֵיין
אוֹיעֶר הָאט נִיט גֶעהֶערְט אוּן עֶס אִיז אִין קֵיין הַארְץ פָאן מֶענְשֶׁען,
10 דָאס הָאט גָאטְט אָנְגֶעגְרֵייט פַאר דִיא, וֶועלְכֶע לִיבֶּען אִיהם. אוּנְז
אָבֶּער הָאט גָאטְט דָאס אַנְפְּלֶעקְט דוּרְךְ זַיין גֵייסְט. דֶען דֶער גֵייסְט
11 פָארְשְׁט אַלְדִינְג אוֹיס אֲפִילוּ דִיא טִיפֶעגֶעס פָאן גָאטְט. דֶען וֶוער
פָאן דִיא מֶענְשֶׁען וֵוייסְט וָואס עֶס אִיז אִין דֶעם מֶענְשֶׁען, וִויא דֶער
גֵייסְט פָאן דֶעם מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶער אִיז אִין אִיהם? אוּן אַזוֹי אוֹיךְ,
וֵוייסְט קֵיינֶער נִיט וָואס עֶס אִיז אִין גָאטְט, וִויא דֶער גֵייסְט פָאן
12 גָאטְט. מִיר אָבֶּער הָאבֶּען נִיט מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען דֶעם גֵייסְט פָאן דֶער
וֶועלְט, נוּר דֶעם גֵייסְט וֶועלְכֶער אִיז פָאן גָאטְט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען
13 וִויסֶען, וָואס עֶס אִיז אוּנְז גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען פָאן גָאטְט. וֶועלְכֶען
מִיר אוֹיךְ רֶעדֶען נִיט מִיט וֶוערְטֶער וָואס דִיא חָכְמָה פָאן מֶענְשֶׁען
לֶערֶענְט, נוּר מִיט וֶוערְטֶער, וֶועלְכֶע דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ לֶערֶענְט,
אוּן מִיר דֶערְקְלֶעהְרֶען גֵייסְטְלִיכֶע זַאכֶען (רוּחְנִיוֹת) דוּרְךְ אֵיין
14 גֵייסְטְלִיכֶע שְׁפְּרַאכֶע. אֵיין נַאטִירְלִיכֶער מֶענְשׁ אָבֶּער פַארְנֶעהְמְט
נִיט פָאן גָאטְטֶעס גֵייסְט, וַוייל עֶס אִיז פַאר אִיהם אֵיין נַארֶעשְׁקֵייט,
אוּן עֶר קָאן עֶס נִיט פַארְשְׁטֶעהֶן, מַחֲמַת מֶען מוּז עֶס אוֹיס פָארְשֶׁען
15 נָאךְ דֶעם גֵייסְט. אָבֶּער דֶער גֵייסְטְלִיכֶער מֶענְשׁ פָארְשְׁט אַלְץ אוֹיס,
16 אוּן אִיהם קֶען קֵיינֶער נִיט אוֹיסְפָארְשֶׁען. דֶען וֶוער הָאט דֶערְקָאנְט
גָאטְטֶעס פַארְשְׁטַאנְד דָאס עֶר זָאל אִיהם לֶעהְרֶען? מִיר אָבֶּער
הָאבֶּען דֶעם מָשִׁיחַ'ס פַארְשְׁטַאנְד.

ג אוּן אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעקָאנְט רֶעדֶען צוּ אַייךְ, מֵיינֶע בְּרִידֶער, וִויא
מִיט גֵייסְטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, נוּר וִויא מִיט מֶענְשֶׁען פָאן פְלֵיישׁ, וִויא
2 מִיט יוּנְגֶע קִינְדֶער אִין דֶעם מָשִׁיחַ. אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ

טְרִינְקֶען מִילְךְ, אוּן נִיט הַארְטֶע שְׁפֵּייז, ווייל אִיהר הָאט נָאךְ נִיט
גֶעקָאנְט אוּן קֶענְט נָאךְ יֶעצְט אוֹיךְ נִיט פַארְנֶעמֶען, ווייל אִיהר זֶענְט
3 פְלֵיישְׁלִיךְ. דֶען קִנְאָה אוּן מַחֲלֹקֶת זֶענֶען דָא צְווִישֶׁען אַייךְ, הֵייסְט
4 עֶס נִיט פְלֵיישְׁלִיךְ זַיין, אוּן עֶקְט מֶענְשְׁלִיךְ זִיךְ בֶּענֶעהמֶען? דֶען
ווען אֵיינֶער זָאגְט: אִיךְ בִּין פּוֹלוֹס'עֶס אוּן דֶער אַנְדֶערֶער: אִיךְ
5 בִּין אַפּוֹלוֹס'עֶס, אִיזְט דָאס נִיט דִיא אַרְט פָאן מֶענְשֶׁען? ווער אִיז
דֶען פּוֹלוֹס? אוּן ווער אִיז דֶען אַפּוֹלוֹס? זֵיי זֶענֶען נוּר גֶעהִילְפֶען,
דוּרְךְ ווֶעלְכֶע אִיהר זֶענְט גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם גְלוֹיבֶּען, יֶעדֶער נָאךְ
6 דֶער מָאס, וָואס דֶער הֶערְר הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען. אִיךְ הָאבּ
גֶעפְלַאנְצְט, אוּן אַפּוֹלוֹס הָאט בֶּעגָאסֶען, אָבֶּער גָאטְט הָאט
7 גֶעלָאזֶען וַואכְסֶען. אַזוֹי אִיז דֶער פְלַאנְצֶער גָאר נִישְׁט, אוּן דֶער
בֶּעגִיסֶער גָאר נִישְׁט, נוּר גָאטְט וָואס עֶר הָאט גֶעלָאזֶען וַואכְסֶען.
8 דֶער פְלַאנְצֶער אוּן דֶער בֶּעגִיסֶער זֶענֶען אֵיינְס, אוּן יֶעדֶער ווֶעט
9 זַיין שְׂכַר מְקַבֵּל זַיין נָאךְ זַיין אַרְבֵּייט. דֶען מִיר זֶענֶען גָאטְטֶעס
גֶעהִילְפֶען, אוּן אִיהר זֶענְט גָאטְטֶעס פֶעלְד, גָאטְטֶעס גֶעבֵּייְדֶע.
10 נָאךְ גָאטְטֶעס גְנָאד, ווֶעלְכֶע עֶר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען, הָאבּ אִיךְ דֶעם
גְרוּנְד גֶעלֵייגְט ווִיא אֵיין קְלוּגֶער בּוֹימֵייסְטֶער, אוּן אֵיין אַנְדֶערֶער
בּוֹיעֶט אוֹיף אִיהם. לָאז אָבֶּער יֶעדֶערֶער אַכְטוּנְג גֶעבֶּען ווִיא עֶר
11 בּוֹיעֶט אוֹיף אִיהם. דֶען קֵיינֶער קָאן נִיט לֵייגֶען אֵיין אַנְדֶערֶען
גְרוּנְד אוֹיסֶער דֶעם ווֶעלְכֶער עֶס אִיז גֶעלֵייגְט גֶעווָארֶען, דָאס אִיז
12 יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. אוּן ווען אֵיינֶער בּוֹיט אוֹיף דִיזֶען גְרוּנְד גָאלְד,
13 זִילְבֶּער, טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער, הָאלְץ, הֵיי, שְׁטְרוֹי. אַזוֹי ווֶעט דִיא
אַרְבֵּייט פָאן יֶעדֶען אַנְפְּלֶעקְט ווערֶען, דֶער טָאג ווֶעט עֶס
אַנְפְּלֶעקֶען, ווייל עֶס ווֶעט דוּרְךְ פֵייעֶר אַנְפְּלֶעקְט אוּן דֶער פֵייעֶר
14 ווֶעט אוֹיספְּרוּבֶען יֶעדֶענְס אַרְבֵּייט וָואס אִין אִיהר אִיז דָא. ווען
אֵיינֶעמְס ווערְק בְּלֵייבֶּען, ווֶעלְכֶעס עֶר הָאט אוֹיף אִיהם גֶעבּוֹיעֶט,
15 אַזוֹי ווֶעט עֶר זַיין שְׂכַר מְקַבֵּל זַיין. ווֶעט אָבֶּער אֵיינֶעמְס ווערְק
פַארְבְּרֶענְט ווערֶען, אַזוֹי ווֶעט עֶר שָׁאדֶען לֵיידֶען. אָבֶּער עֶר אַלֵיין
16 ווֶעט גֶערֶעטֶעט ווערֶען, ווִיא פָאן פֵייעֶר. ווייסְט אִיהר דֶען נִיט
דָאס אִיהר זֶענְט גָאטְטֶעס טֶעמְפֶּעל אוּן דֶער גֵייסְט גָאטְטֶעס ווֵיינְט
17 אִין אַייךְ? אוּן ווער עֶס פַארְדַארְבְּט גָאטְטֶעס טֶעמְפֶּעל, ווֶעט גָאטְט
אִיהם פַארְדַארְבֶּען; דֶען גָאטְטֶעס טֶעמְפֶּעל אִיז הֵיילִיג, אוּן אִיהר

זֶענְט זַיין טֶעמְפֶּעל. לָאז קֵיינֶער זִיךְ אַלֵיין נִיט אָבּ נַארֶען. וֶוען 18
אֵיינֶעם אוּנְטֶער אֵייךְ הַאלְט מֶען פַאר אֵיין חָכָם אִין דִיזֶער וֶועלְט,
דֶער זָאל אֵיין נַאר וֶוערֶען, כְּדֵי עֶר זָאל אֵיין חָכָם וֶוערֶען. דֶען דִיא 19
חָכְמָה פָאן דִיזֶער וֶועלְט אִיז בֵּיי גָאטְט אֵיין נַארֶעשְׁקֵייט וִויא עֶס
שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען: עֶר פַאנְגְט דִיא חֲכָמִים אִין זֵייעֶר קְלוּגְקֵייט.
אוּן וִוידֶער אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: דֶער הֶערְר וֵוייסְט דִיא גֶעדַאנְקֶען פָאן 20
דִיא חֲכָמִים דָאס זֵיי זֶענֶען הֶבֶל (נִישְׁט). דֶערִיבֶּער לָאז זִיךְ קֵיינֶער 21
נִיט בֶּערִיהמֶען מִיט מֶענְשֶׁען, דֶען אַלְץ אִיז אֵייעֶרע. סַאי פּוֹלוֹס, 22
אָדֶער אַפּוֹלוֹס, סַאי כֵּיפָא, אָדֶער דִיזֶע וֶועלְט, אָדֶער דָאס לֶעבֶּען,
אָדֶער טוֹיט, סַאי דֶער יֶעצְט, אָדֶער דָאס קוּמֶענְדִיגֶע (עָתִיד);
אַלְץ אִיז אֵייעֶרע. אִיהר אָבֶּער זֶענְט דֶעם מָשִׁיחַ'ס, דֶער מָשִׁיחַ 23
אָבֶּער אִיז גָאטְטֶעס.

לָאז מֶען אוּנְז הַאלְטֶען פַאר דִינֶער פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן, אוּן ד
פַאר פֶערְוַואלְטֶער פָאן גָאטְטֶעס סוֹדוֹת. פָאן דִיא פֶערְוַואלְטֶער 2
פֶערְלַאנְגְט מַאן, דָאס זֵיי זָאלֶען גֶעפוּנֶען וֶוערֶען גֶעטְרֵייעֶ. נָאר פַאר 3
מִיר אָבֶּער אִיז דָאס אֵיין קְלֵיינִיגְקֵייט וָואס אִיהר רִיכְטֶעט מִיךְ,
אָדֶער דֶער טָאג פָאן מִשְׁפָּט פָאן מֶענְשֶׁען; אוֹיךְ מִשְׁפָּט אִיךְ מִיךְ
אַלֵיין נִיט. וֶוען אוֹיךְ אִיךְ וֵויים מִיךְ נִישְׁט, אַזוֹי בִּין אִיךְ דָאךְ 4
דֶערִיבֶּער נִיט גֶערֶעכְט; דֶער הֶערְר אָבֶּער אִיז עֶס, וֶועלְכֶער מִיךְ
מִשְׁפָּט. דֶערִיבֶּער מִשְׁפָּט נִיט פַאר דֶער צֵייט, בִּיז דֶער הֶערְר 5
וֶועט קוּמֶען, וֶועלְכֶער וֶועט אַרוֹיס בְּרֶענְגֶען צוּם לִיכְט דָאס וָואס
עֶס אִיז פַארְבָּארְגֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנֶעס אוּן וֶועט אַנְפְּלֶעקֶען
דִיא עֵצוֹת פָאן הַארְצֶען. אוּן דַאמָאלְסְט וֶועט יֶעדֶער הָאבֶּען אֵיין
שְׁבַח פָאן גָאטְט. דִיזֶעס הָאבּ אִיךְ, בְּרִידֶער, אוֹיף מִיר אוּן אוֹיף 6
אַפּוֹלוֹס'ען גֶערֶעט פָאן אֵייעֶרְט וֶועגֶען. כְּדֵי אִיהר זָאלְט זִיךְ פָאן
אוּנְז אָבּ לֶערְנֶען נִיט צוּ הַאלְטֶען זִיךְ הֶעכֶער פָאן דֶעם וָואס עֶס אִיז
גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּן אֵיינֶער זָאל נִיט אַנְטְקֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען
פָאן וֶועמֶעס וֶועגֶען שְׁטָאלְצִירֶען. וֶוער הָאט דִיךְ גֶעמַאכְט 7
אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְטֶער פָאן אֵיין אַנְדֶערֶען? וָואס הָאסְטוּ דֶען, וָואס
דוּא הָאסְט נִיט מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען? הָאסְט דוּא דָאס אָבֶּער מְקַבֵּל
גֶעוֶועזֶען וָואס בֶּערִיהמְסְט דוּא דִיךְ גְלֵייךְ וִויא דוּא וָואלְסְט נִיכְט
מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען? זַייט אִיהר שָׁאן זַאט, זֶענְט אִיהר שָׁאן רֵייךְ גֶע־ 8

וָוארֶען, הָאט אִיהר אָן אוּנְז גֶעהֶערְשְׁט? הַלְוַאי וָואלְט אִיהר גֶע־
הֶערְשְׁט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען אוֹיךְ מִיט אַייךְ הֶערְשֶׁען קֶענֶען.
9 דֶען אִיךְ דֶענְק דָאס גָאטְט הָאט אוּנְז אַפָּאסְטֶעל (שְׁלִיחִים), וִויא
דִיא לֶעצְטֶע אַהִינְגֶעשְׁטֶעלְט וִויא צוּם טוֹיט בֶּעשְׁטִימְט, מִיר זֵיינֶען
אַיין טְהֶעאַטֶערְשְׁטִיק, פַאר דֶער וֶועלְט גֶעוָוארֶען, מַלְאָכִים אוּן
10 מֶענְשֶׁען. מִיר זֶענֶען וֶועגֶען דֶעם מָשִׁיחַ נַארֶען אוּן אִיהר זֶענְט חֲכָמִים
אִין דֶעם מָשִׁיחַ; מִיר זֶענֶען שְׁוַואךְ, אוּן אִיהר שְׁטַארְק, אִיהר
11 זֶענְט מִיט כָּבוֹד, אוּן מִיר אִין שַׁאנְדֶע. בִּיז צוּ דִיזֶער שְׁטוּנְדֶע
לֵיידֶען מִיר הוּנְגֶער אוּן דָארְשְׁט, מִיר זֶענֶען נַאקֶעט אוּן וֶוערֶען
12 גֶעשְׁלָאגֶען, אוּן הָאבֶּען נִיט קֵיין הֵיים. מִיר פְּלָאגֶען זִיךְ אוּן אַרְבֵּייטֶען
מִיט אוּנְזֶערֶע אֵיינֶענֶע הֶענְד, מֶען זִידֶעלְט אוּנְז אוּן מִיר בֶּענְשֶׁען; מֶען
13 רוֹדֵף'ט אוּנְז אוּן מִיר לֵיידֶען. מֶען בֶּערֶעט אוּנְז אוּן מִיר בֶּעטֶען,
אוּן מִיר זֶענֶען שְׁטֶענְדִיג וִויא אֵיין פְּלוּךְ פָאן דֶער וֶועלְט, וִויא
14 מִיסְט צוּ יֶעדֶען בִּיז יֶעצְט. דָאס שְׁרֵייבּ אִיךְ נִיט כְּדֵי אִיךְ זָאל
אַייךְ פַארְשֶׁעמֶען, נוּר אִיךְ זָאל אַייךְ פַארְזָאגֶען וִויא מֵיינֶע גֶע־
15 לִיבְּטֶע קִינְדֶער. וֶוען אִיהר וָואלְט צֶעהְן טוֹיזֶענְד דֶערְצִיהֶער
אִין דֶעם מָשִׁיחַ'ן גֶעהַאט, אַזוֹי הָאט אִיהר דָאךְ נִיט פִיל פָאטֶערְס,
דֶען אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעבָּארֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דוּרְךְ דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה
16 (עֶוואַנְגֶעלִיוּם). דֶערִיבֶּער זָאג אִיךְ אַייךְ אָן, גֶעהְט מִיר נָאךְ. אוּן דֶער־
17 רִיבֶּער הָאבּ אִיךְ צוּא אַייךְ גֶעשִׁיקְט מֵיין גֶעלִיבְּטֶען, אוּן גֶעטְרֵייעֶן
זָאהְן אִין הֶערְרְן טִימוֹתִיוֹס, וֶועלְכֶער וֶועט אַייךְ דֶערְמָאנֶען מֵיינֶע
וֶועגֶען אִין דֶעם מָשִׁיחַ, וִויא אִיךְ לֶערֶען אוּמֶעטוּם אוּן אִין יֶעדֶער
18 גֶעמֵיינְדֶע. אֵיינִיגֶע בֵּיי אַייךְ זֶענֶען בֵּיי זִיךְ שְׁטָאלְץ גֶעוָוארֶען, גְלֵייךְ
19 וִויא אִיךְ וֶועל שׁוֹין צוּ אַייךְ נִיט קוּמֶען. אָבֶּער אִיךְ וֶועל בַּאלְד
וֶוען דֶער הֶערְר וֶועט וֶועלֶען צוּ אַייךְ קוּמֶען, אוּן וֶועל פְרֶעגֶען נִיט
נָאךְ דִיא וֶוערְטֶער וָואס דִיא שְׁטָאלְצֶע זָאגֶען, נוּר נָאךְ אִיהר קְרַאפְט.
20 דֶען דָאס מַלְכוּת הָאֱלֹהִים בֶּעשְׁטֶעהְט נִיט אִין וֶוערְטֶער נוּר אִין
קְרַאפְט. וָואס ווילט אִיהר? אִיךְ זָאל קוּמֶען צוּ אַייךְ מִיט אֵיין
שְׁטֶעקֶען, אָדֶער מִיט לִיבֶּע אוּן מִיט אֵיין גֵייסְט פָאן זַאנְפְטְמוּטְה
(גוּטֶעם).

ה עֶס הֶערְט זִיךְ פוּן אַלֶעמֶען אֵיין גֶעשְׁרֵיי, דָאס צְוִוישֶׁען אַייךְ אִיז
דָא זְנוּת. אַזֶעלְכֶע זְנוּת, וָואס אֲפִילוּ דִיא גוֹיִם וֵוייסֶען אוֹיךְ נִיט דֶערְפוּן

2 צוּ זָאגֶען, דָאס אֵיינֶער הָאט זַיין פָאטֶערְס ווייבּ. און אִיהר זֶהנְט בַּיי
זִיך שְׁטָאלְץ, אוּן אִיהר הָאט נִיט גֶעטְרוֹיעֶרְט, כְּדֵי עֶס זָאל אַוֶועק
גֶענוּמֶען ווֶערֶען פָאן צְווִישֶׁען אַייךְ דֶער וָואס טְהוּט אַזֶעלְכֶע מַעֲשִׂים.
3 נוּר אִיךְ, וָואס בִּין ווייט פָאן אַייךְ מִיט דֶעם לֵייבּ אוּן בִּין צְווִישֶׁען
אַייךְ מִיט דֶעם גֵייסְט, הָאבּ שׁוֹין בֶּעשְׁלָאסֶען, גְלֵייךְ אִיךְ וָואלְט
4 גֶעוֶוען צְווִישֶׁען אַייךְ, אִיבֶּער דֶעם ווֶעלְכֶער עֶס הָאט עֶס גֶעטָאן. אִין
דֶעם נָאמֶען פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִין אֵייעֶר פֶערְ־
זַאמְלוּנְג מִיט מֵיין גֵייסְט אוּן מִיט דֶער גְבוּרָה פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן
5 יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. זָאלְט אִיהר אַזֶעלְכֶען אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּם שָׂטָן צוּ
פַארדַארְבֶּען דָאס פְלֵייש, כְּדֵי דֶער גֵייסְט זָאל גֶערֶעטֶעט ווֶערֶען
6 אִין דֶעם טָאג פָאן הֶערְרְן יֵשׁוּעַ. מִיט אֵייעֶר בֶּערִיהמוּנְג זֶעהְט עֶס
נִיט גוּט אוֹיס. ווייסְט אִיהר דֶען נִיט, דָאס אֵיין בִּיסֶעל זוֹיעֶרְטֵייג
7 פֶערְזֵייעֶרְט דִיא גַאנְצֶע טֵייג? דֶערִיבֶּער קֶעהְרְט אוֹיס דִיא אַלְטֶע
זוֹיעֶרְטֵייג, כְּדֵי אִיהר זָאלְט זַיין אֵיין נֵייעֶר טֵייג. ווייל אִיהר זֶענְט נִיט
גֶעזֵייעֶרְטֶע, דֶען אוּנְזֶער קָרְבַּן פֶּסַח וָואס עֶר אִיז פַאר אוּנְז גֶעשָׁאכְטֶען
8 גֶעוָוארֶען אִיז דֶער מָשִׁיחַ. דֶערִיבֶּער לָאזֶען מִיר הַאלְטֶען יוֹם טוֹב
נִיט מִיט דֶעם אַלְטֶען זוֹיעֶרְטֵייג אוּן נִיט מִיט זוֹיעֶרְטֵייג פָאן בֶּעזֶעם
9 אוּן שְׁלֶעכְטְ, נוּר מִיט זִיסֶע טֵייג פָאן רֵיינְקֵייט אוּן וָוארְהֵייט. אִיךְ
הָאבּ אַייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אִין אֵיין בְּרִיף, דָאס אִיהר זָאלְט נִיט הָאבֶּען
10 צוּ טָאן מִיט הוּרֶענְטְרֵייבֶּער. הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעמֵיינְט דִיא הוּרֶענְ־
טְרֵייבֶּער, ווֶעלְכֶע עֶס זֶענֶען אִין דֶער ווֶעלְט אָדֶער מִיט דִיא ווֶעלְכֶע
יָאגֶען נָאךְ גֶעלְד, גַזְלָנִים אוּן גֶאטְצֶען דִינֶער, וֶוען אַזוֹי, וָואלְט אִיהר
11 גֶעמוּסְט אַרוֹיסְגֶעהן פָאן דֶער ווֶעלְט. אִיךְ הָאבּ אַייךְ נוּר דָאס
גֶעשְׁרִיבֶּען, דָאס אִיהר זָאלְט נִיט הָאבֶּען צוּ טָאן מִיט דֶעם ווֶעלְכֶען
מֶען רוּפְט אָן בְּרוּדֶער אוּן עֶר אִיז אֵיין מְזַנֶּה יָאגְט זִיךְ נָאךְ גֶעלְד,
אָדֶער אֵיין גֶאטְצֶען דִינֶער, אָדֶער אֵיין לֶעסְטֶערֶער, אָדֶער אֵיין
ווֹיפֶער, אָדֶער אֵיין גַזְלָן; מִיט אַזֶעלְכֶע זָאלְט אִיהר אוֹיךְ נִיט עֶסֶען.
12 דֶען וָואס הָאבּ אִיךְ צוּ מִשְׁפָּט'ן דֶעם וָואס עֶר אִיז אוֹיסְוֶוייניג? מִשְׁפָּט
13 דִיא ווֶעלְכֶע זַיינֶען אִינֶעוֶוייניג. דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיסְוֶועניג ווֶעט גָאטְ
זֵיי מִשְׁפָּט'ן, אִיהר אָבֶער וַוארְפְט אַרוֹיס דִיא שְׁלֶעכְטֶע פָאן
צְווִישֶׁען אַייךְ.
1 קֶען זִיךְ דֶען אֵיינֶער פָאן אַייךְ אוּנְטֶערְשְׁטֵיין, וֶוען עֶר הָאט

איין זאך אַנטקעגען דעם אַנדערען, דאס ער וועט זיך משפּט'ן ביי
2 אונגערעכטע, און ניט ביי דיא הייליגע? ווייסט איהר דען ניט, דאס
דיא הייליגע וועלען דיא וועלט משפּט'ן? און ווען דיא וועלט וועט
דורך אייך געמשפּט ווערען זענט איהר ניט ווערט צו משפּט'ן
3 קליינע זאכען? ווייסט איהר דען ניט, דאס מיר וועלען משפּט'ן
4 מלאכים? וויא פיל מעהר דיא זאכען פאן דער וועלט. איהר אָבער
ווען איהר האט משפּטים פאן געלד זאכען נעהמט איהר ניט
5 געאַכטעטע לייט פאן דער געמיינדע זיך פאר דיינים, איך זאג דאס
כּדי איהר זאלט זיך שעמען. איז דען צווישען אייך גאר ניט דא קיין
חכם, אַזאלכער וועלכער זאל קאנען משפּט'ן צווישען זיין ברודער?
6 אָבער איין ברודער קריגט זיך מיט דעם אַנדערען, און דאס פאר
7 אונגלויביגע! עס איז שוין איין גאַנצער פעהלער ביי אייך, דאס וואס
איהר האט איבערהויפּט איינער מיט דעם אַנדערען משפּטים.
פאר וואס זאלט איהר ניט בעסער אונרעכט ליידען? פאר וואס
8 זאלט איהר אייך בעסער ניט לאזען בערויבען? איהר אָבער
אָנשטאט דיזעס צו טאָן, טהוט איהר אַליין אונרעכט און בערויבט
9 אפילו ברידער. ווייסט איהר דען ניט, דאס דיא אונגערעכטע
ירש'ענען ניט דאס מלכות האלהים? האט ניט קיין טעות, ניט דיא
הורענשלעפער, ניט דיא בילדער דינער, ניט דיא נואפים, ניט דיא
10 צולאזענע, ניט דיא וואס ליגען מיט איין זכר. ניט דיא גנבים, ניט
דיא, וועלכע יאָגען זיך נאך געלד, ניט דיא זויפער, ניט דיא
לעסטערער, ניט דיא גזלנים, וועלען ירש'ענען דאס מלכות האלהים.
11 און אַזעלכע זענען געוועזען איניגע פאן אייך, אָבער איהר זענט אָבּ־
געוואַשען, איהר זייט געהייליגט, איהר זענט גערעכטפאַרטיגט אין
דעם נאָמען פאן ישוע המשיח, און דורך דעם גייסט פאן אונזערען
12 גאָט. אַלץ איז מיר ערלויבט, אָבער ניט אַלץ איז פאר מיר גוט.
אַלץ איז מיר ערלויבט, אָבער קיין זאך זאל איבער מיר קיין מאכט
13 ניט בעקומען. דער עסען איז פאר דעם בויך, און דער בויך איז פאר
דעם עסען, און גאָט וועט פאן דיזען און פאן יענעם איין ענדע
מאכען. לאז דער גוף ניט זיין פאר זנות, נור פאר דעם הערן און
14 דער הערר פאר דעם לייב. גאָט אָבער האט אויפגעוועקט
אונזערען הערן, און וועט אויך אונז אויפוועקען דורך זיין גבורה.

וֶוייסְט אִיהר דֶען נִיט דָאס אֵייעֶרֶע לֵייבֶּער וֶוענֶען גְלִידֶער פָּאן 15
דֶעם מָשִׁיחַ׳ן? זָאל אִיךְ דֶען נֶעמֶען דֶעם מָשִׁיחַ׳ס גְלִידֶער אוּן פָאן זֵיי
מַאכֶען אֵבְרִים פַאר אֵיין זוֹנָה. חָלִילָה! אָדֶער וֶוייסְט אִיהר דֶען 16
נִיט דָאס דֶער וָואס קְלֶעבְּט זִיךְ צוּ אֵיין זוֹנָה, דֶער וֶוערְט אֵיין גוּף
מִיט אִיהר, דֶען דִיא שְׁרִיפְט (תנ״ך) זָאגְט: אוּן זֵיי בֵּיידֶע וֶועלֶען אֵיין
פְלֵיישׁ זַיין. אָבֶּער דֶער וָואס קְלֶעבְּט זִיךְ צוּ דֶעם הֶערְרְן אִיז 17
מִיט אִיהם אֵיין גֵייסְט. דֶערְוַוייטֶערְט אַייךְ פָאן זְנוּת, אַלֶע אַנְדֶערֶע 18
זִינְד וָואס אֵיין מֶענְשׁ טְהוּט זֵיינֶען אוֹיסֶער זֵיין לֵייבּ, אָבֶּער דֶער וָואס
אִיז מְזַנֶה זִינְדִיגְט אִין דֶעם אֵייגֶענֶעם לֵייבּ. אָדֶער וֶוייסְט אִיהר דֶען 19
נִיט, דָאס אֵייעֶר לֵייבּ אִיז אֵיין טֶעמְפֶּעל פָאן דֶעם רוּחַ הַקֹדֶשׁ,
וֶועלְכֶער אִיז אִין אַייךְ אוּן וֶועלְכֶען אִיהר הָאט פָאן גָאטְט? אִיהר
גֶעהֶערְט נִיט זִיךְ אַלֵיין. דֶען אִיהר זַייט טֵייעֶר גֶעקוֹיפְט גֶעוָוארֶען, 20
לָכֵן גִיט אָבּ כָּבוֹד צוּ גָאטְט אִין אֵייעֶר לֵייבּ אוּן אִין אֵייעֶר גֵייסְט,
וֶועלְכֶע זֶענֶען גָאטְטֶעס.

אוּן וֶועגֶען דֶעם וָואס אִיהר הָאט מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען, אַזוֹי אִיז עֶס גוּט ז
פַאר אֵיין מֶענְשֶׁען נִיט צוּ צוּרִיהרֶען זִיךְ צוּ אֵיין אִשָׁה. נוּר אָבֶּער וֶועגֶען 2
זְנוּת קָאן יֶעדֶער מַאן הָאבֶּען זֵיין וַוייבּ אוּן יֶעדֶער אִשָׁה אִיהר מַאן.
דֶער מַאן זָאל גֶעבֶּען דִיא וַוייבּ זֵיין שׁוּלְדִיגְקֵייט, דָאס זֶעלְבִּיגֶע זָאל 3
דִיא וַוייבּ דֶעם מַאן. דִיא וַוייבּ הָאט נִיט קֵיין רְשׁוּת אוֹיף אִיהר 4
לֵייבּ, נוּר אִיהר מַאן, אַזוֹי אוֹיךְ דֶער מַאן הָאט נִיט קֵיין רְשׁוּת, אוֹיף
זֵיין לֵייבּ, נוּר זֵיין וַוייבּ. צוּ גֶעהט אַייךְ נִיט אֵיינֶער פָאן דֶעם אַנְדֶערֶען 5
סֵיידֶען וֶוען אִיהר בֵּיידֶע זֶענְט מְרוּצֶה דַארוֹיף אוֹיף אֵיין צֵייט, כְּדֵי
אִיהר זָאלְט קֶענֶען פַאסְטֶען אוּן בֶּעטֶען, נָאךְ דֶעם אָבֶּער קוּמְט
ווִידֶער צוּזַאמֶען, כְּדֵי דֶער שָׂטָן זָאל אַייךְ נִיט בְּרֶענְגֶען צוּ אֵיין נִסָיוֹן
אִין אֵייעֶר נִיט אֵיינְגֶעהַאלְטֶענְקֵייט. אוּן דָאס זָאג אִיךְ אַייךְ ווִיא 6
אֵיין דֶערְלוֹיבֶּענֶעשׁ, נִיט ווִיא אֵיין גֶעבָּאט. אִיךְ וָואלְט אָבֶּער בֶּעסֶער 7
ווִינְשֶׁען, דָאס אַלֶע מֶענְשֶׁען וָואלְטֶען אַזוֹי זֵיין ווִיא אִיךְ בִּין; אָבֶּער
יֶעדֶערֶער הָאט זֵיין מַתָּנָה פָאן גָאטְט, אֵיינֶער אַזוֹי דֶער אַנְדֶערֶער
אַנְדֶערְס. צוּ דִיא וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט קֵיין וַוייבֶּער אוּן צוּ אַלְמָנוֹת, 8
זָאג אִיךְ: פַאר זֵיי אִיז עֶס גוּט צוּ פֶערְבְּלֵייבֶּען אַזוֹי ווִיא אִיךְ בִּין.
נוּר וֶוען זֵיי קֶענֶען זִיךְ נִיט אֵיינְהַאלְטֶען, אַזוֹי קֶענֶען זֵיי הֵיירַאטֶען. 9
דֶען עֶס אִיז בֶּעסֶער חֲתוּנָה צוּ הָאבֶּען אֵיידֶער צוּ לֵיידֶען פָאן דֶער

10 תַּאֲוָה (לוּסט). און צוּ דִיא אָבֶּער וֶועלְכֶע הָאבֶּען חֲתוּנָה
גֶעהַאט בַּאפֶעהל אִיךְ, נִיט אִיךְ אַלֵיין, נוּר דֶער הֶערְר, דָאס אֵיין
11 אִשָּׁה זָאל זִיךְ נִיט צוּ שֵׁיידֶען מִיט אִיהר מַאן. און וֶוען אֵיינֶע הָאט
זִיךְ צוּ שֵׁיידֶעט, אַזוֹי זָאל זִיא זִיצֶען אָן אֵיין מַאן, אָדֶער זִיא זָאל שָׁלוֹם
וֶוערֶען מִיט אִיהר מַאן; און אַזוֹי אֵיין מַאן זָאל נִיט אַוֶועק לָאזֶען
12 זַיין ווַייבּ. צוּ דִיא אִיבֶּערִיגֶע זָאג אִיךְ, נִיט דֶער הֶערְר, וֶוען אֵיין
בְּרוּדֶער הָאט אֵיין אוּנגְלוֹיבִּיגֶע ווַייבּ און זִיא ווִילִיגְט אֵיין מִיט אִיהם
13 צוּ לֶעבֶּען, אַזוֹי זָאל עֶר פָאן אִיהר נִיט אָבְּלָאזֶען. און אֵיין אִשָּׁה
וָואס אִיהר מַאן אִיז אֵיין אוּנְגְלוֹיבִּיגֶער און עֶר ווִילִיגְט אֵיין מִיט אִיהר
14 צוּ לֶעבֶּען, אַזוֹי זָאל זִיא פָאן אִיהם נִיט אָבְּלָאזֶען. דֶען דֶער אוּנְ־
גְלוֹיבִּיגֶער מַאן אִיז גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ דִיא ווַייבּ, און דִיא אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע
ווַייבּ וֶוערְט גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ דֶעם מַאן; וֶוען נִיט אַזוֹי, אַזוֹי וָואלְטֶען
15 אֵייעֶרֶע קִינְדֶער אוּנְרֵיין גֶעוֶועזֶען, יֶעצְט אָבֶּער זֶענֶען זֵיי הֵיילִיג. וֶוען
אָבֶּער דֶער אוּנְגְלוֹיבִּיגֶער ווִיל זִיךְ צוּ שֵׁיידֶען, אַזוֹי לָאז עֶר זִיךְ צוּ
שֵׁיידֶען, אֵיין בְּרוּדֶער אָדֶער אֵיין שְׁוֶועסְטֶער זֶענֶען אִין אַזוֹי אֵיין
16 פַאל נִיט צוּ גֶעבּוּנְדֶען. גָאטְט הָאט אוּנְז גֶערוּפֶען צוּ שָׁלוֹם. דוּא
אִשָּׁה פָאן וַואנֶען ווַייסְט דוּא, אוֹיבּ דוּא וֶועסְט נִיט רֶעטֶען דֶעם מַאן?
און דוּא מַאן פָאן וַואנֶען ווַייסְט דוּא, אוֹיבּ דוּא וֶועסְט נִיט רֶעטֶען
17 דִיא ווַייבּ? נוּר דָאס ווַייסֶען מִיר: יֶעדֶערֶער זָאל לֶעבֶּען מִיט דֶעם
טֵייל, וֶועלְכֶען גָאטְט הָאט אִיהם אֵיינְגֶעטֵיילְט, אִין דֶעם שְׁטַאנְד, אִין
וֶועלְכֶען עֶר הָאט אִיהם גֶערוּפֶען: אַזוֹי בֶּעפֶעהל אִיךְ אִין אַלֶע
18 גֶעמֵיינְדֶען. אִיז אֵיין גֶע'מַל'טֶער גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען, אַזוֹי זָאל עֶר
זִיךְ נִיט מַאכֶען קֵיין עָרְלָה. אִיז אֵיינֶער אֵיין גוֹי גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען,
19 אַזוֹי זָאל עֶר זִיךְ נִיט מַל זַיין. דָאס מַל זַיין אִיז גָאר נִישְׁט און דִיא עָרְלָה אִיז
20 גָאר נִישְׁט, נוּר גָאטְטֶעס מִצְוֹת הַאלְטֶען. יֶעדֶער זָאל בְּלֵייבֶּען אִין
21 דֶעם שְׁטַאנְד (מַעֲמָד) אִין וֶועלְכֶען עֶר אִיז גֶערוּפֶען. בִּיסְט דוּא
גֶערוּפֶען פַאר אֵיין קְנֶעכְט, לָאז דָאס דִיךְ נִיט הַארֶען; און וֶוען דוּא
22 קֶענְסְט אוֹיךְ פְרֵייא וֶוערֶען, אַזוֹי בְּלֵייבּ לִיבֶּער דֶערְבֵּיי; דֶען וֶוער
עֶס אִיז גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם הֶערְרְן וֶוען עֶר אִיז אֵיין קְנֶעכְט
דֶער אִיז דֶעם הֶערְרְנְס אֵיין פְרֵייגֶעלָאזֶענֶער, וֶוער עֶס אִיז גֶערוּפֶען
גֶעוָוארֶען וֶוען עֶר אִיז אֵיין פְרֵייעֶר דֶער אִיז דֶער הֶערְרְנְס קְנֶעכְט.
23 אִיהר זֶענְט טֵייעֶר גֶעקוֹיפְט גֶעוָוארֶען; וֶוערְט נִיט קֵיין מֶענְשֶׁענְס

24 קְנֶעכְט. מֵיינֶע בְּרִידֶער, אִין וָואס פַאר אֵיין שְׁטַאנְד אִיהר וֶוענְט
25 גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען לָאז יֶעדֶער אִין אִיהם בְּלֵייבֶּען בֵּיי גָאטְט. אוּן
26 וֶועגֶען דִיא יוּנְגְפְרוֹיעֶן (בְּתוּלוֹת) הָאבּ אִיךְ פָאן דֶעם הֶערְן קֵיין
בַּאפֶעהל נִיט, נוּר אִיךְ זָאג מֵיין מֵיינוּנְג, וִויא אֵיין מֶענְשׁ וֶועלְכֶער
הָאט דֶער לַאנְגְט בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט פָאן דֶעם הֶערְן, עֶר זָאל
אִיהם גֶעטְרֵייא זֵיין. אַזוֹי מֵיין אִיךְ, דָאס אִין דִיזֶער צֵייט פָאן נוֹיט,
27 דָאס פַאר אֵיין מֶענְשֶׁען אִיז גוּט אַזוֹי צוּ פֶערְבְּלֵייבֶּען. בִּיסְט דוּא
צוּ גֶעבּוּנְדֶען צוּ אֵיין פְרוֹי, אַזוֹי זוּךְ נִיט פְרֵייא צוּ וֶוערֶען; בִּיסְט דוּא
28 פְרֵייא זוּךְ נִיט קֵיין פְרוֹי. דָאךְ וֶוען דוּא הֵייראַאטֶעסְט אֵיין פְרוֹי
טְהוּסְט דוּא דֶערְמִיט נִיט קֵיין זִינְדֶע. אַזוֹי אוֹיךְ אֵיין יוּנְגְפְרוֹי (בְּתוּלָה)
וֶוען זִיא הֵייראַאטֶעט, טְהוּט קֵיין זִינְדֶע. נוּר זֵייא וֶועלֶען צָרוֹת
בֶּעקוּמֶען אִין זֵייעֶר לֵייבּ. אִיךְ וָואלְט אַייךְ גֶערְן פַארְשׁוֹינֶען דֶערְפוּן.
29 אוּן דָאס זָאג אִיךְ, מֵיינֶע בְּרִידֶער, דָאס דִיא צֵייט אִיז קוּרְץ. וֵייטֶער
אִיז דָאס דִיא מֵיינוּנְג: דִיא וָואס הָאבֶּען וֵוייבֶּער זֵיינֶען גְלֵייךְ וִויא זֵייא
30 וָואלְטֶען נִיט גֶעהַאט. אוּן דִיא וָואס וֵויינֶען גְלֵייךְ וִויא זֵייא וָואלְטֶען
נִיט גֶעוֵויינְט אוּן דִיא וָואס פְרֵייעֶן זִיךְ גְלֵייךְ וִויא זֵייא וָואלְטֶען זִיךְ
נִיט גֶעפְרֵייט, אוּן דִיא וָואס קוֹיפֶען גְלֵייךְ וִויא זֵייא פֶערְמֶעגֶען גָאר
31 נִישְׁט. אוּן דִיא וָואס בֶּענוּצֶען דִיא וֶועלְט, גְלֵייךְ וִויא זֵייא וָואלְטֶען
דֶערְפוּן גָאר נִישְׁט נִיט גֶעהַאט, דֶען דִיא גֶעשְׁטַאלְט פָאן דִיזֶער
32 וֶועלְט הַאלְט בֵּיים פֶערְגֶעהְן. אִיךְ הָאבּ אָבֶּער גֶעוָואלְט, דָאס אִיהר
זָאלְט זֵיין אָן זָארְג. וֶוער עֶס הָאט נִיט קֵיין וֵוייבּ, דֶער זָארְגְט פַאר דֶעם
33 הֶערְנְס זַאךְ, וִויא עֶר זָאל גֶעפֶעהלֶען זֵיין דֶעם הֶערְן. וֶוער אָבֶּער
עֶס הָאט אֵיין וֵוייבּ דֶער זָארְגְט פַאר וֶועלְט זַאכֶען, וִויא אַזוֹי עֶר
34 זָאל גֶעפֶעהלֶען זֵיין וֵוייבּ. עֶס אִיז אֵיין אוּנְטֶערְשֵׁייד צְווִישֶׁען אֵיין
אִשָּׁה וָואס הָאט אֵיין מַאן אוּן אֵיין יוּנְגְפְרוֹי (בְּתוּלָה). אֵיין אִשָּׁה
וָואס הָאט קֵיין מַאן נִיט, אוּן אֵיין יוּנְגְפְרוֹי (בְּתוּלָה), זָארְגֶען פַאר דֶעם
הֶערְנְס זַאךְ, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען זֵיין הֵיילִיג אִין לֵייבּ אוּן אִין גֵייסְט, דִיא
אָבֶּער וָואס הָאט אֵיין מַאן זָארְגְט פַאר וֶועלְט זַאכֶען, וִויא זִיא זָאל
35 גֶעפֶעהלֶען דֶעם מַאן. דָאס זָאג אִיךְ צוּ אֵייעֶרֶען נוּצֶען: נִיט כְּדֵי
אִיךְ זָאל אֵיין שְׁטְרִיק אַרוּם צִיהֶען אַרוּם אֵייעֶר הַאלְז, נוּר כְּדֵי אִיהר
זָאלְט זִיךְ גוּט אוֹיפְפִיהרֶען אוּן זָאלְט תָּמִיד נִיט גֶעשְׁטֶערְט זֵיין צוּ
36 דִינֶען דֶעם הֶערְן. וואו אָבֶּער אֵיינֶער מוּז בֶּעדֶענְקֶען, דָאס עֶר

בֶּענֶעהְט זִיךְ נִיט רִיכְטִיג מִיט זַיין יוּנְגְפְרוֹי, וָועלְכֶע עֶס אִיז שׁוֹין
אַיין בֶּעיָאהְרֶענְטֶע, זִיא זָאל אַזוֹי פַארְבְּלַייבֶּען, אַזוֹי זָאל עֶר טָאן
37 וָואס עֶר ווִיל, עֶר זִינְדִיגְט נִיט וָוען עֶר מַאכְט אִיהר חֲתוּנָה. וָוען
אָבֶּער אַיינֶער אִיז בַּיי זִיךְ פֶעסְט אִין הַארְצֶען, ווַייל עֶר אִיז נִיט
גֶעצְווְאוּנְגֶען אוּן הָאט זַיין פְרַייעֶן ווִילֶען, אוּן בֶּעשְׁלִיסְט אִין זַיין
הַארְצֶען זַיין יוּנְגְפְרוֹי (בְּתוּלָה) אַזוֹי צוּ פַארְהִיטֶען, דֶער טְהוּט גוּט.
38 דֶערִיבֶּער וָוער עֶס מַאכְט חֲתוּנָה זַיין יוּנְגְפְרוֹי טְהוּט גוּט, וָוער
39 אָבֶּער עֶס מַאכְט אִיהר נִיט קַיין חֲתוּנָה טְהוּט נָאךְ בֶּעסֶער. אַיין
אִשָּׁה אִיז צוּ גֶעבּוּנְדֶען נָאךְ דֶער תּוֹרָה צוּ אִיהר מַאן כָּל זְמַן עֶר
לֶעבְּט, אוּן וָוען אִיהר מַאן שְׁטַארְבְּט הָאט זִיא דִיא פְרַייהַייט חֲתוּנָה
צוּ הָאבֶּען פַאר וָועמֶען זִיא ווִיל. נוּר עֶס זָאל זַיין אִין דֶעם הֶערְרְן.
40 אָבֶּער זֶעלִיגֶער אִיז זִיא וָוען זִיא פֶערְבְּלַייבְּט אַזוֹי, דָאס אִיז מֵיין
מֵיינוּנְג, אוּן אִיךְ דֶענְק דָאס אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ דֶעם גָאטְטֶעס
גַייסְט אִין מִיר.

ח וֶועגֶען דִיא קָרְבָּנוֹת פָאן דִיא גֶעטְצֶען אָבֶּער ווַייסֶען מִיר, דָאס
מִיר אַלֶע הָאבֶּען ווִיסֶענְשַׁאפְט. ווִיסֶענְשַׁאפְט מַאכְט אָבֶּער
2 שְׁטָאלְצִיגְקַייט; אָבֶּער דִיא לִיבֶּע פֶערְבֶּעסֶערְט. וָוער עֶס דֶענְקְט
דָאס עֶר ווַייס עֶטְוָואס, דֶער ווַייס נָאךְ גָאר נִישְׁט ווִיא אַזוֹי מֶען
3 בֶּעדַארְף צוּ ווִיסֶען. אָבֶּער וָוער עֶס לִיבְּט גָאטְט, דֶער אִיז פָאן
4 אִיהם דֶערְקָאנְט. אוּן וֶועגֶען דִיא שְׁפַּייזֶען פָאן דִיא קָרְבָּנוֹת פָאן
דִיא גֶעטְצֶען, אַזוֹי ווַייסֶען מִיר, דָאס עֶס אִיז נִיט דָא קַיין גֶעטְצֶען
אִין דֶער וֶועלְט, אוּן דָאס עֶס אִיז קַיין אַנְדֶערֶער גָאטְט נִיט דָא,
5 נוּר אַיינֶער. הֲגַם עֶס זֶענֶען דָא אַזֶעלְכֶע, וָועלְכֶע וֶוערֶען גֶערוּפֶען
גֶעטְטֶער אִין הִימֶעל, אָדֶער אוֹיף דֶער עֶרְדֶע, ווַייל עֶס זֶענֶען דָא
6 פִיל גֶעטְטֶער אוּן פִיל הֶערְרְן. מִיר אָבֶּער הָאבֶּען נוּר אַיין גָאטְט
דֶעם פָאטֶער, פָאן וֶועלְכֶען עֶס זַיינֶען אַלֶע זַאכֶען אוּן מִיר זֶענֶען פַאר
אִיהם; אוּן אַיין הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דוּרְךְ וֶועלְכֶען עֶס זַיינֶען אַלֶע
7 זַאכֶען, אוּן אוֹיךְ מִיר זֶענֶען דוּרְךְ אִיהם. נוּר נִיט אַלֶע הָאבֶּען דִיא
ווִיסֶענְשַׁאפְט. דֶען בִּיז יֶעצְט נָאךְ אִיז דָא אַזֶעלְכֶע, וָועלְכֶע מַאכֶען
זִיךְ אַיין גֶעווִיסֶען אִיבֶּער דִיא גֶעטְצֶען אוּן עֶסֶען עֶס פַאר אַיין קָרְבָּן
פָאן דִיא גֶעטְצֶען, אוּן זַייעֶר גֶעווִיסֶען, ווַייל עֶר אִיז שְׁוַואךְ וֶוערְט
8 עֶר פַארְפְלֶעקְט. אָבֶּער דֶער עֶסֶען מַאכְט אוּנְז נִיט נֶעהֶנְטֶער

צוּ גָאטט. עֶסֶען מִיר, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר דֶערִיבֶּער נִיט בֶּעסֶער זַיין;
עֶסֶען מִיר נִיט, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר דֶערִיבֶּער נִיט עֶרְגֶער וֶוערֶען.
9 אָבֶּער זֶעהְט, דָאס אֵייעֶר פְרֵייהֵייט זָאל נִיט זַיין צוּ אֵיין שְׁטְרוֹיכְ־
10 לוּנג פַאר דִיא שְׁוַואכֶע. דֶען וֶוען אֵיינֶער וֶועט דִיךְ זֶעהֶען, דוּא
וֶועלְכֶער הָאסְט וִויסֶענְשַׁאפְט, זִיצֶענְדִיג בֵּיי דֶעם טִישׁ פָאן דֶעם
גֶאטְצֶען הוֹיז, אַזוֹי וֵוייל עֶר אִיז שְׁוַואךְ, וֶועט דֶען נִיט זַיין גֶעוִויסֶען
11 אִיהם דֶערְצוּ בְּרֶענְגֶען צוּ עֶסֶען קָרְבָּנוֹת פָאן דִיא גֶאטְצֶען? אוּן
דוּא וֶועסְט דוּרךְ דֵיין וִויסֶענְשַׁאפְט פַארְדַארְבֶּען דֵיין שְׁוַואכֶען
12 בְּרוּדֶער, פַאר וֶועלְכֶען דֶער מָשִׁיחַ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען. אוּן וֶוען אִיהר
וֶועט אַזוֹי זִינְדִיגֶען גֶעגֶען אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, אוּן וֶועט פֶערוואוּנְדֶען
זֵייעֶר שְׁוַואכֶען גֶעוִויסֶען, אַזוֹי זִינְדִיגְט אִיהר גֶעגֶען דֶעם מָשִׁיחַ.
13 דֶערִיבֶּער וֶוען מֵיין עֶסֶען מַאכְט עֶרְגֶער מֵיין בְּרוּדֶער, וִויל אִיךְ
קֵיין מָאל נִיט עֶסֶען קֵיין פְלֵיישׁ, כְּדֵי אִיךְ זָאל מֵיין בְּרוּדֶער נִיט
עֶרְגֶער מַאכֶען.

ט בִּין אִיךְ דֶען נִיט קֵיין אַפָּאסְטֶעל (שְׁלִיחַ)? בִּין אִיךְ דֶען נִיט
פְרֵייא? הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט גֶעזֶעהֶען אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן? זֶענְט אִיהר דֶען
2 נִיט מֵיין וֶוערְק אִין אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן? וֶוען אִיךְ בִּין נִיט קֵיין
אַפָּאסְטֶעל פַאר אַנְדֶערֶע, פַאר אֵייךְ בִּין אִיךְ דָאךְ אֵייעֶר אַפָּאסְטֶעל;
דֶען דִיא חֲתִימָה פָאן מֵיין שְׁלִיחוּת זֶענְט אִיהר אִין דֶעם הֶערְרְן.
4 3 אוּן גֶעגֶען מֵיינֶע רִיכְטֶער עֶנְטְפֶער אִיךְ דָאס: הָאבֶּען מִיר דֶען קֵיין
5 רֶעכְט נִיט צוּ עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען? הָאבֶּען מִיר דֶען נִיט דִיא מַאכְט מִיט
צוּ פִיהְרֶען מִיט אוּנְז אֵיין שְׁוֶועסְטֶער פַאר אֵיין וַוייבּ, אַזוֹי וִויא דִיא
אַנְדֶערֶע אַפָּאסְטֶעל, אוּן דֶעם הֶערְרֶענְס בְּרִידֶער, אוּן כֵּיפָא? אָדֶער
6 אִיךְ אַלֵיין אוּן בַּר־נַבָּא הָאבֶּען מִיר דֶען קֵיין מַאכְט נִיט, נִיט צוּ
7 אַרְבֵּייטֶען? וָואס פַאר אֵיין סָאלְדַאט דִינְט אוֹיף זַיין אֵייגֶענֶע הוֹצָאוֹת?
וֶוער פְלַאנְצְט אֵיין וויינְגָארְטֶען אוּן עֶסְט נִיט דִיא פְרוּכְט פָאן אִיהם?
וֶוער פִיטֶערְט אֵיין שְׁטַאדֶע אוּן עֶסְט נִיט דִיא מִילְךְ פָאן דֶער
8 שְׁטַאדֶע? רֶעד אִיךְ עֶס אָבֶּער אוֹיף מֶענְשְׁלִיכֶער אַרְט? זָאגְט דֶען
דִיא תּוֹרָה אוֹיךְ נִיט דָאסְזֶעלְבִּיגֶע? דֶען עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען
9 אִין תּוֹרַת מֹשֶׁה: דוּא זָאלְסְט נִיט פַארְבִּינְדֶען דֶעם מוֹיל פָאן דֶעם
10 אָקְס, וֶועלְכֶער דְרֶעשְׁט. הָאט גָאטט פַאר דִיא אָקְסֶען גֶעזָארְגְט,
אָדֶער זָארְגְט עֶר עֶס פַאר אוּנְז? גֶעוִויס, אִיז עֶס פַאר אוּנְז גֶעשְׁרִיבֶּען

גֶעוָוארֶען. דֶען וֶוער עֶס אַקֶערְט זָאל אוֹיף הָאפְנוּנג אַקֶערֶען, אוּן
וֶוער עֶס דְרֶעשְׁט, זָאל אוֹיף הָאפְנוּנג דְרֶעשֶׁען, כְּדֵי עֶר זָאל מְקַבֵּל
11 זַיין זַיין הָאפְנוּנְג. וֶוען מִיר הָאבֶּען אִין אַייך גֶעזֵייט גֵייסְטְלִיכֶעס,
אִיז עֶס דֶען אֵיין גְרוֹיסֶע זַאךְ וֶוען מִיר שְׁנֵיידֶען פָּאן אַייך
12 אַייך לַייבְּלִיכֶעס? וֶוען אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אֵיין טֵייל אִין דִיזֶער מַאכְט
אִיבֶּער אַייך, פַאר וָואס זָאלֶען מִיר נִיט מֶעהר הָאבֶּען? אָבֶּער מִיר
הָאבֶּען נִיט בֶּענוּצְט דִיזֶע מַאכְט, נוּר מִיר הָאבֶּען אַלְץ אִיבֶּער גֶעד־
טְרָאגֶען, כְּדֵי נִיט צוּ הִינְדֶערְן (מְעַכֵּב צוּ זַיין) דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם
13 (בְּשׂוּרָה טוֹבָה) פָּאן דֶעם מָשִׁיחַ. ווייסְט אִיהר דֶען נִיט דָאס דִיא,
וֶועלְכֶע בֶּעדִינֶען דִיא הֵיילִיגֶע זַאכֶען, עֶסֶען פָּאן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ?
אוּן דִיא בַּאדִינֶער פָּאן דֶעם מִזְבֵּחַ הָאבֶּען גֶענוּמֶען אֵיין חֵלֶק פָּאן
14 דֶעם מִזְבֵּחַ? אוּנְזֶער אָדוֹן הָאט אַזוֹי גֶעבָּאטֶען: דָאס דִיא וֶועלְכֶע
פְּרֶעדִיגֶען דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוּרָה טוֹבָה) זָאלֶען דֶערְפוּן לֶעבֶּען.
15 אִיךְ אָבֶּער הָאבּ נִיט בֶּענוּצְט אֵיין זַאךְ פָּאן דִיזֶע, אוּן אוֹיךְ הָאבּ
דָאס נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען כְּדֵי מֶען זָאל מִיר אַזוֹי טָאן, דֶען דֶער טוֹיט
אִיז מִיר בֶּעסֶער, אֵיידֶער ווִיא אֵיינֶער זָאל צוּ נִישְׁט מַאכֶען מֵיין
16 שְׁבַח. וֶוען אִיךְ פְּרֶעדִיג דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם דַארְף אִיךְ מִיךְ נִיט
רִיהמֶען, דֶען אִיךְ בִּין דָאס מְחוּיָב צוּ טָאן, אוּן וַויי מִיר וֶוען אִיךְ
17 וָואלְט נִיט פְּרֶעדִיגֶען דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם. דֶען וֶוען אִיךְ טְהוּ עֶס
מִיטְן גוּטֶען ווִילֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ שָׂכָר; טְהוּ אִיךְ אָבֶּער נִיט מִיט
מֵיין גוּטֶען ווִילֶען, אַזוֹי אִיז עֶס אֵיין דִינְסְט, וֶועלְכֶע אִיךְ בִּין גֶעד־
18 בָּאטֶען. וָואס אִיז דֶען מֵיין שָׂכָר? דָאס אִיז וָואס אִיךְ בִּין
אֵיין פְּרֶעדִיגֶער פָּאן עֶוַואנְגֶעלִיוּם פָּאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן, אוּן טְהוּ דָאס
אוּמְזִיסְט, כְּדֵי אִיךְ זָאל מֵיין רֶעכְט דֶערְבֵּיי נִיט בֶּענוּצֶען. דֶען
19 ווִיא אוֹיךְ אִיךְ בִּין פָּאן אַלֶע מֶענְשֶׁען פְרֵייא. הָאבּ אִיךְ מִיךְ דָאךְ
פַאר אֵיין קְנֶעכְט צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען גֶעמַאכְט, כְּדֵי אִיךְ זָאל פִיל
20 דֶערְוֶוערְבֶּען. מִיט דִיא אִידֶען בִּין אִיךְ גֶעוֶוען ווִיא אֵיין אִיד, אִיךְ
זָאל דִיא אִידֶען דֶערְוֶוערְבֶּען, אוּן מִיט דִיא וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער
דֶער תּוֹרָה בִּין אִיךְ גֶעוֶוען ווִיא דֶער וָואס אִיז אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה,
הֲגַם אִיךְ בִּין נִיט אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה, כְּדֵי אִיךְ זָאל דֶערְוֶוערְבֶּען דִיא
21 וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה. אוּן מִיט דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט קֵיין
תּוֹרָה בִּין אִיךְ גֶעוֶוען ווִיא דֶער וָואס הָאט קֵיין תּוֹרָה נִיט. הֲגַם אִיךְ בִּין

נִיט אָן גָאטְטֶעס תּוֹרָה, נוּר אִיךְ בִּין אִין דֶעם מָשִׁיחַ'ס תּוֹרָה, כְּדֵי אִיךְ
22 זָאל דֶערְוֶוערְבֶּען דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט קֵיין תּוֹרָה. מִיט שְׁוַואכֶע
בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען וִויא אֵיין שְׁוַואכֶער, אִיךְ זָאל דֶערְוֶוערְבֶּען דִיא
שְׁוואכֶע. יֶעדֶערֶען מַאן בִּין אִיךְ גֶעוָוארֶען אַלְץ, כְּדֵי אִיךְ זָאל אוֹיף
23 אַלֶעם פַאל אֵיינִיגֶע רֶעטֶען. דִיזֶעס טְהוּ אִיךְ וֶועגֶען דָאס עֶוַואנְ־
24 גֶעלִיוּם, כְּדֵי אִיךְ זָאל אִין אִיהם אֵיין טֵייל הָאבֶּען. וֵוייסְט
אִיהר דֶען נִיט, דָאס דִיא וָואס לוֹיפֶען אִין דֶער רֶענְנְבַּאהן (צִירְק),
אַלֶע לוֹיפֶען אוּן נוּר אֵיינֶער דֶערְגְרֵייכְט דֶעם גֶעוִוינְס, אַזוֹי לוֹיפְט
25 אוֹיךְ כְּדֵי אִיהר זָאלְט אִיהם דֶערְגְרֵייכֶען. יֶעדֶער וָואס וִויל אִין
גֶעוועט זִיךְ רַאנְגְלֶען הַאלְט זִיךְ אָב פָאן אַלְדִינְג. זֵיי רַאנְגְלֶען זִיךְ
כְּדֵי צוּ דֶער גְרֵייכֶען אֵיין קְרוֹין וָואס פַארְגֶעהְט, מִיר אָבֶער צוּ
26 דֶער גְרֵייכֶען אֵיין קְרוֹין, וֶועלְכֶע פַארְגֶעהְט נִיט. אִיךְ אָבֶער לוֹיף
נִיט אוֹיף אֵיין נִיט גֶעוִוויסֶע זַאךְ; אִיךְ שְׁטְרֵייט נִיט וִויא אֵיינֶער וָואס
27 שְׁלָאגְט דִיא לוּפְט. נוּר אִיךְ צוּ שְׁלָאג מֵיין גוּף אוּן מַאךְ אִיהם
פַאר אֵיין קְנֶעכְט, כְּדֵי וֶוען אִיךְ אַנְדֶערֶען פְּרֶעדִיגֶע זָאל אִיךְ אַלֵיין
נִיט פַארְשֶׁעמְט וֶוערֶען.

י בְּרִידֶער, אִיךְ וִויל נִיט דָאס אִיהר זָאלְט נִיט וִויסֶען, דָאס
אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן זֶענֶען אַלֶע גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער דֶעם וָואלְקֶען, אוּן אַלֶע
2 זֶענֶען דוּרְךְ דֶעם יַם דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען. אוּן אַלֶע זֶענֶען גֶעטוֹבֵל'ט
3 גֶעוָוארֶען דוּרְךְ מֹשֶׁה'ן אִין דֶעם וָואלְקֶען אוּן אִין דֶעם יַם. אוּן אַלֶע
4 הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אֵיינֶערְלֵייא גֵייסְטְלִיכֶע שְׁפֵּייז. אוּן אַלֶע הָאבֶּען
גֶעטְרוּנְקֶען אֵיינֶערְלֵייא גֵייסְטְלִיכֶע גֶעטְרֵיינְק, דֶען זֵיי הָאבֶּען
גֶעטְרוּנְקֶען פָאן דֶעם גֵייסְטְלִיכֶען פֶעלְז וָואס עֶר אִיז מִיט זֵיי גֶעגַאנְגֶען.
5 אוּן דֶער פֶעלְז אִיז עֶס דֶער מָשִׁיחַ. אָבֶער דֶער רוֹב פָאן זֵיי אִיז נִיט
גֶעפֶעלֶען גֶעוָוארֶען פַאר גָאטְט. אוּן זֵיי זֵיינֶען גֶעפַאלֶען אִין דֶער
6 מִדְבָּר. דָאס אִיז אָבֶער גֶעשֶׁעהֶען אוּנְז צוּם פָארְבִּילְד (מוּסְטֶער),
דָאס מִיר זָאלֶען נִיט גֶעלוּסְטֶען צוּ בֵּעזֶעס וִויא יֶענֶע הָאבֶּען גֶעלוּסְט.
7 וֶוערְט אָבֶער אוֹיךְ נִיט קֵיין גָאטְצֶען דִינֶער וִויא אֵיינִיגֶע פָאן זֵיי
זֶענֶען גֶעוָוארֶען. וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען: דָאס פָאלְק הָאט
זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען אוּן זֶענֶען אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען צוּ
8 שְׁפִּילֶען. אוֹיךְ זָאלֶען מִיר נִיט מְזַנֶה זֵיין, וִויא אֵיינִיגֶע פָאן יֶענֶע
הָאבֶּען מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען. אוּן זֶענֶען אִין אֵיין טָאג אוּים גֶעפַאלֶען דְרֵייא

9 און צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד. ווִידֶער זָאלֶען מִיר נִיט פְּרוּבֶען דֶעם הֶערְן,
ווִיא אֵיינִיגֶע פָֿאן יֶענֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעפְּרוּבְּט, און דִיא שְׁלַאנְגֶען
10 הָאבֶּען זֵיי אוּמְגֶעבְּרַאכְט. אוֹיךְ זָאלְט אִיהר נִיט אוּנְצוּפְרִידֶען זֵיין
אוֹיף גָאטְט ווִיא אֵיינִיגֶע פָֿאן יֶענֶע זֶענֶען אוּנְצוּפְרִידֶען גֶעווֶעזֶען אוֹיף
אִיהם, און זֶענֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען דוּרךְ דֶעם פַארְדַארְבֶּער.
11 דָאס אַלְץ הָאט זֵיי גֶעטְרָאפֶען, צוּם פָֿארְבִּילְד (מוּסְטֶער). עֶס אִיז
אָבֶּער גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ אַיין פַארְזָאג פַאר אוּנז, אוֹיף וֶועלְכֶע
12 דָאס עֶנְדֶע דֶער צִיל פָֿאן דֶער ווֶעלְט אִיז גֶעקוּמֶען. דֶערִיבֶּער
ווֶער עֶס דֶענְקְט בֵּיי זִיךְ; עֶר שְׁטֶעהט, דֶער זָאל זֶעהֶען, דָאס עֶר
13 זָאל נִיט פַאלֶען. קַיין אַנְדֶערֶער נִסָיוֹן הָאט אַייךְ נָאךְ נִיט גֶעטְרָאפֶען,
אוֹיסֶער אַיין מֶענְשְׁלִיכֶער, אָבֶּער גָאטְט אִיז גֶעטְרֵיי, ווֶעלְכֶער
דֶערְלָאזְט נִיט אַייךְ צוּ פְּרוּבֶען מֶעהר ווִיא אִיהר קָאנְט בֵּיישְׁטֶעהֶען,
נוּר עֶר ווֶעט מִיט דֶעם נִסָיוֹן אוֹיךְ אַיין אוֹיסְגַאנְג מַאכֶען, דָאס אִיהר
14 זָאלְט אִיהם קֶענֶען דֶערְטְרָאגֶען. דֶערִיבֶּער, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע,
15 פְלִיהט פָֿאן גֶאטְצֶענְדִינְסְט. אִיךְ רֶעד ווִיא מִיט קְלוּגֶע לֵייט, מִשְׁפָּט
16 אִיהר אַלֵיין, דָאס וָואס אִיךְ זָאג. דֶער כּוֹס פָֿאן בְּרָכָה, אוֹיף
ווֶעלְכֶען מִיר מַאכֶען אַיין בְּרָכָה, אִיז עֶר דֶען נִיט דִיא חַבְרוּתָה וָואס
מִיר הָאבֶּען אִין דֶעם בְּלוּט פָֿאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן? און דָאס בְּרוֹיט,
ווֶעלְכֶען מִיר בְּרֶעכֶען, אִיז עֶס דֶען נִיט דִיא חַבְרוּתָה וָואס מִיר
17 הָאבֶּען אִין דֶעם לֵייבּ פָֿאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן? דֶען דָאס בְּרוֹיט אִיז
אֵיינְס, אַזוֹי זֶענֶען מִיר אַלֶע אַיין לֵייבּ, ווֵייל מִיר אַלֶע הָאבֶּען אַיין
18 חֵלֶק אִין דֶעם אַיין בְּרוֹיט. זֶעהט אוֹיף דִיא יִשְׂרָאֵל נָאךְ דֶעם פְלֵייש,
זֶענֶען דֶען דִיא, ווֶעלְכֶע הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען פָֿאן דִיא קָרְבָּנוֹת נִיט גֶעווֶען
19 חֲבֵרִים פָֿאן דֶעם מִזְבֵּחַ? וָואס זָאל אִיךְ נוּן זָאגֶען? אִיז דֶען דָא
עֶטְוָואס אַיין מַמָשׁוּת אִין דֶעם גֶאטְץ? אִיז דֶען דָא עֶטְוָואס אַיין
20 מַמָשׁוּת אִין דִיא קָרְבָּנוֹת פָֿאן דִיא גֶאטְצֶען? אָבֶּער נֵיין, דָאס וָואס
דִיא גוֹיִם זֵיינֶען מַקְרִיב דָאס זֵיינֶען זֵיי מַקְרִיב צוּ דִיא שֵׁדִים
און נִיט צוּ גָאטְט, און אִיךְ ווִיל נִיט דָאס אִיהר זָאלְט זֵיין חֲבֵרִים
21 צוּ דִיא שֵׁדִים. אִיהר קֶענְט נִיט טְרִינְקֶען אוּנְזֶערֶען הֶערְנְס
כּוֹס צוּ זַאמֶען מִיט דֶעם כּוֹס פָֿאן דִיא שֵׁדִים, אִיהר קֶענְט נִיט
הָאבֶּען אַיין חֵלֶק אִין אוּנְזֶערֶען הֶערְנְס טִישׁ און אִין דֶעם טִישׁ פָֿאן
22 דִיא שֵׁדִים. אָדֶער זָאלֶען מִיר דֶעם הֶערְן דֶערְצַארְנֶען? זֶענֶען

23 מִיר דֶען שְׁטַארְקֶער פָאן אִיהם? אַלְץ אִיז מִיר דֶערְלוֹיבְּט, אָבֶּער
נִיט אַלְץ אִיז גוּט. אַלְץ אִיז מִיר דֶערְלוֹיבְּט אָבֶּער נִיט אַלְץ בֶּעסֶערְט.
24 לָאז קֵיינֶער נִיט זוּכֶען זֵיין אֵייגֶענֶעם נוּצֶען, נוּר יֶעדֶערֶער דֶעם נוּצֶען
25 פָאן אֵיין אַנְדֶערֶען. אַלְץ וָואס עֶס פַארְקוֹיפְט זִיךְ אוֹיפֶען פְלֵיישׁ־
26 מַארְק, דָאס עֶסְט, אוּן פָארְשְׁט נִיט וֶועגֶען דֶעם גֶעוִויסֶען. דֶען:
27 דִיא עֶרְד אוּן וָואס עֶס דֶערְפִילְט זִיא אִיז דֶעם הֶערְרְנְס. וֶוען אֵיינֶער
פָאן דִיא נִיט גְלוֹיבִּיגֶע לַאדֶעט אַייך אֵיין אוּן אִיהר ווִילְט אַהִין גֶעהְן,
אַזוֹי עֶסְט אַלְץ וָואס מֶען וֶועט אַייך פָארְלֵייגֶען אוּן פָארְשֶׁעט נִיט וֶועגֶען
28 דֶעם גֶעוִויסֶען. אָבֶּער ווָאו אֵיינֶער וֶועט אַייך זָאגֶען: דָאס אִיז
קָרְבָּנוֹת פָאן דִיא גֶעטְצֶען; אַזוֹי זָאלְט אִיהר נִיט עֶסֶען, וֶועגֶען דֶעם
ווֶעלְכֶער הָאט עֶס מוֹדִיעַ גֶעוֶועזֶען אוּן וֶועגֶען דֶעם גֶעוִויסֶען. דֶען:
29 דִיא עֶרְד אוּן וָואס דֶערְפִילְט זִיא אִיז דֶעם הֶערְרְנְס. אִיךְ זָאג נִיט
פָאן דֶעם אֵייגֶענֶעם גֶעוִויסֶען, נוּר פָאן דֶעם אַנְדֶערֶענְס. דֶען פַאר
וָואס זָאל אִיךְ בְּרֶענְגֶען דֶערְצוּ, דָאס מֵיין פְרֵייהֵייט זָאל פָאן אֵיין
30 פְרֶעמְדֶען גֶעוִויסֶען גֶע׳מִשְׁפָּט וֶוערֶען? דֶען וֶוען אִיךְ גֶענִים עֶס מִיט
אֵיין בְּרָכָה, פַאר וָואס זָאל אִיךְ גֶעלֶעסְטֶערְט וֶוערֶען אִיבֶּער אֵיין
31 זַאךְ אוֹיף ווֶעלְכֶען אִיךְ הָאבּ אֵיין בְּרָכָה גֶעמַאכְט? דֶערִיבֶּער אוֹיבּ
אִיהר עֶסְט, אָדֶער טְרִינְקְט, אָדֶער וָואס טְהוּט, אַזוֹי טְהוּט אַלְץ
32 פַאר גָאטְטֶעס כָּבוֹד. מַאכְט נִיט עֶרְגֶער נִיט דִיא אִידֶען, נִיט דִיא
33 גְרִיכֶען אוּן נִיט דֶער גֶעמֵיינְדֶע פָאן גָאטְט. גְלֵייךְ ווִיא אִיךְ זוּךְ אוֹיךְ
יֶעדֶערֶען מַאן צוּ גֶעפֶעלֶען אִין אַלֶע זַאכֶען, אוּן זוּךְ נִיט וָואס פַאר
מִיר אִיז גוּט, נוּר דָאס וָואס פִילֶען אִיז גוּט, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען
גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען.

יא גֶעהְט מִיר נָאךְ, ווִיא אִיךְ גֶעה נָאךְ דֶעם מָשִׁיחַ. אִיךְ לוֹיבּ אַייךְ,
2 בְּרִידֶער, דָאס אִיהר גֶעדֶענְקְט מִיךְ אִין אַלְדִינְג, אוּן הַאלְט דִיא לֶעהְרֶען
3 ווִיא אִיךְ הָאבּ זֵיי אַייךְ גֶעגֶעבֶּען. אִיךְ ווִיל דָאס אִיהר זָאלְט ווִיסֶען,
דָאס דֶער רֹאשׁ פָאן יֶעדֶען מַאן אִיז דֶער מָשִׁיחַ. אוּן דֶער רֹאשׁ
פָאן דֶער ווַייבּ אִיז דֶער מַאן; אוּן דֶער רֹאשׁ פָאן דֶעם מָשִׁיחַ אָבֶּער
4 אִיז גָאטְט. יֶעדֶער מַאן וָואס אִיז מִתְפַּלֵל אָדֶער זָאגְט נְבוּאוֹת מִיט
5 אֵיין צוּ גֶעדֶעקְטֶען קָאפְּף דֶער מַאכְט שַׁאנְדֶע זֵיין קָאפְּף. אוּן
יֶעדֶער אִשָּׁה וָואס וֶועט מִתְפַּלֵל זֵיין, אָדֶער נְבוּאוֹת זָאגֶען מִיט אֵיין
אָבְּגֶעדֶעקְטֶען קָאפְּף, דִיא מַאכְט שַׁאנְדֶע אִיהר קָאפְּף. זִיא אִיז

6 גְלֵייך וִויא זִיא הָאט זִיךְ אָבְּגֶעשָׁארֶען. וֶוען אֵיין אִשָּׁה וִויל נִיט צוּ
דֶעקֶען אִיהר קָאפְּף, אַזוֹי לָאז זִיא שׁוֹין זִיךְ אָבְּשֶׁערֶען. אוּן וֶוען עֶס
אִיז פַּאר אֵיין אִשָּׁה אֵיין בִּזָיוֹן זִיךְ אָבּ צוּ שְׁנֵיידֶען, אָדֶער אָבּ צוּ
7 שֶׁערֶען אִיהרֶע הָאר, אַזוֹי לָאז זִיא זִיךְ צוּ דֶעקֶען. דֶער מַאן דַארְף
נִיט צוּ דֶעקֶען דֶעם קָאפְּף, ווַייל עֶר אִיז דֶער בִּילְד אוּן דֶער כָּבוֹד
8 פָאן גָאטְט. דִיא אִשָּׁה אָבֶּער אִיז דֶער כָּבוֹד פָאן דֶעם מַאן. דֶען
דֶער מַאן אִיז נִיט פָאן דֶער אִשָּׁה, נוּר דִיא אִשָּׁה אִיז פָאן דֶעם מַאן.
9 אוּן דֶער מַאן אִיז נִיט בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען פָאן דֶער אִשָּׁה וֶועגֶען,
10 נוּר דִיא אִשָּׁה פָאן דֶעם מַאן וֶועגֶען. דֶערִיבֶּער זָאל דִיא אִשָּׁה אוֹיף
אִיהר קָאפְּף אֵיין צֵייכֶען פָאן הֶערְרשַׁאפְט טְרָאגֶען פָאן וֶועגֶען דִיא
11 מַלְאָכִים. אָבֶּער דֶער מַאן אִיז גָאר נִיט אָן דֶער אִשָּׁה, אוּן דִיא אִשָּׁה
12 אִיז גָאר נִיט אָן דֶעם מַאן אִין דֶעם הֶערְרְן. דֶען אַזוֹי וִויא דִיא אִשָּׁה
אִיז פָאן דֶעם מַאן, אַזוֹי אוֹיךְ אִיז דֶער מַאן דוּרְךְ דֶער אִשָּׁה. אַלְץ
13 אָבֶּער אִיז פָאן גָאטְט. מִשְׁפָּט אִיהר אַלֵיין, אוֹיבּ עֶס פַּאסְט פַּאר
אֵיין אִשָּׁה מִתְפַּלֵל צוּ זֵיין פַּאר גָאטְט מִיט אֵיין אָבּ גֶעדֶעקְטֶען
14 קָאפְּף? לֶעהרֶענְט אַייךְ נִיט אוֹיךְ דִיא נַאטוּר אַלֵיין, דָאס עֶס אִיז
15 פַּאר אֵיין מַאן אֵיינֶע שַׁאנְדֶע לַאנְגֶע הָאר צוּ טְרָאגֶען. פַּאר אֵיין
אִשָּׁה אָבֶּער אִיז עֶס אֵיין עֶהרֶע, וֶוען זִיא לָאזְט לַאנְגֶע הָאר וַואקְסֶען?
16 עֶס אִיז אִיהר פַּאר אֵיין שְׁלֵייעֶר גֶעגֶעבֶּען גֶעוַוארֶען. וֶוען אֵיינֶער וִויל
זִיךְ קְרִיגֶען גֶעגֶען דֶעם, דֶער זָאל ווִיסֶען, דָאס מִיר הָאבֶּען נִיט אַזוֹי
17 אֵיין מִנְהָג, אוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶען גַאטְטֶעס אוֹיךְ נִיט. אִיךְ מוּז עֶס אָבֶּער
בֶּעפֶעהלֶען: אִיךְ קָאן עֶס נִיט לוֹיבֶּען, דָאס אֵייעֶרֶע פֶערְזַאמְלוּנְגֶען
18 זֵיינֶען נִיט צוּם גוּטֶען, נוּר צוּם בֶּעזֶען. דֶען אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט, וֶוען
אִיהר פֶערְזַאמֶעלְט זִיךְ אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע וֶוערְט צְווִישֶׁען אַייךְ
19 מַחֲלוֹקֶת, אַבִּיסֶעל גְלוֹיבּ אִיךְ דָאס. דֶען עֶס מוּז זֵיין פֶערְשֵׁיידֶענֶע
כִּתּוֹת צְווִישֶׁען אַייךְ, כְּדֵי דִיא וֶועלְכֶע זֵיינֶען אָרֶענְטְלִיךְ, זָאלֶען
20 צְווִישֶׁען אַייךְ אַנְפְּלֶעקְט וֶוערֶען. אוּן וֶוען אִיהר פֶערְזַאמֶעלְט אַייךְ
21 אִיז דָאס נִיט כְּדֵי אִיהר זָאלְט עֶסֶען דֶעם הֶערְרְנְס אָוֶוענְדְמָאהל. דֶען
וֶוען מֶען זָאל הַאלְטֶען דֶעם אָוֶוענְדְמָאהל, נֶעמְט יֶעדֶערֶער זֵיין
אֵייגֶענֶע צוּם עֶרְשְׁטֶען, אוּן אֵיינֶער אִיז הוּנְגֶערִיג אוּן דֶער אַנְדֶערֶע
22 אִיז שִׁכּוֹר. הָאט אִיהר דֶען נִיט קֵיין הֵייזֶער וואוּ אִיהר זָאלְט עֶסֶען
אוּן טְרִינְקֶען? אָדֶער אִיהר פַאראַכְטֶעט גָאטְטֶעס גֶעמֵיינְדֶע אוּן זֶענְט

מביש דיא וואס האבען ניט? וואס זאל איך אייך זאגען? אייך לויבען
דער פאר? איך וויל אייך ניט לויבען. דען איך האב מקבל 23
געוועזן פאן דעם הערדן און האב אייך איבער געגעבען, דאס דער
הערר ישוע האט אין דער נאכט ווען מעהאט איהם געמסרת
גענומען דאס ברויט. און האט איין ברכה געמאכט, און צובראכען 24
און געזאגט: נעמט עסט, דער איז מיין לייב, וועלכער ווערט פאר
אייך צובראכען; טהוט עס אזוי צו מיין אנדיינקונג. דאס גלייכען 25
אויך דעם כוס, נאך דעם אוועגדמאהל, און האט געזאגט: דיזער
כוס איז דער נייער ברית אין מיין בלוט; אזוי טהוט אזוי אפט,
ווען איהר וועט טרינקען צו מיין אנדיינקונג. דען אזוי אפט, ווען 26
איהר וועט עסען דאס ברויט, און וועט טרינקען דעם כוס, זאלט
איהר אנזאגען דעם טויט פון אונזערען הערדן, ביז ער וועט קומען.
דעריבער ווער עס וועט עסען פאן דעם ברויט, אדער טרינקען 27
פאן דעם הערדענס כוס ניט וויא עס איז ווערט, דער פערזינדיגט
זיך אן דעם לייב און בלוט פאן הערדן. לאז אבער יעדערער זיך 28
אליין אויס פרובען, און דאמאלסט זאל ער עסען פאן דעם ברויט
און טרינקען פאן דעם כוס. דען ווער עס עסט און טרינקט ניט 29
וויא עס איז ווערט, דער עסט און טרינקט איין משפט פאר זיך,
ווייל ער האט קיין אונטערשייד ניט געמאכט וועגען דעם לייב פאן
דעם הערדן. דארום זענען דא צווישען אייך פילע שוואכע און 30
קראנקע, און פיל זענען געשטארבען. דען ווען מיר וואלטען זיך 31
אליין געפרובט, אזוי וואלטען מיר ניט געשטראפט געווארען.
אבער ווען מיר ווערען גע׳משפט, אזוי ווערען מיר פאן דעם הערדן 32
געשטראפט, כדי מיר זאלען ניט פאר׳משפט ווערען מיט דער
וועלט. דעריבער, ברידער, ווען איהר קומט צו זאמען צו עסען, 33
ווארט איינער אויף דעם אנדערען. און ווען איינער איז הונגעריג 34
לאז ער עסען אין דער היים, כדי איהר זאלט זיך ניט האבען
פערזאמעלט צו איין פערשולדונג. וועגען דיא איבריגע זאכען
וועל איך מאכען ארדנונג ווען איך וועל קומען.

ווענען דיא גייסטליכע מתנות, ברידער, וויל איך פאן אייך ניט יב
פארהיילען. איהר ווייסט, דאס ווען איהר זענט געוועזן גוים, און 2
איהר זענט געגאנגען צו דיא שטוממע געטצען, גלייך וויא איהר

3 וָואלְט גֶעפִיהְרְט גֶעוָוארֶען. דֶערִיבֶּער בִּין אִיךְ אַייךְ מוֹדִיעַ, דָאס
ווער עֶס רֶעט דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט גָאטְטֶעס, דֶער זָאגְט נִיט: יֵשׁוּעַ אִיז
פַארְפְלוּכְט, אוּן קֵיינֶער קָאן נִיט רוּפֶען יֵשׁוּעַ'ן הֶערְר, נוּר דוּרְךְ
4 דֶעם רוּחַ הַקֹדֶשׁ. עֶס זֵיינֶען פַארְשִׁידֶענֶע מַתָּנוֹת, אָבֶּער עֶס אִיז
5 אַיין גֵייסְט. אוּן עֶס זֶענֶען פֶערְשִׁידֶענֶע דִינְסְט, אָבֶּער עֶס אִיז אַיין
6 הֶערְר. אוּן עֶס זֶענֶען פֶערְשִׁידֶענֶע ווֶערְק, אָבֶּער עֶס אִיז אֵיין גָאטְט,
7 וועלְכֶער טְהוּט אַלְץ אִין אַלֶעמֶען. אִין יֶעדֶעם בֶּעווֵייזֶען זִיךְ דִיא
8 מַתָּנוֹת פָאן דֶעם גֵייסְט צוּ בְּרֵיינְגֶען נוּצֶען פַארֶען כְּלַל. אֵיינֶעם
ווערְט גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט צוּ רֶעדֶען פָאן חָכְמָה; דֶעם
אַנְדֶערֶען ווערְט גֶעגֶעבֶּען צוּ רֶעדֶען פָאן וויסֶענְשַׁאפְט דוּרְךְ דֶעם
9 זֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט. אֵיין אַנְדֶערֶען אֱמוּנָה דוּרְךְ דֶעם זֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט;
אֵיין אַנְדֶערֶען דִיא מַתָּנָה צוּ הֵיילֶען דוּרְךְ דֶעם זֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט.
10 אֵיין אַנְדֶערֶען וואוּנְדֶער צוּ טָאן; אֵיין אַנְדֶערֶען נְבוּאָה, אֵיין אַנְדֶערֶען
צוּ אוּנְטֶערְשֵׁיידֶען דִיא גֵייסְטֶער; אֵיין אַנְדֶערֶען פֶערְשִׁידֶענֶע
11 לְשׁוֹנוֹת; אֵיין אַנְדֶערֶען צוּ דֶערְקְלֶערֶען דִיא לְשׁוֹנוֹת. דָאס אַלְץ
ווירְקְט דֶער אֵיינֶער אוּן דֶער זֶעלְבִּיגֶער גֵייסְט, אוּן טֵיילְט יֶעדֶערֶען
12 צוּ, וויא עֶר וויל. דֶען וויא דֶער לֵייבּ אִיז אֵיינֶער אוּן הָאט פִיל
גְלִידֶער אוּן אַלֶע גְלִידֶער פָאן דֶעם אֵיין לֵייבּ הֲגַם זֵיי זֶענֶען פִיל
13 זֶענֶען זֵיי דָאךְ אֵיין לֵייבּ; אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער מָשִׁיחַ. דֶען מִיר אַלֶע
זֶענֶען גֶעטוֹבֶל'ט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ אֵיין גֵייסְט, צוּ אֵיין לֵייבּ, זֶענֶען
מִיר אִידֶען, אָדֶער גְרִיכֶען, קְנֶעכְט, אָדֶער פְרֵייעֶ; אוּן מִיר אַלֶע
14 זֶענֶען אָן גֶעטְרוּנְקֶען מִיט אֵיין גֵייסְט. דֶען וויא דֶער לֵייבּ אִיז אוֹיךְ
15 נִיט פָאן אֵיין גְלִיד, נוּר פָאן פִיל. ווֶען דֶער פוּס וָואלְט זָאגֶען:
ווייל אִיךְ בִּין נִיט דִיא הַאנְד דֶערִיבֶּער גֶעהֶער אִיךְ אוֹיךְ נִיט צוּם
16 לֵייבּ, אִיז עֶר דֶען דֶערִיבֶּער נִיט אֵיין גְלִיד פָאן דֶעם לֵייבּ? אוּן
ווֶען דֶער אוֹיעֶר וָואלְט זָאגֶען: ווייל אִיךְ בִּין נִיט קֵיין אוֹיג, דֶערִיבֶּער
גֶעהֶער אִיךְ נִיט צוּם לֵייבּ, אִיז עֶר דֶען דֶערִיבֶּער נִיט אֵיין גְלִיד
17 פָאן דֶעם לֵייבּ? ווֶען דֶער גַאנְצֶער לֵייבּ וָואלְט נוּר אֵיין אוֹיג זֵיין,
וואוּ וָואלְט בְּלֵייבֶּען דָאס הֶערֶען? אוּן ווֶען אִין גַאנְצֶען וָואלְט זֵיין
18 הֶערֶען, וואוּ וָואלְט בְּלֵייבֶּען דָאס שְׁמֶעקֶען? נוּן אָבֶּער הָאט גָאטְט
גֶעשְׁטֶעלְט דִיא גְלִידֶער, יֶעדֶערֶען פָאן זֵיי אַנְדֶערְס, אִין לֵייבּ, וויא
19 עֶר הָאט גֶעוָואלְט. ווֶען אָבֶּער אַלֶע גְלִידֶער וָואלְטֶען אֵיין גְלִיד

20 זַיין, וואוּ וָואלְט גֶעוֶועזֶען דֶער לֵייבּ? יֶעצְט אָבֶּער זֶענֶען דִיא גְלִידֶער
21 פִילֶע, אָבֶּער דֶער לֵייבּ אִיז אֵיינֶער. דָאס אוֹיג קָאן נִיט זָאגֶען צוּ
דֶער הַאנְד: אִיך בֶּעדַארְף דִיךְ נִיט, אוּן אוֹיךְ דֶער קָאפְּף קָאן נִיט
22 זָאגֶען צוּ דִיא פִים: אִיך בֶּעדַארְף אַייךְ נִיט. נוּר, נָאךְ מֶעהר, דִיא
גְלִידֶער פָאן דֶעם לֵייבּ, וֶועלְכֶע שֵׁיינֶען אוּנְז דִיא שְׁוַואכְסְטֶען דִיא
23 זֶענֶען אוּנְז דִיא נֵייטִיגְסְטֶע. אוּן יֶענֶע, וֶועלְכֶע מִיר הַאלְטֶען נִיט
פַאר עֶדֶעלֶע, בַּאוַוייזֶען מִיר זֵיי מֶעהר כָּבוֹד, אוּנְזֶערֶע נִיט
24 אָנְשְׁטֶענְדִיגֶע וֶוערְט מֶעהר אָנְשְׁטֶענְדִיגְקֵייט דֶערְוִויזֶען. דֶען דִיא
אָנְשְׁטֶענְדִיגֶע בֶּעדַארְפֶען עֶס נִיט. גָאטְט הָאט אָבֶּער אַזוֹי צוּ
זַאמְמֶענְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם לֵייבּ, אוּן צוּ דֶעם נִיט, חָשׁוּבֶ׳עֶן הָאט עֶר
25 מֶעהר כָּבוֹד גֶעגֶעבֶּען. כְּדֵי אִין גוּף זָאל קֵיין אָבְּטֵיילוּנְג נִיט זַיין,
נוּר אַלֶע גְלִידֶער זָאלֶען גְלֵייךְ אֵיינֶער פַאר דֶעם אַנְדֶערֶען זָארְגֶען.
26 אוּן וֶוען אֵיין גְלִיד לֵיידֶעט, אַזוֹי לֵיידֶען אַלֶע גְלִידֶער מִיט אִיהם;
אוּן וֶוען אֵיין גְלִיד הָאט כָּבוֹד, אַזוֹי פְרֵייעֶן זִיךְ אַלֶע גְלִידֶער מִיט
27 אִיהם. אִיהר אָבֶּער זֶענְט דֶער לֵייבּ פָאן דֶעם מָשִׁיחַ׳ן אוּן גְלִידֶער
28 יֶעדֶערֶער נָאךְ זַיין טֵייל. אוּן אֵיינִיגֶע הָאט גָאטְט גֶעשְׁטֶעלְט אִין
דֶער גֶעמֵיינְדֶע, עֶרְשְׁטֶענְס פַאר אַפָּאסְטֶעל (שְׁלוּחִים), צְוֵוייטֶענְס
פַאר נְבִיאִים, דְרִיטֶענְס, פַאר לֶעהְרֶער, דֶער נָאךְ פַאר וואוּנְדֶער־
טְהוּעֶר, דֶער נָאךְ דִיא מַתָּנוֹת פָאן גֶעזוּנְד מַאכֶען, הֶעלְפֶער,
29 מַנְהִיגִים, אוּן פֶערְשִׁידֶענֶע לְשׁוֹנוֹת. זֶענֶען דֶען אַלֶע אַפָּאסְטֶעל?
30 אַלֶע נְבִיאִים? אַלֶע לֶעהְרֶער? אַלֶע וָואס טְהוּעֶן וואוּנְדֶער? הָאבֶּען
דֶען אַלֶע מַתָּנוֹת גֶעזוּנְד צוּ מַאכֶען? רֶעדֶען דֶען אַלֶע אִין פֶערְ־
31 שִׁידֶענֶע שְׁפְּרַאכֶען? קֶענֶען זֵיי אַלֶע דֶערְקְלֶערֶען? זוּכְט אָבֶּער נָאךְ
דִיא בֶּעסְטֶע מַתָּנוֹת. דָאךְ וִויל אִיךְ אַייךְ נָאךְ אֵיין וֶועג וַוייזֶען,
הֶעכֶער אִיבֶּער אַלְץ, גֶעהוֹיבֶּענֶער פָאן אַלְץ.
וֶוען אִיךְ זָאל רֶעדֶען מִיט לְשׁוֹנוֹת פָאן מֶענְשֶׁען אוּן פוּן מַלְאָכִים, יג
אוּן וָואלְט אִין מִיר נִיט הָאבֶּען קֵיין לִיבֶּע, אַזוֹי וָואלְט אִיךְ גֶעוֶועזֶען
וִויא קוּפֶּער וָואס קְלִינְגְט, אָדֶער וִויא אֵיין צִימְבֶּעל וָואס גִיט אַרוֹיס
2 קוֹלוֹת. אוּן וֶוען אִיךְ וָואלְט קֶענֶען נְבִיאוֹת זָאגֶען, אוּן וָואלְט וִויסֶען
אַלֶע סוֹדוֹת, אוּן אַלֶע וִויסֶענְשַׁאפְט, אוּן וֶוען אִיךְ וָואלְט הָאבֶּען
דִיא גַאנְצֶע אֱמוּנָה אַזוֹי דָאס אִיךְ וָואלְט קֶענֶען בֶּערְג אָבְּרוּקֶען פָאן
זֵייעֶר אָרְט, אוּן וָואלְט אִין מִיר נִיט הָאבֶּען קֵיין לִיבֶּע, אַזוֹי וָואלְט

3 עֶס גָארְנִישְׁט גֶעוֶועזֶען. אוּן וֶוען אִיך וָואלְט מֵיין גַאנְצֶען פֶּערְמֶעגֶען
צוּ טֵיילֶען פַאר אָרֶעמֶע; אוּן וֶוען אִיך וָואלְט מֵיין לֵייבּ לָאזֶען
פַארְבְּרֶענֶען, אוּן וָואלְט אִין מִיר נִיט הָאבֶּען קֵיין לִיבֶּע, אַזוֹי וָואלְט
4 דָאס אַלְץ מִיר קֵיין נוּצֶען נִיט גֶעבְּרַאכְט. דִיא לִיבֶּע טְרָאגְט
פִיל אַרִיבֶּער, אוּן אִיז פְרֵיינְדְלִיךְ. דִיא לִיבֶּע אִיז נִיט מְקַנֵא, דִיא
5 לִיבֶּע שְׁטָאלְצִירְט נִיט, אוּן הַאלְט זִיךְ נִיט גְרוֹיס. זִיא בֶּעגֶעהט זִיךְ
נִיט גְרָאבּ, זִיא זוּכְט נִיט וָואס גֶעהֶער צוּ אִיהר, זִיא וֶוערְט נִיט
6 גֶערֵייצְט, אוּן דֶענְקְט נִיט קֵיין בֵּייזֶעס. זִיא פְרֵייט זִיךְ נִיט אִיבֶּער
7 אוּנְרֶעכְט, נוּר אִיבֶּער אֱמֶת פְרֵייט זִיא זִיךְ. אַלְץ טְרָאגְט זִיא
אִיבֶּער, אַלְץ גְלוֹיבְּט זִיא, אַלְץ הָאפְט זִיא, אוּן אַלְץ לֵיידֶעט זִיא.
8 דִיא לִיבֶּע הֶערְט קֵיין מָאל נִיט אוֹיף, נְבוּאוֹת וֶועלֶען אוֹיפְהֶערֶען,
אוּן דִיא שְׁפְּרַאכֶע וֶועלֶען אוֹיפְהֶערֶען צוּ זֵיין, אוּן דִיא ווִיסֶענְשַׁאפְטֶען
9 וֶועלֶען אוֹיפְהֶערֶען. דֶען מִיר ווֵייסֶען נוּר אֵיין טֵייל, אוּן אֵיין טֵייל
10 זָאגֶען מִיר נְבוּאוֹת. אוּן וֶוען דָאס גַאנְצֶע וֶועט קוּמֶען, אַזוֹי וֶועט
11 דֶער טֵייל פַארְגֶעהֶען. וֶוען אִיךְ בִּין אֵיין קִינְד גֶעוֶועזֶען, הָאבּ אִיך
גֶערֶעט ווִיא אֵיין קִינְד, גֶעפִּיהלְט ווִיא אֵיין קִינְד, אוּן גֶעדַאכְט ווִיא
אֵיין קִינְד, אוּן וֶוען אִיך בִּין אָבֶּער אֵיין מֶענְשׁ גֶעוָוארֶען, הָאבּ אִיך
12 אַוֶועק גֶעלֵייגְט דִיא קִינְדֶערְשֶׁע זַאכֶען. דֶען, יֶעצְט זֶעהֶען מִיר אַזוֹי
ווִיא דוּרְךְ אֵיין שְׁפִּיגֶעל אִין אֵיין דוּנְקֶעלֶען וָוארְט, אַמָאל אָבֶּער
פָּנִים צוּ פָּנִים. יֶעצְט ווֵייס אִיך נוּר אֵיין טֵייל, אוּן אַמָאל וֶועל
13 אִיך אוֹיךְ דֶערְקֶענֶען, ווִיא אִיך בִּין דֶערְקָאנְט גֶעוָוארֶען. עֶס הָאבֶּען
דִיזֶע דְרֵייא אֵיין קִיוּם אֱמוּנָה, הָאפֶענוּנְג, לִיבֶּע. דִיא לִיבֶּע אָבֶּער
אִיז דִיא גְרֶעסְטֶע פָאן זֵיי.

יד זוּכְט נָאךְ דֶער לִיבֶּע, אוּן טְרַאכְט צוּ דֶערְגְרֵייכֶען גֵייסְטְלִיכֶע
2 מַתָּנוֹת, אוּן מֶעהר פָאן אַלְץ דָאס אִיהר זָאלְט נְבוּאוֹת זָאגֶען. דֶען
וֶוער עֶס רֶעט אֵיין פְרֶעמְדֶע שְׁפְּרַאכֶע, עֶר רֶעט נִיט צוּ מֶענְשֶׁען,
נוּר צוּ גָאטְט, ווֵייל קֵיינֶער פַארְשְׁטֶעהט אִיהם נִיט, עֶר רֶעט סוֹדוֹת
3 אִין גֵייסְט. אָבֶּער וֶוער עֶס זָאגְט נְבוּאוֹת, דֶער רֶעט צוּ מֶענְשֶׁען
4 כְּדֵי עֶר זָאל בֶּעסֶערֶען, זֵיי מוּסָר זָאגֶען, אוּן זֵיי טְרֵייסְטֶען. וֶוער עֶס
רֶעט אִין אֵיין שְׁפְּרַאכֶע, דֶער בֶּעסֶערְט זִיךְ אַלֵיין; אוּן וֶוער עֶס זָאגְט
5 נְבוּאוֹת דֶער בֶּעסֶערְט דִיא גֶעמֵיינְדֶע. אִיךְ ווִינְשׁ, דָאס אִיהר אַלֶע
זָאלְט רֶעדֶען שְׁפְּרַאכֶען, נָאךְ מֶעהר ווִינְשׁ אִיךְ, דָאס אִיהר זָאלְט

נְבִיאוֹת זָאגֶען, דֶען דֶער וָואס זָאגְט נְבִיאוֹת אִיז גְרֶעסֶער פָאן דֶעם
וָואס רֶעט שְׁפְּרַאכֶען, אוֹיסֶער דֶעם וֶוער עֶס גִיט צוּ פַארְשְׁטֶעהְן,
כְּדֵי דִיא גֶעמֵיינְדֶע זָאל פַארְבֶּעסֶערְט וֶוערֶען. נוּן, בְּרִידֶער, וֶוען 6
אִיךְ וֶועל קוּמֶען צוּ אַייךְ אוּן וֶועל רֶעדֶען שְׁפְּרַאכֶען, וָואס פַאר אֵיין
נוּטְץ וֶועט עֶס אַייךְ זַיין, וֶוען אִיךְ וֶועל צוּ אַייךְ נִיט רֶעדֶען דוּרְךְ אֵיין
אַנְפְּלֶעקוּנְג, אָדֶער דוּרְךְ וִויסֶענְשַׁאפְט, אָדֶער דוּרְךְ נְבוּאָה, אָדֶער
דוּרְךְ לֶערְנוּנְג. כְּלֵי זֶמֶר, וִויא אֵיין פְלֵייט, אֵיין פִידֶעל וֶוען זֵיי 7
זֵייעֶרֶע טֶענֶער נִיט דֵייטְלִיךְ פַארְנַאנְדֶער שֵׁיידֶען, וִויא אַזוֹי זָאל מֶען
דָאךְ דֶעם נִיגוּן פָאן דֶעם פְלֵייט אָדֶער פָאן דֶער פִידֶעל פַארְשְׁטֶעהְן?
אוּן וֶוען דֶער טְרוּמֵייטֶער וָואלְט נִיט אַרוֹיס גֶעבֶּען אֵיין פֶּערְ־ 8
שְׁטֶענְדִיגֶען קוֹל, וֶוער וֶועט צוּ דֶער מִלְחָמָה צוּ טְרֶעטֶען? אַזוֹי אִיז 9
עֶס אוֹיךְ מִיט אַייךְ, וֶוען אִיהר וֶועט נִיט הֶערוֹיס גֶעבֶּען מִיט אֵייעֶר
שְׁפְּרַאכֶע אֵיין פֶּערְשְׁטֶענְדִיגֶע רֶעד, וִויא אַזוֹי וֶועט מֶען וִויסֶען, וָואס
אִיהר רֶעט? אִיהר וֶועט זַיין וִויא דִיא וָואס רֶעדֶען אִין דֶער לוּפְט.
פִיל פֶּערְשִׁידֶענֶע אוֹיסְשְׁפְּרַאכֶען זֶענֶען דָא אִין דֶער וֶועלְט, אוּן נִיט 10
אֵיינֶע פָאן זֵיי אִיז דָא דָאס וִיא זָאל קֵיין בֶּעדֵייטוּנְג נִיט הָאבֶּען. אוּן 11
וֶוען אִיךְ וֵויים נִיט דִיא בֶּעדֵייטוּנְג פָאן דֶער שְׁפְּרַאכֶע, בִּין אִיךְ וִויא
אֵיין פְרֶעמְדֶער פַאר דֶעם וָואס רֶעט, אוּן דֶער רֶעדְנֶער וִויא אֵיין
פְרֶעמְדֶער פַאר מִיר. אַזוֹי אִיהר אוֹיךְ, וֵוייל אִיהר זוּכְט נָאךְ גֵייסְטְ־ 12
לִיכֶע מַתָּנוֹת, אַזוֹי טְרַאכְט נָאךְ דֶעם, דָאס אִיהר זָאלְט פַארְבֶּעסֶערֶען
דִיא גֶעמֵיינְדֶע, כְּדֵי אַייךְ זָאל דֶערְבֵּיי עֶטְוָואס אַרוֹיסְקוּמֶען. דֶערִיבֶּער 13
לָאז דֶער וָואס רֶעט אִין אֵיין שְׁפְּרַאכֶע מִתְפַּלֵל זַיין דַארוֹיף, דָאס
עֶר זָאל עֶס קָאנֶען דֶערְקְלֶערֶען. דֶען בְּאִם אִיךְ בִּין מִתְפַּלֵל אִין 14
אֵיין פְרֶעמְדֶע שְׁפְּרַאכֶע, אַזוֹי אִיז מֵיין גֵייסְט מִתְפַּלֵל, אָבֶּער מֵיין
פֶּערְשְׁטַאנְד בְּרֵיינְגְט קֵיינֶעם קֵיין פְרוּכְט נִיט. נוּן, וָואס זָאל אִיךְ 15
טָאן? אִיךְ וֶועל מִתְפַּלֵל זַיין מִיט מֵיין גֵייסְט אוּן וֶועל אוֹיךְ מִתְפַּלֵל
זַיין מִיט מֵיין פֶּערְשְׁטַאנְד; אִיךְ וִויל זִינְגֶען מִיט מֵיין גֵייסְט אוּן וֶועל
אוֹיךְ זִינְגֶען מִיט מֵיין פַארְשְׁטַאנְד. דֶען וֶוען דוּא וֶועסְט אֵיין בְּרָכָה 16
מַאכֶען מִיט דֶעם גֵייסְט, וִויא אַזוֹי וֶועט דֶער, וָואס שְׁטֶעהְט אוֹיף
דֶעם פְּלַאטְץ וואו דִיא אוּנְגֶעלֶעהְרְטֶע שְׁטֶעהֶען, קֶענֶען זָאגֶען אָמֵן
אוֹיף דֵיין בְּרָכָה? דֶען עֶר וֵויים נִיט וָואס דוּא זָאגְסְט. דוּא מַאכְסְט 17
דִיא בְּרָכָה וִויא עֶס גֶעהֶערְט צוּ זַיין, דֶער אַנְדֶערֶער אָבֶּער וֶועט

18 דֶערְפוּן נִיט גֶעבֶּעסֶערְט. אִיךְ דַאנְק מֵיין גָאטְט, דָאס אִיךְ קָאן מֶעהר
19 שְׁפְּרַאכֶען פָאן אַייךְ אַלֶעמֶען רֶעדֶען. אָבֶּער אִיךְ ווִיל בֶּעסֶער רֶעדֶען
אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע פִינְף ווֶערְטֶער מִיט מֵיין פַארְשְׁטַאנְד, כְּדֵי
אַנְדֶערֶע צוּ לֶערְנֶען, אֵיידֶער צוּ רֶעדֶען צֶעהְן טוֹיזֶענְד ווֶערְטֶער אִין
20 אֵיין אוּנְבֶּעקַאנְטֶע שְׁפְּרַאכֶע. בְּרִידֶער, ווֶערְט נִיט קֵיין קִינְדֶער אִין
פֶערְשְׁטַאנְד, נוּר זֵייט קִינְדֶער צוּ בֶּעזֶעס, אוּן גַאנְצֶע מֶענְשֶׁען אִין
21 פֶערְשְׁטַאנְד. אִין דֶער תּוֹרָה שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען: אִין אֵיין פְרֶעמְדֶע
שְׁפְּרַאכֶע, אוּן מִיט אֵיין אַנְדֶער לָשׁוֹן ווֶעל אִיךְ רֶעדֶען צוּ דִיזֶעם
פָאלְק, אוּן זֵיי ווֶעלֶען אַזוֹי אוֹיךְ מִיר נִיט הֶערֶען, זָאגְט דֶער הֶערְר.
22 דֶערִיבֶּער זֶענֶען דִיא שְׁפְּרַאכֶען אֵיין צֵייכֶען נִיט פַאר דִיא ווָאס
גְלוֹיבֶּען, נוּר פַאר דִיא אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע, אָבֶּער נְבוּאָה אִיז נִיט פַאר
23 אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע, נוּר פַאר גְלוֹיבִּיגֶע. ווֶען דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע ווֶעט
זִיךְ פֶערְזַאמְלֶען אוּן אַלֶע ווֶעלֶען רֶעדֶען אִין פְרֶעמְדֶע שְׁפְּרַאכֶען, אוּן
דִיא אוּנְגֶעלֶעהְרְטֶע אָדֶער אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע ווֶעלֶען קוּמֶען, ווֶעלֶען זֵיי
24 דֶען נִיט זָאגֶען, דָאס אִיהְר זֶענְט מְשׁוּגָע? אָבֶּער ווֶען אַלֶע ווֶעלֶען
נְבִיאוֹת זָאגֶען, אוּן עֶס ווֶעט קוּמֶען דֶער אוּנְגְלוֹיבִּיגֶער, אָדֶער דֶער
אוּנְגֶעלֶעהְרְטֶער, אַזוֹי ווֶעט עֶר בֶּעווִיזֶען ווֶערֶען דוּרְךְ אַלֶע, אוּן ווֶעט
25 גֶעאוּרְטֵיילְט ווֶערֶען דוּרְךְ אַלֶע. אוּן דוּרְךְ דֶעם ווֶעט דִיא פַארְ־
בָּארְגֶענֶעס פָאן זֵיין הַארְצֶען אַנְפְּלֶעקְט ווֶערֶען, אוּן ווֶעט אוֹיף זֵיין פָּנִים
פַאלֶען אוּן גָאטְט בֶּעטֶען אוּן מוֹדֶה זֵיין, דָאס גָאטְט אִיז אִין אֶמֶת'ְען
26 צְווִישֶׁען אַייךְ. דֶערִיבֶּער, בְּרִידֶער, ווֶען אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען, אַזוֹי
זָאל יֶעדֶערֶער עֶטְווָאס מִיט בְּרִינְגֶען אֵיין מִזְמוֹר, אֵיין לֶעהְרֶע, אֵיין
שְׁפְּרַאכֶע, אֵיין אַנְפְּלֶעקוּנְג, אֵיין דֶערְקְלֶערוּנְג. לָאז דָאס אַלֶעס זֵיין
27 צוּ אֵייעֶר פַארְבֶּעסֶערוּנְג. ווֶען אֵיינֶער ווִיל רֶעדֶען אֵיין שְׁפְּרַאכֶע,
אַזוֹי זָאלֶען דִיא רֶעדְנֶערְס זֵיין צְווֵיי אָדֶער דְרֵיי נִיט מֶעהר, אֵיינֶער
28 נָאךְ דֶעם אַנְדֶערֶען אוּן אֵיינֶער זָאל זֵיין אֵיין דֶערְקְלֶערֶער. אוּן ווֶען
עֶס ווֶעט נִיט זֵיין קֵיין דֶערְקְלֶערֶער, אַזוֹי זָאלֶען זֵיי שְׁווֵייגֶען אִין דֶער
29 גֶעמֵיינְדֶע אוּן זָאלֶען רֶעדֶען צוּ זִיךְ אוּן גָאטְט. אוּן דִיא נְבִיאִים זָאלֶען
30 רֶעדֶען צְווֵיי אָדֶער דְרֵיי, אוּן דִיא אַנְדֶערֶע זָאלֶען אוּרְטֵיילֶען. אוּן
ווֶען צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען פָאן דִיא ווָאס זִיצֶען דָארְטֶען ווֶעט זֵיין אֵיין
31 אַנְפְּלֶעקוּנְג, אַזוֹי זָאל דֶער עֶרְשְׁטֶער שְׁווֵייגֶען. דֶען אִיהְר קָאנְט אַלֶע
אֵיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערֶען נְבוּאוֹת זָאגֶען, כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען

32 גֶעלֶעהְרֶענְט וֶוערֶען אוּן אַלֶע זָאלֶען גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען. אוּן דִיא
33 גֵייסְטֶער פָאן דִיא נְבִיאִים זֶענֶען אוּנְטֶערְטֶעהנִיג דִיא נְבִיאִים. דֶען
גָאטט אִיז נִיט קֵיין גָאטְט פָאן אוּנְאָרְדֶענוּנְג, נוּר דֶער גָאטְט פָאן
34 שָׁלוֹם, וִויא אִין אַלֶע גֶעמֵיינְדֶען פָאן דִיא הֵיילִיגֶע. אֵייעֶרֶע ווַייבֶּער
זָאלֶען אִין דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג שְׁווֵייגֶען, דֶען זֵיי אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט צוּ
רֶעדֶען, נוּר צוּ זֵיין אוּנְטֶערְטֶעהנִיג. וִויא דִיא תּוֹרָה הָאט גֶעזָאגְט.
35 ווִילֶען זֵיי אָבֶּער עֶטְווָאס לֶערְנֶען, לָאזֶען זֵיי אִין דֶער הֵיים פְרֶעגֶען
זֵייעֶרֶע מַאנֶען, דֶען עֶס אִיז נִיט אָנְשְׁטֶענְדִיג פַאר פְרוֹיעֶן צוּ רֵיידֶען
36 אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע. אָדֶער, אִיז דֶען גָאטְטֶעס וָוארְט פָאן אַייךְ אַרוֹיס
37 גֶעקוּמֶען? אָדֶער אִיז דָאס נוּר צוּ אַייךְ אַלֵיין אָנְגֶעקוּמֶען? וֶוען אֵיינֶער
רֶעכֶענְט זִיךְ פַאר אֵיין נָבִיא, אָדֶער פַאר אֵיין בֶּעגֵייסְטֶעטֶער, דֶער
לָאז פַארְשְׁטֶעהן וָואס אִיךְ שְׁרֵייבּ אַייךְ, דֶען דָאס זֵיינֶען דֶעם
38 הֶערְרֶענְס גֶעבָּאטֶע. אוּן וֶוען אֵיינֶער ווִיל עֶס נִיט פַארְשְׁטֶעהן, אַזוֹי
39 זָאל עֶר עֶס בְּלֵייבֶּען. דֶערִיבֶּער, בְּרִידֶער, זוּכְט נְבִיאוֹת צוּ זָאגֶען
40 אוּן פַארְוֶוערְט נִיט צוּ רֶעדֶען אִין שְׁפְּרַאכֶען. אַלְץ זָאל אָבֶּער צוּ
גֶעהן אָנְשְׁטֶענְדִיג אוּן מִיט אֵיין אָרְדֶענוּנְג.

טו אִיךְ וָואלְט אַייךְ קְלָאר מַאכֶען, בְּרִידֶער, דָאס דָאס עֶוַואנְ־
גֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה טוֹבָה), וֶועלְכֶעס אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט, אוּן
2 וֶועלְכֶעס אִיהר הָאט אוֹיךְ אָנְגֶענוּמֶען אוּן שְׁטֶעהט אִין אִיהם. אוּן
דוּרךְ וֶועלְכֶעס אִיהר וֶועט אוֹיךְ גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען, וֶוען אִיהר וֶועט
זִיךְ הַאלְטֶען אָן דֶעם וָוארְט, וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ אַייךְ אָנְגֶעזָאגְט. אוֹיסֶער
3 וֶוען אִיהר הָאט אוּמְזִיסְט גֶעגְלוֹיבְּט. דֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען הָאבּ
אִיךְ אַייךְ אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען וָואס אִיךְ הָאבּ מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען, דָאס דֶער
מָשִׁיחַ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען מְכַפֵּר צוּ זֵיין אוֹיף אוּנְזֶערֶע זִינְד, וִויא עֶס
4 אִיז אִין דֶער שְׁרִיפְט (תנ״ך). אוּן עֶר אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען,
אוּן אִיז אוֹיפְגֶעוֶועקְט גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טָאג, וִויא עֶס
5 אִיז אִין דֶער שְׁרִיפְט. אוּן עֶר הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ כֵּיפָא אוּן דֶער
6 נָאךְ צוּ דִיא צְוֶועלְף. דֶער נָאךְ הָאט עֶר זִיךְ בַּאווִיזֶען צוּ מֶעהר
פָאן פִינְף הוּנְדֶערְט בְּרִידֶער צוּ זַאמֶען, דָאס רוֹב פָאן זֵיי לֶעבֶּען
7 נָאךְ יֶעצְט, אוּן אֵיינִיגֶע זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען (גֶעשְׁטָארְבֶּען). דֶער
נָאךְ הָאט עֶר זִיךְ בַּאווִיזֶען צוּ יַעֲקֹב׳ן, דֶער נָאךְ צוּ אַלֶע אַפָּאסְטֶעל
8 (שְׁלוּחִים). צוּם לֶעצְטֶען פָאן אַלֶעמֶען הָאט עֶר זִיךְ אוֹיךְ בַּאווִיזֶען

9 צוּ מִיר, וָואס אִיךְ בִּין גְלַייךְ וִויא אֵיין נֵפֶל. דֶען אִיךְ בִּין דֶער
קְלֶענְסְטֶער צְווִישֶׁען דִיא אַפָּאסְטֶעל, אוּן בִּין נִיט וָוערְט זִיךְ אָן צוּ
רוּפֶען אַפָּאסְטֶעל, דֶערִיבֶּער וֵוייל אִיךְ הָאבּ גֶע׳רוֹדֵף׳ט גָאטְטֶעס
10 גֶעמֵיינְדֶע. אָבֶּער דוּרְךְ גָאטְטֶעס גְנָאד בִּין אִיךְ גֶעוָוארֶען דֶער
וֶועלְכֶער אִיךְ בִּין, אוּן זֵיין גְנָאד אִיז נִיט אוּמְזִיסְט גֶעבְּלִיבֶּען צוּ מִיר,
דֶען אִיךְ הָאבּ מֶעהר פָאן אַלֶעמֶען גֶעאַרְבֶּעט, דָאךְ נִיט אִיךְ נוּר
11 דִיא גְנָאד פָאן גָאטְט וָואס אִיז מִיט מִיר. אָבֶּער זָאל זֵיין אִיךְ,
אָדֶער זֵיי פְּרֶעדִיגֶען מִיר אַזוֹי, אוּן אַזוֹי הָאט אִיהר עֶס גֶעגְלוֹיבְּט.
12 אוּן וֶוען עֶס אִיז גֶעפְּרֶעדִיגְט גֶעוָוארֶען, דָאס דֶער מָשִׁיחַ אִיז אוֹיף
גֶעשְׁטַאנֶען פָאן דִיא טוֹיטֶע, וִויא אַזוֹי זָאגֶען אֵיינִיגֶע מֶענְשֶׁען פָאן
13 צְווִישֶׁען אַייךְ, דָאס עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים? אִיז עֶס
קֵיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים נִיט דָא, אַזוֹי אִיז דֶער מָשִׁיחַ אוֹיךְ נִיט אוֹיף
14 גֶעשְׁטַאנֶען. אִיז אָבֶּער דֶער מָשִׁיחַ נִיט אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען הָאט קֵיין
15 וָוערְט נִיט אוּנְזֶער פְּרֶעדִיג אוּן אֵייעֶר אֱמוּנָה אִיז אוּמְזִיסְט. עֶס
קוּמְט נָאךְ אוֹיס, דָאס מִיר וֶוענֶען פַאלְשֶׁע עֵדוּת אוֹיף גָאטְט, וֵוייל
מִיר הָאבֶּען גֶעגֶען אִיהם עֵדוּת גֶעזָאגְט, דָאס עֶר הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט
דֶעם מָשִׁיחַ, אוּן עֶר הָאט אִיהם נִיט אוֹיפְגֶעוֶועקְט, וֶוען עֶס אִיז אַזוֹי,
16 דָאס דִיא טוֹיטֶע וֶועלֶען נִיט אוֹיפְשְׁטֶעהְן. דֶען וֶוען דִיא טוֹיטֶע
וֶועלֶען נִיט אוֹיף שְׁטֶעהְן, אַזוֹי אִיז דֶער מָשִׁיחַ אוֹיךְ נִיט אוֹיף גֶע־
17 שְׁטַאנֶען. אִיז אָבֶּער דֶער מָשִׁיחַ נִיט אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, אַזוֹי אִיז אֵייעֶר
18 אֱמוּנָה גָארְנִישְׁט, אוּן אִיהר וֶוענְט נָאךְ אִין אֵייעֶרֶע זִינְד. אוּן אַזוֹי,
וֶוענֶען אוֹיךְ דִיא וָואס זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם מָשִׁיחַ׳ן
19 אוֹיךְ פֶערְלָארֶען. אוּן אוֹיבּ נוּר אִין דִיזֶען לֶעבֶּען אַלֵיין הָאפֶען מִיר
אוֹיף דֶעם מָשִׁיחַ׳ן, אַזוֹי זֶענֶען מִיר אוּנְגְלִיקְלִיכֶער פָאן אַלֶע מֶענְשֶׁען.
20 נוּן אָבֶּער אִיז דֶער מָשִׁיחַ אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען פָאן דִיא טוֹיטֶע, עֶר אִיז
דֶער בְּכוֹר פָאן דִיא, וֶועלְכֶע זֵיינֶען אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען.
21 דֶען אַזוֹי וִויא דֶער טוֹיט אִיז גֶעקוּמֶען דוּרְךְ אֵיין מֶענְשֶׁען, אַזוֹי אִיז
22 תְּחִיַּת הַמֵּתִים גֶעקוּמֶען דוּרְךְ אֵיין מֶענְשֶׁען. אַזוֹי וִויא דוּרְךְ אָדָם
(הָרִאשׁוֹן) זֶענֶען אַלֶע גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי וֶועלֶען אַלֶע אוֹיךְ לֶעבֶּענְדִיג
23 וֶוערֶען דוּרְךְ דֶעם מָשִׁיחַ. אוּן יֶעדֶערֶער כְּסֵדֶר; פְּרִיהֶער פָאן
אַלֶעמֶען דֶער מָשִׁיחַ, אוּן נָאךְ דֶעם דִיא, וֶועלְכֶע גֶעהֶערֶען דֶעם
24 מָשִׁיחַ׳ן, וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען. אוּן נָאךְ דֶעם דָאס עֶנְדֶע, וֶוען עֶר

וְועט איבֶּער גֶעבֶּען דִיא מְלוּכָה צוּ גָאטְט דֶעם פָאטֶער, נָאךְ דֶעם
ווִיא עֶר וֶועט מְבַטֵל זַיין אַלֶע הֶערְשַׁאפְטֶען אוּן אַלֶע גֶעוֶועלְטִיג־
25 קֵייט אוּן מַאכְט. דֶען עֶר מוּז קֶענִיגֶען בִּיז עֶר וֶועט אַלֶע זַיינֶע
26 פֵיינְד לֵייגֶען אוּנְטֶער זַיינֶע פִיס. דֶעם לֶעצְטֶען פֵיינְד, וָואס עֶר
27 וֶועט מְבַטֵל זַיין, אִיז דֶער טוֹיט. דֶען: „אַלֶץ הָאט עֶר אוּנְטֶער זַיינֶע
פִים גֶעלֵייגְט״, אָבֶּער וֶוען עֶר זָאגְט: אַלֶץ אִיז אִיהם אוּנְטֶערְטֶעהנִיג
גֶעוָוארֶען, אִיז דָאס קְלָאר, דָאס חוּץ דֶעם, וֶועלְכֶער עֶס הָאט אִיהם
28 אַלֶץ אוּנְטֶערְטֶעהנִיג גֶעמַאכְט. אָבֶּער וֶוען אַלֶץ וֶועט אִיהם אוּנְטֶער־
טֶעהנִיג וֶוערֶען, דַאמָאלְסְט וֶועט דֶער זָאהן אוֹיךְ אוּנְטֶערְטֶעהנִיג
וֶוערֶען אוּנְטֶער דֶעם, וֶועלְכֶער עֶס הָאט אַלֶץ אוּנְטֶער אִיהם
29 אוּנְטֶערְטֶעהנִיג גֶעמַאכְט, כְּדֵי גָאטְט זָאל זַיין אַלֶץ אִין אַלֶעמֶען. וֶוען
נִיט אַזוֹי, וָואס זָאלֶען טָאן דִיא, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעטוֹבֵל׳ט גֶעוָוארֶען
פַאר דִיא טוֹיטֶע? וֶוען עֶס אִיז אֱמֶת, דָאס דִיא טוֹיטֶע וֶועלֶען נִיט
30 אוֹיף שְׁטֶעהֶן פַאר וָואס זָאל מֶען זֵיי טוֹבֵל׳עֶן פַאר דִיא טוֹיטֶע? אוּן
31 פַאר וָואס שְׁטֶעהֶען מִיר יֶעדֶערֶער צֵייט אִין סַכָּנָה? אַזוֹי אֱמֶת ווִיא
אִיךְ בֶּעריהם מִיךְ מִיט אַייךְ אִין אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ,
32 דָאס יֶעדֶער טָאג אִיז דֶער טוֹיט פַאר מִיר. הָאבּ אִיךְ אִין עֶפֶּעזוּס
נוּר פָאן מֶענְשֶׁענְם וֶועגֶען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט ווִילְדֶע חַיוֹת,
וָואס הָאבּ אִיךְ דֶערְפוּן, וֶוען דִיא טוֹיטֶע וֶועלֶען נִיט אוֹיף שְׁטֶעהֶן?
לָאזֶען מִיר עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען, דֶען מָארְגֶען וֶועלֶען מִיר שְׁטַארְבֶּען.
33 לָאזְט אַייךְ נִיט פַארְפִיהרֶען. שְׁלֶעכְטֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְט פַארְדַארְבְּט
34 גוּטֶע מִדוֹת. שְׁטֶעהט אוֹיף צוּ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן זִינְדִיגְט נִיט.
עֶס זַיינֶען דָא מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע קֶענֶען גָאטְט נִיט; אִיךְ זָאג עֶס אַייךְ
35 צוּ פַארְשֶׁעמֶען. אָבֶּער וֶוען אֵיינֶער וֶועט זָאגֶען: ווִיא אַזוֹי וֶועלֶען
דִיא טוֹיטֶע אוֹיף שְׁטֶעהֶן? אוּן מִיט וָואס פָאר אַיין לֵייבּ וֶועלֶען זֵיי
36 קוּמֶען? דוּא נַאר, דִיא זְרִיעָה, וֶועלְכֶע דוּא זַייסְט, וֶוען זִיא שְׁטַארְבְּט
37 נִיט, אַזוֹי וֶוערְט זִיא נִיט לֶעבֶּענְדִיג. אוּן וֶוען דוּא זַייסְט, זַייסְט דוּא
נִיט דֶעם קֶערְפֶּער, וֶועלְכֶע עֶס וֶועט זַיין, נוּר אַיין הוֹילֶער
38 קֶערֶענְדְעל פָאן ווייץ, אָדֶער פָאן וָואס אַנְדֶערֶעס. אָבֶּער גָאטְט
גִיט אִיהם אַיין לֵייבּ ווִיא עֶר ווִיל, צוּ יֶעדֶער זְרִיעָה זַיין אֵייגֶענֶעם
39 לֵייבּ. נִיט אַלֶע פְלֵייש זֶענֶען דָאס זֶעלְבִּיגֶע פְלֵייש, נוּר אַיין אַנְדֶער
פְלֵייש אִיז דֶעם מֶענְשֶׁענְם, אַיין אַנְדֶערֶעם פָאן דִיא בְּהֵמָה, אַיין

40 אַנְדֶערֶעס פָאן פִישׁ, אֵיין אַנְדֶערֶעס פָאן פֵייגְלֶען. עֶס זֵיינֶען דָא
הִימְעלְשֶׁע קֶערְפֶּער, אוּן עֶרְדֶעשְׁע קֶערְפֶּער. אוּן אַנְדֶערְס אִיז דִיא
הֶערְלִיכְקַייט פָאן דִיא הִימְעלְשֶׁע, אוּן אַנְדֶערְס אִיז דִיא עֶרְדֶעשְׁע.
41 עֶס אִיז אֵיין אַנְדֶערֶע קְלָארְקַייט בַּיי דֶער זָאנֶע, אֵיין אַנְדֶערֶע
קְלָארְקַייט בַּיי דֶער לְבָנָה, אֵיין אַנְדֶערֶע קְלָארְקַייט, הָאבֶּען דִיא
שְׁטֶערֶען, דֶען אֵיין שְׁטֶערֶען אִיבֶּערְשְׁטֵייגְט דֶעם אַנְדֶערֶען אִין
42 קְלָארְקַייט. אַזוֹי אִיז אוֹיךְ תְּחִיַת הַמֵתִים. עֶס וֶוערְט גֶעזֵייט אִין
43 פַארְדַארְבֶּענֶעס, עֶס שְׁטֶעהט אוֹיף אִין נִיט פַארְדַארְבֶּענֶעס. עֶס
וֶוערְט גֶעזֵייט נִיט אִין כָּבוֹד, אוּן עֶס שְׁטֶעהט אוֹיף אִין הֶערְלִיכְ־
קַייט. עֶס וֶוערְט גֶעזֵייט אִין שְׁוַואכְקַייט, אוּן עֶס שְׁטֶעהט אוֹיף אִין
44 גְבוּרָה. עֶס וֶוערְט גֶעזֵייט אֵיין נַאטִירְלִיכֶער לֵייבּ, אוּן עֶס שְׁטֶעהט
אוֹיף אֵיין גֵייסְטְלִיכֶער לֵייבּ. עֶס אִיז דָא אֵיין נַאטִירְלִיכֶער לֵייבּ,
45 אוֹיךְ אִיז דָא אֵיין גֵייסְטְלִיכֶער לֵייבּ. אוּן אַזוֹי שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען:
דֶער עֶרְשְׁטֶער מֶענְשׁ אִיז גֶעוָוארֶען צוּ אֵיין לֶעבֶּענְדִיגֶער זֶועלֶע.
אוּן דֶער לֶעצְטֶער אָדָם צוּ אֵיין גֵייסְט, וָועלְכֶער מַאכְט לֶעבֶּענְדִיג.
46 אָבֶּער דֶער גֵייסְטְלִיכֶער לֵייבּ אִיז נִיט דֶער עֶרְשְׁטֶער, נוּר דֶער
47 נַאטִירְלִיכֶער, אוּן דֶערְנָאךְ אֵיין גֵייסְטְלִיכֶער. דֶער עֶרְשְׁטֶער אָדָם
אִיז אֵיין עֶרְדֶעשֶׁער פָאן דֶער עֶרְד, אוּן דֶער אַנְדֶערֶער אָדָם אִיז
48 דֶער הֶערְר פָאן הִימֶעל. אוּן אַזוֹי וִויא דֶער אִיז גֶעוֶועזֶען פָאן דֶער
עֶרְד, אַזוֹי זֶענֶען אַלֶע דִיא וָועלְכֶע זֶענֶען פָאן דֶער עֶרְד, אוּן וִויא
דֶער אִיז גֶעוֶועזֶען פָאן הִימֶעל, אַזוֹי זֶענֶען דִיא אַלֶע וָואס זֶענֶען פָאן
49 הִימֶעל. אוּן וִויא מִיר הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם בִּילְד פָאן דֶעם,
וָועלְכֶער אִיז פָאן דֶער עֶרְד, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אוֹיךְ טְרָאגֶען דֶעם
50 בִּילְד פָאן דֶעם, וָועלְכֶער אִיז פָאן הִימֶעל. דָאס אָבֶּער זָאג אִיךְ,
בְּרִידֶער, דָאס בְּלוּט אוּן פְלֵיישׁ קֶען נִיט יַרְשֶׁ'ענֶען דָאס מַלְכוּת
הָאֱלֹהִים; אוּן דָאס וָואס וֶוערְט פַארְדָארְבֶּען קָאן נִיט יַרְשֶׁ'עֶנֶען דָאס
51 מַלְכוּת וָואס וֶוערְט נִיט פַארְדָארְבֶּען. זֶעהט, אִיךְ זָאג אֵייךְ
אֵיין סוֹד: מִיר אַלֶע וֶועלֶען נִיט אֵיינְשְׁלָאפֶען (שְׁטַארְבֶּען), אָבֶּער
52 מִיר וֶועלֶען אַלֶע אִיבֶּער גֶעבִּיטֶען וֶוערֶען. פְּלוּצְלִינְג, אִין אֵיין
אוֹיגֶענְבְּלִיק אִין דֶער צֵייט פָאן דֶעם לֶעצְטֶען בְּלָאז פָאן דֶעם שׁוֹפָר.
דֶען דוּרְךְ דֶעם בְּלָאז פָאן דֶעם שׁוֹפָר. וֶועלֶען דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְ־
גֶעוֶועקְט וֶוערֶען נִיט פַארְדָארְבֶּען, אוּן מִיר אַלֶע וֶועלֶען אִיבֶּער

53 גֶעבִּיטֶען וֶוערֶען. דֶען דִיזֶע פַארְדָארְבֶּענֶעם מוּז זִיךְ אָנְטָאן אִין נִיט
פַארְדָארְבֶּענֶעם, אוּן דָאס וָואס שְׁטַארְבְּט וֶועט אָנְטָאן דָאס וָואס
54 עֶס נִיט שְׁטַארְבְּט. אָבֶּער דִיזֶע פַארְדָארְבֶּענֶעם וֶועט אָנְקְלֵיידֶען
דָאס וָואס עֶס וֶוערְט נִיט פַארְדָארְבֶּען. אוּן דָאס וָואס שְׁטַארְבְּט
וֶועט אָנְקְלֵיידֶען דָאס וָואס עֶס נִיט שְׁטַארְבְּט, דַאמָאלְסְט וֶוערְט
55 דֶערְפִילְט וֶוערֶען דָאס וָוארְט, וֶועלְכֶעס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען: דֶער
טוֹיט אִיז פֶערְשְׁלוּנְגֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם נִצָחוֹן? טוֹיט וואוּ אִיז
56 דֵיין שְׁטַאכֶעל? הֶעלְלֶע וואוּ אִיז דֵיין נִצָחוֹן? דֶער שְׁטַאכֶעל פָאן
דֶעם טוֹיט אִיז דִיא זִינְד, אוּן דִיא שְׁטַארְקֵייט פַאן דֶער זִינְד אִיז
57 דִיא תּוֹרָה. אָבֶּער גָאטְט צוּ דַאנְקֶען, וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען
58 דֶעם נִצָחוֹן דוּרְךְ אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. דֶערִיבֶּער, מֵיינֶע
לִיבֶּע בְּרִידֶער זֵייט פֶעסְט, קֶערְט זִיךְ נִיט אָב, אוּן פֶערְמֶעהְרְט
זִיךְ שְׁטֶענְדִיג, אִין דֶעם וֶוערְק פָאן הֶערְרְן, וֵוייל אִיהר וֵוייסְט, דָאס
אֵייעֶר אַרְבֵּייט אִיז נִיט אוּמְזִיסְט אִין דֶעם הֶערְרְן.
טז און וֶועגֶען דִיא צָאהלוּנְג צוּ נוֹיף נֶעמֶען פַאר דִיא הֵיילִיגֶע,
זָאלְט אִיהר אוֹיךְ אַזוֹי טָאן וִויא אִיךְ הָאב מְתַקֵן גֶעוֶוען אִין דִיא
2 גֶעמֵיינְדֶען פָאן גַלַטְיָא. אִין יֶעדֶען עֶרְשְׁטֶען טָאג פָאן דֶער וָואךְ זָאל
יֶעדֶערֶער פָאן אַייךְ נָאךְ זֵיין הַכְנָסָה, אָב לֵייגֶען אוּן צוּ נוֹיף זַאמְלֶען,
כְּדֵי וֶוען אִיךְ וִויל קוּמֶען זָאל מֶען נִיט בֶּעדַארְפֶען עֶס עֶרְשְׁט צוּ
3 זַאמְלֶען. וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ שִׁיקֶען דִיא, וֶועלְכֶע
אִיהר וֶועט אוֹיס דֶערְוֶועהְלֶען, מִיט בְּרִיף, דָאס זֵיי זָאלֶען אַוֶועק
4 פִיהְרֶען אֵייעֶרֶע נְדָבוֹת קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. וֶוען עֶס וֶועט דִיא מִיהֶע
וֶוערְט זֵיין, דָאס אִיךְ זָאל אוֹיךְ גֶעהְן, אַזוֹי וֶועלֶען זֵיי מִיט מִיר
5 גֶעהְן. אוּן אִיךְ וֶועל צוּ אַייךְ קוּמֶען נָאךְ מֵיין בֶּערֵייזֶען מַאקֶעדָאנִיעֶן;
6 דָארְטֶען וֶועל אִיךְ נוּר דוּרְךְ רֵייזֶען. בֵּיי אַייךְ אָבֶּער וֶועל אִיךְ
אֶפְשַׁר בְּלֵייבֶּען אָדֶער אוֹיךְ וִוינְטֶערְן, כְּדֵי אִיהר זָאלְט מִיךְ בֶּע־
7 גְלֵייטֶען וואוּהִין אִיךְ וֶועל גֶעהְן. אִיךְ וָואלְט נִיט גֶעוָואלְט אַייךְ נוּר
אוֹיף דֶער דוּרְךְ רֵייזֶע זֶעהֶען, דֶען אִיךְ הָאפֶע אֵיין צֵייט צוּ בְּלֵייבֶּען
בֵּיי אַייךְ, וֶוען גָאטְט וֶועט מִיר דֶערְלוֹיבֶּען. אִיךְ וִויל בְּלֵייבֶּען אִין
8 9 עֶפֶעזוּס בִּיז שָׁבוּעוֹת. דֶען עֶס הָאט זִיךְ מִיר אוֹיף גֶעעֶפֶענְט אֵיין
גְרוֹיסֶע טִיהר אוּן פִיל אַרְבֵּייט, דֶערְבֵּיי זֶענֶען פִילֶע שׂוֹנְאִים דָא.
10 אוּן וֶוען טִימָאטֶהוּס וֶועט צוּ אַייךְ קוּמֶען, אַזוֹי זֶעהְט דָאס עֶר זָאל

בַּיי אַייךְ זַיין אָן מוֹרָא, וַוייל עֶר אַרְבַּייט גָאטְטֶעס וֶוערְק גְלַייךְ
11 ווִיא אִיךְ. דֶערִיבֶּער זָאל אִיהם קֵיינֶער נִיט הַאלְטֶען פַאר קְלֵיין,
בֶּעגְלֵייטֶעט אִיהם אִין פְרִידֶען, כְּדֵי עֶר זָאל צוּ מִיר קוּמֶען, דֶען
12 אִיךְ דֶערְוַוארְט אִיהם מִיט דִיא בְּרִידֶער. פָאן דֶעם בְּרוּדֶער
אַפָּאלָלָאס, אָבֶּער זָאלְט אִיהר ווִיסֶען, דָאס אִיךְ הָאבּ אִיהם פִיל
צוּ גֶערֶעט מִיט דִיא בְּרִידֶער צוּ אַייךְ צוּ גֶעהְן, עֶר אָבֶּער הָאט
יֶעצְט נִיט גֶעוָואלְט, דָאךְ וֶועט עֶר קוּמֶען וֶוען עֶס וֶועט אִיהם אוֹיסְ־
13 קוּמֶען. וַואכְט אוּן שְׁטֶעהט אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען פֶעסְט ווִיא
14 מֶענֶער. אַלֶע אֵייעֶרֶע זַאכֶען זָאלְט אִיהר טָאן מִיט לִיבֶּע. אִיךְ פַארְזָאג
15 אַייךְ, בְּרִידֶער, אַזוֹי ווִיא אִיהר קֶענְט סְטֶעפַאנָאס הוֹיז, דָאס עֶס
אִיז דֶער אָנְפַאנְג פָאן אַכַאיָא, אוּן ווִיא זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער גֶע־
16 גֶעבֶּען צוּם דִינְסְט פָאן דִיא הֵיילִיגֶע. אַזוֹי זָאלְט אִיהר אוֹיךְ
אַזֶעלְכֶע אוּנְטֶערְטֶעהנִיג זַיין, אַזוֹי ווִיא יֶעדֶערֶען, וֶועלְכֶער ווִירְקְט
17 מִיט אוּן אַרְבֶּעט. אִיךְ פְרֵייעֶ מִיךְ, דָאס סְטֶעפַאנוּס אוּן פָארְטוּנָאטוּס
אוּן אֲכַאִיקוּס זֶענֶען גֶעקוּמֶען, דֶען זֵיי הָאבֶּען מְמַלֵא גֶעוֶוען, דָאס
18 וָואס אִיךְ בִּין בַּיי אַייךְ נִיט דָא. אוּן זֵיי הָאבֶּען דֶערְקְווִיקְט מֵיין
19 אוּן אֵייעֶר גֵייסְט. דֶערִיבֶּער אַכְטֶעט זֵיי. דִיא גֶעמֵיינְדֶען פָאן
אַזִיעֶן גֶערִיסֶען אַייךְ. עֲקִילַס־ אוּן פְּרִיסְקִילָה, אוֹיךְ דִיא פַארְ־
20 זַאמְלוּנְג אִין זֵייעֶר הוֹיז גֶערִיסֶען אַייךְ זֶעהֶער אִין הֶערְן. אַלֶע
בְּרִידֶער גֶערִיסֶען אַייךְ. גֶערִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מִיט דֶעם
21 הֵיילִיגֶען קוּס. אִיךְ פּוֹלוֹס גֶערִיס אַייךְ דוּרְךְ מֵיין אֵייגֶענֶער הַאנְד.
22 וֶוער עֶס לִיבְּט נִיט דֶעם הֶערְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ זָאל זַיין אִין חֵרֶם.
23 מָרָן אַתָא (בִּיז דֶער הֶערְר וֶועט קוּמֶען). דִיא גְנָאד פָאן יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ אוּנְזֶערֶען הֶערְן זָאל מִיט אַייךְ זַיין. מֵיין לִיבֶּע אִיז מִיט
אַייךְ אַלֶעמֶען אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ. אָמֵן.

# דער צווייטע בריף צו דיא קארינטהער

א פּוֹלוֹס אֵיין שְׁלִיחַ פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דוּרְךְ גָאטְטֶעס ווִילֶען, אוּן
אוּנְזֶער בְּרוּדֶער טִימָאטֶעהאוּס צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע פָאן גָאטְט אִין

2 קָארִינְטְהָ, מִיט אַלֶע הֵיילִיגֶע, וֶועלְכֶע זֶענֶען אִין אֲכַאְיָא. גְנָאד אוּן
פְּרִידֶען צוּ אַייךְ פָאן גָאטְט אוּנְזֶער פָאטֶער אוּן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יְשׁוּעַ
3 הַמָּשִׁיחַ. גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאטְט אוּן דֶער פָאטֶער פָאן אוּנְזֶערֶען
הֶערְרְן יְשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶער פָאטֶער פָאן בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּן
4 דֶער גָאטְט פָאן אַלֶע טְרוֹיסְט. וֶועלְכֶער טְרֵייסְטֶעט אוּנְז אִין אַלֶע
אוּנְזֶערֶע טְרוֹיעֶר, כְּדֵי מִיר זָאלֶען קֶענֶען טְרוֹיסְטֶען דִיא וָואס זֶענֶען
אִין אַלֶערְלֵיי טְרוֹיעֶר מִיט דֶעם טְרוֹיסְט וָואס מִיר וֶוערֶען גֶעטְרֵייסְט
5 פָאן גָאטְט. דֶען גְלֵייךְ וִויא מִיר דֶעם מָשִׁיחַ'ס לֵיידֶען פִיל הָאבֶּען,
6 אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אוֹיךְ פִיל גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען דוּרְךְ דֶעם מָשִׁיחַ. אָבֶּער
וֶוען מִיר הָאבֶּען טְרוֹיעֶר, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר עֶס צוּ אֵייעֶר טְרוֹיסְט אוּן
הִילְף, וֶועלְכֶע הִילְף בֶּעוֵייזְט דוּרְךְ אֵייעֶר אִיבֶּער טְרָאגֶען דִיא
זֶעלְבִּיגֶע לֵיידֶען וָואס מִיר לֵיידֶען מִיט גֶעדוּלְד (סַבְלָנוּת). אוּן וֶוען
מִיר הָאבֶּען אֵיין טְרוֹיסְט, אַזוֹי אִיז זִיא אוֹיךְ פַאר אֵייעֶר טְרוֹיסְט אוּן
7 הִילְף. אַזוֹי הָאבֶּען מִיר גוּטֶע הָאפְּענוּנְג פַאר אַייךְ אִין דֶעם גֶעדַאנְקֶען,
דָאס אִיהר אַזוֹי וִויא אִין לֵיידֶען, אַזוֹי אוֹיךְ אִין טְרוֹיסְט הָאט אֵיין
8 טֵייל. דֶען מִיר ווִילֶען נִיט, בְּרִידֶער, אַייךְ לָאזֶען אָן אֵיין יְדִיעָה פָאן
אוּנְזֶער טְרוֹיעֶר וֶועלְכֶע עֶס הָאט אוּנְז אִין אַזִיָא גֶעטְרָאפֶען. זִיא אִיז
זֶעהר שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען פַאר אוּנְז, מֶעהר פָאן אוּנְזֶער כֹּחַ, אַזוֹי דָאס מִיר
9 הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין מְיָאֵשׁ גֶעוֶועזֶען פָאן דֶעם לֶעבֶּען. אוּן הָאבֶּען בֵּיי אוּנְז
בֶּעשְׁלָאסֶען, מִיר מוּזֶען שְׁטַארְבֶּען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען זִיךְ נִיט פַאר
זִיכֶערֶען אוֹיף זִיךְ אַלֵיין, נוּר אוֹיף גָאטְט, וֶועלְכֶער אִיז מְחַיֶּה מֵתִים.
10 וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז פָאן אַזוֹי אֵיין טוֹיט מַצִיל גֶעוֶועזֶען, אוּן אִיז אוּנְז
מַצִיל; אוּן אוֹיף וֶועלְכֶען מִיר הָאפְּפֶען, דָאס עֶר וֶועט אוּנְז מַצִיל
11 זַיין. וֶוען אִיהר וֶועט אוּנְז אוֹיךְ מִיט הֶעלְפֶען מִתְפַּלֵּל זַיין פַאר אוּנְז,
כְּדֵי פִילֶע זָאלֶען דַאנְקֶען פַאר אוּנְז פַאר דִיא גְנֶעדִיגֶע מַתָּנָה, וֶועלְכֶע
12 מִיר הָאבֶּען דוּרְךְ פִילֶען. וֶוען מִיר בֶּערִיהמֶען אוּנְז, אַזוֹי טְהוּעֶן
מִיר עֶס מִיט אוּנְזֶער גֶעוִויסֶען צוּ בֶּעוֵייזֶען, דָאס מִיר זֶענֶען אִין
הֵיילִיגְקֵייט אוּן לוֹיטֶערְקֵייט גָאטְטֶעס, נִיט מִיט פְלֵיישְׁלִיכֶע חָכְמָה,
נוּר מִיט גָאטְטֶעס גְנַאדֶע גֶעגַאנְגֶען, וִויא אִין דֶער אִיבֶּערְהוֹיפְּט
13 (בִּכְלָל), אַזוֹי גַאנְץ בֶּעזוּנְדֶער (בִּפְרַט) אַנְטְקֶעגֶען אַייךְ. דֶען מִיר
שְׁרֵייבֶּען אַייךְ נִיט עֶטְוָואס אַנְדֶערְס, נוּר דָאס וָואס אִיהר לֵייעֶנְט
אוּן אוֹיךְ פַארְשְׁטֶעהט, אוּן אִיךְ הָאף, דָאס אִיהר וֶועט בִּיז צוּם עֶנְדֶע

14 פַּארְשְׁטֶעהְן. וִויא אִיהר הָאט אוּנְז שׁוֹין אַבִּיסֶעל פַּארְשְׁטַאנֶען, דָאס
מִיר זַיינֶען אֵייעֶר בֶּערִיהמוּנְג, אַזוֹי וִויא אִיהר זַייט אוּנְזֶער בֶּערִיהמוּנְג
15 אִין דֶעם טָאג פָאן אוּנְזֶערְן הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. אוּן מִיט דִיזֶען
פֶּערְטְרוֹיעֶן ווִיל אִיך צוּם עֶרְשְׁטֶען צוּ אַייך קוּמֶען, כְּדֵי אִיהר זָאלְט
16 צְווייא מָאל דִיא פְרֵיידֶע הָאבֶּען. אוּן דוּרְך אַייך צוּ רֵייזֶען קֵיין
מַאקֶעדָאנִיעֶן, אוּן פָאן מַאקֶעדָאנִיעֶ צוּ קוּמֶען נָאך אֵיין מָאל צוּ אַייך
17 אוּן אִיהר זָאלְט מִיך בֶּעגְלֵייטֶען קֵיין יְהוּדָה. הָאבּ אִיך אָבֶּער אִין
דִיזֶער כַּוָּנָה אָן אֵיין אִיבֶּערְלֵייגוּנְג גֶעטָאן? אָדֶער זַיינֶען מֵיינֶע פְּלֶענֶער
18 פְלֵיישְׁלִיכֶע, אַזוֹי דָאס בֵּיי מִיר אִיז יַא יַא מִיט נֵיין נֵיין גְלֵייך? אָבֶּער
גָאטְט אִיז מֵיין עֵדוּת, דָאס אוּנְזֶער וָוארְט צוּ אַייך אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען יַא
19 אוּן נֵיין. דֶען דֶער גָאטְטֶעס זָאהְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ וֶועלְכֶער אִיז
גֶעפְּרֶעדִיגְט צְווִישֶׁען אַייך דוּרְך אוּנְז: דוּרְך מִיר אוּן דוּרְך סִילְוַואנוּס
אוּן טִימָאטֶעהוּס, עֶר אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען יַא אוּן נֵיין, נוּר אִין אִיהם אִיז
20 יַא גֶעוֶועזֶען. דֶען אַלֶע הַבְטָחוֹת פָאן גָאטְט זֶענֶען אִין אִיהם יַא, אוּן אִין
21 אִיהם אִיז אָמֵן, צוּם לוֹיבּ פָאן גָאטְט דוּרְך אוּנְז. דֶער, וֶועלְכֶער
פֶעסְטִיגְט אוּנְז מִיט אַייך פַאר דֶעם מָשִׁיחַ'ן אוּן הָאט אוּנְז אוֹיך
22 גֶעזַאלְבְּט, אִיז גָאטְט. וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז גֶע'חַתְמ'עט אוּן הָאט אוּנְז
23 אִין הַארְצֶען גֶעגֶעבֶּען זַיין גֵייסְט פַאר אֵיין מַשְׁכּוֹן. אִיך רוּף גָאטְט
פַאר אֵיין עֵדוּת אוֹיף מֵיין זֶעעלֶע, דָאס מֵחֲמַת אִיך הָאבּ אַייך
גֶעשׁוֹינְט בִּין אִיך דֶערִיבֶּער בִּיז יֶעצְט נִיט גֶעקוּמֶען קֵיין קָארִינְתְה.
24 נִיט דָאס מִיר אִיבֶּער אֵייעֶרֶען גְלוֹיבֶּען הֶערְשֶׁען, נוּר מִיר
אַרְבֶּעטֶען מִיט פַאר אֵייעֶר פְרֵייד, דֶען אִיהר שְׁטֶעהט אִין גְלוֹיבֶּען.
ב אִיך הָאבּ אָבֶּער בֵּיי מִיר גֶעדַאכְט, דָאס אִיך זָאל נִיט קוּמֶען
2 צוּ אַייך נָאך אֵיין מָאל אִין טְרוֹיעֶרְקֵייט. דֶען וֶוען אִיך וֶועל אַייך
טְרוֹיעֶרִיג מַאכֶען, וֶוער וֶועט מִיך פְרֵיילַאך מַאכֶען, אוֹיסֶער דֶער
3 וֶועלְכֶען אִיך הָאבּ טְרוֹיעֶרִיג גֶעמַאכְט. אוּן דָאס זֶעלְבִּיגֶע הָאבּ אִיך
אַייך גֶעשְׁרִיבֶּען, כְּדֵי וֶוען אִיך וֶועל קוּמֶען זָאל אִיך נִיט בֶּעטְרִיבְּט
זַיין אִיבֶּער דִיא, אִיבֶּער וֶועלְכֶע אִיך וָואלְט זִיך בֶּעדַארְפְט פְרֵייעֶן,
דֶען אִיך הָאף אוֹיף אַייך אַלֶעמֶען, דָאס מֵיין שִׂמְחָה אִיז דִיא
4 שִׂמְחָה פָאן אַייך אַלֶעמֶען. פָאן פִילֶע צָרוֹת אוּן הַארְצְקְלֶעמֶענִעס
מִיט פִיל טְרֶערֶען הָאבּ אִיך אַייך גֶעשְׁרִיבֶּען, נִיט אִיך זָאל אַייך
טְרוֹיעֶרִיג מַאכֶען, נוּר אִיהר זָאלְט וִויסֶען דִיא גְרוֹיסֶע לִיבֶּע, וָועלְכֶע

5 אִיךְ לִיבּ אַייךְ. הָאט אָבֶּער אֵיינֶער בֶּעטְרִיבֶּענִעס גֶעמַאכְט. אַזוֹי
הָאט עֶר נִיט מִיר בֶּעטְרִיבְּט, נוּר אַייךְ אַלֶעמֶען, וֶוייְנִיגְסְטֶענְס אִיךְ
6 זָאל נִיט צוּ פִיל זָאגֶען, אֵיין טֵייל פָאן אַייךְ. פַאר אַזֶעלְכֶען אִיז
7 גֶענוּג פָאן פִילֶען גֶעשְׁטְרָאפְט צוּ וֶוערֶען. אַזוֹי, דָאס עֶס אִיז שׁוֹין
בֶּעסֶער פַאר אַייךְ אִיהר זָאלְט אִיהם מוֹחֵל זַיין אוּן טְרֵייסְטֶען,
8 כְּדֵי עֶר זָאל נִיט אִין אֵיין צוּ גְרוֹיסֶען טְרוֹיעֶר פַארְזִינְקֶען. דֶערִיבֶּער
זָאג אִיךְ אַייךְ אָן, דָאס אִיהר זָאלְט אִיהם וֵוייזֶען אֵייעֶר לִיבֶּע.
9 דֶען דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען, כְּדֵי אִיךְ זָאל אַייךְ פְּרוּבֶּען
10 אוֹיבּ אִיהר אִין אַלְדִינְג גֶעהָארְכְט. אוּן וֶועמֶען אִיהר וֶועט מוֹחֵל זַיין
וֶועל אִיךְ אִיהם אוֹיךְ מוֹחֵל זַיין, דֶען וֶוען אִיךְ הָאבּ אֵיינֶעם מוֹחֵל
גֶעוֶועזֶען, הָאבּ אִיךְ אִיהם פָאן אֵייעֶרְט וֶועגֶען מוֹחֵל גֶעוֶועזֶען, אָנְשְׁטָאט
11 דֶעם מָשִׁיחַ'ן, כְּדֵי דֶער שָׂטָן זָאל אוּנְז נִיט אָבּ נַארֶען. דֶען עֶס אִיז
12 אוּנְז בֶּעקַאנְט זַיינֶע מַחֲשָׁבוֹת. ווִיא אִיךְ בִּין אָבֶּער גֶעקוּמֶען קֵיין
טְרוֹאַס אָנְצוּזָאגֶען דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פָאן דֶעם מָשִׁיחַ, הֲגַם עֶס
13 הָאט זִיךְ מִיר דוּרְךְ דֶעם הֶערְרְן גֶעעֶפֶענְט אֵיין טְהִיר. אָבֶּער מֵיין
גַייסְט הָאט דָאךְ קֵיין רוּהֶע נִיט גֶעהַאט, ווייל אִיךְ הָאבּ נִיט גֶע־
טְרָאפֶען דָארְטֶען מֵיין בְּרוּדֶער טִיטוּס, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיךְ אָבּ־
14 גֶעזֶעגֶענְט מִיט זֵיי אוּן בִּין גֶעגַאנְגֶען קֵיין מַאקֶעדָאנִיעֶן. נוּר
דַאנְקֶען גָאטְט, וָואס עֶר גִיט אוּנְז אַלֶע צֵייט נִצָּחוֹן אִין דֶעם מָשִׁיחַ,
אוּן אַנְפְּלֶעקְט אִין אַלֶע עֶרְטֶער דוּרְךְ אוּנְז דֶעם רֵיחַ פָאן זַיין דֶערְ־
15 קֶענְטֶענִעס. דֶען מִיר זֶענֶען פַאר גָאטְט אֵיין גוּטֶער רֵיחַ פָאן דֶעם
מָשִׁיחַ צְווִישֶׁען דִיא גֶערֶעטֶעטֶע אוּן צְווִישֶׁען דִיא פַארְלָארֶענֶע.
16 פַאר דִיזֶע אֵיין רֵיחַ פָאן טוֹיט צוּם טוֹיט, אוּן פַאר יֶענֶע אֵיין רֵיחַ
17 פָאן לֶעבֶּען צוּם לֶעבֶּען. אוּן וֶוער אִיז דֶער צוּ טוֹיגְלַאךְ? דֶען מִיר
פֶערְפַאלְשֶׁען נִיט ווִיא פִילֶע, גָאטְטֶעס וָוארְט, נוּר מִיר זֶענֶען מִיט
אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט ווִיא פָאן גָאטְט, רֶעדֶען פַאר גָאטְט, אִין דֶעם מָשִׁיחַ.
ג הוֹיבֶּען מִיר דֶען זִיךְ ווִידֶער אָן צוּ לֵייבֶּען? אָדֶער בֶּעדַ־
אַרְפֶען מִיר דֶען, ווִיא אַנְדֶערֶע עֶמְפֶּפֶעלוּנְגְס בְּרִיף צוּ אַייךְ,
2 אָדֶער פָאן אַייךְ? אִיהר זֶענְט אוּנְזֶער בְּרִיף גֶעשְׁרִיבֶּען אִין אוּנְזֶער
3 הַארְצֶען, בֶּעקַאנְט אוּן גֶעלֵייעֶנְט פָאן אַלֶע מֶענְשֶׁען. דֶען עֶס אִיז
עֶפֶענְטְלִיךְ בֶּעקַאנְט, דָאס אִיהר זֶענְט דֶעם מָשִׁיחַ'ס בְּרִיף, וֶועלְכֶער
אִיז בֶּעזָארְגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ אוּנְזֶער דִינְסְט, נִיט מִיט טִינְט גֶער־

שְׁרִיבֶּען, נוּר מִיט דֶעם גֵייסְט פָאן דֶעם לֶעבֶּענְדִיגֶען גָאטְט, אוּן
נִיט אוֹיף שְׁטֵיינֶערְנֶע טַאפְלֶען, נוּר אוֹיף פְלֵיישֶׁענֶע טַאפְלֶען פָאן
4 דֶעם הַארְצֶען. אַזֶעלְכֶע פֶערְטְרוֹיאוּנְג הָאבֶּען מִיר אִין גָאטְט
5 דוּרְךְ דֶעם מָשִׁיחַ'ן. נִיט ווייל מִיר טוֹיגֶען פָאן אוּנְז צוּ דֶענְקֶען
עֶטְוָואס, גְלֵייךְ וִויא דָאס וָואלְט פָאן אוּנְז אַלֵיין גֶעוֶועזֶען, נוּר אוּנְזֶער
6 טוֹיגְלַאכְקֵייט אִיז פָאן גָאטְט. עֶר הָאט אוּנְז דִיא טוֹיגְלַאכְקֵייט
גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיין דִינֶער פָאן דֶעם בְּרִית הַחֲדָשָׁה נִיט פָאן דִיא
אוֹתִיוֹת, נוּר פָאן דֶעם גֵייסְט, ווייל דֶער אוֹת מַאכְט טוֹיט אוּן דֶער
7 גֵייסְט מַאכְט לֶעבֶּענְדִיג. וֶוען אָבֶּער דֶער דִינְסְט פָאן טוֹיט, מִיט
זֵיינֶע גֶעשְׁרִיבֶּענֶע אוֹתִיוֹת אוֹיף שְׁטֵיין אִיז אַזוֹי הֶערְלִיךְ גֶעוֶועזֶען
דָאס דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט קוּקֶען אוֹיף משֶׁה'ס
פָּנִים וֶועגֶען דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פָאן זֵיין פָּנִים וֶועלְכֶע פַארְגֶעהְט
8 דָאךְ. וִויא פִיל גְרֶעסֶער דַארְף שׁוֹין זֵיין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פָאן
9 דֶעם דִינְסְט פָאן דֶעם גֵייסְט? דֶען וֶוען דֶער דִינְסְט, וֶועלְכֶער
פַאר'מִשְׁפָּט אִיז הֶערְלִיךְ, וִויא פִיל מֶעהר מוּז הֶערְלִיךְ זֵיין דֶער
10 דִינְסְט. וֶועלְכֶער גֶערֶעכְט מַאכְט? דֶען דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פָאן
יֶענֶעם טֵייל, וֶועלְכֶער אִיז נִיט צוּ פַארְגְלֵייכֶען גֶעגֶען דִיזֶע זֶעהר
11 גְרוֹיסֶע הֶערְלִיכְקֵייט. וֶוען דָאס וָואס וֶוערְט בָּטֵל אִיז הֶערְלִיךְ
גֶעוֶועזֶען, וִויא פִיל מֶעהר וֶועט דָאס הֶערְלִיכְקֵייט הָאבֶּען דָאס
12 וָואס עֶס בְּלֵייבְּט. דֶערִיבֶּער ווייל מִיר הָאבֶּען אַזוֹי אֵיין הָאפְּפֶענוּנְג,
13 רֶעדֶען מִיר מִיט אַלֶע פְרֵייהֵייט. נִיט וִויא משֶׁה, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ
אוֹיף דֶעם פָּנִים אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אֵיין דֶעקְטוּךְ, כְּדֵי דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
זָאלֶען נִיט קָאנֶען זֶעהֶן דָאס עֶנְדֶע פָאן דֶעם, וָואס עֶס בֶּעדַארְף
14 בָּטֵל וֶוערֶען. אָבֶּער זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען זֵיינֶען פַארְהַארְטֶעט גֶע-
וָוארֶען, דֶען בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג בְּלֵייבְּט דֶער זֶעלְבִּיגֶער דֶעקְטוּךְ
נִיט אוֹיפְגֶעדֶעקְט וֶוען זֵיי לֵייעֶנֶען דָאס אַלְטֶע טֶעסְטַאמֶענְט (תנ"ך),
15 וֶועלְכֶעס וֶוערְט בָּטֵל אִין דֶעם מָשִׁיחַ'ן. בִּיז הֵיינְט נָאךְ, וֶוען זֵיי
לֵייעֶנֶען משֶׁה'ס (תּוֹרָה) לִיגְט דֶער דֶעקְטוּךְ אוֹיף זֵייעֶר הַארְצֶען.
16 אָבֶּער וֶוען זֵיי וֶועלֶען זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען צוּם הֶערְן וֶועט דֶער דֶעקְ-
17 טוּךְ אַוֶועק גֶענוּמֶען וֶוערֶען. דֶען דֶער הֶערר אִיז דֶער גֵייסְט, אוּן
וואוּ דֶער גֵייסְט פָאן דֶעם הֶערְן אִיז דָא דָארְטֶען אִיז פְרֵייהֵייט.
18 מִיר אַלֶע אָבֶּער, וֶועלְכֶע מִיר מִיט אֵיין אָבְּגֶעדֶעקְטֶען פָּנִים לָאזֶען

אוּנְז פָאן דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פָאן הֶערְרְן בְּעשְׁפִּיגֶעלְן (בֶּעשֵׁיינֶען)
וֶועלֶען אִין דִיזֶען בִּילְד זִיךְ אוּמְגֶעבִּיטֶען וֶוערֶען פָאן הֶערְלִיכְקֵייט
אוֹיף הֶערְלִיכְקֵייט, וִויא פָאן דֶעם גַייסְט פָאן הֶערְרְן׃
דֶערִיבֶּער, ווייל מִיר הָאבֶּען אַזוֹי אֵיין דִינְסְט, דוּרְךְ דִיא ד
בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט, וֶועלְכֶע עֶס אִיז אוּנְז גֶעשֶׁעהֶען, הָאבֶּען מִיר קֵיין
מוֹרָא נִיט. אַלֶע שַׁאנְדֶע אוּן פַארְבָּארְגוּנְג הָאבֶּען מִיר אָנְדֶערְזַייט 2
אָוֶועקְגֶעלֵייגְט, ווייל מִיר גֶעהֶען נִיט אַרוּם מִיט רַמָאוּת, אוּן פַארְ־
פַאלְשֶׁען נִיט, גָאטְטֶעס וָוארְט, נוּר דוּרְךְ בֶּעקַאנְט מַאכֶענְד דֶעם
אֱמֶת שְׁטֶעלֶען מִיר זִיךְ יֶעדֶערֶען מֶענְשְׁלִיכֶען אוּרְטֵייל (מִשְׁפָּט)
פָאן זַיין גֶעווִיסֶען פַאר גָאטְט. אוֹיבּ אוּנְזֶער עֶוַואנְגֶעלִיוּם אִיז פַארְ־ 3
דֶעקְט, אַזוֹי אִיז עֶס פַערְדֶעקְט פַאר דִיא פֶערְלָארֶענֶע. אוּן דִיא, 4
וֶועלְכֶע דֶער גָאטְט פָאן דִיזֶער וֶועלְט הָאט דֶעם זִינֶען פָאן דִיא
אוּנְגְלֵייבִּיגֶע בְּלִינְד גֶעמַאכְט, דָאס קֵיין שְׁטְרַאהל זָאל נִיט אַרַיינְגֶעהן
פָאן דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם פָאן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן,
וֶועלְכֶער אִיז דֶער גְלֵייכֶער בִּילְד פָאן גָאטְט. דֶען מִיר פְּרֶעדִיגֶען 5
נִיט זִיךְ אַלֵיין, נוּר דֶעם מָשִׁיחַ יְשׁוּעַ, דָאס עֶר אִיז דֶער הֶערר,
מִיר אָבֶּער זֶענֶען אֵייעֶרֶע קְנֶעכְט פָאן יְשׁוּעַ'ס וֶועגֶען. דֶען גָאטְט 6
וֶועלְכֶער הָאט גֶעזָאגְט: דָאס פָאן דֶער פִינְסְטֶערְנֶעס זָאל דָאס לִיכְט
לֵייכְטֶען, דֶער הָאט אֵיין הֶעלֶען שֵׁיין אִין אוּנְזֶער הַארְצֶען גֶעגֶעבֶּען,
דָאס (דוּרְךְ אוּנְז) זָאל אָנְפַאנְגֶען דִיא דֶערְלֵייכְטוּנְג פָאן דֶער
ווִיסֶענְשַׁאפְט פָאן גָאטְטֶעס הֶערְלִיכְקֵייט, אִין דֶעם פָּנִים פָאן דֶעם
מָשִׁיחַ. דִיזֶען אוֹצָר אָבֶּער הָאבֶּען מִיר אִין לֵיימֶענֶע כֵּלִים, 7
כְּדֵי זֵייעֶר גְרוֹיסֶע קְרַאפְט זָאל זַיין גָאטְטֶעס אוּן נִיט פָאן אוּנְז.
מִיר זֶענֶען פָאן אַלֶע זֵייטֶען פַארַיינְגְט, אָבֶּער נִיט צוּקְוֶועטְשְׁט; 8
מִיר זֶענֶען אִין נוֹיט, אָבֶּער מִיר זַיינֶען זִיךְ נִיט מְיַאֵשׁ. מִיר וֶוערֶען 9
גֶע'רוֹדֵפ'ט, אָבֶּער נִיט פַארְלָאזֶען. אַנִידֶער גֶעווָארְפֶען, אָבֶּער נִיט
פֶערְלָארֶען. שְׁטֶענְדִיג טְרָאגֶען מִיר אִין אוּנְזֶערֶע לֵייבֶּער דֶעם טוֹיט 10
פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יְשׁוּעַ, כְּדֵי עֶס זָאל אִין אוּנְזֶערֶע לֵייבֶּער אוֹיךְ
אַנְפְּלֶעקְט וֶוערֶען דֶער לֶעבֶּען פָאן יְשׁוּעַ'ן. דֶען מִיר לֶעבֶּענְדִיגֶע 11
וֶוערֶען שְׁטֶענְדִיג אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם טוֹיט וֶועגֶען יְשׁוּעַ'ן, כְּדֵי
עֶס זָאל זִיךְ אִין אוּנְזֶערֶען שְׁטֶערְבְּלִיכֶען פְלֵייש אוֹיךְ אַנְפְּלֶעקְט
וֶוערֶען דֶער לֶעבֶּען פָאן יְשׁוּעַ'ן. דֶערִיבֶּער ווירְקְט דֶער טוֹיט אִין 12

13 אונז, און אין אייך דער לעבען. ווייל מיר האבען אבער דעמזעלבינגען
גייסט פון גלויבען וויא עס שטעהט געשריבען: איך האב געגלויבט,
דעריבער האב איך גערעט. אויך מיר גלויבען, דעריבער רעדען
14 מיר. ווייל מיר ווייסען. דאס ווער עס האט אויפגעוועקט דעם
הערן ישוע, דער וועט אונז אויך אויפוועקען דורך ישוע'ן און
15 וועט אונז מיט אייך פארשטעלען. דען אלץ איז געשעהען וועגען
אייך, כדי ווען דיא גנאד וועט זיך דורך פילע פערמעהרען זאל
16 זיך דער דאנק צו גאטטעס לויב פארגרעסערן. דעריבער לאזען
מיר ניא פארלירען דעם מוטה, נור ווען אויך אונזער אויס־
ווענינגסטער מענש ווערט צושטערט, אזוי ווערט דאך דער
17 אינעווייניגסטער מענש פאן טאג צו טאג נייער. דען אונזער ליידען
וועלכעס איז נור אויף איין אויגענבליק און לייכט, שאפט איין
עוויגע און גאר אן איין מאס איין וויכטיגען אוצר פאן הערליכקייט.
18 פאר אונז, ווען מיר ניט זעהען אויף דאס וואס עס ווערט געזעהען,
נור אויף דאס וואס עס ווערט ניט געזעהען; דען דאס וואס מען
זעהט איז נור אויף איין צייט, אבער דאס וואס מען זעהט ניט
איז אויף עוויג.

ה דען מיר ווייסען ווען אונזער ערדענער צעלט פאן לייב ווערט
צושטערט, אזוי האבען מיר איין געביידע פאן גאטט, איין הויז
וואס עס איז ניט מיט הענד געמאכט געווארען, און עס איז עוויג
2 אין הימעל. און איבער דאסזעלביגע זיפצען מיר און פארלאנגען,
3 מיט אונזערעם הויז ארומגעקליידעט צו ווערען פאן הימעל. ווען
4 מיר וועלען עס אנקליידען, ניט נאקעט געפונען צו ווערען. מיר
זיפצען דעריבער, ווייל מיר זיינען אין דיזען צעלט, עס ליגט וויא
איין משא אויף אונז, דאס מיר וואלטען ניט צום ערשטען אויס־
געקליידעט ווערען, נור בעסער ארומגעקליידעט ווערען, אזוי, דאס
דאס וואס עס שטארבט זאל פאן דעם לעבען פארשלונגען ווערען.
5 דער, וועלכער עס האט אונז דער צו אנגעבריייט איז גאטט,
6 וועלכער האט אונז געגעבען זיין גייסט פאר איין משכון. מיר
זענען אלע צייט געטרויסט, און ווייסען, דאס כל זמן מיר ווייגען
7 אין לייב זענען מיר דערווייטערט פאן דעם הערן. דען מיר
8 געהען אין גלויבען און ניט אין דעם וואס מען זעהט. אבער מיר

זֶענֶען זִיכֶער, אוּן מִיר הָאבֶּען בֶּעסֶער לוּסְט צוּ פַארְבֵּייטֶען דֶעם
9 הֵיים פָאן דֶעם לֵייבּ אוֹיף דֶעם הֵיים בֵּיי דֶעם הֶערְן. אוּן
דֶערִיבֶּער זוּכֶען מִיר אוֹיךְ, סַאי וֶוען מִיר זֶענֶען אִין דֶער הֵיים אָדֶער
10 אִין דְרוֹיסֶען, דָאס מִיר זָאלֶען אִיהם גֶעפֶעהלֶען. דֶען מִיר אַלֶע
מוּזֶען אַנְפְּלֶעקְט וֶוערֶען פַאר דֶעם שְׁטוּהל פָאן גֶערִיכְט פָאן דֶעם
מָשִׁיחַ'ן, כְּדֵי יֶעדֶערֶער זָאל מְקַבֵּל זַיין שְׂכַר נָאךְ זֵיינֶע מַעֲשִׂים
וָואס עֶר הָאט גֶעטָאן וֶוען עֶר הָאט אִין גוּף גֶעלֶעבְּט, סַאי גוּטֶעס,
11 אָדֶער בֶּעזֶעס. דֶערִיבֶּער, וֵוייל מִיר וֵוייסֶען, דָאס מֶען דַארְף מוֹרָא
הָאבֶּען פַאר דֶעם הֶערְן, זוּכֶען מִיר מֶענְשֶׁען צוּ גֶעוִוינֶען; אוּן מִיר
זֶענֶען פַאר גָאטְט בֶּעקַאנְט. אוּן אִיךְ הָאף דָאס מִיר זֶענֶען פַאר
12 אֵייעֶר גֶעוִויסֶען אוֹיךְ דֶערְקֶענְט. מִיר לוֹיבֶּען זִיךְ נִיט וִוידֶער אֵיין
מָאל פַאר אֵייךְ, מִיר גִיבֶּען נוּר אֵייךְ אֵיין גֶעלֶעגֶענְהֵייט אִיהר זָאלְט
זִיךְ מִיט אוּנְז בֶּערִיהמֶען פַאר דִיא, וֶועלְכֶע בֶּערִיהמֶען זִיךְ מִיט
13 זֵייעֶר אָנְזֶעהֶען, נִיט מִיט זֵייעֶרֶען הַארְצֶען. וֶוען מִיר זֶענֶען פָאן זִינֶען
הֶערוּנְטֶער, אַזוֹי אִיז עֶס פַאר גָאטְט; אוּן וֶוען מִיר זֶענֶען בֵּיי דֶעם
14 שֵׂכֶל, אַזוֹי אִיז עֶס פַאר אֵייךְ. דֶען דֶעם מָשִׁיחַ'ס לִיבֶּע צְווִינְגְט
אוּנְז צוּ דֶעם שְׁלוּס (תּוֹצָאַת הַדִין): דָאס וֶוען אֵיינֶער אִיז
15 גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר אַלֶעמֶען, אַזוֹי זֶענֶען אַלֶע גֶעשְׁטָארְבֶּען. עֶר אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר אַלֶעמֶען, כְּדֵי דִיא וָואס לֶעבֶּען זָאלֶען שׁוֹין מֶעהר
נִיט לֶעבֶּען פַאר זִיךְ אַלֵיין, נוּר פַאר דֶעם וֶועלְכֶער אִיז פַאר זֵיי
16 גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּן אוֹיפְגֶעוֶועקְט גֶעוָוארֶען. דֶערִיבֶּער קֶענֶען מִיר
פָאן יֶעצְט אָן קֵיינֶעם נִיט נָאךְ דֶעם פְלֵייש. וֶוען אוֹיךְ מִיר הָאבֶּען
גֶעקָאנְט דֶעם מָשִׁיחַ'ן נָאךְ דֶעם פְלֵייש, אַזוֹי קֶענֶען מִיר אִיהם דָאךְ
17 יֶעצְט נִיט מֶעהר. דֶערִיבֶּער וֶוער עֶס אִיז אִין דֶעם מָשִׁיחַ'ן דֶער אִיז אֵיין
נֵייעֶ בְּרִיאָה, דִיא אַלְטֶע אִיז פַארְגַאנְגֶען, זֶעה, עֶס אִיז אַלְדִינְג נֵיי
18 גֶעוָוארֶען. דָאס אַלְץ אָבֶּער אִיז פָאן גָאטְט, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ מִיט
אוּנְז פַארְזֶעהנְט (נִתְרַצָּה גֶעוָוארֶען) דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּן הָאט
19 אוּנְז גֶעגֶעבֶּען דֶעם דִינְסְט פָאן פַארְזֶעהנוּנְג. יַא, אַזוֹי אִיז עֶס, גָאטְט
אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען, וֶועלְכֶער הָאט אִין דֶעם מָשִׁיחַ'ן דִיא וֶועלְט מִיר
זִיךְ אַלֵיין פַארְזֶעהנְט (מְרַצָּה גֶעוֶועזֶען) דוּרְךְ דֶעם וָואס עֶר הָאט
אִיהר (זִיא) אִיהרֶע זִינְדֶען נִיט צוּ גֶערֶעכֶענְט, אוּן הָאט צְווִישֶׁען אוּנְז
20 אַהִינְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם וָוארְט פָאן דֶער פַארְזֶעהנוּנְג (רִצּוּי). אַזוֹי

וֶוענֶען מִיר דִיא גֶעשִׁיקְטֶע פָאן מָשִׁיחַ'ן אוּן גְלַייך וִויא גָאטְט פַארְזָאגְט
אַייך דוּרְך אוּנְז, אַזוֹי בֶּעטֶען מִיר אָנְשְׁטָאט דֶעם מָשִׁיחַ'ן, פַארְ־
21 זֶאהְנֶעט אַייך מִיט גָאטְט. דֶען דֶעם, וֶועלְכֶער עֶס הָאט נִיט גֶעקֶענְט
קֵיין זִינְדֶע, אִיהם הָאט עֶר גֶעמַאכְט פַאר אֵיין (קָרְבָּן) חַטָאת פַאר
אוּנְז, כְּדֵי אִין אִיהם זָאלֶען מִיר דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וֶוערֶען, וֶועלְכֶע
עֶס גִילְט פַאר גָאטְט.

ו אַזוֹי וִויא מִיר וֶוענֶען זֵיינֶע מִיטְהֶעלְפֶערְס בֶּעטֶען מִיר אַייך, דָאס
עֶס זָאל נִיט זֵיין אוּמְזִיסְט גָאטְטֶעס גְנָאד, וֶועלְכֶע אִיהר הָאט מְקַבֵּל
2 גֶעוֶוען. דֶען עֶר זָאגְט: אִין דֶער צֵייט פָאן וִוילֶען הָאבּ אִיךְ דִיךְ
דֶערְהֶערְט, אוּן אִין דֶעם טָאג פָאן הִילְף הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעהָאלְפֶען,
זֶעהְט, יֶעצְט אִיז אֵיין אַנְגֶענֶעהְמֶע צֵייט, יֶעצְט אִיז דֶער טָאג פָאן
3 הִילְף. מִיר גִיבֶּען קֵיינֶעם נִיט וֶועלְכֶען שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, כְּדֵי אוּנְזֶער
4 דִינְסְט זָאל נִיט צוּם שְׁפָּאט וֶוערֶען. נוּר מִיר וֵוייזֶען זִיךְ אִין אַלְדִינְג
וִויא גָאטְטֶעס דִינֶער: אִין פִיל גֶעדוּלְד, אִין צָרוֹת אוּן אִין נוֹיט, אוּן
5 אִין אַנְגְסְט. אִין גֶעשְׁלֶעג, אִין גֶעפֶענְגֶענֶעס, אִין מְהוּמוֹת, אִין מִיהֶע,
6 אִין וַואכֶען, אִין פַאסְטֶען. אִין רֵיינְקֵייט, אִין וִויסֶענְשַׁאפְט, אִין
לַאנְגְמוּטְה (אֶרֶךְ אַף) אִין גְנָאד אִין רוּחַ הַקֹדֶשׁ, אוּן אִין נִיט קֵיין
7 גֶע'חַנְפֶ'עטֶע לִיבֶּע. אִין דֶעם וָוארְט פָאן דֶעם אֱמֶת, אִין גָאטְטֶעס
גְבוּרָה, מִיט דִיא וָואפֶען פָאן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִין דֶער רֶעכְטֶער אוּן
8 לִינְקֶער הַאנְד. אִין כָּבוֹד, אִין בִּזָיוֹן, אִין בֶּעזֶע, אוּן אִין גוּטֶע גֶערֶעד,
9 וִויא פֶערְפִיהְרֶער אוּן וִויא אֱמֶת'עֶ. וִויא נִיט בֶּעקַאנְטֶע, אוּן וִויא
בֶּעקַאנְטֶע, וִויא טוֹיטֶע אוּן דָאךְ לֶעבֶּענְדִיגֶע, וִויא גֶעשְׁטְרָאפְטֶע,
10 אוּן דָאךְ נִיט גֶעטֵייטֶע. וִויא טְרוֹיעֶרִיגֶע אוּן דָאךְ תָּמִיד פְרֵיילִיכֶע,
וִויא אָרֶעמֶע, אוּן דָאךְ אַזֶעלְכֶע וָואס מַאכֶען פִילֶע רֵייךְ, וִויא
11 אַזֶעלְכֶע וָואס הָאבֶּען נִישְׁט, אוּן הָאבֶּען דָאךְ אַלְדִינְג. קָארִינְטְהֶער!
אוּנְזֶער מוֹיל אִיז אָפֶען פַאר אַייךְ, אוּן בְּרֵייט אִיז אוּנְזֶער הַארְץ.
12 אִין אוּנְז אִיז עֶס פַאר אַייךְ נִיט אֵיינְג, עֶס אִיז נוּר אֵיינְג אִין אֵייעֶרֶעם
13 אֵייגֶענֶעם אִינֶעוֵוייניג. אִיךְ רֶעד צוּ אַייךְ וִויא צוּ קִינְדֶער. צָאלְט
וִויא עֶס קוּמְט מִיר אוּן לָאסְט עֶס אוֹיךְ אִין אַייךְ אַלֵיין גֶערַאם
14 וֶוערֶען. בֵּייגְט אַייךְ נִיט אוּנְטֶער אֵיין פְרֶעמְדֶען יָאךְ מִיט
אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע. דֶען וָואס פַאר אֵיין טֵייל קֶען הָאבֶּען צוּ זַאמֶען
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט מִיט אוּנְרֶעכְט? וִויא קָאן לִיכְט פַאר אֵיין חַבְרוּתָה

15 הָאבֶּען מִיט פִינְסְטֶערְנִיס? וִויא קָאן דֶער מָשִׁיחַ שְׁטִימֶען מִיט דֶעם
בְּלִיַעַל (שָׂטָן)? אָדֶער וָואס פַאר אַיין חֵלֶק קָאן דֶער גְלֵייבִּיגֶער
16 הָאבֶּען מִיט דֶעם אוּנְגְלֵייבִּיגֶען? וָואס פַאר אַיין חַבְרוּתָה הָאט
גָאטְטֶעס טֶעמְפֶּעל מִיט דִיא גֶאטְצֶען? דֶען אִיהר זֶענְט דֶער
טֶעמְפֶּעל פָאן לֶעבֶּענְדִיגֶען גָאטְט, וִויא עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען:
אִיךְ וֶועל וֵוינֶען צְווִישֶׁען זֵיי אוּן אוּמְגֶעהֶען צְווִישֶׁען זֵיי, אוּן אִיךְ וֶועל
17 זַיין זֵייעֶר גָאטְט, אוּן זֵיי וֶועלֶען מֵיין פָאלְק זַיין. דֶערִיבֶּער גֶעהט
אַרוֹיס פָאן זֵיי אוּן שֵׁיידֶעט אַייךְ אָב פָאן זֵיי, זָאגְט גָאטְט, אוּן רִיהְרְט
18 נִיט אָן דָאס וָואס אִיז טָמֵא, אוּן אִיךְ וֶועל אַייךְ אָנְנֶעהמֶען. אוּן
אִיךְ וֶועל זַיין אֵייעֶר פָאטֶער, אוּן אִיהר וֶועט זַיין מֵיינֶע זִין אוּן
טֶעכְטֶער, זָאגְט גָאטְט צְבָאוֹת.

ז ווייל מִיר הָאבֶּען אַזֶעלְכֶע הַבְטָחוֹת, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, לָאזֶען
מִיר זִיךְ אָב רֵיינִיגֶען פָאן יֶעדֶער פְלֵיישְׁלִיכֶע אוּן גֵייסְטְלִיכֶע בֶּע־
פְלֶעקוּנְג אוּן לָאזֶען מִיר אוֹיף שְׁטֶעלֶען הֵיילִיגְקֵייט אִין גָאטְטֶעס
2 מוֹרָא. עֶרְלוֹיבְּט אוּנְז אֵיינְגַאנְג בֵּיי אַייךְ; מִיר הָאבֶּען קֵיינֶעם נִיט
בֶּעלֵיידִיגְט, אוּן קֵיינֶעם נִיט פַארְדָארְבֶּען אוּן פָאן קֵיינֶעם נִיט גֶע־
3 נוּמֶען. אִיךְ זָאג נִיט צוּ פַארְמִשְׁפְּטִ'ן, דֶען אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פְרִיהֶער
גֶעזָאגְט: דָאס אִיהר זֶענְט אִין אוּנְזֶער הַארְץ דָאס מִיר זָאלֶען צוּ
4 זַאמֶען שְׁטַארְבֶּען אוּן לֶעבֶּען. אִיךְ בִּין פֶערְזִיכֶערְט אִין אַייךְ. אִיךְ
בֶּערִיהם מִיךְ מִיט אַייךְ. אִיךְ בִּין פוּל מִיט טְרֵייסְט. אִיךְ הָאבּ פִיל
5 שִׂמְחָה נָאךְ אַלֶע אוּנְזֶערֶע טְרוֹיעֶר. דֶען וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען
קַיין מַאקֶעדָאנִיֶען הָאט אוּנְזֶער פְלֵיישׁ קֵיין רוּהֶע נִיט גֶעהַאט, נוּר
מִיר זֶענֶען גֶעאֵיינְגְט גֶעוֶועזֶען פָאן אַלֶע זֵייטֶען, פָאן דְרוֹיסֶען מִלְחָמָה,
6 אוּן אִינֶעוֵוינִיג מוֹרָא. נוּר גָאטְט וָואס עֶר טְרֵייסְט דִיא נִידֶערִיגֶען
7 הָאט אוּנְז גֶעטְרֵייסְט דוּרְךְ דֶעם קוּמֶען פָאן טִיטוּס. אוּן נִיט נוּר
מִיט זֵיין קוּמֶען אַלֵיין, נוּר אוֹיךְ דוּרְךְ דֶעם טְרוֹיסְט, וֶועלְכֶען עֶר
אִיז בֵּיי אַייךְ גֶעטְרֵייסְט גֶעוָוארֶען. עֶר הָאט אוּנְז דֶערְצֵיילְט פָאן
אֵייעֶרֶען פֶערְלַאנְגֶען, וֶועגֶען אֵייעֶר צַעַר אוּן אֵייעֶר קִנְאָה צוּ מִיר,
8 אַזוֹי דָאס דָאס הָאט מִיךְ נָאךְ מֶעהר דֶערְפְרֵייט. הֲגַם אִיךְ הָאבּ
אַייךְ בֶּעטְרִיבְּט גֶעמַאכְט דוּרְךְ מֵיין בְּרִיף, נוּר אִיךְ הָאבּ קֵיין
חֲרָטָה נִיט, הֲגַם אִיךְ הָאבּ חֲרָטָה גֶעהַאט וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען,
דָאס דֶער בְּרִיף הָאט אַייךְ אוֹיף אַיין וֵויילֶע בֶּעטְרִיבְּט גֶעמַאכְט.

9 יֶעצְט אָבֶּער פְרֵייעֶ אִיךְ מִיךְ, נִיט דֶערִיבֶּער וָואס אִיהר זַייט בֶּע־
טְרִיבְּט גֶעוָוארֶען, נוּר דָאס אִיהר זֶענְט בֶּעטְרִיבְּט גֶעוָוארֶען צוּ
חֲרָטָה, דֶען אִיהר זַייט אוֹיף גָאטְטְלִיכֶער אַרְט בֶּעטְרִיבְּט גֶעוָוארֶען,
כְּדֵי אִיהר זָאלְט אוֹיךְ פָאן אוּנְז אִין גָארְנִישְׁט קֵיין שָׁאדֶען לֵיידֶען.
10 דֶען דִיא גָאטְטְלִיכֶע בֶּעטְרִיבֶּענֶעס ווִירְקְט אֵיין חֲרָטָה צוּם הֶעלְפֶען,
אוֹיף וָועלְכֶער מֶען הָאט קֵיין חֲרָטָה נִיט. דִיא בֶּעטְרִיבֶּענֶעס פָאן
11 דֶער וָועלְט אָבֶּער ווִירְקְט דֶעם טוֹיט. זֶעהט דָאךְ דִיזֶע גָאטְטְלִיכֶע
בֶּעטְרִיבֶּענֶעס, וָועלְכֶע אִיהר הָאט דֶערְלֶעבְּט, צוּ וָואס פַאר אֵיין
פְלֵייסִיגְקֵייט עֶס הָאט אִין אַייךְ גֶעווִירְקְט, דֶערְצוּ נָאךְ פַארְעֶנְטְ־
פֶערוּנְג, צָארֶען, מוֹרָא, חֵשֶׁק, קִנְאָה, נְקָמָה? אִיהר הָאט אַלְץ גֶעטָאן
12 צוּ בֶּעווֵייזֶען, דָאס אִיהר זֶענְט רֵיין אִין דֶער זַאךְ. דֶערִיבֶּער, וֶוען
אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען, הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען וֶועגֶען דֶעם
וָואס הָאט בֶּעלֵיידִיגְט אוּן נִיט וֶועגֶען דֶעם וָואס אִיז בֶּעלֵיידִיגְט
גֶעוָוארֶען, נוּר כְּדֵי עֶס זָאל זִיךְ צְווִישֶׁען אַייךְ בֶּעווֵייזֶען דִיא פְלֵייסִיקֵייט
13 וָועלְכֶע מִיר הָאבֶּען פַאר גָאטְט וֶועגֶען אַייךְ. דֶערִיבֶּער זֶענֶען מִיר
דוּרְךְ אַייעֶר נֶחָמָה גֶעטְרֵייסְט גֶעוָוארֶען, נָאךְ מֶעהר הָאט אוּנְז
גֶעפְרֵייט דִיא שִׂמְחָה פָאן טִיטוֹס, וָואס אִיהר אַלֶע הָאט זַיין גֵייסְט
14 דֶערְקְווִיקְט. אוּן אִיךְ בִּין נִיט צוּ שַׁאנְדֶע גֶעוָוארֶען דֶער מִיט וָואס
אִיךְ הָאבּ מִיךְ פַאר אִיהם בֶּערִיהמְט מִיט אַייךְ, נוּר אַזוֹי ווִיא דָאס
וָואס מִיר הָאבֶּען אַייךְ גֶעזָאגְט אִיז אַלְץ אֱמֶת, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ אוּנְזֶער
15 בֶּערִיהְמֶען זִיךְ פַאר טִיטוֹס'ען אֱמֶת גֶעוֶועזֶען. אוּן זַיין הַארְץ אִיז נָאךְ
מֶעהר גֶענֵייגְט צוּ אַייךְ, וֶוען עֶר דֶערְמָאנְט זִיךְ ווִיא אַזוֹי אִיהר אַלֶע
הָאט גֶעהָארְכְט; ווִיא אַזוֹי אִיהר הָאט אִיהם מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען מִיט
16 מוֹרָא אוּן צִיטֶערְנִיש. דֶערִיבֶּער פְרֵייעֶ אִיךְ מִיךְ דָאס אִיךְ קָאן
מִיךְ אִין אַלְץ אוֹיף אַייךְ פַארְלָאזֶען.
ח בְּרִידֶער, מִיר זֶענֶען אַייךְ מוֹדִיעַ דִיא גְנָאד פָאן גָאטְט, וָועלְכֶע אִיז
גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין דִיא גֶעמֵיינְדֶען פָאן מַאקֶעדָאנְיֶע. דֶען אִין
דִיא גְרוֹיסֶע טְרוֹיעֶרְדִיגֶע פְּרוּבוּנְגֶען הָאט זִיךְ זֵייעֶר שִׂמְחָה פֶערְ־
מֶעהְרְט, אוּן אִין דֶער טִיפֶער אָרֶעמְקֵייט הָאט זִיךְ זֵייעֶר רֵייכֶע
3 גוּטְקֵייט בֶּעווִיזֶען. דֶען אִיךְ זָאג עֵדוּת, דָאס זֵיי הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען
4 נְדָבוֹת נָאךְ זֵייעֶר כֹּחַ אוּן אִיבֶּער דֶעם כֹּחַ, זֵיי הָאבֶּען אוּנְז זֶעהר
גֶעבֶּעטֶען וֶועגֶען דֶער גְנָאד אוּן חַבְרוּתָה אִין דִיזֶער אוּנְטֶערְשְׁטִיצוּנְג

5 פַאר דִיא הֵיילִיגֶע אֶנְצוּנֶעהמֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען נִיט נוּר וִויא
פִיל מִיר הָאבֶּען דַארוֹיף גֶעהָאפְט, נוּר זֵיי הָאבֶּען אוֹיךְ זִיךְ אַלֵיין
אַוֶועק גֶעגֶעבֶּען צוּם עֶרְשְׁטְעֶן פַאר דֶעם הֶערְן אוּן צְווֵייטֶענְס פַאר
6 אוּנְז דוּרְךְ גָאטְטֶעס ווִילֶען. דֶערִיבֶּער הָאבֶּען מִיר גֶעבֶּעטֶען טִיטוּס׳ן,
דָאס וִויא עֶר הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען בֵּיי אַייךְ דִיא גְנָאד, אַזוֹי זָאל עֶר
7 אוֹיךְ אִיהר אוֹיסְפִירֶען. אָבֶּער אַזוֹי וִויא אִיהר הָאט זִיךְ פֶערְמֶעהְרְט
אִין אַלְץ, אִין גְלוֹיבֶּען, אִין וָוארְט, אִין ווִיסֶענְשַׁאפְט, אִין אַלֶערְלֵיי
פְלֵייס, אוּן אִין אֵייעֶר לִיבֶּע צוּ אוּנְז, אַזוֹי זָאלְט אִיהר אוֹיךְ רֵייךְ
8 זַיין אִין דִיזֶער גְנָאד. אִיךְ זָאג דָאס נִיט וִויא אֵיין בַּאפֶעהל, נוּר דוּרְךְ
דֶעם פְלֵייס פָאן אַנְדֶערֶען וָואלְט אִיךְ פְּרוּבֶען אֵייעֶר לִיבֶּע, צוּ זִיא
9 אִיז אֵיין אֶמֶת׳עֶ. דֶען אִיהר ווֵייסְט דִיא גְנָאד פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְן
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ; דָאס וֶוען עֶר אִיז רֵייךְ גֶעוֶוען אִיז עֶר פָאן אֵייעֶרְט
וֶועגֶען אָרֶעם גֶעוֶוען, כְּדֵי אִיהר זָאלְט דוּרְךְ זַיין אָרֶעמְקֵייט רֵייךְ
10 וֶוערֶען. אוּן אִיךְ גִיבּ אַייךְ מַיין מֵיינוּנְג דָאס פַאר אַייךְ אִיז דָאס
נִיצְלַאךְ וָואס אִיהר הָאט נָאךְ אִין דֶעם פֶערְגַאנְגֶענֶעם יָאהר אָנְ־
גֶעפַאנְגֶען נִיט נוּר צוּ טָאן, נוּר מִיט דֶעם ווִילֶען הָאט אִיהר צוּם
11 עֶרְשְׁטֶען אֵיין אָנְפַאנְג גֶעמַאכְט. יֶעצְט עֶנְדֶעט דִיזֶען טָאן, כְּדֵי נָאךְ
דֶעם גוּטֶען ווִילֶען זָאל אוֹיךְ נָאךְ אֵייעֶר מִיגְלַאכְקֵייט אוֹיסְגֶעפִיהְרְט
12 וֶוערֶען. דֶען וֶוען אֵיינֶער הָאט אֵיין גוּטֶען ווִילֶען אִיז עֶר אָנְגֶענוּמֶען
וִויא דֶער וָואס פַארְמָאגְט, אוּן נִיט וִויא דֶער וָואס פַארְמָאגְט נִיט.
13 אִיהר זָאלְט זִיךְ נִיט שְׁוֶוער מַאכֶען כְּדֵי אַנְדֶערֶען צוּ פַארְגְרִינְגֶערֶען,
14 עֶס זָאל נוּר אֵיין אוֹיסְגְלֵייכוּנְג זַיין. וָואס אִיהר אִין דִיזֶער צַייט מֶעהר
הָאט, זָאל דַארוֹיף גוּט זַיין, וָואס יֶענֶע וֵויינִיגֶער הָאבֶּען, כְּדֵי זֵייעֶר
אִיבֶּערִיגְקֵייט זָאל דֶערְנָאךְ פַאר אֵייעֶר פֶעהלֶען דִינֶען, כְּדֵי עֶס זָאל
15 גְלֵייךְ זַיין. וִויא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: דֶער וָואס הָאט פִיל גֶעהַאט,
אִיז נִיט רֵייךְ גֶעוֶועזֶען, אוּן דֶער וָואס הָאט וֵויינִיג גֶעהַאט, אִיז נִיט
16 אָרֶעם גֶעוֶועזֶען. אָבֶּער דַאנְקֶען גָאטְט, וָואס עֶר הָאט אַרֵיין
גֶעלֵייגְט טִיטוּס׳ן אִין הַארְצֶען אַזֶעלְכֶע פְלֵייסִיגְקֵייט פַאר אַייךְ.
17 עֶר הָאט זִיךְ גֶערְן גֶעלָאזֶען אֵיינְרֶעדֶען, זַיין פְלֵייס אִיז אַזוֹי גְרוֹיס
18 גֶעוֶועזֶען, דָאס עֶר אִיז פָאן פְרֵייעֶן שְׁטִיק צוּ אַייךְ גֶעגַאנְגֶען. אוּן מִיט
אִיהם הָאבֶּען מִיר גֶעשִׁיקְט אַייךְ דֶעם בְּרוּדֶער. וֶועלְכֶער אִין אַלֶע
גֶעמֵיינְדֶען אִיז זַיין גוּטֶער נָאמֶען בֶּערִיהמְט פַאר דָאס עֶוַאנְגֶעלִיוּם

19 (בְּשׂוֹרָה טוֹבָה). דֶער צוּ אִיז עֶר אוֹיךְ אוֹיסְדֶערְוֶועהלְט גֶעוָוארֶען
פָּאן דִיא גֶעמֵיינְדֶען עֶר זָאל גֶעהְן מִיט אוּנְז נָאךְ דֶער גְנָאד, וֶועלְכֶע
מִיר דִינֶען לְכָבוֹד דֶעם הֶערְן אוּן זָאל שְׁטַארְקֶען אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער.
20 דֶערְמִיט הִיטֶען מִיר זִיךְ דָאס קֵיינֶער זָאל אוֹיף אוּנְז נִיט קָאנֶען
רֶעדֶען שְׁלֶעכְטְס וֶועגֶען דֶער רֵייכֶער נְדָבָה וֶועלְכֶע מֶען הָאט אוּנְז
21 גֶעטְרוֹיט זִיא צוּ נוֹיף צוּ נֶעמֶען. דֶען מִיר זֶעהֶען צוּ טָאן וִויא עֶס
אִיז גוּט נִיט נוּר פַאר דֶעם הֶערְן אַלֵיין, נוּר אוֹיךְ פַאר מֶענְשֶׁען.
22 אוּן מִיט זֵיי הָאבֶען מִיר גֶעשִׁיקְט אוּנְזֶערֶען בְּרוּדֶער, וֶועלְכֶען מִיר
הָאבֶען שׁוֹין פִיל מָאל אוּן אִין אֵיין סַךְ זַאכֶען זֵיין פְלַייסִיגְקֵייט אוֹיס
גֶעפְּרוּבְט; יֶעצְט אִיז עֶר נָאךְ מֶעהר פְלֵייסִיגֶער וֶועגֶען זֵיין גְרוֹיסֶען
23 בִּטָחוֹן אוֹיף אַייךְ. עֶר טִיטוּס, אִיז מֵיין חַבֵר אוּן מֵיין מִיטְהֶעלְפֶער
בֵּיי אַייךְ. דִיא בְּרִידֶער וֶוענֶען שְׁלוּחִים פָאן דִיא גֶעמֵיינְדֶען אוּן
24 דֶעם מָשִׁיחַ'ס כָּבוֹד. דֶערִיבֶּער, וֵייזְט פַאר דִיא גֶעמֵיינְדֶען אֵייעֶר
לִיבֶּע, אוּן דָאס מִיר הָאבֶען אֵיין רֶעכְט צוּ בֶּערִיהְמֶען זִיךְ מִיט אַייךְ.
ט אִיבֶּער דֶער זַאךְ וֶועגֶען דֶער הִילְף פַאר דִיא הֵיילִיגֶע, דַארְף אִיךְ
2 אַייךְ מֶעהר נִיט שְׁרֵייבֶּען. דֶען אִיךְ וֵייס אֵייעֶרֶען גוּטֶען ווִילֶען, וָואס
אִיךְ בֶּערִיהם מִיךְ מִיט אִיהם פַאר דִיא מַאקֶעדָאנִיעֶר אוּן זָאג: אֲכַאיָא
אִיז שׁוֹין פָאן דֶעם פֶערְגַאנְגֶענֶעם יָאהר פַארְטִיג גֶעוֶועזֶען, אוּן אֵייעֶר
בֵּיישְׁפִּיל וָואס גֶעהט פָאן אַייךְ אַרוֹיס הָאט פִילֶען חֵשֶׁק אָנְגֶעמַאכְט.
3 אָבֶער אִיךְ הָאבּ דִיא בְּרִידֶער גֶעשִׁיקְט כְּדֵי דָאס אוּנְזֶער בֶּערִיהְמֶען
מִיט אַייךְ זָאל נִיט זֵיין אוּמְזִיסְט, אוּן אִיהר זָאלְט אִין אֱמֶת'ן פַארְטִיג
4 זֵיין, וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט. כְּדֵי וֶוען דִיא מַאקֶעדָאנִיעֶר וֶועלֶען קוּמֶען
מִיט מִיר אוּן וֶועלֶען אַייךְ נִיט גֶעפִינֶען פַארְטִיג זָאלֶען מִיר נִיט פַאר־
שֶׁעמְט וֶוערֶען (אִיךְ זָאג נִיט אִיהר), דֶערִיבֶּער וָואס מִיר הָאבֶּען זִיךְ
5 מִיט אַזֶעלְכֶען צוּטְרוֹיעֶן בֶּערִיהְמְט. דֶערִיבֶּער, הָאבּ אִיךְ גֶערֶעכֶענְט
פַאר נֵייטִיג צוּ בֶּעטֶען דִיא בְּרִידֶער זֵיי זָאלֶען צוּ אַייךְ קוּמֶען פָאר
מִיר, אוּן זָאלֶען אָנְגְרֵייטֶען אֵייעֶר בְּרָכָה (נְדָבָה) וָואס אִיהר הָאט
פָאן לַאנְג אָן בֶּעשְׁטִימְט, כְּדֵי עֶס זָאל אוֹיסְזֶעהֶען אֵיין בְּרָכָה אוּן נִיט
6 פָאן אֵיין קַארְגְקֵייט. דֶען וֶוער עֶס זֵייט אִין קַארְגְקֵייט דֶער שְׁנֵייט
אִין קַארְגְקֵייט, אוּן וֶוער עֶס זֵייט אִין בְּרָכָה דֶער שְׁנֵייט אִין בְּרָכָה.
7 אוּן יֶעדֶערֶער וִויא זֵיין הַארְץ אִיז גֶענֵייגְט, נִיט מִיט אֵיין בֵּייזֶען אוֹיג,
אוּן נִיט מִיט גֶעוַואלְט, דֶען גָאטְט לִיבְּט דֶעם וֶוער עֶס גִיט מִיט אֵיין

8 פְרֵיילַאכֶען הַארְצֶען. אוּן גָאטְט קֶען מַאכֶען, דָאס עֶר זָאל אַייך
רֵייך מַאכֶען מִיט גְנָאד, דָאס אִיהר זָאלְט תָּמִיד אִין אַלֶץ הָאבֶּען
גֶענוּג וְוִיא פִיל אִיהר בֶּעדַארְפְט. אוּן זָאלְט רֵייך זַיין אִין אַלֶע גוּטֶע
9 מַעֲשִׂים. וְוִיא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אוּן אַוֶועק
גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא אָרֶעמֶע, זַיין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וֶועט אוֹיף עֶוִויג בְּלֵייבֶּען.
10 אוּן דֶער וָואס גִיט זְרָעָה צוּ דֶעם זַייעֶר אוּן בְּרוֹיט צוּ עֶסֶען,
דֶער זָאל פַארְמֶעהרֶען אֵייעֶר זַאמֶען אוּן זָאל אוֹיפְוַואכְסֶען דִיא
11 פְרוּכְט פָאן אֵייעֶר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. כְּדֵי אִיהר זָאלְט אִין אַלְדִינְג רֵייך
זַיין מִיט אַלֶערְלֵיי צְדָקוֹת, וָואס קָאן בְּרֶענְגֶען דוּרְך אוּנְז דַאנְק צוּ
12 גָאטְט. דֶען דִיא אַרְבֵּייט פָאן דֶעם דִינְסְט וֶועט נִיט נוּר דֶערְפִיהלֶען
דָאס וָואס עֶס פֶעהלְט דִיא הֵיילִיגֶע, נוּר דוּרְך דֶעם גֶעטְרֵייעֶן דִינְסְט
13 וֶועלֶען פִיל גֶעבֶּען דַאנְק צוּ גָאטְט. אוּן וֶועלֶען גָאטְט לוֹיבֶּען פַאר
אֵייעֶרֶען אוּנְטֶערְטֶעהנִיגֶען בֶּעקֶענְטֶענֶעם פָאן דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם פָאן
דֶעם מָשִׁיחַ, אוּן פַאר אֵייעֶר חַבְרוּתָה מִיט זֵיי אוּן מִיט אַלֶעמֶען.
14 אוּן זֵיי וֶועלֶען בֶּעטֶען פַאר אַייך מִיט גְרוֹיס לִיבֶּע פַאר גָאטְטֶעס
15 גְנָאד וָואס אִיז פִיל אִיבֶּער אַייך. דַאנְקֶען גָאטְט פַאר זַיין מַתָּנָה,
וֶועלְכֶע מֶען קֶען נִיט אוֹיסְרֶעדֶען.

י אִיךְ פּוֹלוֹס וָואס אִיךְ בִּין צְווִישֶׁען אַייך נִידֶערִיג, פָאן וֵייטֶענְס
אָבֶּער בִּין אִיךְ פוּל מִיט מוּט גֶעגֶען אַייך, זָאג אִיךְ אַייך אָן מִיט דִיא
זַאנְפְטְמוּטִיגְקֵייט (גוּטְקֵייט) אוּן בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט פָאן דֶעם מָשִׁיחַ.
2 אוּן בֶּעט, דָאס וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען זָאל אִיךְ נִיט גֶעצְווּאוּנְגֶען זַיין
אַרוֹיס צוּ טְרֶעטֶען מִיט תְּקִיפוּת גֶעגֶען דִיא מֶענְשֶׁען וֶועלְכֶע רֶעכֶענֶען
3 אוּנְז פַאר דִיא וָואס פִיהרֶען זִיךְ נָאךְ דֶעם פְלֵייש. דֶען וֶוען מִיר
פִיהרֶען זִיךְ אֲפִילוּ נָאךְ דֶעם פְלֵייש, אַזוֹי הַאלְטֶען מִיר מִלְחָמָה דָאךְ
4 נִיט נָאךְ דֶעם פְלֵייש. דֶען דִיא וָואפֶען פָאן אוּנְזֶער מִלְחָמָה זֶענֶען נִיט
5 פְלֵיישֶׁענֶע, נוּר שְׁטַארְקֶע דוּרְך גָאטְט, צוּשְׁטֶערֶען פֶעסְטוּנְגֶען. מִיר
צוּשְׁטֶערֶען קִינְצְלִיכֶע חָכְמוֹת אוּן אַלֶע הוֹיכְקֵייט וָואס דֶערְהֵייבְּט
זִיךְ גֶעגֶען דֶעם וִויסֶען פָאן גָאטְט, אוּן מִיר נֶעמֶען גֶעפַאנְגֶען יֶעדֶע
6 בֶּעזֶע מַחֲשָׁבָה אוּן בְּרֵיינְגֶען צוּם גֶעהָארְכֶען פָאן דֶעם מָשִׁיחַ. אוּן
מִיר זֶענֶען אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ שְׁטְרָאפֶען יֶעדֶער נִיט גֶעהָארְכֶען זִיךְ, וֶוען
7 אֵייעֶר גֶעהָארְכֶען וֶועט זִיךְ דֶערְפִיהלֶען. מִשְׁפָּט אִיהר נָאךְ דֶעם
אָנְזֶעהֶען? וֶוער עֶס פַארְלָאזְט זִיךְ אוֹיף דַארוֹיף, דָאס עֶר אִיז דֶעם

מָשִׁיחַ׳ס, דֶער דַארְף בֶּעדֶענְקֶען בַּיי זִיךְ: דָאס ווִיא עֶר אִיז דֶעם
8 מָשִׁיחַ׳ס, אַזוֹי זֶענֶען מִיר אוֹיךְ דֶעם מָשִׁיחַ׳ס. דֶען אֲפִילוּ וֶוען מִיר
בֶּערִיהמֶען זִיךְ עֶטְוָואס מֶעהר מִיט דֶער מַאכְט וָואס דֶער הֶערְר
הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען אוֹיף צוּ בֶּעסֶערְן אַייךְ נִיט צוּ פֶערְדַארְבֶּען, אַזוֹי
9 הָאבֶּען מִיר זִיךְ נִיט פַאר וָואס צוּ שֶׁעמֶען. כְּדֵי עֶס זָאל נִיט אוֹיסְ־
קוּמֶען ווִיא אֵיינֶער וָואס עֶר ווִיל אַייךְ נוּר אִיבֶּער שְׁרֶעקֶען מִיט
10 בְּרִיף. אַזוֹי ווִיא אֵיינִיגֶע זָאגֶען: יַא, דִיא בְּרִיף זֶענֶען הַארְטֶע אוּן
שְׁטַרֵיינְגֶע, אָבֶּער עֶר אַלֵיין, וֶוען עֶר פֶערְזֶענְלִיךְ צְווִישֶׁען אוּנְז אִיז
11 שְׁוַואךְ, אוּן זַיינֶע ווערְטֶער הָאבֶּען קֵיין ווֶערְטְה נִיט. אַזוֹי זָאל דֶער,
וָואס זָאגְט אַזוֹי ווִיסֶען, דָאס ווִיא מִיר זֶענֶען אִין דִיא ווֶערְטֶער פָאן
אוּנְזֶערֶע בְּרִיף פָאן דֶער ווֵייטֶען, אַזוֹי אוֹיךְ ווֶעלֶען מִיר זִיךְ מִיט
12 דֶעם טָאן בֶּעווֵייזֶען וֶוען מִיר ווֶעלֶען צְווִישֶׁען אַייךְ זַיין. דֶען
מִיר שְׁטֶעלֶען זִיךְ נִיט אַרוֹיס צוּ רֶעכֶענֶען אָדֶער צוּ צֶעהלֶען, אוּן
אַזוֹי זִיךְ צוּ לוֹיבֶּען, נוּר ווֵייל זֵיי זִיךְ בַּיי זִיךְ אַלֵיין מֶעסְטֶען אוּן
13 זֵיי הַאלְטֶען פָאן זִיךְ אַלֵיין, פֶערְשְׁטֶעהֶען זֵיי נִישְׁט. מִיר ווֶעלֶען זִיךְ
נִיט בֶּערִיהמֶען מֶעהר פָאן דֶער מָאס, נוּר נָאךְ דֶער מָאס פָאן דֶעם
כְּלַל וָואס גָאטְט הָאט אוּנְז צוּ גֶעטֵיילְט, אוֹיף אַזוֹי פִיל דָאס מִיר
14 זָאלֶען אוֹיךְ קֶענֶען אַייךְ דֶערְגְרֵייכֶען. דֶען מִיר שְׁטְרֶעקֶען זִיךְ נִיט
אוֹיס אִיבֶּער דֶער מָאס, אַזוֹי ווִיא מִיר וָואלְטֶען צוּ אַייךְ נִיט
דֶערְגְרֵייכְט; דֶען מִיר זֵיינֶען שׁוֹין לַאנְג צוּ אַייךְ גֶעקוּמֶען מִיט דֶעם
15 עֶוַואנְגֶעלִיוּם פָאן דֶעם מָשִׁיחַ. מִיר ווִילֶען זִיךְ נִיט אִיבֶּער דֶער מָאס
בֶּערִיהמֶען מִיט פְרֶעמְדֶע אַרְבֵּייט, נוּר מִיר הָאפֶען, דָאס וָואס
מֶעהר אֵייעֶר אֱמוּנָה ווֶעט וַואקְסֶען, ווֶעט אוֹיךְ אוּנְזֶער כְּלַל אִין
16 אַייךְ גְרֶעסֶער ווֶערֶען. כְּדֵי אָנְצוּזָאגֶען דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם, נָאךְ ווֵייטֶער
פָאן אַייךְ אוּן נִיט צוּ בֶּערִיהמֶען זִיךְ מִיט דֶעם וָואס אִיז שׁוֹין לַאנְג
17 אָנְגֶעבְּרֵייט אִין דֶעם גְבוּל פָאן אַנְדֶערֶע. ווֶער עֶס בֶּערִיהמְט זִיךְ,
18 לָאז זִיךְ בֶּערִיהמֶען אִין דֶעם הֶערְרְן. דֶען נִיט דֶער אִיז אֵיין
אוֹיסְגֶעפְּרוּבְטֶער ווֶער עֶס לוֹיבְּט זִיךְ אַלֵיין, נוּר דֶער ווֶעלְכֶען
דֶער הֶערְר לוֹיבְּט.

יא ווֶען אִיהר וָואלְט אִיבֶּערְטְרָאגֶען פָאן מִיר אַבִּיסֶעל נַארֶעשְׁקֵייט,
2 דָאךְ אִיהר ווֶעט מִיךְ אִיבֶּערְטְרָאגֶען. מֵיין קִנְאָה פַאר אַייךְ אִיז אֵיין
גָאטְלִיכֶע קִנְאָה, אִיךְ הָאבּ אַייךְ פַאר׳קְנַס׳ט, אַייךְ ווִיא אֵיינֶע רֵיינֶע

3 יוּנְגפְרוֹי אֵיין מַאן צוּ צוּפִיהרֶען, דֶעם מָשִׁיחַ׳ן. אִיךְ הָאבּ אָבֶּער
מוֹרָה, אֶפְשַׁר וִויא דִיא שְׁלַאנְג הָאט מִיט אִיהר שְׁווִינְדֶעל פֶּערְ־
פִיהרְט חַוָה׳ן, אַזוֹי וֶועלֶען אֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען אוֹיךְ אַרָאבּ גֶעפִיהרְט
4 וֶוערֶען פָאן דֶער רֵיינְקֵייט וָואס אִיז אִין דֶעם מָשִׁיחַ. דֶען וֶוען
אֵיינֶער וֶועט קוּמֶען אוּן וֶועט אֵייךְ פְּרֶעדִיגֶען אֵיין אַנְדֶערֶען יֵשׁוּעַ,
וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעפְּרֶעדִיגְט, אָדֶער וֶוען אִיהר וֶועט מְקַבֵּל
זַיין אֵיין אַנְדֶערֶען גֵייסְט, וָואס אִיהר הָאט נִיט מְקַבֵּל גֶעוֶוען, אָדֶער
אֵיין אַנְדֶער עֶוַואנְגֶעלִיוּם וָואס אִיהר הָאט נִיט אָנְגֶענוּמֶען, אַזוֹי
5 וָואלְט אִיהר אִיהם אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען. אִיךְ דֶענְק דָאס אִיךְ בִּין נִיט
6 פִיל וֵוייניגֶער פָאן דִיא גְרֶעסְטֶע אַפָּאסְטֶעל (שְׁלִיחִים). אוּן וֶוען
אִיךְ בִּין נִיט גֶעלֶערֶענְט אִין רֶעד, אָבֶּער אִיךְ בִּין נִיט אוּנְגֶעלֶערֶנְט
אִין וִויסֶענְשַׁאפְט. אִיבֶּערִיגֶענְס, מִיר זֶענֶען שׁוֹין אַייךְ אִין אַלֶעמֶען
7 בֶּעקַאנְט. אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ דֶער מִיט גֶעזִינְדִיגְט, וָואס אִיךְ הָאבּ
מִיךְ נִידֶערִיג גֶעמַאכְט, כְּדֵי אַייךְ הוֹיךְ צוּ מַאכֶען, וֵוייל אִיךְ הָאבּ
8 אַייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט גָאטְטֶעס עֶוַואנְגֶעלִיוּם אוּמְזִיסְט? אַנְדֶערֶע
גֶעמֵיינְדֶען הָאבּ אִיךְ בֶּערוֹיבְּט אוּן הָאבּ פָאן זֵיי בֶּעלוֹינוּנְג גֶענוּמֶען,
כְּדֵי אִיךְ זָאל אַייךְ בֶּעדִינֶען. אוּן וֶוען אִיךְ בִּין בֵּיי אַייךְ גֶעוֶועז,
9 הֲגַם אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעהַאט הָאבּ אִיךְ קֵיינֶעם נִיט בֶּעשְׁוֶוערְט. דֶען
דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען פָאן מַאקֶעדָאנִיֶע הָאבֶּען מִיר
גֶעגֶעבֶּען וָואס אִיךְ דַארְף. אוּן אִין יֶעדֶער זַאךְ הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶעהִיט
10 אִיךְ זָאל אַייךְ נִיט בֶּעשְׁוֶוערֶען, אוּן וֶועל מִיךְ הִיטֶען. אַזוֹי גֶעוִויס
וִויא דֶעם מָשִׁיחַ׳ס אֱמֶת אִיז אִין מִיר, זָאג אִיךְ דָאס מֵיין שֶׁבַח קָאן
פָאן מִיר נִיט אַוֶועק גֶענוּמֶען וֶוערֶען אִין דֶעם גֶעגֶענְד פָאן אֲכַאיָא.
11 פַאר וָואס טְהוּ אִיךְ אַזוֹי? וֵוייל אִיךְ לִיבּ אַייךְ נִיט? גָאטְט וֵוייסְט,
12 נוּר וִויא אִיךְ טְהוּ וֶועל אִיךְ נָאךְ וֵוייטֶער טָאן. כְּדֵי נִיט צוּ
דֶערְלָאזֶען קֵיין גֶעלֶעגֶענְהֵייט צוּ דִיא, וֶועלְכֶע זוּכֶען אֵיין גֶעלֶעגֶענְהֵייט
דוּרְךְ וֶועלְכֶער זֵיי זָאלֶען זִיךְ בֶּערִיהמֶען גְלַייךְ וִויא מִיר בֶּערִיהמֶען
13 זִיךְ. דֶען אַזֶעלְכֶע לַייט זֶענֶען לִיגְנֶערְשֶׁע אַפָּאסְטֶעל, אַרְבֵּייטֶער
וֶועלְכֶע נַארֶען אָבּ, אוּן פַארְשְׁטֶעלֶען זִיךְ פַאר דֶעם מָשִׁיחַ׳ס
14 אַפָּאסְטֶעל. אוּן עֶס אִיז אוֹיךְ גָאר נִיט קֵיין וואוּנְדֶער, דֶען דֶער
15 שָׂטָן אַלֵיין פַארְשְׁטֶעלְט זִיךְ פַאר אֵיין מַלְאָךְ פָאן לִיכְט. דֶערִיבֶּער
אִיז דָאס קֵיין גְרוֹיסֶע זַאךְ נִיט וֶוען זֵיינֶע דִינֶער פַארְשְׁטֶעלֶען זִיךְ

פַאר פְרֶעדִיגֶער פָאן דֶער גֶערֶעכְטִיגְקַייט, זֵייעֶר סוֹף װֶעט אָבֶּער
16 זַיין נָאךְ זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים. נָאךְ אֵיין מָאל זָאג אִיךְ, לָאז מִיךְ קֵיינֶער
פַאר קֵיין נַאר נִיט הַאלְטֶען אָבֶּער װֶען נִיט, אַזוֹי נֶעמְט מִיךְ אָן
17 װִיא אֵיין נַארֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיךְ אוֹיךְ אַבִּיסֶעל בֶּערִיהמֶען. דָאס
װָאס אִיךְ זָאג, זָאג אִיךְ נִיט אִין דֶעם הֶערְרְן, נוּר װִיא אִין נַארֶעשְׁ־
18 קֵייט, אַזוֹי עֶרְלוֹיבּ אִיךְ מִיר צוּ בֶּערִיהמֶען זִיךְ. פִילֶע בֶּערִיהמֶען
זִיךְ נָאךְ דֶעם פְלֵייש, דֶערִיבֶּער װִיל אִיךְ מִיךְ אוֹיךְ בֶּערִיהמֶען.
19 20 דֶען אִיהר חֲכָמִים, טְרָאגְט אִיבֶּער גֶערְן דִיא נַארֶען. אִיהר טְרָאגְט
אִיבֶּער װֶען אֵיינֶער מַאכְט אַייךְ פַאר קְנֶעכְט; װֶען אֵיינֶער זֵיינְט
אַייךְ אוֹיס, װֶען אֵיינֶער נֶעמְט פָאן אַייךְ, װֶען אֵיינֶער מַאכְט זִיךְ
21 הוֹיךְ גֶעגֶען אַייךְ, אוּן װֶען מֶען שְׁלָאגְט אַייךְ אִין פָּנִים. צוּ מֵיין
שַאנְדֶע זָאג אִיךְ: מִיר זֶענֶען שְׁװַאךְ גֶעװֶעזֶען. װֶען אֵיינֶער דֶערְװֶעגְט
זִיךְ מִיט עֶטְװָאס, װֶעל אִיךְ מִיךְ אוֹיךְ דֶערְװֶעגֶען, מִיט מֵיין נַארֶעשְׁ־
22 קֵייט. זֵיי זֶענֶען עִבְרִים, אִיךְ בִּין אוֹיךְ. זֵיי זֶענֶען יִשְׂרְאֵלִים, אִיךְ
23 בִּין אוֹיךְ: פָאן אַבְרָהָם'ס זַאמֶען אִיךְ אוֹיךְ. דֶעם מָשִׁיחַ'ס דִינֶער
(אִיךְ זָאג אָן פֶערְשְׁטַאנְד), אִיךְ בִּין מֶעהר פָאן זֵיי, מִיט מֶעהר
אַרְבֵּייט, מִיט מֶעהר קְלֶעפּ, מִיט מֶעהר גֶעפַאנְגֶענֶעס, אוּן מִיט
24 מֶעהר נוֹיט פָאן טוֹיט. פִינְף מָאל הָאבֶּען מִיךְ דִיא אִידֶען גֶע־
25 שְׁלָאגֶען פֶערְצִיג אָן אֵיין מַלְקוֹת. דְרֵיי מָאל בִּין אִיךְ גֶעשְׁמִישֶׁען
גֶעװָארֶען מִיט רִיטֶער, אֵיין מָאל הָאט מֶען מִיךְ גֶעשְׁטֵיינִיגְט, אוּן
דְרֵיי מָאל אִיז מֵיין שִׁיף צֶערְבְּרָאכֶען גֶעװָארֶען, אוּן אִיךְ בִּין גֶעװֶען
26 אִין דֶער טִיפֶענֶעש פָאן דֶעם יַם אֵיין טָאג אוּן אֵיין נַאכְט. מִיט
פִילֶע רֵייזֶען אִין סַכָּנוֹת פָאן מֵיינֶע פָאלְקְס־לֵייט, אִין סַכָּנוֹת פָאן
דִיא גוֹיִם, אִין סַכָּנוֹת אִין שְׁטָאדְט, אִין סַכָּנוֹת אִין דֶער מִדְבָּר, אִין
סַכָּנוֹת פָאן דֶעם יַם, אִין סַכָּנוֹת צְװִישֶׁען דִיא פַאלְשֶׁע בְּרִידֶער.
27 אִין פְּלָאג, אִין מִיהֶע אוּן אִין פִיל װַאכֶען, אִין הוּנְגֶער, אִין דָארְשְׁט,
28 אִין פִיל פַאסְטֶען, אִין קֶעלְט אוּן אִין נַאקֶעטְקַייט. אוֹיסֶער אַנְדֶערֶע
זַאכֶען װָאס זֶענֶען אוֹיף מִיר גֶעקוּמֶען אַלֶע טָאג אוּן מֵיין דַאֲגָה פַאר
29 דִיא גֶעמֵיינְדֶען. װוּא אִיז אֵיינֶער שְׁװַאךְ, אוּן אִיךְ בִּין עֶס נִיט
גֶעװֶעזֶען? װוּא אִיז אֵיינֶער עֶרְגֶער גֶעװָארֶען, אוּן עֶס בְּרֶענְט מִיר
30 נִיט? װֶען עֶס מוּז בֶּערִיהמְט װֶערֶען, אַזוֹי װִיל אִיךְ מִיךְ מִיט מֵיין
31 שְׁװַאכְקֵייט בֶּערִיהמֶען. גָאט דֶער פָאטֶער פָאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ

אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן, וֶועלְכֶער אִיז אוֹיף עֶוִויג גֶעבֶּענְשְׁט, עֶר וֵוייסְט
דָאס אִיךְ זָאג נִיט קֵיין לִיגֶען. אִין דַמֶשֶׂק הָאט דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר 32
פָאן דֶעם קֶענִיג אַרֶעטָאס גֶעהִיט דִיא שְׁטָאט דַמֶשֶׂק, אוּן הָאט מִיךְ
גֶעוָואלְט חַאפֶּען. דוּרְךְ אֵיין פֶענְסְטֶער הָאט מֶען מִיךְ אִין אֵיין 33
קָארְבּ אַרָאבּ גֶעלָאזֶען פָאן דֶעם מוֹיעֶר, אוּן אִיךְ בִּין פָאן זֵיין הַאנְד
נִיצוֹל גֶעוָוארֶען.
עֶס אִיז נִיט נִיצְלִיךְ פַאר מִיר צוּ בֶּערִיהמֶען זִיךְ, אִיךְ וִויל יב
צוּ קוּמֶען צוּ דִיא דֶערְשֵׁיינוּנְגֶען אוּן אַנְפְּלֶעקוּנְגֶען פָאן דֶעם הֶערְרְן.
אִיךְ קֶען אֵיין מַאן אִין דֶעם מָשִׁיחַ'ן שׁוֹין פַאר פִירְצֶעהן יָאהר, צוּ 2
עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין גוּף, וֵוייס אִיךְ נִיט, אָדֶער אוֹיסֶער דֶעם גוּף
וֵוייס אִיךְ נִיט, גָאט וֵוייסְט. אוּן דֶער מַאן אִיז אַרוֹיף גֶענוּמֶען גֶעד־
וָוארֶען בִּיז אִין דְרִיטֶען הִימֶעל. אוּן אִיךְ קֶען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען מַאן, 3
צוּ אִין גוּף, וֵוייס אִיךְ נִיט, אָדֶער אוֹיסֶער דֶעם גוּף, וֵוייס אִיךְ נִיט,
גָאט וֵוייסְט. וָואס אִיז אַרוֹיף גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם פַּארַאדִיז, 4
אוּן עֶר הָאט גֶעהֶערְט וֶוערְטֶער וֶועלְכֶע מֶען קֶען נִיט אוֹיסְרֶעדֶען
וָואס אֵיין מֶענְשׁ קָאן זֵיי נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען. דֶערְפּוּן וִויל אִיךְ מִיךְ 5
בֶּערִיהמֶען. מִיט מִיר אָבֶּער בֶּערִיהם אִיךְ מִיךְ נִיט, אוֹיסֶער מִיט מֵיין
שְׁוַואכְקֵייט. וֶוען אִיךְ וָואלְט מִיךְ וֶועלֶען בֶּערִיהמֶען, וָואלְט אִיךְ קֵיין 6
נַאר נִיט גֶעוֶועזֶען, מַחֲמַת אִיךְ זָאג אֱמֶת. אָבֶּער אִיךְ הַאלְט מִיךְ אָבּ,
כְּדֵי קֵיינֶער זָאל מִיךְ נִיט רֶעכֶענֶען מֶעהרֶער פָאן דֶעם וָואס עֶר
זֶעהֶעט אִין מִיר, אָדֶער עֶר הֶערְט פָאן מִיר. אוּן כְּדֵי אִיךְ זָאל בֵּיי 7
מִיר נִיט גְרוֹיס וֶוערֶען דוּרְךְ דִיא הוֹיכֶע אַנְפְּלֶעקוּנְג, אִיז מִיר גֶעד־
גֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אֵיין דָארֶען אִין פְלֵייש, דֶעם שָׂטָן'ס מַלְאָךְ, עֶר
זָאל מִיךְ שְׁלָאגֶען כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט גְרוֹיס וֶוערֶען. אִיךְ הָאבּ 8
דֶערִיבֶּער דְרֵיי מָאל גֶעבֶּעטֶען דֶעם הֶערְרְן עֶר זָאל אִיהם אַוֶועק
נֶעמֶען פָאן מִיר. אוּן עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט: פַאר דִיר אִיז גֶענוּג מֵיין 9
גְנָאד, דֶען מֵיין גְבוּרָה וֶוערְט אוֹיסְגֶעפִיהרְט אִין שְׁוַואכְקֵייט,
דֶערִיבֶּער וִויל אִיךְ מִיט פְרֵיידֶע זִיךְ בֶּעסֶער בֶּערִיהמֶען מִיט מֵיין
שְׁוַואכְקֵייט, כְּדֵי אוֹיף מִיר זָאל רוּהֶען דֶעם מָשִׁיחַ'ס גְבוּרָה. דֶערִיבֶּער 10
אִיז עֶס מִיר גוּט אִין שְׁוַואכְקֵייט, אִין חֶרְפּוֹת, אִין צָרוֹת, אִין רְדִיפוֹת,
אוּן אִין דַחֲקוֹת פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ס וֶועגֶען. דֶען וֶוען אִיךְ בִּין שְׁוַואךְ,
אַזוֹי בִּין אִיךְ שְׁטַארְק. אִיךְ בִּין אֵיין נַאר גֶעוֶועזֶען דֶער מִיט וָואס אִיךְ 11

הָאבּ מִיךְ גֶערִיהמְט; אִיהר הָאט מִיךְ דֶערְצוּ גֶעצְווּאוּנְגֶען, אִיהר הָאט
בֶּעדַארְפְט מִיךְ צוּ לוֹיבֶּען, ווייל אִיךְ בִּין נִיט ווֵייניגֶער פָאן דִיא
12 הֶעכְסְטֶע אַפָּאסְטֶעל, הֲגַם אִיךְ בִּין אֵיין גָאר נִישְט. דִיא צֵייכֶענְס
פָאן אֵיין אַפָּאסְטֶעל זֶענֶען צְווִישֶׁען אַייךְ גֶעטָאן גֶעוָוארֶען מִיט אַלֶע
גֶעדוּלְד, מִיט צֵייכֶען אוּן וואוּנְדֶער, אוּן מִיט מַעֲשִׂים פָאן גְבוּרוֹת.
13 אוּן וָואס זַייט אִיהר ווֵייניגֶער פָאן אַנְדֶערֶע גֶעמֵיינְדֶען, אֶפְשַׁר דָאס
וָואס אִיךְ הָאבּ קֵיינֶעם נִיט מִיט עֶטְוָואס בֶּעשְׁוֶוערְט? דִיא עַוְלָה זַייט
14 מִיר מוֹחֵל. זֶעהט, אִיךְ בִּין גֶערֵייט צוּ קוּמֶען צוּ אַייךְ צוּם דְרִיטֶען
מָאל, אוּן אִיךְ וֶועל אַייךְ נִיט בֶּעשְׁוֶוערֶען, דֶען אִיךְ פֶערְלַאנְג נִיט
אֵייעֶרֶעס, אִיךְ פֶערְלַאנְג נוּר אַייךְ. דֶען נִיט דִיא קִינְדֶער זָאלֶען דֶערְ־
15 וֶוערְבֶּען פַאר דִיא עֶלְטֶערְן, נוּר דִיא עֶלְטֶערְן פַאר דִיא קִינְדֶער. אִיךְ
וויל אָבֶּער גֶערְן אוֹיסְבְּרֵיינְגֶען, זִיךְ אַלֵיין אוֹיסְבְּרֵיינְגֶען פַאר אֵייעֶרֶע
נְשָׁמוֹת, הֲגַם וָואס אִיךְ לִיבּ אַייךְ מֶעהר, לִיבְּט אִיהר מִיךְ ווֵייניגֶער.
16 לָאז עֶס אָבֶּער אַזוֹי זַיין, אִיךְ הָאבּ אַייךְ דָאךְ נִיט בֶּעשְׁוֶוערְט, נוּר
17 ווייל אִיךְ בִּין קְלוּג הָאבּ אִיךְ אַייךְ מִיט רַמָאוּת גֶעפַאנְגֶען. הָאבּ אִיךְ
דֶען פָאן אַייךְ עֶטְוָואס אוֹיסְגֶענַארְט דוּרְךְ אֵיינֶעם פָאן דִיא, וֶועלְכֶע
18 אִיךְ הָאבּ צוּ אַייךְ גֶעשִׁיקְט? אִיךְ הָאבּ טִיטוּס'ן גֶעבֶּעטֶען אוּן הָאבּ מִיט
אִיהם גֶעשִׁיקְט דֶעם בְּרוּדֶער. הָאט בַּיי אַייךְ דֶען טִיטוּס עֶטְוָואס
אוֹיסְגֶענַארְט? זֶענֶען מִיר דֶען נִיט אִין אֵיין גֵייסְט גֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען מִיר
19 דֶען נִיט אִין אֵיין וֶועג גֶעגַאנְגֶען? דֶענְקְט אִיהר אֶפְשַׁר דָאס מִיר
ווִילֶען זִיךְ פַארְעֶנְטְפֶערֶען פַאר אַייךְ? מִיר רֶעדֶען פַאר גָאטְט אִין
מָשִׁיחַ, דָאס אַלְץ אִיז נוּר כְּדֵי אִיהר זָאלְט גֶעלִיבְּטֶע פַארְבֶּעסֶערְט
20 וֶוערֶען. דֶען אִיךְ הָאבּ מוֹרָא, וֶוען אִיךְ וֶועל צוּ אַייךְ קוּמֶען וֶועל אִיךְ
אַייךְ נִיט גֶעפִינֶען ווִיא אִיךְ הָאבּ גֶעווִינְשְׁט, אוּן אוֹיךְ אִיהר וֶועט מִיךְ
נִיט גֶעפִינֶען ווִיא אִיהר הָאט גֶעווִינְשְׁט. דָאס עֶס זָאל צְווִישֶׁען אַייךְ
נִיט זַיין מַחֲלֹקֶת, קִנְאָה, רֵגֶז קְרִיג, לָשׁוֹן הָרָע, רְכִילוּת גַאֲוָה, אוּן נִיט
21 קֵיין אָרְדֶענוּנְג. כְּדֵי וֶוען אִיךְ וֶועל נָאךְ אֵיין מָאל צוּ אַייךְ קוּמֶען זָאל
מֵיין גָאטְט מִיךְ נִיט נִידֶערִיג מַאכֶען בַּיי אַייךְ, אוּן אִיךְ וֶועל דַארְפֶען
קְלָאגֶען אוֹיף פִילֶע וָואס הָאבֶּען שׁוֹין לַאנְג גֶעזִינְדִיגְט אוּן הָאבֶּען
קֵיין תְּשׁוּבָה נִיט גֶעטָאן אוֹיף דֶער טֻמְאָה, נִאוּף אוּן זְנוּת וָואס זֵיי
הָאבֶּען גֶעטָאן.

יג שׁוֹין צוּם דְרִיטֶען מָאל קוּם אִיךְ צוּ אַייךְ. דוּרְךְ דֶעם מוֹיל פָאן

2 צְווֵיי אָדֶער דְרֵיי עֵדוּת, וֶוערְט יֶעדֶע זַאךְ מְקוּיָם. אִיךְ הָאבּ פְרִיהֶער
גֶעזָאגְט וֶוען אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען בֵּיי אַייךְ, דָאס צְוֵוייטֶע מָאל, אוּן יֶעצְט
ווִיל אִיךְ נָאךְ אֵיין מָאל זָאגֶען אוּן שְׁרֵייבֶּען בְּעֵת אִיךְ בִּין אַייךְ פָאן
וֵוייטֶען צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען פְרִיהֶער גֶעזִינְדִיגְט, אוּן צוּ אַלֶע אִיבְּרִיגֶע,
3 דָאס וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען צוּ אַייךְ וֶועל אִיךְ אַייךְ נִיט שׁוֹינֶען. אִיהר
זוּכְט גֶעוָואהר צוּ וֶוערֶען, אוֹיבּ דֶער מָשִׁיחַ רֶעט אִין מִיר; אוּן עֶר
4 אִיז נִיט שְׁוַואךְ גֶעגֶען אַייךְ, נוּר שְׁטַארְק אִין אַייךְ. דֶען הֲגַם עֶר
אִיז גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען אִין שְׁוַואכְקֵייט. אַזוֹי לֶעבְּט עֶר דָאךְ אִין
דֶער גְבוּרָה פָאן גָאטְט. אוּן הֲגַם מִיר זֵיינֶען שְׁוַואךְ אִין אִיהם, אַזוֹי
לֶעבֶּען מִיר דָאךְ מִיט אִיהם דוּרְךְ דֶער גְבוּרָה פָאן גָאטְט אִין אַייךְ.
5 פְּרוּבְט אַייךְ אוֹיבּ אִיהר זֵייט אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען. פְּרוּבְט אַייךְ
אַלֵיין אוֹיס. אָדֶער דֶערְקֶענְט אִיהר אַייךְ אַלֵיין נִיט דָאס יֵשׁוּעַ
6 הַמָּשִׁיחַ אִיז אִין אַייךְ? סַיידֶען אִיהר טוֹיגְט נִיט. אִיךְ הָאף אָבֶּער
7 דָאס אִיהר וֶועט דֶערְקֶענֶען דָאס מִיר טוֹיגֶען. אוּן אִיךְ בֶּעט גָאטְט,
דָאס אִיהר זָאלְט קֵיין בֶּעזֶעס נִיט טָאן, נִיט פָאן אוּנְזֶערְט וֶועגֶען כְּדֵי
מִיר זָאלֶען אָנְגֶעזֶעהֶען וֶוערֶען וִויא טוֹיגְלֶעכֶע, נוּר כְּדֵי אִיהר זָאלְט
8 טָאן וָואס גוּט אִיז, אוּן מִיר זָאלֶען זֵיין וִויא נִיט טוֹיגְלֶעכֶע. דֶען מִיר
9 קָאנֶען נִישְׁט טָאן גֶעגֶען דֶעם אֱמֶת, נוּר פַאר דֶעם אֱמֶת. מִיר
פְרֵייעֶן זִיךְ וֶוען מִיר זֶענֶען שְׁוַואךְ, אוּן אִיהר שְׁטַארְק, אוּן מִיר זֶענֶען
10 דֶערִיבֶּער מִתְפַּלֵל, דָאס אִיהר זָאלְט פָאלְקָאמֶען וֶוערֶען. דֶערִיבֶּער
הָאבּ אִיךְ דִיזֶעס גֶעשְׁרִיבֶּען פָאן דֶערְוֵוייטֶענְס כְּדֵי וֶוען אִיךְ וֶועל
זֵיין בֵּיי אַייךְ, זָאל אִיךְ נִיט בֶּעדַארְפֶען מִיט אַייךְ זִיךְ שְׁטְרֶענְג
בֶּעגֶעהֶן, נָאךְ דֶער מַאכְט וָואס דֶער הֶערְר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען
11 אוֹיף צוּ בּוֹיעֶן אוּן נִיט צוּ צוּשְׁטֶערֶען. צוּלֶעצְט, בְּרִידֶער, זֵייט
פְרֵיילַאךְ, פַארְבֶּעסֶערְט אַייךְ, אוּן טְרֵייסְט אַייךְ, הָאט אֵיינֶערְלֵיי
גֶעדַאנְקֶען, הַאלְט שָׁלוֹם, אַזוֹי וֶועט דֶער גָאטְט פָאן לִיבֶּע אוּן פְרִידֶען
12 מִיט אַייךְ זֵיין. גֶערִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן מִיט דֶעם הֵיילִיגֶען
13 קוּס, אַלֶע הֵיילִיגֶע גֶערִיסֶען אַייךְ. דֶער גְנָאד פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּן דִיא לִיבֶּע פָאן גָאטְט, אוּן דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט
(הִתְחַבְּרוּת) פָאן דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ זָאל זֵיין מִיט אַייךְ אַלֶעמֶען, אָמֵן.

---

# דֶער בְּרִיף צוּ דִיא גַאלַאטֶער

א פּוֹלוֹס אֵיין אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) נִיט פָאן מֶענְשֶׁען, אוֹיךְ נִיט דוּרְךְ
אֵיין מֶענְשֶׁען, נוּר דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּן גָאטְט דֶעם פָאטֶער,
2 וֶועלְכֶער הָאט אִיהם אוֹיף גֶעוֶועקְט פָאן דִיא טוֹיטֶע. אוּן אַלֶע
3 בְּרִידֶער וֶועלְכֶע זֶענֶען מִיט מִיר, צוּ דִיא גֶעמֵיינְדֶען גַאלַאטְיָא. גְנָאד
זָאל זֵיין צוּ אַייךְ אוּן פְרִידֶען פָאן גָאטְט דֶעם פָאטֶער אוּן פָאן
4 אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ אַלֵיין גֶעגֶעבֶּען
פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד כְּדֵי אוּנְז צוּ בֶּעפְרֵייעֶן פָאן דֶער שְׁלֶעכְטֶער
5 וֶועלְט, נָאךְ דֶעם ווִילֶען פָאן גָאטְט אוּן אוּנְזֶער פָאטֶער. צוּ וֶועלְכֶען
6 עֶס זָאל זֵיין כָּבוֹד פָאן עֶווִיגְקֵייט בִּיז צוּ עֶווִיגְקֵייט. אָמֵן.
מִיךְ וואוּנְדֶערְט, דָאס אִיהר הָאט זִיךְ גֶעלָאזֶען גִיךְ אָבּ קֶעהֶרֶען פָאן
דֶעם, וָואס הָאט אַייךְ גֶערוּפֶען אִין דִיא גְנָאד פָאן דֶעם מָשִׁיחַ צוּ
7 אֵיין אַנְדֶער עֶווַאנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה טוֹבָה). אוּן עֶס אִיז דָאךְ נִיט קֵיין
אַנְדֶערֶעס, נוּר עֶס זֶענֶען דָא מֶענְשֶׁען, וָואס זֶענֶען אַייךְ מְבַלְבֵּל, אוּן
8 ווִילֶען אִיבֶּער דְרֶעהֶען דָאס עֶווַאנְגֶעלִיוּם פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן. אָבֶּער
אֲפִילוּ מִיר, אָדֶער אֵיין מַלְאָךְ פָאן דֶעם הִימֶעל וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען
אַייךְ צוּ פְּרֶעדִיגֶען אֵיין אַנְדֶערֶעס עֶווַאנְגֶעלִיוּם אוֹיסֶער דֶעם וֶועלְכֶען
9 מִיר הָאבֶּען אַייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט, זָאל עֶר פַארְפְלוּכְט זֵיין. ווִיא מִיר
הָאבֶּען פְרִיהֶער גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאג אִיךְ נָאךְ אֵיין מָאל, וֶוען אֵיינֶער
וֶועט אַייךְ אָנְזָאגֶען אֵיין אַנְדֶערֶעס עֶווַאנְגֶעלִיוּם, אוֹיסֶער דֶעם וָואס
10 אִיהר הָאט מְקַבֵּל גֶעוֶוען, זָאל עֶר פַארְפְלוּכְט זֵיין. רֶעד אִיךְ עֶס
דֶען יֶעצְט צוּלִיבּ מֶענְשֶׁען אָדֶער גָאטְט? ווִיל אִיךְ דֶען מֶענְשֶׁען
גֶעפֶעהלֶען? וֶוען אִיךְ וָואלְט גֶעוֶועלְט מֶענְשֶׁען גֶעפֶעהלֶען אַזוֹי וָואלְט
11 אִיךְ נִיט גֶעוֶוען דֶעם מָשִׁיחַ'ס קְנֶעכְט. אִיךְ בִּין אַייךְ, בְּרִידֶער,
מוֹדִיעַ דָאס דָאס עֶווַאנְגֶעלִיוּם וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט אִיז
12 נִיט קֵיין מֶענְשְׁלִיכֶע. אִיךְ הָאבּ עֶס אֲפִילוּ נִיט מְקַבֵּל גֶעוֶוען פָאן
מֶענְשֶׁען אוּן עֶס נִיט אוֹיסְגֶעלֶעהֶרֶענְט, נוּר פָאן דֶער אַנְפְּלֶעקוּנְג
13 (הִתְגַּלוּת) פָאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. אִיהר הָאט גֶעהֶערְט מֵיין פְרִיהֶערְ-

דִיגָען פִּיהרוּנְג אִין יוּדֶענְטוּם, דָאס אִיךְ הָאבּ וָועהר שְׁטַארְק גֶערוּדֶפְ'ט
14 דִיא גֶעמֵיינְדֶע פָאן גָאטְט אוּן הָאבּ זִיא וִויסְט גֶעמַאכְט. אוּן אִין דֶער
אִידֶעשְׁקֵייט הָאבּ אִיךְ מֶעהר גֶעטָאן פָאן פִילֶע חֲבֵרִים אִין מֵיינֶע
יָאהרֶען צְוִוישֶׁען מֵיין פָאלְק, ווייל אִיךְ הָאבּ מִיךְ וָועהר אָנְגֶענוּמֶען
פַאר דֶער לֶעהרֶע וָואס מֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען זִיא מְקַבֵּל גֶעוֶוען.
15 אוּן וֶוען עֶס אִיז גֶעפֶעהלֶען גֶעוָוארֶען פַאר גָאטְט, דָאס עֶר הָאט
מִיךְ אָבּ גֶעשֵׁיידֶעט פָאן מֵיין מוּטֶערְס לֵייבּ אוּן הָאט מִיךְ דוּרְךְ זֵיין
16 חֶסֶד גֶערוּפֶען. דָאס עֶר זָאל אִין מִיר אַנְפְּלֶעקֶען זֵיין זָאהן, כְּדֵי,
אִיךְ זָאל אִיהם אָנְזָאגֶען צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם, הָאבּ אִיךְ מִיךְ דַאמָאלְסְט
17 נִיט בֶּעֲרַאטֶען מִיט אֵיין בָּשָׂר וָדָם. אוֹיךְ בִּין אִיךְ נִיט אַרוֹיף גֶע־
גַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם צוּ דִיא שְׁלִיחִים וָואס זֶענֶען פָאר מִיר גֶעוֶוען,
נוּר אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם לַאנְד עֲרַב אוּן פָאן דָארְטֶען הָאבּ
18 וִוידֶער זִיךְ אוּם גֶעקֶערְט קֵיין דַמֶשֶׂק. נָאךְ דֶעם, אִין דְרֵייא יָאהר
שְׁפֶּעטֶער בִּין אִיךְ אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם צוּ זֶעהֶען כֵּיפָא,
19 אוּן בִּין מִיט אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען פוּפְצֶעהן טֶעג. אֵיין אַנְדֶערְן פָאן דִיא
אַפָּאסְטֶעל הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעזֶעהֶען, אוֹיסֶער יַעֲקֹב דֶעם בְּרוּדֶער
20 פָאן דֶעם הֶערְן. אוּן וָואס אִיךְ שְׁרֵייבּ אַייךְ, זֶעהט, גָאטְט וֵוייס,
21 דָאס אִיךְ זָאג קֵיין לִיגֶען נִיט. נָאךְ דֶעם בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען אִין דִיא
22 לֶענְדֶער סוּרְיָא אוּן קִילוּקְיָא, אוּן דִיא אִידֶעשֶׁע גֶעמֵיינְדֶען אִין דֶעם
23 מָשִׁיחַ הָאבֶּען מִיךְ פֶּערְזֶענְלִיךְ נִיט גֶעקֶענְט. אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען
גֶעהֶערְט דָאס דֶער וָואס הָאט אוּנְז גֶערוּדֶפְ'ט זָאגְט יֶעצְט אָן דִיא
24 אֶמוּנָה וֶועלְכֶע עֶר הָאט פְרִיהֶער פַארְשְׁטֶערְט. אוּן הָאבֶּען פַאר
מִיר גָאטְט גֶעלוֹיבְּט.
ב נָאךְ דֶעם אִין פִירְצֶען יָאהר אַרוּם בִּין אִיךְ נָאךְ אֵיין מָאל אַרוֹיף
גֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם מִיט בַּר־נַבָּא'ן, אוּן הָאבּ מִיט מִיר אוֹיךְ
2 גֶענוּמֶען טִיטוּס'ן. אִיךְ בִּין אַהִין אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען מַחֲמַת אֵיין דֶערְ־
שֵׁיינוּנְג. אוּן הָאבּ פַאר זֵייא פָארְגֶעלֵייגְט דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם וָואס
אִיךְ הָאבּ גֶעפְּרֶעדִיגְט צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם, אוּן בֶּעזָאנְדֶערְס (בְּיִחוּד)
פַאר דִיא אָנְגֶעזֶעהֶענֶע פָאן זֵייא, אוֹיבּ אִיךְ לוֹיף נִיט אוּמְזִיסְט אָדֶער
3 בִּין גֶעלָאפֶען. נוּר אֲפִילוּ טִיטוּס'ן וָואס עֶר אִיז מִיט מִיר גֶעוֶוען,
הֲגַם עֶר אִיז אֵיין גְרִיכֶע הָאט מֶען נִיט גֶענוֹיט דָאס עֶר זָאל זִיךְ
4 מַל זֵיין. מַחֲמַת דִיא פַאלְשֶׁע בְּרִידֶער וָואס הָאבֶּען זִיךְ אַרֵיין גֶע־

גַנָב'עֶט צְווִישֶׁען אוּנְז אוּן זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיפְצוּלוֹיעֶרֶען אוּנְזֶער פְרַייר־
הַייט וָואס מִיר הָאבֶּען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען אוּנְז פַאר
5 קְנֶעכְט מַאכֶען. אֲפִילוּ אוֹיף אֵיין שָׁעָה הָאבֶּען מִיר זֵיי נִיט אוֹיסְ־
גֶעווייכְט זִיךְ מַכְנִיעַ צוּ זַיין, כְּדֵי דֶער אֱמֶת פָאן דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם
6 זָאל בְּלֵייבֶּען פַאר אֵייךְ. פָאן דִיא אָבֶּער, וֶועלְכֶע זֵיינֶען אָנְגֶע־
זֶעהֶענֶע גֶעוֶועזֶען, זֵיי הָאבֶּען גֶעמֶעגְט זַיין וֶוער זֵיי זֶענֶען, זֵיי הָאבֶּען
בַּיי מִיר גָאר נִישְׁט אוֹיסְגֶעמַאכְט, דֶען גָאטְט זֶעהט נִיט אוֹיף דֶעם
מֶענְשֶׁען, מִיר הָאבֶּען דִיזֶע אָנְגֶעזֶעהֶענֶע גָארְנִישְׁט מוֹסִיף גֶעוֶועזֶען.
7 נוּר לְהֵיפֶךְ, ווען זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, דָאס מִיר אִיז גֶעטְרוֹיט גֶע־
וָוארֶען דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם פַאר דִיא נִיט גֶע'מַל'טֶע וִויא צוּ פֶּטְרוֹס'ן
אִיז גֶעטְרוֹיט גֶעוָוארֶען דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם פַאר דִיא גֶע'מַל'טֶע.
8 דֶען וֶוער עֶס הָאט גֶעווירְקְט אִין פֶּטְרוֹס צוּ זַיין אֵיין שָׁלִיחַ צוּ דִיא
גֶע'מַל'טֶע, דֶער זֶעלְבֶּער הָאט אוֹיךְ אִין מִיר גֶעווירְקְט צוּ זַיין אֵיין
9 שָׁלִיחַ צוּ דִיא גוֹיִם. אוּן וֶוען זֵיי הָאבֶּען דֶערְקֶענְט דִיא גְנָאד וָואס
מִיר אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען הָאבֶּען יַעֲקֹב, כֵּיפָא, אוּן יוֹחָנָן, וֶועלְכֶע
מֶען הָאט גֶערֶעכֶענְט פַאר זֵיילֶען מִיר אוּן בַּר־נַבָּא'ן גֶעגֶעבֶּען
זֵייעֶר רֶעכְטֶער הַאנְד, אוּן זֵיינֶען מִיט אוּנְז אֵיינְס גֶעוָוארֶען, דָאס
10 מִיר זָאלֶען גֶעהֶען צוּ דִיא גוֹיִם אוּן זֵיי צוּ דִיא גֶע'מַל'טֶע. מִיט אֵיין
תְּנַאי, דָאס מִיר זָאלֶען גֶעדֶענְקֶען דִיא אָרֶעמֶע, אוּן אִיךְ הָאבּ מִיךְ
11 בֶּעמִיהט דָאס מְקַיֵים צוּ זַיין. אוּן וֶוען כֵּיפָא אִיז קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא גֶע־
קוּמֶען בִּין אִיךְ אִיהם, אִין דִיא אוֹיגֶען, דֶערְגֶעגֶען גֶעוֶועזֶען, וֵוייל מֶען
12 הָאט זִיךְ אוֹיף אִיהם בֶּעקְלָאגְט. דֶען אֵיידֶער אֵיינִיגֶע פָאן יַעֲקֹב'ן
זֶענֶען גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר גֶעגֶעסֶען צוּ זַאמֶען מִיט דִיא גוֹיִם, אוּן
וֶוען זֵיי זֶענֶען אָבֶּער גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר זִיךְ דֶערְוַוייטֶערְט אוּן הָאט
13 זִיךְ פָאן זֵיי אָבּ גֶעשֵׁיידֶעט מֵחֲמַת מוֹרָא פַאר דִיא גֶע'מַל'טֶע. אוּן
מִיט אִיהם הָאבֶּען זִיךְ דִיא אִיבֶּערִיגֶע אִידֶען אוֹיךְ פַארְשְׁטֶעלְט, אַזוֹי
דָאס אֲפִילוּ בַּר־נַבָּא אִיז אוֹיךְ אַרָאבּ גֶעפִיהרְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ
14 זֵייעֶר פָארְשְׁטֶעלְטוּנְג. אוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ דֶערְזֶעהֶען דָאס זֵיי
גֶעהֶען נִיט רִיכְטִיג נָאךְ דֶעם אֱמֶת פָאן דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם הָאבּ אִיךְ
גֶעזָאגְט צוּ כֵּיפָא פַאר אַלֶעמֶען, וֶוען דוּא אִיד בִּיסְט זִיךְ נוֹהֵג וִויא
אֵיין גוֹי, נִיט וִויא אֵיין אִיד, פַאר וָואס דֶען צְווִינְגְסְט דוּא דִיא גוֹיִם
15 זֵיי זָאלֶען זִיךְ נוֹהֵג זַיין וִויא אִידֶען? מִיר זֶענֶען פָאן דֶער נַאטוּר

16 אִידֶען, אוּן נִיט וִויא הַיידֶען גֶעבָּארֶענֶע זִינְדֶער. אָבֶּער מַחֲמַת מִיר
ווייסֶען, דָאס אַיין מֶענְשׁ קָאן נִיט גֶערֶעכְט ווערֶען פָאן דִיא מַעֲשִׂים
פָאן דֶער תּוֹרָה, נוּר דוּרְךְ דֶער אֱמוּנָה פָאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, הָאבֶּען
מִיר אוֹיךְ גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ, כְּדֵי מִיר זָאלֶען גֶערֶעכְט
ווערֶען דוּרְךְ דֶער אֱמוּנָה אִין דֶעם מָשִׁיחַ, אוּן נִיט דוּרְךְ דִיא מַעֲשִׂים
פָאן דֶער תּוֹרָה; דֶען דוּרְךְ דִיא מַעֲשִׂים פָאן דֶער תּוֹרָה קָאן קֵיין
17 שׁוּם פְלֵייש נִיט גֶערֶעכְט ווערֶען. ווען מִיר וָואס זוּכֶען גֶערֶעכְט
צוּ ווערֶען אִין דֶעם מָשִׁיחַ, זָאלֶען נָאךְ אוֹיךְ וִויא זִינְדֶער גֶעפוּנֶען
ווערֶען, ווֶעט אוֹיסְקוּמֶען דָאס דֶער מָשִׁיחַ אִיז אַיין הֶעלְפֶער פָאן דֶער
18 זִינְד, חָלִילָה. דֶען ווען אִיךְ בּוֹיעֶ אוֹיף נָאךְ אַיין מָאל דָאס וָואס
אִיךְ הָאבּ צוּשְׁטֶערְט, אַזוֹי מַאךְ אִיךְ מִיךְ אַלֵיין פַאר אַיין אִיבֶּערְ־
19 טְרֶעטֶער (עֲבַרְיָן). דֶען אִיךְ בִּין דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה אָבּ גֶעשְׁטָארְבֶּען
20 פָאן דֶער תּוֹרָה, כְּדֵי אִיךְ זָאל לֶעבֶּען פַאר גָאטְט. אִיךְ בִּין
גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם מָשִׁיחַ׳ן, אִיךְ לֶעבּ שָׁאן מֶעהר נִיט.
נוּר דֶער מָשִׁיחַ עֶר לֶעבְּט אִין מִיר, דָאס וָואס אִיךְ לֶעבּ יֶעצְט אִין
פְלֵייש, לֶעבּ אִיךְ אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען פָאן דֶעם בֶּן אֱלֹהִים, ווֶעלְכֶער
הָאט מִיךְ גֶעלִיבְּט, אוּן הָאט זִיךְ אַלֵיין אַוֶועק גֶעגֶעבֶּען פַאר מִיר.
21 אִיךְ פַארְוַוארְף נִיט דִיא גְנָאד פָאן גָאטְט, אוּן אוֹיבּ עֶס אִיז דָא
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה, אַזוֹי אִיז דֶער מָשִׁיחַ אוּמְזִיסְט
גֶעשְׁטָארְבֶּען.

ג אָ, אִיהר אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע גַאלַאטֶער! ווער הָאט אַייךְ בֶּעד־
כִּישׁוּפ׳ט, דָאס אִיהר זָאלְט נִיט צוּהֶערֶען צוּ דֶעם אֱמֶת, ווֶעלְכֶען יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר אַייעֶרֶע אוֹיגֶען אוֹיסְגֶעמָאהלְט אוּן אִיז יֶעצְט
2 גֶעקְרֵייצִיגְט צְווִישֶׁען אַייךְ. נוּר דָאס וִויל אִיךְ ווִיסֶען פָאן אַייךְ: הָאט
אִיהר מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען דֶעם גֵייסְט, דוּרְךְ דִיא מַעֲשִׂים פָאן דֶער תּוֹרָה,
3 אָדֶער דוּרְךְ דִיא פְּרֶעדִיגֶען פָאן דֶער אֱמוּנָה? זֶענְט אִיהר אַזוֹי פִיל
נַארֶעשׁ, דָאס אִיהר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין גֵייסְט, אוּן יֶעצְט עֶנְדִיגְט
4 אִיהר אִין פְלֵייש? הָאט אִיהר נָאר אוּמְזִיסְט אַזוֹי פִיל גֶעלִיטֶען? אוּן
5 אוֹיבּ אוּמְזִיסְט. דֶער וָואס הָאט אִין אַייךְ צוּגֶעפִיהרְט דֶעם גֵייסְט
אוּן הָאט אִין אַייךְ גֶעווִירְקְט וואוּנְדֶער, מַאכְט עֶר דָאס דוּרְךְ דֶעם
כֹּחַ פָאן דִיא מַעֲשִׂים פָאן דֶער תּוֹרָה? אָדֶער דוּרְךְ דֶעם כֹּחַ פָאן דֶער
6 פְּרֶעדִיג פָאן דֶער אֱמוּנָה? אַזוֹי וִויא אַבְרָהָם הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אִין

גָאטְט, אוּן עֶס אִיז אִיהם גֶערֶעכֶענְט גֶעוָוארֶען פַאר אֵיין גֶערֶעכְטִיג־
7 קַייט. זֶעהט אִיהר, דָאס דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען דִיא זֶענֶען אַבְרָהָם'ס
8 קִינְדֶער. אוּן וֶוען דִיא שְׁרִיפְט (תנ"ך) הָאט פָארוֹיסְגֶעזֶעהֶען, דָאס
גָאטְט וֶועט דִיא גוֹיִם גֶערֶעכְט מַאכֶען דוּרְך דֶעם גְלוֹיבֶּען, הָאט זִיא
פָאן לַאנְג אָן אָנְגֶעזָאגְט צוּ אַבְרָהָם'ן אוּן גֶעזָאגְט: אִין דִיר וֶועלֶען אַלֶע
9 גוֹיִם גֶעבֶּענְשְׁט וֶוערֶען. אַזוֹי וֶועלֶען דִיא גְלוֹיבִּיגֶע גֶעבֶּענְשְׁט וֶוערֶען
10 מִיט אַבְרָהָם'עֶן דֶעם גְלוֹיבִּיגֶען. דֶען דִיא, וֶועלְכֶע קוּמֶען אַרוֹיס פָּאן
דִיא מַעֲשִׂים פָאן דֶער תּוֹרָה זֶענֶען אוּנְטֶער דֶער קְלָלָה, דֶען עֶס אִיז
גֶעשְׁרִיבֶּען: פֶערְפְלוּכְט אִיז דֶער וָואס וֶועט נִיט מְקַיֵים זַיין אוּן טָאן
11 אַלֶע זַאכֶען וָואס זֶענֶען גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה. אוּן דָאס קֵיין
מֶענְשׁ קָאן נִיט גֶערֶעכְט וֶוערֶען פַאר גָאטְט דוּרְך דֶער תּוֹרָה אִיז
12 גֶעוִויס, דֶען דֶער צַדִיק וֶועט לֶעבֶּען דוּרְך זַיין גְלוֹיבֶּען. אוּן דִיא
תּוֹרָה בֶּערוּהט נִיט אוֹיף דֶעם גְלוֹיבֶּען, נוּר אוֹיף דִיא מַעֲשִׂים, וֶוער
13 עֶס טְהוּט זֵיי, וֶועט דֶערִינֶען לֶעבֶּען. דֶער מָשִׁיחַ הָאט אוּנְז אוֹיסְ־
גֶעקוֹיפְט פָאן דֶער תּוֹרָה'ס קְלָלָה, דוּרְך דֶעם וָואס עֶר אִיז פַאר
אוּנְז אֵיין קְלָלָה גֶעוָוארֶען, וִויא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען: פֶערְפְלוּכְט אִיז
14 יֶעדֶער וָואס הֵיינְגְט אוֹיף אֵיין הָאלְץ. כְּדֵי אַבְרָהָם'ס בְּרָכָה אִין דֶעם
מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ זָאל קוּמֶען אוֹיף דִיא גוֹיִם, אוּן מִיר זָאלֶען קֶענֶען מְקַבֵּל
15 זַיין דִיא הַבְטָחָה פָאן דֶעם גֵייסְט דוּרְך דֶעם גְלוֹיבֶּען. בְּרִידֶער, אִיךְ
רֶעד וִויא אֵיין מֶענְשׁ רֶעט, אֲפִילוּ אֵיין מֶענְשֶׁענְס צַוָּאָה וֶוען זִיא אִיז
בֶּעשְׁטֶעטִיגְט (מְקוּיָם) קָאן קֵיינֶער זִיא נִיט מְבַטֵל זַיין אוּן מוֹסִיף זַיין
16 אוֹיף אִיהר. נוּן, צוּ אַבְרָהָם'ן אִיז פֶערְשְׁפְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען דִיא
הַבְטָחוֹת, אוּן צוּ זַיין זֶרַע (זָאמֶען), עֶס אִיז נִיט גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ
זֵיינֶע זְרָעִים (קִינְדֶער) וִויא צוּ פִילֶען, נוּר צוּ דֵיין זֶרַע וִויא צוּ אֵיינֶעם,
17 דָאס אִיז דֶער מָשִׁיחַ. אִיךְ מֵיין דֶערְמִיט: דָאס דֶעם בְּרִית (צַוָּאָה)
וָואס גָאטְט הָאט פָאן לַאנְג בֶּעשְׁטֶעטִיגְט אִין דֶעם מָשִׁיחַ'ן, קָאן דִיא
תּוֹרָה, וֶועלְכֶע אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין פִיר הוּנְדֶערְט אוּן דְרֵייסִיג
יָאהר אַרוּם, אִיהם נִיט צוּרְשְׁטֶערֶען אוּן קָאן נִיט מְבַטֵל זַיין, דִיא
18 הַבְטָחָה. דֶען וֶוען דִיא יְרוּשָׁה אִיז נָאךְ דֶער תּוֹרָה, אַזוֹי אִיז זִיא שׁוֹין
נִיט נָאךְ דֶער הַבְטָחָה, גָאטְט אָבֶּער הָאט אַבְרָהָם'עֶן גֶעשֶׁענְקְט נָאךְ
19 דֶער הַבְטָחָה. וֶוען אַזוֹי, צוּ וָואס דֶען אִיז דִיא תּוֹרָה? זִיא אִיז צוּ
גֶעקוּמֶען וֶועגֶען דֶער זִינְד, בִּיז עֶס וֶועט קוּמֶען דִיא זֶרַע צוּ וֶועמֶען דִיא

הַבְטָחָה אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען. אוּן זִיא אִיז גֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען
20 דוּרְךְ מַלְאָכִים אִין דִיא הֶענְד פָאן אֵיין פֶּערְמִיטְלֶער. אֵיין פֶּערְ־
21 מִיטְלֶער אָבֶּער אִיז נִיט שַׁיְיךְ בֵּיי אֵיינֶעם, אוּן גָאטְט אִיז אֵיינֶער. נוּן,
אִיז דֶען דִיא תּוֹרָה גֶעגֶען גָאטְטֶעס הַבְטָחוֹת? חָלִילָה! דֶען וֶוען עֶס
יָואלְט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אֵיין תּוֹרָה וָואס זִיא אִיז בְּכֹחַ צוּ גֶעבֶּען
לֶעבֶּען, אַזוֹי וָואלְט אִין אֱמֶת׳עֶן דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט גֶעוֶועֶן דוּרְךְ דֶער
22 תּוֹרָה. אָבֶּער דִיא שְׁרִיפְט הָאט אַלֶעמֶען אֵיין גֶעשְׁלָאסֶען אוּנְטֶער
דֶער זִינְדֶע, כְּדֵי דִיא הַבְטָחָה דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין יְשׁוּעַ זָאל אוֹיךְ
23 גֶעגֶעבֶּען זַיין צוּ דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען. אָבֶּער אֵיידֶער דִיא אֱמוּנָה אִיז
גֶעקוּמֶען זֶענֶען מִיר אֵיין גֶעשְׁלָאסֶען גֶעוֶועֶן אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה אוּן
אָבּ גֶעהִיט גֶעוֶועֶן פַאר דֶער אֱמוּנָה וָואס הָאט בֶּעדַארְפְט עֶרְשְׁט
24 אַנְפְּלֶעקְט וֶוערֶען. אַזוֹי אִיז דִיא תּוֹרָה גֶעוֶועֶן אוּנְזֶער דֶערְצִיהֶער
אוֹיף דֶעם מָשִׁיחַ, כְּדֵי מִיר זָאלֶען גֶערֶעכְט וֶוערֶען דוּרְךְ דֶער אֱמוּנָה.
25 אָבֶּער יֶעצְט נָאךְ דֶעם וִויא דִיא אֱמוּנָה אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען זֶענֶען מִיר
26 שׁוֹין נִיט אוּנְטֶער דֶעם דֶערְצִיהֶער. אִיהְר אַלֶע זֶענְט גָאטְטֶעס קִינְדֶער
27 דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין דֶעם מָשִׁיחַ יְשׁוּעַ. דֶען אִיהְר אַלֶע וָואס
אִיהְר זֶענְט גֶע׳טוֹבֵל׳ט גֶעוָוארֶען פַאר דֶעם מָשִׁיחַ הָאט אִיהְר זִיךְ
28 בֶּעקְלֵיידֶעט מִיט דֶעם מָשִׁיחַ. עֶס אִיז שׁוֹין מֶעהְר נִיט דָא קֵיין אִיד,
קֵיין גְרִיכֶע, קֵיין קְנֶעכְט, קֵיין פְּרֵייעֶר, קֵיין זָכָר, קֵיין נְקֵבָה, דֶען
29 אִיהְר זֶענְט אַלֶע אֵיינְס אִין מָשִׁיחַ יְשׁוּעַ. זַייט אִיהְר אָבֶּער דֶעם
מָשִׁיחַ׳ס, אַזוֹי זֶענְט אִיהְר פָאן זֶרַע אַבְרָהָם, אוּן יוֹרְשִׁים נָאךְ דֶער
הַבְטָחָה.

ד אִיךְ זָאג אָבֶּער: דָאס אֵיין יוֹרֵשׁ כָּל זְמַן עֶר אִיז נָאךְ אֵיין קִינְד אִיז
פָאן אִיהְם צוּ אֵיין קְנֶעכְט קֵיין חִלּוּק נִיט, הֲגַם צוּ אִיהְם גֶעהֶערְט
2 אַלֶץ. נוּר עֶר אִיז אוּנְטֶער אַפּוֹטְרוֹפְּסִים אוּן אוּנְטֶער פֶּערְוַואלְטֶער,
3 בִּיז דֶער צֵייט וָואס זֵיין פָאטֶער הָאט בֶּעשְׁטִימְט. אוּן אַזוֹי אוֹיךְ מִיר,
וֶוען מִיר זֶענֶען נָאךְ קִינְדֶער גֶעוֶועֶן זֶענֶען מִיר גֶעוֶועֶן קְנֶעכְט אוּנְטֶער
4 דִיא יְסוֹדוֹת (עֶלֶעמֶענְטֶען) פָאן דֶער וֶועלְט. אָבֶּער וֶוען דִיא דֶערְ־
פִילְטֶע צֵייט אִיז גֶעקוּמֶען הָאט גָאטְט גֶעשִׁיקְט זֵיין זָאהְן, וָואס אִיז
5 גֶעבָּארֶען פָאן אֵיין אִשָּׁה אוּן אִיז גֶעוֶועֶן אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה. עֶר זָאל
אוֹיסְקוֹיפֶען דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶועֶן אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה, כְּדֵי מִיר
6 זָאלֶען מְקַבֵּל זֵיין דֶעם רֶעכְט פָאן קִינְדֶער. וֵוייל אִיהְר זֶענְט קִינְדֶער

הָאט גָאטְט אִין אֵייעֶר הַארְץ אַרַיין גֶעשִׁיקְט דֶעם גֵייסְט פָאן זַיין
7 זָאהן וָואס עֶר רוּפְט אַבָּא, אוּנְזֶער פָאטֶער. אַזוֹי בִּיסְט דוּא שׁוֹין נִיט
מֶעהר קַיין קְנֶעכְט, נוּר אֵיין זָאהן, אוּן וֶוען דוּא בִּיסְט אֵיין זָאהן, בִּיסְט
8 דוּא אוֹיךְ גָאטְטֶעס יוֹרֵשׁ דוּרְךְ דֶעם מָשִׁיחַ׳ן. נוּר דַאמָאלְסְט, וֶוען
אִיהר הָאט גָאטְט נִיט גֶעקֶענְט, הָאט אִיהר גֶעדִינְט דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען
9 נִיט קַיין גֶאטְטֶער פָאן דֶער נַאטוּר. יֶעצְט וֶוען אִיהר הָאט גָאטְט
דֶערְקֶענְט, אָדֶער נָאךְ מֶעהר אִיהר זֶענְט פָאן גָאטְט דֶערְקָאנְט
גֶעוָוארֶען, וִויא אַזוֹי הָאט אִיהר זִיךְ נָאךְ אֵיין מָאל אוּמְגֶעקֶעהרְט צוּ
דִיא שְׁוַואכֶע אוּן אָרֶעמֶע יְסוֹדוֹת (עֶלֶעמֶענְטֶען), אוּן וִוילְט זַיי פָאן
10 נַייעֶן דִינֶען. אִיהר הַאלְט טֶעג, חֳדָשִׁים, יָמִים טוֹבִים, אוּן דִיא צַייטֶען
11 פָאן דִיא יָאהרֶען. אִיךְ הָאבּ מוֹרָא, אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ בֵּיי אַייךְ
12 אוּמְזִיסְט גֶעאַרְבֵּייט. זַייט וִויא אִיךְ בִּין, ווייל אִיךְ בִּין וִויא אִיהר,
בְּרִידֶער, אִיךְ בֶּעט אַייךְ, אִיהר הָאט מִיר קַיין שׁוּם רָעָה נִיט גֶעטָאן.
13 דֶען אִיהר ווייסְט, דָאס צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל הָאבּ אִיךְ, אִין שְׁוַואכְ־
קַייט פָאן מֵיין פְלֵייש אַייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה
14 טוֹבָה). מֵיינֶע פְּרוּבוּנְגֶען וָואס אִיךְ הָאבּ אִין מֵיין פְלֵייש גֶעהַאט הָאט
אִיהר נִיט מְבַזֶּה גֶעוֶועזֶען, אוּן הָאט מִיךְ נִיט פַאר מָאוּס׳ט, נוּר אִיהר
הָאט מִיךְ מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען וִויא אֵיין מַלְאָךְ פָאן גָאטְט, וִויא דֶעם מָשִׁיחַ
15 יֵשׁוּעַ. וואוּ אִיז אֵייעֶר גְלִיקְלִיכְקֵייט יֶעצְט? אִיךְ זָאג אוֹיף אַייךְ עֵדוּת,
וֶוען אִיהר וָואלְט נוּר גֶעקָאנְט, אַזוֹי וָואלְט אִיהר אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען
16 אַרוֹיס גֶערִיסֶען מִיר אַוֶועק צוּ גֶעבֶּען. בִּין אִיךְ דֶען אֵייעֶר שׂוֹנֵא גֶעוָ־
17 וָוארֶען, מַחֲמַת אִיךְ זָאג אַייךְ דֶעם אֱמֶת? זַיי רֵייצֶען אַייךְ אוֹיף נִיט
צוּ גוּטֶעס, נוּר זַיי ווילֶען אַייךְ פָאן מִיר אָבְּטְרֵייבֶּען, כְּדֵי אִיהר זָאלְט
18 פַאר זַיי זִיךְ אָנְנֶעהמֶען. דֶער אָנְגֶעהמֶען זִיךְ פַאר גוּטֶעס זָאל אָבֶּער
תָּמִיד לֶעבֶּענְדִיג זַיין, עֶס זָאל נִיט אַלֵיין נוּר זַיין, וֶוען אִיךְ בִּין בֵּיי
19 אַייךְ. מֵיינֶע קִינְדֶער, פַאר וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ דָאס צְוֵייטֶע מָאל
גֶעבּוּרְטְסְשְׁמֶערְצֶען, בִּיז עֶס וֶועט אִין אַייךְ אֵיין גֶעשְׁטַאלְט דֶער
20 מָשִׁיחַ בֶּעקוּמֶען. אִיךְ וָואלְט גֶעוָואלְט יֶעצְט בֵּיי אַייךְ זַיין אוּן אוּמְ־
21 עֶנְדֶערֶן מֵיין שְׁטִימֶע. דֶען אִיךְ בִּין אִין טָעוּת אִין אַייךְ. זָאגְט מִיר,
אִיהר, וֶועלְכֶע ווילֶען זַיין אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה, הָאט אִיהר דֶען דִיא
22 תּוֹרָה נִיט גֶעהֶערְט. עֶס אִיז דָאךְ גֶעשְׁרִיבֶּען: אַבְרָהָם הָאט צְוֵויי זִין
גֶעהַאט: אֵיינֶעם פָאן דֶער דִינְסְט, אוּן דֶעם אַנְדֶערֶען פָאן דֶער פְרֵייעֶר.

23 דֶער פָאן דֶער דִינְסְט אִיז גֶעבָּארֶען נָאךְ דֶעם פְלֵייש, אוּן דֶער
24 פְרֵייֶערְס זָאהְן נָאךְ דֶער הַבְטָחָה. דִיא וֶוערְטֶער בֶּעדֵייטֶען: דָאס
דִיא צְוֵויי בְּרִיתוֹת (בּוּנְדֶען) אֵיינֶער אִיז פָאן דֶעם בַּארְג סִינַי, וָואס
25 עֶר אִיז גֶעבָּארֶען צוּ קְנֶעכְטְשַׁאפְט וָואס אִיז הָגָר. דֶען הָגָר אִיז סִינַי
אֵיין בַּארְג אִין דֶעם לַאנְד עֲרַב אוּן עֶר אִיז גְלֵייךְ צוּ יֶעצְטִיגֶער
שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם, דֶען זִיא אִיז אִין קְנֶעכְטְשַׁאפְט מִיט אִיהְרֶע
26 קִינְדֶער. אָבֶּער דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע יְרוּשָׁלַיִם אִיז דִיא פְרֵייֶע, אוּן זִיא
27 אִיז דִיא מוּטֶער פָאן אוּנְז אַלֶעמֶען. דֶען עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען:
פְרֵייֶע דִיךְ עֲקָרָה, דוּא וֶועלְכֶע הָאסְט נִיט גֶעבָּארֶען. פְרֵייֶע דִיךְ אִין
דֶער הוֹיךְ דוּא וֶועלְכֶע הָאסְט קֵיין גֶעבּוּרְטְסְשְׁמֶערְצֶען נִיט גֶעהַאט,
דֶען דִיא אֵיינְזַאמֶע הָאט מֶעהר קִינְדֶער. וִויא דִיא וָואס הָאט אֵיין מַאן
28 גֶעהַאט. אָבֶּער מִיר, בְּרִידֶער, זֶענֶען וִויא יִצְחָק, דִיא קִינְדֶער פָאן
29 דֶער הַבְטָחָה. אוּן וִויא דַאמָאלְסְט הָאט דֶער וָואס אִיז גֶעבָּארֶען נָאךְ
דֶעם פְלֵייש גֶע׳רוֹדֵפ׳ט דֶעם וָואס אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶעם
30 גֵייסְט, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ יֶעצְט. אָבֶּער וָואס זָאגְט דִיא שְׁרִיפְט? פֶערְ־
טְרֵייבּ דִיא דִינְסְט מִיט אִיהר זָאהְן, דֶען דֶער זָאהְן פָאן דֶער דִינְסְט
31 וֶועט נִיט יַרְשׁ׳ֶענֶען מִיט דֶעם זָאהְן פָאן דֶער פְרֵייֶער. אַזוֹי, בְּרִידֶער,
זֶענֶען מִיר נִיט דִיא קִינְדֶער פָאן דֶער דִינְסְט, נוּר קִינְדֶער פָאן
דֶער פְרֵייֶער.

ה אַזוֹי שְׁטֶעהְט נוּן פֶעסְט אִין דֶער פְרֵייקַייט, וָואשׁ דֶער מָשִׁיחַ
הָאט אוּנְז בֶּעפְרֵייט, אוּן לָאזְט אַייךְ נִיט וִוידֶער טְרֵייבֶּען אִין דֶעם
2 יָאךְ פָאן קְנֶעכְטְשַׁאפְט. זֶעהְט, אִיךְ פּוֹלוֹס זָאג אַייךְ: וֶוען אִיהר וֶועט
זִיךְ מַל זֵיין וֶועט אִיהר פָאן דֶעם מָשִׁיחַ קֵיין שׁוּם נוּצֶען נִיט הָאבֶּען.
3 אוּן נָאךְ אֵיין מָאל זָאג אִיךְ עֵדוּת צוּ יֶעדֶען וָואס עֶר וֶועט זִיךְ מַל
4 זֵיין, דָאס עֶר אִיז מְחוּיָב מְקַיֵים צוּ זֵיין דִיא גַאנְצֶע תּוֹרָה. אִיהר,
וֶועלְכֶע אִיהר מַאכְט אַייךְ גֶערֶעכְט דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה, הָאבֶּען פַארְ־
לָארֶען דֶעם מָשִׁיחַ׳ן, אוּן זֶענֶען אַוֶועקְגֶעפַאלֶען פָאן דֶער גְנָאד.
5 אָבֶּער מִיר וַוארְטֶען אִין גֵייסְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אוֹיף דִיא
6 גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוֹיף וֶועלְכֶער מֶען מוּז הָאפֶען. דֶען אִין יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ גִילְט נִיט דִיא מִילָה אוֹיךְ נִיט דִיא עָרְלָה, נוּר דֶער גְלוֹיבֶּען
7 וָואס עֶר ווִירְקְט דוּרְךְ לִיבֶּע. אִיהר זֶענְט גוּט גֶעלָאפֶען, וֶוער הָאט אַייךְ
8 אָבּ גֶעהַאלְטֶען נִיט צוּ גֶעהָארְכֶען דֶעם אֱמֶת? אַזֶעלְכֶע אֵיינְרֶעדוּנְג

9 אִיז נִיט פָאן דֶעם וָואס רוּפְט אַייךְ. אֵיין בִּיסֶעל זוֹיעֶרְטֵייג מַאכְט
10 זוֹיעֶר דָאס גַאנְצֶע טֵייג. אִיךְ בִּין וֶועגֶען אַייךְ זִיכֶער אִין דֶעם הֶערְרְן,
דָאס אִיהר וֶועט קֵיין אַנְדֶערֶע מַחֲשָׁבָה נִיט הָאבֶּען. אוּן דֶער וָואס
הָאט אַייךְ אִין טָעוּת גֶעפִיהְרְט וֶועט זַיין שְׁטְרָאף אוֹיף זִיךְ טְרָאגֶען. עֶס
11 מֶעג זַיין וֶוער עֶס אִיז. אִיךְ אָבֶּער, בְּרִידֶער, וֶוען אִיךְ זָאל נָאךְ
דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג (מִילָה) פְּרֶעדִיגֶען, צוּ וָואס וֶועל אִיךְ נָאךְ גֶערוֹדֵפְ'ט
וֶוערֶען? דַאמָאלְסְט וֶועט שׁוֹין דֶער קְרֵייץ צוּם עֶרְגֶערְנֶעס נִיט זַיין.
12 13 פֶערְשְׁנִיטֶען זָאלֶען לִיבֶּער אֵייעֶרֶע פֶערְפִיהְרֶער וֶוערֶען. אָבֶּער
אִיהר, בְּרִידֶער, זֶענְט גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען צוּ דֶער פְרֵייַקֵייט, נוּר
דִיא פְרֵייַקֵייט זָאל נִיט וֶוערֶען אֵיין גֶעלֶעגֶענְהֵייט פַאר דֶעם פְלֵייש,
14 נוּר אִיהר זָאלְט דִינֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן מִיט לִיבֶּע. דֶען דִיא
גַאנְצֶע תּוֹרָה בֶּעשְׁטֶעהט אִין דֶעם אֵיינֶעם וָוארְט: וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ
15 כָּמוֹךָ, (זָאלְסְט לִיבֶּען דַיין חָבֵר וִויא זִיךְ אַלֵיין). וֶוען אָבֶּער, אִיהר
וֶועט אֵיינֶעם דֶעם אַנְדֶערְן בֵּייסֶען אוּן פְרֶעסֶען, זֶעהט אִיהר זָאלְט
16 אֵיינֶער פָאן דֶעם אַנְדֶערְן נִיט פֶערְצֶעהְרְט וֶוערֶען. אִיךְ זָאג: פִיהְרְט
זִיךְ נָאךְ דֶעם גֵייסְט אוּן דֶערְפִילְט נִיט דִיא תַּאֲוֹת פָאן דֶעם פְלֵייש.
17 דֶען דָאס פְלֵייש גֶעלוּסְט צוּ דֶעם וָואס אִיז גֶעגֶען דֶעם גֵייסְט, אוּן
דֶער גֵייסְט צוּ דֶעם וָואס אִיז גֶעגֶען דֶעם פְלֵייש, אוּן זֶענֶען
דֶערְוִוידֶער אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען, אַזוֹי דָאס אִיהר טְהוּט נִיט דָאס,
18 וָואס אִיהר וָואלְט גֶעוָואלְט. אוּן וֶוען אִיהר וֶוערְט גֶעטְרִיבֶּען פָאן
19 דֶעם גֵייסְט, אַזוֹי זֶענְט אִיהר נִיט אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה. דִיא
מַעֲשִׂים פָאן דֶעם פְלֵייש זֶענֶען אַנְפְּלֶעקְט, זֵיי זֶענֶען נִאוּף, זְנוּת
20 טֻמְאָה, צוּלָאזֶענְקֵייט. גֶעטְצֶען דִינְסְט, כִּשּׁוּף, שִׂנְאָה, קְרִיג, קִנְאָה,
21 כַּעַס, טַעֲנוֹת, מַחֲלֹקֶת, כִּתּוֹת, קַארְנְקֵייט, רְצִיחָה, שִׁכְּרוּת,
פְרֶעסֶערַיי, אוּן דָאס גְלֵייכֶען, אוּן אַלֶע וָואס טְהוּעֶן דָאס אַלְץ, זָאג
אִיךְ, וִויא אִיךְ הָאבּ שׁוֹין לַאנְג גֶעזָאגְט, וֶועלֶען נִיט יַרְשְ'עֶנֶען דָאס
22 מַלְכוּת אֱלֹהִים. אוּן דִיא פְרוּכְט פָאן דֶעם גֵייסְט זֶענֶען: לִיבֶּע,
23 שִׂמְחָה, שָׁלוֹם לַאנְגְמִיטִיגְקֵייט, פְרֵיינְדְשַׁאפְט, גְנָאד אוּן אֱמוּנָה. אוּן
אוּנְטֶערְטֶענִיגְקֵייט אוּן צְנִיעוּת. פַאר אַזֶעלְכֶע אִיז נִיט דָא קֵיין תּוֹרָה.
24 נוּר דִיא וָואס זֶענֶען דֶעם מָשִׁיחַ'ס זֵיי קְרֵייצִיגֶען זֵייעֶר פְלֵייש מִיט
25 זֵיינֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען אוּן תַּאֲוֹת. וֶוען מִיר לֶעבֶּען אִין גֵייסְט, אַזוֹי
26 לָאזֶען מִיר אוֹיךְ נָאךְ דֶעם גֵייסְט זִיךְ אוֹיפְפִיהְרֶען. אוּן לָאזֶען מִיר

נִיט נָאךְ לוֹיפֶען נָאךְ נַארֶעשֶׁע כָּבוֹד, צוּ דֶערְצַארֶענֶען אֵיינֶער דֶעם
אַנְדֶערֶען אוּן מְקַנֵא צוּ זַיין אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען.
ו בְּרִידֶער, וֶוען אֵיינֶער פָאן אַייךְ וֶועט אִין אֵיין פֶעהלֶער אָן
אִיבֶּערְלֵייגוּנְג אַרֵיינְפַאלֶען, זָאלְט אִיהר גֵייסְטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען אִיהם
אוֹיפְרִיכְטֶען מִיט אֵיין גֵייסְט פָאן אוּנְטֶערְטֶענִיגְקֵייט, אוּן זֶעה דוּא
נוּר אוֹיף דִיךְ אַלֵיין, דָאס דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ אַזוֹי צוּ קֵיין נִסָיוֹן נִיט
2 קוּמֶען. לָאז אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶענְס מַשָׂא טְרָאגֶען, אַזוֹי וֶועט אִיהר
3 דִיא תּוֹרָה פָאן דֶעם מָשִׁיחַ׳ן מְקַיֵם זַיין. אָבֶּער וֶוער עֶס דֵיינְקְט
זִיךְ פַאר עֶטְוָואס, אוּן עֶר אִיז גָאר נִישְׁט דֶער נַארְט זִיךְ אַלֵיין אָב.
4 אָבֶּער לָאז יֶעדֶער אוֹיס פְּרוּבֶען זַיינֶע מַעֲשִׂים, אוּן דַאמָאלְסְט וֶועט
5 עֶר זִיךְ אַלֵיין בֶּערִיהמֶען, אָבֶּער נִיט גֶעגֶען אֵיין אַנְדֶערֶען. דֶען
6 יֶעדֶער וֶועט טְרָאגֶען זַיין מַשָׂא. דֶער וָואס אִיז גֶעלֶערֶענְט
גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם וָוארְט, לָאז זִיךְ מִיט אַלֶעם גוּטֶען טֵיילֶען מִיט
7 דֶעם וָואס הָאט אִיהם גֶעלֶערֶענְט. זַייט נִיט אִין טָעוּת, גָאטְט לָאזְט
זִיךְ נִיט אוֹיסְשְׁפָּאטֶען, וָואס אֵיינֶער זַייעֶט, דָאס וֶועט עֶר שְׁנֵיידֶען.
8 וָוער עֶס זַייעְט אִין זַיין פְלֵייש, דֶער וֶועט פָאן זַיין פְלֵייש שְׁנֵיידֶען
פֶערְדַארְבֶּענֶעשׁ, אוּן וֶוער עֶס זַייעֶט אִין גֵייסְט, דֶער וֶועט פָאן דֶעם
9 גֵייסְט שְׁנֵיידֶען עֶוִויגֶעס לֶעבֶּען. וֶוען מִיר טְהוּעֶן גוּטֶעס לָאזֶען מִיר
נִיט מִיד וֶוערֶען, דֶען מִיר וֶועלֶען אִין זַיין צֵייט שְׁנֵיידֶען, וֶוען מִיר
10 וֶועלֶען נִיט מִיר וֶוערְן. בִּיז וַואנֶען מִיר הָאבֶּען צֵייט לָאזֶען מִיר
יֶעדֶען גוּטֶעס טָאן, נָאךְ מֶעהר צוּ דִיא וָואס זֶענֶען אִין אוּנְזֶער גְלוֹיבֶּען.
11 זֶעהט וִויא גְרוֹיס דֶער בְּרִיף אִיז וֶועלְכֶער אִיךְ הָאבּ אַייךְ
12 גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט מֵיין אֵייגֶענֶער הַאנְד. דִיא וָואס וִוילֶען אָנְגֶעזֶעהֶענֶע
זַיין אִין פְלֵייש נוֹיטֶען אַייךְ מַל צוּ זַיין, נוּר כְּדֵי זֵיי זָאלֶען נִיט
13 גֶע׳רוֹדֵפ׳ט וֶוערֶען פַאר דֶעם מָשִׁיחַ׳ס קְרֵייץ. דֶען אוֹיךְ זֵיי דִיא
גֶע׳מַל׳טֶע הִיטֶען נִיט דִיא תּוֹרָה, אָבֶּער זֵיי וִוילֶען אִיהר זָאלְט זִיךְ
14 מַל זַיין, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען זִיךְ בֶּערִיהמֶען מִיט אֵייעֶר פְלֵייש. אָבֶּער
אִיךְ חָלִילָה אִיךְ זָאל מִיךְ מִיט עֶטְוָואס בֶּערִיהמֶען, אוֹיסֶער מִיט דֶעם
קְרֵייץ פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אִין וֶועלְכֶען דִיא וֶועלְט
אִיז פַאר מִיר גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען, אוּן אִיךְ פַאר דֶער וֶועלְט.
15 דֶען אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ גִילְט נִיט דִיא מִילָה נִיט דִיא עָרְלָה, נוּר
16 אֵיין נֵייעֶ בֶּעשֶׁעפֶענֶעס. צוּ אַלֶעמֶען, וֶועלְכֶע גֶעהֶען נָאךְ דִיזֶען כְּלַל

זָאל אוֹיך זַיי זַיין פְרִידֶען אוּן בַּארֶעמְהֶערצִיגְקֵייט אוּן אוֹיך אוֹיף
17 גָאטְטֶעס יִשְׂרָאֵל. לָאז קֵיינֶער מִיך נָאךְ אֵיין מָאל נִיט בֶּעמִיהֶען,
דֶען אִיךְ טְרָאג אִין מֵיין גוּף דִיא וואוּנְדֶען פָאן דֶעם הֶערְרְן יְשׁוּעַ.
18 דִיא גְנָאד פָאן יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן זָאל זֵיין מִיט אֵייעֶר
גֵייסְט, לִיבֶּע בְּרִידֶער! אָמֵן.

---

# דער בריף צו דיא עפעזער

---

א פּוֹלוֹס אֵיין אַפָּאסְטֶעל פָאן יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דוּרְךְ גָאטְטֶעס ווִילֶען,
צוּ דִיא הֵיילִיגֶע אִין עֶפֶעזוּס, אוּן צוּ דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען אִין דֶעם
2 מָשִׁיחַ יְשׁוּעַ. גְנָאד אוּן פְרִידֶען זָאל זֵיין צוּ אַייךְ פָאן גָאטְט אוּנְזֶער
3 פָאטֶער, אוּן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאטְט
דֶער פָאטֶער פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ וָואס עֶר הָאט
אוּנְז גֶעבֶּענְשְׁט מִיט אַלֶערְלֵיי גַייסְטְלִיכֶע בְּרָכוֹת אִין דִיא הִימְלֶען,
4 אִין דֶעם מָשִׁיחַ. אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט אוּנְז אוֹיסְדֶערְוֶועהלְט אִין אִיהם
נָאךְ אֵיידֶער דִיא וֶועלְט אִיז גֶעגְרִינְדֶעט גֶעוָוארֶען, דָאס מִיר זָאלֶען
5 פַאר אִיהם זֵיין הֵיילִיג אָן אֵיין שְׁטְרָאף אִין לִיבֶּע. אוּן עֶר הָאט
אוּנְז פָאן פְרִיהֶער בֶּעשְׁטִימְט זִיךְ פַאר קִינְדֶער דוּרְךְ יְשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ,
6 נָאךְ זֵיין גוּטֶען ווִילֶען. צוּם לוֹיבּ פָאן זֵיין הֶערְרְלִיכֶע גְנָאד, דוּרְךְ
7 וֶועלְכֶען עֶר הָאט מִיט אוּנְז גְנָאד גֶעטָאן אִין זֵיין גֶעלִיבְּטֶען. אִין
וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען דִיא דֶערְלֵייזוּנְג דוּרְךְ זֵיין בְּלוּט אוּן פֶער־
8 גֶעבּוּנְג דֶער זִינְדֶען נָאךְ דִיא רֵייכְקֵייט פָאן זֵיין גְנָאד. וֶועלְכֶע עֶר
אִיבֶּער אוּנְז הָאט אוֹיסְגֶעגָאסֶען מִיט אַלֶערְלֵיי חָכְמָה אוּן קְלוּגְקֵייט.
9 אוּן הָאט אוּנְז מוֹדִיעַ גֶעוֶועןֶ דֶעם סוֹד פָאן זֵיין ווִילֶען נָאךְ זֵיין וָואל־
10 גֶעפַאלֶען וָואס עֶר הָאט פָאן לַאנְג אִין אִיהם גֶעלֵייגְט. ווִיא עֶר הָאט
עֶס זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען זֵיין הַנְהָגָה וֶוען דִיא צֵייטֶען וֶועלֶען דֶערְפִילְט
וֶוערֶען, דָאס אַלְץ וָואס אִיז אִין הִימֶעל אוּן אוֹיף דֶער עֶרְד זָאל
צוּזַאמֶען פַארְאֵיינִיגְט וֶוערֶען אוּנְטֶער אֵיין רֹאשׁ אִין דֶעם מָשִׁיחַ'ן.
11 אִין וֶועלְכֶען מִיר זֶענֶען אוֹיךְ צוּם גוֹרָל גֶעקוּמֶען, מִיר זֶענֶען דֶערְצוּ

פָאן פְרִיהֶער בֶּעשְׁטִימְט גֶעוָוארֶען דוּרְך דֶער פָארְנֶעמוּנְג פָאן דֶעם
12 וָואס וִוירְקְט אַלֶע זַאכֶען נָאךְ דֶער עֵצָה פָאן זֵיין ווִילֶען. כְּדֵי מִיר,
וָואס הָאבֶּען פְרִיהֶער גֶעהָאפְט אוֹיף דֶעם מָשִׁיחַ, זָאלֶען זֵיין צוּם
13 לוֹיבּ פָאן זֵיין הֶערְרְלִיכְקֵייט. אִין וֶועלְכֶען אוֹיךְ אִיהר, וֶוען אִיהר
הָאט גֶעהֶערְט דָאס וָוארְט פָאן דֶעם אֱמֶת, דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם פָאן
אֵייעֶר הִילְף, דוּרְךְ וֶועלְכֶען אִיהר זֵייט גְלוֹיבִּיג גֶעוָוארֶען, אוּן אַזוֹי
פֶערְחַתְמ׳עט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ פָאן דֶער הַבְטָחָה.
14 וֶועלְכֶער אִיז דֶער מַשְׁכּוֹן פָאן אוּנְזֶער יְרוּשָּׁה פַאר דִיא אוֹיסְלֵייזוּנְג
15 פָאן זֵיין אֵייגֶענְטְהוּם, צוּם לוֹיבּ פָאן זֵיין הֶערְרְלִיכְקֵייט. דֶערִיבֶּער
אוֹיךְ נָאךְ דֶעם וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פָאן אֵייעֶר אֱמוּנָה אִין אוּנְ־
זֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ אוּן פָאן דֶער לִיבֶּע וָואס אִיהר לִיבְּט אַלֶע
16 הֵיילִיגֶע. הֶער׳ אִיךְ נִיט אוֹיף גָאטְט צוּ דַאנְקֶען פַאר אַייךְ, אוּן אִיךְ
17 גֶעדֶענְק אַייךְ אִין מֵיין תְּפִלָּה. דָאס דֶער גָאטְט פָאן אוּנְזֶערֶען
הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶער פָאטֶער פָאן דֶער הֶערְרְלִיכְקֵייט, זָאל
אַייךְ גֶעבֶּען דֶעם גֵייסְט פָאן חָכְמָה אוּן אַנְפְּלֶעקוּנְג אִיהם צוּ דֶערְ־
18 קֶענֶען. דָאס עֶר זָאל דֶערְלֵייכְטֶען דִיא אוֹיגֶען פָאן אֵייעֶר הַאַרְץ,
כְּדֵי אִיהר זָאלְט וִויסֶען וָואס עֶס אִיז דִיא הָאפֶענוּנְג פָאן זֵיין רוּפֶען
אוּן דָאס רֵייכְקֵייט פָאן דֶער הֶערְרְלִיכְקֵייט פָאן זֵיין עֶרְבֶּע צְווִישֶען
19 דִיא הֵיילִיגֶע. אוּן וִויא גְרוֹיס אָן אֵיין שִׁיעוּר אִיז זֵיין גְבוּרָה פַאר
20 אוּנְז גְלוֹיבִּיגֶע נָאךְ דֶעם וִוירְקֶען פָאן זֵיין שְׁטַארְקֶען כֹּחַ. וֶועלְכֶער
עֶר הָאט מִיט אִיהם גֶעוִוירְקְט אִין דֶעם מָשִׁיחַ וֶוען עֶר הָאט אִיהם
אוֹיף גֶעוֶועקְט פָאן דִיא טוֹיטֶע אוּן הָאט אִיהם גֶעזֶעצְט צוּ זֵיין
21 רֶעכְטֶער הַאנְד אִין דֶעם הִימֶעל. הוֹיךְ אִיבֶּער אַלֶע שָׂרִים, אוּן מַאכְט,
אוּן קְרַאפְט, אוּן הֶערְרְשַׁאפְט אוּן אַלֶע נֶעמֶען וָואס מֶ׳ן רוּפְט אָן,
נִיט נוּר אִין דִיזֶער וֶועלְט, נוּר אוֹיךְ אִין דֶער וֶועלְט וָואס וֶועט זֵיין.
22 אוּן הָאט גֶעלֵייגְט אַלְץ אוּנְטֶער זֵיינֶע פִיס, אוּן הָאט אִיהם גֶעשְׁטֶעלְט
23 צוּ זֵיין אֵיין רֹאשׁ אִיבֶּער אַלְץ אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע. וֶועלְכֶע אִיז זֵיין
לֵייבּ, דִיא דֶער פִילוּנְג פָאן דֶעם, וֶועלְכֶער דֶערְפִילְט אַלְדִינְג
אִין אַלֶעמֶען.

ב אוּן אוֹיךְ אַייךְ וָואס אִיהר זֶענְט גֶעוֶועזֶען טוֹיט דוּרְךְ אֵייעֶרֶע עֲבֵרוֹת
2 אוּן זִינְדֶע. אִין וֶועלְכֶע אִיהר זֶענְט פְרִיהֶער גֶעגַאנְגֶען נָאךְ דֶעם מִנְהָג
פָאן דֶער וֶועלְט, נָאךְ דֶעם שַׂר וָואס הֶערְשְׁט אִין דֶער לוּפְט,

דעם גייסט וואס ווירקט יעצט אין די קינדער פון אונגלויבען.
3 צווישען וועלכע אויך מיר אלע זענען אין דער פריהערדיגער
צייט געגאנגען אין תאוות פון פלייש, צו דערפילען דעם וואונש
פון אונזער פלייש און אונזערע געדאנקען. און מיר זענען געוועזען
4 פון נאטור קינדער פון כעס וויא די איבעריגע מענשען. אבער
גאטט וואס ער איז רייך מיט רחמנות, דורך זיין גרויסע ליבע וואס
5 ער האט אונז געליבט. ווייל מיר זענען טויט געוועזען דורך די
עבירות, האט ער אונז לעבענדיג געמאכט מיט דעם משיח, דען
6 דורך גנאד זענט איהר גערעטעט געווארען. און האט אונז מיט
איהם אויף געוועקט, און האט אונז געזעצט אין דעם הימעל מיט
7 דעם משיח ישוע. כדי צו בעווייזען די קומענדיגע צייטען די
גרויסע רייכקייט פון זיין גנאד און זיין טובה צו אונז אין דעם משיח
8 ישוע. דען איהר זענט דורך גנאד גערעטעט געווארען דורך דעם
גלויבען, דאס איז ניט פון אייך: דאס איז פון גאטט איין מתנה.
9 ניט פון מעשים, כדי קיינער זאל זיך ניט בעריהמען. דען מיר
10 זענען זיין ווערק, בעשאפען געווארען אין דעם משיח ישוע צו מעשים
טובים, וועלכע גאטט האט פון פריהער אנגעברייט דאס מיר זאלען
11 אין זיי זיך אויפפיהרען. לכן געדענקט דאס איהר זייט געוועזענע
גוים נאך דעם פלייש, און די וואס רופען זיך געמל'טע, וואס
ווערט מיט די הענד און פלייש געמאכט, האבען אייך גערופען
12 ערלים. זענט איהר אין יענע צייט געוועזען אן איין משיח, אן איין
חלק אין ישראל'ס בירגער (אזרח)-רעכט, פרעמד פון די
בריתות פון דער הבטחה; דעריבער האט איהר ניט געהאט קיין
13 האפענונג, און זענט געוועזען אן איין גאטט אין דער וועלט. אבער
יעצט זענט איהר אין ישוע המשיח, וואס איהר זענט פריהער ווייט
14 געוועזען, געווארען נאהענט דורך דעם בלוט פון דעם משיח. דען
ער איז אונזער פרידען, וואס ער האט פון ביידע טייל איינס
געמאכט, און האט צובראכען די מחיצה וואס איז צווישען געד-
15 שטאנען. און האט דורך זיין פלייש מבטל געוועזען די שנאה, די
תורה פון מצות און חוקים. כדי ער זאל אין זיך אליין מאכען
16 פון די צוויי איין נייעם מענשען און איין שלום צו מאכען. און
ביידע אין איין לייב איבער צו בעטען מיט גאטט דורך דעם קרייץ,

און דערביי געטויטעט דיא שנאה. און ער איז געקומען און האט 17
אייך אנגעזאגט דעם שלום, שלום צו דיא ווייטע און צו דיא
נאהענטע. דען דורך איהם האבען מיר ביידע איין צוגאנג אין 18
איין גייסט צום פאטער. דעריבער זענט איהר שוין ניט מעהר 19
קיין פרעמדע, צוגעקומענע, נור בירגער מיט דיא הייליגע,
הײמישע מיט גאטט. אויס געבויטע אויף דעם פונדאמענט פאן 20
דיא אפאסטעל און דיא נביאים און ישוע המשיח איז דער עקשטיין.
אויף וועלכען דער גאנצער בנין איז צונויף געשטעלט געווארען, 21
און דערהייבט זיך צו איין הייליגען טעמפעל פאר גאטט. אויף 22
וועלכען אויך איהר ווערט אויפגעבויט צו זיין גאטטעס וואוינונג
אין גייסט.

דעריבער בין איך פולוס געווארען איין געפאנגענער פאן ג
ישוע המשיח פאר אייך גוים. איהר האט דאך געהערט וועגען דעם 2
דינסט פאן גאטטעס גנאד וואס זיא איז מיר געגעבען געווארען פאר
אייך. דען דורך איין אנפלעקונג איז מיר אנפלעקט געווארען דער 3
סוד וואס איך האב אייך פריהער געשריבען אין קורצען. און ווען 4
איהר וועט לייענען וועט איהר קענען דערקענען מיין פערשטאנד
אין דעם סוד פאן דעם משיח. וועלכער איז אין דיא פריהערינגע 5
צייטען ניט אנפלעקט געווארען צו מענשען, וויא ער איז יעצט
אנפלעקט געווארען צו זיינע הייליגע אפאסטעל און צו זיינע נביאים
דורך דעם גייסט. דאס דיא גוים זאלען אויך יורשים זיין און חברים 6
אין דעם לייב, און נעהמען איין חלק אין דער הבטחה אין דעם משיח
ישוע דורך דאס עוואנגעליום. וואס איך בין איהר דינער געווארען, 7
נאך דער מתנה פאן גאטטעס גנאד, וואס מיר איז געגעבען געווארען
דורך דעם ווירקען פאן זיין גבורה. צו מיר דעם קלענסטען פאן 8
אלע הייליגע איז געגעבען געווארען דיזע גנאד אנצוזאגען דאס ניט
דערפארשטע רייכטום פאן דעם משיח. און צו דערקלערען צו 9
אלעמען אין וואס בעשטעהט דיא ארדענונג פאן דעם סוד וואס ער
איז פארבארגען געוועזען פאן עוויג אין גאטט, וועלכער האט אלדינג
בעשאפען דורך ישוע המשיח. כדי עס זאל יעצט בעקאנט ווערען 10
דורך דער געמיינדע צו דיא שרים און געוועלטיגער וואס זענען אין
דעם הימעל גאטטעס פערשיידענע ארטען פאן חכמה. נאך 11

גָאטְטֶעס עֶווִיגֶער עֵצָה וָואס עֶר הָאט אוֹיסְגֶעפִיהְרְט אִין דֶעם מָשִׁיחַ
12 יֵשׁוּעַ אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן. דוּרְך וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען דִיא פֶּערְ־
שְׁפְּרֶעכוּנְג אוּן צוּ גַאנְג אִין פֶּערְטְרוֹיעֶן דוּרְך דֶער אֱמוּנָה אָן אִיהם.
13 דֶערִיבֶּער בֶּעט אִיך, דָאס אִיהר זָאלְט נִיט מִיד וֶוערֶען וֶועגֶען מֵיינֶע
14 צָרוֹת פָאן אֵייעֶרְט וֶועגֶען, דֶען זֵיי זֶענֶען אֵייעֶר כָּבוֹד. דֶערִיבֶּער בֵּייג
אִיך מֵיינֶע קְנִי פַאר דֶעם פָאטֶער פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
15 וָואס זַיין נָאמֶען אִיז אוֹיף אַלֶע מִשְׁפָּחוֹת פָאן דֶעם הִימֶעל אוּן אוֹיף
16 דֶער עֶרְד. דָאס עֶר זָאל אַייך קְרַאפְט גֶעבֶּען, נָאך זַיין רֵייכֶע
הֶערְרְלִיכְקֵייט, דָאס אֵייעֶר אִינֶעוֵוינִיגֶער מֶענְשׁ זָאל דוּרְך זַיין גֵייסְט
17 שְׁטַארְק וֶוערֶען. דָאס דֶער מָשִׁיחַ זָאל דוּרְך דֶער אֱמוּנָה וֵוינֶען אִין
אֵייעֶר הַארְץ, אוּן אִיהר זָאלְט אֵיינְגֶעוָוארְצֶעלְט וֶוערֶען אוּן גֶע־
18 גְרִינְדֶעט זַיין אִין לִיבֶּע. כְּדֵי אִיהר זָאלְט קֶענֶען פֶּערְשְׁטֶעהֶן מִיט
אַלֶע הֵיילִיגֶע, וָואס עֶס אִיז דִיא בְּרֵייט אוּן דִיא לֶענְג, אוּן דִיא טִיף,
19 אוּן דִיא הוֹיך. אוּן זָאלְט דֶערְקֶענֶען דִיא לִיבֶּע פָאן דֶעם מָשִׁיחַ וָואס
זִיא אִיז הֶעכֶער אִיבֶּער אַלֶע ווִיסֶענְשַׁאפְט, כְּדֵי אִיהר זָאלְט דֶערְ־
20 פִילְט וֶוערֶען מִיט דֶער גַאנְצֶער פוּלְקֵייט פָאן גָאטְט. צוּ דֶעם אָבֶּער
וָואס עֶר קָאן מִיט אוּנְז פִילֶעס טָאן מֶעהר ווִיא מִיר בֶּעטֶען אוּן פֶּערְ־
21 שְׁטֶעהֶען, נָאך דֶעם כֹּחַ וָואס ווִירְקְט אִין אוּנְז. צוּ אִיהם זָאל זַיין
כָּבוֹד אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע, וֶועלְכֶע אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, צוּ אַלֶע
צֵייטֶען, פָאן עֶווִיגְקֵייט בִּיז צוּ עֶווִיגְקֵייט. אָמֵן.
ד אַזוֹי זָאגְט אַייך אָן, דֶער גֶעפַאנְגֶענֶער פָאן דֶעם הֶערְרְן, דָאס
אִיהר זָאלְט זִיך אוֹיפְפִיהְרֶען ווִיא עֶס פַּאסְט פַאר אֵייעֶר בֶּערוּפוּנְג
2 צוּ וֶועלְכֶער אִיהר זֶענְט גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען. מִיט אַלֶע אוּנְטֶערְ־
טֶענִיגְקֵייט אוּן גוּטְקֵייט, אוּן מִיט גֶעדוּלְד, צוּ פַארְטְרָאגֶען אֵיינֶער
3 דֶעם אַנְדֶערֶען מִיט לִיבֶּע. אוּן זוּכְט דִיא אֵיינִיגְקֵייט (אַחְדוּת) פָאן
4 דֶעם גֵייסְט אֵיינְצוּהִיטֶען דוּרְך דֶעם בַּאנְד (קֶשֶׁר) פָאן שָׁלוֹם. אֵיין
לֵייב, אוּן אֵיין גֵייסְט, ווִיא אִיהר זֶענְט גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען אִין אֵיינֶערְלֵיי
5 הָאפֶענוּנְג פָאן אֵייעֶר בֶּערוּפוּנְג. אֵיין הֶערְר, אֵיין אֱמוּנָה, אֵיין
6 טְבִילָה. אֵיין גָאטְט אוּן פָאטֶער פַאר אַלֶעמֶען, וָואס עֶר אִיז אִיבֶּער
7 אַלֶעמֶען, אוּן מִיט אַלֶעמֶען, אוּן אִין אַלֶעמֶען. צוּ יֶעדֶעם אָבֶּער פָאן
אוּנְז אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען דִיא גְנָאד נָאך דֶער מָאס פָאן דֶעם
8 מָשִׁיחַ'ס מַתָּנָה. דֶערִיבֶּער זָאגְט עֶר: עֶר אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אִין

דֶער הוֹיךְ, אוּן הָאט גֶעפַאנְגֶען אֵיין גֶעפֶענְגֶענֶעס אוּן הָאט גֶעגֶעבֶּען
9 מַתָּנוֹת צוּ מֶענְשֶׁען. „אוּן עֶר אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען" וָואס הָאט עֶס פַאר
אֵיין זִינֶען? וֶוען נִיט דָאס עֶר אִיז פְרִיהֶער אַרָאבּ גֶעקוּמֶען צוּ דִיא
10 אוּנְטֶערְשְׁטֶע עֶרְטֶער פָאן דֶער עֶרְד. דֶער וָואס אִיז אַרָאבּ גֶעקוּמֶען
אִיז דֶערְזֶעלְבֶּער וָואס עֶר אִיז אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען, כְּדֵי עֶר זָאל דֶערְ־
11 פִילֶען אַלְץ. אוּן עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט עֶטְלִיכֶע פַאר אַפָּאסְטֶעל,
עֶטְלִיכֶע פַאר נְבִיאִים, אוּן עֶטְלִיכֶע פַאר פְּרֶעדִיגֶער, אוּן עֶטְלִיכֶע
12 פַאר לֶעהְרֶער אוּן הִירְטֶען. עֶר זָאל פַארְפַארְטִיגֶען דִיא הֵיילִיגֶע צוּ
דֶעם וֶוערְק פָאן דֶעם דִינְסְט אוֹיס צוּ בּוֹיעֶן דֶעם לֵייבּ פָאן דֶעם
13 מָשִׁיחַ. בִּיז מִיר וֶועלֶען אַלֶע דֶערְגְרֵייכֶען צוּ דֶער אֵיינִיגְקֵייט
(אַחְדוּת) פָאן דֶער אֱמוּנָה אוּן פָאן דֶער דֶערְקֶענְטֶענֶעס פָאן דֶעם
בֶּן־הָאֱלֹהִים, צוּ וֶוערֶען אֵיין פָאלְקָאמֶענֶער מֶענְשׁ, צוּ דֶער מָאס
14 פָאן דֶעם עֶלְטֶער פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ס פוּלְקֵייט. כְּדֵי מִיר זָאלֶען שׁוֹין
מֶעהר נִיט זֵיין קֵיין קְלֵיינֶע קִינְדֶער וָואס שָׁאקְלֶען זִיךְ הִין אוּן הֶער,
אוּן וֶוערֶען גֶעטְרִיבֶּען דוּרְךְ יֶעדֶער ווִינְט פָאן דֶער לֶעהְרֶע, דוּרְךְ
מֶענְשְׁלִיכֶע בֶּעטְרִיגֶערֵיי, פָאן קִינְסְטְלִיכֶע פַארְפִיהרוּנְגֶען פָאן
15 פַאלְשֶׁע לֶעהְרֶען. לָאזֶען מִיר עֶרְלַאךְ זֵיין אִין דֶער לִיבֶּע; אוּן אִין
16 אַלֶע זַאכֶען אוֹיס וַואקְסֶען אִין דֶעם מָשִׁיחַ, וָואס אִיז דֶער רֹאשׁ. פָאן
וֶועלְכֶען דֶער גַאנְצֶער לֵייבּ, וָואס אִיז צוּנוֹיף גֶעשְׁטֶעלְט אוּן גֶעה־
הַאלְטֶען גֶעוָוארֶען דוּרְךְ אַלֶע גֶעלֵיינְקֶע, דוּרְךְ דֶעם אֵיינֶער דֶעם
אַנְדֶערֶען הֶעלְפְט, נָאךְ דֶעם וֶוערְק פָאן יֶעדֶער גְלִיד נָאךְ זֵיין מָאס,
אוּן מַאכְט דָאס דֶער לֵייבּ וַואקְסְט אוֹיף צוּ זֵיין אוֹיפְבּוֹיאוּנְג אִין דֶער
17 לִיבֶּע. נוּן זָאג אִיךְ דָאס, אוּן זָאג עֵדוּת אִין דֶעם הֶערְן, דָאס אִיהר
וֶועט מֶעהר נִיט גֶעהְן וִויא דִיא אַנְדֶערֶע גוֹיִם, וֶועלְכֶע גֶעהֶען נָאךְ
18 זֵייעֶרֶע נַארֶעשְׁקֵייט. וָואס זֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד אִיז פַארְפִינְסְטֶערְט,
אוּן זֵיי זֶענֶען פְרֶעמְד פָאן דֶעם לֶעבֶּען וֶועלְכֶער קוּמְט פָאן גָאטְט,
דוּרְךְ זֵייעֶר אוּנְוִויסֶענְהֵייט אוּן דוּרְךְ דִיא פַארְהַארְטוּנְג פָאן זֵייעֶר
19 הַארְצֶען. זֵיי זֶענֶען רְשָׁעִים, אוּן הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ
צוּלָאזֶענְקֵייט, אוּן זֵיי טְהוּעֶן אַלֶערְלֵיי אוּנְוִוירְדִקֵייטֶען בֵּיים נָאכְיָאגֶען
20 נָאךְ פֶערְמֶעגֶענְס. אָבֶּער אִיהר הָאט נִיט אַזוֹי גֶעלֶעהֶרֶענְט פָאן
21 דֶעם מָשִׁיחַ. אוּן וֶוען אִיהר הָאט פָאן אִיהם גֶעהֶערְט אוּן זֶענְט פָאן
22 אִיהם גֶעלֶעהֶרֶענְט גֶעוָוארֶען, וִויא עֶס אִיז אֱמֶת אִין יֵשׁוּעַ'ן. אַוֶועק

צוּ לָאזֶען אֵייעֶרֶע פְרִיהֶערִיגֶע דְרָכִים, אוּן אוֹיס צוּ טָאן דֶעם אַלְטֶען
23 מֶענְשֶׁען, וָואס דוּרְךְ תַּאֲוֹת אוּן טָעוּתִים פַארְדַארְבְּט עֶר זִיךְ. צוּ
בְּענֵייֶען זִיךְ דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט פָאן אֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד. אוּן אָן צוּ
קְלֵיידֶען דֶעם נֵייעֶן מֶענְשֶׁען, וָואס עֶר אִיז נָאךְ גָאטְט בֶּעשַׁאפֶען
גֶעוָוארֶען אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן אִין דֶער הֵיילִיגְקֵייט פָאן דֶעם
25 אֱמֶת. דַארוּם לֵייגְט אַוֶועק דֶעם שֶׁקֶר, אוּן רֶעדְט אֱמֶת מִיט דֶעם
26 חַבֵר, ווייל מִיר זֶענֶען גְלִידֶער אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערְן. אִין
צָארֶען זִינְדִיגְט נִיט, אוּן לָאז אִיבֶּער אֵייעֶר צָארֶען נִיט אוּנְטֶערְ־
27 28 גֶעהֶען דִיא זָאנְנֶע. גִיט נִיט דֶעם שָׂטָן קֵיין אָרְט. וֶוער עֶס הָאט
גֶע׳גַנַב׳עֶט לָאז שׁוֹין מֶעהר נִיט גַנְב׳עֶן, נוּר עֶר זָאל אַרְבֵּייטֶען אוּן
גוּטֶעס טָאן מִיט זַיינֶע הֶענְד, כְּדֵי עֶר זָאל הָאבֶּען צוּ גֶעבֶּען דֶעם
29 בֶּעדֶערְפְטִיגֶען. לָאז קֵיין בֶּעזֶע רֶעד נִיט אַרוֹיסְגֶעהְן פָאן אֵייעֶר
מוֹיל, נוּר דָאס וָואס אִיז גוּט אוּן נִיטְצְלַאךְ צוּם פַארְבֶּעסֶערֶען,
30 כְּדֵי עֶס זָאל חֵן הָאבֶּען בֵּיי דִיא וָואס הֶערֶען דָאס. בֶּעטְרִיבְּט
נִיט דֶעם רוּחַ הַקֹדֶשׁ פָאן גָאטְט, מִיט וֶועלְכֶעם אִיהר זֶענְט
31 גֶע׳חַתְמ׳עֶט גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם טָאג פָאן דֶער דֶערְלֵייזוּנְג. אַלֶע
בִּיטֶערְקֵייט, כַּעַס, צָארֶען גֶעשְׁרֵיי, אוּן לֶעסְטֶערוּנְג, אוּן אַלֶע
32 רִשְׁעוֹת דֶערְוֵוייטֶערְט פָאן צְווִישֶׁען אַייךְ. אוּן זַייט גוּט אֵיינֶער
צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען אוּן בַּעֲלֵי רַחֲמָנִים. אוּן זַייט מוֹחֵל אֵיינֶער דֶעם
אַנְדֶערְן דִיא זִינְד, אַזוֹי וִויא גָאטְט הָאט אַייךְ מוֹחֵל גֶעוֶוען אִין
דֶעם מָשִׁיחַ.

ה לָכֵן גֶעהט אִין גָאטְטֶעס וֶועג וִויא גֶעלִיבְּטֶע קִינְדֶער. אוּן פִיהְרְט
2 זִיךְ אִין לִיבְּשַׁאפְט, וִויא אוֹיךְ דֶער מָשִׁיחַ הָאט אוּנְז גֶעלִיבְּט, אוּן
הָאט זִיךְ אַלֵיין פַאר אוּנְז מַקְרִיב גֶעוֶוען פַאר אֵיין קָרְבָּן אוּן אֵיין
3 מִנְחָה פַאר אֵיין רֵיחַ נִיחוֹחַ צוּ גָאטְט. אָבֶּער זְנוּת אוּן אַלֶערְלֵיי
טֻמְאָה אוּן לִיבֶּע צוּ גֶעלְד זָאל צְווִישֶׁען אַייךְ נִיט דֶערְמָאנְט וֶוערֶען,
4 אַזוֹי וִויא עֶס פַּאסְט פַאר הֵיילִיגֶע. אוֹיךְ קֵיין נִיבּוּל פֶּה, נַארִישֶׁע
ווערְטֶער, לֵצָנוּת פַּאסְט נִיט פַאר אַייךְ, נוּר אָנְשְׁטָאט דִיזֶעס דַאנְקְט
5 (גָאטְט). דָאס זָאלְט אִיהר וִויסֶען: וֶוער עֶס אִיז מְזַנֶה, וֶוער עֶס
אִיז טָמֵא, וֶוער עֶס לִיבְּט גֶעלְד, וָואס אִיז וִויא גָאטְצֶען־דִינְסְט,
דֶער הָאט נִיט קֵיין יְרוּשָׁה אִין דֶעם מַלְכוּת פָאן דֶעם מָשִׁיחַ אִין
6 גָאטְט. לָאז קֵיינֶער אַייךְ נִיט אָפְּנַארֶען מִיט לֵיידִיגֶע וֶוערְטֶער, דֶען

פַאר דִיא זַאכֶען װעט גָאטְטֶעס צָארֶען קוּמֶען אִיבֶּער דִיא קִינְדֶער
7 8 פָאן אוּנְגְלוֹיבֶּען. דֶערִיבֶּער זַייט נִיט זַייעֶרֶע חֲבֵרִים. דֶען פְרִיהֶער
זֶענְט אִיהר גֶעוֶועזֶען אֵיין פִינְסְטֶערְנֶעס אוּן יֶעצְט זֶענְט אִיהר אֵיין
לִיכְט אִין אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן. פִיהְרְט אַייך וִויא קִינְדֶער פָאן דֶעם
9 לִיכְט. דֶען דִיא פְרוּכְט פָאן דֶעם גֵייסְט בֶּעשְׁטֶעהט אִין אַלֶערְלֵיי
10 גוּטְקֵייט, גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן וַוארְהֵייט. אוּן פְּרוּבְּט אוֹיס וָואס אִיז
11 װֵייל־גֶעפֶּעהלֶען צוּ אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן. אוּן נֶעמְט נִיט קֵיין טֵייל אִין
דִיא אוּנְפְרוּכְטבַּארֶע מַעֲשִׂים פָאן דֶער פִינְסְטֶערְנֶעס, נוּר שְׁטְרָאפְט
12 זֵיי. דֶען וָואס זֵיי טְהוּעֶן אִין פַארְבָּארְגֶענֶעס אִיז אֵיין שַׁאנְדֶע צוּ
13 דֶערְצֵיילֶען. אָבֶּער אַלְץ וָואס וֶוערְט גֶעשְׁטְרָאפְט וֶוערְט אַנְפְּלֶעקְט
דוּרְך דֶעם לִיכְט, דֶען אַלְץ וָואס עֶס אִיז אַנְפְּלֶעקְט אִיז לִיכְט.
14 דַארוּם זָאגְט מֶען: וַואכֶע אוֹיף דוּא וָואס דוּא שְׁלָאפְסְט, אוּן שְׁטֶעה
15 אוֹיף פָאן דִיא טוֹיטֶע, אַזוֹי וֶועט דִיר דֶער מָשִׁיחַ לַייכְטֶען. אוּן זֶעהט
גוּט צוּ, וִויא אִיהר פִיהְרְט זִיךְ אוֹיף, נִיט וִויא נַארֶען, נוּר וִויא חֲכָמִים.
16 17 קוֹיפְט אוֹיס דִיא צֵייט, וֵוייל דִיא טֶעג זֶענֶען בֵּייזֶע. דֶערִיבֶּער זַייט
נִיט נַארֶעשׁ, נוּר פֶערְשְׁטַאנְדִיגֶע צוּ וִויסֶען וָואס עֶס אִיז דֶער ווִילֶען
18 פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן. שִׁיכּוֹר'ט אַייך נִיט אָן מִיט וַויין דוּרְך וֶועלְכֶען
19 מֶען וֶוערְט צוּ לָאזֶען, נוּר פִילְט אַייך אָן מִיט גֵייסְט. רֶעדֶעט אֵיינֶער
מִיט דֶעם אַנְדֶערְן פָאן תְּהִלִּים, מִזְמוֹרִים, אוּן גֵייסְטְלִיכֶע לִידֶער;
20 זִינְגְט אוּן שְׁפִּילְט אִין אַייעֶר הַארְצֶען צוּם הֶערְרְן. אוּן דַאנְקְט תָּמִיד
פַאר אַלְץ צוּ גָאטְט אוּנְזֶער פָאטֶער אִין דֶעם נָאמֶען פָאן אוּנְזֶערֶען
21 הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. זַייט אוּנְטֶערְטְהֶענִיג אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען
22 אִין גָאטְטֶעס פוּרְכְט. וַוייבֶּער זַייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ אֵייעֶרֶע
23 מַאנֶען וִויא צוּ אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן. דֶען דֶער מַאן אִיז דֶער רֹאשׁ פָאן
דֶעם וַוייבּ, וִויא אוֹיך דֶער מָשִׁיחַ אִיז דֶער רֹאשׁ פָאן דֶער גֶעמֵיינְדֶע,
אוּן עֶר אִיז דֶער דֶערְלֵייזֶער פָאן דֶעם לֵייבּ. אָבֶּער וִויא דִיא גֶע־
24 מֵיינְדֶע אִיז אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ דֶעם מָשִׁיחַ, אַזוֹי זָאלֶען אוֹיך דִיא וַוייבֶּער
25 אוּנְטֶערְטֶענִיג זַיין צוּ דִיא מַאנֶען אִין אַלֶע זַאכֶען. אִיהר מֶענֶער
לִיבֶּעט אֵייעֶרֶע וַוייבֶּער, וִויא אוֹיך דֶער מָשִׁיחַ הָאט גֶעלִיבְּט דִיא
26 גֶעמֵיינְדֶע אוּן הָאט זִיךְ אַלֵיין אַוֶועק גֶעגֶעבֶּען פַאר אִיהר. כְּדֵי עֶר
זָאל זִיא הֵיילִיגֶען, אוּן הָאט אִיהר גֶערֵיינִיגְט דוּרְך דֶעם בָּאדֶען אִין
27 וַואסֶער (טְבִילָה) מִיט דֶעם וָוארְט. כְּדֵי עֶר זָאל פַאר זִיךְ אַלֵיין דִיא

גְעמֵיינְדֶע הֶערְלִיךְ אוֹיפְשְׁטֶעלֶען, וֶועלְכֶע הָאט אִין זִיךְ נִיט קֵיין
פְלֶעק, אוּן קֵיין קְנֵייטְשׁ, אָדֶער דָאס גְלֵייכֶען, נוּר זִיא זָאל זֵיין הֵיילִיג
28 אוּן אָן אֵיין פֶעהלֶער. אַזוֹי זֶענֶען דִיא מַאנֶען מְחוּיָב צוּ לִיבֶּען
זֵייעֶרֶע ווייבֶּער גְלֵייךְ ווִיא זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע לֵייבֶּער; ווֶער עֶס לִיבְּט זֵיין
29 ווייבּ דֶער לִיבְּט זִיךְ אַלֵיין. דֶען קֵיינֶער הָאט קֵיין מָאל נִיט פֵיינְד
גֶעהַאט זֵיין אֵייגֶענֶעם פְלֵיישׁ, נוּר עֶר הָאט עֶס גֶעשְׁפֵּייזְט אוּן דֶערְ־
30 גֶעהָרְט, ווִיא אוֹיךְ דֶער הֶערְר זֵיין גֶעמֵיינְדֶע. דֶען מִיר זֶענֶען דִיא
גְלִידֶער פָאן זֵיין לֵייבּ, פָאן זֵיין פְלֵיישׁ, אוּן פָאן זֵיינֶע בֵּיינֶער.
31 דֶערִיבֶּער לָאזְט אַוֶועק דֶער מַאן זֵיין פָאטֶער אוּן זֵיין מוּטֶער אוּן עֶר
אִיז זִיךְ מִתְדַבֵּק צוּ זֵיין ווייבּ, אוּן זֵיי וֶועלֶען בֵּיידֶע זֵיין אֵיין פְלֵיישׁ.
32 דָאס אִיז אֵיין גְרוֹיסֶער סוֹד, אוּן אִיךְ זָאג דָאס אוֹיף דֶעם מָשִׁיחַ'ן
33 אוּן זֵיין גֶעמֵיינְדֶע. אָבֶּער אוֹיךְ אִיהר, זָאל יֶעדֶער פָאן אַייךְ לִיבֶּען זֵיין
ווייבּ ווִיא זִיךְ אַלֵיין, דִיא ווייבּ אָבֶּער זָאל מוֹרָא הָאבֶּען פַאר דֶעם מַאן.
ו אִיהר קִינְדֶער גֶעהָארְכְט אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן אִין דֶעם הֶערְן,
2 דֶען אַזוֹי אִיז דֶער יוֹשֶׁר. כַּבֵּד אֶת אָבִיךָ וְאֶת אִמֶּךָ (עֶהְרֶע דֵיין
פָאטֶער אוּן דֵיין מוּטֶער) דָאס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע מִצְוָה מִיט אֵיין
3 הַבְטָחָה: כְּדֵי עֶס זָאל דִיר גוּט זֵיין אוּן כְּדֵי זָאלְסְט לַאנְג לֶעבֶּען
4 אוֹיף דֶער עֶרְד. אוּן אִיהר עֶלְטֶערֶען בְּרֵיינְגְט נִיט אַרֵיין אִין כַּעַס
אֵייעֶרֶע קִינְדֶער, אוּן דֶערְצִיהט זֵיי אִין מוּסָר אוּן אִין דֶער תּוֹכָחָה
5 פָאן אוּנְזֶערְן הֶערְן. אִיהר קְנֶעכְט, זַייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ
אֵייעֶרֶע הֶערְרֶען נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ מִיט מוֹרָא אוּן צִיטֶערְנֶעס אוּן
6 מִיט אֵיין גַאנְצֶען הַארְצֶען, גְלֵייךְ ווִיא דֶעם מָשִׁיחַ'ן. נִיט צוּ דִינֶען,
נוּר פַאר דֶעם אוֹיג, גְלֵייךְ ווִיא דִיא ווָאס זוּכֶען צוּ גֶעפֶעהלֶען מֶענְשֶׁען,
נוּר ווִיא דֶעם מָשִׁיחַ'ס קְנֶעכְט ווָאס טוּען מִיט זֵייעֶר גַאנְצֶער זֶעעֶלֶע
7 דֶעם ווילֶען פָאן גָאטְט. מִיט דֶעם גוּטֶען ווילֶען זָאלְט אִיהר דִינֶען
8 ווִיא דֶעם הֶערְן אוּן נִיט מֶענְשֶׁען. אוּן אִיהר זָאלְט ווִיסֶען, דָאס
פַאר יֶעדֶער גוּטֶער זַאךְ ווָאס דֶער מֶענְשׁ טְהוּט ווֶעט אוּנְזֶער הֶערְר
אִיהם בֶּעצָאהלֶען. סַיי עֶר אִיז אֵיין קְנֶעכְט, אָדֶער אֵיין פְרֵייעֶר.
9 אוּן אִיהר הֶערְן זָאלְט מִיט זֵיי אוֹיךְ אַזוֹי זִיךְ פִיהרֶען, זַייט נִיט
גֶעגֶען זֵיי צוּ שְׁטְרֵיינְג, ווייסְט דָאס אוֹיךְ אִיבֶּער אַייךְ אִיז דָא אֵיין
הֶערְר אִין הִימֶעל בֵּיי ווֶעלְכֶען עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין אָנְזֶעהֶען אוֹיף
10 דֶער פֶּערְזָאן. צוּ לֶעצְט, בְּרִידֶער שְׁטַארְקְט אַייךְ אִין דֶעם

11 הערְרְן, אוּן אִין דֶער מַאכְט פָאן זַיין גְבוּרָה. טְהוּט אָן דִיא וָואפֶּען
פָאן גָאטְט, כְּדֵי אִיהר זָאלְט קֶענֶען בֶּעשְׁטֶעהֶען גֶעגֶען דִיא רַמָאוֹת
12 פָאן דֶעם שָׂטָן. דֶען אוּנְזֶער מִלְחָמָה אִיז נִיט גֶעגֶען פְלֵיישׁ אוּן בְּלוּט,
נוּר גֶעגֶען שָׂרִים, כֹּחוֹת אוּן גֶעגֶען דִיא וָואס גֶעוֶועלְטִיגֶען אִין דֶער
פִינְסְטֶערֶע וֶועלְט, גֶעגֶען דִיא שְׁלֶעכְטֶע רוּחוֹת וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער
13 דֶעם הִימֶעל. דֶערִיבֶּער נֶעמְט דִיא וָואפֶּען פָאן גָאטְט, כְּדֵי אִיהר
זָאלְט קֶענֶען זִיךְ אַנְטְקֶעגֶען שְׁטֶעלֶען אִין דֶעם בֵּייזֶען טָאג; אוּן אַלְץ
14 אֵיינְגֶעהֶמֶענְדִיג אֵיין בֶּעשְׁטַאנְד הָאבֶּען. שְׁטֶעהְט מִיט פַארְ־
גַארְטֶעלְטֶע לֶענְדֶען מִיט דֶעם אֱמֶת, אוּן גֶעקְלֵיידֶעט מִיט דֶעם
15 פַאנְצֶער פָאן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. מִיט אֵייעֶרֶע שִׁיךְ אוֹיף דִיא פִּיס,
16 כְּדֵי צוּ זַיין אֶנְגֶעבְּרֵייט צוּם עֶוַואנְגֶעלִיוּם פָאן פְרִידֶען. אוּן צוּ דֶעם
אַלֶעמֶען נֶעמְט דֶעם שִׁילְד (שֶׁלֶט) פָאן אֱמוּנָה דוּרְךְ וֶועלְכֶען אִיהר
17 וֶועט קֶענֶען לֶעשֶׁען דִיא פֵייעֶרְדִיגֶע פֵייְלֶען פָאן דֶעם רָשָׁע. אוּן
נֶעמְט דֶעם קִיוֶוער (הֶעלְם) פָאן הִילְף אוּן דֶעם שְׁוֶוערְד פָאן דֶעם
18 גֵייסְט, דָאס אִיז גָאטְטֶעס וָוארְט. אוּן זַייט תָּמִיד מִתְפַּלֵּל מִיט
אַלֶערְלֵיי תְּפִלּוֹת אוּן בַּקָשׁוֹת אִין דֶעם גֵייסְט, אוּן וַואכֶעט דֶערְצוּ
19 מִיט שְׁטֶענְדִיגֶע גֶעבֶּעט פַאר אַלֶע הֵיילִיגֶע. אוּן אוֹיךְ פַאר מִיר:
כְּדֵי דָאס וָוארְט זָאל מִיר גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, מֵיין מוֹיל זָאל זִיךְ מִיט
פְרֵייד עֶפֶענֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל בֶּעקַאנְט מַאכֶען דֶעם סוֹד פָאן דֶעם
20 עֶוַואנְגֶעלִיוּם. וָואס אִיךְ בִּין אִיהר שָׁלִיחַ אִין קֵייטֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל
21 אָפֶען אוֹיפְטְרֶעטֶען דֶערְמִיט, וִויא אִיךְ בִּין מְחוּיָּב צוּ רֶעדֶען. כְּדֵי
אִיהר זָאלְט אוֹיךְ וִויסֶען וִויא מִיט מִיר גֶעהְט, אוּן וָואס אִיךְ טְהוּ וֶועט
אַייךְ דֶער גֶעלִיבְּטֶער אוּן גֶעטְרֵייעֶר דִינֶער אִין דֶעם הֶערְרְן, טִיכִיקוּס
22 אַלְץ דֶערְצֵיילֶען. וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעשִׁיקְט צוּ אַייךְ אִיהר זָאלְט
וִויסֶען, וִויא עֶס אוּנְז גֶעהְט, אוּן כְּדֵי עֶר זָאל טְרֵייסְטֶען אֵייעֶר הַארְץ.
23 פְרִידֶען זָאל זַיין צוּ דִיא בְּרִידֶער, אוּן לִיבֶּע מִיט אֱמוּנָה פָאן גָאטְט
24 דֶעם פָאטֶער, אוּן פָאן דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. גְנָאד זָאל זַיין
מִיט אַלֶעמֶען וָואס לִיבֶּען אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ מִיט דֶער
לִיבֶּע וֶועלְכֶע עֶנְדֶערְט זִיךְ נִיט. אָמֵן.

---

# דער בריף צו דיא פיליפער

א פּוֹלוֹס אוּן טִימָאטְהֶעאוּס יְשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׳ס קְנֶעכְט, צוּ אַלֶע
הֵיילִיגֶע אִין מָשִׁיחַ יְשׁוּעַ אִין פִילִיפִּי מִיט דִיא אוֹיפְזֶעהֶער אוּן
2 הֶעלְפֶער. גְנָאד זָאל זַיין מִיט אַייךְ אוּן פְרִידֶען פָאן גָאטְט אוּנְזֶער
3 פָאטֶער אוּן דֶעם הֶערְרְן יְשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. אִיךְ דַאנְק גָאטְט וֶוען אִיךְ
4 דֶערְמָאן מִיךְ אָן אַייךְ. תָּמִיד אִין אַלֶע מֵיינֶע תְּפִלּוֹת בֶּעט אִיךְ מִיט
5 שִׂמְחָה פַאר אַייךְ אַלֶעמֶען. פַאר אֵייעֶר גֶעמֵיינְשַׁאפְט (הִתְחַבְּרוּת)
אִין דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה טוֹבָה) פָאן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אָן
6 בִּיז יֶעצְט. אוּן אִיךְ בִּין בָּטוּחַ אִין דֶעם וָואס עֶר הָאט אִין אַייךְ
אָנְגֶעפַאנְגֶען דֶעם גוּטֶען וֶוערְק, דָאס עֶר וֶועט עֶס אוֹיךְ אוֹיסְפִיהֶרֶען
7 בִּיז דֶעם טָאג פָאן יְשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. אַזוֹי וִויא עֶס אִיז רֶעכְט פַאר
מִיר צוּ דֶענְקֶען וֶועגֶען אַייךְ אַלֶעמֶען, מַחֲמַת אִיךְ טְרָאג אַייךְ אִין
מֵיין הַארְצֶען, אִין מֵיינֶע קֵייטֶען, וִויא בֵּיי דֶער פֶערְעֶנְטְפֶערוּנְג אוּן
בֶּעשְׁטַארְקוּנְג פָאן דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם, זֶענְט אִיהר אַלֶע חֲבֵרִים אִין
8 מֵיין גְנָאד. דֶען גָאטְט אִיז מֵיין עֵדוּת, דָאס אִיךְ גֶעלוּסְט נָאךְ אַייךְ
9 אַלֶעמֶען אִין דֶער לִיבֶּע פָאן יְשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. אוּן אִיךְ בִּין דַארִיבֶּער
מִתְפַּלֵּל, דָאס אֵייעֶר לִיבֶּע זָאל נָאךְ מֶעהר רֵייךְ וֶוערֶען אִין
10 אַלֶערְלֵיי דֶערְקֶענְטֶענֶעס אוּן דֶערְפַאהרוּנְגֶען. דָאס אִיהר זָאלְט
פְּרוּבֶען דָאס בֶּעסְטֶע, אוּן זָאלְט זַיין רֵיין אוּן אָן אַיין שְׁטְרוֹיכְלוּנְג
11 בִּיז דֶעם טָאג פָאן דֶעם מָשִׁיחַ׳ן. דֶערְפִילְט מִיט פְרוּכְט פָאן
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, וֶועלְכֶע גֶעשֶׁעהֶען דוּרְךְ יְשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ צוּ גָאטְטֶעס
12 לוֹיבּ אוּן כָּבוֹד. אִיךְ ווִינְשׁ, בְּרִידֶער, דָאס אִיהר זָאלְט ווִיסֶען,
דָאס פָאן מֵיין זַאךְ הָאט פִיל גֶעדִינְט צוּ גֶעוִוינֶען פַאר דָאס
13 עֶוַואנְגֶעלִיוּם. אַזוֹי דָאס מֵיינֶע קֵייטֶען אִין דֶעם מָשִׁיחַ זֶענֶען אָנְזָאגֶער
גֶעוָוארֶען אִין דֶעם גֶערִיכְטְס הוֹיף (בֵּית הַמִּשְׁפָּט) פָאן דֶעם מֶלֶךְ
14 אוּן אַזוֹי אוּמֶעטוּם. אוּן פִיל פָאן דִיא בְּרִידֶער אִין דֶעם הֶערְרְן
זֶענֶען דוּרְךְ מֵיינֶע קֵייטֶען בֵּיי זִיךְ זִיכֶער גֶעוָוארֶען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ
15 מֶעהר דֶערְוֵוייגֶען דָאס וָוארְט אָן מוֹרָא צוּ רֶעדֶען. הֲגַם אֵיינִיגֶע

פְרֶעדִיגֶען דֶעם מָשִׁיחַ מֵחֲמַת קִנְאָה אוּן מַחֲלֹקֶת, אוּן אַנְדֶערֶע מֵחֲמַת
16 גוּטֶען ווִילֶען. דִיא מֵחֲמַת מַחֲלֹקֶת פְרֶעדִיגֶען דֶעם מָשִׁיחַ אוּן נִיט
רֵיין; דֶען זֵיי דֶענְקֶען דֶערְבֵּיי, דוּרְךְ דֶעם צָרוֹת צוּ מֶעהְרֶען אוֹיף
17 מֵיינֶע קֵייטֶען. אוּן דִיא אַנְדֶערֶע מֵחֲמַת לִיבֶּע; דֶען זֵיי ווֵייסֶען, דָאס
אִיךְ ווֶער גֶעהַאלְטֶען צוּ פַארְעֶנְטְפֶערְן זִיךְ פַאר דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוֹם.
18 נוּר ווָאס מַאכְט דָאס אוֹיס? אִין ווָאס פַאר אֵיין אוֹפֶן מֶען זָאגְט אָן
דֶעם מָשִׁיחַ׳ן, מֵיינְט מֶען דֶערְבֵּיי ווָאס אַנְדֶערְס אָדֶער נִיט, אוּן
19 דֶערִיבֶּער פְרֵייעַ אִיךְ מִיךְ, אוּן ווֶעל מִיךְ פְרֵייעֶן. דֶען אִיךְ ווֵייס דָאס
אוֹיךְ דוּרְךְ דֶעם ווֶעט מִיר זַיין אֵיין הִילְף דוּרְךְ אֵייעֶרֶע תְּפִלּוֹת, אוּן
20 דוּרְךְ דֶער הִילְף פוּן דֶעם גֵייסְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. ווִיא אִיךְ
ווַארְט אוּן הָאף דַארוֹיף, דָאס אִיךְ ווֶעל אִין קֵיין זַאךְ נִיט פַארְשֶׁעמְט
ווֶערֶען, נוּר מִיט אַלֶע פֶערְזִיכֶערוּנְגֶען, ווִיא יֶעצְט אוּן ווִיא תָּמִיד,
ווֶעט דֶער מָשִׁיחַ גֶעלוֹיבְּט ווֶערֶען אִין מֵיין לֵייבּ, סֵיי דוּרְךְ מֵיין
21 לֶעבֶּען, אָדֶער דוּרְךְ מֵיין טוֹיט. דֶען מֵיין לֶעבֶּען אִיז דֶער מָשִׁיחַ
22 אוּן דֶער טוֹיט אִיז מֵיין פֶערְדִינְסְט. נוּר ווֶען מֵיין לֶעבֶּען אִין פְלֵיישׁ
גִיט מִיר מֶעהר פְרוּכְט פוּן מֵיין אַרְבֵּייט, אַזוֹי ווֵייס אִיךְ נִיט
23 ווֶעלְכֶעס אִיךְ זָאל מִיר אוֹיסְדֶערְווֶעהְלֶען. דֶען עֶס צְווִינְגְט מִיר פוּן
בֵּיידֶע זֵייטֶען: אִיךְ הָאבּ לוּסְט אָבּ צוּ שֵׁיידֶען, אוּן צוּ זַיין בֵּיי דֶעם
24 מָשִׁיחַ מֵחֲמַת דָאס אִיז אוֹיךְ פִיל בֶּעסֶער. אָבֶּער צוּ בְּלֵייבֶּען אִין
25 פְלֵיישׁ אִיז נוֹיטִיגֶער פוּן אֵייעֶרְט ווֶעגֶען. אוּן אִיךְ ווֵייס זִיכֶער, דָאס
אִיךְ ווֶעל אִיבֶּער בְּלֵייבֶּען, אוּן זַיין מִיט אַייךְ אַלֶעמֶען, כְּדֵי אַייךְ
26 ווַייטֶער צוּ בְּרֵיינְגֶען אוּן צוּ דֶערְפְרֵייעֶן אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען. כְּדֵי אִיהְר
זָאלְט נָאךְ הָאבֶּען זִיךְ ווַייטֶער צוּ בֶּערִיהְמֶען אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ
27 דוּרְךְ מִיךְ, ווֶען אִיךְ ווֶעל נָאךְ אֵיין מָאל קוּמֶען צוּ אַייךְ. נוּר
פִיהְרְט אַייךְ אוֹיף ווִיא עֶס פַּאסְט פַאר דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוֹם פוּן דֶעם
מָשִׁיחַ, כְּדֵי אִיךְ זָאל פוּן אַייךְ זֶעהֶען, ווֶען אִיךְ ווֶעל קוּמֶען צוּ אַייךְ,
אוּן הֶערֶען ווֶען אִיךְ ווֶעל זַיין פוּן ווַייטֶען, דָאס אִיהְר שְׁטֶעהְט אִין
אֵיין גֵייסְט, אוּן דָאס אִיהְר צוּזַאמֶען הַאלְט מִלְחָמָה פַאר דֶער אֱמוּנָה
28 פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה. אוּן דָאס אִיהְר הָאט נִיט קֵיין מוֹרָא פַאר
דִיא שׂוֹנְאִים, ווָאס דָאס אִיז אֵיין צֵייכֶען פוּן זֵייעֶר פַארְדַארְבֶּענֶעס,
29 אוּן פַאר אַייךְ אָבֶּער אֵיין הִילְף, אוּן דָאס אִיז פוּן גָאטְט. דֶען אַייךְ
אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעווָארֶען נִיט נוּר צוּ גְלוֹיבֶּען אִין דֶעם מָשִׁיחַ, נוּר אוֹיךְ

30 צו לײַדען פֿאַר איהם. אַזוֹי דאָס אויך איהר האָט דיא מלחמה
וואָס איהר האָט בײַ מיר געזעהן, און וואָס איהר הערט יעצט פֿאָן מיר.
ב אויב עס גילט נאָך איין פֿאַרזאָגונג אין דעם משיח, אויב עס
איז דאָ איין טרויסט פֿאָן דער ליבע, אויב עס איז דאָ איין חברותא
אין גייסט, אויב עס איז דאָ איין הארץ און בּארעמהערציגקייט.
2 דערפֿילט מיין שמחה, דאָס איהר זאָלט האָבען איין געדאַנקען און
3 איין ליבע, צו זיין איין נפש און איין ווילען. טהוט ניט קיין שום
זאַך דורך מחלקת און פֿאַלשען כּבוד, נור מיט איין נידעריגען
4 געמיטה, רעכענט איינער דעם אַנדערען גרעסער פֿאָן זיך. לאָז
זיך יעדער זאָרגען ניט נור פֿאַר דעם וואָס איז זיינס, נור אויך
5 פֿאַר דעם וואָס עס איז זיין חבר׳ס. יעדערער זאָל אַזוֹי געזאָנען
6 זיין וויא ישוע המשיח איז געוועזען. וועלכער הגם ער איז
געוועזען אין דעם געשטאַלט פֿאָן גאָט, האָט ער ניט גערעכענט
7 פֿאַר איין רויב צו זיין גלייך מיט גאָט. נור האָט זיך אַליין
אויסגעטאָן, און האָט אויף זיך גענומען דעם געשטאַלט פֿאָן איין
8 קנעכט, גלייך געוואָרען מיט מענשען. און ווען ער האָט אויס־
געזעהען וויא איין מענש, האָט ער זיך נידעריג געמאַכט און איז
געהאָרכזאַם געוועזען ביז צום טויט, צו דעם טויט פֿאָן דעם קרייץ.
9 דעריבער האָט איהם גאָט זעהער הויך געמאַכט, און האָט איהם
10 געגעבען איין נאָמען, וואָס איז העכער איבער אַלע נעמען. כּדי
אין דעם נאָמען פֿאָן ישוע זאָל זיך יעדער קני בּוקען, דיא וואָס
11 זענען אין הימעל, אויף דער ערד, און אונטער דער ערד. און
יעדער צונג זאָל מודה זיין דאָס ישוע המשיח איז דער הערר צו
12 דעם כּבוד פֿאָן גאָט דעם פֿאָטער. דעריבער מיינע געליבטע,
אַזוֹי וויא איהר האָט תמיד געהאָרכט, ניט נור ווען איך בין בּיי
אייך, נור פֿיל מעהר יעצט ווען איך בּין פֿאָן אייך ווייט, אַרבּייט
13 פֿאַר אייער רעטונג מיט מורא און ציטערניש. דען גאָט איז
דער, וואָס ווירקט אין אייך בּיידעס, צו וועלען און צו ווירקען,
14 15 נאָך זיין געפֿעלען. טהוט אַלדינג אָן קריג און ספקות. כּדי איהר
זאָלט זיין אָן איין טאַדעל און ריין, גאָטטעס קינדער וואָס האָבען
אין זיך ניט קיין מום צווישען דעם פֿערקעהרטען און פֿאַרדרייטען
דור. דאָס איהר זאָלט שיינען צווישען זיי וויא דיא ליכטער פֿאָן

דֶער וֶועלְט. אוּן הַאלְט אַייךְ אָן דֶעם וָוארְט פָאן לֶעבֶּען, כְּדֵי אִיךְ 16
זָאל זִיךְ בֶּערִיהמֶען אִין דֶעם טָאג פָאן דֶעם מָשִׁיחַ, דָאס אִיךְ בִּין
נִיט גֶעלָאפֶען אוּמְזִיסְט, אוּן הָאבּ נִיט אוּמְזִיסְט גֶעאַרְבֵּייט. אוּן וֶוען 17
אִיךְ זָאל מִיךְ אֲפִילוּ מַקְרִיב זַיין פַאר דֶעם קָרְבָּן פָאן דֶעם דִינְסְט
פָאן אֵייעֶרֶען גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי פְרֵייא אִיךְ מִיךְ אוּן בִּין זִיךְ מִיט אַייךְ
אַלֶעמֶען מְשַׂמֵחַ. דָאסְזֶעלְבִּיגֶע זָאלְט אִיהר אַייךְ אוֹיךְ פְרֵייעֶן, אוּן 18
זָאלְט אַייךְ מִיט מִיר פְרֵייעֶן. אָבֶּער אִיךְ הָאף אִין דֶעם הֶערְרְן 19
יֵשׁוּעַ, דָאס אִיךְ וֶועל בַּאלְד צוּ שִׁיקֶען אַייךְ טִימוֹתִיוֹס'ן, כְּדֵי אִיךְ
זָאל דֶערְקְוִויקְט וֶוערֶען וֶוען אִיךְ וֶועל וִויסֶען וִויא עֶס גֶעהט אַייךְ.
דֶען אִיךְ הָאבּ קֵיינֶעם נִיט נָאךְ מֵיין גֶעזִינוּנְג, דָאס עֶר זָאל זָארְגֶען 20
הֶערְצְלִיךְ פַאר אַייךְ. דֶען אַלֶע זוּכֶען וָואס אִיז זֵייעֶרֶעס, אוּן נִיט 21
דָאס וָואס עֶס אִיז יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ'ס. אוּן אִיהם אָבֶּער קֶענְט אִיהר 22
וִויא עֶר אִיז אוֹיסְגֶעפְּרוּבְט; וִויא אַיין זָאהן דִינְט זַיין פָאטֶער, אַזוֹי
אִיז עֶר מִיט מִיר גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם דִינְסְט פָאן דֶעם עֶוַואנְגֶעלְיוּם.
אִיךְ הָאף צוּ שִׁיקֶען אִיהם צוּ אַייךְ בַּאלְד, וִויא בַּאלְד אִיךְ וֶועל 23
גֶעוָואר וֶוערֶען אִין מֵיינֶע אֵיינֶענֶע זַאכֶען. אִיךְ טְרוֹי אָבֶּער דֶעם 24
הֶערְרְן, דָאס אִיךְ וֶועל אוֹיךְ בַּאלְד קוּמֶען צוּ אַייךְ. אִיךְ הָאבּ עֶס 25
פַאר נוֹיטִיג גֶעהַאלְטֶען, דֶעם בְּרוּדֶער עֶפַּאפְרָאדִיטָאס מֵיינֶעם מִיט־
אַרְבֵּייטֶער, אֵייעֶרֶען שָׁלִיחַ אוּן מֵיין דִינֶער אִין מֵיינֶע הִצְטָרְכוּת,
צוּ אַייךְ צוּ שִׁיקֶען. מַחֲמַת עֶר הָאט זֶעהר גֶעוָואלְט אַייךְ זֶעהֶען; 26
אוּן הָאט זִיךְ זֶעהר בֶּעקִימֶערְט דֶערִיבֶּער וָואס אִיהר הָאט גֶעהֶערְט
פָאן זַיין קְרַאנְקְהֵייט. אֱמֶת, עֶר אִיז קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען צוּם שְׁטַארְבֶּען, 27
אָבֶּער גָאטְט הָאט אוֹיף אִיהם רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, אוּן נִיט נוּר אוֹיף
אִיהם, נוּר אוֹיךְ אוֹיף מִיר, דָאס עֶס זָאל אוֹיף מִיר נִיט קוּמֶען
טְרוֹיעֶר אוֹיף טְרוֹיעֶר. דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אִיהם בַּאלְד גֶעשִׁיקְט 28
צוּ אַייךְ, כְּדֵי אִיהר זָאלְט אִיהם ווִידֶער זֶעהֶען אוּן זָאלְט אַייךְ ווִידֶער
פְרֵייעֶן, אוּן אִיךְ זָאל וֵוויינִיגֶער צַעַר הָאבֶּען. אַזוֹי נֶעמְט אִיהם אָן 29
אִין אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן, מִיט אַלֶע פְרֵייד, אוּן הַאלְט אַזָאלְכֶע מֶענְשֶׁען
טֵייעֶר. דֶען פַאר דֶעם מָשִׁיחַ'ס וֶוערְק אִיז עֶר גֶעוֶועזֶען נָאהֶענְט צוּם 30
טוֹיט. אוּן עֶר הָאט זַיין לֶעבֶּען אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט, כְּדֵי עֶר זָאל דֶערְפִילֶען
דָאס וָואס עֶס פֶעהלְט אִין אֵייעֶר דִינְסְט צוּ מִיר.

וֵוייטֶער, בְּרִידֶער, פְרֵייעְט אַייךְ אִין דֶעם הֶערְרְן. דָאס אִיךְ ג

אִיך שְׁרַייבּ אַלֶע מָאל דִיזֶעלְבִּיגֶע, פֶערְדְרִיסְט עֶס מִיר נִיט, אוּן
2 אוֹיף אֵייך מַאכְט עֶס אֵיין אֵיינְדְרוּק. גִיט אַכְטוּנְג אוֹיף דִיא הִינְד,
אוֹיף דִיא שְׁלֶעכְטֶע אַרְבֵּייטֶער, גִיט אַכְטוּנְג אוֹיף דִיא צוּ שְׁנֵיידוּנְג.
3 דֶען דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג (מִצְוַת מִלָה) זֶענֶען מִיר, וָואס מִיר דִינֶען
גָאטְט אִין גֵייסְט, אוּן בֶּערִיהמֶען זִיך מִיט דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ, אוּן
4 פַאר זִיכֶערֶען זִיך נִיט אוֹיף דָאס פְלֵייש. הֲגַם אִיך הָאבּ מִיך אוֹיך
מִיט עֶטְוָואס צוּ פַאר זִיכֶערֶען אוֹיף דֶעם פְלֵייש, אוּן וֶוען אֵיינֶער
מֵיינְט, דָאס עֶר קָאן זִיך פַאר זִיכֶערֶען אִין פְלֵייש. אַזוֹי קָאן אִיך
5 פִיל מֶעהר. דֶען אִיך בִּין גֶע'מַל'ט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם אַכְטֶען טָאג,
אִיך בִּין פָאן דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, פָאן שֵׁבֶט בִּנְיָמִין, אֵיין עִבְרִי פָאן
6 דִיא עִבְרִים, נָאך דֶער תּוֹרָה אֵיין פָּרוּשׁ. מִיט קִנְאָה הָאבּ אִיך גֶע־
רוֹדֵפ'ט דִיא גֶעמֵיינְדֶע; אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט נָאך דֶער תּוֹרָה בִּין אִיך
7 אָן אֵיין פֶעהלֶער. דֶען וָואס פַאר מִיר אִיז אֵיין פֶערְדִינְסְט גֶע־
וֶועזֶען, דָאס הָאבּ אִיך וֶועגֶען דֶעם מָשִׁיחַ'ן פַאר אֵיין שָׁאדֶען גֶע־
8 הַאלְטֶען. נָאך מֶעהר אִיך הַאלְט נָאך אַלֶץ פַאר אֵיין שָׁאדֶען
אַנְטְקֶעגֶען דִיא זֶעהר גְרוֹיסֶע דֶערְקֶענְטֶענֶעס פָאן מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ מֵיין
הֶערְרְן פַאר וֶועמֶען אִיך הָאבּ מִיך פָאן אַלֶץ אוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוּן
רֶעכֶען זֵיי פַאר מִיסְט, כְּדֵי צוּ גֶעוִוינֶען דֶעם מָשִׁיחַ אוּן צוּ זַיין אִין
9 אִיהם. אוּן צוּ הָאבֶּען מֵיינֶע צִדְקוֹת נִיט פָאן דֶער תּוֹרָה, נוּר אִיןְ
דֶער אֱמוּנָה פָאן דֶעם מָשִׁיחַ, דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס זִיא קוּמְט
10 פָאן גָאטְט דוּרְך גְלוֹיבֶּען. צוּ דֶערְקֶענֶען אִיהם אוּן דִיא גְבוּרָה פָאן
זַיין אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג, אוּן צוּ זַיין אֵיין חָבֵר צוּ זַיינֶע לֵיידֶען אוּן דֶעם
11 גֶעשְׁטַאלְט פָאן זַיין טוֹיט אָנְנֶעהמֶען. כְּדֵי אִיך זָאל קֶענֶען דֶערְ־
12 גְרֵייכֶען צוּ תְּחִיַת הַמֵתִים. נִיט דָאס אִיך הָאבּ עֶס שׁוֹין דֶערְגְרֵייכְט,
אָדֶער אִיך בִּין שׁוֹין פָאלְקָאמֶען, אִיך יָאג אִיהם אָבֶּער נָאך, כְּדֵי
אִיך זָאל עֶס דֶערְגְרֵייכֶען קֶענֶען, דֶערְנָאך וִויא אִיך בִּין פָאן דֶעם
13 מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ דֶערְגְרֵייכְט גֶעוָוארֶען. בְּרִידֶער, אִיך הַאלְט נִיט דָאס
אִיך הָאבּ שׁוֹין דֶערְגְרֵייכְט, אֵיינְס אָבֶּער זָאג אִיך: דָאס אִיך פֶערְגֶעס
וָואס אִיז הִינְטֶער מִיר, אוּן אִיך שְׁטְרֶעק מִיך אוֹיס צוּ דֶעם וָואס
14 אִיז פָאר מִיר, אִיך יָאג נָאך דֶעם בֶּעשְׁטִימְטֶען צִיל, נָאך דֶעם לוֹין
פָאן דֶעם נִצָחוֹן, וֶועלְכֶער אִיז אִין דֶער הִימֶעלְשֶׁער רוּפוּנְג גָאטְטֶעס
15 אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ. וֶוער עֶס אִיז אוּנְטֶער אוּנְז אֵיין שָׁלֵם (פָאלְ־

קָאמֶענֶער) דַארְף אוֹיךְ אַזוֹי דֶענְקֶען. אוּן וֶוען אִיהר דֶענְקְט עֶטְוָואס
אַנְדֶערְס, וֶועט גָאטְט נָאךְ דָאס אַייךְ אַנְפְּלֶעקֶען. אָבֶּער צוּ דֶעם 16
וָואס מִיר זַיינֶען גֶעקוּמֶען, לָאזֶען מִיר גְלַייךְ דֶענְקֶען אוּן גֶעהְן נָאךְ
אֵיין כְּלַל. בְּרִידֶער, גֶעהְט מִיר נָאךְ. אוּן זֶעהְט אוֹיף דִיא, וֶועלְכֶע 17
אַזוֹי גֶעהֶען, וִויא אִיהר אוּנְז צוּם בִּילְד (מוּסְטֶער) הָאט. דֶען פִּיל 18
גֶעהֶען, פָאן וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אָפְט גֶעזָאגְט, אוּן יֶעצְט אָבֶּער
זָאג אִיךְ מִיט טְרֶעהְרֶען, דָאס זֵיי זֶענֶען דִיא שׂוֹנְאִים פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ס
קְרַייץ. זֵייעֶר סוֹף אִיז פַאְרדַארְבֶּענִיש, זֵייעֶר גָאטְט אִיז זֵייעֶר בּוֹיךְ; 19
זֵייעֶר כָּבוֹד אִיז שַׁאנְדֶע; אוּן זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען זֶענֶען עֶרְדֶעשֶׁע
(וֶועלְטְלִיכֶע). אוּנְזֶער גַאנְג אָבֶּער אִיז אִין הִימֶעל אוּן פָאן דַאנֶען 20
הָאפֶען מִיר אוֹיף אוּנְזֶערֶע הֶערְרְן יְשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. וֶועלְכֶער וֶועט
אִיבֶּער בַּייטֶען אוּנְזֶער לֵייבּ פָאן דֶערְנִידֶערוּנְג, דָאס עֶר זָאל גְלַייךְ
זַיין צוּ זַיין הֶערְרְלִיכֶען לֵייבּ, נָאךְ דֶער ווִירְקוּנְג פָאן זַיין גְבוּרָה אִיהם
אַלְץ אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ מַאכֶען.

דֶערִיבֶּער, גֶעלִיבְּטֶע אוּן גֶעטְרַייעֶ בְּרִידֶער, מֵיין שִׂמְחָה, אוּן מֵיין ד
קְרוֹין, בֶּעשְׁטֶעהְט אִין אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן גֶעלִיבְּטֶע. אִיךְ זָאג אֶוָועאַדְיָאן, 2
אוּן סִינְטִיכֶען, זֵיי זָאלֶען הָאבֶּען אֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען אִין דֶעם הֶערְרְן.
אוּן דִיךְ מֵיין אֱמֶת'עֶן מִיטְהֶעלְפֶער, זִינְזִיגָאס, בֶּעט אִיךְ אוֹיךְ, דוּא 3
זָאלְסְט מִיטְהֶעלְפֶען צוּ דִיא, וָואס הָאבֶּען מִיט מִיר מִלְחָמָה גֶע־
הַאלְטֶען פַאר דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם, אַזוֹי וִויא אוֹיךְ קְלֶעמֶענֶעס אוּן דִיא
אַנְדֶערֶע מִיט הֶעלְפֶערְס, וָואס זֵייעֶרֶע נֶעמֶען זֶענֶען אִין דֶעם בּוּךְ
פָאן לֶעבֶּען. פְרֵייעֶט אֵייךְ אַלֶע צַייטֶען אִין דֶעם הֶערְרְן, נָאךְ אֵיין 4
מָאל זָאג אִיךְ: פְרֵייעֶט אֵייךְ. אֵייעֶר פְרֵיינְדְלִיכְקַייט אִין גֵייסְט זָאל 5
יֶעדֶען בֶּעקַאנְט זַיין. דֶער הֶערְר אִיז נָאהֶענְט. זָארְגְט נִיט, נוּר 6
דוּרְךְ תְּפִלָּה אוּן גֶעבֶּעט מִיט דַאנְק אַלְץ וָואס אִיהר פֶערְלַאנְגְט
בְּרֵיינְגְט פַאר גָאטְט. אוּן גָאטְטֶעס פְרִידֶען, וֶועלְכֶער אִיז הֶעכֶער 7
פָאן אַלֶע שִׂכְלִיוֹת, זָאל בֶּעהִיטֶען אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער אוּן אֵייעֶר גֶע־
דַאנְקֶען אִין דֶעם מָשִׁיחַ יְשׁוּעַ. ווִידֶער, בְּרִידֶער, אַלְץ וָואס עֶס אִיז 8
אֱמֶת, בְּכָבוֹד, יוֹשֶׁר, רֵיין אוּן לִיבְּלַאךְ אוּן וָואס עֶס הָאט אֵיין גוּטֶען
נָאמֶען, יֶעדֶע גוּטֶע מִדָּה, אֵיין שְׁבַח נָאךְ דִיזֶעס דֶענְקְט. וָואס אִיהר 9
הָאט גֶעלֶעהְרֶענְט, מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען, גֶעהֶערְט אוּן גֶעזֶעהֶען פָאן מִיר
דָאס טְהוּט, אוּן דֶער גָאטְט פָאן פְרִידֶען וֶועט זַיין מִיט אֵייךְ. אוּן 10

אִיך הָאבּ מִיך אִין דֶעם הֶערְרְן זֶעהר גֶעפְרֵייט דֶערִיבֶּער, דָאס
אִיהר זֵייט ווִידֶער פְלֵייסִיג גֶעוָוארֶען פַאר מִיר צוּ זָארְגֶען, הֲגַם
אִיהר הָאט פְרִיהֶער אוֹיךְ אוּמֶעטוּם פַאר מִיר גֶעזָארְגְט, אָבֶּער דִיא
11 צֵייט הָאט עֶס נִיט עֶרְלוֹיבְּט. אִיךְ זָאג דָאס, נִיט מֵחֲמַת אִיךְ בִּין
נוֹיט־בֶּעדֶערְפְטִיג, דֶען אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוֹיסְגֶעלֶערְנְט צוּ פְרִידֶען
12 צוּ זֵיין מִיט דֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ. אִיךְ קָאן לֶעבֶּען אִין אָרֶעמְקֵייט,
אִיךְ קָאן אוֹיךְ לֶעבֶּען אִין רֵייכְקֵייט, אִיךְ בִּין גֶעוֵויינְט גֶעוָוארֶען צוּ
13 אַלְץ אוּן אִין אַלְץ, צוּ זֵיין זַאטְט, אוּן צוּ הוּנְגֶערְן. אַלְדִינְג קָאן
14 אִיךְ דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ וָואס מַאכְט מִיךְ שְׁטַארְק. דָאךְ אִיהר הָאט
דֶער מִיט גוּטֶעס גֶעטָאן וָואס אִיהר הָאט אֵיין טֵייל גֶענוּמֶען אִין
15 מֵיין צָרָה. אִיהר פִילִיפֶּער אָבֶּער ווֵייסְט, דָאס פָאן אָנְפַאנְג פָאן
דֶער בְּשׂוּרָה־טוֹבָה, ווֶען אִיךְ בִּין אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פָאן מַאקֶעדָאנִיאָ
הָאט קֵיין גֶעמֵיינְדֶע מִיט מִיר אֵיין טֵייל גֶענוּמֶען אִין דֶעם רֶעכֶענוּנְג
16 פָאן דֶער הוֹצָאָה אוּן הַכְנָסָה, נוּר אִיהר אַלֵיין. אוֹיךְ קֵיין טֶעסַאלָאנִיקָא
הָאט אִיהר אֵיין מָאל אוּן נָאךְ אֵיין מָאל מִיר גֶעשִׁיקְט אוֹיף מֵיינֶע
17 הִצְטָרְכוּת. נִיט, דָאס אִיךְ זוּךְ דִיא מַתָּנָה, אִיךְ זוּךְ דִיא פְרוּכְט
18 וָואס זִיא פֶערְמֶעהְרְט זִיךְ פָאן אֵייעֶר טוֹבָה ווֶעגֶען. דֶען אִיךְ הָאבּ
אַלְץ, אוּן הָאבּ נָאךְ אִיבֶּערִיג. אִיךְ בִּין דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען, ווֶען
אִיךְ הָאבּ דוּרְךְ עֶפַּאפְרָאדִיטָאס מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען אַלְץ וָואס אִיהר הָאט
גֶעשִׁיקְט אֵיין רֵיחַ נִיחוֹחַ, אֵיין אָנְגֶענוּמֶענֶעם אוּן גֶעפֶעלֶענֶעם קָרְבָּן
19 צוּ גָאטְט. מֵיין גָאטְט אָבֶּער זָאל דֶערְפִילֶען אַלֶע אֵייעֶרֶע הִצְטָרְכוּת,
נָאךְ זֵיין רֵייכְטוּם אִין דֶער הֶערְלִיכְקֵייט אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ.
20 צוּ גָאטְט אוּנְזֶערֶען פָאטֶער זָאל זֵיין כָּבוֹד פָאן עֶווִיגְקֵייט בִּיז צוּ
21 עֶווִיגְקֵייט. אָמֵן. גֶערִיסְט יֶעדֶען הֵיילִיגֶען אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ. דִיא
22 בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גֶערִיסֶען אֵייךְ. אַלֶע הֵיילִיגֶע גֶערִיסֶען
23 אֵייךְ, אִיבֶּערְהוֹיפְּט אָבֶּער דִיא פָאן דֶעם קֵיסָר'ס הוֹיז. דִיא גְנָאד
פָאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן זָאל זֵיין מִיט אֵייךְ אַלֶעמֶען. אָמֵן.

---

# דער בריף צו דיא קאלאסער

א פּוֹלוֹס אֵיין אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פָּאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דוּרְךְ גָאטְטֶעס
2 ווִילֶען, אוּן אוּנְזֶער בְּרוּדֶער טִימָאטְהֶעאוּס. צוּ דִיא הֵיילִיגֶע אוּן צוּ
דִיא גְלֵייבִּיגֶע בְּרִידֶער אִין דֶעם מָשִׁיחַ׳ן, ווֶעלְכֶע זֶענֶען אִין קָאלָאסָא:
גְנָאד צוּ אַייךְ אוּן שָׁלוֹם פָּאן גָאטְט אוּנְזֶער פָּאטֶער אִין אוּנְזֶער הֶערְרְן
3 יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. מִיר דַאנְקֶען גָאטְט דֶעם פָּאטֶער פָּאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן
4 יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּן מִיר זֶענֶען תָּמִיד מִתְפַּלֵל פַאר אַייךְ. נָאךְ דֶעם ווִיא
מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט פָּאן אֵייעֶר אֱמוּנָה אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ אוּן פָּאן
5 אֵייעֶר לִיבֶּע צוּ אַלֶע הֵיילִיגֶע. ווֶעגֶען דֶער הָאפֶענוּנְג, ווֶעלְכֶע לִיגְט
פָּאן אֵייעֶרְט ווֶעגֶען אִין הִימֶעל, פָּאן ווֶעלְכֶער אִיהר הָאט פָּאן פְּרִיהֶער
גֶעהֶערְט אִין דֶעם אֱמֶת׳עֶן ווָארְט פָּאן עֶווַאנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה טוֹבָה).
6 ווֶעלְכֶעס עֶס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אַייךְ אוּן צוּ דֶער גַאנְצֶער ווֶעלְט, אוּן
ווֶעלְכֶעס עֶס בְּרֵיינְגְט פְּרוּכְט אוּן ווַאקְסְט אוֹיךְ אַזוֹי צְווִישֶׁען אַייךְ פָּאן
דֶעם טָאג אָן ווָאס אִיהר הָאט גֶעהֶערְט אוּן דֶערְקָאנְט דִיא גְנָאד פָּאן
7 גָאטְט אִין דֶעם אֱמֶת. אַזוֹי ווִיא אִיהר הָאט אוֹיךְ גֶעלֶערֶענְט פָּאן דֶעם
לִיבֶּען עֶפַּאפְרַאס מֵיין הֶעלְפֶער אוּן ווֶעלְכֶער אִיז פַאר אַייךְ אֵיין גֶע־
8 טְרֵייעֶר דִינֶער פָּאן דֶעם מָשִׁיחַ. עֶר הָאט אוּנְז אוֹיךְ דֶערְצֵיילְט פָּאן
9 אֵייעֶר לִיבֶּע אִין גֵייסְט. דֶערִיבֶּער צֵייט מִיר הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט
הָאבֶּען מִיר אוֹיךְ נִיט אוֹיףְ גֶעהֶערְט מִתְפַּלֵל צוּ זֵיין פַאר אַייךְ אוּן צוּ
בֶּעטֶען, דָאס אִיהר זָאלְט דֶערְפִילְט ווֶערֶען מִיט ווִיסֶענְשַׁאפְט פָּאן
10 גָאטְטֶעס ווִילֶען אִין אַלֶע חָכְמוֹת אוּן גֵייסְטְלִיכֶען פֶערְשְׁטַאנְד. דָאס
אִיהר זָאלְט גֶעהְן ווִיא עֶס שִׁיקְט זִיךְ פַאר דֶעם הֶערְרְן אוּן ווִיא עֶס
גֶעפֶעהלְט אִיהם, אוּן צוּ בְּרִינְגֶען פְּרוּכְט אִין אַלֶע גוּטֶע ווֶערְק אוּן
11 זָאלְט ווַאכְסֶען אִין דֶער ווִיסֶענְשַׁאפְט פָּאן גָאטְט. אוּן זָאלְט גֶע־
שְׁטַארְקְט ווֶערֶען מִיט אַלֶע כֹּחוֹת, נָאךְ דֶער מַאכְט פָּאן זֵיין הֶערְרְ־
לִיכְקֵייט אִין אַלֶערְלֵיי גֶעדוּלְד אוּן לַאנְגְמִיטִיגְקֵייט (אֶרֶךְ רוּחַ) מִיט
12 פְרֵיידֶען. אוּן דַאנְקֶען אוּנְזֶערֶען פָּאטֶער, ווֶעלְכֶער עֶס הָאט אוּנְז
גֶעמַאכְט טוֹיגֶען צוּ הָאבֶּען אֵיין טֵייל אִין דֶער יְרוּשָׁה פָּאן דִיא הֵיילִיגֶע

13 אִין לִיכְט. װעלְכֶער הָאט אוּנְז בֶּעפְֿרֵייט פָֿאן דֶער מַאכְט פָֿאן דֶער
פִֿינְסְטֶערְנֶעס. אוּן הָאט אוּנְז גֶעבְּרַאכְט אִין דֶער מְלוּכָה פָֿאן זֵיין
14 גֶעלִיבְּטֶען זָאהְן. אִין װעלְכֶען מִיר הָאבֶּען דִיא דֶערְלֵייזוּנְג דוּרְךְ זֵיין
15 בְּלוּט אוּן פֶֿערְגֶעבּוּנְג פָֿאן דִיא זִינְד. װעלְכֶער אִיז דֶער גְלֵייכֶער בִּילְד
פָֿאן גָאטְט, װעלְכֶען מֶען קֶען נִיט זֶעהְן אוּן אִיז דֶער בְּכוֹר פָֿאן אַלְץ
16 װָאס עֶס אִיז בֶּעשַׁאפֶֿען גֶעװָארֶען. דֶען דוּרְךְ אִיהם אִיז אַלְץ בֶּעשַׁאפֶֿען
גֶעװָארֶען װָאס אִין הִימֶעל, אוּן װָאס אוֹיף דֶער עֶרְד, װָאס מֶען זֶעהט,
אוּן װָאס מֶען זֶעהט נִיט טְרָאנֶען אוּן הֶערְרְשַׁאפְֿטֶען, שָׂרִים אוּן
מְלָכִים, אַלְץ אִיז דוּרְךְ אִיהם בֶּעשַׁאפֶֿען גֶעװָארֶען אוּן פָֿאן זֵיינֶעט
17 װֶעגֶען. אוּן עֶר אִיז פְֿרִיהֶער פָֿאן אַלְץ גֶעװֶעזֶען, אוּן אַלְץ בֶּעשְׁטֶעהט
18 אִין אִיהם. אוּן עֶר אִיז דֶער קָאפְּף פָֿאן דֶעם לֵייבּ פָֿאן דֶער גֶעמֵיינְדֶע;
עֶר אִיז דֶער אָנְפַֿאנְג אוּן דֶער בְּכוֹר פָֿאן דִיא מֵתִים, כְּדֵי עֶר זָאל אִין
19 אַלְדִינְג זֵיין דֶער עֶרְשְׁטֶער. דֶען עֶס אִיז גֶעפֶֿעלֶען גֶעװֶען, דָאס אִין
20 אִיהם זָאל דִיא גַאנְצֶע פֿוּלְקֵייט װֵיינֶען. אוּן דוּרְךְ אִיהם אַלֶעמֶען מִיט
זִיךְ אִיבֶּער צוּ בֶּעטֶען, װֶען עֶר הָאט דוּרְךְ אִיהם, דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט
פָֿאן זֵיין קְרֵייץ, שָׁלוֹם גֶעמַאכְט סַיי װָאס אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד, סַיי דָאס
21 װָאס אִיז אוֹיף דֶעם הִימֶעל. אוּן אוֹיךְ אַייךְ װָאס אִיהר זֶענְט פְֿרִיהֶער
פְֿרֶעמְד גֶעװֶעזֶען אוּן פֵֿיינְדְלִיכֶע גֶעדַאנְקֶען, מַחֲמַת אֵייעֶר גֶעװִיסֶען,
22 װעלְכֶער אִיז גֶענֵייגְט גֶעװֶען צוּ שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים. יֶעצְט הָאט עֶר
אַייךְ אִיבֶּער גֶעבֶּעטֶען דוּרְךְ דֶעם לֵייבּ פָֿאן זֵיין פְֿלֵייש דוּרְךְ זֵיין
טוֹיט, כְּדֵי עֶר זָאל אַייךְ פַֿאר אִיהם אוֹיפְֿשְׁטֶעלֶען הֵיילִיג אָן אֵיין
23 פְֿלֶעק אוּן אָן אֵיין פֶֿעהלֶער. װֶען אִיהר בְּלֵייבְּט פֶֿעסְט גֶעגְרִינְדֶעט
אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען אוּן װֶעט נִיט אַװֶעק גֶערִיהְרְט װֶערֶען פָֿאן דֶער
הָאפֶֿענוּנְג פָֿאן דָאס עֶוַאנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה טוֹבָה) װָאס אִיהר הָאט
גֶעהֶערְט אוּן װָאס עֶס אִיז גֶעפְּרֶעדִיגְט גֶעװָארֶען בֵּיי אַלֶע בְּרוּאִים
אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל, צוּ װעלְכֶעס אִיךְ פּוֹלוֹס בִּין אֵיין דִינֶער גֶעװָארֶען.
24 יֶעצְט פְֿרֵייעֶ אִיךְ מִיךְ מִיט דִיא לֵיידֶען װָאס אִיךְ טְרָאג אִיבֶּער פַֿאר
אַייךְ. אוּן אִיךְ דֶערְפִֿיהל אִין מֵיין פְֿלֵייש דָאס װָאס עֶס הָאט גֶעפֶֿעהלְט
אִין דֶעם מָשִׁיחַ'ס לֵיידֶען פַֿאר זֵיין לֵייבּ דָאס אִיז דִיא גֶעמֵיינְדֶע.
25 װֶעלְכֶע אִיךְ בִּין אִיהר דִינֶער נָאךְ גָאטְטֶעס פִֿיהרוּנְג װָאס אִיז מִיר
גֶעגֶעבֶּען גֶעװָארֶען בֵּיי אַייךְ, כְּדֵי צוּ דֶערְפִֿילֶען דָאס װָארְט פָֿאן
26 גָאטְט. דֶעם סוֹד װָאס עֶר אִיז פַֿארְבָּארְגֶען גֶעװֶעזֶען צֵייט דִיא װֶעלְט

איז אַלְט און פָאן דור דורות און איז יֶעצְט אַנְפְּלֶעק גֶעוָוארֶען צו זַיינֶע
27 הייליגֶע. צו וֶועלְכֶע גָאטְט הָאט גֶעוָואלְט מודיע זַיין: וֶועלְכֶער איז
דיא רַייכֶע הֶערְרְלִיכְקַייט פָאן דֶעם סוד צְווִישֶׁען דיא גוֹיִם, דָאס איז
דֶער מָשִׁיחַ וָואס איז אין אַייך, וֶועלְכֶער איז דיא הָאפְענוּנְג פָאן דֶער
28 הֶערְרְלִיכְקַייט. אִיהם פְּרֶעדיגֶען מִיר, פַארְזָאגֶען און לֶערְנֶען
יֶעדֶערֶען מֶענְשֶׁען אין אַלֶערְלֵיי חָכְמָה, כְּדֵי יֶעדֶען פָארְצוּשְׁטֶעלֶען
29 פַאר אֵיין פָאלְלְקָאמֶענֶעם (שָׁלֵם) אין דֶעם מָשִׁיחַ. און אין דֶעם
בֶּעמִיהֶע איך מִיך אויך און שְׁטְרֵייט נָאך דֶער ווִירְקוּנְג פָאן זַיין כֹּחַ
וָואס ווירְקְט אין מִיר מִיט גבוּרָה.

ב איך ווִיל דָאס אִיהר זָאלְט וויסֶען, וָואס פַאר אֵיין מִלְחָמָה איך
הָאבּ פַאר אַייך, און פַאר דִיא, וֶועלְכֶע זַיינֶען אין לוּדְקְיָא, און פַאר
2 אַלֶעמֶען וָואס הָאבֶען מֵיין פָּנִים נִיט גֶעזֶעהֶן אין פְלֵייש. כְּדֵי זַייעֶרֶע
הֶערְצֶער זָאלֶען גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען און זָאלֶען צוּ נויף גֶעבּוּנְדֶען
וֶוערֶען אין לִיבֶּע צוּ אַלֶע רַייכְקַייט פָאן זִיכֶערֶען פַארְשְׁטַאנְד, צוּ
פֶערְשְׁטֶעהֶן דֶעם סוד פָאן גָאטְט און דֶעם פָאטֶערְס און פָאן דֶעם
3 מָשִׁיחַ׳ן. אין וֶועלְכֶען עֶס זַיינֶען פַארְבָּארְגֶען אַלֶע אוצְרוֹת פָאן חָכְמָה
4 און וויסֶענְשַׁאפְט. דָאס זָאג איך אַייך כְּדֵי קֵיין מֶענְשׁ זָאל אַייך נִיט
5 אָבְּנַארֶען דוּרְך גְלַאטֶע רֵייד. דֶען הֲגַם נָאך דֶעם פְלֵייש בִּין איך
וַוייט פָאן אַייך, אָבֶּער אין גֵייסְט בִּין איך בֵּיי אַייך. און איך פְרֵייעֶ
מִיך וֶוען איך זֶעה אֵייעֶר אָרְדֶענוּנְג און פֶעסְטֶען גְלוֹיבֶּען אין דֶעם
6 מָשִׁיחַ. וִויא אִיהר הָאט אָנְגֶענוּמֶען דֶעם מָשִׁיחַ׳ן יֵשׁוּעַ אוּנְזֶערֶען
7 הֶערְרְן אַזוֹי גֶעהְט אין אִיהם. זַייט אֵיין־גֶעוָוארְצֶעלְט און אויס־
גֶעבּוֹיט אין אִיהם און בֶּעפֶעסְטִיגְט אין גְלוֹיבֶּען וִויא אִיהר וֶוענְט
8 גֶעלֶערֶענְט גֶעוָוארֶען און זָאלְט אִיהם זַיין מִיט פִיל דַאנְק. זֶעהְט,
דָאס קֵיינֶער זָאל אַייך נִיט אַוֶועק רוֹיבֶּען דוּרְך פִילָאזָאפִיֶע און
לֵיידִיגֶע פַארְפִיהרוּנְגֶען נָאך דֶער קַבָּלָה פָאן מֶענְשֶׁען, נָאך דִיא
9 וֶועלְטְלִיכֶע יְסוֹדוֹת (עֶלֶעמֶענְטֶען) און נִיט נָאך דֶעם מָשִׁיחַ׳ס. דֶען
אין אִיהם וֵוינְט אַלֶע פוּלְקַייט פָאן גָאטְט לֵייבְּלִיך, און אין אִיהם
10 זֶענְט אִיהר אויך פוּל גֶעוָוארֶען. עֶר איז דֶער קָאפּ פָאן אַלֶע שְׂרָרוֹת
11 און גֶעוָועלְטִיגְקַייט? און אין אִיהם זֶענְט אִיהר אויך בֶּעשְׁנִיטֶען
גֶעוָוארֶען מִיט אֵיין בֶּעשְׁנֵיידוּנְג, וֶועלְכֶע איז נִיט מִיט הֶענְד גֶעמַאכְט
גֶעוַוארֶען דוּרְך דֶעם אויסְטָאן זִיך פָאן דֶעם זִינְדִיגֶען פְלֵיישֶׁענֶעם

12 לֵייבּ, דָאס אִיז דִיא מִלָה פָאן דֶעם מָשִׁיחַ. דֶען אִיהר זֶענְט מִיט
אִיהם בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָואָרֶען אִין דֶער טְבִילָה, אוּן זֶענְט אוֹיךְ מִיט
אִיהם אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פָאן דֶעם טוֹיט דוּרְךְ דֶער אֱמוּנָה אִין דֶער
גְבוּרָה פָאן גָאטְט וָואס הָאט אִיהם אוֹיף גֶעוֶועקְט פָאן דִיא טוֹיטֶע.
13 אוּן הָאט אוֹיךְ אַייךְ וָואס אִיהר זֶענְט גֶעוֶועזֶען טוֹיט דוּרְךְ דִיא זִינְד
אוּן אִין דֶער עָרְלָה פָאן אַייעֶר לֵייבּ מִיט אִיהם לֶעבֶּענְדִיג גֶעמַאכְט
14 אוּן הָאט אַייךְ מוֹחֵל גֶעוֶועזֶען אַלֶע אַייעֶרֶע זִינְדֶען. אוּן עֶר הָאט אָבּ־
גֶעמֶעקְט דֶעם שְׁטַר חוֹב פָאן דֶעם גֶעזֶעצֶע וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען
גֶעגֶען אוּנְז, אוּן ווִידֶער אוּנְז. אוּן הָאט אִיהם אַוֶועק גֶענוּמֶען פָאן
15 צְווִישֶׁען אוּנְז אוּן הָאט אִיהם צוּ גֶענָאגֶעלְט צוּ דֶעם קְרֵייץ. אוּן עֶר
הָאט אָבּ גֶעצוֹיגֶען דִיא שָׂרִים אוּן גֶעוֶועלְטִיגֶער אוּן הָאט זֵיי גֶע־
בְּרַאכְט צוּ עֶפֶּענְטְלִיכֶער שְׁפָּאט, אוּן הָאט זֵיי דוּרְךְ דֶעם מְנַצֵחַ
16 גֶעוֶועזֶען. דֶערִיבֶּער לָאז אַייךְ קֵיינֶער נִיט מִשְׁפָּט'ען וֶועגֶען עֶסֶען אוּן
טְרִינְקֶען אָדֶער וֶועגֶען יָמִים טוֹבִים, רָאשֵׁי חֳדָשִׁים אוּן שַׁבָּתִים.
17 דִיזֶע זֶענֶען דֶער שָׁאטֶען פָאן דִיא זַאכֶען וָואס הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט צוּ
18 קוּמֶען. דֶער לֵייבּ אָבֶּער אִיז יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. לָאז קֵיינֶער אַייךְ נִיט
בֶּערוֹיבֶּען אַייעֶר שְׂכַר, דוּרְךְ זִיךְ קְלֵיין מַאכֶען אוּן מַלְאָכִים דִינְסְט,
וָואס עֶר הָאט מִיט דִיא אוֹיגֶען נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּן אִיז פוּל מִיט
19 שְׁטָאלְץ פָאן זֵיין אַייגֶענֶעם פְלֵיישֶׁענֶעם זִינֶען. אוּן הַאלְט זִיךְ נִיט
אָן דֶעם קָאפּ, פָאן וֶועלְכֶען דֶער גַאנְצֶער לֵייבּ דוּרְךְ גֶעלֶענְקֶע אוּן
פַארְבִּינְדוּנְג וֶוערְט צוּ זַאמֶען גֶעהַאלְטֶען, וַואקְסְט אַיין גָאטְטֶעס
20 גֶעוֶועקְס. דֶערִיבֶּער וֶוען אִיהר זֶענְט מִיט דֶעם מָשִׁיחַ אָבּ גֶע־
שְׁטָארְבֶּען פָאן דִיא גֶעזֶעצֶע פָאן דֶער וֶועלְט, פַאר וָואס לָאזְט אִיהר
זִיךְ פַאנְגֶען מִיט גֶעזֶעצֶע, אַזוֹי ווִיא אִיהר וָואלְט נָאךְ לֶעבֶּען אִין דֶער
21 וֶועלְט? זָאלְסְט נִיט אָנְגֶעהמֶען, זָאלְסְט נִיט פַארְזוּכֶען, זָאלְסְט נִיט
22 אָנְרִיהרֶען. וֶועלְכֶע ווֶערֶען בָּטֵל וֶוען מֶען בְּרוֹיכְט. אוּן זֵיינֶען
23 מֶענְשְׁלִיכֶע גֶעבָּאטֶע אוּן לֶעהרֶע. וֶועלְכֶע שֵׁיינֶען פַאר אַיין חָכְמָה
דוּרְךְ אוֹיסְגֶעטְרַאכְטֶע פְרוּמְקֵייט, הַאלְטֶען דֶעם קָאפּ אַרָאבְּגֶעלָאזֶען
אוּן פֵּיינִיגֶען דֶעם לֵייבּ, דָאס גִיט זֵיי קֵיין כָּבוֹד נִיט, דֶען זֵייעֶר פְלֵייש
וֶוערְט (פָאן דֶעם) זַאט.

ג וֶוען אִיהר זֶענְט אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען מִיט דֶעם מָשִׁיחַ'ן, אַזוֹי זוּכְט
דָאס וָואס אוֹיבֶּען אִיז, דָארְטֶען וואוּ דֶער מָשִׁיחַ זִיצְט. צוּ דֶער

רֶעכְטֶער זַייט פָאן גָאטְט. לָאז אֵייעֶר הַארְץ טְרַאכְטֶען פָאן דֶעם 2
וָואס אוֹיבֶּען אִיז, נִיט פָאן דֶעם וָואס אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד. דֶען אִיהר 3
זֶענְט גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּן אֵייעֶר לֶעבֶּען אִיז פַארְבָּארְגֶען מִיט דֶעם
מָשִׁיחַ אִין גָאטְט. וָוען דֶער מָשִׁיחַ, וָואס עֶר אִיז אֵייעֶר לֶעבֶּען וֶועט 4
זִיךְ אַנְפְּלֶעקֶען, וֶועט אִיהר אוֹיךְ מִיט אִיהם אַנְפְּלֶעקְט וֶוערֶען אִין
הֶערְלִיכְקֵייט. דֶערִיבֶּער טוֹיטֶעט אֵייעֶרֶע גְלִידֶער וָואס זֶענֶען אוֹיף 5
דֶער עֶרְד: זְנוּת, טֻמְאָה, גֶעלוּסְטוּנְג, בֶּעזֶע תַּאֲוֹת אוּן נָאךְ גֶעלְד
יָאגֶען, וָואס עֶס אִיז עֲבוֹדָה זָרָה. דֶען פַאר דִיזֶע אַלֶע זַאכֶען וֶועט 6
דֶער צָארֶען פָאן גָאטְט קוּמֶען אוֹיף דִיא וִוידֶער שְׁפֶּענִיגֶע קִינְדֶער.
אִין וֶועלְכֶע אוֹיךְ אִיהר זַייט פְרִיהֶער גֶעגַאנְגֶען, וָוען אִיהר הָאט 7
צְווִישֶׁען זֵיי גֶעווֵוינְט. יֶעצְט אָבֶּער לֵייגְט אַוֶועק פָאן אַייךְ דָאס אַלְץ:
צָארֶען, כַּעַס, רִשְׁעוּת, לֶעסְטֶערוּנְג אוּן נִבּוּל פֶּה. זָאגְט נִיט קֵיין 8
לִיגֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן: נָאךְ דֶעם וִויא אִיהר הָאט אוֹיסְגֶעטָאן 9
דֶעם אַלְטֶען מֶענְשֶׁען מִיט זַיינֶע וֶוערְק. אוּן הָאט אָנְגֶעקְלֵיידֶעט 10
דֶעם נֵייעֶן מֶענְשֶׁען מִיט דֶער דֶערְקֶענְטֶענֶעס, וֶועלְכֶער אִיז וִויא
דָאס בִּילְד פָאן זַיין בֶּעשֶׁעפֶער. אִין וֶועלְכֶען עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין 11
גְרִיכֶע, קֵיין אִיד, קֵיין מִלָה, קֵיין עָרְלָה, קֵיין אוֹיסְלֶענְדֶער, קֵיין
סְקוּתִי, נִיט קֵיין קְנֶעכְט אוּן נִיט קֵיין פְרֵייעֶר, דֶען דֶער מָשִׁיחַ אִיז
אַלְץ אִין אַלֶעמֶען. דֶערִיבֶּער אִיהר אוֹיסֶערְוֶועלְטֶע פָאן גָאטְט, 12
הֵיילִיגֶע, אוּן גֶעלִיבְּטֶע, קְלֵיידֶעט אַייךְ אָן מִיט פִיל רַחֲמָנוּת, מִיט
גוּטְקֵייט, מִיט עֲנָוָה (נִידֶערִיגֶע גֶעמִיטְה) אִין גֵייסְט, מִיט צֶערְטְלִיכְ-
קֵייט אוּן מִיט לַאנְגְמוּטְה (אֶרֶךְ אַף). טְרָאגְט אִיבֶּער אֵיינֶער דֶעם 13
אַנְדֶערֶען, אוּן זַייט מוֹחֵל וָוען אִיהר וֶועט הָאבֶּען אֵיין קְרִיג אֵיינֶער
מִיט דֶעם אַנְדֶערֶען: וִויא דֶער מָשִׁיחַ הָאט אַייךְ מוֹחֵל גֶעוֶוען, אַזוֹי
זַייט אִיהר אוֹיךְ מוֹחֵל. מֶעהר פָאן אַלְץ אָבֶּער קְלֵיידֶעט אָן דִיא 14
לִיבֶּע וָואס זִיא אִיז דֶער בַּאנְד פָאן שְׁלֵמוּת (פָאלְקָאמֶענְהֵייט). אוּן 15
דֶער פְרִידֶען פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן זָאל אִין אֵייעֶרֶען הַארְצֶען גֶע-
וֶועלְטִיגֶען צוּ וֶועלְכֶען אִיהר זֶענְט גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען אִין אֵיין לֵייבּ,
אוֹיךְ בֶּעדַאנְקְט. לָאז דָאס וָוארְט פָאן דֶעם מָשִׁיחַ אִין אַייךְ רֵייכְלִיךְ 16
ווֵיינֶען, מִיט אַלֶערְלֵיי חָכְמוֹת אוּן לֶעהְרֶענְט אוּן פַארְזָאגְט אַייךְ
אַלֵיין דוּרְךְ תְּהִלִים, לוֹיבְּגֶעזַאנְג, גֵייסְטְלִיכֶע לִידֶער, אוּן זִינְגְט צוּ
גָאטְט אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער. אוּן אַלְדִינְג וָואס אִיהר וֶועט טָאן, 17

מִיט וֶוערְטֶער אָדֶער מִיט מַעֲשִׂים, דָאס אַלְץ טְהוּט אִין דֶעם נָאמֶען
פָאן דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ אוּן דַאנְקְט גָאטְט דֶעם פָאטֶער דוּרְך אִיהם.
18 אִיהר וֶוייבֶּער זֵייט אוּנְטֶערְטֶעהְנִיג אֵייעֶרֶע מַאנֶען וִויא עֶס שִׁיקְט
19 זִיך אִין אוּנְזֶערְן הֶערְרְן. אִיהר מַאנֶען לִיבֶּעט אֵייעֶרֶע וֶוייבֶּער אוּן
20 זֵייט נִיט צוּ שְׁלֶעכְט גֶעגֶען זֵיי. אִיהר קִינְדֶער זֵייט גֶעהָארְכְזַאם
צוּ אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן אִין אַלֶע זַאכֶען, דֶען דָאס אִיז גֶעפֶעהלֶען
21 אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן. אִיהר פָאטֶערְס רֵייצְט נִיט אוֹיף אֵייעֶרֶע קִינְדֶער,
22 כְּדֵי זֵיי זָאלֶען זֵייעֶרֶען מוּטְה נִיט פֶערְלִירֶען. אִיהר קְנֶעכְט,
גֶעהָארְכְט אֵייעֶרֶע הֶערְרְן נָאך דֶעם פְלֵיישׁ אִין אַלֶע זַאכֶען, נִיט צוּ
דִינֶען נוּר פַאר דֶעם אוֹיג, גְלֵייך וִויא צוּ גֶעפֶעהלֶען מֶענְשֶׁען, נוּר
מִיט אֵיין רֵיינֶעם הַארְצֶען וִויא דִיא וָואס הָאבֶען מוֹרָא פַאר גָאטְט.
23 וָואס אִיהר אַרְבֵּייט, טְהוּט עֶס מִיטְן גַאנְצֶען הַארְצֶען, וִויא פָאן
24 גָאטְטֶעס וֶועגֶען, אוּן נִיט פָאן מֶענְשֶׁענְס וֶועגֶען; אוּן וֵוייסְט, דָאס
דֶעם לוֹין פָאן דֶעם וֶועט אִיהר מְקַבֵּל זֵיין פָאן גָאטְט אֵיין יְרוּשָׁה,
25 דֶען אִיהר דִינְט אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן דֶעם מָשִׁיחַ. אוּן וֶוער עֶס וֶועט
טָאן אֵיין עַוְלָה דֶער וֶועט מְקַבֵּל זֵיין דִיא עַוְלָה, וָואס עֶר הָאט
גֶעטָאן, אוּן דָארְטֶען אִיז מֶען נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים.
ד אִיהר הֶערְרְן גִיט וָואס עֶס אִיז רֶעכְט צוּ אֵייעֶרֶע קְנֶעכְט, אוּן
2 וֵוייסְט דָאס אִיהר הָאט אוֹיך אֵיין הֶערְרְן אִין הִימֶעל. זֵייט שְׁטֶענְדִיג
3 אִין תְּפִלָּה אוּן וַואכְט אִין אִיהר מִיט דַאנְק. אוּן זֵייט אוֹיך מִתְפַּלֵּל
פַאר אוּנְז, דָאס גָאטְט זָאל דִיא טִיהר עֶפֶענֶען פַאר דֶעם וָוארְט,
כְּדֵי אָנְצוּזָאגֶען דֶעם סוֹד פָאן דֶעם מָשִׁיחַ, פַאר וֶועלְכֶען אִיך בִּין
4 אִין קֵייטֶען. כְּדֵי אִיך זָאל אִיהם אַנְפְּלֶעקֶען, וִויא עֶס אִיז רֶעכְט
5 פַאר מִיר אִיהם אָנְצוּזָאגֶען. גֶעהְט מִיט חָכְמָה אוּם מִיט דִיא אוֹיסֶ-
6 וֵוייניגְסְטֶע, אוּן שֶׁעצְט דִיא צַייט טֵייעֶר. אֵייעֶרֶע רֶעד זָאלֶען
שְׁטֶענְדִיג זֵיין מִיט חֵן, מִיט זַאלְץ גֶעזַאלְצֶען, כְּדֵי אִיהר זָאלְט וִויסֶען
7 וִויא יֶעדֶעם צוּ עֶנְטְפֶערֶען. וִויא עֶס מִיר גֶעהְט וֶועט אֵייך אַלְץ
טִיכִיקוּס, דֶער גֶעלִיבְּטֶער בְּרוּדֶער, אוּן גֶעטְרֵייעֶר דִינֶער, אוּן מֵיין
8 מִיטְאַרְבֵּייטֶער אִין דֶעם הֶערְרְן בֶּערִיכְטֶען. אִיך הָאבּ אִיהם דָער-
רִיבֶּער גֶעשִׁיקְט צוּ אֵייך, כְּדֵי עֶר זָאל וִויסֶען וָואס עֶס אִיז בֵּיי אֵייך,
9 אוּן זָאל אֵייעֶר הַארְץ טְרֵייסְטֶען. מִיט אִיהם אִיז אָנֶעסִימוּס דָער
גֶעטְרֵייעֶר אוּן גֶעלִיבְּטֶער בְּרוּדֶער וֶועלְכֶער אִיז פָאן אֵייך: זֵיי

וָועלֶען אַייך גֶעבֶּען צוּ ווִיסֶען פָאן אַלֶע אוּנְזֶערֶע הִיזִיגֶע זַאכֶען.
אַרִיסְטַארְכוּס וָואס אִיז מִיט מִיר גֶעפַאנְגֶען גֶערִיסְט אַייךְ, אוֹיךְ 10
מַרְקוּס דֶער זָאהן פָאן בַּר־נַבָּא׳ס שְׁוֶועסְטֶער, וֶועגֶען וֶועלְכֶען מֶען
הָאט אַייךְ בֶּעפוֹילֶען, וֶוען עֶר וֶועט צוּ אַייךְ קוּמֶען,
זָאלְט אִיהר אִיהם אוֹיפְנֶעהמֶען. אוֹיךְ יֵשׁוּעַ וֶועלְכֶען מֶען רוּפְט 11
יוּסְטוּס, בֵּיידֶע זֶענֶען פָאן דִיא גֶע׳מַל׳טֶע, זֵיי זֶענֶען דִיא אֵיינְצִיגֶע
הֶעלְפֶערְס צוּ דֶעם מַלְכוּת הָאֱלֹהִים אוּן זֶענֶען גֶעוֶוען פַאר מִיר אֵיין
טְרוֹיסְט. אֵייעֶר עֶפַּאפְרָאס גֶערִיסְט אַייךְ. אֵיין קְנֶעכְט פָאן דֶעם 12
מָשִׁיחַ, וָואס שְׁטְרֵייט תָּמִיד פַאר אַייךְ אִין זֵיינֶע תְּפִילּוֹת, דָאס אִיהר
זָאלְט שְׁטֶעהן גַאנְץ אוּן דֶערְפִילְט מִיט גָאטְטֶעס ווִילֶען. דֶען אִיךְ 13
זָאג אוֹיף אִיהם עֵדוּת. דָאס עֶר אִיז אֵיין גְרוֹיסֶער מְקַנֵּא פַאר אַייךְ
אוּן פַאר דִיא לֵייט פָאן לָאאַדִיקָא אוּן הִירָאפָּאלִיס. אוֹיךְ לוּקַאס 14
דֶער גֶעלִיבְּטֶער רוֹפֵא אוּן דִימָאס גֶערִיסֶען אַייךְ. גֶערִיסְט דִיא 15
בְּרִידֶער אִין לָאאַדִיקְיָא אִין נִימְפַאס אוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶע וָואס אִיז
אִין זֵיין הוֹיז. נָאךְ דֶעם ווִיא דֶער בְּרִיף וֶועט גֶעלֵייעֶנְט וֶוערֶען בֵּיי 16
אַייךְ, זֶעהט, עֶר זָאל אוֹיךְ גֶעלֵייעֶנְט וֶוערֶען אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע פָאן
לָאאַדִיקְיָא, אוּן דֶעם וָואס עֶר אִיז גֶעוֶוען אִין לָאאַדִיקְיָא זָאלְט
אִיהר אִיהם אוֹיךְ לֵייעֶנֶען. אוּן זָאגְט צוּ אַרְכִיפּוּס: גִיבּ אַכְטוּנְג 17
אוֹיף דֶעם דִינְסְט, וֶועלְכֶען דוּא הָאסְט מְקַבֵּל גֶעוֶוען אִין דֶעם
הֶערְן, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט אִיהם דֶערְפִילֶען. אִיךְ פּוֹלוֹס גֶערִיס אַייךְ
מִיט מֵיין הַאנְד. גֶעדֶענְקְט מֵיינֶע קֵייטֶען. דִיא גְנָאד זָאל מִיט אַייךְ 18
זֵיין. אָמֵן.

---

# דער ערשטע בריף צו דיא טהעסאלאניקער

פּוֹלוֹס אוּן סִילְוַואנוּס אוּן טִימָאטְהֶעאוּס צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע פָאן 1
דִיא טְהֶעסַאלָאנִיקֶער אִין גָאטט דֶעם פָאטֶער אוּן דֶעם הֶערְן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ, גְנָאד צוּ אַייךְ אוּן פְרִידֶען פָאן גָאטט אוּנְזֶער פָאטֶער אוּן
אוּנְזֶערֶען הֶערְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. מִיר דַאנְקֶען שְׁטֶענְדִיג גָאטט פַאר 2

3 אַייך װען מִיר דֶערְמָאנֶען אַייך אִין אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת. װייל מִיר
דֶערְמָאנֶען שְׁטֶענְדִיג פַאר גָאטְט אוּנְזֶער פָאטֶער דִיא װֶערְק פָאן
אַייעֶר אֱמוּנָה אוּן דִיא מִיהֶע פָאן אַייעֶר לִיבֶּע אוּן אַייעֶר אוֹיסְהַארֶען
4 אִין דֶער הָאפְנוּנְג צוּ אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. דֶען מִיר
װייסֶען, גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער פָאן גָאטְט, דָאס אִיהר זֶענְט אוֹיסְדֶערְ־
5 װֶעהלְט גֶעװָארֶען. דָאס אוּנְזֶער עֶװַאנְגֶעלִיוּם אִיז צוּ אַייך גֶעקוּמֶען
נִיט נוּר דוּרְךְ דֶעם װָארְט אַלֵיין, נוּר אוֹיך דוּרְךְ קְרַאפְט אוּן רוּחַ
הַקֹּדֶשׁ אוּן גְרוֹיסֶע זִיכֶערְהֵייט, אַזוֹי װִיא אִיהר װייסְט אוֹיף װָאס
פַאר אַיין אַרְט מִיר זֶענֶען גֶעװֶעזֶען צְװִישֶׁען אַייך פָאן אַייעֶרְט װֶעגֶען.
6 אוּן װִיא אִיהר הָאט אִין אוּנְזֶערֶען אוּן דֶעם הֶערְרֶענְס װֶעג גֶעטְרָאטֶען,
אוּן הָאט דָאס װָארְט מְקַבֵּל גֶעװֶעזֶען אִין פִילֶע צָרוֹת מִיט דֶער
7 פְרֵיידֶע פָאן דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ. בִּיז אִיהר זֶענְט גֶעװָארֶען פַאר אַיין
בֵּיישְׁפִּיל פַאר אַלֶע גְלוֹיבִּיגֶע װָאס זֶענֶען אִין מַאקֶעדָאנִיֶע אוּן אֲכַאיָא.
8 דֶען פָאן אַייך אִיז גֶעהֶערְט גֶעװָארֶען גָאטְטֶעס װָארְט נִיט נוּר אִין
מַאקֶעדָאנִיָא אוּן אֲכַאיָא, נוּר אִין אַלֶע עֶרְטֶער אִיז פַארְבְּרֵייטֶעט
גֶעװָארֶען אַייעֶר אֱמוּנָה אִין גָאטְט, אוּן מִיר דַארְפֶען גָאר דֶערְפוּן
9 נִיט רֵיידֶען. דֶען זֵייא אַלֵיין דֶערְצֵיילֶען פָאן אוּנְז װָאס פַאר אַיין
גַאנְג מִיר הָאבֶּען צוּ אַייך גֶעהַאט, אוּן װִיא אִיהר הָאט אַייך אוּמְ־
גֶעקֶעהְרְט פָאן אָבְּגֶעטְטֶער צוּ גָאטְט, אִיהר זָאלְט דִינֶען דֶעם אֱמֶת'ן
10 אוּן לֶעבֶּענְדִיגֶען גָאטְט. אוּן צוּ דֶערְוַוארְטֶען פָאן דֶעם הִימֶעל אוֹיף
זֵיין זָאהן, װֶעלְכֶען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעװֶעקְט פָאן דִיא טוֹיטֶע, אוֹיף
יֵשׁוּעַ'ן, װָאס עֶר אִיז אוּנְז מַצִיל פָאן דֶעם צָארֶען װָאס װֶעט קוּמֶען.
ב אִיהר, בְּרִידֶער, װייסְט אַלֵיין אוּנְזֶער אַיינְגַאנְג בֵּיי אַייך, דָאס
2 עֶר אִיז נִיט אוּמְזִיסְט גֶעװֶעזֶען. נָאךְ דֶעם װִיא מִיר הָאבֶּען גֶעלִיטֶען,
אוּן זֵיינֶען שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט גֶעװָארֶען אִין פִילִיפִּי, װִיא אִיהר
װייסְט, הָאבֶּען מִיר זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אִין אוּנְזֶער גָאטְט בֵּיי אַייך
3 אָנְצוּזָאגֶען דָאס עֶװַאנְגֶעלִיוּם, מִיט גְרוֹיסֶע מִלְחָמוֹת. דֶען אוּנְזֶער
פַארְזָאגוּנְג אִיז נִיט גֶעװֶעזֶען צוּם טָעוּת, צוּ אוּנְרֵיינִיגְקֵייט אוּן נִיט צוּ
4 קֵיין רַמָּאוּת. נוּר װִיא גָאטְט הָאט אוּנְז פַאר װֶערְט גֶעפוּנֶען צוּ
גֶעטְרוֹיעֶן אוּנְז דָאס עֶװַאנְגֶעלִיוּם, אַזוֹי רֶעדֶען מִיר, אוּן מִיר װִילֶען
נִיט גֶעפֶעהלֶען מֶענְשֶׁען, נוּר גָאטְט, װֶעלְכֶער פְּרוּבְּט אוּנְזֶערֶע
5 הֶערְצֶער. דֶען מִיר הָאבֶּען קֵיין מָאל נִיט בֶּענוּצְט קֵיין חֲנִיפָה'דִיגֶע

װָערְטֶער, װִיא אִיהר װֵייסְט, אוֹיךְ נִיט כְּדֵי גֶעלְד צוּ דֶערְװֶערְבֶּען,
6 גָאטְט אִיז אֵיין עֵדוּת. אוֹיךְ הָאבֶּען מִיר נִיט גֶעזוּכְט פָאן מֶענְשֶׁען
קֵיין כָּבוֹד, נִיט פָאן אַייךְ אוּן נִיט פָאן אַנְדֶערֶע, מִיר װָאלְטֶען אוֹיךְ
גֶעקֶענְט אַרוֹיפְלֶעגֶען זִיךְ אוֹיף אַייךְ, װִיא אַפָּאסְטֶעל פָאן דֶעם
7 מָשִׁיחַ׳ן. נוּר מִיר זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען צְװִישֶׁען אַייךְ פְרֵיינְדְלַאךְ װִיא אֵיין
8 מוּטֶער, װֶעלְכֶע נֶעהְרְט אוּן דֶערְצִיהט אִיהרֶע קִינְדֶער. אַזוֹי, דָאס
פַאר לִיבֶּע צוּ אַייךְ הָאבֶּען מִיר לוּסְט גֶעהַאט צוּ בְּרֵיינְגֶען אַייךְ
נִיט נוּר דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פָאן גָאטְט אַלֵיין, נוּר אוֹיךְ אוּנְזֶער
9 לֶעבֶּען, װֵייל אִיהר זֶענְט אוּנְז זֶעהר גֶעלִיבְּט גֶעװֶעזֶען. גֶעװִיס גֶעדֶענְקְט
אִיהר, בְּרִידֶער, אוּנְזֶער אַרְבֵּייט אוּן אוּנְזֶער מִיהֶע, טָאג אוּן נַאכְט
הָאבֶּען מִיר גֶעאַרְבֵּייט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט בֶּעשְׁװֶערֶען. אוּן
הָאבֶּען צְװִישֶׁען אַייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס עֶװַאנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה טוֹבָה)
10 פָאן גָאטְט. אִיהר זֶענְט עֵדוּת אוּן אוֹיךְ גָאטְט, װִיא הֵיילִיג, גֶערֶעכְט
אוּן אָן אֵיין פֶּעהלֶער מִיר זֶענֶען זִיךְ בֶּעגַאנְגֶען מִיט אַייךְ גְלוֹיבִּיגֶע.
11 אִיהר װֵייסְט, דָאס װִיא אֵיין פָאטֶער צוּ זֵיינֶע קִינְדֶער, אַזוֹי הָאבֶּען
12 מִיר יֶעדֶערֶען פָאן אַייךְ פַארְזָאגְט אוּן גֶעטְרוֹיסְט. אוּן בֶּעשְׁװָארֶען,
דָאס אִיהר זָאלְט זִיךְ אוֹיפְפִיהרֶען װִיא עֶס פַּאסְט פַאר גָאטְט, װָאס
עֶר הָאט אַייךְ גֶערוּפֶען צוּ זֵיין מְלוּכָה אוּן צוּ זֵיין הֶערְלִיכְקֵייט.
13 דֶערִיבֶּער הֶערֶען מִיר נִיט אוֹיף אוֹיךְ גָאטְט צוּ דַאנְקֶען פַאר דֶעם,
דָאס װֶוען אִיהר הָאט פָאן אוּנְז מְקַבֵּל גֶעװֶען דָאס װָארְט פָאן גָאטְט,
װֶעלְכֶען אִיהר הָאט גֶעהֶערְט, הָאט אִיהר דָאס נִיט מְקַבֵּל גֶעװֶען
װִיא אֵיין װָארְט פָאן מֶענְשֶׁען, נוּר װִיא אַזוֹי עֶס אִיז אִין אֶמֶת׳עֶן,
װִיא אֵיין װָארְט פוּן גָאטְט, װָאס װִירְקְט אִין אַייךְ דָאס אִיהר זָאלְט
14 גְלוֹיבֶּען. דֶען אִיהר, בְּרִידֶער, זֶענְט גֶעװָארֶען נָאכְגֶעהֶערְס פָאן
דִיא גֶעמֵיינְדֶען פָאן גָאטְט אִין לַאנְד יְהוּדָא אִין דֶעם מָשִׁיחַ׳ן, דָאס
אִיהר הָאט אוֹיךְ גֶעלִיטֶען דָאסְזֶעלְבִּיגֶע פָאן אֵייעֶרֶע קְרוֹבִים, װִיא
15 זֵיי הָאבֶּען גֶעלִיטֶען פָאן דִיא אִידֶען. װֶעלְכֶע הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעטוֹיטֶעט
דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ אוּן זֵייעֶרֶע נְבִיאִים, אוֹיךְ אוּנְז הָאבֶּען זֵיי גֶע׳רוֹדֵפ׳ט
16 זֵיי גֶעפֶעלֶען גָאטְט נִיט אוּן זֶענֶען דֶערְװִידֶער אַלֶע מֶענְשֶׁען. װֶעלְכֶע
פַארְװֶעהרֶען אוּנְז צוּ רֶעדֶען צוּ דִיא גוֹיִם, דָאס זֵיי זָאלֶען גֶערֶעטֶעט
װֶערֶען, אוּן דוּרְךְ דֶעם דֶערְפִילֶען זֵיי תָּמִיד זֵייעֶרֶע זִינְד. אָבֶּער עֶס
17 אִיז שׁוֹין דֶער צָארֶען גָאטְטֶעס אִיבֶּער זֵיי גֶעקוּמֶען צוּם עֶנְדֶע. מִיר

אָבֶּער, בְּרִידֶער, נָאךְ דֶעם וִויא מִיר זֶענֶען אֵיין ווייַלֶע פָאן אֵייךְ
אַוֶועק גֶערוֹיבְּט גֶעוֶועזֶען, פָאן אֵייעֶר פָּנִים, נִיט פָאן הַארְצֶען, הָאבֶּען
מִיר זִיךְ דֶערְפַאר מֶעהר גֶעאֵיילְט צוּ זֶעהֶען אֵייעֶר פָּנִים מִיט גְרוֹיס
18 פַארְלַאנְגֶען. און דֶערִיבֶּער הָאבֶּען מִיר (אִיךְ פּוֹלוֹס), צְווֵיי
מָאל גֶעוָואלְט קוּמֶען צוּ אֵייךְ, נוּר דֶער שָׂטָן הָאט אוּנְז נִיט דֶערְ־
19 לָאזֶען. דֶען וֶוער אִיז אוּנְזֶער הָאפֶענוּנְג, און אוּנְזֶער שִׂמְחָה, און
דִיא קְרוֹין פָאן אוּנְזֶער בֶּערִיהמוּנְג? זַייט אִיהר עֶס דֶען נִיט פַאר
20 אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען? יָא, אִיהר
זֶענְט אוּנְזֶער כָּבוֹד און שִׂמְחָה.
ג דֶערִיבֶּער הָאבֶּען מִיר מֶעהר שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט זִיךְ אֵיינְהַאלְטֶען,
2 און הָאבֶּען בֶּעשְׁלָאסֶען צוּ בְּלֵייבֶּען אַלֵיין אִין אַטְהֶען. און מִיר
הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט טִימָאטְהֶעאוּס אוּנְזֶער בְּרוּדֶער און גָאטְטֶעס דִינֶער,
אוּנְזֶער מִיט אַרְבֵּייטֶער אִין דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם פָאן דֶעם מָשִׁיחַ, עֶר
3 זָאל אֵייךְ מְחַזֵק זַיין און טְרוֹיסְטֶען אִין אֵייעֶרֶען גְלוֹיבֶּען. כְּדֵי
קֵיינֶער זָאל זִיךְ נִיט לָאזֶען פַארְפִיהרֶען אִין דִיזֶע צָרוֹת, דֶען אִיהר
4 אַלֵיין ווייסְט, דָאס מִיר זֶענֶען דֶער צוּ גֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען. אִיךְ
הָאבּ שׁוֹין לַאנְג אֵייךְ גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ בִּין בֵּיי אֵייךְ גֶעוֶועזֶען, דָאס
מִיר הָאבֶּען צוּ לֵיידֶען צָרוֹת, וִויא עֶס אִיז אוֹיךְ גֶעשֶׁעהֶען, און וִויא
5 אִיהר ווייסְט. דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ מִיךְ מֶעהר נִיט גֶעקָאנְט אֵיינְ־
הַאלְטֶען און הָאבּ גֶעשִׁיקְט, כְּדֵי צוּ וִויסֶען פָאן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען,
טָאמֶער הָאט אֵייךְ דֶער פְּרוּבֶּער גֶעפְּרוּבְט און אוּנְזֶער אַרְבֵּייט אִיז
6 גָאר אוּמְזִיסְט גֶעוֶועזֶען. יֶעצְט וֶוען טִימָאטְהֶעאוּס אִיז פָאן אֵייךְ צוּ
אוּנְז גֶעקוּמֶען און הָאט אוּנְז דֶערְצֵיילְט פָאן אֵייעֶר אֱמוּנָה און פָאן
אֵייעֶר לִיבֶּע, און דָאס אִיהר גֶעדֶענְקְט אוּנְז תָּמִיד צוּ גוּטֶען און
ווינְשְׁט צוּ זֶעהֶען אוּנְז, אַזוֹי וִויא מִיר ווינְשֶׁען אוֹיךְ צוּ זֶעהְן אֵייךְ.
7 זֶענֶען מִיר דֶערִיבֶּער גֶעטְרוֹיסְט גֶעוָוארֶען וֶועגֶען אֵייךְ, בְּרִידֶער,
8 אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע צָרוֹת און נוֹיט דוּרְךְ אֵייעֶר אֱמוּנָה. דֶען יֶעצְט
9 לֶעבֶּען מִיר, וֶוען אִיהר שְׁטֶעהט פֶעסְט אִין אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן. וָואס
פַאר אֵיין דַאנְק קֶענֶען מִיר גָאטְט גֶעבֶּען פַאר אֵייךְ, פַאר אַלֶע
פְרֵייד, וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער אֵייךְ גֶעפְרֵייט פַאר אוּנְזֶער
10 גָאטְט. טָאג און נַאכְט זֶענֶען מִיר זֶעהר מִתְפַּלֵל, דָאס מִיר זָאלֶען
זֶעהֶען אֵייעֶר פָּנִים, און צוּ דֶערְפִילֶען דָאס וָואס עֶס פֶעלְט נָאךְ

11 אִין אֵייעֶר אֶמוּנָה. גָאטְט אוּנְזֶער פָּאטֶער אוּן אוּנְזֶער הֶערְר יֵשׁוּעַ
12 הַמָשִׁיחַ זָאל צוּ בְּרֵייטֶען אוּנְזֶער וֶועג צוּ אַייךְ. אוּן אַייךְ זָאל דֶער
הֶערְר לָאזֶען וַואקְסֶען אוּן רֵייךְ מַאכֶען אִין דֶער לִיבֶּע אֵיינֶער צוּ
דֶעם אַנְדֶערֶען אוּן צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען, אַזוֹי וִויא מִיר זֵיינֶען צוּ אַייךְ.
13 אוּן זָאל שְׁטַארְקֶען אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער צוּ זֵיין אִין הֵיילִיגְקֵייט אָן
אֵיין פֶּעהלֶער פַאר גָאטְט אוּנְזֶער פָּאטֶער, וֶוען יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
אוּנְזֶער הֶערְר וֶועט קוּמֶען מִיט אַלֶע זֵיינֶע הֵיילִיגֶע. אָמֵן.
ד וַוייטֶער בֶּעטֶען מִיר פָאן אַייךְ, בְּרִידֶער, אוּן מִיר פֶּערְזָאגֶען
אַייךְ אִין אוּנְזֶער הֶערְרְן יֵשׁוּעַ, אַזוֹי וִויא אִיהר הָאט פָאן אוּנְז מְקַבֵּל
גֶעוֶוען וִויא אַזוֹי צוּ אוֹיפְפִיהרֶען זִיךְ אוּן צוּ גֶעפֶעהלֶען גָאטְט, אוּן
2 וִויא אִיהר טְהוּט שׁוֹין, אַזוֹי זָאלְט אִיהר נָאךְ מֶעהר טָאן. דֶען
אִיהר וֵייסְט וָואס פַאר גֶעבָּאטֶע מִיר הָאבֶּען אַייךְ גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ
3 דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ. דֶער ווִילֶען פָאן גָאטְט אִיז אֵייעֶר הֵיילִיגְקֵייט:
4 אִיהר זָאלְט זִיךְ דֶערְוַוייטֶערֶען פָאן זְנוּת. דָאס יֶעדֶערֶער פָאן אַייךְ
זָאל אֵיין וַוייבּ נֶעהמֶען מִיט צְנִיעוּת, מִיט הֵיילִיגְקֵייט אוּן כָּבוֹד.
5 נִיט מִיט תַּאֲוָה פָאן זְנוּת וִויא דִיא גוֹיִם, וֶועלְכֶע וַוייסֶען נִיט פָאן
6 גָאטְט. אוּן לָאז קֵיינֶער נִיט אִיבֶּערְנֶעהמֶען אוּן אָבְּנַארֶען זֵיין בְּרוּדֶער
אִין גֶעשֶׁעפְט, דֶען גָאטְט נֶעמְט נְקָמָה דֶער פַאר, וִויא מִיר הָאבֶּען
7 אַייךְ שׁוֹין לַאנְג אָנְגֶעזָאגְט אוּן עֵדוּת גֶעזָאגְט. דֶען גָאטְט הָאט אוּנְז נִיט
8 גֶערוּפֶען צוּ טֻמְאָה, נוּר צוּ קְדוּשָׁה. דֶערִיבֶּער וֶוער עֶס פֶּערְאַכְטֶעט
עֶס, דֶער פֶּערְאַכְטֶעט נִיט אֵיין מֶענְשֶׁען, נוּר גָאטְט, וֶועלְכֶער הָאט אִין
9 אוּנְז זֵיין הֵיילִיגֶען גֵייסְט גֶעגֶעבֶּען. וֶועגֶען בְּרִידֶער־לִיבֶּע דַארְף אִיךְ
אַייךְ נִיט שְׁרֵייבֶּען, דֶען אִיהר זֶענְט אַלֵיין גֶעלֶערֶענְט פָאן גָאטְט צוּ
10 לִיבֶּען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען. אוּן אַזוֹי טְהוּט אִיהר צוּ אַלֶע אֵייעֶרֶע
בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען אִין מַאקֶעדָאנִיעֶ, אָבֶּער מִיר פַארְזָאגֶען אַייךְ,
11 בְּרִידֶער, דָאס אִיהר זָאלְט נָאךְ מֶעהר טָאן. אִיהר זָאלְט עֶס פַאר
אֵיין כָּבוֹד הַאלְטֶען, שְׁטִיל צוּ לֶעבֶּען, יֶעדֶערֶער זֵיינֶע זַאכֶען צוּ
פַארְזָארְגֶען אוּן דִיא אַרְבֵּייט פָאן זֵיינֶע הֶענְד אוֹיסְפִיהרֶען, אַזוֹי וִויא
12 מִיר הָאבֶּען אַייךְ גֶעבָּאטֶען. כְּדֵי אִיהר זָאלְט אִין אוּמְגַאנְג מִיט
דִיא אוֹיסְוֵוייְנִיגְסְטֶע (מֶענְשֶׁען) אָנְשְׁטֶענְדִיג זֵיין, אוּן צוּ קֵיין מֶענְשֶׁען
13 נִיט בֶּעדַארְפֶען. אוּן וֶועגֶען דִיא וָואס זֶענֶען אַנְשְׁלָאפֶען גֶע־
זָארְען (גֶעשְׁטָארְבֶּען), בְּרִידֶער, ווִילֶען מִיר פַאר אַייךְ קֵיין זַאךְ

נִיט פַארְהוּילֶען, כְּדֵי אִיהר זָאלְט נִיט טְרוֹיעֶרְן ווִיא אַנְדֶערֶע וָואס
14 הָאבֶּען נִיט קֵיין הָאפְּענוּנְג. דֶען וֶוען מִיר גְלוֹיבֶּען, דָאס יֵשׁוּעַ אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּן אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אַזוֹי וֶועט גָאטְט אוֹיךְ מִיט
אִיהם צוּזַאמֶענְבְּרֵיינְגֶען דִיא וָואס זֶענֶען אַנְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען אִין
15 יֵשׁוּעַ'ן. דֶען דָאס זָאגֶען מִיר אַייךְ מִיט דֶעם וָוארְט פָאן הֶערְן:
דָאס מִיר לֶעבֶּענְדִיגֶע, ווֶעלְכֶע מִיר זֶענֶען פֶערְבְּלִיבֶּען בִּיז דֶער
הֶערְר וֶועט קוּמֶען, וֶועלֶען נִיט זֵיין פָארְאוֹיס פַאר דִיא אֵיינְ־
16 גֶעשְׁלָאפֶענֶע. עֶר, דֶער הֶערְר וֶועט אַרָאבְּקוּמֶען פָאן דֶעם הִימֶעל,
אַזוֹי ווִיא דִיא רוּפוּנְג קוּמְט, אוּן דֶער קוֹל פָאן דֶעם עֶלְטְסְטֶען מַלְאָךְ,
אוּן דִיא שַׁאלוּנְג, פָאן דֶעם שׁוֹפָר גָאטְטֶעס; אוּן עֶס וֶועלֶען צוּם
17 עֶרְשְׁטֶען אוֹיפְשְׁטֶעהן דִיא גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע אִין דֶעם מָשִׁיחַ'ן. נָאךְ
דֶעם וֶועלֶען מִיר לֶעבֶּענְדִיגֶע, וָואס זֶענֶען אִיבֶּער גֶעבְּלִיבֶּען, אַרוֹיפְ־
גֶענוּמֶען וֶוערֶען מִיט זֵיי אִין דִיא וָואלְקֶענְס, גֶעגֶען דֶעם הֶערְן אִין
דֶער לוּפְט, אוּן אַזוֹי וֶועלֶען מִיר תָּמִיד זֵיין בֵּיי דֶעם הֶערְן.
18 דֶערִיבֶּער טְרוֹיסְט אַייךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מִיט דִיזֶע וֶוערְטֶער.
ה אוּן וֶועגֶען דִיא צֵייטֶען אוּן שְׁטוּנְדֶען, הָאט אִיהר, בְּרִידֶער,
2 נִיט נוֹיטִיג מֶען זָאל אַייךְ שְׁרֵייבֶּען. דֶען אִיהר ווֵייסְט אַלֵיין גוּט,
דָאס דֶער טָאג פָאן דֶעם הֶערְן וֶועט אָנְקוּמֶען ווִיא אֵיין גַנָב אִין
3 דֶער נַאכְט. דֶען וֶוען זֵיי וֶועלֶען רֶעדֶען פָאן פְרִידֶען אוּן זִיכֶערְקֵייט
אַזוֹי וֶועט דֶער פַארְדַארְבֶּען אוֹיף זֵיי פְּלוּצְלִינְג קוּמֶען, אַזוֹי ווִיא
גֶעבּוּרְט־שְׁמֶערְצֶען פָאן אֵיין גֶעווִינֶערֶען, אוּן וֶועלֶען נִיט קֶענֶען אַנְטְ־
4 רִינֶען וֶוערֶען. אָבֶּער אִיהר, בְּרִידֶער, זֶענְט נִיט אִין דֶער פִינְסְטֶערְנֶעס
5 דָאס דֶער טָאג זָאל אַייךְ אִיבֶּערְפַאלֶען ווִיא אֵיין גַנָב. אִיהר זֶענְט
אַלֶע קִינְדֶער פָאן דֶעם לִיכְט, אוּן קִינְדֶער פָאן דֶעם טָאג; נִיט קִינְדֶער
פָאן דֶער נַאכְט זֶענֶען מִיר, אוּן נִיט פָאן דֶער פִינְסְטֶערְנֶעס.
6 דֶערִיבֶּער לָאזֶען מִיר נִיט שְׁלָאפֶען, ווִיא אַנְדֶערֶע, נוּר לָאזֶען מִיר
7 וַואכֶען אוּן זֵיין נִיכְטֶער. דֶען דִיא וָואס שְׁלָאפֶען, שְׁלָאפֶען בֵּיי
8 נַאכְט, אוּן דִיא וָואס שִׁכּוֹר'ן בֵּיי נַאכְט. מִיר אָבֶּער, קִינְדֶער
פָאן דֶעם טָאג, לָאזֶען מִיר נִיכְטֶער זֵיין, אוּן לָאזֶען מִיר אָנְקְלֵיידֶען
דֶעם פַאנְצֶער פָאן גְלוֹיבֶּען אוּן לִיבֶּע אוּן פַאר אֵיין קִיוֶוער דִיא
9 הָאפֶענוּנְג פָאן דֶער הִילְף. דֶען גָאטְט הָאט אוּנְז נִיט בֶּעשְׁטִימְט צוּ
צָארֶען, נוּר צוּ דֶערְוֶוערְבֶּען דִיא הִילְף דוּרךְ אוּנְזֶערֶען הֶערְן יֵשׁוּעַ

הַמָשִׁיחַ. װעלכֶער אִיז פַאר אוּנְז גֶעשְׁטָארְבֶּען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען מִיט 10
אִיהם צוּזַאמֶען לֶעבֶּען, װֶען מִיר װַאכֶען, אָדֶער מִיר שְׁלָאפֶען.
דֶערִיבֶּער פַאר זָאגְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען, אוּן לָאז אֵיין בְּרוּדֶער 11
דֶעם אַנְדֶערֶען בּוֹיעֶן, וִויא אִיהר אוֹיךְ טְהוּט. מִיר בֶּעטֶען פָאן 12
אַייךְ, בְּרִידֶער, צוּ אַכְטֶען דִיא, װעלְכֶע אַרְבֵּייטֶען צְוִוישֶׁען אַייךְ, אוּן
דִיא װָאס זֶענֶען גֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען אִיבֶּער אַייךְ אִין דֶעם הֶערְרְן,
אוּן װָאס לֶערְנֶען אַייךְ. לָאזֶען זֵייא בֵּיי אֵייךְ גְרוֹיס גֶעהַאלְטֶען װֶערֶען 13
מִיט לִיבֶּע פַאר זֵייעֶר װֶערְק, אוּן לָאז צְוִוישֶׁען אַייךְ זֵיין שָׁלוֹם.
אוּן מִיר פַארְזָאגֶען אַייךְ, בְּרִידֶער, װָארֶענְט דִיא אָרֶענְטְלִיכֶע, 14
טְרוֹיסְטֶעט דִיא וֵוייכְהַארְצִיגֶע, נֶעמְט אַייךְ אָן פַאר דִיא שְׁוַואכֶע, אוּן
הָאט גֶעדוּלְד מִיט אַלֶעמֶען. זֶעהט, דָאס קֵיינֶער זָאל דֶעם אַנְדֶערֶען 15
נִיט צָאלֶען אֵיין רָעָה פַאר אֵיין רָעָה, נוּר טְרַאכְט תָּמִיד גוּטֶעס צוּ
טָאן אֵיינֶער פַאר דֶעם אַנְדֶערֶען אוּן גֶעגֶען אַלֶע מֶענְשֶׁען. פְרֵייעֶט 16
אַייךְ תָּמִיד. טְהוּט תְּפִילָה אָן אוֹיפְהֶערוּנְג. זָאגְט אֵיין דַאנְק פַאר 17 18
אַלְדִינְג: דֶען אַזוֹי אִיז דֶער וִוילֶען פָאן גָאטְט אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ
פָאן אַייךְ. פַארְלֶעשְׁט נִיט דֶעם גֵייסְט. זֵייט נִיט מְבַזֶה דִיא נְבִיאוֹת. 19 20
פְּרוּבְט אַלְץ אוּן הַאלְט דָאס װָאס עֶס אִיז גוּט. מַיידֶעט אוֹיס אַלְץ 21 22
װָאס עֶס שֵׁיינְט צוּ זֵיין בֵּייזֶעס. אוּן דֶער גָאטְט פָאן פְרִידֶען זָאל אַייךְ 23
הֵיילִיגֶען אִין גַאנְצֶען, אוּן אֵייעֶר גֵייסְט, נֶפֶשׁ אוּן לֵייבּ, זָאל גֶעהִיט
װֶערֶען גַאנְץ אָן אֵיין פֶעהלֶער צוּ דֶעם קוּמֶען פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. דֶער װָאס רוּפְט אַייךְ אִיז גֶעטְרֵיי, עֶר װֶעט אַייךְ 24
דָאס טָאן. בְּרִידֶער, זֵייט מִתְפַּלֵל פַאר אוּנְז. גֶערִיסְט אַלֶע בְּרִידֶער 25 26
מִיט דֶעם הֵיילִיגֶען קוּשׁ. אִיךְ בֶּעשְׁװֶער אַייךְ מִיט דֶעם הֶערְרְן, דִיזֶע 27
עֶפִּיסְטֶעל (בְּרִיף) זָאל פַאר אַלֶע הֵיילִיגֶע בְּרִידֶער פָארְגֶעלֵייעֶנְט
װֶערֶען. דִיא גְנָאד זֵיי מִיט אַייךְ פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּנְזֶערֶען 28
הֶערְרְן. אָמֵן.

---

# דער צווייטע בריף צו דיא טהעסאלאניקער

א פּוֹלוֹס אוּן סִילְוַואנוּס אוּן טִימָאטְהֶעאוּס צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע פָּאן
טְהֶעסַאלָאנִיק, אִין גָאטְט אוּנְזֶער פָּאטֶער אוּן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ
2 הַמָשִׁיחַ. גְנָאד צוּ אַייך אוּן פְרִידֶען פָאן גָאטְט אוּנְזֶער פָאטֶער אוּן
3 אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. מִיר זֶענֶען מְחוּיָב גָאטְט צוּ דַאנְקֶען
תָּמִיד פַאר אַייך, בְּרִידֶער, וִויא עֶס דַארְף צוּ זֵיין, דֶען אֵייעֶר
אֱמוּנָה וַואקְסְט זֶעהר, אוּן דִיא לִיבֶּע פָאן יֶעדֶערֶען צְווִישֶׁען אַייך
4 אַלֶעמֶען מֶעהְרְט זִיךְ זֶעהר. אַזוֹי דָאס מִיר אַלֵיין בֶּערִיהמֶען זִיךְ
מִיט אַייך אִין דִיא גֶעמֵיינְדֶען פָאן גָאטְט מִיט אֵייעֶר סַבְלָנוּת אוּן
מִיט אֵייעֶר אֱמוּנָה אִין אַלֶע אֵייעֶרֶע רְדִיפוֹת אִין אַלֶע צָרוֹת וָואס
5 אִיהר לֵיידֶעט. דָאס אִיז אֵיין צֵייכֶען פָאן דֶעם גֶערֶעכְטֶען מִשְׁפָּט
גָאטְטֶעס, כְּדֵי אִיהר זָאלְט וֶוערְט זֵיין צוּם מַלְכוּת הָאֱלֹהִים פַאר
6 וֶועלְכֶען אִיהר לֵיידֶעט. דֶען עֶס אִיז רֶעכְט פַאר גָאטְט דָאס עֶר
7 זָאל בֶּעצָאלֶען מִיט צָרוֹת צוּ דִיא וָואס מַאכֶען אַייך צָרוֹת. אָבֶּער
אַייך וָואס אִיהר הָאט צָרוֹת זָאלְט רוּהֶע הָאבֶּען מִיט אוּנְז וֶוען דֶער
הֶערְר יֵשׁוּעַ וֶועט זִיךְ אַנְפְּלֶעקֶען פָאן דֶעם הִימֶעל מִיט דִיא מַלְאָכִים
8 פָאן זֵיין קְרַאפְט. אִין אֵיין פְלַאם פֵייעֶר, זִיךְ נוֹקֵם צוּ זֵיין אָן דִיא
וֶועלְכֶע פָאן גָאטְט נִיט וֵוייסֶען, אוּן דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ נִיט צוּ
גֶעהֶערְט צוּ דֶער בְּשׂוּרָה פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ.
9 וֶועלְכֶע וֶועלֶען בֶּעקוּמֶען זֵייעֶר שְׁטְרָאף פֶערְלָארֶען צוּ וֶוערֶען אוֹיף
10 עֶווִיג פָאן דֶעם הֶערְרְנְס פָּנִים אוּן פַאר זֵיין הֶערְלִיכֶע מַאכְט. וֶוען
עֶר וֶועט קוּמֶען הֶערְרְלִיךְ צוּ וֶוערֶען אִין זֵיינֶע הֵיילִיגֶע, אוּן צוּ
לָאזֶען זִיךְ בֶּעוואוּנְדֶערֶען פָאן אַלֶע גְלֵייבִּיגֶע, וֵוייל אוּנְזֶער עֵדוּת הָאט
11 בֵּיי אַייך גֶעפוּנֶען גְלוֹיבֶּען אִין יֶענֶעם טָאג. דֶערִיבֶּער זֶענֶען מִיר
אוֹיךְ שְׁטֶענְדִיג מִתְפַּלֵל פַאר אַייך, דָאס גָאטְט זָאל אַייך וֶוערְט
מַאכֶען צוּ דֶער רוּפוּנְג, אוּן זָאל דֶערְפִילֶען דֶעם גַאנְצֶען ווִילֶען פָאן
12 זֵיין גוּטְקֵייט, אִין דֶעם וֶוערְק פָאן דֶעם גְלוֹיבֶּען מִיט מַאכְט. כְּדֵי

דֶער נָאמֶען פָאן אוּנְזֶער הֶערְרְן יֵשׁוּעַ זָאל אִין אַייךְ גֶעלוֹיבְּט וֶוערֶען,
אוּן אִיהר אִין אִיהם, נָאךְ דֶער גְנָאד פָאן אוּנְזֶער גָאטְט, אוּן
אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ.
ב מִיר בֶּעטֶען פָאן אַייךְ, בְּרִידֶער, וֶועגֶען דֶעם קוּמֶען פָאן
אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִין אוּנְזֶער פֶערְזַאמְלוּנְג מִיט אִיהם.
2 דָאס אִיהר זָאלְט נִיט אַזוֹי לַייכְט מְבוּלְבָּל וֶוערֶען אִין דִיא גֶעדַאנְקֶען,
אוּן זָאלְט נִיט דֶערְשְׁרָאקֶען וֶוערֶען נִיט דוּרְךְ אַיין גַייסְט, נִיט פָאן
אַיין וָוארְט אוּן נִיט פָאן אַיין בְּרִיף, גְלַייךְ וִויא עֶר אִיז פָאן אוּנְז
גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי וִויא דֶער טָאג פָאן דֶעם הֶערְרְן אִיז שׁוֹין
3 אָנְגֶעקוּמֶען. לָאז אַייךְ קַיינֶער בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט אָבְנַארֶען, דֶען עֶס
מוּז פְרִיהֶער אַיין אָבְּפַאלוּנְג (פָאן גְלוֹיבֶּען) קוּמֶען, אוּן עֶס וֶועט זִיךְ
אַנְפְּלֶעקֶען דֶער מֶענְשׁ פָאן דֶער זִינְדֶע דֶער זָאהְן פָאן פַארְ-
4 דַארְבֶּענִיס. דֶער פַיינְד, וֶועלְכֶער וֶועט זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען אִיבֶּער אַלְץ
וָואס עֶס הֵייסְט גָאטְט אוּן הֵיילִיגְקַייט, אַזוֹי דָאס עֶר וֶועט זִיךְ אִין
דֶעם טֶעמְפֶּעל (הֵיכָל) גָאטְטֶעס זֶעצֶען, אוּן זִיךְ אַלֵיין וִויא גָאטְט
5 אָנְשְׁטֶעלֶען. גֶעדֶענְקְט אִיהר דֶען נִיט, דָאס וֶוען אִיךְ בִּין נָאךְ בַּיי
6 אַייךְ גֶעוֶועזֶען הָאבּ אִיךְ אַייךְ דָאס גֶעזָאגְט. אוּן יֶעצְט וֵייסְט אִיהר
וָואס עֶס הַאלְט אִיהם אָבּ פָאן צוּ אַנְפְּלֶעקֶען זִיךְ אִין זַיין צַייט.
7 דֶען דֶער סוֹד פָאן דֶער בֶּעזְקַייט הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ ווִירְקֶען,
נוּר דָאס וָואס עֶס הַאלְט אָבּ בִּיז יֶעצְט מוּז פָאן וֶועג אַוֶועק גֶענוּמֶען
8 וֶוערֶען. אוּן דַאמָאלְסְט וֶועט אַנְפְּלֶעקְט וֶוערֶען דֶער רָשָׁע, וֶועלְכֶען
דֶער הֶערְר וֶועט טוֹיטֶען מִיט דֶעם הוֹיךְ פָאן זַיין מוֹיל, אוּן וֶועט
9 אִיהם מְבַטֵל זַיין דוּרְךְ דִיא שְׁטְרַאהְלֶען פָאן זַיין דֶערְשַׁיינוּנְג. דֶעם
וֶועלְכֶער וֶועט קוּמֶען דוּרְךְ דֶעם שָׂטָן'ס ווִירְקוּנְג מִיט גְרוֹיס כֹּחַ,
10 מִיט צַייכֶענְס אוּן מִיט פַאלְשֶׁע וואוּנְדֶער. אוּן מִיט אַלֶערְלֵיי
פַארְפִיהרוּנְגֶען צוּ אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקַייט פַאר דִיא, וֶועלְכֶע דַארְפֶען
פַארְלָארֶען וֶוערֶען, ווייל זֵיי הָאבֶּען נִיט מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען דִיא לִיבֶּע
11 פָאן דֶעם אֱמֶת כְּדֵי גֶערֶעטֶעט צוּ וֶוערֶען. דֶערִיבֶּער וֶועט זֵיי גָאטְט
12 שְׁטַארְקֶע טָעוּתִים שִׁיקֶען, זֵיי זָאלֶען גְלוֹיבֶּען אִין לִיגֶען. כְּדֵי עֶס
זָאלֶען גֶעמִשְׁפָּט וֶוערֶען אַלֶע וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אִין אֱמֶת,
13 נוּר עֶס אִיז גֶעפֶעלֶען גֶעוָוארֶען דִיא אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקַייט. מִיר אָבֶּער
זֶענֶען מְחוּיָב תָּמִיד גָאטְט צוּ דַאנְקֶען פַאר אַייךְ, גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער,

פָאן דֶעם הֶערְרְן, וָואס פָאן אָנְפַאנג הָאט גָאטְט אַייך אוֹיסְדֶערְוֶועלְט
צוּ דֶער הִילְף דוּרְךְ דֶער הֵיילִיגְקֵייט פָאן דֶעם גֵייסְט, אוּן דֶעם
14 גְלוֹיבֶּען אִין דֶעם אֱמֶת. צוּ וֶועלְכֶער עֶר הָאט אַייךְ גֶערוּפֶען דוּרְךְ
אוּנְזֶער עֶוַואנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה טוֹבָה) אִיהר זָאלְט דֶערְוֶוערְבֶּען דִיא
15 הֶערְלִיכְקֵייט פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. דֶערִיבֶּער,
בְּרִידֶער, שְׁטֶעהט פֶעסְט אוּן הַאלְט דִיא קַבָּלוֹת וָואס אִיהר הָאט
גֶעלֶערֶענְט, סַאי דוּרְךְ אוּנְזֶער וָוארְט, סַאי דוּרְךְ אוּנְזֶער בְּרִיף.
16 אוּן אוּנְזֶער הֶערְר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּן אוּנְזֶער גָאטְט דֶער פָאטֶער,
וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז גֶעלִיבְּט אוּן הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען דִיא עֶוִויגֶע נֶחָמָה
17 אוּן דִיא גוּטֶע הָאפֶענוּנְג, דוּרְךְ זַיין גְנָאד. זָאל טְרוֹיסְטֶען אֵייעֶרֶע
הֶערְצֶען אוּן זָאל אַייךְ בֶּעפֶעסְטִיגֶען אִין יֶעדֶער גוּטֶען וָוארְט אוּן וֶוערְק.
ג וֵוייטֶער בְּרִידֶער, זֵייט מִתְפַּלֵל פַאר אוּנְז, דָאס וָוארְט פָאן
דֶעם הֶערְרְן זָאל פְרֵיי לוֹיפֶען אוּן עֶס זָאל הֶערְלִיךְ וֶוערֶען, וִויא
2 עֶס אִיז צְוִוישֶׁען אַייךְ גֶעוָוארֶען. אוּן דָאס מִיר זָאלֶען נִיצוֹל וֶוערֶען
פָאן אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע אוּן שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען, דֶען נִיט יֶעדֶער הָאט
3 אֱמוּנָה. אָבֶּער דֶער הֶערְר אִיז גֶעטְרֵייא, עֶר וֶועט אַייךְ שְׁטַארְקֶען,
4 אוּן וֶועט אַייךְ אָבְּהִיטֶען פָאן בֵּייזֶעס. אָבֶּער מִיר טְרוֹיעֶן אוֹיף אַייךְ
אִין דֶעם הֶערְרְן, דָאס אִיהר טְהוּט אוּן וֶועט טָאן וִויא מִיר בֶּעְ־
5 פֶעהלֶען אַייךְ. דֶער הֶערְר אָבֶּער זָאל רִיכְטֶען אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער
צוּ דֶער לִיבֶּע פָאן גָאטְט אוּן צוּ דֶער גֶעדוּלְד פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן.
6 אוּן מִיר בֶּעפֶעהלֶען אַייךְ, בְּרִידֶער, אִין דֶעם נָאמֶען פָאן אוּנְזֶער
הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, דָאס אִיהר זָאלְט זִיךְ דֶערְוֵוייטֶערֶען פָאן
יֶעדֶען בְּרוּדֶער וָואס גֶעהְט אִין אוּנָארֶענְטְלִיכֶען וֶועג, אוּן גֶעהְט נִיט
נָאךְ דֶער לֶעהרֶע, וֶועלְכֶע אִיהר הָאט פָאן אוּנְז מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען.
7 אִיהר אַלֵיין וֵוייסְט וִויא אִיהר דַארְפְט אוּנְז נָאךְ גֶעהְן, דֶען מִיר זֶענֶען
8 צְוִוישֶׁען אַייךְ נִיט אוּנָארֶענְטְלִיךְ גֶעוֶועזֶען. אוֹיךְ הָאבֶּען מִיר קֵיינֶעמְס
בְּרוֹיט נִיט גֶעגֶעסֶען אוּמְזִיסְט, נוּר טָאג אוּן נַאכְט הָאבֶּען מִיר
שְׁוֶוער אוּן הַארְט גֶעאַרְבֵּייטֶעט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט זַיין
9 צוּם מַשָׂא. נִיט דֶערִיבֶּער וֵוייל מִיר הָאבֶּען נִיט דָאס רֶעכְט, נוּר
כְּדֵי מִיר זָאלֶען זַיין אֵיין בֵּיישְׁפִּיל פַאר אַייךְ, דָאס אִיהר זָאלְט אוּנְז
10 נָאכְטָאן. דֶען וֶוען מִיר זֶענֶען נָאךְ בֵּיי אַייךְ גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען מִיר אַייךְ
גֶעבָּאטֶען: וֶוער עֶס וִויל נִיט אַרְבֵּייטֶען, דֶער זָאל אוֹיךְ נִיט עֶסֶען.

11 דֶען מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט: דָאס צְווִישֶׁען אַייךְ זֶענֶען דָא עֶטְלִיכֶע,
ווֶעלְכֶע פִיהְרֶען זִיךְ אוּנְאָרֶענְטְלִיךְ אוֹיף, אוּן אַרְבֵּייטֶען נִיט, נוּר
12 טְהוּעֶן וָואס טוֹיג נִיט. אַזֶעלְכֶע לֵייט אָבֶּער בֶּעפֶעהלֶען מִיר, אוּן
פֶערְזָאגֶען דוּרְךְ אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, דָאס זֵיי זָאלֶען
13 שְׁטִיל אַרְבֵּייטֶען, אוּן זֵיי זָאלֶען זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם בְּרוֹיט עֶסֶען. אוּן
אִיהר, בְּרִידֶער, עֶס זָאל אַייךְ נִיט פַארְדְרִיסֶען גוּטֶעס טְהוּעֶנְדִיג.
14 ווֶען אֵיינֶער ווֶעט נִיט הֶערֶען אוּנְזֶערֶע ווֶערְטֶער אִין דִיזֶעם בְּרִיף
דֶעם פֶערְצֵייכֶענְט, אוּן מִישְׁט אַייךְ נִיט מִיט אִיהם כְּדֵי עֶר זָאל זִיךְ
15 שֶׁעמֶען. אָבֶּער הַאלְט אִיהם נִיט פַאר קֵיין שׂוֹנֵא, נוּר ווָארֶענְט
16 אִיהם ווִיא אֵיין בְּרוּדֶער. אוּן דֶער הֶערְר פָאן פְרִידֶען ווֶעט אַייךְ
17 גֶעבֶּען דֶעם שָׁלוֹם אִין יֶעדֶער צֵייט אוּן אִין יֶעדֶער זַאךְ. דֶער הֶערְר
18 זָאל זֵיין מִיט אַייךְ אַלֶעמֶען. אִיךְ פּוֹלוֹס מִיט מֵיין אֵייגֶענֶער הַאנְד
גְרִיס אַייךְ. דָאס אִיז אֵיין סִימָן אִין אַלֶע בְּרִיף, אַזוֹי שְׁרֵייבּ אִיךְ.
19 דִיא גְנָאד זָאל מִיט אַייךְ אַלֶעמֶען זֵיין פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּנְזֶערֶען
הֶערְרְן. אָמֵן.

---

# דער ערשטע בריף צו טימאטהעאוס

---

א פּוֹלוֹס יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ׳ס שָׁלִיחַ, דוּרְךְ דֶעם בֶּעפֶעהל פָאן גָאטְט
אוּנְזֶער הֶעלְפֶער אוּן פָאן דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּנְזֶער
2 הָאפֶענוּנְג. צוּ טִימָאטְהֶעוּס, זֵיין אֶמֶת׳ֶען זָאהְן אִין גְלוֹיבֶּען, גְנָאד,
בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּן פְרִידֶען פָאן גָאטְט דֶעם פָאטֶער אוּן
3 אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. ווֶען אִיךְ בִּין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין
מַאקֶעדָאנִיעֶן הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעבֶּעטֶען צוּ בְּלֵייבֶּען אִין אֶפְסוֹס, כְּדֵי
דוּא זָאלְסְט אֵיינִיגֶע מֶענְשֶׁען בַּאפֶעהלֶען דָאס זֵיי זָאלֶען נִיט לֶערְנֶען
4 קֵיין אַנְדֶער לֶעהְרֶע. אוּן זָאלֶען זִיךְ נִיט פֶערְנֶעמֶען מִיט הַגָדוֹת
(פַאבֶּעלְן) אוּן מִיט דִיא לֶעהְרֶע פָאן יִחוּס־בְּרִיף ווָאס זֵיי הָאבֶּען
קֵיין סוֹף נִיט אוּן בְּרֵיינְגֶען מֶעהר צוּ פְרַאגֶען אֵיידֶער ווִיא צוּ
5 גָאטְטְלִיכֶע פַארְבֶּעסֶערוּנְג אִין גְלוֹיבֶּען. דֶען דֶער תַּכְלִית פָאן דִיא

גֶעבָּאטְ אִיז דִיא לִיבֶּע פָאן אֵיין רֵיינֶע הַארְץ אוּן פָאן אֵיין גוּטֶען
6 גֶעוִויסֶען, נִיט פָאן קֵיין פַאלְשֶׁע אֱמוּנָה. דֶערְפוּן זֶענֶען עֶטְלִיכֶע
7 אָבְּגֶעטְרָאטֶען אוּן זֶענֶען פֶערְגַאנְגֶען אִין לֵיידִיגֶע דִבּוּרִים. זֵיי ווִילֶען
זֵיין לֶעהְרֶערְס פָאן דֶער תּוֹרָה, אוּן פֶערְשְׁטֶעהֶען נִיט וָואס זֵיי זָאגֶען,
8 אוּן וָואס זֵיי פַּסְקְ׳עֶנֶען. מִיר אָבֶּער ווֵייסֶען דָאס דִיא תּוֹרָה אִיז גוּט
9 ווֶען אֵיין מֶענְשׁ גֶעבְּרוֹיכְט אִיהר רִיכְטִיג נָאךְ דֶער תּוֹרָה. אוּן
ווֵייסֶען, דָאס דִיא תּוֹרָה אִיז נִיט גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען פַאר דֶעם צַדִיק,
נוּר פַאר דֶעם רָשָׁע, פַאר דִיא ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע, פַאר דִיא, ווֶעלְכֶע
גְלוֹיבֶּען נִיט אִין גָאטְט פַאר דִיא זִינְדֶער, פַאר דִיא וָואס זֶענֶען טָמֵא,
פַאר דִיא צוּלָאזֶענֶע, פַאר דִיא וָואס שְׁלָאגֶען דֶעם פָאטֶער וָואס
10 שְׁלָאגֶען דִיא מוּטֶער, פַאר רוֹצְחִים. פַאר דִיא וָואס זֶענֶען מְזַנֶה,
פַאר דִיא וָואס לִיגֶען מִיט זְכָרִים, פַאר דִיא וָואס גַנְבְ׳עֶנֶען נְפָשׁוֹת,
פַאר לִיגְנֶער, פַאר דִיא וָואס שְׁווֶערֶען פַאלְשׁ. פַאר דִיא וָואס טְהוּעֶן
11 אַנְדֶערֶע זַאכֶען, ווֶעלְכֶע עֶס אִיז גֶעגֶען דִיא גוּטֶע לֶעהְרֶע. פָאן דֶעם
הֶערְלִיכֶען עֶוַואנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוּרָה טוֹבָה) פָאן דֶעם הֶעלְפֶענְדֶען
12 גָאטְט, ווֶעלְכֶעס עֶס אִיז מִיר פַארְטְרוֹיעֶט גֶעוָוארֶען. אוּן אִיךְ דַאנְק
אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, ווֶעלְכֶער הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען קְרַאפְט
אוּן הָאט מִיךְ גֶעהַאלְטֶען פַאר אֵיין בֶּעגְלוֹיבְּטֶען אוּן הָאט מִיךְ גֶעְ־
13 שְׁטֶעלְט אִין זֵיין דִינְסְט. אִיךְ, וָואס אִיךְ בִּין פְרִיהֶער גֶעוֶועזֶען אֵיין
לֶעסְטֶערֶער אוּן אֵיין רוֹדֵף אוּן אֵיין בֶּעלֵיידִיגֶער, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ
דֶערְהַאלְטֶען בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט, ווֵייל אִיךְ הָאבּ נִיט ווִיסֶענְדִיג
14 גֶעטָאן, דוּרְךְ אוּנְגְלוֹיבֶּען. דִיא גְנָאד פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן צוּ מִיר
אִיז אָבֶּער נָאךְ גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם גְלוֹיבֶּען אוּן מִיט דֶער
15 לִיבֶּע אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ. אֱמֶת אִיז עֶס וָואס עֶס אִיז גֶעזָאגְט
גֶעוָוארֶען אוּן ווֶערְט דָאס יֶעדֶערֶער זָאל דָאס אָנְנֶעהְמֶען: דָאס דֶער
מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶער ווֶעלְט, צוּ רֶעטֶען דִיא זִינְדֶער;
16 פָאן זֵיי בִּין אִיךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער. אָבֶּער דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ דֶערְ־
הַאלְטֶען בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט, כְּדֵי יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ זָאל אָן מִיר צוּם
עֶרְשְׁטֶען בֶּעווֵייזֶען זֵיין גַאנְצֶען לַאנְגְמוּט (אֶרֶךְ אַף) פַאר אֵיין בֵּיישְׁפִּיל
פַאר אַלֶעמֶען וָואס ווֶעלֶען קוּמֶען צוּם גְלוֹיבֶּען אִין אִיהם צוּם עֶווִיגֶען
17 לֶעבֶּען. דֶעם עֶווִיגֶען מֶלֶךְ אָבֶּער, דֶעם עֶווִיגֶען גָאטְט וָואס קֵיינֶער
קֶען אִיהם נִיט זֶעהֶען דֶעם אֵיינְצִיגֶען חָכָם, אִיהם זָאל זֵיין כָּבוֹד

18 אוּן שְׁבַח אוֹיף עֶוִויג. אָמֵן. דֶעם בַּאפֶעהל גִיבּ אִיךְ דִיר מֵיין זָאהְן
טִימָאטְהֶעאוּס נָאךְ דִיא פְרִיעֶרְדִיגֶע נְבוּאוֹת וָואס זֶענֶען גֶעוֶוען וֶועגֶען
דִיר, דָאס דוּא זָאלְסְט דוּרְךְ זֵיי מִלְחָמָה הַאלְטֶען דִיא גוּטֶע מִלְחָמָה.
19 דוּא זָאלְסְט הַאלְטֶען דִיא אֱמוּנָה אוּן אֵיין רֵיינֶעם גֶעוִויסֶען, וֶועלְכֶע
דִיא וָואס הָאבֶּען זִיא גֶעהַאלְטֶען פַאר גָארְנִישְׁט הָאבֶּען פָאן זִיךְ
פַארְוָוארְפֶען אוּן דִיא שִׁיף פָאן זֵייעֶר אֱמוּנָה אִיז צוּבְּרָאכֶען
20 גֶעוָוארֶען. פָאן זֵיי זֶענֶען הִימֶענֶעאָס אוּן אַלֶעקְסַאנְדֶר, וֶועלְכֶע אִיךְ
הָאבּ אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען צוּם שָׂטָן. כְּדֵי זֵיי זָאלֶען גֶעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען,
דָאס זֵיי זָאלֶען שׁוֹין מֶעהר נִיט לֶעסְטֶערֶען.

ב פְרִיהֶער פָאן אַלְץ, זָאג אִיךְ אָן, דָאס אִיהר זָאלְט זָאגֶען תְּפִלּוֹת,
2 תְּחִנוֹת, בַּקָשׁוֹת אוּן דַאנְק גֶעבֶּען פַאר אַלֶע מֶענְשֶׁען. פַאר דִיא
מְלָכִים אוּן שָׂרִים, כְּדֵי מִיר זָאלֶען לֶעבֶּען אֵיין רוּהִיגֶען אוּן זִיכֶערֶען
3 לֶעבֶּען אִין פְרוּמְקֵייט אוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. דָאס אִיז גוּט אוּן גֶעוּ
4 פֶעלֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פָאן גָאטְט אוּנְזֶער הֶעלְפֶער. וֶועלְכֶער וִויל
דָאס אַלֶע מֶענְשֶׁען זָאלֶען גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען אוּן זָאלֶען דֶערְקֶענֶען
5 דֶעם אֱמֶת. דֶען אֵיין גָאטְט אִיז דָא אוּן אֵיין מֵלִיץ (יוֹשֶׁר) צְוִוישֶׁען
6 גָאטְט אוּן מֶענְשֶׁען, דֶער מֶענְשׁ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ
אַלֵיין גֶעגֶעבֶּען פַאר אֵיין אוֹיסְלֵייזוּנְג־גֶעלְד (פִּדְיוֹן) פַאר אַלֶעמֶען,
7 אֵיין עֵדוּת וָואס אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶער רֶעכְטֶער צֵייט. פַאר וֶועלְכֶען
אִיךְ בִּין גֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען צוּ זַיין אֵיין פְּרֶעדִיגֶער אוּן אֵיין
אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ), (אִיךְ זָאג דֶעם אֱמֶת אִין מָשִׁיחַ, אוּן נִיט קֵיין
לִיגֶען), אֵיין לֶערֶער פָאן דִיא גוֹיִם אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען אוּן אִין דֶעם
8 אֱמֶת. דֶערִיבֶּער וִויל אִיךְ דָאס דִיא מֶענֶער זָאלֶען מִתְפַּלֵל זַיין אִין
אַלֶע עֶרְטֶער. זֵיי זָאלֶען אוֹיפְהֶעבֶּען הֵיילִיגֶע הֶענְד אָן צָארֶען אוּן
9 מַחֲלוֹקֶת. אַזוֹי אוֹיךְ דִיא פְרוֹיעֶן זָאלֶען זַיין מִיט גוּטֶע מִדוֹת אוּן
צְנִיעוּת, אוּן מִיט אֵיין מָאס זִיךְ צִירֶען, נִיט מִיט גֶעפְלָאכְטֶענֶע הָאר,
10 אוּן גָאלְד אָדֶער פֶּערֶעל אָדֶער טֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער. נוּר מִיט מַעֲשִׂים
טוֹבִים וִויא עֶס פַּאסְט פַאר פְרוֹיעֶן וֶועלְכֶע הָאבֶּען גָאטְטֶעס פוּרְכְט.
11 אֵיין פְרוֹיא זָאל זִיךְ לֶערְנֶען שְׁטִילֶערְהֵייט, מִיט אַלֶע אוּנְטֶערְ־
12 טֶעהְנִיגְקֵייט. אָבֶּער אִיךְ דֶערְלוֹיבּ נִיט דָאס אֵיין פְרוֹי זָאל זַיין
אֵיין לֶעהְרֶערִין, אָדֶער זִיא זָאל זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען אִיבֶּער דֶעם מַאן,
13 נוּר זִיא זָאל שְׁטִיל זַיין. דֶען אָדָם אִיז צוּם עֶרְשְׁטֶען בֶּעשַׁאפֶען

14 גֶעוָוארֶען, און נָאךְ דֶעם חַוָה. און אָדָם אִיז נִיט פַארְפִיהרְט גֶע־
וָוארֶען, דִיא פְרוֹי אָבֶּער אִיז פַארְפִיהרְט גֶעוָוארֶען, און הָאט דִיא
15 זִינְד גֶעבְּרַאכְט. אָבֶּער זִיא וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען דוּרְךְ קִינְדֶער
גֶעבָּארֶען. וֶוען זֵיי וֶועלֶען בְּלֵייבֶּען אִין אֱמוּנָה, אִין לִיבֶּע און אִין
הֵיילִיגְקֵייט מִיט צְנִיעוּת.

ג דָאס אִיז אֱמֶת, וֶוען אֵיינֶער בֶּעגֶעהרְט צוּ זֵיין אֵיין בִּישָׁאף
2 (עֶלְטֶסְטֶער) אַזוֹי בֶּעגֶעהרְט עֶר אֵיין גוּטֶען וֶוערְק. אָבֶּער אֵיין
עֶלְטֶסְטֶער דַארְף זֵיין אָן אֵיין פֶעהלֶער, אֵיין מַאן פָאן אֵיין וַוייבּ, אֵיין
נִיכְטֶערְנֶער, און הָאבֶּען אִין זִיךְ גוּטֶע מִדוֹת, אֵיין מַכְנִיס אוֹרֵחַ, און
3 אֵיין גוּטֶער לֶעהרֶער. נִיט קֵיין טְרִינְקֶער, נִיט קֵיין שְׁלֶעגֶער, אֵיין
דְרֵיינְדְלִיכֶער, נִיט קֵיין בַּעַל מַחֲלוֹקֶת, נִיט קֵיין נָאכְיָאגֶער נָאךְ
4 מִאוּס'עֶ פֶערְדִינְסְט אֵיין שְׁטִילֶער, נִיט קֵיין קַארְגֶער. אַזֶעלְכֶער וָואס
פִיהרְט גוּט זֵיין אֵייגֶענֶע הוֹיז, וָואס הַאלְט זֵיינֶע קִינְדֶער אַזוֹי, דָאס
5 זֵיי הֶערֶען אִיהם מִיט אַלֶע כָּבוֹד. דֶען וֶוען אֵיין מֶענְשׁ וֵוייס נִיט וִויא
צוּ פִיהרֶען זֵיין אֵייגֶענֶע הוֹיז, וִויא וֶועט עֶר קֶענֶען פַאר גָאטְטֶעס
6 גֶעמֵיינְדֶע זָארְגֶען. און עֶר זָאל נִיט זֵיין קֵיין נֵייעֶר תַּלְמִיד, טָאמֶער
וֶועט עֶר זִיךְ גְרוֹיס הַאלְטֶען, און עֶר וֶועט אַרֵיינְפַאלֶען אִין מִשְׁפָּט
7 פָאן דֶעם שָׂטָן. אוֹיךְ דַארְף עֶר הָאבֶּען אֵיין גוּטֶע עֵדוּת פָאן דִיא
וָואס זֶענֶען אוֹיסְוֵוייניג. כְּדֵי עֶר זָאל נִיט אַרֵיינְפַאלֶען אִין אֵיין שַׁאנְד,
8 און אִין דֶעם נֶעץ פָאן דֶעם שָׂטָן. דִיא דִיאַקָאנֶען (שַׁמָשִׁים) זָאלֶען
אוֹיךְ אַזוֹי בְּכָבוֹד'ֶע לֵייט זֵיין, נִיט קֵיין חֲנֵפִים, נִיט קֵיין טְרִינְקֶער,
9 און נִיט קֵיין נָאכְיָאגֶער נָאךְ שֶׁענְדְלִיכֶע פֶערְדִינְסְט. נוּר אַזֶעלְכֶע
וֶועלְכֶע הִיטֶען דֶעם סוֹד פָאן דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין אֵיין רֵיינֶעם גֶעוִויסֶען.
10 אוֹיךְ דַארְף מֶען זֵיי פְרִיהֶער אוֹיסְפְּרוּבֶּען, און נָאךְ דֶעם, וֶוען זֵיי
11 הָאבֶּען נִיט קֵיין פֶעהלֶער, זָאלֶען זֵיי דִינֶען. און אוֹיךְ דִיא פְרוֹיעֶן
דַארְפֶען זֵיין בְּכָבוֹד'ֶע, נִיט קֵיין רְכִילוּת טְרֵייבֶּערְקֶעס, נִיכְטֶערְנֶע,
12 אִין אַלְץ זֵיין גֶעטְרֵייעֶ. דִיא דִיאַקָאנֶען (שַׁמָשִׁים) זָאל יֶעדֶער זֵיין
אֵיין מַאן פָאן אֵיין וַוייבּ, און אַזֶעלְכֶע וָואס פִיהרֶען גוּט זֵייעֶרֶע
13 קִינְדֶער און הֵייזֶער. דִיא, וֶועלְכֶע זֵיינֶען גוּטֶע דִינֶער דֶערְוֶועבֶּען
זִיךְ אֵיין גוּטֶע מַדְרֵגָה, און גְרוֹיס בִּטָחוֹן אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען פָאן יֵשׁוּעַ
14 הַמָשִׁיחַ. דָאס שְׁרֵייבּ אִיךְ דִיר אִין דֶער הָאפְנוּנְג בַּאלְד צוּ קוּמֶען
15 צוּ דִיר. וֶוען אִיךְ וֶועל מִיךְ אָבֶּער פֶערְזַאמֶען, זָאלְסְט דוּא וִויסֶען

וִויא זִיךְ צוּ פִיהרֶען אִין גָאטְטֶעס הויז, וֶועלְכֶע אִיז דִיא גֶעמֵיינְדֶע
פָאן דֶעם לֶעבֶּענְדִיגֶען גָאטְט. אֵיין זֵייל אוּן אֵיין פוּנְדַאמֶענְט פָאן
דֶעם אֶמֶת. אוּן עֶס אִיז גֶעווִיס דֶער סוֹד פָאן פְרוּמְקֵייט גְרוֹיס: 16
גָאטְט הָאט זִיךְ אַנְפְּלֶעקְט אִין פְלֵייש; עֶר אִיז גֶערֶעכְטְפַארְטִיגְט
גֶעוָוארֶען אִין גֵייסְט; עֶר הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ דִיא מַלְאָכִים; עֶר
אִיז גֶעפְּרֶעדִיגְט גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם; עֶר אִיז גֶעגְלוֹיבְּט
גֶעוָוארֶען פָאן דֶער וֶועלְט, אוּן אִיז דֶערְהוֹיבֶּען גֶעוָוארֶען אִין
הֶערְלִיכְקֵייט.

דֶער גֵייסְט אָבֶּער זָאגְט קְלָאר, דָאס אִין דִיא לֶעצְטֶע צֵייטֶען ד
וֶועלֶען אֵייניגֶע אָבְּפַאלֶען פָאן דֶעם גְלוֹיבֶּען, אוּן וֶועלֶען גֶעהָארְכֶען
גֵייסְטֶער, וֶועלְכֶע פֶערְפִיהְרֶען אוּן לֶערְנֶען פָאן טֵייוֶועל. דִיא וָואס 2
רֶעדֶען לִיגֶען אוּן חֲנִיפָה, אוּן זֵייעֶר גֶעווִיסֶען אִיז צוּגֶעבְּרֶענְט. זֵיי 3
פַארְוֶועהרֶען חֲתוּנָה צוּ הָאבֶּען, אוּן הֵייסֶען, זִיךְ דֶערְוֵייטֶערְן פָאן
שְׁפֵּייז, וָואס גָאטְט הָאט בֶּעשַׁאפֶען, כְּדֵי דִיא גְלוֹיבִּיגֶע אוּן דִיא וֶועלְכֶע
דֶערְקֶענֶען דֶעם אֶמֶת זָאלֶען עֶס אָנְנֶעהמֶען מִיט דַאנְק. דֶען יֶעדֶער 4
בֶּעשֶׁעפֶענֶעס פָאן גָאטְט אִיז גוּט, אוּן קֵיין זַאךְ אִיז נִיט צוּ פַארְוַוארְפֶען,
דָאס וָואס מֶען נֶעמְט אָן מִיט דַאנְק. דֶען עֶס וֶוערְט גֶעהֵיילִיגְט 5
דוּרְךְ גָאטְטֶעס וָוארְט אוּן דוּרְךְ תְּפִלָּה. וֶוען דוּא וֶועסְט דָאס 6
פָארְלֵייגֶען פַאר דִיא בְּרִידֶער, אַזוֹי וֶועסְט דוּא זֵיין אֵיין גוּטֶער דִינֶער
פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וֶועלְכֶער אִיז אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען גֶעוָוארֶען אִין דִיא
וֶוערְטֶער פָאן גְלוֹיבֶּען אוּן אִין דֶער גוּטֶער לֶעהְרֶע צוּ וֶועלְכֶע דוּא
בִּיסְט צוּ גֶעשְׁטַאנֶען. נוּר דֶערְוֵייטֶער דִיךְ פָאן אַלְטֶע וַוייבֶּערְשֶׁע 7
פַאבֶּעלְן (הַגָדוֹת), וֶועלְכֶע טוֹיגֶען נִיט, אוּן גֶעוֶועהְן דִיךְ צוּ פְרוּמְ־
קֵייט. דֶען דִיא בֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְג פַאר דֶעם גוּף בְּרֵיינְגְט וֵוייניג נוּצֶען 8
אָבֶּער פְרוּמְקֵייט נִיצְט צוּ אַלֶץ, אוּן הָאט דִיא פַארְזִיכֶערוּנְג פָאן
לֶעבֶּען פָאן דִיזֶער אוּן יֶענֶער וֶועלְט. דָאס וָוארְט אִיז אֶמֶת אוּן עֶס 9
אִיז וֶוערְט יֶעדֶער זָאל דָאס אָנְנֶעהמֶען. דֶען דֶעריבֶּער בֶּעמִיהֶען 10
מִיר זִיךְ אוּן וֶוערֶען גֶעזִידֶעלְט, דָאס מִיר הָאפֶען צוּ דֶעם לֶעבֶּענְ־
דִיגֶען גָאטְט, וֶועלְכֶע אִיז דֶער הֶעלְפֶער פָאן אַלֶע מֶענְשֶׁען אוּן נָאךְ
מֶעהר פָאן דִיא גְלוֹיבִּיגֶע. דָאס זָאלְסְט דוּא בֶּעפֶעהלֶען אוּן לֶערְנֶען. 11
לָאז קֵיינֶער נִיט מְבַזֶה זֵיין דֵיין יוּגֶענְד, נוּר זֵיי אֵיין בֵּיישְׁפִּיל פַאר 12
דִיא גְלוֹיבִּיגֶע מִיט דֶעם וָוארְט, מִיט דֶער אוֹיפְפִיהרוּנְג, מִיט לִיבֶּע,

13 מִיט אֱמוּנָה אוּן מִיט צְנִיעוּת. בִּיז אִיךְ וֶועל קוּמֶען, הֶער נִיט אוֹיף
14 פָארְצוּלֵייעֶנֶען, צוּ מוּסָר'ן אוּן אַנְדֶערֶען צוּ לֶערְנֶען. הַאלְט נִיט גְרִינְג
דִיא מַתָּנָה פָאן דֶער גְנָאד, וֶועלְכֶע אִיז אִין דִיר, וֶועלְכֶע אִיז דִיר
גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען דוּרְךְ נְבוּאָה אוּן דוּרְךְ דִיא הֶענְד אַרוֹיפְלֵייגוּנְג
15 פָאן דִיא פְּרֶעסְבִּיטֶערְן (זְקֵנִים). פַאר דִיזֶעס זָארְג, דֶערִינֶען זָאלְסְט
דוּא לֶעבֶּען, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט פַאר אַלֶעמֶען אִין דִיא אוֹיגֶען אֵיין
16 גְרוֹיסֶע פְּעוּלָה טָאן. גִיבּ אוֹיף דִיר אַלֵיין אַכְטוּנְג, אוּן אוֹיף דִיא
לֶעהְרֶע, אוּן לָאז דֶערְפוּן נִיט אָבּ. וֶוען דוּא וֶועסְט אַזוֹי טָאן, וֶועסְט
דוּא דִיךְ אַלֵיין רֶעטֶען, אוּן אוֹיךְ דִיא וָואס וֶועלֶען דִיךְ צוּ הֶערֶען.
ה אוֹיף אֵיין אַלְטֶען מַאן זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט בֵּייזֶערְן, נוּר
פַארְזָאג אִיהם וִויא אֵיין פָאטֶער, אוּן דִיא יוּנְגֶע לֵייט וִויא בְּרִידֶער.
2 דִיא אַלְטֶע פְרוֹיעֶן וִויא מוּטֶערְס, אוּן דִיא יוּנְגֶע וִויא שְׁוֶועסְטֶער,
3 מִיט אַלֶע צְנִיעוּת. גִיבּ אָבּ כָּבוֹד צוּ דִיא אַלְמָנוֹת, וֶועלְכֶע זֶענֶען
4 אֶמֶת'עֶ אַלְמָנוֹת. הָאט אָבֶּער אֵיין אַלְמָנָה קִינְדֶער אָדֶער אֵיינִיקְלַאךְ,
אַזוֹי זָאלֶען זֵיי צוּם עֶרְשְׁטֶען לֶערְנֶען זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם הוֹיז (פַאמִילְיֶע)
פְרוּם צוּ דִינֶען, אוּן דִיא עֶלְטֶערְן אָבְּצוּצָאלֶען דֶער פַאר וָואס זֵיי
5 הָאבֶּען פָאן זֵיי בֶּעקוּמֶען, דֶען דָאס גֶעפֶעלְט גָאטְט. דָאס אִיז אָבֶּער
אֵיין אֶמֶת'עֶ אַלְמָנָה, וֶועלְכֶע אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אֵיינֶע אַלֵיין זִיא הָאט
אִיהר בִּטָּחוֹן אוֹיף גָאטְט אוּן אִיז מִתְפַּלֵּל אוּן בֶּעט טָאג אוּן נַאכְט.
6 דִיא אָבֶּער וֶועלְכֶע לִיבְּט פֶערְגְנִיגֶען אִיז טוֹיט בְּשַׁעַת זִיא לֶעבְּט.
7 דִיזֶע גֶעבָּאט זָאלְסְט דוּא זֵיי אָנְזָאגֶען, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען זֵיין אָן אֵיין
8 פֶעהְלֶער. וֶוער עֶס זָארְגְט נִיט פַאר זֵיינֶע קְרוֹבִים, בִּפְרָט פַאר
זֵיינֶע הוֹיזְגֶעזִינְד, דֶער הָאט זֵיין גְלוֹיבֶּען פַארְלֵייקֶענְט אוּן אִיז עֶרְגֶער
9 פַאר אֵיין נִיט גְלוֹיבִּיגֶער. אֵיין אַלְמָנָה זָאל נִיט אוֹיסְגֶעוֶועהלְט וֶוערֶען,
בִּיז זִיא וֶועט נִיט אַלְט וֶוערֶען זֶעכְצִיג יָאהר, אוּן נוּר וֶוען זִיא אִיז
10 גֶעוֶועזֶען אֵיין וַוייבּ פָאן אֵיין מַאן. אוּן הָאט עֵדוּת אוֹיף אִיהרֶע גוּטֶע
מַעֲשִׂים: דָאס זִיא הָאט קִינְדֶער אוֹיף גֶעצוֹיגֶען, זִיא הָאט מַכְנִיס
אוֹרְחִים גֶעוֶועזֶען, אוּן גֶעוַואשֶׁען דִיא פִיס פָאן דִיא הֵיילִיגֶע; גֶע-
11 הָאלְפֶען אוּמְגְלִיקְלִיכֶע אוּן הָאט גוּטֶע מַעֲשִׂים גֶעטָאן. אָבֶּער דִיא
יוּנְגֶע אַלְמָנוֹת נֶעם נִיט אוֹיף, דֶען וֶוען זֵיי פַאלֶען אִין תַּאֲוֹת, אַזוֹי
12 וֶוענֶען זֵיי גֶעגֶען דֶעם מָשִׁיחַ, אוּן ווילֶען חֲתוּנָה הָאבֶּען. אוּן מֶען
וַוארְפְט זֵיי פָאר, דָאס זֵיי הָאבֶּען דִיא עֶרְשְׁטֶע טְרֵייקַייט גֶעבְּרָאכֶען.

13 דערביי זענען זיי פויל, און לערנען זיך ארומצולויפען איבער דיא
הייזער; ניט נור וואס זיי זיינען פויל, נור זיי פלוידערן אויך, ווערען
14 וויציג; און רעדען וואס עס פאסט ניט. דעריבער איז מיין ווילען,
דאס דיא יונגע אלמנות זאלען חתונה האבען, קינדער צו האבען,
און זייערע הייזער פיהרען, דעם פיינד ניט צו געבען איין געד
15 לעגענהייט צו לעסטערן. דען עס איז שוין יעצט דא עטליכע,
16 וועלכע זענען שוין צום שטן אבגעטראטען. ווען איין גלייביגער
מאן אדער איינע גלייביגע פרויא האבען אלמנות ביי זיך, אזוי זאלען
זיי, זיי פארזארגען, און ניט לאזען דיא געמיינדע בעשווערען, כדי
17 זיא זאל דיא אמת׳ע אלמנות קענען פארזארגען. דיא עלסטע,
וועלכע האבען זיך דערוויזען פאר גוטע מנהגים, זיי זאל מען
דאפעלטען כבוד אבגעבען, בפרט דיא, וועלכע ארבייטען אין דעם
18 ווארט און אין דער לעהרע. דען דיא שריפט זאגט: דוא זאלסט
ניט פארשטאפען דעם מויל פאן אקס, ווען ער דרעשט. און עס
19 געזאגט געווארען: דער ארבייטער איז ווערט זיין לוין. זאלסט
ניט אננעהמען איין קלאגע געגען איין עלסטען, נור ווען עס וועלען
20 זיין אויף איהם צוויי, אדער דריי עדות. דיא וואס האבען זיך פאר־
זינדיגט, זאלסט דוא שטראפען פאר אלעמען, אין דיא אויגען, כדי
21 אנדערע זאלען אויך מורא האבען. איך בעשווער דיך פאר גאטט,
און פאר אונזערען הערן ישוע המשיח און פאר דיא אויסדער־
וועהלטע מלאכים, דאס דוא זאלסט דיזעס האלטען, אן אנדערע
22 מיינונגען און זאלסט קיינעם ניט נושא פנים זיין. אייל דיך ניט
ארויף צו לייגען דיינע הענד אויף איין מענשען, נעם ניט קיין טייל
23 אין פרעמדע זינד. האלט דיך ריין. טרינק ניט קיין פיל וואסער,
נור איין ביסעל ווייץ מחמת דיין מאגען, און ווייל דוא ביסט אפט
24 קראנק. עס זיינען דא מענשען וואס זייערע חטאים זענען אנפלעקט
און מען קען זיי פריהער משפט׳ען, און איינינע אבער ווערען דער־
25 נאך אנפלעקט. אזוי זענען אויך עטלעכע מעשים טובים אנפלעקט,
און וואו עס איז אנדערס, בלייבט עס אויך ניט פארבארגען.

ו לאזען אלע וואס זענען אונטער דעם יאך פאן קנעכטשאפט
האלטען זייערע הערן פאר ווערט צו אלערליי כבוד, כדי דער
נאמען פאן גאטט און דיא לעהרע זאל ניט געלעסטערט ווערען.

2 און דיא וואס האבען גלויביגע הערען לאזען זיי דעריבער זיי ניט
גרינגער שעצען, ווייל זיי זענען ברידער, נור לאזען זיי נאך בעסער
זיי דינען, ווייל זיי זענען גלויביגע און געליבטע וואס פלייסען זיך
3 צו טאן גוטעס. דאס לעהרען און פארזאג. ווער עס ווערט לערנען
איין אנדער לעהרע, און ווערט ניט בלייבען אין דיא גוטע ווערטער
פאן אונזערען הערען ישוע המשיח, און אין דער לעהרע פאן דער
4 רעליגיאן, דער איז איין שטאלצער און וויים גאר נישט, ער האט
איין קראנקהייט שאלות צו פרעגען און צו שפארען זיך מיט
ווערטער, פאן וועלכע עס קומט ארויס קנאה, מחלקת, לעסטערונג
5 און שלעכטער חשד, ליידיגע ויכוחים צווישען מענשען וואס זייער
שכל איז פארדארבען, און וואס האבען ניט דעם אמת, דיא וועלכע
מיינען, דיא רעליגיאן איז איין געשעפט פאן פערדינסט, דער־
6 ווייטער דיך פאן אזעלכע מענשען. אבער יראת שמים מיט צו־
7 פרידענהייט איז איין גרויסע פערדינסט. מיר האבען אין דער
וועלט נישט געבראכט, ווייל מיר קענען אויך נישט מיט ארויס־
8 נעהמען. ווען מיר האבען שפייז און קליידער לאזען מיר דער
9 מיט צופרידען זיין. דען וועלכע עס זוכען רייך צו ווערען, דיא
וועלען קומען צו פרובונג, און וועלען אריין פאלען אין נעטצען און
אין פיל נארעשע, שעדליכע תאות, וועלכע ווארפען אריין דעם
10 מענשען אין פארדארבענעס און אין אונטערגאנג. דען דער ווארצעל
פאן אלע בעזי איז ליבע צום געלד; און עס זיינען דא אזעלכע
וועלכע בעגעהרען נאך דעם, און זענען אראבגעפיהרט געווארען
פאן דער אמונה, און האבען אויף זיך אליין געבראכט פיל
11 טרויעריגע שמערצען. אבער דוא, אה גאטטעס מענש, פליה פאן
דיזע, יאג נאך געערעכטיגקייט, יראת שמים, גלויבען, ליבע, געדולד
12 און ענוות. האלט דיא גוטע מלחמה פאן דעם גלויבען, כאפ אן
דאס עוויגע לעבען, צו וועלכען דוא ביסט גערופען געווארען, און
13 האסט גוט מודה געוועזען פאר פיל עדות. איך בעפעהל דיר פאר
גאטט, וועלכער אלע זאכען מאכט לעבענדיג, און פאר דעם משיח
ישוע, וועלכער האט גוט מודה געוועזען פאר פאנטיוס פילאטוס'ן,
14 דאס דוא זאלסט האלטען דאס געבאט אן איין פעהלער, ביז דער
15 דערשיינונג פאן דעם משיח ישוע אונזערען הערען, וועלכער ווערט

וַייזֶען אִין אִיהר צַייט דֶער גֶעבֶּענְשְׁטֶער, דֶער וָואס גֶעוֶועלְטִיגְט
אַלֵיין, דֶער קֶענִיג פָאן אַלֶע קֶענִיגֶע, דֶער הֶערר פָאן אַלֶע הֶערְרֶן.
16 וֶועלְכֶער אַלֵיין הָאט דִיא נִיט־שְׁטֶערְבְּלִיכְקֵייט, אוּן וְוייְנְט אִין אֵיין
לִיכְט צוּ וֶועלְכֶען קֵיינֶער קֶען נִיט צוּ קוּמֶען, וֶועלְכֶען עֶס הָאט קֵיין
מֶענְשׁ נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּן קָאן אִיהם נִיט זֶעהֶען, צוּ אִיהם אִיז דֶער
17 כָּבוֹד אוּן דִיא עֶווִיגֶע הֶערְרְשַׁאפְט! אָמֵן. דִיא רֵייכֶע פָאן דֶער וֶועלְט
זָאלְסְט דוּא בֶּעפֶעהלֶען, זַיי זָאלֶען בַּיי זִיךְ נִיט צוּ הוֹיךְ זַיין, אוּן
זָאלֶען זִיךְ נִיט פַארְזִיכֶערְן אוֹיף עֲשִׁירוּת וָואס אִיז נִיט זִיכֶער, נוּר
אוֹיף דֶעם לֶעבֶּענְדִיגֶען גָאטְט, וָואס עֶר גִיט אוּנְז גַאנְץ גֶענוּג אוּן נָאךְ
18 מֶעהר צוּ גֶענִיסֶען. זַיי זָאלֶען טָאן גוּטְס אוּן רֵייךְ זַיין אִין מַעֲשִׂים
טוֹבִים, זַיי זָאלֶען גֶעבֶּען פָאן זֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען אוּן הֶעלְפֶען אַנְדֶערֶען.
19 אוּן זָאלֶען זִיךְ זַאמְלֶען אֵיין אוֹצָר, אֵיין גוּטֶען גְרוּנְד אוֹיף דֶער צַייט
וָואס וֶועט קוּמֶען, כְּדֵי זַיי זָאלֶען דֶערְגְרֵייכֶען דֶעם אֱמֶת'ֶען לֶעבֶּען.
20 דוּא טִימָאטְהֶעאוּס הִיט דָאס וָואס מֶען הָאט דִיר גֶעטְרוֹיט, דֶערְ־
ווייטֶער דִיךְ פָאן נִיט נִיצְלִיכֶע, לֵיידִיגֶע רֶעד, אוּן פָאן וִכּוּחִים פָאן
דֶער ווִיסֶענְשַׁאפְט פָאן דֶער אַנְפְּלֶעקוּנְג (הִתְגַּלּוּת אֱלֹהוּת), וֶועלְכֶע
21 עֶס הָאט אֵיין פַאלְשֶׁען נָאמֶען. וָואס אֵיינִיגֶע הָאבֶען זִיךְ מִיט אִיהר
בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט אוּן זֶענֶען פֶערְפִיהְרְט גֶעוָוארֶען פָאן דֶער אֱמוּנָה.
דִיא גְנָאד זָאל זַיין מִיט דִיר! אָמֵן.

---

# דער צווייטע בריף צו טימאטהעאוס

---

א פּוֹלוֹס יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ'ס אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ), דוּרךְ גָאטְטֶעס
ווילֶען, נָאךְ דֶער פַארְשְׁפְּרֶעכוּנְג פָאן דֶעם לֶעבֶּען וָואס אִיז אִין
2 יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. צוּ טִימָאטְהֶעאוּס מֵיין גֶעלִיבְּטֶען זָאהן גְנָאד,
בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּן פְרִידֶען פָאן גָאטְט דֶעם פָאטֶער אוּן פָאן
3 דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ, אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן. אִיךְ דַאנְק גָאטְט וָואס אִיךְ
דִין אִיהם פָאן מֵיינֶע אָבוֹת אֲבוֹתֵינוּ מִיט אֵיין רֵיינֶעם גֶעווִיסֶען, דָאס
4 אִיךְ דֶערְמָאן דִיךְ שְׁטֶענְדִיג אִין מֵיינֶע תְּפִלּוֹת טָאג אוּן נַאכְט. אִיךְ

וַוִיל דִיךְ זֶעהר זֶעהְן װֶען אִיךְ דֶערְמָאן מִיךְ אָן דֵיינֶע טְרֶעהרֶען, כְּדֵי
5 אִיךְ זָאל דֶערְפִילְט װֶערֶען מִיט שִׂמְחָה. װֶען אִיךְ דֶערְמָאן מִיךְ אָן
דֵיין אֱמֶת׳ֶע אֱמוּנָה װָאס זִיא הָאט פְרִיהֶער גֶעװֵיינְט אִין דֵיין גְרוֹיס־
מוּטֶער (בָּאבֶּע) לוֹאִיס, אוּן אִין דֵיין מוּטֶער אַבְנִיקֶע, בִּין אִיךְ זִיכֶער
6 דָאס זִיא אִיז אוֹיךְ אִין דִיר. דֶערִיבֶּער דֶערְמָאן אִיךְ דִיךְ, דָאס
דוּא זָאלְסְט דֶערְװֶעקֶען דִיא מַתָּנָה פָאן גָאטְט װָאס זִיא אִיז אִין דִיר
7 דוּרְךְ מֵיינֶע הֶענְד־אַרוֹיפְלֵייגוּנְג. דֶען גָאטְט הָאט אוּנְז נִיט גֶעגֶעבֶּען
אֵיין גֵייסְט פָאן מוֹרָא, נוּר אֵיין גֵייסְט פָאן קְרַאפְט, לִיבֶּע אוּן צְנִיעוּת.
8 דֶערִיבֶּער שֶׁעמֶע דִיךְ נִיט מִיט דֶעם עֵדוּת פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְן
אוּן נִיט מִיט מִיר זֵיין גֶעפַאנְגֶענֶער, נוּר נֶעם אוֹיף דִיר אֵיין חֵלֶק
פָאן דִיא לֵיידֶען פָאן דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה טוֹבָה), וִויא אִיךְ,
9 נָאךְ דֶער גְבוּרָה פָאן גָאטְט. װָאס עֶר הָאט אוּנְז גֶערֶעטֶעט אוּן
גֶערוּפֶען מִיט אֵיין הֵיילִיגֶע רוּפוּנְג, נִיט נָאךְ אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים, נוּר
נָאךְ זֵיין עֵצָה אוּן גְנָאד, װֶעלְכֶע עֶס זֶענֶען גֶעגֶעבֶּען גֶעװָארֶען אִין
10 דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ פָאן עֶוִויגֶע צֵייטֶען. אוּן אִיז יֶעצְט אַנְפְּלֶעקְט
גֶעװָארֶען דוּרְךְ דֶער דֶערְשֵׁיינוּנְג פָאן אוּנְזֶער הֶעלְפֶער יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ,
װֶעלְכֶער הָאט דֶעם טוֹיט מְבַטֵל גֶעװֶען, אוּן הָאט אַנְפְּלֶעקְט דָאס
11 לֶעבֶּען, אוּן דִיא אוּנְפֶערְדַארְבֶּענֶעם דוּרְךְ דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם. צוּ
װֶעלְכֶען אִיךְ בִּין גֶעשְׁטֶעלְט גֶעװָארֶען צוּ זֵיין אֵיין פְּרֶעדִיגֶער אוּן
12 אֵיין אַפָּאסְטֶעל אוּן אֵיין לֶעהרֶער פָאן דִיא גוֹיִם. דֶערִיבֶּער לֵייד
אִיךְ אַזוֹי, אָבֶּער אִיךְ שֶׁעמֶע מִיךְ נִיט, דֶען אִיךְ וַויים אִין װֶעמֶען
אִיךְ הָאבּ גֶעגְלוֹיבְּט, אוּן אִיךְ בִּין גֶעװִיס, דָאס עֶר אִיז אִין שְׁטַאנְד
13 מִיר אוֹיךְ צוּ בֶּעהִיטֶען מֵיין פִּקָדוֹן בִּין צוּ יֶענֶעם טָאג. הַאלְט דִיךְ
אָן דֶעם מוּסְטֶער פָאן דֶער גֶעזוּנְדֶער (גוּטֶע) לֶעהרֶע, װֶעלְכֶע דוּא
הָאסְט פָאן מִיר גֶעהֶערְט, מִיט אֱמוּנָה מִיט לִיבֶּע װָאס זִיא אִיז אִין
14 דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ. הִיט דֶעם גוּטֶען פִּקָדוֹן דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ,
15 װֶעלְכֶען וַויינְט אִין אוּנְז. דוּא וֵוייסְט, דָאס אַלֶע פָאן אַסְיָא הָאבֶּען
פָאן מִיר אָבְּגֶעטְרֶעטֶען אוּן צְוִוישֶׁען זֵיי פִיגֶעלָאס אוּן הֶערְמָאגֶענֶעס.
16 דֶער הֶערְר זָאל שִׁיקֶען דֶערְבַּארֶעמוּנְג דָאס הוֹיז פָאן אָנֵייסְפָארוּס,
וַוייל עֶר הָאט מִיךְ פִילֶע מָאל דֶערְקְוִויקְט, אוּן הָאט זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעמְט
17 מִיט מֵיינֶע קֵייטֶען. נוּר װֶען עֶר אִיז גֶעװֶען אִין רוֹם, הָאט עֶר מִיךְ
18 זֶעהר גֶעזוּכְט, בִּיז עֶר הָאט מִיךְ גֶעפוּנֶען. דֶער הֶערְר זָאל אִיהם

גֶעבֶּען, דָאס עֶר זָאל גֶעפִינֶען בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט בֵּיי גָאטְט אִין
יֶענֶעם טָאג. אוּן וִויפִיל עֶר הָאט מִיךְ גֶעדִינְט אִין עֶפֶעזוּס וֵוייסְט דוּא.
דוּא, מֵיין זָאהן, זַיי שְׁטַארְק דוּרְךְ דִיא גְנַאדֶע וָואס אִיז אִין דֶעם ב
2 מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ. אוּן דָאס וָואס דוּא הָאסְט פָאן מִיר גֶעהֶערְט פַאר
פִיל עֵדוּת זָאלְסְט דוּא אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ גֶעטְרֵייעֶ מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע
3 טוֹיגֶען אוֹיךְ אַנְדֶערֶע צוּ לֶערְנֶען. טְרָאג אִיבֶּער דִיא רָעוֹת וִויא
4 אֵיין גוּטֶער זָאלְדַאט פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. קֵיין זָאלְדַאט פֶערְבִּינְדֶעט
זִיךְ נִיט מִיט וֶועלְטְלִיכֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, כְּדֵי עֶר זָאל גֶעפֶעהלֶען דֶעם,
5 וֶועלְכֶער הָאט אִיהם פַאר אֵיין זָאלְדַאטֶען גֶענוּמֶען. אוֹיךְ דֶער,
וֶועלְכֶער הַאלְט מִלְחָמָה, וֶוערְט נִיט מִיט אֵיין קְרַאנְץ אָנְגֶעטָאן,
6 וֶוען עֶר הַאלְט נִיט מִלְחָמָה וִויא דִיא גֶעזֶעץ אִיז. דֶער אַקֶערְבּוֹיעֶר
וָואס אַרְבֵּייט, עֶר עֶסְט צוּם עֶרְסְטֶען פָאן דֶער עֶרְדְס פְרוּכְט.
7 פַארְשְׁטֵיי וָואס אִיךְ זָאג דִיר, דֶער הֶערְר זָאל דִיר גֶעבֶּען חָכְמָה
8 אִין יֶעדֶער זַאךְ. גֶעדֶענְק יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ'ן, וֶועלְכֶער אִיז אוֹיפֶערְוֶועקְט
גֶעוָוארֶען פָאן דִיא טוֹיטֶע, וָועלְכֶער אִיז פָאן דִיא זֶרַע דָוִד נָאךְ מֵיין
9 עֶוַואנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה). פַאר וֶועלְכֵען אִיךְ לֵייד צָרוֹת בִּיז צוּ
קֵייטֶען, גְלֵייךְ וִויא דֶער וָואס הָאט שְׁלֶעכְטְס גֶעטָאן; אָבֶּער דָאס
10 וָוארְט פָאן גָאטְט אִיז נִיט גֶעבּוּנְדֶען. דֶערִיבֶּער לֵייד אִיךְ אַלְץ פַאר
דִיא אוֹיסְדֶערְוֶועלְטֶע, כְּדֵי זַיי זָאלֶען אוֹיךְ דֶערְגְרֵייכֶען דִיא הִילְף
11 אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ מִיט עֶווִיגֶע הֶערְלִיכְקֵייט. זִיכֶער אִיז דָאס
וָוארְט: וֶוען מִיר זֶענֶען מִיט אִיהם גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר
12 מִיט אִיהם לֶעבֶּען. וֶוען מִיר לֵיידֶען, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר מִיט
אִיהם הֶערְשֶׁען, אוּן וֶוען מִיר וֶועלֶען אִיהם פַארְלֵייקֶענֶען, אַזוֹי
13 וֶועט עֶר אוּנְז אוֹיךְ פַארְלֵייקֶענֶען. וֶוען מִיר זֶענֶען נִיט גֶעטְרֵיי, אַזוֹי
בְּלֵייבְּט עֶר דָאךְ גֶעטְרֵיי, דֶען עֶר קָאן זִיךְ אַלֵיין נִיט פַארְלֵייקֶענֶען.
14 דִיזֶע זַאכֶען דֶערְמָאן זַיי, אוּן בֶּעשְׁוֶוער זַיי פַאר דֶעם הֶערְרְן,
דָאס זַיי זָאלֶען זִיךְ נִיט קְרִיגֶען אִיבֶּער וֶוערְטֶער וָואס בְּרֵיינְגֶען נִיט
קֵיין שׁוּם נוּצֶען, אוּן פַארְדַארְבֶּען נוּר דִיא וֶועלְכֶע עֶס הֶערֶען עֶס.
15 פְלֵייס דִיךְ דָאס דוּא זָאלְסְט קֶענֶען בֶּעוֵוייזֶען זִיךְ פַאר גָאטְט וִויא
אֵיין עֶרְלֶעכֶער אַרְבֵּייטֶער וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ נִיט צוּ שֶׁעמֶען,
16 וֶועלְכֶער טֵיילְט אוֹיס רִיכְטִיג דָאס וָוארְט פָאן דֶעם אֶמֶת. אָבֶּער
דֶערְוֵוייטֶער דִיךְ פָאן לֵיידִיגֶע וֶוערְטֶער אוּן פְלוֹידֶערֵיי, דֶען זַיי

17 הֶעלְפֶען נוּר דִיא גָאטְטלָאזִיגְקֵייט (רִשְׁעוּת) צוּ פַארְמֶעהְרֶן. אוּן
זֵייעֶרֶע וֶוערְטֶער פְרֶעסֶען וִויא אֵיין קְרֶעבְּס, צְווִישֶׁען זֵיי וָוענֶען
18 הִימֶענֶעאוּס אוּן פִילֶעטוּס. וֶועלְכֶע הָאבֶּען פַארְפֶעהלְט דֶעם אֱמֶת,
אוּן זָאגֶען: עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען תְּחִיַת הַמֵתִים, אוּן הָאבֶּען פַאר־
19 דָארְבֶּען דִיא אֱמוּנָה פָאן אֵיינִיגֶע. אָבֶּער דֶער פֶּעסְטֶער גְרוּנְד פָאן
גָאטְט בֶּעשְׁטֶעהט, אוּן הָאט דִיזֶע חֲתִימָה: דֶער הֶערְר הָאט זֵיינֶע
דֶערְקָאנְט, אוּן וֶוער עֶס רוּפְט אִין נָאמֶען פָאן דֶעם הֶערְרְן לָאז
20 אָבְּלָאזֶען פָאן אוּנְרֶעכְט. אִין אֵיין גְרוֹיסֶעס הוֹיז אִיז דָא נִיט נוּר
כֵּלִים פָאן זִילְבֶּער אוּן גָאלְד, נוּר אוֹיךְ פָאן הָאלְץ אוּן פָאן לֵיים,
פָאן זֵיי וָוענֶען אֵיינִיגֶע צוּ כָּבוֹד, אוּן אֵיינִיגֶע צוּ אוּנ'כָּבוֹד גֶעמַאכְט.
21 אוּן וֶוען אֵיינֶער הָאט זִיךְ פָאן אַזֶעלְכֶע לֵייט גֶערֵיינִיגְט, דֶער וֶועט
זֵיין אֵיין כְּלִי צוּ כָּבוֹד, גֶעהֵיילִיגְט אוּן נִיטְצְלַאךְ פַאר דֶעם בַּעַל
22 הַבַּיִת, אָנְגֶעגְרֵייט צוּ יֶעדֶער גוּטֶער זַאךְ. אַנְטְלוֹיף פָאן תַּאֲוֹת פָאן
דֶער יוּגֶענְד, אוּן לוֹיף נָאךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אֱמוּנָה, לִיבֶּע, פְרִידֶען
מִיט אַלֶעמֶען וָואס רוּפֶען צוּ דֶעם הֶערְרְן מִיט אֵיין רֵיינֶע הַארְץ.
23 פָאן נַארִישֶׁע אוּן נִיט נוּצִיגֶע פְרַאגֶען ווייך אוֹיס, דֶען דוּא וֵוייסְט,
24 דָאס זֵיי בְּרֵיינְגֶען נוּר צוּ מַחֲלוֹקֶת. אֵיין קְנֶעכְט פָאן דֶעם הֶערְרְן
דַארְף זִיךְ נִיט קְרִיגֶען, נוּר זֵיין פְרֵיינְדְלִיךְ גֶעגֶען יֶעדֶערֶען, טוֹיגְלִיךְ
25 צוּ לֶעהְרֶען, גֶעדוּלְדִיג בֵּייזֶעס צוּ פַארְטְרָאגֶען. צוּ מוּסָר'ן דִיא
ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע מִיט אוּנְטֶערְטֶענִיגְקֵייט, אֶפְשַׁר וֶועט גָאטְט זֵיי אִין
הַארְצֶען אַרֵיין גֶעבֶּען תְּשׁוּבָה צוּ טָאן, צוּ דֶערְקֶענֶען דֶעם אֱמֶת.
26 אוּן צוּ בֶּעפְרֵייעֶן זִיךְ פָאן דֶעם שָׂטָן'ס נֶעץ אִין וֶועלְכֶען עֶר הָאט
זֵיי גֶעפַאנְגֶען נָאךְ זֵיין ווִילֶען.
ג דָאס זָאלְסְט דוּא ווִיסֶען, דָאס אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג וֶועלֶען
2 אָנְקוּמֶען שְׁרֶעקְלִיכֶע צֵייטֶען. דֶען עֶס וֶועלֶען זֵיין מֶענְשֶׁען וָואס
לִיבֶּען נוּר זִיךְ אַלֵיין, גֶעלְד לִיבֶּענְדֶע, בֶּערִיהמֶערְס, שְׁטָאלְצֶע,
לֶעסְטֶערֶער, ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע גֶעגֶען זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען, אוּנְדַאנְקְ־
3 בָּארֶע, רְשָׁעִים. הָאבֶּען נִיט קֵיין לִיבֶּע, אוּנְגֶעטְרֵייעֶ, רֶעדֶען לָשׁוֹן
4 הָרָע, אוּנְפְרֵיינְדְלִיכֶע הָאבֶּען נִיט קֵיין הַארְץ פַאר גוּטֶעס. מוּסְרִים,
לֵייכְטְזִינִיגֶע, אוֹיף גֶעבְּלָאזֶענֶע, אַזֶעלְכֶע וָואס לִיבֶּען פַארְגֶענִיגֶען
5 מֶעהר פָאן גָאטְט. אוּן אַזֶעלְכֶע וָואס הָאבֶּען אֵיין פְּנִים פָאן מֶענְשֶׁען
וָואס הָאבֶּען אִין זִיךְ פְרוּמְקֵייט אוּן לֵייקֶענֶען אָב אִיהר קְרַאפְט.

מַייד פָֿאן אַזֶעלְכֶע אוּים. צוּ זֵיי גֶעהֶערֶען דִיא וָואס קְרִיכֶען אַרֵיין 6
אִין הֵייזֶער, אוּן פַֿאנְגֶען וֵוייבֶּער וָואס זֶענֶען בֶּעלָאדֶען מִיט זִינְד,
אוּן זֶענֶען פַֿארְפִֿיהְרְט מִיט פֶֿערְשִׁידֶענֶע תַּאֲוֹת. וָואס לֶערְנֶען 7
שְׁטֶענְדִיג, אוּן קֶענֶען קֵיין מָאל נִיט קוּמֶען צוּ דֶער וִויסֶענְשַׁאפְֿט
פָֿאן דֶעם אֱמֶת. גְלֵייך ווִיא יַאנֶעס אוּן יַאמְבְּרֶעס, וֶועלְכֶע זֶענֶען 8
אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען גֶעגֶען משֶׁה׳ן. אַזוֹי שְׁטֶעהֶען אוֹיךְ דִיזֶע גֶעגֶען דֶעם
אֱמֶת, מֶענְשֶׁען וָואס זֵייעֶר זִינֶען אִיז פַֿארְדָארְבֶּען אוּן טוֹיגֶען נִיט צוּם
גְלוֹיבֶּען. אָבֶּער זֵיי וֶועלֶען נִיט וֵוייט קוּמֶען, דֶען זֵייעֶר נַארֶעשְׁקֵייט 9
אִיז פַֿאר יֶעדֶערֶען מַאן בֶּעקַאנְט, ווִיא עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט יֶענֶע.
דוּא אָבֶּער בִּיסְט מִיר נָאךְ גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיין לֶעהְרֶע, אִין מֵיין אוֹיפְֿ־ 10
פִֿיהרוּנְג, מֵיין מֵיינוּנְג, מֵיין גְלוֹיבֶּען, מֵיין לַאנְגְמוּט (אֶרֶךְ אַף), מֵיין
לִיבֶּע אוּן מֵיין סַבְלָנוּת. מֵיינֶע רְדִיפוֹת, מֵיינֶע לֵיידֶען וָואס הָאבֶּען 11
מִיךְ גֶעטְרָאפֶֿען אִין אַנְטִיָאכְיָא, אִין אִיקָאנְיָא אוּן אִין לוּסְטְרָא. ווִיא
פִֿיל אַזֶעלְכֶע רְדִיפוֹת הָאבּ אִיךְ אִיבֶּער גֶעטְרָאגֶען אוּן דֶער הֶערְר
הָאט מִיךְ פָֿאן אַלֶע מַצִיל גֶעוֶועזֶען. אוּן אַלֶע וָואס ווִילֶען פְֿרוּם לֶעבֶּען 12
אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ דִיא וֶועלֶען גֶע׳רוֹדֵפֿ׳ט וֶוערֶען. שְׁלֶעכְטֶע 13
מֶענְשֶׁען אוּן קוּנְצֶען־מַאכֶער וֶועלֶען אִין פַֿארְדַארְבֶּענֶעס אַיילֶען,
אַנְדֶערֶען אָבְּנַארֶען אוּן זִיךְ אַלֵיין נַארֶען. דוּא אָבֶּער בְּלֵייבּ אִין 14
דֶעם, וָואס דוּא הָאסְט גֶעלֶעהֶרֶענְט, אוּן אִין דֶעם וָואס מֶען הָאט דִיר
פַֿארְטְרוֹיט, דֶען דוּא וֵוייסְט, וָואס דוּא הָאסְט גֶעלֶערֶענְט אוּן פָֿאן
וֶועמֶען דוּא הָאסְט גֶעלֶערֶענְט. אוּן פָֿאן דֵיין קִינְדְהֵייט אָן וֵוייסְט 15
דוּא דִיא הֵיילִיגֶע שְׁרִיפְֿט (תנ״ך), וֶועלְכֶע קֶען דִיךְ קְלוּג מַאכֶען
צוּ דֶער הִילְף, דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען, אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ. דֶען 16
אַלֶע שְׁרִיפְֿטֶען, וֶועלְכֶע זֶענֶען פָֿאן גָאטְט גֶעגֶעבֶּען, זֵיינֶען נִיטְצְלַאךְ
צוּ בֶּעלֶעהְרֶען, צוּ דֶערְוֵוייזוּנְג, צוּ פַֿארְבֶּעסֶערוּנְג אוּן צוּ שְׁטְרָאפֶֿען
מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. כְּדֵי דֶער מֶענְשׁ פָֿאן גָאטְט זָאל זֵיין פָֿאלְ־ 17
קָאמֶען (שָׁלֵם) אוּן צוּ גֶעגְרֵייט צוּ יֶעדֶער גוּטֶע וֶוערְק.

ד איךְ זָאג עֵדוּת פַֿאר גָאטְט אוּן פַֿאר אוּנְזֶערֶען הֶערְן יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ, וֶועלְכֶער וֶועט מִשְׁפָּט׳ן דִיא לֶעבֶּענְדִיגֶע אוּן דִיא טוֹיטֶע,
וֶוען עֶר וֶועט דֶערְשֵׁיינֶען אִין זֵיין מְלוּכָה. דוּא זָאלְסְט פְֿרֶעדִיגֶען 2
דָאס וָוארְט, הַאלְט פָֿאר אִין דֶער צֵייט אוּן נִיט דֶער צֵייט; דֶערְוֵוייז,
פַֿארְזָאג, בֵּייזֶער זִיךְ אָן מִיט דֵיין גַאנְצֶע גֶעדוּלְד (סַבְלָנוּת) אוּן

3 בְּעלֶעהְרֶע. דֶען עֶס וועט זַיין אֵיין צַייט וָואס מֶען וֶועט נִיט פַאר־
טְרָאגֶען דִיא גוּטֶע לֶעהְרֶע, נוּר נָאךְ זַייעֶר אֵייגֶענֶעם ווִילֶען וֶועלֶען
זַיי זִיךְ דֶערְצִיהֶען לֶעהְרֶער, וֶועלְכֶע זָאלֶען מַאכֶען פֶערְגְנִיגֶען זַייעֶרֶע
4 אוֹיעֶרֵען. אוּן פָאן דֶעם אֶמֶת ווֶעלֶען זֵיי זַייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען אָבּ־
5 קֶעהְרֶען, אוּן וֶועלֶען זִיךְ וֶוענְדֶען צוּ פַאבֶּעלְן (הַגָּדוֹת). אָבֶּער דוּא
זַיי אִין אַלְדִינְג וַואכֶענְדִיג, טְרָאג אִיבֶּער צָרוֹת אוּן טְהוּ דִיא אַרְבֵּייט
6 פָאן אֵיין עֶוַואנְגֶעלִישֶׁען פְּרֶעדִיגֶער (דַרְשָׁן). דֶען אִיךְ הַאלְט שׁוֹין
דֶערְבֵּיי אֵיין קָרְבָּן צוּ וֶוערֶען אוּן דִיא צֵייט פָאן מֵיין אָבְּגַאנְג אִיז
7 דָא (נָאהֶענְט). דִיא גוּטֶע מִלְחָמָה הָאבּ אִיךְ מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען,
מֵיין לוֹיף הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְדֶעט, דִיא אֱמוּנָה הָאבּ אִיךְ גֶעהַאלְטֶען.
8 אוּן פָאן יֶעצְט אָן לִיגְט פַאר מִיר דִיא קְרוֹין פָאן גֶערֶעכְטִיקֵייט,
וֶועלְכֶע דֶער הֶערְר, דֶער גֶערֶעכְטֶער רִיכְטֶער וֶועט מִיר אִין יֶענֶעם
טָאג גֶעבֶּען, אוּן נִיט נוּר מִיר אַלֵיין, נוּר אוֹיךְ צוּ אַלֶעמֶען וָואס
9 לִיבֶּען זֵיין דֶערְשֵׁיינוּנְג. אֵייל דִיךְ בַּאלְד צוּ קוּמֶען צוּ מִיר. דֶען
10 דֶעמָאס הָאט מִיךְ פֶערְלָאזֶען, מַחֲמַת עֶר לִיבְּט דִיזֶע וֶועלְט, אוּן
אִיז גֶעגַאנְגֶען קֵיין טְהֶעסַאלָאנִיקִי, אוּן קְרֶעזְצֶענְס אִיז גֶעגַאנְגֶען קֵיין
11 גַאלַאטִיעֶן אוּן טִיטוּס קֵיין דַאלְמַטִיעֶן. נוּר לוּקַאס אַלֵיין אִיז מִיט
מִיר. נֶעם מַרְקוּס'ן אוּן בְּרֵיינְג אִיהם מִיט דִיר, עֶר וֶועט מִיךְ
12 נִיטְצְלַאךְ זֵיין צוּם דִינְסְט. טִיכִיקוּס'ן הָאבּ אִיךְ גֶעשִׁיקְט קֵיין
13 עֶפֶעזוּס. בְּרֵיינְג מִיט דִיר וֶוען דוּא וֶועסְט קוּמֶען דֶעם מַאנְטֶעל,
וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעלָאזֶען אִין טְרַאס בֵּיי קַארְפּוּס'ן, אוּן אוֹיךְ דִיא
14 סְפָרִים, בִּפְרַט דִיא פַּארְמֶענְטֶען. אַלֶעכְּסַאנְדֶר דֶער שְׁמִיד הָאט
מִיר פִיל רָעוֹת גֶעטָאן, גָאטְט וֶועט אִיהם בֶּעצָאהלֶען נָאךְ זֵיינֶע
15 מַעֲשִׂים. אוֹיךְ דוּא הִיט דִיךְ פַאר אִיהם, דֶען עֶר אִיז זֶעהר דֶערְ־
16 ווִידֶער צוּ אוּנְזֶערֶע רֶעד. בֵּיי מֵיין עֶרְשְׁטֶע פַארֶענְטְפֶערוּנְג גֶעבֶּען
אִיז קֵיינֶער נִיט גֶעוֶועזֶען מִיר צוּ הִילְף, אַלֶע הָאבֶּען מִיךְ פֶערְלָאזֶען.
17 דָאס זָאל זֵיי נִיט גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען פַאר אֵיין זִינְד. מֵיין הֶערְר,
עֶר אִיז מִיר בֵּיי גֶעשְׁטַאנֶען, מִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט, כְּדֵי דוּרְךְ מִיר זָאל
דִיא פְּרֶעדִיג בֶּעגְלוֹיבְּט וֶוערֶען, אוּן אַלֶע גוֹיִם זָאלֶען זִיא הֶערֶען;
18 אוּן אִיךְ בִּין נִצּוֹל גֶעוָוארֶען פָאן דֶעם לֵייבְּס מוֹיל. דֶער הֶערְר
אָבֶּער וֶועט מִיךְ מַצִּיל זֵיין פָאן יֶעדֶער שְׁלֶעכְטֶער זַאךְ, אוּן וֶועט
מִיךְ הֶעלְפֶען צוּ זֵיין מְלוּכָה אִין הִימֶעל; צוּ אִיהם זָאל זֵיין דֶער

19 דֶער כָּבוֹד פָאן עֶווִיגְקֵייט צוּ עֶווִיגְקֵייט! אָמֵן. גְרִיס פְּרִיסְקַאה'ן אוּן
20 עֲקִילָאס'ן אוּן אַנֶעזִיפָארְנֶעס הוֹיז. עֶרַאסְטוּס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין
קָארִינְטְה. אוּן טְרָאפִימוּס'ן הָאבּ אִיךְ גֶעלָאזֶען קְרַאנְקְהֵייט אִין
21 מֶעלִיטָא. אֵייל דִיךְ צוּ קוּמֶען פַאר דֶעם ווִינְטֶער. אוּבּוּלוּס אוּן
22 פּוּדֶענְס לִינוּס אוּן קְלוֹדְיָא אוּן אַלֶע בְּרִידֶער גְרִיסֶען דִיךְ. דֶער
הֶערְר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ זָאל זַיין מִיט דַיין גֵייסְט. גְנָאד זָאל זַיין מִיט
אֵייךְ! אָמֵן.

---

# דער בריף צו טיטוס

---

א פּוֹלוּס אֵיין קְנֶעכְט פָאן גָאטְט אוּן אֵיין אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פָאן
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, נָאךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען פָאן דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיסְדֶערְוֶועלְט
פָאן גָאטְט, אִין דֶער ווִיסֶענְשַׁאפְט פָאן דֶעם אֱמֶת וָואס אִיז אִין
2 פְרוּמְקֵייט. אוֹיף דֶער הָאפֶענוּנְג פָאן דֶעם עֶווִיגֶען לֶעבֶּען וָואס
גָאטְט, וֶועלְכֶער קָאן קֵיין לִיגֶען נִיט זָאגֶען, הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען,
3 פָאן עֶווִיגֶע צֵייטֶען. אוּן הָאט זַיין וָוארְט אַנְטְפְּלֶעקְט אִין זַיין צֵייט
דוּרְךְ דֶער פְּרֶעדִיג, וָואס עֶס אִיז מִיר גֶעטְרוֹיט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם
4 בֶּעפֶעהל פָאן גָאטְט אוּנְזֶער הֶעלְפֶער. צוּ טִיטוּס'ן מֵיין אֱמֶת'עֶר
זָאהְן נָאךְ אוּנְזֶער בֵּיידֶענְס גְלוֹיבֶּען, גְנָאד, בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּן
פְרִידֶען פָאן גָאטְט אוּנְזֶער פָאטֶער, אוּן דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
5 אוּנְזֶער הֶעלְפֶער. דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעלָאזֶען אִין קְרֶעטָא,
כְּדֵי זָאלְסְט, וָואס עֶס אִיז נָאךְ אִיבֶּערִיג רִיכְטִיג אוֹיסְפִיהְרֶען, אוּן
זָאלְסְט שְׁטֶעלֶען עֶלְטְסְטֶע אִין יֶעדֶער שְׁטָאדְט, ווִיא אִיךְ הָאבּ דִיר
6 בֶּעפֶעהלֶען. וֶוען אוֹיף אֵיינֶעם אִיז קֵיין קְלַאגֶע נִיט דָא, אֵיין מַאן
פָאן אֵיין וַוייבּ, הָאט גְלוֹיבִּיגֶע קִינְדֶער, וֶועלְכֶען מֶען קֶען נִיט פָארְ־
וַוארְפֶען, דָאס עֶר פִיהְרְט אֵיין לֵייכְטְזִינִיגֶען אוּן אֵיין אוּנְאָנְשְׁטֶענְדִיגֶען
7 לֶעבֶּען. דֶען דֶער בִּישָׁאף (עֶלְטְסְטֶע) פָאן דֶער גֶעמֵיינְדֶע דַארְף
זַיין אָן אֵיין פֶעהלֶער, ווִיא גָאטְטֶעס הוֹיז־פַארְזָארְגֶער, וֶועלְכֶער
טְהוּט נִיכְט נָאךְ זַיין אֵייגֶענֶעם ווִילֶען, קֵיין כַּעֲסָ'ן, קֵיין טְרֵיינְקֶער,

8 קֵיין שְׁלֶעגֶער, קֵיין פְּרָאצֶעצְנִיק. נוּר דֶער ווֶער עֶס אִיז אֵיין מַכְנִיס
אוֹרֵחַ, אֵיין בַּעַל מִדּוֹת טוֹבוֹת, אֵיין גֶערֶעכְטֶער, אֵיין אֵיינְ־
9 גֶעהַאלְטֶענֶער, אֵיין הֵיילִיגֶער אֵיין זִיטְטְזַאמֶער (צָנוּעַ). עֶר זָאל
פֶּעסְט הַאלְטֶען דֶעם רִיכְטִיג גֶעלֶערֶענְטֶען אוּן בֶּעגְלוֹיבְּטֶען ווָארְט,
כְּדֵי עֶר זָאל זֵיין אִין שְׁטַאנְד אִין דֶער גוּטֶער לֶעהְרֶע אַזוֹי גוּט ווִיא
צוּ פַארְהִיטֶען, אַזוֹי אוֹיךְ דִיא, ווֶעלְכֶע זֵיינֶען דַאגֶעגֶען צוּ דֶערְווֵייזֶען.
10 דֶען עֶס זֶענֶען דָא פִיל ווָאס גֶעבֶּען זִיךְ נִיט אוּנְטֶער: ווָאס רֶעדֶען
לֵיידִיגֶע דִבּוּרִים אוּן פִיהְרֶען מֶענְשֶׁען אַרָאבּ, דָאס רוֹב אִיז פָאן
11 דִיא גֶע'מַל'טֶע. ווָאס מֶען דַארְף זֵיי דֶעם מוֹיל פַארְשְׁטָאפֶּען, זֵיי
פַארְדַארְבֶּען פִיל הֵייזֶער דוּרְךְ דֶעם, ווָאס זֵיי לֶערְנֶען דָאס ווָאס
12 עֶס אִיז נִיט רֶעכְט, פַאר שֶׁענְדְלִיכֶע בֶּעלוֹינוּנְג. הָאט דָאךְ זֵייעֶרֶער
אֵיין אֵייגֶענֶער נָבִיא גֶעזָאגְט: דִיא קְרֶעטֶער זֵיינֶען פָאן שְׁטֶענְדִיג אָן
13 לִיגְנֶער, בֵּייזֶע חַיּוֹת, אוּן פוֹילֶע בֵּייכֶער. דִיזֶע עֵדוּת זֵיינֶען אֱמֶת,
אוּן דֶערִיבֶּער זָאלְסְט דוּא זֵיי שְׁטַארְק שְׁטְרָאפֶען, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען
14 גֶעזוּנְד ווֶערֶען אִין דֶער אֱמוּנָה. אוּן זָאלֶען זִיךְ נִיט אַרֵיינְלָאזֶען אִין
דִיא אִידֶעשֶׁע פַאבֶּעלְן (הַגָּדוֹת), אוּן דִיא בֶּעפֶעהלֶע פָאן מֶענְשֶׁען
15 ווָאס זֶענֶען אָבְּגֶעקֶעהְרְט פָאן דֶעם אֱמֶת. אַלְדִינְג אִיז רֵיין פַאר
דִיא רֵיינֶע, אָבֶּער פַאר דִיא ווָאס זֶענֶען טָמֵא אוּן צוּ דִיא ווָאס
הָאבֶּען נִיט קֵיין אֱמוּנָה, אִיז קֵיין רֵיינֶע זַאךְ נִיט דָא, ווֵייל זֵייעֶר
16 זִינֶען אוּן גֶעווִיסֶען זֶענֶען טָמֵא גֶעווָארֶען. זֵיי זָאגֶען מִיר קֶענֶען גָאטְט,
אָבֶּער דוּרְךְ זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים לֵייקֶענֶען זֵיי אִין אִיהם: דֶען זֵיי זֶענֶען
אוּנווִירְדִיגֶע אוּן ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע אוּן טוֹיגֶען נִיט צוּ קֵיין גוּטֶען ווֶערְק.
ב דוּא אָבֶּער רֶעד ווִיא עֶס פַּאסְט פַאר דֶער גוּטֶער לֶעהְרֶע.
2 דָאס דִיא עֶלְטֶסְטֶע זָאלֶען זֵיין נִיכְטֶער אִין גֵייסְט, בִּכְבוֹד'עֶ, אֵיינְ־
גֶעהַאלְטֶען, גֶעזוּנְד אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען, אִין לִיבֶּע אוּן אִין סַבְלָנוּת.
3 אוּן אוֹיךְ אַזוֹי דִיא אַלְטֶע ווַייבֶּער זָאלֶען זִיךְ אוֹיפְפִיהְרֶען ווִיא עֶס
פַּאסְט פַאר הֵיילִיגֶע, זֵיי זָאלֶען נִיט זֵיין קֵיין רְכִילוּת טְרֵייבֶּערְקֶעס,
אוּן נִיט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ ווֵיין טְרִינְקֶען, נוּר זָאלֶען לֶערְנֶען גוּטֶעס.
4 כְּדֵי זֵיי זָאלֶען לֶערְנֶען דִיא יוּנְגֶע פְרוֹיעֶן דוּרְךְ גוּטֶע מִדּוֹת צוּ לִיבֶּען
5 זֵייעֶרֶע מַאנֶען אוּן זֵייעֶרֶע קִינְדֶער. אוּן צוּ זֵיין צְנוּעוֹת אוּן רֵיינֶע,
אַכְטוּנְג צוּ גֶעבֶּען אוֹיף זֵייעֶרֶע הֵייזֶער, אוּן צוּ זֵיין גוּט אוּן אוּנְטֶערְ־
גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייעֶרֶע מַאנֶען, כְּדֵי גָאטְטֶעס ווָארְט זָאל נִיט גֶעלֶעסְטֶערְט

6 ווֶערֶען. אַזוֹי זָאלְסְט דוּא פַארְזָאגֶען דִיא יוּנְגֶע לַייט, דָאס זֵיי זָאלֶען
7 אייִנְגֶעהַאלְטָען זַיין. אוּן אִין אַלְדִינְג ווייז דוּא זִיךְ פַאר אֵיין בֵּיישְׁפִּיל
אִין מַעֲשִׂים טוֹבִים, מִיט אֵיין אוּנְפֶערְדָארְבֶּענֶע לֶעהרֶע אוּן מִיט
8 אֱמֶת'ע עֶרְלִיכְקֵייט. אוּן מִיט דֶעם גֶעזוּנְדֶען ווָארְט ווָאס אִיז אָן
פֶּעהלֶער, כְּדֵי דֶער פֵיינְד זָאל פַארְשֶׁעמְט ווֶערֶען, אוּן זָאל נִיט
9 גֶעפִינֶען עֶטְווָאס צוּ רֶעדֶען אוֹיף אֵייךְ שְׁלֶעכְטֶעס. דִיא קְנֶעכְט
זָאלֶען זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעבֶּען צוּ זֵייעֶרֶע הֶערְרְן, אוּן זָאלֶען זֵיי גֶעפֶעלֶען
10 זַיין אִין אַלְץ, אוּן נִיט אָבּ־עֶנְטְפֶערְן. נִיט גַנְבֶ'עֶנֶען, נוּר צוּ ווֵייזֶען
אַלֶערְלֵיי רֵיינֶע גֶעטְרֵייקֵייט, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען צִירֶען אִין אַלֶע זַאכֶען
11 דִיא לֶערְנוּנְג פָאן גָאטְט אוּנְזֶער הֶעלְפֶער. דֶען גָאטְטֶעס גְנָאד הָאט
12 עֶרְשֵׁיינְט צוּ הֶעלְפֶען אַלֶע מֶענְשֶׁען. אוּן צוּ לֶערְנֶען אוּנְז, דָאס מִיר
זָאלֶען פַאר אוּנְווירְדִיגֶען ווָאס עֶס אִיז אוּנְרֶעכְט אוּן דִיא תַּאֲווֹת פָאן
דֶער ווֶעלְט, אוּן אוֹיפְצוּפִיהרֶען זִיךְ אִין דֶער ווֶעלְט מִיט צְנִיעוּת,
13 מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן פְרוּמְקֵייט. אוּן צוּ ווַארְטֶען אוֹיף דֶער
גְלִיקְלִיכֶער הָאפֶענוּנְג, אוּן אוֹיף דֶער דֶערְשֵׁיינוּנְג פָאן דֶער הֶערְרְ־
לִיכְקֵייט פָאן אוּנְזֶער גְרוֹיסֶען גָאטְט אוּן הֶעלְפֶער יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
14 ווֶעלְכֶער הָאט זִיךְ אַלֵיין גֶעגֶעבֶּען פַאר אוּנְז, עֶר זָאל אוּנְז אוֹיס־
לֵייזֶען פָאן אַלֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן זָאל פַאר זִיךְ רֵיין מַאכֶען
אֵיין פָאלְק, ווֶעלְכֶעס עֶס זָאל זַיין אֵייגֶענֶעס זַיין ווָאס אִיז פְלֵייסִיג
15 אִין מַעֲשִׂים טוֹבִים. דִיזֶעס זָאלְסְט דוּא רֶעדֶען, פַארְזָאגֶען אוּן
שְׁטְרָאפֶען מִיט אַלֶער קְרַאפְט; אוּן לָאז דִיךְ קֵיינֶער נִיט מְבַזֶּה זַיין.
ג דֶערְמָאן זֵיי, דָאס זֵיי זָאלֶען זִיךְ אוּנְטֶערְטֶענִיג מַאכֶען צוּ דִיא
פִירְשְׁטֶען אוּן גֶעווֶעלְטִיגֶע, אוּן אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ זַיין צוּ יֶעדֶער גוּטֶע
2 ווֶערְק. לָאזֶען זֵיי קֵיינֶעם נִיט לֶעסְטֶערְן, דֶערְווַייטֶערְן זִיךְ פָאן קְרִיג,
3 נָאכְגֶעבֶּען אוּן זַיין פְרֵיינְדְלִיךְ אַנְטְקֶעגֶען יֶעדֶען מֶענְשֶׁען. דֶען מִיר
זֶענֶען פְרִיהֵער אוֹיךְ גֶעווֶען אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע, קֵיינֶעם נִיט גֶעפָאלְגְט,
אִין טָעוּת, אוּן תַּאֲווֹת גֶעלִיבְּט, גֶעלֶעבְּט אִין רִשְׁעוּת אוּן קִנְאָה,
4 פַארַאכְטֶעט פָאן אַלֶעמֶען אוּן אֵיינַאנְדֶער פֵיינְד גֶעהַאט. אָבֶּער דִיא
גוּטְקֵייט אוּן דִיא מֶענְשֶׁענְפְרֵיינְדְלִיכְקֵייט גָאטְטֶעס אוּנְזֶער הֶעלְפֶערְס
5 הָאבֶּען זִיךְ בֶּעווִיזֶען; נִיט מַחֲמַת דִיא גֶערֶעכְטֶע מַעֲשִׂים ווָאס מִיר
הָאבֶּען גֶעטָאן, נוּר דוּרְךְ זַיין דֶערְבַּארְעמֶען, הָאט עֶר אוּנְז מַצִּיל
גֶעווֶעזֶען דוּרְךְ דֶער טְבִילָה פָאן דֶער צְווֵייטֶער גֶעבּוּרְט אוּן דָאס

6 בֶּעגַייאוּנְג פָאן דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוֹיף אוּנְז וֶועהר
7 פִיל אוֹיסְגֶעגָאסֶען דוּרְך יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶער הֶעלְפֶער. כְּדֵי מִיר
זָאלֶען גֶערֶעכְט וֶוערֶען דוּרְך זַיין גְנָאד, אוּן מִיר זָאלֶען יַרְשׁ'עֶנֶען נָאך
8 דֶער הָאפֶענוּנְג דָאס עֶווִיגֶע לֶעבֶּען. אֶמֶת אִיז דֶער וָוארְט: אוּן
דֶערִיבֶּער ווִינְשׁ אִיך, דָאס דוּא זָאלְסְט פֶּעסְטֶע בֶּעוֵוייזֶע גֶעבֶּען,
כְּדֵי דִיא גְלוֹיבִּיגֶע אִין גָאטְט זָאלֶען פְלַייסִיג זִיך עוֹסֵק זַיין אִין
מַעֲשִׂים טוֹבִים, דֶען דָאס אִיז גוּט אוּן נִיצְלַאך פַאר דִיא מֶענְשֶׁען.
9 אָבֶּער דוּא זָאלְסְט אוֹיסְמַיידֶען נַארִישֶׁע חֲקִירוֹת, אוּן פָאן סִדְרֵי־
יִחוּס־(בְּרִיף), אוּן פָאן קְרִיג אוּן מַחֲלֹקֶת וֶועגֶען דִיא גֶעזֶעטְצֶע,
מַחֲמַת עֶס אִיז אִין זֵיי נִיט דָא קֵיין נוּצֶען, אוּן בְּרֵיינְגֶען צוּ נִישְׁט.
10 אֵיין וֶועקְטִירֶער (גְלוֹיבְּט אַנְדֶערְס) מַייד אוֹיס, וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין אֵיין
11 מָאל אוּן צְוֵויי מָאל אִיבֶּער גֶעווִיזֶען גֶעוָוארֶען. וֵייס, דָאס אַזֶעלְכֶער
אִיז פַארְדְרֶעהט גֶעוָוארֶען אוּן זִינְדִיגְט. עֶר אִיז דוּרְך זִיך אַלֵיין
12 גֶע'מִשְׁפָּט. וֶוען אִיך וֶועל צוּ דִיר שִׁיקֶען אַרְטֶעמָאן אָדֶער
טִיכִיקוּס'ן, אֵייל דִיך צוּ קוּמֶען צוּ מִיר קֵיין נִיקָאפָּאלִיס, דֶען אִיך
13 הָאבּ בֶּעשְׁלָאסֶען צוּ בְּלֵייבֶּען דָארְטֶען אִיבֶּער ווִינְטֶער. פַארְטִיג
אָבּ וֶוענָא'ן דֶעם בַּעַל תּוֹרָה, אוּן אַפּוֹלוֹס'ן, אַזוֹי דָאס עֶס זָאל זֵיי
14 אוֹיפֶען וֶועג גָאר נִיט פֶעהלֶען. לָאזֶען דִיא לֵייט פָאן אוּנְזֶער גֶעמֵיינְדֶע
אוֹיך זִיך לֶערְנֶען עוֹסֵק זַיין אִין גוּטֶע מַעֲשִׂים, מִיט צוּ הֶעלְפֶען בֵּיי
15 יֶעדֶער נוֹיט, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען נִיט זַיין אָן פְרוּכְט. אַלֶע וָואס זֶענֶען מִיט מִיר
גֶערִיסֶען דִיך. גֶערִיס אַלֶעמֶען וָואס לִיבֶּען אוּנְז אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען.
דִיא גְנָאד זָאל זַיין מִיט אֵייך אַלֶעמֶען! אָמֵן.

---

# דער בריף צו פילעמאן

---

א פּוֹלוֹס דֶער גֶעפַאנְגֶענֶער פָאן דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ, אוּן דֶער בְּרוּדֶער
טִימָאטְהֶעאוּס צוּ דֶעם גֶעלִיבְּטֶען פִילֶעמָאן אוּנְזֶער מִיט־אַרְבֵּייטֶער
2 אוּן צוּ דֶער גֶעלִיבְּטֶער אַפְּפִיָאה, אוּן צוּ אַרְכִיפּוּס, אוּנְזֶער חַבֵר אִין
אוּנְזֶערֶע מִלְחָמוֹת, אוּן צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע וָואס אִיז אִין דֵיין הוֹיז.

3 גְנָאד צוּ אַייךְ אוּן פְרִידֶען פָאן גָאטְט אוּנְזֶער פָאטֶער, אוּן אוּנְזֶער
4 הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. אִיךְ דַאנְק מַיין גָאטְט תָמִיד וֶוען אִיךְ דֶערְמָאן
5 דִיךְ אִין מַיינֶע תְפִלוֹת. ווייל אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פָאן דַיין לִיבֶּע
אוּן דַיין אֱמוּנָה וָואס וֶענֶען אִין דִיר צוּ אוּנְזֶערְן הֶערְרְן יֵשׁוּעַ אוּן צוּ
6 אַלֶע הַיילִיגֶע. כְּדֵי דַיין אֱמוּנָה, וֶועלְכֶע אִיז אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע, זָאל גֶע־
שְׁטַארְקְט וֶוערֶען דוּרְךְ דֶער וִויסֶענְשַׁאפְט פָאן אַלֶעם גוּטֶעס, וָואס
7 אִיהר הָאט אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ. אָבֶּער מִיר הָאבֶּען גְרוֹס פְרֵייד
אוּן נֶחָמָה אִין דַיין לִיבֶּע, מַחֲמַת דוּרְךְ דִיר, בְּרוּדֶער, זֶענֶען דִיא
8 הֶערְצֶער פָאן דִיא קְדוֹשִׁים דֶערְקְוִויקְט גֶעוָוארֶען. דֶערִיבֶּער, הֲגַם
אִיךְ הָאבּ גְרוֹיסֶע רֶעכְט אִין דֶעם מָשִׁיחַ אִיךְ זָאל אוֹיף דִיר בֶּע־
9 פֶעהְלֶען צוּ טָאן וָואס מֶען דַארְף. דָאךְ ווִיל אִיךְ דִיךְ לִיבֶּער בֶּעטֶען
וֶוענֶען דֶער לִיבֶּע, אִיךְ פּוֹלוֹס דֶער אַלְטֶער אוּן יֶעצְט אוֹיךְ אַיין
10 גֶעפַאנְגֶענֶער פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. אִיךְ בֶּעט דִיךְ פַאר מַיין זָאהְן
אָנִיסִימוּס, וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעבָּארֶען אִין מַיין גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט.
11 וֶועלְכֶער אִיז דִיר פְרִיהֶער נִיט נִיצְלַאךְ גֶעוֶועזְן, יֶעצְט אָבֶּער אִיז עֶר
דִיר, אוּן אוֹיךְ מִיר נִיצְלַאךְ. אוּן אִיךְ הָאבּ אִיהם דִיר ווִידֶער גֶעשִׁיקְט.
12 13 זַיי אִיהם מְקַבֵּל, עֶר אִיז ווִיא מַיין הַארְץ. אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעוָואלְט
הַאלְטֶען בַּיי מִיר, עֶר זָאל מִיךְ בֶּעדִינֶען אוֹיף דַיין אָרְט אִין דִיא
14 קֵייטֶען פָאן דֶעם עֶוַואנְגֶעלִיוּם. נוּר אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוָואלְט טָאן
עֶטְוָואס אָן דַיין ווִילֶען, כְּדֵי דַיין טוֹבָה זָאל נִיט זַיין אַיין גֶענוֹיטֶע,
15 נוּר פְרֵייוִוילִיג. דֶען טָאמֶער אִיז עֶר פָאן דִיר אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אוֹיף
16 אַיין קְלֵיינֶער צַייט, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט אִיהם אוֹיף עֶווִיג הָאבֶּען. נִיט
ווִיא אַיין קְנֶעכְט, נוּר הֶעכֶער פָאן אַיין קְנֶעכְט, ווִיא אַיין גֶעלִיבְּטֶער
בְּרוּדֶער, בִּפְרַט מִיר אוּן נָאךְ מֶעהר דִיר, נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ אוּן אִין
17 דֶעם הֶערְרְן. דֶערִיבֶּער, אוֹיבּ דוּא הַאלְסְט מִיךְ פַאר דַיין חָבֵר,
18 אַזוֹי זַיי אִיהם מְקַבֵּל, ווִיא מִיךְ אַלֵיין. וֶוען עֶר הָאט דִיךְ שָׁאדֶען
גֶעמַאכְט, אָדֶער עֶר אִיז דִיר עֶטְוָואס שׁוּלְדִיג רֶעכֶען דָאס אוֹיף מַיין
19 חֶשְׁבּוֹן. אִיךְ פּוֹלוֹס הָאבּ דִיר גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט מַיין הַאנְד, אִיךְ
וֶועל דִיר בֶּעצָאהלֶען; אִיךְ זָאג נִיט דָאס דוּא בִּיסְט דִיךְ אַלֵיין מִיר
20 שׁוּלְדִיג. אַזוֹי, בְּרוּדֶער, פַארְגִין מִיר הֲנָאָה צוּ הָאבֶּען פָאן דִיר אִין
21 דֶעם הֶערְרְן; דֶערְקְוִויק מַיין הַארְץ אִין דֶעם הֶערְרְן. אִיךְ בִּין
בָּטוּחַ אִין דִיר דָאס דוּא וֶועסְט מִיךְ צוּ הֶערֶען, אוּן דֶערִיבֶּער הָאבּ

אִיךְ דִיר גֶעשְׁרִיבֶּען אוּן וַויים, דָאס דוּא וֶועסְט נָאךְ מֶעהר טָאן וִויא
22 פִיל אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעזָאגְט. דֶער בַּיי, גְרֵייט צוּ פַאר מִיר אֵיין
אַכְסַנְיָא, דֶען אִיךְ הָאף דָאס אִיךְ וֶועל אַייךְ גֶעשֶׁענְקְט וֶוערֶען דוּרְךְ
23 אֵייעֶרֶע תְּפִלּוֹת. עֶס גֶערִיסֶען דִיךְ עֶפַּאפְּרָאס, וֶועלְכֶער אִיז מִיט
24 מִיר גֶעפַאנְגֶען אִין דֶעם מָשִׁיחַ יֵשׁוּעַ, מַרְקוֹס, אַרִיסְטַארְכוּס, דֶעמָאס
25 אוּן לוּקַאס מֵיינֶע מִיט־הֶעלְפֶערְס. דִיא גְנָאד פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זָאל זַיין מִיט אֵייעֶר גֵייסְט! אָמֵן.

---

# דער בריף צו דיא העברייער (אידען)

---

א גָאטְט, וֶועלְכֶער הָאט פַארְצֵייטֶען פִיל מָאל אוּן אוֹיף פִילֶערְלֵיי
2 אוֹפַנִים גֶערֶעט צוּ דִיא עֶלְטֶערְן דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים. הָאט אִין דִיזֶע
לֶעצְטֶע טֶעג גֶערֶעט צוּ אוּנְז דוּרְךְ דֶעם זָאהְן, וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶע־
שְׁטֶעלְט פַאר אֵיין יוֹרֵשׁ פָאן אַלֶעמֶען אוּן דוּרְךְ וֶועלְכֶען עֶר הָאט
3 אוֹיךְ דִיא וֶועלְטֶען גֶעמַאכְט. וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער גְלַאנְץ פָאן
דֶעם כָּבוֹד אוּן דָאס גֶעשְׁטַאלְט פָאן זַיין דָא־זַיין אוּן הָאט אַלְדִינְג
גֶעטְרָאגֶען דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פָאן זַיין קְרַאפְט, הָאט דוּרְךְ זִיךְ גֶע־
רֵיינִיגְט אוּנְזֶערֶע זִינְד אוּן זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פָאן
4 דֶער גְדוּלָה אִין דֶער הוֹיךְ. אוּן אִיז אַזוֹי פִיל מָאל בֶּעסֶער גֶעוֶועזֶען
פָאן מַלְאָכִים, וִויא פִיל אֵיין הֶעכֶערֶען נָאמֶען פָאן זֵיי עֶר הָאט
5 גֶעיַרְשֶ׳עט. וַוייל וֶועמֶען פָאן דִיא מַלְאָכִים הָאט גָאטְט גֶעזָאגְט:
דוּא בִּיסְט מֵיין זָאהְן, הַיינְט הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעבָּארֶען? אוּן וִוידֶער:
אִיךְ וֶועל אִיהם זַיין אֵיין פָאטֶער אוּן עֶר וֶועט מִיר זַיין אֵיין זָאהְן?
6 וִוידֶער וֶוען עֶר בְּרֶענְגְט אַרֵיין דֶעם בְּכוֹר אִין דֶער וֶועלְט זָאגְט עֶר:
7 אוּן עֶס זָאלֶען זִיךְ צוּ אִיהם בּוּקֶען אַלֶע מַלְאָכִים פָאן גָאטְט. אוּן
וֶועגֶען דִיא מַלְאָכִים אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען: עֶר מַאכְט זַיינֶע מַלְאָכִים
8 צוּ גֵייסְטֶער אוּן זַיינֶע דִינֶער צוּ אֵיין פְלַאם פַייעֶר. אָבֶּער צוּם זָאהְן:
דַיין שְׁטוּהל, גָאטְט, אִיז פָאן עֶווִיגְקֵייט צוּ עֶווִיגְקֵייט אוּן דִיא רוּט
9 פָאן דַיין מְלוּכָה אִיז דִיא רוּט פָאן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. דוּא הָאסְט לִיבּ

געהאט אמת און פיינד געהאט אונרעכט, דאריבער האט דיך גאטט
געזאלבט מיט אייל פאן פרייד (שמן ששון) מעהר פאן דיינע
10 חברים. און: דוא הערר, האסט צום אנפאנג געגרינדעט דיא ערד
11 און דיא הימלען זענען דיא ווערק פאן דיינע הענד. זיי וועלען פער־
לארען ווערען, אבער דוא בלייבסט און; זיי אלע וועלען אלט ווערען
12 וויא איין קלייד. און וויא איין מלבוש וועסט דוא זיי פערביטען
און זיי וועלען פערביטען ווערען; אבער דוא ביסט דער זעלביגער,
13 און דיינע יאהרען וועלען זיך ניט ענדען. וועמען פאן דיא מלאכים
האט גאטט געזאגט: זעץ זיך צו מיין רעכטער האנד, ביז איך וועל
דיינע שונאים אנידערלעגען פאר איין באנקעל צו דיינע פיס?
14 זענען זיי דען ניט אלע גייסטער־דינער, וואס ווערען געשיקט צו
דינען דיזע, וועלכע דארפען ירש׳ענען דיא ישועה?

ב דאריבער דארפען מיר זיך פעסטער האלטען אן דעם וואס
2 מיר האבען געהערט, כדי מיר זאלען דערפון ניט אבפאלען. ווייל
ווען דאס ווארט, וואס איז דורך דיא מלאכים גערעדט געווארען,
איז פעסט געוועזען און יעדע עבירה אדער ניט געהארכזאמקייט האט
3 בעקומען איין גערעכטען בעצאהלונג, וויא אזוי זאלען מיר אנט־
לויפען און ניט אכטונג געבען אויף אזוי איין הילף? וועלכע דער
הערר האט צום אנפאנג אנגעזאגט און וואס איז צו אונז געקומען
4 דורך דיא, וועלכע האבען זיא געהערט. ווען גאטט האט דארויף
עדות געזאגט דורך צייכען און וואונדער און פערשידענע גבורות
5 און אויסטהיילונג פאן דעם רוח הקדש נאך זיין ווילען. ווייל ניט
קיין מלאכים האט גאטט אונטערטהעניג געמאכט דיא קומענדיגע
6 וועלט, פאן וועלכע מיר רעדען; נור איינער האט אויף איין ארט
עדות געזאגט: וואס איז דער מענש, דאס דוא זאלסט איהם גע־
7 דענקען, אדער דער בן אדם, דוא זאלסט איהם אכטען? איין
קורצע צייט האסט דוא איהם נידריגער געמאכט פאן דיא מלאכים.
דוא האסט איהם געקריינט מיט הערליכקייט און כבוד און גע־
8 שטעלט איבער דיא ווערקע פאן דיינע הענד. אלץ האסט דוא
אונטערטהעניג געמאכט צו זיינע פיס. און דעם וואס ער האט
איהם אלדינג אונטערטהעניג געמאכט האט ער קיין זאך ניט איבער־
געלאזען עס זאל איהם ניט אונטערטהעניג זיין. יעצט אבער זעהען

9 מִיר נָאךְ נִיט דָאס אַלְדִינְג זָאל אִיהם זַיין אוּנְטֶערְטְהֶענִיג. אָבֶּער
מִיר זֶעהֶען, דָאס יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶער אִיז אַיין קוּרְצֶע צַייט דֶערְ־
נִידֶערִיגְט פָאן דִיא מַלְאָכִים דוּרְךְ זַיין לֵיידֶען פָאן דֶעם טוֹיט, אִיז
גֶעקְרוֹינְט מִיט הֶערְרְלִיכְקֵייט אוּן כָּבוֹד, כְּדֵי עֶר זָאל דוּרְךְ גָאטְטֶעס
10 גְנָאד פַאר יֶעדֶערֶען מֶענְשֶׁען פַארְזוּכֶען דֶעם טוֹיט. וֵוייל עֶס הָאט
בֶּעדַארְפְט דֶער, וָואס אַלֶץ אִיז פַאר אִיהם אוּן אַלְדִינְג אִיז פָאן
אִיהם, וֶוען עֶר הָאט פִיל גֶעבְּרַאכְט צוּ הֶערְרְלִיכְקֵייט, דוּרְךְ לֵיידֶען
אוֹיסְצוּפִיהְרֶען (מַשְׁלִים זַיין) דֶעם פִיהְרֶער פָאן זַייעֶר הִילְף.
11 וֵוייל דֶער וָואס הֵיילִיגְט אוּן דִיא, וֶועלְכֶע וֶוערֶען גֶעהֵיילִיגְט זֶענֶען
אַלֶע פָאן אֵיינֶעם; דֶערִיבֶּער שֶׁעמְט עֶר זִיךְ נִיט זֵיי אָנְצוּרוּפֶען
12 בְּרִידֶער אוּן זָאגְט: אִיךְ וֶועל דֵיין נָאמֶען אָנְזָאגֶען מֵיינֶע בְּרִידֶער,
13 אוּן אִין מִיטֶען דֶער גֶעמֵיינְדֶע וֶועל אִיךְ דִיךְ לוֹיבֶּען. אוּן וִוידֶער:
אִיךְ וֶועל הָאפֶען אוֹיף אִיהם. אוּן וִוידֶער: זֶעה, דָא בִּין אִיךְ אוּן
14 דִיא קִינְדֶער, וֶועלְכֶע גָאטְט הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען. אוּן אַזוֹי וִויא
קִינְדֶער הָאבֶּען אֵיין חֵלֶק אִין פְלֵייש אוּן בְּלוּט, אַזוֹי הָאט עֶר אֵיין
טְהֵייל גֶענוּמֶען, כְּדֵי דוּרְךְ דֶעם טוֹיט אַוֶועק צוּנֶעהְמֶען דִיא קְרַאפְט בֵּיי
דֶעם וָואס הָאט דִיא מַאכְט פָאן דֶעם טוֹיט, דָאס הֵייסְט בֵּייא דֶעם
15 שָׂטָן. אוּן מַצִיל צוּ זַיין דִיזֶע, וֶועלְכֶע דוּרְךְ דֶעם שְׁרֶעק פָאן טוֹיט
16 זֶענֶען זֵיי דָאס גַאנְצֶע לֶעבֶּען אִין קְנֶעכְטְשַׁאפְט גֶעוֶועזֶען. וֵוייל נִיט
מַלְאָכִים נֶעמְט עֶר אָן, נוּר עֶר נֶעמְט אָן אַבְרָהָם׳ס זַאמֶען (זֶרַע).
17 דֶערִיבֶּער הָאט עֶר בֶּעדַארְפְט אִין אַלְדִינְג גְלֵייךְ זַיין צוּ דִיא בְּרִידֶער,
כְּדֵי צוּ זַיין אֵיין בַּארֶעמְהֶערְצִיגֶער אוּן גֶעטְרֵייעֶר כֹּהֵן גָדוֹל פַאר
18 גָאטְט אוּן זָאל מְכַפֵּר זַיין דִיא זִינְד פָאן דֶעם פָאלְק. וֵוייל וִויא עֶר
הָאט אַלֵיין גֶעלִיטֶען וֶוען עֶר אִיז גֶעפְּרוּבְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי קֶען עֶר
הֶעלְפֶען דִיא, וֶועלְכֶע וֶוערֶען גֶעפְּרוּבְט.
ג דֶערִיבֶּער, הֵיילִיגֶע בְּרִידֶער, חֲבֵרִים צוּם הִימֶעלְשֶׁען בֶּערוּף,
אַכְטֶעט אוֹיף דֶעם שָׁלִיחַ אוּן כֹּהֵן גָדוֹל פָאן אוּנְזֶער בֶּעקֶענְטְנֶעס,
2 יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ׳ן. וָואס אִיז בֶּעגְלֵייבְּט צוּ דֶעם וָואס הָאט אִיהם
3 גֶעשְׁטֶעלְט אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה אִין זַיין גַאנְצֶען הוֹיז. וֵוייל עֶר אִיז וֶוערְט
אֵיין גְרֶעסֶערֶען כָּבוֹד פָאן מֹשֶׁה׳ן, מִיט וִויא פִיל דֶער, וֶועלְכֶער
4 הָאט דָאס הוֹיז גֶעבּוֹיט הָאט מֶעהר כָּבוֹד פָאן דָאס הוֹיז. וֵוייל
יֶעדֶעס הוֹיז וֶוערְט פָאן וֶועמֶען גֶעבּוֹיעֶט; דֶער אָבֶּער וָואס בּוֹיט

5 אַלְדִינְג אִיז גָאטְט. אוּן מֹשֶׁה אִיז בֶּעגְלוֹיבְּט גֶעוֶועזֶען אִין זַיין גַאנְצֶעם
הויז וויא איין דִינֶער צוּם עֵדוּת דֶערוֹיף, וָואס עֶס זָאל אָנְגֶעזָאגְט
6 וֶוערֶען; מָשִׁיחַ אָבֶּער אִיז וִויא אֵיין זָאהן אִין זַיין הוֹיז; דָאס הוֹיז
זֶענֶען מִיר, וֶוען מִיר הַאלְטֶען פֶעסְט בִּיז צוּם עֶנְדֶע דִיא פֶערְטְרוֹיאוּנְג
7 אוּן דֶעם שְׁבַח פָאן דֶער הָאפֶענוּנְג. דַארִיבֶּער, וִויא דֶער רוּחַ
8 הַקֹדֶשׁ זָאגְט: אַז אִיהר וֶועט הַיינְט זַיין קוֹל צוּהֶערֶען, זָאלְט אִיהר
נִיט הַארְט מַאכֶען אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער וִויא אִין דֶעם קְרִיג, אִין דֶעם
9 טָאג פָאן דֶעם פְּרוּבוּנְג אִין דֶער מִדְבָּר. וִויא אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען
מִיךְ גֶעפְּרוּבְט; זֵיי הָאבֶּען מִיךְ גֶעפְּרוּבְט אוּן הָאבֶּען מַיינֶע
10 וֶוערְקֶע גֶעזֶעהֶען פִירְצִיג יָאהר. דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ גֶעצַארֶענְט
אוֹיף דֶעם דוֹר אוּן הָאבּ גֶעזָאגְט: זֵיי זֶענֶען אַלֶע צַייט פֶערְפִיהרְט
11 אִין זַייעֶרֶען הַארְצֶען, זֵיי הָאבֶּען מַיינֶע וֶועגֶען נִיט דֶערְקֶענְט. אַזוֹי
הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁוָוארֶען אִין מַיין צָארֶען, זֵיי זָאלֶען צוּ מַיין מְנוּחָה נִיט
12 אַרֵיינְקוּמֶען. זֶעהט בְּרִידֶער, קֵיינֶער פוּן אַייךְ זָאל נִיט הָאבֶּען קֵיין
בֶּעזֶעס אוּן אוּנְגְלֵייבִּיגֶעס הַארְץ, כְּדֵי אִיהר זָאלְט נִיט אָבְּטְרֶעטֶען
13 פָאן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאטְט. נוּר וָוארְנְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן
יֶעדֶען טָאג, בִּיז וַואנֶען מֶען קֶען זָאגֶען הַיינְט, כְּדֵי קֵיינֶער פָאן אַייךְ
14 זָאל נִיט הַארְט וֶוערֶען דוּרְךְ דִיא פֶערְפִיהרוּנְג פָאן דֶער זִינְד. וֶוייל
מִיר זֶענֶען גֶעוָוארֶען חֲבֵרִים צוּם מָשִׁיחַ, וֶוען מִיר פֶעסְט הַאלְטֶען
15 דֶעם אָנְפַאנְג פָאן אוּנְזֶערֶען בִּטָחוֹן בִּיז צוּם עֶנְדֶע. וֶוייל עֶס אִיז
גֶעזָאגְט: הַיינְט וֶוען אִיהר וֶועט זַיין קוֹל צוּהֶערֶען, זָאלְט אִיהר אֵייעֶרֶע
16 הֶערְצֶער נִיט הַארְט מַאכֶען וִויא אִין דֶעם קְרִיג. וֶוייל עֶטְלֶעכֶע,
וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְרִיגְט; אָבֶּער נִיט אַלֶע,
17 וֶועלְכֶע זֶענֶען מִיט מֹשֶׁה'ן אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פָאן מִצְרַיִם. אוֹיף וֶועמֶען
הָאט עֶר דָאךְ גֶעצַארֶענְט פִירְצִיג יָאהר? נִיט אוֹיף דִיא, וֶועלְכֶע
הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט אוּן וָואס זַייעֶרֶע לֵייבֶּער זֶענֶען גֶעפַאלֶען אִין דֶער
18 מִדְבָּר? אַנְטְקֶעגֶען וֶועלְכֶע הָאט עֶר גֶעשְׁוָוארֶען, דָאס זֵיי וֶועלֶען
19 צוּ זַיין מְנוּחָה נִיט קוּמֶען, וֶוען נִיט גֶעגֶען דִיא וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע? אַזוֹי
זֶעהֶען מִיר, דָאס זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט אַרֵיינְקוּמֶען וֶועגֶען אוּנְ־
גְלֵייבִּיגְקֵייט.

ד דֶערִיבֶּער לָאזֶען מִיר מוֹרָא הָאבֶּען וֶוען עֶס בְּלֵייבְּט נָאךְ אִיבֶּער
דִיא הַבְטָחָה אַרֵיינְצוּקוּמֶען צוּ זַיין מְנוּחָה, דָאס קֵיינֶער פָאן אַייךְ

2 זָאל נִיט פַארְזַאמֶען. ווייל אוֹיךְ אוּנז הָאט מֶען דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה
אָנְגֶעזָאגְט אַזוֹי וִויא יֶענֶע; אָבֶּער עֶס הָאט זֵייא נִיט גֶענוּצְט דָאס וָוארְט
3 וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אָן גְלוֹיבֶּען. דֶען צוּ דֶער מְנוּחָה קוּמֶען
מִיר גְלַייבִּיגֶע אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוָוארֶען אִין
מֵיין צָארְן אִיהר זָאלְט נִיט קוּמֶען צוּ מֵיין מְנוּחָה; וִויא אוֹיךְ זֵיינֶע
מַעֲשִׂים זָענֶען פַאלֶענְדֶעט גֶעוֶועזֶען צוּם אָנְפַאנְג פָאן דֶער גְרִינְדוּנְג
4 פָאן דֶער וֶועלְט. ווייל עֶס וֶוערְט אוֹיף אֵיין אָרְט גֶעזָאגְט: וֶועגֶען
דֶעם זִיבֶּענְטֶען טָאג: אוּן גָאטְט הָאט גֶערוּהט דֶעם זִיבֶּענְטֶען טָאג
5 פָאן אַלֶע זֵיינֶע וֶוערְקֶע. אוּן דָא ווִידֶער: זֵייא זָאלֶען נִיט קוּמֶען צוּ
6 מֵיין מְנוּחָה. נוּן אַזוֹי וִויא אַזֶעלְכֶע דַארְפֶען נָאךְ אַרֵיינְקוּמֶען אוּן
דִיא, וֶועלְכֶע מֶען הָאט פְרִיהֶער אָנְגֶעזָאגְט, זָענֶען נִיט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
7 וֶועגֶען נִיט גֶעהָארְכְזַאמְקֵייט. אַזוֹי בֶּעשְׁטִימְט עֶר נָאךְ אֵיין טָאג
הֵיינְט, וֶוען עֶר זָאגְט דוּרְךְ דָוִד׳ן, נָאךְ אַזוֹי אֵיין לַאנְגֶער צֵייט, וִויא
עֶס אִיז אוֹיבֶּען גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען: הֵיינְט, וֶוען אִיהר וֶועט זֵיין קוֹל צוּ
8 הֶערֶען מַאכְט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער נִיט הַארְט. ווייל וֶוען יְהוֹשֻׁעַ (בִּן־
נוּן) וָואלְט זֵייא גֶעגֶעבֶּען דִיא מְנוּחָה, וָואלְט נָאךְ דֶעם נִיט גֶעזָאגְט
9 גֶעוָוארֶען וֶועגֶען אֵיין אַנְדֶערֶען טָאג. דֶערִיבֶּער אִיז נָאךְ אִיבֶּערְ־
10 גֶעבְּלִיבֶּען אֵיין שַׁבָּת פַאר דֶעם פָאלְק פָאן גָאטְט. ווייל וֶוער עֶס
אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין זֵיין מְנוּחָה, דֶער הָאט אַלֵיין אוֹיךְ גֶערוּהט
11 פָאן זֵיינֶע מַעֲשִׂים, אַזוֹי וִויא גָאטְט פָאן זֵיינֶע. דֶערִיבֶּער לָאזֶען מִיר
טְרַאכְטֶען, אִין יֶענֶער רוּהֶע אַרֵיינְצוּקוּמֶען, כְּדֵי קֵיינֶער זָאל נִיט,
12 נָאךְ יֶענֶעם בֵּיישְׁפִּיל, אַרֵיינְפַאלֶען אִין נִיט גֶעהָארְכְזַאמְקֵייט. ווייל
דָאס וָוארְט פָאן גָאטְט אִיז לֶעבֶּענְדִיג אוּן קְרֶעפְטִיג אוּן שַׁארְפֶער
פָאן אֵיין צְווֵיישְׁנֵיידִיגֶען שְׁוֶוערְד: עֶס דֶערְגְרֵייכְט בִּיז צוּם אָבְּ־
טְהֵיילוּנְג פָאן דֶער זֶעעלֶע אוּן דֶעם גֵייסְט, דִיא גְלִידֶער אוּן דֶעם
13 מַארְךְ, אוּן מִשְׁפָּט דִיא גֶעדַאנְקֶען אוּן זִינֶען פָאן הַארְצֶען. אוּן עֶס
אִיז נִיטָא קֵיין בֶּעשֶׁעפֶענִיס, וָואס זָאל פָאן אִיהם פַארְבָּארְגֶען זֵיין,
נוּר אַלְץ אִיז אַנְפְּלֶעקְט אוּן אָפֶען פַאר זֵיינֶע אוֹיגֶען, פָאן דֶעם פָאן
14 וֶועלְכֶע מִיר רֶעדֶען. דֶערִיבֶּער וֶוען מִיר הָאבֶּען, אֵיין רֹאשׁ כֹּהֵן
גָדוֹל, וָואס אִיז אִין הִימֶעל אַרוֹיפְגֶענַאנְגֶען, יֵשׁוּעַ דֶער זָאהְן גָאטְטֶעס,
15 אַזוֹי לָאזֶען מִיר פֶעסְט הַאלְטֶען אָן אוּנְזֶער בֶּעקֶענְטֶענִיס. ווייל מִיר
הָאבֶּען נִיט אַזוֹי אֵיין כֹּהֵן גָדוֹל, וֶועלְכֶער קָאן נִיט מִיט פִיהלֶען מִיט

אוּנזֶערֶע שְׁוַואכְקֵייטֶען, נוּר אַזֶעלְכֶען, וָואס אִיז אִין אַלֶץ גֶעפְּרוּבְט
16 גֶעוָוארֶען, גְלֵייך וִויא מִיר, אָבֶּער אָן זִינְד. דֶערִיבֶּער לָאזֶען מִיר
מִיט בְּטָחוֹן, צוּטְרֶעטֶען צוּם טְהָרָאן פָאן דֶער גְנָאד, כְּדֵי מִיר זָאלֶען
מְקַבֵּל זַיין דֶערְבַּארֶעמוּנְג, אוּן זָאלֶען גֶעפִינֶען גְנָאד אִין דֶער צַייט,
וֶוען מִיר וֶועלֶען נוֹיטִיג הָאבֶּען הִילְף.

ה וַוייל יֶעדֶער כֹּהֵן גָדוֹל, וֶועלְכֶער אִיז פָאן מֶענְשֶׁען גֶענוּמֶען
גֶעוָוארֶען, וֶוערְט גֶעשְׁטֶעלְט פַאר מֶענְשֶׁען גָאטְט צוּ דִינֶען, מַקְרִיב
2 צוּ זַיין מְנָחוֹת אוּן קָרְבָּנוֹת פַאר זִינְד. עֶר קֶען רֶעכְט פִיהלֶען מִיט
אוּנְוִויסֶענְדֶע אוּן פֶערְפִירְטֶע, וַוייל עֶר אִיז אַלֵיין אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט
3 מִיט שְׁוַואכְקֵייטֶען. אוּן דֶער פַאר מוּז עֶר פַאר דֶעם פָאלְק וִויא
4 אוֹיך פַאר זִיך מַקְרִיב זַיין פַאר דִיא זִינְד. אוּן קֵיינֶער קֶען זִיך אַלֵיין
דֶעם כָּבוֹד נִיט נֶעהמֶען, נוּר דֶער וָואס אִיז פָאן גָאטְט גֶערוּפֶען, אַזוֹי
5 וִויא אַהֲרֹן. אַזוֹי הָאט אוֹיך מָשִׁיחַ אַלֵיין זִיך נִיט גֶענוּמֶען דֶעם
כָּבוֹד צוּ זַיין אֵיין כֹּהֵן גָדוֹל, נוּר דֶער, וֶועלְכֶער הָאט אִיהם גֶעזָאגְט:
6 דוּא בִּיסְט מֵיין זָאהן, הֵיינְט הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעבָּארֶען. אַזוֹי וִויא אִיךְ
הָאבּ עֶס אוֹיךְ אוֹיף אֵיין אַנְדֶערֶען אָרְט גֶעזָאגְט: דוּא בִּיסְט אֵיין כֹּהֵן
7 אוֹיף עֶווִיג, נָאךְ דֶער אָרְדְנוּנְג פָאן מַלְכִּי צֶדֶק. עֶר הָאט אִין דִיא
טֶעג פָאן זַיין פְלֵייש מִיט גְרֵייסֶע גֶעשְׁרֵיי אוּן טְרֶערֶען גֶעבְּרַאכְט
תְּפִלּוֹת אוּן תַּחֲנוּנִים צוּ דֶעם, וֶועלְכֶער הָאט אִיהם גֶעקֶענְט מַצִּיל
זַיין פָאן דֶעם טוֹיט, אוּן אִיז אוֹיךְ דֶערְהֶערְט גֶעוָוארֶען פַאר זַיין
8 יִרְאַת שָׁמַיִם. עֶר אִיז אֲפִילוּ אֵיין זָאהן גֶעוֶוען, נוּר דָאךְ הָאט עֶר
9 זִיךְ גֶעוֶועהנְט דוּרְךְ יִסוּרִים צוּ גֶעהָארְכֶען. אוּן וֶוען עֶר אִיז פָאלְ־
קָאמֶען (נִשְׁלַם) גֶעוָוארֶען, אִיז עֶר גֶעוָוארֶען פַאר אַלֶעמֶען, וֶועלְכֶע
10 גֶעהָארְכֶען אִיהם דִיא סִבָּה פָאן אֵיין עֶווִיגֶע הִילְף. וַוייל עֶר אִיז
פָאן גָאטְט גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען אֵיין כֹּהֵן גָדוֹל נָאךְ דֶער אָרְדֶענוּנְג
11 פָאן מַלְכִּי צֶדֶק. וֶועגֶען דֶעם וָואלְטֶען מִיר בֶּעדַארְפְט פִיל רֶעדֶען,
נוּר עֶס אִיז שְׁוֶוער צוּ דֶערְקְלֶערֶען, וַוייל אִיהר זֶענְט גֶעוָוארֶען
12 שְׁוֶוער צוּם הֶערֶען. וַוייל נָאךְ דֶער צַייט נָאךְ וָואלְט אִיהר בֶּע־
דַארְפְט זַיין לֶעהרֶער, נוּר אִיהר בֶּעדַארְפְט, דָאס מֶען זָאל אַייךְ
ווִידֶער לֶעהְרֶען דֶעם אָנְפַאנְג פָאן דִיא עִקָּרִים פָאן גָאטְטֶעס רֶעד,
אוּן הָאט דֶערְצוּ גֶעבְּרַאכְט, דָאס אִיהר הָאט נֶעטִיג מִילְךְ אָנְשְׁטָאט
13 פֶעסְטֶע שְׁפֵּייזֶען. יֶעדֶער, וֶועלְכֶער וֶועהְרְט דֶערְנֶעהְרְט פָאן מִילְךְ,

פֶּערְשְׁטֶעהט נִיט דֶעם וָוארְט פָּאן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, וֵוייל עֶר אִיז
14 אֵיין קִינְד. פֶּעסְטֶע שְׁפֵּייזֶע אָבֶּער אִיז פַאר פָאלְקָאמֶענֶע (שְׁלֵמִים),
וָועמֶעס גֶעפִיהל עֶס אִיז דוּרְךְ גֶעוָועהְנְהֵייט גֶעלֶעהֶרֶנְט צוּ אוּנְטֶער־
שֵׁיידֶען צְוִוישֶׁען גוּטֶעס אוּן בֶּעזֶעס.

ו דֶערִיבֶּער לָאזֶען מִיר אִיבֶּערְלָאזֶען דֶעם אָנְפַאנְג פָּאן דֶער
לֶעהְרֶע פָּאן דֶעם מָשִׁיחַ, אוּן זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען צוּ דֶער פָאלְקָאמֶענְהֵייט
(שְׁלֵמוּת); מִיר זָאלֶען נִיט נָאךְ אֵיין מָאל לֶעגֶען אֵיין יְסוֹד צוּ תְּשׁוּבָה
2 פָּאן טוֹיטֶע מַעֲשִׂים, פָּאן דֶער אֱמוּנָה אִין גָאטְט. צוּ דֶער לֶעהְרֶע
פָּאן טְבִילוֹת אוּן פָּאן הֶענְד אַרוֹיפְלֶעגוּנְג, פָּאן תְּחִיַּת הַמֵּתִים אוּן
3 פָּאן דֶעם עֶווִיגֶען מִשְׁפָּט. אוֹיךְ דָאס וֶועלֶען מִיר טָאן וֶוען גָאטְט
4 וֶועלֶען. וֵוייל עֶס אִיז נִיט מִיגְלַאךְ, דָאס דִיא, וֶועלְכֶע זֶענֶען שָׁאן
אַמָאל דֶערְלֵייכְטֶעט גֶעוָוארֶען אוּן הָאבֶּען פֶּערְזוּכְט דִיא מַתָּנָה פָּאן
הִימֶעל, אוּן זֵיינֶען אֵיינְגֶעטֵיילְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ.
5 אוּן הָאבֶּען פֶּערְזוּכְט דָאס גוּטֶע וָוארְט פָּאן גָאטְט אוּן דִיא קְרֶעפְטֶע
6 פָּאן עוֹלָם הַבָּא. אוּן זֶענֶען אָבְּגֶעפַאלֶען, זָאל מֶען וִוידֶער דֶערְנֵייעֶרֶען
דוּרְךְ תְּשׁוּבָה, וֵוייל זֵיי הָאבֶּען נָאךְ אֵיין מָאל אִין זִיךְ אַלֵיין
גֶעקְרֵייצִיגְט דֶעם זָאהְן פָּאן גָאטְט אוּן מַאכֶען אִיהם צוּם גֶעשְׁפֶּעט.
7 דֶען דִיא עֶרְד, וָואס טְרִינְקְט זִיךְ אָן פִיל מָאל פָּאן דֶעם רֶעגֶען,
וֶועלְכֶער גֶעהְט אוֹיף אִיהר, אוּן בְּרֶענְגְט אַרוֹיס נוּצְלִיכֶע פְלַאנְצוּנְגֶען
פַאר דִיא, וֶועלְכֶע בֶּעאַרְבֵּייטֶען זִיא, בֶּעקוּמְט דִיא בְּרָכָה פָּאן גָאטְט;
8 דִיא אָבֶּער, וֶועלְכֶע בְּרֶענְגְט אַרוֹיס דֶערְנֶער אוּן דִיסְטֶעלֶען, אִיז
פַארְוָוארְפֶען אוּן אִיז נָאהֶענְט צוּ אֵיין קְלָלָה, אוּן צוּם עֶנְדֶע וֶוערְט
9 זִיא פַארְבְּרֶענְט. אָבֶּער מִיר הָאפְּפֶען וֶועגֶען אַייךְ, גֶעלִיבְּטֶע, עֶטְוָואס
בֶּעסֶערֶעס, אוּן דָאס וָואס גֶעהֶערְט צוּ אֵייעֶר זֶעלִיגְקֵייט (יְשׁוּעָה)
10 זֵיינֶען מִיר גֶעוִויס, וֶוען אוֹיךְ מִיר רֶעדֶען אַזוֹי. וֵוייל גָאטְט אִיז נִיט
אוּנְגֶערֶעכְט, עֶר זָאל פֶּערְגֶעסֶען אֵייעֶר וֶוערְק אוּן דִיא אַרְבֵּייט פָּאן
לִיבֶּע, וָואס אִיהר הָאט בֶּעוִויזֶען אִין זֵיין נָאמֶען מִיט דֶעם וָואס אִיהר
11 הָאט בֶּעדִינְט אוּן דִינְט נָאךְ דִיא הֵיילִיגֶע. מִיר וִוינְשֶׁען אָבֶּער,
דָאס יֶעדֶערֶער פָּאן אַייךְ זָאל אַזוֹי אֵיין גְלֵייכֶען פְלֵייס בֶּעהַאלְטֶען,
12 כְּדֵי צוּ בֶּעוֵוייזֶען דִיא הָאפְנוּנְג בִּיז צוּם עֶנְדֶע. כְּדֵי אִיהר זָאלְט
נִיט פוֹיל וֶוערֶען, נוּר נָאכְגֶעהְן נָאךְ דִיא, וֶועלְכֶע יַרְשׁ'עֶנֶען דִיא
13 הַבְטָחָה דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען אוּן גֶעדוּלְד (סַבְלָנוּת). דֶען גָאטְט הָאט

אַבְרָהָם׳ען גֶעגֶעבֶּען דִיא פַארְשְׁפְּרֶעכוּנְג אוּן הָאט מִיט זִיךְ אַלֵיין
גֶעשְׁוָוארֶען, וַוייל עֶר הָאט קֵיין הֶעכֶערֶען נִיט גֶעהַאט מִיט אִיהם
14 צוּ שְׁוֶוערֶען. אוּן הָאט גֶעזָאגְט: בֶּענְשֶׁען וֶועל אִיךְ דִיךְ בֶּענְשֶׁען אוּן
15 מֶעהרֶען וֶועל אִיךְ דִיךְ פַארְמֶעהרֶען. אוּן וֶוען עֶר הָאט גֶעוַוארְט
16 מִיט גֶעדוּלְד, הָאט עֶר בֶּעקוּמֶען דִיא הַבְטָחָה. מֶענְשֶׁען שְׁוֶוערֶען
בֵּיי אֵיין הֶעכֶערֶעם פָאן זֵיי, אוּן דִיא שְׁבוּעָה מַאכְט אֵיין עֶנְדֶע פָאן
17 אַלֶע קְרִיג אוּן עֶס בְּלֵייבְּט דֶערְבֵּיי פֶעסְט צְוִוישֶׁען זֵיי. דֶערִיבֶּער
הָאט אוֹיךְ גָאטְט, וֶוען עֶר הָאט גֶעוָואלְט נָאךְ מֶעהר בֶּעוֵוייזֶען דִיא
עֶרְבֶּען פָאן זֵיין הַבְטָחָה, דָאס אוּנְפֶערְעֶנְדֶערְלִיכְקֵייט פָאן זֵיין ווִילֶען,
18 זִיךְ בֶּעדִינְט מִיט אֵיין שְׁבוּעָה. כְּדֵי מִיר זָאלֶען דוּרְךְ צְוֵויי אוּנ־
פֶערְעֶנְדֶערְלִיכֶע זַאכֶען, אִין וֶועלְכֶע גָאטְט קֶען נִיט לֵייקֶענֶען, זָאלְען
מִיר הָאבֶּען אֵיין פֶעסְטֶע נֶחָמָה, מִיר, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעלָאפֶען אוּן
הָאבֶּען זִיךְ גֶעחַאפְּט צוּ דֶער פַאר אוּנְז בֶּעשְׁטִימְטֶער הָאפֶענוּנְג.
19 וֶועלְכֶע אִיז פַאר דֶער נְשָׁמָה אֵיין זִיכֶערֶער אוּן פֶעסְטֶער אַנְקֶער
20 אוּן גְרֵייכְט אִינְוֶוענִיג פָאן דֶעם פָּרוֹכֶת. וואוּהִין עֶס אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען
פַאר אוּנְז דֶער פָאר־לֵייפֶער יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין
כֹּהֵן גָדוֹל אוֹיף עֶוִויג נָאךְ דֶער אָרְדֶענוּנְג פָאן מַלְכִּי צֶדֶק.
ז ווֵייל דִיזֶער מַלְכִּי צֶדֶק, דֶער מֶלֶךְ פָאן שָׁלֵם, דֶער כֹּהֵן פָאן
דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען גָאטְט, וָואס הָאט בֶּעגֶעגֶענְט אַבְרָהָם׳ען אוּן
הָאט אִיהם גֶעבֶּענְשְׁט, וֶוען עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט אוּן אֵיינ־
2 גֶענוּמֶען דִיא מְלָכִים; וֶועלְכֶען אַבְרָהָם הָאט אוֹיךְ מַעֲשֵׂר גֶעגֶעבֶּען
פָאן אַלְץ. עֶרְשְׁטֶענְס, וֶוערְט עֶר עֶרְקְלֶערְט, אֵיין קֶענִיג פָאן
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן דֶער נָאךְ אוֹיךְ מֶלֶךְ פָאן שָׁלֵם, דָאס הֵייסְט,
3 אֵיין קֶענִיג פָאן פְרִידֶען. אָן אֵיין פָאטֶער, אָן אֵיין מוּטֶער, אָן אֵיין
יִחוּס, וָואס הָאט נִיט קֵיין אָנְפַאנְג פָאן טֶעג, נִיט קֵיין עֶנְדֶע פָאן
דֶעם לֶעבֶּען; עֶר אִיז גְלֵייךְ צוּ גָאטְטֶעס זָאהְן, אוּן בְּלֵייבְּט אֵיין כֹּהֵן
4 אוֹיף עֶוִויג. זֶעהְט, וִויא גְרָאס אִיז גֶעוֶוען דֶער, וֶועלְכֶען דֶער
עֶלְטֶערְפָאטֶער אַבְרָהָם, הָאט גֶעגֶעבֶּען מַעֲשֵׂר פָאן זֵיין בֶּעסְטֶען
5 רוֹיב! דִיא וֶועלְכֶע זֵיינֶען פָאן דִיא קִינְדֶער לֵוִי׳ס, וֶועלְכֶע הָאבֶּען
מְקַבֵּל גֶעוֶוען דִיא כְּהוּנָה, הָאבֶּען אֵיין גֶעבָאט צוּ נֶעהמֶען נָאךְ דֶעם
גֶעזֶעץ מַעֲשֵׂר פָאן דֶעם פָאלְק, דָאס הֵייסְט, פָאן זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער,
6 וֶוען אוֹיךְ זֵיי זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פָאן אַבְרָהָם׳ס לֶענְדֶען. אָבֶּער דֶער,

װעֶלכֶער אִיז נִיט פָאן זֵייעֶר יִחוּס, הָאט בֶּעקוּמֶען מַעֲשֵׂר פָאן
אַבְרָהָם׳עֶן, אוּן הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם, װעֶלכֶער הָאט גֶעהַאט דִיא
7 הַבְטָחָה. קֵיינֶער קֶען אָבֶּער נִיט אֵיינְװעֶנְדֶען, דָאס דֶער קְלֶענֶערֶער
8 װעֶרְט גֶעבֶּענְשְׁט פָאן דֶעם גְרֶעסֶערֶען. אוּן דָא נֶעהמֶען מַעֲשֵׂר
שְׁטֶערְבְּלִיכֶע מֶענְשֶׁען; דָארְט אָבֶּער דֶער, אוֹיף װעֶלכֶען עֶס אִיז
9 עֵדוּת גֶעזָאגְט, דָאס עֶר לֶעבְּט. אוּן אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אֲפִילוּ לֵוִי, װָאס
10 נֶעהמְט מַעֲשֵׂר, הָאט דוּרְךְ אַבְרָהָם׳ן מַעֲשֵׂר גֶעגֶעבֶּען, װֵייל עֶר
אִיז נָאךְ גֶעװעֶן אִין דִיא לֶענְדֶען פָאן דֶעם פָאטֶער, װעֶן מַלְכִּי צֶדֶק
11 הָאט אִיהם בֶּעגֶעגֶענְט. װעֶן עֶס װָאלְט נוּן גֶעקֶענְט אֵיינֶע פָאלְ־
קָאמֶענְהֵייט (שְׁלֵמוּת) דֶערְגְרֵייכְט װעֶרֶען דוּרְךְ דֶער כְּהוּנָה פָאן
לֵוִי, (װֵייל מִיט דֶעם אִיז פֶערְבּוּנְדֶען דָאס גֶעזֶעץ פָאן פָאלְק,) צוּ
װָאס װָאלְט נָאךְ בֶּעדַארְפְט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערֶער כֹּהֵן נָאךְ
דֶער אָרְדְנוּנְג פָאן מַלְכִּי צֶדֶק, אוּן זִיךְ נִיט רוּפֶען נָאךְ דֶער אָרְדֶענוּנְג
12 פָאן אַהֲרֹן? דֶען מִיט דֶער פֶערְעֶנְדֶערוּנְג פָאן דֶער כְּהוּנָה, אִיז עֶס
13 אוֹיךְ נוֹיטִיג דִיא תּוֹרָה זָאל פַארְעֶנְדֶערְט װעֶרֶען. װֵייל דֶער, אוֹיף
װעֶמֶען דָאס אִיז גֶעזָאגְט גֶעװָארֶען, הָאט גֶעהֶערְט צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען
14 שֵׁבֶט, פָאן װעֶלכֶען קֵיינֶער הָאט נִיט גֶענֶעהנְט צוּם מִזְבֵּחַ. דֶען עֶס
אִיז בֶּעקַאנְט, דָאס אוּנְזֶער הֶערְר אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פָאן דֶעם שֵׁבֶט
יְהוּדָה, פָאן װעֶלכֶען מֹשֶׁה הָאט גָאר נִיט גֶעזָאגְט װעֶגֶען דֶער
15 כְּהוּנָה. אוּן דָאס אִיז נָאךְ קְלֶערֶער, װעֶן, נָאךְ דֶעם שְׁטֵייגֶער װִיא
16 מַלְכִּי צֶדֶק, שְׁטֶעהט אוֹיף אֵיין אַנְדֶער כֹּהֵן, װעֶלכֶער נִיט נָאךְ
דֶער תּוֹרָה פָאן דֶעם גֶעבָּאט פָאן פְלֵיישׁ גֶעמַאכְט אִיז, נוּר נָאךְ
17 דֶער קְרַאפְט פָאן אָן אֵיין אוֹיפְהֶערְלִיכֶען לֶעבֶּען. װֵייל עֶס אִיז
בֶּעװִיזֶען: דוּא בִּיסְט אֵיין כֹּהֵן אוֹיף עֶװִיג נָאךְ דֶער אָרְדֶענוּנְג פָאן
18 מַלְכִּי צֶדֶק. דֶען דֶערִיבֶּער װעֶרְט דָאס פְרִיהֶערְדִיגֶע גֶעבָּאט בָּטֵל,
19 װֵייל עֶס אִיז צוּ שְׁװַאךְ אוּן נִיט נִיצְלַאךְ גֶעװעֶזֶען. (װֵייל דָאס גֶעזֶעץ
הָאט גָאר נִיט פָאלְקָאמֶען גֶעמַאכְט;) אוּן עֶס װעֶרְט אֵיינְגֶעפִיהרְט
אֵיין בֶּעסֶערֶע הָאפֶענוּנְג, דוּרְךְ װעֶלכֶער מִיר קוּמֶען נָאהֶענְט צוּ
20 21 גָאטְט. אוּן אַזוֹי װִיא דָאס אִיז נִיט גֶעשֶׁעהֶען אָן אֵיין שְׁבוּעָה, דֶען
יֶענֶע זֵיינֶען גֶעװָארֶען כֹּהֲנִים אָן אֵיין שְׁבוּעָה, דִיזֶער אָבֶּער מִיט אֵיין
שְׁבוּעָה, דוּרְךְ דֶעם װעֶלכֶער הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: דֶער הֶערְר
הָאט גֶעשְׁװָארֶען, אוּן װעֶט קֵיין חֲרָטָה נִיט הָאבֶּען, דוּא בִּיסְט אֵיין

כֹּהֵן אוֹיף עֵוִויג נָאךְ דֶער אָרְדֶענוּנְג פָאן מַלְכִּי צֶדֶק. אִיז יֵשׁוּעַ 22
גֶעוָואָרֶען דֶער עָרֵב פָאן אַיין בֶּעסֶערֶען בְּרִית (בּוּנְד). אוּן יֶענֶע 23
כֹּהֲנִים זַיינֶען גֶעוֶועזֶען פִילֶע, וַוייל זֵיי זֶענֶען דוּרְךְ דֶעם טוֹיט נִיט
דֶערְלָאזֶען גֶעוָואָרֶען צוּ פֶערְבְּלַייבֶּען. דִיזֶער אָבֶּער, וַוייל עֶר 24
פֶערְבְּלַייבְּט אוֹיף עֶוִויג, הָאט עֶר אוֹיךְ אַיין כְּהוּנָה, וֶועלְכֶע פַארְ־
גֶעהט נִיט. דֶערִיבֶּער קֶען עֶר אוֹיךְ שְׁטֶענְדִיג רֶעטֶען דִיא, וֶועלְכֶע 25
קוּמֶען דוּרְךְ אִיהם צוּ גָאטְט, וַוייל עֶר לֶעבְּט שְׁטֶענְדִיג, כְּדֵי עֶר
זָאל פַאר זֵיי בֶּעטֶען. אַזוֹי אַיין כֹּהֵן גָדוֹל דַארְף אוֹיךְ בֵּיי אוּנְז 26
זַיין הֵיילִיג, אָן אַיין בֶּעז, אָן אַיין פֶעהלֶער, אָבְּגֶעטֵיילְט פָאן זִינְדֶער
אוּן הֶעכֶער פָאן הִימֶעל. וֶועלְכֶער הָאט נִיט נֵייטִיג אַלֶע טָאג, וִויא 27
יֶענֶע כֹּהֲנִים גְדוֹלִים צוּ בְּרֶענְגֶען קָרְבָּנוֹת, פְרִיהֶער פַאר זֵייעֶרֶע זִינְד,
אוּן דֶערְנָאךְ פַאר דִיא זִינְד פָאן דֶעם פָאלְק; וַוייל עֶר הָאט עֶס אַיין
מָאל פַאר אַלֶע מָאל גֶעטָאן, דֶערְמִיט וָואס עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין פַאר
אַיין קָרְבָּן גֶעבְּרַאכְט. וַוייל דִיא תּוֹרָה מַאכְט מֶענְשֶׁען פַאר 28
כֹּהֲנִים גְדוֹלִים, וֶועלְכֶע הָאבֶּען שְׁוַואכְקֵייטֶען, אָבֶּער דָאס וָוארְט
פָאן דֶער שְׁבוּעָה, וֶועלְכֶעס אִיז נָאךְ דֶער תּוֹרָה גֶעקוּמֶען, הָאט
גֶעשְׁטֶעלְט דֶעם זָאהן, וֶועלְכֶער אִיז פָאלְקָאמֶען אוֹיף עֶוִויג.
דֶער עִיקָר אָבֶּער אִין דִיזֶער זַאךְ, אִיז דָאס: מִיר הָאבֶּען אַזוֹי ח
אַיין כֹּהֵן גָדוֹל, וֶועלְכֶער זִיצְט צוּ דֶער רֶעכְטֶער זַייט פָאן דֶער
גְדוּלָה אִין דִיא הִימְלֶען. אוּן אִיז אַיין דִינֶער פָאן דֶעם הֵיילִיגֶען 2
אוּן אֶמֶת'עֶן מִשְׁכָּן, וָואס דֶער הֶערְר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט, אוּן נִיט
קֵיין מֶענְשׁ. דֶען יֶעדֶערֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז גֶעשְׁטֶעלְט דַארוֹיף, 3
מַקְרִיב צוּ זַיין מְנָחוֹת אוּן קָרְבָּנוֹת, אוּן דֶערִיבֶּער אִיז עֶס גֶענֶעטִיג
דָאס עֶר זָאל אוֹיךְ הָאבֶּען וָואס מַקְרִיב צוּ זַיין. וֶוען עֶר וָואלְט 4
גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אַזוֹי וָואלְט עֶר קֵיין כֹּהֵן נִיט גֶעוֶועזֶען, וַוייל
אַזֶעלְכֶע כֹּהֲנִים, וֶועלְכֶע זֶענֶען מַקְרִיב נָאךְ דֶער תּוֹרָה (עַל פִּי דִין
תּוֹרָה) מְנָחוֹת, זֶענֶען פַאראַן. וֶועלְכֶע דִינֶען דִיא נָאכְבִּילְדוּנְג 5
(נָאכְמַאכוּנְג) אוּן דֶעם שָׁאטֶען פָאן דָאס וָואס עֶס אִיז אִין הִימֶעל,
וִויא עֶס אִיז גֶעלֶעהרֶענְט גֶעוָואָרֶען צוּ משֶׁה'ן וֶוען עֶר הָאט גֶעדַאכְט
צוּ בּוֹיעֶן דֶעם מִשְׁכָּן: זֶעה, אִיז גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט אַלְץ מַאכֶען
נָאךְ דֶעם פָארְבִּילְד, וֶועלְכֶער אִיז דִיר גֶעוִויזֶען גֶעוָואָרֶען אוֹיף דֶעם
בַּארְג. יֶעצְט אָבֶּער הָאט עֶר בֶּעקוּמֶען אַיין פִיל בֶּעסֶערֶען דִינְסְט, 6

וַוייל עֶר אִיז אֵיין פֶּערְמִיטְלֶער (מֵלִיץ), פָאן אֵיין פִיל בֶּעסֶערֶען
7 בְּרִית (בּוּנְד), וֶועלְכֶער בֶּעשְׁטֶעהט אוֹיף בֶּעסֶערֶע הַבְטָחוֹת. וַוייל
וֶוען דֶער עֶרְשְׁטֶער בְּרִית וָואלְט גֶעוֶועזֶן אָן פֶּעהלֶער, אַזוֹי וָואלְט
8 מֶען נִיט גֶעזוּכְט קֵיין אָרְט פַאר אֵיין אַנְדֶערֶען. נוּר דֶער נָבִיא
שְׁטְרָאפְט זֵיי אוּן זָאגְט: זֶעה, עֶס קוּמֶען טֶעג, זָאגְט דֶער הֶערְר,
וֶוען אִיךְ וֶועל שְׁלִיסֶען מִיט בֵּית יִשְׂרָאֵל אוּן בֵּית יְהוּדָה אֵיין נֵייעֶם
9 בְּרִית (בּוּנְד). נִיט וִויא דֶעם בְּרִית, וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁלָאסֶען
מִיט זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן אִין דֶעם טָאג, וֶוען אִיךְ הָאבּ זֵיי גֶענוּמֶען בֵּיי
דֶער הַאנְד, זֵיי אַרוֹיס צוּ פִיהְרֶען פָאן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם; וַוייל
זֵיי זֶענֶען נִיט גֶעבְּלִיבֶּען בֵּיי מֵיין בְּרִית, אוּן אִיךְ הָאבּ זֵיי פַארְ־
10 וָוארְפֶען, זָאגְט דֶער הֶערְר. וַוייל דָאס אִיז דֶער בְּרִית וָואס אִיךְ
וֶועל שְׁלִיסֶען מִיט בֵּית יִשְׂרָאֵל נָאךְ יֶענֶע טֶעג, זָאגְט דֶער הֶערְר:
אִיךְ וֶועל מֵיינֶע גֶעזֶעצֶע אַרֵיינְלֶעגֶען אִין זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען, אוּן זֵיי
אוֹיפְשְׁרֵייבֶּען אִין זֵייעֶר הַארְץ, אוּן וֶועל זֵיי זֵיין אֵיין גָאטְט, אוּן זֵיי
11 וֶועלֶען זֵיין מֵיין פָאלְק. אוּן זֵיי וֶועלֶען מֶעהר נִיט לֶעהְרֶענֶען, יֶעדֶערֶער
זֵיין חַבֵר אוּן יֶעדֶערֶער זֵיין בְּרוּדֶער, אוּן זָאגֶען: לֶערֶען דֶעם הֶערְרְן
12 צוּ קֶענֶען; וַוייל אַלֶע פָאן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס וֶועלֶען מִיךְ קֶענֶען. וַוייל
אִיךְ וֶועל גְנֶעדִיג זֵיין גֶעגֶען זֵייעֶרֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען, אוּן זֵייעֶרֶע
13 זִינְד וֶועל אִיךְ מֶעהר נִיט גֶעדֶענְקֶען. וֶוען עֶר זָאגְט „נֵייעֶר בְּרִית״,
אַזוֹי הָאט עֶר דֶעם עֶרְשְׁטֶען פַאר פֶערְעֶלְטֶערְט דֶערְקְלֶערְט;
אָבֶּער וָואס עֶס אִיז פָאן לַאנְגֶע יָאהְרֶען אוּן פֶערְעֶלְטֶערְט, דָאס
אִיז נָאהֶענְט פַארְשְׁווָאוּנְדֶען צוּ וֶוערֶען.

ט דֶער עֶרְשְׁטֶער (בְּרִית) הָאט אֲפִילוּ אוֹיךְ גֶעהַאט גֶעזֶעצֶע פָאן
2 גָאטְטֶעס דִינְסְט אוּן אֵיין וֶועלְטְלִיכֶען מִקְדָשׁ. וַוייל דֶער עֶרְשְׁטֶער
מִשְׁכָּן אִיז אַזוֹי צוּגֶעבְּרֵייטְעט גֶעוָוארֶען, אִינֶעוֶוענִיג זֶענֶען גֶעוֶועזֶן דִיא
מְנוֹרָה, דֶער שֻׁלְחָן אוּן דֶער לֶחֶם הַפָּנִים; אוּן עֶס הָאט גֶעהֵייסֶען
3 קֹדֶשׁ. הִינְטֶער דֶעם צְווֵייטֶען פָּרוֹכֶת אָבֶּער אִיז גֶעוֶועזֶן דֶער
4 (צְווֵייטֶער) מִשְׁכָּן, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען קֹדֶשׁ הַקֳדָשִׁים. אוּן הָאט
גֶעהַאט אֵיין גָאלְדֶענֶע פֵייעֶר־פַאן אוּן דֶעם אֲרוֹן הַבְּרִית, וֶועלְכֶער
אִיז גֶעוֶועזֶן בֶּעדֶעקְט מִיט גָאלְד פָאן אַלֶע זֵייטֶען, אוּן דֶערִינֶען אִיז
גֶעוֶועזֶן אֵיין גָאלְדֶענֶע כְּלִי מִיט מַן, דֶער שְׁטֶעקֶען פָאן אַהֲרֹן,
5 וָואס הָאט גֶעבְּלִיהט אוּן דִיא לוּחוֹת הַבְּרִית; אוּן אִיבֶּער זֵיי זֶענֶען

גֶעוֶוען דִיא כְּרוּבִים פָאן הֶערְלִיכְקֵייט, וֶועלְכֶע הָאבֶּען מִיט דֶעם
שָׁאטֶען בֶּעדֶעקְט דֶעם כַּפּוֹרֶת. וֶוענֶען וֶועלְכֶע זַאכֶען מֶען קֶען יֶעצְט
6 נִיט אֵיינְצִיג וֵוייס רֶעדֶען. אַזוֹי אִיז דִיא צוּבְּרֵייטוּנְג גֶעוֶועזֶען. אוּן
עֶס הָאבֶּען דִיא כֹּהֲנִים שְׁטֶענְדִיג מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען
7 מִשְׁכָּן, וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעטָאן דִיא עֲבוֹדָה. אִין דֶעם אַנְדֶערְן
אָבֶּער פְלֶעגְט נוּר אַרֵיינְגֶעהְן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אֵיין מָאל אִין יָאהר,
נִיט אָן בְּלוּט, וָואס עֶר הָאט מַקְרִיב גֶעוֶוען פַאר זִיךְ אוּן פַאר דִיא
8 שְׁגָגוֹת פָאן דֶעם פָאלְק. דֶערְמִיט בֶּעוֵוייזְט דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, דָאס
דֶער וֶועג צוּם קֹדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים אִיז נָאךְ נִיט אָפֶען גֶעוָוארֶען, וִויא לַאנְג
9 עֶס שְׁטֶעהט דֶער עֶרְשְׁטֶער מִשְׁכָּן, וֶועלְכֶער אִיז אֵיין בִּילְד פָאן
דֶער יֶעצְטִיגֶער צֵייט, וֶוען מֶען בְּרֶענְגְט מְנָחוֹת אוּן זְבָחִים, וֶועלְכֶע
קֶענֶען נִיט פָאלְקָאמֶען מַאכֶען אִין גֶעוִויסֶען דֶעם, וָואס אִיז זֵיי
10 מַקְרִיב, נוּר זֶענֶען בֶּעשְׁטִימְט גֶעוֶוען, אוֹיף מַאֲכָלִים אוּן מַשְׁקָאוֹת
אוּן פֶערְשִׁידֶענֶע טְבִילוֹת אוּן אוֹיסְוֵוייניגְסְטֶע הֵיילִיגְקֵייט, וֶועלְכֶע
זֵיינֶען גֶעוֶועזֶען אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט בִּיז אֵיין צֵייט פָאן פֶערְבֶּעסֶערוּנְג.
11 דֶער מָשִׁיחַ אָבֶּער, אִיז אֵיין כֹּהֵן גָדוֹל פָאן גוּטֶעס, וֶועלְכֶע וֶועלֶען
זֵיין (טוֹבוֹת הָעֲתִידוֹת), דוּרְךְ אֵיין גְרֶעסֶערֶען אוּן מֶעהר פָאלְקָאמֶענֶעם
מִשְׁכָּן, וָואס אִיז נִיט מִיט הֶענְד גֶעמַאכְט, דָאס הֵייסְט, נִיט פָאן
12 דִיזֶער בֶּעשֶׁעפֶּענֶעס אִיז. אוֹיךְ נִיט מִיט בְּלוּט פָאן צִיגֶען אוּן
קֶעלְבֶּער, נוּר מִיט זֵיין אֵייגֶענֶעם בְּלוּט, אִיז עֶר אֵיין מָאל פַאר אַלֶע
מָאל אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, אוּן הָאט גֶעפוּנֶען אֵיין
13 עֶווִיגֶע דֶערְלֶעזוּנְג. וֵוייל וֶוען דָאס בְּלוּט פָאן אָקְסֶען אוּן צִיגֶען אוּן
דִיא אַשׁ פָאן דֶער קוּה, וֶועלְכֶע וֶוערְט גֶעשְׁפְּרִיצְט אוֹיף דֶעם אוּנְ־
14 רֵיינֶעם, מַאכְט עֶס הֵיילִיג אוּן דָאס פְלֵיישׁ וֶוערְט רֵיין. וִויא פִיל
מֶעהר וֶועט דָאס בְּלוּט פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ דוּרְךְ
דֶעם עֶווִיגֶען גֵייסְט אָן אֵיין פֶעהלֶער מַקְרִיב גֶעוֶוען צוּ גָאטְט, אָבְּ־
רֵיינִיגֶען אוּנְזֶער גֶעוִויסֶען פָאן טוֹיטֶע מַעֲשִׂים, מִיר זָאלֶען דִינֶען דֶעם
15 לֶעבֶּענְדִיגֶען גָאטְט. אוּן דַארִיבֶּער אִיז עֶר דֶער פֶערְמִיטְלֶער
(מֵלִיץ) פָאן אֵיין נֵייעֶם בְּרִית, כְּדֵי דוּרְךְ זֵיין טוֹיט, וֶועלְכֶער אִיז
גֶעוֶוען אֵיין אוֹיסְלֵייזוּנְג פָאן דִיא זִינְד, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעטָאן גֶעוָוארֶען
אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען בְּרִית, זָאלֶען דִיא גֶערוּפֶענֶע בֶּעקוּמֶען דִיא
16 הַבְטָחָה פָאן דֶער עֶווִיגֶער יְרוּשָׁה. וֵוייל וואוּ עֶס אִיז דָא אֵיין צַוָאָה,

17 מוּז אוֹיךְ זַיין דֶער טוֹיט פָאן דֶעם, וָואס לָאזְט דִיא צַוָואָה. וַוייל אֵיין
צַוָואָה וֶוערְט פֶעסְט (מְקוּיָם) דוּרְךְ דֶעם טוֹיט, וֶוען נִיט הָאט עֶס
נָאךְ נִיט קֵיין מַאכְט, וֶוען עֶס לֶעבְּט נָאךְ דֶער, וָועלְכֶער עֶס הָאט
18 עֶס גֶעמַאכְט. דֶערִיבֶּער אִיז אוֹיךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער בְּרִית גֶעגְרִינְדֶעט
19 גֶעוָוארֶען נִיט אָן בְּלוּט. וַוייל, וֶוען משֶׁה הָאט אוֹיסְגֶערֶעט אַלֶע
גֶעבָּאט נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ צוּם גַאנְצֶען פָאלְק, הָאט עֶר גֶענוּמֶען בְּלוּט
פָאן צִיגֶען אוּן פָאן קֶעלְבֶּער, מִיט וַואסֶער אוּן פּוּרְפּוּר־וָואל אוּן
אֵזוֹב, אוּן הָאט בֶּעשְׁפְּרִיצְט וִויא דֶעם סֵפֶר, אַזוֹי אוֹיךְ דָאס גַאנְצֶע
20 פָאלְק, אוּן הָאט גֶעזָאגְט: דָאס אִיז דָאס בְּלוּט פָאן דֶעם בְּרִית,
21 וָואס גָאטְט הָאט אַייךְ גֶעבָּאטֶען. אַזוֹי אוֹיךְ הָאט עֶר בֶּעשְׁפְּרִיצְט
מִיט בְּלוּט דֶעם מִשְׁכָּן אוּן אַלֶע כֵּלִים פָאן דֶעם גָאטְטֶעס דִינְסְט.
22 אוּן כִּמְעַט אַלְדִינְג וֶוערְט נָאךְ דֶער תּוֹרָה גֶערֵיינִיגְט דוּרְךְ בְּלוּט;
23 אוּן אָן בְּלוּטְפֶערְגִיסֶען אִיז נִיט דָא קֵיין פֶערְגֶעבּוּנְג. אַזוֹי הָאבֶּען
גֶעמוּזְט דִיא, וָואס הָאבֶּען דָאס גֶעשְׁטַאלְט פָאן דִיא הִימֶעלְשֶׁע
זַאכֶען גֶערֵיינִיגְט וֶוערֶען; אָבֶּער פַאר דִיא הִימֶעלְשֶׁע זַאכֶען אַלֵיין,
24 מוּז עֶס בֶּעסֶערֶע קָרְבָּנוֹת זַיין, וִויא יֶענֶע זַיינֶען גֶעוֶועזֶען. וַוייל דֶער
מָשִׁיחַ אִיז נִיט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין הֵיילִיגֶען אָרְט, וָועלְכֶער אִיז
מִיט הֶענְד גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, נָאךְ דֶעם גֶעשְׁטַאלְט פָאן דֶעם אֱמֶת'ן,
נוּר אִין הִימֶעל אַלֵיין, כְּדֵי צוּ דֶערְשֵׁיינֶען פַאר גָאטְטֶעס פָּנִים פַאר
25 אוּנְז. אוּן אוֹיךְ נִיט, עֶר זָאל זִיךְ אָפְט מַקְרִיב זַיין, אַזוֹי וִויא דֶער
כֹּהֵן גָדוֹל גֶעהט אַרֵיין אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט יֶעדֶעס יָאהר מִיט
26 פְרֶעמְדֶע בְּלוּט; דַאמָאלְסְט, וָואלְט עֶר בֶּעדַארְפְט אָפְטְמָאל לֵיידֶען
צֵייט דֶער גְרִינְדוּנְג פָאן דֶער וֶועלְט. עֶר אִיז אָבֶּער אֵיין מָאל, צוּם
עֶנְדֶע פָאן דֶער וֶועלְט, גֶעקוּמֶען מְבַטֵל צוּ זַיין דִיא זִינְד דוּרְךְ זַיין
27 קָרְבָּן. אוּן אַזוֹי וִויא מֶענְשֶׁען אִיז גֶעשְׁטֶעלְט, אֵיין מָאל צוּ שְׁטֶערְבֶּען,
28 אוּן דֶערְנָאךְ דֶער מִשְׁפָּט, אַזוֹי הָאט אוֹיךְ דֶער מָשִׁיחַ, זִיךְ אֵיין
מָאל גֶעבְּרַאכְט פַאר אֵיין קָרְבָּן, כְּדֵי אַוֶועקְצוּנֶעהמֶען דִיא זִינְד פָאן
פִילֶע. צוּם צְוֵוייטֶען מָאל אָבֶּער וֶועט עֶר אָן זִינְד דֶערְשֵׁיינֶען צוּ
דִיא, וָועלְכֶע אוֹיף אִיהם וַוארְטֶען, צוּם הִילְף.

י דֶען דִיא תּוֹרָה, וָועלְכֶע אִיז נוּר אֵיין שָׁאטֶען פָאן דִיא זַאכֶען
וָועלְכֶע וֶועלֶען זַיין, אוּן נִיט דָאס גֶעשְׁטַאלְט פָאן דִיא זַאכֶען אַלֵיין,
קָאן קֵיין מָאל נִיט מַאכֶען דוּרְךְ קָרְבָּנוֹת, וָועלְכֶע מֶען בְּרֶענְגְט

שְׁטֶענְדִיג אַלֶע יָאהר, פָאלְקָאמֶען (שָׁלֵם) דִיזֶע, וָועלְכֶע זֵיינֶען זֵיי
2 מַקְרִיב. וָוען נִיט וָואלְט מֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט זֵיי צוּ בְּרֶענְגֶען, וַוייל
דִיא וָואס זֶענֶען מַקְרִיב דֶעם קָרְבָּן, וָוען זֵיי זֶענֶען שׁוֹין אֵיין מָאל
גֶערֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען, וָואלְטֶען זֵיי מֶעהר נִיט גֶעוואוּסְט פָאן אֵיין
3 זִינְד. אָנְשְׁטָאט דֶעם אָבֶּער וֶוערְט זֵיי דוּרְךְ דִיא קָרְבָּנוֹת דֶער
4 אָנְדֶענְקֶען פָאן דִיא זִינְד אַלֶע יָאהר דֶערְמָאנְט. וַוייל עֶס אִיז נִיט
מִיגְלַאךְ, דָאס דָאס בְּלוּט פוּן אָקְסֶען אוּן צִיגֶען זָאלֶען אַוֶועקְנֶעהמֶען
5 דִיא זִינְד. דֶערִיבֶּער זָאגְט עֶר, וֶוען עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶער
וֶועלְט: קֵיין זֶבַח, אוּן קֵיין מִנְחָה הָאסְט דוּא נִיט גֶעוָואלְט, נוּר אֵיין
6 לֵייבּ הָאסְט דוּא מִיר אָנְגֶעגְרֵייט. עוֹלוֹת אוּן קָרְבַּן חֲטָאוֹת זֶענֶען
7 דִיר נִיט גֶעפֶעלֶען. דַאמָאלְסְט הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט: זֶעה, אִיךְ קוּם
וִויא עֶס שְׁטֶעהט פָאן מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם סֵפֶר, צוּ טָאן דֵיין
8 רָצוֹן, גָאטְט. פְרִיהֶער הָאט עֶר גֶעזָאגְט: דָאס נִיט קֵיין זְבָחִים,
מְנָחוֹת, עוֹלוֹת אוּן קָרְבָּנוֹת פַאר זִינְד, הָאסְט דוּא נִיט גֶעוָואלְט אוּן
זֵיי זֶענֶען דִיר נִיט גֶעפֶעלֶען, וִויא זֵיי וֶוערֶען נָאךְ דֶער תּוֹרָה גֶע־
9 בְּרַאכְט. אוּן דֶערְנָאךְ הָאט עֶר גֶעזָאגְט: זֶעה, אִיךְ קוּם צוּ טָאן
דֵיין רָצוֹן, גָאטְט. אִיז עֶר מְבַטֵל דִיא עֶרְשְׁטֶע, כְּדֵי אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען
10 דִיא אַנְדֶערֶע. נָאךְ דִיזֶען רָצוֹן זֶענֶען מִיר גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ דֶעם
וָואס יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ הָאט אֵיין מָאל פָאר אַלֶע מָאל זֵיין לֵייבּ מַקְרִיב
11 גֶעוֶועזֶען. יֶעדֶער כֹּהֵן שְׁטֶעהט אַלֶע טָאג בֵּיי דֶער עֲבוֹדָה אוּן
בְּרֶענְגְט אָפְטְמָאלְס דִיזֶעלְבִּיגֶע קָרְבָּנוֹת, וֶועלְכֶע קֶענֶען קֵיין מָאל
12 נִיט אַוֶועקְנֶעהמֶען דִיא זִינְד. עֶר אָבֶּער, הָאט אֵיין אֵיינְצִיגֶען קָרְבָּן
גֶעבְּרַאכְט פַאר דִיא זִינְד, אוֹיף עֶוִויג, אוּן הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ דֶער
13 רֶעכְטֶער הַאנְד גָאטְטֶעס, אוּן וַוארְט וֵוייטֶער, בִּיז זֵיינֶע פֵיינְד וֶועלֶען
14 גֶעלֶעגְט וֶוערֶען פַאר אֵיין פוּסְבֶּענְקֶעל צוּ זֵיינֶע פִיס. וַוייל עֶר
הָאט מִיט אֵיין קָרְבָּן אוֹיף עֶוִויג פָאלְעֶנְדֶעט, דִיא, וֶועלְכֶע לָאזֶען
15 זִיךְ הֵיילִיגֶען. אוּן דֶער רוּחַ הַקֹדֶשׁ זָאגְט אוֹיךְ עֵדוּת אוֹיף אוּנְז.
16 דֶען נָאכְדֶעם וִויא עֶר הָאט פְרִיהֶער גֶעזָאגְט: דָאס אִיז דֶער בְּרִית,
וֶועלְכֶען אִיךְ וֶועל שְׁלִיסֶען מִיט זֵיי נָאךְ יֶענֶע טֶעג, זָאגְט דֶער הֶערְר:
אִיךְ וֶועל מֵיינֶע גֶעזֶעצֶע אִין זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער גֶעבֶּען, אוּן אִין זֵייעֶרֶע
17 גֶעדַאנְקֶען וֶועל אִיךְ זֵיי פֶערְשְׁרֵייבֶּען. אוּן זֵייעֶר זִינְד אוּן אוּמְרֶעכְט
18 וֶועל אִיךְ מֶעהר נִיט גֶעדֶענְקֶען. וואוּ אָבֶּער עֶס אִיז דָא פַארְגֶעבּוּנְג,

19 דָארְטֶען אִיז מֶעהר נִיט דָא קֵיין קָרְבָּן פַאר דִיא זִינְד. דֶערִיבֶּער
בְּרִידֶער. וֶוען מִיר הָאבֶּען דֶעם בִּטָחוֹן אַרֵיינְצוּקוּמֶען אִין דֶעם
הֵיילִיגֶען אָרְט. דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פָאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דוּרְךְ דֶעם
20 נֵייעֶן אוּן לֶעבֶּענְדִיגֶען וֶועג. וֶועלְכֶען עֶר הָאט אוּנְז צוּגֶעבְּרֵייט דוּרְךְ
21 דֶעם פָּרוֹכֶת, דָאס הֵייסְט, דוּרְךְ זֵיין פְלֵייש, אוּן מִיר הָאבֶּען אֵיין
22 כֹּהֵן גָדוֹל אִיבֶּער גָאטְטֶעס הוֹיז, לָאזֶען מִיר צוּטְרֶעטֶען מִיט אֵיין
אֶמֶת'ֶע הַארְץ, מִיט אֵיין גַאנְצֶען גְלוֹיבֶּען, דוּרְךְ דֶער בֶּעשְׁפְּרִיצוּנְג
רֵיין מַאכֶען דִיא הֶערְצֶער פָאן אֵיין בֶּעזֶען גֶעוִויסֶען, אוּן אָבְּוַואשֶׁען
23 דֶעם לֵייבּ מִיט רֵיינֶע וַואסֶער. אוּן פֶעסְט הַאלְטֶען דִיא בֶּעקֶענְטְנִים
פָאן דֶער הָאפֶענוּנְג אוּנְבֶּעוֶועגְלִיךְ, וֵוייל דֶער אִיז גֶעטְרֵיי, וֶועלְכֶער
24 הָאט מַבְטִיחַ גֶעוֶועזֶען. אוּן לָאזֶען מִיר אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אֵיינֶער אוֹיף
25 דֶעם אַנְדֶערְן, חֵשֶׁק צוּ מַאכֶען צוּ לִיבֶּע אוּן מַעֲשִׂים טוֹבִים. אוּן
נִיט פֶערְלָאזֶען אוּנְזֶער פֶערְזַאמְלוּנְג. אַזוֹי וִויא אַנְדֶערֶע זֶענֶען זִיךְ
נוֹהֵג, נוּר לָאזֶען מִיר וָוארְענֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען, אוּן נָאךְ
26 מֶעהר, וֵוייל מִיר זֶעהֶען וִויא דֶער טָאג גֶענֶעהֶענְט זִיךְ. וֵוייל וֶוען
מִיר מוּטְוִוילִיג זִינְדִיגֶען, דֶערְנָאךְ וִויא מִיר בֶּעקוּמֶען דִיא דֶערְ־
קֶענְטְנִים פָאן דֶעם אֱמֶת, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר נִיט מֶעהר קֵיין קָרְבָּן
27 פַאר דִיא זִינְד, נוּר אֵיין שְׁרֶעקְלִיכֶעס וַוארְטֶען אוֹיף דֶעם מִשְׁפָּט אוּן
28 אֵיין הֶעלִישֶׁען פֵייעֶר, וֶועלְכֶער וֶועט פֶערְבְּרֶענֶען דִיא גֶעגְנֶער. וֶוען
אֵיינֶער אִיז עוֹבֵר פַאר צְווֵיי אָדֶער דְרֵיי עֵדוּת אוֹיף תּוֹרַת מֹשֶׁה
29 וֶוערְט עֶר אָהן רַחֲמָנוּת גֶעטוֹיטֶעט. וִויא פִיל אֵיין עֶרְגֶערֶען שְׁטְרָאף,
מֵיינְט אִיהר, וֶועט דֶער פֶערְדִינֶען, וֶועלְכֶער טְרֶעט מִיט דִיא פִּיס
דֶעם בֶּן אֱלֹהִים, אוּן הַאלְט פַאר אוּנְרֵיין דָאס בְּלוּט פַאן דֶעם
בְּרִית (בּוּנְד), דוּרְךְ וֶועלְכֶען עֶר אִיז גֶעהֵיילִיגְט, אוּן לֶעסְטֶערְט
30 דֶעם גֵייסְט פָאן גְנָאד? מִיר קֶענֶען דֶעם וָואס הָאט גֶעזָאגְט: דִיא
נְקָמָה אִיז מֵיינֶע, אִיךְ וֶועל בֶּעצָאהלֶען, זָאגְט דֶער הֶערְר. אוּן
31 וִוידֶער: דֶער הֶערְר וֶועט זֵיין פָאלְק מִשְׁפָּט'ֶען. עֶס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ
32 אַרֵיינְצוּפַאלֶען אִין דִיא הֶענְד פָאן דֶעם לֶעבֶּענְדִיגֶען גָאטְט. דֶערְ־
מָאנְט אַייךְ אֵייעֶרֶע פְרִיהֶערְדִיגֶע טֶעג, וֶוען אִיהר זֶענְט דֶערְלֵייכְט
גֶעוָוארֶען אוּן הָאט אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען אֵיין גְרוֹיסֶע מִלְחָמָה פָאן לֵיידֶען.
33 בַּאלְד זֶענְט אִיהר אַלֵיין גֶעוָוארֶען צוּ לֵייטֶעשֶׁע גֶעלֶעכְטֶער דוּרְךְ
שַׁאנְדֶע אוּן צָרוֹת, אוּן בַּאלְד זֶענְט אִיהר אִין אֵיינֶעם מִיט אַנְדֶערֶען

34 גֶעוֶועזֶען, וֶועלְכֶען עֶס אִיז אַזוֹי גֶעגַאנְגֶען. וֵוייל אִיהר הָאט אוֹיךְ
מִיט גֶעלִיטֶען מִיט מִיר אִין מֵיינֶע קֵייטֶען אוּן הָאט מִיט שִׂמְחָה
אוֹיף זִיךְ מְקַבֵּל גֶעוֶוען דֶעם רוֹיבּ פָאן אֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען, וֵוייל
אִיהר וֵוייסְט, דָאס אִיהר הָאט אִין הִימֶעל אֵיין בֶּעסֶערֶע אוּן
36 בְּלֵייבִּיגֶערֶע הָאבּ. פַארְוַוארְפְט נִיט אֵייעֶר בִּטָחוֹן, פַאר וֶועלְכֶען
36 אִיהר הָאט אֵיין גְרוֹיסֶען שְׂכַר. אָבֶּער גֶעדוּלְד אִיז אַייךְ נֶעטְהִיג,
כְּדֵי אִיהר זָאלְט טָאן דֶעם רָצוֹן פָאן גָאטְט אוּן בֶּעקוּמֶען דָאס,
37 וָואס עֶס אִיז אַייךְ צוּגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען. וֵוייל אֵיין קְלֵיינֶע וֵוייל֒ע,
אוּן עֶס וֶועט קוּמֶען דֶער, וֶועלְכֶער זָאל קוּמֶען, אוּן וֶועט נִיט
38 פֶערְזַאמֶען. דֶער צַדִיק אָבֶּער וֶועט לֶעבֶּען דוּרְךְ זֵיין אֱמוּנָה,
וֶוער עֶס וֶועט אָבֶּער צוּרִיקְוֵוייכֶען, דֶער וֶועט מֵיין זֶעעֶלֶע נִיט
39 גֶעפֶעלֶען. מִיר זֶענֶען אָבֶּער נִיט פָאן דִיא, וֶועלְכֶע וֵוייכֶען צוּרִיק
אוּן וֶוערֶען פֶערְלָארֶען, נוּר פָאן דִיא, וֶועלְכֶע גְלוֹיבֶּען אוּן זֶענֶען
דִיא נְשָׁמָה מַצִיל.
יא דֶער גְלוֹיבֶּען אָבֶּער אִיז אֵיין בִּטָחוֹן אוֹיף דָאס וָואס מֶען הָאפְט
2 דַארוֹיף, אוּן אֵיין דֶערְוֵויזוּנְג פָאן דָאס, וָואס מֶען זֶעהט נִיט. דוּרְךְ
3 אִיהם הָאבֶּען דִיא אַלְטֶע עֵדוּת דֶערְוָוארְבֶּען. דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען
דֶערְקֶענֶען מִיר, דָאס דִיא וֶועלְטֶען זֶענֶען גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ
דֶעם וָוארְט פָאן גָאטְט, אַזוֹי, דָאס פָאן דֶעם וָואס מֶען זֶעהט נִיט
4 אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען דָאס וָואס מֶען זֶעהט. דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען הָאט
הֶבֶל גֶעבְּרַאכְט גָאטְט אֵיין בֶּעסֶערֶען קָרְבָּן פָאן קַיִן; דוּרְךְ וֶועלְכֶען
עֶר הָאט עֵדוּת בֶּעקוּמֶען, דָאס עֶר אִיז גֶערֶעכְט, וֵוייל גָאטְט הָאט
עֵדוּת גֶעזָאגְט אוֹיף זֵיין גָאבּ; דוּרְךְ אִיהם רֶעדְט עֶר נָאךְ אוֹיךְ נָאךְ
5 זֵיין טוֹיט. דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אִיז חֲנוֹךְ אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען,
דָאס עֶר הָאט דֶעם טוֹיט נִיט גֶעזֶעהֶען; אוּן עֶר אִיז נִיט גֶעפוּנֶען
גֶעוָוארֶען, וֵוייל גָאטְט הָאט אִיהם אַוֶועקְגֶענוּמֶען, וֵוייל אֵיידֶער עֶר
אִיז אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען הָאט עֶר עֵדוּת בֶּעקוּמֶען, דָאס עֶר אִיז
6 גָאטְט גֶעפֶעלֶען. אָבֶּער אָן גְלוֹיבֶּען אִיז עֶס נִיט מִיגְלַאךְ גָאטְט
צוּ גֶעפֶעלֶען, וֵוייל וֶוער עֶס וִויל צוּ גָאטְט קוּמֶען, דֶער מוּז
גְלוֹיבֶּען, דָאס עֶר אִיז (פַארַאן), אוּן בֶּעצָאלְט דִיא, וֶועלְכֶע זוּכֶען
7 אִיהם. דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען הָאט נֹחַ בֶּעקוּמֶען אֵיין נְבוּאָה וֶועגֶען
דֶעם, וָואס מֶען הָאט נָאךְ נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּן הָאט זִיךְ גֶעפִירְכְטֶעט

און גֶעבּוֹיט אַיין תֵּיבָה צוּ רֶעטֶען זַיין הויז; דוּרְך דֶעם הָאט עֶר
דִיא וֶועלְט פֶּער׳מִשְׁפָּט אוּן אִיז גֶעוָוארֶען אַיין יוֹרֵשׁ פָּאן דִיא
8 גֶערֶעכְטִיגְקַייט, וֶועלְכֶע קוּמְט פָּאן דֶער אֱמוּנָה. דוּרְך דֶעם גְלוֹיבֶּען
הָאט אַבְרָהָם צוּגֶעהֶערְט דִיא רוּפוּנְג צוּ גֶעהֶן אִין דֶעם לַאנְד,
וֶועלְכֶעס עֶר הָאט גֶעזָאלְט עֶרְבֶּען, אוּן אִיז גֶעגַאנְגֶען, נִיט וִויסֶענְדִיג
9 וואוּהִין עֶר גֶעהט. דוּרְך דֶעם גְלוֹיבֶּען הָאט עֶר גֶעווֵיינְט אִין דֶער
לַאנְד פָּאן דֶער הַבְטָחָה, וִויא אִין דֶער פְרֶעמְד, אוּן הָאט גֶעווֵיינְט
אִין גֶעצֶעלְטֶען מִיט יִצְחָק אוּן יַעֲקֹב׳ן, וֶועלְכֶע הָאבֶּען מִיט אִיהם
10 גֶעעֶרְבְּט דִיזֶעלְבִּיגֶע הַבְטָחָה. ווֵייל עֶר הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף אַיין
שְׁטָאט, מִיט אַיין פֶעסְטֶען גְרוּנְד, וֶועלְכֶע גָאטְט אִיז אִיהר בּוֹי־
11 מַייסְטֶער אוּן קִינְסְטְלֶער. דוּרְך דֶעם גְלוֹיבֶּען הָאט אוֹיךְ שָׂרָה
אַלֵיין בֶּעקוּמֶען כֹּחַ מְעוּבֶּרֶת צוּ וֶוערֶען אוּן הָאט גֶעבָּארֶען נִיט
נָאךְ אִיהר עֶלְטֶער, ווֵייל זִיא הָאט גֶעדַאכְט, דָאס עֶר אִיז גֶעטְרֵיי
12 דֶער וָואס הָאט פַארְשְׁפְּרָאכֶען. דֶערִיבֶּער אִיז פָּאן אֵיינֶעם, וָואס
אִיז וִויא טוֹיט גֶעוֶועזֶען, גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אַזוֹי פִיל, וִויא דִיא
שְׁטֶערְן אִין הִימֶעל אוּן וִויא עֶס אִיז אָהן צָאהל דִיא זַאמְד בֵּיים
13 בָּארְטֶען פָאן יַם. דִיזֶע אַלֶע זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין גְלוֹיבֶּען אוּן
הָאבֶּען נִיט בֶּעקוּמֶען דִיא הַבְטָחָה, אוּן נוּר פָּאן ווֵייטֶענְס הָאבֶּען
זֵיי זִיא גֶעזֶעהֶען אוּן מִיט דֶעם בֶּעקֶענְטֶענֶעס, דָאס זֵיי זֶענֶען גֵרִים
14 אוּן תּוֹשָׁבִים אוֹיף דֶער עֶרְד; ווֵייל זֵיי הָאבֶּען אַזוֹי גֶעזָאגְט, הָאבֶּען
15 זֵיי בֶּעוִויזֶען, דָאס זֵיי זוּכֶען אַיין פָאטֶערְלַאנְד. אוּן וֶוען זֵיי וָואלְטֶען
גֶעמֵיינְט דִיא לַאנְד, פָּאן וֶועלְכֶעס זֵיי זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, וָואלְטֶען
16 זֵיי גֶעהַאט צֵייט זִיךְ אוּמְצוּקֶעהְרֶען. נוּר זֵיי הָאבֶּען בֶּעגֶעהְרְט
אַיין בֶּעסֶערֶעס, דָאס הֵייסְט, אַיין הִימֶעלְשֶׁעס; דַארִיבֶּער שֶׁעמְט
זִיךְ גָאטְט נִיט מִיט זֵיי אוּן רוּפְט זִיךְ אָן זֵייעֶר גָאטְט, ווֵייל עֶר
17 הָאט זֵיי אָנְגֶעגְרֵייט אַיין שְׁטָאדְט. דוּרְך דֶעם גְלוֹיבֶּען הָאט
אַבְרָהָם, וֶוען עֶר אִיז גֶעפְּרוּבְט גֶעוָוארֶען, גֶעבְּרַאכְט יִצְחָק׳ן פַאר
אַיין קָרְבָּן; אוּן דֶער, וֶועלְכֶער הָאט גֶעהַאט דִיא הַבְטָחָה, הָאט
18 מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען זַיין אֵיינְצִיגֶען זָאהְן, פָאן וֶועלְכֶען עֶס אִיז גֶעזָאגְט
19 גֶעוָוארֶען: אִין יִצְחָק׳ן וֶועט דֵיין זַאמֶען גֶערוּפֶען וֶוערֶען. אוּן הָאט
גֶעדַאכְט, דָאס גָאטְט קֶען מֶעכְטִיג אוֹיךְ פָּאן טוֹיט אוֹיפְוֶועקֶען,
אוּן דֶערְפַאר הָאט עֶר אִיהם וִוידֶער בֶּעקוּמֶען פַאר אַיין פָארְבִּילְד.

20 דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען הָאט יִצְחָק גֶעבֶּענְשְׁט יַעֲקֹב אוּן עֵשָׂו׳ן, פָאן
21 זַאכֶען װעלְכֶען װעלֶען עֶרְשְׁט זַיין. דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען הָאט יַעֲקֹב
בַּיים שְׁטַארְבֶּען גֶעבֶּענְשְׁט בֵּיידֶע קִינְדֶער יוֹסֵף׳ס אוּן הָאט זִיךְ
22 גֶעבּוּקְט צוּם שְׁפִּיץ פָאן זַיין שְׁטֶעקֶען. דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען הָאט
יוֹסֵף, פַארֶען טוֹיט, גֶעדַאכְט אָן דֶעם אוֹיסְגַאנְג פָאן דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל,
23 אוּן הָאט אַיין בֶּעפֶעהל גֶעגֶעבֶּען װעגֶען זַיינֶע בֵּיינֶער. דוּרְךְ דֶעם
גְלוֹיבֶּען אִיז מֹשֶׁה, װען עֶר אִיז גֶעבָּארֶען גֶעװָארֶען, דְרַיי חֳדָשִׁים
בֶּעהַאלְטֶען גֶעװֶעהן פָאן זַיינֶע עֶלְטֶערְן, װַייל זַיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען,
דָאס דָאס קִינְד אִיז שֵׁיין, אוּן הָאבֶּען נִיט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דֶעם
24 קֶענִיגְס בֶּעפֶעהל. דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען הָאט זִיךְ מֹשֶׁה, װען עֶר
אִיז גְרוֹיס גֶעװָארֶען, אָבְּגֶעזָאגְט צוּ הֵייסֶען דֶער זָאהן פָאן פַּרְעֹה׳ס
25 טָאכְטֶער. אוּן הָאט בֶּעסֶער גֶעװָאלְט לֵיידֶען מִיט דֶעם פָאלְק
26 פָאן גָאטְט, אֵיידֶער אַיין פָארְטֶעל פָאן דֶער זִינְד צוּ הָאבֶּען. אוּן
דִיא שַׁאנְדֶע פָאן מָשִׁיחַ׳ן הָאט עֶר פַאר זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר אַיין
גְרֶעסֶערֶע רֵייכְקֵייט אֵיידֶער דִיא אוֹצָרוֹת פָאן מִצְרַיִם. װַייל עֶר
27 הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם שְׂכַר. דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען הָאט עֶר
פַארְלָאזֶען מִצְרַיִם, אוּן הָאט נִיט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דֶעם קֶענִיגְס
צָארְן, װַייל עֶר הָאט אַזוֹי װִיא גֶעזֶעהֶען דֶעם, װעלְכֶען מֶען זֶעהט
28 נִיט, אוּן הָאט זִיךְ אָן אִיהם פֶעסְט גֶעהַאלְטֶען. דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען
הָאט עֶר דֶעם קָרְבַּן פֶּסַח גֶעמַאכְט אוּן הָאט דִיא בְּלוּט גֶעשְׁפְּרִיצְט,
29 כְּדֵי דֶער מַשְׁחִית פָאן דִיא בְּכוֹרִים זָאל זַיי נִיט אָנְרִירֶען. דוּרְךְ
דֶעם גְלוֹיבֶּען זֶענֶען זַיי אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶעם יַם סוּף װִיא אִיבֶּער
טְרוּקֶענֶעם לַאנְד; אוּן װען דִיא מִצְרַיִם הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעפְּרוּבְט,
30 זֶענֶען זַיי דֶערְטְרוּנְקֶען גֶעװָארֶען. דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען זֶענֶען גֶע־
פַאלֶען דִיא װֶענְד פָאן יְרִיחוֹ, נָאךְ דֶעם װִיא מֶען הָאט זַיי
31 אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט זִיבֶּען טֶעג. דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אִיז רָחָב הַזּוֹנָה
נִיט פֶערְלָארֶען גֶעװָארֶען מִיט דִיא אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע, װַייל זִיא הָאט
32 פְרֵיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען דִיא מְרַגְּלִים. אוּן װָאס זָאל אִיךְ נָאךְ
מֶעהר זָאגֶען? עֶס װעט דִיא צַייט צוּ קוּרְץ זַיין צוּ דֶערְצֶעהלֶען
פָאן גִדְעוֹן, אוּן בָּרָק, אוּן שִׁמְשׁוֹן, אוּן יִפְתָּח, אוּן דָוִד, אוּן שְׁמוּאֵל
33 אוּן פָאן דִיא נְבִיאִים. װעלְכֶע הָאבֶּען דוּרְךְ אֱמוּנָה אַיינְגֶענוּמֶען
קֶענִיגְרֵייכֶען, גֶעטָאן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען הַבְטָחוֹת

34 אוּן הָאבֶּען לֵייבֶּען דִיא מֵיילֶער פֶערְשְׁטָאפְּט. אוּן הָאבֶּען דִיא
קְרַאפְט פָאן פֵייעֶר פַארְלָאשֶׁען, אוּן זֵיינֶען נִצוֹל גֶעוָוארֶען פָאן
דֶעם שַׁארְף פָאן שְׁוֶוערְד, קְרֶעפְטִיג גֶעוָוארֶען אִין שְׁוַואכְקֵייט,
שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען אִין דֶער מִלְחָמָה, פֶערְטְרִיבֶּען פְרֶעמְדֶע
35 חַיָלוֹת. פְרוֹיעֶן הָאבֶּען זֵייעֶרֶע טוֹיטֶע דוּרְךְ תְּחִיַת הַמֵתִים וִוידֶער
בֶּעקוּמֶען. אַנְדֶערֶע אָבֶּער זֶענֶען דֶערְשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען אוּן הָאבֶּען
קֵיינֶע פְרֵייהֵייט נִיט אָנְגֶענוּמֶען, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען בֶּעקוּמֶען אֵיין
36 בֶּעסֶערֶע אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג. עֶטְלֶעכֶע הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען שְׁפָּאט
37 אוּן שְׁמִיץ, אוּן אוֹיךְ קֵייטֶען אוּן גֶעפֵיינְגֶענֶעס; זֵיי זֶענֶען פֶערְ־
שְׁטֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען, צוּהַאקְט, צוּשְׁטָאכֶען, גֶעטֵיילְט דוּרְךְ דֶעם
שְׁוֶוערְד; זֵיי זֵיינֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין פֶעל פָאן שָׁאף אוּן פָאן
38 צִיגֶען, זֵיי הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען נוֹיט, צָרוֹת אוּן אַנְגְסְט. דִיא,
וָועלְכֶע דִיא וֶועלְט אִיז זֵיי נִיט וֶוערְטְה גֶעוֶועזֶען, זֶענֶען נָע וָנָד
גֶעוֶועזֶען אִין דִיא מִדְבָּרִיוֹת אוּן בֶּערְג, אוּן הֵיילֶען אוּן אִין דִיא
39 שְׁפַּאלְטֶען פָאן דֶער עֶרְד. אוּן דִיזֶע אַלֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶּען
דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אֵיין בֶּעוֵוייז גֶעגֶעבֶּען, הָאבֶּען נִיט בֶּעקוּמֶען
40 דִיא הַבְטָחָה. וֵוייל גָאטְט הָאט פַאר אוּנְז פָארְאוֹיסְגֶעזֶעהֶען
עֶטְוָואס בֶּעסֶערֶעס, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען אָן אוּנְז נִיט דֶערְגְרֵייכֶען דִיא
פָאלְקָאמֶענְהֵייט (הַשְׁלָמָה).

יב דֶערִיבֶּער דַארְפֶען אוֹיךְ מִיר, וֶועלְכֶע הָאבֶּען אַרוּם זִיךְ אַזוֹי
אֵיין וָואלְקֶען פָאן (פִיל) עֵדוּת, אַרָאבּ וַוארְפֶען פָאן זִיךְ יֶעדֶער מַשָׂא אוּן
דִיא זִינְד, וֶועלְכֶע קְלֶעבְּט זִיךְ צוּ אוּנְז, אוּן מִיט גֶעדוּלְד לָאזֶען מִיר
2 לוֹיפֶען אִין דֶער מִלְחָמָה, וֶועלְכֶע אִיז פַאר אוּנְז גֶעשְׁטֶעלְט. אוּן
זֶעהֶען אוֹיף יֵשׁוּעַ, דֶעם אָנְהֵייבֶּער אוּן פַאלֶענְדֶער פָאן דֶעם גְלוֹיבֶּען,
וֶועלְכֶער הָאט, אָנְשְׁטָאט פָאן פְרֵייד, וֶועלְכֶע עֶר וָואלְט גֶעקֶענְט
הָאבֶּען, אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען דֶעם קְרֵייץ, אוּן הָאט נִיט גֶעקוּקְט
אוֹיף דִיא שַׁאנְדֶע, אוּן הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּם רֶעכְטֶען אוֹיף גָאטְטֶעס
3 טְהרָאן. דֶענְקְט פָאן דֶעם, וָואס הָאט אַזוֹי אֵיין ווִידֶערְשְׁפְּרוּךְ
(סְתִירָה) פָאן זִינְדֶער אִיבֶּער זִיךְ אִיבֶּערְגֶעלִיטֶען, כְּדֵי אִיהר זָאלְט נִיט
4 מִיד אוּן שְׁוַואךְ וֶוערֶען אִין זִיךְ אַלֵיין. אִיהר הָאט נָאךְ נִיט בֵּייגֶע־
5 שְׁטַאנֶען בִּיז צוּם בְּלוּט אִין דֶער מִלְחָמָה גֶעגֶען זִינְד. אוּן פֶערְגֶעסְט
דָעם טְרוֹיסְט, וָואס וֶוערְט צוּ אֵייךְ ווִיא צוּ קִינְדֶער גֶערֶעט: מֵיין

זָאהְן, פֶערְוואַרְף נִיט דֶעם מוּסָר פָאן דֶעם הֶערְן, אוּן פַאל בַּיי זִיךְ
נִיט אַרָאבּ, ווֶען עֶר שְׁטְרָאפְט דִיךְ. ווייל ווֶעמֶען דֶער הֶערְר הָאט 6
לִיבּ, דֶעם שְׁטְרָאפְט עֶר; אוּן שְׁלָאגְט יֶעדֶען זָאהְן, ווֶעלְכֶען עֶר הָאט
גֶערְן. ווֶען אִיהר לֵיידֶעט שְׁטְרָאף, בֶּעגֶעהט זִיךְ גָאטְט מִיט אַייךְ 7
ווִיא מִיט קִינְדֶער, אִיז דֶען דָא אַיין זָאהְן, ווֶעלְכֶען דֶער פָאטֶער זָאל
נִיט בֶּעשְׁטְרָאפֶען? ווֶען אִיהר בְּלֵייבְּט אָבֶּער אָהן שְׁטְרָאף, אִין 8
ווֶעלְכֶער זֵיי אַלֶע הָאבֶּען אַיין טֵייל גֶעהַאט, אַזוֹי זֶענְט אִיהר נִיט
עֶכְטֶע אוּן נִיט קֵיין קִינְדֶער. דֶערְצוּ, ווֶען מִיר זֶענֶען בֶּעשְׁטְרָאפְט 9
גֶעוָוארֶען פָאן אוּנְזֶערֶע לֵייבְּלִיכֶע עֶלְטֶערְן אוּן הָאבֶּען פַאר זֵיי מוֹרָא
גֶעהַאט, דַארְפֶען מִיר דֶען נִיט מֶעהר אוּנְטֶערְטֶהֶענִיג זֵיין דֶעם
פָאטֶער פָאן דִיא גֵייסְטֶער, כְּדֵי צוּ לֶעבֶּען? יֶענֶע הָאבֶּען אוּנְז גֶע־ 10
שְׁטְרָאפְט נָאךְ זֵייעֶר ווִילֶען אוֹיף ווֶענִיגֶע טֶעג; דֶער אָבֶּער צוּ
אוּנְזֶער נוּטְץ, כְּדֵי מִיר זָאלֶען אַיין חֵלֶק הָאבֶּען אִין זֵיין הֵיילִיגְקֵייט.
יֶעדֶע שְׁטְרָאף שֵׁיינְט אוּנְז אִין דֶער יֶעצְטִיגֶער צֵייט נִיט ווִיא אַיין 11
פְרֵייד, נוּר ווִיא אַיין טְרוֹיעֶר צוּ זֵיין; נָאךְ דֶעם אָבֶּער גִיט זִיא דִיא,
ווֶעלְכֶע לֶערְנֶען זִיךְ דוּרְךְ דֶעם, פְרִידְלִיכֶע פֵּירוֹת פָאן גֶערֶעכְטִיג־
קֵייט. מַאכְט שְׁטַארְק דִיא שְׁוַואכֶע הֶענְד אוּן דִיא מִידֶע קְנִי גְלֵייךְ. 12
אוּן מַאכְט גְלֵייכֶע שְׁטֶעגֶען פַאר אַייעֶרֶע פִּיס, כְּדֵי קֵיינֶער זָאל זִיךְ 13
נִיט ווִיא אַיין הִינְקֶעדִיגֶער שְׁטְרוֹיכְלֶען, נוּר עֶר זָאל בֶּעסֶער גֶע־
הֵיילְט ווֶערֶען. יָאגְט נָאךְ דֶעם פְרִידֶען מִיט אַלֶע מֶענְשֶׁען, אוּן 14
הֵיילִיגְקֵייט, אָן ווֶעלְכֶע עֶס ווֶעט קֵיינֶער נִיט זֶעהֶען דֶעם הֶערְן.
גִיט אַכְטוּנְג דָאס קֵיינֶער זָאל נִיט פֶערְלִירֶען דֶעם חֶסֶד פָאן גָאטְט; 15
עֶס זָאל נִיט אַרוֹיסְשְׁפְּרָאצֶען אַיין בִּיטֶערֶער ווָארְצֶעל, אוּן זָאל אַייךְ
נִיט מַחֲלוֹקֶת אָנְמַאכֶען, אוּן דוּרְךְ אִיהם זָאלֶען זִיךְ פִילֶע נִיט פֶער־
אוּנְרֵיינִיגֶען. עֶס זָאל צְווִישֶׁען אַייךְ נִיט זֵיין קֵיין נוֹאֵף אָדֶער 16
אוּמְגֶערֶעכְטֶער, ווֶעלְכֶער הָאט ווִיא עֵשָׂו פַאר אַיין שְׁפֵּייזֶע פֶער־
קוֹיפְט זֵיין בְּכוֹרָה. ווייל אִיהר ווֵייסְט, דָאס נָאךְ דֶעם, ווֶען עֶר 17
הָאט גֶעוָואלְט יַרְשׁ'עֶנֶען דִיא בְּרָכָה, אִיז עֶר פֶערְוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען;
עֶר הָאט נִיט גֶעפוּנֶען קֵיין אָרְט פַאר תְּשׁוּבָה, ווִיא אוֹיךְ עֶר הָאט
מִיט טְרֶערֶען גֶעזוּכְט. דֶען אִיהר זֶענְט נִיט צוּגֶעקוּמֶען צוּ קֵיין 18
בַּארְג, ווָאס מֶען קֶען אָנְרִירֶען אוּן ווָאס בְּרֶענְט אִין פֵייעֶר, נִיט צוּ
קֵיין פִינְסְטֶערְנִיס, טוּנְקֶעלֶען ווָאלְקֶען אוּן שְׁטוּרֶעם, נִיט צוּם קוֹל 19

פְאַן שׁוֹפָר אוּן צוּם קוֹל פָאן דִיא רֶעד, וֶועלְכֶע דִיא, וָואס הָאבֶּען
גֶעהֶערְט, הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען, דָאס עֶס זָאל צוּ זֵיי מֶעהר נִיט גֶערֶעדְט
20 וֶוערֶען דָאס וָוארְט; ווייל זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט דֶערְטְרָאגֶען דָאס
וָואס אִיז גֶעבָּאטֶען גֶעוָוארֶען: וֶוען אוֹיךְ אֵיין בְּהֵמָה וֶועט דֶעם
בַּארְג אָנְרִירֶען זָאל זִיא פֶערְשְׁטֵיינִיגְט וֶוערֶען (אֶדֶער מִיט אֵיין פֵייל
21 דֶערְשָׁאסֶען וֶוערֶען); אוּן דִיא דֶערְשֵׁיינוּנְג אִיז אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעוֶועזֶען,
דָאס מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין אִין מוֹרָא, אוּן אִין צִיטֶערְנִיס.
22 נוּר אִיהר זֶענְט גֶעקוּמֶען צוּם בַּארְג צִיוֹן, אוּן צוּ דֶער שְׁטָאדְט פָאן
פָאן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאטְט, צוּם הִימְלִישֶׁען יְרוּשָׁלַיִם אוּן צוּ דִיא
23 פִיל טוֹיזֶענְדֶער מַלְאָכִים, צוּ אֵיין פֶערְזַאמְלוּנְג אוּן גֶעמֵיינְדֶע פָאן
בְּכוֹרִים, וֶועלְכֶע זֶענֶען פֶערְשְׁרִיבֶּען אִין הִימֶעל, אוּן צוּ גָאטְט, דֶעם
רִיכְטֶער פָאן אַלֶעמֶען, אוּן צוּ דִיא גֵייסְטֶער פָאן גַאנְץ גֶערֶעכְטֶע,
24 אוּן צוּ יֵשׁוּעַ'ן דֶעם פֶערְמִיטְלֶער (מֵלִיץ) פָאן דֶעם נֵייעֶן בְּרִית, אוּן
צוּם בְּלוּט, פָאן דֶער בֶּעשְׁפְּרִיצוּנְג, וֶועלְכֶעס רֶעדְט בֶּעסֶער אֵיידֶער
25 דָאס בְּלוּט פָאן הֶבֶל'ן. זֶעהט, אִיהר זָאלְט נִיט פַארְאַכְטֶען דֶעם,
וֶועלְכֶער רֶעט. דֶען וֶוען יֶענֶע זֶענֶען נִיט אַנְטְרוּנֶען גֶעוָוארֶען, וֶועלְכֶע
הָאבֶּען דֶעם פַארְאַכְטֶעט, וֶועלְכֶער הָאט אוֹיף דֶער עֶרְד גֶערֶעט,
אַזוֹי אִיז עֶס נָאךְ מֶעהר בֵּיי אוּנְז, וֶוען מִיר וֵוייכֶען אוֹיס דֶעם, וֶועלְכֶער
26 רֶעט פָאי הִימֶעל; וֶועלְכֶענְס קוֹל הָאט דַאמָאלְסְט דִיא עֶרְד
צִיטֶערֶען גֶעמַאכְט, וֶועלְכֶער אָבֶּער הָאט יֶעצְט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען אוּן
זָאגְט: נָאךְ אֵיין מָאל וֶועל אִיךְ מַאכֶען צִיטֶערְן נִיט נוּר דִיא עֶרְד,
27 נוּר אוֹיךְ דֶעם הִימֶעל. דִיא וֶוערְטֶער: נָאךְ אֵיין מָאל, בֶּעוֵויזֶען,
דָאס דָאס וָואס דַארְף צוּצִיטֶערְט וֶוערֶען זָאל פֶערֶענְדֶערְט וֶוערֶען,
וִויא עֶס אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען, כְּדֵי דִיא נִיט צוּצִיטֶערְטֶע זָאל
28 בְּלֵייבֶּען. דֶערִיבֶּער, וֵוייל מִיר דֶערְהַאלְטֶען נִיט קֵיין צוּצִיטֶערְטֶע
(צוּשְׁטֶערְטֶע) מְלוּכָה, לָאזֶען מִיר דַאנְקֶען, דוּרְךְ דֶעם וָואס מִיר
וֶועלֶען גָאטְט מִיט אֵיין וָואלְגֶעפַאלֶען דִינֶען, מִיט צְנִיעוּת אוּן יִרְאָה.
29 וֵוייל אוּנְזֶער גָאטְט אִיז אֵיין פַארְצֶערֶענְדֶער פֵייעֶר.
יג לָאז בְּרוּדֶער־לִיבֶּע צְווִישֶׁען אֵייךְ בְּלֵייבֶּען. פַארְגֶעסְט נִיט
2 הַכְנָסַת אוֹרְחִים, וֵוייל דוּרְךְ דֶעם הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע, נִיט וִויסֶענְדִיג,
3 אוֹיפְגֶענוּמֶען מַלְאָכִים: גֶעדֶענְקְט דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע, גְלֵייךְ וִויא אוֹיךְ
אִיהר וָואלְט מִיט זֵיי גֶעפַאנְגֶען גֶעוֶועזֶען, אוּן דִיא וֶועכֶע לֵיידֶען צָרוֹת,

4 גְלֵייךְ וִויא אִיהְר אַלֵיין זָענְט אוֹיךְ אִין דֶעם לֵייבּ. דִיא אִשׁוֹת (דִיא
שַׁייכוּת פָאן מַאן אוּן וַוייבּ) זָאל בֵּיי אַלֶעמֶען עֶהרְלַאךְ גֶעהַאלְטֶען
וֶוערֶען, אוּן אֵייעֶר בֶּעט זָאלְט אִיהְר נִיט מְחַלֵל זַיין; הוּרֶענְטְרֵייבֶּער
5 אוּן נוֹאֲפִים וֶועט גָאטְט מִשְׁפָּט׳ן. אֵייעֶר פִיהרוּנְג זָאל זַיין נִיט נָאךְ
גֶעלְד נָאכְיָאגֶען; אוּן צוּפְרִידֶען זַיין מִיט דֶעם וָואס עֶס אִיז דָא. וַוייל
עֶר הָאט אַלֵיין גֶעזָאגְט: אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט פַארְלָאזֶען אוּן וֶועל דִיךְ
6 נִיט אַוֶועקְוַוארְפֶען. אַזוֹי קֶענֶען מִיר זִיכֶער זָאגֶען: דֶער הֶערְר אִיז
מֵיין הֶעלְפֶער אוּן אִיךְ וֶועל נִיט מוֹרָא הָאבֶּען; וָואס קֶען מִיר אֵיין
7 מֶענְשׁ טְהוּן? גֶעדֶענְקְט אֵייעֶרֶע לֶעהרֶער, וֶועלְכֶע הָאבֶּען אֵייךְ
אָנְגֶעזָאגְט דָאס וָוארְט פָאן גָאטְט; בֶּעטְרַאכְט דֶעם אוֹיסְגַאנְג פָאן
8 זֵייעֶר גַאנְג פָאן לֶעבֶּען אוּן גֶעהְט נָאךְ זֵייעֶרֶען גְלוֹיבֶּען. יֵשׁוּעַ
9 הַמָשִׁיחַ נֶעכְטֶען אוּן הֵיינְט, אוּן אוֹיף עֶבִּיג דֶערְזֶעלְבֶּער. לָאזֶען אַייךְ
נִיט גֶעפֶּעהלֶען פֶּערְשַׁיידֶענֶע אוּן פְרֶעמְדֶע לֶעהרֶען; וַוייל עֶס אִיז
גוּט צוּ שְׁטַארְקֶען דִיא הַארְץ דוּרְךְ גְנָאד אוּן נִיט דוּרְךְ שְׁפֵּייזֶען,
פָאן וֶועלְכֶע עֶס הָאבֶּען קֵיין נוּטְץ נִיט גֶעהַאט דִיא, וָואס בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען
10 זִיךְ דֶערְמִיט. מִיר הָאבֶּען אֵיין מִזְבֵּחַ, פָאן וֶועלְכֶען עֶס הָאבֶּען
11 נִיט דָאס רֶעכְט צוּ עֶסֶען דִיא דִינֶער פָאן דֶעם מִשְׁכָּן. דֶען דִיא
לֵייבֶּער פָאן דִיא בְּהֵמוֹת, וֶועלְכֶע דֶער כֹּהֵן גָדוֹל טְרָאגְט זֵייעֶר
בְּלוּט אַרֵיין אִין הֵיילִיגֶען אָרְט פַאר דִיא זִינְד, וֶוערֶען פַארְבְּרֶענְט
12 אוֹיסֶער דֶער מַחֲנֶה. דֶערִיבֶּער הָאט אוֹיךְ יֵשׁוּעַ בֶּעדַארְפְט לֵיידֶען
אוֹיסֶער דֶעם טוֹיעֶר, כְּדֵי צוּ הֵיילִיגֶען דָאס פָאלְק מִיט זַיין בְּלוּט.
13 לָאזֶען מִיר אַרוֹיסְגֶעהֶען צוּ אִיהם אוֹיסֶער דֶער מַחֲנֶה, אוּן טְרָאגֶען
14 זַיין שַׁאנְדֶע. וַוייל מִיר הָאבֶּען דָא נִיט קֵיין בְּלֵייבֶּענְדִיגֶע שְׁטָאדְט,
15 נוּר דִיא וֶועלְכֶע וֶועט זַיין זוּכֶען מִיר. לָאזֶען מִיר דוּרְךְ אִיהם אַלֶע
צַייט מַקְרִיב זַיין צוּ גָאטְט אֵיין קָרְבָּן פָאן לוֹיבּ, דָאס הֵייסְט: דִיא
16 פְרוּכְט פָאן דִיא לִיפֶּען, וֶועלְכֶע זַיינֶען מוֹדֶה זַיין נָאמֶען. פַארְגֶעסְט
אוֹיךְ נִיט גוּטֶעס צוּ טָאן אוּן צוּ גֶעבֶּען, וַוייל אַזֶעלְכֶע קָרְבָּנוֹת זֶענֶען
17 גָאטְט גֶעפֶּעהלֶען. פָאלְגְט אֵייעֶרֶע לֶעהרֶער, אוּן זַייט זֵיי אוּנְטֶערְ־
טְהֶענִיג; וַוייל זֵיי וַואכֶען אִיבֶּער אֵייעֶרֶע זֶעעֶלֶען וִויא דִיא, וֶועלְכֶע
וֶועלֶען חֶשְׁבּוֹן אָבְּגֶעבֶּען; לָאזֶען זֵיי עֶס טָאן מִיט פְרֵייד, אוּן נִיט מִיט
18 זִיפְצֶען; וַוייל דָאס נִיצְט פַאר אֵייךְ נִיט. בֶּעט פַאר אוּנְז. דֶען מִיר זֶענֶען
זִיכֶער, דָאס מִיר הָאבֶּען אֵיין גוּטֶען גֶעוִויסֶען, אוּן טְרַאכְטֶען אִין אַלְץ זִיךְ

19 גוּט אוֹיפְצוּפִיהרֶען. נָאךְ מֶעהר אָבֶּער פַארְזָאג אִיךְ אַייךְ, דָאס
צוּ טָאן, כְּדֵי אִיךְ זָאל צוּ אַייךְ גִיכֶער ווִידֶערְגֶעגֶעבֶּען ווֶערֶען.
20 אָבֶּער דֶער גָאטְט פָאן שָׁלוֹם, ווֶעלְכֶער הָאט פָאן דִיא טוֹיטֶע
אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פַאר דִיא שָׁאף דֶעם גְרוֹיסֶען הִירְטֶען דוּרְךְ דָאס
21 בְּלוּט פָאן דֶעם עֶווִיגֶען בְּרִית, אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. זָאל
אַייךְ פַארְטִיג מַאכֶען אִין יֶעדֶער גוּטֶער זַאךְ, צוּ טְהוּן זֵיין רָצוֹן,
אוּן זָאל אִין אַייךְ מַאכֶען דָאס, ווָאס פַאר אִיהם גֶעפֶעהלְט, דוּרְךְ
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; אִיהם אִיז דֶער כָּבוֹד פָאן עֶווִיגְקֵייט צוּ עֶווִיגְקֵייט!
22 אָמֵן. אִיךְ זָאג אַייךְ אָן בְּרִידֶער, נֶעמְט אָן דָאס ווָארְט פוּן
23 ווָארֶענוּנְג; דֶען אִיךְ הָאבּ אַייךְ קוּרְץ גֶעשְׁרִיבֶּען. ווֵייסְט, דָאס
אוּנְזֶער בְּרוּדֶער טִימָאטְהֶעאוּס אִיז בֶּעפְרֵייט גֶעווָארֶען; אוּן אִיךְ ווֶעל
24 אַייךְ זֶעהֶען מִיט אִיהם, ווֶען עֶר ווֶעט בַּאלְד קוּמֶען. גְרִיסְט אַלֶע
אֵייעֶרֶע לֶעהרֶער אוּן אַלֶע הֵיילִיגֶע. עֶס גְרִיסֶען אַייךְ דִיא בְּרִידֶער
25 פָאן אִיטַאלִיָא. גְנַאדֶע זָאל זֵיין מִיט אַייךְ אַלֶעמֶען! אָמֵן.

---

# דער בריף פאן דעם אפאסטעל יעקב

---

א יַעֲקֹב, אַיין קְנֶעכְט גָאטְטֶעס אוּן פָאן דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ,
צוּ דִיא צְווֶעלְף שְׁבָטִים, ווֶעלְכֶע זֵיינֶען צוּשְׁפְּרֵייט, אַיין גֶערוּס.
2 מֵיינֶע לִיבֶּע בְּרִידֶער! הַאלְט עֶס פַאר אַיין גְרוֹיסֶע פְרֵייד, ווֶען
3 אִיהר פַאלְט אַרֵיין אִין פֶערְשַׁיידֶענֶע פְּרוּבוּנְגֶען. אוּן זֵייט ווִיסֶען,
4 דָאס דִיא פְּרָאבֶּע פָאן אֵייעֶרֶען גְלוֹיבֶּען ווִירְקְט אוֹיסְהַארוּנְג. דִיא
אוֹיסְהַארוּנְג אָבֶּער זָאל דָאס ווֶערְק צוּם פָאלֶענְדוּנְג בְּרֵיינְגֶען, כְּדֵי
אִיהר זָאלְט פָאלְקָאמֶען (גַאנְץ) זֵיין אוּן אָן אַייךְ פֶעהלֶער, אוּן קֵיין
5 נוֹיט נִיט הָאבֶּען. ווֶען אָבֶּער אֵיינֶעם פָאן אַייךְ פֶעהלְט חָכְמָה,
דֶער זָאל עֶס בֶּעטֶען פָאן גָאטְט, ווֶעלְכֶער גִיט אַלֶעמֶען אָן אַלְץ,
6 אוּן הַאלְט נִישְׁט אָב, אַזוֹי ווֶעט עֶס אִיהם גֶעגֶעבֶּען ווֶערֶען. עֶר
זָאל אָבֶּער בֶּעטֶען מִיט גְלוֹיבֶּען, אוּן נִיט צְווֵייפֶעלְן (מְסוּפָּק זֵיין);

דֶען װֶער עֶס צְװֵייפֶעלְט, אִיז גְלַייךְ צוּ אֵיין װֶעלֶע פָאן יַם, װֶעלְכֶע
װֶערְט בֶּעװֶעגְט פָאן װִינְד אוּן װֶערְט אַהִין אוּן אַהֶער אוּמְגֶעטְרִיבֶּען.
7 אַזֶעלְכֶער מֶענְשׁ מֵיינְט נִיט, דָאס עֶר װֶעט עֶטְװָאס פָאן דֶעם הֶערְן
8 מְקַבֵּל זַיין. אֵיין צְװֵייפְלֶער (בַּעַל מְסוּפָּק) אִיז נִיט אוֹיף אֵיין
9 בֶּעשְׁטַאנְד אִין אַלֶע זַיינֶע װֶעגֶען. אֵיין נִידֶערִיגֶער בְּרוּדֶער אָבֶּער,
10 זָאל זִיךְ בֶּערִיהמֶען מִיט זַיין הוֹיכְקֵייט. אוּן װֶער עֶס אִיז רֵייךְ,
זָאל זִיךְ בֶּערִיהמֶען מִיט זַיין נִידֶערִיקֵייט; װֵייל עֶר װֶעט פַארְגֶעהְן
11 זְוִיא אֵיין בְּלוּם פָאן גְרָאז. דֶען דִיא זָאנֶע גֶעהְט אוֹיף מִיט אִיהר
הִיץ, אוּן דִיא בְּלוּמֶע פַאלְט אַרָאבּ, אוּן אִיהר שֶׁענֶע גֶעשְׁטַאלְט
װֶערְט פַארְדָארְבֶּען; אַזוֹי װֶעט דֶער רֵייכֶער אִין זַיינֶע װֶעגֶען פֶערְ־
12 װֶעלְקֶען. זֶעלִיג אִיז דֶער מַאן, װֶעלְכֶער דִיא פְּרוּבוּנְג טְרָאגְט
אַרִיבֶּער; דֶען װֶען עֶר אִיז בֵּייגֶעשְׁטַאנֶען, װֶעט עֶר דִיא קְרוֹין פָאן
לֶעבֶּען מְקַבֵּל זַיין, װֶעלְכֶע גָאטְט הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען דִיא, װֶעלְכֶע
13 אִיהם לִיבֶּען. קֵיינֶער זָאל נִיט זָאגֶען, װֶען עֶר װֶערְט גֶעפְּרוּבְּט,
דָאס עֶר װֶערְט פָאן גָאטְט גֶעפְּרוּבְּט. דֶען גָאטְט אִיז נִיט קֵיין
14 פְּרוּבֶער צוּם בֶּעזֶען, עֶר פְּרוּבְּט קֵיינֶעם נִיט. נוּר יֶעדֶער װֶערְט
גֶעפְּרוּבְּט, װֶען עֶר װֶערְט פָאן זַיינֶע אֵייגֶענֶע תַּאֲוָה גֶערֵייצְט אוּן
15 צוּגֶעצוֹיגֶען. דֶערְנָאךְ װֶען דִיא תַּאֲוָה אִיז טְרָאגֶעדִיג גֶעװָארֶען, גֶעוִוינְט
זִיא דִיא זִינְדֶע; דִיא זִינְדֶע אָבֶּער װֶען זִיא אִיז אוֹיסְגֶעפִיהְרְט גֶעװָארֶען,
16 גֶעוִוינְט זִיא דֶעם טוֹיט. הָאט קֵיין טָעוּת נִיט, לִיבֶּע בְּרִידֶער.
17 אַלֶע גוּטֶע מַתָּנוֹת, אוּן אַלֶע פָאלְקָאמֶענֶע (גַאנְצֶע) גֶעשֶׁענְקֶען קוּמֶען
פָאן אוֹיבֶּען אַרָאבּ, פָאן דֶעם פָאטֶער פָאן דֶער לִיכְטִיגְקֵייט, בֵּיי
װֶעלְכֶען עֶס אִיז קֵיין פַארֶענְדֶערוּנְג נִיט דָא, אוּן נִיט קֵיין שָׁאטֶען
18 פָאן אוּמְבֵּייטוּנְג. עֶר הָאט אוּנְז גֶעבָּארֶען נָאךְ זַיין װִילֶען, דוּרְךְ
דֶעם װָארְט פָאן אֶמֶת, כְּדֵי מִיר זָאלֶען זַיין בִּכּוּרִים פָאן זַיינֶע
19 בֶּעשֶׁעפֶּענֶעס. דֶערִיבֶּער, לִיבֶּע בְּרִידֶער, זָאל יֶעדֶערֶער מֶענְשׁ זַיין
גִיךְ צוּם הֶערֶען, פַּאמֶעלַאךְ צוּם רֶעדֶען, אוּן פַּאמֶעלַאךְ צוּם צָארֶען.
20 דֶען דֶעם מֶענְשֶׁענְס צָארֶען טְהוּט נִיט, דָאס װָאס עֶס אִיז רֶעכְט
21 פַאר גָאטְט. דֶערִיבֶּער טְהוּט אוֹיס אַלֶע אוּנְרֵיינְקֵייט אוּן אַלֶע
בֶּעזְקֵייט, אוּן נֶעהמְט אָן דֶעם װָארְט מִיט אֵיין לִיבֶּען גֶעמִיטְה,
װֶעלְכֶער אִיז אִין אַייךְ אֵיינְגֶעפְלַאנְצְט װֶעלְכֶער קֶען אֵייעֶרֶע זֶעלֶען
22 רֶעטֶען. זַייט אָבֶּער טְהוּעֶר פָאן דֶעם װָארְט אוּן נִיט הֶערֶער, כְּדֵי

23 זיך אַלײן אָבּצונאַרען. דען װען אײנער איז אײן הערער פֿאָן דעם
װאָרט, אונ ניט קײן טהוער, דער איז גלײך צו אײן מענשען,
24 װעלכער זײן נאַטירליכען פָּנים אין שפּיגעל בּעטראַכטעט. ער
בּעטראַכט זיך, אונ געהט אַװעק אונ פֿערגעסט בּאַלד, װיא ער איז
25 געװעזען. װער אָבער עס האָט אַרײנגעזעהן אין דעם גאַנצען געזעץ
פֿאָן דער פֿרײהײט אונ בּלײבט דערבּײ, װער עס איז ניט אײן
צוהערער װאָס פֿערגעסט, נור אײן אֱמֶת׳ער טהוער, דער װעלבּינגער
26 װעט זעליג זײן אין זײן טהואונג. װען אָבער אײנער מײנט, דאָס
ער איז פֿרום, אונ האַלט ניט זײן צונג אין צאַם, נור ער נאַרט אָב
27 זײן האַרץ, דעמס פֿרומקײט איז אומזיסט. רײנע פֿרומקײט, אָן
אײן פֿלעק פֿאַר גאָט דעם פֿאָטער צו זײן איז דאָס: יְתוֹמִים אונ
אַלְמָנוֹת צו בּעזוכען אין זײערע צָרוֹת, זיך אַלײן צו האַלטען פֿרײ
פֿאָן דער אונרײנקײט פֿאָן דער װעלט.
ב ליבּע בּרידער, האַלט ניט דעם גלױבּען אין אונזערען הערן
פֿאָן דער הערליכקײט יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ פֿאָן מענשענס װעגען.
2 דען װען אין אײער פֿערזאַמלונג קומט אַרײן אײן מאַן מיט גאָלד־
דערנע רינגען אונ אין אײן שענעם קלײד, אונ עס קומט אָבער
3 אױך אײן אָרעמער אין אײן שמוציגען קלײד; אונ איהר זעהט
אױף דעם, װעלכער עס טראָגט דעם שענעם קלײד, אונ זאָגט
צו איהם: זעץ דיך אױף דעם בּעסטען אָרט, אונ צו דעם אָרעמען
זאָגט איהר, דוא קענסט דאָרטען שטעהן, אָדער זעץ דיך בּײ
4 מײנע פֿיס; זײט איהר דען ניט נוֹשֵׂא פָּנִים צװישען אײך, אונ
5 משפּט ניט דורך שלעכטע סִבּוֹת? הערט צו, מײנע ליבּע בּרידער,
האָט ניט גאָט אױסדערװעהלט דיא אָרעמען אױף דיזער װעלט,
װעלכע זענען רײך אין דעם גלױבּען, אונ יוֹרְשִׁים פֿאָן דער מְלוּכָה
(גאָטטעס), װעלכע ער האָט פֿערשפּראָכען, דיא װעלכע איהם
6 ליבּ האָבּען? איהר אָבער האָט דעם אָרעמען מְבַזֶּה געװעזען.
זענען עס ניט דיא רײכע, װעלכע געװעלטיגען איבּער אײך, אונ
7 שלעפּען אײך צום מִשְׁפָּט? זײנען זײא ניט דיא, װעלכע אײערען
8 גוטען נאָמען לעסטערען װעלכען איהר רופֿט זיך אָן? װען איהר
זײט דעם קעניגליכען געזעץ מְקַיֵּים װיא אין דער שריפֿט (תנ״ך)
שטעהט: וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ כָּמוֹךָ (דוא זאָלסט ליבּען דײן חָבֵר װיא

זיך אַלײן), אַזױ טְהוּט אִיהר גוּט. װען אִיהר זֵיט אָבֶּער נוֹשֵׂא 9
פָּנִים, אַזױ טְהוּט אִיהר אַײן זִינְדֶע, אוּן אִיהר װֶערְט גֶעשְׁטְרָאפְט
פָאן דֶער תּוֹרָה, װִיא בַּעֲלֵי עֲבֵרָה. דֶען װען אַײנֶער הַאלְט דִיא 10
גַאנְצֶע תּוֹרָה, אוּן אִיז אוֹיף אַײן זַאךְ עוֹבֵר, דֶער אִיז שוּלְדִיג פַאר
דֶער גַאנְצֶער. דֶען װער עֶס הָאט גֶעזָאגְט: לֹא תִנְאָף (דוּא זָאלְסְט 11
נִיט מְנַאֵף זֵיין), דֶער הָאט אוֹיךְ גֶעזָאגְט: לֹא תִרְצָח (דוּא זָאלְסְט
נִיט טֵייטֶען). װען דוּא בִּיסְט נִיט מְנַאֵף, אָבֶּער דוּא טֵייטֶעסְט,
אַזױ בִּיסְט דוּא גֶעװָארֶען אַײן עוֹבֵר אוֹיף דֶער תּוֹרָה. רֶעדט אַזױ 12
אוּן טְהוּט אַזױ װִיא מֶענְשֶׁען, װעלְכֶע װעלֶען דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה
פָאן דֶער פְרֵייקַייט גֶע'מִשְׁפָּט װערֶען. דֶען דֶער מִשְׁפָּט אִיז נִיט 13
בַּארֶעמְהֶערְצִיג אַנְטְקֶעגֶען דֶעם, װער עֶס טְהוּט נִיט קֵיין בַּארֶעמְ־
הֶערְצִיגְקַייט; אוּן דִיא בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט קֶען זִיךְ גֶעגֶען דֶעם
מִשְׁפָּט בֶּערִיהמֶען. װאס הֶעלְפְט דָאס, לִיבֶּע בְּרִידֶער, װען אַײנֶער 14
זָאגְט, עֶר הָאט דֶעם גְלױבֶּען, אוּן הָאט דָאךְ קֵיין מַעֲשִׂים נִיט?
קֶען דֶען דֶער גְלױבֶּען אִיהם רֶעטֶען? װען אַײן בְּרוּדֶער אָדֶער 15
אַײן שְׁװעסְטֶער זֵיינֶען נַאקֶעט אוּן עֶס פֶעהלְט זֵיי דִיא טֶעגְלִיכֶע
שְׁפֵּייז, אוּן אַײנֶער פָאן אַײךְ זָאגְט צוּ זֵיי: גֶעהט לְשָׁלוֹם, װַארֶעמְט 16
אײךְ אָן אוּן װערְט זַאט, אִיהר אָבֶּער גִיט זֵיי נִיט גַארְנִישְׁט, װאס זֵייעֶר
לֵייבּ הָאט נוֹיטִיג, װאס הֶעלְפְט עֶס זֵיי? אַזױ אוֹיךְ דֶער גְלױבֶּען, 17
װען עֶר הָאט נִיט קֵיינֶע מַעֲשִׂים, אַזױ אִיז עֶר פַאר זִיךְ אַלֵיין טוֹיט.
װען אַײנֶער װעט אָבֶּער זָאגֶען: דוּא הָאסְט אֱמוּנָה, אוּן אִיךְ הָאבּ 18
מַעֲשִׂים; בֶּעװֵייז מִיר דֵיין אֱמוּנָה אָן דִיא מַעֲשִׂים, אוּן אִיךְ װעל
דִיר פָאן מֵיינֶע מַעֲשִׂים מֵיין אֱמוּנָה װֵייזֶען. דוּא גְלױבְּסְט, דָאס 19
עֶס אִיז אַײן אַײנְצִיגֶער גָאטְט? דוּא טְהוּסְט דֶערְמִיט גוּט; דִיא
טֵייװָלֶען גְלױבֶּען עֶס אוֹיךְ, אוּן צִיטֶערְן. װִילְסְט דוּא אָבֶּער דֶערְ־ 20
קֶענֶען, דוּא נַארֶעשֶׁער מֶענְשׁ, דָאס דֶער גְלױבֶּען אָן מַעֲשִׂים אִיז
טוֹיט? אִיז נִיט אַבְרָהָם אָבִינוּ דוּרְךְ זֵיינֶע מַעֲשִׂים גֶערֶעכְט גֶע־ 21
װָארֶען, װען עֶר הָאט יִצְחָק'ן זֵיין זָאהן מַקְרִיב גֶעװעזֶען אוֹיף דֶעם
מִזְבֵּחַ? זֶעהסְט דוּא, דָאס דֶער גְלױבֶּען הָאט מִיט גֶעהָאלְפֶען צוּ 22
זֵיינֶע מַעֲשִׂים; אוּן דוּרְךְ דִיא מַעֲשִׂים אִיז דֶער גְלױבֶּען גַאנְץ גֶע־
װָארֶען. אוּן אַזױ אִיז דִיא שְׁרִיפְט (תַּנַ"ךְ) מְקוּיָם גֶעװָארֶען, 23
װעלְכֶע זָאגְט: אַבְרָהָם הָאט אָבֶּער גָאטְט גֶעגְלױבְּט, אוּן עֶס אִיז

איהם גערעכנט געוואָרען פאַר איין גערעכטיגקייט, און ער איז
24 גערופען געוואָרען פאַר גאָטטעס פריינד. אַזוי זעהט איהר, דאָס
איין מענש ווערט גערעכטפאַרטיגט דורך מַעֲשִׂים, און ניט דורך
25 אמונה אַליין. דאָס גלייכען רָחָב הַזּוֹנָה, איז זיא ניט דורך מַעֲשִׂים
גערעכטפאַרטיגט געוואָרען. ווען זיא האָט דיא מְרַגְּלִים אויפגענומען
26 און האָט זיי אַוועקגעשיקט אויף איין אַנדערען וועג? דען אַזוי וויא דער
לייב איז אָן דעם גייסט טויט, אַזוי איז אויך דיא אמונה אָן מַעֲשִׂים טויט.
ג ליבע ברידער, ניט יעדער מענש זאָל זיך אונטערשטעהן, צו
זיין איין לעהרער, איהר ווייסט, מיר נעהמען אויף אונז איין
2 גרעסערע פעראַנטוואָרטונג. דען מיר מאַכען פעהלער אין פילעס.
ווער אָבער אויך אין קיין וואָרט מאַכט קיין פעהלער, דער איז
איין גאַנצער מענש, און קען אויך דעם גאַנצען לייב האַלטען אין
3 צאַם. ווען מיר לעגען דיא פערד דיא צאַמען אין מויל, כְּדֵי זיי
זאָלען אונז פאָלגען, אַזוי פיהרען מיר דערמיט זייערע גאַנצען
4 לייב. זעה, אויך דיא שיפען, וויא גרויס זיי זענען, און ווערען פאָן
שטאַרקע ווינטען געטריבען, ווערען זיי דאָך פאָן איין קליינעם
5 רודער געלענקט, וואוהין דער וואָס פיהרט וויל. אַזוי איז אויך
דער צונג איין קליינער גליד, און פיהרט אויס גרויסע זאַכען. זעה,
איין קליינער פייער, וואָס פאַר איין גרויסען וואַלד ער צינדעט
6 אָן? אַזוי איז אויך דער צונג איין פייער, איין וועלט פול מיט
אונגערעכטיגקייט שטעלט דער צונג צווישען דיא גלידער פאָר,
און פעראונרייניגט דעם גאַנצען לייב, און צינדעט אָן אונזערע
7 גאַנצען לעבען, ווען ער איז פאָן דער העל אָנגעצונדען. דען דיא
נאַטור פאָן אַלע חַיּוֹת און פייגעלען, שלאַנגען און חַיּוֹת פאָן יַם
8 ווערען געצאַמט, און דיא מענשליכע נאַטור צאַמט זיי; אָבער
דעם צונג קען קיין מענש ניט צאַמען, דיזע אונרוהיגע שלעכט,
9 פול מיט סַם הַמָּוֶת. דורך איהם לויבען מיר גאָטט דעם פאָטער;
און דורך איהם פלוכען מיר דיא מענשען, וועלכע זענען געמאַכט
10 אין דעם בילד (צֶלֶם) גאָטטעס. פאָן דעמזעלביגען מויל געהט
איין בְּרָכָה און איין קְלָלָה אַרויס. עס זאָל ניט אַזוי זיין, מיינע
11 ליבע ברידער. קוועלט דען פאָן איין קוואַל זיסע און ביטערע
12 (וואַסער)? קען דען, ליבע ברידער, דער פייגענבוים איילבערטען

גֶעבֶּען, אָדֶער אֵיין וַויינְשְׁטָאק פֵייגֶען? אַזוֹי קֶען נִיט אֵיין קְוַואל
13 גֶעזַאלְצֶענֶע אוּן זִיסֶע וַואסֶער גֶעבֶּען. וֶוער עֶס אִיז צְוִוישֶׁען אֵייךְ
אֵיין חָכָם אוּן אֵיין פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער מַאן? דֶער זָאל בֶּעוֵוייזֶען מִיט
זֵיין גוּטֶען פִיהרוּנְג זֵיינֶע מַעֲשִׂים מִיט אוּנְטֶערְטֶעהנִיגֶע לִיבֶּע אוּן
14 חָכְמָה. וֶוען אִיהר אָבֶּער הָאט בִּיטֶערֶע קִנְאָה אוּן קְרִיג אִין אֵייעֶרֶע
הַארְצֶען, אַזוֹי בֶּערִיהמְט אֵייךְ נִיט, אוּן לֵייקֶענְט נִיט גֶעגֶען דֶעם
15 אֱמֶת. דֶען דָאס אִיז נִיט דִיא חָכְמָה, וֶועלְכֶע קוּמְט פָאן אוֹיבֶּען
16 אַרָאבּ, נוּר אֵיין עֶרְדֶענֶע, מֶענְשְׁלִיכֶע אוּן טֵייוֶועלְשֶׁע. דֶען וְואוּ
עֶס אִיז קִנְאָה אוּן מַחֲלוֹקֶת, דָא אִיז קֵיין אָרְדֶענוּנְג נִיט דָא אוּן אַלֶע
17 שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים. דִיא חָכְמָה פָאן אוֹיבֶּען אָבֶּער אִיז צוּם עֶרְשְׁטֶען
רֵיינְקֵייט (צְנִיעוּת), דֶערְנָאךְ שָׁלוֹם, נָאכְגֶעבֶּען, גֶעהָארְכֶען, פוּל דֶערְ־
18 בַּארֶעמוּנְג אוּן גוּטֶע פְרוּכְט, אָן צְוֵוייפֶעל (סָפֵק), אָן חֲנִיפָה. דִיא
פְרוּכְט פָאן צִדְקוֹת אָבֶּער וֶוערְט אוֹיסְגֶעזֵייט אִין פְרִידֶען בֵּיי דִיא,
וֶועלְכֶע הַאלְטֶען פְרִידֶען.

ד פָאן וַואנֶען קוּמְט צְוִוישֶׁען אֵייךְ מַחֲלוֹקֶת אוּן קְרִיג? קוּמְט עֶס
נִיט פָאן אֵייעֶרֶע תַּאֲווֹת וֶועלְכֶע שְׁטְרֵייטֶען אִין אֵייעֶרֶע גְלִידֶער?
2 אִיהר בֶּעגֶעהְרְט אוּן דֶערְגְרֵייכְט עֶס נִיט; אִיהר הַרְג׳עט אוּן זֶענְט
מְקַנֵא, אוּן קֶענְט עֶס נִיט דֶערְלַאנְגֶען. אִיהר קְרִיגְט זִיךְ אוּן הַאלְט
3 מִלְחָמָה, אִין הָאט עֶס נִיט, וֵוייל אִיהר זֵייט נִיט מִתְפַּלֵל. אִיהר
זֶענְט מִתְפַּלֵל אוּן זֵייט נִיט מְקַבֵּל, דֶערִיבֶּער וֵוייל אִיהר בֶּעט
שְׁלֶעכְט, כְּדֵי אִיהר זָאלְט עֶס אִין אֵייעֶרֶע תַּאֲווֹת פֶערְבְּרוֹיכֶען.
4 אִיהר נוֹאֲפִים אוּן נוֹאֲפוֹת, וֵוייסְט אִיהר נִיט, דָאס דִיא פְרֵיינְדְ־
שַׁאפְט מִיט דֶער וֶועלְט אִיז אֵיין פֵיינְדְשַׁאפְט אַנְטְקֶעגֶען גָאטְט?
דֶערִיבֶּער, וֶוער עֶס וִויל זֵיין אֵיין פְרֵיינְד פָאן דֶער וֶועלְט, דֶער
5 וֶועט גָאטְטֶעס פֵיינְד זֵיין. אָדֶער מֵיינְט אִיהר, דָאס דִיא שְׁרִיפְט
זָאגְט אוּמְזִיסְט (דֶער גֵייסְט, וֶועלְכֶער אִין אוּנְז וֵוייְנְט, גֶעלוּסְט צוּ
6 קִנְאָה. אָבֶּער עֶר גִיט גְרֶעסֶערֶע גְנָאד). דֶערִיבֶּער זָאגְט דִיא
שְׁרִיפְט (תנ״ך): גָאטְט אִיז גֶעגֶען דִיא שְׁטָאלְצֶע, דִיא אוּנְטֶערְ־
7 טֶעהנִיגֶען אָבֶּער גִיט עֶר גְנָאד. דֶערִיבֶּער, זֵייט אוּנְטֶערְטֶעהנִיג
צוּ גָאטְט. שְׁטֶעלְט אֵייךְ אַנְטְקֶעגֶען דֶעם טֵייוֶועל, אַזוֹי וֶועט עֶר
8 אַוֶועקְפְלִיהֶען פָאן אֵייךְ. גֶענֶעהֶענְט אֵייךְ צוּ גָאטְט, אַזוֹי וֶועט עֶר
זִיךְ צוּ אֵייךְ גֶענֶעהֶען. רֵיינִיגְט אִיהר זִינְדֶער, אֵייעֶרֶע הֶענְד, אוּן

9 הַאלְט אֵייעֶר הַארְץ אִין צְנִיעוּת, אִיהר אוּנְרֵיינֶע. פִיהלְט אֵייעֶר
עֶלֶענְד אוּן טְרוֹיעֶרְט מִיט טְרֶעהְרֶען. אֵייעֶר לַאכֶען זָאל זִיך פַארְ־
10 קֶעהְרֶען אִין וֵויינֶען, אוּן אֵייעֶר פְרֵייד אִין טְרוֹיעֶרִיגְקֵייט. מַאכְט
אַייך אוּנְטֶערְטֶעהְנִיג פַאר גָאטְט, אַזוֹי וֶועט עֶר אַייך דֶערְהוֹיכֶען.
11 לִיבֶּע בְּרִידֶער, בֶּערֶעט נִיט אֵיינֶעם דֶעם אַנְדֶערֶען. וֶוער עֶס
בֶּערֶעט זַיין בְּרוּדֶער אָדֶער מִשְׁפָּט זַיין בְּרוּדֶער, דֶער בֶּערֶעט
דִיא תּוֹרָה, אוּן מִשְׁפָּט דִיא תּוֹרָה. מִשְׁפָּט׳סְט דוּא אָבֶּער דִיא
תּוֹרָה, אַזוֹי בִּיסְט דוּא שׁוֹין נִיט קֵיין טְהוּעֶר פָאן דֶער תּוֹרָה, נוּר
12 אֵיין רִיכְטֶער. עֶס אִיז אֵיינֶער, וֶועלְכֶער אִיז דֶער גֶעבֶּער פָאן
דֶער תּוֹרָה אוּן דֶער רִיכְטֶער, וֶועלְכֶער קֶען רֶעטֶען אוּן פֶערְ־
דַארְבֶּען. דוּא אָבֶּער, וֶוער בִּיסְט דוּא, וָואס דוּא מִשְׁפָּט׳סְט דֵיין
13 חַבֵר? נוּן גוּט, וֶועלְכֶע עֶס זָאגֶען: הַיינְט אָדֶער מָארְגֶען וֶועלֶען
מִיר גֶעהְן אִין דִיזֶע שְׁטָאט, אוּן דָארְטֶען אֵיין יָאהר פַארְבְּרֵיינְגֶען,
14 גֶעשֶׁעפְטֶען מַאכֶען, אוּן פַארְדִינְסְט זוּכֶען. דִיא, וֶועלְכֶע אִיהר
דָאךְ נִיט וֵוייסְט, וָואס עֶס וֶועט מָארְגֶען מִיט אֵייעֶרֶען לֶעבֶּען זַיין.
דֶען וָואס אִיז אֵייעֶר לֶעבֶּען? עֶס אִיז אֵיין דַאמְפְּ. וֶועלְכֶער עֶס
גֶעדוֹיעֶרְט אֵיין קְלֵיינֶע צַייט, דֶערְנָאךְ אָבֶּער פֶערְשְׁווִינְדֶעט עֶר.
15 אַנְשְׁטָאט וָואס אִיהר זָאלְט זָאגֶען: אִם יִרְצֶה הַשֵׁם, וֶועלֶען מִיר
16 לֶעבֶּען, אוּן וֶועלֶען דָאס אוּן דָאס טָאן. יֶעצְט אָבֶּער בֶּערִיהמְט
אִיהר אַייךְ אִין אֵייעֶר שְׁטָאלְץ. אַלֶע אַזֶעלְכֶע בֶּערִיהמֶערֵיי זֶענֶען
17 שְׁלֶעכְט. דֶען וֶוער עֶס וֵוייס גוּטֶעס צוּ טָאן, אוּן טְהוּט עֶס נִיט,
דֶעם אִיז עֶס אֵיין זִינְדֶע.

ה נוּן גוּט, אִיהר רֵייכֶע, וֵויינְט אוּן קְלָאגְט אִיבֶּער אֵייעֶר עֶלֶענְד,
2 וֶועלְכֶער וֶועט אִיבֶּער אַייך קוּמֶען. אֵייעֶר רֵייכְטְהוּם אִיז פֶערְ־
3 פוֹילְט, אֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער הָאבֶּען מָאהל אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען. אֵייעֶר
גָאלְד אוּן זִילְבֶּער אִיז פֶערְרָאסְטֶעט גֶעוָוארֶען, אוּן זֵייעֶר רָאסְט
וֶועט אוֹיף אַייך עֵדוּת זָאגֶען, אוּן וֶועט אֵייעֶר פְלֵייש אוֹיפְפְרֶעסֶען.
וִויא צוּם פֵייעֶר הָאט אִיהר אֵייעֶרֶע אוֹצְרוֹת גֶעזַאמֶעלְט צוּ דִיא
4 לֶעצְטֶע טֶעג. זֶעהט, דֶער לוֹין פָאן דִיא אַרְבֵּייטֶער, וֶועלְכֶע
הָאבֶּען אֵייעֶרֶע פֶעלְדֶער גֶעשְׁנִיטֶען, אוּן וֶועלְכֶען אִיהר הָאט זֵיי
נִיט אָבְּגֶעצָאהלְט, שְׁרֵייט, אוּן דֶער רוּפֶען פָאן דִיא שְׁנִיטֶער אִיז
5 אִין דִיא אוֹיעֶרְן פָאן דֶעם גָאטְט צְבָאוֹת גֶעקוּמֶען. אִיהר הָאט

גוּט גֶעלֶעבְּט אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּן אַייֶערֶע תַּאֲווֹת נָאכְגֶעגֶעבֶּן, אִיהר
הָאט אַייֶערֶע הֶערְצֶער גֶעפִּיטֶערְט ווִיא אוֹיף אַיין שְׁלַאכְט טָאג.
6 אִיהר הָאט אָבְּגֶע׳מִשְׁפָּט אוּן גֶעטֵייטֶעט דֶעם צַדִיק, אוּן עֶר הָאט זִיך
7 אַנְטְקֶעגֶען אַייך נִיט גֶעשְׁטֶעלְט. אַזוֹי וַוארְט נוּר מִיט גֶעדוּלְד
(סַבְלָנוּת), לִיבֶּע בְּרִידֶער, בִּיז דֶער הֶערְר וֶועט קוּמֶען. זֶעהט,
דֶער עֶרְדְאַרְבֵּייטֶער דֶערְוַוארְט דִיא טְהֵייעֶרֶע פְּרוּכְט פָאן דֶער
עֶרְד, ווייל עֶר וַוארְט אוֹיף אִיהר מִיט גֶעדוּלְד, בִּיז זִיא בֶּעקוּמְט
8 פְרִיהרֶעגֶען אוּן שְׁפֶּעטְרֶעגֶען. וַוארְט אִיהר אוֹיךְ אִין גֶעדוּלְד אוּן
שְׁטַארְקְט אַייֶערֶע הֶערְצֶער, דֶען דֶער קוּמֶען פָאן דֶעם הֶערְרְן
9 אִיז נָאהֶענְט. לִיבֶּע בְּרִידֶער, זִיפְצְט נִיט אַיינֶער גֶעגֶען דֶעם
אַנְדֶערֶען, כְּדֵי אִיהר זָאלְט נִיט גֶע׳מִשְׁפָּט וֶוערֶען; זֶעהט, דֶער
10 רִיכְטֶער שְׁטֶעהט פַאר דֶער טְהִיר. לִיבֶּע בְּרִידֶער, נֶעהמְט אַייך
צוּם בֵּיישְׁפִּיל דִיא לֵיידֶען אוּן דִיא גֶעדוּלְד פָאן דִיא נְבִיאִים,
וֶועלְכֶע הָאבֶּען צוּ אַייך גֶערֶעדט אִין דֶעם נָאמֶען פָאן דֶעם הֶערְרְן.
11 זֶעהט, מִיר הַאלְטֶען פַאר זֶעלִיג דִיא, וֶועלְכֶע הָאבֶּען אוֹיסְגֶעוַוארְט;
פָאן אִיוֹבּ׳ס אוֹיסְוַוארְטֶען הָאט אִיהר גֶעהֶערְט, אוּן דֶעם עֶנְדֶע פָאן
דֶעם הֶערְרְן הָאט אִיהר גֶעזֶעהֶען; דֶען דֶער הֶערְר אִיז אַיין בַּעַל
12 רַחֲמִים אוּן בַּארְעמְהֶערְצִיג. פְרִיהֶער פָאן אַלְץ אָבֶּער, מֵיינֶע
בְּרִידֶער, שְׁוֶוערְט נִיט, נִיט מִיט דֶעם הִימֶעל אוּן נִיט מִיט דֶער
עֶרְד, אוּן נִיט מִיט קֵיין אַנְדֶערֶע שְׁבוּעָה. אֵייעֶר יַא זָאל זֵיין יַא,
אוּן אֵייעֶר נֵיין זָאל זֵיין נֵיין, כְּדֵי אִיהר זָאלְט נִיט צוּם מִשְׁפָּט
13 אַרֵיינְפַאלֶען. וֶוען אֵיינֶער פָאן אַייך לֵיידֶעט, אַזוֹי זָאל עֶר מִתְפַּלֵל
זֵיין. אִיז אֵיינֶעם גוּט צוּם מוּטְה, דֶער זָאל זִינְגֶען מִזְמוֹרִים פָאן
14 תְּהִלִים. אִיז אֵיינֶער קְרַאנְק, אַזוֹי זָאל עֶר רוּפֶען דִיא עֶלְטְסְטֶע
פָאן דֶער גֶעמֵיינְדֶע, זֵיי זָאלֶען אִיבֶּער אִיהם מִתְפַּלֵל זֵיין, אוּן אִיהם
15 זַאלְבֶּען מִיט אֵייל אִין דֶעם נָאמֶען פָאן דֶעם הֶערְרְן. אַזוֹי וֶועט
דִיא תְּפִלָה פָאן דֶעם גְלוֹיבֶּען דֶעם קְרַאנְקֶען הֶעלְפֶען, אוּן דֶער
הֶערְר וֶועט אִיהם אוֹיפְשְׁטֶעלֶען; אוּן וֶוען עֶר הָאט זִינְדֶען גֶעטָאן,
16 אַזוֹי וֶועלֶען זֵיי אִיהם פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען. אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען
זָאל מִתְוַדֶה זֵיין זֵיינֶע זִינְד, אוּן זֶענְט מִתְפַּלֵל אֵיינֶער פַאר דֶעם
אַנְדֶערֶען, כְּדֵי אִיהר זָאלְט גֶעהֵיילְט וֶוערֶען; דֶען דִיא תְּפִלָה פָאן
17 אֵיין צַדִיק קֶען פִיל הֶעלְפֶען. אֵלִיָהוּ אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין מֶענְשׁ.

גְלַייך וִויא מִיר, אוּן עֶר הָאט מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען דָאס עֶס זָאל נִיט
רֶעגֶענֶען, אוּן עֶס הָאט נִיט גֶערֶעגֶענְט אוֹיף דֶער עֶרְד, דְרַייא יָאהר
18 אוּן זֶעקְס מָאנַאטֶע. אוּן עֶר הָאט נָאך אֵיין מָאל מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען,
אוּן דֶער הִימֶעל הָאט גֶעגֶעבֶּען רֶעגֶען, אוּן דִיא עֶרְד הָאט אַרוֹיסְ־
19 גֶעשְׁפְּרָאצְט אִיהר פְּרוּכְט. לִיבֶּע בְּרִידֶער, וֶוען אֵיינֶער פָּאן אַייך
פֶּערְאִירְרְט זִיך פָּאן דֶעם אֱמֶת, אוּן אֵיינֶער וֶועט אִיהם אוּמְקֶעהרֶען.
20 דֶער זָאל וִויסֶען, דָאס וֶוער עֶס הָאט אֵיין זִינְדֶער פָּאן דֶעם טָעוּת
פָּאן זַיין וֶועג אוּמְגֶעקֶעהרְט, דֶער הָאט זַיין זֶעלֶע מַצִיל גֶעוֶועזֶען
פָּאן טוֹיט, אוּן וֶועט פַּארְדֶעקֶען פִּילֶע זִינְדֶען.

---

# דער ערשטער בריף פאן דעם אפאסטעל פעטרוס

---

א פֶּעטְרוּס אֵיין אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ) פָּאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, צוּ דִיא
אוֹיסְדֶערְוֶועהלְטֶע פְרֶעמְדֶע, וֶועלְכֶע זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט אִין פָּנְטוּס,
2 גָלַטְיָא, קַאפָּאדָאקְיַא, אַזְיָא אוּן בִּיטוּנְיָא. דוּרְך דֶער הַשְׁגָחָה פָּאן
פְרִיהֶער פָּאן גָאטְט דֶעם פָּאטֶער, דוּרְך דֶער הֵיילִיגוּנְג פָּאן דֶעם
גֵייסְט, צוּ גֶעהָארְכֶען אוּן צוּ בֶּעשְׁפְּרִיצֶען מִיט יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׳ס
3 בְּלוּט, גְנָאד אוּן פְרִידֶען זָאלֶען זִיך צוּ אַייך מֶעהרֶען. גֶעלוֹיבְּט
אִיז גָאטְט דֶער פָאטֶער פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ,
וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז מִיט זַיין גְרוֹיס רַחֲמָנוּת וִוידֶערְגֶעבָּארֶען צוּ
אֵיין לֶעבֶּענְדִיגֶע הָאפְנוּנְג, דוּרְך דֶעם וָואס יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז
4 אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פָאן דִיא טוֹיטֶע. צוּ אֵיין עֶרְבֶּע (יְרוּשָׁה), וֶועלְכֶע
נִיט פַארְגֶעהט, נִיט בֶּעפְלֶעקְט, אוּן נִיט פַארְוֶועלְקְט (פַארְדַארְבְּט),
5 וֶועלְכֶע אִיז בֶּעהַאלְטֶען אִין הִימֶעל פַאר אַייך. דִיא, וֶועלְכֶע זֵיינֶען
דוּרְך גָאטְטֶעס קְרַאפְט אוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אָבְּגֶעהִיט צוּ דֶער יְשׁוּעָה,
וֶועלְכֶע אִיז צוּגֶעבְּרֵייט אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ וֶוערֶען אִין דֶער לֶעצְטֶער
6 צֵייט. אִין וֶועלְכֶער אִיהר וֶועט אַייך פְרֵייעֶן, אִיהר וֶועלְכֶע הָאבֶּען
נָאך יֶעצְט אֵיין קְלֵיינֶע צֵייט צַעַר, וָואוּ עֶס אִיז נֶעטְהִיג, פָאן פֶערְ־

7 שֵׁיידֶענֶע נִסְיוֹנוֹת. כְּדֵי דִיא פְּרָאבֶּע פָאן אֵייעֶרֶען גְלוֹיבֶּען זָאל
טְהֵייעֶרֶער גֶעפוּנֶען ווערֶען פָאן גָאלְד, וועלְכֶעס פַארְגֶעהט און
ווערְט דוּרְך פֵייעֶר גֶעפְּרוּבְט, צוּם לוֹיבּ און צוּם פְּרֵייז און צוּם
8 כָּבוֹד, ווען עֶס וועט אַנְטְפְּלֶעקְט ווערֶען יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. וועלְכֶען
אִיהר הָאט לִיבּ נִיט גֶעזֶעהֶענְעַרְהֵייט, און נִיט גֶעזֶעהֶענְעַרְהֵייט גְלוֹיבְּט
אִיהר אִין אִיהם און פְרֵייעֶט אַייך מִיט אֵיין הֶערְרְלִיכֶע פְרֵייד,
9 וועלְכֶע עֶס אִיז נִיט אוֹיסְצוּדֶערְצֶעהְלֶען. און אִיהר טְרָאגְט דֶערְפוּן
אַוועק דֶעם צִיל פָאן אֵייעֶרֶען גְלוֹיבֶּען, דִיא יְשׁוּעָה פָאן דִיא נְשָׁמוֹת.
10 וואָס נָאך דֶער יְשׁוּעָה הָאבֶּען גֶעזוּכְט און גֶעפָארְשְׁט דִיא נְבִיאִים,
וועלְכֶע הָאבֶּען פָאן פְרִיהֶער גֶעזָאגְט דֶעם חֶסֶד וואָס וועט קוּמֶען.
11 און הָאבֶּען גֶעפָארְשְׁט, אוֹיף וועלְכֶער און אוֹיף וואָס פַאר אֵיין צֵייט
הָאט גֶעוִויזֶען דֶער גֵייסְט פָאן מָשִׁיחַ'ן, וועלְכֶער אִיז אִין זֵיי גֶעוֶוען,
ווען עֶר הָאט פְרִיהֶער גֶעזָאגְט דִיא לֵיידֶען פָאן דֶעם מָשִׁיחַ'ן,
12 און דִיא הֶערְרְלִיכְקֵייט וואָס וועט קוּמֶען נָאך דֶעם. זֵיי אִיז אַנְטְפְּלֶעקְט
גֶעוֶוען, דָאס נִיט זֵיי, נוּר אוּנְז הָאט עֶס גֶעדִינְט, דָאס וואָס אִיז אַייך
שׁוֹין אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּרְך דִיא, וועלְכֶע הָאבֶּען אַייך אָנְגֶעזָאגְט
דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם (בְּשׂוֹרָה טוֹבָה) דוּרְך דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, וועלְכֶער
אִיז גֶעשִׁיקְט פָאן דֶעם הִימֶעל; וועלְכֶעס אוֹיך מַלְאָכִים וואָלְטֶען
13 גֶעוָואלְט זֶעהֶען. דֶערִיבֶּער, זָאלְט אִיהר אָנְגַארְטְלֶען דִיא לֶענְדֶען
פָאן אֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד, זֵייט נִיכְטֶער, און הָאפְט אוֹיף דִיא גְנָאד,
וואָס ווערְט אַייך אָנְגֶעבָּאטֶען דוּרְך דִיא אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פָאן יֵשׁוּעַ
14 הַמָּשִׁיחַ. ווִיא קִינְדֶער וועלְכֶע גֶעהָארְכֶען, זָאלְט אִיהר נִיט לֶעבֶּען
אִין דִיא פְרִיהֶערְדִיגֶע תַּאֲווֹת, וועלְכֶע זֶענֶען גֶעוֶוען בֵּיי אַייך אִין
15 אֵייעֶר אוּנְווִיסֶענְהֵייט. נָאר אַזוֹי ווִיא דֶער הֵיילִיגֶער, וועלְכֶער הָאט
אַייך גֶערוּפֶען, זָאלְט אִיהר אוֹיך הֵיילִיג זַיין אִין אַלֶע אֵייעֶרֶע וועגֶען.
16 ווִיא עֶס שְׁטֶעהט גֶעשְׁרִיבֶּען: זֵייט אִיהר הֵיילִיג, ווייל אִיך בִּין
17 הֵיילִיג. און ווען אִיהר רוּפְט אָן פָאטֶער דֶעם, וועלְכֶער מִשְׁפָּט
יֶעדֶען און זֶעהט נִיט אוֹיפֶען מֶענְשֶׁען, נוּר נָאך זַיינֶע מַעֲשִׂים, אַזוֹי גֶעהט
18 מִיט מוֹרָא דִיא צֵייט, וועלְכֶע אִיהר גֶעהט דָא. און ווייסְט, דָאס
נִיט דוּרְך זִילְבֶּער אָדֶער גָאלְד, וועלְכֶע עֶס פַארְגֶעהֶען, זֶענְט אִיהר
אוֹיסְגֶעלֶעזְט פָאן דֶעם נַארִישֶׁען לֶעבֶּען, וועלְכֶען אִיהר הָאט בֶּע־
19 קוּמֶען פָאן דִיא פָאטֶערְס. נוּר דוּרְך דֶעם טְהֵייעֶרְן בְּלוּט פָאן

דֶעם מָשִׁיחַ, וועלכֶער אִיז, וויא אֵיין נִיט שוּלדִיגֶער אוּן נִיט בֶּעַ־
20 פְלֶעקְטֶער שֶׁעפְּס. וֶועלְכֶער אִיז, אֵיידֶער דִיא וֶועלְט אִיז גֶעגְרִינְדֶעט
גֶעוָוארֶען, אוֹיסְדֶערְוֶועהלְט גֶעוָוארֶען, אָבֶּער אַנְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען
21 אִין דִיא לֶעצְטֶע צֵייטֶען פָּאן אֵייעֶרְטְוֶועגֶען. אִיהר, וֶועלְכֶע דוּרְךְ
אִיהם גְלוֹיבְּט אִין גָאטְט, וֶועלְכֶער הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פָּאן
דִיא טוֹיטֶע, אוּן אִיהם הֶערְלִיכְקֵייט גֶעגֶעבֶּען, כְּדֵי אִיהר זָאלְט
22 הָאבֶּען אֱמוּנָה אוּן הָאפֶענוּנְג צוּ גָאטְט. רֵיינִיגְט דִיא זֶעלֶען דוּרְךְ
גֶעהָארְכֶען דֶעם אֱמֶת דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט צוּ נִיט פַארְשְׁטֶעלְטֶע
בְּרוּדֶערְלִיבֶּע, לִיבְּט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן פָּאן רֵיינֶעם הַארְצֶען.
23 וִויא נֵיי גֶעבָּארֶענֶע, נִיט פָּאן פֶערְדָארְבֶּענֶער זְרִיעָה, פָּאן דֶעם
לֶעבֶּענְדִיגֶען וָוארְט גָאטְטֶעס, וֶועלְכֶעס בְּלֵייבְּט אוֹיף עֶווִיג.
24 וֵוייל יֶעדֶעס פְלֵייש אִיז וִויא גְרָאז, אוּן אַלֶע זֵיינֶע הֶערְרְ־
לִיכְקֵייט וִויא דִיא בְּלוּמֶע פָּאן גְרָאז. דָאס גְרָאז אִיז פֶערְדַארְט
25 אוּן זַיין בְּלוּם פַאלְט אַרָאב. אָבֶּער דָאס וָוארְט פָּאן גָאטְט
בְּלֵייבְּט אוֹיף עֶווִיג. אוּן דָאס אִיז דָאס וָוארְט, וָואס אִיז אַייךְ
אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען.
ב אַזוֹי לֶעגְט נוּן אַוֶועק אַלֶע שְׁלֶעכְטֶעס אוּן אַלֶע פַאלְשְׁקֵייט,
2 חֲנִיפָה, קִנְאָה אוּן לָשׁוֹן הָרָע. אַזוֹי וִויא נֵייגֶעבָּארֶענֶע קִינְדֶער זָאלְט
אִיהר פַארְלַאנְגֶען נָאךְ קְלוּגֶע אוּן רֵיינֶע מִילְךְ פָּאן דֶעם וָוארְט,
3 כְּדֵי אִיהר זָאלְט דוּרְךְ דֶעם וַואקְסֶען צוּ דֶער יְשׁוּעָה. וֶוען אִיהר
4 הָאט פֶערְזוּכְט וִויא פְרֵיינְדְלִיךְ אִיז דֶער הֶערְר. צוּ וֶועלְכֶען אִיהר
טְרֶעט צוּ וִויא צוּ אֵיין לֶעבֶּעדִיגֶען שְׁטֵיין, וֶועלְכֶען מֶענְשֶׁען הָאבֶּען
פֶערְוָוארְפֶען, אָבֶּער פָאן גָאטְט אִיז עֶר אוֹיסְדֶערְוֶועהלְט אוּן טְהֵייעֶר.
5 אוּן אוֹיךְ אִיהר זָאלְט, וִויא לֶעבֶּעדִיגֶע שְׁטֵיינֶער, פָּאן זִיךְ אֵיין
גֵייסְטְלִיכֶע הוֹיז בּוֹיעֶן, אֵיין הֵיילִיגֶע כְּהוּנָה, אוּן בְּרֶענְגֶען גֵייסְטְלִיכֶע
קָרְבָּנוֹת, וֶועלְכֶע זֶענֶען אָנְגֶענוּמֶען פַאר גָאטְט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ'ן.
6 דֶערִיבֶּער אִיז אִין פָּסוּק גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען: זֶעהט, אִיךְ לֶעג אִין צִיוֹן
אֵיין עֶקְשְׁטֵיין, וֶועלְכֶער אִיז אוֹיסְדֶערְוֶועהלְט אוּן טְהֵייעֶר; אוּן דֶער
7 וָואס גְלוֹיבְּט אִין אִיהם, וֶועט נִיט צוּ שַׁאנְדֶע וֶוערֶען. פַאר אַייךְ
גְלֵייבִּיגֶע אִיז עֶר טְהֵייעֶר; אוּן פַאר דִיא, וָואס גְלוֹיבֶּען נִיט, אִיז עֶר
אֵיין שְׁטֵיין, וֶועלְכֶען דִיא בּוֹילֵייט הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען, עֶר אִיז
גֶעוָוארֶען צוּם עֶקְשְׁטֵיין, אֵיין שְׁטֵיין פָּאן אָנְשְׁטוֹיסוּנְג, אוּן אֵיין פֶעלְז

8 פָאן עָרְגֶער וֶוערֶען; זֵיי שְׁטוֹיסֶען זִיךְ אָן אִיהם, וַוייל זֵיי גְלוֹיבֶּען
9 נִיט אִין וָוארְט, דֶערְצוּ זֶענֶען זֵיי אוֹיךְ גֶעשְׁטֶעלְט. אִיהר אָבֶּער
זֶענְט אֵיין אוֹיסְדֶערְוֶועלְטֶער דוֹר, אֵיין מְלוּכָה פָאן כֹּהֲנִים, אֵיין
הֵיילִיגֶעס פָאלְק, אֵיין פָאלְק, וֶועלְכֶע זֵיינֶען זֵיינֶע אֵייגֶענֶע, כְּדֵי אִיהר
זָאלְט דֶערְצֶעהלֶען דִיא מִדוֹת טוֹבוֹת פָאן דֶעם, וֶועלְכֶער הָאט
אֵייךְ אַרוֹיסְגֶערוּפֶען פָאן פִינְסְטֶערְנֶעס אִין זַיין וואוּנְדֶערְלִיכֶע
10 לִיכְטִיגְקַייט. אִיהר וֶועלְכֶע זֶענְט פְרִיהֶער נִיט גֶעוֶוען קֵיין פָאלְק,
יֶעצְט אָבֶּער זֶענְט אִיהר דָאס פָאלְק פָאן גָאטְט, פְרִיהֶער הָאט
אִיהר נִיט גֶעהַאט קֵיין גְנָאד, יֶעצְט אָבֶּער הָאט אִיהר גְנָאד.
11 גֶעלִיבְּטֶע, אִיךְ וָוארְן אֵייךְ וִויא פְרֶעמְדֶע אוּן רֵייזֶענְדֶע, אִיהר זָאלְט
זִיךְ אֵיינְהַאלְטֶען פָאן תַּאֲווֹת פָאן דֶעם פְלֵייש, וֶועלְכֶע הַאלְטֶען
12 מִלְחָמָה גֶעגֶען דֶער נְשָׁמָה. אוּן פִיהְרְט זִיךְ גוּט אוֹיף צְווִישֶׁען דִיא
גוֹיִם, כְּדֵי זֵיי, וֶועלְכֶע בֶּעלֵיידִיגֶען אֵייךְ, וִויא רְשָׁעִים, זָאלֶען זֶעהֶען
אֵייעֶרֶע גוּטֶע מַעֲשִׂים, אוּן גָאטְט לוֹיבֶּען, וֶועז דֶער טָאג פָאן פְּרוּבוּנְג
13 וֶועט קוּמֶען. זַייט אוּנְטֶערְטְהֶענִיג אַלֶע מֶענְשְׁלִיכֶע אֵיינְאָרְדֶענוּנְג
14 צוּ לִיבּ דֶעם הֶערְן, סֵיי דֶעם קֵייזֶער, סֵיי דֶעם עֶלְטְסְטֶען. סֵיי דִיא
גוּבֶּערְנַאטָארֶען, וֶועלְכֶע זֶענֶען פָאן אִיהם גֶעשִׁיקְט צוּ בֶּעשְׁטְרָאפֶען
15 דִיא זִינְדֶער אוּן לוֹיבֶּען דִיא גוּטֶע. וַוייל אַזוֹי אִיז דֶער רָצוֹן פָאן
גָאטְט, דָאס מִיט אֵייעֶר גוּטֶעס טָאן זָאלְט אִיהר פֶערְשְׁטָאפֶען דֶעם
16 מוֹיל פָאן אוּנְווִיסֶענְדִיגֶע, נַארֶעשֶׁע מֶענְשֶׁען. וִויא פְרֵייעֶ, נִיט וִויא
אַזֶעלְכֶע, וֶועלְכֶע בֶּענוּטְצֶען דִיא פְרֵייקַייט צוּצוּדֶעקֶען דִיא בֶּעזְקַייט,
17 נוּר וִויא קְנֶעכְט פָאן גָאטְט. גִיט אָבּ כָּבוֹד יֶעדֶערֶען מֶענְשֶׁען. הָאט
לִיבּ דִיא בְּרִידֶער. הָאט מוֹרָא פַאר גָאטְט. גִיט דֶעם קֶענִיג אָבּ
18 כָּבוֹד. אִיהר קְנֶעכְט, זַייט אוּנְטֶערְטְהֶענִיג מִיט אַלֶע מוֹרָא דִיא
19 הֶערְן, נִיט נוּר גוּטֶע אוּן לִיבֶּע, נוּר אוֹיךְ הַארְטֶע. וַוייל אַזוֹי אִיז
גָאטְט גֶעפֶעלֶען, וֶוען אֵיינֶער אִיז אָנְדֶענְקֶען אוֹיף גָאטְט טְרָאגְט
20 אִיבֶּער צַעַר אוּן לֵיידֶעט אוּמְזִיסְט. וַוייל וָואס אִיז דָא צוּ לוֹיבֶּען
וֶוען אִיהר הַאלְט אוֹיס וֶוען מֶען שְׁלָאגְט אֵייךְ פַאר זִינְד? אָבֶּער
וֶוען אִיהר לֵיידֶעט וֶוען אִיהר טְהוּט גוּטֶעס אוּן הַאלְט עֶס אוֹס, דָאס
21 אִיז גָאטְט גֶעפֶעלֶען. וַוייל אִיהר זֶענְט דֶערְצוּ גֶערוּפֶען; דֶען מָשִׁיחַ
הָאט אוֹיךְ פַאר אוּנְז גֶעלִיטֶען אוּן הָאט אוּנְז אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען אֵיין
22 בֵּיישְׁפִּיל, מִיר זָאלֶען נָאכְגֶעהְן זֵיינֶע טְרִיט. עֶר הָאט קֵיין זִינְד נִיט

23 גֶעטָאן, אוּן קֵיין פַאלְשְׁקֵייט אִיז נִיט גֶעוֶוען אִין זֵיין מוֹיל; וָועלְכֶער
הָאט נִיט צוּרִיק גֶעזִידֶעלְט, וָוען עֶר אִיז גֶעזִידֶעלְט גֶעוָוארֶען; וָוען
עֶר הָאט גֶעלִיטֶען, הָאט עֶר נִיט אָנְגֶעשְׁרִיגֶען, נוּר עֶס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
24 דֶעם רִיכְטֶער, וָועלְכֶער רִיכְטֶעט מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט; אוּנְזֶערֶע
זִינְד הָאט עֶר אַלֵיין אוֹיף זֵיין לֵייבּ אַרוֹיפְגֶעטְרָאגֶען אוֹיף דֶעם
הָאלְץ, כְּדֵי מִיר זָאלֶען, אָבְּשְׁטַארְבֶּען צוּ דֶער זִינְדֶע, אוּן לֶעבֶּען צוּ
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט; אוּן דוּרְךְ זֵיינֶע וואוּנְדֶען זָאלֶען מִיר גֶעהֵיילְט וֶוערֶען.
25 ווייל אִיהר זֶענְט גֶעוֶוען וִויא פַארְאִירְטֶע שָׁאף; אוּן יֶעצְט הָאט
אִיהר אַייךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּם הִירְטֶען אוּן צוּם אוֹיפְזֶעהֶער פָאן
אֵייעֶרֶע זֶעלֶען.

ג אַזוֹי אוֹיךְ אִיהר פְרוֹיעֶן, זֵייט אוּנְטֶערְטְהֶענִיג אֵייעֶרֶע מַאנֶען,
כְּדֵי אוֹיךְ דִיזֶע, וָועלְכֶע גְלוֹיבֶּען נִיט אִין דֶעם וָוארְט, זָאלֶען דוּרְךְ
2 דֶער פִיהרוּנְג פָאן דִיא פְרוֹיעֶן גֶעוואוּנֶען וֶוערֶען צוּם וָוארְט. וָוען
3 זֵיי וֶועלֶען זֶעהֶען אֵייעֶרֶען לֶעבֶּען אִין יִרְאָה אוּן צְנִיעוּת. לָאז אֵייעֶר
פוּצוּנְג נִיט זֵיין מִיט אוֹיסְוֶוענִיגְסְטֶע זַאכֶען, מִיט הָארְפְלֶעכְטֶען,
4 גָאלְדֶענֶע צִירוּנְגֶען אוּן מִיט קְלֵיידֶער זִיךְ. נוּר לָאז עֶס זֵיין אִין דֶער
פַארְבָּארְגֶענֶעם פָאן דֶעם מֶענְשֶׁענְס הַארְצֶען, וָועלְכֶע וֶוערְט נִיט
פַארְדָארְבֶּען, מִיט אֵיין זַאנְפְטֶען אוּן שְׁטִילֶען גֵייסְט, וָועלְכֶעס אִיז
5 טְהֵייעֶר פַאר גָאטְט. דֶען אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ אַמָאל גֶעפּוּצְט דִיא
הֵיילִיגֶע פְרוֹיעֶן, וָועלְכֶע הָאבֶּען גֶעהָאפְט אוֹיף גָאטְט, אוּן זֶענֶען
6 אוּנְטֶערְטֶעהְנִיג גֶעוֶוען זֵייעֶרֶע מַאנֶען. וִויא שָׂרָה הָאט גֶעהָארְכְט
אַבְרָהָם'ען, ווייל זִיא הָאט אִיהם גֶערוּפֶען הֶערְר; אוּן אִיהר זֶענְט
אִיהרֶע קִינְדֶער, וֶוען אִיהר טְהוּט גוּטֶעס, אוּן קֵיין מוֹרָא שְׁרֶעקְט אַייךְ
7 נִיט אָב. אוּן אוֹיךְ אִיהר מֶענְנֶער, וויינְט מִיט דִיא פְרוֹיעֶן מִיט
פַארְשְׁטַאנְד, אוּן גִיט דִיא ווייבֶּער כָּבוֹד אָב, וִויא (ווייל זֵיי זֵיינֶען)
אֵיין שְׁוַואכֶע כְּלִי, וִויא דִיא, וָועלְכֶע הָאבֶּען אֵיין טֵייל אִין דֶער
עֶרְבֶּע פָאן דֶער גְנָאד פָאן דֶעם לֶעבֶּען, כְּדֵי אֵייעֶרֶע תְּפִלּוֹת זָאלֶען
8 נִיט גֶעשְׁטֶערְט וֶוערֶען. צוּם לֶעצְטֶען אָבֶער הָאט אַלֶע אֵיין זִינֶען,
הָאט רַחֲמָנוּת אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערְן, הָאט בְּרִידֶערְלִיכֶע לִיבֶּע,
9 זֵייט בַּארֶעמְהֶערְצִיג, זֵייט פְרֵיינְדְלִיךְ. בֶּעצָאהְלְט נִיט בֶּעזֶעס פַאר
בֶּעזֶעס, אָדֶער זִידְלֶערֵיי פַאר זִידְלֶערֵיי, פַארְקֶעהְרְט בֶּענְשְׁט, אוּן
ווייסְט, דָאס אִיהר זֶענְט דֶערְצוּ גֶערוּפֶען, אִיהר זָאלְט יַרְשֶׁ'עֶנֶען דִיא

10 בְּרָכָה. ווייל ווער עס וויל לעבּען, און גוטע טעג זעהען, דער זאל
11 היטען זיין צונג פון בּעזען, און זיינע ליפּען פון פאלשע רייד. ער
זאל זיך אָוועקקערען פון שלעכטעס און טאָן גוטעס, זוכען שָׁלוֹם,
12 און זיך יאָגען נאָך איהם. ווייל דיא אויגען פון דעם הערין זעהען
דיא צַדִיקִים, און זיינע אויערען זייער תְּפִלָה; דער פָּנִים פון דעם
13 הערין איז אָבּער געגען דיא, וועלכע טהוען בּעזעס. און ווער
14 וועט אייך שאַדען טאָן, ווען איהר געהט נאָך גוטעס? אָבּער ווען
אֲפִילוּ איהר ליידעט צוליבּ גערעכטיגקייט, זענט איהר זעליג.
האט קיין מוֹרָא ניט פאר זייער שרעקען, און זייט ניט בּעטריבּט.
15 הייליגט דעם הערין גאָט אין אייערע הערצער, זייט אַלע צייט
אָנגעבּרייט צו ענטפערין יעדערען, ווער עס פאָדערט פון אייך
רעכענונג וועגען אייער האָפענונג, וועלכע איז דאָ אין אייך, אָבּער
16 מיט גוטען און יִרְאָה. האט איין גוטען געוויסען, כְּדֵי דיא, וועלכע
רעדען, פון אייך שלעכטעס וויא פון רְשָׁעִים, זאָלען פערשעמט
ווערען, ווען זיי שענדען אייער גוטען פיהרונג אין דעם מָשִׁיחַ׳ן.
17 ווייל עס איז בּעסער, ווען דער רָצוֹן פון גאָט איז, צו ליידען
18 פאר גוטעס איידער פאר שלעכטעס. ווייל אויך מָשִׁיחַ, האט
אַמָאל געליטען פאר אונזערע זינד, דער צַדִיק פאר רְשָׁעִים, כְּדֵי
ער זאל אונז צו גאָט פיהרען איז ער געטייטעט געוואָרען נאָך
19 דעם פלייש, לעבּענדיג געמאַכט נאָך דעם גייסט. דורך וועלכען
ער איז אויך אַהינגעגאַנגען, און האט געפּרעדיגט דיא גייסטער אין
20 געפיינגעניס. וועלכע האָבּען פריהער ניט געגלויבּט, ווען גאָט
האט אַמָאל געוואַרט, און געדולד געהאַט אין דיא טעג פון נֹחַ,
ווען עס איז אויפגעשטעלט געוואָרען דיא תֵּיבָה, אין וועלכער
ווייניגע, דאָס הייסט אַכט נְפָשׁוֹת, זענען נִיצוֹל געוואָרען דורך
21 וואַסער. פון וועלכעס דער רֶמֶז פון דער טויפע (טְבִילָה), איז
אויך אייך מַצִיל, ניט דאָס אָבּוואַשען פון דיא אונריינקייט פון
פלייש, נור גאָט אָנצורופען מיט איין גוטען געוויסען, דורך דיא
22 אויפשטעהונג פון יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וועלכער איז אַרויפגעגאַנגען
אין הימעל צום רעכטען גאָטטעס, און מַלְאָכִים און הערשאַפטען
און קרעפטע זענען איהם אונטערטעהניג.

ווייל מָשִׁיחַ האט פאר אונז געליטען אין פלייש, זאָלט איהר ד

אַייך אױך בֶּעװָאפְּענֶען מִיט דֶעם װֶעלְבִּיגֶען זִינֶען; װֵייל װֶער עֶס
2 לַייְדֶעט אִין פְלֵיישׁ, הֶערְט אוֹיף צוּ זִינְדִיגֶען. כְּדֵי עֶר זָאל דִיא
אִיבֶּערִיגֶע צַייט אִין פְלֵיישׁ לֶעבֶּען, נִיט נָאך מֶענְשְׁלִיכֶע תַּאֲווֹת, נָאר
3 נָאך דֶעם רָצוֹן פָּאן גָאטְט. װֵייל עֶס אִיז גֶענוּג, דָאס מִיר הָאבֶּען
דִיא פְרִיהֶערְדִיגֶע צַייט פָּאן דֶעם לֶעבֶּען צוּגֶעבְּרַאכְט נָאך דֶעם
װִילֶען פָאן דִיא גוֹיִם, אוּן גֶעגַאנְגֶען אִין צוֹלָאזֶענְקֵייטֶען, תַּאֲווֹת, שִׁכְּרוּת,
4 פְרֶעסֶען, זוֹיפֶען אוּן שְׁרֶעקְלִיכֶע אָבְגָאטֶער. דֶערִיבֶּער װאוּנְדֶערְן
זֵיי זִיך, װֵייל אִיהר לוֹיפְט נִיט מִיט זֵיי אִין דֶעם שְׁטְרָאם פָּאן דֶעם
5 פַארְלָארֶענֶעם לֶעבֶּען, אוּן לֶעסְטֶערֶען אַייך. זֵיי װֶעלֶען אָבְגֶעבֶּען
חֶשְׁבּוֹן דֶעם, װֶעלְכֶער אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ מִשְׁפָּט׳ן לֶעבֶּעדִיגֶע אוּן
6 טוֹיטֶע. װֵייל צוּלִיבּ דֶעם אִיז אוֹיך דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה אָנְגֶעזָאגְט
גֶעװָארֶען דִיא טוֹיטֶע, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען גֶעמִשְׁפָּט װֶערֶען װִיא מֶענְשֶׁען
7 אִין פְלֵיישׁ, אָבֶּער לֶעבֶּען בֵּיי גָאטְט אִין גֵייסְט. עֶס אִיז אָבֶּער
נָאהֶענְט דֶער סוֹף פָּאן אַלֶעמֶען גֶעקוּמֶען, דֶערִיבֶּער זֵייט קְלוּג אוּן
8 װַאכְט אִין גֶעבֶּעט. פְרִיהֶער פָּאן אַלְץ אָבֶּער זָאלְט אִיהר הָאבֶּען
אֵיין הֶערְצְלִיכֶע לִיבֶּע אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן; װֵייל דִיא לִיבֶּע דֶעקְט
9 צוּ פִיל זִינְד. זֵייט צְװִישֶׁען זִיך מַכְנִיס אוֹרְחִים אָן אוּנְצוּפְרִידֶען
10 צוּ זַיין. דִינְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן, יֶעדֶערֶער מִיט דֶער מַתָּנָה,
װֶעלְכֶער עֶר הָאט מְקַבֵּל גֶעװֶען, װִיא גוּטֶע מְמוּנִים אִיבֶּער דִיא
11 פֶערְשֵׁיידֶענֶע גְנָאד פָּאן גָאטְט. װֶען אֵיינֶער רֶעט, זָאל עֶר רֶעדֶען
װִיא דִיא רֶעד פָּאן גָאטְט. װֶען אֵיינֶער דִינְט זָאל עֶר דִינֶען נָאך
דֶעם כֹּחַ װָאס גָאטְט גִיט, כְּדֵי אִין אַלְץ זָאל גֶעלוֹיבְּט װֶערֶען גָאטְט
דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, װֶעלְכֶען עֶס קוּמְט דֶער כָּבוֹד אוּן דִיא קְרַאפְט
12 פָּאן עֶוִויגְקֵייט צוּ עֶוִויגְקֵייט! אָמֵן. גֶעלִיבְּטֶע, לָאז אַייך נִיט
װאוּנְדֶערֶען, דִיא פֵייעֶרְדִיגֶע פְּרָאבֶּע, װֶעלְכֶע עֶס אִיז אַייך אֵיינְגֶע־
טְהֵיילְט גֶעװָארֶען, אַזוֹי װִיא עֶס װָאלְט אַייך טְרֶעפֶען עֶטְװָאס
13 מֶערְקְוִוירְדִיגֶעס, נוּר פְרֵייט אַייך, דָאס אִיהר לַייְדֶעט מִיט דֶעם
מָשִׁיחַ, כְּדֵי אִיהר זָאלְט אוֹיך חֶדְוָה אוּן שִׂמְחָה הָאבֶּען װֶען זֵיין
14 הֶערְלִיכְקֵייט װֶעט אַנְפְּלֶעקְט װֶערֶען. װֶען מֶען זִידֶעלְט אַייך
אִיבֶּער דֶעם נָאמֶען פָּאן דֶעם מָשִׁיחַ׳ן, זֶעלִיג זֶענְט אִיהר; װֵייל
דֶער גֵייסְט פָּאן הֶערְלִיכְקֵייט דֶער גֵייסְט פָּאן גָאטְט, רוּהט אוֹיף
אַייך. בֵּיי זֵיי אִיז עֶר גֶעלֶעסְטֶערְט, אָבֶּער בֵּיי אַייך אִיז עֶר גֶע־

15 לויבּט. עס זאָל אָבּער קײנער פֿאָן אײַך ניט לײדען װי אײן
רוצח אָדער אײן גנב אָדער אײן רשע, אָדער פֿאַרנעמט אײן
16 פֿרעמדען דינסט. לײדעט ער אָבּער װי אײן קריסט, אַזױ זאָל
ער זיך ניט שעמען; ער זאָל אָבּער אין אַזױ אײן פֿאַל גאָט כּבוד
17 אָבּגעבּען. װײל עס איז צײט, דער משפּט זאָל זיך אָנפֿאַנגען פֿאָן
גאָטטעס הױז. אָבּער װען עס װעט זיך פֿאָן אונז אָנפֿאַנגען, װאָס
װעט עס פֿאַר אײן ענדע זײן פֿאָן די, װעלכע גלױבּען ניט אין
18 דעם עװאַנגעליום (בּשורה טובה) פֿאָן גאָטט? און װען דער
צדיק װעט זיך קוים רעטען, װאו װעט מען דעם גאָטט־לאָזען און
זינדער זעהען? דעריבּער, זאָלען די װעלכע לײדען נאָך דעם
רצון פֿאָן גאָטט, גוטעס טאָ׳, און איהם איבּערגעבּען זײערע זעלען,
װי אײן געטרײען בּעשעפֿער.

ה אײערע עלסטע פֿאַרזאָג איך, װאָס איך בּין אויך אײן זקן װי זײ און
אײן עדות פֿאָן משיח׳ס לײדען, װעלכען עס זאָל אײנגעטײלט װערען
2 די הערליכקײט, װעלכע עס װעט אַנפּלעקט װערען: פּיטערט
די שטאַדע פֿאָן גאָטט, װעלכע עס איז אײך פֿאַרטרױט, און
ניט אַבּטונג, ניט געצװאונגען, נור מיטען װילען; און ניט צוליבּ
3 שענדליכען פֿאַרדינסט, נור פֿאָן רײנעם האַרצען; ניט װי די,
װעלכע הערשען איבּער דאָס פֿאָלק, נור אײן בּײשפּיל זײן
4 פֿאַר די שטאַדע. און װען עס װעט קומען דער עלטסטער
הירט, װעט איהר בּעקומען די קרױן פֿאָן כּבוד, װעלכע פֿער־
5 דאַרבּט ניט. אַזױ אויך איהר, יונגע לײט, זײט אונטערטעהניג
די עלטעסטען. אַלע זאָלט איהר אײנער דעם אַנדערן אונטער־
טעהניג זײן, און האַלט פֿעסט אָן ענוות. װײל גאָטט איז אײן
6 געגנער פֿאָן שטאָלצע; אָבּער ענוים גיט ער גנאָד. אַזױ זײט
אײך מכניע (אונטערטעהניג) אונטער דער שטאַרקער האַנד
7 פֿאָן גאָטט, כּדי ער זאָל אײך צו דער צײט דערהױבּען. אַלע
אײערע זאָרגען װאַרפֿט אויף איהם אַרויף; װײל ער זאָרגט פֿאַר
8 אײך. זײט ניכטער, און װאַכט; װײל אײער שונא, דער שטן געהט
אַרום װי אײן בּרומענדיגער לײבּ, און זוכט, װעמען ער זאָל
9 פֿאַרשלינגען. שטעלט זיך איהם אַנטקעגען פֿעסט אין גלױבּען,
און װײסט, דאָס דיזעלבּיגע לײדען װערען דערפֿילט אָן אײערע

10 בְּרִידֶער אִין דֶער וֶועלְט. אָבֶער דֶער גָאטְט פָאן אַלֶע גְנָאד,
וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז גֶערוּפֶען צוּ זַיין עֶווִיגֶע הֶערְלִיכְקֵייט אִין
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וֶועט אַייך נָאךְ קוּרְצֶען לֵיידֶען, אִין גַאנְצֶען
11 צוּבְּרֵייטֶען, שְׁטַארְקֶען, קְרֶעפְטִיגֶען אוּן גְרִינְדֶען. אִיהם אִיז דֶער
12 כָּבוֹד אוּן דִיא מַאכְט פָאן עֶווִיגְקֵייט צוּ עֶווִיגְקֵייט! אָמֵן. אַזוֹי
הָאבּ אִיךְ אַייךְ, ווִיא אִיךְ דֶענְק, אִין קוּרְצֶען גֶעשְׁרִיבֶען דוּרְךְ
סִילְוַואנוּס, אֵייעֶר גֶעטְרֵייעֶן בְּרוּדֶער, כְּדֵי אַייךְ צוּ פַארְזָאגֶען,
אוּן עֵדוּת צוּ זָאגֶען, דָאס דִיזֶע אִיז דִיא אֱמֶת'ֶע גְנָאד פָאן
13 גָאטְט, אִין וֶועלְכֶע אִיהר שְׁטֶעהט. עֶס גֶערִיסֶען אַייךְ פָאן
בָּבֶל דִיא, וֶועלְכֶע זֵיינֶען גְלֵייךְ ווִיא אִיהר אוֹיסְדֶערְווֶעהלְטֶע,
14 אוּן מֵיין זָאהְן מַארְקוּס. גֶערִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן מִיט דֶעם
קוּס פָאן לִיבֶּע. פְרִידֶען צוּ אַייךְ אַלֶעמֶען, וֶועלְכֶע זֵיינֶען אִין
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ! אָמֵן.

---

# דער צווייטער בריף פאן דעם אפאסטעל פעטרוס

---

א שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס, אַיין קְנֶעכְט אוּן אֵיין אַפָּאסְטֶעל (שָׁלִיחַ)
פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, צוּ דִיא, וֶועלְכֶע הָאבֶּען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טְהֵייעֶרֶען
גְלוֹיבֶּען ווִיא מִיר צוּגֶעטֵיילְט בֶּעקוּמֶען דוּרְךְ דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
פָאן אוּנְזֶערֶען גָאטְט אוּן הֵיילַאנְד (הֶעלְפֶער) יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ.
2 גָאטְט זָאל אַייךְ גֶעבֶּען פִיל גְנָאד אוּן פְרִידֶען דוּרְךְ דִיא דֶערְ־
3 קֶענְטֶענֶעס פָאן גָאטְט אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְזֶערֶען הֶערְן. אַזוֹי
ווִיא פָאן זַיין גֶעטְלִיכֶער קְרַאפְט אִיז אוּנְז גֶעשֶׁענְקְט גֶעוָוארֶען,
אַלְדִינְג, וָואס אִיז נוֹיטִיג צוּם לֶעבֶּען אוּן פְרוּמְקֵייט, דוּרְךְ דֶער
דֶערְקֶענְטֶענֶעס פָאן דֶעם, וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז גֶערוּפֶען דוּרְךְ
4 זֵיינֶע אֵייגֶענֶע הֶערְלִיכְקֵייט אוּן מִדָה טוֹבָה. דוּרְךְ וֶועלְכֶע זֶענֶען
אוּנְז גֶעשֶׁענְקְט גֶעוָוארֶען דִיא גְרֶעסְטֶע הַבְטָחוֹת, כְּדֵי אִיהר זָאלְט

דוּרְךְ זַיי אַיין חֵלֶק הָאבֶּען אִין דֶער גָאטְטְלִיכֶער נַאטוּר, וָוען
אִיהר אַנְטְלוֹיפְט פָאן דֶער פֶערְדַארְבֶּענֶעס פָאן דִיא תַּאֲווֹת פָאן
5 דֶער וָועלְט. דֶערִיבֶּער וָוענְדֶעט אָן אַלֶע אֵייעֶרֶע פְלֵייסִיקֵייט
אוֹיף דֶעם, אוּן וֵוייזְט אִין אֵייעֶרֶען גְלוֹיבֶּען מִדּוֹת טוֹבוֹת, אִין דִיא
6 מִדּוֹת טוֹבוֹת דֶערְקֶענְטֶעניִס, אִין דִיא דֶערְקֶענְטֶענֶיס מֶעסִיגְ־
קֵייט (הִסְתַּפְּקוּת), אִין מֶעסִיגְקֵייט גֶעדוּלְד (סַבְלָנוּת), אִין גֶעדוּלְד
7 פְרוּמְקֵייט, אִין פְרוּמְקֵייט פְרֵיינְדְשַׁאפְט, אִין פְרֵיינְדְשַׁאפְט דִיא
8 לִיבֶּע. דֶען וָוען דִיזֶע זַאכֶען זֵיינֶען בֵּיי אַייךְ פַארַאן אוּן פֶערְ־
מֶעהְרֶען זִיךְ, אַזוֹי וָועלֶען זַיי אַייךְ נִיט זַיין פוֹיל, אוּן אָן פֵּירוֹת
9 אִין דֶער דֶערְקֶענְטֶענֶעס פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. דֶען
בֵּיי וֶועמֶען דָאס אִיז נִיטָא, דֶער אִיז בְּלִינְד אוּן קוּרְצְזִיכְטִיג.
אוּן הָאט פֶערְגֶעסֶען דָאס עֶס זֶענֶען גֶערֵיינִיגְט זֵיינֶע פְרִיהֶערְדִיגֶע
10 זִינְד. דֶערִיבֶּער, בְּרִידֶער, זָאלְט אִיהר נָאךְ מֶעהֶער זִיךְ בֶּעפְלֵייסֶען
פֶעסְט צוּ מַאכֶען אֵייעֶר רוּפוּנְג אוּן אוֹיסְדֶערְוֶועהְלוּנְג; וָוען אִיהר
11 וָועט אַזוֹי טָאן, וָועט אִיהר קֵיין מָאל נִיט שְׁטְרוֹיכְלֶען. וֵוייל אַזוֹי
וָועט אַייךְ רֵייכְלִיךְ דֶערְלוֹיבְּט וֶוערֶען דֶער אֵיינְגַאנְג אִין דֶער
עֶווִיגֶער מְלוּכָה פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן אוּן הֵיילַאנְד יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ.
12 דֶערִיבֶּער וָועל אִיךְ אַלֶע מָאל אָן דִיזֶע זַאכֶע דֶערְמָאנֶען, הֲגַם
אִיהר וֵוייסְט עֶס שׁוֹין, אוּן זֶענְט פֶעסְט גֶעגְרִינְדֶעט אִין דֶעם אֱמֶת,
13 וָועלְכֶער אִיז פַארַאן. אִיךְ רֶעכְן עֶס פַאר אַיין חִיוּב, וִויא לַאנְג
אִיךְ בִּין נָאךְ אִין דֶעם גֶעצֶעלְט, אַייךְ צוּ דֶערְוֶועקֶען אוּן צוּ דֶערְ־
14 מָאנֶען. וֵוייל אִיךְ וֵויים, דָאס בַּאלְד מוּז אִיךְ אוֹיסְטָאן מֵיין
גֶעצֶעלְט, אַזוֹי וִויא אוֹיךְ אוּנְזֶער הֶערְר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ הָאט מִיר
15 אַנְפְּלֶעקְט. אִיךְ וָועל אָבֶער אוֹיךְ זָארְגֶען דֶערִיבֶּער, דָאס אִיהר
זָאלְט יֶעדֶער צַייט נָאךְ מֵיין אַוֶועקְגַאנְג זַיין אִין שְׁטַאנְד, דָאס
16 וָועלְכֶע צוּ גֶעדֶענְקֶען. דֶען נִיט, וֵוייל מִיר זֵיינֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען
נָאךְ גוּט אוֹיסְגֶעדַאכְטֶע פַאבֶּעלְן (הַגָּדוֹת), הָאבֶּען מִיר אַייךְ אָנְ־
גֶעזָאגְט דִיא מַאכְט אוּן דֶעם קוּמֶען פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ
17 הַמָשִׁיחַ, נוּר וֵוייל מִיר אַלֵיין הָאבֶּען זַיין גְדוּלָה גֶעזֶעהֶען. וֵוייל
עֶר הָאט מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען פָאן גָאטְט דֶעם פָאטֶער כָּבוֹד אוּן לוֹיבּ,
וֵוייל פָאן דֶער גְרוֹיסֶער הֶערְלִיכְקֵייט הָאט צוּ אִיהם דֶערְגְרֵייכְט
אַזוֹי אַיין קוֹל: דָאס אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער זָאהְן, אָן וָועלְכָען אִיךְ

18 הָאבּ ווײלֶנְגעפַאלֶען גֶעפוּנֶען. אוּן דִיזֶען קוֹל, הָאבֶּען מִיר גֶעהֶערְט,
פְאן הִימֶעל קוּמֶען, וָוען מִיר זֶענֶען מִיט אִיהם גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם
19 הֵיילִיגֶען בַּארְג. אוּן אַזוֹי הָאבֶּען מִיר אֵיין פֶעסְטֶעס וָוארְט פָאן
דֶער נְבוּאָה, אוּן אִיהר טְהוּט גוּט אוֹיף דִיזֶעס אַכְטוּנְג צוּ גֶעבֶּען,
ווִיא אוֹיף אֵיין לִיכְט, וֶועלְכֶעס שֵׁיינְט אִין אֵיין פִינְסְטֶערֶען אָרְט,
בִּיז עֶס וֶועט אָנְהֵייבֶּען צוּ שֵׁיינֶען דֶער טָאג אוּן עֶס וֶועט אוֹיפְ־
20 גֶעהֶען דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער. אוּן דָאס זָאלְט
אִיהר צוּם עֶרְשְׁטֶען ווִיסֶען, דָאס קֵיין נְבוּאָה אִין דֶער שְׁרִיפְט
21 (תנ"ך) קֶען נִיט הָאבֶּען קֵיין אֵייגֶענֶע (גֶעוָואלְטֶע) אוֹיסְלֵייגוּנְג. ווייל
דִיא נְבוּאָה אִיז קֵיין מָאל נִיט גֶעשֶׁעהֶען דוּרְך דֶעם מֶענְשְׁלִיכֶען
ווִילֶען, נוּר עֶס הָאבֶּען זִיא אַרוֹיסְגֶערֶעט דִיא הֵיילִיגֶע מֶאנְנֶער פָאן
גָאטְט, גֶעטְרִיבֶּען פָאן דֶעם רוּחַ הַקֹּדֶשׁ.
ב עֶס זֶענֶען אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען פַאלְשֶׁע נְבִיאִים אִין פָאלְק, אַזוֹי ווִיא עֶס
וֶועלֶען אוֹיךְ בֵּיי אַייךְ זַיין פַאלְשֶׁע לֶעהְרֶער, וֶועלְכֶע וֶועלֶען אֵיינְ־
פִיהרֶען פֶערְדָארְבֶּענֶע כִּתּוֹת, פֶערְלֵייקֶענֶען דֶעם הֶערְן, וֶועלְכֶער
הָאט זֵיי אוֹיסְגֶעקוֹיפְט, אוּן אוֹיף זִיךְ אַלֵיין בְּרֶענְגֶען אֵיין שְׁנֶעלֶען
2 פֶערְדַארְבֶּען. אוּן פִילֶע וֶועלֶען נָאכְגֶעהְן זֵייעֶר פֶערְדַארְבּוּנְג, דוּרְךְ
3 זֵיי וֶועט דֶער וֶועג פָאן דֶעם אֱמֶת גֶעלֶעסְטֶערְט וֶוערֶען. אוּן זֵיי
וֶועלֶען פָאן אַייךְ גֶעשֶׁעפְטֶען מַאכֶען מִיט פַאלְשֶׁע וֶוערְטֶער צוּלִיבּ
פֶערְדִינְסְט; זֵייעֶר פְּסַק אָבֶּער זָאמְט זִיךְ שׁוֹין נִיט פָאן לַאנְג אָן,
4 אוּן זֵייעֶר פַארְדַארְבֶּענֶעס שְׁלָאפְט נִיט. ווייל וָוען גָאטְט הָאט
נִיט פֶערְשׁוֹינְט דִיא מַלְאָכִים, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזִינְדִיגְט, נוּר
הָאט זֵיי אִין דִיא הָאלֶל גֶעשְׁטוֹיסֶען אִין דִיא גְרִיבֶּער פָאן
5 פִינְסְטֶערְנֶעס, צוּ בֶּעהַאלְטֶען זֵיי צוּם מִשְׁפָּט. אוּן וֶוען עֶר הָאט
נִיט פֶערְשׁוֹינְט דִיא אַלְטֶע וֶועלְט, נוּר הָאט פַארְהִיט נֹחַ'ן דֶעם
פְּרֶעדִיגֶער פָאן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט זַאלְבֶּע־אַכְט, וֶוען עֶר הָאט אִיבֶּער
6 דֶער וֶועלְט פָאן דִיא רְשָׁעִים דֶעם מַבּוּל גֶעבְּרַאכְט. אוּן וֶוען עֶר
הָאט אוֹיךְ דִיא שְׁטֶעדְט סְדוֹם אוּן עֲמוֹרָה פֶערְ'מִשְׁפָּט, אוּן פָאן
זֵיי אַשׁ גֶעמַאכְט, אוּן גֶעווִיזֶען אֵיין בֵּיישְׁפִּיל דִיא רְשָׁעִים, וֶועלְכֶע
7 וֶועלֶען זַיין. אוּן עֶר הָאט מַצִּיל גֶעוֶועזֶען דֶעם צַדִּיק לוֹט'ן, וֶועלְכֶען
דִיא שֶׁענְדְלִיכֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶעפְּלָאגְט מִיט זֵייעֶר שְׁלֶעכְטֶען
8 אוֹיפְפִיהרוּנְג. ווייל וָוען דֶער צַדִּיק הָאט גֶעלֶעבְּט צְווִישֶׁען זֵיי,

הָאט עֶר יֶעדֶען טָאג גֶעלִיטֶען אִין זַיין גֶערֶעכְטֶער זֶעלֶע, וֶועהֶענְדִיג
9 אוּן הֶערֶענְדִיג זַייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים. דֶער הֶערְר ווייס וִויא
אַזוֹי מַצִיל צוּ זַיין דִיא פְרוּמֶע פָאן נִסְיוֹנוֹת, אוּן בֶּעהַאלְטֶען דִיא
10 רְשָׁעִים צוּם יוֹם הַדִין אוּן צוּם שְׁטְרָאף. אוּן בִּפְרַט דִיא, וֶועלְכֶע
גֶעהֶען נָאךְ דִיא אוּנְרֵיינֶע תַּאֲווֹת פָאן דֶעם פְלֵייש, אוּן פַארַאכְטֶען
דִיא מֶמְשָׁלָה, זֶענֶען עַזּוּת־פָּנִים׳עֶר, עֶגָאאִיסְטֶען, אוּן הָאבֶּען נִיט קֵיין
11 מוֹרָא צוּ לֶעסְטֶערְן דִיא הֶערְלִיכְקֵייט (מְלוּכָה). וואוּ דָאךְ דִיא
מַלְאָכִים, וֶועלְכֶע זֶענֶען גְרֶעסֶער פָאן זֵיי אִין קְרַאפְט אוּן מַאכְט,
פַארְטְרָאגֶען נִיט גֶעגֶען זִיךְ דֶעם מִשְׁפָּט אִיבֶּער לֶעסְטֶערוּנְג פָאן
12 דֶעם הֶערְן. זֵיי זֶענֶען אָבֶער וִויא נַארֶעשֶׁע בְּהֵמוֹת פָאן דֶער
נַאטוּר גֶעבָּארֶען, מֶען זָאל זֵיי פַאנְגֶען אוּן שְׁלַאכְטֶען, זֵיי לֶעסְטֶערְן
דָאס, וָואס זֵיי וֵוייסֶען נִיט, אוּן זֵיי וֶועלֶען פַארְדָארְבֶּען וֶוערֶען אִין
13 זַייעֶר פֶערְדַארְבֶּענֶעס. זֵיי וֶועלֶען בֶּעקוּמֶען לוֹין פַאר זַייעֶר
אוּנְרֶעכְט, זֵיי הַאלְטֶען פַאר אֵיין תַּעֲנוּג אֵיין גוּטֶען טָאג צוּ לֶעבֶּען,
זֵיי זֶענֶען אֵיין שַׁאנְדֶע אוּן אֵיין פְלֶעק, זֵיי קְוֶועלֶען פָאן זַייעֶרֶע
14 לִיבֶּעס מָאהלְצֵייטֶען אוּן פְרֶעסֶען מִיט אַייךְ. זַייעֶרֶע אוֹיגֶען זַיינֶען
פוּל מִיט זְנוּת, אוּן וֶוערֶען נִיט זַאט מִיט זִינְדֶען, צִיהֶען צוּ לֵייכְט־
זִינִיגֶע זֶעעלֶען, אוֹיסְגֶעבִּילְדֶעט אִין דִיא קוּנְצֶען וִויא פַארְמֶעגֶענְס
15 צוּ דֶערְגְרֵייכֶען, פַארְפְלוּכְטֶע קִינְדֶער. זֵיי הָאבֶּען דֶעם גְלֵייכֶען
וֶועג פַארְלָאזֶען, אוּן גֶעהֶען אִין אִירְרְטוּם (טָעוֹת), אוּן גֶעהֶען אוֹיף
דֶעם וֶועג פָאן בִּלְעָם בֶּן בְּעוֹר, וֶועלְכֶער הָאט לִיבּ גֶעהַאט דֶעם
16 לוֹין פָאן אוּנְרֶעכְט. אִיז אָבֶער בֶּעשְׁטְרָאפְט גֶעוָוארֶען פַאר זַיין
עֲבֵרָה: אוּן דֶער שְׁטוּמֶער עֶזֶעל הָאט גֶערֶעדְט מִיט אֵיין מֶענְשְׁלִיכֶען
17 קוֹל, אוּן פֶערְוֶועהְרְט דִיא נַארֶעשְׁקֵייטֶען פָאן דֶעם נָבִיא. דָאס
זֶענֶען קְוַואלֶען אָן וַואסֶער, וָואלְקֶען אוּמְגֶעטְרִיבֶּען פָאן שְׁטוּרֶעמְ־
ווינְד; פַאר זֵיי אִיז אָנְגֶעגְרֵייט דִיא נַאכְט פָאן עֶווִיגֶען פִינְסְטֶערְנֶעס.
18 ווייל זֵיי רֶעדֶען שְׁטָאלְצֶע וֶוערְטֶער, אָן אִינְהַאלְט (זִינֶען), צִיהֶען
זֵיי צוּ דוּרְךְ פְלֵיישְׁלִיכֶע תַּאֲווֹת מִיט פַארְגֶענִיגֶען יֶענֶע, וֶועלְכֶע זַיינֶען
קוֹים אַנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען פָאן דֶער גֶעזֶעלְלְשַׁאפְט, וֶועלְכֶע זֶענֶען
19 אוֹיף דֶעם וֶועג פָאן טָעוֹת. זֵיי זָאגֶען זֵיי צוּ פְרֵייהֵייט אוּן אַלֵיין
זֶענֶען זֵיי קְנֶעכְט פָאן פֶערְדֶערְבֶּען. ווייל פָאן וֶועמֶען אֵיינֶער אִיז
20 אֵיינְגֶענוּמֶען, דֶעמְס אִיז עֶר אוֹיךְ אֵיין קְנֶעכְט גֶעוָוארֶען. דֶער וֶוען

זַיי זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען פָאן דִיא אוּנְרֵיינִקַייטֶען פָאן דֶער וֶועלְט דוּרְך
דֶער דֶערְקֶענְטֶענִיס פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן אוּן הֵיילַאנְד יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ, אוּן פֶערְדְרֶעהֶען זִיךְ אִין זֵיי נָאךְ אֵיין מָאל וֶוערֶען פָאן זֵיי
אֵיינְגֶענוּמֶען, אַזוֹי אִיז דָאס לֶעצְטֶע פַאר זֵיי נָאךְ עֶרְגֶער גֶעוָוארֶען
21 וִויא דִיא עֶרְשְׁטֶע. עֶס וָואלְט בֶּעסֶער פַאר זֵיי גֶעוֶועזֶען וֶוען זֵיי
וָואלְטֶען נִיט גֶעקֶענְט דֶעם וֶועג פָאן דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אֵיידֶער
צוּ קֶענֶען, אוּן זִיךְ צוּרִיק אָבְּקֶעהְרֶען פָאן דֶעם הֵיילִיגֶען גֶעבָּאט,
22 וֶועלְכֶער אִיז זֵיי גֶעגֶעבֶּען. עֶס אִיז בֵּיי זֵיי גֶעטְרָאפֶען דֶער אֶמֶת'עֶר
שְׁפְּרִיכְוָוארְט: דֶער הוּנְד קֶעהְרְט זִיךְ אוּם צוּ דֶעם וָואס עֶר הָאט
אוֹיסְגֶעבְּרָאכֶען, אוּן: אֵיין אָבְּגֶעוַואשֶׁענֶער חֲזִיר וַואלְגֶערְט זִיךְ
ווִידֶער אִין שְׁמוּץ.

ג דִיזֶער אִיז שׁוֹין דֶער צְוֵוייטֶער בְּרִיף, וֶועלְכֶען אִיךְ שְׁרֵייבּ
אַייךְ, גֶעלִיבְּטֶע, כְּדֵי אַייךְ צוּ דֶערְוֶועקֶען אוּן צוּ דֶערְמָאנֶען אֵייעֶרֶען
2 רֵיינֶעם זִינֶען. דָאס אִיהר זָאלְט גֶעדֶענְקֶען דִיא וֶוערְטֶער, וֶועלְכֶע
עֶס זֶענֶען אַייךְ פְרִיהֶער גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דִיא הֵיילִיגֶע
נְבִיאִים, אוּן דָאס גֶעבָּאט פָאן דֶעם הֶערְרְן אוּן הֵיילַאנְד, וָואס אִיז
3 אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען דוּרְךְ אֵייעֶרֶע אַפָּאסְטֶעל. צוּם עֶרְשְׁטֶען
ווייסט, דָאס אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג וֶועלֶען קוּמֶען שְׁפֶּעטֶער, וֶועלְכֶע
4 וֶועלֶען נָאכְגֶעהֶען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע תַּאֲווֹת. אוּן זָאגֶען: וואוּ אִיז דִיא
הַבְטָחָה פָאן זֵיין קוּמֶען? ווייל פָאן דֶער צֵייט וָואס דִיא אָבוֹת
זֵיינֶען גֶענַאנְגֶען שְׁלָאפֶען (גֶעשְׁטָארְבֶּען), בְּלֵייבְּט אַלְץ, וִויא עֶס
5 אִיז פָאן אָנְפַאנְג דֶער בַּאשֶׁעפֶענִיס גֶעוֶועזֶען. אָבֶער בְּכִוּוּן ווִילֶען
זֵיי נִיט ווִיסֶען, דָאס פַארְצֵייטֶען זֵיינֶען בֶּעשְׁטַאנֶען דִיא הִימֶעל אוּן
עֶרְד פָאן וַואסֶער אוּן אִין דֶעם וַואסֶער דוּרְךְ גָאטְטֶעס וָוארְט.
6 דֶערִיבֶּער אִיז דִיא דַאמָאלְסְטִיגֶע וֶועלְט דוּרְךְ וַואסֶערְפֶערְפְלֵייצוּנְג
7 פַארְלָארֶען גֶעוָוארֶען. דִיא יֶעצְטִיגֶע הִימֶעל אוּן עֶרְד אָבֶער, וָואס
זֶענֶען דֶערְהַאלְטֶען דוּרְךְ דֶעם זֶעלְבֶּען וָוארְט, וֶוערֶען אָבְּגֶעהִיט
צוּם פֵייעֶר פָאן יוֹם הַדִין, אוּן פַארְדַארְבֶּענִיס פָאן דִיא שְׁלֶעכְטֶע
8 מֶענְשֶׁען. אֵיינְס דַארְף פָאן אַייךְ נִיט זֵיין בֶּעהַאלְטֶען, גֶעלִיבְּטֶע,
דָאס בֵּיי דֶעם הֶערְרְן אִיז אֵיין טָאג וִויא טוֹיזֶענְד יָאהר, אוּן טוֹיזֶענְד
9 יָאהר וִויא אֵיין טָאג. דֶער הֶערְר פֶערְשְׁפֶּעטִיגְט נִיט מִיט דֶער
הַבְטָחָה, אַזוֹי וִויא עֶלְטֶערֶע רֶעכְנֶען עֶס פַאר אֵיין פֶערְשְׁפֶּעטוּנְג;

עֶר אִיז גֶעדוּלְדִיג אוּן ווִיל נִיט, דָאס אֵיינֶער זָאל פֶערְלָארֶען ווֶערֶען,
10 נוּר אַלֶע זָאלֶען תְּשׁוּבָה טָאן. עֶס ווֶעט אָבֶּער קוּמֶען דֶער טָאג
פָאן דֶעם הֶערְרְן ווִיא אֵיין גַנָב בֵּיי נַאכְט, אִין ווֶעלְכֶען דִיא הִימְלֶען
ווֶעלֶען מִיט רַעשׁ פֶערְגֶעהֶען; דִיא יְסוֹדוֹת ווֶעלֶען פַאר הִיץ זִיךְ
צוּשְׁמֶעלְצֶען, אוּן דִיא עֶרְד מִיט דִיא ווֶערְקֶע, ווֶעלְכֶע זֵיינֶען אִין
11 אִיהר ווֶעלֶען פֶערְבְּרֶענְט ווֶערֶען. ווֶען דָאס אַלְץ זָאל פַארְגֶעהְן,
ווִיא אַזוֹי מוּסְט אִיהר אִין הֵיילִיגֶען ווֶעג גֶעהְן אוּן אִין פְרוּמְקֵייט
12 הַאלְטֶען. ווֶעלְכֶע אִיהר ווַארְט אוּן אֵיילְט צוּם קוּמֶען פָאן גָאטְטֶעס
טָאג, אִין ווֶעלְכֶען דִיא הִימֶעל ווֶעלֶען פָאן פֵייעֶר צוּגֶעהֶען אוּן דִיא
13 יְסוֹדוֹת ווֶעלֶען פָאן הִיץ צוּשְׁמָאלְצֶען ווֶערֶען. מִיר ווַארְטֶען אָבֶּער,
נָאךְ זֵיין הַבְטָחָה, אוֹיף אֵיין נֵייעֶם הִימֶעל אוּן אֵיין נֵייעֶ עֶרְד, וואוּ
14 עֶס ווֵיינְט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. דֶערִיבֶּער, גֶעלִיבְּטֶע, ווִיא אִיהר אַזֶעלְכֶעס
דֶערְווַארְטֶעט, טְרַאכְט, דָאס אִיהר זָאלְט פַאר אִיהם אָן אֵיין
15 פְלֶעק אוּן פֶעהלֶער אִין פְרִידֶען גֶעפוּנֶען ווֶערֶען. אוּן דִיא גֶעדוּלְד
פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן רֶעכֶענְט פַאר אֵיין יְשׁוּעָה; אַזוֹי ווִיא עֶס
הָאט אַייךְ אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנְזֶער גֶעלִיבְּטֶער בְּרוּדֶער, פָאוּל נָאךְ
16 דֶער חָכְמָה, ווֶעלְכֶע עֶס אִיז אִיהם גֶעגֶעבֶּען גֶעווָארֶען. אַזוֹי ווִיא
עֶר רֶעט דֶערְפוּן אִין אַלֶע זֵיינֶע בְּרִיף, אִין ווֶעלְכֶע עֶס זֶענֶען
עֶטְלִיכֶע זַאכֶען שְׁווֶער צוּם פֶערְשְׁטֶעהֶען, ווֶעלְכֶע אוּנְוִויסֶענְדֶע אוּן
לֵייכְטְזִינִיגֶע פֶערְדְרֶעהֶען, גְלֵייךְ ווִיא אַנְדֶערֶע שְׁרִיפְטֶען, צוּ זֵייעֶר
17 אֵייגֶענֶע פֶערְדַארְבֶּענֶעס. אִיהר אָבֶּער, גֶעלִיבְּטֶע, אַזוֹי ווִיא אִיהר
ווֵייסְט עֶס פָאן פְרִיהֶער, זָאלְט אִיהר אַייךְ הִיטֶען אִיהר זָאלְט נִיט
פֶערְפִיהרְט ווֶערֶען דוּרְךְ דֶעם טָעוּת פָאן בֶּעזֶע מֶענְשֶׁען, אוּן זָאלְט
18 נִיט אָבְּפַאלֶען פָאן אֵייעֶר פֶעסְטִיגְקֵייט. ווַאקְסְט אָבֶּער אִין דֶער
גְנָאד אוּן אִין דֶער דֶערְקֶענְטֶענֶעס פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן אוּן
הֵיילַאנְד (הֶעלְפֶער) יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. אִיהם אִיז דֶער כָּבוֹד יֶעצְט
אוּן אוֹיף עֶווִיגֶע צֵייטֶען. אָמֵן.

---

# דער ערשטער בריף פאן דעם אפאסטעל יוחנן

---

א דָאס וָואס עֶס אִיז גֶעוֶועזֶן פָאן אָנְפַאנְג, וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט, וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען, וָואס מִיר הָאבֶּען בֶּעטְרַאכְט, אוּן וָואס אוּנְזֶערֶע הֶענְד הָאבֶּען בֶּעטַאפְּט, פָאן
2 דֶעם וָוארְט פָאן לֶעבֶּען. ווייל דָאס לֶעבֶּען אִיז אַנְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, אוּן מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אוּן זָאגֶען עֵדוּת אוּן זָאגֶען אַייךְ אָן דֶעם עֶוִויגֶען לֶעבֶּען, וָועלְכֶעס אִיז גֶעוֶועזֶען בֵּיים פָאטֶער אוּן אִיז
3 צוּ אוּנְז אַנְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען; וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעהֶערְט, זָאגֶען מִיר אוֹיךְ אַייךְ אָן, כְּדֵי אִיהר זָאלְט אוֹיךְ אֵיין הֵלֶק הָאבֶּען מִיט אוּנְז, אוּן אוּנְזֶער טֵייל אִיז מִיט דֶעם פָאטֶער אוּן
4 מִיט זֵיין זָאהן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. אוּן דָאס שְׁרֵייבֶּען מִיר אַייךְ, כְּדֵי
5 אֵייעֶר פְרֵייד זָאל פוּל זֵיין. אוּן דָאס אִיז דִיא בְּשׂוּרָה, וָועלְכֶע מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט פָאן אִיהם אוּן זָאגֶען אַייךְ אָן: דָאס גָאטְט אִיז דָאס לִיכְט אוּן עֶס אִיז אִין אִיהם נִיט דָא קֵיין פִינְסְטֶערְנֶעס.
6 וֶוען מִיר זָאגֶען, דָאס מִיר הָאבֶּען אֵיין טֵייל מִיט אִיהם אוּן גֶעהֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנֶעס, אַזוֹי זָאגֶען מִיר אֵיין לִיגֶען, אוּן טְהוּעֶן נִיט
7 וִויא דֶער אֱמֶת. וֶוען מִיר גֶעהֶען אָבֶּער אִין לִיכְטִיגְקֵייט, וִויא עֶר אִיז דָאס לִיכְט, הָאבֶּען מִיר אֵיין טֵייל אֵיינֶער אִין דֶעם אַנְדֶערְן אוּן דָאס בְּלוּט פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ'ן, זֵיין זָאהן, רֵיינִיגְט אוּנְז פָאן
8 אַלֶע זִינְדֶע. וֶוען מִיר זָאגֶען, דָאס מִיר הָאבֶּען נִיט קֵיין זִינְד,
9 נַארֶען מִיר זִיךְ אַלֵיין אוּן דֶער אֱמֶת אִיז נִיט מִיט אוּנְז. וֶוען מִיר וֶועלֶען אָבֶּער מִתְוַדָה אוּנְזֶערֶע זִינְד, אַזוֹי אִיז עֶר, גֶעטְרֵייא אוּן גֶערֶעכְט, דָאס עֶר אִיז אוּנְז מוֹחֵל אוּנְזֶערֶע זִינְד אוּן רֵיינִיגְט אוּנְז פָאן
10 אַלֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט. וֶוען מִיר זָאגֶען, דָאס מִיר הָאבֶּען נִיט

גֶעזִינְדִיגְט, אַזוֹי מַאכֶען מִיר אִיהם פַאר אַיין לִיגְנֶער, אוּן זַיין וָוארְט
אִיז נִיטָא אִין אוּנְז.
מַיינֶע קִינְדֶער, דָאס שְׁרַייבּ אִיךְ אַייךְ, כְּדֵי אִיהר זָאלְט נִיט ב
זִינְדִיגֶען. אוּן וֶוען אַיינֶער זִינְדִיגְט, הָאבֶּען מִיר אַיין מֵלִיץ (יוֹשֶׁר)
2 פַאר דֶעם פָאטֶער, יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶעם צַדִּיק. אוּן עֶר אִיז אַיין
כַּפָּרָה פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד, אוּן נִיט נוּר פַאר אוּנְזֶערֶע אַלֵיין, נוּר
3 אוֹיךְ פַאר דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. אוּן אִין דֶעם דֶערְקֶענֶען מִיר, דָאס
מִיר הָאבֶּען אִיהם דֶערְקֶענְט, וֶוען מִיר הַאלְטֶען זַיינֶע גֶעבָּאטֶע.
4 וֶוער עֶס זָאגְט: אִיךְ הָאבּ אִיהם דֶערְקֶענְט, אוּן הַאלְט נִיט זַיינֶע
גֶעבָּאטֶע, דֶער אִיז אַיין לִיגְנֶער, אוּן דֶער אֱמֶת אִיז אִין אִיהם נִיט
5 דָא. וֶוער עֶס הַאלְט אָבֶּער זַיין וָוארְט, אִין דֶעם אִיז אִין אֱמֶת'ען
דִיא לִיבֶּע פָאן גָאטט פָאלְקָאמֶען (בִּשְׁלֵמוּת). דוּרְךְ דֶעם דֶערְקֶענֶען
6 מִיר, דָאס מִיר זֶענֶען אִין אִיהם. וֶוער עֶס זָאגְט, דָאס עֶר בְּלֵייבְּט
אִין אִיהם, דֶער זָאל אוֹיךְ אַזוֹי גֶעהְן וִויא עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען.
7 גֶעלִיבְּטֶע! אִיךְ שְׁרַייבּ אַייךְ נִיט קֵיין נַייעֶס גֶעבָּאט, נוּר אַיין אַלְטֶעס
גֶעבָּאט, וֶועלְכֶעס אִיהר הָאט גֶעהַאט פָאן אָנְפַאנְג. דָאס אַלְטֶע
גֶעבָּאט אִיז דָאס וָוארְט, וֶועלְכֶעס אִיהר הָאט גֶעהֶערְט פָאן
8 אָנְפַאנְג. אוּן וִוידֶער שְׁרַייבּ אִיךְ אַייךְ אַיין נַייעֶס גֶעבָּאט, וֶועלְכֶעס
אִיז אֱמֶת בַּיי אִיהם אוּן בַּיי אַייךְ, וַוייל דָאס פִינְסְטֶערְנֶעס אִיז פַארְ-
9 גַאנְגֶען אוּן דָאס אֱמֶת'ע לִיכְט שַׁיינְט שׁוֹין. וֶוער עֶס זָאגְט, דָאס
עֶר אִיז אִין לִיכְט, אוּן הָאט פֵיינְד זַיין בְּרוּדֶער, דֶער אִיז נָאךְ אִין
10 דֶער פִינְסְטֶערְנֶעס. וֶוער עֶס הָאט לִיבּ זַיין בְּרוּדֶער, דֶער בְּלֵייבְּט
אִין דֶעם לִיכְט, אוּן עֶס אִיז אִין אִיהם קֵיין שְׁטְרוֹיכְלוּנְג נִיט דָא.
11 וֶוער עֶס הָאט אָבֶּער פֵיינְד זַיין בְּרוּדֶער, דֶער אִיז אִין דֶער פִינְסְ-
טֶערְנֶעס, עֶר גֶעהְט אִין דֶער פִינְסְטֶער אוּן וֵוייס נִיט וְואוּהִין עֶר
עֶר גֶעהְט, וַוייל דִיא פִינְסְטֶערְנֶעס הָאט אִיהם דִיא אוֹיגֶען פֶערְ-
12 בְּלֶענְדֶעט. אִיךְ שְׁרַייבּ צוּ אַייךְ, קִינְדֶער; וַוייל אַייעֶרֶע זִינְד זֶענֶען
13 אַייךְ פֶערְגֶעבֶּען צוּלִיבּ זַיין נָאמֶען. אִיךְ שְׁרַייבּ צוּ אַייךְ, פָאטֶערְס;
וַוייל אִיהר הָאט דֶערְקֶענְט דֶעם, וֶועלְכֶער אִיז פָאן אָנְפַאנְג. אִיךְ
שְׁרַייבּ צוּ אַייךְ, יוּנְגֶע לֵייט; וַוייל אִיהר הָאט בַּיינֶעקוּמֶען דֶעם
בֵּעזֶען. אִיךְ שְׁרַייבּ צוּ אַייךְ, קִינְדֶער; וַוייל אִיהר הָאט דֶערְקֶענְט
14 דֶעם פָאטֶער. אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ אַייךְ, פָאטֶערְס; וַוייל

אִיהר הָאט דֶערְקָאנְט דֶעם, וָועלְכֶער אִיז פָאן אָנְפַאנְג. אִיךְ הָאבּ
גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ אַייךְ, יוּנְגֶע לֵייט; וֵוייל אִיהר זֶענְט שְׁטַארְק, אוּן
דָאס וָוארְט פָאן גָאטְט בְּלֵייבְּט אִין אַייךְ, אוּן אִיהר זֶענְט בֵּייגֶע־
15 קוּמֶען דֶעם בֶּעזֶען. הָאט נִיט לִיבּ דִיא וֶועלְט, אוּן נִיט דָאס, וָואס
אִין דֶער וֶועלְט אִיז. וֶוען אֵיינֶער הָאט דִיא וֶועלְט לִיבּ, אַזוֹי אִיז
16 אִין אִיהם נִיט דָא דִיא לִיבֶּע פָאן דֶעם פָאטֶער. וֵוייל אַלְדִינְג
וָואס עֶס אִיז אִין דֶער וֶועלְט, דִיא תַּאֲוָה פָאן דֶעם פְלֵיישׁ, דִיא
תַּאֲוָה פָאן דִיא אוֹיגֶען אוּן דִיא גַאֲוָה פָאן דֶעם לֶעבֶּען, אִיז נִיט פָאן
17 דֶעם פָאטֶער, נוּר פָאן דֶער וֶועלְט. אוּן דִיא וֶועלְט פַארְגֶעהְט
מִיט אִיהר תַּאֲוָה; וֶוער אָבֶּער עֶס טְהוּט דֶעם רָצוֹן פָאן גָאטְט,
18 דֶער בְּלֵייבְּט אוֹיף עֶווִיג. קִינְדֶער, עֶס אִיז דִיא לֶעצְטֶע שָׁעָה; אוּן
וִויא אִיהר הָאט גֶעהֶערְט, דָאס דֶער גֶעגֶען־קְרִיסְט קוּמְט, אוּן יֶעצְט
זֶענֶען פִיל גֶעוָוארֶען גֶעגֶען־קְרִיסְטֶען; דֶערִיבֶּער דֶערְקֶענֶען מִיר
19 דֶערְפוּן, דָאס עֶס אִיז דִיא לֶעצְטֶע שְׁטוּנְדֶע. זֵיי זֶענֶען פָאן אוּנְז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אָבֶּער זֵיי זֵיינֶען נִיט פָאן אוּנְז גֶעוֶועזֶען; וֵוייל וֶוען
זֵיי וָואלְטֶען פָאן אוּנְז גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי וָואלְטֶען זֵיי בֵּיי אוּנְז גֶעבְּלִיבֶּען;
אָבֶּער כְּדֵי עֶס זָאל אוֹיף זֵיי אַנְפְלֶעקְט וֶוערֶען, דָאס נִיט אַלֶע
20 זֵיינֶען פָאן אוּנְז. אוּן אִיהר הָאט אַיין זַאלְבּוּנְג פָאן דֶעם, וֶועלְכֶער
21 אִיז הֵיילִיג, אוּן וֵוייסְט אַלְץ. אִיךְ הָאבּ צוּ אַייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען נִיט
דֶערִיבֶּער וָואס אִיהר וֵוייסְט נִיט דֶעם אֱמֶת, נוּר וַוייל אִיהר
22 וֵוייסְט, דָאס קֵיין לִיגֶען קוּמְט נִיט פָאן דֶעם אֱמֶת. וֶוער אִיז דֶען
אֵיין לִיגְנֶער וֶוען נִיט דֶער וֶועלְכֶער לֵייקֶענְט, דָאס יֵשׁוּעַ אִיז נִיט
דֶער מָשִׁיחַ? דֶער אִיז אֵיין גֶעגֶען־קְרִיסְט, וָואס פַארְלֵייקֶענְט דֶעם
23 פָאטֶער אוּן דֶעם זָאהְן. יֶעדֶערֶער וָואס פַארְלֵייקֶענְט דֶעם זָאהְן,
הָאט אוֹיךְ נִיט דֶעם פָאטֶער; נוּר וֶוער עֶס אִיז מוֹדֶה אִין דֶעם
24 זָאהְן, דֶער הָאט אוֹיךְ דֶעם פָאטֶער. דֶערִיבֶּער לָאז אִין אַייךְ
בְּלֵייבֶּען דָאס, וָואס אִיהר הָאט גֶעהֶערְט פָאן אָנְפַאנְג; וֶוען אִין
אַייךְ וֶועט בְּלֵייבֶּען דָאס, וָואס אִיהר הָאט גֶעהֶערְט פָאן אָנְפַאנְג,
25 אַזוֹי וֶועט אִיהר אוֹיךְ בְּלֵייבֶּען אִין זָאהְן אוּן אִין פָאטֶער. אוּן דָאס
אִיז דִיא הַבְטָחָה, וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוּנְז צוּגֶעזָאגְט: דָאס עֶווִיגֶע
26 לֶעבֶּען. דִיזֶעס הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען וֶועגֶען דִיא, וֶועלְכֶע
27 פֶערְפִיהֶרֶען אַייךְ. דִיא זַאלְבּוּנְג, וָואס אִיהר הָאט פָאן אִיהם

מְקַבֵּל גֶעוֶועֶן, בְּלֵייבְּט אִין אַייךְ, אוּן אִיהר הָאט נִיט קֵיין נוֹיטְה,
דָאס אֵיימֶעצֶער זָאל אַייךְ לֶערְנֶען, נוּר אַזוֹי וִויא דִיא זַאלְבּוּנְג
לֶערְנְט אַייךְ אִיבֶּער אַלְץ אוּן זִיא אִיז אֱמֶת אוּן נִיט קֵיין לִיגֶען;
28 אוּן וִויא זִיא הָאט אַייךְ גֶעלֶערְנְט, אַזוֹי בְּלֵייבְּט אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע. אוּן
נוּן, קִינְדֶער, בְּלֵייבְּט אִין אִיהם, כְּדֵי וֶוען עֶר וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט
וֶוערֶען, זָאלֶען מִיר פְרֵיידֶע הָאבֶּען אוּן נִיט פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען בֵּיי
29 זֵיין קוּמֶען. וֶוען אִיהר וֵוייסְט, דָאס עֶר אִיז אֵיין צַדִיק, זָאלְט אִיהר
אוֹיךְ וִויסֶען, דָאס וֶוער עֶס טְהוּט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, דֶער אִיז פָאן
אִיהם גֶעבָּארֶען.

ג זֶעהְט וָואס פַאר אֵיין לִיבֶּע הָאט אוּנְז בֶּעוִויזֶען דֶער פָאטֶער,
דָאס מִיר זָאלֶען הֵייסֶען גָאטְטֶעס קִינְדֶער! אוּן דֶערִיבֶּער דֶערְ־
קֶענְט אוּנְז דִיא וֶועלְט נִיט; וֵוייל זִיא הָאט אִיהם נִיט דֶערְקָאנְט.
2 גֶעלִיבְּטֶע! מִיר זֶענֶען יֶעצְט גָאטְטֶעס קִינְדֶער, עֶס אִיז נָאךְ נִיט
אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, וָואס מִיר וֶועלֶען זֵיין. מִיר וֵוייסֶען אָבֶּער,
דָאס וֶוען עֶר וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, וֶועלֶען מִיר זֵיין גְלֵייךְ צוּ
3 אִיהם; וֵוייל מִיר וֶועלֶען אִיהם זֶעהֶען, אַזוֹי וִויא עֶר אִיז. אוּן
יֶעדֶערֶער, וֶוער עֶס הָאט דִיזֶע הָאפְֿענוּנְג אוֹיף אִיהם, רֵיינִיגְט זִיךְ,
4 אַזוֹי וִויא עֶר אִיז רֵיין. וֶוער עֶס זִינְדִיגְט, טְהוּט אוּנְרֶעכְט, אוּן
5 זִינְדֶע אִיז אוּנְרֶעכְט. אוּן אִיהר וֵוייסְט, דָאס עֶר הָאט זִיךְ אַנְטְפְּלֶעקְט
אוּנְזֶערֶע זִינְד אַוֶועקְצוּנֶעהְמֶען, אוּן אִין אִיהם אִיז קֵיין זִינְד נִיט דָא.
6 יֶעדֶער, וָואס בְּלֵייבְּט אִין אִיהם, זִינְדִיגְט נִיט; יֶעדֶערֶער וֶוער עֶס
7 זִינְדִיגְט, דֶער הָאט אִיהם נִיט גֶעזֶעהֶען אוּן נִיט דֶערְקֶענְט. קִינְדֶער!
לָאז אַייךְ קֵיינֶער נִיט פֶערְפִיהְרֶען. דֶער וָואס טְהוּט רֶעכְט אִיז
8 גֶערֶעכְט, גְלֵייךְ וִויא עֶר אִיז גֶערֶעכְט. וֶוער עֶס טְהוּט זִינְדֶע, אִיז
פָאן דֶעם שָׂטָן; וֵוייל דֶער שָׂטָן זִינְדִיגְט פָאן אָנְפַאנְג אָן. צוּ לִיבּ
דֶעם הָאט זִיךְ אַנְטְפְּלֶעקְט דֶער זָאהְן גָאטְטֶעס, עֶר זָאל צוּשְׁטֶערְן
9 דִיא וֶוערְקֶע פָאן דֶעם שָׂטָן. יֶעדֶערֶער, וָואס אִיז פָאן גָאטְט גֶעבָּ־
בָּארֶען, טְהוּט נִיט קֵיין זִינְדֶע, וֵוייל זֵיין זַאמֶען בְּלֵייבְּט אִין אִיהם;
10 אוּן עֶר קֶען נִיט זִינְדִיגֶען, וֵוייל עֶר אִיז פָאן גָאטְט גֶעבָּארֶען. אָן
דֶעם וֶוערֶען אַנְטְפְּלֶעקְט דִיא קִינְדֶער גָאטְטֶעס אוּן דִיא קִינְדֶער פָאן
דֶעם שָׂטָן. וֶוער עֶס טְהוּט נִיט רֶעכְט אִיז נִיט פָאן גָאטְט, אוּן
11 אַזוֹי אוֹיךְ דֶער וָואס הָאט זֵיין בְּרוּדֶער נִיט לִיבּ. וֵוייל דָאס אִיז

דִיא בְּשׂוּרָה, וָואס אִיהר הָאט גֶעהֶערְט פָאן אָנְפַאנְג, דָאס מִיר
12 זָאלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען. נִיט אַזוֹי וִויא קַיִן, וֶועלְכֶער
אִיז גֶעוֶועזֶען פָאן דֶעם בֶּעזֶען, אוּן הָאט דֶערְשְׁלָאגֶען זַיין בְּרוּדֶער.
אוּן פַאר וָואס הָאט עֶר אִיהם דֶערְשְׁלָאגֶען? וַוייל זֶענֶע מַעֲשִׂים
זֶענֶען בֶּעזֶע גֶעוֶועזֶען, אוּן דֶעם בְּרוּדֶערְס מַעֲשִׂים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶערֶעכְט.
13 וואוּנְדֶערְט אַייךְ נִיט, מֵיינֶע בְּרִידֶער, וֶוען דִיא וֶועלְט הָאט אַייךְ
14 פֵיינְד. מִיר וֵוייסֶען, דָאס מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען פָאן טוֹיט צוּם
לֶעבֶּען; וַוייל מִיר הָאבֶּען דִיא בְּרִידֶער לִיבּ. וֶוער עֶס הָאט נִיט
15 לִיבּ דִיא בְּרִידֶער, דֶער בְּלֵייבְּט אִין טוֹיט. וֶוער עֶס הָאט זֵיינֶע
בְּרִידֶער פֵיינְד אִיז אֵיין מֶערְדֶער פָאן מֶענְשֶׁען; אוּן אִיהר וֵוייסְט,
דָאס אֵיין רוֹצֵחַ הָאט נִיט דָאס עֶווִיגֶע לֶעבֶּען, וֶועלְכֶעס זָאל אִין
16 אִיהם בְּלֵייבֶּען. אָן דֶעם הָאבֶּען מִיר דִיא לִיבֶּע דֶערְקֶענְט, דָאס
עֶר הָאט פַאר אוּנְז זַיין לֶעבֶּען גֶעלָאזֶען; אַזוֹי זַיינֶען אוֹיךְ מִיר
17 מְחוּיָב אוּנְזֶערֶען לֶעבֶּען פַאר דִיא בְּרִידֶער צוּ לָאזֶען. דֶער וָואס
הָאט אָבֶּער דִיא גוּטֶץ פָאן דֶער וֶועלְט, אוּן זֶעהט זַיין בְּרוּדֶער אִין
נוֹיטְה, אוּן פֶערְשְׁלִיסְט זַיין הַארְץ פַאר אִיהם, וואו בְּלֵייבְּט דִיא
18 לִיבֶּע פָאן גָאטְט בֵּייא אִיהם? מֵיינֶע קִינְדֶער, לָאזֶען מִיר נִיט לִיבּ
הָאבֶּען מִיט וֶוערְטֶער אָדֶער מִיט דֶעם צוּנְג, נוּר מִיטֶען טָאן אוּן
19 מִיט אֱמֶת. אָן דֶעם דֶערְקֶענֶען מִיר, דָאס מִיר זֶענֶען פָאן דֶעם
20 אֱמֶת, אוּן קֶענֶען אוּנְזֶער הַארְץ פַאר אִיהם שְׁטִילֶען. וַוייל וֶוען
אוּנְזֶער הַארְץ קְלָאגְט אוּנְז אָן, אַזוֹי אִיז גָאטְט גְרֶעסֶער פָאן אוּנְזֶער
21 הַארְץ, אוּן וֵוייס אַלְדִינְג. גֶעלִיבְּטֶע! וֶוען אוּנְזֶער הַארְץ קְלָאגְט
22 אוּנְז נִיט אָן, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר צוּ גָאטְט אֵיין בִּטָחוֹן. אוּן וָואס מִיר
וֶועלֶען בֶּעטֶען, וֶועלֶען מִיר פָאן אִיהם מְקַבֵּל זֵיין; וַוייל מִיר
הַאלְטֶען זֵיינֶע גֶעבָּאטֶע אוּן טְהוּעֶן דָאס וָואס אִיז אִיהם
23 גֶעפֶעלֶען. אוּן דָאס אִיז זַיין גֶעבָּאט, מִיר זָאלֶען גְלוֹיבֶּען
אִין דֶעם נָאמֶען פָאן זַיין זָאהְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּן זָאלֶען
זִיךְ לִיבּ הָאבֶּען, וִויא עֶר הָאט אוּנְז אֵיין גֶעבָּאט גֶעגֶעבֶּען.
24 אוּן וֶוער עֶס הַאלְט זֵיינֶע גֶעבָּאטֶע, דֶער בְּלֵייבְּט אִין אִיהם
אוּן עֶר אִין יֶענֶעם. אוּן אָן דֶעם דֶערְקֶענֶען מִיר, דָאס
עֶר בְּלֵייבְּט אִין אוּנְז, אָן דֶעם גֵייסְט, וֶועלְכֶען עֶר הָאט אוּנְז
גֶעגֶעבֶּען.

ד גֶעלִיבְּטֶע! גְלוֹיבְּט נִיט יֶעדֶען גֵייסְט, נוּר פְּרוּבְּט דִיא גֵייסְטֶער,
צוּ זֶענֶען זֵיי פָאן גָאטְט; וֵוייל פִילֶע פַאלְשֶׁע נְבִיאִים זֶענֶען אִין דֶער
2 וֶועלְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. אָן דֶעם זָאלְט אִיהר דֶערְקֶענֶען דֶעם
גֵייסְט פָאן גָאטְט: יֶעדֶער גֵייסְט, וֶועלְכֶער אִיז מוֹדֶה, דָאס יֵשׁוּעַ
3 הַמָשִׁיחַ אִיז אִין פְלֵייש גֶעקוּמֶען, דֶער אִיז פָאן גָאטְט. אוּן
יֶעדֶערֶער גֵייסְט, וֶועלְכֶער אִיז נִיט מוֹדֶה, דָאס יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִיז
גֶעקוּמֶען אִין פְלֵייש, אִיז נִיט פָאן גָאטְט. אוּן דָאס אִיז דֶער גֵייסְט
פָאן דֶעם גֶעגֶען־קְרִיסְט, וָואס אִיהר הָאט גֶעהֶערְט, דָאס עֶר וֶועט
4 קוּמֶען, אוּן אִיז שׁוֹין יֶעצְט אִין דֶער וֶועלְט. קִינְדֶער! אִיהר זֶענְט
פָאן גָאטְט אוּן זֶענְט זֵיי בֵּייגֶעקוּמֶען; וֵוייל דֶער, וָואס אִיז אִין
5 אַייך, אִיז גְרֶעסֶער פָאן דֶעם, וֶועלְכֶער אִיז אִין דֶער וֶועלְט. זֵיי
זֶענֶען פָאן דֶער וֶועלְט, דֶערִיבֶּער רֶעדֶען זֵיי פָאן דֶער וֶועלְט אוּן
6 דִיא וֶועלְט הֶערְט זֵיי. מִיר זֶענֶען פָאן גָאטְט, אוּן וֶוער עֶס קֶען
גָאטְט, דֶער הֶערְט אוּנְז. וֶוער עֶס אִיז נִיט פָאן גָאטְט, דֶער הֶערְט
אוּנְז נִיט. אָן דֶעם דֶערְקֶענֶען מִיר דֶעם גֵייסְט פָאן אֱמֶת אוּן דֶעם
7 גֵייסְט פָאן טָעוּת. גֶעלִיבְּטֶע! לָאזֶען מִיר אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען
לִיבּ הָאבֶּען; וֵוייל דִיא לִיבֶּע אִיז פָאן גָאטְט, אוּן יֶעדֶערֶער וָואס
8 הָאט לִיבּ אִיז פָאן גָאטְט גֶעבָּארֶען, אוּן קֶען גָאטְט. וֶוער עֶס
9 הָאט נִיט לִיבּ, קֶען נִיט גָאטְט; וֵוייל גָאטְט אִיז דִיא לִיבֶּע. אָן
דֶעם אִיז גָאטְטֶעס לִיבֶּע אוֹיף אוּנְז אַנְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, דָאס
גָאטְט הָאט זֵיין אֵיינְצִיגֶען זָאהְן אִין דֶער וֶועלְט גֶעשִׁיקְט, כְּדֵי מִיר
10 זָאלֶען דוּרְך אִיהם לֶעבֶּען. דֶערִינֶען בֶּעשְׁטֶעהְט דִיא לִיבֶּע: נִיט
דָאס מִיר הָאבֶּען גָאטְט גֶעלִיבְּט, נוּר, דָאס עֶר הָאט אוּנְז לִיבּ
גֶעהַאט, אוּן גֶעשִׁיקְט זֵיין זָאהְן פַאר אֵיין כַּפָּרָה פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד.
11 גֶעלִיבְּטֶע! וֶוען גָאטְט הָאט אוּנְז אַזוֹי גֶעלִיבְּט, אַזוֹי זֵיינֶען אוֹיךְ
12 מִיר מְחוּיָב אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן לִיבּ צוּ הָאבֶּען. גָאטְט הָאט
קֵיינֶער קֵיין מָאל נִיט גֶעזֶעהֶען. וֶוען מִיר הָאבֶּען אֵיינֶער דֶעם
אַנְדֶערֶען לִיבּ, בְּלֵייבְּט גָאטְט אִין אוּנְז, אוּן זֵיין לִיבֶּע אִיז אִין אוּנְז
13 פוּל. אָן דֶעם דֶערְקֶענֶען מִיר, דָאס מִיר בְּלֵייבֶּען אִין אִיהם אוּן
14 עֶר אִין אוּנְז. וֵוייל עֶר הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען פָאן זֵיין גֵייסְט. אוּן
מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אוּן זָאגֶען עֵדוּת, דָאס דֶער פָאטֶער הָאט
15 גֶעשִׁיקְט דֶעם זָאהְן פַאר אֵיין הֶעלְפֶער פָאן דֶער וֶועלְט. וֶוער

עֶס אִיז מוֹדֶה, דָאס יֵשׁוּעַ אִיז דֶער זָאהן פָאן גָאטְט, אִין דֶעם
16 בְּלֵייבְּט גָאטְט אוּן עֶר אִין גָאטְט. אוּן מִיר הָאבֶּען דֶערְקֶענְט אוּן
גֶעגְלוֹיבְּט דִיא לִיבֶּע, וֶועלְכֶע גָאטְט הָאט צוּ אוּנְז. גָאטְט אִיז דִיא
לִיבֶּע; אוּן וֶוער עֶס בְּלֵייבְּט אִין דֶער לִיבֶּע, בְּלֵייבְּט אִין גָאטְט, אוּן
17 גָאטְט אִין אִיהם. דֶערְמִיט אִיז דִיא לִיבֶּע אִין אוּנְז דֶערְפִילְט
גֶעוָוארֶען, דָאס מִיר הָאבֶּען בִּטָחוֹן אוֹיף דֶעם יוֹם הַדִין; וֵוייל אַזוֹי
18 וִויא עֶר, זֶענֶען מִיר אִין דִיזֶער וֶועלְט. אִין דֶער לִיבֶּע אִיז קֵיין
מוֹרָא נִיט דָא, נוּר דִיא פָאלְקָאמֶענֶע לִיבֶּע טְרֵייבְּט דִיא מוֹרָא
אַרוֹיס; וֵוייל דִיא מוֹרָא אִיז אֵיין פֵּיין. אוּן וֶוער אָבֶּער עֶס הָאט
19 מוֹרָא, אִיז נִיט פָאלְקָאמֶען אִין דֶער לִיבֶּע. לָאזֶען מִיר אִיהם לִיבּ
20 הָאבֶּען, וֵוייל עֶר הָאט אוּנְז צוּעֶרְשְׁט לִיבּ גֶעהַאט. וֶוער עֶס
זָאגְט: אִיך הָאבּ לִיבּ גָאטְט, אוּן הָאט פֵיינְד זֵיין בְּרוּדֶער, דֶער
אִיז אֵיין לִיגְנֶער. וֵוייל וֶוען עֶר זֵיין בְּרוּדֶער, וֶועלְכֶען עֶר הָאט
גֶעזֶעהֶען נִיט לִיבְּט, וִויא אַזוֹי קֶען עֶר גָאטְט לִיבֶּען, וֶועלְכֶען עֶר
21 הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען? אוּן דָאס אִיז דָאס גֶעבָּאט, וֶועלְכֶע מִיר
הָאבֶּען פָאן אִיהם, דָאס וֶוער עֶס הָאט גָאטְט לִיבּ, דֶער זָאל אוֹיךְ
זֵיין בְּרוּדֶער לִיבֶּען.

ה יֶעדֶערֶער וֶוער עֶס גְלוֹיבְּט, דָאס יֵשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ, אִיז
פָאן גָאטְט גֶעבָּארֶען; אוּן יֶעדֶער וָואס הָאט לִיבּ דֶעם, וָואס הָאט
אִיהם גֶעבָּארֶען, הָאט אוֹיךְ לִיבּ דֶעם, וָואס אִיז פָאן אִיהם גֶע־
2 בָּארֶען. אָן דֶעם דֶערְקֶענֶען מִיר, דָאס מִיר הָאבֶּען גָאטְטֶעס
קִינְדֶער לִיבּ, וֶוען מִיר הָאבֶּען לִיבּ גָאטְט אוּן הַאלְטֶען זֵיינֶע גֶע־
3 בָּאטֶע. וֵוייל דָאס אִיז דִיא לִיבֶּע צוּ גָאטְט, דָאס מִיר זָאלֶען
הַאלְטֶען זֵיינֶע גֶעבָּאטֶע; אוּן זֵיינֶע גֶעבָּאטֶע זֶענֶען נִיט שְׁוֶוער.
4 וֵוייל אַלְץ, וָואס עֶס אִיז פָאן גָאטְט גֶעבָּארֶען, אִיז מְנַצֵחַ דִיא וֶועלְט;
אוּן דִיזֶער נִצָחוֹן, וֶועלְכֶער הָאט דִיא וֶועלְט מְנַצֵחַ גֶעוֶועזֶען, אִיז
5 אוּנְזֶער גְלוֹיבֶּען. וֶוער אִיז אָבֶּער דֶער מְנַצֵחַ פָאן דֶער וֶועלְט,
וֶוען נִיט דֶער וָואס גְלוֹיבְּט, דָאס יֵשׁוּעַ אִיז דֶער זָאהן פָאן גָאטְט?
6 דִיזֶער אִיז עֶס, וֶועלְכֶער אִיז גֶעקוּמֶען מִיט וַואסֶער אוּן בְּלוּט,
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, נִיט מִיט וַואסֶער אַלֵיין, נוּר מִיט וַואסֶער אוּן בְּלוּט;
אוּן דֶער גֵייסְט זָאגְט עֵדוּת; וֵוייל דֶער גֵייסְט אִיז דֶער אֱמֶת.
7 דֶען עֶס זֵיינֶען דְרֵיי, וֶועלְכֶע זָאגֶען עֵדוּת אִין הִימֶעל: דֶער פָאטֶער,

דָאס וָוארְט אוּן דֶער רוּחַ הַקֹדֶשׁ; אוּן דִיא דְרַייא וֶוענֶען אֵיינְס.
8 אוּן דְרַייא זָאגֶען עֵדוּת אוֹיף דֶער עֶרְד: דֶער גֵייסְט, דָאס וַואסֶער
9 אוּן דָאס בְּלוּט; אוּן דִיא דְרַייא וֶוענֶען בֵּייאַזאמֶען. וֶוען מִיר גֶעהֶמֶען
אָן דִיא עֵדוּת פָאן מֶענְשֶׁען, אַזוֹי אִיז גָאטְטֶעס עֵדוּת גְרֶעסֶער;
וַוייל דָאס אִיז דִיא עֵדוּת פָאן גָאטְט, וָואס עֶר הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט
10 אוֹיף זַיין זָאהְן. וֶוער עֶס גְלוֹיבְּט אִין גָאטְטֶעס זָאהְן, דֶער הָאט
דִיא עֵדוּת דוּרְךְ אִיהם. וֶוער עֶס גְלַייבְּט נִיט אִין גָאטְט, דֶער
מַאכְט אִיהם פַאר אַיין לִיגְנֶער; וַוייל עֶר גְלוֹיבְּט נִיט אִין דִיא עֵדוּת,
11 וֶועלְכֶע גָאטְט הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט אוֹיף זַיין זָאהְן. אוּן דָאס אִיז
דִיא עֵדוּת, דָאס גָאטְט הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען דָאס עֶווִיגֶע לֶעבֶּען, אוּן
12 דִיזֶעס לֶעבֶּען אִיז אִין זַיין זָאהְן. וֶוער עֶס הָאט גָאטְטֶעס זָאהְן
הָאט דָאס לֶעבֶּען; וֶוער עֶס נִיט הָאט גָאטְטֶעס זָאהְן הָאט נִיט
13 דָאס לֶעבֶּען. דִיזֶעס הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען, וֶועלְכֶע גְלוֹיבֶּען
אִין נָאמֶען פָאן גָאטְטֶעס זָאהְן, כְּדֵי אִיהר זָאלְט וִויסֶען, דָאס וֶוען
אִיהר גְלוֹיבְּט אִין גָאטְטֶעס זָאהְן הָאט אִיהר דָאס עֶווִיגֶע לֶעבֶּען.
14 אוּן דָאס אִיז דֶער בִּטָחוֹן, וָואס מִיר הָאבֶּען אוֹיף אִיהם, דָאס וֶוען
15 מִיר בֶּעטֶען עֶטְוָואס נָאךְ זַיין ווִילֶען, אַזוֹי הֶערְט עֶר אוּנְז. אוּן וֶוען
מִיר ווַייסֶען, דָאס עֶר הֶערְט אוּנְז וָואס מִיר פָאן אִיהם בֶּעטֶען,
אַזוֹי ווַייסֶען מִיר, דָאס מִיר בֶּעקוּמֶען דָאס, וָואס מִיר בֶּעטֶען בַּיי
16 אִיהם. וֶוען אֵיינֶער זֶעהְט וֶוען זַיין בְּרוּדֶער טְהוּט אַיין זִינְדֶע, נִיט
צוּם טוֹיט, אַזוֹי זָאל עֶר בֶּעטֶען אוּן גָאטְט וֶועט אִיהם גֶעבֶּען לֶעבֶּען,
דָאס הֵייסְט דֶעם, וָואס טְהוּט אַיין זִינְדֶע נִיט צוּם טוֹיט. עֶס אִיז
דָא אַיין זִינְדֶע צוּם טוֹיט, נִיט פָאן דֶעם זָאג אִיךְ, עֶר זָאל בֶּעטֶען.
17 יֶעדֶעס אוּנְרֶעכְט אִיז אַיין זִינְדֶע, אַזוֹי אִיז עֶס דָא אַיין זִינְדֶע, וֶועלְכֶע
18 אִיז נִיט צוּם טוֹיט. מִיר ווַייסֶען, דָאס יֶעדֶערֶער וֶועלְכֶער אִיז פָאן
גָאטְט גֶעבָּארֶען, זִינְדִיגְט נִיט; נוּר דֶער וָואס אִיז פָאן גָאטְט גֶע־
19 בָּארֶען הִיט זִיךְ אָבּ אוּן דֶער בֶּעזֶער רִיהְרְט אִיהם נִיט אָן. מִיר
ווַייסֶען, דָאס מִיר וֶוענֶען פָאן גָאטְט, אוּן דָאס דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט
20 לִיגְט אִין שְׁלֶעכְטֶעס. מִיר ווַייסֶען אָבֶּער אוֹיךְ, דָאס דֶער זָאהְן
פָאן גָאטְט אִיז גֶעקוּמֶען אוּן הָאט אוּנְז דָאס אֵיינְזֶעהֶען אוּן פֶערְ־
שְׁטַאנְד גֶעגֶעבֶּען, מִיר זָאלֶען דֶעם אֱמֶת'ען דֶערְקֶענֶען, אוּן מִיר
זַיינֶען אִין דֶעם אֱמֶת'ען, אִין זַיין זָאהְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. דִיזֶער אִיז

21 דֶער אֶמֶת'עֶר גָאטְט אוּן דָאס עֶוִויגֶע לֶעבֶּען. קִינְדֶער! הִיט אַייך
אָבּ פָאן אָבְּגֶעטְטֶער. אָמֵן.

---

# דער צווייטער בריף פאן דעם אפאסטעל יוחנן

---

א דֶער עֶלְטֶעסְטֶער צוּ דִיא אוֹיסְדֶערְוֶועהלְטֶע פְרוֹי אוּן אִיהְרֶע
קִינְדֶער, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אִין אֶמֶת'עֶן לִיבּ, אוּן נִיט אִיךְ אַלֵיין,
2 נוּר אוֹיךְ אַלֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶּען דֶערְקֶענְט דֶעם אֶמֶת. וֶועגֶען דֶעם
אֶמֶת, וֶועלְכֶער בְּלֵייבְּט אִין אוּנְז, אוּן וֶועט אִין אוּנְז זֵיין אוֹיף עֶוִויג.
3 עֶס זָאל זֵיין מִיט אַייךְ גֶענָאד, בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט, שָׁלוֹם פָאן
גָאטְט דֶעם פָאטֶער אוּן פָאן דֶעם הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, דֶעם זָאהְן
4 פָאן דֶעם פָאטֶער, אִין אֶמֶת אוּן אִין לִיבֶּע. אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהֶער
גֶעפְרֵייט, וֵוייל אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען צְוִוישֶׁען דֵיינֶע קִינְדֶער דִיא וָואס
גֶעהֶען אִין אֶמֶת, אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען דָאס גֶעבָּאט פָאן דֶעם
5 פָאטֶער בֶּעקוּמֶען. אוּן נוּן, בֶּעט אִיךְ דִיךְ פְרוֹי, נִיט אַזוֹי וִויא אִיךְ
שְׁרֵייבּ דִיר פַאר אֵיין נֵייעֶ גֶעבָּאט, נוּר דָאס וָואס מִיר הָאבֶּען
פָאן אָנְפַאנְג, דָאס מִיר זָאלֶען זִיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבּ
6 הָאבֶּען. אוּן דָאס אִיז דִיא לִיבֶּע, דָאס מִיר זָאלֶען גֶעהְן אִין זֵיינֶע
גֶעבָּאטֶע. דָאס אִיז דָאס גֶעבָּאט, וֶועלְכֶעס אִיהר הָאט גֶעהֶערְט
7 פָאן אָנְפַאנְג, דָאס מִיר זָאלֶען דֶערִינֶען גֶעהְן. וֵוייל פִיל פֶערְ־
פִיהְרֶער זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, וֶועלְכֶע זֶענֶען נִיט
מוֹדֶה יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ'ן, דָאס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין פְלֵייש. דָאס אִיז
8 דֶער פֶערְפִיהְרֶער אוּן גֶעגֶען־קְרִיסְט. גִיט אַכְטוּנְג, מִיר זָאלֶען
נִיט פֶערְלִירֶען דָאס וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט, נוּר זָאלֶען בֶּע־
9 קוּמֶען דֶעם גַאנְצֶען שְׂכַר. וֶוער עֶס אִיז עוֹבֵר אוּן בְּלֵייבְּט נִיט
אִין דֶער לֶעהְרֶע פָאן מָשִׁיחַ'ן, דֶער הָאט נִיט קֵיין גָאטְט; וֶוער עֶס
בְּלֵייבְּט אִין דֶער לֶעהְרֶע פָאן מָשִׁיחַ'ן, דֶער הָאט דֶעם פָאטֶער

10 אוּן דָעם זָאהן. וֶוען אֵיינֶער קוּמְט צוּ אַייך אוּן בְּרֶענְגְט נִיט דִיזֶע
לֶעהְרֶע, דֶעם זָאלְט אִיהר נִיט אַרֵיינְנֶעהמֶען אִין הוֹיז, אוּן נִיט גֶע־
11 רִיסֶען. וֵוייל וֶוער עֶס גֶערִיסְט אִיהם, הָאט אֵיין חֵלֶק אִין זֵיינֶע
12 שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים. אִיךְ הָאבּ אַייךְ פִיל צוּ שְׁרֵייבֶּען; נוּר אִיךְ וִויל
נִיט אוֹיף פַּאפִּיר מִיט טִינְט עֶס טָאן, אוּן הָאף צוּ קוּמֶען צוּ אַייךְ
אוּן צוּ רֶעדֶען מוֹיל צוּ מוֹיל, כְּדֵי אוּנְזֶער פְרֵייד זָאל דֶערְפִילְט
13 וֶוערֶען. עֶס גֶערִיסֶען דִיךְ דִיא קִינְדֶער פָאן דֵיין אוֹיסְדֶערְוֶועהלְטֶע
שְׁוֶועסְטֶער. אָמֵן.

---

# דער דריטער בריף פאן דעם אפאסטעל יוחנן

---

א דֶער עֶלְטֶעסְטֶער צוּם גֶעלִיבְּטֶען גַאיוּס, וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ
2 אִין אֱמֶת׳ען לִיבּ. גֶעלִיבְּטֶער! אִיךְ וִוינְשׁ, דָאס דִיר זָאל אִין אַלֶע
זַאכֶען גוּט גֶעהְן אוּן זָאלְסְט גֶעזוּנְד זֵיין, אַזוֹי וִויא עֶס דֵיין זֶעעֶלֶע
3 גוּט גֶעהט. דֶען אִיךְ הָאבּ זֶעהֶער גְרוֹיסֶע פְרֵיידֶע גֶעהַאט, וֶוען
דִיא בְּרִידֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּן הָאבֶּען עֵדוּת גֶעזָאגְט, אוֹיף דֵיין
4 אֱמֶת, וָואס אִיז אִין דִיר, אוּן וִויא דוּא גֶעהְסְט אִין דֶעם אֱמֶת. אִיךְ
הָאבּ קֵיין גְרֶעסֶערֶע פְרֵייד פָאן דֶער, וִויא דִיא וֶועלְכֶע אִיךְ הֶער,
5 דָאס מֵיינֶע קִינְדֶער גֶעהֶען אִין דֶעם אֱמֶת. גֶעלִיבְּטֶער! דוּא טְהוּסְט
6 גֶעטְרֵיי, וָואס דוּא טְהוּסְט דִיא בְּרִידֶער אוּן דִיא פְרֶעמְדֶע. וֶועלְכֶע
הָאבֶּען פַאר דֶער קְהִלָה עֵדוּת גֶעזָאגְט אוֹיף דֵיין לִיבֶּע. דוּא
וֶועסְט גוּט טָאן, וֶוען דוּא וֶועסְט זֵיי אַוֶועקְשִׁיקֶען וִויא עֶס אִיז וֶוערְטְה
7 פַאר גָאטְט. וֵוייל זֵיי זֵיינֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ לִיבּ זֵיין נָאמֶען, אוּן
8 הָאבֶּען בֵּיי דִיא גוֹיִם גָאר נִישְׁט גֶענוּמֶען. דֶערִיבֶּער זֶענֶען מִיר
מְחוּיָב אַזֶעלְכֶע אוֹיפְצוּנֶעהמֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען זֵיין הֶעלְפֶערְס פַאר
9 דֶעם אֱמֶת. אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ דֶער קְהִלָה, נוּר דִיַאטְרֶעפִים,
וָואס וִויל זֵיין דֶער עֶרְשְׁטֶער בֵּיי זֵיי, נֶעהמְט אוּנְז נִיט אָן.

10 דֶערִיבֶּער, װֶען אִיךְ װֶעל קוּמֶען, װֶעל אִיךְ דֶערְמָאנֶען זַיינֶע מַעֲשִׂים,
וָואס עֶר טְהוּט, וִויא עֶר רֶעט אוֹיף אוּנְז בֶּעזֶע װֶערְטֶער, אוּן דִיזֶעס
אִיז אִיהם נָאךְ נִיט גֶענוּג; עֶר אַלֵיין נֶעהְמְט דִיא בְּרִידֶער נִיט
אוֹיף אוּן פֶערְװֶעהְרְט נָאךְ דִיא, װֶעלְכֶע װִילֶען עֶס טָאן, אוּן וַוארְפְט
11 זֵיי אַרוֹיס פָאן דֶער קְהִלָה. גֶעלִיבְּטֶער! טְהוּ דָאס בֶּעזֶע נִיט נָאךְ,
נוּר דָאס גוּטֶע. װֶער עֶס טְהוּט גוּטֶעס אִיז פָאן גָאטְט; װֶער עֶס
12 טְהוּט בֶּעזֶעס הָאט גָאטְט נִיט גֶעזֶעהֶען. װֶעגֶען דִימֶעטְרִיוּס זָאגֶען
אַלֶע עֵדוּת, אוּן אוֹיךְ דֶער אֱמֶת אַלֵיין; אוּן מִיר זָאגֶען אוֹיךְ עֵדוּת,
13 אוּן אִיהר װֵייסְט, דָאס אוּנְזֶער עֵדוּת אִיז אֱמֶת. אִיךְ וָואלְט נָאךְ
פִיל גֶעהַאט צוּ שְׁרֵייבֶּען; אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוָואלְט מִיט טִינְט
14 אוּן פֶעדֶער עֶס טָאן. אִיךְ הָאף אָבֶּער, דִיךְ בַּאלְד צוּ זֶעהֶען, אוּן
מִיר װֶעלֶען אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערֶען מוֹיל צוּ מוֹיל רֶעדֶען.
15 פְרִידֶען זָאל זֵיין צוּ דִיר. עֶס גֶערִיסֶען דִיךְ דִיא פְרֵיינְד. גֶערִים
דִיא פְרֵיינְד יֶעדֶען מִיטְן נָאמֶען. אָמֵן.

---

# דער בריף פאן דעם אפאסטעל יהודה

---

א יְהוּדָה, אֵיין קְנֶעכְט פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּן דֶער בְּרוּדֶער פָאן
יַעֲקֹב, צוּ דִיא גֶערוּפֶענֶע, װֶעלְכֶע זֶענֶען גֶעהֵיילִיגְט אִין גָאטְט דֶעם
2 פָאטֶער, אָבְּגֶעהִיטֶע פַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט,
3 פְרִידֶען אוּן לִיבֶּע זָאל זִיךְ אִין אַייךְ פַארְמֶעהְרֶען. גֶעלִיבְּטֶע!
אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ מִיר פָארְגֶענוּמֶען אַייךְ צוּ שְׁרֵייבֶּען װֶעגֶען
אוּנְזֶער אַלֶעמֶעס יְשׁוּעָה, הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעהַאלְטֶען פַאר נֶעטְהִיג,
אַייךְ צוּ שְׁרֵייבֶּען אוּן אָנְצוּזָאגֶען, אִיהר זָאלְט מִלְחָמָה הַאלְטָען
פַאר דֶעם גְלוֹיבֶּען, וִויא עֶר אִיז אֵיין מָאל אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען
4 דִיא הֵיילִיגֶע. װֵייל עֶס הָאבֶּען זִיךְ אַרֵיינְגֶעגַנְבֶ'עט עֶטְלֶעכֶע
מֶענְשֶׁען, אוֹיף װֶעלְכֶע דִיזֶער פְּסַק אִיז פָאן פְרִיהֶער גֶעשְׁרִיבֶּען
גֶעוָוארֶען, זֵיי זֶענֶען רְשָׁעִים, װֶעלְכֶע דִיא גְנָאד פָאן אוּנְזֶערֶען

גָאטְט אוֹיף צוּלָאזֶענְקַייט פַארְטְהוּעֶן, אוּן פֶערְלֵייקֶענֶען דֶעם
אֵיינְצִיגֶען גָאטְט דֶעם הֶערְרְשֶער, אוּן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ
5 הַמָשִׁיחַ. אִיךְ ווִיל אַייךְ דֶערְמָאנֶען, דָאס אִיהר זָאלְט ווִיסֶען, דָאס
ווֶען דֶער הֶערְר הָאט דָאס פָאלְק מַצִיל גֶעוֶועֶן פָאן דֶעם לַאנְד
מִצְרַיִם, הָאט עֶר צוּם צְווֵייטֶען מָאל אוּמְגֶעבְּרַאכְט דִיא, ווֶעלְכֶע
6 הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט. אוּן אוֹיךְ דִיא מַלְאָכִים, ווָאס הָאבֶּען נִיט
אָבְּגֶעהִיט זֵייעֶר הֶערְרְשַׁאפְט, נוּר הָאבֶּען פֶערְלָאזֶען זֵייעֶר ווֵיינוּנְג,
הַאלְט עֶר אִין עֶווִיגֶע קֵייטֶען אִין דֶער פִינְשְׁטֶערְנֶעס צוּם מִשְׁפָּט
7 פָאן דֶעם גְרוֹיסֶען טָאג. ווִיא סְדוֹם אוּן עֲמוֹרָה אוּן דִיא שְׁטֶעדְט
פָאן אַרוּם, ווֶעלְכֶע הָאבֶּען גְלֵייךְ ווִיא זֵיי מְזַנֶה גֶעוֶועֶן אוּן נָאכְ־
גֶעגַאנְגֶען נָאךְ פְרֶעמְדֶע פְלֵייש, זֶענֶען פַאר אֵיין בֵּיישְׁפִּיל גֶעשְׁטֶעלְט
8 גֶעוָוארֶען, זוּן לֵיידֶען דִיא שְׁטְרָאף פָאן עֶווִיגֶען פֵייעֶר. דָאס
גְלֵייכֶען זֵיינֶען אוֹיךְ דִיא בַּעֲלֵי חֲלוֹמוֹת, ווֶעלְכֶע זֶענֶען זֵייעֶר פְלֵייש
מְחַלֵל, פַאר־אַכְטֶען דִיא מֶמְשָׁלָה, אוּן לֶעסְטֶערֶען דִיא הֶערְרְלִיכְ־
9 קֵייט (מְלָכִים). ווֶען מִיכָאֵל, דֶער עֶרְשְׁטֶער מַלְאָךְ אָבֶּער, הָאט
זִיךְ גֶעקְרִיגְט מִיט דֶעם שָׂטָן, אוּן מִיט אִיהם זִיךְ גֶעשְׁפַּארְט ווֶעגֶען
מֹשֶׁה׳ס לֵייבּ, הָאט עֶר זִיךְ נִיט אוּנְטֶערְגֶעשְׁטֶעלְט אַרוֹים צוּ
בְּרֵיינְגֶען אֵיין פְּסַק דִין מִיט לֶעסְטֶערוּנְגֶען, אוּן הָאט נוּר גֶעזָאגְט:
10 גָאטְט זָאל דִיךְ שְׁטְרָאפֶען. דִיזֶע אָבֶּער לֶעסְטֶערְן דָאס, ווָאס זֵיי
ווֵייסֶען נִיט; אוּן דָאס, ווָאס זֵיי ווֵייסֶען פָאן דֶער נַאטוּר, ווִיא דִיא
11 אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע חַיוֹת, דֶערְמִיט פֶערְדַארְבֶּען זֵיי זִיךְ. ווֵיי אִיז
צוּ זֵיי! ווֵייל זֵיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם ווֶעג פָאן קַיִן, זֵיי הָאבֶּען
זִיךְ גֶעלָאזְט צוּ לִיבּ לוֹין פֶערְפִיהְרֶען ווִיא בִּלְעָם, אוּן זֶענֶען
פֶערְלָארֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגְקֵייט פָאן קֹרַח.
12 אַזֶעלְכֶע זֶענֶען אֵיין שְׁמוּצִיגֶער פְלֶעק אִין אֵייעֶרֶע סְעוּדוֹת פָאן
לִיבֶּע, זֵיי פְרֶעסֶען מִיט אַייךְ אוּן פִיטֶערֶען זִיךְ אָן אָן מוֹרָא; זֵיי
זֶענֶען ווָאלְקֶענְס אָן וַואסֶער, אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען פָאן דֶעם ווִינְד;
(הֶערְבְּסְט) בֵּיימֶער, אָן פֵירוֹת, צְווֵיי מָאל גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע, אוּן
13 אוֹיסְגֶעוָוארְצֶעלְטֶע. ווִילְדֶע ווֶעלְלֶען פָאן יַם, ווֶעלְכֶע שוֹימֶען אַרוֹים
זֵייעֶר אֵייגֶענֶע שַׁאנְדֶע; פֶערְאִירְטֶע שְׁטֶערְן, ווָאס פַאר זֵיי בְּלֵייבְּט אוֹיף
14 עֶווִיג דִיא טוּנְקֶעל פָאן פִינְסְטֶערְנֶעס. אוּן חֲנוֹךְ, דֶער זִיבֶּעטֶער
פָאן אָדָם׳ן, הָאט אוֹיף זֵיי נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט: זֶעה, דֶער הֶערְר קוּמְט

15 מִיט פִיל טוֹיזֶענְדֶער פָאן זֵיינֶע הֵיילִיגֶע. צוּ מִשְׁפָּט'ן אַלֶעמֶען, אוּן
צוּ שְׁטְרָאפֶען דִיא רְשָׁעִים פַאר אַלֶע זֵייעֶרֶע זִינְדִיגֶע מַעֲשִׂים אוּן
פַאר אַלֶע הַארְטֶע וֶוערְטֶער, וָואס דִיזֶע גָאטְטְלָאזֶע זִינְדֶער הָאבֶּען
16 גֶעגֶען אִיהם גֶערֶעט. דָאס זֶענֶען דִיא נִיט צוּפְרִידֶענֶע, וֶועלְכֶע
קְלָאגֶען אוֹיף אִיהְר מַזָל, דֶערְבֵּיי גֶעהֶען זֵיי נָאךְ זֵייעֶרֶע תַּאֲווֹת,
זֵייעֶר מוֹיל רֶעדְט שְׁטָאלְצֶע וֶוערְטֶער אוּן צוּלִיבּ זֵייעֶרֶען נוּצֶען
17 חַנְפֶ'נֶען זֵיי. אִיהר, גֶעלִיבְּטֶע, אָבֶּער גֶעדֶענְקְט דָאס, וָואס אִיז
אַייךְ פָאן פְרִיהֶער גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דִיא שְׁלוּחִים פָאן
18 אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. זֵיי הָאבֶּען אַייךְ גֶעזָאגְט, דָאס
אִין דֶער לֶעצְטֶער צֵייט וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהֶן שְׁפֶּעטֶערְס, וֶועלְכֶע
19 וֶועלֶען נָאכְגֶעהֶען נָאךְ זֵייעֶרֶע בֶּעזֶע גֶעלוּסְטִיגְקֵייטֶען. דָאס זֶענֶען
דִיא, וֶועלְכֶע שֵׁיידֶען זִיךְ אָבּ, זֵיי זֶענֶען נוּר קֶערְפֶּערְלִיךְ אוּן הָאבֶּען
20 נִיט קֵיין גֵייסְט. אִיהר אָבֶּער, גֶעלִיבְּטֶע, שְׁטַארְקְט אַייךְ אִין
אֵייעֶר הֵיילִיגְסְטֶען גְלוֹיבֶּען, זַייט מִתְפַּלֵל דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקֹדֶשׁ.
21 אוּן דֶערְהַאלְט אַייךְ אִין דֶער לִיבֶּע פָאן גָאטְט, אוּן וַוארְט אוֹיף
דֶער בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט פָאן אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ צוּם
22 עֶווִיגֶען לֶעבֶּען. אוּן הָאט אוֹיף דִיא רַחֲמָנוּת, וֶועלְכֶע זֵיינֶען אִין
23 מַחֲלוֹקֶת, רֶעטֶעט זֵיי, אוּן רֵייסְט זֵיי פָאן דֶעם פֵייעֶר אַרוֹיס. אוּן
אַנְדֶערֶע זָאלְט אִיהר וֶועלִיג מַאכֶען דוּרְךְ מוֹרָא, אוּן זָאלְט זֵיי
מַצִיל זַיין פָאן דֶעם פֵייעֶר, אוּן זָאלְט אוֹיךְ פֵיינְד הָאבֶּען דֶעם
24 קְלֵייד, וֶועלְכֶער אִיז בֶּעפְלֶעקְט פָאן פְלֵיישׁ. דֶעם אָבֶּער, וֶועלְכֶער
קֶען אַייךְ אָבְּהִיטֶען פָאן שְׁטְרוֹיכְלֶען אוּן אַייךְ שְׁטֶעלֶען פַאר זַיין
25 הֶערְרְלִיכְקֵייט אָן אֵיין פְלֶעק מִיט פְרֵיידֶען. דֶעם גָאטְט, וֶועלְכֶער
אַלֵיין הָאט חָכְמָה, אוּנְזֶערֶען הֶעלְפֶער, דוּרְךְ אוּנְזֶערֶען הֶערְרְן
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, זָאל זַיין הֶערְרְלִיכְקֵייט אוּן גְדוּלָה, שְׁטַארְקֵייט אוּן
מַאכְט, יֶעצְט אוּן אוֹיף אַלֶע עֶווִיגְקֵייטֶען! אָמֵן.

---

# דיא אנפלעקונג פאן יוחנן

א זִיא אַנְפְּלֶעקוּנג פָאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. וֶועלְכֶען גָאטְט הָאט גֶעגֶעבֶּען
צוּ ווייזֶען זֵיינֶע קְנֶעכְט, וָואס עֶס מוּז אִין קוּרְצֶען גֶעשֶׁעהֶען; אוּן עֶר
הָאט עֶס גֶעוִויזֶען, אוּן גֶעשִׁיקְט דוּרְךְ זֵיין מַלְאָךְ צוּ זֵיין קְנֶעכְט יוֹחָנָן.
2 וֶועלְכֶער הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט אוֹיף דֶעם וָוארְט פָאן גָאטְט אוּן
אוֹיף דִיא עֵדוּת פָאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אַלְץ וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען.
3 זֶעלִיג אִיז, דֶער וָואס לֵייעֶנְט אוּן דִיא וֶועלְכֶע הֶערֶען דִיא וֶוערְטֶער
פָאן דִיזֶער נְבוּאָה, אוּן הַאלְטֶען דָאס, וָואס דַארִין אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען,
4 ווייל דִיא צֵייט אִיז נָאהֶענְט. יוֹחָנָן צוּ דִיא זִיבֶּען גֶעמֵיינְדֶען אִין
אַזִיעֶן: גְנָאד אַייךְ, אוּן פְרִידֶען פָאן דֶעם, וֶועלְכֶער אִיז, וֶועלְכֶער
אִיז גֶעוֶועזֶען, אוּן וֶועלְכֶער דַארְף קוּמֶען, אוּן פָאן דִיא זִיבֶּען גֵייסְטֶער,
5 וֶועלְכֶע זֵיינֶען פַאר זֵיין טְהָרָאן. אוּן פָאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דֶעם
זִיכֶערֶען עֵדוּת, דֶעם בְּכוֹר פָאן דִיא טוֹיטֶע, דֶעם הֶערְשֶׁער אִיבֶּער
דִיא מְלָכִים פָאן דֶער עֶרְד. אִיהם וָואס הָאט אוּנְז גֶעלִיבְּט אוּן
6 אוּנְז אָבְּגֶעוַואשֶׁען פָאן זִינְד מִיט זֵיין בְּלוּט. אוּן הָאט אוּנְז גֶעמַאכְט
פַאר מְלָכִים אוּן כֹּהֲנִים פַאר גָאטְט אוּן זֵיין פָאטֶער, זָאל זֵיין דִיא
7 הֶערְלִיכְקֵייט אוּן דִיא מַאכְט אִין אַלֶע צֵייטֶען! אָמֵן. זֶעה, עֶר
קוּמְט אִין דִיא וָואלְקֶען, אוּן יֶעדֶער אוֹיג וֶועט אִיהם זֶעהֶען, אוּן דִיא
וֶועלְכֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעשְׁטָאכֶען; אוּן אַלֶע פֶעלְקֶער פָאן דֶער עֶרְד
8 וֶועלֶען קְלָאגֶען אִיבֶּער אִיהם. יָא, אָמֵן. אִיךְ בִּין דֶער אַלֶף אוּן
דֶער תָּיו, דֶער אָנְפַאנְג אוּן דָאס עֶנְדֶע, זָאגְט דֶער הֶערְ, וֶועלְכֶער
אִיז, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען, אוּן וֶועלְכֶער קוּמְט, דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער.
9 אִיךְ יוֹחָנָן, אֵייעֶר בְּרוּדֶער אוּן חַבֵר צוּ דִיא לֵיידֶען, צוּם קֶענִיגְרֵייךְ
אוּן צוּ דֶער גֶעדוּלְד (סַבְלָנוּת) פָאן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, בִּין גֶעוֶועזֶען אוֹיף
דֶעם אִינְזֶעל, וָואס הֵייסְט פַּאטְמוֹס, צוּלִיבּ דֶעם וָוארְט פָאן גָאטְט

10 אוּן דִיא עֵדוּת פָאן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. אִיךְ בִּין גְעוֶועזֶען אִין גֵייסְט אִין
דֶעם טָאג פָאן דֶעם הֶערְן, אוּן הָאבּ גֶעהֶערְט הִינְטֶער מִיר אֵיין
11 הוֹיכֶען קוֹל וִויא פָאן אֵיין שׁוֹפָר. וֶועלְכֶער הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ
בִּין דֶער אַלֶף אוּן דֶער תָּיו, דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּן דֶער לֶעצְטֶער;
אוּן וָואס דוּא זֶעהְסְט, שְׁרֵייבּ אִין אֵיין סֵפֶר, אוּן שִׁיק עֶס צוּ דִיא
זִיבֶּען גֶעמֵיינְדֶען, אִין אַזְיֶען, קֵיין עֶפֶעזוּס קֵיין סְמִירְנָא אוּן קֵיין
פֶּערְגַאמוּס אוּן קֵיין טִיאַטִירָא אוּן קֵיין סַארְדִיס, אוּן קֵיין
12 פִילַאדֶעלְפְיָא, אוּן קֵיין לַאאָדִאקִיָא. אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
צוּ זֶעהֶען דֶעם קוֹל, וָואס הָאט צוּ מִיר גֶערֶעט. אוּן וִויא אִיךְ הָאבּ
מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, הָאבּ אִיךְ דֶערְזֶעהֶען זִיבֶּען גָאלְדֶערְנֶע לֵייכְטֶער.
13 אוּן אִין מִיטֶען דִיא לֵייכְטֶער אֵיינֶעם, וֶועלְכֶער אִיז גְלֵייךְ צוּ אֵיין
בֶּן אָדָם, אָנְגֶעטָאן אִין אֵיין מַאנְטֶעל אוּן גֶעגַארְטֶעלְט מִיט אֵיין
14 גָאלְדֶערְנֶעם גַארְטֶעל אַרוּם דֶער בְּרוּסְט. זֵיין קָאפּ אָבֶּער אוּן
זֵיינֶע הָאר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען וַוייס וִויא וֵוייסֶע וָואל, וִויא שְׁנֶעע, אוּן
15 זֵיינֶע אוֹיגֶען וִויא פְלַאמְפֵייעֶר. אוּן זֵיינֶע פִיס זֵיינֶען גְלֵייךְ גֶעוֶועזֶען
צוּ קוּפֶּער, וָואס אִיז גֶעגְלִיהט אִין אוֹיוֶוען, אוּן זֵיין קוֹל אִיז גֶעוֶועזֶען
16 וִויא דָאס רוֹישֶׁען פָאן פִילֶע וַואסֶערְן. אוּן עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶען
אִין זֵיין רֶעכְטֶער הַאנְד זִיבֶּען שְׁטֶערְן, אוּן פָאן זֵיין מוֹיל אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אֵיין צְוֵויי־שַׁארְפִינְגֶער שְׁוֶוערְד, אוּן זֵיין פָּנִים אִיז
17 גֶעוֶועזֶען וִויא דִיא זוּן לֵייכְט אִין אִיהר קְרַאפְט. אוּן וִויא אִיךְ הָאבּ
אִיהם דֶערְזֶעהֶען, בִּין אִיךְ צוּ זֵיינֶע פִיס גֶעפַאלֶען וִויא אֵיין טוֹיטֶער.
אוּן עֶר הָאט אוֹיף מִיר אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט זֵיין רֶעכְטֶע הַאנְד אוּן גֶע־
זָאגְט: שְׁרֶעק דִיךְ נִיט, אִיךְ בִּין דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּן דֶער לֶעצְטֶער,
18 אוּן דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער. אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען טוֹיט; אוּן זֶעה, אִיךְ לֶעבּ
אִין אַלֶע עֶוִויגְקֵייט. אָמֵן. אוּן אִיךְ הָאבּ דִיא שְׁלִיסְלֶען פָאן דֶער
19 הֶעל אוּן פוּן דֶעם טוֹיט. שְׁרֵייבּ נוּן, וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען,
20 וָואס עֶס אִיז דָא, אוּן וָואס עֶס וֶועט זֵיין דֶערְנָאךְ. אוּן דֶער סוֹד
פָאן דִיא זִיבֶּען שְׁטֶערְן, וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אִין מֵיין
רֶעכְטֶער הַאנְד, אוּן פָאן דִיא זִיבֶּען גָאלְדֶערְנֶע לֵייכְטֶער. דִיא
זִיבֶּען שְׁטֶערְן זֶענֶען דִיא מַלְאָכִים פָאן דִיא זִיבֶּען גֶעמֵיינְדֶען, אוּן
אוּן דִיא זִיבֶּען לֵייכְטֶער זֶענֶען דִיא זִיבֶּען גֶעמֵיינְדֶען.
ב צוּ דֶעם מַלְאָךְ פָאן דֶער גֶעמֵיינְדֶע אִין עֶפֶעזוּס זָאלְסְט דוּא

שְׁרַייבְּעֶן: דָאס זָאגְט דֶער, װעלכֶער הַאלְט דִיא זִיבֶּען שְׁטֶערְן אִין
זַיין רֶעכְטֶער הַאנְד, װעלְכֶער גֶעהט אַרוּם צְװִישֶׁען דִיא זִיבֶּען
2 גָאלְדֶערְנֶע לַייכְטֶער. אִיךְ קֶען דַיינֶע מַעֲשִׂים, אוּן דַיינֶע אַרְבֵּייט,
אוּן דַיין גֶעדוּלְד, אוּן דָאס דוּא קֶענְסְט נִיט פַארְטְרָאגֶען דִיא בֶּעזֶע
לַייט, אוּן דוּא הָאסְט גֶעפְּרוּבְט דִיא, װעלְכֶע זָאגֶען דָאס זֵיי זֶענֶען
אַפָּאסְטֶעל, אוּן זֶענֶען עֶס נִיט, אוּן הָאסְט זֵיי גֶעפוּנֶען פַאר לִינְגֶער.
3 אוּן דוּא הָאסְט אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען, אוּן גֶעלִיטֶען, אוּן פַאר מֵיין נָאמֶען
4 גֶעאַרְבֵּייטֶעט אוּן נִיט מִיד גֶעװָארֶען. אָבֶּער אִיךְ הָאבּ גֶעגֶען דִיר,
5 דָאס װָאס דוּא הָאסְט פַארְלָאזֶען דַיין עֶרְשְׁטֶע לִיבֶּע. גֶעדֶענְק,
פָאן װאַנֶען דוּא בִּיסְט אַרָאבְּגֶעפַאלֶען, אוּן טְהוּ תְּשׁוּבָה, אוּן טְהוּ
דַיינֶע עֶרְשְׁטֶע מַעֲשִׂים, אוּן װֶען נִיט אַזוֹי װֶעל אִיךְ בַּאלְד צוּ דִיר
קוּמֶען, אוּן װֶעל אַװֶעק שְׁטוֹיסֶען דַיין לַייכְטֶער פָאן זַיין אָרְט, װֶען
6 דוּא װֶעסְט קֵיין תְּשׁוּבָה נִיט טָאן. דָאס אָבֶּער הָאסְט דוּא אִין
זִיךְ, װָאס דוּא הָאסְט פֵיינְד דִיא מַעֲשִׂים פָאן דִיא נִיקָאלַאִיטֶען,
7 װעלְכֶע אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ פֵיינְד. װער עֶס הָאט אֵיין אוֹיעֶר, זָאל
הֶערֶען, װָאס דֶער גֵייסְט רֶעט צוּ דִיא גֶעמֵיינְדֶען: דֶעם זִיגֶער
(מְנַצֵחַ), װעל אִיךְ גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען פָאן דֶעם בּוֹים פָאן לֶעבֶּען,
8 װעלְכֶער אִיז אִין מִיטֶען פָאן גָאטְטֶעס פַּארַאדִיז (גַן־עֵדֶן). אוּן צוּם
מַלְאָךְ פָאן דֶער קְהִלָה אִין סְמִירְנָא זָאלְסְט דוּא שְׁרַייבֶּען:
דָאס זָאגְט דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּן דֶער לֶעצְטֶער, װעלְכֶער אִיז טוֹיט
9 גֶעװֶען, אוּן אִיז לֶעבֶּעדִיג. אִיךְ קֶען דַיינֶע מַעֲשִׂים אוּן דַיינֶע לַיידֶען
אוּן דַיין אָרֶעמְקַייט, (דוּא בִּיסְט אָבֶּער רַייךְ,) אוּן דִיא לֶעסְטֶערוּנְג
פָאן דִיא, װעלְכֶע זָאגֶען דָאס זֵיי זֶענֶען אִידֶען, אוּן זֶענֶען עֶס נִיט,
10 נָאר אַיין שׁוּל פָאן דֶעם שָׂטָן. שְׁרֶעק דִיךְ נִיט דֶער פַאר װָאס
דוּא װעסְט בֶּעדַארְפֶען לַיידֶען. זֶעה, דֶער שָׂטָן װעט עֶטְלֶעכֶע
פָאן אַייךְ אִין גֶעפֶענְגְנֶעם אַרַיינְוַוארְפֶען, כְּדֵי אַייךְ צוּ פְּרוּבֶען,
אוּן אִיהר װעט לַיידֶען צֶעהן טֶעג; זֵיי גֶעטְרֵיי בִּיז צוּם טוֹיט, אוּן
11 אִיךְ װעל דִיר גֶעבֶּען דִיא קְרוֹין פָאן לֶעבֶּען. װער עֶס הָאט אֵיין
אוֹיעֶר, זָאל הֶערֶען, װָאס דֶער גֵייסְט רֶעט צוּ דִיא גֶעמֵיינְדֶען: דֶער
װָאס נֶעמְט אֵיין, דֶער װעט נִיט לַיידֶען פָאן דֶעם צְװֵייטֶען טוֹיט.
12 אוּן צוּם מַלְאָךְ פָאן דֶער גֶעמֵיינְדֶע אִין פֶּערְגַאמוּם זָאלְסְט דוּא
שְׁרַייבֶּען: דָאס זָאגְט דֶער, װעלְכֶער הָאט דֶעם צְװֵיי־שַׁארְפִיגֶען

13 שְׁוֶוערְד. אִיךְ וֵויים וָואס דוּא טְהוּסְט, אוּן וואוּ דוּא וֵוויינְסְט, וואוּ
דֶער טְהְרָאן פָאן דֶעם שָׂטָן אִיז; אוּן דוּא הַאלְטְסְט מֵיין נָאמֶען,
אוּן הָאסְט נִיט פֶערְלֵייקֶענְט מֵיין גְלוֹיבֶּען, אוֹיךְ אִין דִיא טֶעג, וֶוען
אַנְטִיפַּאס, מֵיין טְרֵייעֶר עֵדוּת, אִיז בֵּיי אַייךְ גֶעטֵייטֶעט גֶעוָוארֶען,
14 וואוּ דֶער שָׂטָן וֵואהְנְט. אָבֶּער עֶטְוָואס הָאבּ אִיךְ גֶעגֶען דִיר, וֵוייל
דוּא הָאסְט בֵּיי דִיר אַזֶעלְכֶע, וָועלְכֶע הַאלְטֶען זִיךְ אָן דֶער לֶעהְרֶע
פָאן בִּלְעָם, וָואס הָאט אָנְגֶעלֶעהְרֶענְט בָּלָק׳ן עֶרְגֶער צוּ מַאכֶען
דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, זֵיי זָאלֶען עֶסֶען קָרְבָּנוֹת פָאן אָבְּגֶעטְטֶער, אוּן
15 מְזַנֶה זַיין. אַזוֹי הָאסְט דוּא אוֹיךְ בֵּיי דִיר דִיא, וָועלְכֶע הַאלְטֶען
זִיךְ אָן דֶער לֶעהְרֶע פָאן דִיא נִיקָאלַאִיטֶען, וָואס אִיךְ הָאבּ זֵיי פֵיינְד.
16 טְהוּ תְּשׁוּבָה; אוּן וֶוען נִיט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ בַּאלְד צוּ דִיר קוּמֶען אוּן
וֶועל מִיט זֵיי מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד פָאן מֵיין מוֹיל.
17 וֶוער עֶס הָאט אַיין אוֹיעֶר, זָאל הֶערֶען, וָואס דֶער גֵייסְט רֶעט צוּ
דִיא גֶעמֵיינְדֶען: וֶוער עֶס נֶעמְט אַיין, וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען עֶסֶען פָאן
דֶעם פֶערְבָּארְגֶענֶעם מַן, אוּן אִיךְ וֶועל אִיהם גֶעבֶּען אַיין וֵוייסֶען
שְׁטֵיין אוּן אוֹיף דֶעם שְׁטֵיין אִיז אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַיין נֵייעֶר נָאמֶען,
18 וָואס קֵיינֶער קֶען אִיהם נִיט, אוֹיסֶער דֶעם וָואס אִיז מְקַבֵּל. אוּן
צוּם מַלְאָךְ פָאן דֶער גֶעמֵיינְדֶע אִין טִיאַטִירָא זָאלְסְט דוּא שְׁרֵייבֶּען:
דָאס זָאגְט דֶער זָאהְן פָאן גָאטְט, וָואס זֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען וִויא אַיין
19 פְלַאמְפֵייעֶר, אוּן זֵיינֶע פִיס גְלֵייךְ וִויא קוּפֶּער. אִיךְ קֶען דֵיינֶע
מַעֲשִׂים אוּן דֵיין לִיבֶּע אוּן דֵיין דִינְסְט אוּן דֵיין גְלוֹיבֶּען אוּן דֵיין
גֶעדוּלְד, אוּן דָאס דֵיינֶע לֶעצְטֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען גְרֶעסֶער פָאן דִיא
20 עֶרְשְׁטֶע. אָבֶּער אִיךְ הָאבּ עֶטְוָואס גֶעגֶען דִיר, וֵוייל דוּא לָאזְט
דִיא פְרוֹיא אִיזֶבֶל, וָועלְכֶע רוּפְט זִיךְ אָן נְבִיאָה, דָאס זִיא זָאל
לֶערְנֶען אוּן פֶערְפִיהְרֶען מֵיינֶע קְנֶעכְט, זֵיי זָאלֶען מְזַנֶה זַיין אוּן
21 עֶסֶען קָרְבָּנוֹת פָאן אָבְּגֶעטְטֶער. אִיךְ הָאבּ אִיהר גֶעגֶעבֶּען צֵייט,
זִיא זָאל תְּשׁוּבָה טָאן אוֹיף אִיהר זְנוּת; אוּן זִיא הָאט קֵיין תְּשׁוּבָה
22 נִיט גֶעטָאן. זֶעה, אִיךְ וַוארְף זִיא אִין בֶּעט, אוּן אַלֶע וָואס הָאבֶּען
מִיט אִיהר מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען אִין גְרוֹיסֶע לֵיידֶען, וֶוען זֵיי וֶועלֶען קֵיין
23 תְּשׁוּבָה נִיט טָאן אוֹיף זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים. אוּן אִיהְרֶע קִינְדֶער וֶועל
אִיךְ צוּם טוֹיט שְׁלָאגֶען. אוּן אַלֶע גֶעמֵיינְדֶען זָאלֶען וִויסֶען, דָאס
אִיךְ בִּין דֶער, וָועלְכֶער פְּרוּבְט נִירֶען אוּן הֶערְצֶער; אוּן יֶעדֶען

24 פָאן אַייך װָעל אִיך גֶעבֶּען נָאךְ זֵיינֶע מַעֲשִׂים. אַייךְ אָבֶּער זָאג
אִיךְ אוּן דִיא אִבֶּערִינֶע אִין טִיאַטִירָא, װֶעלְכֶע הַאלְטֶען זִיךְ נִיט אָן
דִיזֶער לֶעהְרֶע, אוּן הָאבֶּען נִיט דֶערְקֶענְט דִיא טִיפֶענֶעס פָאן דֶעם
שָׂטָן (װִיא זֵיי זָאגֶען): אִיךְ װֶעל אוֹיף אַייךְ קֵיין אַנְדֶער מַשָׂא נִיט
25 אַרוֹיפְלֶעגֶען. נוּר דָאס װָאס אִיהר הָאט, זָאלְט אִיהר הַאלְטֶען,
26 בִּיז אִיךְ װֶעל קוּמֶען. אוּן דֶער װָאס נֶעמְט אַיין, אוּן הִיט אָב מֵיינֶע
װֶערְקֶע בִּיז צוּם סוֹף, װֶעל אִיךְ גֶעבֶּען מַאכְט אִיבֶּער דִיא גוֹיִם.
27 אוּן עֶר װֶעט זֵיי פִּיטֶערְן מִיט אַיין אַייזֶערְנֶעם שְׁטֶעקֶען, אוּן עֶר
װֶעט זֵיי צוּשְׁלָאגֶען װִיא כֵּלִים פָאן אַיין טֶעפֶּער, אַזוֹי װִיא אִיךְ
28 הָאבּ אוֹיךְ מְקַבֵּל גֶעװֶען פָאן מֵיין פָאטֶער. אוּן אִיךְ װֶעל אִיהם
29 גֶעבֶּען דֶעם מָארְגֶענְשְׁטֶערְן. װֶער עֶס הָאט אַיין אוֹיעֶר, זָאל הֶערֶען,
װָאס דֶער גֵייסְט רֶעט צוּ דִיא גֶעמֵיינְדֶען.

ג אוּן צוּם מַלְאָךְ פָאן דֶער גֶעמֵיינְדֶע אִין סַארְדִיס זָאלְסְט דוּא
שְׁרֵייבֶּען: דָאס זָאגְט דֶער, װֶעלְכֶער הָאט דִיא זִיבֶּען גֵייסְטֶער
פָאן גָאטְט אוּן דִיא זִיבֶּען שְׁטֶערְן, אִיךְ קֶען דֵיינֶע מַעֲשִׂים, דָאס
2 דוּא הָאסְט אַיין נָאמֶען, דָאס דוּא לֶעבְּסְט, אוּן בִּיסְט טוֹיט. װַאךְ
אוּן בֶּעפֶעסְטִיג דָאס, װָאס אִיז נָאהֶענְט צוּם שְׁטַארְבֶּען, װֵייל אִיךְ
3 גֶעפִין נִיט דָאס דֵיינֶע מַעֲשִׂים זָאלֶען זֵיין פוּל פַאר גָאטְט. גֶעדֶענְק
װָאס דוּא הָאסְט מְקַבֵּל גֶעװֶען אוּן גֶעהֶערְט, הִיט אָב אוּן טְהוּ
תְּשׁוּבָה. אוּן װֶען דוּא װֶעסְט נִיט װַאכֶען, אַזוֹי װֶעל אִיךְ אִיבֶּער
דִיר קוּמֶען װִיא אַיין גַנָב, אוּן דוּא װֶעסְט נִיט װִיסֶען, אִין װֶעלְכֶער
4 שָׁעָה אִיךְ װֶעל אִיבֶּער דִיר קוּמֶען. דוּא הָאסְט נָאךְ אֵיינִיגֶע נֶעמֶען
אִין סַארְדִיס, װֶעלְכֶע הָאבֶּען נִיט בֶּעפְלֶעקְט זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער, אוּן
זֵיי װֶעלֶען מִיט מִיר אַרוּמְגֶעהֶען אִין װֵייסֶען, װֵייל זֵיי זֶענֶען עֶס
5 װֶערְטְה. װֶער עֶס נֶעמְט אַיין, װֶעט אָנְגֶעטָאן װֶערֶען אִין װֵייסֶע
קְלֵיידֶער, אוּן אִיךְ װֶעל זֵיין נָאמֶען נִיט אוֹיסְמֶעקֶען פָאן דֶעם בּוּךְ
פָאן דֶעם לֶעבֶּען, אוּן װֶעל זֵיין נָאמֶען מוֹדֶה זֵיין פַאר מֵיין פָאטֶער
6 אוּן זֵיינֶע מַלְאָכִים. װֶער עֶס הָאט אַיין אוֹיעֶר, זָאל הֶערֶען, װָאס
7 דֶער גֵייסְט רֶעט צוּ דִיא גֶעמֵיינְדֶען. אוּן צוּם מַלְאָךְ פָאן דֶער
גֶעמֵיינְדֶע אִין פִילַאדֶעלְפִיָא זָאלְסְט דוּא שְׁרֵייבֶּען: דָאס זָאגְט דֶער
הֵיילִיגֶער, דֶער אֱמֶת'ֶער, װֶעלְכֶער הָאט דֶעם שְׁלִיסֶעל פָאן דָוִד'ן,
װָאס עֶפֶענְט אוּן קֵיינֶער פֶערְשְׁלִיסְט נִיט, װָאס פֶערְשְׁלִיסְט אוּן

8 קֵיינֶער עֶפֶּענְט נִיט. אִיךְ קֶען דֵיינֶע מַעֲשִׂים. זֶעה, אִיךְ הָאבּ פַּאר
דִיר גֶעשְׁטֶעלְט אֵיין אָפֶּענֶע טְהִיר, אוּן קֵיינֶער קֶען זִיא נִיט פֶערְ־
שְׁלִיסֶען; דוּא הָאסְט אֵיין קְלֵיינֶע קְרַאפְט, אוּן הָאסְט גֶעהַאלְטֶען
9 מֵיין וָוארְט, אוּן נִיט פַארְלֵייקֶענְט מֵיין נָאמֶען. זֶעה, אִיךְ וִויל
בְּרֶענְגֶען מֶענְשֶׁען פָאן דֶער שׁוּל פָאן דֶעם שָׂטָן, וֶועלְכֶע זָאגֶען,
דָאס זֵיי זֶענֶען אִידֶען, אוּן זֶענֶען עֶס נִיט, נוּר לִיגְנֶער; זֶעה, אִיךְ
וֶועל מַאכֶען, זֵיי זָאלֶען זִיךְ קוּמֶען, אוּן בּוּקֶען פַאר דֵיינֶע פִיס, אוּן
10 זֵיי זָאלֶען דֶערְקֶענֶען, דָאס אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעלִיבְּט. ווייל דוּא
הָאסְט גֶעהִיט דָאס וָוארְט פָאן מֵיין גֶעדוּלְד, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיךְ
אוֹיךְ הִיטֶען פָאן דֶער צייט פָאן נִסָּיוֹן, וָואס וֶועט קוּמֶען אִיבֶּער
דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, צוּ פְּרוּבֶען דִיא וָואס וֵויינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד.
11 זֶעה, אִיךְ קוּם בַּאלְד. הַאלְט וָואס דוּא הָאסְט, כְּדֵי קֵיינֶער זָאל
12 בֵּיי דִיר נִיט צוּנֶעהמֶען דֵיין קְרוֹין. דֶער וָואס נֶעמְט אֵיין, דֶעם
וֶועל אִיךְ מַאכֶען פַאר אֵיין זֵייל אִין דֶעם טֶעמְפֶּעל פָאן מֵיין גָאטְט,
אוּן עֶר וֶועט מֶעהר נִיט אַרוֹיסְגֶעהְן; אוּן אִיךְ וֶועל אוֹיף אִיהם
שְׁרֵייבֶּען דֶעם נָאמֶען פָאן מֵיין גָאטְט אוּן דֶעם נָאמֶען פָאן מֵיין
גָאטְטֶעס שְׁטָאדְט, דֶעם נֵייעֶם יְרוּשָׁלַיִם, וָואס קוּמְט אַרָאבּ פָאן
13 דֶעם הִימֶעל פָאן מֵיין גָאטְט, אוּן מֵיין נֵייעֶן נָאמֶען. ווער עֶס הָאט
אֵיין אוֹיעֶר, זָאל הֶערֶען, וָואס דֶער גֵייסְט רֶעט צוּ דִיא גֶעמֵיינְדֶע.
14 אוּן צוּ דֶעם מַלְאָךְ פָאן דֶער גֶעמֵיינְדֶע אִין לָאאַדָאקִיָא זָאלְסְט
דוּא שְׁרֵייבֶּען: דָאס זָאגְט אָמֵן, דֶער טְרֵייעֶר אוּן אֶמֶת'ער עֵדוּת,
15 דֶער אָנְפַאנְג פָאן גָאטְטֶעס בֶּעשֶׁעפֶּענֶעס: אִיךְ קֶען דֵיינֶע מַעֲשִׂים,
דוּא בִּיסְט נִיט קַאלְט אוּן נִיט וַוארֶעם. אָה, וֶוען דוּא וָואלְסְט
16 קַאלְט אָדֶער וַוארֶעם זֵיין! ווייל דוּא בִּיסְט אָבֶּער נוּר לֶעבְּלַאךְ,
נִיט וַוארֶעם אוּן נִיט קַאלְט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיךְ אוֹיסְשְׁפֵּייעֶן פָאן מֵיין
17 מוֹיל. דֶען דוּא זָאגְסְט: אִיךְ בִּין רֵייךְ, אוּן פַארְמֶעגְפִיל, אוּן בֶּעדַארְף
נִישְׁט, אוּן דוּא ווייסְט נִיט, דָאס דוּא בִּיסְט עֶלֶענְד, אוּנְגְלִיקְלִיךְ,
18 אָרֶעם, בְּלִינְד אוּן נַאקֶעט. אִיךְ רַאטְה דִיר, דוּא זָאלְסְט בֵּיי מִיר
קוֹיפֶען גֶעלֵייטֶערְטֶעס גָאלְד אִין פֵייעֶר, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט רֵייךְ זֵיין;
אוּן ווייסֶע קְלֵיידֶער, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט זִיךְ אָנְטָאן אוּן דֵיין הֵיילֶע
שַׁאנְדֶע זָאל נִיט אַנְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אוּן שְׁמִיר דֵיינֶע אוֹיגֶען מִיט
19 אוֹיגֶען־זַאלְבּ, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט זֶעהֶען. דִיא, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ

לִיבּ, שְׁטְרָאף אִיךְ אוּן שְׁלָאג. דֶערִיבֶּער זֵיי פְלֵייסִיג אוּן טְהוּ
20 תְּשׁוּבָה. זֶעה, אִיךְ שְׁטֶעה בַּיי דֶער טְהִיר אוּן קְלַאפּ אָן. וֶוער
עֶס וֶועט דֶערְהֶערֶען מֵיין קוֹל אוּן עֶפֶענֶען דִיא טְהִיר, צוּ דֶעם
וֶועל אִיךְ אַרֵיינְגֶעהן, אוּן וֶועל מִיט אִיהם עֶסֶען, אוּן עֶר מִיט מִיר.
21 דֶער וָואס נֶעמְט אַיין, דֶעם וֶועל אִיךְ לָאזֶען מִיט מִיר זִיצֶען אוֹיף
מֵיין שְׁטוּל, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ אַיינְגֶענוּמֶען אוּן זִיץ מִיט מֵיין
22 פָאטֶער אוֹיף זַיין שְׁטוּהל. וֶוער עֶס הָאט אַיין אוֹיעֶר, זָאל הֶערֶען,
וָואס דֶער גַייסְט רֶעט צוּ דִיא גֶעמֵיינְדֶען.

ד דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּן זֶעה, עֶס הָאט זִיךְ גֶעעֶפֶענְט
אַיין טְהִיר אִין הִימֶעל; אוּן דִיא פְרִיהֶערְדִיגֶע שְׁטִימֶע, וֶועלְכֶע
אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט וִויא פָאן אַיין שׁוֹפָר רֶעדֶען צוּ מִיר, הָאט
גֶעזָאגְט: קוּם אַרוֹיף אַהֶער אוּן אִיךְ וֶועל דִיר וֵוייזֶען, וָואס עֶס
2 דַארְף נָאךְ דֶעם גֶעשֶׁעהֶען. אוּן בַּאלְד בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען אִין
גֵייסְט. אוּן זֶעה, אַיין שְׁטוּל אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין הִימֶעל, אוּן אַיינֶער
3 אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּל. אוּן דֶער וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען
הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהֶען, גְלֵייךְ וִויא דֶער שְׁטֵיין יַאסְפִּיס אוּן
סַארְדִים; אוּן אַיין רֶעגֶענְבּוֹיגֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אַרוּם דֶעם שְׁטוּל,
4 גְלֵייךְ וִויא דֶער אַנְזֶעהֶען פָאן אַיין סְמַאַרַאגְד. אוּן אַרוּם דֶעם
שְׁטוּל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיר אוּן צְוַואנְצִיג שְׁטוּלֶען, אוּן אוֹיף דִיא
שְׁטוּלֶען הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען זִיצֶען פִיר אוּן צְוַואנְצִיג זְקֵנִים, אָנְ־
גֶעטָאן אִין ווַייסֶע קְלֵיידֶער, אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט אוֹיף זֵייעֶרֶע
5 קֶעפּ גָאלְדֶערְנֶע קְרוֹינֶען. אוּן פָאן דֶעם שְׁטוּל זֶענֶען אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען בְּלִיצֶען אוּן דוּנֶערֶען אוּן קוֹלוֹת; אוּן זִיבֶּען הַבְדָלוֹת
מִיט פֵייעֶר הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְט פַאר דֶעם שְׁטוּל, וֶועלְכֶע זֶענֶען
6 דִיא זִיבֶּען גֵייסְטֶער פָאן גָאטְט. אוּן פַאר דֶעם שְׁטוּל אִיז גֶעוֶועזֶען
אַיין גְלֶעזֶערְנֶער יַם, גְלֵייךְ וִויא קְרִיסְטָאל, אוּן אִין מִיטֶען שְׁטוּל
אוּן אַרוּם דֶעם שְׁטוּל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיר חַיוֹת, פוּל מִיט אוֹיגֶען פָאן
7 פָארֶענְט אוּן פָאן הִינְטֶען. אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע חַיָה אִיז גֶעוֶועזֶען
גְלֵייךְ וִויא אַיין לֵייבּ, אוּן דִיא צְווַייטֶע חַיָה אִיז גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ וִויא
אַיין קַאלְבּ, אוּן דִיא דְרִיטֶע חַיָה הָאט גֶעהַאט אַיין פָּנִים פָאן
אַיין מֶענְשֶׁען, אוּן דִיא פִירְטֶע חַיָה אִיז גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ וִויא אַיין
8 פְלִיהֶענְדִיגֶער אָדְלֶער. אוּן יֶעדֶערֶע פָאן דִיא פִיר חַיוֹת הָאט

גֶעהַאט צוּ זֶעכְּס פְלִיגְלֶען, אַרוּם זִיךְ אוּן אִינֶעוֶועֶנִיג זֶענֶען זֵיי
גֶעוֶועֶן פוּל מִיט אוֹיגֶען, אוּן זֵיי הָאבֶּען טָאג אוּן נַאכְט קֵיין רוּהֶה
נִיט גֶעהַאט, אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: הֵיילִיג, הֵיילִיג, הֵיילִיג אִיז דֶער
הֶערְר גָאטְט, דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער, וֶועלְכֶער אִיז, וֶועלְכֶער אִיז
9 גֶעוֶועֶן, אוּן וָואס קוּמְט. אוּן וֶוען דִיא חַיוֹת הָאבֶּען אָבְּגֶעגֶעבֶּען
כָּבוֹד לוֹיבּ אוּן דַאנְק דֶעם, וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּל,
10 וָואס לֶעבְּט אַלֶע צֵייטֶען. זֶענֶען דִיא פִיר אוּן צְוַואנְצִיג זְקֵנִים
גֶעפַאלֶען פַאר דֶעם, וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּל, אוּן
הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט, צוּ דֶעם וָואס לֶעבְּט אִין אַלֶע עֶווִיגְקֵייט, אוּן
אַנִידֶערְגֶעוָוארְפֶען זֵייעֶרֶע קְרוֹינֶען פַאר דֶעם שְׁטוּל, אוּן גֶעזָאגְט:
11 וֶוערְטְה בִּיסְט דוּא, הֶערְר, צוּ נֶעמֶען כָּבוֹד לוֹיבּ אוּן קְרַאפְט;
וֵוייל דוּא הָאסְט אַלְדִינְג גֶעשַׁאפֶען, אוּן דוּרְךְ דֵיין ווִילֶען זֵיינֶען זֵיי
דָא, אוּן זֶענֶען בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען.

ה אוּן אִין דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פָאן דֶעם, וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען
אוֹיף דֶעם שְׁטוּל, הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, אֵיין בּוּךְ, בֶּעשְׁרִיבֶּען פָאן
אִינֶעוֶועֶנִיג אוּן פָאן אוֹיסְוֶועֶנִיג אוּן פֶערְחַתְמ'עט מִיט זִיבֶּען
2 חֲתִימוֹת. אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין שְׁטַארְקֶען מַלְאָךְ אוֹיסְ־
רוּפֶענְדִיג מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל: וֶוער אִיז וֶוערְטְה, דָאס בּוּךְ צוּ
3 עֶפֶענֶען, אוּן דִיא חֲתִימוֹת צוּבְּרֶעכֶען? אוּן קֵיינֶער, נִיט אִין הִימֶעל
נִיט אוֹיף דֶער עֶרְד, נִיט אוּנְטֶער דֶער עֶרְד, הָאט נִיט גֶעקָאנְט
4 עֶפֶענֶען דָאס בּוּךְ, אוּן דֶערִינֶען צוּ זֶעהֶען. אוּן אִיךְ הָאבּ זֶעהְר
גֶעוֵויינְט, וָואס עֶס הָאט זִיךְ קֵיינֶער נִיט גֶעפוּנֶען עֶר זָאל וֶוערְטְה
5 זֵיין, דָאס בּוּךְ צוּ עֶפֶענֶען, לֵייעֶנֶען, אוּן אֵיינְצוּזֶעהֶען. אוּן אֵיינֶער
פָאן דִיא זְקֵנִים הָאט מִיר גֶעזָאגְט: וֵויין נִיט! זֶעה, דֶער לֵייבּ וָואס
אִיז פָאן שֵׁבֶט יְהוּדָה, דֶער וָוארְצֶעל פָאן דָוִד'ן, הָאט בֵּייגֶעקוּמֶען
צוּ עֶפֶענֶען דָאס בּוּךְ, אוּן צוּבְּרֶעכֶען פָאן אִיהם דִיא זִיבֶּען
6 חֲתִימוֹת. אוּן אִיךְ הָאבּ דֶערְזֶעהֶען, אוּן זֶעה, אִין מִיטֶען שְׁטוּל
אוּן דִיא פִיר חַיוֹת אוּן אִין מִיטֶען דִיא זְקֵנִים אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אֵיין
שֶׁעפְּס, ווִיא גֶעשְׁטָאכֶען, אוּן הָאט גֶעהַאט זִיבֶּען הֶערְנֶער אוּן
זִיבֶּען אוֹיגֶען, וֶועלְכֶע זֶענֶען דִיא זִיבֶּען גֵייסְטֶער פָאן גָאטְט,
7 וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעשִׁיקְט אוֹיף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד. אוּן עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען, אוּן הָאט גֶענוּמֶען דָאס בּוּךְ פָאן דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד

8 פָאן דֶעם, וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּל. אוּן וִויא עֶר הָאט
גֶענוּמֶען דָאס בּוּךְ, אַזוֹי זֶענֶען דִיא פִיר חַיוֹת אוּן דִיא פִיר אוּן
צְוַואנְצִיג זְקֵנִים אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען פַאר דֶעם שֶׁעפְּס, אוּן יֶעדֶערֶער
פָאן זֵייא הָאט גֶעהַאט הַארְפֶּען אוּן גָאלְדֶענֶע שִׁיסְלֶען מִיט קְטֹרֶת,
9 וֶועלְכֶע זֶענֶען דִיא תְּפִלּוֹת פָאן דִיא הֵיילִיגֶע. אוּן זֵייא הָאבֶּען
אֵיין נַייעֶן לִיד גֶעזוּנְגֶען אוּן גֶעזָאגְט: וֶוערְטְה בִּיסְט דוּא, צוּ
נֶעהמֶען דָאס בּוּךְ, אוּן צוּ עֶפֶענֶען זַיינֶע חֲתִימוֹת; וֵוייל דוּא בִּיסְט
גֶעשָׁאכְטֶען גֶעוָוארֶען, אוּן מִיט דֵיין בְּלוּט הָאסְט דוּא אוּנְז אוֹיסְ־
גֶעקוֹיפְט פַאר גָאטְט פָאן אַלֶערְלֵיי שְׁבָטִים אוּן לְשׁוֹנוֹת אוּן
10 פֶעלְקֶער אוּן גוֹיִם. אוּן הָאסְט אוּנְז גֶעמַאכְט פַאר מְלָכִים אוּן
כֹּהֲנִים צוּ אוּנְזֶערֶען גָאטְט, אוּן מִיר וֶועלֶען הֶערְשֶׁען אוֹיף דֶער
11 עֶרְד. אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּן גֶעהֶערְט אֵיין קוֹל פָאן פִיל
מַלְאָכִים אַרוּם דֶעם שְׁטוּל אוּן דִיא חַיוֹת אוּן דִיא זְקֵנִים; אוּן
12 זֵייעֶר צָאהל אִיז גֶעוֶוען פִיל טוֹיזֶענְד מָאל טוֹיזֶענְד; וֶועלְכֶע
הָאבֶּען גֶעזָאגְט מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל: וֶוערְטְה אִיז, דָאס גֶע־
שָׁאכְטֶענֶע שֶׁעפְּס ,צוּ נֶעהמֶען קְרַאפְט אוּן רֵייכְטְהוּם אוּן חָכְמָה
13 אוּן שְׁטַארְקֵייט אוּן כָּבוֹד אוּן לוֹיבּ אוּן בְּרָכָה. אוּן אַלֶע
בֶּעשֶׁעפֶּענֶעס אִין הִימֶעל אוּן אוֹיף דֶער עֶרְד אוּן אוּנְטֶער דֶער
עֶרְד אוּן אִין דֶעם יַם, אוּן וָואס עֶס אִיז דַארִינֶען, הָאבּ אִיךְ
גֶעהֶערְט וִויא עֶס הָאבֶּען גֶעזָאגְט: דֶעם, וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם
שְׁטוּל, אוּן דֶעם שֶׁעפְּס, זָאל זֵיין בְּרָכָה אוּן כָּבוֹד אוּן לוֹיבּ
14 אוּן הֶערְשַׁאפְט אִין אַלֶע עֶווִיגְקֵייט! אוּן דִיא פִיר חַיוֹת הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: אָמֵן. אוּן דִיא פִיר אוּן צְוַואנְצִיג זְקֵנִים זֶענֶען אַנִידֶערְ־
גֶעפַאלֶען, אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ דֶעם, וָואס לֶעבְּט פָאן
עֶווִיגְקֵייט צוּ עֶווִיגְקֵייט.

ו אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, דָאס דֶער שֶׁעפְּס הָאט גֶעעֶפֶענְט אֵיינֶע
פָאן דִיא זִיבֶּען חֲתִימוֹת; אוּן אִיךְ הָאבּ דֶערְהֶערְט וִויא אֵיינֶע פָאן
דִיא פִיר חַיוֹת זָאגְט וִויא מִיט אֵיין דוּנֶערְדִיגֶען קוֹל: קוּם אוּן זֶעה
2 צוּ! אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּן זֶעה, אֵיין וַויסֶען פֶערְד, אוּן דֶער
וָואס אִיז דַארוֹיף גֶעזֶעסֶען הָאט גֶעהַאט אֵיין בּוֹיגֶען; אוּן
עֶס אִיז אִיהם גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אֵיין קְרוֹין, אוּן עֶר אִיז אַרוֹיסְ־
3 גֶעגַאנְגֶען וִויא אֵיין מְנַצֵחַ, אוּן הָאט אֵיינְגֶענוּמֶען. אוּן וִויא עֶר הָאט

גֶעעֶפֶענְט דִיא אַנְדֶערֶע חֲתִימָה, הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט וִויא דִיא צְוֵוייטֶע
4 חַיָה זָאגְט: קוּם אוּן זֶעה צוּ! אוּן עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אֵיין אַנְדֶער
פֶערְד, אֵיין רוֹיטֶער; אוּן דֶעם וָואס אִיז דַארוֹיף גֶעזֶעסֶען, אִיז
גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אַוֶועקְצוּנֶעהמֶען דֶעם שָׁלוֹם פָאן דֶער עֶרְד,
אוּן זֵיי זָאלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אוּמְבְּרֶענְגֶען; אוּן עֶס אִיז אִיהם
5 גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אֵיין גְרוֹיסֶער שְׁוֶוערְד. אוּן וִויא עֶר הָאט
גֶעעֶפֶענְט דִיא דְרִיטֶע חֲתִימָה, הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט, וִויא דִיא דְרִיטֶע
חַיָה זָאגְט: קוּם אוּן זֶעה צוּ! אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּן זֶעה, אֵיין
שְׁוַוארְצֶער פֶערְד; אוּן דֶער וָואס אִיז דַארוֹיף גֶעזֶעסֶען, הָאט גֶע־
6 הַאלְטֶען אֵיין וָואגְשָׁאל אִין זֵיין הַאנְד. אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אֵיין
קוֹל צְווִישֶׁען דִיא פִיר חַיוֹת, וָואס הָאט גֶעזָאגְט: אֵיין מָאס וֵוייץ
פַאר אֵיין דִינָר אוּן דְרֵיי מָאס גֶערְשְׁטֶען פַאר אֵיין דִינָר; אוּן דֶעם
7 אֵייל אוּן דֶעם וֵויין טְהוּ קֵיין שְׁלֶעכְט נִיט. אוּן וִויא עֶר הָאט
גֶעעֶפֶענְט דִיא פִירְטֶע חֲתִימָה, הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט דֶעם קוֹל פָאן
8 דֶער פִירְטֶער חַיָה וָואס הָאט גֶעזָאגְט: קוּם אוּן זֶעה צוּ! אוּן אִיךְ
הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּן זֶעה, אֵיין בְּלֵייכֶער פֶערְד; אוּן דֶער וָואס אִיז
דַארוֹיף גֶעזֶעסֶען, הָאט זֵיין נָאמֶען גֶעהֵייסֶען טוֹיט. אוּן דִיא הֶעל
אִיז אִיהם נָאכְגֶעגַאנְגֶען. אוּן עֶס אִיז אִיהם גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען מַאכְט
אִיבֶּער אֵיין פִירְטֶען טְהֵייל פָאן דֶער עֶרְד צוּ טֵייטֶען מִיט דֶעם
שְׁוֶוערְד מִיט הוּנְגֶער אוּן מִיט דֶעם טוֹיט אוּן דוּרְךְ דִיא חַיוֹת
9 פָאן דֶער עֶרְד. אוּן וִויא עֶר הָאט גֶעעֶפֶענְט דִיא פִינְפְטֶע חֲתִימָה,
הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער דֶעם מִזְבֵּחַ דִיא נְשָׁמוֹת פָאן דִיא,
וֶועלְכֶע זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען פַאר דֶעם וָוארְט פָאן גָאטְט אוּן פַאר
10 דִיא בְּעוֵוייז, וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט. אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן מִיט
אֵיין הוֹיכֶען קוֹל אוּן גֶעזָאגְט: בִּיז וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא הֵיילִיגֶער,
אֶעמֶת'עֶר, הֶערְר, נִיט מִשְׁפָּט'ן אוּן זִיךְ נִיט נוֹקֵם זֵיין פַאר אוּנְזֶער
11 בְּלוּט אָן דִיא, וֶועלְכֶע וֵוינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד? אוּן יֶעדֶען פָאן
זֵיי אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אֵיין וַוייסֶע קְלֵייד, אוּן עֶס אִיז גֶעזָאגְט
גֶעוָוארֶען, זֵיי זָאלֶען רוּהֶען נָאךְ אֵיין קְלֵיינֶע צֵייט, בִּיז עֶס וֶועט
פָאלְלֶענְדֶעט וֶוערֶען אוֹיךְ זֵייעֶרֶע מִיט־קְנֶעכְט אוּן בְּרִידֶער וֶועלֶען
12 אוּמְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען, גְלֵייךְ וִויא זֵיי. אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען וִויא
עֶר הָאט גֶעעֶפֶענְט דִיא זֶעקְסְטֶע חֲתִימָה, אוּן זֶעה, עֶס אִיז גֶעוָוארֶען

אֵיין גְרוֹיסֶע עֶרְדצִיטֶערְנִעס, אוּן דִיא זָאנֶע אִיז שְׁוַוארְץ גְעוָוארֶען
וִויא אֵיין הָארִיגֶער זַאק, אוּן דִיא לְבָנָה אִיז גְעוָוארֶען וִויא בְּלוּט;
13 אוּן דִיא שְׁטֶערֶען פָאן דֶעם הִימֶעל זֶענֶען אַרָאבְּגֶעפַאלֶען אוֹיף
דֶער עֶרְד, אַזוֹי וִויא אֵיין פֵייגֶענְבּוֹים וַוארְפְט פָאן זִיךְ אַרָאבּ דִיא
14 פֵייגֶען, וֶוען אֵיין שְׁטַארְקֶער וִוינְד שָׁאקֶעלְט אִיהם; אוּן דֶער הִימֶעל
אִיז פַאנַאנְדֶער גֶעגַאנְגֶען וִויא אֵיין מְגִילָה; אוּן אַלֶע בֶּערְג אוּן
15 אִינְזֶעלְן הָאבֶּען זִיךְ אַוֶועקְגֶערוּקְט פָאן זֵייעֶרֶע עָרְטֶער; אוּן דִיא
מְלָכִים פָאן דֶער עֶרְד אוּן דִיא שָׂרִים אוּן דִיא רֵייכֶע אוּן דִיא
הוֹיפְּטְלֵייט אוּן דִיא גֶעוֶועלְטִיגֶע אוּן אַלֶע קְנֶעכְט אוּן אַלֶע
פְרֵייעֶ הָאבֶּען זִיךְ פֶערְבָּארְגֶען אִין דִיא הֵיילֶען אוּן אִין דִיא פֶעלְזֶען
16 פָאן דִיא בֶּערְג. אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דִיא בֶּערְג אוּן צוּ דִיא
פֶעלְזֶען: פַאלְט אוֹיף אוּנְז אוּן פַארְדֶעקְט אוּנְז פַאר דֶעם פָּנִים פָאן
דֶעם וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם טְהָראן, אוּן פָאן דֶעם צָארֶען פָאן דֶעם
17 שֶׂעפְּס. ווייל עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶער גְרוֹיסֶער טָאג פָאן זֵיין צָארֶען,
אוּן וֶוער קֶען בֶּעשְׁטֶעהֶען?

7 אוּן דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען פִיר מַלְאָכִים, וָועלְכֶע זֶענֶען
גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דִיא פִיר עֶקֶען פָאן דֶער עֶרְד, אוּן הָאבֶּען
גֶעהַאלְטֶען דִיא פִיר וִוינְטֶען פָאן דֶער עֶרְד, כְּדֵי דֶער וִוינְד זָאל
נִיט בְּלָאזֶען אִיבֶּער דֶער עֶרְד, נִיט אִיבֶּער דֶעם יַם, נִיט אִיבֶּער
2 דִיא בֵּיימֶער. אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערֶען מַלְאָךְ, וָואס
אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פָאן מִזְרָח זֵייט, אוּן הָאט גֶעהַאט דִיא חֲתִימָה
פָאן לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט, אוּן עֶר הָאט מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל
גֶעשְׁרִיגֶען צוּ דִיא מַלְאָכִים, וָואס זֵיי אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ
3 בֶּעשֶׁעדִיגֶען דִיא עֶרְד אוּן דֶעם יַם; אוּן גֶעזָאגְט: בֶּעשֶׁעדִיגְט נִיט
דִיא עֶרְד, נִיט דֶעם יַם, אוּן נִיט דִיא בֵּיימֶער, בִּיז מִיר וֶועלֶען לֶעגֶען,
4 חֲתִימוֹת אוֹיף דִיא שְׁטֶערֶען פָאן אוּנְזֶער גָאטְטֶעס קְנֶעכְט. אוּן אִיךְ הָאבּ
גֶעהֶערְט דִיא צָאל פָאן דִיא פֶער'חַתְם'עֶטֶע זֶענֶען גֶעוָוארֶען, הוּנְדֶערְט
אוּן פִיר אוּן פֶערְצִיג טוֹיזֶענְד. דִיא פֶער'חַתְם'עֶטֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פָאן
5 אַלֶע שְׁבָטִים פָאן דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל. פָאן שֵׁבֶט יְהוּדָה זֶענֶען פֶער'חַתְם'עֶט
גֶעוָוארֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד; פָאן שֵׁבֶט רְאוּבֵן זֶענֶען פֶער'חַתְם'עֶט
גֶעוָוארֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד; פָאן שֵׁבֶט גָד זֶענֶען פֶער'חַתְם'עֶט
6 גֶעוָוארֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד; פָאן שֵׁבֶט אָשֵׁר זֶענֶען פֶער'חַתְם'עֶט

גֶעוָואֹרֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד; פָאן שֵׁבֶט נַפְתָּלִי זֶענֶען פֶער׳חַתְם׳עֶט
גֶעוָואֹרֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד; פָאן שֵׁבֶט מְנַשֶׁה זֶענֶען פֶער׳חַתְם׳עֶט
7 גֶעוָואֹרֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד; פָאן שֵׁבֶט שִׁמְעוֹן זֶענֶען פֶער׳חַתְם׳עֶט
גֶעוָואֹרֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד; פָאן שֵׁבֶט לֵוִי זֶענֶען פֶער׳חַתְם׳עֶט
גֶעוָואֹרֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד; פָאן שֵׁבֶט יִשָּׂשכָר זֶענֶען פֶער׳חַתְם׳עֶט
8 גֶעוָואֹרֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד; פָאן שֵׁבֶט זְבֻלוּן זֶענֶען פֶער׳חַתְם׳עֶט
גֶעוָואֹרֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד; פָאן שֵׁבֶט יוֹסֵף זֶענֶען פֶער׳חַתְם׳עֶט
גֶעוָואֹרֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד; פָאן שֵׁבֶט בִּנְיָמִין זֶענֶען פֶער׳חַתְם׳עֶט
9 גֶעוָואֹרֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד. דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּן זֶעה, עֶס
אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, וָואס קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעקֶענְט
אִיבֶּערְצֶעהלֶען, פָאן אַלֶע גוֹיִם אוּן שְׁבָטִים אוּן פֶעלְקֶער אוּן
לְשׁוֹנוֹת, אוּן זֵיי זָענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דֶעם שְׁטוּל אוּן פַאר דֶעם שֶׁעפְּס
אָנְגֶעטָאן אִין וַוייסֶע קְלֵיידֶער, אוּן מִיט פַּאלְמֶענְצְוַויינֶען אִין זֵייעֶרֶע
10 הֶענְד. אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל, אוּן הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: הֵייל צוּ אוּנְזֶער גָאטְט, וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּל, אוּן
11 צוּ דֶעם שֶׁעפְּס. אוּן אַלֶע מַלְאָכִים זָענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אַרוּם דֶעם
שְׁטוּל אוּן דִיא זְקֵנִים אוּן דִיא פִיר חַיּוֹת, אוּן זֵיי זָענֶען גֶעפַאלֶען
אוֹיף זֵייעֶרֶע פָּנִים׳עֶר פַאר דֶעם שְׁטוּל, אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ
12 גָאטְט. אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: אָמֵן, לוֹיבּ אוּן פְּרֵייז אוּן חָכְמָה אוּן
דַאנְק אוּן כָּבוֹד אוּן קְרַאפְט אוּן שְׁטַארְקֵייט זָאל זֵיין אוּנְזֶער
13 גָאטְט אִין אַלֶע עֶוִוינְקֵייט! אָמֵן. אוּן אֵיינֶער פָאן דִיא זְקֵנִים הָאט
מִיךְ גֶעפְרֶעגְט, אוּן גֶעזָאגְט: וֶוער זֶענֶען דִיא, וֶועלְכֶע זֶענֶען אָנְגֶעטָאן
14 אִין וַוייסֶע קְלֵיידֶער? אוּן פָאן וַואנֶען זֶענֶען זֵיי גֶעקוּמֶען? אִיךְ הָאבּ
אִיהם גֶעזָאגְט: דוּא ווֵייסְט עֶס הֶערְר. אוּן עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט:
דָאס זֶענֶען דִיא, וֶועלְכֶע קוּמֶען פָאן אֵיין גְרוֹיסֶע צָרָה, זֵיי הָאבֶּען
זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער גֶעוַואשֶׁען, אוּן וַוייס גֶעמַאכְט אִין דֶעם בְּלוּט פָאן
15 דֶעם שֶׁעפְּס. דֶערִיבֶּער זֶענֶען זֵיי פַאר דֶעם שְׁטוּל פָאן גָאטְט,
אוּן דִינֶען אִיהם טָאג אוּן נַאכְט אִין זֵיין טֶעמְפֶּעל; אוּן דֶער וָואס
16 זִיצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּל, וָועט וַוינֶען אִיבֶּער זֵיי. זֵיי וֶועלֶען נִיט
זֵיין מֶעהר הוּנְגֶערִיג, נִיט דָארְשְׁטִיג; אוּן עֶס וֶועט אוֹיף זֵיי נִיט
17 פַאלֶען נִיט דִיא זָאנֶע, נִיט קֵיין הִיץ. וַוייל דֶער שֶׁעפְּס, וֶועלְכֶער
אִין מִיטֶען שְׁטוּל וֶועט זֵיי פִּיטֶערְן, אוּן פִיהרֶען צוּ לֶעבֶּעדִיגֶע

וַואסֶער קְוַואלֶען, און גָאטְט וֶועט אַלֶע טְרֶערֶען אָבְּווִישֶׁען פָאן
זֵייעֶרֶע אויגֶען.

און ווִיא עֶר הָאט גֶעעֶפֶענְט דִיא זִיבֶּעטֶע חֲתִימָה, אַזוֹי אִיז ח
גֶעוָוארֶען אַיין שְׁטִילְקַייט אִין הִימֶעל בֵּיי אֵיין הַאלְבֶּע שָׁעָה. און 2
אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען זִיבֶּען מַלְאָכִים, וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פַאר
גָאטְט, און עֶס אִיז זֵיי גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען זִיבֶּען שוֹפְרוֹת. און עֶס 3
אִיז גֶעקוּמֶען אֵיין אַנְדֶער מַלְאָךְ און הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט בֵּיי
דֶעם מִזְבֵּחַ, און עֶר הָאט גֶעהַאט אֵיין גָאלְדֶערְנֶע פֵייעֶרְפַאן; און
עֶס אִיז אִיהם גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען פִיל קְטֹרֶת, עֶר זָאל עֶס גֶעבֶּען
צוּ דִיא תְּפִלּוֹת פָאן אַלֶע הֵיילִיגֶע אוֹיף דֶעם גָאלְדֶערְנֶעם מִזְבֵּחַ,
וָואס אִיז פַאר דֶעם שְׁטוּל. און דֶער רוֹיךְ פָאן דִיא קְטֹרֶת און 4
דִיא תְּפִלּוֹת פָאן דִיא הֵיילִיגֶע אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם
מַלְאָךְ'ס הַאנְד צוּ גָאטְט. און דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶענוּמֶען דִיא 5
פֵייעֶרְפַאן און הָאט זִיא אָנְגֶעפִילְט מִיט פֵייעֶר פָאן דֶעם מִזְבֵּחַ און
הָאט עֶס גֶעוָוארְפֶען אוֹיף דֶער עֶרְד. און עֶס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקָאמֶען
קוֹלוֹת און דוּנֶערְן און בְּלִיצֶען און עֶרְדְצִיטֶערְנֶעס. און דִיא 6
זִיבֶּען מַלְאָכִים, וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעהַאט זִיבֶּען שוֹפְרוֹת, הָאבֶּען זִיךְ
אָנְגֶעגְרֵייט, צוּ בְּלָאזֶען. דֶער עֶרְשְׁטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען. 7
און עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין הָאגֶעל און פֵייעֶר, גֶעמִישְׁט מִיט בְּלוּט,
און עֶס אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶער עֶרְד. און דֶער דְרִיטֶע טְהֵייל
בֵּיימֶער אִיז פַארְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען, און דָאס גַאנְצֶע גְרִינֶע גְרָאז
אִיז פַארְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען. דֶער צְווֵייטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען, 8
און ווִיא אֵיין גְרוֹיסֶער בַּארְג, וֶועלְכֶער בְּרֶענְט אִין פֵייעֶר,
הָאט זִיךְ אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין יַם. און דֶער דְרִיטֶער טְהֵייל
פָאן דֶעם יַם אִיז גֶעוָוארֶען בְּלוּט. און דֶער דְרִיטֶער 9
טְהֵייל פָאן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעשֶׁעפֶענִעס אִין יַם זֵיינֶען
גֶעשְׁטָארְבֶּען, און עֶס אִיז צוּשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען דֶער דְרִיטֶער
טְהֵייל שִׁיפֶען. דֶער דְרִיטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען. און עֶס 10
אִיז אַרָאבְּגֶעפַאלֶען פָאן דֶעם הִימֶעל אֵיין גְרוֹיסֶער שְׁטֶערְן;
וֶועלְכֶער הָאט גֶעבְּרֶענְט ווִיא אֵיין הַבְדָּלָה, און אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף
אֵיין דְרִיטֶען טְהֵייל פָאן דִיא טֵייכֶען און וַואסֶערְקְוַואלֶען. און 11
דֶער נָאמֶען פָאן דֶעם שְׁטֶערְן אִיז גֶעוֶוען וֶוערְמוּט; און אֵיין

דְרִיטֶער טְהֵייל וַואסֶער אִיז גֶעוָוארֶען וֶוערְמוּט. אוּן פִילֶע לֵייט
זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען פָאן דֶעם וַואסֶער, וֵוייל עֶס אִיז בִּיטֶער
12 גֶעוָוארֶען. דֶער פִירְטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען. אוּן עֶס זֶענֶען
גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען דֶער דְרִיטֶער טְהֵייל פָאן דֶער זָאנֶע דֶער
דְרִיטֶער טְהֵייל פָאן דֶער לְבָנָה אוּן דֶער דְרִיטֶער טְהֵייל פָאן
דִיא שְׁטֶערְן, אַזוֹי דָאס עֶס אִיז פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען זֵייעֶר דְרִיטֶער
טְהֵייל, אוּן אֵיין דְרִיטֶעל טָאג הָאט נִיט גֶעשֵׁיינְט. אוּן אַזוֹי אוֹיךְ
13 דִיא נַאכְט. אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּן גֶעהֶערְט אֵיין מַלְאָךְ
פְלִיהֶען אִין מִיטֶען הִימֶעל אוּן מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל זָאגֶען: וֶועה,
וֶועה, וֶועה צוּ דִיא וָואס וֵויינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד פָאן דִיא אִיבֶּערִיגֶע
קוֹלוֹת פָאן שׁוֹפָר פָאן דִיא דְרֵיי מַלְאָכִים, וֶועלְכֶע וֶועלֶען נָאךְ
בְּלָאזֶען.

ט אוּן דֶער פִינְפְטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען. אוּן אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען אֵיין שְׁטֶערְן, וָואס אִיז אַרָאבְּגֶעפַאלֶען פָאן דֶעם הִימֶעל
אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּן אִיהם אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען דֶער שְׁלִיסֶעל
2 פָאן דֶעם בְּרוּנֶען פָאן דֶעם אָבְּגְרוּנְד. אוּן עֶר הָאט גֶעעֶפֶענְט
דֶעם בְּרוּנֶען פָאן דֶעם אָבְּגְרוּנְד. אוּן עֶס אִיז אַרוֹיס אֵיין רוֹיךְ
פָאן דֶעם בְּרוּנֶען, וִויא אֵיין רוֹיךְ פָאן אֵיין גְרוֹיסֶען אוֹיוֶוען; אוּן
דִיא זָאנֶע אוּן דִיא לוּפְט זֶענֶען פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען פָאן דֶעם
3 רוֹיךְ פָאן דֶעם בְּרוּנֶען. אוּן פָאן דֶעם רוֹיךְ זֶענֶען אַרוֹיסְ־
גֶעקוּמֶען הֵיישֶׁערִיקֶען אוֹיף דֶער עֶרְד; אוּן זֵיי אִיז גֶעגֶעבֶּען
גֶעוָוארֶען דִיא מַאכְט, וֶועלְכֶע עֶגְדֶעשֶׁען הָאבֶּען אוֹיף דֶער עֶרְד.
4 אוּן עֶס אִיז זֵיי גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, זֵיי זָאלֶען נִיט בֶּעשֶׁעדִיגֶען דָאס
גְרָאז פָאן דֶער עֶרְד, נִיט קֵיין גְרִינְס אוּן נִיט קֵיין בּוֹים, נוּר דִיא
מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט דִיא חֲתִימָה פָאן גָאטְט אוֹיף זֵייעֶרֶע
5 שְׁטֶערְן. אוּן עֶס אִיז זֵיי גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען נִיט צוּ טֵייטֶען זֵיי,
נוּר צוּ פֵּייניגֶען פִינְף חֳדָשִׁים לַאנְג; אוּן זֵייעֶר פֵּיין אִיז גֶעוֶוען וִויא
6 דֶער פֵּיין פָאן אֵיין עֶגְדֶעשׁ, וֶוען עֶר שְׁלָאגְט אֵיין מֶענְשֶׁען. אִין
דִיא טֶעג וֶועלֶען מֶענְשֶׁען זוּכֶען דֶעם טוֹיט, נוּר זֵיי וֶועלֶען אִיהם
נִיט גֶעפִינֶען; זֵיי וֶועלֶען בֶּעגֶעהְרֶען שְׁטַארְבֶּען, נוּר דֶער טוֹיט
7 וֶועט אַנְטְלוֹיפֶען פָאן זֵיי. מִיט זֵייעֶר גֶעשְׁטַאלְט זֶענֶען דִיא
הֵיישֶׁערִיקֶען גֶעוֶוען גְלֵייךְ צוּ פֶערְד, וֶועלְכֶע זֶענֶען אָנְגֶעגְרֵייט צוּ

אֵיין מִלְחָמָה; אוּן אוֹיף זֵייעֶרֶע קֶעפּ זֶענֶען גֶעוֶוען וְוִיא קְרוֹינֶען
גְלֵייךְ וְוִיא פָאן גָאלְד, אוּן זֵייעֶר פָּנִים אִיז גֶעוֶוען גְלֵייךְ וְוִיא דֶער
8 פָּנִים פָאן מֶענְשֶׁען; אוּן זֵייעֶרֶע הָאר זֶענֶען גֶעוֶוען וְוִיא הָאר פָאן
9 פְרוֹיעֶן, אוּן זֵייעֶרֶע צֵיינֶער וְוִיא צֵיינֶער פָאן לֵייבֶען. אוּן זֵיי
הָאבֶּען גֶעהַאט פַּאנְצֶערְס וְוִיא פַּאנְצֶערְס פָאן אֵייזֶען, אוּן דָאס
רוֹישֶׁען פָאן זֵייעֶרֶע פְלִיגְלֶען אִיז גֶעוֶוען וְוִיא דָאס רוֹישֶׁען פָאן
רֵייטְוֶועגֶען אוּן פִיל פֶערְד, וֶועלְכֶע לוֹיפֶען אִין אֵיין מִלְחָמָה;
10 אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט עֶקֶען אַזוֹי וְוִיא בֵּיי דִיא עֶנְדֶעשֶׁען, אוּן אִין
דִיא עֶקֶען זֶענֶען גֶעוֶוען שְׁטֶעכֶעדִיגֶע שְׁפִּיצֶען; אוּן זֵייעֶר מַאכְט
11 אִיז גֶעוֶוען, צוּ בֶּעשֶׁעדִיגֶען דִיא מֶענְשֶׁען פִינְף חֳדָשִׁים לַאנְג. אוּן
פַאר אֵיין קֶענִיג אִיבֶּער זִיךְ הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאט דֶעם מַלְאָךְ פָאן
דֶעם אָבְּגְרוּנְד; זֵיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען אוֹיף לָשׁוֹן קֹדֶשׁ אֲבַדּוֹן, אוּן
12 אוֹיף גְרִיכֶעשׁ אַפָּאלְלִיאָן. אֵיין צָרָה אִיז פַארְבֵּייגֶעגַאנְגֶען; נוּן,
13 קוּמֶען נָאךְ אִיהר נָאךְ צְוֵויי צָרוֹת. דֶער זֶעכְסְטֶער מַלְאָךְ הָאט
גֶעבְּלָאזֶען. אוּן אִיךְ הָאבּ דֶערְהֶערְט אֵיין קוֹל פָאן דִיא פִיר עֶקֶען
14 פָאן דֶעם גָאלְדֶערְנֶעם מִזְבֵּחַ, וֶועלְכֶער אִיז פַאר גָאטְט. וֶועלְכֶער
הָאט גֶעזָאגְט דֶעם זֶעכְסְטֶען מַלְאָךְ, וָואס הָאט גֶעהַאט דֶעם
שׁוֹפָר: בִּינְד לוֹיז דִיא פִיר מַלְאָכִים, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעבּוּנְדֶען בֵּיי
15 דֶעם גְרוֹיסֶען טֵייךְ פְּרָת. אוּן עֶס זֶענֶען לוֹיז גֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען
דִיא פִיר מַלְאָכִים, וֶועלְכֶע זֶענֶען אָנְגֶעגְרֵייט צוּ דֶער שָׁעָה צוּם
טָאג צוּם חֹדֶשׁ אוּן צוּם יָאהר, צוּ טֵייטֶען דֶעם דְרִיטֶען טְהֵייל
16 מֶענְשֶׁען. אוּן דֶער צָאל פָאן דִיא רֵייטֶער אִיז גֶעוֶוען צְוֵויי
הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד מָאל טוֹיזֶענְד; אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט זֵייעֶר
17 צָאל. אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אִין אֵיין דֶערְשֵׁיינוּנְג פֶערְד, אוּן
רֵייטֶער וֶועלְכֶע זֶענֶען אוֹיף זֵיי גֶעזֶעסֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען אוֹיף זִיךְ
גֶעהַאט פַּאנְצֶערְס פָאן פֵייעֶר, פִינְקֶעלְשְׁטֵיין אוּן שְׁוֶועבֶעל; אוּן
דִיא קֶעפּ פָאן דִיא פֶערְד זֶענֶען גֶעוֶוען, וְוִיא דִיא קֶעפּ פָאן דִיא
לֵייבֶען; אוּן פָאן זֵייעֶרֶע מֵיילֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פֵייעֶר, רוֹיךְ
18 אוּן שְׁוֶועבֶעל. פָאן דִיזֶע דְרֵיי אִיז גֶעטֵייטֶעט גֶעוָוארֶען אֵיין
דְרִיטֶער טְהֵייל מֶענְשֶׁען, פָאן דֶעם פֵייעֶר, רוֹיךְ אוּן שְׁוֶועבֶעל,
19 וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פָאן זֵייעֶר מוֹיל. ווייל זֵייעֶר מַאכְט אִיז
גֶעוֶוען אִין זֵייעֶרֶע מֵיילֶער אוּן אִין זֵייעֶרֶע עֶקֶען; אוּן זֵייעֶרֶע

עֶקֶען וֶענֶען גְלֵייךְ גֶעוֶועֶן צוּ שְׁלַאנְגֶען אוּן הָאבֶּען גֶעהַאט קֶעפּ,
20 אוּן מִיט זֵיי הָאבֶען זֵיי בֶּעשֶׁעדִיגְט. אוּן דִיא אִיבֶּערִיגֶע מֶענְשֶׁען,
וֶועלְכֶע זֶענֶען נִיט גֶעטֵייטֶעט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דִיזֶע פְּלָאגֶען,
הָאבֶּען קֵיין תְּשׁוּבָה נִיט גֶעטָאן אוֹיף דִיא מַעֲשִׂים פָּאן זֵייעֶרֶע
הֶענְד, דָאס זֵיי זָאלֶען זִיךְ נִיט בּוּקֶען צוּ שֵׁדִים אוּן צוּ אָבְּ־
גֶעטְטֶער פָּאן גָאלְד, זִילְבֶּער, קוּפֶּער, שְׁטֵיין אוּן הָאלְץ, וָואס
21 קֶענֶען נִיט זֶעהֶען, נִיט הֶערֶען אוּן נִיט גֶעהֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען
קֵיין תְּשׁוּבָה נִיט גֶעטָאן אוֹיף זֵייעֶרֶע רְצִיחוֹת, כִּשּׁוּף, זְנוּת
אוּן גְנֵבָה.

י אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערֶען שְׁטַארְקֶען מַלְאָךְ אַרָאבְּ־
קוּמֶען פָּאן דֶעם הִימֶעל; אָנְגֶעטָאן אִין אֵיין וָואלְקֶען, אִיבֶּער זֵיין
קָאפּ אִיז גֶעוֶועֶן אֵיין רֶעגֶענְבּוֹיגֶען, זֵיין פָּנִים אִיז גֶעוֶועֶן וִויא דִיא
2 זָאנְנֶע אוּן זֵיינֶע פִּיס וִויא פֵייעֶרְדִיגֶע זֵיילֶען. אִין דֶער הַאנְד אִיז
בֵּיי אִיהם גֶעוֶועֶן אֵיין אָפֶּענֶער בִּיכֶעל; אוּן עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט
זֵיין רֶעכְטֶען פוּס אוֹיף דֶעם יַם אוּן דֶעם לִינְקֶען אוֹיף דֶער עֶרְד;
3 אוּן עֶר הָאט גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל, אַזוֹי וִויא אֵיין לֵייבּ
בְּרוּמְט; אוּן וִויא עֶר הָאט גֶעשְׁרִיעֶן, אַזוֹי הָאבֶּען זִיבֶּען דוּנֶערְן
4 אַרוֹיסְגֶעלָאזֶען זֵייעֶרֶע קוֹלוֹת. אוּן וֶוען דִיא זִיבֶּען דוּנֶערְן הָאבֶּען
אַרוֹיסְגֶעלָאזֶען זֵייעֶרֶע קוֹלוֹת, הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט שְׁרֵייבֶּען. נוּר
אִיךְ הָאבּ דֶערְהֶערְט אֵיין קוֹל פָּאן דֶעם הִימֶעל, וֶועלְכֶער הָאט
מִיר גֶעזָאגְט: פֶּערְחַתְמ'עֶ דָאס, וָואס דִיא זִיבֶּען דוּנֶערְן הָאבֶּען
5 גֶערֶעט; אוּן שְׁרֵייבּ עֶס נִיט. אוּן דֶער מַלְאָךְ, וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען שְׁטֶעהְן אוֹיף דֶעם יַם אוּן אוֹיף דֶער עֶרְד, הָאט אוֹיפְּ־
6 גֶעהוֹיבֶּען זֵיין הַאנְד צוּם הִימֶעל. אוּן הָאט גֶעשְׁוָוארֶען בֵּיי דֶעם,
וֶועלְכֶער לֶעבְּט אִין אַלֶע עֶוִויגְקֵייט, וָואס הָאט בֶּעשַׁאפֶען דֶעם
הִימֶעל, אוּן דָאס וָואס אִין אִיהם אִיז דָא, אוּן דִיא עֶרְד, אוּן דָאס
וָואס אִיז אִין אִיהר, אוּן דֶעם יַם, אוּן דָאס וָואס אִיז אִין אִיהם, דָאס
7 קֵיין צֵייט וֶועט מֶעהר נִיט זֵיין; נוּר אִין דִיא טֶעג פָּאן דֶעם קוֹל
פָּאן דֶעם זִיבֶּענְטֶען מַלְאָךְ, וֶוען עֶר וֶועט בְּלָאזֶען, וֶועט פַאלְעֶנְדֶעט
וֶוערֶען דֶער סוֹד פָּאן גָאטְט, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט אָנְגֶעזָאגְט זֵיינֶע
8 קְנֶעכְט אוּן נְבִיאִים. אוּן דֶער קוֹל, וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט
פָּאן דֶעם הִימֶעל, הָאט וִוידֶער צוּ מִיר גֶערֶעט, אוּן גֶעזָאגְט: גֶעה,

נֶעם דֶעם אָפֶענֶעם בִּיכֶעל פָאן דֶער הַאנְד פָאן דֶעם מַלְאָךְ,
9 וָועלְכֶער שְׁטֶעהט אוֹיף דֶעם יַם אוּן אוֹיף דֶער עֶרְד. אוּן אִיךְ
בִּין גֶעגַאנְגֶען צוּם מַלְאָךְ אוּן הָאבּ אִיהם גֶעזָאגְט: גִיבּ מִיר דֶעם
בִּיכֶעל. אוּן עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט: נֶעם אוּן עֶס אִיהם אוֹיף; עֶס
וָועט זַיין בִּיטֶער אִין דַיין בּוֹיךְ; נוּר אִין דַיין מוֹיל וָועט עֶס זִיס
10 זַיין וִויא הָאנִיג. אוּן אִיךְ הָאבּ דֶעם בִּיכֶעל גֶענוּמֶען פָאן דֶער
הַאנְד פָאן דֶעם מַלְאָךְ אוּן הָאבּ אִיהם גֶעגֶעסֶען, אוּן עֶס אִיז אִין
מַיין מוֹיל זִיס גֶעוֶוען וִויא הָאנִיג; אוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ עֶס אוֹיפְ־
11 גֶעגֶעסֶען, אִיז גֶעוָוארֶען בִּיטֶער אִין מַיין בּוֹיךְ. אוּן עֶר הָאט מִיר
גֶעזָאגְט: דוּא מוּסְט וִוידֶער נְבִיאוֹת זָאגֶען פַאר פֶעלְקֶער אוּן גוֹיִם
אוּן לְשׁוֹנוֹת אוּן פִילֶע מְלָכִים.

יא אוּן עֶס אִיז מִיר אַיין רָאהר גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, גְלַייךְ וִויא אַיין
שְׁטֶעקֶען, אוּן גֶעזָאגְט: שְׁטֶעה אוֹיף, אוּן מֶעסְט אוֹיס דֶעם טֶעמְפֶּעל
פָאן גָאטְט אוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּן דִיא וָואס בּוּקֶען זִיךְ אִין אִיהם.
2 אוּן דֶעם הוֹיף פָאן דֶעם טֶעמְפֶּעל אִין דְרוֹיסֶען זָאלְסְט דוּא
אִיבֶּערְלָאזֶען, אוּן מֶעסְט אִיהם נִיט, וַוייל עֶר אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען
דִיא גוֹיִם; זֵיי וֶועלֶען צוּטְרֶעטֶען דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאט צְוֵויי אוּן
3 פֶערְצִיג חֳדָשִׁים. אוּן אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען מֵיינֶע צְוֵויי עֵדוּת, זֵיי זָאלֶען
נְבִיאוֹת זָאגֶען טוֹיזֶענְד צְוֵויי הוּנְדֶערְט אוּן זֶעכְצִיג טֶעג, אָנְגֶעטָאן
4 אִין זֶעק. דָאס זֶענֶען דִיא צְוֵויי אֵיילְבֵּיימֶער אוּן דִיא צְוֵויי הַבְדָלוֹת,
5 וָואס שְׁטֶעהֶען פַאר דֶעם גָאטְט פָאן דֶער עֶרְד. אוּן וֶוען אֵיינֶער
וִויל זֵיי בֶּעשֶׁעדִיגֶען, אַזוֹי גֶעהט אַרוֹיס אֵיין פֵייעֶר פָאן זֵייעֶר מוֹיל,
אוּן פַארְבְּרֶענְט זֵייעֶרֶע פֵיינְד; וֶוער עֶס וֶועט זֵיי וֶועלֶען בֶּעשֶׁעדִיגֶען,
6 זָאל גֶעטֵייטֶעט וֶוערֶען. זֵיי הָאבֶּען דִיא מַאכְט, צוּ פֶערְשְׁלִיסֶען
דֶעם הִימֶעל, עֶס זָאל קֵיין רֶעגֶען נִיט גֶעהֶען אִין דִיא טֶעג פָאן
זֵייעֶרֶע נְבִיאוֹת זָאגֶען; אוּן זֵיי הָאבֶּען דִיא מַאכְט אִיבֶּער דֶעם
וַואסֶער, עֶס צוּ פַארְבֵּייטֶען אוֹיף בְּלוּט, אוּן שְׁלָאגֶען דִיא עֶרְד
7 מִיט אַלֶערְלֵיי פְּלָאגֶען וֶוען זֵיי וִוילֶען. אוּן וֶוען זֵיי וֶועלֶען זֵייעֶרֶע
עֵדוּת עֶנְדֶען, אַזוֹי וֶועט דִיא חַיָה, וָואס קוּמְט אַרוֹיס פָאן אָבְּגְרוּנְד,
מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט זֵיי, זִיא וֶועט זֵיי בֵּייקוּמֶען אוּן וֶועט זֵיי
8 טֵייטֶען. אוּן זֵייעֶרֶע טוֹיטֶע קֶערְפֶּער וֶועלֶען לִיגֶען אוֹיף דֶער גַאס
פָאן דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט, וָואס וֶוערְט גֵייסְטְלִיךְ גֶערוּפֶען סְדוֹם

9 און מִצְרַיִם, וואו אוּנזֶער הֶערְר אִיז גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען. און
מֶענְשֶׁען פָאן דִיא פֶעלְקֶער, שְׁבָטִים, לְשׁוֹנוֹת און גוֹיִם וֶועלֶען
זֶעהֶען זֵייעֶרֶע טֵייטֶע קֶערְפֶּער דְרַייא און אֵיין הַאלְבֶּען טָאג און
וֶועלֶען נִיט לָאזֶען זֵייעֶרֶע טֵייטֶע קֶערְפֶּער אַרֵיינְלֶעגֶען אִין קְבָרִים.
10 און דִיא וָואס וְווייְנֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, וֶועלֶען זִיךְ אִיבֶּער זֵיי פְרֵייעֶן און
לוּסְטִיג זַיין, און וֶועלֶען מַתָּנוֹת שִׁיקֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן; ווייל דִיא
11 צְווֵיי נְבִיאִים הָאבֶּען גֶעפְּלָאגְט, דִיא אֵיינְווֵיינֶער אוֹיף דֶער עֶרְד. און
נָאךְ דְרַייא און אֵיין הַאלְבֶּען טָאג אִיז דֶער גֵייסְט פָאן לֶעבֶּען פָאן
גָאטְט אִין זֵיי אַרֵיין, און זֵיי זֶענֶען בֵּיידֶע גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע
פִיס, און אֵיין גְרוֹיסֶע מוֹרָא אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דִיא, וֶועלְכֶע הָאבֶּען
12 זֵיי גֶעזֶעהֶען. און זֵיי הָאבֶּען דֶערְהֶערְט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל פָאן דֶעם
הִימֶעל, וָואס הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: קוּמְט אַהֶער אַרוֹיף! און זֵיי זֶענֶען
אוֹיף אֵיין וָואלְקֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין הִימֶעל, און זֵייעֶרֶע פֵיינְד
13 הָאבֶּען זֵיי גֶעזֶעהֶען. און אִין דֶער שָׁעָה אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין גְרוֹיסֶע
עֶרְדצִיטֶערְנֶעם, און אֵיין צֶעהְנְטֶע טֵייל פָאן דֶער שְׁטָאדְט אִיז
גֶעפַאלֶען, און עֶס זֶענֶען גֶעטֵייטֶעט גֶעוָוארֶען פָאן דֶעם עֶרְד־
צִיטֶערְנֶעם זִיבֶּען טוֹיזֶענְד נֶעמֶען פָאן מֶענְשֶׁען, און דִיא אִיבְּרִיגֶע
הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען און אָבְּגֶעגֶעבֶּען כָּבוֹד דֶעם גָאטְט פָאן
14 הִימֶעל. דִיא אַנְדֶערֶע צָרָה אִיז פַארְבֵּייגֶעגַאנְגֶען; און וֶועה, עֶס
15 קוּמְט בַּאלְד דִיא דְרִיטֶע צָרָה. און דֶער זִיבֶּעטֶער מַלְאָךְ הָאט
גֶעבְּלָאזֶען. און עֶס אִיז אִין הִימֶעל גֶעוָוארֶען גְרוֹיסֶע קוֹלוֹת, און הָאבֶּען
גֶעזָאגְט: דִיא קֶענִיגְרַייכֶען פָאן דֶער וֶועלְט זֶענֶען גֶעוָוארֶען אוּנְזֶערֶען
הֶערְרֶענְס און זַיין מָשִׁיחַ'ס, און עֶר וֶועט הֶערְשֶׁען אִין אַלֶע עֶוִוינְ־
16 קַייט. און דִיא פִיר און צְוַואנְצִיג זְקֵנִים, וָואס זִיצֶען פַאר גָאטְט
אוֹיף זֵייעֶרֶע שְׁטוּלֶען, זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶר פָּנִים, און הָאבֶּען
17 זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ גָאטְט. און הָאבֶּען גֶעזָאגְט: מִיר דַאנְקֶען דִיר,
הֶערְר, אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאטְט, וָואס דוּא בִּיסְט, בִּיסְט גֶעוֶועזֶען, און
וֶועסְט זַיין, וָואס דוּא הָאסְט זִיךְ גֶענוּמֶען דִיא גְרוֹיסֶע מַאכְט און
18 הֶערְשַׁאפְט; און דִיא גוֹיִם זֶענֶען אִין כַּעַס אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, און
דַיין צָארֶען אִיז גֶעקוּמֶען און דִיא צַייט, צוּ מִשְׁפָּט'ֶען, דִיא מֵתִים,
און גֶעבֶּען שְׂכַר דַיינֶע קְנֶעכְט, דִיא נְבִיאִים און דִיא הֵיילִיגֶע, און
דִיא וָואס הָאבֶּען מוֹרָא פַאר דַיין נָאמֶען, קְלֵיין און גְרוֹים, און צוּ

19 פֶערְדַארְבֶּען דִיא, וָועלְכֶע הָאבֶּען דִיא עֶרְד פֶערְדָארְבֶּען. אוּן
דֶער טֶעמְפֶּעל פָאן גָאטְט הָאט זִיךְ גֶעעֶפֶענְט אִין הִימֶעל, אוּן זַיין
אֲרוֹן הַבְּרִית אִיז גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען אִין זַיין טֶעמְפֶּעל; אוּן עֶס
זֶענֶען גֶעוָוארֶען בְּלִיצֶען, קוֹלוֹת, דוּנֶערְן, עֶרְדְצִיטֶערְנֶעס אוּן אַיין
גְרוֹיסֶער הָאגֶעל.

יב אוּן אוֹיף דֶעם הִימֶעל הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען אַיין גְרוֹיסֶער צֵייכֶען:
אַיין פְרוֹי אִיז גֶעוֶוען בֶּעקְלֵיידֶעט מִיט דֶער זָאנֶנֶע, אוּנְטֶער אִיהרֶע
פִים אִיז גֶעוֶוען דִיא לְבָנָה, אוּן אוֹיף אִיהר קָאפּ אִיז גֶעוֶוען אַיין
2 קְרוֹין פָאן צְוֶועלְף שְׁטֶערְן. זִיא אִיז מְעוּבֶּרֶת גֶעוֶוען, אוּן הָאט
3 גֶעשְׁרִיעֶן, פָאן ווֵייטָאג אוּן שְׁמֶערְץ פָאן גֶעבּוּרְט. אוּן אַיין אַנְדֶער
צֵייכֶען הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען אִין הִימֶעל, אוּן זֶעה, עֶס אִיז גֶעוֶוען אַיין
גְרוֹיסֶער רוֹיטֶער שְׁלַאנְג, מִיט זִיבֶּען קֶעפּ אוּן צֶעהֶען הֶערְנֶער אוּן
4 אוֹיף זַיינֶע קֶעפּ זִיבֶּען קְרוֹינֶען. זַיין עֶק הָאט אַוֶּועקְגֶעשְׁלֶעפְּט
פָאן דֶעם הִימֶעל אַיין דְרִיטֶען טְהֵייל פָאן דִיא שְׁטֶערְן, אוּן הָאט
זֵיי גֶעוָוארְפֶען אוֹיף דֶער עֶרְד. אוּן דִיזֶער שְׁלַאנְג אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען
צוּ דֶער פְרוֹי, וָועלְכֶע הָאט גֶעזָאלְט גֶעבָּארֶען, כְּדֵי, וֶוען זִיא וֶועט
5 גֶעבָּארֶען, אוֹיפְצוּעֶסֶען דָאס קִינְד. אוּן זִיא הָאט גֶעבָּארֶען אַיין
קִינְד, אַיין זָכָר, וָועלְכֶער הָאט גֶעזָאלְט פִּיטֶערְן אַלֶע גוֹיִם מִיט אַיין
אַייזֶערְנֶעם רוּט. אוּן אִיהר קִינְד אִיז אַוֶּועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען צוּ
6 גָאטְט אוּן צוּ זַיין שְׁטוּל. אוּן דִיא פְרוֹי אִיז אַנְטְלָאפֶען אִין דֶער
וִויסְטֶע, וואוּ עֶס אִיז אִיהר פָאן גָאטְט אַיין אָרְט אָנְגֶעגְרֵייט גֶע־
וָוארֶען, דָאס זִיא זָאל דָארְטֶען גֶעשְׁפֵּייזְט וֶוערֶען טוֹיזֶענְד צְוֵויי
7 הוּנְדֶערְט זֶעכְצִיג טֶעג. אוּן אוֹיף דֶעם הִימֶעל אִיז גֶעוֶוען אַיין
מִלְחָמָה: אוּן מִיכָאֵל אוּן זַיינֶע מַלְאָכִים הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען
גֶעגֶען דֶעם שְׁלַאנְג, אוּן דֶער שְׁלַאנְג אוּן זַיינֶע מַלְאָכִים הָאבֶּען
8 מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען גֶעגֶען זֵיי. נוּר זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט בַּיי־
קוּמֶען, אוּן עֶס הָאט זִיךְ פַאר זֵיי מֶעהר קַיין אָרְט נִיט גֶעפוּנֶען
9 אוֹיף דֶעם הִימֶעל. אוּן דֶער גְרוֹיסֶער שְׁלַאנְג אִיז אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען
גֶעוָוארֶען, דֶער אַלְטֶער שְׁלַאנְג, וָואס הֵייסְט דֶער טֵייפֶעל אוּן
דֶער שָׂטָן, וֶועלְכֶער פֶערְפִירְט דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, אַרוֹיסְגֶע־
וָוארְפֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּן מִיט אִיהם זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען
10 גֶעוָוארֶען זַיינֶע מַלְאָכִים. אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַיין הוֹיכֶען

קוֹל, זָאגֶען אִין הִימֶעל: יֶעצְט אִיז גֶעקוּמֶען דִיא הִילְף, דִיא
קְרַאפְט אוּן דִיא מְלוּכָה פָאן אוּנְזֶערֶען גָאטְט, אוּן דִיא מַאכְט פָאן
זַיין מָשִׁיחַ. ווֵייל עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען דֶער פֶערְ־
קְלָאגֶער פָאן אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער, וָואס עֶר הָאט זֵיי טָאג אוּן נַאכְט
11 פֶערְקְלָאגְט פַאר גָאטְט. זֵיי הָאבֶּען אִיהם אֵיינְגֶענוּמֶען דוּרְךְ
דֶעם בְּלוּט פָאן דֶעם שֶׁעפְּס אוּן דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פָאן זֵיין
עֵדוּת, אוּן זֵיי הָאבֶּען זֵייעֶר לֶעבֶּען נִיט גֶעלִיבְּט בִּיז צוּם טוֹיט.
12 פְרֵייט אֵייךְ אִיהר הִימְלֶען אוּן אִיהר, וָואס ווֵיינְט אִין זֵיי! וֶועה
אִיז צוּ דִיא וָואס ווֵיינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אוּן אוֹיף דֶעם יַם! ווֵייל
צוּ אֵייךְ אִיז אַרָאבְּגֶעקוּמֶען דֶער שָׂטָן, מִיט גְרוֹיס צָארֶען, אוּן עֶר
13 ווֵייס, דָאס נִיט פִיל צֵייט אִיז אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען. ווִיא דֶער שְׁלַאנְג
הָאט דֶערְזֶעהֶען, דָאס עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען אוֹיף דֶער עֶרְד,
הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוֹדֵף'ן דִיא פְרוֹי, וֶועלְכֶע הָאט גֶעבָּארֶען
14 דֶעם אִינְגֶעל. אוּן עֶס זֶענֶען דֶער פְרוֹי גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צְווֵיי
פְלִיגְלֶען פָאן אֵיין גְרוֹיסֶען אָדְלֶער, כְּדֵי זִיא זָאל אַנְטְלוֹיפֶען פָאן
דִיא שְׁלַאנְג אִין דֶער ווִיסְטֶע אוֹיף אִיהר אָרְט, אוּן דָארְט גֶע־
שְׁפֵּייזְט ווֶערֶען אֵיין צֵייט אוּן צְווֵיי צֵייטֶען אוּן אֵיין הַאלְבֶּע צֵייט.
15 אוּן דִיא שְׁלַאנְג הָאט נָאךְ דֶער פְרוֹי אַרוֹיסְגֶעלָאזְט פָאן דֶעם
16 מוֹיל וַואסֶער, ווִיא אֵיין שְׁטְרָאם, כְּדֵי זִיא אַרֵיינְצוּכַאפֶּען. אוּן
דִיא עֶרְד הָאט גֶעהָאלְפֶען דֶער פְרוֹי, אוּן הָאט גֶעעֶפֶענְט אִיהר
מוֹיל, אוּן הָאט אֵיינְגֶעשְׁלוּנְגֶען דֶעם שְׁטְרָאם, וָואס דֶער שְׁלַאנְג
17 הָאט פָאן זֵיין מוֹיל אַרוֹיסְגֶעלָאזְט. אוּן דֶער שְׁלַאנְג הָאט זִיךְ
דֶערְצַארֶענְט גֶעגֶען דֶער פְרוֹי, אוּן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִלְחָמָה
הַאלְטֶען מִיט דִיא אִיבֶּערִיגֶע פָאן אִיהרֶע זָאמֶען, וֶועלְכֶע
הַאלְטֶען דִיא מִצְוֹת פָאן גָאטְט, אוּן הָאבֶּען דֶעם בֶּעווֵייז פָאן
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.

יג אוּן אִיךְ בִּין גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיי דֶעם זַאמְד פָאן דֶעם יַם, אוּן
אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען פָאן דֶעם יַם אַרוֹיסְקוּמֶען אֵיין חַיָה מִיט זִיבֶּען
קֶעפּ אוּן צֶעהן הֶערְנֶער; אוֹיף אִיהרֶע הֶערְנֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
צֶעהֶען קְרוֹינֶען אוּן אוֹיף אִיהרֶע קֶעפּ נֶעמֶען פָאן לֶעסְטֶערוּנְגֶען.
2 דִיא חַיָה, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אִיז גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ צוּ אֵיין
לֶעמְפֶּערְט, אִיהרֶע פִיס גְלֵייךְ ווִיא בֵּיי אֵיין בֶּער, אוּן אִיהר מוֹיל

גְלַייך וִויא דֶער מוֹיל פָאן אַיין לֵייבּ. אוּן דֶער שְׁלַאנְג הָאט אִיהר
גֶעגֶעבֶּען זַיין קְרַאפְט אוּן זַיין שְׁטוּהל אוּן זַיינֶע גְרוֹיסֶע מַאכְט.
אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען וִויא אַיינֶער פָאן אִיהרֶע קֶעפּ אִיז גֶעוֶוען, 3
וִויא פֶערְוואוּנְדֶעט צוּם טוֹיט; נוּר דִיזֶע טֵייטְלִיכֶע וואוּנְדֶע אִיז
אוֹיסְגֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען, אוּן דִיא גַאנְצֶע עֶרְד הָאט זִיךְ גֶע־
וואוּנְדֶערְט אִיבֶּער דֶער חַיָה, אוּן זַיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ
דֶעם שְׁלַאנְג, וָואס הָאט מַאכְט גֶעגֶעבֶּען דֶער חַיָה, אוּן זַיי 4
הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ דֶער חַיָה, אוּן גֶעזָאגְט: וֶוער אִיז גְלַייךְ צוּ
דִיזֶער חַיָה? אוּן וֶוער קֶען מִיט אִיהר מִלְחָמָה הַאלְטֶען? אוּן עֶס 5
אִיז אִיהר אַיין מוֹיל גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, צוּ רֶעדֶען גְרוֹיסֶע זַאכֶען
אוּן לֶעסְטֶערוּנְגֶען, אוּן עֶס אִיז אִיהר מַאכְט גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען
צוּ גֶעוֶוערֶען, צְוֵויי אוּן פִירְצִיג חֳדָשִׁים. אוּן זִיא הָאט אִיהר מוֹיל 6
גֶעעֶפֶענְט צוּ לֶעסְטֶערוּנְג גֶעגֶען גָאטְט, צוּ לֶעסְטֶערֶען זַיין נָאמֶען אוּן
זַיין מִשְׁכָּן, אוּן דִיא וָואס וואוֹינֶען אִין הִימֶעל. אוּן עֶס אִיז אִיהר 7
גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, צוּ הַאלְטֶען מִלְחָמָה מִיט דִיא הֵיילִיגֶע, אוּן זַיי
אַיינְצוּנֶעהְמֶען, אוּן עֶס אִיז אִיהר גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען מַאכְט אִיבֶּער
אַלֶע שְׁבָטִים, לְשׁוֹנוֹת אוּן גוֹיִם. אוּן עֶס וֶועלֶען זִיךְ צוּ אִיהר 8
בּוּקֶען אַלֶע, וֶועלְכֶע וואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, וָואס זַייעֶרֶע נֶעמֶען
זָענֶען נִיט פֶערְשְׁרִיבֶּען אִין לֶעבֶּענְסְבּוּךְ פָאן דֶעם שֶׁעפְּס, וָואס
אִיז גֶעשְׁטָאכֶען גֶעוָוארֶען פָאן אָנְפַאנְג פָאן דֶער וֶועלְט. וֶוער עֶס 9
הָאט אוֹיעֶרְן, זָאל הֶערֶען. וֶוער עֶס פִיהְרְט אִין גֶעפֶענְגֶעס, 10
וֶועט אַלֵיין אִין גֶעפֶענְגֶעס קוּמֶען; וֶוער עֶס טֵייטֶעט מִיט אַיין
שְׁוֶוערְד, מוּז אַלֵיין דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד גֶעטֵייטֶעט וֶוערֶען. דָא
גִילְט עֶס גֶעדוּלְד אוּן גְלוֹיבֶּען פָאן דִיא הֵיילִיגֶע. אוּן אִיךְ הָאבּ 11
דֶערְזֶעהֶען אַיין אַנְדֶער חַיָה אַרוֹיסְקוּמֶען פָאן דֶער עֶרְד; זִיא הָאט
גֶעהַאט צְוֵויי הֶערְנֶער, וִויא בֵּיי אַיין שֶׁעפְּס, אוּן הָאט גֶערֶעט וִויא
אַיין שְׁלַאנְג. אוּן זִיא טְהוּט אַלֶע בֶּעפֶעהלֶע פָאן דֶער עֶרְשְׁטֶער 12
חַיָה, וֶועלְכֶע אִיז פַאר אִיהר גֶעוֶועזֶען; אוּן זִיא מַאכְט דָאס דִיא
עֶרְד, אוּן דִיא וֶועלְכֶע וואוֹינֶען אוֹיף אִיהר זָאלֶען זִיךְ בּוּקֶען צוּ דֶער
עֶרְשְׁטֶער חַיָה, בֵּיי וֶועלְכֶע דִיא טֵייטְלִיכֶע וואוּנְד אִיז גֶעהֵיילְט
גֶעוָוארֶען. אוּן טְהוּט גְרֵייסֶע צֵייכֶען, אוּן לָאזְט פָאן דֶעם הִימֶעל 13
פַייעֶר אַרָאבְּפַאלֶען פַאר דִיא מֶענְשֶׁען; אוּן מִיט דִיא וואוּנְדֶער, 14

וועלכע עס איז איהר געגעבען געוואָרען צו טאָן פאַר דער חיה,
פערפיהרט זיא דיא, וועלכע וויינען אויף דער ערד; און זאָגט צו
דיא וואָס וויינען אויף דער ערד זיי זאָלען מאַכען איין בילד צו
דער חיה, וואָס האָט געהאַט דעם וואונד פאָן דעם שווערד, און
15 איז לעבעדיג געוואָרען. און עס איז איהר געגעבען געוואָרען,
דאָס זיא זאָל געבען איין גייסט אין דעם בילד פאָן דער חיה,
דאָס דער בילד פאָן דער חיה זאָל רעדען און מאַכען, דאָס
יעדערער, וועלכער עס וועט זיך ניט בוקען צום בילד פאָן דער
16 חיה, זאָל געטייטעט ווערען. און זיא וועט מאַכען דאָס אַלע, פאָן
גרויס ביז קליין, אָרעם און רייך, פרייע און קנעכט, זאָלען
האָבען איין צייכען אויף זייער רעכטער האַנד און אויף זייער
17 שטערן. און דאָס קיינער וועט ניט קענען ניט קויפען, ניט
פערקויפען, אויסער דעם וואָס האָט דעם צייכען אָדער דעם
18 נאָמען פאָן דער חיה אָדער דעם צאָל פאָן איהר נאָמען. דאָ
איז חכמה. ווער עס האָט פערשטאַנד, זאָל בערעכענען דעם צאָל
פאָן דער חיה; ווייל דער צאָל איז פאָן איין מענשען, און זיין צאָל
איז זעכס הונדערט זעכס און זעכציג.

יד און איך האָב געזעהען, איין שעפס איז געשטאַנען אויף דעם
באַרג ציון, און מיט איהם הונדערט פיר און פערציג טויזענד,
וועלכע אויף זייער שטערן איז געוועזען אויפגעשריבען זיין פאָטערס
2 נאָמען. און איך האָב געהערט איין קול פאָן הימעל וויא דאָס
רוישען פאָן פיל וואַסערן און וויא דער קול פאָן איין גרויסען
דונער; און דער קול וועלכען איך האָב געהערט איז געוועזען
וויא פאָן האַרפענשפּילער, וואָס שפּילען אויף זייערע האַרפען.
3 און זיי האָבען געזונגען וויא איין נייען ליד פאַר דעם שטול און
פאַר דיא פיר חיות און פאַר דיא זקנים; און קיינער האָט ניט
געקענט דעם ליד אויסלערנען אויסער דיא הונדערט פיר און
פערציג טויזענד, וועלכע זענען אויסגעקויפט געוואָרען פאָן דער
4 ערד. דאָס זענען דיזעלבע, וועלכע האָבען זיך ניט פער־
אונרייניגט מיט פרויען; ווייל זיי זענען וויא יונגפרויען. און געהען
נאָך דעם שעפס, וואוהין ער געהט. דיזע זענען אויסגעקויפט
5 פאָן מענשען, בכורים פאַר גאָטט און דעם שעפס; און עס איז

אין זייער מויל קיין פאלשקייט ניט געפונען געווארען; זיי זענען
6 אן איין פעהלער פאר דעם שטול פאן גאטט. און איך האב
געזעהען איין אנדערען מלאך פליהען אין מיטען הימעל, וועלכער
האט געהאט איין עוויגעס עוואנגעליום אנצוזאגען צו דיא, וועלכע
וויינען אויף דער ערד און צו אלע גוים און שבטים און לשונות
7 און פעלקער. און ער האט מיט איין הויכען קול געזאגט: האט
מורא פאר גאטט און גיט איהם אב איין שבח, ווייל דיא צייט
פאן זיין משפט איז געקומען, און בוקט אייך צו דעם, וועלכער
האט געמאכט הימעל און ערד, און דעם ים און דיא וואסער-
8 קוואלען. און איין אנדער מלאך איז איהם נאכגעגאנגען און
האט געזאגט: געפאלען, געפאלען איז בבל דיא גרויסע שטאדט,
ווייל זיא האט אלע גוים אנגעטרונקען מיט דעם וויין פאן איהר
9 זנות. און דער דריטע מלאך איז זיי נאכגעגאנגען און האט
געזאגט מיט אהויכען קול: ווער עס בוקט זיך צו דער חיה און
צו איהר בילד, און נעמט אן דעם צייכען אויף זיין שטערן
10 אדער אויף זיין האנד, דער וועט טרינקען דעם וויין פאן
גאטטעס צארען; וועלכער איז קלאהר און געמישט אין דעם
כוס פאן זיין צארן; און וועט געפייניגט ווערן מיט פייער און
11 שוועבעל פאר דיא הייליגע מלאכים און פאר דעם שעפס. און
דער רויך פאן זייער פיין וועט אויפשטייגען פאן עוויגקייט צו
עוויגקייט; און זיי וועלען קיין רוה ניט האבען, טאג און נאכט,
דיא וועלכע בוקען זיך צו דער חיה און צו איהר בילד, און
12 נעמען אן דעם צייכען פאן איהר נאמען. דא גילט דיא געדולד
פאן דיא הייליגע; וועלכע האלטען דיא געבאטע פאן גאטט און
13 דעם גלויבען אין ישוע'ן. און איך האב געהערט איין קול פאן
דעם הימעל, וועלכער האט צו מיר געזאגט: שרייב: פאן יעצט
אן זענען זעליג דיא טויטע, וועלכע שטארבען אין דעם הערן.
יא, זאגט דער גייסט, זיי וועלען אויסרוהען פאן זייער ארבייט
14 און זייערע מעשים וועלען זיי נאכגעהען. און איך האב געזעהען,
און זעה, עס איז געוועזען איין ווייסער וואלקען און אויף דעם
וואלקען איז געזעסען איינער גלייך צום מענשען-זאהן; ער האט
געהאט איין זילבערנע קרוין אויף דעם קאפ און אין דער האנד

15 אײן שַׁארְפֶען זִיכֶעל (שֶׁערְפּ). און אײן אַנְדֶער מַלְאָךְ אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם טֶעמְפֶּעל און הָאט מִיט אײן הוֹיכֶען
קוֹל גֶעשְׁרִיעֶן צוּ דֶעם וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם וָואלְקֶען: שְׁטְרֶעק
אוֹיס דֵיין זִיכֶעל (שֶׁערְפּ) און שְׁנֵייד; וֵוייל עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דִיא
צֵייט פָאן שְׁנִיט, וֵוייל דֶער שְׁנִיט פָאן דֶער עֶרְד אִיז טְרוּקֶען
16 גֶעוָוארֶען. און דֶער וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם וָואלְקֶען הָאט אוֹיסְ־
גֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיין זִיכֶעל (שֶׁערְפּ) צוּ דֶער עֶרְד, און דִיא עֶרְד אִיז
17 גֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען. און אײן אַנְדֶער מַלְאָךְ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פָאן דֶעם טֶעמְפֶּעל, פָאן הִימֶעל, אוֹיךְ מִיט אײן שַׁארְפֶען זִיכֶעל
18 (שֶׁערְפּ). און אײן אַנְדֶער מַלְאָךְ, וָואס הָאט מַאכְט אִיבֶּער דֶעם
פֵייעֶר, אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם מִזְבֵּחַ און מִיט אײן גְרֵייסֶען
גֶעשְׁרֵיי הָאט עֶר גֶערוּפֶען צוּ דֶעם, וָואס הָאט גֶעהַאט דֶעם
שַׁארְפֶען זִיכֶעל, און הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטְרֶעק אוֹיס דֵיין שַׁארְפֶען
זִיכֶעל און שְׁנֵייד אָב דִיא וֵויינְטְרוֹיבֶען פָאן דֶעם וֵויינְשְׁטָאק פָאן
19 דֶער עֶרְד; וֵוייל דִיא וֵויינְטְרוֹיבֶען זֶענֶען צֵייטִיג. און דֶער מַלְאָךְ
הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיין זִיכֶעל אוֹיף דֶער עֶרְד און הָאט
אָבְגֶעשְׁנִיטֶען דֶעם וֵויינְשְׁטָאק פָאן דֶער עֶרְד און הָאט אִיהם
20 גֶעוָוארְפֶען אִין קֶעלְטֶער פָאן גָאטְטֶעס צָארֶען. און דֶער קֶעלְטֶער
אִיז אוֹיסֶער דֶער שְׁטָאדְט אוֹיסְגֶעטְרָאטֶען גֶעוָוארֶען, און דָאס
בְּלוּט פָאן דֶעם קֶעלְטֶער אִיז גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דִיא צוֹימֶען פָאן
דִיא פֶערְד אײן שְׁטְרֶעקֶע פָאן טוֹיזֶענְד זֶעכְס הוּנְדֶערְט
אַקֶערְפֶעלְד.

טו און אִיךְ הָאבּ דֶערְזֶעהֶען אײן אַנְדֶערְן צֵייכֶען אִין הִימֶעל,
גְרוֹיס און וואוּנְדֶערְלִיךְ: זִיבֶּען מַלְאָכִים הָאבֶּען גֶעהַאט דִיא
זִיבֶּען לֶעצְטֶע פְּלָאגֶען אִין וֶועלְכֶע עֶס אִיז דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען
2 דֶער צָארֶען פָאן גָאטְט. און אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען וִויא אײן
גְלֶעזֶערְנֶעם יַם גֶעמִישְׁט מִיט פֵייעֶר, און דִיא, וֶועלְכֶע הָאבֶּען
מְנַצֵחַ גֶעוֶועזֶען דִיא חַיָה און אִיהר בִּילְד און אִיהר צֵייכֶען און דֶעם
צָאל פָאן אִיהר נָאמֶען, זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶעם גְלֶעזֶערְנֶעם
3 יַם און הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען הַארְפֶען פָאן גָאטְט. און הָאבֶּען גֶע־
זוּנְגֶען דֶעם לִיד פָאן מֹשֶׁה'ן דֶעם קְנֶעכְט פָאן גָאטְט, און דֶעם
לִיד פָאן דֶעם שֶׁעפְּס און הָאבֶּען גֶעזָאגְט: גְרוֹיס און וואוּנְדֶערְבַּאר

װֶעגֶען דֵײנֶע מַעֲשִׂים, הֶערְר, אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאטְט. גֶערֶעכְט און
אֱמֶת װֶעגֶען דֵײנֶע װֶעגֶען, דוא קֶענִיג פָאן דיא הֵײלִיגֶע! װֶער 4
זָאל פַאר דיר קֵײן מוֹרָא הָאבֶּן, הֶערְר, און נִיט לוֹיבֶּען דֵײן
נָאמֶען? דֶען דוא אַלֵײן בִּיסְט הֵײלִיג, און אַלֶע גוֹיִם װֶעלֶען
קוּמֶען און זִיך בּוּקֶען פַאר דיר, װײל דֵײנֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען
אַנְפְּלֶעקְט גֶעװָארֶען. און דֶערְנָאך הָאבּ איך גֶעזֶעהֶען, און זֶעה, 5
עס הָאט זִיך גֶעעֶפֶענְט דֶער טֶעמְפֶּעל פָאן דֶעם מִשְׁכַּן הָעֵדוּת
אין הִימֶעל. און עֶס זֶענֶען פָאן דֶעם טֶעמְפֶּעל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען 6
זִיבֶּען מַלְאָכִים, װָאס הָאבֶּען גֶעהַאט דיא זִיבֶּען פְּלָאגֶען, און זֵיי
זֶענֶען גֶעװֶוען אָנְגֶעטָאן, אין רֵײנֶעם און קְלָארֶען לֵייוַואנְד, און
אַרוּם דֶער בְּרוּסְט זֶענֶען זֵיי גֶעװֶוען אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט
גָאלְדֶערְנֶע גַארְטְלֶען. און אֵײנֶע פָאן דיא פִיר חַיּוֹת הָאט גֶע־ 7
גֶעבֶּען דיא זִיבֶּען מַלְאָכִים זִיבֶּען גָאלְדֶערְנֶע שִׁיסְלֶען, פוּל מִיט
דֶעם צָארְן פָאן גָאטְט, װֶעלְכֶער לֶעבְּט אין אַלֶע עֶוױגְקֵייט.
און דֶער טֶעמְפֶּעל אִיז אָנְגֶעפִילְט גֶעװָארֶען מִיט רוֹיךְ פָאן 8
גָאטְטֶעס הֶערְרְלִיכְקֵייט און פָאן זֵיין קְרַאפְט, און קֵײנֶער הָאט
נִיט גֶעקֶענְט אַרֵײנְגֶעהְן אִין טֶעמְפֶּעל, בִּיז עֶס הָאבֶּען זִיך נִיט
פָאלֶענְדֶעט דיא זִיבֶּען פְּלָאגֶען פָאן דיא זִיבֶּען מַלְאָכִים.

טז און איך הָאבּ גֶעהֶערְט פָאן דֶעם טֶעמְפֶּעל אֵיין הוֹיכֶען קוֹל,
װָאס הָאט גֶעזָאגְט צוּ דיא זִיבֶּען מַלְאָכִים: גֶעהט, און גִיסְט אוֹיס
אוֹיף דֶער עֶרְד דיא זִיבֶּען שִׁיסְלֶען פָאן גָאטְטֶעס צָארְן. און דֶער 2
עֶרְשְׁטֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען און הָאט אוֹיסְגֶעגָאסֶען זֵיין שִׁיסֶעל אוֹיף
דֶער עֶרְד. און עֶס זֶענֶען אַרוֹיס בֶּעזֶע און שְׁלֶעכְטֶע בְּלָאטֶערְן אוֹיף
דיא מֶענְשֶׁען, װֶעלְכֶע הָאבֶּען גֶעהַאט דֶעם צֵייכֶען פָאן דֶער חַיָּה
און הָאבֶּען זִיך גֶעבּוּקְט צוּ אִיהר בִּילְד. און דֶער צְװֵייטֶער 3
מַלְאָךְ הָאט אוֹיסְגֶעגָאסֶען זֵיין שִׁיסֶעל אִין יַם, און עֶס אִיז גֶע־
װָארֶען בְּלוּט װִיא פָאן אֵיין טוֹיטֶען, און אַלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּע־
שֶׁעפֶענֶעס זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין יַם. און דֶער דְרִיטֶער מַלְאָךְ 4
הָאט אוֹיסְגֶעגָאסֶען זֵיין שִׁיסֶעל אִין טֵייךְ און אִין דיא װַאסֶער־
קְוַואלֶען, און עֶס אִיז גֶעװָארֶען בְּלוּט. און איך הָאבּ גֶעהֶערְט 5
װִיא דֶער מַלְאָךְ פָאן דֶעם װַאסֶער הָאט גֶעזָאגְט: גֶערֶעכְט
בִּיסְט דוא, הֶערְר, װֶעלְכֶער דוא בִּיסְט, און בִּיסְט גֶעװֶוען, און

6 בִּיסְט הֵיילִיג, ווייל דוּא הָאסְט אַזוֹי גֶעמִשְׁפָּט. דֶען זֵיי הָאבֶּען
פֶּערְגָאסֶען דָאס בּלוּט פָּאן דִיא הֵיילִיגֶע אוּן דִיא נְבִיאִים, הָאסְט
דוּא זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען בְּלוּט, זֵיי הָאבֶּען עֶס פֶּערְדִינְט.
7 אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אֵיין אַנְדֶערְן מַלְאָךְ פָּאן דֶעם מִזְבֵּחַ, וָואס
הָאט גֶעזָאגְט: יָא, הֶערְר, אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאטְט, אֶמֶת אוּן גֶע־
8 רֶעכְט זֶענֶען דֵיינֶע מִשְׁפָּטִים. אוּן דֶער פִירְטֶער מַלְאָךְ הָאט
אוֹיסְגֶעגָאסֶען זֵיין שִׁיסֶעל אוֹיף דֶער זָאנְנֶע, אוּן עֶס אִיז אִיהם
9 גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ בְּרֶענֶען מֶענְשֶׁען מִיט פֵייעֶר. אוּן דִיא
מֶענְשֶׁען אִיז הֵיים גֶעוָוארֶען פַאר גְרוֹיס הִיץ, אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶע־
לֶעסְטֶערְט דֶעם נָאמֶען פָאן גָאטְט, וֶועלְכֶער הָאט מַאכְט אִיבֶּער
דִיזֶע פְּלָאגֶען, אוּן זֵיי הָאבֶּען קֵיין תְּשׁוּבָה נִיט גֶעטָאן אִיהם אָבּ
10 צוּגֶעבֶּען אֵיין שֶׁבַח. אוּן דֶער פִינְפְטֶער מַלְאָךְ הָאט אוֹיסְ־
גֶעגָאסֶען זֵיין שִׁיסֶעל אוֹיף דֶעם שְׁטוּל פָאן דֶער חַיָּה, אוּן אִיהר
מְלוּכָה אִיז פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען, אוּן זֵיי הָאבֶּען זֵייעֶרֶע צוּנְגֶען
11 גֶעבִּיסֶען פַאר שְׁמֶערְצֶען. אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעלֶעסְטֶערְט גָאטְט
פָאן הִימֶעל פַאר זֵייעֶרֶע שְׁמֶערְצֶען אוּן בְּלָאטֶערְן, אוּן זֵיי הָאבֶּען
12 קֵיין תְּשׁוּבָה נִיט גֶעטָאן פָאן זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים. אוּן דֶער זֶעקְסְטֶער
מַלְאָךְ הָאט אוֹיסְגֶעגָאסֶען זֵיין שִׁיסֶעל אִין דֶעם גְרוֹיסֶען טֵייךְ
פְּרָת, אוּן דִיא וַואסֶער אִיז אִין אִיהם אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען,
13 כְּדֵי אָנְצוּגְרֵייטֶען אֵיין וֶועג פַאר דִיא קֶענִיגֶע פָאן מִזְרָח. אוּן אִיךְ
הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַרוֹיסְגֶעהֶען פָאן דֶעם מוֹיל פָאן דֶעם שְׁלַאנְג, אוּן
פָאן מוֹיל פָאן דֶער חַיָּה, אוּן פָאן דֶעם מוֹיל פָאן דֶעם פַאלְשֶׁען
14 נָבִיא, דְרֵיי אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער, אַזוֹי וִויא פְרָאשֶׁען. דָאס זֶענֶען
רוּחוֹת פָאן שֵׁדִים; וָואס טְהוּעֶן צֵייכֶען, זֵיי גֶעהֶען אַרוֹיס צוּ דִיא
קֶענִיגֶע פָאן דֶער עֶרְד, אוּן פָאן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, זֵיי זָאלֶען
זֵיי פֶערְזַאמְלֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה, אִין דֶעם גְרוֹיסֶען טָאג פָאן גָאטְט
15 דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען. זֶעה, אִיךְ קוּם וִויא אֵיין גַנָּב. זֶעלִיג אִיז דֶער,
וֶועלְכֶער וַואכְט אוּן הַאלְט אָנְגֶעגְרֵייט זֵיינֶע קְלֵיידֶער, עֶר זָאל
16 נִיט גֶעהֶען נַאקֶעט, אוּן מֶען זָאל נִיט זֶעהֶען זֵיין שַׁאנְדֶע. אוּן עֶר
הָאט זֵיי אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אוֹיף אֵיין אָרְט. וָואס הֵייסְט אוֹיף
17 הֶעבְּרֵייעֶשׁ: הַר־מְגִדוֹן. אוּן דֶער זִיבֶּעטֶער מַלְאָךְ הָאט אוֹיסְ־
גֶעגָאסֶען זֵיין שִׁיסֶעל אִין דֶער לוּפְטֶען. אוּן פָאן דֶעם טֶעמְפֶּעל

פָאן טְהרָאן, אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַיין הוֹיכֶער קוֹל, וָואס הָאט
18 גֶעזָאגְט: עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען! אוּן עֶס אִיז גֶעוָוארֶען בְּלִיצֶען, דוּנֶערְן
אוּן קוֹלוֹת; אוּן עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַיין גְרוֹיסֶע עֶרְד צִיטֶערְנֶעס,
וֶועלְכֶע עֶס אִיז נָאךְ נִיט גֶעוֶועזֶן, פָאן דֶער צַייט וָואס מֶענְשֶׁען
זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אַזוֹי אַיין עֶרְדְצִיטֶערְנֶעס, אַזוֹי גְרוֹיס.
19 אוּן דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט אִיז צוּטֵיילְט גֶעוָוארֶען אוֹיף דְרַייא טְהֵייל,
אוּן דִיא שְׁטֶעט פָאן דִיא גוֹיִם זֶענֶען גֶעפַאלֶען. אוּן דִיא גְרוֹיסֶע
בָּבֶל אִיז גֶעדַאכְט גֶעוָוארֶען פַאר גָאטְט, עֶר זָאל אִיהר גֶעבֶּען
20 דֶעם בֶּעכֶער פָאן דֶעם וַויין פָאן זַיין גְרִימְצָארֶען. אוּן אַלֶע
אִינְזֶעלְן זֶענֶען אַוֶועקְגֶעלָאפֶען, אוּן עֶס זֶענֶען קֵיין בֶּערְג נִיט גֶע־
21 פוּנֶען גֶעוָוארֶען. אוּן אַיין הָאגֶעל, גְרוֹיס וִויא פוּנְט־שְׁטִיקֶער,
אִיז פָאן דֶעם הִימֶעל גֶעפַאלֶען אוֹיף מֶענְשֶׁען. אוּן דִיא מֶענְשֶׁען
הָאבֶּען גֶעלֶעסְטֶערְט גָאטְט פַאר דֶעם פְּלָאג פָאן דֶעם הָאגֶעל,
וַוייל זַיין פְּלָאג אִיז גֶעוֶועזֶן זֶעהר גְרוֹיס.
יז אוּן עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אַיינֶער פָאן דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים, וֶועלְכֶע
הָאבֶּען גֶעהַאט דִיא זִיבֶּען שִׁיסְלֶען, אוּן הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט
אוּן גֶעזָאגְט: קוּם, אִיךְ וֶועל דִיר וַוייזֶען דֶעם פְּסַק פָאן דֶער
2 גְרוֹיסֶער זוֹנָה, וֶועלְכֶע זִיצְט אוֹיף פִילֶע וַואסֶערְן; מִיט אִיהר
הָאבֶּען מְזַנֶה גֶעוֶועזֶן דִיא קֶענִיגֶע פָאן דֶער עֶרְד, אוּן מִיט דֶעם וַויין
פָאן אִיהר זְנוּת הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעטְרוּנְקֶען דִיא, וָואס וַוינֶען אוֹיף
3 דֶער עֶרְד. אוּן עֶר הָאט מִיךְ אִין דֶעם גֵייסְט גֶעבְּרַאכְט אִין דֶער
וִויסְטֶע. אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַיין פְרוֹיא זִיצֶען אוֹיף אַיין פּוּרְפּוּר־
רוֹיטֶע חַיָה, פוּל מִיט נֶעמֶען פָאן לֶעסְטֶערוּנְג, מִיט זִיבֶּען קֶעפּ
4 אוּן צֶעהֶען הֶערְנֶער. אוּן דִיא פְרוֹיא אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעטָאן אִין פּוּרְפּוּר
אוּן אִין רוֹיטֶע פַארְבּ אוּן בֶּעגָאלְדֶעט מִיט גָאלְד, טְהַייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער אוּן
פֶּערְל; אוּן הָאט אִין אִיהר הַאנְד גֶעהַאלְטֶען אַיין גָאלְדֶערְנֶעם
בֶּעכֶער, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען פוּל מִיט אוּנְוִוירְדִיגְקֵייטֶען אוּן
5 אוּנְרֵיינִיגְקֵייט פָאן אִיהר זְנוּת. אוּן אוֹיף אִיהר שְׁטֶערְן אִיז גֶעוֶוען
גֶעשְׁרִיבֶּען דֶער נָאמֶען, דֶער סוֹד, פָאן דֶער גְרוֹיסֶער בָּבֶל, דִיא
6 מוּטֶער פָאן זְנוּת אוּן אוּנְוִוירְדִיגְקֵייטֶען אוֹיף דֶער עֶרְד. אוּן אִיךְ
הָאבּ גֶעזֶעהֶען דָאס דִיא פְרוֹיא אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעטְרוּנְקֶען מִיט דֶעם
בְּלוּט פָאן דִיא הֵיילִיגֶע, אוּן מִיט דֶעם בְּלוּט פָאן דִיא עֵדוּת פָאן

יֵשׁוּעַ. אוּן אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהר גֶעוואוּנְדֶערְט, וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהר
7 גֶעזֶעהֶען. אוּן דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט: וָואס וואוּנְדֶערְסְט
דוּא זִיךְ? אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען דֶעם סוֹד פָאן דֶער פְרוֹי אוּן פָאן
דֶער חַיָה, וָואס טְרָאגְט זִיא אוּן הָאט זִיבֶּען קֶעפּ אוּן צֶעהֶען
8 הֶערְנֶער. דִיא חַיָה, וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען, אִיז גֶעוֶועזֶען, אוּן
אִיז נִיטָא, אוּן וֶועט ווִידֶער קוּמֶען פָאן דֶעם אָבְּגְרוּנְד אוּן גֶעהֶען
צוּם פַארְדַארְבֶּענֶעס, אוּן עֶס וֶועלֶען זִיךְ פֶערְוואוּנְדֶערְן דִיא, וֶועלְכֶע
ווֵיינֶען אוֹיף דֶער, וָואס זֵייעֶרֶע נֶעמֶען זֶענֶען נִיט פֶערְשְׁרִיבֶּען אִין
דֶעם בּוּךְ פָאן לֶעבֶּען פָאן אָנְפַאנְג פָאן דֶער וֶועלְט, וֶוען זֵיי וֶועלֶען
זֶעהֶען דִיא חַיָה, וֶועלְכֶע אִיז גֶעוֶועזֶען, אוּן אִיז נִיטָא, אוּן אִיז דָאךְ.
9 דָאס אִיז דֶער זִינֶען נָאךְ דֶער חָכְמָה, דִיא זִיבֶּען קֶעפּ זֶענֶען
10 זִיבֶּען בֶּערְג, וָואס דִיא פְרוֹי זִיצְט אוֹיף זֵיי. אוֹיךְ זֶענֶען דָאס
זִיבֶּען קֶענִיגֶע. פִינְף זֶענֶען גֶעפַאלֶען, אֵיינֶער אִיז דָא, אוּן דֶער
אַנְדֶערֶער אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען, אוּן וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען, וֶועט
11 עֶר בְּלֵייבֶּען אֵיין קוּרְצֶע צֵייט. אוּן דִיא חַיָה, וֶועלְכֶע אִיז גֶעוֶועזֶען,
אוּן אִיז נִיטָא, אִיז דִיא אַכְטֶע, אוּן אִיז פוּן דִיא זִיבֶּען, אוּן גֶעהְט
12 אִין פַארְדַארְבֶּענֶעס. אוּן דִיא צֶעהֶען הֶערְנֶער, וֶועלְכֶע דוּא
הָאסְט גֶעזֶעהֶען, זֶענֶען צֶעהֶען קֶענִיגֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נָאךְ קֵיין
קֶענִיגְרֵייךְ בֶּעקוּמֶען; אָבֶּער זֵיי וֶועלֶען בֶּעקוּמֶען דִיא מַאכְט מִיט
13 דֶער חַיָה ווִיא קֶענִיגֶע אוֹיף אֵיין שָׁעָה. זֵיי הָאבֶּען אֵיינֶע
גֶעדַאנְקֶען, אוּן וֶועלֶען אִיבֶּערְגֶעבֶּען זֵייעֶר קְרַאפְט אוּן מַאכְט
14 דֶער חַיָה. דִיזֶע וֶועלֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דֶעם שֶׁעפְּס, אוּן
דֶער שֶׁעפְּס וֶועט זֵיי אֵיינְנֶעהמֶען; ווֵייל עֶס אִיז אֵיין הֶערְר אִיבֶּער
אַלֶע הֶערְרְן אוּן אֵיין קֶענִיג אִיבֶּער אַלֶע קֶענִיגֶע. אוּן דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען
מִיט אִיהם זֶענֶען גֶערוּפֶענֶע, אוֹיס דֶערְוֶועהלְטֶע אוּן גְלֵייבִּיגֶע.
15 אוּן עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט: דִיא וַואסֶער, וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט
גֶעזֶעהֶען, וואוּ דִיא זוֹנָה זִיצְט, זֶענֶען פֶעלְקֶער, אוּן קְהִלוֹת, אוּן
16 גוֹיִם, אוּן לְשׁוֹנוֹת. אוּן דִיא צֶעהֶען הֶערְנֶער, וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט
גֶעזֶעהֶען אוֹיף דֶער חַיָה, וֶועלֶען דִיא זוֹנָה פֵיינְד הָאבֶּען, אוּן
וֶועלֶען זִיא מַאכֶען ווִיסְט אוּן נַאקֶעט. אוּן וֶועלֶען אִיהר פְלֵיישׁ
17 עֶסֶען אוּן וֶועלֶען זִיא פֶערְבְּרֶענֶען אִין פֵייעֶר. ווֵייל גָאטְט הָאט
זֵיי אַרֵיינְגֶעגֶעבֶּען אִין הַארְצֶען צוּ טָאן זֵיין גֶעדַאנְקֶען, אוּן צוּ טָאן

אֵיינֶערְלֵיי גֶעדַאנְקֶען, אוּן אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִיהר מְלוּכָה דֶער חַיָה, בִּיז דִיא
18 וֶוערְטֶער גָאטְטֶעס וֶועלֶען דֶערְפִילְט וֶוערֶען. אוּן דִיא פְרוֹי,
וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען, אִיז דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאדְט, וָואס
הֶערְרְשְׁט אִיבֶּער דִיא קֶענִיגֶע פָאן דֶער עֶרְד.
יח דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ דֶערְזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערֶען מַלְאָךְ, אַרָאבּ־
קוּמֶענְדִיג פָאן הִימֶעל אוּן הָאט גֶעהַאט אֵיין גְרוֹיסֶע מַאכְט, דִיא
2 עֶרְד אִיז בֶּעלֵייכְטֶעט גֶעוָוארֶען פָאן זַיין הֶערְרְלִיכְקֵייט. אוּן עֶר
הָאט שְׁטַארְק גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אֵיין הוֹיכֶען קוֹל אוּן גֶעזָאגְט: גֶע־
פַאלֶען, גֶעפַאלֶען אִיז, בָּבֶל דִיא גְרוֹיסֶע זוֹנָה, אוּן אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין
וְוויינוּנְג פָאן שֵׁדִים, אוּן אֵיין בֶּעהֶעלְטֶענֶעס פָאן אַלֶע אוּנְרֵיינֶע
גֵייסְטֶער, אֵיין בֶּעהֶעלְטֶענֶעס פָאן אַלֶע אוּנְרֵיינֶע אוּן פֵיינְדְלִיכֶע
פֶעגֶלֶען. דֶען פָאן דֶעם צָארֶענְדִיגֶען וויין פָאן אִיהר זְנוּת הָאבֶּען
3 גֶעטְרוּנְקֶען אַלֶע גוֹיִם. אוּן דִיא מְלָכִים פָאן דֶער עֶרְד הָאבֶּען
מִיט אִיהר מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען, אוּן דִיא סוֹחֲרִים פָאן דֶער עֶרְד זֶענֶען
4 רֵייךְ גֶעוָוארֶען פָאן אִיהרֶע גְרוֹיסֶע תַּעֲנוּגִים. אוּן אִיךְ הָאבּ
דֶערְהֶערְט אֵיין אַנְדֶערֶען קוֹל פָאן הִימֶעל וָואס הָאט גֶעזָאגְט:
גֶעהְט אַרוֹיס פָאן אִיהר, מֵיין פָאלְק, כְּדֵי אִיהר זָאלְט נִיט
הָאבֶּען קֵיין טֵייל אִין אִיהרֶע זִינְדֶע, כְּדֵי אִיהר זָאלְט נִיט מְקַבֵּל
5 זַיין עֶטְוָואס פָאן אִיהרֶע פְּלָאגֶען. דֶען אִיהרֶע זִינְד דֶערְגְרֵייכֶען
6 בִּיז צוּם הִימֶעל, אוּן גָאטְט גֶעדֶענְקְט אִיהרֶע עֲבֵרוֹת. בֶּעצָאלְט
אִיהר, אַזוֹי וויא זִיא הָאט אַייךְ בֶּעצָאלְט, אוּן טהוּט אִיהר
דָאפֶּעלְט פַאר אִיהרֶע מַעֲשִׂים; אִין דֶעם בֶּעכֶער, וָואס זִיא הָאט
7 אַייךְ אֵיינְגֶעגָאסֶען, גִיסְט אִיהר דָאפֶּעלְט אָן. וויא פִיל זִיא הָאט
זִיךְ הֶערְלִיךְ גֶעמַאכְט, אוּן אִיהר מוּטְהְווִילֶען גֶעהַאט, אַזוֹי פִיל
זָאלְט אִיהר בֶּעצָאהלֶען אִיהר מִיט יִסוּרִים אוּן לֵיידֶען. ווייל זִיא
הָאט אִין אִיהר הַארְצֶען גֶעזָאגְט: אִיךְ זִיץ וויא אֵיין מַלְכָּה, אִיךְ
8 בִּין נִיט קֵיין אַלְמָנָה אוּן וֶועל נִיט זֶעהֶען קֵיין טְרוֹיעֶר. דֶערִיבֶּער
וֶועט אִין אֵיין טָאג אוֹיף אִיהר קוּמֶען פְּלָאגֶען, טוֹיט, לֵייד אוּן
הוּנְגֶער; מִיט פֵייעֶר וֶועט זִיא פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען. דֶען שְׁטַארְק
9 אִיז גָאטְט דֶער הֶערְר, וָואס וֶועט זִיא מִשְׁפָּט'ן. אוּן עֶס וֶועלֶען
אִיבֶּער אִיהר וֵויינֶען אוּן קְלָאגֶען דִיא מְלָכִים פָאן דֶער עֶרְד,
וֶועלְכֶע הָאבֶּען מִיט אִיהר מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען אוּן זִיךְ מִיט אִיהר

תַּעֲנוּגִים אָנְגֶעטָאן, וָוען זֵיי וָועלֶען דֶערְזֶעהֶען דֶעם רוֹיךְ פָאן אִיהר
10 שְׂרֵיפָה. אוּן וָועלֶען שְׁטֶעהֶען פָאן וַוייטֶענְס פַאר דֶער מוֹרָא
פָאן אִיהרֶע יְסוּרִים, אוּן וָועלֶען זָאגֶען: וָועה, וָועה אִיז צוּ דִיר,
דוּא גְרוֹיסֶע שְׁטָאדְט בָּבֶל, דוּא שְׁטַארְקֶע שְׁטָאדְט! דֵיין מִשְׁפָּט
11 אִיז גֶעקוּמֶען אִין אֵיין שָׁעָה. אוּן דִיא סוֹחֲרִים פָאן דֶער עָרְד
וָועלֶען וֵויינֶען אוּן קְלָאגֶען אִיבֶּער אִיהר, וַוייל קֵיינֶער וָועט שׁוֹין
12 זֵייעֶר סְחוֹרָה נִיט קוֹיפֶען. סְחוֹרָה פָאן גָאלְד אוּן זִילְבֶּער, פָאן
טְהֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער, אוּן פָאן פֶּערְל, אוּן פֵיינֶע לֵיינְוַואנְד, פָאן
פּוּרְפּוּר, זֵייד, אוּן רוֹיטֶע שְׁטָאף, אוּן אַלֶע טְהוּיַא הָאלְץ, אוּן
אַלֶערְלֵיי כֵּלִים פָאן הֶעלְפֶענְבֵּיין, אוּן אַלֶערְלֵיי כֵּלִים פָאן
13 טְהֵייעֶרֶע הָאלְץ, פָאן קוּפֶּער, אוּן אֵייזֶען אוּן מַארְמָארְשְׁטֵיין. אוּן
צִימְרִינְג, אוּן קְטֹרֶת, אוּן מֹר, אוּן וֵויירוֹיךְ, אוּן וַויין, אוּן אֵייל,
אוּן מֶעהל, אוּן וַוייץ, אוּן בְּהֵמוֹת, אוּן שָׁאף, אוּן פֶערְד, אוּן
14 וָועגֶען, אוּן קְנֶעכְט אוּן נְשָׁמוֹת פָאן מֶענְשֶׁען. אוּן דִיא פֵּירוֹת,
נָאךְ וָועלְכֶע דֵיין זֶעלֶע הָאט גֶעלוּסְט, זֶענֶען פָאן דִיר אַוֶועק,
אוּן אַלֶע פְלִיטֶערְלַאךְ אוּן גְלַאנְץ אִיז פָאן דִיר פֶערְלָארֶען, דוּא
15 וָועסְט עֶס מֶעהר נִיט גֶעפִינֶען. דִיא הֶענְדְלֶער פָאן דִיזֶע סְחוֹרָה,
וָועלְכֶע זֶענֶען פָאן אִיהר רֵייךְ גֶעוָוארֶען, וָועלֶען שְׁטֶעהֶען פָאן
דֶער וַוייטֶענְס פַאר מוֹרָא פָאן אִיהרֶע יְסוּרִים. זֵיי וָועלֶען וֵויינֶען
16 אוּן קְלָאגֶען, אוּן זָאגֶען: וָועה, וָועה, דִיא גְרָאסֶע שְׁטָאדְט, וָואס
אִיז גֶעוֶוען בֶּעקְלֵיידֶעט מִיט זֵייד, אוּן פּוּרְפּוּר, אוּן אִין רוֹיטֶער
זֵייד, אוּן וָואס עֶס אִיז גֶעוֶוען פַארְגָאלְדֶעט מִיט גָאלְד אוּן
17 טְהֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער, אוּן פֶּערְל! דֶען אִין אֵיין שָׁעָה אִיז פַארְ־
וִויסְטֶעט גֶעוָוארֶען אַזוֹי אֵיין רֵייכְטְהוּם. אוּן אַלֶע שִׁיפְסְהֶערְרֶן
אוּן דִיא וָואס אַרְבֵּייטֶען אוֹיף דִיא שִׁיפֶען, אוּן שִׁיפְסְלֵייט, אוּן דִיא
וָואס אַרְבֵּייטֶען אוֹיף דֶעם יַם, זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פָאן וַוייטֶענְס;
18 אוּן וָוען זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם רוֹיךְ פָאן אִיהר שְׂרֵיפָה הָאבֶּען
זֵיי גֶעשְׁרִיעֶן אוּן גֶעזָאגְט: וָואס פַאר אֵיין שְׁטָאדְט אִיז גְלֵייךְ צוּ
19 דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט! אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעוָוארְפֶען שְׁטוֹיבּ אוֹיף
זֵייעֶרֶע קֶעפּ, אוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן, וֵויינֶענְדִיג אוּן קְלָאגֶענְדִיג, אוּן
גֶעזָאגְט: וָועה, וָועה, אִיז דִיר, דוּא גְרוֹיסֶע שְׁטָאדְט, אִין וָועלְכֶער עֶס
זֵיינֶען אַלֶע רֵייךְ גֶעוָוארֶען, וָועלְכֶע הָאבֶּען גֶעהַאט שִׁיפֶען אִין יַם,

20 פָאן אִיהרֶע סְחוֹרָה! דֶען דוּא בִּיסְט אִין אֵיין שָׁעָה וִוִיסְט גֶעוָוארֶען. פְּרֵייא
זִיךְ אִיבֶּער זִיא, הִימֶעל אוּן אִיהר הֵיילִיגֶע אַפָּאסְטֶעל אוּן נְבִיאִים; וַוייל
21 גָאטְט הָאט אֵייעֶר מִשְׁפָּט אִין אִיהר גֶעטָאן. אוּן אֵיין שְׁטַארְקֶער
מַלְאָךְ הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אֵיין גְרוֹיסֶען שְׁטֵיין, וִויא אֵיין מִילְ־
שְׁטֵיין, אוּן הָאט אִיהם גֶעוָוארְפֶען אִין יַם אַרֵיין, אוּן הָאט
גֶעזָאגְט: אַזוֹי וֶועט מִיט אֵיין שְׁטוּרְם דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאדְט בָּבֶל
22 פֶערְוָוארְפֶען וֶוערֶען, אוּן וֶועט זִיךְ מֶעהר נִיט גֶעפִינֶען. אוּן דִיא
שְׁטִימֶען פָאן דִיא זִינְגֶערְס, אוּן פִידְלֶערְס, פָאן שְׁפִּילֶער אוֹיף
פֵייפֶעלֶעךְ אוּן טְרוּמֵייטֶען זָאלֶען אִין דִיר מֶעהר נִיט גֶעהֶערְט
וֶוערֶען; עֶס וֶועט אִין דִיר מֶעהר קֵיין קִינְצְלֶער נִיט זֵיין, אוּן
קֵיין מְלָאכָה, אוּן דֶער קוֹל פָאן מִילְשְׁטֵיינֶער זָאל אִין דִיר
23 מֶעהר נִיט גֶעהֶערְט וֶוערֶען. אוּן דָאס לִיכְט פָאן לֵייכְטֶער
וֶועט אִין דִיר מֶעהר נִיט לֵייכְטֶען, אוּן דִיא שְׁטִימֶען פָאן חָתָן
אוּן כַּלָה וֶועלֶען אִין דִיר מֶעהר נִיט גֶעהֶערְט וֶוערֶען; דֶען
דֵיינֶע סוֹחֲרִים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא שְׂרָרוֹת פָאן דֶער עֶרְד, אוּן
24 דוּרְךְ דֵיין כִּשׁוּף זֶענֶען אִין טָעוּת גֶעוֶועזֶען אַלֶע גוֹיִם. אוּן אִין
אִיהר אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען דָאס בְּלוּט פָאן דִיא נְבִיאִים אוּן
הֵיילִיגֶע, אוּן פָאן אַלֶעמֶען, וֶועלְכֶע זֶענֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד.

יט דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ דֶערְהֶערְט אִין הִימֶעל אֵיין הוֹיכֶען קוֹל,
פָאן פִיל פָאלְק וֶועלְכֶעס הָאט גֶעזָאגְט: הַלְלוּיָה! הִילְף אוּן לוֹיבּ, אוּן
2 כָּבוֹד אוּן קְרַאפְט זָאל זֵיין צוּ אוּנְזֶערֶען גָאטְט, אוּנְזֶערֶען הֶערְן. וַוייל
זֵיינֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען אֶמֶת אוּן גֶערֶעכְט, וַוייל עֶר הָאט פֶערְמִשְׁפָּט
דִיא גְרוֹיסֶע זוֹנָה, וָואס הָאט פֶערְדָארְבֶּען דִיא עֶרְד מִיט אִיהר
זְנוּת, אוּן הָאט פָאן אִיהר הַאנְד נוֹקֵם גֶעוֶועזֶען דָאס בְּלוּט פָאן
3 זֵיינֶע קְנֶעכְט. אוּן זֵיי הָאבֶּען צוּם צְווֵייטֶען מָאל גֶעזָאגְט: הַלְלוּיָה!
4 אוּן אִיהר רוֹיךְ גֶעהט פָאן עֶווִיגְקֵייט צוּ עֶווִיגְקֵייט. אוּן דִיא פִיר
אוּן צְוַואנְצִיג זְקֵנִים אוּן דִיא פִיר חַיוֹת זֵיינֶען אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען,
אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ גָאטְט, וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּל
5 אוּן גֶעזָאגְט: אָמֵן, הַלְלוּיָה! אוּן פָאן דֶעם שְׁטוּל אִיז אַרוֹיס אֵיין
קוֹל אוּן הָאט גֶעזָאגְט: לוֹיבְּט אוּנְזֶערֶען גָאטְט, אַלֶע זֵיינֶע קְנֶעכְט
אוּן דִיא וֶועלְכֶע הָאבֶּען פַאר אִיהם מוֹרָא, קְלֵיין אוּן גְרוֹיס.

6 אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אֵיין קוֹל פָאן פִיל פָאלְק, ווִיא אֵיין קוֹל
פָאן פִיל וַואסֶערְן, ווִיא אֵיין קוֹל פָאן שְׁטַארְקֶע דוּנֶערְן,
ווֶעלְכֶער הָאט גֶעזָאגְט: הַלְלוּיָה! דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאטְט הָאט
7 דִיא מְלוּכָה אֵיינְגֶענוּמֶען. לָאזֶען מִיר זִיךְ פְרֵייעֶן אוּן פְרֵיילַאךְ
זֵיין, אוּן אִיהם כָּבוֹד אָבְּגֶעבֶּען, דֶען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דִיא חֲתוּנָה
8 פָאן דֶעם שֶׁעפְּס אוּן זֵיין ווַייבּ הָאט זִיךְ צוּגֶעגְרֵייט. אוּן עֶס
אִיז אִיהר גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אָנְצוּטָאן זִיךְ אִין רֵיינֶע אוּן שֶׁענֶע
לֵיינְוַואנְד; דִיא לֵיינְוַואנְד אָבֶּער אִיז דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פָאן דִיא
9 הֵיילִיגֶע. אוּן עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט: שְׁרֵייבּ: זֶעלִיג זֶענֶען דִיא,
ווֶעלְכֶע זֶענֶען גֶערוּפֶען צוּ דֶער חֲתוּנָה־מָאלְצֵייט פָאן דֶעם
שֶׁעפְּס. אוּן עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט: דִיזֶע זֶענֶען דִיא אֱמֶת׳עֶ
10 ווֶערְטֶער פָאן גָאטְט. אוּן אִיךְ בִּין גֶעפַאלֶען צוּ זֵיינֶע פִיס אִיהם
זִיךְ צוּ בּוּקֶען. אוּן עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט: טְהוּ דָאס נִיט,
אִיךְ בִּין אֵיין קְנֶעכְט ווִיא דוּא אוּן דֵיינֶע בְּרִידֶער, ווֶעלְכֶע הָאבֶּען
דִיא עֵדוּת פָאן יֵשׁוּעַ׳ן. צוּ גָאטְט זָאלְסְט דוּא זִיךְ בּוּקֶען; ווֵייל
11 דִיא עֵדוּת פָאן יֵשׁוּעַ׳ן אִיז דֶער גֵייסְט פָאן נְבוּאָה. אוּן אִיךְ
הָאבּ דֶערְזֶעהֶען אֵיין אָפֶענֶעם הִימֶעל; אוּן זֶעה, עֶס אִיז אֵיין
ווֵייסֶער פֶערְד אוּן דֶער וָואס זִיצְט אוֹיף אִיהם הֵייסְט גֶעטְרֵייעֶר
אוּן אֱמֶת׳עֶר. וָואס מִשְׁפָּט אוּן הַאלְט מִלְחָמָה מִיט גֶערֶעכְטִיגְ־
12 קֵייט. אוּן זֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען ווִיא אֵיין פְלַאמְפֵּייעֶר, אוּן
אוֹיף זֵיין קָאפּ זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיל קְרוֹינֶען; אוּן עֶר הָאט גֶעהַאט
אֵיין נָאמֶען אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען, ווֶעלְכֶען קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעווּאוּסְט,
13 אוֹיסֶער אִיהם אַלֵיין. אוּן עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעטָאן אִין אֵיין
קְלֵייד בֶּעשְׁפְּרִיצְט מִיט בְּלוּט; אוּן זֵיין נָאמֶען הֵייסְט: דָאס
14 וָוארְט פָאן גָאטְט. אוּן דִיא חַיָלוֹת פָאן הִימֶעל זֶענֶען אִיהם
נָאכְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף ווֵייסֶע פֶערְד, אָנְגֶעטָאן אִין רֵיינֶע אוּן ווֵייסֶע
15 לֵיינְוַואנְד. אוּן פָאן זֵיין מוֹיל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אֵיין שַׁארְפֶער
שְׁווֶערְד צוּ שְׁלָאגֶען דֶער מִיט דִיא גוֹיִם; אוּן עֶר ווֶעט הֶערְשֶׁען
אִיבֶּער זֵיי מִיט אֵיין אֵייזֶערְנֶע רוּטְה. אוּן עֶר טְרֶעט דֶעם
ווֵיינְקֶעלְטֶער פָאן דֶעם גְרִימְצָארְען פָאן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען
16 גָאטְט. אוּן אוֹיף זֵיין קְלֵייד אוּן אוֹיף דֶער זֵייט אִיז אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען
אֵיין נָאמֶען: אֵיין קֶענִיג אִיבֶּער אַלֶע קֶענִיגֶע, אוּן אֵיין הֶערְר

17 אִיבֶּער אַלֶע הֶערְן. אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין מַלְאָךְ
שְׁטֶעהֶען אִין דֶער זָאנְנֶע; אוּן עֶר הָאט גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אֵיין הוֹיכֶען
קוֹל אוּן גֶעזָאגְט צוּ אַלֶע פֶּעגְלֶען, װֶעלְכֶע פְלִיהֶען אוּנְטֶער דֶעם
הִימֶעל: קוּמְט, אוּן פֶערְזַאמֶעלְט אַייךְ צוּ דֶעם גְרוֹיסֶען מָאהלְ־
18 צַייט פָאן גָאטְט. כְּדֵי אִיהר זָאלְט עֶסֶען דָאס פְלֵייש פָאן
קֶענִיגֶע אוּן הוֹיפְּטְלֵייט, אוּן דָאס פְלֵייש פָאן גִבּוֹרִים, אוּן פָאן
פֶערְד אוּן פָאן דִיא, װֶעלְכֶע רֵייטֶען אוֹיף זֵיי, דָאס פְלֵייש פָאן
19 פְרֵייעֶ אוּן קְנֶעכְט, פָאן גְרוֹיסֶע אוּן קְלֵיינֶע. אוּן אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען צוּנוֹיפְגֶעזַאמֶעלְט דִיא חַיָה אוּן דִיא קֶענִיגֶע פָאן דֶער
עֶרְד אוּן זֵייעֶרֶע חַיָלוֹת, מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, מִיט דֶעם װָאס
20 אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם פֶערְד, אוּן מִיט זֵיין חַיִל. אוּן דִיא חַיָה
אִיז אֵיינְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען אוּן מִיט אִיהר דֶער פַאלְשֶׁער נָבִיא,
װֶעלְכֶער הָאט פַאר אִיהר צֵייכֶען גֶעמַאכְט, מִיט װֶעלְכֶע עֶר
הָאט פֶערְפִירְט דִיא, װֶעלְכֶע הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען דֶעם צֵייכֶען
פָאן דֶער חַיָה אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ אִיהר בִּילְד. אוּן זֵיי
זֶענֶען בֵּיידֶע לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען אִין
21 אֵיין פֵייעֶרְדִיגֶען יַם װָאס בְּרֶענְט מִיט שְׁװֶעבֶּעל. אוּן דִיא
אִיבֶּערִיגֶע זֶענֶען גֶעטֵייטֶעט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם שְׁװֶערְד װָאס
אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פָאן דֶעם מוֹיל פָאן דֶעם, װֶעלְכֶער אִיז גֶעזֶעסֶען
אוֹיף דֶעם פֶערְד; אוּן אַלֶע פֶעגְלֶען זֵיינֶען זַאט גֶעוָוארֶען מִיט
זֵייעֶר פְלֵייש.

כ אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין מַלְאָךְ אַרָאבְּקוּמֶען פָאן הִימֶעל,
װָאס הָאט גֶעהַאט דֶעם שְׁלִיסֶעל פָאן דֶעם אָבְּגְרוּנְד, אוּן אֵיין
2 גְרוֹיסֶע קֵייט אִיז זֵיין הַאנְד. אוּן עֶר הָאט אָנְגֶענוּמֶען דֶעם שְׁלַאנְג,
דֶעם אַלְטֶען שְׁלַאנְג, װֶעלְכֶער אִיז דֶער טֵייפֶעל אוּן דֶער שָׂטָן,
3 אוּן הָאט אִיהם גֶעבּוּנְדֶען אוֹיף טוֹיזֶענְד יָאהר. אוּן עֶר הָאט אִיהם
אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען אִין אָבְּגְרוּנְד אוּן פֶערְשְׁלָאסֶען אוּן גֶעלֶעגְט
אִיבֶּער אִיהם אֵיין חֲתִימָה, כְּדֵי עֶר זָאל מֶעהר נִיט פֶערְפִיהרֶען
דִיא גוֹיִם, בִּיז עֶס װֶעט פָאלֶענְדֶעט װֶערֶען טוֹיזֶענְד יָאהר;
4 אוּן דֶער נָאךְ מוּז עֶר פְרֵיי װֶערֶען אוֹיף אֵיין קוּרְצֶער צֵייט. אוּן
אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען שְׁטוּלֶען, אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אוֹיף זֵיי גֶעזֶעצְט,
אוּן זֵיי אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ מִשְׁפָּט׳ן; אוּן דִיא נְשָׁמוֹת פָאן

דִיא, װעלְכֶע זֶענֶען גֶעקְעפְּט גֶעװָארֶען פַאר דִיא עֵדוּת פָאן יֵשׁוּעַ
אוּן פַאר דֶעם װָארְט פָאן גָאטְט אוּן דִיא, װעלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ נִיט
גֶעבּוּקְט צוּ דֶער חַיָה, אוֹיךְ נִיט צוּ אִיהר בִּילְד, אוּן הָאבֶּען נִיט
גֶענוּמֶען דֶעם צֵייכֶען אוֹיף זֵייעֶר שְׁטֶערְן אוּן אוֹיף זֵייעֶר הַאנְד,
זֵיי זֶענֶען לֶעבֶּעדִיג גֶעװָארֶען אוּן הָאבֶּען גֶעהֶערְשְׁט מִיט דֶעם
5 מָשִׁיחַ׳ן טוֹיזֶענְד יָאהר. דִיא אִיבֶּערִיגֶע טוֹיטֶע אָבֶּער זֶענֶען נִיט
װִידֶער לֶעבֶּעדִיג גֶעװָארֶען, בִּיז עֶס װֶעלֶען פָאלְעֶנְדֶעט װֶערֶען
6 טוֹיזֶענְד יָאהר. דָאס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג. זֶעלִיג אוּן
הֵיילִיג אִיז דֶער, װָאס הָאט אֵיין חֵלֶק אִין דֶער עֶרְשְׁטֶער אוֹיפְ־
שְׁטֶעהוּנְג; אִיבֶּער זֵיי װֶעט דֶער צְװֵייטֶער טוֹיט קֵיין מַאכְט נִיט
הָאבֶּען, נוּר זֵיי װעלֶען זֵיין כֹּהֲנִים פָאן גָאטְט אוּן פָאן מָשִׁיחַ׳ן, אוּן
7 זֵיי װעלֶען מִיט אִיהם הֶערְשֶׁען טוֹיזֶענְד יָאהר. אוּן װֶען עֶס װֶעלֶען
פָאלְעֶנְדֶעט װֶערֶען טוֹיזֶענְד יָאהר, אַזוֹי װֶעט דֶער שָׂטָן פְרֵיי
8 װֶערֶען פָאן זֵיין גֶעפֵיינְגֶענֶעס, אוּן עֶר װֶעט אַרוֹיסְגֶעהֶען, צוּ
פֶערְפִיהְרֶען דִיא גוֹיִם, װעלְכֶע גֶעפִינֶען זִיךְ אִין דִיא פִיר עֶקֶען
פָאן דֶער עֶרְד, גוֹג וּמָגוֹג׳ן, אוּן װֶעט זֵיי אֵיינְזַאמְלֶען צוּ אֵיין
מִלְחָמָה, אוּן זֵייעֶר צָאהל אִיז װִיא דֶער זַאמְד פָאן דֶעם יָם.
9 אוּן זֵיי זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער בְּרֵייט פָאן דֶער עֶרְד, אוּן
הָאבֶּען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דֶעם לַאגֶער פָאן דִיא הֵיילִיגֶע אוּן דִיא
גֶעלִיבְּטֶע שְׁטָאדְט. אוּן אֵיין פֵייעֶר אִיז אַרָאבְּגֶעפַאלֶען פָאן הִימֶעל
10 פָאן גָאטְט, אוּן הָאט זֵיי פֶערְבְּרֶענְט. אוּן דֶער שָׂטָן, װָאס הָאט
זֵיי פֶערְפִיהְרְט, אִיז אַרֵיינְגֶעװָארְפֶען גֶעװָארֶען אִין אֵיין יַם פָאן
פֵייעֶר אוּן שְׁװֶעבֶּעל, װאוּ עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ דִיא חַיָה אוּן דֶער
פַאלְשֶׁער נָבִיא; אוּן זֵיי װֶעלֶען גֶעמַאטֶערְט װֶערֶען טָאג אוּן נַאכְט,
11 פָאן עֶוִויגְקֵייט צוּ עֶוִויגְקֵייט. אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין גְרוֹיסֶען
װֵייסֶען שְׁטוּל, אוּן דֶעם װָאס אִיז דַארוֹיף גֶעזֶעסֶען, פַאר װֶעלְכֶענְס
פָּנִים דִיא עֶרְד אוּן דִיא הִימֶעל זֵיינֶען אַנְטְלָאפֶען גֶעװָארֶען, אוּן
12 עֶס הָאט זִיךְ פַאר זֵיי קֵיין אָרְט נִיט גֶעפוּנֶען. אוּן אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען טוֹיטֶע, קְלֵיין אוּן גְרוֹיס, שְׁטֶעהֶען פַאר גָאטְט; אוּן בִּיכֶער
זֶענֶען גֶעעֶפֶענְט גֶעװָארֶען, אוּן אֵיין אַנְדֶער בּוּךְ אִיז גֶעעֶפֶענְט גֶע־
װָארֶען, װֶעלְכֶער אִיז דָאס בּוּךְ פָאן לֶעבֶּען. אוּן דִיא טוֹיטֶע זֶענֶען
גֶעמִשְׁפָּט גֶעװָארֶען נָאךְ דֶער שְׁרִיפְט, װֶעלְכֶע אִיז אִין דִיא בִּיכֶער,

13 נָאך זַייעֶרֶע מַעֲשִׂים. אוּן דֶער יַם הָאט אָבְּגֶעגֶעבֶּען דִיא טוֹיטֶע,
וָועלְכֶע זֶענֶען אִין אִיהם גֶעוֶועזֶען; אוּן דֶער טוֹיט אוּן דִיא הֶעל הָאבֶּען
אָבְּגֶעגֶעבֶּען דִיא טוֹיטֶע, וָועלְכֶע זֶענֶען אִין זֵיי גֶעוֶועזֶען; אוּן יֶעדֶערֶער
14 אִיז גֶע'מִשְׁפָּט גֶעוָוארֶען נָאך זַיינֶע מַעֲשִׂים. אוּן דֶער טוֹיט אוּן
דִיא הֶעל זֶענֶען אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם פַייעֶרְדִיגֶען יַם.
15 דָאס אִיז דֶער צְוֵוייטֶער טוֹיט. אוּן וָוער עֶס אִיז נִיט גֶעפוּנֶען
גֶעוָוארֶען פֶערְשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם בּוּך פָאן לֶעבֶּען, דֶער אִיז אַרַיינְ־
גֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם פַייעֶרְדִיגֶען יַם.

כא אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַיין נַייעֶן הִימֶעל אוּן אַיין נַייע עֶרְד.
דֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער הִימֶעל אוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע עֶרְד זֶענֶען פֶערְ־
2 גַאנְגֶען גֶעוָוארֶען, אוּן דֶער יַם אִיז מֶעהר נִיט דָא. אוּן אִיךְ יוֹחָנָן
הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט, דָאס נַייע יְרוּשָׁלַיִם, אַרָאבּ־
קוּמֶען פָאן גָאטְט פָאן דֶעם הִימֶעל, אָנְגֶעבְּרֵייט וִויא אַיין כַּלָה,
3 וָועלְכֶע אִיז אוֹיסְגֶעפּוּצְט פַאר אִיהר מַאנְן. אוּן אִיךְ הָאבּ
דֶערְהֶערְט אַיין הוֹיכֶען קוֹל פָאן דֶעם הִימֶעל רֶעדֶען: זֶעה, אַיין
מִשְׁכָּן פָאן גָאטְט אִיז בֵּיי דִיא מֶענְשֶׁען; אוּן עֶר וֶועט בֵּיי זֵיי
וֵויינֶען, זֵיי וֶועלֶען זַיין פָאלְק זַיין אוּן גָאטְט אַלֵיין, וֶועט זַיין זֵייעֶר
4 גָאטְט; אוּן גָאטְט וֶועט אָבְּווִישֶׁען אַלֶע טְרֶערֶען פָאן זֵייעֶרֶע
אוֹיגֶען; אוּן דֶער טוֹיט וֶועט מֶעהר נִיט זַיין, נִיט קֵיין לֵייד, נִיט
קֵיין גֶעשְׁרֵיי, קֵיין שְׁמֶערְצֶען וֶועט מֶעהר נִיט זַיין; וֵוייל דִיא
5 עֶרְשְׁטֶע אִיז פֶערְגַאנְגֶען. אוּן דֶער וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּל
הָאט גֶעזָאגְט: זֶעה, אִיךְ מַאךְ אַלֶץ נֵיי. אוּן זָאגְט צוּ מִיר:
6 שְׁרֵייבּ, דֶען דִיזֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען אֱמֶת אוּן בֶּעגְלֵייבְּט. אוּן עֶר
הָאט מִיר גֶעזָאגְט: עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען. אִיךְ בִּין דֶער אַלֶף אוּן
דֶער תָּיו, דֶער אָנְפַאנְג אוּן דֶער סוֹף. דֶעם דָארְשְׁטִיגֶען וֶועל
אִיךְ אוּמְזִיסְט גֶעבֶּען פָאן דֶעם קְוַואל פָאן לֶעבֶּעדִיגֶען וַואסֶער.
7 וֶוער עֶס וֶועט אַיינְגֶעהמֶען, דֶער וֶועט אַלֶץ יַרְשׁ'עֶנֶען, אוּן אִיךְ
8 וֶועל אִיהם זַיין אַיין גָאטְט, אוּן עֶר וֶועט זַיין מַיין זָאהן. אָבֶּער
דִיא, וָועלְכֶע הָאבֶּען מוֹרָא אוּן אוּנְגְלֵייבִּיגֶע אוּן אוּמְווִירְדִיגֶע אוּן
רוֹצְחִים אוּן נוֹאֲפִים אוּן מְכַשְּׁפִים אוּן גֶעצֶענְדִינֶער אוּן אַלֶע
לִיגְנֶער, זֵייעֶר טֵייל וֶועט זַיין אִין דֶעם יַם, וָועלְכֶער בְּרֶענְט מִיט
9 פַייעֶר אוּן שְׁוֶועבֶּעל. דָאס אִיז דֶער צְוֵוייטֶער טוֹיט. אוּן עֶס

אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען אֵיינֶער פָאן דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים, וֶועלְכֶע
הָאבֶּען זִיבֶּען שִׁיסְלֶען אָנְגֶעפִילְט מִיט דִיא זִיבֶּען לֶעצְטֶע פְּלָאגֶען,
אוּן הָאט מִיר גֶעזָאגְט: קוּם, אִיךְ וֶועל דִיר וֵוייזֶען דִיא פְרוֹיא,
10 דִיא כַּלָּה פָאן דֶעם שֶׁעפְּס. אוּן עֶר הָאט מִיךְ אִין גֵייסְט
אַרוֹיפְגֶעפִיהרְט אוֹיף אֵיין גְרוֹיסֶען אוּן הוֹיכֶען בַּארְג, אוּן הָאט
מִיר גֶעוֶוויזֶען דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט, דִיא הֵיילִיגֶע יְרוּשָׁלַיִם, וָואס
11 אִיז אַרָאבְּגֶעקוּמֶען פָאן דֶעם הִימֶעל פָאן גָאטְט; אוּן זִיא הָאט
גֶעהַאט דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פָאן גָאטְט, אוּן אִיהר לִיכְט אִיז
גֶעוֶוען גְלֵייךְ צוּם טְהֵייעֶרְשְׁטֶען עֶדֶעלְשְׁטֵיין, וִויא אֵיין קְרִיסְטָאל
12 פָאן יַאסְפִּיס. אוּן זִיא הָאט גֶעהַאט אֵיין גְרוֹיסֶע אוּן הוֹיכֶע מוֹיעֶר,
אוּן הָאט גֶעהַאט צְוֶועלְף טְהוֹיעֶרְן אוּן אוֹיף זֵיי צְוֶועלְף מַלְאָכִים,
אוּן אוֹיף דִיא טְהוֹיעֶרְן זֶענֶען גֶעוֶוען אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען דִיא נֶעמֶען,
13 פָאן דִיא צְוֶועלְף שְׁבָטִים פָאן יִשְׂרָאֵל. פָאן מִזְרָח־זֵייט דְרֵיי
טְהוֹיעֶרְן, פָאן צָפוֹן־זֵייט דְרֵיי טְהוֹיעֶרְן, פָאן דָרוֹם־זֵייט דְרֵיי
14 טְהוֹיעֶרְן, אוּן פָאן מַעֲרִיב־זֵייט דְרֵיי טְהוֹיעֶרְן. אוּן דֶער מוֹיעֶר
פָאן דֶער שְׁטָאט הָאט גֶעהַאט צְוֶועלְף גְרוּנְדְשְׁטֵיינֶער, אוּן אוֹיף
זֵיי זֶענֶען גֶעוֶוען דִיא נֶעמֶען פָאן דִיא צְוֶועלְף אַפָּאסְטֶעל פָאן דֶעם
15 שֶׁעפְּס. אוּן דֶער וָואס הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט, הָאט גֶעהַאט אֵיין
גִילְדֶערְנֶעם רָאהר, אוּם צוּ מֶעסְטֶען דִיא שְׁטָאט אוּן אִיהרֶע
16 טְהוֹיעֶרְן אוּן אִיהרֶע מוֹיעֶרְן. אוּן דִיא שְׁטָאט אִיז פִירְעֶקִיג,
אוּן דִיא לֶענְג גְלַייךְ וִויא דִיא בְּרֵייט. אוּן עֶר הָאט דִיא שְׁטָאט
גֶעמָאסְטֶען מִיט דֶעם רָאהר אוֹיף צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד אַקֶער. דִיא
17 לֶענְג, דִיא בְּרֵייט אוּן דִיא הוֹיךְ זֶענֶען גְלֵייךְ. אוּן עֶר הָאט
אוֹיסְגֶעמָאסְטֶען אִיהרֶע מוֹיעֶרְן הוּנְדֶערְט פִיר אוּן פֶערְצִיג
אֵיילֶען, וִויא דִיא מָאס פָאן אֵיין מֶענְשֶׁען, דָאס אִיז נָאךְ דֶער מָאס
18 פָאן מַלְאָךְ. אוּן דִיא מוֹיעֶרְן אִיז גֶעבּוֹיעֶט גֶעוֶוען פָאן יַאסְפִּיס־
19 שְׁטֵיין אוּן דִיא שְׁטָאט פָאן רֵיינֶעם גָאלְד, וִויא רֵיינֶער גְלָאז. אוּן
דִיא גְרוּנְדְשְׁטֵיינֶער פָאן דֶער שְׁטָאט־מוֹיעֶר זֶענֶען גֶעפּוּצְט גֶעוֶוען
מִיט אַלֶערְלֵיי טְהֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער. דֶער עֶרְשְׁטֶער גְרוּנְדְשְׁטֵיין
אִיז גֶעוֶוען אֵיין יַאסְפִּיס־שְׁטֵיין, דֶער צְוֵוייטֶער אֵיין סַאפִּיר, דֶער
דְרִיטֶער אֵיין כַאלְצֶעדָאן, אוּן דֶער פִירְטֶער אֵיין סְמַארַאגְד.
20 אוּן דֶער פִינְפְטֶער אֵיין סַארְדָאנִיקְס, דֶער זֶעקְסְטֶער אֵיין סַארְדִיס,

דֶער זִיבֶּעטֶער אֵיין כְּרִיזָאלִיט, דֶער אַכְטֶער אֵיין בֶּערִילְל, דֶער
נֵיינְטֶער אֵיין טָאפַּאז, דֶער צֶעהְנְטֶער אֵיין כְּרִיזָאפְּרַאס, דֶער
21 עֶלְפְטֶער אֵיין הִיאַצִינְט, דֶער צְוֶועלְפְטֶער אֵיין אַמֶאטִיסְט. אוּן
דִיא צְוֶועלְף טוֹיעֶרְן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְוֶועלְף פֶּערְל, יֶעדֶער טוֹיעֶר
אִיז גֶעוֶועזֶען פָאן אֵיין פֶּערְל; אוּן דִיא גַאסֶען פָאן דֶער שְׁטָאדְט זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען פָאן רֵיינֶעם גָאלְד, וִויא גְלָאז וֶועלְכֶע עֶס זֶעהְט זִיךְ דוּרְךָ.
22 אוּן אִיךְ הָאבּ דְרִינֶען קֵיין טֶעמְפֶּעל נִיט גֶעזֶעהֶען; וֵוייל דֶער
הֶערְר, דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאטְט, אִיז אִיהר טֶעמְפֶּעל, אוּן דֶער
23 שֶׁעפְּס. אוּן דִיא שְׁטָאדְט בֶּעדַארְף נִיט קֵיין זָאנֶע אוּן קֵיין
לְבָנָה זֵיי זָאלֶען זִיא בֶּעלֵייכְטֶען; דֶען דִיא הֶערְרְלִיכְקֵייט פָאן
24 גָאטְט בֶּעלֵייכְטֶעט זִיא, אוּן דֶער שֶׁעפְּס אִיז אִיהר לִיכְט. אוּן
דִיא גוֹיִם, וֶועלְכֶע וֶועלֶען זֶעלִיג וֶוערֶען, וֶועלֶען גֶעהְן אִין דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען לִיכְט. אוּן דִיא קֶענִיגֶע פָאן דֶער עֶרְד וֶועלֶען אִיהר
25 בְּרֶענְגֶען זֵייעֶר הֶערְרְלִיכְקֵייט. אוּן אִיהרֶע טוֹיעֶרְן וֶועלֶען נִיט
פֶּערְשְׁלָאסֶען וֶוערֶען בֵּיי טָאג; וֵוייל עֶס וֶועט דָארְטֶען קֵיין נַאכְט
26 נִיט זֵיין. אוּן מֶען וֶועט אִין אִיהר אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען דִיא הֶערְרְלִיכְ־
27 קֵייט אוּן כָּבוֹד פָאן דִיא גוֹיִם. אוּן עֶס וֶועט אִין אִיהר נִיט
אַרֵיינְקוּמֶען קֵיין אוּנְרֵיינֶער, אוּן נִיט קֵיינֶער וָואס טְהוּט אוּנְ־
וִוירְדִיגְקֵייט אוּן לִיגֶען, נוּר דִיא, וֶועלְכֶע זֶענֶען פֶּערְשְׁרִיבֶּען אִין
דֶעם לֶעבֶּענְסְבּוּךְ פָאן דֶעם שֶׁעפְּס.

כב אוּן עֶר הָאט מִיר גֶעוִויזֶען אֵיין קְלָארֶען טֵייךְ פָאן לֶעבֶּענְ־
דִיגֶען וַואסֶער, קְלָאהר וִויא קְרִיסְטָאל; עֶר קוּמְט אַרוֹיס פָאן
2 גָאטְטֶעס שְׁטוּל אוּן פָאן דֶעם שֶׁעפְּס. אוּן אִין מִיטֶען גַאס אוֹיף
בֵּיידֶע זֵייטֶען פָאן דֶעם טֵייךְ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען דֶער בּוֹים פָאן
לֶעבֶּען, וָואס הָאט גֶעטְרָאגֶען צְוֶועלְפֶערְלֵיי פֵּירוֹת, אוּן הָאט
גֶעבְּרַאכְט פְרוּכְט יֶעדֶען מָאנַאט; אוּן דִיא בְּלֶעטֶער פָאן דֶעם
3 בּוֹים הָאבֶּען גֶעדִינְט צוּ הֵיילֶען דִיא גוֹיִם. אוּן עֶס וֶועט
מֶעהר קֵיין פֶערְפְלוּכְטֶעס נִיט זֵיין; נוּר דֶער שְׁטוּל פָאן גָאטְט
אוּן פָאן דֶעם שֶׁעפְּס וֶועט דָארְטֶען זֵיין; אוּן זֵיינֶע קְנֶעכְט
4 וֶועלֶען אִיהם דִינֶען. אוּן זֵיי וֶועלֶען זֶעהֶען זֵיין פָּנִים; אוּן זֵיין
5 נָאמֶען וֶועט זֵיין אוֹיף זֵייעֶר שְׁטֶערְן. אוּן עֶס וֶועט דָארְטֶען
קֵיין נַאכְט נִיט זֵיין, אוּן זֵיי בֶּעדַארְפֶען נִיט קֵיין בֶּעלֵייכְטֶער, אוּן

נִיט דָאס לִיכְט פָאן דֶער זָאנֶע; ווייל דֶער הֶערְר גָאטְט
לֵייכְט זֵיי, אוּן זֵיי וֶועלֶען הֶערְרשֶׁען פָאן עֶווִיגְקֵייט צוּ עֶווִיגְקֵייט.
6 אוּן עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט: דִיזֶע ווֶערְטֶער זֶענֶען זִיכֶער אוּן
אוּן אֱמֶת; אוּן דֶער הֶערְר גָאטְט פָאן דִיא הֵיילִיגֶע נְבִיאִים, הָאט
גֶעשִׁיקְט זַיין מַלְאָךְ, צוּ ווַייזֶען זַיינֶע קְנֶעכְט, וָואס עֶס מוּז בַּאלְד
7 גֶעשֶׁעהֶען. זֶעה, אִיךְ קוּם בַּאלְד. זֶעלִיג אִיז דֶער, וָואס הַאלְט
8 דִיא ווֶערְטֶער פָאן דֶער נְבוּאָה פָאן דִיזֶען סֵפֶר. אוּן אִיךְ יוֹחָנָן
בִּין עֶס, ווֶעלְכֶער עֶס הָאט דָאס גֶעהֶערְט אוּן גֶעזֶעהֶען. אוּן וֶוען
אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעהֶערְט אוּן גֶעזֶעהֶען, בִּין אִיךְ גֶעפַאלֶען צוּ דִיא
פִּיס פָאן דֶעם מַלְאָךְ, וָואס הָאט מִיר דָאס גֶעווִיזֶען, אִיהם
9 אָנְצוּבֶעטֶען. אוּן עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט: זֶעה, דוּא זָאלְסְט
דָאס נִיט טָאן; ווייל אִיךְ בִּין אֵיין מִיט־קְנֶעכְט פָאן דִיר אוּן
פָאן דֵיינֶע בְּרִידֶער דִיא נְבִיאִים, אוּן פָאן דִיא, ווֶעלְכֶע הַאלְטֶען
10 דִיא ווֶערְטֶער פָאן דִיזֶען סֵפֶר; בֶּעט גָאטְט אָן. אוּן עֶר הָאט
מִיר גֶעזָאגְט: פֶערְחַתְם'עֶ נִיט דִיא ווֶערְטֶער פָאן דֶער נְבוּאָה
11 פָאן דִיזֶען סֵפֶר; ווייל דִיא צֵייט אִיז נָאהֶענְט. וֶוער עֶס טְהוּט
שְׁלֶעכְטֶעס, זָאל נָאךְ שְׁלֶעכְטֶעס טָאן; דֶער אוּנְרֵיינֶער, לָאז
נָאךְ אוּנְרֵיין זַיין; דֶער צַדִיק אָבֶּער, זָאל נָאךְ צִדְקוֹת טָאן; אוּן
12 דֶער הֵיילִיגֶער, זָאל נָאךְ הֵיילִיג זַיין. זֶעה, אִיךְ קוּם בַּאלְד. אוּן
מֵיין לוֹין אִיז מִיט מִיר. יֶעדֶען צוּ בֶּעצָאהְלֶען, נָאךְ זַיינֶע מַעֲשִׂים.
13 אִיךְ בִּין דֶער אַלֶף אוּן דֶער תָּיו, דֶער אָנְפַאנְג אוּן דֶער סוֹף,
14 דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּן דֶער לֶעצְטֶער. זֶעלִיג זֶענֶען דִיא, ווֶעלְכֶע
הַאלְטֶען זַיינֶע גֶעבָּאטֶע, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען הָאבֶּען אֵיין מַאכְט
אִיבֶּער דֶעם בּוֹים פָאן לֶעבֶּען, אוּן זֵיי זָאלֶען דוּרְךְ דִיא טוֹיעֶרְן
15 אִין שְׁטָאט אַרֵיינְגֶעהְן. דֶען פָאן דְרוֹיסֶען זַיינֶען הִינְד מְכַשְּׁפִים
נוֹאֲפִים רוֹצְחִים גֶעצֶענְדִינֶער אוּן אַלֶע, ווֶעלְכֶע הָאבֶּען לִיבּ
16 אוּן טְהוּעֶן לִיגֶען. אִיךְ יֶעזוּס הָאבּ גֶעשִׁיקְט מֵיין מַלְאָךְ, אַייךְ
דִיזֶעס צוּ בֶּעווַייזֶען אִין דִיא גֶעמֵיינְדֶען. אִיךְ בִּין דֶער וָוארְצֶעל
פָאן דֶער מִשְׁפָּחָה פָאן דָוִד'ן, דֶער לִיכְטִיגֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן.
17 אוּן דֶער גֵייסְט אוּן דִיא כַּלָה זָאגֶען: קוּם! אוּן דֶער וָואס
הֶערְט לָאז זָאגֶען: קוּם! אוּן וֶוער עֶס אִיז דָארְשְׁטִיג זָאל קוּמֶען;
אוּן וֶוער עֶס ווִיל, זָאל אוּמְזִיסְט נֶעהְמֶען ווַאסֶער פָאן לֶעבֶּען.

18 איך זָאג אָבֶער אַלֶעמֶען עֵדוּת, װעלְכֶע הֶערֶען דִיא װערְטֶער
פָאן דֶער נְבוּאָה פָאן דִיזֶען סֵפֶר: דָאס װער עֶס װעט צוּ דֶעם
צוּזֶעצֶען, װעט אִיהם גָאטְט צוּזֶעצֶען דִיא פְּלָאגֶען, װָאס זֶענֶען
19 גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיזֶען סֵפֶר. אוּן װען אֵיינֶער װעט אַרָאבְּנֶעהמֶען
פָאן דִיא װערְטֶער פָאן דִיזֶען סֵפֶר פָאן דֶער נְבוּאָה, אַזוֹי װעט
גָאטְט אַװעקְנֶעהמֶען זַיין חֵלֶק פָאן דֶעם בּוּך פָאן לֶעבֶּען אוּן
פָאן דֶער הֵיילִיגֶער שְׁטָאט אוּן פָאן דֶעם, װָאס עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען
20 אִין דִיזֶען סֵפֶר. דֶער װָאס זָאגְט עֵדוּת דַארוֹיף, זָאגְט: יַא, אִיך
21 קוּם בַּאלְד. אָמֵן. יַא, קוּם, הֶערְר יֵשׁוּעַ! דִיא גְנָאד פָאן אוּנְזֶערֶען
הֶערְרְן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ זָאל זַיין מִיט אַייך אַלֶעמֶען! אָמֵן.

---

